## ביכער פון לייבוש לעהרער

**די פּסיכאָלאָגיע פון ליטעראַטור**
אַריינפיר אין פילאָמיטאָלאָגיע
פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1926

**די מאָדערנע יידישע שול**
פאַרלאַג מאַקס נ. מייזעל, ניו־יאָרק, 1927

**אַזוי זענען מענטשן**
פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1934

**פּסיכאָלאָגיע און דערציאונג**
פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1937

**יידישקייט און אַנדערע פּראָבלעמען**
פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1940

CAMP BOIBERIK, *The Growth of an Idea*, 1959

**אַזוי זענען יידן**
פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1959

**פון דור צו דור**
פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1959

א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג ע ן :

**פּסיכאָלאָגיע,** פון וויליאַם מעקדוגעל
מיט אַן אַריינפיר פון הוגאָ מינסטערבערג
פאַרלאַג „די הײם", ניו־יאָרק, 1920

**די ראָמאַנטישע שול אין דייטשלאַנד**
(2 בענד)
פון געאָרג בראַנדעס
פאַרלאַג מאַקס נ. מייזעל, ניו־יאָרק, 1921

# מענטש און אידיש

פון

## לייבוש לעהרער

פאַרלאַג מתנות ניו יאָרק

שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט
ביים
פאַרלאַג מתנות
אַרויסגעגעבן פון

# MENTSH UN IDEIE
## MAN AND THOUGHT

*Essays by*

LEIBUSH LEHRER

*Copyright 1960 by*
LEIBUSH LEHRER
New York, N. Y.

שער בלאַט געצייכנט פון
ע. מ. וויינער

*Published by*
FARLAG MATONES
41 Union Square, New York 3, N. Y.

Printed in U. S. A. by
SHULSINGER BROS., New York 3, N. Y.



# אינהאַלט



## מענטש און אידייע

א. מענטש



ב. אידייע



## שפּראַך און קונסט

## מאָנאָקראַטיע



## שווער צו זיין...

# אַ ר י י נ פ י ר

פריינד און באַקאַנטע האָבן זיך טיילמאָל געווענדט צו מיר מיט דער טענה אַז מיין אופן שרייבן איז שווער צו פאַרשטיין. טייל האָבן אָנגעגעבן סיבות פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. דאָס, האָבן זיי געהאַלטן, הענגט ניט אָפּ פון אינהאַלט נאָר פון לשון. וואָרעם אינהאַלטלעך, האָבן זיי ניט אויפגעהערט, קען מען שרייבן וועגן אַלץ אין דער וועלט אַזוי אַז יעדער איינער זאָל פאַרשטיין. געווען אויך מילדערע נאַטורן וואָס האָבן ניט אָנגעגעבן קיין באַשטימטע סיבות. עס קומט זיי אָן שווער צו פאַרשטיין, און פאַרטיק.

איך האָב באַקומען דעם איינדרוק אַז ניט אַלע כאַפּן די פאַרפּלאָנטערט־קייט פונעם ענין; אַז אַ סך הענגען אָן זייערע שוועריקייטן ביים לייענען אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אייצלנעם פאַקטאָר, ווי מיר זענען געוואוינט צו טאָן כמעט אין אַלץ וואָס נייטיקט זיך אין אַ דערקלערונג. איך רעכן דעריבער אַז ווי אַן אַריינפיר צום בוך וועט אפשר ניצלעך זיין זיך אָפּצושטעלן אויף דער דאָזיקער פראַגע. טאָ זאָל מיינס אָן עסיי, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק, דינען אַריינצוברענגען כאָטש אַביסל קלאָרקייט אין דער פראַגע וועגן לייכט און שווער אין לייענען.

## וועגן לייכט און שווער

אַן אַלטער ידיד, אַ ייד מיט אַ פיינעם חוש פאַר הומאָר, קלינגט אויפן טעלעפאָן: — איך האָב אייך אָנצוזאָגן אַ גוטע בשורה: ווידער געפּרואווט לייענען אייערס אַן אַרטיקל; געלייענט פון רעכטס צו לינקס, פון לינקס צו רעכטס, פון אויבן אַראָפּ, פון אונטן אַרויף, און — ווי אַלעמאָל — עס גייט ניט; זיך געפּלייסט מיט אַלע כוחות צו צעקנאַקן די האַרטע שאָל אַרום אייערע סתרי־תורה — אומזיסט. אַזוי מיט אייערע ביכער, אַזוי מיט אייערע אַרטיקלען, כאָטש זאָג זיך אָפּ פון עסן, פון שלאָפן, פון ווייב און קינדער, פון פרנסה און ווער אַ פאַרמער אויף דער עלטער, פאַרנעם זיך מיט אַקערן אייערע אַרטיקלען. אָבער אַזוי לייכט וועט עס אייך ניט אָפּגיין. איך זאַמל אַלץ וואָס איר שרייבט. אין עטלעכע יאָר אַרום וועל איך זיך צוריקציִען פון מיינע געשעפטן, וועל איך האָבן גענוג צייט, וועל איך אַוועק ערגעץ אויף אַן אינדזל און זיך אַוועקזעצן על התורה ועל העבודה, אייער תורה און מיין עבודה.

דאָס איז גערעדט מיט חנ׳עווּדיקן הומאָר, אַביסל פאַרגוזמאַ׳וועט, אָבער עס שטעקט אין דעם אַ גענוג־ערנסטע טענה וואָס מען טאָר בשום אופן ניט איגנאָרירן. דערצו נאָך איז מיין אַלטער גוטער פריינד ניט דער איינציקער

וואָס באַקלאָגט זיך אויף מיין שרייבן: עס איז צו שווער, צו פאַרפּלאָנטערט, צו טונקל, בקיצור, אַלץ מיט אַ „צו״, אַחוץ „צו־גוט״.

די פראַגע וועגן שרייבן לייכט אָדער שווער, וועגן אַ קלאָרן אָדער טונקעלן סטיל איז אַזוי אַלט ווי די שרייב־קונסט גופא; אפשר נאָך עלטער, ווייל עס האָט דאָך אַ שייכות צו רעדן. עס קען זיין אַז דאָס ליגט אויך אין ירמיה׳ס פּרעכטיקן אויסדרוק: „די זינד פון יהודה איז אויפגעשריבן מיט אַן אייזערנער פּען, מיט דימענטענעם שפּיץ״. דאָס קען אויך באַטייטן אַז דאָס אויפגעשריבענע איז סטיליסטיש האַמערדיק אין דער אַקצענטירונג און בלענדיק־קלאָר אין דער אידייע.

שרייבן קלאָר איז בלי ספק אַ מעלה. על־פּי־רוב זאָגט מען אַז דער וואָס טראַכט קלאָר, שרייבט קלאָר. דאָס איז זייער אַן אַפּעלירנדיקע פאָר־מולע ווייל זי איז פּשוט. עס קען אויך קיין ספק ניט זיין, אַז טיילמאָל איז דאָס דורכויס ריכטיק. די צרה איז נאָר וואָס שרייבן קלאָר ווערט באַטראַכט ווי דאָס זעלביקע וואָס לייענען לייכט. ממילא האָט דער לייכט־לייענער שטאַרק הנאה ווען מען קאָמפּלימענטירט דעם קלאָר־שרייבער. אָבער די שייכות צווישן די צוויי קען אַמאָל זיין נאָענט ווי צוויי לייבלעכע ברידער און אַמאָל אויך אַזוי ווייט ווי צווישן הימל און ערד.

מען קען גאָרניט שרייבן קלאָרער, גענויער, מיט מער זאָרג ניט צו זאָגן אַ וואָרט מער אָדער ווינציקער כדי חלילה ניט צו מאַכן דעם מינדסטן טעות, בקיצור, עס קען גאָר ניט זיין קיין שריפטלעכע אַרבעט וואָס זאָל מער אין זיבעצן האָבן קלאָרקייט ווי, לאָמיר זאָגן, אַ געאָמעטרישע טעאָרעמע. אָט לאָמיר זען: „אויב צוויי ליניעס ווערן געצויגן פון אַ פּונקט אין אַ דרייעק צו די ברעגעס פון איין זייט פונעם דרייעק דעמאָלט איז די סומע פון די אַנדערע צוויי זייטן פונעם דרייעק גרעסער ווי די סומע פון די צוויי געצויגענע ליניעס״. פאַרשטאַנען? פאַרוואָס ניט? קלאָרער קען שוין ניט זיין. נאָר מען מוז זיך מודה זיין אַז דאָס איז בשום אופן ניט קיין לייכטער לייען־שטאָף. מ׳דאַרף הייסט עס, צולייגן קאָפּ און דאָס איז געוויינטלעך אַן אָפּעראַציע וואָס מאַכט דאָס לייענען אַ קאַפּיטשקע שווער. ווען מען דאַרף טענה׳ן אַז צו געאָמעטריע דאַרף מען האָבן אַ געוויסע צוגרייטונג, איז עס דעריבער שווער פאַר די וואָס האָבן דעם ענין קיינמאָל ניט געלערנט. זאָל זשע דאָ פעסטגעשטעלט ווערן אַז אַפילו פאַר די, וואָס געאָמעטריע איז זייער ברויט־מיט־פּוטער, איז פאַר זיי אַלץ לייכטער, זיי טוען עס אַ סך גלאַטיקער, מיט אַ סך ווינציקער שטרויכלונגען, ווען זיי לייענען אַ ראָמאַן, אַ באַריכט אין אַ צייטונג וועגן אַן איבערפאַל אויף אַ באַנק אָדער אַ רעצענזיע וועגן אַ נייער פּיעסע.

ניין, „קלאָר״ און „לייכט״ זענען ניט היינו־הך. אין דער אמתן, ווען קלאָרקייט אין פאָרמולירן געדאַנקען וואָלט געווען אַן עצה טובה פאַר לייכט־קייט אין לייענען, וואָלט לייכטע פּאַרטיי־פּראָפּאַגאַנדע געדאַרפט זיין דאָס

שווערסטע צו לייענען. וואָרעם אין פּראָפּאַגאַנדע פאַקט מען אַריין אַזוי פיל אומקלאָרע, פאַרוואָלקנטע גענעראַליזאַציעס, מען באַנוצט זיך מיט אַזעלכע קונציקע פאָרטלען צו פאַרקלעפּן רעאַליסטישע לעכער מיט ווערטערדיקן שפּינוועבס, אַז מען וואָלט געדאַרפט האָרעווען אויסצוגלייכן די רייד פון אַ בעל־דרשן מיט דער לעבעדיקער רעאַליטעט. מען דאַרף דאָך קיינעם ניט זאָגן אַז דער אמת איז פּונקט פאַרקערט; דער פּראָפּאַגאַנדיסט דרשנט און דער עולם לעקט די פינגער.

דער פאַקט אַז אומקלאָרקייט אין שרייבן קען מאַכן לייכטער דאָס לייענען זעט מען באַשיינפּערלעך אין פּאָעזיע. דער דיכטער וואַרפט טונקעלע שאָטנס און אַנטפּלעקט מיט זיי אַ וועלט פון ווייט־גרייכנדיקע אַנונגען. אין אונדזער ליטעראַטור זענען ה. לייוויק און אהרן צייטלין מייסטערס פון פאַרלייכטערן צו דערזען מער דורך אויסשפּרייטן נעצן פון אומקלאָרקייט. נעמט, למשל, עטלעכע פּשוטע שורות אין לייוויקס נוסח:

„מיר פאָלגן, מיר פלעכטן צונויף זיך אינאיינעם
און נעמען דערציילן אין חלום פון ווערטער
די סודות וואָס קיינער דערציילט ניט פאַר קיינעם
אויף אָפענע שליאַכן, אין רעשיקע ערטער".

לייוויק וואָלט נאַטירלעך געקענט אויפשרייבן אין בולט־געצייכנטער פּראָזע די געדאַנקען וואָס די געבראַכטע שורות — און דאָס ליד פון וועלכן זיי זענען אַ טייל — זענען מכוון. אָבער אַזאַ קלאָרע עקספּאָזיציע וואָלט געפאַלן אַ סך שווערער אויפן לייענען, וואָלט אַחוץ אַלע אַנדערע זאַכן, אַראָפּגעריסן דעם לייכטן וואַואָל וואָס הענגט אויף די מעדיטירנדיקע רעיונות און רופט אַרויס אַ צוציענדיקן נייגער.

דער חשק צו לייענען דאָס וואָס פאַלט ניט צו שווער אויפן געמיט און פאַרערט ניט מען זאָל דאַרפן האָרעווען צו פאַרשטיין וואָס דאָרט טוט זיך, אַזאַ פאַרלאַנג איז פאַרשטענדלעך פאַרן רוב מענטשן. אָבער אויב קלאָרקייט איז ניט דער פאַקטאָר וואָס פירט צו לייכטקייט אין לייענען, טאָ וואו ליגט, אייגנטלעך דער סוד דערפון?

פאַראַן אַזעלכע וואָס מיינען אַז דער עיקר באַשטייט אין ניט באַנוצן קיין שווערע ווערטער. עס איז נאַטירלעך, טענה׳ן אַזעלכע, אַז עס זאָל זיין שווער צו פאַרשטיין אַ שרייבער וואָס באַנוצט אַזעלכע ווערטער ווי „מעטאַפיזיק", אָדער „עסכאַטאָלאָגיע", אָדער „דימענסיע". אין פלוג זעט דאָס אויס צו זיין זייער אַ ריכטיקע דערקלערונג. עס איז אָבער ניט שווער צו כאַפּן אַז דאָס איז אַ פאַלשער איינדרוק. קודם כל איז וויכטיק צו וויסן אַז דער פּראָצעס פון אויפנעמען לייען מאַטעריאַל באַשטייט אין כאַפּן דעם זינען פון זאַצן, פאַראַגראַפן, ניט פון איינצלנע ווערטער. אַפילו געבילדעטע מענטשן וויסן ניט אַלעמאָל דעם טייטש פון אַבסאָלוט אַלע ווערטער וואָס זיי לייענען. דאָס שטערט זיי אָבער ניט צו באַנעמען דעם געדאַנק און זיין

גאַנצקייט. פונקט אַזוי זענען פאַראַן פאַלקס־אויסדרוקן וואָס פאַרמאָגן אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, איך מיין ווערטער וואָס בלויז יחידים ווייסן וואָס זיי מיינען, דאָס שטערט אָבער ניט אַז מען זאָל גאַנץ גוט פאַרשטיין דעם אויסדרוק. נאָך מער, מיר אַלע באַנוצן אויסדרוקן מיט ווערטער וואָס מיר פאַרשטייען ניט זייער טייטש, און דאָך פאַסן מיר זיי אַריין גאַנץ ריכטיק אינעם געדאַנק וואָס מיר ווילן אַרויסברענגען.

וויפיל פון אונדז ווייסן וואָס עס איז אַזוינס „מאַרצעפּאַנעס"? דאָך באַנוצן מיר עס גאַנץ ריכטיק אויפן ריכטיקן פּלאַץ. מען דאַרף אויך ניט וויסן אַקוראַט דעם טייטש פון „גאָמלקעס" כדי מען זאָל קענען ריכטיק באַנוצן דעם אויסדרוק וואָס איז פאַרבונדן מיט אָט דעם וואָרט. פונקט דאָס אייגענע קען מען זאָגן וועגן די פרעמדווערטער. אַז מען פאַרשטייט ניט אַ וואָרט דאָ און דאָרט איז נאָך דערפון ניט געדרונגען אַז עס דאַרף זיין שווער צו כאַפּן דעם גאַנצן געדאַנק.

דער היפוך דערפון איז אויך ריכטיק. מען קען אַמאָל פאַרשטיין יעדעס וואָרט און דאָך ניט קענען באַנעמען דעם געדאַנק. למשל: „אַ פונקט איז דאָס וואָס האָט ניט קיין לענג, ברייט אָדער טיפקייט; עס האָט בלויז פּאָזיציע אָבער ניט קיין גרייס". ניטאָ קיין איין שווער וואָרט אין דעם זאַץ. מען דאַרף קיין בילדונג ניט האָבן צו פאַרשטיין יעדעס וואָרט און דאָך איז גאָר ניט אַזוי לייכט צו כאַפּן דעם געדאַנק פאַר די וואָס זענען ניט צוגעגרייט.

דער פאַקט אַז טייל שרייבער האָבן אַ לייכטן סטיל, אַנדערע אַ שווערן, איז צו זיכער אַז מען זאָל פירן וויכוחים וועגן דעם. עס איז אָבער לייכטער זיך משער צו זיין אַז טאָמער איז עמעצן שווערלעך צו פאַרשטיין דאָס געלייענטע זאָל ער עס גלייך צושרייבן צום שרייבערס סטיל. וואָלט דער שרייבער געהאַט אַ פלינקערע פען, מיינט ער, וואָלט גאַנץ לייכט אָנגעקומען אים צו פאַרשטיין.

מיר דאַכט זיך אַז דאָס קען זיין ריכטיק בלויז אין זעלטענע פאַלן, ווייל עס זענען פאַראַן צופיל אַנדערע מניעות וואָס זענען, ווי איך מיין, אַ סך מער פאַרוויקלט אין דער פּראָבלעם פון לייכט און שווער ווען עס האַנדלט זיך וועגן לייענען. וואָרעם אַ ווערק, גרויס אָדער קליין אין פאַרנעם, איז אַ רעזולטאַט פון אַן אונטערנעמונג וואָס — נאָכדעם ווי עס ווערט געלייענט — אין אים באַטייליקן זיך דריי שותפים: דער שרייבער, דאָס געשריבענע און דער לייענער. די צרה קען זיין געווען גרויס אי צוליב די סטיל־מאַניערן פונעם שרייבער, אי צוליב די לייען־געוואוינהייטן פונעם לייענער. קען מען זיך שוין אויסמאָלן ווי שווער דער גאַנצער ענין ווערט ווען מען לייגט נאָך אַרויף אויף דער וואָג דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פונעם געשריבענעם. דאָס פירט אונדז, אין דער ערשטער שורה, צום געדאַנק, אַז פּשוטע ענינים וואָס זענען גלייך און גלאַטיק זענען פאַראַן זייער וויניק אויף דער וועלט. די פראַגע פון לייכט און שווער פאָדערט מען זאָל זי כאָטש טיילווייז אַנאַליזירן.

מען קען זיך אויסמאָלן די אינטעלעקטועלע אַנטוויקלונג פון אַ מענטשן אין דער פאָרעם פון אַ פּיראַמיד, אַ בנין וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ ברייטן פונדאַמענט און ווערט אַלץ שמעלער וואָס העכער ער שטייגט. דאָס באַטייט אַז לכתחילה קומען אידייען איינצלווייז, זיי דריקן אויס קליינע, קאָנקרעטע פּיצלעך פון דער אַרומיקער וועלט און פון אייגענער איבערלעבונג. שפּעטער ווערן אָט די אַלע פּיצלעך פאַרבונדן און אייגעפּרעסט אין מער־אַרומ־נעמענדיקע שטיקער און ווערן אויסגעדריקט אויף אַ מער־קאָנדענסירטן אופן. ביי אַ קליין קינד קען מען פרעגן: „ווען דיין טאַטע קומט אַהיים נעמט ער דיך אויף זיין שויס און שפּילט זיך מיט דיר אָדער ער זעצט זיך אַוועק באַזונדער און לייענט זיין צייטונג?" ווען דאָס זעלביקע קינד וועט אויס־וואַקסן וועט זיין געבנוג צו וועלן דערגיין די אייגענע אַלגעמיינע אינפאָרמאַ־ציע דורך פרעגן: „וואָס איז דיין טאַטנס באַציאונג צו דיר?" דאָס וואָרט „באַציאונג" שטעלט פאָר אַ קאָנדענסירט שטיק וואָס אין אים גייען אַריין אַ סך קליינע פּיצלעך פון די פריערדיקע קינדער־יאָרן.

אָבער ניט בלויז וואַקסט אַ מענטש פון קינדהייט ביז דערוואַקסנקייט, אויך זיינע באַזונדערע אינטערעסן גייען דורך דעם זעלביקן פּראָצעס שוין אין דערוואַקסענעם לעבן. עס וואַקסן אַלעמאָל אויס נייע אינטערעסן, אין געשעפטלעכן וויסן, אין פּאָליטיק, אין פאַרוויילונג־פאָרמען, אין טעכנישע זאַכן פון הויז, פון שטאָט, פון דער וועלט און אָט די אַלע ידיעות וואַקסן אויס ביים זעלביקן מענטשן אין דער פּיראַמידישער ריכטונג. דאָס ברייט־סטע, דאָס נאָענטסטע, דאָס היימישסטע, בלייבט אַלץ דער פונדאַמענט. דאָס דאָזיקע וויסן איז געקומען פריער, געדויערט לענגער און רוקט זיך אָפּטער אַרויס אין די באַציאונגען מיט מענטשן און זאַכן.

פון דעם קענען מיר אַרויסדרינגען דעם ערשטן וויכטיקן כלל: וואָס נעענטער דאָס געשריבענע איז צום פונדאַמענט, אָדער צו די ברייטערע אונטערשטע שיכטן פונעם אינטעלעקטועלן פּיראַמיד, אַלץ לייכטער וועט זיין דאָס לייענען.

דעם צווייטן כלל וואָלט מען געקענט אויסדריקן אַזוי: דאָס לייענען וועט זיין לייכטער ווען דאָס געשריבענע וועט וואָס מער פעסטשטעלן און וואָס ווייניקער דערקלערן. וואָרעם דערקלערן הייסט אַנאַליזירן, און דאָס דריקט זיך אויס אין אַן אַרבעט וואו מען צעטיילט זאַכן אויף קליינע ברעקעלעך און אין דער זעלבער צייט דאַרף מען האָבן אין זינען די שייכות צווישן איין ברעקל און דעם צווייטן און נאָך דעם, צווישן די גרעסערע קלאַסן אויף וועלכע זיי ווערן צעטיילט. דאָס איז פּשוט מער אינטעלעקטועלע אָנשטרענ־גונג, ממילא איז עס שווער.

בעט עמעצן אייך אויסצומאָלן ווי עס וועט אויסזען „דאָס הויז פון מאָרגן". אויב ער האָט אַ ידיעה אין די זאַכן וועט ער דערציילן זייער אינ־טערעסאַנטע נסים ונפלאות. אָבער זאָל ער אַ ווײַלע אָפּנייגן פונעם פעסט־

שטעלערישן דערציילן און פּרואוון דערקלערן ווי אַזוי און פאַרוואָס אַ באַשטימטער אַפּאַראַט וועט קענען באַווייזן די אָדער יענע חידושים, וועט איר זיך דאַרפן אָנגעמען מיט מער כּוח צו בלייבן פאַראינטערעסירט.

דער דריטער כּלל איז קלאָר פאַר יעדן איינעם. וואָס נעענטער עס איז די טעמע צו די ענינים וואָס מיט זיי טרעפט מען זיך אין טעגלעכן אומגאַנג, אַלץ לייכטער וועט אָנקומען דאָס לייענען וועגן זיי. דאָס ליגט זיך אויפן שכל. וועגן אומגאַנג־זאַכן שעפּט מען ידיעות ממש פון דער לופט. זיי ווערן אָפּט איבערגעקייט און טאָמער זענען געשאַפן געוואָרן אַרום זיי טעכנישע טערמינען ווערן זיי אונדז אַזוי נאָענט־באַקאַנט ווי זיי וואָלטן באַשטאַנען פון עם סאַמע פונדאַמענט פונעם פּיראַמיד.

יעדער ייד וועט לייכטער אויפנעמען אַ קאָמפּליצירטן ענין פונעם לעבן פון מדינת ישראל איידער אַ פּשוטע טאָג־טעגלעכקייט אין, לאָמיר אָנכאַפּן, עטיאָפּיע, אָדער סאַמאָאַ. היינט איז פּאָליטיק, און טאַקע אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק, זייער לייכטער לייען־שטאָף אפילו פאַר אַזעלכע וואָס אַמאָל־אַמאָל פלעגן זיי מיינען אַז מען דאַרף האָבן אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער עס צו פאַרשטיין.

ואחרון, אחרון חביב. די פּערזענלעכע אינטערעסן פונעם לייענער האָבן זייער פיל צו טאָן מיט דעם וואָס ער האַלט פאַר לייכט אָדער שווער. דער האַרץ־קראַנקער וועט לייענען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם דעם דאָקטאָרס אַרטיקל וועגן דעם אונטערשייד צווישן אַ טראָמבאָז אין דער הויפּט־אַרטעריע און אַנגינע פּעקטאָריס און עס וועט אים ניט זיין שווער אַלץ צו פאַרשטיין. דער געזונטער בחור וועט כאַפּן אַ קוק און פּסקענען אַז דער דאָקטאָר דרייט אַ קאָפּ סתם אין דער וועלט אַריין. דער באַרימטער טעאַטער־פּאַטריאָט וועט שלינגען טעאַטער־רעצענזיעס און זיך קוויקן אפילו מיט די וואָס באַנוצן זיך מיט רעפערענצן צו געשיכטע, פּסיכאָלאָגיע, אאַז״וו. דער וואָס איז גלייכגילטיק צו טעאַטער ווי אַ קונסט־ענין, אים וועט שווער זיין צו צעקייען די אַנאַליטישע חקירות.

די דאָזיקע עטלעכע כּללים שעפּן בשום אופן ניט אויס דעם באַהאַנדלטן ענין. אָבער זאָל דאָס זיין געענוג, לכל הפּחות ווי אַ נייטיקע הקדמה צום גאַנצן פּלאָנטער. נאָר אַז מען טראַכט זיך מער אַריין אין דער טעמע ווערט גלייך געבוירן אַ קליין טעמעלע וואָס דרינגט אַרויס דירעקט פונעם גאַנצן שמועס. פאַרוואָס דאַרף מען זיך אַזוי שטאַרק זאָרגן אַז דעם לייענער זאָל אָנקומען לייכט? פאַרוואָס דאַרף אַלץ וואָס מען לייענט באַשטיין פון אַזאַ שטאָף וואָס פאָדערט גאָרניט מען זאָל זיך באַמיען צו כאַפּן וואָס דער שרייבער וויל האָבן? וואָס איז אייגנטלעך, אָדער דאַרף זיין, דער ציל פונעם לייענער? איז דאָס, אָדער דאַרף עס זיין, בלויז איינס פון די פאָרמען פון לייכטער פאַרווײַלונג, צו באַרואיקן די נערוון, צו פאַרטרייבן די גרויקייט פונעם טאָג? דאַרף אַ מענטש זיך אויך פאַרנעמען מיט אַזאַ מין לייענען וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן ערנסטע אונטערנעמונג וואָס צילט בעסער צו זען

ריכטונג אין לעבן? אין מחשבה? בקיצור, דאַרף לייענען זיין בלויז צייט פאַרטרייב אָדער עפּעס וואָס פּילט אָן די צייט מיט געדיכטן אינהאַלט?

סוף־כל־סוף פאַרבינדט זיך דאָס מיטן לעצטן כלל אַז די אינטערעסן פונעם לייענער זענען זייער שטאַרק פאַרוויקלט אין דער גאַנצער פראַגע פון לייכט און שווער. דאָס לייענען פון מאָדערנע מענטשן פאַרשפּרייט זיך אויף אַ ווייטן שטח וואָס נעמט אַרום ווייט פאַרשיידענע ענינים, טעמעס, באַדערפעענישן און צופעליקייטן. ניט ביי אַלע ליגט דער טראָפּ אויף דער זעלביקער קאַטעגאָריע, אָדער נעמט אַרום אַקוראַט די זעלביקע ווינקלען פון זעלביקן שטח. ממילא הענגט אָפּ זייער אַ סך פונעם אופן אויף וועלכן אַ מענטש באַלאַנסירט זיינע לייען־אינטערעסן. דער עיקר וואָס מען דאַרף אונטערשטרייכן באַשטייט אין דעם וואָס דער חשק און די פּאַראינטע־רעסירטקייט אינעם מאַטעריאַל זענען אַ פאַקטאָר וואָס העלפט באַשטימען צי דאָס לייענען איז שווער אָדער לייכט.

איך שפּיר ווי עמעצער לאָזט ניט אָפּ: „אָבער איר וועט דאָך מודה זיין אַז סוף־כל־סוף לאָזט זיך אַלץ דערפירן צום סטיל פונעם שרייבער. בלויז ער קען מאַכן אַז דאָס וואָס ער שרייבט זאָל זיך לייענען לייכט אָדער שווער". נייך, איך בין ניט מודה. על־פּי־רוב — כאָטש ניט אַלעמאָל — איז דאָס וואָס מען רופט אַ שווערער סטיל אַ מין שרייבן וואָס איז ניט גענוג אידיאָמאַטיש, אָדער סתם שלעכט־געבויטע זאַצן, אָדער צו לאַנגע זאַצן, אָדער די פּאַראַגראַפן גייען ניט אין געהעריקן לאָגישן סדר, אָדער דער שרייבער באַנוצט זיך מיט צו־חכמה׳דיקע אינאָוואַציעס. אַזאַ מין שרייבן איז גיכער גרילציק איידער שווער.

אָט האָב איך פאַרצייכנט עטלעכע יידיש־ברעקלעך וואָס זענען מיר געפאַלן ווי שטיינער אין קאָפּ. איינער באַרירט: „די וויכטיקסטע אין אַמעריקע פראַגע". אָן אַנדערער וויל זאָגן אַז די דייטשן האָבן גענומען זאַכן פון די יידן וואָס זיי האָבן דערשאָסן, שרייבט ער „...פון די דורך זיי דער־שאָסענע יידן". אָדער נעמט אַזאַ צאַצקע: „בעת דער פּראָקלאַמירטער דורך דער געזעלשאַפט פאַר סאָציאַלער אַליינהילף פאַר באַלדיקער הילף". אַזעלכע און אַנדערע באַרבאַריזמען, אָדער שווערפיסיקע קאָנסטרוקציעס, ציען זיך מיט אַ דענערווירנדיקן סקריפּ אַז מען מוז זיך אַ ווײַלע אָפּרוען צו קומען צו זיך, אָבער דאָס איז ניט שווער נאָר האַמעטנע. דאָס איז אַ סטיל וואָס רופט אַרויס אַ ווידערשטאַנד אַנטקעגן טייטלען מיט דער רעכטער האַנט אויפן לינקן אויער. פאַראַן אויך שרייבער וואָס האָבן אַ שווערן סטיל שוין צוליב דעם וואָס זיי פאַרמאָגן ניט דאָס פיינקלדיקע וואָרט, דעם בליציקן פאַרגלייך אָדער דעם וואַרעמען שמייכל, איבערצורייסן די שטענדיקע אינהאַלטלעכע אָנגעשטרענגטקייט פון דער טעמע; אַזעלכע האָבן אָבער די מעלה וואָס זייער שרייבן רייצט צו וועלן פאַרשטיין ווען זיי צינדן אָן אַ חשד אַז זיי האָבן עפּעס צו זאָגן.

ווען מיר באַטראַכטן דעם גאַנצן ענין פֿון לייכט און שווער מוז מען קומען צו דער מסקנא אַז דער עלעמענט פֿון „שווער" אין שריפֿטלעכן אויסדרוק איז טיילמאָל פּשוט אומפֿאַרמיידלעך. דאָס לעבן קען דאָך ניט באַשטיין בלויז פֿון אַזאַ סחורה וואָס איז לייכט אויף דער וואָג. פֿאַרשטייט זיך אַז עס איז געווענדט אינעם לייענער צו באַשליסן אין יעדן פֿאַל צי דאָס מעגלעכע געווינס איז ווערט דעם קרבן.

מען מעג נאַטירלעך זיין מסופּק צי מיין אַנאַליז איז בכלל אַ ריכטיקער; צי די פֿאַקטאָרן וואָס אויף זיי ווייז איך אָן זענען טאַקע די וואָס באַשטימען אַז דאָס לייענען זאָל זיין לייכט צי שווער. האָב איך דאָ אַ פּשוט'ן טעסט דאָס פֿעסטצושטעלן. וואָרעם לויט איינעם פֿון די אָנגעגעבענע כּללים וואָלט דאָס דאָזיקע אַרטיקל גופֿא געדאַרפֿט געהערן צום קלאַס „שווער". אין יענעם כּלל זאָגט זיך אַז דאָס לייענען ווערט שווער ווען עס האָט צו טאָן מיט אַנאַליזן, מיט צעטיילן זאַכן אויף קלענערע חלקים און אין דער זעלביקער צייט אויפֿהאַלטן אין געדאַנק די שייכות צווישן זיי. אָט די אָפּעראַציע ביים לייענען צווינגט מען זאָל זיך אַלע ווײַלע אָפּשטעלן צו זיין זיכער אַז מען בלאָנדזשעט ניט.

ממילא איז דער טעסט גלייך אויף דער האַנט. אויב דער לייענער וועט געפֿינען אַז די דאָזיקע שורות לייענען זיך לייכט וועט עס זיין אַ זיכערער סימן אַז עס האַלט שמאָל מיט מיין צוגאַנג. עס וועט אָפּלייקענען דעם אַרויסגעזאָגטן געדאַנק אַז דער פּראָצעס פֿון אַנאַליזירן מאַכט דאָס לייענען שווער. אויב אָבער ער וועט שפּאַנען איבער די שורות מיט שווער־סאָפּענדיקע טריט, וועט דאָס זיין אַ באַשיינפּערלעכע ראיה אַז איך האָב געטראָפֿן אין סאַמע פּינטל אַריין. אגב, דאָס וועט זיין איינער פֿון די זעלטענע פֿאַלן אין שרייבערייַ אַז וואָס ערגער אַלץ בעסער.

(1956)

# א. ליטוואַק

דורך א. ליטוואַקס טויט האָבן מיר פאַרלוירן אַן אָנגעזעענעם פאָרשטייער פון אַ גרופּע, וואָס ווערט אַלץ קלענער און קלענער אין אונדזער לעבן. דאָס זענען די יידישע סאָציאַליסטן, וואָס זענען געבליבן טיף פאַרוואָרצלט אין דער אַטמאָספערע פון יידישע קולטור־ווערטן.

ליטוואַק איז געווען דער מיטגרינדער און איינער פון די פירנדיקע כוחות פון דער גרעסטער און פּאָפּולערסטער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, פון „בונד". ביזן אויפשטייג און דער אַנטוויקלונג פון קאָמוניזם האָט זיך קיין יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי ניט געקענט פאַרגלייכן מיטן „בונד", סיי אין צאָל, סיי אין אַלגעמיינעם איינפלוס. קען גאָר קיין ספק ניט זיין, אַז דער גייסט, איך מיין דעם נאַציאָנאַלן גייסט, וואָס ליטוואַק און זיין גלייכן האָבן אַריינגעבראַכט אין זייער פאַרטיי, האָט זייער פיל מיטגעהאָלפן איר מערקווערדיקן וואוקס צווישן די יידישע אַרבעטער. און דאָך מוז מען מודה זיין, אַז די אַרומיקע באַדינגונגען, אין וועלכע דער יידישער סאָציאַליזם איז געוואַקסן און האָט זיך אויסגעדריקט, זענען ניט געווען אַזעלכע, וואָס זאָלן פאַרשטאַרקן און בולטער אַרויסברענגען זיין יידישע פאָרם.

ליטוואַק האָט געלעבט אין אַ צייט ווען סאָציאַליזם האָט, צוליב דעם גרויסן וועלט־פאַרנעם פונעם דאָזיקן אידעאַל, און מחמת אַ ריי אַנדערע סיבות, אַוועקגעריסן אַ סך פון זיינע אינטעליגענטע יידישע אָנהענגער פון די ענגע געסלעך פון אונדזער לעבן. פאַר אַ טייל איז דאָס ספּעציפיש יידישע געוואָרן אַ רעאַקציאָנערער באַגריף. אַנדערע האָבן גענומען קוקן אויף אונדזערע נויטן מיט אַ גלייכגילטיקייט, פּונקט ווי עס באַטראַכטן דערוואַקסענע אַ קינדערשע שפּילצייג. אַפילו צווישן די וואָס האָבן טעאָרעטיש יאָ מסכים געווען מיט אַ „יידישער פּראָגראַם" זענען אויך געווען אַ סך, וואָס האָבן אין האַרצן זיך גענומען פילן אַלץ פרעמדער צו יעדער יידישער פאָרמולירונג פון סאָציאַליסטישן געדאַנק.

ליטוואַק איז אויף אַזאַ אופן געווען דאָס גאַנצע לעבן זיינס אַריינגעטאָן אין אַן אַרבעט, וואָס האָט, לכל־הפּחות אין די שפּעטערדיקע יאָרן, מיט אימפּעט זיך אַוועקגעריסן פון יידישע היסטאָרישע קוואַלן. אָבער ער איז פון אָט־די קוואַלן קיינמאָל ניט אָפּגעטראָטן, כאָטש, אָדער אין דער זעלביקער צייט, פון דער אַרבעט קיינמאָל זיך ניט דערווייטערט. אויב ס'איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ יידישער סאָציאַליזם, און ביי מיר איז קיין ספק ניט אַז אַזאַ זאַך איז דאָ, מעג ליטוואַק באמת דינען אין אַ געוויסן זינען ווי זיין סימבאָל און פאַרקערפּערונג. אויב ס'איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ סאָציאַליסטישע יידישקייט, און אויך דאָ מעג מען ענטפערן מיט קלאָרן „יאָ", האָט ליטוואַק זי אויסגעדריקט מיט דער פולער קרעפטיקייט פון אַ פאַרענדיקטן מענטשן.

אין ליטוואַקן איז דעריבער ניט פאָרגעקומען קיין סינטעז, קיין פאַרבינדונג צווישן צוויי באַזונדערע עלעמענטן — וואָס אויב מען וויל קענען זיי זיין באַזונדער, און אויב מען וויל קענען זיי זיין צוזאַמען — ער איז געווען אַן איינס, אַ גאַנצער מענטש, אַ גאַנצקייט וואָס איז אייך אַמאָל דערווידער צוליב איר גלאַטקייט און פסיכישער קיילעכיקייט, אַזוי־צו־זאָגן. אָבער אין אַט־דער פולער, פאַרזיגלטער גאַנצקייט זענען געלעגן אי זיין סאָציאַליזם, אי זיין יידישקייט און האָבן איינס דאָס אַנדערע געגעבן אייגנאַרטיקע געשטאַלטן.

ליטוואַקס סאָציאַליזם איז געווען פריער פון אַלץ, און איבער אַלץ, עטיש אין תוך. וויסנשאַפטלעכע נביאות וועגן אַ געזעלשאַפט, וואָס מוז קומען, האָט אים ווייניקער באַגייסטערט ווי נביאישע נביאות וועגן אַ געזעל־שאַפט וואָס דאַרף קומען: אין זיין סאָציאַליסטישער פען־אַרבעט געפינט מען זייער זעלטן דערמאָנט נעמען פון גרויסע סאָציאַליסטישע דענקער, אָדער פאָרמולעס פון זייערע סאָציאַל־עקאָנאָמישע געדאַנקען. פון אים האָט קודם־כל אַרויסגערעדט דער פראָטעסט אַנטקעגן אומגערעכטיקייט און דער ברע־נענדיקער דאָרשט נאָך אַ וועלט וואָס וועט זיין פריי פון אָרעמקייט און אונטערדריקונג.

דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון זיין סאָציאַליזם. דאָס איז אויך געווען דער אינהאַלט פון זיין יידישקייט. און ער איז געווען גענוג דורכגע־דרונגען מיט יידישער קולטור פון אַלע צייטן, אַז ער זאָל פילן אין איר אַ שטיץ־פונקט פאַר די העכערע וועלט־אידעאַלן צו וועלכע ער האָט געשטרעבט. אין דעם פרט איז ער געווען אַ דירעקטער יורש פונעם אָנהייב פון יידישן סאָציאַליזם לויטן געשטאַלט וואָס אהרן ליבערמאַן האָט אים געגעבן מיט זעקס און פופציק יאָר צוריק.

ביזן אַכצנטן יאָרהונדערט האָט ער געלערנט אין פאַרשיידענע ישיבות, צו צוואַנציק יאָר שוין פאַרבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. קיין גרויסער איבעררייס צווישן די צוויי פעריאָדן זענען ביי אים ניט געווען, ניט כראָנאָלאָגיש און, ווי מיר זעען, אויך ניט פסיכיש. ליטוואַקס שפּראַך פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ פליסיקע היימישקייט, אַזאַ נאַאיווע פאָלקסטימלעכקייט, וואָס מען קען גאָרניט געפינען ביי אַ סך פון זיינע חברים, וואָס האָבן זייער סאָציאַליזם אויסגעהאָדעוועט אין מערב־אייראָפּייאישע אוניווערסיטעטן. איך שטעל מיר פאָר, אַז ליטוואַקן האָט געמוזט אַ סך לייכטער אָנקומען, איידער יענע חברים זיינע, צו פאַנגען דאָס האַרץ פון יידישע אַרבעטער. ער האָט גערעדט אַזעלכע פראָסטע, היימישע רייד, זיינע ביישפילן האָט ער גענומען פון נאָענטן באַקאַנטן לעבן, דער געבוי פון זיין זאַץ איז געווען אַזוי איינפאַך, עפּעס ווי אַן אייגענער עלטערער ברודער וואָלט גערעדט אינעם קרייז פון דער אייגענער פאַמיליע.

איך האָב זיינע רעדעס ניט קיין סך געהערט. אָבער די עטלעכע מאָל, וואָס איך האָב אים געהערט רעדן, האָט ער זיך מיר אויסגעוויזן ניט ווי

אַ רעדנער פון אַ באַשטימטער אָרגאַניזירטער ריכטונג, נאָר ווי אַ פּריוואַטער מענטש, וואָס רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן. פּונקט אַזוי האָב איך אָפּט געפילט אין זיין שרייבן דעם טאָן פון אַ בריוו גיכער ווי אַ סטיליסטיש־אויסגעאַרבעט אַרטיקל. מעגלעך, אַז דאָס האָט זיך גענומען ניט בלויז פון זיין פאַרוואָרצלט־קייט אין פאָלקסטימלעכן געמיט, נאָר אויך פון זיין פיינעם זשורנאַליסטישן חוש. דאָס איז דער טאָן, וואָס פליסט אַרויס דירעקט פון די נאָענטסטע נויטן און וועקט צום שטאַרקסטן דעם ערשטן איינדרוק. בכל אופן איז דאָ געלעגן זיין גרויסע מעלה ווי אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, כאָטש די זעלביקע אייגנשאַפט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ חסרון דאָרט וואו עס זענען נייטיק געווען איינ־געהאַלטענע און אויסגערעכנטע אַנאַליטישע כוחות.

ליטוואַק איז אונדז באַקאַנט ווי אַ שרייבער און אַ רעדנער. מיר איז אויסגעקומען אים צו זען אויף גאָר אַן אַנדער פעלד, וואו ער האָט אַרויס־געוויזן קינסטלערישע פעיִקייטן פון אַ גאַנץ אָנגעזעענער מדרגה. איך האָב אים עטלעכע מאָל געהערט דערציילן מעשיות פאַר אַן עולם. די מעשיות האָט ער גענומען פון דער יידישער ליטעראַטור (ספּעציעל פון פּרצן, וואָס אים האָט ער אַזוי שטאַרק ליב געהאַט), אָדער פון פאָלקלאָר. איך וועל די דאָזיקע מאָמענטן קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ער האָט כמעט אינגאַנצן זיך ניט באַנוצט מיט קיין מימיק. אויך ניט מיט קיין דעקלאַמאַטאָרישן טאָן. זיין שפּראַך איז געפלאָסן אַזוי גלאַט, אַזוי אָן איבעררייס, אַזוי רייך, ווי אַ קלאָרער טייך. די שאַרפקייט פון זיין בליק האָט זיך אַריבערגעריסן איבער די ברילן־גלעזלעך און ווי זיך אַריינגעשטאָכן אין די געמיטער פונעם עולם. די ערנסטקייט פון זיין פּנים איז געוואָרן באַזונדערס אָנגעשטרענגט. עס האָט זיך געשאַפן עפּעס אַזאַ געדיכטע שטילקייט, וואָס ווען עמעצער זאָל זי איבער־רייסן וואָלט איר געפילט ווי אַ שניט מיט אַ מעסער. ער האָט געמאָלן העלדן, סיטואַציעס, קאָנפליקטן, מיט אַ מין רייצנדיקער מאָנאָטאָנקייט, וואָס איז געווען אַזוי פיין צוגעפּאַסט צו די מיסטישע עלעמענטן פון זיינע מעשיות איבער וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט מאריך צו זיין. די ווירקונג אויף די צוהערער איז געווען זייער שטאַרק.

ער האָט געהאַט אַ וועלט מיט באַקאַנטע און פריינד. אָבער קיין באַזונ־דערע אינטימע פריינד האָט ער, ווי ווייט איך ווייס, ניט געהאַט, און, ווי איך האָב אים פאַרשטאַנען, ניט געקענט האָבן. ער האָט זיך אַריינגעאַרבעט אין אַ מדרגה וואו די גרענעץ צווישן געזעלשאַפטלעכן און פּערזענלעכן ווערט כמעט אינגאַנצן אָפּגעווישט. אויף אַ שיכורן זאָגט מען אַמאָל: „וואָס אויף דער לונג דאָס אויף דער צונג", אָבער ביי אַ ניכטערן מענטשן — און ליטוואַק איז געווען פון די ניכטערסטע — איז מעגלעך אַזאַ פּסיכישע אָרגאַניזאַציע וואו דער מהלך צווישן „לונג" און „צונג" ווערט אינגאַנצן אָפּגעשאַפט. ביי אים זענען אַלע פראַגעס, סיי פון פּערזענלעכן, סיי פון געזעלשאַפטלעכן סאָרט, געווען פּשוט פראַגעס. די קלאַסיפיקאַציע „געזעלשאַפטלעך־פּערזענלעך"

האָט זיך פאַרלוירן אין הינטערגרונט. די פראַגע וועגן אַרויסגעבן אַן אייגן בוך, אָדער וועגן דעם מצב פון די יוניאָנס, אָדער וועגן דער לאַגע פון אַ פריינד, אָדער וועגן דעם ווערט פון פּאָעזיע — אָט־די אַלע פראַגעס האָבן זיך באַוואויגן אויף איין ליניע — פראַגעס, וועגן וועלכע מען דאַרף טראַכטן, וואָס מען דאַרף פאַרענטפערן. מענטשן זענען דאָס רוב צונויפגעשטעלט אַזוי אַז זיי האָבן באַזונדערע ווינקל־אינטערעסן, און שאַפן זיך באַזונדערע געלעגנהייטן און באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע און אינטימע פאַרבינדונגען כדי צו פאַרענטפערן די נויטן פון יעדן ווינקל באַזונדער. ביי ליטוואַקן זענען די גרענעצן צווישן די באַזונדערע ווינקלען געווען זייער בלאַס, אָפט אינגאַנצן ניט קענטיק. זיין לעבן האָט אים געפירט אויף וועגן וואו ווינקלען פאַרשווינדן. איז אָבער זיין שטראָף געווען דאָס וואָס ער איז אַליין געוואָרן אַן אָפּגעזונדערט ווינקל, אי פאַר זיך — וואָס וועגן דעם האָט ער מסתמא קוים געהאַט אַן אָנונג — אי פאַר זיינע פריינד, פאַר וועלכע דאָס איז געווען קלאָר, אָפט פיינלעך, אין זייער באַוואוסטזיין.

ליטוואַקס אינטערעסן זענען געווען ברייטע און וויט־גייענדיקע: סאָציאַלע פראַגעס, ליטעראַטור און, לעצטנס, יידישע שולן. אָבער ער איז געווען אַזוי גרינטלעך פסיכיש צונויפגענומען, אַז אומעטום איז געלעגן דער זעלביקער טאָן, דער זעלביקער צוגאַנג, די זעלביקע אויפפאַסונג. עס איז גענוג מען זאָל, למשל, וויסן זיינע מחלוקתן מיטן „בונד" אין די יאָרן פון דער לעצטער רוסישער רעוואָלוציע כדי מען זאָל פאַרשטיין זיין באַגייסטערונג פאַר די אָדער יענע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור, אָדער זיין צוגאַנג צו דער יידישער שול אין אַמעריקע. און ווייל ער איז געווען אַזוי מערקווערדיק סינטעטיזירט איז אים שווער געווען זיך אָפּצוזאָגן אַפילו פון אַ קוצו של יוד פון זיינס אַ געדאַנק אָדער פאַרשלאַג. אַזעלכע מענטשן פילן זיך אומגליקלעך ווען ערגעץ־וואו, אין זייער גייסטיק לעבן, הענגט אַראָפּ אַ צוויט אָדער אַ פאָדעם. די קיילעכיקייט פון דער קנויל, די פאַרענדיקטע גאַנצקייט פון דער פּער־זענלעכקייט איז אין סכנה.

די אַלע דערמאָנטע שטריכן זענען, נאַטירלעך, ניט מסוגל געווען אָנצו־וואַרעמען די אַטמאָספערע אַרום אים. זיינע זיכערע רייד זענען אָפטמאָל געפאַלן ווי שווערע שטיינער פון וועלכע מען וויל אַנטלויפן כדי זיך צו ראַטעווען. אָבער טיפע איבערגעצייגטקייט, צי זי אונדז ליב אָדער ניט, און קאַלטע אויפריכטיקייט, וואָס אָפט שטעכט זי ווי אַן אייזיקע שפּיז, באַהערשן אונדז דורכן געפיל פון באַוואונדערונג און דרך ארץ וואָס זיי רופן אַרויס. און אַזוי האָט ער געהאַלטן מענטשן פון דער וווייטנס און זיי צוגעצויגן אין דער זעלביקער צייט.

אָבער אויב ס'איז יאָ געווען אַן אָנגעגליטער מאָמענט, וואָס האָט זיך געצונדן אַרום אים, האָט ער געשטאַמט פונעם יידיש־היימישן טאָן, פון דער פאָלקסטימלעכער לופט מיט וועלכער ער האָט געאָטעמט, און ניט ווייניקער,

פונעם געפיל, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַן אינטעלעקטועלע קראַפט וואָס שעפּט אירע זאַפטן פון אינעווייניק, פון די שפּייכלערס פון יידישע קולטור־אוצרות. אין דעם פּרט איז ער געווען איינער פון אַ גרופּע, וואָס ווערט אַלץ קלענער און קלענער אין יידישן לעבן.

עטלעכע מאָל האָבן מיר צוזאַמען אָפּגעריכט די פּסח׳דיקע סדרים ביי אונדזערס אַן אַלטן בשותפות׳דיקן פריינד. ער פלעגט זאָגן די הגדה מיט אַזעלכע פרומע, זינגענדיקע אַקצענטן, ווי אַ דאָרשטיקער דערקוויקט זיך מיט אַ פרישן ביסל וואַסער. אַז עס איז געקומען צו די חשבונות וועגן די מכות האָב איך אים איין מאָל אָפּגעשטעלט: „פאַרוואָס פאַרכאַפּט אייך אַזוי שטאַרק די אַריטמעטיק פון רבי יוסי הגלילי, רבי אליעזר און רבי עקיבא?״ ער האָט, ווייזט אויס, ניט געכאַפּט מיין שפּאַסיקן טאָן און ערנסט געענטפערט: „אין דעם שטעקט דאָך אַזאַ עכטע פאָלקסטימלעכע תמימות״.

סאָציאַליסטישע פירער, וועלכע זאָלן זיך אַזוי נאָענט פאַראינטערעסירן מיט דער נייער און דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, ביי וועלכע „די לאַגע אין ענגלאַנד״ זאָל ניט פאַרשטעלן די „נביאים״, אַזעלכע זענען אַמאָל געווען אַ סך, אָבער זיי ווערן אַלץ ווייניקער. און ליטוואַק איז געווען איינער פון די בלוטפולסטע צווישן זיי. אין דעם זינען דאַרף מען זאָגן נאָך זיין טויט ניט בלויז דעם „חבל על דאבדין״, נאָר טאַקע אויך דעם „ולא משתכחין״.

(1932)

# ש. ניגער

(באַמערקונגען וועגן זיין פערזענלעכקייט)

ביסלעכווייז האָט זיך די מלחמה איינגעשטילט, איך מיין די מלחמה אַנטקעגן ש. ניגערן. עטלעכע יאָר האָט זי אָנגעהאַלטן און געפירט איז זי געוואָרן מיט אַזאַ גיפטיקער שנאה, מיט אַזאַ סאַדיסטישער הנאה, און מיט אַזאַ קאַלטער אויסגערעכנטקייט אויף אומגעריכטע אַטאַקעס, וואָס פאַרדינט אַן אויסצייכענונג אַפילו ביי די דעגענערירטע פאָרמען פון אונדזער עפנטלעכער יידישער פּאָלעמיק. ווי אין מאָדערנע מלחמות איז דער פראָנט געווען אַ ברייטער, אַ וויטער: פרעסע, טריבונע, קאַפע־טישל, היימישע שמועסן — אומעטום האָבן געפלאַקערט די שלאַכטן. און די מיטלען — אויך ווי אין מאָדערנע מלחמות — האָבן אַריבערגעשטיגן אַלע גרענעצן פון מאָראַל און עלעמענטאַרער מענטשלעכקייט. קינד און קייט זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער קאַמפּאַניע, פון די קאַרפּנקעפּ ביז די דרדקי־תלמידים אין דער ליטעראַטור. צו געבן אַ שאָס אין ניגערס ריכטונג איז ביי די ייִנגערע, ביי די אָנהייבער, באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מין אַריינטריט־צערעמאָניע אין די קרייזן פונעם צעך. אַן אָנגעזעענער שרייבער, ניגערס אַ שכן, אַ מיטאַרבעטער פון דער זעלביקער צייטונג, האָט געשריבן וועגן ניגערן נאָך דעם ווי עס זענען אַרויס זיינע דריי בענדער „שריפטן" אין 1928. דאָס איז ניט געווען קיין פשוטע נעגאַטיווע קריטיק. עס האָט גיכער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַריינלעבן זיך אינעם קריגערישן כאָר פון אויפגערייצטע קולות, וואָס מאָנען בלוט. די געווינטלעכע שרייבערשע אַמביציעס צו וועלן עפּעס זאָגן, צו קאָמבינירן אידייען אויף אַ פרישן אופן, צו שאַפן אייגנאַרטיקע געגנע־ראַליזאַציעס — די דאָזיקע אַמביציעס זענען כמעט ווי פאַראַליזירט געוואָרן אין דעם דאָזיקן שעת חרום — אין שייכות צו ניגערן. עס איז געווען גענוג צו זיין „קעגן", דאָס איבעריקע איז שוין געווען אַ קלייניקייט. געוויסע אייגנשאַפטן, וואָס כאַראַקטעריזירן ניגערן דעם מענטשן, וועגן וועלכע עס וועט שפּעטער גערעדט ווערן, דער אַלגעמיינער צושטאַנד פון דער יידישער ליטעראַטור, צוזאַמען מיט דעם בלוטיק־קריגערישן גייסט פון דער צייט — דאָס אַלץ איז גאַנץ גענוג צו דערקלערן דאָס דאָזיקע טרויעריקע קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אונדזערע ליטעראַרישע באַציאונגען. אָבער דערווייל האָט זיך געשאַפן אַ מערקווערדיקע „אומהייליקע ברודערשאַפט" פון שרייבער, וואָס האָבן זעלטן איין שפּראַך, און נאָך זעלטענער איין דעה. בלויז אַ שרעקלעכע השגחה האָט זיי געקענט פאַראייניקן צו פירן אָט די בשותפותדיקע מלחמה.

אין יענער צייט האָב איך ממש מיט פאַרכאַפּטן ניגער זיך צוגעקוקט צו דער מעגלעכער ווירקונג, וואָס דאָס וועט האָבן אויף ניגערס פּאָזיציע אין

אונדזער עפנטלעך לעבן. ניגער פאַרטרעט ניט קיין פּאַרטיי, באַוועגט זיך ניט אין זיין פובליציסטיק אויף אַ גראַדליניקן וועג, פאַרמאָגט ניט און לאָזט ניט הערן אַזעלכע מיינונגען און אין אַזאַ פאָרעם, וואָס קען גלעטן די תאווה פון גאַס, אָדער זיך לייכט אַריינפלעכטן אין די סטענטאָרישע רופערייען פון מאַסן־שפיל. און ליטעראַטור־קריטיק איז זיכער ניט קיין פּאָפּולערע רעקלאַמע אין אַ צייט, ווען פרימיטיווער מאַסן־פסיכאָז און נאַקעטע, ברוטאַל־אָנשטעקנ־דיקע סוגעסטיע שאַפן אַטעם פאַר לעבן און לופט פאַר פליגלען. און דאָך האָט ניגער זיך געשאַפן אַן אייגנאַרטיקע פּאָזיציע אין אונדזער וועלט, און אַריינגעגעבן געבנוג חשק אין טויזנטער אויגן, אַז זיי זאָלן פילן אַ באַדערפעניש צו קוקן אין זיין ריכטונג, כדי אים צו דערזען.

די מלחמה אַנטקעגן ניגערן, וואָס האָט פאַראייניקט שרייבער פון פאַר־שיידענע קעגנערישע אַפילו פיינטלעכע ווינקלען, באַזונדערס די העסלעכע טאַקטיק וואָס אָט די מלחמה האָט אָנגענומען, האָט — זיכער קעגן דעם ווילן פון אַ טייל קריגער — נאָך מער פאַר׳סמ׳ט אין אונדזער קליינעם ליטעראַרישן קרייז, די פיינסטע טראַדיציעס וואָס דעם מענטשן איז נאָך געבליבן, און נאָך ברייטער געעפנט די טיר פאַר דער שרעקלעכער לאָזונג: „מיט אונדז, אָדער קעגן אונדז״.

איז וואָסער ווירקונג וועט דאָס האָבן אויף דער פּאָזיציע וואָס ניגער האָט פאַר זיך אויסגעבויט אין אונדזער עפנטלעכקייט? איך האָב געוואוסט, אַז ער האָט געשאַפן די דאָזיקע פּאָזיציע נאָך אין אַ צייט ווען צווישן „מיט אונדז״ און „קעגן אונדז״ האָבן געלעבט און געבלענדט די די פילפאַרביקסטע ניואַנסן און שאַטירונגען, ווען די גרויסע כוחות פון אונדזער קולטור — ווי פון יעדער קולטור — האָבן גראַד אויפגעלויכטן אויף אַנדערע פונקטן און אַנדערע ליניעס, ווי די „מיט—קעגן״, וואָס הענגט היינט פון אַלע טירן און פענצטער. אָבער איצט, און נאָך אַזעלכע בייזע אָנפאַלן פון יאָרן, וואָסער ווירקונג וועט דאָס האָבן? איך האָב זיך צוגעקוקט מיט פאַרכאַפּטן בייגער און מיט אַ פאַרגעפיל פון אַ פאַר׳חתמ׳עט מזל.

איז דעריבער גרויס געווען מיין חידוש און נאָך גרעסער מיין פאַרגעניגן, וואָס מיין פאַרגעפיל האָט מיך גענאַרט. וואָרעם ניגערס פּאָזיציע, אויף וויפיל איך קען אָפּשאַצן אַזעלכע זאַכן, איז געבליבן ווי געווען, אומבאַרירט. עפּעס האָב איך, מסתמא, אויסגעלאָזן אין חשבון, און, ווי איך מיין, האָב איך אין מיין פאַרגעפיל אונטערגעשאַצט דעם כוח פון פערזענלעכקייט, וואָס צייטן און פאַלעמישע מלחמות און לאָזונגען קענען פאַרטונקלען, אָבער ניט אָפּווישן.

כאָטש ניגערן וואָלט זיך זייער שטאַרק ווען לעבן וואָס מער אין זיינע אייגענע ד׳ אמות של הלכה, איז דאָס אָבער ניט מעגלעך דורכצופירן. קודם־כל איז ליטעראַטור־קריטיק אַליין שוין אַ שטיקל קהלשער ענין. איצט קומט זיין אַרבעט ווי אַ לעקטאָר, זיין באַטייליקן זיך אין געזעלשאַפטלעכע אונטער־נעמונגען, און ענלעכע געלעגנהייטן, וואָס זענען מחייב פערזענלעכן קאָנטאַקט

מיט גרעסערע צאָלן. דאָס ברענגט אַריין דעם מענטשן אין אַן אַנדער ליכט. אַבסטראַקטע, ווייטע מיינונגען ווערן אָנגעפילט מיטן לעבעדיקן פולס פון קאָנקרעטע און דירעקטע איינדרוקן. די רייך־געדאַנקלעכע אָפּשאַצונג פונעם שרייבער און זיינע פאַרדינסטן נעמט זיך אָן מיטן עמאָציאָנעלן טאָן און מיט דער אינטימער בלוט־פאַרב פון פערזענלעכער באַציאונג. עס ווערט געבוירן אַ טיפערע און ברייטערע וועלט פון שייכותן צו פערזענלעכקייט.

פערזענלעכקייט? וואָס איז דאָס אַזוינס? זאָל מיך קיינער ניט חושד זיין, אַז איך וויל זיך דאָ אַריינגראָבן אין דעפיניציעס. דעפינירן אַ באַגריף איז אָפּט ווי הרגענען אַ פויגל, אים אָנשטאָפּן מיט וואַטע, כדי ער זאָל אי אויסזען ווי לעבעדיק, אי בלייבן אומבאַוועגלעך. ניין, ניט דעפינירן וויל איך. אָבער דאָך איז נייטיק אַוועקצושטעלן, אין עטלעכע ווערטער, אַלגעמיינע גרענעצן, מיר זאָלן וויסן וועגן וואָס מיר רעדן.

אין פסיכאָלאָגיע פאַרשטייט מען אונטער „פערזענלעכקייט", דעם לעצטן סך־הכל, דעם מערקווערדיקן, ענדגילטיקן איינס, וואָס ווערט געשאַפן פון אַלע פאַקטאָרן פון ירושה, סביבה, „איך", כאַראַקטער; אַלע נייגונגען און געוואוינהייטן, אַלע כוחות, ווירקלעכע און פּאָטענציעלע. אָבער ניט דאָס, ניט געענוי דאָס, האָב איך איצט אין זינען. וואָרעם דאָס האָט דאָך אַ שייכות צו מענטשן בכלל, צו אַלע מענטשן, און ניט בלויז צו באַשטימטע, טיפּישע איינסן פון אַ ביאָלאָגישן מין. אין דער פּאָפּולערער שפּראַך האָט „פערזענ־לעכקייט" אַ סך טייטשן. אָבער על־פּי־רוב פאַרשטייט מען אונטער דעם וואָרט אַ מענטשן מיט אָנזעעוודיקע כאַראַקטער־שפּיצן, מיט אייגנאַרטיקע שטריכן, וואָס רייסן זיך אַרויס פונעם אַלגעמיינעם מענטשלעכן בילד, ווי אין אַ נייעם געמעסט. זיי דרינגען אַריין אין אַלץ אַרום אָן שום ווילנדיקער טירחא און מיט אַ קראַפט וואָס מען קען זיך איר ניט אַנטקעגנשטעלן.

ביאָ־כעמיקער וויסן היינט, אַז עס זענען פאַראַן פאַרשיידענע סאָרטן מענטשלעך בלוט, און אַז בלוט־טראַנספוזיע קען בלויז דעמאָלט העלפן ווען דאָס בלוט פון געבער און נעמער ווייזן אַרויס די זעלביקע פיזיאָלאָגישע רעאַקציעס. אַ סאָציאַל־פסיכאָלאָגישער ביאָ־כעמיקער וואָלט זיך אָן באַזונ־דערע שוועריקייטן געקענט דערגראָבן צום אייגנאַרטיקן בלוטשטראָם, וואָס די פערזענלעכקייט שפּריצט אַריין אין די קלענסטע ווי אין די גרעסטע געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען. אויך דאָ, ווען די סאָציאַלע אַרומיקייט און די כוחות פון דער פערזענלעכקייט זענען פון דער זעלביקער אַלגעמיינער קאָנסטיטוציע, שאַפט זיך אַ גליקלעכע בלוט־טראַנספוזיע, וואָס לעבט אויף און באַנייט. אָט אין דעם טייטש פון וואָרט „פערזענלעכקייט" בין איך דאָ פאַר־אינטערעסירט.

יעדע פערזענלעכקייט לעבט אין אַ פסיכישער ספערע פון סתירות. דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך. שפּיציקייטן אין אַ מענטשן זענען ניט קיין אויסגע־רעכנטע, גראָדע, פּאַראַלעלע ליניעס. זיי ציען זיך, דרייען זיך און פּלאָנטערן

זיך אין פאַרשיידענע ריכטונגען, ממילא זענען זיי אָפט געווענדט איינע אַנטקעגן דער אַנדערער, שטעכן זיך דורך, פאַרבייגן זיך, פירן מלחמה.

טייל מענטשן — אַפילו גאַנץ גרויסע פּערזענלעכקייטן — קומען צו אונדז מיטן אינעווייניקסטן שלאַכט־פעלד אין יעדן אָפענעם בליק פון זייער אויג. אַנדערש איז ש. ניגער. זיין גאַנץ לעבן איז, ווי איך פאַרשטיי אים, אַן אָנשטרענגונג צו געפינען די לעצטע אַלגעמיינע שורה פון זיינע אינעווייניקסטע חשבונות. ווען ער קומט צו אונדז, וויל ער אונדז ווייזן בלויז דעם לעצטן דערגרייכטן סך־הכל, כאָטש ווען מיר קוקן לאַנג גענוג און טיף גענוג באַמערקן מיר דורכן פאַרהאַנג פון זיין גענעראַליזירטער פאָרמולע די הייסע מחלוקת פון די פאַרשיידענע פאַקטאָרן, וואָס קענען סוף־כל־סוף ניט מושווה ווערן צווישן זיך.

ער איז געבוירן געוואָרן אין דער מתנגדישער ליטע. אמת, זיין פאָטער איז געווען אַ הייסער ליובאַוויטשער חסיד. אָבער ליובאַוויטשער חסידות איז געווען גאָר פון אַן אַנדער מין. עס איז געווען „חב״ד״, האָט זיך אָנגע־הויבן מיט „חכמה״ און זיך געענדיקט מיט „דעת״. ניגער פאַרמאָגט די געדאַנקלעכקייט, דעם גלייכן, ראַציאָנעלן וועג, די רואיקייט און די איינגע־האַלטנקייט פונעם מתנגד. ער איז אַנאַליטיש אין זיין דענקען, זוכט שטענדיק אַן אָנשפּאַר אָן רעזאָנירנדיקער זיכערקייט. וואו ער באַטייליקט זיך אין געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען לאָזט ער ניט פליען אין די הימלען מיט פאַנטאַסטישע פּראָיעקטן, האַלט אַ שטרענגן חשבון איבער מיטלען און רעכנט אויס דעם ציל. אין זיין פּובליציסטישער אַרבעט איז ער קיינמאָל ניט איבערגעאיילט. האַלט אַ קאַלטע, מאַטעמאַטישע וואָג אין האַנט, שרעקט ניט און באַגייסטערט ניט מיט רעטאָרישע גוזמאות, מאָנט גערעכטיקייט פאַר יעדן פּונקט און לאָזט זיך ניט פאַרפירן פון ווייטע הבטחות.

אָבער צווישן זיינע בעסטע מאָנאָגראַפיעס מעג מען זיכער רעכענען די וועגן פּרצן. און דאָרט, פּונקט ווי אין אַ סך אַנדערע ערטער, זענען אים גראָד ניט ליב די צו קלוגע, משכילישע טענדענצן. שרייבנדיק וועגן פּרצעס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן״ פאַרשטייט ער, אַז:

„דער קאַלטער מתנגד וועט ניט גלויבן אין די מעשיות, ער וועט מיינען — מען לאָכט עס, וועט ער הנאה האָבן פון נמשל.

„דער פאַרשפּעטיקטער משכיל וועט אין האַרצן שלאָגן זיך: אשמנו, פאַרזען! ער האָט געזען די שאָלעכץ און דאָס אינעווייניקסטע, דאָס קערנדל פאַרזען.

„און די יונגע, מיט פאַרבענקטע, מיט דאַנקבאַרע אויגן, וועלן טראַכטן, שטיל און שעמעוודיק טראַכטן: ווי דערגרייכט מען די מדרגה פון די מענטשן וועגן וועלכע דאָ דערציילט זיך?״ *)

---

*) „וועגן יידישע שרייבער״, I, 186.

ער פאַרשטייט און קען אָפּשאַצן די „מתנגדישע שיינקייט" וואָס האָט אין זיך אַ מער דרויסנדיקע פּרעכטיקייט, אָבער אים לאָקט און פאַרלאָקט דער פאַקט, וואָס „די חסידישע, די לעגענדאַריש־יידישע שיינקייט, איז אַן אינעווייניקסטע, אומגעריכט קומט זי" (דאָרט, 198). און פּונקט ווי אַלע פריער־דערמאָנטע מתנגדישע שטריכן אַזוי אויך די דאָזיקע „חסידישע שיינקייט" איז זיין אייגענע, ניט אַזאַ וואָס ער האָט זי געמאַכט פאַר זיין אייגענע.

זיינע נייגונגען צו פּרצן וואָלט מען אפשר געקענט פאַרענטפערן גיכער מיט פּרצעס אידייאישן אינהאַלט, מיט פּרצעס עשירות אין ריין אינטעלעקטועלע קאָנסטרוקציעס. אָבער דאָס קען שוין ניט געזאָגט ווערן אין שייכות צו אַשן. ניגערס ליבע צו אַשן — אַשן, דעם באַפליגלטן ראָמאַנטיקער — פאַרמאָגט אין זיך אַן עכטע, וואַרעמע אויפריכטיקייט. דאָס איז ניט בלויז באַגייסטערונג פאַר טאַלענט, נאָר אויך אַן אינעווייניקסטע צוגעבונדנקייט צו זיין באַזונדערן גאַנג און טעמפּעראַמענט. בלויז ליבע און באַגייסטערונג, וואָס ליגן אין סאַמע פונדאַמענט פון אַ פּסיכישן צונויפשטעל, קענען דיקטירן אַזעלכע ווערטער ווי:

„אין שטילקייט, ניט אין שטורעם, אַנטפּלעקט זיך צו אַשן זיין רוח־הקודש. שטיל איז זיין פרייד און נאָך שטילער זיין צער, קוים וואָס מען הערט אים. ווי אַ דין פאַרבאָרגן פעדימל שניידט ער דורך דאָס געוועב פון אַשס אידיליע. ווי אַ ווייטער פרומער ניגון, ווי אַ שעמעוודיקער קינדער־בליק ציטערט עס, דאָס שטילע בענקעניש" („יידישע שרייבער", II, 15). און זאָל אויך ניט פאַרגעסן ווערן, אַז גראָד ש. ניגער, דער קאַלטער מתנגד, ווי טייל זענען אים וויליק צו באַטיטלען, גראָד ער האָט אונדז געגעבן, און אַזוי גרינטלעך געגעבן, ר' נחמן בראַצלאַווער, דעם דאָזיקן טיפּישן, גאַנצן פאַרשטייער פון חסידישן דענקען און פילן.

ניגערס מיינונגען און האַנדלונגען קומען אַרויס אין דער עפנטלעכקייט נאָך אַ גרינטלעכן ישוב־הדעת. זיי זענען געבויט אויף הנחות, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט סיסטעמאַטיש גענעראַליזירט, און ניט דערפירט זיי צו מעטאַפיזישע, אָדער בכלל אַלגעמיינע פּרינציפּן. דאָך איז ניט שווער, ווען עס באַווייזן זיך פּראָבלעמען אין יידישן לעבן, זיך פאַרצושטעלן מיט מער אָדער ווייניקער זיכערקייט וואָס זיין שטעלונג וועט זיין. זיינע מיינונגען וועגן יידיש און העברעאיש, ציוניזם, קאָלאָניזאַציע, אַסימילאַציע, דערציאונג, ליטעראַטור, איינצלנע שרייבער און דיכטער, עס איז ניט פאַראַן אין זיי קיין איינגעשפּאַרטע שטייפקייט נאָר אַ באַשטימטקייט און אַ לאַנג־דויעריקייט וואָס טראָגן אויף זיך דעם סימן, אַז זיי זענען טיף אַריינגעוואַקסן און פעסט פאַראַנקערט אין דער פּערזענלעכקייט. ער האָט זיך זיין וועג, זיין גלייכן וועג, כאָטש אַן אייגענע ניגערישע גלייכקייט. שוין יאָרן ווי ער לעבט און שאַפט אין אונדזער סביבה, אין ליטעראַרישן לעבן, אין אַלגעמיין־קולטורעלן, אין

געזעלשאַפטלעכן, אָבער אָן פלוצלונגע איבערגאַנגען, אָן דראַמאַטישע שפּרונגען פון פּאָזיציע צו פּאָזיציע, ניט אין דער ליטעראַטור, ניט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

דער, וואָס מיינט, אַז ניגערס פּסיכישער פּראָפיל האָט זיך גרינטלעך געביטן פון זיינע ס.ס.'ישע פּאַרטיי־צייטן ביז היינט, האָט אַ גרינטלעכן טעות. איך זע אין דעם בלויז דעם נאַטירלעכן אונטערשייד צווישן יוגנט און מיטל־יאָריקייט. די עצם מיינונגען און אויפפאַסונגען זענען ביי אים אין אַלגעמיין געבליבן די זעלביקע, אָדער לכל־הפחות אין די זעלביקע אַלגעמיינע ראַמען. נאָך קענטיקער איז דאָס אין שייכות צו זיין ראָלע אין דער ליטעראַטור. זיין נאָענטקייט צו געוויסע שרייבער און ווייטקייט פון אַנדערע, האָט זיך אויף אַ האָר ניט געביטן. עפּעס אַזוי ווי די הנחות אונטער וועלכע זיין גאַנץ לעבן פונקציאָנירט וואָלטן געווען ניט קיין דענק־הנחות, נאָר אברים פון אַ באַשטימטן פּסיכישן אָרגאַניזם וואָס פירן בלויז אויס די באַפעלן פון די ווירקלעכע און פּאָטענציעלע כוחות פונעם גאַנצן.

וואָלט מען אפשר געקענט דרינגען פון דעם אַז אין זיין אַרבעט דאַרף זיך דאָס יידישע לעבן און די יידישע ליטעראַטור צעשפּאַלטן אויף צוויי העלפטן: אַזעלכע שרייבערישע שיטות און געזעלשאַפטלעכע מאָמענטן וואָס ער קען, לויט זיין טבע, אויפנעמען, און אַזעלכע מיט וועלכע ער קען קיין שייכות ניט האָבן און דאַרף זיי איגנאָרירן אָדער האָבן צו זיי אַ שטענדיקע נעגאַטיווע שטעלונג. ליגט אָבער אין זיין שטענדיקער גלייכמאָסיקייט אויך אַ ווייכקייט און אַ בייגעוודיקייט וואָס באַשטימען זיינע מיינונגען און זיינע האַנדלונגען. בכל אופן צעשפּאַלט זיך ניט זיין אוניווערס גראָד דאָרט וואו מיר וואָלטן זיך געדאַרפט ריכטן לויט די דערמאָנטע אייגנשאַפטן.

ניטאָ ביי אונדז קיין שום ליטעראַרישע שיטה אין וועלכער ער זאָל זיך ניט קענען אַריינלעבן. ער האָלט עס פאַר אַ חסרון וואָס פרישמאַן איז צופיל באַהערשט געוואָרן פון זיין ענגער מאָס, פון זיינע אייגענע „כללים און רעגולאַציעס" און ניט געקענט זען די, וואָס האָבן אָפּגעטראָטן פון זיין וועג. פאַרשטייט זיך, אַז אויך ניגערן זענען אָרגאַניש נענטער געוויסע קינסטלערישע דרכים איידער אַנדערע. דורכגענומענקייט מיט די היסטאָרישע וואָרצלען פון יידישן לעבן, למשל, צי דאָס איז דער פריערדיקער אַש, צי דער שפּעטערדיקער אָפּאַטאָשו, איז אים נענטער, אינטימער, בעת נאָמבערגס ווייטקייט און אויסגעוואָרצלטקייט איז אים שוין פרעמדער. ער קען גיכער און וואַרעמער זיך באַהעפטן מיט קינסטלערישער גלייכוואָג, איידער מיט ווייט־אָפּווייכנדיקע און אַריבערהענגענדיקע אינדיווידועלע קאַפּריזן. אָבער בדרך־כלל איז ניטאָ אַזאַ ליטעראַרישע שול ביי אונדז אין וועלכער ער האָט ניט פּאָזיטיוו אויפגענומען די פאַרשטייער אירע וואָס האָבן, לויט זיין מיינונג, אַרויסגעוויזן שאַפנדיקע כוחות.

אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פאַרפעלט ער ניט אָנצואווייזן, אַז אין דער

סאַמע טבע פון זאַכן ליגט די נייטיקייט פון פשרות, בעת עס האַנדלט זיך וועגן קאָנסטרוקטיווער צוזאַמענאַרבעט צווישן אָרגאַניזירטע גרופּירונגען. קאָנסטרוקטיווער אויפטו אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, פונקט ווי די שאַפנדיקע מאָמענטן אין קונסט, זענען די אַלגעמיינע פאָרמולע זיינע פאַר די סתירות וועלכע שפּילן זיך אָפּ הינטער דער אויבערפלאַך, די סתירות וועלכע זי וויל סינטעטיזירן. און נאָך עפּעס זוכט זיך אויסצוגלייכן אין אָט דער פאָרמולע: די קלאָרע פעסטקייט פון זיין גאַנג און די שטענדיקע ספקות, די דורכדרינגענדיקע אַטמאָספערע פון „אפשר ניטס", פאַר וועלכע עס זענען תמיד אָפן זיין אויג, אויער און געדאַנק. אַזוי ווערן אי זיכערקייט, אי אומזיכערקייט באַהאַפטן אין אַ פּאָזיטיווער גאַנצקייט, ד"ה דאָרט וואו עס געלינגט זיי צו באַהעפטן, לכל־הפּחות פאַרן דרויסנדיקן אויג.

ניגער איז אַ צוריקגעצויגענער, אַריינגעצויגענער און צונויפגעצויגענער מענטש, און דאָך איז זיין אַרבעט, אין וועלכער עס פילט זיך דער געטרייסטער אמת פון זיין באַרוף, אַן עקסטראַספּעקטיווע. די אַטמאָספערע פון זעאונגען, וואָלט מען געקענט מיינען, דאַרף אים זיין נענטער ווי אַ נעץ פון פאַקטן, און אומבאַשטימטע, צעשוואומענע חלומות וואָלטן אים געדאַרפט זיין אינטימער ווי באַשטימטע ליטעראַרישע מוסטערן. אָבער, ער איז טאַקע אַן אָפּגעזונדערטער, אַרומגערינגלט פאַר טייל מיט אַ דיקער וואַנט, פאַר אַנדערע מיט אַ דורכזיכטיקן וואָאַל, ער היט אָפּ אַרום זיך אַ מין ראַם פון אייגנקייט, און אין דער זעלביקער צייט איז פאַראַן אַ מער אָדער ווייניקער קהלשער כאַראַקטער אין אַלץ וואָס ער טוט.

וועגן דעם קריטיקער זאָגט ער: „דער קריטיקער איז אַ קהלשער מענטש קעגן זיין ווילן. ער וואָלט וועלן טאָן זיין אַרבעט אין דער שטיל, ווי אַלע שרייבער. אָבער ער ווערט אַריינגעשלעפּט אין קהלשע געשעפטן — על אפּו ועל חמתו" („שריפטן", II, 407). דער „אַריינגעשלעפּט", האָב איך מורא, איז ניט קיין ריכטיקער אויסדרוק. וואָרעם קריטיק, וואָס האָט דאָך סוף־כל־סוף צו טאָן מיט לעבעדיקע מענטשן, איז שוין אין זיך אַליין אַ געוויסע קהלשקייט, אַזוי אַז די „קהלשע געשעפטן" זענען אין דעם פאַל ניט קיין דרויסנדיקע זאַך, וואָס מען קען אָפּטיילן פון די „קריטישע געשעפטן" און באַטראַכטן זיי ווי אַ באַזונדער ענין אין וועלכן מען ווערט אַריינגעשלעפּט. אָבער פאַר ניגערן איז די ציטאַטע אַ כאַראַקטעריסטישע. ער לעבט אין דער סתירה, און אָט איז אַן אויסדרוק פון אַ מאָמענט, וואָס ער קען מיט איר ניט שלום מאַכן, ווען די פאָרמולע גילט ניט מער.

ניט בלויז אין קריטיק, פאַראַן אַ סך אַנדערע, אָפענערע קהלשע געשעפטן אין וועלכע מען באַגעגנט ניגערס פרייוויליקע מיטאַרבעט. אויך דאָרט זוכט ער אין זיך אַ פאָרמולע וואָס זאָל שאַפן דאָס אַלגעמיינע אין דער פּסיכישער אַטמאָספערע פון סתירות, און אויך דאָרט פילט ער זיך ווי „אַריינגעשלעפּט" ווען דאָס געלינגט אים ניט.

זעלטן ווען נעמט ער אָן צו זיין פּאַרזיצער ביי אַ פאַרזאַמלונג, אַפילו אַ וואָרט נעמט ער ניט אָפּט. ער קען אָפּזיצן אַ גאַנצן אָוונט אויף אַ פאַר־זאַמלונג, זיך צוהערן צו אַלץ זייער אויפמערקזאַם, און אַוועקגיין פונקט אַזאַ שווייגנדיקער ווי ער איז געקומען. עס איז, ווייזט אויס, זיין וואונטש צו זיין אינעווייניק, און דאָך ניט זיין קיין פולבאַטייליקטער, און אויף זיך ניט אַרויפציען די פּסיכאָלאָגיע פון באַטייליקטקייט, פון מיטשפּילן, און דעריבער פאַרשטעלן פאַר זיך די געלעגנהייט צו זען די שפּיל.

דאָס מאַכט פון דרויסן אַן איינדרוק פון אַן אַריסטאָקראַט, אַ מפונק, ניט אַז ער וויל זיך ניט מישן, נאָר אַז ער וויל זיך ניט פּאַרמישן מיט עפּעס אַנדערש און מיט אַנדערע. די, וואָס זעען דאָס אַזוי, דאַרפן זיך חידושן, ווייל ניגער איז אין זיינע אידייען דורך און דורך פאָלקסטימלעך. זיין באַ־ליבט וואָרט און זיין באַליבטער לייענער־קרייז איז „פאָלקס־מאַסע״. אויב מען קען רעדן וועגן אַזאַ זאַך ווי אַ דעמאָקראַטישער סטיל, איז דאָס זיין סטיל, און ער האָט אים אין זיך אויסגעאַרבעט מיט פולער באַוואוסטזיניקייט. ער ווייסט, אַז אַזאַ סטיל איז אָפּט אַ שטער, ער איז ענג, לאָזט זיך ניט אויסברייטערן די גרענעצן, אָבער ער ציט זיין יניקה דורכויס פון אינעווייניק און וויל זיך דורכויס פאַרמישן, דורכנעמען מיט די אינטימסטע מאָמענטן פונעם אינעווייניק. אָבער פונקט אַזוי איז אים דערווידער צו זיין „אַריינ־געשלעפּט״ דעמאָלט ווען דאָס וויל אויסזויגן די אייגענע לופט מיט וועלכער ער מוז אָטעמען.

דאָס פאַרבינדט זיך דירעקט מיט דער סתירה, וואָס צווישן זיין רעדן, איך מיין זיין פּריוואַטן רעדן, און זיין שרייבן. דניאל טשאַרני דערמאָנט אין זיין „משפחה־כראָניק״ אַז ניגער איז פון תמיד אָן געווען דער שטילסטער אין דער משפחה. דאָס איז ער אויך היינט. ער איז אויך היינט, און ניט בלויז אויף פאַרזאַמלונגען, ווי שוין דערמאָנט, מער הערער ווי רעדער. פון דער אַנדער זייט איז ער זייער אַ פּרוכטבאַרער שרייבער, מיט שטענדיקער באַ־דערפעניש זיך אויסצודריקן דורכן וואָרט, און זיין סטיל איז דער סאַמע באַרעדעוודיקסטער וואָס צווישן יידישע שרייבער. ער שפּאָרט ניט קיין וואָרט וואו עס איז פאַראַן אַפילו די קלענסטע מעגלעכקייט עפּעס קלאָרער צו מאַכן. זיינע זאַצן זענען קלאָר, פול און תמיד פאַרענדיקט. ער האָט ניט ליב קיין רמזים און איז ניט געניגט צו אָרנאַמענטיק.

אַזוי אין שרייבן, אַזוי אויף דער טריבונע. ניגער איז אַ גוטער און פּליסיקער רעדנער. ער רעדט טעמפּעראַמענטפול און שטענדיק מיט אינהאַלט. ער האָט ביי אַלע געלעגנהייטן וואָס צו זאָגן, און קענטיק וויל ער עס זאָגן. ער, דער שווייגער, דער פּערזענלעך שטילסטער אין דער שרייבער־משפחה, ווי אַמאָל אין דער אייגענער משפחה, ער, וואָס פּריוואַט קומט ער אָפּ מיט אַ בליק און אַ שמייכל, איז אַ רעדנער מיט אַ פול מויל און מיט אַ געמיט וואָס וויל זיך איבערגעבן דורך וואָרט און באַוועגונג.

רעדן פּריוואַט און רעדן פון דער טריבונע זענען נאַטירלעך באַזונדערע און אייגנאַרטיקע שייכות־סיסטעמען. מעכאַניזמען, וואָס פונקציאָנירן אין איין פאַל, קענען זיין האַלב אָדער גאַנץ פּאַראַליזירט אין צווייטן פאַל. אָבער פּאָרט — אַ סתירה, וואָס בלויז אַ פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז פון דעם וואָס יעדער פון די צוויי שייכות־סיסטעמען איז מחייב, קען באַלייכטן.

ער איז תמיד ערנסט, מיט אַ מאָדנער זעלבסט־פאַרמאַכטקייט אין דער ערנסטקייט. ער פאַרמאָגט ניט דעם מאַגנעטיזם פון געמיטלעכקייט, און איך האָב דאָס געפיל, אַז אָפט וואָלט ער געוואָלט דערוואַרעמען און צוציען, נאָר זעלטן גיט זיך עס אים איין. און כאָטש איך האָב מיט אים אַזוי אָפט פאַר־בראַכט, קען איך בלויז פאַרצייכענען גאַנץ אָפטע שמייכלען אויף זיין פּנים ווי אַן אויסדרוק פון פריילעכקייט. אַ שמייכל און ניט מער. אַז ניגער זאָל זיך פאַרקייכן אין הילכיקן געלעכטער, דאָס איז שווער זיך פאָרצושטעלן. אָבער דער געניאַלער מחבר פון „לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן" האָט געפונען זיין גרינטלעכסטן קאָמענטאַטאָר אין אָט דעם מענטשן וואָס לאַכט אַזוי זעלטן. פאַר שלום־עליכמען איז ניגער דער קאָמענטאַטאָר, פאַר ניגערן איז אָבער שלום־עליכם אַ מעדיום וואו ער לעבט זיך אויס פול און ליכטיק, מיט אַ טיפער באַדערפעניש פאַר דער הײַלנדיקער און דערפרישנ־דיקער ווירקונג פון הומאָר.

איך האָב געהערט שרייבער זיך באַקלאָגן אַז ניגער איז אַ נוקם ונוטר, אַז ער געדענקט און פאַרגעסט ניט ווען עמעצער האָט געזינדיקט אַנטקעגן אים. ניטאָ קיין כאַראַקטער־שטריך וואָס זאָל זיין ווייטער פון אים ווי אָט־אָ דער, כאָטש מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן פון די פריער־דערמאָנטע שטריכן ווי אַזוי אַזאַ איינדרוק שאַפט זיך. אַלע פאַלן, וואָס יענע שרייבער האָבן געבראַכט צו באַשטעטיקן זייערע מיינונגען, האָב איך איינגעזען, זענען דורכויס פאַלש פאַרשטאַנען. ווען דאָס וואָלט געווען אמת, וואָלט ניגערס פּען געדאַרפט שפּריצן מיט דער טיפּסטער שנאה ווען ער שרייבט וועגן אַלע, וואָס זענען דירעקט אָדער אומדירעקט פאַרבונדן מיט די קאָמוניסטן. דער אוממענטש־לעכער אופן אויף וועלכן זיי האָבן אים באַהאַנדלט לאָזט זיך גיכער געדענקען. דאָס האָט אָבער ניט פאַרמינערט און ניט אָפּגעשוואַכט אויף איין האָר זיינע אָפּשאַצונגען פון אַלע טאַלענטפולע שרייבער פון יענעם לאַגער. זיינע פּאָזי־טיווע אָפּשאַצונגען פון שרייבער, וואָס האָבן אים ממש ברוטאַל אַטאַקירט, האָבן אין מיינע אויגן אָפט אויסגעדריקט פונקט אַ פאַרקערטע טענדענץ: אַ פאַרלאַנג איבערצושאַצן אָדער אַרויפצוצווינגען אויף זיך אַן אָביעקטיווע באַציאונג, ווי אַ מיטל בייצוקומען אין זיך אַליין דעם חשד פון אַ מעגלעכער אומגערעכטיקייט צוליב פּערזענלעכער ביטערקייט.

אַנומלטן, אויף דער פייערונג פון זיין פופציקסטן געבוירנטאָג, וואָס די היגע אָפּטיילונג פון ייוו"אָ האָט פאַר אים אַראַנזשירט, האָט ניגער אין משך פון זיין רעדן געזאָגט: „איך ווייס, אַז איך האָב ניט קיין שונאים". ער ווייסט

אויסגעצייכנט, אַז אַפילו איצט, נאָך דעם ווי די ביטערע אַטאַקעס אויף אים האָבן שוין אויפגעהערט, איז ער נאָך אַלץ ניט אַרומגערינגלט מיט אַן אַטמאָ־ספערע פון לויטער פריינדשאַפט. ער ווייסט דאָס, ווייל ער איז איינער פון די ניכטערסטע צווישן אונדז און באַמיט זיך מיט שטענדיק־וואַכיקן באַוואוסט־זיין צו זען אי זיך, אי אַנדערע. ער ווייסט, און דאָך איז זיין פריערדיקע השערה ניט געווען קיין געמאַכטע נאַאיוויטעט, און אויך ניט קיין פראַזע, ווייל אַזוי האָט געפאָדערט דער יום־טובדיקער מאָמענט. גיכער איז דאָס געווען אַן אייגענע אויסטייטשונג פון די מאָטיוון פון יענע, וואָס מיינען אַז זיי זענען שונאים, אַן איבער־ניכטערע אויסטייטשונג, וואָס וויל דערזען דעם מענטשן הינטער דעם בייזן אָנשטעל.

און ניט בלויז דאָס. וואָרעם צוזאַמען מיט דער דורכדרינגלעכער באַ־וואוסטזיניקייט לעבט אין ניגערן אַ פרומע און נאַאיווע גלייביקייט, וואָס דער־וואַרעמט די ווייכערע מאָמענטן אין זיינע באַציאונגען צו מענטשן און זאַכן. אויך פאַר די דאָזיקע סתירה׳דיקע אייגנשאַפטן האָט ער פאַר זיך געשאַפן אַ מין „פאָרמולע״ וואָס הינטער איר קענען זיי לעבן אין מער אָדער ווייניקער פרידלעכקייט. דאָס איז אַ געוויסע מאָס דרויסנדיקייט, זייטיקייט, דיסטאַנץ, וואָס ער היט אָפּ אין אַלע זיינע פאַרבינדונגען. פאַראַן מענטשן, אידייען, אָרגאַניזאַציעס מיט וועלכע ער געפינט זיך אין פולער הסכמה, און דאָך דער־לויבט ער זיך קיינמאָל ניט קיין צו אינטימע, זיך־פאַרלירנדיקע אידענטי־פיקאַציע. ער באַמיט זיך כסדר אויפצוהאַלטן אַ סוביעקט־אָביעקט שייכות, וואָס גיט ברייטערע און פרייערע מעגלעכקייטן פאַר די פאַרשיידנאַרטיקסטע באַציאונגען. ממילא שאַפט זיך אַ פסיכישער צושטאַנד, וואָס דערלויבט אי אַ קריטיש־באַוואוסטזיניקע אויפפאַסונג, אי אַ ספּאָנטאַנע גלויביקייט אין דער זעלביקער צייט.

אין עפּנטלעכן לעבן ווערן די אַלע סתירות, שפּיציקייטן און פאָרמולעס, הינטער וועלכע זיי ווערן אָרגאַניש באַהאַפטן אין ניגערן, אַן אייגנאַרטיקער כוח, וואָס שפּילט אַ כאַראַקטעריסטישע, שאַפנדיקע ראָלע. דאָס, וואָס ביי אים לעבן יידישע ליטעראַטור און יידישעווירקלעכקייט ממש ווי צוויי זייטן פון איין איינציקער מטבע, דערהייבט זיין פערזענלעכע חשיבות און זיין געזעלשאַפטלעכן איינפלוס צו דער מדרגה פון אַ פאַרקערפּערטן סך־הכל פון אַלע פּאָזיטיווע ווערטן אונדזערע. זיין דרויסנדיקייט מאַכט דעם איינדרוק פון אַן איבער־אינווייניקייט, וואָס אין אַ געוויסער מאָס איז זי דאָס, ווען ער איז אָרגאַניש געבונדן צו די אַנדערע סתירות און אייגנשאַפטן פון זיין פערזענ־לעכקייט. עס איז אַן אינווייניקייט אינעם זינען פון באַוואוסטזיניק לעבן און זיך אויסלעבן, באַגייסטערן און באַגייסטערט ווערן אין דעם זעלביקן היס־טאָרישן מזל. עס איז אַן „איבער־אינווייניקייט״ אויף וויפיל דאָס וואָרט און דער געדאַנק גייען ביי אים דורך דעם לייטערונגס־פּראָצעס פון אינערלעכע קאָנפליקטן.

וואָרעם כאָטש ניגער איז דורך און דורך פאָלקסטימלעך, ניט נאָר אין זינען פון געוויסע פערזענלעכע אייגנשאַפטן, נאָר אויך פון טיפער איינגעוואָרצלטקייט אין פאָלקסטום, פאַרמאָגט ער אויך אין זיך אַ ליידנשאַפט פאַר ערלעכער אָביעקטיוויטעט, אַ תאווה צו זוכן און דעם מוט פריי און טריי איבערצוגעבן דאָס געפונענע. דאָס איז אַ דרך אין לעבן, וואָס איז אפשר ניט מסוגל צו שאַפן תלמידים און אָנהענגער, ער דערוועקט אָבער פאַראינטערעסירטקייט און צוטרוי, און אין מאָמענטן פון זעלבסט־פאַרטיפונג וועט אַפילו דער, וואָס איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ תלמיד פון אַ גראַד־ליניקן רבין, עפענען זיין אויער כדי אויפצונעמען די קלאַנגען וואָס קומען פון אַזאַ וועלט.

אַזוי האָט זיך ניגער געשאַפן אַן אייגענע פּאָזיציע אין אונדזער לעבן, אַ פּאָזיציע וואָס דער משונה'דיק געדרייטער גאַנג פון די יאָרן האָט ניט געקענט צעשטערן.

(1933)

# שלמה מענדעלסאָן

ווען איך בין געקומען צו זיך נאָך דער אויפטרייסלענדיקער בשורה אַז שלמה מענדעלסאָן איז טויט, האָב איך דערפילט אַ באַדערפעניש זיך אויס־צוטאָן די שיך און זיך זעצן שבעה, שבעה נאָך אַ מענטשן און שבעה נאָך אַן עפּאָכע, וואָס ער איז געווען צווישן די לעצטע זי צו לעבן מיט אַלע זיינע חושים.

ער איז געווען אַ טיף־איבערגעצייגטער סאָציאַליסט, נאָך דעם ווי ער האָט זיך געזעגנט מיט זיין יוגנטלעכן יידישן פּאָלקיזם. סאָציאַליזם איז אָבער ניט אַלעמאָל גרייט אויפצונעמען מיט אַן אמת־וואַרעמען קבלת פּנים דאָס יידישע פון אַ פערזענלעכקייט. מענדעלסאָן האָט זיך באַוואָרנט דערמיט וואָס אַריינקומענדיק אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט ער מיטגע־בראַכט מיט זיך ספּעציעל יידישע פאַרזיכערונג־פּאַפּירן, על כל צרה שלא תבוא.

עס ווערט אָנגעוויזן, אַז בלויז אין סאָציאַליזם ליגט די האָפענונג אַז עס וועלן ענדלעך אָפּגעשאַפט ווערן אַלע צרות פון וועלכע יידן ליידן. מילא, אַזאַ גלויבן לאָזט זיך פאַרשטיין ווען מען האָט אין זינען יידישע רעכטלאָזיקייט, אַנטיסעמיטיזם אאַ״וו. עס איז אָבער צו באַוואונדערן די איינגעשפּאַרטקייט פון יידישע סאָציאַליסטן ניט צו וועלן קוקן אויף די מעגלעכע סכנות וואָס סאָציאַליזם טראָגט אין זיך פאַרן קיום פון יידישן פאָלק, ווי אַ פאָלק. ניטאָ קיין לאַנד אין דער וועלט, וואו נאָר עס זענען פאַראַן יידן, וואָס די דאָרטיקע סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט ניט אַוועקגעריסן יידן פון זייער סביבה, און פון זייער איינגעזאַפּטער יידישער אָריענטאַציע. זיי האָבן געביטן זייערע נעמען אַז מען זאָל זיי ח״ו ניט דערקענען, אַקוראַט ווי עס טוען אַסימילאַטאָרן פון אַלע מינים. עס איז זייער לייכט אָנצונעמען אַז צווישן סאָציאַליסטן זאָלן יידן קענען ווערן פּרעזידענטן און מיניסטאָרן, אָבער עס איז גאָרניט אַזוי לייכט צו גלויבן אַז די דאָזיקע פּרעזידענטן און מיניסטאָרן זאָלן נאָך אַלץ בלייבן יידן, סיידן מען נעמט אָן ספּעציעלע באַוואָרענישן.

סאָציאַליזם ווערט מיט לאָגישער נויטווענדיקייט געטריבן צו אונטער־שאַצן דעם ווערט און די וויכטיקייט פון יעדער סאָציאַלער ענטיטעט וואָס איר צונויפהאַלט קען ניט אויסגעשעפּט ווערן מיט עפּעס אַ פּשוטער, שכלדיקער דערקלערונג. אמת, סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וואַרפן זיך אָפּט ניט אונטער דער דאָזיקער לאָגישער נויטווענדיקייט. אָבער דאָס איז דערפאַר ווייל פּאַרטייען זענען ניט קיין פילאָסאָפישע קלובן נאָר פּראַקטישע מעכאַניזמען וואָס זענען מחויב זיך צו לאָזן פירן פון פּראַקטישע, ניט פון לאָגישע נויטן. אָבער די פילאָסאָפיע, די טעאָריע, די שפּראַכלעכע פאָרמולעס וואָס העלפן שאַפן דעם גייסט, און די ריכטנדיקע מענטאַליטעט, דאָס אַלץ לאָזט ניט

דעם אָרטאָדאָקסישן סאָציאַליזם אָפּשאַצן ווי געהעריק די שייכותן וואָס סאָציאַל לעבן שאַפט.

יידן זענען די טיפּישסטע סאָציאַלע ענטיטעט וואָס איר קיום קען בשום אופן ניט פאַרשטאַנען ווערן אין טערמינען פון „אינטערעסן״, אָדער פון אַ „מיסיע״, בכלל, אין ליכט פון וועלכער ניט איז ריין־ראַציאָנאַלער דערקלערונג. נאָך מער, יידישער קיום טראָגט זיך דאָך ניט פון זיך אַליין, ווי ביי אַנדערע נאָרמאַלע פעלקער. די עקזיסטענץ פון יענע פעלקער זעט זיך כמעט ניט אָן. עס איז פונקט ווי דער פאַלנדיקער עפּל איידער ניוטאָן איז געקומען. ווען מען וואָלט דעמאָלט איינגעפאַלן צו פרעגן קשיות פאַרוואָס אַן עפּל פאַלט? פאַרן דורכשניטלעכן פּראַקטישן מענטשן זעט עס שוין באַלד אויס ווי בטלנות ווען מען איז זיך מפלפל וועגן דעם „שטאָף״ וואָס האַלט צונויף שפּאַניער, אָדער פראַנצויזן. ביי יידן איז עפּעס אַנדערש. יידן זענען דאָך תמיד אַרומגערינגלט מיט סכנות וואָס מען דאַרף בייקומען. שיקט זיך שוין צו פרעגן צוליב וואָס עס לוינט זיך די גאַנצע טרחא.

מהאי טעמא, ווען אַ יידישער סאָציאַליסט אין פּוילן האָט זיך אָפּגעריסן פון יידן און זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן דעם פּוילישן סאָציאַליזם האָט עס ביי אים געהייסן אַז ער האָט זיך באַפרייט פון ענגהאַרציקן נאַציאָנאַליזם און געוואָרן „אַ מענטש בכלל״. איך שטעל מיר פאָר אַז סאָציאַליזם וואָלט געקענט איינרעדן אַ יידן אין אַזאַ מלוכהלעע ווי סאַן מאַרינאָ אַז אויב ער וועט, ווי אַ סאָציאַליסט, זיך פאַרבינדן מיט די צוועלף מיליאָן יידן וועט ער דעמאָלט זיין אַ באַגרענעצטער נאַציאָנאַליסט, וואָס דאָס איז ניט אין גאַנצן כשר. אויב אָבער ער וועט אויף זיך נעמען דעם גורל פון די עטלעכע טויזנט לייט פון סאַן מאַרינאָ, דעמאָלט איז ער אַן אינטערנאַציאָנאַליסטישער „מענטש בכלל״.

דאָס איז די נאַטירלעכע סכנה וואָס סאָציאַליזם האָט אין זיך שטענדיק געטראָגן פאַרן יידישן קיום. וויפיל יידן דער סאָציאַליזם האָט אָפּגעריסן פון אונדזער פאָלק און זיי אויף שטענדיק פאַרטריבן פון אונדזער יידישער וועלט, ווייס איך ניט. אָבער אַז זייער צאָל איז גאַנץ גרויס, דאָס, דאַכט זיך, וועט קיינער ניט אָפּלייקענען. עס זעט מיר דעריבער אויס גוואַלדיק פאַרדעכטיק וואָס יידישע סאָציאַליסטן האָבן קיינמאָל ניט אָנגעוויזן אויף דער דאָזיקער סכנה. סיי־ווי האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז געזונטער יידישער סאָציאַליזם איז געוואָרן ווי אַן איטאַליענישע כלה־מיידל פאַר דער חתונה. איטאַליענישע עלטערן לאָזן קיינמאָל אַזאַ מיידל ניט אַרויס אַליין. זי מוז תמיד גיין מיט אַ שומר. מען מוז צוגעבן, אַז אין אונדזער פאַל דאַרף דער שומר זיך אויסצייכענען מיט אַ סך גייסטיקער גבורה, ער זאָל באמת קענען אָפּהיטן דעם סאָציאַליסטישן יידן אין זיך פון ווערן פאַרצוקט.

אין ציוניסטישן סאָציאַליזם איז דער ציוניזם, קודם כל, אַן אייביקוואַכיקער, מיטגייענדיקער שומר. אמת, דער ציוניזם איז בטבע אַזאַ מין

שומר וואָס קען, לויט זיין פונקציע, קיינמאָל ניט אָפּלאָזן פון אויג זיין סאָציאַליסטישן יידן. אָבער די יידישע סכנה איז אַזוי גרויס אַז סתם ציוניזם קען אויך אַמאָל ניט זיין גענוג שוץ. וואָרעם ביי טייל סאָציאַליסטישע גרו־פּירונגען אין ארץ ישראל הער איך אָפּט אַזעלכע רייד און אַזעלכע טענער, אַז זייער יידישקייט קען נאָר זיין זיכער אַזוי לאַנג ווי זיי לעבן אין ישוב און אָטעמען מיט זיין גייסט. אָבער אין אַ מינדסטן פּיצל גלות וואָלט איך זיי מורא געהאַט צו געטרויען. ווי אַנדערש עס זענען געווען זייערע אָבות וואָס האָבן זיי מגדל געווען לתורה, לחופה ולמעשים טובים. יאָ, יענע יידן האָט מען געקענט געטרויען אומעטום, ניט בלויז אין ארץ ישראל. עס איז תמיד גוט צו געדענקען אַז סיי מלכות ישראל, סיי מלכות יהודה זענען פאַר־טריבן געוואָרן אין גלות. פון די ערשטע איז בלויז געבליבן אַ לעגענדע, די פאַרלוירענע צען שבטים אויף יענער זייט סמבטיון. די לעצטע האָבן דער־לעבט צו שיבת ציון, און דערלעבט צו קינדער און קינדס־קינדער וואָס האָבן געהיט און געשיצט אַלע גרויסע יידישע חלומות ביזן היינטיקן טאָג.

שווער פאַר יידן צו לעבן אָן אַן אייגענעם שר אין הימל און אַ שומר אויף דער ערד. נאָך בולטער שווימט דאָס אַרויס ווען יידן פאַרבינדן זיך מיט אַן אוניווערסאַליסטישן אידעאַל. יידן האָבן שוין אַמאָל געהאַט אַזאַ דער־פאַרונג, און אַ גאַנץ טרויעריקע. איך האָב דאָ אין זינען דעם אויפקום פון קריסטנטוםביים סוף פון בית שני. אָבער דעמאָלט האָט אַפילו דאָס רוב אידן־קריסטן זיך גענומען קעגנשטעלן דער נייער אידעאָלאָגיע אַזוי שנעל ווי זי האָט גענומען אָפּלייקענען עיקרים אין יידישקייט און זיך אָפּרייסן פון אָנגענומענעם יידישן שטייגער. אָבער דער עיקר אין סאָציאַליזם איז ניט פון אַזאַ מין וואָס זאָל באַקעמפן דאָס וואָס יידן איז טייער, פאַרקערט, ער אַפּעלירט אויפן קרעפטיקסטן אופן צום עטישן הינטערגרונט פון אונדזער טראַדיציאָ־נעלער קולטור. ממילא איז די סכנה נאָך גרעסער ווען עס ווערן באַוואוסט־זיניק ניט אַוועקגעשטעלט קיין ספּעציעלע באַוואָרענישן.

איך בין שטאַרק מסופּק צי מען וואָלט געקענט צורעכענען דעם „בונד" צו די יידישע שומרים אויף וועלכע מען וואָלט זיך פול און אָן זאָרג געקענט אָנשפּאַרן. דער אָפּענער פאַקט אַז דער „בונד" האָט תמיד פאַרמאָגט געווגוג אָנגעזעענע פירנדיקע פערזענלעכקייטן וואָס זענען געווען נייטראַל צום יידישן קיום באַווייזט אַז בונדיזם האָט אויך דאָס געקענט פאַרטראָגן. ממילא איז שוין די שמירה ניט אַזאַ זיכערע. אַ סך זיכערער איז געווען דער שומר וואָס איינצלנע בונדיסטן, אי פון דער מאַסע, אי פון דער אינטעליגענץ, האָבן מיט זיך געבראַכט אין „בונד" אַריין, געבראַכט מיט זיך, און זיך ניט אָפּגעשיידט פון דער דאָזיקער יידישער שמירה צו להכעיס אַלע נסיונות וואָס דאָס סאָציאַליסטישע געמיט שטעלט אַוועק.

שלמה מענדעלסאָן האָט מיט זיך געבראַכט אַן אייזערנע פאַרזיכערונג פון זיין היים, פון זיינע חדרים, פון די פּריוואַטע מלמדים, פון גערער שטיבל,

פון דער יידיש־אַנגעטרונקענער וואַרשע, פון דעם וואָס ער איז שפּעטער געווען יאָרנלאַנג אַ לערער פון יידישער ליטעראַטור אין העכערע יידישע לערן־אַנשטאַלטן, און אויף אַזאַ אופן זיך אומעטום אַריינגעוועבט אינעם גאַנג פון יידישן שאַפן. פאַראַן אפּיקורסים וואָס האָבן זיך יאָרנלאַנג געוויקעט אין ישיבות, אָבער ווען זיי זענען אַרויס „לתרבות רעה" האָבן זיי אין זיך אַנטוויקלט ממש אַן עקל־געפיל צו דער עלטערער יידישקייט און אירע פאַרטרעטער. פאַראַן אָבער אויך אַנדערע וואָס, כאָטש שטאַרק דערווייטערט פון אַמאָליקע יידישע לעבנס־פאָרמען, איז ביי זיי פאַרבליבן אַ רעספּעקטפולע צוגעבונדנקייט, אַ וואַרעמער אָפּשיי, אַ טיפע יידישע דאַנקבאַרקייט פאַר די גרויסע פּאָזיטיווע ווערטן וואָס יענע דורות האָבן אונדז געלאָזן. מסתמא הענגט דאָס אָפּ פון אַלגעמיינע פּערזענלעכקייט־פאַקטאָרן וואָס האָבן דירעקט מיט יידישקייט קיין שום שייכות ניט. שלמה מענדעלסאָן האָט געהערט צו די לעצטע.

ער האָט געשטאַמט פון אַ וועלט און פון דורות, וואָס ביי זיי האָט זיך מיליטאַנטישער אַנטי־ציוניזם אויסגעצייכנט געקענט גראַמען מיט טיף־פאַרוואָרצלטער יידישקייט. יענע דורות האָבן זיך אויסגעבויט אַ גאולה און אַן ארץ־ישראל של מעלה, האָבן זיי ממילא געהאַט אויף וואָס זיך סומך צו זיין. ער איז געווען אַ זון, אַן אייניקל, פון יענע דורות, און אין שייכות צו יידן איז ער עמאָציאָנעל געווען אַ זייעריקער. זיין הויפּט־טענה קעגן ציוניזם האָט — ווי ווייט איך קען געדענקען פון מיינע אָפטע שמועסן מיט אים — קיינמאָל ניט אָפּגעפירט מיט די אָפּקילנדיקע רייד וועגן נאַציאָנאַליזם־שאָוויניזם. פאַר אים איז ציוניזם ניט געווען „צופיל" — צופיל נאַציאָנאַליזם — נאָר צו ווייניק, צו ווייניק זיכערקייט פאַר יידישן קיום אומעטום.

בכלל, דער יידישער אָפּשיין פון זיין געמיט האָט זיך צום שאַרפסטן אַרויסגעשניטן אין פּריוואַטע שמועסן. אַ מענטש וואָס פילט תמיד אַז ער פאַרטרעט אַן אָרגאַניזירטע גרופּע מוז ביי יעדן עפנטלעכן אַרויסטריט געדענקען אַז דאָס איז אַ פּאָליטישער אַקט. דאַרף מען פאָרמולירן געדאַנקען אַזוי אַז זיי זאָלן ווייניקער רייצן אינערלעכע צדדים, דאַרף מען באַנוצן די אָנגענומענע אויסדרוקן און אַ ספּעציעלן סטיל, דורך וועלכע אַ פּאַרטיי פילט זיך „ביי זיך אין דער היים". אָבער פּריוואַט, ווען דער דאָזיקער סאָציאַלער עול פאַלט אַוועק, קענען זיך שוין באַווייזן באַזונדערע חן־גריבעלעך פון אַ מענטשן מיט אַן אייגן פּנים. אַזעלכע חן־גריבעלעך האָט מענדעלסאָן פאַרמאָגט לרוב. ווען זיין חכמה האָט געהאַט אַ געלעגנהייט זיך פריי צו צעשפּילן, האָבן זיין שכל הישר און זיין טראַדיציאָנעלע יידישע פּקחות געבלענדט און געצויגן. אין יידישע פּראָבלעמען זענען אונדזערע אָפּשאַצונגען זיך זייער אָפט צעגאַנגען, און זייער ווייט. אָבער ער האָט מיר תמיד געגעבן צו פילן אַז אונדזערע מיינונגען זענען בלויז דינע צווייגלעך אויף אַן אַלטן

דיקן שטאַם, פון וועלכן מיר וואַקסןביידע אַרויס און זענען תמיד איינס מיט אים.

ער איז געווען אַ פירער פון „בונד״, אַ טיף־איבערגעצייגטער סאָציאַליסט, און סאָציאַליזם טראָגט אויף זיך די גאַנצע ראַציאָנאַליסטישע לאַסט פון ניינצנטן יאָרהונדערט. אין יענער צייט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מענטשלעכע האַנדלונגען לאָזן זיך צום קלאָרסטן דערזען ווען מען וואַרפט אויף זיי דעם שיין פון ראַציאָנאַלע מאָטיוון. ווען מען באַרעכנט וואָס עס איז אויסגעפונען געוואָרן וועגן מענטשן זינט יענער צייט, דאַכט זיך מיר אָפט אַז ראַציאָנאַליזם איז אַ פילאָסאָפיע וואָס וויל אַלצדינג דערקלערן על פּי שכל — דורך פּאַר־לירן דעם קאָפּ. מענדעלסאָן האָט געהאַט צופיל יידישן קאָפּ אויף זיך — איז אים שווערער אָנגעקומען אים צו פאַרלירן.

שלמה מענדעלסאָן האָט געהערט צו יענער גרופּע בונדישע פירער וואָס זייער יידישער „יצר הרע״ איז צו גרויס און צו לעבעדיק מען זאָל אים לייכט קענען אָפּנאַרן. זיי האָבן אויף זיך געטראָגן דעם עול פון דער גאַנצער יידישער קולטור־אַרבעט, וואָס איז זיך אין „בונד״ אַזוי רייך צעוואַקסן. זיי האָבן געהיט און אינטענסיפיצירט דעם יידישן טאָן אין יעדער בונדישער טעטיקייט. מענדעלסאָן, מיט זיין קלאָרן קאָפּ, אָראַטאָרישן טאַ־לענט און טיפן אידעאַליזם האָט צוגעגעבן שאַרפקייט און אויסגעקריצטן כאַראַקטער אין דער דאָזיקער טעטיקייט. זיין אַוועקגיין איז אַן אָנווער פאַר אונדז אַלעמען.

(1948)

# חיים שויס, דער מענטש און זיין ווערק

**צו דער געלעגנהייט פון זיינע היסטאָרישע עסייען
וואָס זענען נאָר וואָס אַרויס אין בוך־פאָרם.**

ווען חיים שויס איז געשטאָרבן אין 1954 איז מען געווען זיכער אַז עס איז געבליבן פון אים אַ ירושה פון ניט־פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן. האָבן זיינע תלמידים, לייענער און פריינד געהאָפט, אַז די דאָזיקע כתבים וועלן בקרוב דערזען די ליכטיקע שיין. איצט איז די דאָזיקע האָפענונג מקוים געוואָרן, אמת, ניט אין גאַנצן, אָבער דאָס וואָס איז יאָ אַרויס צווישן צוויי טאָוולען וועט זיין אַ גוטע בשורה פאַר אַלע וואָס האָבן געקענט שויסעס אַרבעט און אָפּגעשאַצט זיינע פאַרדינסטן.

ליגט פאַר מיר דאָס בוך: היסטאָרישע שריפטן פון חיים שויס, רעדאַק־טירט פון אפרים אויערבאַך און אברהם מענעס, אַרויסגעגעבן פון פאַרבאַנד פאַרלאַג, 1956. דאָס בוך נעמט אַרום, ליידער, בלויז אַ קלענערע טייל פון דער ירושה וואָס שויס האָט אונדז געלאָזן נאָך אַ שווער אָבער פרוכפּערדיק לעבן. קוק איך אויפן בוך און קען זיך דערפון ניט אָפּרייסן. איך באַטראַכט דעם אינהאַלט, בלעטער די עסייען און בעט מחילה ביים נפטר וואָס פון דעם אַלעם האָט מיך אין דער איצטיקער בין־השמשותדיקער רגע פאַרכאַפּט די זייער געראָטענע פאָטאָגראַפיע. איך קוק אויף אים און עס גייען אויף פאַר מיר אַ מענטש און אַ וועלט. איך זוך אינעם בילד אַ שווייגנדיק ווידערקול פון די צענדליקער יאָרן פון אונדזער באַקאַנטשאַפט, פון דער אָנערקענטער ראָלע וואָס ער האָט געשפּילט אין אונדזער סביבה און פון דער אַנדערשדיקער פערזענלעכקייט וואָס ער איז געווען.

אין משך פון אַ סך יאָרן איז זיין נאָמען געווען צווישן די באַקאַנטסטע אין צענטער פון אונדזער קרייז. ער איז געוואָרן אַ מין לעבעדיקער סינאָנים פון ביבל־קריטיק, ביבל־פאָרשונג, אַ מענטש וואָס זיין סאַמע אָנבליק, האָט זיך געדאַכט, רופט אַרויס אַסאָציאַציעס מיט תנ"ך און תנ"ך־טעמעס. ער האָט גענוג געלערנט, רעפערירט און געשריבן וועגן די דאָזיקע ענינים סיי ביכער, סיי פאַר דער טעגלעכער פרעסע, סיי ספּעציאַליסטישע שטודיעס, סיי פּאָפּולערע אַרטיקלען, אַז עס זאָל זיך איינוואָרצלען אַזאַ איינדרוק. סוף כל סוף האָט דער דאָזיקער איינדרוק אונטערגעשטראָכן אַ זיכערן אמת וועגן אים. דאָך וועט אַ סך פאַרלוירן ווען מיר קוקן אויף חיים שויסעס פערזענלעכקייט מיט די דאָזיקע איינזייטיקע ברילן. ער האָט עס פאַרדינט, און מיר וועלן זיך דערפילן אַ סך רייכער, ווען מיר וועלן אים דערזען אין זיין פולער גאַנצקייט.

חיים שויס איז געווען אַ מוסטער־קאָמבינאַציע פון אַ בן־תורה און אַ בעל־מידות. ער איז געווען אַ ווינקלדיקער מענטש; דער געזעלשאַפטלעכער קאָך האָט צו אים ניט אַפּעלירט און די באַוועגונגען פון אונדזער וועלטל

האָבן אים געלאָזט קאַלט. אָבער זיין ווינקל איז געווען אַ זעלטענע מאָדער־ניזירטע אָפּשפּיגלונג פונעם אַלטן, טראַדיציאָנעלן בית המדרש.

אַפילו צווישן בני־תורה קען מען ניט צו אָפט געפינען אַ מענטשן וואָס האָט מיט אַזאַ שטענדיקייט, מיט אַזאַ אומאויפהערלעכקייט, מיט אַזאַ ברע־נענדיקער תאווה מקיים געווען דעם פסוק „והגית בו יומם ולילה". ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער האָט זיך געבייזערט אויפן רבונו של עולם פאַרוואָס ער האָט זיך אָנגעזעצט אויפן פאָלק ישראל. ווען ער וואָלט געקענט שויסן, וואָלט ער אים געבענטשט מיט זיינע וואַרעמסטע ברכות, ווייל ער האָט מיט אַזאַ הייליק פייער זיך אָנגעזעצט אויף דער תורה פון פאָלק ישראל.

עס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט פאַרן סאָרט מענטש וואָס ער איז געווען צו זען ווי אַזוי ער האָט מקיים געווען אַ צווייטן פסוק פון דער תורה: „ושננתם לבניך". קיין בעסערע עדות קענען וועגן דעם ניט זיין ווי זיינע אייגענע קינדער, מרים און עמוס. זיי האָבן אינעם דערמאָנטן בוך פאַרעפנטלעכט דעם טאַטנס ביאָגראַפיע. זיי שרייבן וועגן דעם ווי שויס האָט זיך אָפּגעגעבן דערציעריש מיט זיינע קינדער און ווי שטאַרק ער האָט געזאָרגט וועגן זייער יידיש וויסן. ער איז געווען זייער לערער. עס איז אים געגאַנגען אין לעבן אַז זיי זאָלן קענען אי יידיש, אי העברעאיש, אָבער דער עיקר אַז זיי זאָלן לערנען און וויסן וואָס יידן האָבן געשאַפן, די גרויסע מענטשלעכע ווערטן וואָס מיט זיי אָטעמט אונדזער גייסטיקע ירושה. דאָס האָט ער קיינעם ניט געוואָלט געטרויען, דאָס, האָט ער געפילט, דאַרף ער נעמען אויף זיך אַליין. דער וואָס קען זיינע קינדער, אַפילו ווען מען לייענט בלויז וואָס זיי שרייבן וועגן זייער טאַטן, און ווי אַזוי זיי שרייבן וועגן אים, זעט מען אַז אין דעם פּרט, אין פּרט פון גרעסטן יידיש־פּאַטערלעכן עול צו לאָזן יורשים נאָך זיך, האָט ער זיינס דערגרייכט.

ער איז געווען אַ לערער פון תנ"ך און פון יידישער געשיכטע אין יידישן לערער־סעמינאַר פולע דרייסיק יאָר צייט און ער האָט תמיד אַרויסגעוויזן עפּעס אַזאַ זאַפטיקע הנאה, אַ הנאה וואָס ער האָט זיך מיט איר קיינמאָל ניט געקענט איבערזעטיקן, וואָס דאָס לערנען מיט אַנדערע, פּונקט ווי דאָס לערנען פאַר זיך, האָט אים געגעבן. איך בין אָנגעקומען אין סעמינאַר איין יאָר נאָך אים. אין משך פון 29 יאָר צוזאַמענאַרבעט אין דער אינסטיטוציע האָבן מיר נאַטירלעך אָפט געשמועסט וועגן לימודים, אָרגאַניזאַציע און אַדמיניסטראַציע, קלאַסן און סטודענטן. ער האָט גערעדט מיט וואַרעם־פּאַטערלעכן נחת וועגן סטודענטן וואָס קענען, וואָס ווילן און צייכענען זיך אויס. פאַר אַזעלכע איז ער גרייט געווען אָפּצוגעבן צייט און טרחא וויפיל נאָר עס האָט זיך געפאָדערט, געהאָלפן זיי אויף אַלע אַנדערע אופנים. ער האָט גערעדט וועגן זיי מיט אַזאַ ליבשאַפט אַז עס פאַרחידושט די וואָס האָבן אים צוגעשריבן די טבע פון אַ „געפרוירענעם ליטוואַק".

פון דער אַנדער זייט איז מיר אָפט אויסגעקומען צו הערן ווי אַזוי זיינע

תלמידים האָבן גערעדט וועגן אים. זיי האָבן אים געבענטשט פאַר זיין אָפּטער שטרענגקייט, פאַר זיין שטענדיקן לייגן דעם טראָפּ אויף לערנען און וויסן און פאַר דער תמימותדיקער שמחה וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן ווען אַ תלמיד האָט געטאָן זיין אַרבעט בשלמות.

ער איז בטבע ניט געווען אַזאַ וואָס ווערט אַריינגעצויגן אין קעסל־גרוב פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. ער איז געווען אַ מענטש פון התמדה, פון לערנען, און דאָס פּירט ניט אין דער ריכטונג פון די לויפיקע טאָג־פּראָבלעמען וואָס שפּילן אַזאַ גרויסע ראָלע אין געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. אַחוץ דעם האָט ער געפילט אַז זיין אַרבעט פאָדערט די העכסטע מאָס אינער־לעכע פרייהייט וואָס באַוועגונגען מוזן איינצאַמען. דאָס איז ספּעציעל ריכטיק ווען מען איז אַריינגעטאָן אין אַזעלכע קאָנטראָווערסיעלע ענינים וואָס תנ״ך־פאָרשונג הייבט אויף. האָט ער זיך כסדר געמישט מיט די וואָס האָבן גע־שוימט מיט כלל־אַרבעט און דאָך געבליבן פון דער וויטנס, אַריינגעטאָן אין זייגע אייגענע ד׳ אמות. זיינע פריינד, אַפילו די מיטן פלאַמיקסטן געזעל־שאַפטלעכן בלוט, האָבן דאָס פאַרשטאַנען, און אים לייכט מוחל געווען. זיי האָבן צופיל געשעצט זיין ערלעכקייט און זיין גלייכן וועג אַז זיי זאָלן אים דאָס פאַרדענקען.

איז ער געווען פריי און אומגעצוואונגען אין זיין אַרבעט. עס איז ניט געווען זיין דרך צו איגנאָרירן אַ תנ״ך־געלערנטן בלויז דערפאַר וואָס ער שטאַמט פון אַ פרעמדער סביבה, אָדער ווייל ער קומט צו רעזולטאַטן וואָס זענען אַנדערש ווי די וואָס זענען ביי אונדז פאַרשפּרייט. ער איז געווען אַזוי טיף אַריינגעטאָן, און אין דער דאָזיקער אַריינגעטאָנקייט זיך אינערלעך אָפּ־געזונדערט פון אַלץ אַרום, אַז ער האָט ניט געדאַרפט זיך אָנשטרענגען צו זיין אינערלעך פריי, ווייל ער האָט קיין אַנדער וועג, ווי בלויז זיין אייגענעם וועג, ממש ניט געזען.

פּונקט ווי ער איז געווען אַ געטרייער לערער איז ער אויך געווען אַ ליידנשאַפטלעכער תלמיד. ער האָט זיין קאָפּ ניט פאַרשלאָסן און זיין אויער ניט פאַרשטאָפּט פאַר געבראַכטע פאַקטן און השערות ווער דער ברענגער זאָל ניט זיין. אמת, ער האָט פון זיין יוגנט אָן זיך געווייקט אין דער ליטע־ראַטור פון דער דייטשישער ביבל־קריטיק. דאָרט זענען טאָקע געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דער ריינקייט און דער ערלעכקייט פון אָביעקטיוון פאָרשן. עס זענען אָבער אויך געווען אַנדערע וואָס זייער אינער־לעכע אומפריינדשאַפט צו יידן האָט זיי דיקטירט אַ גרינגשאַציקן צוגאַנג און פאַלשע אויסטייטשונגען אין אונדזער ספר הספרים. האָט מען געדאַרפט האָבן אַ געהעריקע וואָג און אַ געשולטע מאָס אין דער האַנט, ניט געשטרויכלט צו ווערן. שויס האָט פאַרמאָגט אַן אינערלעכע זיכערקייט אַז ער וועט ניט בלאָנדזשען.

עס זענען צווישן אונדז געווען אַזעלכע וואָס האָבן אים חושד געווען

אַז ער וואַרפֿט זיך אונטער צופֿיל אונטער אַ יידיש־אומפֿריינדלעכן דייטשישן איינפֿלוס. אָבער ער איז איינגעשפּאַרט געגאַנגען אויף זיין וועג, ניט אָפּגע־נייגט, ניט רעכטס, ניט לינקס. ער איז ניט בלויז געווען אַריינגעטאָן, ראשו ורובו, אין דער וויסנשאַפֿטלעכער מעטאָדיק פֿון זיין פֿאַך, נאָר ער האָט אויך געלעבט מיט דער מאָראַל, מיט דער גערעכטיקייט וואָס ליגט אין אָביעקטיווקייט זען די פֿאַקטן און זיך לאָזן פֿירן פֿון זיי. איצט, ווען מיר וואַרפֿן אַ בליק אויף אַלץ וואָס ער האָט געשאַפֿן, סיי אין תנ״ך־פֿאָרשונג, סיי אין יידישער געשיכטע פֿון יענער צייט, סיי אויף אַלע אַנדערע פֿעלדער פֿון יידישן קולטור־אויסדרוק, זעט מען ווי שטאַרק עס האָבן זיך טועה געווען די וואָס האָבן געמיינט אַז ער ווערט געשטרויכלט צוליבן איינפֿלוס פֿון אַנטי־יידישע ביבל־פֿאָרשער. מען זעט ווי גערעכט ער איז געווען ווען ער האָט געפֿילט בחוש אַז ער פֿאַרמאָגט אין זיין האַנט אַ יידישע מאָס און אַז די יידישע מאָס דאַרף קודם כל זיין די וואָס פֿירט אויפֿן וועג פֿון אמת, פֿון אָביעקטיוון, ערלעכן אמת.

ניטאָ קיין גרעסערע אָפּגעהיטקייט ווי די וואָס האָט אַרומגענומען שויסעס אַרבעט כדי אויסצומיידן מעגלעכע סכנות. ער האָט שטענדיק געהאַלטן אַן אויג אויף נייע פֿאָרשונגען פֿון תנ״ך און בכלל פֿון יענער עפּאָכע אין אונדזער געשיכטע. ער איז תמיד געווען פֿאַראינטערעסירט צו דערגיין אַלע פּרטים פֿון נייע געפֿינסן און נייע אויפֿקומענדיקע השערות. אין זיין נאַטירלעכער תמימות איז ער אפֿשר ניט אַלעמאָל געווען גענוג קריטיש ביים אָפּשאַצן פֿאָרגעשלאָגענע טייטשן און טעאָריעס. דערפֿאַר האָט ער פֿאַרמאָגט די גרויסע, גרעסטע מעלה וואָס איז אַזוי וויכטיק פֿאַר יעדן אמת־זוכערישן מענטשן. ער האָט פֿאַרמאָגט מאָראַלן כוח אָנצונעמען ענדערונגען אין זיינע פֿריערדיקע מיינונגען און שטעלונגען אויב נייע געפֿינסן האָבן עס באַרעכטיקט. אין דעם איז געלעגן ניט בלויז די פֿאָדערונג פֿון זיין וויסנשאַפֿטלעכער שולונג, נאָר אויך דער באַפֿעל פֿון זיין מאָראַלן גאָט אין האַרצן.

ער האָט ניט בלויז געלערנט יידישע געשיכטע, נאָר ער האָט זי אויך געלעבט יעדע רגע פֿון זיין וואַכעדיקן טאָג. תנ״ך און תנ״ך־פֿאָרשונג האָבן ווייט ניט פֿאַרענדיקט די ענינים וואָס זיי האָט ער אָפּגעגעבן זיין קאָפּ און זיין האַרץ. איך געדענק, מיט יאָרן צוריק האָט ער מיך צופֿעליק באַגעגנט און מיט פֿרייד מיר אָנגעזאָגט די בשורה אַז ער גרייט זיך צו שרייבן אַ ווערק וואָס וועט הייסן דער ייד פֿון וויגל ביזן קבר. דאָס וועט זיין, האָט ער ווייטער גערעדט מיט זיין איינגעהאַלטענער שמחה, אַ זאַמלונג פֿון יידישן פֿאָלק־שטייגער וואָס האָט געלעבט, מיט קליינע שינויים, כמעט ביז אונדזער צייט אין מזרח־אייראָפּע. עס וועט אַרומנעמען דאָס לעבן פֿון אַ יידן פֿון געבוירן־טאָג ביז ער ווערט געבראַכט צו קבר ישראל. ער האָט גלייך צוגעגעבן מיט גרויס פֿאַרדראָס אַז לויט דער לאַגע פֿון יידישן ביכער־מאַרק זעט ער ניט קיין מעגלעכקייט אַז דאָס בוך זאָל אַרויס אין יידיש, אין דער שפּראַך, וואָס אין איר האָט ער עס געשריבן און וואָס איז אים געווען אַזוי טייער.

דאָס דאָזיקע בוך איז שפּעטער אַרויס אין ענגליש אונטערן נאָמען The Lifetime of a Jew און אַ טייל דערפון קענען מיר איצט לייענען אין די נאָר־וואָס דערשינענע היסטאָרישע שריפטן. עס שטעקט אין דעם אַ ים אַרבעט און מיט אַזאַ האַרציקער ליבשאַפט בויט ער אויף און באַלעבט אַ וועלט וואָס רוקט זיך אַלץ מער אָפּ פון אונדז אין דער שאָטנדיקער ווייטקייט. דאָ זעט מען שויסעס באַציאונג צום יידישן פאָלקסלעבן פון אַלע צייטן. מיר זעען ווי טיף ער האָט איבערגעלעבט דעם גייסט פון יידישע ווערטן אי פון דער צייט פון די נביאים, אי פון זיין אייגענער צייט; אי פון ירושלים אין אַמאָליקן ארץ ישראל, אי פון זיין שטעטל גאָרזד אין דער איצטיקער ליטע.

צוליב זיין ניט־מישן זיך אין יידישע כלל־זאַכן און אידעאָלאָגיעס האָט זיך ביי זיין לעבן באַקומען דער איינדרוק אַז אים אינטערעסירן בלויז די אידייען פון תנ״ך, ניט דאָס פאָלק וואָס האָט דעם תנ״ך געשאַפן. מען האָט געמיינט, אַז ער איז בלויז אינטעלעקטועל אַריינגעטאָן אין אַזעלכע פּראָבלעמען ווי דער יידישער גאָט־באַגריף, דער אויפקום פון שבת, אאַז״וו; אַ סך האָבן געמיינט אַז פון אים רעדט אַרויס אַ קאַלטער סטודענט, ניט אַ ייד וואָס די באַהאַנדלטע פּראָבלעמען האָבן צו אים אַ פּערזענלעכע שייכות. דאָס ווייזט ווי ווייט מען האָט אים ניט געקענט און ניט פאַרשטאַנען.

כמעט ווי אַן ענטפער אויפן דאָזיקן פאַלשן איינדרוק קלינגט אַ פּאַראַ־גראַף אין זיין לעצטער ניט־פאַרענדיקטער עסיי (געדרוקט אין היסטאָרישע שריפטן). די עסיי הייסט „גלות בבל און שיבת ציון". דאָרט לאָזט ער אונדז וויסן זיין אני מאמין וועגן צוויי סאָרטן יידישקייט וואָס מיר געפינען היינט פּונקט ווי אין דער צייט פון ערשטן שיבת ציון, מיט אַרום 2500 יאָר צוריק. אָט וואָס ער שרייבט: „די אוניווערסאַליסטישע יידן פון יענער צייט האָבן געהאַט אַ ברייטן רעליגיעזן וועלט־באַנעם און אַ דערהייבענע השגה פון גאָט, אָבער קיין נייעם אויפבוי און קיין נייעם המשך פון יידישן פאָלק נאָכן גלות בבל האָבן זיי ניט געשאַפן. דאָס האָבן געטאָן די יידן וואָס האָבן ביי די טייכן פון בבל געשוואוירן קיינמאָל ניט צו פאַרגעסן ירושלים און האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו זינגען גאָטס געזאַנג אויף פרעמדער ערד".

די וואָס האָבן געמיינט אַז עס איז ביי שויסן געווען אַ מחיצה צווישן זיין דענקען און זיין לעבן האָבן אַ טעות געהאַט. זיין פּריוואַט־לעבן איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון זיין בוך־דענקען. אַזאַ איז געווען שויסעס געזאַנג אויף אונדזער ערד.

חיים שויס, דער בעל־מידות, האָט געלאָזן אַ טיפן איינדרוק אויף די וואָס האָבן אים געקענט. ער האָט פאַרמאָגט אַ נאָבלקייט וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. ער האָט אָפט גערעדט וועגן די טעמעס פון זיין אַרבעט, ווייל דאָס איז דאָך בוכשטעבלעך געווען זיין לעבן. אָבער ער האָט קיינמאָל ניט קוואַליפיצירט זיין פערזענלעכן אויפטו. דאָס איז ניט געווען

קיין געמאַכטע עניוות, נאָר אַן אויסגעאַרבעטער דרך אין לעבן וואָס היט זיך ניט אַרויפצוטרעטן אויף דער ליניע וואָס פירט צו אים פערזענלעך. ווי אַ ליידנשאַפטלעכער לערער האָט ער אַנדערע געוואָלט אַריינציען אין זיין טעמע, און דערמיט זיי ממילא געשטעלט אויף זיין אייגענער מדרגה, כאָטש זיי האָבן זיך מיט זיין אַרבעט פאַך־מעסיק ניט אָנגעקערט.

איך האָב אַ סך פון אים געהערט וועגן שריפטלעכע פלענער וואָס ער טראַכט וועגן זיי, אָדער גרייט זיך שוין צו זיי. איך קען זיך אָבער ניט דער־מאָנען ער זאָל זיך האָבן אָפּגעשטעלט מיטן מינדסטן וואונק אויף דער וויכטיקייט פון זיינע פריערדיקע אַרבעטן. אויב ער האָט עס יאָ געטאָן אַמאָל אין אַ יובל, האָט ער ניט פאַרגעסן צו אַקצענטירן אַז אים זענען איצט קלאָר געוויסע חסרונות אין זיינע פריערדיקע אַרבעטן וואָס ער האָט אין די יינגערע יאָרן ניט באַמערקט. מיר ווייסן אַלע ווי אָפּט מענטשלעכע באַציאונגען ווערן צעשטערט דורך דעם וואָס טייל האָבן אַ טבע צו רייסן און ציען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט צו זייערע פערזענלעכע פאַרדינסטן. ווי שווער עס איז אָפּט אַריבערצוטראָגן די דאָזיקע אינפאַנטילישקייט. עס איז גוט צו טראַכטן וועגן דעם כדי בעסער אָפּצושאַצן שויסן, דעם בעל־מידות. עס איז קיינמאָל ניט געווען אין זיינע רייד קיין מינדסטער טאָן, קיין שאָטן פון אַן אָנצוהערעניש, פון לויבן זיך אַליין.

עס לאָזט זיך מסכים זיין מיט בענדזשאַמין פרענקלינס מיינונג אַז פּינקטלעכקייט איז אַ פאָרם פון ערלעכקייט; אויב אַזוי איז שויס געווען אַ מוסטער פון אַן ערלעך לעבן, אַ מוסטער אויך אין אַ סך אַנדערע, וויכטיקערע פאָרמען. צו זיין אַ מודה על האמת, צו האַלטן אַ צוזאָג מיט דער גרעסטער אָפּגעהיטקייט, פולע אָפנקייט און אַבסאָלוטע וווייטקייט פון הינטער־געדאַנקען. דאָס זענען געווען די קענטיקסטע סימנים פון זיין פערזענלעכקייט.

ער האָט אָפּט געלעבט אין דחקות, אָבער ער האָט געקענט געניסן פון דער הנאה וואָס ליידן אין דער שטיל פאַרשאַפט. ער האָט געפירט אַן אינטימע באַקאַנטשאַפט מיט דער זאָרג וועגן ברויט, אָבער ער האָט זיך ניט באַקלאָגט, דער עיקר, קיינעם ניט אָנגעקלאָגט צוליב דעם. ווי ווייט איך האָב אים פאַרשטאַנען האָט זיך דאָס ביי אים ניט גענומען פון אַ קאַלטן שטאָלץ וואָס היט דאָס פריוואַטע לעבן צו בלייבן פריוואַט. ער האָט פשוט ניט געזען אין זיין לאַגע עפּעס אַ שולד וואָס מען קען וואַרפן אויף אַ קאָנקרעטן שולדיקן. ער האָט אין דעם געזען דעם באַפעל פון אַ גורל. ער האָט זיך דעריבער ניט אַרומגעטראָגן מיט דער ביטערקייט, אַז עמעצער, אָדער „דאָס פאָלק" זינדיקט אַנטקעגן אים. זיין אַרבעט איז אים זייער ליב געווען און ער איז געווען גרייט צו באַצאָלן דעם פרייז וואָס זי האָט געפאָדערט.

מהאי טעמא האָט ער שטאַרק געליטן, אָבער קיינעם אין קיין בייזקייט ניט באַשולדיקט, ווען ער האָט ניט געקענט פאַרעפנטלעכן אַלץ וואָס ער האָט געשריבן, און דווקא אויף יידיש, וואָס ער האָט דאָס אַזוי שטאַרק גע־

וואָלט. אים האָט ניט געצויגן דער לייכטער וועג, צו וואַרפֿן שטיינער אין עמעצן און דערמיט באַפֿרייען דאָס אייגענע געמיט פֿון אָנגעקליבענעם פּסולת. ער האָט דאָס ניט געטאָן, ווייל אַחוץ אַ בן־תורה איז ער אויך געווען אַ בעל־מידות.

קיינער וועט ניט פֿאַרפֿעלן אָפּצושאַצן די ירושה וואָס ער האָט אונדז געלאָזן. ער האָט אונדז אויך געלאָזן גאָר אַן אָריגינעלע ירושה וואָס אויף דעם קען מען אויפּריכטיק זאָגן: לאוו כל אדם זוכה. איך האָב דאָ אין זינען אַ קליינעם פּאַראַגראַף אינעם פֿאָרוואָרט צום בוך היסטאָרישע שריפֿטן, וואָס עס האָט געשריבן זיין תּלמיד און פֿריינד וו. געלבאַרד: „זאָל מיר דאָ דער־לויבט זיין צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם רבין מיינעם וואָס האָט מיך, אַ דערוואַקסענעם מענטשן, ממש איבערגעקנאָטן און יידיש אויסגע־פֿורעמט". וואָסער לערער וואָלט זיך דאָס ניט געוואונטשן? גרויס, זייער גרויס איז דער שׂכר פֿון אַ לערער ווען זיינע דערוואַקסענע תּלמידים קענען אַזוינס זאָגן וועגן זיין השפּעה איבער זיי. וו. געלבאַרדס ווערטער וועגן חיים שויסן, און זיין גוואַלדיקע אָנשטרענגונג אַז דאָס בוך זאָל אַרויס מן הכּוח אל הפּועל, זענען לעבעדיקע עדות ניט בלויז וועגן דעם וואָס דער תּלמיד איז, נאָר אויך, און ניט וויניקער, ווער זיין רבי איז געווען.

די וואָס האָבן שויסן געקענט אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן, אין זיין אומגאַנג מיט מענטשן, וועלן ניט פֿאַרגעסן די געהויבענע מענטשלעכע פּערזענלעכקייט וואָס ער איז געווען. תּהי נפשו צרורה בצרור החיים.

(1956)

# די טראַגעדיע פון אַ יידישער טראַגעדיע

עס וואָלט אפשר גלייך געווען, נאָך דעם וואָס מיט יידן האָט געטראָפן צווישן 1939 און 1945, אַז מיר זאָלן זיין זייער שפּאָרעוודיק ווען מיר ווילן עפּעס באַצייכענען ווי אַ יידישע טראַגעדיע. אפשר וואָלטן מיר באַדאַרפט נוצן אַזאַ אויסדרוק בלויז ווען עס האָט צו טאָן מיט עפּעס שלעכטס פאַרן כלל ישראל. פונדעסטוועגן, כאָטש דאָס וואָס קומט ווייטער האָט צו טאָן מיטן לעבן און טויט פון אַ יידישן יחיד, דאָך שפּיגלט עס אָפּ אין זיך די טראַגעדיע פונעם כלל ניט ווייניקער ווי פונעם פּרט. עס איז אַן אומגליק פון איין מענטשן אין די ראַמען פון דער לאַגע און דעם דריקנדיקן קלעם פון אַ פאָלק, אונדזער פאָלק.

איך וויל זיך דאָ אָפּשטעלן אויף דער טראַגעדיע אָטאָ ווייבינגער. ווער האָט דען דעם דאָזיקן נאָמען ניט געהערט? ווער איז דען מיט אָט דעם אומגליק ניט באַקאַנט? די ליטעראַטור האָט ברייט און אויספירלעך באַהאַנדלט דעם דאָזיקן פאַל. עס האָבן זיך מיט דעם פאַרנומען פּובליציסטן, עסייאיסטן, פאָרשער, פילאָסאָפן און פּסיכיאַטרן מכל המינים. פאַרשטייט זיך אַז אַלע האָבן באַרירט, געמוזט באַרירן דעם יידישן מאָמענט וואָס איז אין דעם פאַרוויקלט. די הויפּט־מאָמענטן פונעם זייער קורצן לעבן פון אָט דעם געניאַלן יונגנמאַן זענען צו אינטים אַריינגעפלאָכטן אינעם קנויל פון זיין יידישקייט, אַז מען זאָל עס קענען פאַרבייגיין אומבאַמערקלעך ווען מען וויל זיך צורירן צו דער דאָזיקער געשעעניש.

דאָך פיל איך אַז מען האָט ניט גענוג אַרויסגעהויבן די אַלגעמיין־יידישע טראַגעדיע און דעם יידישן מוסר־השכל, וואָס שטעקן אין דעם פאַל אָטאָ ווייבינגער. די וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער טעמע זענען געווען פאַראינטערעסירט אין אַנדערע זייטן פונעם ענין. ווייבינגער, דער מענטש, דער דענקער, זיין גאונות, זיין פּסיכישער און פּאַטאָלאָגישער צושטאַנד, דאָס זענען בלי ספק זייער וויכטיקע מאָמענטן אויסצופאָרשן און צו פאַרשטיין. איך וואָלט זיך געוואָלט אַריינטראַכטן אַביסל מער אין די יידישע אימפּלי־קאַציעס פונעם גאַנצן ענין, כאָטש, אָדער ווייל, דאָס איז ענג פאַרבונדן מיט געוויסע אַלגעמיינע טענדענצן אין דער מענטשלעכער פּסיכיק. ממילא וועט מיר אויסקומען זיך אָפּצושטעלן אויך אויף אָט די אַלגעמיינע טענדענצן.

### די פאַמיליע ווייבינגער

די פאַמיליע ווייבינגער איז באַשטאַנען פון אַ פאָטער, אַ מוטער און זיבן קינדער. דער פאָטער, לעאָפּאָלד, איז געווען אַ גאָלדשמיד, אַ גרויסער קינסטלער אין זיין פאַך. טייל זאָגן, אַז ער איז געווען דער לעצטער בענווע־

נוטאָ טשעליני, באַרימטער איטאַליענישער גאָלדשמיד־קינסטלער פון זעכצנטן יאָרהונדערט. ווייזט אויס אַז ער איז בכלל געווען אַ קינסטלערישע נאַטור. דאָס נאָענטסטע צו זיין אייגענער קונסט איז ביי אים געווען מוזיק, דער עיקר איז ער געווען פאַרליבט אין וואַגנערן.

זיינע אינטערעסן האָבן זיך קאָנצענטרירט אין קינסטלערישער עסטעטיק און אין זיין פאַמיליע. אין דער היים איז ער געווען אַ דאָמינירנדיקער מענטש און עס אַרויסגעוויזן מיט אַ שטאַרקער האַנט סיי צו זיין פרוי, סיי צו זיינע קינדער. דאָס האָט נאַטירלעך געפירט צו אַ סך קאָנפליקטן און צו אָפט צעשטערטן שלום בית. אָבער דאָס האָט ניט אָפּגעשוואַכט, פאַרקערט, נאָך פאַרשטאַרקט די דרך־ארצדיקע באַציאונג צו אים, אַ דרך־ארץ געמישט מיט מורא.

לעאָפּאָלד האָט ליב געהאַט זיין פרוי, אַדעלהייד, זייער אַ שיינע אָבער אַ קרענקלעכע. ווי זיין טבע איז געווען האָט ער פון איר אַ סך געפאָדערט, וואָס איז געפאַלן זייער שווער אויף איר שוואַכן גוף און אירע פייאיקייטן, וואָס האָבן זיך ניט אויפגעהויבן איבערן דורכשניט. די אָפטע מחלוקות צווישן מאַן און ווייב האָבן שטאַרק געערגערט די קינדער. ווי געוויינטלעך זענען זיי מיטן האַרצן געווען אויף דער זייט פון דער מאַמען. אָבער פונקט ווי מורא איז געווען אַ טייל פון זייער דרך־ארץ פאַרן טאַטן, אַזוי איז רחמנות געווען פאַרמישט אין זייער סימפּאַטיע מיט דער מאַמען.

אין דער היים זענען קיין שום סימנים פון ייִדישקייט ניט געווען. אין 1946 איז אַרויס אַ בוך וועגן אָטאָ וויינינגערן פונעם פּסיכיאַטאָר דוד אַבראַהאַמסען. דאָרט איז פאַרעפנטלעכט אַ צאָל בריוו צום מחבר, געשריבן אין 1938, פון אָטאָס שוועסטער, ראָזאַ באָשאַם וויינינגער. אין איינעם פון די דאָזיקע בריוו שרייבט זי: „מיין פאָטער איז געווען אַ ייִד פונקט ווי מיין מוטער. מיין פאָטער איז געווען שטאַרק אַנטיסעמיטיש, אָבער ער האָט געטראַכט ווי אַ ייִד און איז געווען בייז ווען אָטאָ האָט געשריבן קעגן ייִדנטום״. אין וואָס עס האָט זיך אויסגעדריקט זיין אַנטיסעמיטיזם, דערצו נאָך „שטאַרק״, ווערט ניט געזאָגט. פונקט אַזוי דערקלערט אויך ניט די טאָכטער וואָס זי מיינט מיט „געטראַכט ווי אַ ייִד״. מען קען זיך משער זיין, אַז ער האָט זיך באַנוצט מיט פיינדלעכע רייד קעגן ייִדן, לכל הפּחות אינעם ענגן קרייז פון דער פאַמיליע. עס איז אויך מעגלעך, אַז זיין געוואַלדיקע באַגייסטערונג פאַר וואַגנערס אָפּערעס האָט ער צייטנווייז איינגעוויקלט אין שטעלן זיך אויף דער זייט פון וואַגנערס מיינונגען וועגן ייִדן. דער שאַרפער איינדרוק וואָס וואַגנער האָט געלאָזן סיי אויפן טאַטן, סיי אויף זיין געניאַלן זון, אָטאָ, איז אַ פונקט וואָס פאַרדינט מען זאָל אים געדענקען.

ווי עס זאָל ניט זיין איז קלאָר אַז אויף וויפל ייִדישקייט און ייִדן זענען בכלל דערמאָנט געוואָרן אין דער היים, איז די באַציאונג געווען פיינדלעך־אַנטיסעמיטיש. אָבער וויכטיקער איז דאָס, וואָס אַזעלכע דירעקטע פאָרמען

פון פאַרמיאוסן יידן זענען, ווי מען קען אָננעמען, ניט געווען קיין צו אָפּטע פונקטן אויפן סדר היום פונעם פאַמיליע־קרייז; דאָס איבעריקע, ווי ווייט מיר האָבן איין זינען די שייכות צו יידן, איז באַשטאַנען פון אַבסאָלוטער אָפּ־געפרעמדקייט, אָן שום סימן און געדעכעניש פון עפּעס אַן אָנגעהעריקייט, אַפילו פון פּשוטן פאַקט פון אָפּשטאַם — גאָר ניט קיין זעלטנקייט צווישן אַסימילירטע יידישע פאַמיליעס אין דער עסטרייכישער הויפּטשטאָט פון יענער צייט.

לעאָפּאָלד איז געשטאָרבן אין 1922. אין דער ווינער קולטוס געמיינדע איז זיין טויט ניט פאַרצייכנט. דער אָפיציעלער רעקאָרד גיט בלויז איבער אַז מען האָט זיין טויטן קערפּער געפירט קיין מינכען מקבר צו זיין. עס ווערט אָנגענומען, אַז ער האָט זיך געשמדט איידער ער איז געשטאָרבן. דאָס איז בשום אופן ניט קיין איבעראַשונג אין אַ פאַמיליע וואו שמד און געמישטע חתונות זענען געווען אַ געוויינטלעכע זאַך. פון די זיבן קינדער זענען פיר, צוויי טעכטער און צוויי זין, אויך פאַרמעל אַוועק פון יידן; די דריי ניט־געשמדטע האָבן סיי־ווי געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּע שייכות מיטן פאָלק וואָס פון אים זענען זיי אַרויסגעקומען.

עס איז איבעריק צוצוגעבן, אַז די קינדער פון אַזאַ פאַמיליע האָבן קיין שום יידישן חינוך ניט באַקומען, ניט דירעקט, דורך לימודים אין אַ לערנ־אַנשטאַלט, ניט אומדירעקט, דורך אַ מין געשפּירט־געהערט־געזען וואָס אַ יידישע היים קען געבן ווילנדיק און ניט־ווילנדיק. אויף ווי ווייט דאָס לעבן פון דער פאַמיליע איז באַקאַנט — דער עיקר, האָבנדיק אין זינען די דאָמי־נירנדיקע ראָלע פונעם פאָטער — איז ניט געווען קיין שום יידישער איינפלוס פון אַנדערע צווייגן פון דער משפחה אָדער פון אַרומיקע שכנים. אַלע פון דער פאַמיליע האָבן נאַטירלעך געוואוסט אַז זיי שטאַמען פון יידן, אָבער דערמיט האָט זיך מסתמא פאַרענדיקט זייער יידיש וויסן.

## אָטאָ ווייניגער

אָטאָ ווייניגער איז געבוירן געוואָרן דעם 3טן אַפּריל 1880. זיין יידישער נאָמען איז געווען שלמה. שוין אין דער קינדהייט האָט מען געקענט באַמערקן זיינע ספּעציעלע כאַראַקטער־שטריכן, שטאַרק געראָטן אין פאָטער. נאָך שאַר־פער האָבן זיך די דאָזיקע שטריכן אַרויסגעשניטן פון זיין פערזענלעכקייט אין די יוגנט־יאָרן. ער האָט פאַרמאָגט אַן אומגעצאַמטן דאָרשט צו זיין פריי און האַנדלען לויט זיין אייגענעם דאָמינירנדיקן ווילן.

דער דערמאָנטער ד״ר אַבראַהאַמסען שרייבט: „הינטער זיין יעדער האַנדלונג און אויסדרוק איז געלעגן אַן אַנטשלאָסנקייט. די קראַפט פון זיין ווילן איז געווען שטאַרק און ער איז, ווייזט אויס, געווען גרייט זיך צו רייסן צו די ווייטסטע גרענעצן צו דערגרייכן זיין ציל. ניט אַזוי ווייט דער ציל גופא נאָר דאָס טאָן ווי זיין ווילן טרייבט אים איז ביי אים געווען דער עיקר.

אים האָט מער געטריבן זיין פאַרלאַנג צו באַווייזן, אַז ער קען גיין צום ווייטסטן עקסטרעם איידער זיין חשק צו גיין אַהין... דער דאָזיקער מאָטיוו ווייזט זיך אַרויס קלאָר אין ביישפּילן פון זיין האַלטן פון זיך אַליין. אַזאַ מאָמענט איז געווען ווען ער האָט פאַרענדיקט די מיטלשול. דער פאָטער האָט אים באַפוילן אַריינצוגיין אין דער קאָנסול־אַקאַדעמיע צו לערנען שפּראַכן. אָטאָ האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, אָנשטאָט דעם איז ער אַריין אין ווינער אוניווערסיטעט. דערמיט האָט ער גורם געווען אַ ריס צווישן דעם פאָטער און זיך".

די דאָזיקע איינגעשפּאַרטקייט, דאַרשט נאָך זעלבסטשטענדיקייט, איז געוואַלדיק פאַרשטאַרקט געוואָרן צוליב נאָך אַ סיבה. ער איז געבוירן געוואָרן מיט אַן עילוישן קאָפּ. זיינע רייכע אינטעלעקטועלע פייאיקייטן האָבן פאַר אים תמיד אַקצענטירט זיין העכערקייט אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע תלמידים פון זיינע קלאַסן. דאָס האָט אויפגעשטעלט אַ מחיצה צווישן אים און די איבעריקע. איז ער געווען אַליין און געהאַלטן אין איין טוליען זיך צו זיך אַליין און צו זיין קרענקלעכער איינגעגלויבטער גרויסקייט.

ער איז געוואַקסן מיט אַן אינערלעכן עלנט, אָפּגעזונדערט פון זיינע אַרומיקע. ווען ער איז אַביסל עלטער געוואָרן האָבן זיך טאַקע דערגענטערט צו אים עטלעכע וואָס האָבן באַוואונדערט זיין טיפן קאָפּ, זיין בליציקן אויפֿכאַפּ פון געדאַנקען און אידייען, זיין געוואַגטן אַנאַליז און אומדערשראָקענע השערות. דאָך איז ער אַלץ געבליבן אינערלעך אַליין אין זיין טיפער זעלבסט־פאַרהערלעכונג. דאָס האָט אים נאַטירלעך געפירט צו אַ שטענדיקער און קרענקלעכער אינטראָספּעקציע, גריבלען זיך אין דער אייגענער נשמה. דאָס האָט אים אָבער אויך געגעבן די גרויסע הנאה פונעם באַוואוסטזיין, אַז אין אים לעבט אַ גאון און ער ציטירט מיט באַזונדערן חשק פונעם לעבן פון אַנדערע גדולי הדור וואָס ביי זיי געפינט ער די וויכטיקסטע שטריכן פון זיין אייגענער פערזענלעכקייט.

אין מאָמענטן פון ליכטיקן אויפבליץ אין זיין מוח האָט ער ליב געהאַט צו קוקן אין שפּיגל צו זען צי זיין אינערלעך לעבן אין יענע מאָמענטן זענען קענטיק אין די שטריכן פון זיין פּנים. מעגלעך אַז ער האָט אויך געזען סימבאָלן פון זיין גאונות אין זיינע פיזישע סימנים. ווען אַ מענטש ווערט דערפירט צו לעבן מיט זיך, אין זיך, אַרום זיך און לאָזט זיין וועלט ניט אַרויס פון שטרענגער, באַוואוסטזיניקער צוגעבונדנקייט צו זיך, צו זיין איך, דעמאָלט עפנט זיך אַ גלייכער וועג אַז דאָס פרומע דינען צום אייגענעם איך זאָל אויך איינשליסן אַ געצנדינסט צום אייגענעם גוף וואָס פאַרקערפּערט אים.

עס איז ניט באַקאַנט אַז ער זאָל האָבן געליטן באַליידיקונגען צוליב זיין יידישן אָפּשטאַם. ווען מען האָט אין זינען זיין צייט, אָרט און סביבה, איז שווער צו גלויבן אַז ער האָט דאָס אין גאַנצן אויסגעמיטן. מעגלעך אַז זיין פּאַטאָלאָגיש־סענסיטיווע נאַטור האָט אויפגענומען יעדע לייכטע אָנצוהערעניש

פון דעם מין. אָבער אויך דאָס איז אין ערגעץ ניט פאַרצייכנט. מען ווייסט בלויז אַז אין זיינע אוניווערסיטעט־יאָרן האָט ער זיך געמוזט אָפּגעבן מיט פּריוואַטע לעקציעס, ווייל זיין היים איז ניט געווען בכוח אים אויסצוהאַלטן. אָבער עס איז שווער אָנגעקומען צו קריגן אַזעלכע לעקציעס צוליב זיין יידישן אָפּשטאַם. ווי דאָס זאָל ניט האָבן געווירקט אויף אים, מיט איינס קען מען זיין זיכער: זיין פאַרלאַנג אָפּצוזונדערן זיך פון אַלעמען, צו זיין דורכויס אַריינגעטאָן אין זיך אַליין, איז צוליב דעם שטאַרקער געוואָרן.

דאָס האָט אויך געהאָלפן זיין אומגעווייניטלעכע התמדה, ער איז אויף געווען גאַנצע נעכט און אומאויפהערלעך געלייענט. ווען מען באַקענט זיך מיטן אינהאַלט פון זיין ווערק געשלעכט און כאַראַקטער, און מיט דער ביבליאָגראַפיע וואָס ער באַנוצט, זעט מען ווי ברייט פאַרצווייגט זיין לייענען האָט דערגרייכט. ווען ער איז קוים צוואַנציק יאָר אַלט געווען, האָט ער אַדרעסירט אַ קאָנפערענץ פון פּסיכאָלאָגן אין פּאַריז, און אויך דאָ האָט ער באַוויזן דעם פאַרנעם פון זיין התמדה. ער האָט באַוויזן נאָך מער: ער איז געווען אַ גאונ׳שע קאָמבינאַציע פון התמדה, בקיאות און חריפות.

ווען ער איז אַלט געוואָרן 22 יאָר (1902) זענען ביי אים פאָרגעקומען צוויי וויכטיקע געשעענישן אין איין טאָג. ער האָט באַקומען דעם דאָקטאָר־טיטל, וואָס דאָס איז אַ געשעעניש אין יעדן מענטשנס לעבן, בפרט ביי דעם וואו דאָס לייגט אַ מין אָפּיציעלן שטעמפּל אויף זיין אינערלעך־געפילטער גרויסקייט. אַקוראַט דעם זעלביקן טאָג האָט ער זיך פאָרמעל געשמדט, אָנגענומען די פּראָטעסטאַנטישע קריסטלעכע רעליגיע. אויך דאָס איז ביי אים געווען ניט מער ווי אַ מין אָפּענע, פּובליקירטע באַשטעטיקונג פון אַן איבערצייגונג וואָס איז שוין פריער ביי אים געווען פאַרענדיקט. ער האָט, ווייזט אויס, זיך אַליין געוואָלט באַווייזן, מיט אַן אָנגענומענעם סימבאָל, אַז דער פּראָצעס פון אָפּרייסן זיך פון יידן איז טאַקע אין גאַנצן און דורכויס פאַרענדיקט.

זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע האָט זיך פאַרנומען מיט די פּראָבלעמען פון מענטשלעכער צוויי־געשלעכטיקייט, פּראָבלעמען וואָס ער האָט דערנאָך אויסגעאַרבעט מיט מער פּרטים אין זיין פריער־דערמאָנט ווערק. אין יענעם ווערק האָט ער אויסגעדריקט זיין באַרימט־געוואָרענע שנאה צו פרויען און יידן, ריכטיקער, צו די אידייען פון ווייבלעכקייט און יידנטום. איך וועל זיך שפּעטער אָפּשטעלן אויף דעם בוך וואָס האָט געמאַכט אַן אינטערנאַציאָנאַלן רושם. עס קען קיין ספק ניט זיין אַז די יוגנטלעכע עלטער פון מחבר האָט אַ סך צוגעגעבן צום איינדרוק וואָס דאָס בוך האָט געמאַכט. דאָס איז לחלוטין קיין חידוש ניט ווען מען באַטראַכט דעם גרויסן פאַרנעם פון דער אַרבעט. מען ווערט געפּלעפט פון דער גוואַלדיקער אָנגעלערנטקייט, פונעם געוואַגטן דענקען, דעם פאַרצווייגטן אַנאַליז און פונעם חשק זיך צו פאַרטיפן, באמת אומגעווייניטלעך פאַר אַזאַ יונגן מענטשן.

אין יעגער צייט איז דער נאָמען זיגמונד פרויד שוין געווען גוט באַקאַנט אין ווין. זינט ער צוזאַמען מיט ברויערן האָבן אַרויסגעגעבן די אַרבעט שטודיען וועגן היסטעריע (1895), האָט ער זיך קונה שם געווען מיט זיין אָריגינעלן קוק אויפן עלעמענט פון געשלעכט אין דער מענטשלעכער פּסיכיק. ווייניגגער איז געווען פאַראינטערעסירט צו הערן וואָס פרויד האָט צו זאָגן וועגן זיין דיסערטאַציע. פרוידן איז די אַרבעט ניט געפעלן. ער האָט, אַחוץ אַלעם, געהאַלטן אַז דער הויפּט־געדאַנק וועגן דעם אַז יעדער מענטש איז צווייגעשלעכטלעך האָט ווייניגגער אומדירעקט געגומען טאַקע ביי אים, פרוידן, אַליין. אָבער נאָך פריער האָט דעם געדאַנק אַרויסגעזאָגט דער דייטשישער געלערנטער ווילהעלם פליס, וואָס אויך פרויד איז פון אים באַאיינפלוסט געוואָרן. בקיצור, פרויד האָט ווייניגגערן חושד געווען אַז ער וויל פאַר זיך קרעדיט פאַר עפּעס וואָס ער האָט גענומען ביי אַנדערע.

מען קען זיך אויסמאָלן אַז ווייניגגער האָט קיין נחת ניט געהאַט פון פרוידס נעגאַטיווער אָפּשאַצונג. דאָס האָט מסתמא אים נאָך מער איינגעשלאָסן אין זיינע אייגענע חדרי־חדרים און מיט נאָך מער זיכערקייט פאַרשטאַרקט זיין גלויבן אין זיך. אָבער דאָס האָט אויך פאַרשאַרפט זיין אָפּגרענעצן זיך פון דער וועלט און זיין קאָנפליקט מיט איר.

אין אַפּריל 1902 פאַרצייכנט ער עטלעכע פּאַראַגראַפן וועגן דעם גורל פונעם פילאָסאָף, ד״ה, פון זיך אַליין: „עס איז אמת, דעם קינסטלער באַגריסט מען אין זיין געבוירנטאָג, דעם פילאָסאָף דריקט מען אויס סימפּאַטיע . . . אַ פילאָסאָף — אַ הויז וואו די לאָדנס זענען תמיד פאַרמאַכט. די זון קען עס באַלייכטן, אפשר עס אַנוואַרעמען, אָבער דאָס הויז עפנט זיך ניט. עס איז בייז, פאַרביטערט, ברוגז, זאָגט זיך אָפּ פון ליכט. ווי אַזוי זעט אויס דאָס הויז פון אינעווייניק? אַ ווילדע, פאַרצווייפלטע טעטיקייט, אַ פּאַמעלעכדיקע, דערשרעקנדיקע אויפקלערונג אין דער פינצטערניש, אַן אייביקע אויסליידיקונג פון זאַכן — אינעווייניק״.

אין נאָוועמבער פון זעלבן יאָר האָט ער, אין אַ שמועס מיט זיין פריינד גערבער, אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג זיך צו נעמען דאָס לעבן. אַ ווײַלע שפּעטער זענען ביידע געווען אין ווייניגגערס צימער. גערבער האָט באַמערקט אַז זיין פריינד איז זייער ערנסט אין זיין באַשלוס וועגן זעלבסטמאָרד. עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ פּיינלעכע סצענע צווישן די צוויי ביז גערבערן איז געלונגען אים צו באַרואיקן. אָבער דער געדאַנק וועגן זעלבסטמאָרד האָט אים מער ניט אָפּגעלאָזן.

זיין אינטראָספּעקטיווע גריבלעריי האָט אויף קיין רגע ניט אויפגעהערט. וואָס מער ער איז געווען אַריינגעטאָן אין די פּראָצעסן פון זיין אייגענעם טראַכטן און פילן, אַלץ מער איז געוואַקסן זיין גלויבן אין זיך און דערקלערט צו מיסטישע פאָרמען. אין אויגוסט 1903 האָט ער געשריבן וועגן זיך אַליין: „איך גלויב אַז מיינע כוחות זענען אַזעלכע אַז אַזוי אָדער אַנדערש

קען איך פאַרענטפערן אַלע פּראָבלעמען. איך האַלט אַז איך קען קיינמאָל ניט האָבן קיין טעות אַ לענגערע צייט. איך גלויב אַז איך פאַרדין דעם נאָמען משיח ווייל איך האָב אַזאַ נאַטור״.

דאָס מאַכט שוין דעם איינדרוק פון אַ ווייט־פאַרגאַנגענער פּאַטאָלאָגישער אָפּנקייט. עס ליגט אָבער דורכויס אין דער ראַם פונעם גאַנג פון זיין איך. איבערלעבונגען פון זיין גאַנצן יוגנטלעכן עלטער, ווי מיר האָבן פריער געזען. ער האָט דערמיט פאַרגיטיקט דאָס געפיל וואָס איז אים געווען באַוואוסט־זיניק קלאָר, אַז אים וועט זיך קיינמאָל ניט איינגעבן צו זיין גליקלעך. זיין פריינד, לוקאַ, שרייבט: „ער האָט גוט געוואוסט אַז אים פעלט די דאָזיקע איינגשאָפט״.

דעם 3טן אָקטאָבער 1903 איז ער אַוועק פון זיינע עלטערנס הויז און געדונגען אַ צימער אין אַ הויז אויף שוואַרצשפּאַניער גאַס, נומער 15, וואו בעטהאָווען איז געשטאָרבן. אויף צומאָרגנס האָט מען אים געפונען ליגן אויפן דיל אַ דערשאָסענעם. דער פאָטער האָט אַנאָנסירט אין די ווינער צייטונגען: „אונדזער אָרעמער זון, אָטאָ ווייניגער, האָט נעכטן אין דער פרי, מיט זיין פרייען ווילן זיך גענומען דאָס לעבן. זאָלן זיינע פריינד באַמערקן אַז די לוויה וועט פאָרקומען 4:30 דינסטיק נאָכמיטאָג אויפן עוואַנגעלישן צווינטער אין מאַצליינדאָרף״. דאָס אונטערשטרייכן: „מיט זיין פרייען ווילן״ און דאָס גלייכגילטיקע אויפנעמען דעם „עוואַנגעלישן צווינטער״ פאַסט זיך גוט אַריין אין דער פּסיכאָלאָגיע און אין דער קולטור פונעם פאָטערס גייסטיקן געשטאַלט וואָס האָט באַהערשט דאָס לעבן פון דער פאַמיליע.

## דער מענטשלעכער איך

כדי מיר זאָלן בעסער פאַרשטיין די פּערזענלעכקייט פון אָטאָ ווייניגער איז נייטיק אַ קורצער אָפּנייג פון דער הויפּט־טעמע. איך וועל אויף אַ ווילע זיך אָפּשטעלן אויף די פּראָבלעמען וואָס ווערן אַרויסגערופן דורכן באַוואוסט־זיין פון אַן איך, אַ באַוואוסטזיין און אַ געפיל וואָס יעדער פון אונדז טראָגט אין זיך.

דער מענטשלעכער איך איז לויט זיין טבע און אַנטוויקלונג שטענדיק פאַרוויקלט אין אַן אינערלעכער סתירה. פון איין זייט האָבן מיר דעם זיכערן איינדרוק, אַז דאָס איז עפּעס ריין־פּערזענלעכס, אַן „איך־מיר־מיין״, אַ וועזן וואָס איז אין גאַנצן פאַרענדיקט אין זיך אַליין און האָט גאָרניט וואָס צו טאָן מיט עפּעס וואָס איז אין דרויסן פון זיך. פון דער אַנדער זייט איז דער עצם זינען און דער וואוקס פונעם איך אָפּהענגיק פון דעם ווי אַזוי אַרומיקע רופן זיך אָפּ, מיט שנאה, גלייכגילט אָדער וואַרעמקייט; מיט הסכמה אָדער קעג־נערשאַפט; מיט נאָענטקייט אָדער ווייטקייט, אאז״וו. אַ מענטש קען זאָגן אַז ער טוט בלויז דאָס וואָס ער אַליין האַלט פאַר גוט און שיין און עס אַרט

אים ניט וואָס אַנדערע טראַכטן וועגן אים. אָבער אין דער אמתן, ניט בלויז איז אַ גוזמא דאָס וואָס ער מיינט, ווייל אים אַרט שוין גאָר וואָס אַנדערע טראַכטן וועגן אים, נאָר ער פאַרגעסט אַז דער סאַמע געבאָט צו טאָן וואָס עס איז גוט און שיין איז אַן אַלגעמיין־אָנגענומענע מצווה און זיין „איך" האָט דאָס ניט אויסגעטראַכט בלויז פון אייגענעם קוואַל.

אָט די אילוזיע פון אַן אייגענעם, אָפּגעגרענעצטן, אין זיך איינגעגראָבענעם „איך" טוט אָן אַ סך שאָדן אין קאָנקרעטע מענטשלעכע באַציאונגען. פון וואַנען די אילוזיע שטאַמט איז ניט שווער צו פאַרשטיין. אַזוי ווי דער פיזישער גוף איז אַן אָפּגעזונדערטע זאַך, דאַכט זיך אויס אַז דאָס איז אויך די כאַראַקטעריסטיק פונעם איך וואָס „וואוינט" אין אים. צוליב דעם ווערט די סתירה פאַרשאַרפט און דאָס פירט אויף שלעכטע וועגן.

סתירות זענען נאַטירלעך ניט קיין נאָווינע אין אונדזער גייסטיקן לעבן. מען וואָלט אָפּילו געקענט זאָגן, אַז דער שטאָף פון דער מענטשלעכער נשמה באַשטייט פון סתירה. אָבער די סתירה וואָס איז פאַרוויקלט אינעם איך־געפיל איז פון אַ ספּעציעלן מין. עס קען, למשל, זיין אַ סתירה צווישן דעם פאַרלאַנג צו זיין ערלעך און דעם פאַרלאַנג צו לעבן באַקוועם. דער צווייטער פאַרלאַנג קען אַמאָל צורעדן מען זאָל זינדיקן קעגן דעם ערשטן. ביידע פאַרלאַנגען געפינען זיך — ניט אַריינגייענדיק אין זייטיקע דרכים — אין רשות פונעם זעלביקן מענטשן מיט אַ ברירה אויסצוקלייבן איינעם פון די צוויי.

אַביסל אַנדערש איז די לאַגע אין שייכות צום איך. דאָס געפיל פון אַן אייגענעם איך און דאָס באַוואוסטזיין פון זיין עקזיסטענץ און כאַראַקטער ליגט אינעם סוביעקט, אָבער די דיעטע וואָס קען אים דערנערן און אַנטוויקלען, אָנערקענונג מצד די אַרומיקע, דאָס געפינט זיך אין גאַנצן אין רשות פון אַנדערע; איבער דעם קען דער סוביעקט קיין דעה ניט האָבן. ממילא ווערט אָפט געשאַפן אַ טרויעריקער ריס אינעם איך־לעבן וואָס דערפון איז פשוט קיין אויסוועג ניטאָ. עס איז די סתירה צווישן דעם וואָס איינער דאַרף און דער צווייטער קען ניט, ווייל ניט אָדער איז ניט בכוח צו געבן.

אמת, די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָט אויסגעאַרבעט אַ נעץ קינסטלעכע מיטלען דעם דאָזיקן ריס צו פאַרלאַטען; דאָס זענען די פאַרשיידענע פאָרמען פון העפלעכקייט, קאָמפּלימענטן, מאַסקירטע שפּראַך, וואָס ווערן אָנגענומען ווי אַן עטישער מוז אין מענטשלעכע באַציאונגען, ד"ה, מען דריקט אויס אַלדאָס גוטס אין דער וועלט ניט געמיינטערהייט. שפּירעוודיקע נאַטורן, ווער שמועסט פון קרענקלעכע איך־גריבלער, וועלן כסדר חושד זיין אַז אין אַזאַ געגעבענער אָנערקענונג איז צופיל געזאָגט און צו ווייניק געמיינט, וועלן זיי צוליב דעם זיך פילן אומגליקלעך־עלנט און אָפּגעשטויסן. ביי נעוראָטיקער קען דאָס פירן צו גאָט ווייסט וואָס.

מיר ווייסן וואויל אַז ניט אַלץ וואָס אַ מענטש טוט לאָקאַליזירט ער אין זיין איך. ביי קלייניקייטן, זאָגן מיר, אַ צופעליקער גענעץ, און אין

מאָמענטן פון פאַרכאַפּנדיקער אַקטיווויטעט אָדער גרויסע סכנות, למשל ביי זעלנער אויפן שלאַכטפעלד, קען אַ מענטש זיין אין גאַנצן פריי פונעם באַוואוסטזיין אָדער געפיל אַז זיינע איבערלעבונגען האָבן צו טאָן מיט עפּעס אַן אָפּגעגרענעצטן איך. מען דאַרף תמיד געדענקען דעם חילוק צווישן באַוואוסטזיין און זעלבסט־באַוואוסטזיין. מיר ווייסן נאַטירלעך ווען מיר ווערן געפייניקט פון אַ קאָפּווייטיק, אָבער דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש פונעם באַוואוסטזיין בעת מען גיט אונדז קרעדיט פאַר אַן אויפטו. אין ערשטן פאַל האָט עס צו טאָן מיט אַ שפּירונג אינעם אָרגאַניזם, עס איז אַ ווייטיק וואָס ליגט אין אַ באַשטימטן טייל פונעם קערפּער, אין צווייטן פאַל קומט דאָס באַוואוסטזיין פון אַן איבערלעבונג אין דער טאָטאַליטעט פון דער פּסיכישער סיסטעם פון אַ פאַרגאַנצטן איך.

כדי ווי ווייט מעגלעך אויסצומיידן די פּיינלעכקייט פונעם דערמאָנטן ריס וואָלט געקענט זיין נאָך אַן עצה. ניט אָנפּילן סאָציאַלע באַציאונגען מיט העפלעכקייטן, וואָס צו אָפט קוקן פון זיי אַרויס די פאַלשע שטעך, נאָר אויפבויען אַזאַ סאָרט לעבן וואָס האַלט ניט, אַזוי צו זאָגן, אין איין שלעפּן ביי די אויערן, שטענדיק אַרויפצווינגען, דאָס איך־באַוואוסטזיין. אַזאַ מין לעבן געפינען מיר טאַקע אין פּרימיטיווע קולטורן, און וואָס פּרימיטיווער אַלץ זעלטענער הייבן זיך אַרויס די איך־מאָמענטן אין יענעם שטייגער לעבן. האָט אָבער אונדזער העכערע פאָרם פון קולטור און ציוויליזאַציע אַלץ שאַרפער און שטעכיקער אַרויסגערוקט דאָס איך־באַוואוסטזיין מיט אַ געפערלעכער פאַרשפּיצטקייט.

הייגטיקע צייטן זעט מען באַשיינפּערלעך ווי עס איז געוואַקסן, און האַלט אין ווייטער שטייגן, דער פּראָצעס פון פּערסאָנאַליזאַציע. וואו מען זאָל זיך ניט קערן וואַרפט זיך אין די אויגן דער אייגענער נאָמען. מען זעט דעם נאָמען אויפן בריוו־קעסטל, אויף דער טיר, אויף די בריוו־בלאַנקען, אויף די קאָנווערטן פון דער צאָלרייכער קאָרעספּאָנדענץ פון פאַרשיידענע געשעפטן, אַנאָנסן, אָפּיסעס, אָרגאַניזאַציעס, בקשות צו שטיצן, העלפן, זיך באַטייליקן, אאַז״וו. מיר געדענקען אויסגעצייכנט די נומערן פון אונדזער באַזונדערקייט. אַ נומער פונעם אָנצוג וואָס מיר טראָגן, פון העמד, קאָלנער, אַרבל, שיך, זאָקן, הוט. די היים איז פול מיט פּערזענלעכע פאָטאָגראַפיעס ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן און אין אַלע מעגלעכע פּאָזעס. די וויכטיקסטע געדענק־טעג, פּייערלעכקייטן, אין דער היים זענען די פּערזענלעכע געבוירנטעג, חתונה־טעג, וואָס ווערן פּראָגראַמאַטיש געפּראַוועט מיט בלעכענע, זילבערנע און גאָלדענע חתונות. אויך די בר־מצווה פייערונג האָט אַ טענדענץ צו ווערן אַ ריין־פּערזענלעכער געדענק־טאָג.

מיר ווייסן אַז מען דאַרף ברענגען ספּעציעלע מתנות, מיטן געהעריקן פּערזענלעכן נאָמען און אויפשריפט, לכבוד פּלוני בן פּלוני ביי דער געלעגנהייט פון זיין געזונט ווערן, אָוועקפאָרן, צוריקקומען, אָדער ביים אַריבערקלייבן זיך אין אַ נייער דירה. ביי פאַסיקע געלעגנהייטן דאַרף מען אויך דערקלערן

דער עפנטלעכקייט, עפּעס אַן עפנטלעכקייט, זיינע אויפטועז און פאַרדינסטן. מיר דאַרפן דאָס אַרויסרעדן מיט גאָלדענע אותיות און קיינמאָל ניט פאַרגעסן די געהעריקע מאָס צוקער און זאַלץ ביים צוגרייטן דעם טאָסט. ווען מיר קומען אַהיים פון אַזאַ שמחה, זענען מיר גרייט אויפצונעמען דעם בריוו פון דער באַנק וואָס זאָגט אונדז אָן די פריילעכע בשורה, אַז דאָס פּערסאָנאַליזירטע טשעק־בוך וואָס מיר האָבן באַשטעלט איז שוין פאַרטיק.

וואָס העכער אַ קולטור, און וואָס פרייער זי איז, אַלץ מער עפענען זיך געלעגנהייטן פאַר יעדן אײנצלנעם זיך צו דערזען, אַלץ מער ווייזן זיך פאַר אים אָביעקטיווע סימנים אַז ער ווערט געזען פון אַנדערע. דאָס פאַרשאַרפט און פאַרשפּיצט זיין זעלבסטבאַוואוסטזיין און זיין איך־געפיל און עס פאַרשטאַרקט זיין תאווה געזען צו ווערן. אָבער געזען ווערן, האָט דאָ, פאַרשטייט זיך, ניט קיין שייכות צום חוש הראיה, עס הייסט, גיכער, אויפגענומען צו ווערן ווי אַ פּאָזיטיווער טייל פונעם גאַנצן. אָט דאָ עפנט זיך אַ קוואַל פון צרות וואָס דער פאַרלאַנג געזען צו ווערן קען אַרויסרופן.

אויב דאָס געזען ווערן איז ניט קיין פיזישער אַקט, ליגט דאָך דער זינען דערפון בלויז אין אַ באַשטימטער קוואַליטעט, ד"ה, געזען ווערן אין ליכט פון אַ באַשטימטן פּאָזיטיוון צושטייער צו דער סאָציאַלער גאַנצקייט וואָס אין איר באַטייליקט מען זיך. עס איז גוט געזען צו ווערן ווי אַן אָנגעלייגטער גאַסט, כאָטש — און דאָ ליגט דער קוואַל פון אַלע צרות — עס ליגט ניט אין אונדזער רשות צו באַשטימען אויף ווי ווייט מיר זאָלן זיין „אָנגעלייגט" די פּריווילעגיע צו באַשליסן דעם אָנהייב און דעם סוף פון אונדזער אָנגע־לייגטקייט מוז בטבע ליגן אין די הענט פון אַנדערע.

עס איז אינטערעסאַנט צו טראַכטן וואָסער געוואַלדיקע ראָלע עס שפּילט אין דער יידישער רעליגיעזער עטיק — ממילא אין די אַנדערע רעליגיעס וואָס זענען צווייגן אַרויסגעוואַקסענע פונעם יידישן שטאָם — די טעמע גאווה־עניוות. פון די עלטסטע אגדות ביז די בליציקע ווערטלעך און פער־זענלעכע מידות פון חסידישע רביים הערט ניט אויף די וואָרענונג קעגן גאווה און די פאַרהייליקונג פון עניוות. אין דער אָנגענומענער אַלגעמיין־געזעל־שאַפטלעכער עטיק האָט זיך אין דעם פּרט גאָרניט געביטן. אַקצענטירן די אייגענע מעלות איז נאָך אַלץ זייער אַנטיפּאַטיש און באַשיידנקייט ווערט געפילט ווי אַ ליבע מידה.

דאָס לאָזט זיך לייכט פאַרשטיין. וואָרעם גאווה איז אַן אויסדרוק פון וועלן פאַרכאַפּן די מאַכט, וואָס האָט בלויז אַ זינען ווען זי געפינט זיך אין די הענט פון אונדזערע אַרומיקע, און אַליין באַשטימען דעם ווערט פון אונדזע־רע פאַרדינסטן, ממילא פון אונדזער אָנגעלייגטקייט. אייגנטלעך, ניט בלויז וויל דער בעל־גאווה אַליין דאָס באַשטימען, נאָר צווינגען די נאַטירלעכע באַלעבאַטים איבער דעם אַז זיי זאָלן אָננעמען זיין באַשטימונג. פאַרקערט, עניוות, הייסט לאָזן גיין מיט זיין נאַטירלעכן דרך דעם סאָציאַלן מעכאַניזם

וואָס באַשטימט די פּאָזיציעס פון זיינע באַטייליקטע, אָן דעם ספּעציפישן דרוק מצד דעם אָדער יענעם לטובת זיך אַליין.

צווישן די דאָזיקע צוויי מידות, ווי אַלץ ביי מענטשן, זענען דאָ פאַר־שיידענע פאָרמען און מדרגות. אָפּט פאַרשטעלט זיך גאווה אין דער מאַסקע פון עניוות און איז נאָך מער צעשטערעריש. ערלעכע עניוות קען אויך ביי וויטגייענדיקע מאָראַלע נאַטורן אָננעמען אַסקעטישע פאָרמען. אַזעלכע האַלטן זיך אָפּ פון געבן דעם פולן מעגלעכן צושטייער פון זייערע קוואַלי־פיקאַציעס אין זייער געזעלשאַפטלעכן קרייז. זיי האַלטן זיך אָפּ אויס מורא פאַרן חשד פון „גרויסהאַלטער", אָדער צוליב עפּעס אַ טיפן ווידערווילן צו פאַרנעמען אַ פראָנט־פּאָזיציע. עס קענען אויך זיין פאָרמען אי פון גאווה, אי פון עניוות, וואָס זעען זיך ניט אַרויס, וואָס ווערן געטראָגן אינעווייניק, פאַרשטעלט פון דרויסנדיקן אויג. דאָס איז באַזונדער כאַראַקטעריסטיש פאַר נעוראָטישע אָדער פּסיכיש־צעשפּאָלטענע פּערזענלעכקייטן.

ווי באַמערקט, איז אונדזער ליידנשאַפט געזען צו ווערן, אין אָנגעוויזענעם טייטש פון וואָרט, אַ דירעקטער פּועל־יוצא פונעם פאַקט וואָס מיר זענען באַשעפענישן מיט אַ באַוואוסטזיין פון דער אייגענער עקזיסטענץ און אַלץ וואָס דאָס פאַרוויקלט אין זיך. עס איז אונדז אויך קלאָר אַז דאָס מאָדערנע לעבן פאַרשטאַרקט מיליאָנען־פאַך די דאָזיקע תאווה און רופט אַרויס מורא־דיקע פּראָבלעמען צווישן אונדזער אייגענער אָפּשאַצונג פון זיך אַליין און דער אָפּשאַצונג וואָס מיר קריגן מצד די באַשטימער פון אונדזער פּאָזיציע אין סאָציאַלן לעבן בכלל און ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן בפרט.

עס זענען פאַראַן אָן אַ צאָל מעגלעכע אופנים זיך אָפּצורופן אויף אַזעלכע קאָנפליקטן. ביי פּסיכיש־קרענקלעכע פּערזענלעכקייטן קען דאָס פירן צום ווייטסטן עקסטרעם — זעלבסטמאָרד. קיין גרינטלעכע פאָרשונג פון זעלבסט־מאָרד קען דעם דאָזיקן פאַקטאָר ניט אויסמיידן, כאָטש מען קען אים טייטשן לויט די פאַרשיידנסטע טעאָריעס. איין זאַך איז קלאָר, די ליידנשאַפט געזען צו ווערן ווי אַ כוח וואָס מען דאַרף זיך מיט אים רעכענען, רופט אין אונדז אַלעמען אַרויס זייער ביטערע קאָנפליקטן אין לעבן. פּסיכיש געזונטע מענטשן האַלטן דאָס אויס, געפינען אַן אויסוועג. אַ קראַנקע נשמה קען דערפירט ווערן צו אַזאַ צושטאַנד פון עקסטרעמען יאוש אַז זי גיט זיך אַליין דעם לעצטן קלאַפּ. עס קען קיין ספק ניט זיין אַז אין אָטאָ ווייַנינגערן האָט געלעבט אַזאַ נשמה. דאָס איז אָבער בשום אופן נאָך ווייט ניט די גאַנצע מעשה.

## געשלעכט און כאַראַקטער

ווען מען זאָל זיך פאַרגינען צו רעדן אין בעלעטריסטישע טערמינען וועגן אַזאַ פילאָסאָפירנדיק־אַנאַליטיש בוך ווי געשלעכט און כאַראַקטער, וואָלט מען זאָגן אַז עס איז אַ מעשה וועגן דעם מענטש־גורל וואָס רופט אַרויס דריי העלדן. די העלדן זענען ניט קיין קאָנקרעטע, ממשותדיקע באַ־

שעפענישן נאָר אידייען: די אידייע פונעם איך, פון ווייבלעכקייט און פון יידנטום. ווי מיר זעען זענען אַלע דריי אַבסטראַקציעס, אָפּגעריסן פון קאָנקרע־טע לעבנס און געשעענישן. פאַרוואָס זאָל אַזאַ יונגער מענטש, וואָס האָט נאָך קיין געגנוג צייט ניט געהאַט אַרויסצורייסן זיך פון ערדישע וואָרצלען, ווי קומט דאָס וואָס ער זאָל פון אַזעלכע קאָנקרעטע פאַקטן אַרויסציען דווקא, און בלויז, די מעטאַפיזישע זאַפטן? פאַרוואָס זאָל אים בלויז פאַראינטריגירן דאָס וואָס איז דערווייטערט פון רעאַלן לעבן?

מילא, וועגן דער איך־אידייע קען מען אַזאַ קשיה ניט פרעגן. דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט עפּעס וואָס איז בטבע אַבסטראַקט, פאַרהוילן פונעם רעאַלן חוש הראיה. קען בלויז זיין אַ חידוש פאַרוואָס אַזאַ יונגער מענטש זאָל זיך אין אַזאַ ענין אַריינטאָן, דערצו נאָך אַזוי פאַרזינקען זיך אין דעם. אָבער כל זמן ער רירט זיך צו דעם צו איז קיין אַנדער ברירה ניטאָ ווי נאָר צו אָפּערירן מיט אַ הוילער אַבסטראַקציע. אָבער ווייבלעכקייט, יידנטום, זיי האָבן קאָנ־קרעטע מענטשלעכע פאָרמען וואָס זענען די איינציקע זיכערע עדות פון זייער ערדישער עקזיסטענץ, פאַרוואָס האָט אים אויך דאָ געצויגן רק צו דער אַבסטראַקטער אידייע? ווען עס קומט צו די געשלעכטער רעדט ער ניט פון געזעענע מענטשן נאָר פון פּרינציפּן, דעם מענלעכן פּרינציפּ, דעם ווייבלעכן פּרינציפּ. ווען עס קומט צו יידנטום זאָגט ער: „לויט מיין צוגאַנג איז יידנטום ניט קיין רעליגיע, קיין פאָלק, קיין ראַסע און קיין קולטור. ווען איך רעד וועגן יידן מיין איך ניט דעם יחיד און ניט דעם כלל נאָר בלויז דעם מענטש בכלל, בלויז ער איז אַ טייל פון דער פּלאַטאָנישער אידייע פונעם יידנטום, און בלויז צום באַטייט פון דער דאָזיקער אידייע וויל איך זיך דערגרונטעווען".

מען וואָלט אפשר געקענט זאָגן, אַז דערמיט האָט ער בלויז אויסגעדריקט דעם איינפלוס פון דער דייטשישער אידעאַליסטישער טראַדיציע אין זיין פילאָסאָפירן. אָבער דאָס וואָלט ניט געווען קיין פולער תירוץ ווען עס רעדט זיך וועגן אַזאַ פערזענלעכקייט ווי אָטאָ ווייַנינגער. זיין זעלבסטשטענדיקייט אין דענקען מיט דער רייסנדיקער תאווה צו זיין אַנדערש וואָלט אים אַוועק־געריסן פון דער פילאָסאָפישער טראַדיציע אויב עס וואָלט ניט געווען קיין טיפערע סיבה וואָס האָט אים אַריינגעטריבן אין דער וועלט פון מעטאַפיזישע אידייען.

איך מיין אַז דאָ האָט געשפּילט אַ ראָלע דאָס רייסן זיך צו זיין אַליין, דערווייטערט פון דער ערדישער רעאַליטעט. וואָס מער ער האָט זיך אַריינ־געלעבט אין דער וועלט פון די פּלאַטאָנישע אידייען, אַלץ מער האָט ער געקענט דערפילן זיין אַליינקייט, אַלץ מער איז ער געווען פריי אַריינצו־אָטעמען אין זיך זיין זעלבסטפאַרהערלעכונג. אין יענער העכערער וועלט פון מעטאַפיזישע רעיונות האָט ער פרייער געקענט טראַכטן, ווי ער זאָגט אין קאַפּיטל „איך־פּראָבלעם און געניאַליטעט": „עס איז ניטאָ און עס קען ניט זיין אַזאַ וויכטיקער מענטש וואָס ביי אים קומט ניט אַ מאָמענט — און

וואָס וויכטיקער ער איז אַלץ פריער קומט אָן דער מאָמענט — ווען ער קריגט די פולשטענדיקע זיכערקייט אַז ער פאַרמאָגט אַן איך אין העכערן זינען״. ער האָט זיך שטאַרק געניייטיקט אין דער וועלט פון אידעאַלע קאָנסטרוקציעס כדי עס זאָל אים קענען אַרומנעמען יענע „פולשטענדיקע זיכערקייט״.

אויך דער צווייטער „העלד״ פונעם ווערק פאַרדינט אונדזער אויפמערקזאַמקייט, אָבער דאָ קען מען עס שוין מאַכן אַביסל בקיצור. ווי געזאָגט, האַנדלט זיך דאָ וועגן די פּרינציפּן פון ווייבלעכקייט און מענלעכקייט. וויינינגער שטרייכט אונטער ממש מיט פאַרביסענעם דאָגמאַטיזם די העכערקייט פונעם ער־פּרינציפּ לגבי דער שעדלעכער נישטיקייט וואָס פּילט אָן די זי־אידייע.

ביי די פּסיכיאַטרן, ספּעציעל ביי די פּסיכאָאַנאַליטיקער, איז דאָס אַן עיקרדיקער אויסגאַנג־פּונקט צו דערקלערן וויינינגערס פּערזענלעכקייט. זיי זוכן אין זיין ביאָגראַפיע סעקס־קאָמפּלעקסן, פּערווערזע סעקס־מאַניפעסטאַציעס, באַוואוסטזיניקע, אומבאַוואוסטזיניקע, כדי דאָס צו פאַרשטיין. אויף ווי ווייט איך האָב געקענט אויסגעפינען איז ניטאָ קיין זאַך אין די געשעענישן פון זיין לעבן וואָס זאָל באמת שטיצן דעם דאָזיקן צוגאַנג. עס איז פאַראַן בלויז איין פּונקט, די אַנאַלאָגיע צווישן ווייבלעכקייט און יידנטום, וואָס אויף אים וועל איך זיך שפּעטער יאָ אָפּשטעלן.

זיין טעאָריע פון צוויי־געשלעכטלעכקייט פון יעדן מענטשן, דער עיקר זיין מאַטעמאַטישע פאָרמולע דערפון, קען איצט באַטראַכט ווערן בלויז ווי אַ טשיקאַווער איינפאַל. בקיצור איז דער געדאַנק גאַנץ פּשוט. מענלעכקייט און ווייבלעכקייט מאַניפעסטירן זיך בלויז טיילווייז דורך פיזישע און פיזיאָלאָגישע סימנים. דער עיקר חילוק צווישן די צוויי ליגט אין דער פּסיכישער ספערע: שטריכן, אייגנשאַפטן, טעמפּעראַמענטן, צוגאַנג צו וועלט און לעבן, אאַז״וו. יעדער מענטש טראָגט אין זיך אי דעם ער־פּרינציפּ, אי דעם זי־פּרינציפּ. די נפקא מינה איז בלויז וואָס יעדער מאַנספּאַרשוין פאַרמאָגט מער „ער״ ווי „זי״, בעת דאָס פאַרקערטע איז אמת וועגן דער פרוי.

אויב אַזוי, קען מען שוין פאָרמולירן אַ געזעץ וואָס רעגולירט דאָס געפעלן ווערן צווישן די געשלעכטער. פאַרוואָס פאַרליבט זיך אַ מאַן גראָד אין דער באַשטימטער פרוי און ניט קיין אַנדערער, און דאָס זעלביקע פאַרקערט? ווייל ביידע, מאַן און פרוי, שטרעבן צו דערגרייכן די פולסטע מאָס מענלעכקייט און ווייבלעכקייט וואָס געפינען זיך אין יעדן פון זיי. ממילא קען מען שוין פאַרשטיין אַז דער מאַן וואָס פאַרמאָגט, למשל, 60 פּראָצענט „ער״ און 40 פּראָצענט „זי״ וועט זיך פאַרליבן אין אַ פרוי וואָס פאַרמאָגט 60 פּראָצענט „זי״ און 40 פּראָצענט „ער״. די דאָזיקע פאָרמולע, האָט וויינינגער געמיינט, אַנטפּלעקט איין מאָל פאַר אַלע מאָל דעם סוד פון געשלעכטלעכער ליבע וואָס איז תמיד געווען אַ פאַרהוילענע רעטעניש.

אָבער „ער״ און „זי״ זענען ניט סתם פּרינציפּן וואָס ליגן אין דער סאַמע

פאָרמאַציע פון אונדזער פערזענלעכקייט, עס איז אויך פאַראַן אַ פונדאַמענ־טאַלער קוואַליטאַטיווער אונטערשייד צווישן זיי. בדרך כלל גענומען, האַלט וויינינגער, האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם ער־פּרינציפּ פאַר אַלץ וואָס איז שאַפעריש גרויס און דערהייבן אין אונדזער לעבן. פאַרקערט, דער זי־פּרינציפּ פאַרמאָגט ניט, לויט זיין טבע, קיין עלעמענט פון פערזענלעכקייט, קיין פרייען ווילן און איז שולדיק אין אַלץ וואָס דערנידעריקט.

מען מוז מודה זיין אַז די ערודיציע און די אַנאַליטישע כוחות וואָס וויינינגער ברענגט אַרויס דאָס אַלץ צו באַווייזן, איז אומגעווייטלעך פאַר אַזאַ יונגן מענטשן. ער אָפּערירט מיט אַזאַ ברייט־פאַרנעמיקן אַפּאַראַט אַז אַפילו געלערנטע מיט עטאַבלירטע רעפּוטאַציעס וואָלטן זיך מיט דעם ניט געדאַרפט שעמען. מען מעג אין גאַנצן אָננעמען פרוידס חשד, אַז די טעאָריע פון מענטשלעכער צווייגעשלעכטלעכקייט האָט וויינינגער גענומען ביי אַנדערע, אָדער באַאיינפלוסט געוואָרן פון אַנדערע, און דאָך איינזען אַז ער האָט צוגעגעבן גענוג אייגנס, אין אַלע פּרטים, אַז ער זאָל פאַרדינען אומגעשפּאַרטע אָנערקענונג. דער טעזיס גופא, דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער ענין. היינטיקע צייטן האָבן אַזעלכע געדאַנקען ניט מער ווי אַ מוזעאַלן ווערט. סיי די באַנוצטע מעטאָדן צו באַווייזן אַזעלכע וועלט־איבערקערנדיקע השערות, סיי די השערות גופא זענען בלויז טשיקאַווע מערקווערדיקייטן וואָס אַ הויך־קוואַליפיצירטער מענטשלעכער קאָפּ האָט אויסגעטראַכט.

## די „פּלאַטאָנישע אידייע פון יידנטום"

אַ גרויסער טייל פונעם קאַפּיטל „דאָס יידנטום" באַשטייט אין אַ פאַרגלייך צווישן יידן און פרויען. עטלעכע ציטאַטן וועלן דאָס אַרויסברענגען אויפן קלאָרסטן אופן און אין איינוועגס באַלייכטן אויך אַנדערע פונקטן.

„ווען מיר טראַכטן, זאָגט וויינינגער, וועגן דער יידישער פייאיקייט זיך צוצופאַסן, קומט אַרויס דער פולשטענדיקער אויסגלייך צווישן יידנטום און ווייבלעכקייט. דער גרויסער טאַלאַנט וואָס יידן ווייזן אַרויס אין זשורנאַליזם, די ,באַוועגלעכקייט' פון יידישן גייסט, דער דוחק אין אַ וואָרצלדיקן און איינגעבוירענעם צוגאַנג, אַזעלכע זאַכן האָבן ביי יידן און ביי פרויען קיין ווערט ניט. זיי זענען גאָרניט, ממילא קענען זיי אַלץ ווערן".

„ווי אַ פאַרגלייך צווישן פרויען און יידן איז מערקווערדיק דאָס וואָס ביי יידן איז בילכער צו פאַרמאָגן באַוועגלעכע עשירות, אויך היינט ווען עס איז זיי דערלויבט צו האָבן אַנדערע מינים אייגנס. זיי האָבן ניט דעם אמתן חוש פאַר האָבן עפּעס אייגנס, לכל הפּחות אין זיין גרונטיקער פאָרם, דעם ערד־באַזיץ. וואָרעם אייגנס איז אינטים פאַרבונדן מיט אייגנאַרט, מיט אינדיווידואַליטעט".

„פונקט ווי עס איז ניטאָ קיין עכטע ,פרויען־חשיבות', אַזוי איז אומ־

מעגלעך זיך פאַרצושטעלן אַ יידישן ,דזשענטעלמאַן׳... דער עכטער ייד, ווי די עכטע פרוי, לעבט בלויז אין זיין מין, ניט ווי אַ פערזענלעכקייט״.

דאָס קאַפּיטל אַנטהאַלט זייער אַ סך איבערחזרונגען. אין די עטלעכע געבראַכטע פּאַראַגראַפן קען מען אַרויסלייענען, אויב ניט אַלץ איז לכל הפּחות דעם סאַמע עיקר, וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן יידן. זאָלן עטלעכע ווייטערדיקע פּאַראַגראַפן דערגאַנצן דאָס פריער־ציטירטע.

„דאָס וואָס מלוכה איז יידן פרעמד, ניט בלויז פון נעכטן נאָר פון אַלעמאָל, באַטייט אייגנטלעך אַז דעם יידן, פונקט ווי דער פרוי, פעלט פערזענלעכקייט... די יידן, ווי די פרויען, האַלטן זיך צוזאַמען, אָבער זיי פאַרברענגען ניט צוזאַמען ווי זעלבסטשטענדיקע, באַזונדערע וועזנס אונטערן צייכן פון אַן אידייע, פון איבער־אינדיווידואַליטעט....״

„צוליב דעם איז יעדער מין ציוניזם אָן שום אויסזיכט, כאָטש ער האָט אויפגעזאַמלט די איידלסטע באַגייסטערונג ביי יידן, וואָרעם דער ציוניזם איז דער היפּוך פון יידנטום וואָס לויט זיין תוך דאַרף ער זיך פאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער וועלט. דער באַגריף פון אַ בירגער איז ביים יידן איבער זיין השגה. דעריבער איז ביי יידן קיינמאָל קיין מלוכה ניט געווען אין אמתן זינען פון וואָרט און עס קען אַזעלכע ניט זיין״.

פאַראַן איין חילוק צווישן פרויען און יידן. פרויען האָבן טאַקע ניט קיין גלויבן אין זיך, האָבן זיי, לכל הפּחות, אַ גלויבן אינעם מאַן, אין אַ קינד. יידן האָבן בכלל קיין גלויבן ניט, קיינמאָל קיין גלויבן ניט געהאַט: „דער יידישער מאָנאָטעאיזם האָט גאָר ניט צו טאָן מיט גלויבן אין גאָט. עס איז אַ סך מער אַן אָפּלייקענונג דערפון״. אָבער אַזוי ווי גלויבן, עכט רעליגיעזער גלויבן, איז דער פונדאַמענט פון אַלץ, איז שוין פון דעם געדרונגען אַז „דער ייד איז גאָרנישט ווייל ער גלויבט אין גאָרניט״. דאָס דערקלערט אויך, לויט ווייני‌נגערן, דעם יידישן מאַטעריאַליזם וואָס גראַמט זיך אַזוי שטאַרק מיט יידישער גייסטלאָזיקייט.

עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז דאָס דאָזיקע בילד פון פרויען און יידן, און דער ׳שטענדיקער פאַרגלייך צווישן זיי, נעמט זיך ביי ווייני‌נגערן פון זיינע איבערלעבונגען אין זיין פאַמיליע. דער פאָטער איז געווען ווייט פון יידן אין לעבן און אַנטיסעמיטיש אין זיין געמיט. ער איז אויך געווען די דאָמי־נירנדיקע פיגור אין דער היים און רעזערווירט פאַר זיך מיט כוח דאָס לעצטע וואָרט. ער איז אויך געווען שטרענג ערלעך אין פּרטים פון טעגלעכן אויפפיר. די מוטער איז געווען פיזיש קראַנק און גייסטיק שוואַך. עס קען זיין אַז זי האָט אַרויסגעוויזן אַ מער פּאָזיטיווע באַציאונג צו איר יידישקייט און אפשר אויך אין דעם גופא באַמיט זי זיך דעם מאַן מפייס צו זיין מיט ווייבלעכער נאָכגיביקייט. אויף אַזאַ אופן האָט זי געקענט ווערן דער סימבאָ־לישער אויסדרוק פון דער קאָמבינאַציע פרוי־ייד. צי דאָס איז טאַקע אַזוי

געוועזן, איז שווער צו זאָגן, ווייל קיין ביאָגראַפישע באַשטעטיקונג איז, ווי ווייט איך וויס, וועגן דעם ניטאָ.

עס איז גיכער מעגלעך אַז דאָס בילד פונעם יידן וואָס איז אומגלויביק, מאַטעריאַליסטיש, אַן וואָרצלען, אומפּערזענלעך, עס קען זיין אַז דאָס האָט ער געקענט דרינגען פון פּערזענלעכע איינדרוקן פון עטלעכע ווינער יידן פון יענער צייט. עס איז דעמאָלט ניט שווער געווען צו טרעפן אַזעלכע יידישע יחידים צווישן אינטעליגענטישע ציניקער און יידן אַריינגעטאָנענע אין מקח וממכר. מעגלעך אַז ער האָט אויך געפונען זיין יידישן טיפּ אין דער בעלעטריסטישער און פּובליציסטישער ליטעראַטור. ווי עס זאָל ניט זיין, ווערן מיר ממש פאַרפירט, עס ווערט שווערער צו פאַרשטיין, דעם יידישן שונא פון יידן, ווען מען באַנוצט דעם פּאָפּולער־געוואָרענעם טערמין „זעלבסט־האַס".

אין זיין בוך דער יידישער זעלבסט־האַס פונעם יידישן געלערנטן און מאַרטירער טעאָדאָר לעסינג, איז טאַקע פאַראַן אַ קאַפּיטל וועגן אָטאָ ווייניג־גערן און אַנדערע אָפּטריניקע יידן וואָס ער האַלט אַז זיי דריקן אויס יידישן זעלבסטהאַס. איצט איז דער טערמין געוואָרן פּאָפּולער, מסתמא דערפאַר ווייל ער איז אַ מין אויסגעשריי, אַ געבייזער, וואָס דאָס מאַכט לייכטער דעם אינערלעכן פאַרדראָס אויף אַזעלכע יידן. אָבער קיין כאַראַקטעריסטיק פון וויינינגערס פּסיכישן צושטאַנד איז דאָס ניט. וויינינגערס „זעלבסט" האָט זיכער ניט געליטן, ניט געקענט ליידן, פון אָט דעם האַס.

מען קען אָננעמען אָן ערנסטע ספקות, אַז אין זיין איך זענען קיין ייד־וואָרצלען ניט געווען פאַרזייט. ער איז געוואַקסן אין אַ היים וואָס האָט קיין שום יידישן צייכן אָדער סימבאָל ניט פאַרמאָגט. זיין פאָטער, דער וואָס איז געווען דער גייסט און דער באַפעלער פון זיין היים, איז געווען אָפן יידן־פיינדלעך. אין זיין בוך געשלעכט און כאַראַקטער, דאָרט וואו ער ווייזט אָן אַז ס'איז זייער וויכטיק צו מאַכן אַ פאָרשונג וועגן יידנטום, זאָגט ער אַז ער אַליין שטאַמט פון יידן *). אָבער ער איז גענוג אָפּגעהיט ניט צו זאָגן אויף זיך אַז ער איז אַ ייד; ער זאָגט בלויז אַז ער שטאַמט פון אַזעלכע וואָס מען רופט געוויינטלעך יידן.

דאָס איז געווען אַ היים־סביבה וואו די גרויסע יידישע טראַגעדיע פון שמד איז לחלוטין ניט געזען געוואָרן אין אַזאַ ליכט וואָס זאָגט אָן עפּעס אַ טיפע אינדיווידועלע און סאָציאַלע איבערקערעניש. פיר קינדער האָבן זיך געשמדט און ס'האָט ניט געמאַכט, ווייזט אויס, דעם מינדסטן איינדרוק. עס איז געווען, מעג מען אָננעמען, ווי אַן אַריבערגאַנג פון איין פּאָליטישער פּאַרטיי אין אַ צווייטער, אָדער ווי בייטן דעם פאַמיליע־נאָמען.

---

*) איך נעם די דאָזיקע הערה פון דער עלפטער דייטשישער אויסגאַבע. זי געפינט זיך אויך אין אַנדערע דייטשישע אויסגאַבעס. אין דער נייסטער ענגלישער איבערזעצונג, איז די דאָזיקע באַמערקונג ניטאָ.

יידן זענען אין זיין סביבה מסתמא געווען אַ זעלטענע טעמע, ספּעציעל אין זיין קינדהייט. אויב ער האָט אַמאָל געדאַרפט אויסהערן אַן אַנטי־יידישע באַליידיקונג, האָט ער עס ניט געדאַרפט נעמען מיט דער גאַנצער וואָג אויף זיין חשבון. זיין דערציאונג און זיינע באַציאונגען מיט זיין נאָענטסטן אַרום אים האָבן אים ניט אידענטיפיצירט מיט עפּעס אַן אייגענער, פערזענלעכער יידישער סובסטאַנץ, אין וואָסער זינען עס זאָל ניט זיין. די אינפאָרמאַציע אַז ער שטאַמט פון יידן האָבן צופעליקע סימנים און אינצידענטן אים געבראַכט. ער האָט דאָס, זעט אויס, אויפגענומען מיט ניט מער באַטייט ווי אַ ידיעה אַז זיינע עלטערן זענען געבוירן געוואָרן אין אונגאַרן, אָדער ענלעכע אַזעלכע ידיעות. מעגלעך אַז ווען ער האָט אָנגעהויבן צו דערפילן זיין פיינדלעכע באַציאונג צו יידן, האָט ער קיין נחת ניט געהאַט פון דעם וואָס ער שטאַמט פון יידן. אָבער ער האָט געפונען אַ טעאָרעטישן אויסוועג פון אַט דעם אומ׳נחת: „דער אַנטיסעמיטיזם ביי יידן גיט אונדז די בעסטע ראיה אַז עס איז ניטאָ קיינער וואָס קען זיי אַז ער זאָל שפּירן אין יידן עפּעס וואָס מען קען ליב האָבן, אויך דער ייד ניט. דער אַנטיסעמיטיזם צווישן אַריער ווייזט אַן אַנדער ניט ווייניקער וויכטיקן געדאַנק: מען דאַרף ניט פאַרבייטן יידנטום מיט יידן. פאַראַן אַריער וואָס זענען יידישער ווי טייל יידן, פאַראַן יידן וואָס זענען באמת אַרישער ווי טייל אַריער".

צו וואָסער קאַטעגאָריע האָט ער אַליין געהערט? איז ער געווען אַן „אַרישער ייד" אָדער ניט? ער מאַכט דאָס אין ערגעץ ניט קלאָר. אָבער עס זענען פאַראַן געוויסע סימנים אַז ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מענטשן וואָס טראָגט ניט אין זיך דאָס נעגאַטיווע פון זיין יידנטום. דאָס ליגט שוין אין דעם וואָס ער האָט זיך בלי ספק געהאַלטן פאַר געניאַל, בעת יידנטום איז פאַר אים געווען בטבע אומפייאיק אויף געניאַליטעט. דאָס איז ביי אים געווען אַזוי זיכער, אַז ער אָנערקענט ניט קיין געניאַליטעט אַפילו ביי ספּינאָזאַן. והשנית, ער אַקצענטירט מיטן שאַרפסטן טראָפּ אַז מיט זיין אַנטי־יידישער טעאָריע האָט ער ניט אין זינען, ווי מיר האָבן געזען, קיין מענטשן, נאָר אַן אידיייע, די „פּלאַטאָנישע אידייע פון יידנטום". דאָס ראַטעוועט אים אויך פון זיין יידישן אָפּשטאַם, ווייל דאָס וויכטיקסטע איז דאָך ניט די ביאָלאָגיע פון אָפּשטאַם נאָר די מעטאַפיזיק פון דער אידייע.

ווען זיין דיסערטאַציע מיט אַלע זיינע טעאָריעס איז אָנגענומען געוואָרן און ער האָט באַקומען זיין דאָקטאָראַט, האָט דאָס אויך געקענט זיין אַ סימבאָלישע באַשטעטיקונג, אַז זיין אַנטי־יידנטום איז אָנגענומען געוואָרן און ער איז שוין פריי פון מינדסטן, מעגלעכן חשד אַז זיין יידישער אָפּשטאַם פאַרבינדט אים מיט יידן, ד"ה, מיט יידנטום. ווי עס זעט אויס, האָט ער מיט פולער כוונה אַכטונג געגעבן אַז אין זעלביקן טאָג זאָל זיך אויך אָפּשפּילן די ענדגילטיקע סימבאָלישע פעסטשטעלונג, פאָרמעלער שמד, אַז יידישער אָפּשטאַם האָט לחלוטין גאָר ניט וואָס צו טאָן מיט יידישער אָנגעהעריקייט.

דער ייד אין אים — אויף וויפיל מען קען דאָס בכלל אַזוי באַצייכענען — איז ניט געלעגן אינעם אומבאַוואוסטזיניקן וואָרצל פון זיין איך נאָר אין זיין באַוואוסטזיניקער אינפאָרמאַציע, אַז ער שטאַמט פון יידן און אין זיין וויסן, אַז אויך אַנדערע וויסן דאָס. די פאָרמעלקייט פונעם שמד איז דעריבער געווען אַן עפנטלעכער אַקט אַז אַלע זאָלן וויסן וואו ער געהערט אין דער אמתן. ער האָט אָבער ניט געוואוסט, ניט געקענט וויסן, אַז דערמיט האָט ער נאָך מער פאַרשאַרפט זיין טראַגעדיע.

מען קען באַטראַכטן אויף פאַרשיידענע אופנים די פילאָסאָפישע און טעאָלאָגישע אונטערשיידן צווישן יידישקייט און קריסטנטום. עס איז אָבער פאַראַן אַן אַנדער מין אונטערשייד צווישן די צוויי וואָס פאַרדיגט מען זאָל אים אַרויסהייבן. יידישקייט פאַרמאָגט אַ פסיכישן הייל־כוח וואָס קריסטנטום האָט ניט און קען ניט האָבן. דער אַריינטריט אין קריסטנטום באַטייט אַז מען גיסט זיך צונויף מיט אַן אידייע; אַז מען שיידט זיך אָפּ פון יידישקייט גייט מען אַוועק — אין צוגאָב צו אידייע — פון כלל ישראל. אין אָט דעם מאָמענט וואָס פילט אַן דעם אידייאישן תוך מיט אַ מענטשן־כלל — וואָס ווערט אַזוי כאַראַקטעריסטיש אויסגעדריקט אינעם מאמר: „ישראל ואורייתא חד הוא" — אינעם דאָזיקן גרויסן יידישן אויפטו ליגט אַ טיף־דרינגענדיקע פסיכישע קראַפט צו היילן פאַרוואונדעטע נשמות.

יידישקייט — האָבנדיק אין זינען די עיקרים פון דער קלאַסישער יידישער טראַדיציע — האָט תמיד אויסגעדריקט ניט בלויז אמונה און איבערצייגונג נאָר אויך, און ניט ווינציקער, באַשטימטע סאָציאַלע מעשים, מען האָט גע־דאַרפט עפּעס טאָן, עפּעס אָרגאַניזירן, עפּעס אונטערנעמען, לטובת הכלל. אַפילו די אידיאָמאַטישע אויסדרוקן ווי לטובת הכלל, עוסק בצרכי ציבור באמונה, טובת הנאה, דאָס אַלץ שטרייכט אונטער די פאַרפלאָנצטע ווערטן וואָס שטעלן צונויף די פסיכישע סיסטעם פון דער אידענטיפיצירטער יידי־שער פערזענלעכקייט. אַפילו דער חוב צו לערנען תורה, פשוט דער פראָצעס פון אָננעמען זיך מיט ידיעות און מיט דער לופט פון פאַרגאַנגענע יידישע דורות, איז אין אַ גאַנץ בולטן זינען אַ געזעלשאַפטלעכע לעבנס־פאָרם, אַ פאָדערונג צו לעבן אין דער ספערע פון גרויסע יידישע פערזענלעכקייטן וואָס זענען שוין מער ניטאָ.

אָט אין דעם שניידט זיך אַרויס דער חילוק צווישן דעם יידישן און דעם קריסטלעכן אין גייסטיקן לעבן. אין קריסטנטום איז דער ערשטער געבאָט איבערגעגעבנקייט, אין יידנטום, אָנגעהעריקייט. און כאָטש דאָס איבערגעבן זיך צו אידייען, אידעאַלן, ניט האָבנדיק אין זינען, אין דער ערשטער שורה, דעם מענטשלעכן קאָלעקטיוו וואָס אַרום זיי, האָט בלי ספק אַ זיכערן ווערט ווי אַ פסיכיש הייל־מיטל, קען זיך דאָס אָבער ניט פאַרגלייכן מיט אַזאַ אויסדרוק פון איבערגעגעבנקייט וואָס איז אין סאָמע וואָרצל אויך אַ פאָרם פון סאָציאַלער אָנגעהעריקייט.

אמת, דער כוח פון דער קאַטוילישער קירך צו היילן קרענקלעכע פסי־כישע מאַניפעסטאַציעס איז זייער גרויס. דאָס זעט זיך אויך אין דעם וואָס ביי קאַטאָליקן איז די צאָל זעלבסטמאָרדן די קלענסטע אין פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע קריסטלעכע דענאָמינאַציעס. דאָס נעמט זיך דער עיקר פונעם איינפיר זיך מתוודה צו זיין און עס ווערט אָנערקענט דעם גלחס כוח צו רייניקן פון זינד און אָפּוואַשן דאָס געוויסן. אויף וויפיל דאָס שולד־באַוואוסט־זיין שפּילט אַ ראָלע אין פּסיכישע קראַנקייטן — און קיינער קען עס ניט לייקענען, כאָטש מען דאַרף עס ניט מגזם זיין — דעמאָלט קען מען אויך ניט לייקענען אַז די קאַטוילישע קירך פירט דורך אַ פונקציע וואָס האָט אַ הייל־ווערט. אָבער די סאָציאַליזירנדיקע טענדענץ וואָס איז אַ מער אָנ־זעעוודיקער טרייב־כוח אין יידישער אָנגעהעריקייט פאַרמאָגט פּאָטענציעל געזינטערע פּסיכישע מעגלעכקייטן.

דאָס ווייזט זיך אויך אַרויס אין דער סטאַטיסטיק פון זעלבסטמאָרדן ביי יידן. עס איז בלי ספק ריכטיק, אַז דער דאָזיקער ענין פאָדערט אַ גרינטלעכע אויספאָרשונג וועגן דעם צושטאַנד אין איצטיקן מאָמענט. פאַראַן אַזעלכע וואָס צווייפלען צי ביי יידן איז איצט די צאָל זעלבסטמאָרדן קלענער ווי ביי אַנדערע, לויט עמיל דורקהיימס רעזולטאַטן אין זיין בוך זעלבסטמאָרד. אָבער לויט די השערות וואָס ווערן דאָ אַריינגעבראַכט וואָלט געדאַרפט אויסקומען אַז אין שייכות צו אַזאַ פּסיכאָפּאַטאָלאָגישער דערשיינונג ווי זעלבסטמאָרד וואָלט מען געדאַרפט מאַכן אַן אונטערשייד צווישן, לאָמיר זאָגן, מזרח־יידן און מערב־יידן, ד"ה, מען וואָלט זיך געדאַרפט ריכטן אַז אין פריערדיקן מזרח־אייראָפּע, וואו דאָס יידישע לעבן איז געווען אינטענסיווער און געדיכטער וואָלט די צאָל זעלבסטמאָרדן געדאַרפט זיין רעלאַטיוו קלענער איידער אין מערב, וואו יידיש לעבן האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ מין שיטערער אויבנאויפיקייט.

דאָס זענען טאַקע די רעזולטאַטן צו וועלכע עס קומט מאָריס פישבערג אין זיין ווערק די יידן. אמת, ער שרייבט עס צו דער עיקר צום איינפלוס פון דער שטרענג־אָפּגעהיטער שולחן־ערוכ'דיקער יידישקייט וואָס פאַרווערט זעלבסטמאָרד. מען דאַרף אָבער געדענקען אַז דאָרט וואו דער שולחן־ערוך האָט געהערשט האָט אויך דאָמינירט אַ קאָלעקטיוו קהילה־לעבן אויף גאָר אַ הויכער מדרגה. ממילא איז די ווירקונג פון ענערגישער סאָציאַלער טעטיקייט, וואָס איז בכוח שלא בכוונה אויסצוגלייכן פּסיכישע הויקערס, מסתמא ניט געווען קלענער ווי דער ריין רעליגיעזער טאַבו.

דער עיקר פון אַ מענטשלעכן איך איז די סיסטעם פון ווערטן וואָס וואָרצלען אין אים. אָבער עס איז לייכט צו פאַרשטיין אַז דער איך איז אַ סך מער עלול צו זיין, צו ווערן און צו פאַרבלייבן קרענקלעך־עגאָצענטריש ווען ער אָפּערירט אין די ד' אמות פון פּריוואַטן דענקען און פאַנטאַזירן,

איידער ווען ער ווערט באַהערשט פון פאָדערונגען וואָס באַהעפטן אים מיט סאָציאַל־אידענטיפיצירנדיקע מעשים.

ווײַנינגערס שמד האָט אין דער אמתן ניט באַטייט קיין געזעגענען זיך מיטן פאָלק פון זיין אָפּשטאַם, ווייל ער האָט אין זיין פאָלק קיינמאָל ניט געלעבט און די ווערטן פונעם דאָזיקן פאָלק האָט קיינער אין זיין איך ניט אַריינגעפלאַנצט, אַפילו ניט זיין דירעקטע פאַמיליע־ירושה. פון זיין ביאָ־גראַפיע איז אַפילו ניט צו זען אַז ער זאָל ווען האָבן ערנסט געליטן צוליב זיין יידישן אָפּשטאַם. אפשר האָט ער אַמאָל געהערט אַ באַליידיקונג־וואָרט אויפן חשבון פון יידן. אין ווין פון יענער צייט איז געווען שווער דאָס אויסצומיידן. אָבער קענטיק אַז דאָס האָט אים ניט צו שטאַרק געטראָפן. לויט זיין באַציאונג צו יידן און זיין פרעמדקייט פון יידן האָבן זיך אפשר אַזעלכע מאָמענטן בכלל ניט צו שטאַרק געקלעפּט צו אים, אַקוראַט ווי מען מאַכט אויף עמעצן אַ בילבול.

ער איז אַרומגעגאַנגען מיט זיין פאַרשלאָסענעם, עלנדן, זעלבסטפאַר־הערלעכטן איך און אַראָפּגעקוקט פון דער הויך פון זיין אינטעלעקטועלן פלי אויף דער קליינער און פרעמדער ערדישער וועלט. ער האָט ניט פאַרמאָגט דאָס געפיל פון יידישער אָנגעהעריקייט, ער האָט בכלל ניט פאַרמאָגט אַזאַ געפיל אין סאָציאַלן זינען פון וואָרט. דער איך זיינער האָט פאַרלוירן די נאַטירלעכע ווענדונג און ער איז געוואָרן אָנגעפילט מיט אַ מין פערזענלעכער ליידיקייט.

ער האָט, אַנאַליזירנדיק דעם דאָזיקן פסיכישן צושטאַנד, זיך אַליין דער־פירט צום שפּיץ פון מענטשלעכער גרויסקייט. וואָרעם עס קען קיין ספק ניט זיין אַז ער האָט שטאַרק אין זינען געהאַט זיך אַליין ווען ער באַמיט זיך צו דערקלערן דעם כאַראַקטער פונעם זשעני: „אַ מענטש מעג גערופן ווערן זשעני ווען ער לעבט אין באַוואוסטזיניקער פאַרבינדונג מיטן גאַנצן אוני־ווערס; בלויז דעמאָלט ווערט דאָס געניאַלע דאָס געטלעכע אין מענטשן״. דאָס איז ביי אים געווען אַ פּאָזיטיווער צוגאַנג צו אַ נעגאַטיוון פסיכישן פּראָצעס; פאַרבינדונג מיטן „גאַנצן אוניווערס״, און ענלעכע אַבסטראַקציעס, קען אויך באַטייטן אָפּגעריסנקייט פון יעדער, קאָנקרעטער מענטשלעכער אָנגעהעריקייט. נאָך נענטער קומט ער צו צו זיין פסיכישן צושטאַנד ווען ער זאָגט ווייטער: „בלויז דורך ליידן פאַרשטייט דער זשעני די וועלט, נאָר דורך ליידן מיט מענטשן פאַרשטייט ער זי. און דער זשעני ליידט צום מערסטן ווייל ער ליידט מיט אַלעמען און אין אַלעמען. אָבער צום מערסטן ליידט ער פון זיין מיטליידן״.

די סיבה פאַרוואָס ער איז אַרויסגעקומען מיט אַזעלכע אומבאַגרינדעטע און שרעקלעכע טעאָריעס וועגן יידן האָט פאַראינטערעסירט אַ סך פאָרשער. עס איז נאָך מער חידוש ווען מען פאַרגלייכט דאָס קאַפּיטל וועגן יידן מיט אַנדערע אין זיין בוך געשלעכט און כאַראַקטער. אומעטום לאָזט ער זיך

שווימען אין ברייטע ימען פון וויסנשאַפט, פילאָסאָפיע, געשיכטע, אַלגעמיינע קולטור, כדי עפּעס צו באַווייזן. ווען ער קומט צו יידנטום איז זיין אַפּאַראַט אַזוי אָרעם, ער באַמיט זיך אַזוי וויניק אַריינצודרינגען אין יידישן לעבן און שאַפן, אַז די רעזולטאַטן זענען כמעט אין גאַנצן געבויט אויף דער עדות־זאַגעריי פון דער דייטשישער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור. ער ווייזט אַרויס אַ סך מער באַקאַנטשאַפט מיט די מיינונגען וועגן יידן וואָס ער געפינט ביי וואַגנערן און ביי זיין איידעם האוסטאָן סטיואַרט טשעמבערליין איידער מיט פּאָזיטיווע יידישע קוואַלן.

מען קען אפשר, אין דעם פרט, אַ סך מער דרינגען פון אַן אַנדער מאָמענט. זיין פאָטער, לעאָפּאָלד, האָט אַרויסגעוויזן ממש אַ פאַרשיכורטע באַגייסטערונג פאַר וואַגנערס מוזיק. איצט האָט דער זון צוגעגעבן אַ נופך משלו. ער איז באַגייסטערט אי פאַר וואַגנערס מוזיק, אי פאַר זיין אַנטי־סעמיטיזם. ווי קען מען דאָס אַלץ דערקלערן? טייל פרעגן די פראַגע מיט אַזאַ חידוש ווייל זיי נעמען אָן אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַן אַטאַקע אויף זיך אַליין, ער האָט דאָך געשטאַמט פון יידן. אין דער אמתן האָט ער ניט באַוויזן אַז ער האָט געדאַרפט בייקומען אַן אינערלעכן אָפּהאַלט אין זיין רעדן אסור לדבר אויף יידן. פאַרקערט, עס איז געווען עפּעס וואָס האָט אים געקענט סטימולירן דערצו. דער פאַרגלייך צווישן יידן און פרויען זעט אויס זייער אָריגינעל. אַ בייסיקער אָנפאַל אויף אַלץ וואָס יידן זענען און וואָס זיי האָבן געשאַפן, איז זייער געוואַגט, בפרט ווען מען שטאַמט אַליין פון יידן. ניטאָ קיין גרעסערער יצר הרע פאַרן דענקענדיקן מוח ווי צו זיין אָריגינעל און געוואַגט.

זאָל, אגב, אויך באַמערקט ווערן אַז אין זיינע געדאַנקען וועגן יידן פאַרלירט ער זיך אין אַ לאַבירינט פון לאָגישע סתירות. פאַר אונדז איז סיי־ווי וויכטיקער צו טראַכטן אין אַן אַנדער ריכטונג. עס קען קיין ספק ניט זיין אַז ער איז געווען אַ מענטש מיט אומגעוויינטלעכע כוחות. עס איז פונקט אַזוי זיכער אַז ער האָט אין זיין פּסיכישער קאָנסטיטוציע געטראָגן יענע קרענקלעכע צערודערונג וואָס האָט אים ענדלעך געפירט צו מאַכן אַ סוף צו זיין יונג לעבן. ווי וואָלט געווען ווען ער לעבט אין אַן אינהאַלטלעך־יידישער היים, זאַפּט אין זיך איין אַ יידישע ירושה, באַקומט אַ יידישע דער־ציאונג, איז סאָציאַל פאַרבונדן מיט יידיש לעבן און לעבט באַוואוסטזיניק אין דער ספערע פון יידישער אָנגעהעריקייט, איז פאַראַן אַ גרונד צו גלויבן אַז ער וואָלט דורך דעם געקענט אויסמיידן די טראַגעדיע פון זיין סוף? איז אויך פאַראַן אַ גרונד צו גלויבן אַז ער וואָלט דעמאָלט ניט געלאָזן בירושה אַזאַ שאַנד־פלעק ווי עס איז זיין קאַפּיטל „דאָס יידנטום״? עס איז אַ שאַנד פאַר זיין דענקען, ווייל ער רעדט דאָ וועגן זאַכן וואָס ער האָט זיך ניט באַמיט אויסצופאָרשן, לכל הפחות באַווייזט ער עס ניט אין זיין ווערק. עס איז אַ שאַנד מאָראַליש, ווייל מיט די צענדליקער אויסגאַבעס פונעם בוך האָט ער

זיכער געוועקט און פאַרשטאַרקט אַ פיינדלעכע באַציאונג צו אַ מיליאָניק פאָלק. וואָלט דאָס אַלץ געקענט אויסגעמיטן ווערן ווען ער אַליין וואָלט געווען ניט בלויז פון יידישן אָפּשטאַם, נאָר אויך אַ ייד? עס איז ניט שייך צו ענטפערן אויף אַזעלכע פראַגעס מיט באַשטימטקייט, אָבער מיר האָבן אַ רעכט אָנצונעמען אַז ניט בלויז זיין אַנטי־יידנטום נאָר אויך זיין זעלבסטמאָרד וואָלט געהאַט ווייניקער שאַנסן פאַר זיך ווען ער וואָלט געהאַט אויף זיך די סאָציאַלע השפעה פון פאַרוויקלטקייט אין יידישן לעבן. ער וואָלט דעמאָלט זיך באַטירלעך דערנענטערט צו די קוואַלן וואָס פון זיי ציט אונדזער גייסט זיין יניקה און מיט זיין גאונישן קאָפּ און זיין פילאָסאָפישן געמיט געקענט ווערן אַ גרויסער יידישער געלערנטער און באַפרוכפּערער פון יידישן היסטאָרישן געדאַנק.

אַזוי שניידט זיך אַרויס אונדזער טיפּע יידישע טראַגעדיע פון ווייזינגערס פּערזענלעכער טראַגעדיע. אונדזער לאַגע איז אַזאַ אַז דער היילנדיקער כוח פון יידישער אָנגעהעריקייט קען בלייבן הימל־ווייט און אָן אַ צוטריט פאַר די וואָס וואָלטן געקענט געוועזן ווערן אין דער וואַרעמקייט פון יידישער גייסטיקער און סאָציאַלער נאָענטקייט. די טאָפּלטע טראַגעדיע האָט פאַר־וואַנדלט ווייזינגערס גרויסע אינטעלעקטועלע ברכות אין אונדזערס אַ קללה, זי האָט אויך אָפּגעשטויסן די מעגלעכע פאַרלייכטערונג וואָס באַוואוסטזיניקע און איבערגעלעבטע יידישע אָנגעהעריקייט וואָלט געקענט געבן זיין אינער־לעכער צעבראָכנקייט.

אין דערמאָנטן קאַפּיטל „די איך־פּראָבלעם און געניאַליטעט" שרייבט ער: „די סיבה פאַרוואָס אַזוי פיל זשעניען גייען אַראָפּ פון זינען... איז דאָס וואָס פאַר אַ סך ווערט די משא צו שווער, די אויפגאַבע צו טראָגן די גאַנצע וועלט אויף די אַקסלען... אָבער וואָס גרעסער דער מענטש שטייגט, אַלץ טיפער קען ער פאַלן; געניאַליטעט איז בכלל אַ נצחון איבער כאַאָס, מיסטעריע און פינצטערניש, און אויב זי דעגענערירט און פאַלט פאַ־נאַנדער איז דער חורבן גרעסער פּראָפּאָרציאָנעל צו די דערגרייכונגען".

שטעקט אין דעם אַן אָנווינקען אויף זיך אַליין און אַ פאָרגעפיל פונעם אייגענעם סוף? דאָס זעט אויס צו זיין אַ דורכויס באַגרינדעטע השערה. ער איז געפאַלן אונטער דער משא וואָס זיין פּסיכישער צושטאַנד האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן. און דאָס וואָס מיר האָבן אין אים פאַרלוירן, און די פּיין וואָס ער האָט אונדז געבראַכט, אונדז, דעם פאָלק פון זיין אָפּשטאַם, דאָס איז די טראַגעדיע וואָס ליגט אין תוך פון דער היסטאָרישער, יידישער טראַגעדיע.

(1956)

# יעקב שאַצקי

יעקב שאַצקי איז צו אונדז געקומען ווי אַ דערוויטערטער, געוואָרן אַ נאָענטער און פאַרענדיקט אין אויבן־אָן פון די אייגענע. צווישן די אינטע־ליגענטן, געלערנטע, וואָס זענען געקומען פון מזרח־אייראָפּע, שוין אָפּגערעדט פון די וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן דער עיקר מיטן יידישן פעלד, איז ניט געווען קיין איינציקער וואָס האָט זיך ניט אידענטיפיצירט מיט איינער פון די הערשנדיקע פּאַרטיי־אידעאָלאָגיעס ביי יידן. ער האָט געקענט זיין אָן אַקטיווער פירער פון אַ פּאַרטיי אָדער אַ דערוויטערטער סימפּאַטיקער, ער האָט זיך געקענט איינשטעלן פאַר דער פּאַרטיי שריפטלעך אָדער בלויז אויסדריקן מיינונגען בעל־פּה, אָבער עס האָט זיך עפּעס ניט געלייגט אויפן שכל ער זאָל ניט האָבן אַ באַשטימט אידעאָלאָגיש פּנים. דאָס האָט זיך, נאַטירלעך, גענומען פון דער ראָלע וואָס פּאַרטיי־אידעאָלאָגיע האָט געשפּילט אין דער מזרח־אייראָפּעאישער יידישער געזעלשאַפט.

מיר קומען פון מדינות, און אין אַ צייט, ווען מיר האָבן אַלע געהערט, כמעט בחוש, די עקבות משיחא. דאָרט וואו אונדזער וויגל איז געשטאַנען איז געווען גענוג אָנגעזאַמלטער צער און צאָרן וואָס האָבן אויפגערייצט אין אונדזער דמיון בילדער פון משיחס צייטן און דער צייט־גייסט איז געווען גענוג וועלטלעך אַז מיר זאָלן זוכן ערדישע מיטלען אויסגעלייזט צו ווערן. זענען אויפגעקומען טעאָריעס, לאָזונגען, אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן געוועקט און געטרייסט און געמונטערט. קינד און קייט זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין די קרייזן וואָס האָבן געבלענדט מיט אויסגעחלומטע חלומות. אַלע האָבן געאָטעמט מיט משיחישן גייסט און די פּראָגראַמען האָבן קלאָר געצייכנט פּלענער צוצואיילן די טריט פונעם אויסלייזער.

אָט אַזוי איז געבוירן געוואָרן אַ טיפּ פּאַרטיי וואָס האָט געהאַט אַן אייגנ־אַרטיקן טעם און אַ ספּעציפישן צוקונפטס־ריח. די פּאַרטיי האָט פאַרמאָגט אַ סעקטאַנטישע קוואַליטעט. אַריינגיין אין איר איז געווען אַ מין רעליגיעזע באַקערונג; זיין אין איר מיט אויפריכטיקער געטריישאַפט איז געווען אַן אַקט און אַ שטימונג פון עלית נשמהדיקער פרומער כוונה און אַרויסגיין פון איר אין מאָמענט פון ספקות אָדער אַריבערגיין צו אַן אַנדערער פּאַרטיי, האָט געטראָגן אויף זיך דעם פלעק פון פאַרראַט.

עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס דער ניי־געקומענער פון די דאָרטיקע מקומות אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווערט ממש פאַרלוירן, שיר ניט דער־שראָקן, ווען ער כאַפּט דעם גאַנג פון די היגע פּאָליטישע הויפּט־פּאַרטייען, די דעמאָקראַטן און די רעפּובליקאַנער. ער זעט אַז אַחוץ אין דער היץ פון אַ וואַל־קאַמפּאַניע, הערט מען זעלטן אַן ערנסט גיפטיק וואָרט מצד איין פּאַרטיי וועגן דער צווייטער; אַז געזעלשאַפטלעך זענען די מיטגלידער פון

די פּאַרטייען ניט אָפּגעזונדערט אין זיך אַליין נאָר מישן זיך אויס אַזוי אַז די פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט הערט אויף צו זיין קענטיק; אַז די חילוקי דעות אין די פּאַרטיי־וויכוחים טראָגן דעם כאַראַקטער פון בעסערע אָדער ערגערע שכלדיקע עצות אין אַ קאָמפּליצירטער אונטערנעמונג, ניט פון קיין מאָראַלן אונטערשייד פון העכער־נידעריקער. דאָס לעצטע זעט זיך אַרויס זייער בולט ווען עס איז פּאַרוויקלט דער עלעמענט פון משיח, פון דער גאולה פון אַ פאָלק, אָדער פון דער וועלט.

אָבער אַ סך מער געפּלעפּט ווערט דער היימישער אינטעליגענט ווען ער זעט וואָס עס טוט זיך אָפּ אין וואַשינגטאָן, אין קאָנגרעס, ווען מען שטימט איבער אַ געזעץ־פּראָיעקט. ער קען ממש ניט משיג זיין, נאָך ווייניקער קען ער סובל זיין, ווען די וואָס זענען אויסגעקליבן געוואָרן אויף דער פּלאַטפאָרם, און פון די מיטגלידער, פון איין פּאַרטיי שטימען מיט דער צווייטער קעגנערישער פּאַרטיי. נאָך ערגער איז דאָס וואָס ניט נאָר האַלט מען דאָס ניט פאַר אַ פאַרראַט נאָר, פאַרקערט, עס ווערט אָפּט מצד דעם אַלגעמיינעם עולם באַטראַכט ווי אַ מעלה, ווי אַ האַנדלונג פון מענטשן מיט מוט, מיט זעלבסט־שטענדיקייט, וואָס וויל זיך ניט אונטערוואַרפן די באַשלוסן פון זיין „צענטראַל קאָמיטעט" ווען זיין געוויסן דיקטירט אים אַנדערש. ניט איינמאָל טרעפט זיך ווען אַ געזעץ גייט דורך ווייל מיטגלידער פון דער קעגנערישער פּאַרטיי האָבן געשטימט פאַר אים און דערמיט געשאַפן אַ מאַיאָריטעט. פאַרן היימישן אינטעליגענט זעט דאָס אויס ניט בלויז מאָדנע נאָר מאָראַליש נידעריקער פון זיין מדרגה.

דער דאָזיקער צוגאַנג בויט אויס אַ פּערזענלעכקייט פון אַ באַשטימטן טיפּ וואָס טיילט זיך שאַרף אַרויס אין די באַדינגונגען פון צפון־אַמעריקע. דערצו קומט נאָך צו די יידישע לאַגע וואָס רוקט אַרויס די שייכותדיקע פּערזענלעכקייט־שטריכן נאָך בולטער, וואָרעם אויף יענער זייט ים האָט ניט אָפּגעלאָזן דאָס געפיל און די איבערצייגונג אַז יידן און יידישקייט זענען פּראָבלעמען וואָס פאָדערן ענטפערס. סיי די אַרומיקע לאַגע, סיי די אינ־ווייניקסטע אָרגאַניזאַציע פון יידישן לעבן האָט פאַרשאַרפט דעם דאָזיקן צוגאַנג. אַפילו די וואָס האָבן ניט פאַרמאָגט דעם יצר הרע פאַר באַוועגונגען, פּאַרטייען אין דעם געזעלשאַפטלעכן גערודער האָבן זיך גאַנץ שווערלעך געקענט אויסשליסן פונעם ריטואַל, אַקטיוון אָדער פּאַסיוון, צו דינען צו אַ נאַציאָנאַלער, פּאָליטישער, אָדער עפּעס אַן אַנדערער, צוקונפט־וויזיע.

ווען שאַצקי איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1922 איז ער געווען אין גאַנצן אויסגעטיילט פונעם דאָזיקן שטראָם. סיי צוליב זיינע פּערזענלעכע אייגנשאַפטן, סיי צוליב די באַדינגונגען וואָס אין זיי האָט זיך אויסגעלייגט זיין לעבן אין די יאָרן ווען אַ כאַראַקטער פאָרמירט זיך, איז ער געגאַנגען אויף אַן אַנדער וועג ווי דאָס רוב פון זיין דור, וואָס מיט זיי האָט ער זיך שפּעטער באַגעגנט און געאַרבעט צוזאַמען דאָס גאַנצע לעבן. אין אַמאָליקע

יאָרן — ווען ער איז שוין געווען אַן אינטענסיווער יידישער שרייבער, און דורכויס אויף יידישע טעמעס — האָב איך אָפט געהערט אים כאַראַקטערי־זירן ווי אַ פרעמדן, אַ דערווייטערטן. וואָס מער איך טראַכט וועגן דעם, אַלץ מער פאַלט מיר איין אַז דאָס וואָס ער איז ניט געווען אידעאָלאָגיש אידענטי־פיצירט, ספּעציעל אין יידישן דענקען, דאָס איז מסתמא געווען די סיבה וואָס האָט געפירט צו אַזאַ איינדרוק. מיר זענען פּשוט ניט געווען צוגעוואוינט צו אַזאַ דרך אין לעבן פון אַ יידישן געלערנטן אין אונדזער סביבה.

און מערקווערדיק, אים איז צוגעשריבן געוואָרן אַן איינדרוק פון אַ דערווייטערטן גראַד ווען ער איז אַלץ מער און מער געוואַקסן ווי דער היסטאָריקער פונעם יידישסטן ישוב אין דער וועלט, פון פּוילישן יידנטום. ער האָט זיך ניט אידענטיפיצירט מיט קיין געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען, אָבער ער האָט אַרויסגעוויזן אַן אומגעשטילטן דאָרשט צו נישטערן און גע־פינען די פאַקטן פון רעקאָרדירטן יידיש לעבן. עס האָט געמעגט זיין געשיכטע, ליטעראַטור, טעאַטער, דערציאונג, אַלץ וואָס האָט זיך וואו ניט איז, ווען ניט איז, רעגיסטרירט, אָדער געלאָזן קענטיקע סימנים פון אַ געלעבט לעבן, אַט דאָס אַלץ האָט אין אים געוועקט אַ תאווהדיקן נייגער. אָבער שוין דאָס אַליין, וואָס אים האָט מער געצויגן דער פאַרבאַהאַלטענער פאַקט ווי דער אָפענער סך הכל, שוין דאָס האָט אים געגעבן דעם אָנבליק פון אַן אַנדערן אין דער אידעאָלאָגיע־דורכגעדרונגענער וועלט וואָס האָט אונדז אַלעמען געגערט און דערצויגן.

ער איז געווען לכתחילה אַן אַנדערער אויך דערמיט וואָס זיין הייסער באַגער צו גראָבן און אויפדעקן פאַרבאָרגענע פאַקטן, געשעענישן, שטרע־בונגען, אידעאָלאָגיעס, זענען געוואָרן אַ צוועק אין זיך גופא, צוליב אויס־בויען אַ נייע ראַם פאַר היסטאָרישע בילדער. ער האָט געקענט אָפּגעבן אַן אַ שיעור צייט און מי אויסצוגעפינען אַ נייעם ביבליאָגראַפישן פּרט וואָס זיין וויכטיקייט האָט געקענט באַשטיין בלויז אין דעם וואָס ער איז געווען אומבאַקאַנט. דער פּראָצעס פון אַנטדעקן, אויפדעקן, אויסגראָבן אַ פאַר־געסענעם, אָדער קיינמאָל ניט געדענקטן, פאַקט, איז פאַר אים געווען ממש אַ יצר־הרעדיקע הנאה. די נוצן דערפון אין וויסנשאַפטלעכן פאָרשן איז גאָר ניט נייטיק צו דערווייזן. עס קען אָבער אין דעם ליגן אַ באַגרענעצונג ווען מען האָט צו טאָן ניט מיט פיזיק אָדער כעמיע נאָר מיט מענטשלעך לעבן.

ער האָט פאַרמאָגט דעם טעמפּעראַמענט פון אַ הייס־בלוטיקן רעפּאָרטער וואָס כאַפּט שנעל די וויכטיקייט פון זייטיקע פּרטים צו געבן אַ פול בילד פון געשעענישן, ווייסט וואו און ווי אַזוי צו זוכן, שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין אָפּהאַלט אָדער ריזיקע זיך צו דערשלאָגן צום ערשטן קוואַל און איז דער גליקלעכסטער מענטש ווען ער קען אַלץ דערלאַנגען אויף אַ גאָלדענער טאַץ. ער האָט מיך אַמאָל באַגעגנט ממש מיט טאַנצנדיקער שמחה ווען ער האָט נאָך אַן אַרבעט פון חדשים ערגעץ געפּאַקט אַ פאָטאָגראַפיע פונעם הויז

וואו פּרץ איז געבוירן געוואָרן. איך האָב דעמאָלט שטאַרק באַדויערט וואָס איך האָב ניט געקענט אויפֿנעמען זיין געפּינס מיט דער זעלביקער באַגייסטע־רונג ווי ער האָט אַרויסגעוויזן. ער האָט אויף מיר געקוקט אין יענער רגע ווי אויף אַ מענטשן וואָס האָט אַ סך פֿאַרלוירן אין זיין אָפּשאַצונג.

ווי דער מיסטיקער וואָס איז מקבל אויף זיך דעם עול פֿון אַ רעליגיעזן רעזשים כדי צו דערשלאָגן זיך צום סוד כל הסודות פֿון דער רעאַליטעט, אַזוי האָט שאַצקי אויף זיך גענומען זיין שווערן פֿאַרשערישן יאָך כדי זיך צו דערגרונטעווען צום אָביעקט פֿון זיין אמונה, דעם הוילן, נאַקעטן פֿאַקט, דעם פֿאַקט אָן שום באַפּוצונגען און פּירושים, דעם „אמתן" פֿאַקט. ער האָט דעם באַגריף פֿון אַן אַבסאָלוט ריינעם פֿאַקט צוגעשריבן אַ מין רעליגיעזע דימענסיע. יעדן אָפּנייג פֿון אָט דעם צוגאַנג האָט ער באַטראַכט ווי אַן אַפּיקורסות וואָס מען קען ניט מוחל זיין.

שאַצקין האָט דאָס געפֿירט צו אַ שטענדיקן חשד אַז אַ סך וואָס שרייבן וועגן יידישער געשיכטע זענען ניט אויסן געשיכטע — דעם אַבסאָלוטן פֿאַקט — נאָר אַפּאָלאָגעטיק. אָבער אַפּאָלאָגעטיק געהערט שוין צו דער קאַטע־גאָריע פֿון יענעם מין אַפּיקורסות וואָס האָט אים דערצאָרנט און פֿאַרביטערט. ממילא האָט ער גיכער געקענט פֿאַרזען פּאָזיטיווע שטריכן אין יידישע היסטאָרישע פּראָצעסן — ווייל דאָ האָט געשראָקן די מורא פֿאַר אַפּאָלאָ־געטיק — איידער די נעגאַטיווע, וואָס ער האָט אויפֿגענומען מיט מער אינערלעכער רואיקייט, ווי דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין זיין לענגערן אַריינפֿיר צו דער יידישער איבערזעצונג פֿון נתן נטע האַנאָווערס יון מצולה וואָס דער ייוואָ האָט אַרויסגעגעבן.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט שאַצקי געפֿירט אַ שאַרפֿן וויכוח מיט זיינע קעגנער אין דער פֿראַגע פֿון היסטאָריאָגראַפֿישע צילן. די פֿראַזע „אהבת ישראל" איז זייער אָפֿט דערמאָנט געוואָרן אין דאָזיקן וויכוח. מיט זיין סאַרקאַסטישן אַקצענט אויף דער דאָזיקער פֿראַזע האָט שאַצקי זיך געוואָלט שאַרף אָפּגרענעצן פֿון די וואָס האָבן געהאַלטן אַז יידישע געשיכטע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַזעלכע טראַגישע באַדינגונגען אַז עס איז פּשוט שווער צו זען דעם אמת פֿון די פֿאַקטן אויב מען האָט ניט לכתחילה קיין פּאָזיטיווע באַציאונג צו דער שטענדיקער נויט ביי יידן גובר צו זיין שווערע מניעות.

ווען עס האַנדלט זיך וועגן היסטאָריאָגראַפֿיע איז „אהבת ישראל" בלי ספֿק אַ פֿאַרפֿירערישע פֿאָרמולע. עס קען מאַכן דעם איינדרוק אַז די עובדא פֿונעם יידישן היסטאָריקער איז צו זיין אַ שטענדיקער יידישער מליץ יושר, הויך פֿראַקלאַמירן דאָס גוטע און תמיד פֿאַרשטעלן דאָס שלעכטע. פֿאַר אַזאַ קוק אויף יידישער געשיכט־שרייבונג וועט, פֿאַרשטייט זיך, קיין מיושבדיקער היסטאָריקער זיך קיינמאָל ניט איינשטעלן. עס קען אָבער קיין ספֿק ניט זיין אַז אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו יידיש לעבן קען העלפֿן צו זען פֿאַקטן פֿון יידישן היסטאָרישן לעבן אַ סך פֿולער, וואָס דאָס באַטייט אמת'דיקער. אָבער

שאַצקין האָט ניט אָפּגעלאָזט די מורא און דער חשד אַז מען באַמיט זיך צו פֿאַרבן די פֿאַקטן זיי זאָלן אַרויסקומען אידעאַלער ווי זיי זענען אין דער אמתן געווען.

דאָס אַלץ איז פֿאַרבונדן מיט זיין גלויבן אַז אַבסאָלוטע אָביעקטיווע היסטאָריאָגראַפיע איז אַ מעגלעכע דערגרייכונג, און ער האָט גענומען אויף זיך דעם חוב צו העלפן שאַפן אַזאַ צושטאַנד אין יידישער געשיכט־שרייבונג. דער דאָזיקער קוק האָט פֿאַרכאַפּט די מוחות פון די היסטאָריקער אין ניינצנטן יאָרהונדערט. דער באַרימטער היסטאָריקער, לעאָפּאָלד פאָן ראַנקע, האָט באַאיינפלוסט די היסטאָריאָגראַפיע פון זיין צייט מיט אָט דעם קוק. דאָס איז אייגנטלעך פֿאַרבונדן מיטן גלויבן, וואָס האָט באַהערשט יענעם יאָרהונדערט, אַז דער מענטש קען דירעקט צוקומען צו אַלע סודות פונעם אוניווערס. שאַצקי האָט באַקומען זיין העכערע בילדונג אין אַ צייט ווען אַזאַ גלויבן איז נאָך געווען שטאַרק איינגעוואָרצלט. דאָס וואָס ער איז ניט געווען פּערזענלעך אַריינגעטאָן אינעם קאָך פון יידישן געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן האָט געקענט אַרויסרופן ביי אים דעם צוטרוי אַז ער קען מיט געהעריקע מעטאָדן אָביעקטיוויזירן דעם צוגאַנג צו יידישער געשיכט־שרייבונג. דאָס האָט געווירקט אַז ער זאָל זיך האַלטן וואָס ווייטער פון יעדער אידעאָלאָגישער אידענטיפיקאַציע, זיין אַ „פרייער מענטש", וואָס דאָס, האָט ער גערעכנט, איז אַ שמירה אַנטקעגן איינזייטיקייט.

אין דער ספערע פון אַזאַ פסיכישן איינשטעלן איז גיכער אָנצונעמען און אונטערשטרייכן טונקעלע זייטן פון יידישן לעבן, ניט צוליב דעם וואָס אויסמיידנדיק דעם וועג פון אַ מליץ טוב קען דאָס טרייבן צו פֿאַרנעמען אַ היפּוכדיקע פּאָזיציע. די סיבה קען ליגן אין דעם וואָס יידישע היסטאָריקער, ווער שמועסט נאָך אַזאַ וואָס אָטעמט אין צענטער פון יידישן לעבן, ווען ער דערזעט די שאָטן־זייטן אין יידישער געשיכטע, קען דאָס זיין פֿאַר אים אַליין אַ גאַראַנטיע אַז דערמיט דעקט ער אויף דעם אָביעקטיוון היסטאָרישן אמת; אַז זיין פּערזענלעכער אינטערעס ווי אַ ייד דיקטירט ניט זיין אַנאַליז פון די היסטאָרישע געשעענישן פון זיין פֿאָלק.

עס איז איבעריק צו זאָגן אַז פונקט ווי די פּאָזיטיווע פֿאַרב, קען אויך די נעגאַטיווע אויסדריקן אַ פּערזענלעכן צוגאַנג, אָדער עפּעס אַ זייטיקע פּערזענלעכע פֿאַרוויקלונג וואָס דער היסטאָריקער קען אַמאָל לחלוטין ניט חושד זיין אַז ער דריקט זי אויס. דאָס האָט שאַצקי סוף כל סוף ניט אויסגעמיטן, פונקט ווי קיין מענטש קען דאָס ניט אויסמיידן. אָבער זיין גלויבן אַז אָט די אַבסאָלוטע אָביעקטיוויטעט איז מעגלעך פֿאַר היסטאָריקער צו דערגרייכן און אַז זיין אויפגאַבע איז צו רעאַליזירן דעם דאָזיקן אידעאַל אין יידישער היסטאָריאָגראַפיע, דאָס האָט אים אָנגעפילט מיט אַ געוויסער פרעמדקייט אין אונדזער אידעאָלאָגיש־דורכגענומענער יידישער וועלט.

אויפן פערטן יאָר פון זיין לעבן אין אַמעריקע איז עפּעס געשען וואָס

האָט אויף אים געמאַכט אַ לאַנג־דויערנדיקן איינדרוק. ער האָט ביי אונדז דערזען אַ ניי ליכט וואָס האָט אים געפירט ביז זיין לעצטן טאָג. דאָס איז געווען אין 1925 ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער יידישער וויסנשאַפט־לעכער אינסטיטוט אין ווילנע. ניט בלויז האָט ער זיך מיטן גאַנצן האַרצן צוגעבונדן צום ייוואָ, נאָר פון אַלץ וואָס ער האָט שפּעטער געטאָן פאַרן ייוואָ קען גאָר קיין ספק ניט זיין אַז דער אינסטיטוט האָט אויסגעפילט אין זיין לעבן אַ געשפּירטן חלל און דאָס האָט אים געגעבן כוח און באַגייסטערונג פאַר אַ סך אַרבעט און באַנייטער איניציאַטיוו.

אין פּוילן — אַפילו אין אַמעריקע, ביי די אַלע וואָס האָבן געאָטעמט מיט דער לופט פון יענער זייט ים — איז אויך דער ייוואָ, פּונקט ווי יעדע יידיש־געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונג, געווען אַ ריכטונג, אַן אידעאָלאָגיע, וואו וויסנשאַפט איז בלויז געווען אַ מיטל צו דערגרייכן אַן אַלגעמיינעם יידישן קולטור־ציל. אָבער ביי שאַצקין איז דער וויסנשאַפטלעכער פּראָצעס, דאָס אויסגראָבן און זיך דערגראָבן צו פאַקטן, געווען דער העכסטער ציל פאַר זיך אַליין. ממילא האָט ער דערזען אין דער עקזיסטענץ פון ייוואָ אַז אין יידישן פעלד גופא, דאָרט וואו זיין שרייבן האָט אים אַלץ מער פאַר־וואָרצלט, איז אויסגעוואַקסן אַן אָרגאַניזירטער כוח וואָס וויל מיט געזעלשאַפט־לעכער הילף דורכפירן די אַרבעט פון אַ מין יידישער אַרכיאָלאָגיע, אויסגראָבן פאַרשאָטענע שיכטן פון יידישן לעבן, אַן אַרבעט וואָס איז אים געווען אַזוי טייער. דער ייוואָ האָט זיך אַנטוויקלט אין עפּעס וואָס האָט באַקומען אַלע סימנים פון אַ באַוועגונג, און שאַצקי איז געוואָרן צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן ניט בלויז אַ מיטגליד נאָר אַ פירער, אַן אימפּעטיק־אַקטיווער און באַ־גייסטערטער פירער פון אַ יידישער באַוועגונג. דאָס האָט אים דערנעענטערט צום כאַראַקטער פון דער וועלט וואָס אין איר האָט ער געלעבט; דאָס האָט אים אויך צוגעגעבן אַ יידיש־געזעלשאַפטלעכע וואַרעמקייט וואָס איז ביז דעמאָלט אים ניט געווען צו אינטים באַקאַנט.

זיין צוגאַנג צו דער ראָלע פון יידיש אין דער אַרבעט פון ייוואָ איז געווען ענג פאַרבונדן מיט זיין גאַנצער פּערזענלעכער אַנטוויקלונג און ער האָט אים אויסגעדריקט מיט פולער שאַרפקייט ביי עפנטלעכע געלעגנהייטן, ספּעציעל אין די יאָרן פאַרן חורבן. אין ליכט פון זיין קוק אויף יידישער היסטאָריאָגראַפיע איז דער דאָזיקער צוגאַנג זייער כאַראַקטעריסטיש. ווען דער ייוואָ אין ווילנע, האָט ער געטענה'ט, וואָלט אַרויסגעגעבן זיינע ביכער אויף פּויליש, וואָלט דער שרייבער, אַנשטאָט צו זיין אַן אָביעקטיווער פאַר־שער, געוואָרן אַ יידישער מליץ יושר. די מורא פאַר „למה יאמרו הגויים" דערלאָזט ניט מען זאָל זיך פילן פריי, מען זאָל ניט ווילן פאַרשטעלן די שאָטנס מיט געקינצלטע ליכט. אַזוי זעט טאַקע אויס — האָט ער אָפט איבער־געחזרט — דאָס וואָס מען שרייבט וועגן יידן אין פרעמדע שפּראַכן. אָבער אין יידיש, וואָס בלויז יידן קענען לייענען, איז די מורא ניטאָ. אין יידיש

קען מען זיין פריי און ניט ציטערן אַז מען קען יידן שלעכטס טאָן דורך דערציילן דעם אמת.

די דאָזיקע געדאַנקען, דער עיקר ווי מען שרייבט וועגן יידן אין דער פאַרשערישער ליטעראַטור פון ניט־יידישע שפּראַכן, זענען אַ גענעראַליזאַציע וואָס האָט ווייט ניט אַרויסגערופן קיין פולע הסכמה ביי די וואָס האָבן אים געהערט. עס קומען אַלץ מער און מער יידישע היסטאָריקער וואָס ווייסן ווי צו היטן די ריינקייט פון זייער וויסנשאַפטלעך געוויסן. אַזאַ באַשולדיקונג האָט זיך זיכער ביי שאַצקין גענומען פון גענעראַליזירן איינצלנע פאַלן ווען יידישע היסטאָריקער, אָדער כראָניקער, האָבן אַרויסגעוויזן אויסטייטשונגען וואָס דאָס איז אים געווען אַזוי שרעקלעך דערווידער. אין ייוואָ האָט ער דערזען אַ געלעגנהייט צו רעאַליזירן זיין אידעאַל פון אָביעקטיווער פאָרשונג אין יידישער געשיכטע, האָט דאָס אים צוגעצויגן צום אינסטיטוט מיט אַ כוח ניט אָפּצורייסן. זינט דער גרינדונג פון ייוואָ איז אַריינגעטראָטן אין שאַצקיס לעבן עפּעס וואָס איז פאַר אים געווען דורכויס ניי. צום ערשטן מאָל האָט ער זיך איבערגעגעבן אַן אָרגאַניזירטער פאָרם פון יידיש־געזעל־שאַפטלעכע און קולטורעלע צילן; דער פרייער פאָרשער און שרייבער איז געוואָרן אַן „אָנהענגער" און אויסגעדריקט האָט ער די דאָזיקע נייע פּאַזע אין זיין לעבן אויף אַזאַ אינטענסיוון אופן אַז זי האָט אין זיך געטראָגן אַלע קוואַליטעטן פון אומקאָנטראָלירטער, אידעאַלער פרומקייט.

אין די פערצן יאָר וואָס דער ייוואָ איז געווען אין ווילנע איז שאַצקי, פון דער ווייטנס, געווען זיין מיטאַרבעטער, זיין חסיד, אַפילו זיין האָלץ־העקער און ציגל־טרעגער אויף די פאַרשיידנסטע אופנים. ניט געווען קיין טרחה פאַרן ייוואָ וואָס זאָל פאַר אים זיין צו שווער אָדער ניט גענוג חשוב. צווישן די בויער פונעם ייוואָ־אָפּטייל אין ניו־יאָרק איז ער געווען דער רירעוודיקסטער, דער אַקטיוווסטער. ער האָט זיך באַמיט צו קריגן פּאַסיקע אַרבעטן פאַר די ייוואָ־אויסגאַבעס, דאָקומענטן און ביכער צו שיקן קיין ווילנע פאַרן אַרכיוו און דער ביבליאָטעק, און כסדר געזאָרגט צו שאַפן נייע מיטגלידער צו העלפן פאַרלייכטערן דעם פינאַנציעלן עול פון צענטער. ער האָט ניט פאַרמאָגט קיין שמץ פון די פאָרמעלע מאַניעריזמען און דעם אַריסטאָקראַטישן צוגאַנג צו זיך וואָס אַרבעט זיך אויס געוויינטלעך ביי מענטשן פון די אינטעלעקטועלע פּראָפעסיעס. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ייוואָ האָט זיך עס אָנגעהויבן מיט שרייבן אַרטיקלען און ביכער, זיך פאַרענדיקט מיט שווער־פאַלנדיקע שליחותן אַרומצופאָדען אַרום עמעצן כדי אַרויסצוקריגן אַ ביישטייערונג פאַר דער אָרגאַניזאַציע, און צווישן די דאָזיקע צוויי עקסטרעמען האָט ער זיך פאַרנומען מיט הונדערטער קלייני־קייטן, אַוועקגעגעבן שעה'ן, טעג און נאָך מער, אַלץ אָן שום געדאַנק וועגן עפּעס אַ פינאַנציעלער באַלוינונג פאַר זיך. דאָס, לאָמיר געדענקען, האָט

ער געטאָן אין אַ צייט ווען זיין מאַטעריעלע לאַגע איז געווען זייער, זייער אַ שווערע.

צווישן די אָנפירער פון היגן אָפּטייל פון ייוואָ זענען פאָרגעקומען זייער אָפּטע וויכוחים וועגן די מאַטעריאַלן וואָס מען קלייבט דאָ צונויף און מען שיקט קיין ווילנע. געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַלטן אַז דאָס איז אַן עוולה: אַז אַמעריקע איז אַ ריזיקער און וואַקסנדיקער ישוב, ממילא דאַרפן מיר אויך זיך אַליין ניט באַרויבן פון דער מעגלעכקייט אויסצופאָרשן יידיש לעבן; בפרט נאָך ווען אַזעלכע אוצרות זענען זיכערער אין אַמעריקע ווי אין ווילנע. פאַרשטייט זיך אויב מען דאַרף זאַמלען ליטעראַטור און דאָקומענטן פאַר זיך אַליין דאַרף מען שוין אויך לאָזן פאַר זיך געגנוג געלט אויף וואַקסנ־דיקע הוצאות און ניט שיקן אַלע אונדזערע הכנסות קיין ווילנע.

אויסגעפירט האָבן בדרך כלל די קעגנער פון אַזאַ פּלאַן. אמת, אַלע האָבן געהאַלטן פאַר וויכטיק אַז דער אַמעריקאַנער אָפּטייל זאָל אַרויסגעבן עפּעס אייגנס, אָבער די אָריענטאַציע דאַרף זיין אויפן צענטער, ווילנע, און אַז מיר דאַרפן אַלע צוגעבן מוט און כוח אונדזער צענטער אין ווילנע אַז ער זאָל טאַקע באמת זיין אַ צענטער. שאַצקי האָט זיך תמיד איינגעשטעלט פאַרן דאָזיקן צד און מיט זיינע פּערזענלעכע שיקונגען נאָך מער אונטער־שטראָכן זיין לאָיאַלקייט צו ווילנע. אין זיין איבערגעגעבנקייט צו אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט ייוואָ האָט ער תמיד זיך אַליין געשטעלט די גרעסטע פאָדערונגען און זיי אַלעמאָל דורכגעפירט בשלמות.

ווען ניו־יאָרק איז געוואָרן דער ייוואָ־צענטער, אין 1940, איז שאַצקי דעמאָלט שוין געווען דער ביבליאָטעקאַר פון פּסיכיאַטרישן אינסטיטוט. אָבער זיין ענערגישקייט און געטריישאַפט צום ייוואָ האָט מעגלעך געמאַכט אַז ער זאָל נאָך אַלץ געפינען גענוג צייט צו זיין פאַרטראָטן אין פאַרשיידענע קאָמיסיעס, אינסטאַנצן און נעמען אויף זיך צענדליקער התחייבותן וואָס דער גאַנג פון דער אַרבעט האָט געפאָדערט. און ביים נעמען אויף זיך אַרבעטן, פונקציעס, האָט ער צו זיך קיין גלייכן ניט געהאַט אינעם אופן אויף וועלכן ער האָט עס געטאָן. ער האָט עס געטאָן מיט אַזאַ פרייוויליקייט, מיט אַזאַ: „גוט, איך וועל עס טאָן”, אַז עס האָט אָפּגענומען דאָס לשון ביי אַנדערע וואָס האָבן אַזאַ גרייטקייט ניט געקענט אַרויסווייזן.

זיין גרעסטער צושטייער איז נאַטירלעך געווען זיין פאָרשערישע אַרבעט. עס איז גענוג באַקאַנט אַז ער איז געווען צווישן די פּראָדוקטיווסטע שרייבער וואָס מיר פאַרמאָגן. געטריבן פון זיין גרויסער ערודיציע און זיין עקסטראָ־וועךטישער נאַטור, האָט ער ממש ניט געקענט זעטיקן זיין דאַרשט זיך עפנטלעך אויסצודריקן, סיי בפה, סיי בכתב. פאַרן ייוואָ איז דאָס געווען אַ געווינס וואָס זיינע שותפים אין אינסטיטוט האָבן קיינמאָל ניט פאַרפעלט אָפּצושאַצן. אין די צוויי בענד ביבליאָגראַפיע וואָס דער ייוואָ האָט אַרויס־געגעבן ווערן פאַרצייכנט אַלע אויסגאַבעס פון אינסטיטוט פון 1925 ביז

1950. ביים נאָמען שאַצקי געפינען מיר 240 נומערן. אין דער דאָזיקער עשירות שטייגט ער אַריבער יעדן פון די אַנדערע אין דער רשימה. ווען מען דערמאָנט זיך וויפיל ביכער און הונדערטער אַרטיקלען ער האָט אין משך פון די דאָזיקע 26 יאָר פאַרעפנטלעכט אין אַנדערע פובליקאַציעס ווערט מען ממש פאַרחידושט פון זיין פּראָדוקטיווקייט בעת ער איז נאָך, אין צוגאָב צו דעם, געווען פאַרנומען אין זיין ביבליאָטעק אַרום צוויי דריטל פון דער זעלביקער צייט.

זיין פּראָדוקטיווקייט און זיין אומגעשטילטער חשק זי עפנטלעך אַרויס־צוברענגען האָט זיך אַרויסגעוויזן אין נאָך אַ מאָמענט וואָס איז געווען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אים. אויף די יערלעכע ייוואָ־קאָנפערענצן פירט זיך אַז אַ לעקטאָר קען געבן אַ רעפעראַט העכסטנס איין מאָל אין צוויי יאָר. דער דאָזיקער איינפיר שטאַמט דערפון וואָס מען וויל אַז וואָס מער רעפערענטן, ממילא אויך טעמעס, זאָלן האָבן אַ צוטריט צו די דאָזיקע קאָנפערענצן. ווען שאַצקי האָט דערהערט אָט די „גזירה" איז דאָס אים שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן. ביי זיין גאַנצער פאַרנומענקייט אויף אַזוי פיל פראָנטן האָט ער פונדעסטוועגן געפילט אַז אַזאַ באַגרענעצונג, וואָס מוז דאָך חל זיין אויך אויף אים, איז דורכויס אומגערעכט. האָט ער כסדר געטראַכט, און זיך דערטראַכט, צו אַן אויסוועג ווען נאָר ער וועט אים וועלן אויסנוצן.

עפּעס ענלעכס צו דער דאָזיקער פּראָדוקטיווקייט קען געזאָגט ווערן וועגן דעם פאַרנעם פון זיינע טעמעס. אין די ייוואָ־אויסגאַבעס אַליין איז דער דאָזיקער פאַרנעם ברייט גענוג. אונטער געשיכטע נעמט ער אַרום אַלגעמיינע געשיכטע, טעאַטער־געשיכטע, בילדונג־געשיכטע, ליטעראַטור־געשיכטע, קולטור־געשיכטע, זיינע אינטערעסן האָבן זיך געצויגן אין אַ לאַנגער גלייכער ליניע קוים מיטן אויג צו דערכאַפּן. ווען מען גיט נאָך צו דעם צו די אַרטיקלען וואָס ער האָט געשריבן אין פאַרשיידענע פּאָפּולערע אויסגאַבעס ווערט נאָך גרעסער די ליניע און גרעסער דער פאַרנעם פון זיינע אינטערעסן. צו דעם אַלעם דאַרף מען נאָך מוסיף זיין די טעמעס פון זיינע פּאָפּולערע פאָרטראַגן. וואָרעם אומעטום האָט ער זיך באַנוצט מיט ביבליאָגראַפיעס פונעם געגעבענעם פעלד און די פעלדער האָבן זיך געצויגן פון מעדיצין ביז הומאָר, פונעם גזעלשאַפטלעך יידישן באַנק־וועזן ביז פּאָעזיע, פון פּרעסע־געשיכטע ביז מוזיק און קונסט בכלל.

ער האָט געפונען צייט און אינטערעס אין ברעקעלעך־רעצענזיעס אין ענגלישן בוקלענד איבער דער יידישער ליטעראַטור, דער עיקר פּאָעזיע און בעלעטריסטיק. דאָס זענען געווען אַזוי ווי קליינע, אַראָפּפאַלנדיקע ברעקלעך פון די גרויסע, גרינטלעכע שטודיע־רעצענזיעס וואָס ער האָט כסדר פאַר־עפנטלעכט אין ייוואָ בלעטער. די דאָזיקע רעצענזיעס זענען געווען אי אַן אויפטו, אי אַ גרויסע הילף פאַרן זשורנאַל. די צאָל ביכער וואָס גייען אַרויס

ביי אונדז איז תמיד גרעסער ווי די צאָל קאָמפּעטענטע בעלנים וואָס זאָלן ווילּיק זיין צו שרייבן דורכגעטראַכטע רעצענזיעס וועגן זיי. האָט די רע־דאַקציע פון ייוואָ בלעטער תמיד געהאַט שוועריקייטן צו געפינען די פּאַסיקע מענטשן וואָס זאָלן זיך אונטערנעמען צו רעצענזירן צוגעשיקטע ביכער, אין דעם פּרט, פּונקט ווי אין אַ סך אַנדערע ייוואָ־אויסגאַבעס, האָט שאַצקי אויף אַ באַזונדער־דאַנקבאַרן אופן אונדז געראַטעוועט פון אַלע שוועריקייטן. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָך בולטער נאָך דער מלחמה, ווען דער חורבן האָט באַרייכערט אונדזער ליטעראַטור מיט אַזוי פיל יזכור־ביכער. שאַצקיס דאַר־שט זיך אַרויסצוזאָגן וועגן ביכער, פּונקט ווי זיך אויסצודריקן וועגן היסטאָרישע געשעענישן, און זיין מערקווערדיקער זכרון פאַר אַלץ וואָס ער האָט געלייענט, האָט געפירט צו דעם אַז ער האָט געקענט אָנשרייבן רעצענזיעס אויף צען ביכער, און נאָך מער, אין משך פון זייער אַ קורצער צייט. דער עיקר איז וואָס מען האָט זיך ביי אים ניט געדאַרפט בעטן דאָס צו טאָן; ער האָט דאָס אונטערגענומען אַפילו ניט אָנזאָגנדיק פריער אַז ער גרייט זיך עס צו טאָן. ער פלעגט ממש פאַרחידושן מיט דעם אופן אויף וועלכן ער האָט געטאָן די דאָזיקע אַרבעט און די שנעלקייט אין לייענען און אין שרייבן וואָס ער האָט דערביי אַרויסגעוויזן.

מיט זיינע אָביעקטיוו־פאָרשערישע אויפגאַבעס איז דער ייוואָ געוואָרן שאַצקיס אידעאַל, פּאַרטיי, באַוועגונג, אַפילו אינטימער אינטערעסן־קרייז. דאָס האָט געווירקט אַז ער — וואָס איז לכתחילה געווען אַביסל זייטיק — איז געוואָרן אַלץ נעענטער, אַן אַריינגעוואָקסענער אין דער וואַרעמקייט פון אונדזער קולטור־וועלט. דאָס האָט אויך צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט וואָס סיי אין זיין שרייבן, סיי אין זיינע רעפעראַטן האָט ער זיך באַמיט צו קייטלען געשעענישן מיט אַ פּליסיקער דערציילערישקייט וואָס האָט ניט בלויז פאַר־אינטערעסירט נאָר אויך געוואַרעמט. דאָס נעמט זיך אויך פון זיין הנאה צו זוכן דאָס דראַמאַטישע אין געשעענישן און, ווי אַ פּועל יוצא דערפון, אויסצוגראָבן דעטאַלן וואָס אין זיי לאָזן זיך אָפט געפינען די דראַמאַטישע מאָמענטן פון היסטאָרישן לעבן. אין זיין קרוינווערק געשיכטע פון יידן אין וואַרשע קען מען בולטער זען זיינע גרויסע דערגרייכונגען דורך אויסגראָבן קלענערע, אַפילו זייטיקע, פּרטים כדי צו פאַרגאַנצן אַן אַלגעמיין בילד.

זיין פאָרשערישע אַרבעט איז דער עיקר געווען פאַרבונדן מיט ייוואָ־אויסגאַבעס, אָבער דאָס שעפּט ווייט ניט אויס זיין שרייבערישע טעטיקייט. ער האָט רעפערירט און געשריבן אויף אַ סך פּלאַטפאָרמעס און אין אַ סך פּובליקאַציעס. זיין טעמאַטיק האָט כמעט ניט געוואוסט פון קיין גרענעצן. דאָס האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט אָנצושפּאַרן אין אַלע עקן וועלט, צו זוכן, גראָבן און ממילא פרייען זיך מיט אומגעריכטע געפינסן. זיין זוכן האָט געהאַט מער אַ שייכות צו פאַקטן און געשעענישן איידער צו השערות און געדאַנקלעכע פּלאָנטערס. אַזוי ווי אַן אינערלעכער שטורעמווינט וואָלט

אים געטריבן אין אַלע מעגלעכע ריכטונגען און אים ניט געלאָזט רוען ביז ער האָט, צו זיין אייגענער צופרידנקייט, אויסגעפונען די רעאַלע פּרטים פון אַ פאַקט אָדער געשעעניש.

ער האָט מיט אַ צערייצטן דאָרשט געזוכט און פאַרצייכנט די פּרטים פון ספּינאָזאָס ביאָגראַפיע. דאָס האָט געשטילט זיין אינערלעכן דאָרשט. ער האָט אויך געהאַט בדעה צו שרייבן וועגן ספּינאָזאָס פילאָסאָפיע. ער האָט צוגעזאָגט אַז ער וועט עס טאָן, אָבער דאָס וואָס איז ניט געווען פאַרבונדן מיט פאַקט און געשעעניש, אויף דעם האָט ער לייכטער געקענט מוותר זיין.

ער האָט געקענט, אין זיין וואַרעמער פריינדלעכקייט, זיך אָנשטרענגען איבער די כוחות צו העלפן באַקאַנטע און פריינד אָדער זיך איינשטעלן פאַר זיי. אין דער זעלביקער צייט איז ער געווען שטורעמדיק־אימפּולסיוו און געקענט אין אַן אויפגערעגטן מאָמענט, אויף אַן אומקאָנטראָלירטן אופן באַליידיקן אַ מענטשן וואָס איז מיט אים ניט געווען נאָענט. ער האָט געקענט זיין אַזוי ליריש־דערציילעריש ווי אין זיין באַרימטער ביאָגראַפישער עסיי וועגן אַלעקסאַנדער קרויזהאַר, אָדער אַזוי אומבאַהערשט דורכגענומען פון הוילן אומגליק־געפיל ווי אין זיין הספּד אויף ש. ניגערן. אין דער זעלביקער צייט איז מיר אויסגעקומען מיט אים זיך שווער צו אַמפּערן מען זאָל דער־לויבן אַ רעצענזענט צו שרייבן אַ פאַרבייגייענדיק לויבוואָרט וועגן אַ בוך וואָס איז אים ניט געפעלן געוואָרן. ער האָט געקענט זיין וואַרעם ביז צום פאַר־געסן זיך; ער האָט אויך געקענט זיין אומברחמנותדיק קאַלט.

ביי אַזאַ אומגלייכער ליניע פון כאַראַקטער איז ממש צו באַוואונדערן די מאָס באַלאַנסירטקייט וואָס ער האָט דערגרייכט אין זיין היסטאָריאָגראַפי־שער אַרבעט. אפשר פאַרקערט, אפשר האָבן די שאַרפע שפּיציקייטן פון זיין געמיט, ווען די דיסציפּלין פון זיין אַקאַדעמישער אויסשולונג האָט זיי נאָך שאַרפער אַרויסגערוקט און אויף זיי איז געפאַלן דאָס ליכט פון זיין שכל, אפשר האָבן זיי געהאָלפן ווירקן אַז אידעאַלע אָביעקטיוויטעט, צו להכעיס זיין נאַטור, זאָל ווערן זיין העכסטע שטרעבונג.

איז אפשר גוט וואָס בעת ער איז געוואָרן דער היסטאָריקער פון יידישן קיבוץ אין פוילן זענען יידן געווען ניט אַזוי ווייט זיין פאָלק ווי דער שטאָף פון זיין פאָרשונג. וואָרעם וואָלט ער דעמאָלט געווען אינערלעך נאָענט און זיך אַליין געפילט ווי אַן אינטימער טייל פון יידישן זיין, וואָלט ער אפשר אויף דער מינדסטער האָר ניט געקענט קאָנטראָלירן זיין איינזייטיקייט און ער וואָלט געוואָרן אַ מוסטער פון דעם וואָס ער האָט אַזוי שרעקלעך פיינט געהאַט, אַ מוסטער פון סענטימענטאַלער אַפּאָלאָגעטיק. מען קען ניט זאָגן אַז יידישע היסטאָריאָגראַפיע האָט ניט געוואונען פון דעם וואָס ער איז דאָס ניט געוואָרן. מיר האָבן געזען אַ קלאָרןביישפּיל דערפון אין זיין לעצט ווערק די געשיכטע פון יידן אין וואַרשע.

ווען ער האָט פאַרטיק געמאַכט דעם ערשטן באַנד איז גלייך אויפגע־

שוואומען אַ האַרבע פראַגע ביי די וואָס האָבן זיך באַקענט מיטן מאַנוסקריפּט. וואָסער פּלאַץ דאַרף אָפּגעגעבן ווערן צו משומדים אין דער געשיכטע פון אַ ייִדישער קהילה? וואָס דאַרף זיין דער צוגאַנג פון אַ יידישן היסטאָריקער צו משומדים? זאָל דער היסטאָריקער בלויז פאַרבייגייענדיק איבערגעבן דעם פאַקט פונעם שמד און נאָך דעם זיך אָפּשטעלן אויפן משומדס מעשים טובים לגבי יידן — אויב אַזעלכע זענען געווען — און לחלוטין איגנאָרירן די מאָראַלע זייט פון שמד גופא, כאָטש פאַר יידן איז דאָס אַליין באַטראַכט געוואָרן ווי אַזאַ שרעקלעך אומגליק? אַוודאי קען אַ היסטאָריקער ניט פאַר־שווייגן אַז ביי יידן זענען געווען משומדים, אָבער אפשר וואָלט אַ ווערק וואָס דערציילט יידישע געשיכטע געדאַרפט מעטאָדיש אָרגאַניזירט ווערן אַזוי אַז די משומדים זאָלן געהאַלטן ווערן באַזונדער, ניט אַריינגעפלאָכטן אינעם געוועב פון דירעקטן יידישן לעבן.

ווען מען האָט פאַר שאַצקין אויפגעוויקלט די דאָזיקע אַלע פראַגעס האָט ער געקוקט פאַרחידושט און איז געווען געפּלעפּט. ער האָט לכתחילה געשריבן אַזוי ווי שמד וואָלט געווען אַ גלייכגילטיקער פאַקט וואָס האָט ניט די מינדסטע שייכות צום משומדס יידישער עקזיסטענץ. אמת, ער האָט ביסלעכווייז זיך גענומען רעכענען מיט דער סענסיטיוויקייט פון זיינע פריינד צו די דאָזיקע האַרבע ענינים, אָבער דערווייל האָט זיין לכתחילהדיקע גלייכ־גילטיקייט אים געהאָלפן אַרויסברענגען געשטאַלטן און פערזענלעכקייטן פון געשמדטע יידן וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף געוויסע זייטן פון יידישן לעבן אין פוילן. זיין דערמאָנטע ביאָגראַפישע עסיי פונעם משומד אַלעקסאַנדער קרויזהאר איז אַן עדות דערפון.

איז אין זיין פאַל אפשר געווען אַ מעלה וואָס אין אָנהייב האָבן מיר אין אים געפילט, ווי דער אמת איז געווען, אַ קילע דערווייטערטקייט. זינט דעם ערשטן טאָג פון זיין קומען קיין אַמעריקע איז ער געווען און געלעבט מיט אונדז, געאַרבעט צווישן אונדז אין אַ פעלד וואָס איז דאָס סאַמע איב־ווייניקסטע פון אונדזער לעבן. דאָך איז ער לכתחילה ניט געווען ווי אַלע אַנדערע „דאָרטיקע" וואָס זענען געקומען און זיך באַזעצט צווישן אונדז. מיר זענען געווען נאָענט באַהאָפטן ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם מאַטעריאַל וואָס ער האָט געפאָרשט, און וואָס דאַרף מער און מער געפאָרשט ווערן. אָבער בנוגע דעם „מאַטעריאַל" פונעם איצטיקן לעבן אונדזערן — יידן, יידישקייט — דאָ האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ זייטיקן. האָב איך אים דעריבער זייער גוט פאַרשטאַנען ווען ער האָט אין די צוואַנציקער יאָרן זיך געפילט אַזוי נאָענט צו אַן אַנדער „זייטיקן", צו ברוך ספינאָזאַן. אָט וואָס ער שרייבט אין דער הקדמה צו זיין „ספינאָזאַ און זיין סביבה (אַרויס אין 1927): „איך בין זיך מודה ומתוודה אַז דער געהויבענער אָדער סוביעק־טיווער טאָג באַגלייט מיך אין משך פון יאָרן זינט עס איז מיר באַשערט געווען איבערצוטרעטן די שוועלן פון ספינאָזאָס געדאַנקען־וועלט. ווייל פאַר

מיר פערזענלעך איז דאָס דאָזיקע ספּינאָזאַ־בוך ניט נאָר אַ פּאָרש־אַרבעט נאָר אַן אינטימע איבערלעבעניש".

אָבער זינט יענער צייט האָט זיך דער אָביעקטיווער היסטאָריקער אין אים, אָביעקטיווער, פאַרשטייט זיך, אין רעלאַטיוון זינען, אַלץ מער און מער באַפעסטיקט. האָט שוין זיין אַרבעט מער ניט געליטן פון דעם וואָס ער איז אונדז געוואָרן נעענטער, אייגענער. צוויי יאָר נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע איז מיר אויסגעקומען מיט אים צו פירן אַן עפנטלעכן וויכוח, וועגן יידישע רעליגיעזע ריטואַלן. ער האָט דעמאָלט גערעדט מיט ביטערקייט וועגן דעם יידישן צד און אונטערגעשטראָכן די העכערקייט פון דער קאַטויִלישער קירך מיט איר קונסט און מוזיק. פון דעם אַלעם זענען געבליבן ווייניק סימנים אין די לעצטע יאָרן. דער שטאָף פון זיין פאָרשונג, דאָס יידישע פאָלק, האָט אים שפּעטער גענומען אַלץ מער צוציען צו נעענטערער שותּפות.

אין 1950, ווען עס איז אַרויס זיין קולטור־געשיכטע פון דער השכלה אין ליטע, לאָזט ער דאָרט וויסן: „עס איז געווען מיין אַלטער חלום אָנצושרייבן אַזאַ בוך. דער פאַרבאַנד פון ליטווישע יידן האָט ממש גורם געווען אַז דער חלום זאָל ווערן אַ רעאַליטעט. דער יזכור־קלימאַט האָט אָבער ניט געשטערט מיר צו זיין אַזוי אָביעקטיוו ווי אַ היסטאָריקער דאַרף זיין און נישט מגזם זיין דעם עבר, ווייל ער איז אַזוי בלוטיק פאַרלוירן געוואָרן". אַמאָליקע יאָרן וואָלט ער אַזאַ באַוואָרעניש ניט געדאַרפט. יזכור־קלימאַט, יידישער קלימאַט, בכלל „קלימאַט" אין אונדזער סביבה האָט ער שווייגעדיק געקענט גובר זיין. איצט, ווערנדיק נעענטער צום „קלימאַט", האָט ער שוין זיך געקענט חושד זיין אין אַ זינד וואָס אַ היסטאָריקער דאַרף זיך באמת אויסהיטן פון איר.

אָט אַזוי איז ער געקומען צו אונדז אַ דערוויטערטער און ביסלעכוויַיז, דורך אַלע זיינע יאָרן, אַ סך, אַ סך צוגעטראָגן צו אונדזער היים אַז זי איז געוואָרן, מיט דער הילף פון זיין אָנשטרענגונג, רייכער און שענער. ווען ער איז אַוועק פון אונדז איז שוין די היים אונדזערע אויף אַזוי פיל געווען זיינע אַז זי האָט אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו מיט פאַריתומטע אויגן.

(1958)

# רעליגיעזע גרופירונג און רעליגיעזע ספערע

מיר שפּאַצירן אין גאַס און גייען פאַרביי שולן, קירכעס, פרומע לוויות, צערעמאָניעלע חתונות, קוקן מיר און טייטלען מיטן פינגער: רעליגיע, רעליגיע. און אָט זעען מיר אַ מענטשן אין צער, הייבט ער אויף די אויגן, פיקסירט זיי ערגעץ־וואו, אפשר אויפן הימל, „אויבן ניט נאָך העכער", און טרייסט זיך אַז גאָט וועט העלפן מיט אַ מאָרגנדיקן ליכטיקערן טאָג. קוקן מיר אויף אים און דעפינירן שטילערהייט: רעליגיע, רעליגיע.

געקוקט אין דרויסן, עקסטראָספּעקטיוו, קען רעליגיע זיין אַ פאָרם, אַ בנין, אַן אינסטיטוציע. געקוקט אינעווייניק, אינטראָספּעקטיוו, קען זי זיין אַ שטימונג, אַ געפיל, אַן איבערלעבעניש. מען קען זען רעליגיע ווי אַ סאָציאַלע גרופּירונג, ווי עפּעס וואָס ברענגט מענטשן צונויף, וואָס האַלט זיי צוזאַמען, וואָס פילט אָן זייער געזעלשאַפטלעך לעבן אי מיט דער וואַרעמקייט פון פריידיקע קעגנזייטיקע באַציאונגען, אי מיט דער קאַלטער שפּיציקייט פון ווידערווילן צו אַנדערע. מען קען אויך דערשפּירן רעליגיע ניט ווי אַ קאָנקרעטע, ערדישע סאָציאַלע גרופּירונג, נאָר ווי אַן אויבערשטע, אַ העכערע ספערע, עפּעס אַ ווייטער דינער וואָלקן, וואָס הילט איין די וועלט און אַלץ וואָס אין איר. און ווען ס'ווערט אַביסל קילער אין די העכערע ספערן, נידערט אַראָפּ דער זעלביקער וואָלקן ווי אַ דערפרישנדיקער רעגן.

רעליגיע, געזען ווי אַ סאָציאַלע גרופּירונג, איז קאָנקרעט־דרויסנדיק, אַ בינדנדיקע קראַפט אין געזעלשאַפטלעכן אומגאַנג, אינסטיטוציאָנעל, פאַרמאָגט איר אייגן לעבן, געזעצן פון אויפקום און אונטערגאַנג, באַשטימטע פאָרמען פון מלחמת־הקיום, און אַ גאַנץ באַשטימטן פּלאַץ אין געשיכטע און אַנטראָפּאָלאָגיע. אַנדערש איז די רעליגיעזע ספערע. אויך דאָ ווירקט גאַנץ אָנזעעוודיק אַ סאָציאַלע קראַפט, אָבער זי איז מער יחידיש פאַרוואָרצלט, און דריקט זיך אויס ווי אַן איינציק מעגלעכער, איינציק דענקבאַרער אופן פון לעבעדיקער האַנדלונג. די דרויסנדיקע פאָרם פילט זיך אין באַוואוסטזיין ווי אַ געטרייע קאָפּיע פון אַן אינערלעכן פורעם, לויט וועלכן עס איז אויסגעבויט דער גאַנצער אינהאַלט פון דער פּערזענלעכקייט.

הינטער רעליגיע, ווי אַ געזעלשאַפטלעכע גרופּירונג, שטייט אַן אויפשוידערנדיקע מורא און אַ צוטוליענדיקע ליבע, וואָס פאַרשפּאָטן, פאַרבלענדן און פאַראַליזירן אין אייך יעדע ניט־דערלויבטע אַנדערשקייט. צופעליקע איבערלעבענישן, לאָקאַלע פּאַסירונגען און טיפערע פּסיכישע רעגונגען גרימירן זיך אין פאָרמען פון רייכע צערעמאָניעלע קאָנסטרוקציעס. קאָמפּליצירטע ריטואַלן און טאַבוס. דאָס צוזאַמענלעבן פון מענטשן טרייבט צו דעקאָראַטיווע איינפאַלן, לייגט אויף זיי אַרויף די סאַנקציע פון אַלגעמיינער הסכמה, פון אַ סאָציאַלן צוואַנג, און באַהויכט זי מיטן אָטעם פון הייליקייט.

רעליגיע, ווי אַ ספערע, לעבט אויף ערשט דעמאָלט, ווען די אָפּענע פאָדערונגען פון דער גרופּירונג שווימען שוין מער ניט אַרום אויף דער אויבערפלאַך פונעם ברענפּונקט פון באַוואוסטזיין, זענען שוין אַריינגעדרונגען אַ סך טיפער און זיך אַריינגעגאָסן אין יענע ווינקלען פון נשמה־לעבן, וואו דער איינצלנער פילט זיך ווי אַ כוואַליע אויפן ים פון דער גאַנצער קאָסמישער אָרדענונג. אין דער ספערע זעט זיך שוין קנאַפּער אָן סיי דער שכנישער מיט־מענטש, סיי די קאָנקרעטע גרופּע, מיט וועלכער אונדזער לעבן איז דורכגעפלאָכטן. דעמאָלט זאָגן מיר, אַז „עפּעס פילט זיך אין דער לופט״; מיר דערשפּירן די רעאַליטעט פון אַן אַבסטראַקטער אַטמאָספערע; לאָגישע אַרגומענטן פאַרלירן זייער שליטה, מיר פילן, אַז מיר ציען יניקה פון טיפערע קוואַלן און דערזעען אין זיך דאָס ליכט פון העכערע ספערן. רעליגיע, ווי אַ ספערע, אָפּערירט מיט דער באַפעלערישקייט פון אַן עטיש געוויסן, אַ שטילן, פאַרבאָרגענעם מעכאַניזם, וואָס איבערגעוועלטיקט מיט זיין אומגעהייערער טיף־מענטשלעכער באַצווינגענדיקער קראַפט.

פאַר דער רעליגיעזער ספערע זענען צופעליק און זייטיק די רייכע פּרוכט — צערעמאָניע און ריטואַל — וואָס וואַקסן אין דער סביבה פון דער רעליגיעזער גרופּירונג. און ווען עס ברעכט אויס אַ קאָנפליקט צווישן זיי, ווען דאָס צופעליק־זייטיקע וויל פאַרדעקן דאָס אייביקע און צענטראַלע, זאָגט דער נביא: „און ווען איר שפּרייט אויס אייערע הענט, וועל איך פאַרהוילן מיינע אויגן פון אייך; ווען איר וועט אויך פאַרמערן תפילה צו טאָן, וועל איך ניט הערן; אייערע הענט זענען פול מיט בלוט״. אַזוי רעדט רעליגיע, ווען זי שטייגט אַריבער די גרענעצן פון אַ סאָציאַלער גרופּירונג און הייבט זיך אויף צו דער מדרגה פון אַ סאָציאַלער צו אַ קאָסמישער הייך. אַזוי ווערט געבוירן און אַנטוויקלט זיך די רעליגיעזע ספערע.

אין דער געשיכטע פון רעליגיעס זענען ניט תמיד געווען ווי געהעריק סינטעטיזירט די דאָזיקע צוויי מאָמענטן, גרופּירונג און ספערע. ניט אַלעמאָל און ניט אומעטום איז די ערשטע געווען גלייך טיף פאַרוואָרצלט און דורכגענומען מיט די זאַפטן פון דער צווייטער.

רעליגיע, ווי אַ פלאַנץ, וואָס וואַקסט אין הוילער גרופּירונג פון מענטשן, געהערט אייגנטלעך צו דער וועלט פון רוימלעכע באַגריפן. זי איז דעמאָלט געבונדן צו די פאָרמען פון סימבאָלן, הייליקע זאַכן, אין דער פיזיש־פּסיכישער צונויפזאַמלונג פון אַ סך מענטשן אויף איין פּלאַץ. איר צייט, אויף וויפיל זי פאַרקערפּערט דאָס אין זיך, איז דער עיקר דער איצט, און איר הויפּט־פאַקטאָר איז אין דער ערשטער שורה דאָס געוואָרענע און ניט דאָס ווערנדיקע. אין דער רעליגיעזער ספערע אָטעמט מער דער גייסט פון דער צייט־דימענסיע, דאָ האָבן מיר צו טאָן מיטן פולס פונעם צייט־לויף. די ספערע איז גיכער אַ קינד פון געמיט, שטימונג, אַנונגען און אויסגעחלומטע אידעאַלע מוסטערן. אירע פאָדערונגען קומען פאַר פאַמעלעך, רירן זעלטן אָן פונדאַמענטאַלע ווינקל־

שטיינער, און זי באַוועגט זיך אין אַן אייגענעם מעדיום, מיט אַן אייגענעם ריטם און סדר — צייט.

איז, ווי געזאָגט, דאָס רוימלעכע און צייטלעכע פון רעליגיעזן אוניווערס — גרופּירונג און ספערע — וואַרפן זיך ניט אונטער, ניט תמיד און ניט אומעטום, די זעלביקע געזעצן פון קעגנזייטיקער אַסימילאַציע. דאָס קלאַסישע יידנטום ווייזט אַן אַקוראַט היפּוכדיקן באַגריף פון דער פריערדיקער ציטאַטע פונעם נביא. דאָרט זענען גרופּירונגען און ספערעס געווען מער אָדער ווייניקער אָפּגעזונדערט, און דאָס געוויכט איז געלעגן אויף די ערשטע. פון יענער ציוויליזאַציע האָבן מיר ניט קיין תנ״ך, קיין קאָראַן, קיין זענד אַוועסטאַ. די רעליגיעזע גרופּירונג פון קלאַסישן יידנטום האָט זיך ניט גענייטיקט אין קיין דאָקטרינישן מאַטעריאַל אָן וועלכן עס קען ניט אויסקומען אַ גייסטיק לעבן, וואָס איז כולל אַלץ און אַלעמען, און וואָס פונקציאָנירט אונטערן שיין פון אייביקייט. צעאוס איז געווען אַ פּאָטער, אַ האַר, אָבער קיין וועלט־באַשאַפער איז ער ניט געווען. און די האַמעטנע אַנטראָפּאָמאָרפישקייט פון די אַנדערע געטער האָט זיך גאַנץ פיין אַריינגעפּאַסט אין דאָזיקן רומל.

פאַר דעם גרעק איז דאָס גלויבן ניט געווען דער עיקר, אוניווערסאַלע פּרינציפּן האָבן אין דער רעליגיע קיין אָנגעזעענע ראָלע ניט געשפּילט. אָבער אָפּגעהיטקייט אין אימפּאָזאַנטן און זייער קאָמפּליצירטן ריטואַל, דאָס איז געווען די הויפּט־פאָדערונג. אַפילו די געהיימע ברודערשאַפטן, וואָס זענען געווען אַזוי פאַרשפּרייט אין גריכנלאַנד, און האָבן געטראָגן אין זיך אַזאַ מאַגישע סודותדיקייט, אַפילו דאָרט איז די אַנטוויקלונג געווען אַזאַ, אַז עס האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ פאַרשפּיצטער גרופּירונג, און ניט פון די אַפּעלירנדיקע אמתן פון אַ רייפער ספערע. אין די דאָזיקע אָרפישע אָדער אַנדערע ברודערשאַפטן זענען אַנטפּלעקט געוואָרן דאָס, וואָס די מיטגלידער האָבן געהאַלטן פאַר טיפע געהיימענישן, אָבער די וויכטיקסטע אַנטפּלעקונגען זענען געמאַכט געוואָרן דורך עפּעס טאָן, און ניט דורך ווערטער. דאָס וואָרט מיט זיינע אוניווערסאַלע אימפּליקאַציעס, מיט זיינע אייביקייט־טענדענצן איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם גרעקישן אינטעלעקט. און די ריזיקע אוצרות וואָס יענער אינטעלעקט האָט אונדז געלאָזן, זענען דאָך וואויל באַקאַנט.

אין מאָמענט ווען רעליגיע האָט געהאַט אויסצושטיין שווערע מלחמות, זענען די ביטערסטע אַטאַקעס געמאַכט געוואָרן קעגן דער גרופּירונג און אירע דירעקטע פּראָדוקטן און ניט אַנטקעגן דער ספערע. אין די בלוטיקע מלחמות צווישן די קריסטלעכע סעקטעס, פאַר און נאָך דער רעפאָרמאַציע, איז דער קאַמף געפירט געוואָרן אין נאָמען פון איין גרופּירונג אַנטקעגן דער אַנדערער. אין די קאָנפליקטן צווישן רעליגיע און וויסנשאַפט האָט אַן אָפּן אָנערקענטע רעליגיעזע ספערע — וואָס האָט אַרומגערינגלט די וויסנשאַפט און אירע בעסטע פאָרשטייער — זיך געשטעלט קעגן די דעגענערירטע פאָרמען פון אַ פאַרעלטערטער, פאַרוואַקסענער רעליגיעזער גרופּירונג.

אַפילו די קאָמוניסטן פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, וואָס האָבן זיך אַזוי קונה שם געווען מיט זייער קאַמף קעגן רעליגיע, אַ קאַמף וואָס האָט אין די ערשטע יאָרן אָפט אָנגענומען פאָרמען פון אינפאַנטילישער ברוטאַליטעט, אַפילו דאָרט איז דער קאַמף געפירט געוואָרן אין דער אמתן אַנטקעגן די פּראָדוקטן פון היסטאָריש־פאַרבייגייענדיקע גרופּירונגען. נאָך מער, דער קאַמף איז געפירט געוואָרן אין נאָמען פון אַ מאָראַל וואָס שטאַמט אייגנטלעך פונעם שונא׳ס רעליגיעזער ספערע, און ער האָט זיך געשטיצט אויף סאָציאָלאָגישע און פילאָסאָפישע אַני־מאַמינס וואָס האָבן אין זיך אַלע אַטריבוטן פון רעליגיעזע דאָגמעס.

דאָס וואָס אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד האָט זיך פאַרשפּרייט די אינסטיטוציע פון שלאָגן זיך „על חטא" באַוויזט, ווי נויטווענדיק עס איז, אַז גרופּירטע צערעמאָניאַלן זאָלן אויסוואַקסן אומעטום וואו עס איז נאָך פאַראַן אַ רעליגיעזע ספערע. אמת, דער סאָוויעטישער „על חטא" רעדט ניט וועגן „זינד" נאָר וועגן „פעלערן", אָבער עס איז ניט שווער צו דערשפּירן דעם טעם פון דער רעליגיעזער יאָדרע, וואָס ליגט הינטער דעם דאָזיקן וועלטלעכן שאָלעכץ. אַלע טעקסטן פון אַזעלכע ווידוי׳ס ווייזן, אַז דער בעל־דבר פאַרבינדט יעדן פּרט פון זיינע מעשים מיטן גאַנצן סדר העולם, אַז ער שטייט תמיד פאַר העכערע ניט־געזעענע כוחות, וועלכע ער איז שולדיק אַן ענטפער ניט בלויז פאַר דעם וואָס ער טוט, נאָר אַפילו פאַר זיינע מחשבות. דאָרט וואו אַ מענטש איז זיך אַזוי מתוודה אין פולער אויפריכטיקייט, ווען דאָס איז ביי אים ניט קיין אַרויפגעצוואונגענע פאָרמאַליטעט, נאָר אַן אמתע פּסיכישע איבערלעבעניש, דאָרט האָבן מיר צו טאָן מיט עכטע מוסטערן פון „זינד" און „בעל תשובה" — מאַכט ניט אויס ווי וועלטלעך עס זעען די טערמינען הינטער וועלכע ער באַהאַלט זיך.

די רעליגיעזע ספערע פאַרגלאַטיקט און פאַרקייליכט די מאָראַלע סיסטעם פון יחיד און געזעלשאַפט און גיט צו פילן, אַז עס איז פאַראַן אַ זיכערע שייכות צווישן יעדן פּונקט אין איר און יעדן אַנדערן. ווען מיר דריקן אויס אַזוי אָפט די זיכערקייט, אַז אַזעלכע שייכותן זענען פאַראַן, נעמט זיך עס דאָך ניט פון קאָנקרעטע דערפאַרונגען, נאָך ווייניקער פון וויסנשאַפטלעך־אויספּרובירטע אמתן, און דאָך שטערט עס אונז ניט צו פילן אויף פאַרשיידענע אופנים און אין פאַרשיידענע ווינקלען פון לעבן, אַז גוטס וועט פירן צו גוטס, און שלעכטס וועט פירן צו שלעכטס, און טאָמער איז עפּעס אין דער וועלט ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין, איז עס, און עס מוז תמיד זיין, צוליב אונזערע „פעלערן" אָדער „זינד", ווייל אַזאַ אָדער אַן אַנדער שטעלונג צו די כוחות פון לעבן קען דאָך סוף־כל־סוף אַלץ פאַרריכטן, אָדער קאַליע מאַכן.

אויפן פּרעכטיקסטן אויפן דריקט זיך אויס דער דאָזיקער פּסיכישער צושטאַנד אין די צענדליקער מעשות און אַרויסזאָגונגען אין תלמוד און אין מדרשים וואָס דאַרפן דערקלערן פאַרוואָס דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן. זאָל איין מעשה׳לע אַזאַ גענוג זיין דאָס צו אילוסטרירן:

אין דער צייט וואָס פאַרן חורבן ירושלים האָט געטראָפן אַז אַן אַרבעטער האָט זיך פאַרליבט אין דער פּרוי פון זיין באַלעבאָס. מאַכט זיך אַז דער באַ־לעבאָס נייטיקט זיך אין געלט, זאָגט צו אים דער אַרבעטער: שיק צו מיר אַהיים דיין ווייב וועל איך דיר געבן די הלוואה. טוט ער אַזוי. אָבער ווען די פרוי איז ניט אַזוי שנעל צוריקגעקומען, און דער באַלעבאָס איז געגאַנגען זי זוכן, טרעפט ער דעם אַרבעטער אויפן וועג. אויף דער פראַגע וואו זיין ווייב איז, ענטפערט אים יענער: „איך האָב זי גלייך אָפּגעלאָזט, אָבער אַ חברה איז זי באַפאַלן און זי מאַנס געווען. איצט איז מיין עצה זאָלסט זי גטן". אַזוי ווי זי האָט אָבער געהאַט אַ גרויסע כתובה איז דער אַרבעטער מרוצה געוואָרן אים ווידער צו לייען געלט. נאָכן גטן האָט, פאַרשטייט זיך, דער אַרבעטער חתונה געהאַט מיט דער פרוי.

ווען די צייט איז געקומען דעם חוב צו באַצאָלן און ס'איז ניט געווען מיט וואָס, זאָגט דער אַרבעטער צום פריערדיקן באַלעבאָס: „ווער מיין באַ־דינער, און צאָל מיר אָפּ דעם חוב מיט אַרבעט". פלעגט דער יונג זיצן מיט זיין נייער פרוי ביים טיש און זיך לאָזן וואוילגיין מכל טוב, און דער געוועזענער באַלעבאָס האָט זיי דערלאַנגט די גוטע מאַכלים און פיינע געטראַנקען, און טראָפּנס טרערן פלעגן רינען פון זיינע אויגן אין זייער בעכער אַריין. אין אָט דער צייט איז די גזירה פון חורבן געחתמעט געוואָרן.

מען דאַרף זיך פילן באַזונדערס דאַנקבאַר צו אָט דעם גאָלדענעם ביישפּיל, וואָס האָט פאַרבונדן אַזעלכע דערוויטערטע טראַגעדיעס אין אַן אורזאַכלעכן צוזאַמענהאַנג. ווארעם פון שטאַנדפּונקט פון דער רעליגיעזער ספּערע זענען זיי נאַטירלעך גלייכע טיילן פון זעלביקן מאָראַלן אומקריזי. און אויב דאָס איז אַזאַ זעלטן עקסטרעמער פאַל און דריקט אויס עפּעס אַזאַ הייליקע נאַ־איוווקייט, געפעלט עס אונדז נאָך מער, ווייל זי אילוסטרירט נאָך בולטער די אַלגעמיינע סכעמע פון אונדזער אייגענער רעליגיעזער ספּערע.

איז דעריבער שוין לייכטער צו פאַרשטיין די שייכותן צווישן רעליגיעזע גרופּירונגען און רעליגיעזער ספּערע אין אַ פּסיכישן צושטאַנד וואָס זאָגט: „צוליב אונדזערע זינד זענען מיר פאַרטריבן געוואָרן פון אונדזער לאַנד און דערוויטערט געוואָרן פון אונדזער ערד". און דער זעלביקער צושטאַנד, אין אַ געטרייסטן מאָמענט, וועט מסתמא מוסיף זיין: „און צוליב אונדזערע מצוות וועלן מיר זיך אומקערן און דערנענטערן".

(1935)

# וואולגאַר

פילאָסאָפן, דענקער, האָבן זיך זייערע ספּעציעלע עגמת־נפש׳ן, און וואָס טיפער און אָריגינעלער זיי זענען אַלץ מער געלעגנהייטן ווערן געשאַפן פאַר זייערע באַזונדערע צרות. גאַנץ אָפט באַקלאָגן זיי זיך אַז מען האָט זיי ניט ריכטיק פאַרשטאַנען, אַז מען האָט פאַלש איבערגעגעבן די באַגריפן מיט וועלכע זיי באַנוצן זיך, און אַז מען פאַרשפרייט אין זייער נאָמען געדאַנקען וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט געזאָגט. דאָרט וואו דענקער האָבן צו טאָן מיט מער עקזאַקטע זאַכן פון דער וועלט איז באַך אַ האַלבע צרה. אַזעלכע אידייען ווערן געוויינטלעך אויסגעדריקט דורך מאַטעמאַטישע חשבונות, אָדער דורך אַנדערע סאָרטן סימבאָלישע פאָרמולעס, איז מען ניט אַזױפיל אָנגעוויזן אויף אויסטייטשונגען און איינדרוקן, לאָזט זיך פּינקטלעכער איבערגעבן אי דעם אינהאַלט, אי די שייכותן דערפון צו דעם וואָס איז פריער געזאָגט געוואָרן פון אַנדערע.

ווען עס האַנדלט זיך אָבער וועגן ברייטערע גענעראַליזאַציעס, דער עיקר ווען מען האָט צו טאָן מיט מענטשלעך לעבן, דעמאָלט וואַקסן די צרות אויף טריט און שריט. וואָרעם דאָס ווערט געוויינטלעך ניט אויסגעדריקט דורך פּרעציזע פאָרמולעס, דאַרף מען זיך באַנוצן מיט אַ סך אַלגעמיינע ווערטער, און שפּראַך איז בכלל ניט קיין צו גוטער אינסטרומענט איבערצוגעבן די גענויע גרענעצן פון אידייען.

אַחוץ דעם זענען דענקער ניט מער ווי זינדיקע בשר־ודמס, און ביי מענטשן דערוועקט זיך אָפט אַן אומגעזעטיקטער עסטעטישער יצר־הרע ווען עס קומט צו שפּראַך. עס ווילט זיך באַנוצן מיט וואַרעמע רייד, קיילע־כיקע ווערטלעך, שיינע משלים, שאַרף־געצייכנטע בילדער, קלוגע אָנצוהערע־נישן, גלאַטיקע פאַרבינדונגען צווישן פּונקט און פּונקט, בקיצור די דיקטאַטור פון שיין־שרייבעריי רייסט זיך צו באַהערשן דעם פאַרלאַנג צו זיין אַקוראַט און עקזאַקט און פּרעציז. אין אַזעלכע פאַלן איז דער דענקער אין גאַנצן אָפּהענגיק אַן די טראַכט־געוואוינהייטן און די אינטעלעקטועלע נייגונגען פונעם אויסטייטשער. און דאָ עפנט זיך אַ ברייטער וועג ניט בלויז פאַר טעותן, און פאַלשע פּירושים, נאָר אַפילו פאַר וואולגאַריזאַציע.

דער אונטערשייד צווישן אַ פאַלש־פאַרשטאַנענעם געדאַנק בכלל און אַ וואולגאַרער אויסטייטשונג איז נאַטירלעך זייער גרויס, כאָטש עס איז לחלוטין ניט אַזוי לייכט צו זאָגן וואָס מיר מיינען ווען מיר באַנוצן אין אַזאַ פאַל דאָס וואָרט „וואולגאַר”. מיר דאַכט זיך אָבער אַז איך וועל ניט זיין וויט פונעם אמת ווען איך וועל זאָגן אַז אַ וואולגאַרע אויסטייטשונג איז אַזאַ ווען מען וואַרפט אַראָפּ פון וואָג אַלע דיבע פּרטים און פאַרבינדונגען וואָס דער דענקער האָט אַריינגענומען אין זיין אידייען־סיסטעם און עס זענען בלויז געבליבן

די גראָבע שטריכן מיט וועלכע מיר באַנוצן זיך אויף צו דערקלערן זאַכן אין אייליקן לויף פון טאָג. ווען דער פאַרביטערטער משכיל איז געווען אש להבה אויפן חסידישן רבין ווייל ער נעמט פדיונות, און האָט דערין דערזען דעם טרייבנדיקן מאָטיוו פון גאַנצן חסידישן צדיקיזם, אָט דאָס הייסט אַ וואולגאַרע דערקלערונג. באמת האָט דער משכיל ניט אויסגעטראַכט פון קאָפּ קיין בייזוויליקן ליגן. דער רבי האָט דאָך טאַקע גענומען פדיונות. אָבער ווען מען נעמט אַוועק דעם רבינס טראַדיציע, די אַטמאָספער פון זיין דערציאונג און לעבן, זיין רעליגיעזע קולטור, זיין תמימות, זיין קדושה, זיין גלויביקייט, ווען מען נעמט דאָס אַלץ אַוועק, בייט זיך אין גאַנצן דער זינען און די פונקציע פונעם פדיון. עס ווערט פון אים אַ נאַקעטער פאַקט פון וועלכן מען האָט אַראָפּגעריסן זיין מענטשלעכן לבוש, דעם איינציקן לבוש וואָס האָט אים געמאַכט ניט בלויז פאַר אַ פאַקט נאָר אויך פאַר אַ מענטשלעכן אמת.

בעת מיר גייען דורך די געשיכטע פונעם מענטשלעכן געדאַנק איז, דאַכט זיך מיר, ניט שווער איינצוזען אַז ניט אַלע האָבן דעם זעלביקן מזל אין דעם פּרט, דאָס הייסט אַז די סכנה פון וואולגאַריזאַציע הענגט ניט איבער אַלעמען גלייך. פאַראַן אַזעלכע דענקער וואָס קומען אָפּ העכסטנס מיט דער שרעק פון ווערן שלעכט פאַרשטאַנען. פאַראַן אַזעלכע וואו די פאַלשע אויס־טייטשונגען גייען אַ סך ווייטער, רייסן זיך אַוועק פון געוויסע ראַפינירטע ניואַנסן וואָס די אידייען האָבן פאַרמאָגט אין די ווערק פון זייערע שאַפער. פאַראַן אָבער אויך אַזעלכע וואו די גראָבע אומברחמנותדיקע וואולגאַריזאַציע שרייט אַראָפּ פון אַלע דעכער. טיילמאָל גייט עס אַזוי ווייט אַז דער דענקער אַליין דערקענט שוין גאָר ניט אַז דאָס האָט מען אין זינען זיינע טעאָריעס. עס זעט אויס אַז מען וואָלט געקענט אויפדעקן אַ געוויסע רעגולערקייט אין דעם, עפּעס אַ געזעץ וואָס זאָל אונדז אָנווייזן וואו, אויף וואָסערע געדאַנקען, וואולגאַריזאַציע האָט אַ גרעסערע שליטה. מען וואָלט דעמאָלט געקענט פאָרויסזאָגן וואו די דאָזיקע סכנה לויערט מער, און ממילא שטיין אויף דער וואַך און זיך היטן.

אָט לאָמיר נעמען עטלעכע אידייען־סיסטעמען וואָס זענען אויפגעקומען און אויפגערודערט די וועלט אין פאַרגאַנגענעם און איצטיקן יאָרהונדערט. ווי גרינטלעך פאַרשיידן זייער מזל איז געווען אין פּראָצעס פון מאַכן זיי מער צוגענגלעך צום ברייטן עולם. די איינשטיין־טעאָריע האָט אויפגעשטור־רעמט אַלץ און אַלעמען, פונעם סאַלאָן ביז דער שוסטער־גאַס. פאַרשטייט זיך אַז טייל האָבן אין זייערע דערקלערונגען געמאַכט טעותן, אָדער אויסגעדריקט מיינונגען אויף אַ פאַרפירערישן אופן. דאָס איז אומפאַרמיידלעך. אָבער די באַרימטע לעגענדע אַז בלויז צוועלף מענטשן קענען פאַרשטיין די רעלאַטי־וויטעט־טעאָריע האָט געשאַפן גענויע גרענעצן צווישן דעם וואָס מען קען בכלל פּאָפּולאַריזירן, און דעם וואָס מען מוז גלויבן אויפן וואָרט די יודעי חן, אַז מסתמא איז עס גרויס און טיף, כאָטש דער פּשוטער, ניט צוגעגרייטער

מוח קען עס ניט באַנעמען. איינשטיין אַליין האָט, ווי ווייט איך ווייס, קיינמאָל זיך ניט צופיל באַקלאָגט אויף זיינע אינטערפּרעטירער. טעותן דאָ און דאָרטן זענען זייער מענטשלעך, אָבער ביי איינשטייניען האָבן זיי בדרך־כלל ניט אָנגערירט דעם תוך. ווען עס איז געקומען צו תוך־זאַכן זענען מענטשן פּלוצלונג געוואָרן עניוות־דיק געשטימט און מסכים געווען אַז זיי פאַרשטייען ניט.

אַביסל אַנדערש, און ערגער, איז די לאַגע מיט אַנרי בערגסאָנען, כאָטש אויך ניט אַזוי געפערלעך אַז עס זאָל פאַרשאַפן צופיל עגמת־נפש. זיין באַגריף פון „רייַנעם דויער" איז זיכער ניט אַזוי לייכט צו פאַרשטיין פאַר מענטשן אָן פילאָסאָפישער שולונג. דאָך איז מיר ניט באַקאַנט אַז עס זאָל זיך האָבן פאַרשפּרייט אַ צו שאַרפע מיסרעפּרעזענטאַציע פון אָט דעם געדאַנק. מעגלעך אַז טאַקע דערפאַר וואָס דאָס איז אַזאַ אַבסטראַקטער פילאָסאָפישער ענין האָט מען זיך צו דעם וויניקער צוגערירט. אָבער זיין שם אַז ער איז אַן אַנטי־אינטעלעקטואַליסט איז באמת פאַלש, ווי דאָס זאָגן עדות די קאָמפּעטענטסטע קענער פון בערגסאָנען. זייער אָפט איז אויך פאַלש אויסגעטייטשט געוואָרן וואָס בערגסאָן פאַרשטייט אונטערן וואָרט „אינטואיציע", אַז דאָס איז ביי אים אַן אָפּגרענעצן זיך פון די פאָדערונגען פון שכל. אָבער ווייטער פון אַזעלכע און ענלעכע שלעכטע אויסטייטשונגען איז עס ניט געגאַנגען.

ווען מיר קומען צו דאַרווינען איז שוין די לאַגע גאָר שלעכט. דאָ זענען אויסטייטשונגען אַריבערגעגאַנגען די שוועל פון דעם וואָס מען קען שוין אָנרופן „וואָולגאַר". דאָס האָט צו טאָן דער עיקר מיט יענעם פּונקט פון זיין טעאָריע וואָס ווייזט אָן אויפן אייביקן קאַמף צווישן לעבעדיקע באַשעפענישן פאַר זייער קיום. דער וואָס איז מער צוגעפּאַסט אין קאַמף פאַרן לעבן פאַרבלייבט, די אַנדערע גייען אונטער. ווען מען טראָגט אַריבער דעם דאָזיקן געדאַנק אין דער מענטשלעכער וועלט, און „מער צוגעפּאַסט" ווערט פאַרשטאַנען ווי פיזיש־שטאַרקער, קומט אויס אַז דער גרעסטער כוח ביי מענטשן איז די פויסט, און אַלע געדאַנקען וועגן עטישע באַציאונגען און מאָראַלע מידות זענען בלויז צעקראָכענע סענטימענטאַליטעטן פון דערשראָקענע פּחדנים און אַלטע ווייבער. דאָס האָט געפירט צו אַן אָפענער פּראָקלאַמירונג פון גזלנישער מאָראַל, אַז מלחמות זאָל מען האַלטן פאַר אַ גרויסער ביאָלאָגישער טובה, ווייל דאָס העלפט כלומרשט אַז די שוואַכע זאָלן אומקומען, און עס זאָל געבוירן ווערן אַ דור וואָס זאָל הערשן איבער דער וועלט מיט גבורה און שווערד.

עס איז בלי ספק אמת אַז אַ פיזיש־געזונטער דור איז מער צוגעפּאַסט אויסצוהאַלטן די שטורעמס פון לעבן. אָבער ווען פיזיש־געזונט ווערט פאַרשטאַנען ווי פויסטן־קראַפט, און „קאַמף פאַר לעבן" זאָל מיינען שלאַכטפעלדער און שפיכות דמים, און ווען מען וואַרפט אַראָפּ פון דער מענטשלעכער וואָגשאָל דעם גאַנצן אוצר פסיכישע אייגנשאַפטן, וואָס בלויז זיי קענען

מאַכן פונעם מענטשן די קרוין פון אַלע באַשעפענישן, ווען מען טוט דאָס אַלץ מאַכט מען פונעם דאַרוויניזם די פילאָסאָפיע פון אַ חיה רעה, וואָס קען זיך אַפילו אין ברוטאַלן קאַמף ניט פאַרמעסטן מיט דער חכמה, דערפינדערישקייט און פלאַנמעסיקער אַטאַקע פון אַן אינטעליגענטן זעלנער. דאָ איז שוין אַ טיפער וויסנשאַפטלעכער געדאַנק וואולגאַריזירט געוואָרן, און געוואונען די הסכמה פון מאָמענטאַלן מענטשלעכן יצר־הרע, אָבער פאַרלוירן די אמתע קראַפט פון צד המכריע אין די פראָצעסן פון לעבן.

אָבער די צווייטע גרעסטע קרבנות פון גראָבער וואולגאַריזאַציע זענען, דאַכט זיך מיר, מאַרקסיזם און פרוידיאַניזם, אָדער פסיכאָאַנאַליז. וואולגאַרער מאַרקסיזם איז אַזאַ שם־דבר אין דער וועלט אַז עס לוינט גאָרניט קיין סך צו ברייען וועגן דעם. אויב עמעצער האָלט געמיטלעכן צייט־פאַרטרייב פאַר אַ חשובן מענטשלעכן ספּאָרט וואָלט ער געטאָן אַ גוטע זאַך ווען ער גיט אַרויס אַ זאַמלונג פון וואולגאַר־מאַרקסיסטישע פירושים. דאָס וואָלט געווען איינס פון די אינטערעסאַנטסטע וויצן־ביכער וואָס מיר האָבן. מיר געדענקט זיך גראָד איצט אַזאַ מין פירוש אויף דער קאַנטישער פילאָסאָפיע וואָס אַ פרומער מאַרקסיסט, איך געדענקט שוין ניט ווער, האָט אַמאָל געמאַכט. קאַנט, ווי באַוואוסט, האָט געמאַכט אַן אונטערשייד צווישן דעם איינדרוק פון זאַכן אויף אונדזערע חושים און דעם וואָס זיי זענען אין זיך גופא, וואָס דאָס קענען אונדזערע חושים גאָר ניט אויפנעמען. דער מאַרקסיסט האָלט דאָך אַז ס'איז פאַראַן אַ פונדאַמענטאַלע גרענעץ צווישן אַלע פילאָסאָפיעס פון דער וועלט, די בורזשואַזע שיטות, און דעם מאַרקסיזם, וואָס איז אַ פּראָלעטאַרישע טעאָריע, מיט קלאַסן־קאַמף אאַז"וו. האָט יענער מאַרקסיסט געוואָלט באַווייזן דעם בורזשואַזן אינהאַלט פון קאַנטיאַניזם. די אַרגומענטאַציע איז געווען אומגעפער אַזאַ: לויט קאַנטן קומט אויס אַז דער פאַרשיידענער כאַראַקטער פון זאַכן איז בלויז אַן אויבן־אויפיקער איינדרוק. אויב איר זעט אין דער וועלט סתירות, אַנדערשקייטן, ווי, למשל, קלאַסן, און היפּוכדיקע עקאָנאָמישע קלאַסן־אינטערעסן, איז דאָס בלויז אַן אילוזיע פון די חושים. וואָרעם אין דער אמתן אין זיך גופא, זענען זיי גאָר עפּעס אַנדערש. הייסט עס אַז קאַנט האָט זיך געהאַלטן ביי אַ פילאָסאָפיע וואָס וויל אויסגלייכן די סתירות פון קלאַסן־אינטערעסן, איז ער דאָך קעגן דעם קלאַסן־קאַמף, ממילא איז ער אַ בורזשואַזער פילאָסאָף.

אָבער דאָס איז נאָך גאָלד אַנטקעגן די פּאָפּולאַריזאַציעס פונעם וואולגאַרן מאַרקסיזם אין דער שוסטער־גאַס. דאָ איז דער טרייב־מאָטיוו פון גאַנצן היסטאָרישן לעבן דער עיקר „אינטערעסן", וואָס ווערט סוף־כל־סוף רעדוצירט צו געלט און „פעטע דזשאַבס". רעליגיע איז אַ שווינדל וואָס קאַפּיטאַליסטן, רבנים און גלחים האָבן אויסגעטראַכט צו עקספּלואַטירן די מאַסן, צו באַוואָ־רענען די אָנגעראַבעוועטע אוצרות און צו מאַכן לייכטע פאַרדינסטן. יעדער רייכער פילאַנטראָפּ קען האָבן דערביי בלויז קאַלטע חשבונות וועגן דעם

וואָס עס לוינט זיך פאַר זיינע געלט־אינטערעסן. די קאַריקאַטור פונעם פּאַ־בריקאַנט מיטן גראָבן בויך, מיטן מערדערישן שמייכל אויף זיין מגושמדיקן פּנים, האָט רעפּרעזענטירט ניט בלויז אַ הומאָריסטישע איבערטרייבונג פון אַן אַרטיסטישער פאַנטאַזיע נאָר די אָנגענומענע אויפפאַסונג פון אַ טעאָריע וועגן די דינאַמישע כּוחות וואָס באַשטימען דאָס גאַנצע לעבן.

ניט קיין בעסערן מזל האָבן געהאַט די טעאָריעס פון זיגמונד פרויד. אין פרוידס פּסיכאָאַנאַליז איז פאַראַן אַ וואָרט „ליבידאָ" וואָס דריקט אויס אַ פאָרם פון פּסיכישער ענערגיע וואָס טרייבט דעם מענטשן אין אַלע זיינע וועגן. די דאָזיקע ענערגיע דריקט זיך אויס אויף פאַרשיידענע אופנים, אויך אין דער מאַגנעטישער קראַפט וואָס הערשט צווישן די געשלעכטער. דערפון איז געוואָרן, אין דער וואולגאַרער אויסטייטשונג, אַז די איינציקע אָדער העכסטע רעאַליטעט קען מען געפינען בלויז אין די סעקסועלע באַציאונגען צווישן אַ מאַן און אַ פרוי. אומעטום וואו עס פאָדערט זיך אַ דערקלערונג קען אַלץ צוריקגעפירט ווערן צו די מגושמדיקסטע פאָרמען פון געשלעכטלעכע דאָרשטן. עס איז אינטערעסאַנט וואָס סיי מאַרקס, סיי פרויד האָבן געפילט דעם שאָדן פון אַזעלכע אויסטייטשונגען. מאַרקס האָט דאָס אויסגעדריקט אין זיין באַרימטן זאָץ: „איך בין ניט קיין מאַרקסיסט". פרויד האָט געשריבן אַן אַרטיקל וואָס פּראָטעסטירט קעגן „ווילדן פּסיכאָאַנאַליז".

ווען מיר גייען דורך אַלע געדאַנקען־סיסטעמען און זייערע פּאָפּולערע אויסטייטשונגען, פון די פאַלש־פאַרשטאַנענע קאָמענטאַרן ביז די וואולגאַרסטע מיסרעפּרעזענטאַציעס, קען מען, דאַכט זיך מיר, געפינען גאַנץ גענויע כּללים, וואָס באַשטימען דעם גורל פון פילאָסאָפישע טעאָריעס. מען קען, לויט די דאָזיקע כּללים, פאָרויסזאָגן וואָסערע טעאָריעס עס וועלן מער געפעלשט ווערן און וואָסערע ווייניקער, וועלכע פון זיי עס וועלן מיט דער צייט באַ־קומען אַ פּנים פון מער צעקרימטער וואולגאַריטעט, און וועלכע עס וועלן בלייבן אויף דער שוועל פון פאַרגרעבטער איינפאַכקייט. עס ווענדט זיך אַלץ אָן דעם וואָסערע סטרונעס די דאָזיקע טעאָריעס רירן אָן אין די נאַטירלעכע פּסיכישע אינסטרומענטן מיט וועלכע אונדזער נשמה אָפּערירט בעת מיר נעמען זיך צו דערקלערן די האַנדלונגען פון מענטשן.

דער אמת איז אַז יעדער מענטש איז אַ פּסיכאָלאָג. ער מוז דאָס זיין. סוף־כּל־סוף איז דאָס נאָענטסטע צו אונדז דער שכן אונדזערער. מיר ווילן אים פאַרשטיין ווייל אויב ניט ווייסן מיר ניט אויף וואָס זיך צו ריכטן פאַר זיך אַליין. און ווען מיר פּרובירן נאָר אים צו דערקלערן מוזן מיר דאָס טאָן לויט געוויסע כּללים. אַזאַ איז שוין אונדזער טבע, פּונקט ווי בעת מיר רעדן באַ־נוצן מיר זיך מיט גראַמאַטישע און סינטאַקטישע געזעצן, אַפילו ווען מיר ווייסן דערפון ניט. אָבער ווען מיר נעמען זיך דערקלערן מענטשלעכע האַנ־דלונגען, ספּעציעל ווען מיר זענען אומצופרידן מיט זיי, האָבן מיר אַ זייער נאַאיווע פּסיכאָלאָגיע וואָס באַשטייט געוויינטלעך פון דריי כּללים. אַ מענטש,

זאָגן מיר אין אַזעלכע אומבאַטראַכטע מאָמענטן, ווייל זיך אַרויסוויזן, ער זוכט כבוד אָדער מאַכט. אַחוץ דעם איז ער פאַרטאָן אין מאַטעריעלע נוצן, געלט, עשירות. לעצטנס, סעקס, ווי דער פראַנצויז זאָגט: „זוכט די פרוי״. פון די דאָזיקע דריי ווערט דער צווייטער שטריך — געלט, „דזשאָב״, עקאָנאָמישע אויסנוצעריי — צום אָפטסטן און שטאַרקסטן אָנגעגעבן.

אַזאַ פּיצעלע מאַשינעריע פון דריי כוחות פאַר אַזאַ שווינדלענדיק קאָמפּליצירטן מעכאַניזם ווי עס איז די מענטשלעכע נשמה, איז נאַטירלעך זייער נאַאיוו און צו איינפאַך, כאָטש ווי יעדע נאַאיוויטעט אַנטהאַלט די דאָזיקע געגנוג פאַקטישן מאַטעריאַל. אויב איך זאָל זיך האַלטן ביים אונטערשייד וואָס איך האָב פריער געמאַכט וואָלט איך געזאָגט אַז די אַלע אָנגעגעבענע מאָטיוון זיינען טאַקע פאַקטן אָבער ניט קיין אמתע. דאָס ברענגט אונדז צו אַן ענטפער אויף די פראַגעס וואָס זענען פריער געשטעלט געוואָרן.

אַ געדאַנק וואָס האָט מיט מענטשלעך לעבן ניט וואָס צו טאָן קען פאַר אונדז זיין אין גאַנצן עפּעס נייעס. מיר זענען אינערלעך פריי אים צו וועלן פאַרשטיין, כאָטש מיר קענען מאַכן טעותן ווי ביי אַן אַריטמעטישן חשבון. בכל אופן איז אין אונדז ניט פאַראַן עפּעס פון פריער וואָס זאָל דווקא וועלן שלעפּן אַזאַ געדאַנק אין אַ באַשטימטער צוגעגרייטער ריכטונג. ביי בערגסאָנען איז די לאַגע ערגער ווייל ער האָט שוין צו טאָן מיט אונדזער אינערלעכן לעבן, כאָטש ניט גענוג שלעכט, ווייל דאָס וואָס ער רירט אָן איז אַבסטראַקט און דערווייטערט פון דער טאָג־טעגלעכקייט. שלעכט ווערט ווען דענקער האָבן צו טאָן מיט מענטשלעך לעבן און זייערע טעאָריעס גיבן אַן אָנצוהערעניש אויף די דריי באַרימטע איינפאַכקייטן מיט וועלכע מיר טראָגן זיך אַרום: כבוד־מאַכט, געלט און מאַן־ווייב. אין אַזעלכע פאַלן דערוועקט זיך ביי אונדז אַן איינגעשפּאַרטער יצר־הרע צו פאַרקוקן די דעליקאַטע ראַפינירטקייטן וואָס יענע דענקער האָבן מיט אַזויפיל פאַרשערישער מי אַנטוויקלט. מיר רעדוצירן אַלץ צו די דריי גראָב־געצייכנטע כללים וואָס מיר טראָגן שוין אין זיך פון פריער, מיט דער צוגעגעבענער הנאה אַז מיר האָבן געקראָגן די הסכמות פון גרויסע דענקער.

עס איז דעריבער אַ טעות צו האַלטן אַז צום ערשט קומען אויף די טעאָריעס, דערנאָך ווערן זיי וואולגאַריזירט. דער פראָצעס איז פונקט אַ פאַרקערטער. לכתחילה זענען מיר אַלע וואולגאַרע דאַרוויניסטן, מאַרקסיסטן, פּסיכאָאַנאַליטיקער. מיר זענען דאָס געווען נאָך איידער די עלטער־עלטער זיידעס פון די דריי דענקער זענען געבוירן געוואָרן. ווען עס נעמען זיך וויקלען ראַפינירטע טעאָרעטישע געוועבן וואָס ווילן מאַכן פון די וואולגאַר־געזעענע פאַקטן טיפערע מענטשלעכע אמתן, דעמאָלט קומט אַן אָפענע אומגלייכע צעטיילונג. די סיסטעמאַטיש־געשולטע, אין זייערע טעאָרעטישע מאָמענטן — און בלויז אין אַזעלכע מאָמענטן — באַמיען זיך צו באַנעמען די טעאָריע אין איר פולער קאָמפּליצירטקייט. אַלע איבעריקע מענטשן — אויך די

טעאָרעטיקער גופא אין די אומבאַטראַכטע רגע׳ס פון אימפּולסיוון לעבן — הובלעווען אַרום די דאָזיקע געדאַנקען און שלעפּן זיי אַראָפּ צו זייער לכתחילה־דיקער וואולגאַרער גלאַטקייט פון כבוד־מאַכט, געלט און מאַן־ווייב. עס איז ניט ריכטיק צו זאָגן אַז וואולגאַרער מאַרקסיזם, למשל, איז אַן אומגעזעצלעך קינד פון מאַרקסיזם. אַ סך אמתער איז אַז מאַרקסיזם איז אַ כשר קינד און אַ ראַפינירטע דערהויבונג פון וואולגאַרן מאַרקסיזם.

אײן אונטערשייד צווישן דעם ראַפינירטן און וואולגאַרן וואַרפט זיך באַזונדערס אין די אויגן. די פול־אַנטוויקלטע טעאָריע, כאָטש זי איז אָנגע־קומען מיט דער מי פון אַ סך יאָרן שווערער אַרבעט, איז געוויינטלעך אָפּגע־היט אין אירע אַרויסזאָגונגען. זי רעדט קיינמאָל ניט מיט ענדגילטיקער זיכערקייט. די ספקות רעדן אַרויס פון אירע שורות און טוליען זיך צווישן די שורות. דאָס וואולגאַרע קלאַפּט אין טיש מיט אַ לעצטן פּסק־דין, איז תמיד דונערדיק־קאַטעגאָריש. דאָס איז נאַטירלעך קיין חידוש ניט. וואָרעם טעאָרעטישע געוועבן פון ערנסטע דענקער ווערן שטענדיק קאָנטראָלירט אויף די פאַרשיידנסטע אופנים, און ווערן שטענדיק געהאַלטן אין ליכט פון שטרענגסטן ישוב־הדעת. אָבער דאָס וואולגאַרע איז בטבע דער אימפּולסיווער אַפּרוף פון מאָמענט. עס איז אומגעדולדיק, עס האָט ניט קיין צייט אויף „פּוסטע חקירות", עס „פילט אינסטינקטיוו" — דאָס העכסטע געריכט קעגן וועלכן מען קען מער ניט אַפּעלירן.

די קאַריקאַטור פון דער מענטשלעכער נשמה וואָס ווערט געצייכנט פון די דערמאָנטע דריי כללים איז זיכער ניט קיין נייע זאַך. אין תנ״ך, ביי גריכישע און רוימישע שרייבער — מיר קענען אומעטום געפינען גענוג ביישפּילן פון דעם מין. אַ וואונדער איז אפשר וואָס אַזאַ אַלטע און האַמער־דיקע פּסיכאָלאָגישע פּראָפּאַגאַנדע האָט פונדעסטוועגן ניט גע׳פּועל׳ט אַז מיר זאָלן ווערן אַזוי ווי די קאַריקאַטור שטעלט אונדז פאָר. אַז מיר זענען דאָס ניט געוואָרן — קיין שטאַרקערע ראָיה ווי די צייט אין וועלכער מיר לעבן קען גאָרנישט געמאָלט זיין. פּרובירט צו דערקלערן מיט די דריי כללים די אַלע וואָס זענען זיך איצט פּריוווּליק מוסר נפש — ניט רעטאָריש נאָר אות באות — פאַר זייערע איבערצייגונגען, געפילן, לאָיאַליטעטן, ווי הילפלאָז מיר וואָלטן דעמאָלט געבליבן. אמת, ס׳איז ניטאָ אַזאַ חריפישע טעאָריע וואָס זאָל דערקלערן אַלע רעטענישן פון דער מענטשלעכער נשמה. אָבער אין ליכט פון אַ טיף־דורכגעטראַכטער טעאָריע קענען מיר לכל הפחות זען די פּראָבלעם, קענען מיר ווינציקסטנס פאַרשטיין וואָס עס פעלט אונדז כדי צו קענען פאַרשטיין. אָבער די וואָס שטייען אין די גרענעצן פונעם וואולגאַרן — אויף די שאַרפסטע טעאָרעטיקער אין מאָמענטן ווען זיי לעבן אין אַזעלכע גרענעצן — קענען אַפילו די פּראָבלעם ניט זען, קיינמאָל ניט.

(1945)

# סאַנטאַיאַנאַס צוגאַנג צו רעליגיע

אַ סך אינטערעסאַנטע פרטים האָט מען דערציילט וועגן דעם לעבן, דעם דענקען און דער פערזענלעכקייט פונעם ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם פילאָסאָף און דיכטער דזשאָרדזש סאַנטאַיאַנאַ. עס איז באמת פאַראַן וואָס צו דערציילן וועגן דעם דאָזיקן יחיד במינו. אויב עס איז בכלל ריכטיק אַז כדי צו דערפילן דעם תוך פון אַ מענטשן, דאַרף מען אים זען אין ליכט פון זיינע סתירות, על אחת כמה וכמה ווען מיר האָבן פאַר זיך אַזאַ אוצר־רייכע און קאָמפליצירטע פערזענלעכקייט ווי סאַנטאַיאַנאַ.

אָבער טייל האָבן אין אים געפונען אַ שאָקירנדיקע סתירה אין זיין צוגאַנג צו רעליגיע. מען באַצייכנט אים מיט טערמינען וואָס האָבן אַ וויט־פאַרשפרייטע אַנטי־רעליגיעזע קאָנאָטאַציע. מען האַלט אים פאַר אַ מאַטעריאַ־ליסט, נאַטוראַליסט, אַפילו אַטעאיסט, און אָט דער שאַרפער אמונה־פאַרליי־קענער האָט יאָרן־לאַנג געלעבט אין אַ קאָנווענט, געווען אַ פרוש דאָס גאַנצע לעבן זיינס, און אין דער אַטמאָספערע פון נאָנעס און קירכלעכער הייליקייט האָט ער פאַרענדיקט זיין לעבן. ווי גראַמט זיך דאָס מיט זיין פילאָסאָפיע, מיטן אויסגעשיילטן תוך פון זיין געדאַנק ?

סאַנטאַיאַנאַ האָט געשריבן גאַנץ פרטימדיק וועגן די אַלע זאַכן. ווער זיין אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען נעענטער מיט זיין געדאַנקען־גאַנג. נאָך וויכטיקער איז דאָס אין דער איצטיקער צייט ווען דער ענין רעליגיע גייט דורך אַ קריטישע איבערשאַצונג סיי אין פראָטעסטאַנטישער טעאָלאָגיע, סיי אין מאָדערנעם יידישן רעליגיעזן דענקען.

עס איז קיין חידוש ניט פאַרוואָס עס זאָל זיין שווער צו געפינען אַן אינערלעכע האַרמאָניע צווישן דענקען אין פאַרלייקענונג און לעבן אין אמונה. דאָס איז דאָך אַ בפירושע סתירה און דאַרף זיין שטעכיק־ווידערוויליק יעדן מענטשן וואָס בויט שכלדיק זיין לעבן. דאָך איז דער ענין ניט אַזוי פשוט ווי עס קען זיך אויסווייזן פון ערשטן בליק. די אַקסיאָמאַטישע אידענטיפי־קאַציע פון רעליגיע מיט אמונה, ווי דאָס לעצטע ווערט געוויינטלעך פאַר־שטאַנען, ווערט אין גאַנצן אָפגעפרעגט אין סאַנטאַיאַנאַ׳ס צוגאַנג.

געוויינטלעך נעמט מען אָן אַז די אויפגאַבע פון רעליגיע איז זיך צו דערגראָבן צו יענע אמתן צו וועלכע וויסנשאַפט קען, לויט איר טבע, ניט צוקומען. ממילא איז רעליגיע אַ דירעקטער המשך אויף דער ליניע פון אמת־זוכעניש, ווייל זי איז באַזאָרגט מיט דער ספעציפישער חכמה און מיט די נייטיקע אינסטרומענטן וואָס מיט זייער הילף קען זי אַריבערשפאַנען די גרענעצן פון דער געוויינטלעכער רעאַליטעט וואו וויסנשאַפט מוז זיך אָפ־שטעלן. אַזאַ בליק אויף די פונקציעס פון רעליגיע, האַלט סאַנטאַיאַנאַ, פירט צו כלערליי אַבערגלויבנס, צו גלויבן אין כישוף, אין מאַגישע פאָרטלען, צו באַווירקן אָדער בייטן דעם גאַנג פון פערזענלעכן און פון אַלגעמיינעם לעבן.

די שווערסטע פּראָבלעמען, האַלט ער, וואָס מיט זיי קען זיך טעאָלאָגיע ממש קיין עצה ניט געבן, וואַקסן אַרויס פון די צילן וואָס מען שטעלט אַוועק פאַר דער רעליגיעזער השתפכות הנפש, פאַר תפילה. וואָרעם אויב דער אַקט פון מתפלל זיין קען ממשותדיק העלפן אַ מענטשן אין זיין קאָנקרעטער לאַגע, אויב זי קען היילן קראַנקע, פאַרבעסערן דאָס מזל פון אָרעמע, איבערדרייען דאָס האַרץ פון אַ שונא, אָדער בכלל פּראַקטיש פאַרוואַנדלען אומגליק אין גליק, אויב עמעצער גלייבט אַז תפילה איז טאַקע בכוח דאָס אַלץ אויפצוטאָן, דעמאָלט מוז ער דאָך פריער אָדער שפּעטער איינזען אַז דאָס לעבן איז ניט שוה בשוה מיט זיין גלויבן. ממילא, כדי צו בלייבן ביי זיין גלויבן מוז ער אויסטראַכטן די געשליפענע פּשטלעך, און מאַניפּולירן מיט די קונציקע דיאַלעקטישע אינסטרומענטן, וואָס סוף־כל־סוף זענען זיי בלויז אַ מין טרייסטנ־דיקע אינטעלעקטועלע גימנאַסטיק.

דורך אַ פאַרגלייך צווישן דעם אַלט־יידישן און גריכישן צוגאַנג ברענגט סאַנטאַיאַנאַ אַרויס זיין פילאָסאָפישן בליק אויף רעליגיעזע איבערלעבונגען. אָט וואָס ער שרייבט: „כדי מיר זאָלן קענען פאַרשטיין די דאָזיקע ענינים דאַרפן מיר זיי אַרויסנעמען פון דער צעהיצטער און פאַנאַטישער אַטמאָ־ספערע מיט וועלכער די יידישע טראַדיציע האָט זיי אַרומגעוויקלט. די יידן האָבן קיין פילאָסאָפיע ניט געהאַט, און ווען זיי האָבן די ענינים געוואָלט טעאָרעטיש באַרעכטיקן, איז ביי זיי אַרויסגעקומען אַ קינדישע סכאָ־לאַסטיק און אַ מוראדיקע אומטאָלעראַנץ. די פראַגע וועגן מאָנאָטעאיזם, למשל, איז געווען אַ שרעקלעכע פראַגע ביי יידן. געצנדינעריי איז ניט באַשטאַנען אין דינען צו אַ גאָט וואָס פאַרדינט דאָס ניט, ווייל ער איז ניט אידעאַל, נאָר אין אָנערקענען אַנדערע געטער אַחוץ דעם איינציקן צו וועלכן מען דינט אין ירושלים. אַנדערש איז געווען ביי די גריכן. זייער פילאָסאָפיע איז געווען אַן אויפגעקלערטע, אַן עכטע, זענען ביי זיי מאָנאָטעאיזם און פּאָליטעאיזם געווען אין גאַנצן אומשולדיק און האַרמאָניש. ביי זיי, צו זאָגן גאָט אָדער געטער, האָט בלויז געהייסן באַנוצן פאַרשיידענע אויסדרוקן פאַרן זעלביקן איינפלוס, וואָס אָט זעט מען זיין אַבסטראַקטע איינקייט און זיין שייכות צו דער גאַנצער עקזיסטענץ, און אָט זעט מען אים אין זיינע פאַרשיי־דענע מאַניפעסטאַציעס אין מאָראַלן לעבן, אין דער נאַטור, אָדער געשיכטע. דעריבער, דאָס וואָס מיר טרעפן אויף שריט און טריט ביי פּלאַטאָנען, אַריס־טאָטלען און ביי די סטאָאיקער — אַ קאָמבינאַציע פון מאָנאָטעאיזם און פּאָליטעאיזם — איז ניט קיין סתירה, נאָר בלויז אַן אינטעליגענטע פאַר־שיידנקייט אין אויסדרוק צו ווייזן די פאַרשיידענע אַספּעקטן אָדער פונקציעס אין פיזישע אָדער מאָראַלע זאַכן. ווען רעליגיע באַווייזט זיך פאַר אונדז אין אַזאַ ליכט, פאַרלירן אירע סתירות און וויכוחים זייער גאַנצע ביטערקייט. יעדער אַני מאמין וועט פּשוט רעפּרעזענטירן די מאָראַלע פּלאַץ אויף וועלכער עס לעבן די וואָס האָבן אים אָנגענומען. אויף אַזאַ אופן וועלן רעליגיעס

זיין בעסער אָדער ערגער, קיינמאָל ניט אמת אָדער פאַלש. מיר וועלן דעמאָלט זיין פּייאיק זיך איבערצוגעבן צו יעדער באַזונדער און אַרויסציען פון איר דעם סוד פון איר אינספּיראַציע".

אַזאַ בליק אויף דעם ענין שטעלט אַוועק אויף גאָר אַנדערע רעלסן די פראַגע וועגן רעליגיעזער טאָלעראַנץ. די פראַגע ווערט דאָ מער ווי פאַר־ענטפערט, זי ווערט בכלל אָפּגעשאַפט. וואָרעם אויב מען קען זען די זאַך אין אַזאַ פּערספּעקטיוו אַז עס זאָל מער קיין סתירה ניט זיין צווישן אַזעלכע פונדאַמענטאַל־היפּוכדיקע און היסטאָריש־פיינדלעכע צדדים ווי מאָנאָטעאיזם און פּאָליטעאיזם, דעמאָלט איז מער ניטאָ קיין לאַגע ביי וועלכער טאָלעראַנץ זאָל בכלל נייטיק זיין. עס זענען מער קיין באַזונדערע צדדים ניטאָ; אַלע זענען גלייך אין די ראַמען פון נאַטירלעכע מענטשלעכע אַנדערשקייטן.

די אַמאָליקע רעליגיעזע מלחמות, אינקוויזיציעס און בלוט־פאַרגיסערישע ווילדקייטן אין נאָמען פון טעאָלאָגישע פּרינציפּן, האָבן זיך, דאַנקען גאָט, פאַרענדיקט מיט אַריינפירן אַן איידעלערע, מענטשלעכע באַציאונג צווישן די צדדים. דאָס האָט אָבער אויפגעוועקט פּראָבלעמען אויף אַ העכערער מדרגה. דער געדאַנק אַז רעליגיעס דאַרפן רעספּעקטירן און שוינען איינע די אַנדערע, ווי זאָל מען דאָס פאַרשטיין? איז דאָס צוליב מענטשלעכער פיינקייט, צוליב פּראַקטיש־ניצלעכע צוועקן, אָדער איז דאָס אַ רעליגיעז־פּרינציפּיעלער חוב? אויב דאָס ערשטע איז ריכטיק, וואָס זאָל אַ מענטשן אָפּהאַלטן פון בייטן זיין רעליגיע ווען עס לוינט זיך, ווען עס איז באַקוועמער? ווי קען אַ באַ־שטימטער דרך אין לעבן זיין געבויט אויף אַ פּרינציפּ אַז ער אַליין איז לאו דווקא? דאָס איז דאָך ניט מער און ניט ווייניקער ווי זיך שאַפן און אָפּשאַפן אין דער זעלביקער צייט.

פאַרשטייט זיך אַז דער טראָפּ ליגט דאָ אויף דער פראַגע „דרך אין לעבן". וואָרעם מאָנאָטעאיזם, וואָס דיקטירט אַ דרך אין לעבן, איז עפּעס מער, אָפּט גאָר עפּעס אַנדערש, ווי אַ פילאָסאָפישער באַנעם אָדער אַן אויסדרוק פון אינערלעכע איבערלעבונגען. ביי יידן האָבן רעליגיעזע באַגריפן געפירט צו אַ סיסטעם פון קאָנקרעטע לעבנס־נאָרמען וואָס זענען געוועזן יורידיש פיקסירט. זיי האָבן אויפגעבויט אין פאָלק אַ לעגאַליסטישע מענטאַליטעט אינעם צוגאַנג צו אַלע פּרטים פון אַ רעגולירט לעבן. דער יידישער גאָט ווענדט זיך קודם כל צו די בני ישראל, ניט צו ר' ישראל. און ער וועקט אין זיי ניט בלויז עטישע אידעאַלן פון אמת און צדק, נאָר ער לייגט אויף זיי אַרויף דעם חוב פון מצוות וואָס ווערן שטרענג־געזעצלעך פאָרמולירט.

אַזעלכע טערמינען ווי תורה און מצוות, וואָס לאָזן זיך ניט איבערזעצן אין אַנדערע שפּראַכן, זענען דער סימן מובהק פון דער יידישער רעליגיעזער באַזונדערקייט. זיי שטרייכן אונטער מיט ספּעציעלער קראַפט אַן עלעמענטאַרע פּסיכישע נויט וואָס ווערט געוויינטלעך ניט פאַרבונדן מיט רעליגיעזע איבער־לעבונגען. עס איז די נויט פון סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע און סאָציאַלן צונויפּ־

האַלט פון דער היסטאָרישער גרופּע מיט וועלכער דער גורל האָט אונדז פאַרבונדן. ביי יידן האָט דאָס רעליגיעזע באַוואוסטזיין צעמענטירט אָט די קולטורעלע און היסטאָרישע פאַרבינדונג מיט דער הויכער טעמפּעראַטור פון אידעאָלאָגישן פייער. די גאַנצע יידישע געשיכטע זאָגט עדות אויף דער אומגעהייערער קראַפט פון דער דאָזיקער קאָמבינאַציע.

פון דעם שטאַנדפּונקט וואָלט בעסער געווען אין גאַנצן ניט צו באַנוצן דעם טערמין רעליגיע ווען מיר רעדן וועגן יידן, און עס לאָזט זיך גאַנץ גוט פאַרשטיין פאַרוואָס סיי אין העברייאיש, סיי אין יידיש געפינען מיר ניט קיין פּרעציזע עקוויוואַלענטן פאַר אָט דעם באַגריף. עס איז אויך קלאָר פאַרוואָס סאַנטאַיאַנאַ קומט צו זיינע מסקנות ווען ער פאַרגלייכט דעם ביבלישן פלאַמיקן צאָרן קעגן געצנדינסט מיט דער קילער גלייכגילטיקייט פון די גריכן צו מאָנאָטעאיזם־פּאָליטעאיזם. וואָרעם ווען מען שטעלט אַוועק דעם יידישן מאָנאָטעאיזם אין נאַקעטער אָפּגעזונדערטקייט פון דער ספּעציפישער סאָציאַלער ספערע פון וועלכער ער איז אַרויסגעוואַקסן, מיט וועלכער ער איז זיך צוזאַמען געוואַקסן, און זיין ראָלע ווי אַ סיבה און אַ פּועל יוצא פון אַן אייגנאַרטיק קאָנקרעט לעבן, ווען מען שיילט פון דעם אַרויס בלויז דעם סימבאָלישן אינהאַלט פון אַן אידייע, דעמאָלט ווערט שווערער צו דערזען דאָס טיף־מענטשלעכע אין דער יידישער מאָנאָטעאיסטישער גאָט־תאווה.

אין זיין ווערק וועגן פאַרשיידענע רעליגיעזע איבערלעבונגען דעפינירט וויליאַם דזשיימס רעליגיע ווי געפילן און איבערלעבונגען פון יחידים אין זייער אָפּגעזונדערטקייט. אַזאַ קוק, רעליגיע ווי אַן אויסדרוק פון דער אָפּגע־שלאָסענער וועלט פונעם איך, איז נעענטער צו דער קריסטלעכער טראַדיציע. זאָל דאָ, אגב אורחא, באַמערקט ווערן אַז די טעאָלאָגיע פון די איצטיקע יידישע עקזיסטענציאַליסטן ציט זיך אויך אין דער זעלביקער ריכטונג. די זעלביקע טראַדיציע, וואָס האָט קיינמאָל קיין מגע ומשא ניט געהאַט מיט היסטאָריש־פּאָלקישע עלעמענטן, עפנט אַ וועג פאַר אַזאַ דענקער ווי סאַנטאַ־יאַנאַ זיך צו באַנוגענען אין רעליגיע מיט דער אַרומנעמענדיקער סימבאָליק פון קאָסמישער פּאָעזיע. ער זעט אין איר דעם מאָראַלישן אינסטרומענט פאַר דער שטרעבונג צו אידעאַלער שלמות. דאָס איז נאַטירלעך אַן אַלגעמיין־מענטשלעכע שטרעבונג. ממילא פונקציאָנירט שוין אַזאַ רעליגיע אין אַן אוניווערס וואו זאַכן ווערן צעטיילט צווישן אַזוי אָדער אַנדערש, ניט אין אַזאַ וואו דער טראָפּ ליגט אויף אמת אָדער פאַלש.

יעדער פון אונדז פילט אַז ס'איז נאַטירלעך פאַר אַן אָנהענגער פון אַן אידייע צו האַלטן אַז דאָס אין וואָס ער גלייבט איז העכער, בעסער, גערעכ־טער, פון אַלץ וואָס גייט להיפּוך צו דעם אָדער איז גלייכגילטיק דערצו. דאָך איז אַנדערש ווען עס קומט צו רעליגיע, לכל הפּחות ביי אירע ליבעראַלערע פאַרשטייער. כאָטש רעליגיע איז ביי זיי ניט קיין סיסטעם פון סימבאָלן וואָס דריקן אויס אינערלעכע איבערלעבונגען נאָר, אין דער ערשטער שורה,

אַ טעאָלאָגיש־פאַרזיכערטע רעאַליטעט וואו אמת־פאַלש וואָלט געדאַרפט זיין די איינציקע מאָס, וועלן זיי פונדעסטוועגן זיך איינשטעלן פאַר אַ ברידער־לעכן שלום צווישן אַלע רעליגיעס אַזוי ווי אמת־פאַלש וואָלט אין גאַנצן קיין ראָלע ניט געשפּילט.

דאָס נעמט זיך אי פון דער בלוט־פאַרפלעקטער געשיכטע פון ביטערע רעליגיעזע מלחמות, אי פונעם מאָדערנעם צייט־גייסט וואו דעמאָקראַטיע, פרייהייט און טאָלעראַנטע באַציאונג צו מענטשלעכע פאַרשיידנקייטן איז געוואָרן דער אָנגענומענער דענק־שטייגער. היינט איז עפּעס ניט פּאַסיק צו רעדן וועגן העכער־נידעריקער פון רעליגיעזע סיסטעמען. מען פילט זיך בעסער ווען מען דערקלערט דאָס פאַר אַ ספערע פון נייטראַלער אַנ־דערשקייט.

אין קאָנקרעטע באַציאונגען צווישן רעליגיעזע פאָרשטייער לאָזט זיך אָפט פילן אַז די איינזייטיקע קאָמפּלימענטן אויפן חשבון פונעם אַנדערנס רעליגיע שטאַמען גיכער פון דיפּלאָמאַטישער גראַציע און אָפּאָרטוניסטישער ניכטערקייט, איידער פון טעאָרעטישע הנחות. אָבער ביי אַזאַ ערשט־ראַנגיקן דענקער ווי סאַנטאַיאַנאַ זענען, פאַרשטייט זיך, טעאָרעטישע הנחות דער עיקר. דאָס ברענגט אים צו אַ בליק אויף רעליגיע וואָס דערווייטערט אים פון דער יידישער תאווה־דיקער גאָט־לעכצונג און עס וואַרעמט אים גיכער די אָלימ־פּישע קילקייט פון די גריכן.

מען וואָלט אפשר געקענט מיינען אַז סאַנטאַיאַנאַ קען זיך פאַרגינען אַזאַ אָביעקטיווע נייטראַלקייט צו רעליגיעזע פאַרשיידנקייטן ווייל דער גאַנצער ענין איז אים ניט אַזוי נאָענט צום האַרצן; אַז פאַר אים איז דאָס אפשר בלויז אַ פאַראינטריגירנדיקע טעמע פילאָסאָפיש צו אַנאַליזירן און אויס־טייטשן. דאָס איז אָבער לחלוטין ניט אמת. ער שטעלט זיך אָפּ מיט אַ סך וואַרעמקייט אויף דעם אַז די פאָרמען פון רעליגיעזן אויסלעבן זיך ווערן דיקטירט פון אַן אינערלעכער נויט וואָס באַהערשט אונדזער טבע. להיפּוך צו די וואָס זענען געניגט צו באַהויכן ריטואַלע פּיעטעט מיט מיסטישע איבערלעבונגען, זעט ער אין דעם אַ קלאָרע ראַציאָנעלע טענדענץ צו היילן די גייסטיגע וואונדן פון דער אייגענער באַגרענעצטקייט מיט דער דערפרישונג פון אַן אידעאַלן חלום וואו אַלץ איז אומבאַגרענעצט, אַבסאָלוט און אייביק.

פאַראַן, זאָגט ער, אַן אינטימע שייכות צווישן פּאָעזיע און רעליגיע, נאָר די לעצטע איז טיפער, נעמט אַרום אַ ברייטערן שטח פון דער נשמה און מעסט דאָס לעבן מיט אייביק־גילטיקע מאָראַלע מאָסן. אָבער פּאָעזיע האָט געהאַט מער הצלחה דערמיט וואָס אין איר ווערט לכתחילה פאַרשטאַנען אַז די וועגדונגען, אימאַזשן, און פּערסאָנאַליזירטע פאַרקערפּערונגען, זענען ניט קיין דירעקטע אָפּבילדער פון אַ דרויסנדיקער רעאַליטעט. אַזוי וואָלטן מיר אויך געדאַרפט באַנעמען דעם תוך פון רעליגיעזער איבערלעבונג און מעדיטאַציע. רעליגיע אָפּערירט מיט סימבאָלן און רעפּרעזענטאַציעס פון

אידעאַלער שלמות, ניט ווייל אַזאַ פּערפעקטע וועלט איז טאַקע בנמצא, נאָר ווייל די נשמה דאַרשט נאָך דער קראַפט פונעם אידעאַלן כדי מיט איר כוח צו דערהייבן די גענפאַלנקייט פונעם רעאַלן.

אַלץ וואָס די רעליגיעזע פאָרשטעלונג מאָלט אויס איז אַ לייטערונג און דערהייבונג ביז די העכסטע מדרגות פון דעם וואָס איז שוואַך און ערדיש אין טאָג־טעגלעכן לעבן. מיר זעען מענטשן געבונדענע אין דער תפיסה פונעם גוף, קומט דאָס רעליגיעזע באַוואוסטזיין און מאָלט אויס סימבאָליש אַ וועלט פון גייסטיקע עקזיסטענצן; מיר זעען ווי אַלץ איז איינגעקלאַמערט צווישן די מויערן פון אָנהייב און סוף, ווייזט אונדז רעליגיע אַ וועלט וואָס איז אומענדלעך. דורך רעליגיע באַנעמט דאָס צייטלעכע דעם וואונדער פון אייביק; פונעם שטערבלעכן ווערט אומשטערבלעך; פונעם רעלאַטיוון אַבסאָלוט. אין אַן ערדישער וועלט וואָס איר שאָטן איז ציטערנדיקע אומזיכערקייט, הייבט זיך אויף אין דמיון דאָס שטענדיקע וואָס אָטעמט אין באַשערטקייט, און פון צאַפּלדיקן צופאַל ווערט אַ בייגעוודיקער גורל.

בלויז ווען רעליגיע ווערט אַן אמת־זוכער אָנשטאָט אַ געפיל־באַפרידיקער, פאַרוואַנדלט זי זיך אין פאַלשער וויסנשאַפט, פאַרשפרייט נאַאיווע אילוזיעס און פאַרוויקלט זיך ממילא אין טיפע פּלאָנטערס און סתירות פון וועלכע זי קען זיך קיינמאָל ניט באַפרייען. דאָס איז שעדלעך און אויך ניט נייטיק. די וועלט פון גייסט און מאָראַל נייטיקט זיך אין איר, אין אירע סימבאָלן און רעפּרעזענטאַציעס; זי טאָר ניט פאַרשטאַנען ווערן בוכשטעבלעך.

עס איז ניט לייכט שלום צו מאַכן מיט אַזאַ צוגאַנג צו רעליגיע וואָס איז סיי היסטאָריש, סיי פּסיכאָלאָגיש, אַזוי טיף דורכגעוועבט מיט מעטאַפיזישע קאָנסטרוקציעס. אָבער דאָס איז שוין פאַרבונדן מיט סאַנטאַיאַנאַ׳ס גאַנצער פילאָסאָפישער סיסטעם. אין נאַטור־פילאָסאָפיע האַלט ער זיך פאַר אַ דורכויסיקן מאַטעריאַליסט. און ער איז מוסיף: „איך ווייס אויסגעצייכנט אַז אידעאַליסטן האָבן הנאה צו רופן אויך מאַטעריאַליזם מעטאַפיזיק, מיט אַ בייזן טאָן, כדי אים צו דיסקרעדיטירן און אַריינצונעמען אים אין זייער אייגענער סיסטעם. אָבער ניט געקוקט אויף דעם אַלעם איז מיין מאַטעריאַליזם ניט קיין מעטאַפיזיק". דאָס שטערט אים אָבער ניט צו באַהאַנדלען מיט יראת הכבוד רעליגיעזע איבערלעבונגען, נאָך מער, צו פילן אַליין אַ נויט אין זיי.

אין 1930 האָט סאַנטאַיאַנאַ פאַרעפנטלעכט אַ קורצע געשיכטע פון מיינע מיינונגען, אַן אויטאָביאָגראַפישע עסיי. דאָרט דערקלערט ער דעם אָנהייב פון זיין באַציאונג צו רעליגיע. זיינע עלטערן, כאָטש אָפיציעל קאַטויליש, האָבן געהאַט אַפּיקורסישע נייגונגען. זיי האָבן געהאַלטן אַז רעליגיע איז אַ פּראָדוקט פון דער מענטשלעכער פאַנטאַזיע. דערמיט, שרייבט ער, האָט ער דעמאָלט מסכים געווען, און אויך איצט האָט ער די דאָזיקע מיינונג ניט געביטן. אָבער ער האָט באַמערקט ביי זיי אַן אימפּליקאַציע וואָס דאָס גאַנצע האַרץ זיינס האָט רעוואָלטירט אַנטקעגן דעם. עס איז אויסגעקומען: „אַז

די פּראָדוקטן פון דער מענטשלעכער פאַנטאַזיע זענען שלעכט. ניין, האָב איך געזאָגט צו זיך אין יענעם יינגל־עלטער, זיי זענען גוט, און דאָס איבעריקע — די גאַנצע רעאַלע וועלט — איז אַש און ערד. מיינע סימפּאַטיעס זענען אין גאַנצן געווען מיט די מיטגלידער פון מיין משפּחה וואָס זענען געווען פרומע גלויביקע". פון זיינע טעאָרעטישע שורות, וואו ראַציאָנאַליזם איז דער רוקנביין פון זיין פילאָסאָפישער סיסטעם, שווימט נאָך אַלץ אַרויס דער איינדרוק אַז אין זיין אומפאַרמיטלעכן אינערלעכן לעבן האָט ער זיינע סימ־פּאַטיעס קיין סך ניט געביטן.

אין 1932, צו דער געלעגנהייט פון דריי הונדערט יאָר זינט ספּינאָזאַ איז געבוירן געוואָרן, זענען געלערנטע פון דער וועלט זיך צונויפגעקומען קיין האַג, האָלאַנד, אין דאָמוס ספּינאָזאַנאַ און געלייענט רעפעראַטן אין שייכות צו ספּינאָזאָס פילאָסאָפיע. סאַנטאַיאַנאַ האָט דעמאָלט געלייענט וועגן רעליגיע. דאָרט דערקלערט ער אַז בעת מען קוקט אַריין אין זיך אַליין דער־פילט מען אַז מען איז אין די הענט פון אַ כוח וואָס מען קען אים ניט דערפאָרשן: „איך זאָג אָפן אַז וועגן אָט דעם כוח ווייס איך מער גאָר ניט. פאַר מיר איז ער דערוויילּ בלויז די אַנדערע זייט פון מיין אימפּאָטענץ. איך וועל אים ניט וואָגן צו רופן אַלמעכטיק, ווייל איך קען ניט דערגיין וויפיל ער איז בכוח צו טאָן, אָבער איך וועל זיך ניט קווענקלען אים צו רופן אַל־טוערישן, אויב איך מעג שאַפן אַ ניי וואָרט. פאַר מיר איז ער, לויט דער דעפיניציע, דער טוער פון אַלץ וואָס ווערט געטאָן... איך דריק אויס אַן איינדרוק, און עס קען נאָך לאַנג דויערן ביז מיין געפיל פון אָט דעם אומע־טומיקן כוח קען אויפבויען, מיט אַ סך קוואַליפיקאַציעס, אַ טעאָלאָגישע טעאָריע פון דער אַלמעכטיקייט פון גאָט".

דאָ, דאַכט זיך מיר, דריקט אויס סאַנטאַיאַנאַ, אויפן קאָמפּאַקטסטן אופן, סיי אויף ווי וויט ער איז גרייט צו עפענען זיינע פערזענלעכע שערי רחמים פאַר השפּעות פון דער רעליגיעזער באַגריפן־וועלט, סיי די רעזערוואַציעס מיט וועלכע ער רינגלט זיך אַרום.

ווי מיר וויסן איז סאַנטאַיאַנאַ, אַחוץ אַ פילאָסאָף, אויך געווען אַ דיכטער. עס איז נאַטירלעך אָנצונעמען אַז דאָס האָט באַאיינפלוסט זיין טעאָריע וואָס געפינט אַזאַ אינטימע פאַרבינדונג צווישן רעליגיע און פּאָעזיע. ווער, דאַכט זיך מיר, זיין פּאַסיק צו פאַרענדיקן די דאָזיקע שורות כאָטש מיט אַ סטראָף פון זיינס אַ סאָנעט וואו ער דריקט אויס אַ וועלט־געפיל אין אַ שטימונג פון השתּפכות הנפש.

אָ וועלט, דאָס בעסטע קלייבסטו דאָך ניט אויס,
און הוילע קלוגשאַפט איז נאָך ניט גענוג.
די וויזיע טיף אין אונדז איז מער ווי קלוג,
און חכמה — דאָס וואָס דרינגט פון האַרץ אַרויס.

(1952)

# וועגן ספקות און זיכערקייט

אין אָקטאָבער 1946 האָבן די צייטונגען געבראַכט אַ טעלעגראַמע פון רוים וואו אַ קאָרעספּאָנדענט האָט געהאַט אַן אינטערוויו מיטן פילאָסאָף דזשאָרדזש סאַנטאַיאַנאַ. דאָרט, הינטער דער שטאָט, אינעם קאָנוועגט סאַנטאַ סטעפאַנאַ, האָט זיך דער גרויסער פילאָסאָף־דיכטער באַזעצט נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און אַזוי לעבט ער דורך זיינע יאָרן פון פאַרטיפטן דענקען אין שטילער, קאַטוילישער צוריקגעצויגנקייט. ער איז דעמאָלט שוין געווען אַ זקן פון 83 יאָר, דאָך איז ער געשטאַנען זייער נאָענט צו לויפיקע געשעענישן און האָט וועגן זיי געהאַט גאַנץ באַשטימטע מיינונגען.

ער האָט געהאַלטן אַז דער קאָמוניזם נעמט ביסלעכווייז איבער די וועלט און דאָס האָט אים שטאַרק ניט געאַרט. פאַרקערט, ער האָט געהאַלטן אַז עס איז אַן עקספּערימענט וואָס מען דאַרף אויספּרובירן. ער האָט געהאַלטן אַז פּרעזידענט טרומאַנס פאָדערונג, פון יענער צייט, צו עפענען די טויערן פון ארץ ישראל פאַר אַ גרויסער יידישער אימיגראַציע איז פאַלש, ווייל דאָס לאַנד איז צו קליין פאַר צופיל איינוואַנדערער. אַחוץ דעם איז בעסער אַז די לענדער וואו עס געפינען זיך אַ סך יידישע פּליטים זאָלן זיי קולטורעל און נאַציאָנאַל פאַרשלינגען, אַסימילירן, און דערמיט פאַרענטפערן די גאַנצע פּראָבלעם. בקיצור, ער האָט טאַקע גערעדט, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ אינטע־לעקט, מיט קאַלטער אָביעקטיוויטעט, אָבער מיט קענטיקער נאָענטקייט צו אַקטועלע פּראָגעס, כאָטש זיינע עצות און מיינונגען זענען וויניקער אינטע־רעסאַנט ווי מען וואָלט זיך געקענט ריכטן. ער האָט פונקט דעמאָלט געהאַלטן אין לייענען סטאַלינס צוויי בענד פּראָבלעמען פון לענינ־יזם און געזאָגט אַז זיי זענען זייער טשיקאַווע. בלויז דאָס און ניט מער, וואָס דאָס פאָדערט אַ גלייכגילטיקייט פון אַ הויכער מדרגה, דער עיקר ווען מען געפינט זיך, און מען איז פאַרליבט, אין דער קאָנסעקרירטער אַטמאָספערע פון אַ קאַטוילישן קאָנוועגט.

מיט פינף יאָר שפּעטער, דעם לעצטן דעצעמבער, איז ווידער געווען אַ טעלעגראַמע פון רוים, ווידער אַ שמועס מיט סאַנטאַיאַנאַ׳ן. איצט, אין עלטער פון 88, האָט ער באַגעגנט דעם קאָרעספּאָנדענט אין גאָר אַן אַנדער שטימונג און עס האָט אים געצויגן צו אַ טעמע פון גאָר אַן אַנדער מין. אָט וואָס ער האָט געזאָגט: „אין גרונד האָב איך מיין פילאָסאָפיע ניט געביטן, אָבער איך האָב ניט מער דאָס געפיל אַז אַלץ איז אַזוי פּשוט ווי איך האָב אַמאָל געמיינט... איצט זע איך איין אַז מען קען זאָכן אַזוי לייכט ניט דערקלערן ווי איך האָב זיך אַמאָל פאָרגעשטעלט, ממילא בין איך ניט שווה בשווה מיט דער וועלט".

ער האָט מסתמא ניט געדאַרפט וואַרטן ביז אַזאַ טיפער זקנה צו דערפילן

דעם גלעטנדיקן שטאָך פון אַזאַ סקעפּטיציזם. עס איז אפשר געווען אַ צופאַל וואָס ביים ערשטן אינטערוויו האָט אים געצויגן צו דער קאָכיקער אַרומיקער וועלט, און ביים צווייטן האָט ער אויסגעדרייט דעם בליק צו זיך אַליין און דערזען די אַרויסשווימענדיקע פרעג־צייכנס וואָס ער האָט אַמאָל געהאַלטן אַז ער האָט זיי שוין אין גאַנצן אָפּגעווישט.

זיין פילאָסאָפיע איז אַזאַ אַז זי האָט לייכט געקענט שאַפן די אילוזיע אַז דאָס פאַרענטפערן איז ניט קיין סך שווערער ווי דאָס פרעגן. דאָס זעט זיך שוין אַרויס אין דעם וואָס ער, אַזאַ וויטגייענדיקער מאַטעריאַליסט, נאַטוראַליסט, האָט געקענט געפינען אַ גאַנץ אויסגעהאַלטענע באַרעכטיקונג אין זיין סיסטעם ניט בלויז פאַר רעליגיע און פאַר ספּעקולאַטיווער טעאָלאָגיע, נאָר אַפילו פאַר די מיטאָלאָגישע אָרנאַמענטן פון רעליגיעזן פאָלקלאָר. ער, דערצויגן אין קאַטוילישן גלויבן, האָט געקענט זען אין דער דאָזיקער אמונה, און אין רעליגיע בכלל „יענעם פּרעכטיקן טעות וואָס קען זיך בעסער צופּאַסן צו די אימפּולסן פון דער נשמה" ווי דאָס לעבן אַליין. אַזוי האָט ער געפונען מנוחה פאַרן קאָנטעמפּלאַטיוון לעבן זיינעם אין אַ קאָנווענט, אין יחידישער צוריקגעצויגנקייט, וואָס איז געהייליקט פון „יענעם פּרעכטיקן טעות". דאָך האָבן די רוישיקע ספקות זיך אַריינגעריסן אין זיין אָפּגעזונדערטער שטילקייט און גענומען מאָנען זייער צינז.

וואָרעם אַז מען טראַכט לאַנג גענוג, און דער בליק האָט זיך אויסגעלערנט אַרומצונעמען אַ גרעסערן שטח אין אַלע ריכטונגען, בפרט נאָך ווען דאָס געוויסן ווערט צוגעבונדן צו העכערע אחריותן ווי צו די אויסגעשטעלטע וועקסלען פון יינגערע יאָרן, דעמאָלט הייבן אָן צו פאַרשווינדן די אַליין־אויסגעפּרעסטע גלאַטיקייטן אויף וועלכע עס איז אַזוי ליב צו שפּרינגען אין האַסטיקן לויף פון לעבן. עס הייבן אָן עגבערן קשיות, ספקות; עס ווערן שאַרפער די אינטעלעקטועלע דאַרשטן און ליידיקער די קוואַלן זיי צו שטילן. עס איז אַ צייט, אָדער אַ מאָמענט, ווען די זיכערקייט פון פריערדיקע יאָרן, אָדער אַנדערע געלעגנהייטן, ווערן לויז, נעמען זיך שאָקלען, און וואַרפן אָן אַ שטילן פּחד אויף יעדן וויטערדיקן טראָט. מען קען ניט זאָגן אַז דערפון ווערט דאָס לעבן לעבעדיקער, אָבער זיכער ווערט עס צוליב דעם מער מענטשלעך.

ווען מיר קומען אויף דער וועלט ווערן מיר געטריבן און געטרייצט פון אינערלעכע אימפּולסן און דרויסנדיקע אַטראַקציעס. מיר טוען זאַכן אָן געשטעלטע כוונות, אָן ישוב הדעת, אָן שום באַוואוסטזיין וועגן מאָטיוון און פועל יוצאָ. די אַקטן זענען גיכער פון מעכאַנישן מין, לכל הפּחות אויף אַזוי פיל אויף וויפיל זיי זענען ניט קיין אויסקלייב פון באַטראַכטע ברירות. יעדער אַקט איז דער איינציק־אָפענער וועג וואָס דאָס עופעלע קען באַנוצן.

אָן איינציקער וועג קען זיך ניט פאָרשטעלן ווי אַ זיכערער, ווייל זייענדיק איינציק האָט ער זיך ניט מיט וואָס צו פאַרגלייכן, עס איז ניטאָ

קיין מאָס מיט וועלכער מען זאָל אים קענען מעסטן. אַן איינציקע מעגלעכקייט קען בלויז געטריבן ווערן מיטן כוח פון אַ דרוק, אַ שטויס, וואָס קומט ווי פון זיך אַליין, אָן אַ מאַנדאַט פון דער אייגענער דורכגעטראַכטער הסכמה. ממילא קען אין דעם פאַל גאָרניט געמאָלט זיין מען זאָל דאָס איינציק־פאַראַנענע אָפּשאַצן צי עס איז יאָ פּאַסיק אָדער ניט.

דאָס באַוואוסטזיין פון זיכערקייט באַווייזט זיך ערשט דעמאָלט ווען אויף דער פּסיכישער סצענע הייבן זיך אָן צו באַווייזן ברירות, קשיות, ספקות. בלויז אין דער ספערע פון אפשר־יאָ און אפשר־ניט קען אַראָפּוועגן דער דעפיניטיווער יאָ מיט אַ געפיל אַז דאָס איז דער זיכערסטער וועג וואָס אַ מענטש, אין אַזאַ סיטואַציע, דאַרף זיך אויסקלייבן. דאָס געגעבענע ווערט אַ זיכערקייט בלויז דעמאָלט ווען עס שטייט פּנים אל פּנים מיט דער וואַקל־דיקער אומסטאַבילקייט פונעם ספק.

אָבער, ביידע, זיכערקייטן און ספקות, ציען יניקה פון אַנדערע קוואַלן; עס איז אַ סתירה וואָס ליגט אין סאַמע וואָרצל פון מענטשלעכן אויפהאַלט, די סתירה צווישן דירעקטן, אַקטיוון לעבן און דעם זעלביקן לעבן אויף דער פלאַך פון געדאַנק. אין האַסטיקן שטראָם פון דירעקטן, אומפאַרמיטלטן לעבן צאַפּלען מיר אויף פון אַ שרייאיקער באַפעלערישקייט: האָב ליב, האָב פיינד, ראַטעווע זיך, אַטאַקיר, געניס, באַצווינג. אין דעם שטעקט זאַפטיק לעבן, עס פאָדערט אונדז אויף, עס מאָנט, און ווען נייטיק פאַראַראַציאָנאַליזירן מיר עס מיט אַ חנ׳עוודיקער הויט פון חכמה און זיכערקייט. דאָס איז דער אימפּולס וואָס שרייט צו אונדז מיט געדיכטע קולות: עס איז דער לעב־אימפּולס.

פונקט אַזוי, אין מאָמענטן פון דענקען, צווינגט אונדז אַן אַנדער כוח אויסצולייגן אין דמיון די פּרטים פונעם לעבנס־אינהאַלט און וועגן, מעסטן, אָוועקשטעלן איינס קעגן ס׳אַנדערע, אָפּשאַצן. אין יענע מאָמענטן פילן מיר אַז וויפיל פּרטים מיר האָבן ניט צונויפגעקליבן זענען זיי אַ טראָפּן אין ים לגבי דעם וואָס איז געבליבן אין דרויסן, וואָס אונדזער דמיון האָט ניט אַריינגענומען, וואָס איז אויסגעלאָזן פון חשבון. אין אַזעלכע רגע׳ס שפּינט אויס דער לעב־אימפּולס די זיכערקייטן פון גלויבן און דער דענק־אימפּולס טרייבט אונדז צו דער אומרו פון ספקות.

דאָס פיינפטע בוך פון פּלאַטאָנס רעפּובליק שטעלט פאָר אַ שמועס צווישן סאָקראַטעס און גלאַקאָן. אינעם דאָזיקן דיאַלאָג וויל סאָקראַטעס בילדלעך אַרויסברענגען דעם חילוק צווישן וויסן און אומוויסן. דערציילט ער אַ משל מיט געפאַנגענע מענטשן אין אַ הייל. אַביסל ליכט קומט אַהין אַריין, אָבער בלויז פון איין זייט. די געפאַנגענע זענען צוגעבונדן צו דער אַנטקעגנדיקער וואַנט אויף אַזאַ אופן אַז זיי שטייען מיט זייערע פּלייצעס צום ליכט. ממילא קענען זיי בלויז זען שאָטנס אויף דער וואַנט אויף וועלכער זיי האָבן די איינציקע מעגלעכקייט צו קוקן. די געפאַנגענע זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן

אין דער הייל גלייך ווי זיי זענען געבוירן געוואָרן און אַזוי שטייען זיי דאָס גאַנצע לעבן צוגעבונדן צו אַ טונקעלער וואַנט און קוים אַביסל ליכט דערגרייכט זיי פון הינטן. עס וואָלט געווען זייער נאַטירלעך אַז אַזעלכע מענטשן, אויב זיי האָבן נאָך כוח צו טראַכטן, זאָלן קומען צום אויספיר אַז די וועלט באַשטייט פון שאָטנס, פון פלאַכע, טונקעלע בילדער, וואָס שטייען, אָדער באַוועגן זיך שווייגעוודיק פון פונקט צו פונקט. אויב זיי וואָלטן דערהערט עפּעס אַ קול וואָלטן זיי נאַטירלעך זיך פאָרגעשטעלט אַז עס קומט פון די שאָטנדיקע בילדער.

ווען מען וואָלט די דאָזיקע אומגליקלעכע פּלוצלונג באַפרייט פון זייערע קייטן און געבראַכט אין אָפענעם, פרייען דרויסן, וואָלטן זיי דערזען מענטשן און זאַכן אין פולן ליכט פון דער זון. זיי וואָלטן זיך דעמאָלט באַקענט מיט דער וועלט ווי זי איז אין דער אמתן. זיי וואָלטן דעמאָלט פאַרשטאַנען אַז די פריערדיקע שאָטנס און סילועטן זענען הוילע אויסדוכטעניש, אָפּנאַרעריי, און אַז די אמתע רעאַליטעט איז גאָר עפּעס אַנדערש.

גלאָקאָן האָט די דאָזיקע אַרגומענטאַציע אין גאַנצן אָנגענומען ווי זי שטייט און גייט, כאָטש ער וואָלט געקענט אַריינוואַרפן זייער האַרבע ספקות, אויב ניט אינעם נמשל איז לכל הפּחות אינעם משל. וואָרעם אויב דער באַפרייטער אַרעסטאַנט וואָלט געהאַלטן פון דער אידעאַליסטישער שול אין דער פילאָסאָפיע, ווער שמועסט אויב ער וואָלט געהערט צו די עקסטרעמיסטן פון דער דאָזיקער שיטה, וואָלט ער געקענט טענה'ן אַז אויך אין דער פרייער וועלט איז ער אַ געבונדענער, פריער האָבן אים די קייטן געבונדן, איצט טוען דאָס זעלביקע זיינע חושים. פריער זענען די שאָטנס געווען בלויז אַן אויסדוכטעניש, איצט קען דאָך זיין אַז הינטער דעם וואָס ער זעט געפינט זיך גאָר עפּעס אַנדערש, אָדער עס איז סתם גאָלע גאָרנישט, נאָר די אויגן נאַרן אים אָפּ.

עס איז גאָר ניט אַזוי לייכט זיך אַן עצה צו געבן מיט אַזעלכע טענות. בכל אופן גיט דאָס אַ שאָקל די זיכערקייט פון דער פריי־געזעענער ווירק־לעכקייט און פאַרציט זי מיט אַ נעפּל פון ספקות. אמת, ספקות פירן סוף־כל־סוף צו נייע זיכערקייטן, אָבער איידער די ניי־געבוירענע לערנען זיך אויס זיך צו שטעלן אויף די אייגענע פיס, שווימט ווידער אַרויס „די אַלטע קשיה" און פאַרשטעלט דעם וועג מיטן בראָכוואַרג פון אָנגענומענע אמתן. אַזוי ווערן מיר באַהערשט פון צוויי אימפּולסן וואָס העלפן זיך טיילווייז איינס ס'אַנדערע, אָבער שטערן זיך נאָך מער אין דער זעלביקער צייט.

פאַראַן גענוג סתירות אין דער מענטשלעכער נשמה, אָבער די סתירה צווישן ספקות און זיכערקייטן איז איינע פון די פונדאַמענטאַלסטע; זי רופט אַרויס די אָפּטע צעריסנקייט אין דעם שפּרינגעוודיקן, זיג־זאַגישן גאַנג פון לעבן. די דאָזיקע סתירה איז ניט בלויז קיין לאָגישע, ניט בלויז צווישן צוויי געדאַנקלעכע טערמינען וואָס פירן אין אַנדערע, אָדער פאַרקערטע, ריכטונגען.

זי ליגט אין סאַמע טאָג־טעגלעכן האַנדלען. די זיכערקייט פונעם לעב־אימפּולס האָט געפירט צו דעם אַז אין זיבעצנטן יאָרהונדערט זאָלן יידן, איינגעגלויבטע אין שבתי צבי׳ן, ניט פאַרריכטן זייערע רינענדיקע דעכער ווייל אָט־אָט קומט משיח און פירט דאָס גאַנצע פאָלק קיין ארץ ישראל. דאָס דאָזיקע געפיל, אין זיין מיסטישער פאַרטיפונג, האָט דיקטירט דעם מקובל, דעם נאָוואָ־מינסקער רבין, דעם חלוש ר׳ יעקב פּערלאָוו, ער זאָל בעתן שלאָפן האַלטן דעם שטעקן אונטערן קישן, ווייל טאָמער קומט משיח אין מיטן דער נאַכט זאָל ער האָבן אויף וואָס זיך אָנצושפּאַרן ביים אַרויסאיילן זיך פון בעט. די זיכערקייט אַז אין רוסלאַנד בויט זיך אַ נייע וועלט פאַר יידן און יידישער קולטור — כאָטש דער מינדסטער שכלדיקער אַריינטראַכט וואָלט געקענט ברענגען צו ערנסטע ספקות וועגן דעם, לכל הפחות אויף וויפיל דאָס האָט געהאַט אַ שייכות צום יידישן גייסטיקן לעבן — האָט געפירט דערצו אַז אַזאַ פיינער, פאַרשערישער קאָפּ ווי מאַקס עריק און אַזאַ קרעפטיקער פּאָעט ווי משה קולבאַק זאָלן זיך בידים איבערגעבן אין די הענט פון די קאָמו־ניסטישע גזלנים און אַזוי פאַרלירן אין טראַגישער פּריצייטיקייט זייערע רייך־צוזאָגנדיקע לעבנס. אָבער די זעלביקע זיכערקייט־געפילן האָבן גע־האָלפן אין אַ סך וועלט־איבערקערענישן, רעוואָלוציעס, וואָס האָבן געמאַכט שענער און ליכטיקער אונדזער ערדישע עקזיסטענץ.

אינעם קלענערן קרייז פון פּריוואַטן לעבן ווייזט זיך אפשר בולטער אַרויס די ראָלע פון אומרעזאָנירטע זיכערקייטן. דאָס נאָענטסטע און וויכ־טיקסטע אין אונדזער סביבה זענען די מענטשן מיט וועלכע מיר באַגעגענען זיך. אָבער דאָ שפּילט אַן אומגעהייערע ראָלע פאַרליבטער צוטרוי אָדער בייזע חשדים, וואָס ביידע האָבן אַ קנאַפּן ווערט פון שטאַנדפּונקט פון ניכטערן ישוב הדעת. קיין אַנדער אויסוועג איז אָבער בפירוש ניטאָ. דאָס לעבן וואָלט זיך פשוט אָפּגעשטעלט ווען מיר זאָלן כסדר צווייפלען אין אונדזערע מאָמענ־טאַלע איינדרוקן.

אין אונדזערע טאָג־טעגלעכע האַנדלונגען זענען דאָס רוב גוטע און שלעכטע טועכצן, אונטערנעמונגען, דורכגעפירטע פּלענער, פאַרבונדן מיט געפילטע זיכערקייטן וואָס אָן דעם קען מען זיך ממש קיין ריר ניט טאָן. די זעלביקע צווייזייטיקייט איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר ספקות. עווערעט דין מאַרטין דערציילט אין איינעם פון זיינע ווערק וועגן אַ פּראָפעסאָר אין אַ היגן אוניווערסיטעט וואָס האָט מורא אין זיינע אַרבעטן אָדער אין לעקציעס אַרויסצוזאָגן פעסט־באַשטימטע מיינונגען צוליב דעם וואָס עס קען זיך אַרויסווייזן אַז ער האָט אַ טעות. ער האָט געהאַט אַ וועלט מיט פאַקטן אויף זיינע שפּיץ־פינגער, אָבער זיינע שטענדיקע ספקות האָבן אים ניט געלאָזט אַריבערטרעטן איבער די גרענעצן פון די פאַקטן. האָט ער געבראַכט ראיות פון ביידע זייטן און אַליין געבליבן אין דער מיט.

דאָס איז אַ פאַל פון פאַראַליזירנדיקן סקעפּטיציזם וואָס פאַרהאַלט דעם

געדאַנק און פאַרמשפּט אים צו וועגעטירנדיקער אומבאַוועגלעכקייט. אַרום דעם דאָזיקן פּונקט צעטיילן זיך מענטשן אין זייער כאַראַקטער און פער־זענלעכקייט אויף די פאַרשיידנסטע מדרגות. פאַראַן מענטשן מיט אַזאַ ווילדן לעב־אימפּולס אַז זיי גיסן אָן מיט אַרויפצווינגענדיקן אימפּעט יעדן איינפאַל, יעדן טראַכט. יעדער פּרט ווערט ביי זיי אַ כלל, און יעדער כלל שפּאַנט פאָרויס מיטן געקלאַנג פון אַן ענדלעך־אויסגעפונענער זיכערקייט. אַזעלכע מענטשן וועלן מאַכן די געפערלעכסטע גענעראַליזאַציעס געבויט אויפן קלענסטן ברוכטייל פון אַ פאַקט אָן דער מינדסטער אחריות פאַר אַ רעאַלער מעגלעכקייט פון טאָמער ניט. פון דער אַנדער זייט האָבן מיר דעם עקסטרעמען צווייפלער וואָס לעבט אין שטענדיקער ציטעריניש פאַר דער וועלט פון יאָ און ניין. דאָ האָט דער דענק־אימפּולס זיך אַריינגעאַרבעט אין אַ קרענקלעכער שרעק פאַרן אומבאַקאַנטן „ווער־ווייס?" וואָס קען ליגן הינטער יעדער פאַרמאַכטער טיר.

פאַרשטייט זיך אַז אַפילו דער ווייטגייענדיקסטער צווייפלער מוז אָפּערירן אין זיין לעבן מיט פעסטע זיכערקייטן, כאָטש זיי האָבן ניט קיין שום לאָגישע באַרעכטיקונג. דער סקעפּטיציזם וואָס פאַראַליזירט קען בלויז זיך אויס־שפּרייטן אין דער דערווייטערטער געדאַנקען־וועלט. אין טאָג־טעגלעכן לעבן, אין דער וועלט פון באַציאונגען מיט מענטשן און געשעענישן, קען זיך אַפילו דער פריער־דערמאָנטער פּראָפעסאָר ניט פאַרגינען קיין צו גרויסע ראָזע פאַרשלעפערנדיקע אַנעסטעזיע. דאָ, אויפן וואָכעדיקן, ערדישן יאַריד דאַרף מען גיין, טאָן, באַשליסן; עס ווערן ניט געגעבן קיין צו בריווח׳דיקע געלעגנ־הייטן פאַר קאָמפּליצירטע חקירות. דאָ מוז מען זיך אָנשפּאַרן אויף איינגע־וואָרצלטע גלויבנס, פאָראורטיילן, און מען קען בלויז בעטן און האָפן צו דערציען מענטשן אַזוי אַז — לכל הפחות ווען עס האַנדלט זיך וועגן ערנסטע קאָנסעקווענצן — זיי זאָלן זיך געבן אַ כאַפּ, צווינגען דעם דענק־אימפּולס אָנצושטעלן דעם קאָנטראָל־מעכאַניזם.

אינטעלעקטועלע, אַנאַליטישע כוחות וואַקסן אויס אין אַ מענטשן גאַנץ שפּעטלעך. ממילא, ווען זיי באַווייזן זיך אין פולער רייפקייט איז שוין פאַראַן אַ פאַרטיקער אַרסענאַל פון אָנגעזאַמלטע גלויבנס, געוואוינהייטן, איבערגענו־מענע גענעראַליזאַציעס וואָס גילטן ווי די זיכערקייט־סלופּעס פון לעבן. מיר אַלע פילן זיך אָפט ממש באַצוואונגען פונעם אַרגומענט אַז „אַזוי פירט מען זיך", אָדער „אַזוי איז אָנגענומען", כאָטש אַ האָרעלע טראַכטן איז גענוג איינצוזען אַז דער שכל פון אַזעלכע טענות איז זייער שלאַבעריק.

מיט צוויי יאָר צוריק האָט די אַנטי־דעפאַמיישאַן ליג מודיע געווען די רעזולטאַטן פון אירס אַ פאָרשונג וועגן פאָראורטיילן ביי קאָלעדזש־סטודענטן קעגן די פאַרשיידענע מינאָריטעטן אין לאַנד. עס ווייזט זיך אַרויס אַז אַזעלכע פאָראורטיילן זענען ווייניקער ביי סטודענטן ווי ביי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. וואָלט מען דאָך געקענט מיינען אַז דאָס איז אַן

אויפטו פון העכערער בילדונג. לאָזט זיך אויס אַז דאָס איז לאַוו דווקא. די פאָרשער האָבן פאַרגליכן דעם סכום און די שאַרפקייט פון אַזעלכע פאַר־אורטיילן ביי סטודענטן פון ערשטן יאָר קאַלעדזש און פון לעצטן. אויב בילדונג וואָלט געווען אַן ערנסטער פאַקטאָר וואָלט זיך געדאַרפט אַרויסווייזן אַן אָנזעעוודיקער אונטערשייד צווישן די צוויי קלאַסן סטודענטן. די רעזול־טאַטן ווייזן אָבער אַז כאָטש דער אונטערשייד צווישן אַלע סטודענטן און דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג איז גאַנץ קלאָר, איז אָבער קיין אונטערשייד ניטאָ צווישן די סטודענטן גופא לויט די יאָרן וואָס זיי האָבן געלערנט אין קאַלעדזש.

קען מען בלויז דרינגען דערפון אַז די געפאָרשטע 2000 סטודענטן פון 50 קאַלעדזשעס זענען מסתמא געקומען פון היימען און פון סאָציאַלע אַטמאָ־ספערעס וואו די פאָראורטיילן זענען לכתחילה געווען שוואַכער ווי ביי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין לאַנד. זיי זענען געקומען אין קאַלעדזש מיט די זיכערקייטן, אין דעם פאַל שעדלעכע זיכערקייטן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך פריער אָנגעשטעקט, און געבליבן ביי זיי, ניט געקוקט אויף אַלע טעאָרע־טי״שע קעגן־ווירקונגען.

אַוודאי זענען פאַראַן זיכערקייטן און ספקות פון פאַרשיידענע סאָרטן, די נוצן און די שאָדנס וואָס מען קען האָבן פון זיי זענען בשום אופן ניט גלייך. ממילא שטעלן זיי אונדז אַנדערע פּראָבלעמען אין יעדן באַזונדערן פאַל, אָבער אין אַלגעמיין קען מען קלאָרער דערזען זייערע פונקציעס ווען מען רעדוצירט זיי צום לעב־אימפּולס און צום דענק־אימפּולס, די צוויי קוואַלן פון וואַנען זיי דערנערן זיך. אָן זיכערקייטן קען מען ניט לעבן; אָן ספקות קען מען ניט לעבן מענטשלעך.

זייער אַ פיינעם ביישפּיל פונעם קאָנטראָלירנדיקן כוח פון ספקות אין אַ קריטישן מאָמענט, געפין איך ביי ר׳ משה לייב סאַסאָווער. ער האָט אַמאָל אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק אַז אַלע געפילן און רעיונות פון אַ מענטשן, די שלעכטע ווי די גוטע, ברענגען נוצן אויף דער וועלט. עס קען דאָך ניט זיין עפּעס ערגערס, זאָגט ווייטער ר׳ משה לייב, ווי זיין מסופק אין מציאות הבורא, רחמנא ליצלן. פונדעסטוועגן קומט אַ צייט ווען מען דאַרף דאָס אויך האָבן. וואָרעם ווען עס קומט צו אייך אַן אָרעמאַן בעטן אַ נדבה וואָלט איר אים דאָך געקענט ענטפערן: „האָב אמונה אין רבונו של עולם, ער וועט דיר העלפן״. טאָר מען דאָס אָבער ניט. אַ ייד דאַרף דעמאָלט טאָן אַזוי ווי ער וואָלט געווען מסופק צי עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט. ער דאַרף אין יענער רגע דערלאָזן, אַז ס׳איז אפשר ניטאָ קיינער וואָס זאָל העלפן דעם אָרעמאַן אַחוץ ער אַליין.

אויף דער וואָגשאָל זענען געלעגן צוויי הויכע ענינים. אויף איין זייט דער אַבסאָלוטער גלויבן אין גאָט, דעם אב הרחמן, אויף דער אַנדער זייט דער מאָראַלער געבאָט אַז אַ מענטש דאַרף העלפן זיין נויטבאַדערפטיקן

ברודער. בלויז דער ספק אין ערשטן קען אַריבערוועגן לטובת דעם צווייטן. ר׳ משה לייב סאַסאָוועער האָט געפּסקנט אַז אַ ייד דאַרף האַנדלען אַזוי ווי ער וואָלט טאַקע געהאַט אַזאַ ספק.

איך האָב ניט קיין גענויע אינפאָרמאַציע וועגן די מנהגים וואָס הערשן אויף יענער וועלט, דאָך קען איך מיר אויסמאָלן אַז ווען ר׳ משה לייב איז געקומען אויפן עולם האמת האָט אים דער רבונו של עולם פּערזענלעך קאָמפּלימענטירט.

(1952)

# פראַקטישקייט, חכמה און נאָך עפּעס

שוין מער ווי אַ יאָר צייט אַז צווישן די זאַכן אויף מיין שרייבטיש וואַלגערט זיך אַן אויסשניט פון אַ צייטונג. שטענדיק, ווען איך ברענג אין אָרדענונג פאַרלעגענע פאַפּירן, בריוו, ביכער, שווימט אַרויף דער דערמאָנטער אויסשניט. איך נעם אים אין דער האַנט אַריין, לייען דאָס קעפּל, ווער פאַראינטריגירט און לייג ווידער אַוועק. אַ געדאַנקען־עכאָ רודערט אין מוח אַ ווײַלע און שטילט זיך איין. אַזוי איצט, אַזוי ביי פריערדיקע געלעגנהייטן.

דער טעלעפאָן קלינגט. עס פאַרוויקלט זיך אַ טעלעפאָנישער שמועס מיט אַ פריינד. יענער איז אומצופרידן פאַרוואָס געוויסע שרייבער גיבן זיך אָפּ מיט אַבסטראַקציעס, מיט זאַכן וואָס האָבן ניט מער ווי עפּעס אַ שאָטנדיקע, ווייטלויפיקע שייכות צום טאָג־טעגלעכן לעבן. מיר לעבן, טענה׳ט ער, אין אַ פּראַקטישער וועלט. טויזנטער פּראָבלעמען, שוועריקייטן, צרות, מניעות, שטעלן זיך אַנטקעגן אונדז אויף טריט און שריט, אָט אַרום אַזעלכע זאַכן דאַרפן זיך קאָנצענטרירן אונדזערע געדאַנקען. אַז מען בלאָנדזשעט אין אַ וואַלד און דאָס האַרץ ציטערט אין פּחד פאַר רעאַלע גזלנים איז פּשוט אומנאָרמאַל פונקט דעמאָלט זיך צו פּילפּולן וועגן פאַנטאַסטישע מלאכים, אָדער צו טראַכטן וועגן אַזעלכע בטלנישע פּראָבלעמען ווי, למשל, צי די צווייטשערייען פון די פייגל זענען סתם קלאַנגען, אָדער זיי האָבן טאַקע עפּעס אַ זינען. מענטשן לעבן קאָנקרעט און יידן זענען געצוואונגען צו לעבן נאָך אַביסל קאָנקרעטער. ווען מען איז אַ מענטש, דערצו נאָך אַ יידישער מענטש, איז באמת אַ לוקסוס זיך אַריינצולאָזן אין אַבסטראַקטע ענינים פון העכערע ספערעס. אַפילו די וואָס האָבן זיך צוגעוואוינט צו די מאָדערנע באַקוועמלעכקייטן פון די ווייטע הימלען וואָלטן שוין אויך געמעגט געבן אַ טראַכט וועגן מאַכן אַ ראַנדעוואו מיט דער נעענטערער ערד.

אַזעלכע טענות און אַרגומענטן האָב איך זייער אָפט געהערט, און וואָס מער איך טראַכט וועגן זיי אַלץ מער ווערט מיר קלאָר אַז אַזעלכע טערמינען ווי פּראַקטיש און קאָנקרעט גיבן ניט איבער דעם אמתן זינען פון יענע שטראָפרייד. זיי מיינען עפּעס אַנדערש ווי דאָס וואָס זיי זאָגן. וואָרעם אויב מיר זוכן דווקא עפּעס פּראַקטישס אין שרייבערייען דאַרף מען עס קענען געפינען אין דער טעגלעכער צייטונג. דאָרטן ווערט מען דאָך אין גאַנצן באַהערשט פונעם געדאַנק אַז מען דאַרף זיך וואָס נעענטער צופּאַסן צו די פאַרלאַנגען פונעם לייענער־עולם. אויב מיר זענען אַלע אַזוי טיף אַריינגעטאָן אין פּראַקטישקייט, וואָלטן מיר עס געדאַרפט געפינען קודם כל אין דער צייטונג. איז אָט לאָמיר געבן אַ קוק וואָס דאָרט טוט זיך.

אַזאַ קעפּל ווי: „ווי אַזוי צו דערגרייכן אַ שלום אין קאָרייע״, איז גענוג רייצנדיק אַז די טאָג־טעגלעכע נויטן אין אונדז זאָלן זיך אָנצינדן מיט אַלע

פייערן. דאָס איז געווען קאָנקרעט און ערדיש צו זיין די פּאַסיקע אַטראַקציע פאַר די זוכער פון פּראַקטישקייט. לייען איך און וויל זען אויף ווי ווייט די פּראָסט־ערדישע אַפּעטיטן קענען דאָ געשטילט ווערן.

ווערן דאָ, קודם כל, איבערגעגעבן בקיצור די באַקאַנטע נייעס פון דער איצטיקער לאַגע אין קאָרייע. די פּרטים ווערן אויסגעסדר׳ט סיסטעמאַטיש כדי אויפצואוועקן אין זכרון דאָס וואָס דער לייענער האָט שוין געקענט פאַרגעסן. דאָ און דאָרט צינדט זיך אָן אַ שוועבעלע געדאַנק וואָס מאַכט עפּעס קלאָר לויט אַ געוויסן אויסטייטש. דערנאָך גייט דער שרייבער איבער צום רעכטן און געדיכטן, צום ענטפער אויף דער פראַגע וואָס דאָס קעפּל האָט אַוועקגעשטעלט. אָבער ווען עס קומט צו דעם וואָס וואָלט געדאַרפט זיין זייער קאָנקרעט און זייער פּראַקטיש, שיקט אונדז אָפּ דער שרייבער אויף אַן אַדרעס אָן אַ נאָמען — „די צוקונפט וועט באַווייזן״.

אָדער נעמט אַזאַ אַרטיקל: „די אַראַבישע לענדער וועלן מוזן קומען צו אַן אויסגלייך מיט ישראל״. לויפט דאָס אויג מיט הונגעריקער בייגעריקייט פון שורה צו שורה, פון פּאַראַגראַף צו פּאַראַגראַף, און איילט זיך וואָס שנעלער צו קומען צו דער ענדגילטיקער גרויסער בשורה. איז ווידער אַמאָל דאָס אייגענע. פאַרשיידענע פּרטים, באַקאַנטע און האַלב־פאַרגעסענע, פאַקטן, מיינונגען, השערות, נעמען פון לעבעדיקע מענטשן און באַמיאונגען צו טרעפן זייערע פּלענער און כוונות, אַלץ אַזוי אומזיכער, וואַקלדיק, ניטאָ קיין קאָנקרע־טער, סטאַבילער פּונקט אָן וואָס זיך אָנצוהענגען. נאָך ערגער איז ווען עס קומט צום רעכטן עיקר. וואָרעם דער שרייבער פאַרענדיקט דערמיט אַז ווי די לאַגע זעט אויס דאַרף מען זיך ניט ריכטן אויף קיין באַלדיקן אויסוועג.

און אַזוי פון אַרטיקל צו אַרטיקל; עס איז אומעטום פאַראַן אַ געוויסע סיסטעמאַטיזירונג פון ידיעות, אויפקלערונג און — יאָ, דער עיקר ליגט אין אויסטייטשונגען, הנחות און טעאָריעס, אָט פּונקט ווי מיר האָבן דאָס אין אַבסטראַקטע, חקירה׳דיקע ענינים. אמת, צווישן די צוויי איז נאָך אַלץ פאַראַן אַ קלאָרער אונטערשייד: די ערשטע חקרנען זיך וועגן נאָענטע, היימישע זאַכן, בעת די צווייטע האָבן צו טאָן מיט טעמעס וואָס זענען מער דערווייטערט פון דער רוישיקער טאָג־טעגלעכקייט. אָבער דער מהלך איז שוין אַ סך קירצער. אין ביידע פאַלן טעאָרעטיזירט מען, דער חילוק איז נאָר וואָס אין איין פאַל פּשטל׳ט מען זיך וועגן זאַכן וואָס רייסן די אויגן און אין צווייטן פאַל, וועגן ענינים וואָס רודערן זיך הינטער דער פּלייצע, אַזוי צו זאָגן. די וואָס זענען זייער שטאַרק צוגעבונדן צו דעם וואָס איז קאָנקרעט, בוצלעך, פּראַקטיש, וועלן אין ביידע קיין טרייסט ניט געפינען.

מען מוז אָבער מודה זיין אַז רייד וועגן היימישע ענינים מאַכן דעם איינדרוק פון פּראָסט־פּשוט, בעת רייד וועגן דערווייטערטע זאַכן זעען אויס ווי בטלנות, כאָטש אין ביידע פאַלן האָט מען צו טאָן מיט רייד וואָס פירן

צו געדאַנקען, טראַכטעניש, אָבער זייער זעלטן צו עפּעס וואָס מען קען גלייך טאָן כדי צו מאַכן דאָס לעבן גרינגער, שענער.

די זעלביקע אילוזאָרישע צעטיילונג צווישן פּראַקטיש און אומפּראַקטיש שפּילט זיך אויך אָפּ אויף אַ העכערער דענק־מדרגה, אין אַ וועלט וואָס איז אַ היפּש ביסל אַנדערש אין איר גייסטיקער דינקייט. אָבער טיפער געצומען זעט אויס דער קוואַל פון דער אילוזיע צו זיין דער זעלביקער. ווען אַ מענטש זאָגט אַז עפּעס איז ריכטיק ווייל עס לייגט זיך אויפן שכל, פילט ער ווי דערמיט וואָלט ער זיך אַנגעשפּאַרט אָן דעם פּוסק אחרון פונעם אוניווערס. וואָרעם אויב שכל, דעמאָלט ווערן זאַכן קלאָר, און אויב קלאָר דעמאָלט זענען זיי שוין ממילא זיכער, און וואָס, אויב ניט זיכערקייט, זוכט אַ זינדיקער מענטש אויף דער זינדיקער ערד, דאָ ווערט שוין שכל דאָס פּראַקטישע און ניט־שכל ווערט אַ סינאָנים פון בטלנות.

אין אַכצנטן יאָרהונדערט האָט אַ באַרימטער ענגלישער פילאָסאָף, דייוויד היום, אָנגעשריבן אַ באַרימט ווערק אָן אונטערזוכונג וועגן מענטשלעכן פאַרשטאַנד. לייענען מיר דאָרט אַזעלכע ווערטער: „ווען מיר נעמען אין אונדזערע הענט אַ בוך... לאָמיר זיך פרעגן: געפינען זיך דאָרט אַבסטראַקטע געדאַנקען וועגן קוואַליטעט אָדער צאָל? ניין. רעזאָנירט מען דאָרט עקספּע־רימענטאַל וועגן פאַקטישע זאַכן אָדער עקזיסטענץ? ניין. וואַרפט עס אַריין אין פייער, ווייל עס קען דאָרט גאָרניט זיין אַחוץ סאָפיזם און אילוזיע״. היום׳ס גרויסקייט ווי אַ לאָגיקער איז שוין פאַרזיכערט אין דער געשיכטע פון פילאָסאָפיע, אָבער היינטיקע צייטן וועלן זיך מסתמא געפינען זייער ווייניק פילאָסאָפישע בעלנים וואָס זאָלן זיך איינשטעלן פאַרן ציטירטן געדאַנק. עס וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן אַז אַרום דער זעלביקער צייט איז אַרויס אַן אַנדער בוך, עמיל פון זשאַן זשאַק רוסאָ; איז עס געבויט אַזוי אַז לויט דער מיינונג פונעם גרויסן ענגלישן דענקער וואָלט מען עס געדאַרפט פאַר־ברענען, ווייל עס קען דאָרט גאָרניט זיין אַחוץ אָפּנאַרערישע אילוזיע. אָבער כאָטש די קאַטוילישע קירך האָט עס טאַקע דן געווען לשרפה, צוליב גאָר אַנדערע סיבות, איז עס אָבער פאַרבליבן און געהאַט אַן אומגעהייערן פּראַקטישן איינפלוס אויף דער געשיכטע פון דערציאונג.

היום האָט אין די ציטירטע שורות גערעדט ווי אַ מענטש פון זיין צייט. די אייראָפּייאישע אויפקלערונג און די שפּעטערדיקע יידישע השכלה האָבן איינגע׳טענה׳ט מיט דער קולטור־וועלט אין זעלביקן גייסט. אַן עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון אונדזער השכלה קען דאָ דינען ווי אַ גוטע אילוסטראַציע. איינער פון די שענסטע פאָרשטייער פונעם גאַליציאַנער משכילים־קרייז, שמואל יעקב ביק, האָט אין די מיטעלע יאָרן חרטה געהאַט און זיך אָפּן דערנעענטערט צו די חסידים, די „מורדי אור״. אין אַ בריוו וואָס יהודה לייב מיזעס האָט דעמאָלט געשריבן צו זיינעם אַ פריינד, וועגן ביקן דעם בעל תשובה, דער־קלערט ער אַז ער קען פּשוט ניט באַנעמען ווי אַזוי אַ מענטש מיט אַ סך

בילדונג און וויסן זאָל זיך אומקערן פון „ליכט צו פינצטערניש“: „וואָרעם זינט די וועלט שטייט, שרייבט ער, האָט נאָך קיין פאַרשטענדיקער מענטש אויס איבערצייגונג ניט אָפּגענייגט פונעם וועג פון חכמה“.

עס איז קלאָר אַז מען האָט אַ סך גיכער געקענט מאָטיווירן השכלה על פּי שכל איידער חסידות. דאָך איז גאָר ניט אַזוי קלאָר פאַרוואָס מען זאָל צוליב דעם זען באַשיינפּערלעך אַז די ערשטע פאַרטרעט דעם עכטן אמת, די צווייטע ניט. היינטיקע צייטן איז ניט שווער צו פאַרשטיין אַז דאָ שטעקט אַן אילוזיע, אָבער אויך אילוזיעס מוזן דאָך האָבן זייער טעם. אַזוי רעדן מיר וועגן „פּראַקטיש“ און „טעאָרעטיש“ ווען אין דער אמתן איז אין די געגעבענע פאַלן אַזאַ אונטערשייד ניטאָ. אָדער מיר זענען זיך סומך אויף שכל אַנטקעגן ניט־שכל ווי אַ פּרוביר־שטיין פון אמת, בעת אין לעבן גופא ווערן מיר געטריבן פון גאָר אַנדערע מאָטיוון און זוכן אינערלעך דעם אמת אויף גאָר אַנדערע וועגן.

נעמט, למשל, דאָס וואָס מיר רופן אויסגעהאַלטנקייט. דאָס איז דער ווינקלשטיין וואָס אויף אים איז לאָגיק, שכל, געבויט. מיר הערן אָפּט די טענה אַז ווען אַ מענטש זאָגט אלף איז ער שוין מחויב אויך צו זאָגן בית, ד"ה, ווען בית איז אַ נייטווענדיקער לאָגישער המשך פון אלף. אָבער אין לעבן וויסן מיר אַז מיר שטעלן אָפּט פאָדערונגען צו אַנדערע וואָס אַליין טוען מיר ניט אַזוי ביי ענלעכע געלעגנהייטן. נאָך מער, על פּי רוב פילן מיר גאָרניט אין אַזעלכע פאַלן אַז מיר האָבן זיך פאַרוויקלט אין אַ סתירה; אַז מיר זענען ניט אויסגעהאַלטן. קענטיק אַז עס לעבן אין אונדז אַנדערע כוחות ביי וועלכע דער שכל איז קיין יחסן ניט.

אָט אַזאַ פאַל איז אונדז אַלעמען באַקאַנט. איך האָב אין זינען די צייט ווען שלום אַש איז געוואָרן צו אינטים פאַרוויקלט אין ניי־טעסטאַמענטישער ליבע. זיינע פאַרטיידיקער האָבן דערין קיין ביין ניט געזען. קודם כל, קינסטלערישע פרייהייט. מיר האָבן קיין רעכט ניט, האָבן זיי גע'טענה'ט, צו דיקטירן דעם קינסטלער וואו ער זאָל נעמען זיינע טעמעס און ווי אַזוי ער זאָל זיי באַאַרבעטן. והשנית, אַנדערע יידישע קינסטלער און וויסנשאַפטלער האָבן געשריבן וועגן קריסטנטום אין זעלביקן גייסט און קיינער האָט ניט מרעיש עולם געווען וועגן דעם.

מילא, מיר קענען זיך באַמיען דאָס צו פאַרשטיין. אָבער דעמאָלט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז אַש האָט געביטן דאָס רענדל. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז געווען אַ פאַלשער קלאַנג. אָבער אויב די פאַרטיידיקער וואָלטן געווען אויסגעהאַלטן, ווי אַזוי וואָלטן זיי געדאַרפט האַנדלען אַפילו ווען דער קלאַנג וואָלט געווען אמת? זיי וואָלטן געדאַרפט טענה'ן אַז שמד קען באַטראַכט ווערן ווי אַ בילבול, אָדער אַ באַשולדיקונג, בלויז ווען מען קען באַווייזן אַז דער משומד האָט עס געטאָן צוליב גראָבע, אוטיליטאַרע צילן. אָבער אויב ער האָט עס געטאָן אויס ערלעכער איבערצייגונג, קען

מען דאָס העכסטנס באַדויערן, אָבער פאַרוואָס אַטאַקירן מיט אַזאַ רוגזה אַ גרויסן קינסטלער וואָס וויל אָפּשאַפן די היפּאָקריטישע מחיצה צווישן דעם אמת פון זיין קונסט און דער ערלעכקייט פון זיין לעבן, אַזוי ווי ער זעט זי? אויב אַש וואָלט באמת געקומען צו דער מסקנא אַז יעזוס אמת ותורתו אמת, וואָס זאָל אים דעמאָלט אָפּהאַלטן צו טאָן וואָס זיין געוויסן דיקטירט? דאָ איז דאָך באמת אַ גאָלדענע געלעגנהייט זיך איינצושטעלן פאַר קינסטלע־רישער פרייהייט אויף אַ געוואַגטן אופן.

אָבער די אַש־פאַרטיידיקער האָבן דאָס ניט געטאָן. זיי האָבן בייז אָפּגע־וואָרפן דעם קלאַנג ווי אַ בילבול, ווי אַ העסלעך מיטל צו באַשמוצן אַ גרויסן יידישן קינסטלער וואָס ראַנגלט זיך פאַר זיין אומאָפּהענגיקייט. זיי האָבן ניט געפילט אַז דורך אידענטיפיצירן אַ מעגלעכע ערלעכע האַנדלונג מיט „באַשמוצן”, דערפירן זיי דעם עצם שכל פון זייער אַרגומענטאַציע צו פול־שטענדיקן באַנקראָט. וואָרעם אויב אומגעצוואונגענער שמד איז אין זיך גופא, און אָן רעזערוואַציעס, אַן ערנסטער חטא, דעמאָלט ווערט ד׳ערמיט צע־שאָקלט דער פּרינציפּ פון קינסטלערישער פרייהייט. און אויב אַ קינסטלערס פרייהייט האָט גרענעצן וואָס מען טאָר ניט אַריבערשפּאַנען צוליב סיבות וואָס האָבן מיט קונסט גופא גאָרניט וואָס צו טאָן, דעמאָלט איז דאָך שוין מעגלעך אַז אַש׳ס קעגנער זענען גערעכט מיט די גרענעצן וואָס זיי שטעלן אַוועק.

נאָך מער, פונקט ווי די פאַרטיידיקער האָבן זיך פאַררופן אויף יידישע גדולים וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צום יעזוס־עפּיזאָד און צום קריסטנטום בכלל, האָבן זיי לייכט געקענט אָנווייזן אויף באַרימטע משומדים וואָס אַפילו נאָך זייער אַוועקגיין האָבן זיי פונדעסטוועגן זיך באַצויגן צו אונדז מיט וואַרעמקייט און אונדז געטאָן אַ סך טובות. בקיצור, ווען אויסגעהאַלטנקייט וואָלט געווען אַ גרעסערער טרייב־כוח ווי ער איז, וואָלט עס די אַש־פאַרטיידיקער געדאַרפט פירן צו קומען מיט אַ רעווידירטן בליק אויף שמד. כאָטש דער קלאַנג וועגן אַש׳ן איז געווען אַ פאַלשער, וואָלט אָבער אַזאַ ברייטערער וויכוח אויפגערודערט אַ טיפן, אָפט טראַגישן, קאָמפּלעקס אין אונדזערע היסטאָרישע איבערלעבונגען. בלויז אַזאַ פאַנאַנדערגעשפּרייטע ראַם וואָלט געקענט אַרויסהייבן די אַלע טונקעלע פּרטים וואָס אָן זיי קען מען פּשוט דעם אַש־עפּיזאָד ניט זען אין אַלץ וואָס ער איז אין זיך כולל.

אָבער די אַש־פאַרטיידיקער האָבן זיך אָפּגעשאָקלט פון דער טעמע וואָס איז געלעגן, זיך געוואָרפן אומרואיק, אויפן וועג פון זייער רעזאָנירן. פאַר־וואָס? ווייל דער אויספיר וואָס שטאַמט פון רעזאָנירן איז אַ גענוג שטאַרקער טרייב־כוח ווען עס ווערט אָנגערירט דאָס אויבערשטע הייטל פון דער נשמה. ווען טיפערע שיכטן פון אונדזערע גייסטיקע וואָרצלען ווערן פאַרוויקלט, דעמאָלט זענען פאַראַן אַנדערע אינערלעכע מאָטיוון וואָס האָבן דאָס לעצטע וואָרט.

טראַכטנדיק אַזוי, שטרעקט זיך אויס מיין האַנט כמעט אויטאָמאַטיש און זוכט דעם דערמאָנטן צייטונג־אויסשניט וואָס וואַלגערט זיך צווישן די פּאַפּירן אויף מיין טיש. אָט איז ער. שוין דאָס קעפּל אַליין וואַרפט אָן אַ דערשרעקנדיקע געפּלעפטקייט: „די אַרמיי טראַכט וועגן דער מיסטעריע פון שלאַכטפעלד; פּאַרוואָס 3 פון 4 זעלנער באַנוצן ניט זייער שיס־געווער" (טיימז, מאַי 17, 1951). דאָס איז אַ טעלעגראַמע פון וואַשינגטאָן וואָס דער־ ציילט אַן אומגעריכטע נייעס. ווי אַרמיי־עקספּערטן גיבן איבער — פון זייערע איבערלעבונגען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה און אין קאָרייע — קומט אויס אַז אין אַ שלאַכט, ווען דער צילברעט איז קלאָר פאַר די אויגן, וועלן אַרום דריי פערטל פון דער אינפאַנטעריע ניט באַנוצן זייערע ביקסן, זייערע אויטאָמאַטישע כלי־זיין, אָדער גראַנאַטן. פּאַרוואָס דאָס איז אַזוי, ווייס קיינער ניט אויף זיכער; עס זענען בלויז פּאַראַן השערות.

עס קען זיין אַ פּאַראַליז אויס מורא. עס האָט אויך צו טאָן מיט אַן אומצוטרוי אין דער אייגענער פיהאיקייט ביים באַנוצן דאָס געווער. טייל קענען אפשר אין הייסן מאָמענט ניט באַנעמען אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן הרגענען אָדער געהרגעט ווערן. עס קען אויך זיין אַן אַנדער סיבה. די אַרטילעריע, למשל, צעשטערט, ניט זעענדיק וואָס; זי שיסט אויף אַן אַנאָ־ נימען שונא. אָבער דער אינפאַנטעריסט שיסט צו טרעפן אַ ספּעציעלן זעלנער, אַ קאָנקרעטן לעבעדיקן מענטשן, און דאָס קען אָפּשוואַכן זיין ווילן צו טאָן זיין טייטנדיקע אַרבעט.

די אַרמיי־עקספּערטן גיבן אָן נאָך אַנדערע מעגלעכע סיבות, נאָר די דערמאָנטע זענען גענוג צו דערזען עפּעס אויף וואָס מיר האָבן זיך מסתמא גאַנץ ווייניק געריכט. מיר זעען די געוואַלדיקע פסיכישע און מאָראַלע קאָמפּליקאַציעס וואָס קענען בינדן אונדזערע הענט אין מאָמענט פון דער גרעסטער לעבנס־סכנה, גראָד דעמאָלט ווען מיר נייטיקן זיך אין אַלע פיזישע מיטלען זיך צו באַשיצן.

דאָס איז „פּראַקטיש" לעבן. דאָס איז די העכסטע, קריטישסטע געדיכ־ טעניש פון קאָנקרעט לעבן. אָבער גראָד דאָ שפּאַרן זיך אַרויס מאָמענטן, נייגונגען, מאָטיוון, כוחות, וואָס אין אונדזערע רואיקע טראַכטעניש זעען זיי אויס צו זיין אַבסטראַקט, לופטיק, דערווייטערט פון די אינטערעסן וואָס זענען אָנגעזאַפּט מיט פעטער רעאַליטעט.

קענטיק אַז מיר האַלטן זיך אין איין פּלאָנטערן אין אַ געוועב פון אילוזיעס. מיר האָבן ליב דאָס וואָס איז באַקאַנט, היימיש, דאָס וואָס זעט אויס צו זיין אונדזער זיכערע נחלה אין דער וועלט. אָבער דער איינדרוק איז אַז בלויז דאָס איז אַ פעסטער מויער אויף וועלכן מען קען זיך אָנשפּאַרן אָן מורא. דאָס אומבאַקאַנטע, דאָס וואָס וואַרפט זיך ניט אין די אויגן, רופט אַרויס אַ געפיל פון אומהיימלעכקייט, אַ פּחד אַז מען קען אָפּגעריסן ווערן פון די אייגענע, זיכערע וואָרצלען. מיר פילן אַזוי, כאָטש דאָס זעלביקע

לעבן לערנט אונדז אַז דאָס וואָס מען זעט ניט מיט די אויגן קען אַמאָל שטיין זייער נאָענט, אָפט געפערלעך נאָענט, הינטער דער פּלייצע. דעריבער איז געגנוג עמעצער זאָל רעדן צו אונדז באַקאַנטע ווערטער וועגן באַקאַנטע זאַכן מיר זאָלן דערפון אַליין באַקומען דעם איינדרוק אַז דערמיט קענען מיר עפּעס אויף אַ ממשותדיקן אופן געהאָלפן ווערן.

פון דער אַנדער זייט, דאָס וואָס אַפּעלירט צום שכל זעט אויס צו זיין שטאָל און אײַזן, כאָטש עס זענען פאַראַן אַזוי פיל מאָמענטן אין לעבן פון יעדן איינעם ווען דער דאָזיקער „שטאָל און אײַזן״ צעקריכט ווי שפּינוועבס. פילאָסאָפן האָבן אַ מעגלעכקייט זיך צו באַשיצן קעגן אַזעלכע אילוזיעס דורך דעם וואָס זיי טראַכטן וועגן טראַכטן. ממילא געהערט ביי זיי סיי דער מאַטעריאַל, סיי די מיטלען צו אָפּערירן מיט אים, צו דער זעלביקער ספערע, טראַכטן. אָבער פּשוטערע מענטשן טראַכטן ניט וועגן זייער אייגענעם טראַכטן, נאָר זיי טראַכטן וועגן לעבן. אָבער די דאָזיקע צוויי — טראַכטן און לעבן — קענען שוין געהערן צו אַנדערע ספערעס פון עקזיסטענץ. ווערט מען אָפט פאַרפּלאָנטערט און פאַרפירט ווען מען וויל באַנעמען איין ספערע אין טערמינען פון דער צווייטער. פאָרמולירטע רייד קענען זיין זייער קלאָר און זייער שכלדיק, אָבער פאַראַן קריטישע מאָמענטן ווען „שכלדיק״ איז ניט געגנוג „לעבעדיק״.

די נייעס וואָס די אַרמיי־עקספּערטן דערציילן פונעם שלאַכטפעלד, און די דערקלערונגען וואָס זיי גיבן, לאָזן מיך אַלץ ניט אָפּ. דאָס אומגעריכטע איז די השערה — פון מענטשן וואָס זענען דורכגעווייקט מיט דער נאַקעטער ברוטאַלקייט פון מלחמה־לעבן — אַז ביים אינפאַנטעריסט קען אָפּגעשוואַכט ווערן דער ווילן זיך צו באַנוצן מיט זיין געווער ווען ער זעט פאַר זיך אויף דער אַנדער זייט ליבּיע דעם „שונא״ אין געשטאַלט פון אַ ספּעציפישן לעבע־דיקן מענטשן. אויב דאָס איז ריכטיק, איז אפשר רעאַליסטישער צו זוכן אַן אויפקלערונג אין אונדזערע פרקי אבות. דאָרט שטייט אַזוי: „רבי חנינא בן דוסא זאָגט: דער וואָס זיין מורא פאַר זינד קומט ביי אים פאַר זיין חכמה, האָט זיין חכמה אַ קיום; און דער וואָס זיין חכמה קומט ביי אים פאַר זיין מורא פאַר זינד, האָט זיין חכמה ניט קיין קיום״. עס ווייזט אויס אַז כאָטש פּראַקטישקייט און חכמה זענען וויכטיקע פאַקטאָרן אין לעבן, איז אָבער די „מורא פאַר זינד״, און אַנדערע אַזעלכע „זייפנבלאָזיקע״ מאַטעריעס, אויך ניט קיין קלייניקייט.

(1952)

# און וואו בין איך?

דער צייטונגס־אויסשניט אויף וועלכן איך קוק איצט וואַלגערט זיך שוין אַ היפשע צייט אויף מיין טיש. די נייעס שטאַמט פון בראַזיל און ווערט ציטירט אין ידיעות, וואָס גייט אַרויס אין בוענאָס איירעס, פון 15טן אויגוסט, 1952. דאָס איז אַ צוויי־וועכנטלעכער אינפאָרמאַציע־בולעטין וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון לאַטיין־אַמעריקאַנער ביוראָ פון אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט. דאָס קעפל איבערן דאָזיקן שטיקל נייעס איז אַ ווינטשעוואַניע: „אויף אַלע קהילות געזאָגט געוואָרן“. און וואָס באַטייט דאָס גרויסע געווינס וואָס דערמיט דאַרף מען ווינטשן אַלע קהילות? אין פלוג, ניט קיין וויכטיקער ענין. די „אידישע פרעסע“ פון ריאָ דערציילט אַז „די אָנוועזנדע אויפן פראָקלאַמירונגס־אַקט פון מגבית 1952, דעם פאַרגאַנגענעם דינסטיק, האָבן זיכער באַמערקט די רעוואָלוציאָנערע ענדערונג אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס איז, נעמלעך, אָפגעשאַפט געוואָרן די טראַדיציע פון אויסשעפן און אויספייניקן די אודיטאָריע מיט פילצאָליקע רעדעס און באַגריסונגען“.

אַז דער ענין איז אַביסל מער ווי אומוויכטיק, טאַקע רעוואָלוציאָנער, באַווייזט די ציטאַטע וואָס ציט זיך ווייטער: „שווער געווען ביז איצט עפעס אונטערצונעמען אין דער הינזיכט, ביז דער מגבית־קאָמיטעט האָט זיך ענדלעך אַנטשלאָסן אויף אַ פרואוו: ניט די וואָס ווילן רעדן נאָר די וואָס מוזן רעדן! און עס איז געלונגען. הלוואי ווייטער“.

מילא, צו אַזאַ אויפטו דאַרף מען האָבן סייעתא דשמיא; ווינטש איך זיי דאָס פון גאַנצן האַרצן. און כאָטש עס איז שוין באַלד דריי יאָר אחר המעשה, קען איך אונדזער בראַזיליאַנער פריינד צושיקן כאָטש אַ האַלבע טרייסט: צרת רבים חצי נחמה, מיר זענען ב״ה אין ערגעץ ניט באַשיצט און באַשירעמט פונעם דאָזיקן אומגליק. דער פאַרלאַנג פון מענטשן צוצוקומען צו דער מזרח־וואַנט, זיך אַרויסצוהייבן, זיך אַרויסצווזען מיט זייערע מעלות, איז ממש אין לשער. נאָך ערגער איז וואָס דער דעת הקהל סאַנקציאָנירט נישט די דאָזיקע תאווה, ממילא באַהאַלט מען דאָס בחדרי חדרים און עס רייסט זיך אַרויס, אָפט מיט עקספלאָדירנדיקער קראַפט, פון אַלע טונקעלע באַהעלטענישן. עס איז פאַטעטיש צוצוקוקן ווי מענטשן דערנידעריקן זיך אָפט ביזן שטויב פון דער ערד מיינענדיק אַז דאָס קען זיי העלפן זיך אויפצוהייבן כאָטש מיט אַ קאָפ העכער אַז מען זאָל זיי דערזען.

אין די אַכציקער יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט איז פרויד אַרויסגעקומען מיט דער השערה אַז היסטעריע איז אַ מין רעזשיסירטע דראַמע פון צעשפּילטע סעקסועלע אימפולסן. עס איז שווער צו זאָגן וואָסערע פאַציענטן, איך מיין פון וועלכן עלטער, עס האָבן געמאַכט אויף אים דעם שטאַרקסטן איינדרוק. איך בין נוטה צו האַלטן אַז דאָס האָבן געמוזט זיין חולאים וואָס

האָבן געהאַט דערגרייכט די העכערע יוגנטלעכע יאָרן, מענטשן פון די דרייסיקער, אפשר אָנהייב פערציקער. דעמאָלט הערט זיך אַרויס פון די סעקסועלע אימפולסן דער שטאַרקסטער אָפּהילך פון זייער אויפרייסנדיקער קראַפט. פאַרן זוכנדיקן פּסיכיאַטאָר, דערצו נאָך פאַר אַזאַ געניאַלן קאָפּ ווי דאָס איז געווען זיגמונד פרויד, האָט אויפגעבליצט די ליכטיקע מעגלעכקייט צו אַנטפּלעקן, ווי ער האָט געמיינט, דעם סוד כל הסודות פון דער מענטש־לעכער נשמה.

מיט אַ צייט שפּעטער איז פרוידס אַ תלמיד, אַלפרעד אַדלער, אַרויס־געקומען מיטן געדאַנק אַז יעדער מענטש רייסט זיך צו פאַרגיטיקן מיט העכערער פּסיכישער אויסצייכענונג זיינע אָרגאַנישע שוואַכקייטן אָדער פעלערן. פון דעם נעמט זיך זיין ווילן זיך אַריבערהייבן איבער אַנדערע, זיין שטופּן זיך מיט יעדע עלנבויגנס אַלץ נעענטער צום פראָנט כדי מען זאָל זען באַשיינפערלעך אַז ער איז דאָ אויף דער וועלט, און דווקא מיט אַן עודף, אַ פאַקט וואָס ער וויל בשום אופן ניט דערלאָזן מען זאָל אים פאַרבייגיין. דערמיט האָט אַדלער געמיינט, אַז ער, ניט פרויד, האָט אַנטפּלעקט דעם סוד כל הסודות פון דער מענטשלעכער נשמה.

וואָס איז געווען דער עלטער פון די פּאַציענטן וואָס האָבן אויף אַדלערן געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק און אַרויפגעפירט אים אויפן וועג פון זיין טעאָריע? איך ווייס ניט, אָבער דאָס האַרץ זאָגט מיר אַז דאָס האָבן געמוזט זיין מענטשן פון די מיטעלע און עלטערע יאָרן. דעמאָלט איז די צייט ווען סעקסועלע צערייצטקייט ווערט אַלץ מער און מער געצאַמט, און עס הייבט זיך אָן צו צעשפּילן מיט אַלע פאַרטלען פון דיפּלאָמאַטיע און שמד־שטיק גאָר אַן אַנדער איינגעוואָרצלטער פאַרלאַנג. דעמאָלט רייסט זיך אַ מענטש צו ווייזן די פאַרדינסטן פון זיין יחידישער באַזונדערקייט און פילט זיך גליקלעך ווען די אַרומיקע דערזעען דעם אמת פון זיין אַנדערשקייט און שאַצן אָפּ איר פּאָזיטיוון ווערט.

עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס אין די סטאַטיסטישע טאַבעלעס פון זעלבסטמאָרד באַמערקט מען תמיד ווי די צאָל זעלבסטמאָרדן גיט זיך פּלוצלונג אַ הייב ווען מען דערגרייכט דעם עלטער פון 50 יאָר און זי שטייגט אַלץ העכער און העכער אין די ווייטערדיקע יאָרן. דאָס ניט קענען באַפרידיקן די עגבערדיקע תאווה אַרויסצושטעלן בפני כל עם ועדה די אייגענע וויכטיקייט, שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אָט דעם ענדלעכן אַנטשליסן זיך אומצוברענגען דאָס אייגענע לעבן. זייער כאַראַקטעריסטיש איז דער זעלבסטמאָרד־פאַל פון אַ פרוי וואָס די ליטעראַטור האָט פאַרצייכנט. זי האָט זיך אַרויסגעוואָרפן פון אַ פענצטער פון אַן עראָפּלאַן ווען ער איז געפלויגן זייער הויך. דערמיט האָט זי געוואָלט זיך אַרויפאַרבעטן צו באַרימטקייט וואָס זי האָט אין משך פון גאַנצן לעבן ניט געקענט דערגרייכן. אין איר געלט־בייטל האָט מען געפונען אַ צעטעלע וואו זי האָט זיך אי באַקלאָגט,

אי געגעבן אַן אָנצוהערעניש: „איך בין מסופק צי די צייטונגען וועלן אָפּגעבן פּלאַץ פאַר מיר״. דער מוראדיקער און טראַגישער פּחד טאָמער וועט זי בלייבן אַן „אומבאַקאַנטער זעלנער״, ווי עפּעס אַ ניט־אויסגעשיילטער טראָפּן אין ים, דאָס האָט זי ניט געלאָזט רוען. ענדלעך האָט זי, דורך אַ פּאַר־צווייפלטן אַקט, איר ציל דערגרייכט: די צייטונגען האָבן נאָך איר טויט זי אויף אַ ווײַלע אַרויסגענומען פון איר אָפּמעקנדיקער אומבאַקאַנטקייט.

די אָפּטע באַשולדיקונגען, און גראָד אין די הויכע פענצטער, אַז פלוני בן פלוני טוט עפּעס בלויז צוליב „פּובליסיטי״, קען אַמאָל זײַן דורכויס פאַלש, אָדער אַ גרויסע גוזמא. אָבער מיר אַלע ווייסן, אַז דער עצם חשד איז זיכער ניט אויסגעזויגן פון פינגער. רעקלאַמע, פּירסום, דער פאַרלאַנג זיך צו זען אינעם בלענדיקן ליכט פון דער עפנטלעכקייט, איז אַ טרײַבנדיקער כח וואָס ניט אַלע קענען אַזוי לייכט קאָנטראָלירן. ווי יעדער גרויסער פאַקטאָר אינעם לעבן פון אַ מענטשן, פאַרמאָגט ער אויך זײַנע אײַדעלע און זײַנע פּערווערזע אויסדרוק־פאָרמען. פון איין זײַט האָבן מיר דעם קלוגן, אײַנגעהאַלטענעם און אינערלעך־אויסגעאַרבעטן עניו וואָס זײַן עניוות אַליין העלפט אים צו ציען אויף זיך אַלעמענס בליקן. פון דער אַנדערער זײַט שטויסט אונדז אָפּ דער סענסיטיווער און קרענקלעכער בעל גאווה וואָס צווינגט זיך אַרויף אויף יעדן פאַרבײַגייער. אפשר דער ווײַטסטער עקסטרעם אין דער דאָזיקער פּאַטאַלאָגישער פאָרם פון איך־הונגער איז דער וואָס נעמט זיך דאָס לעבן כדי צו ציען אויפמערקזאַמקייט צו זיך. אַז אַזעלכע פאַלן זענען ניט קיין זעלטנקייט צווישן זעלבסטמערדער איז גאַנץ גוט באַקאַנט סיי אין דער קינסטלערישער, סיי אין דער פאָרשערישער ליטעראַטור.

עס קען קיין ספק ניט זײַן אַז די מאָדערנע דעמאָקראַטישע ציוויליזאַציע האָט די דאָזיקע תאווה אַ סך מער צערייצט. עס ליגט בכלל אין דער נאַטור פון תאוות אַז וואָס מער מען באַפרידיקט זיי, אַלץ מער ווערן זיי הונגעריק, אַלץ מער זוכן זיי אַנדערע אופנים און נײַע פאָרמען זיך צו זעטיקן, אויב עס איז ניטאָ קיין העכערער כוח וואָס זאָל זיי דערפון אָפּהאַלטן. אַמאָל, אין די ראַמען פון דער קליינשטעטלדיקער פּשוטקייט פון לעבן, איז מענטש־לעכער אויפפיר געווען אַ סך מער פאַרפיקסירט לויט אָנגענומענע נאָרמען, רעליגיעזע און סאָציאַלע. עס זענען גאָרניט געווען אַזויפיל טעכנישע מיטלען אויסצודריקן עפנטלעכע אָנערקענונג און אַזעלכע עפעקטפולע מעטאָדן אויס־צושנירלען עכטע אָדער געקינצלטע שבחים פאַרן מינדסטן פאַרדינסט פון אַ יחיד. עס איז ניט געווען ווײַל עס איז ניט נייטיק געווען.

אַחוץ דעם, אין אַזאַ לעבנסשטייגער ווי די אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע האָט אַנטוויקלט, איז אויסגעוואַקסן אַ שאַרפערער געראַנגל צווישן אײַנצלנע און גרופּעס פאַר ספּעציעלער אויסצייכענונג, פאַר דער מזרח־וואַנט פון סאָציאַלן סטאַטוס און פאַר גרעסערע פּריווילעגיעס וואָס דאָס אַלץ איז מחייב. אַזאַ אַטמאָספערע פאַרשאַרפט די שפּירעוודיקייט פונעם איך־באַ־

וואוסטזיין, טרייבט עס תמיד צו פאַרמעסטן זיך כדי ניט פאַרלוירן צו ווערן אין שטענדיקן געיעג פון ווער־וועמען. דער פאַרמעסטנדיקער געראַנגל ציט זיך אויף דער גאַנצער ליניע פון אויסגעפינען אַ נייעם געשמאַקן קאָמפּאָט ביזן אויסבויען אַ נייע סיסטעמאַטישע פילאָסאָפיע, פון אַ ניי־אַנטדעקטן אופן זיך אויסצוצייכענען אין ברידזש, אָדער אויסשניידן מער חנ׳עווודיקע לעבער אין ווייבערשע שיך, ביז ניי־געשאַפענע פאָרמען אין קינסטלערישער פּראָזע און פּאָעזיע.

אַמאָל האָט אַ מענטש געקענט אויסלעבן זיינע יאָרן און ניט האָבן קיין געלעגנהייט צו זען זיין נאָמען געדרוקט. מען האָט מיר אַמאָל דערציילט פון אַ וואַרשעווער יידן, אין אָנהייב פונעם יאָרהונדערט, וואָס מען האָט אים איבערגערעדט צו אַבאָנירן דעם „פריינד״. ווען ער האָט באַקומען די ציטונג, האָט ער זיך ממש ניט געקענט באַרואיקן פון דער איבעררויאַשונג: „פון וואַנען וויסן זיי אין פעטערבורג מיין נאָמען און מיין אַדרעס?״ דער דאָזיקער זייער נאַאיווער, זייער פּשוטער, ייד קען היינט זייער לייכט באַפרידיקן אַ פיל גרעסערע אַמביציע ווי אַז עמעצער אין מרחקים זאָל וויסן ווי ער הייסט און וואו ער וואוינט. ער קען שרייבן אַ בריוו צו דער ציטונג און זען זיין נאָמען געדרוקט שוואַרץ אויף ווייס פאַר די אויגן פון צענדליקער טויזנטער לייענער. אַז עס האַלט שוין זייער שמאָל קען ער אַנאָנסירן יעדע געלעגנהייט פון פּריוואַטן לעבן. ער קען ווערן אַ מיטגליד פון אַ קלוב, פון אַ צדקה־אָרגאַניזאַציע, וכדומה, און באַקומען אַ מאַשין־געשריבענע קאָרעס־פּאָנדענץ וואו ער קען זען פאַרצייכנט מיט פּרעכטיקע אותיות זיין נאָמען און זיין אויפטו. שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס אַזוי שנעל ווי עס ווערט זיך דערנענטערן זיין קיילעכדיקע עלטער קען ער זיך ריכטן אויף אַ פינקלדיקן באַנקעט מיט רעדעס און לויבגעזאַנגען עד לב השמים.

צו דעם דאַרף מען אויך צורעכענען דעם סעקולערן כאַראַקטער פון דער היינטיקער ציוויליזאַציע. וואָרעם אין אַ וועלט וואו עס הערשט די אמונה אַז איבער־מענטשלעכע כוונות באַמיען זיך לטובת מענטשלעך לעבן, דעמאָלט גרייסט זיך יעדער מענטש מיט דער איבערלעבונג אַז ער איז ווי ליים אין דער האַנט פונעם טעפּער, בעת דער „טעפּער״ סימבאָליזירט דעם העכסטן אידעאַל פון מאָראַלן אויפפיר. אָט דער ליים־מאָמענט פונעם מענטשנס פּערזענלעכער עקזיסטענץ און דער טעפּער־כאַראַקטער פון דער אידעאַלער השגחה וואָס וואַכט איבער אים, די דאָזיקע פאַראייניקערלעכטע איבערלעבונג קען אָפּפיילן די זינדיקע שפּיצן פון זיין איך־תאווה. דער רעליגיעזער גייסט וואָס דרינגט דורך אַ מענטשן מיט דער רעאַלקייט פון מעטאַפיזישע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן איז בכוח צו פאַרשטאַרקן דעם קאָנטראָל איבער ברוטאַלע פאָרמען פון ליידנשאַפטן, קען אויסאיידלען דעם זינען פון פּער־זענלעכן לעבנס־אויסדרוק. אַ געמיט־צושטאַנד וואָס שפּייזט זיך בלויז פון סעקולערע ווערטן איז גיכער עלול צו פאַרזינקען אין אַ וועלט וואָס באַנוגנט

זיך מיט זעלבסט־דעקאָראַציע און קען זיך גיכער באַפרידיקן מיט שפּיגלען זיך אין זיך אַליין.

דער אונטערשייד צווישן מענטשן אין פּרט פון וועלן זיך אַרויסזען אין דער וועלט איז נאַטירלעך זייער גרויס און הענגט אָפּ פון פאַרשיידענע אינערלעכע און דרויסנדיקע באַדינגונגען. דאָס דאָזיקע געפיל איז בטבע זייער שטאַרק ביי אַזעלכע וואָס זייערע פונקציעס אין לעבן צווינגען ממש אויף זיי אַרויף דאָס שטענדיקע צוהערן זיך צו דעם ווי זיי נעמען אויס ביי זייערע אַרומיקע. דאָס זענען אַזעלכע וואָס שפּילן אַ ראָלע אין אַלע פאָרמען פון קולטורעלן שאַפן און פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ביי אַזעלכע מוז זיך אויסאַרבעטן אַ שאַרפע סענסיטיוויקייט צו די מינדסטע פּרטים פון דעם וואָס מען זאָגט, אָדער מען זאָגט ניט, וועגן זיי. דאָ האָבן מיר, דעריבער, צו טאָן מיט קרענקלעכע איך־אַמביציעס, אָפּשטויסיקע פאָרמען פון זעלבסט־לויב, גיפטיקע שנאה־געפילן קעגן די וואָס גיבן זיי ניט אָפּ דעם געהעריקן כבוד, אָדער נאַאיווע שמחה צוליב אַ רוטינעם קאָמפּלימענט, ממילא אויך טיפע דערשלאָגנקייט ווען אַזאַ קאָמפּלימענט קומט ניט אין דער ריכטיקער צייט.

אָבער אַפילו ווען מיר באַמערקן אַז אומעטום געפינט מען ענלעכע איך־מאַניפעסטאַציעס ביי די דערמאָנטע קלאַסן מענטשן, האָט זיך מיר דאָך תמיד אויסגעוויזן אַז אין דער יידיש־יידישער סביבה זענען די דאָזיקע מאַניפעסטאַציעס אַ סך בולטער און ברוטאַלער. איך בין נאָך אַלץ ניט גרייט צו פּסקענען מיט זיכערקייט אַז עס איז טאַקע אַזוי. דאָס וואָלט מען בלויז געקענט אויסגעפינען דורך אַ פאַרגלייכיקער פאָרשונג צווישן יידיש־יידישע יידן און אַנדערע יידן, און צווישן יידן און אַנדערע פעלקער, אָבער דער איינדרוק אַז דאָס איז אַזוי איז זייער שטאַרק. די פריער־געבראַכטע ציטאַטע פון בראַזיל איז, דאַכט זיך מיר, אַ טיפּישע באַשרייבונג פון דעם וואָס מיר טרעפן שוין צו אָפט אין אונדזער עפנטלעכן לעבן. רעדנער, על פּי רוב, מוראדיק ניט קוואַליפיצירט, רייסן זיך צו דער פּלאַטפאָרם, ווילן געהערט ווערן און פילן זיך ממש אומגליקלעך ווען זיי דערגרייכן ניט דעם ציל. צווישן אונדזערע געזעלשאַפטלעכע פירער, וואו די קוואַליפי־קאַציעס זענען אַביסל העכער, טרעפן מיר די זעלביקע רייסעניש, עפּעס אַזאַ מאוימדיקער דאָרשט וואָס לאָזט זיך ניט שטילן. אין דער וועלט פון אַקטיאָרן, פון שרייבער, דאָ ווערט אָפט שווער צו פאַרטראָגן די פּריקרע מיטלען וואָס ווערן אָנגענומען כדי צו ציען אויפמערקזאַמקייט צו זיך. אָפט ווערט מען געפּלעפט און פאַרחידושט ווען אַ שכלדיקער מענטש קען ניט באַנעמען ווי אָפּשטויסיק עס איז די מידה פון לויבן זיך אַליין; אַז ער דערגרייכט פונקט דעם היפּוך פון דעם צו וואָס ער צילט ווען ער צווינגט זיך אַרויף אויף זיינע שכנים מיט זיין רעקלאַמירטער גרויסקייט.

די שרייבער וואָס זיי איז באַשערט צו זיין קריטיקער, זיי איז באמת

ביטאָ וואָס מקנא צו זיין. ניט צופיל בעסער איז אָפּט די לאַגע פון זשורנאַ־ליסטן וואָס באַרירן שייכותדיקע טעמעס. די קונציקע פּאָרטלען, דירעקטע און אומדירעקטע מיטלען צוזאַמען מיט שווערן דרוק פון די פאַרשיידנסטע סאָרטן, וואָס ווערן אָנגעווענדט אַרויסצוקריגן פון זיי אַ שריפטלעך גוט וואָרט אָדער אַ וואָרט בכלל, איז ממש אין לשער ואין לספר. עס איז טיילמאָל פאַרבונדן מיט קריכערישער אונטערטעניקייט, אַבי דערמאָנט צו ווערן. אין דער פּראָפעסיע איז אָנגענומען: זאָל זיין צום שלעכטן אַבי דער נאָמען זאָל זיך וואַרפן אין די אויגן.

אין אונדזער לעבן איז דאָס אַ קלאָרער, כמעט עקספּערימענטאַלער טעסט וואָס באַווייזט אַז דער ציל קען ניט זיין קיין אַנדערער ווי בלויז צו שטילן דעם דאָרשט געזען צו ווערן. ווארעם ביי אַנדערע פעלקער קען מען האָפן אַז קריטיק, ווער שמועסט נאָך הויך־שאַצנדיקע קריטיק, קען אָמאָל אויפהייבן דעם פאַרקויף. ממילא קען מען מיינען אַז צו פועלן ביי אַ קריטיקער ער זאָל שרייבן וועגן אַ ווערק קען האָבן אַ הכנסה־ווערט. ביי אונדז ווייס מען אויסגעצייכנט אַז קיין שום רעצענזיע, אַפילו ווען זי זאָל זיין באַ־גייסטערטע הסכמה, קען ניט האָבן קיין אָנגעזעענע שייכות צום פאַרקויף. ביי אונדז איז דאָס דעריבער אַ פאַטעטישער אויסדרוק פונעם נאַקעטן פאַר־לאַנג צו קריגן אַן עפנטלעכע באַשטעטיקונג פונעם ווערט פון דער אייגענער איך־עקזיסטענץ.

ווי געזאָגט, זענען פאַראַן גענוג סימנים וואָס פאַרשטאַרקן דעם איינדרוק אַז דער דאָזיקער זייער נאַטירלעכער פאַרלאַנג דריקט זיך אויס ביי אונדז אין פּיינלעך קראַנקע סימפּטאָמען. מען קען זיך אויך משער זיין פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. קודם כל זענען ביי אונדז פאָרגעקומען צוויי פּלוצלונגע איבערגענג פון איין איינגעוואָרצלטן צושטאַנד צו אַן אַנדערן, וואָס דאָס אַליין איז עלול אויפצורודערן דאָס פּסיכישע לעבן. דער איבערבייט פון דער אַלטער היים אויף אַמעריקע האָט באַטייט, ראשית, אַן איבערגיין פון אַ מער רעזערווירט, איינגעהאַלטן לעבן אויף דעם אורבאַנישן קאָך פון דער אַמע־ריקאַנער דינאַמיק. שנית, עס איז געווען אַ טראַנספאָרמאַציע פון אַן אַטמאָ־ספערע אַ דורכגענומענע מיט אַ גערירשנטער טראַדיציע, וואָס האָט געאָטעמט מיט דער אינספּיראַציע פון רעליגיעזע נאָרמען, אויף אַ פּראַקטישער וועלט וואָס לעבט מיטן כוח פון ערדישער סעקולאַריטעט. מיר האָבן שוין פריער געזען אַז די דאָזיקעביידע פאַקטאָרן זענען בכוח צו הייבן די איך־אַמביציעס פונעם מין מענטש. אָבער ווען דער איבערגאַנג קומט פאָר מיט דער שנעלקייט פון אַן אינערלעכן אויפרייס, קען דאָס פירן צו סימפּטאָמען וואָס מאַכן פון דער איך־אַמביציע אַן איך־קראַנקייט. דאָס האָט אויך אַ שייכות צו די וואָס זענען געבליבן טיף רעליגיעז אין דער נייער וועלט, ווייל אויך זיי ווערן דאָך געטריבן פון די זעלביקע סעקולערע ווינטן.

אין אונדזער יידיש־יידישן פאַל קומט נאָך צו דער פאַקט וואָס די בינע

איז ווייט צו קליין פאַר דער גרויסער צאָל אַקטיאָרן וואָס באַטייליקן זיך אין דער דראַמע. די מורא צו בלייבן אין דרויסן, אָדער אַראָפּגעשטופּט צו ווערן פון די ברעטער, העגנט כסדר איבערן קאָפּ. איז דאָך נאַטירלעך אַז דאָס זאָל פירן צו אַ פאַרצווייפלטן געראַנגל פאַר אַן אייגן זיכער ווינקל אינעם שמאָלן אויבן־אָן.

אויף וויפיל די קרענקלעכע סימפּטאָמען האָבן זיך מיר געוואָרפן אין די אויגן אין די לעצטע יאָרן, נעמט זיך עס מסתמא אויך דערפון וואָס ביי אונדז זענען די וואָרטפירער און טוער, אין דורכשניט פון העכערן עלטער, און עלטערקייט צינדט אָן מיט באַזונדערע פייערן די איך־תאווה. דאָס איז די צייט ווען מענטשן האָבן אַ שטאַרקן חשק צו שרייבן, אָדער דערציילן, אויטאָביאָגראַפיעס מיט דעקאָראַטיוון „טעקניקאָלאָר" ווען עס האַנדלט זיך וועגן זיך אַליין.

דער פאַרלאַנג זיך אַרויסצואווייזן מיט אייגנשאַפטן און פיאיקייטן וואָס נעמען אויס ביי אַנדערע, דרינגט אַרויס פונעם פאַקט וואָס מיר זענען באַשעפענישן מיט אַ זעלבסטבאַוואוסטזיין. די אידייע פונעם אייגענעם איך וואָס לעבט אין אונדז וואָלט קיינמאָל ניט געקענט געבוירן ווערן ווען מיר וואָלטן ניט געהאַט קיין אַנדערע מענטשן אַרום זיך. וואָרעם דער איך וואָס וויל זיך אַרויסווייזן באַשטייט אין עצם פון עלעמענטן וואָס ווערן הויך גע־שאַצט פון די אַרומיקע און מיר האָבן זיי פאַראינערלעכט אין זיך. דערקע־נענדיק אין זיך דאָס וואָס ווערט אין דער געזעלשאַפט געהאַלטן פאַר ליב און גוט, גיט עס אונדז דעם שטאָלץ און די אינטימסטע הנאה צו פילן אַז דאָס איז דער תמצית — דער איך — פון אונדזער אייגענעם לעבן. זיך אַרויסווייזן הייסט זיך באַמיען צו קריגן די ענדגילטיקע באַשטעטיקונג פון אַן אָביעקטיוור קריטעריע וואָס באַשטימט די מדרגה פון גוטס און שלעכטס אין מענטשלעכע איכן. איז דאָס ממילא אַ נאַטירלעכער פּראָצעס און אַן עכטע אינערלעכע נויט וואָס זוכט זיך צו באַפרידיקן.

און פונקט ווי ביי אַלע אַזעלכע פונדאַמענטאַלע פּסיכישע נויטן, זענען אויך דאָ מעגלעך פערווערזע פאָרמען און פּאַטאָלאָגישע איבערטרייבונגען. ווי מיר ווייסן זענען די קרענקלעכע סימפּטאָמען וואָס מען רופט עגאָצענטריזם, אָדער עגאָמאַניע, באַזונדערס אָפּשטויסיק צוליב אַן אינטערעסאַנטער סיבה. וואָרעם דער עגאָצענטריקער, אין זיין קרענקלעכער בלינדקייט, באַמערקט ניט אַז דער וואָס אויף אים צווינגט ער זיך אַרויף מיט זיין איך־מאַניע, ד"ה, דער וואָס דאַרף אים אַרויסווייזן סימפּאַטיע, ווערט פון אים אין דער אמתן דערנידעריקט. עס איז דאָך קלאָר אַז אויך יענער פאַרמאָגט דעם פאַרלאַנג געזען צו ווערן אין אַ פּאָזיטיוו ליכט, אָבער דער עגאָצענטריקער, דורך זיין האַמערן אויף זיין אייגענער גרויסקייט, שטופּט יענעם אַראָפּ, באַליידיקט אים אויף אַן אומדירעקטן אופן.

מהאי טעמא ווערט ענוות הויך געשאַצט פּונקט ווי מיר שאַצן איינגע־

האַלטנקייט און אויסגערעכנטן קאָנטראָל ביי אַלע פונדאַמענטאַלע יצר הרע׳ס. מיר ווערן אָפט אויך טיף גערירט ווען דאָס מזל פון אַ מענטשנס לעבן לעשט אויס פאַר אים דאָס ליכט, לאָזט אים אין דער פינצטער, גראָד דעמאָלט ווען ער באַווייזט זיך מיט זיין שטילער גייסטיקער עשירות. אַזעלכע מענטשן, אין דער ראָם פון זייער עניוות׳דיקן כאַראַקטער, ווערן אינערלעך באַשיצט פון דער פּלאָג פון פּאַטאָלאָגיע, דערפאַר אָבער באַמערקט מען טיילמאָל אין זייער בליק אַן אויסדרוק פון גערעכטער מאָנונג וואָס וועקט מיטגעפיל.

אין די עלעמענטאַרע לערן־ביכלעך איז פאַראַן אַ מעשה וועגן אַ קינד וואָס האָט געליטן פון אַ שלעכטן זכרון. ער פלעגט תמיד פאַרגעסן וואו ער האָט געלייגט זיינע זאַכן ווען ער האָט זיך געלייגט שלאָפן. האָט ער באַשלאָסן אַז פאַרן גיין שלאָפן זאָל ער פאַרצייכענען אויף אַ שטיקל פּאַפּיר וואו יעדע זאַך געפינט זיך. ער האָט אויך געדענקט צוצוגעבן אַז „איך אַליין בין אין בעט״. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אין דער פרי האָט ער אַריינגעקוקט אינעם שטיקל פּאַפּיר און אַלץ געפונען אויפן ריכטיקן פּלאַץ, אָבער זיך האָט ער ניט געקענט געפינען; דאָס בעט איז געווען ליידיק. גייט ער אַרום און געוואַלדעוועט: „און וואו בין איך?״

כדי מען זאָל וויסן וואו דער איך איז, דאָס דאַרף מען הערן פון אַנדערע. זענען פאַראַן געגוג צווישן אונדז אַזעלכע וואָס הערן דאָס ניט אַזוי אָפט ווי זיי וואָלטן געוואָלט, אָדער פונקט דעמאָלט ווען זיי איז דאָס נייטיק, אָדער ניט אַזוי שטאַרק און אונטערשטרייכנדיק ווי זייער אַמביציע דיקטירט זיי. דעריבער ווען איר גיט אַ גוטן קוק אַרום זיך וועט איר הערן געשרייען פון אַלע זייטן, געשרייען אויף אַלע טענער, פון „דממה דקה״ ביז „קולות וברקים״. דאָס געשריי וואָס ווערט אַלץ העכער און ווילדער אין גאַנג פון די יאָרן: „און וואו בין איך? און וואו בין איך?״

(1955)

# איינשטיין און מיר

ווען איינשטיין איז געשטאָרבן זענען די צייטונגען, אַזוי שטעל איך מיר פֿאָר, געווען אין אַ פֿאַרלעגנהייט. ווי אַזוי זאָלן זיי אָפּשאַצן זיין גרויסקייט? וואָס זאָלן זיי שרייבן וועגן אים? יאָ, מיר ווייסן אַז ער איז געווען אַ ליבעראַלער מענטש, אַ הומאַניסט, אַ גרויסער מפֿונק אין מאָראַלע ענינים. זיין עניוות איז געווען אַ שם דבר. ער האָט שטאַרק ניט געוואָלט אַז זיינע פּערזענלעכע ד' אמות זאָלן אַוועקגעשטעלט ווערן אין אַ שויפֿענצטער אין מיטן מאַרק. די דאָזיקע אייגנשאַפֿט האָט ער אָפּגעהיט מיט אַלע כּוחות. ווען אַ שרייבערין פֿון „טיימז" האָט אים אַמאָל באַזוכט און באַשריבן זיינס אַ טאָג אַרבעט, האָט מען שפּעטער זיך נאָכגעפֿרעגט צי איינשטיין האָט געלייענט דאָס אַרטיקל און ווי ער האָט עס אויפֿגענומען. דערויף האָט זיין סעקרעטאַרשע, מיס העלען דוקאַס, געענטפֿערט: „ד"ר איינשטיין האָט ניט ליב צו לייענען וועגן זיך אַליין. מען האָט וועגן אים אַזוי פֿיל געשריבן אַז ער האָט ניט קיין חשק צו לייענען מער. ער וויל ניט מען זאָל רעדן וועגן זיין פּריוואַט לעבן, ווי אַנדערע מענטשן ווילן דאָס ניט, און צוליב דעם וואָס ער וויל ניט אַז זיין נאָמען זאָל ווערן אַ קולט. ער האָט גאָרניט קעגן דעם אַז מען זאָל שרייבן וועגן אים, אָבער אַז ער איז פּשוט ניט אינטערעסירט אין דעם וואָס מען זאָגט וועגן זיין פּריוואַט לעבן. ווען מען שרייבט וועגן זיין וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט, דאָס איז עפּעס אַנדערש. דאָס לייענט ער".

מילא, אויב ניט וועגן זיין פּריוואַט לעבן קען מען נאָך שרייבן איבער זיינע מיינונגען וואָס ער האָט אָפּט אויסגעדריקט וועגן וועלט־זאַכן. ער האָט עפּעס געהאַט צו זאָגן וועגן מלחמה און שלום, וועגן מאַטעריעלער עשירות, וועגן וויסנשאַפֿט און רעליגיע, וועגן די העכסטע ווערטן פֿונעם מענטשן, וועגן דעם זינען פֿון לעבן. אין אַלע פֿאַלן זאָגט ער אַרויס געדאַנקען וואָס זענען אינטערעסאַנט און מען איז זייער בייגעריק צו הערן ווען זיי קומען פֿון אים.

אָט נעמט, למשל, וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן דעם זינען פֿון לעבן: „וואָס איז דער זינען פֿון מענטשלעכן לעבן, אָדער, אויב איר ווילט, פֿון לעבן פֿון יעדער בריאה? צו וויסן אַן ענטפֿער אויף דער דאָזיקער פֿראַגע באַטייט צו זיין רעליגיעז. פֿרעגט איר: האָט עפּעס אַ זינען צו פֿרעגן אַזאַ פֿראַגע? איך ענטפֿער: דער מענטש וואָס באַטראַכט זיין אייגן לעבן און דאָס לעבן פֿון באַשעפֿענישן בכלל, ווי אָן אַ זינען, איז ניט בלויז אומגליקלעך, נאָר ער איז ניט צוגעפּאַסט צו לעבן".

איינשטיין האָט אַרויסגעזאָגט אַ סך אַזעלכע געדאַנקען וואָס ווייזן ניט בלויז די ריכטונג פֿון זיין טראַכטן נאָר אויך דעם סאָרט מענטש וואָס ער

איז געווען. וואָס איז דער אמתער ווערט פון אַ מענטשלעך באַשעפעניש? דערויף ענטפערט איינשטיין: „דער אמתער ווערט פון אַ מענטשלעך באַשעפעניש ווערט באַשטימט דער עיקר לויט דער מאָס און דעם זינען פונעם אופן אויף וועלכן ער האָט זיך באַפרייט פונעם איך".

וואָס מער מיר לייענען אַזעלכע געדאַנקען ביי איינשטיינען אַלץ סימפּאַטישער ווערט ער אונדז. ווען איר פאַרגלייכט אים מיט דער עגאָצענטרישקייט, מיט דער פּריקרער איינגעגלייבטקייט אין זיך אַליין, וואָס אַ סך קלענערע פון אים וויזן אַרויס, אַלץ מער וואַקסט ער אין אונדזערע אויגן, אַלץ מיט מער ליבע רעדט מען אַרויס זיין נאָמען. אָבער נאָך איינשטיינס טויט איז די צייטונג אַלץ אין אַ פאַרלעגנהייט. די אַלע געדאַנקען זענען אינטערעסאַנט אָבער ניט אַזוי ניי, זיכער ניט אַזוי געניאַל אַז מען זאָל מיט דעם אָפּקומען בעת מען וויל אין דער צייט פון זיין טויט געבן אַ בילד פון דעם וואָס ער איז פאַר אונדז געווען.

יידישע צייטונגען, אָדער די ניט־יידישע וואָס האָבן אין זינען אַ יידישן לייענער, וועלן נאַטירלעך זיך אָפּשטעלן אויף די יידישע מאָמענטן אין איינשטיינס לעבן. אויך דאָ לאָזט זיך זאָגן עפּעס אַזוינס וואָס קען דערוואַרעמען און באַגייסטערן. איינשטיינס באַציאונג צו יידן, צו יידישער קולטור, צו יידישער געשיכטע און מדינת ישראל, דאָס אַלץ איז זייער גוט באַקאַנט. בנוגע יידן איז ער געווען ניט בלויז אַ זאָגער נאָר אויך, ביז אַ געוויסער מדרגה, אַ טוער, וואָס דאָס קען מען ווי געהעריק תופס זיין ערשט ווען מען האָט אין זינען אַז צו זיין אַ יושב אוהל איז געווען געקניפּט און געבונדן אי מיט זיין פּערזענלעכקייט, אי מיט זיין אַרבעט. איז דאָס אַלץ זייער ריכטיק און קיינער קען ניט פאַרפעלן דאָס אָפּצושאַצן. אָבער, ווידעראַמאָל, דאָס אַלץ מאַכט איינשטיינען ניט גרויס נאָר גרעסער, ווייל זיין אמתע גרויסקייט ציט יניקה פון גאָר אַן אַנדער קוואַל. זיין גרויסקייט וואָלט גאַנץ ווינציק געליטן ווען ער וואָלט זיך בכלל ניט אָפּגערופן אויף די אַלע אַלגעמיין־סאָציאַלע און יידישע ענינים. שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס זיינע געדאַנקען און מעשים ווי אַ מענטש און ווי אַ ייד דערציילן אַז ער איז געווען אַ בעל מדרגה, אָבער זיי געהערן ניט צו יענעם באַרג־שפּיץ וואָס אויף אים באַוועגט זיך זיין גאונישער מוח.

נאָך מער, מען דאַרף באַזונדער אָפּשאַצן דעם פאַקט, אַז איינשטיינס ספּעציעל פעלד איז געווען פון יענעם מין וואָס זונדערט אָפּ אַ מענטשן אין זיין קאַבינעט, לאָזט אים ממש ניט אַרויסגיין פון זיינע פּראָפעסיאָנעלע ד׳ אמות. וויפיל גרויסע טעאָרעטישע פיזיקער האָבן געפילט אַזאַ נויט זיך אַרויסצוזאָגן אַזוי אָפט וועגן סאָציאַלע און רעליגיעזע ענינים? וויפיל פון זיי האָבן זיך אַזוי וואַרעם דערנענטערט צו די נויטן פון זייער פאָלק? דאָס אַלץ איז אמת. איינשטיין איז אין דעם פּרט געווען סימפּאַטיש — אַנדערש אין פאַרגלייך מיט אַ סך פון זיינע קאָלעגן. דאָס פאַרמינערט אָבער ניט דעם

פאַקט אַז אין די אַלע זאַכן האָט איינשטיין ניט געזאָגט דאָס פאַרבלייבנדיקע וואָרט. ער איז געווען דאָס אַלץ אין צוגאָב, ווי אַ וויכטיקער אָבער פיל־קלענערער צוגאָב, צו דעם וואָס ער האָט אויפגעטאָן אויפן פעלד וואו ער איז געווען ניט בלויז אַ גרויסער מענטש נאָר אַ גאון עולם, איינער פון עטלעכע געציילטע אין דער רעקאָרדירטער געשיכטע פון דער מענטשהייט. היינט ווי קען מען, ווען מען וויל פאַרצייכענען וואָס ער איז געווען, אַרויסלאָזן גראָד דאָס וואָס אָן דעם וואָלטן אויך זיין מאָראַל, זיינע סאָציאַלע געדאַנקען און זיין יידישקייט, ניט אַרויסגערופן קיין באַזונדער אָנזען? אָט אין דעם איז באַשטאַנען די פאַרלעגנהייט פון די ציימונגען.

דער תירוץ איז אונדז אַלעמען באַקאַנט: דאָס וואָס איז דער עיקר ביי איינשטיינען וועט דער עולם ניט פאַרשטיין. די לעגענדע וויל האָבן, אַז בלויז צוועלף מענטשן אין דער גאַנצער וועלט פאַרשטייען אים. היינט אויב אַזוי ווי קען מען שרייבן וועגן עפּעס וואָס קיינער וועט סיי־ווי ניט באַנעמען?

אָט די מעשה „קען ניט פאַרשטיין" אין שייכות צו דער איינשטיין־טעאָריע איז, דאַכט זיך מיר, ניט אַזוי פּשוט ווי עס קען זיך אויסווייזן. אַוודאי פאָדערט יענע טעאָריע זייער אַ וויטגייענדיקע מאַטעמאַטישע צוגרייטונג. זי פאָדערט ניט ווינציקער אָן אומגעהייער קאָמפּליצירטע אינטעלעקטועלע מאַשין וואָס זאָל קענען מאַניפּולירן מיט אַבסטראַקטע באַגריפן; עס דאַרף דעריבער געדויערן זייער אַ לאַנגע צייט פון לערנען און פּראַקטיק כדי צו דערגרייכן די מדרגה ניט בלויז פון פאַרשטיין, וואָס דאָס איז ווייט ניט גענוג, נאָר פון הנאה האָבן פונעם אויפבליץ פון אַ נייעם צוגאַנג אין אַ קאָמפּליצירטן ענין.

דאָס איז ריכטיק ביי ענינים וואָס זענען אַ סך, אַ סך ווינציקער קאָמפּליצירט. איך דערמאָן זיך אין אַ באַקאַנטן יידן וואָס האָט געהאַט אַ ספּעציעל פאַרגעניגן אַרומצורינגלען זיך ביי אַ טיש מיט מענטשן וואָס האָבן אַ ידיעה אין שאַך־שפּיל און אַרויסציען פון דער קעשענע און פון זכרון פּראָבלעמען און ענד־שפּילן פון די גרויסע שאַך־גאונים. געווען אַזעלכע, שוואַכע שפּילער, וואָס האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען יעדן געוויזענעם צוג און די געדרייטע וועגן אויף וועלכע עס איז ענדלעך געקומען דער גורלדיקער מאַט. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אָבער ניט געכאַפּט דעם אויפטו וואָס דאָרט האָט געשטעקט. כדי צו קריגן יענע רגע פון אַנטציקונג וואָס פּלאַצט אַרויס: „אַהאַ, איך האָב עס געכאַפּט, ווי שיין!" כדי דאָס צו פאַרשטיין דאַרף מען באַנעמען ניט נאָר דעם שכל פון איינצלנע צוגן, נאָר בעיקר דעם גאַנצן גאַנג פון דער שפּיל. וואָרעם שאַך האָט בלויז אַ שייכות צו שאַך; מען קען פון דער שפּיל ניט אַרויסנעמען קיין שום וויכטיקע אימפּליקאַציעס פאַר עפּעס וואָס שאַך לערנט אונדז אין שייכות צו מער ערנסטע ענינים אין דער וועלט און וואָס געפינען זיך אין דרויסן פון שאַך־שפּיל. ממילא,

כדי דאָ צו האָבן די אמתע הנאה פון אַן אויפטו איז נייטיק צו האָבן דאָס פולע טעכנישע וויסן און מען דאַרף, אין יענעם מאָמענט, זיין אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין אָט דעם באַגרענעצטן פעלד.

די לאַגע איז אָבער דורכויס אַן אַנדערע אין אונדזער איצטיקן ענין. אמת, דאָס וואָס איינשטיין האָט אויפגעטאָן ווי אַ פיזיקער קען אָפּשאַצן אין דער גאַנצער פולקייט בלויז אַ פאַכמאַן, אַ מענטש מיט דער גרינטלעכסטער צוגרייטונג אין טעאָרעטישער פיזיק. בלויז אַזאַ פאַכמאַן איז בכוח צו קאָנטראָלירן די מאַטעמאַטישע גלייכונגען, מיט וועלכע דער געניאַלער טעאָרעטיקער אָפּערירט. ער וועט דאָס באַטראַכטן אין ליכט פון דעם וואָס פריערדיקע האָבן געזאָגט און געטאָן. אָבער סוף־כל־סוף, ווען עס וואָלט זיך בלויז געהאַנדלט וועגן אַן אויפטו אין אַ באַשטימטער וויסנשאַפט, וואָלט דאָס אפשר געבליבן אין יענער מלוכה און וואָלט, אין בעסטן פאַל, ניט צו וויט אַריבער אירע גרענעצן. נעמט, למשל, דעם באַרימטן עקספּערימענט וואָס עס האָבן דורכגעפירט מייקלסאָן און מאָרלי אין 1887. זיי האָבן געוואָלט אויסגעפינען צי די באַוועגונג פון דער ערד דורך דעם עטער, ווי מען האָט דעמאָלט געמיינט, קען האָבן אַ ווירקונג אויף דער שנעלקייט פון דער באַוועגונג פון ליכט. זיי האָבן אויסגעפונען אַז ליכט באַוועגט זיך מיט דער זעלביקער שנעלקייט, מאַכט ניט אויס אין וואָסער ריכטונג עס לויפט, אין שייכות צו דער באַוועגונג פון דער ערד.

דאָס איז געווען אַ וויכטיקער רעזולטאַט וואָס איז געוואָרן אַ פונדאַמענט אין דער איינשטיין־טעאָריע. זייער אַן אָריגינעלער איינפאַל האָט געשטעקט אין דער גאַנצער אונטערנעמונג צו מעסטן די סאַמע שנעלסטע באַוועגונג אינעם אוניווערס — ליכט. איצט זענען די נעמען מייקלסאָן און מאָרלי באַקאַנט אין יעדער געשיכטע, אין יעדן לערנבוך, אין יעדן בוך בכלל פון טעאָרעטישער פיזיק. אָבער סיי די נעמען פון די אויפטוער, סיי דער גאַנצער ענין האָבן זיך ניט צו וויט אַריבערגעטראָגן איבער די גרענעצן פונעם פאַך, כאָטש די קאָנסעקווענצן פון יענעם עקספּערימענט — וואָס מען האָט זינט דעמאָלט אָפט איבערגע׳חזר׳ט און באַשטעטיקט — פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין דער מזרח־וואַנט פון דער מאָדערנער פיזיק.

אַפילו מאַקס פּלאַנק, איינער פון די גרעסטע גאונים אין דער פיזיק־וויסנשאַפט — וואָס זיין קוואַנטום־טעאָריע איז גאַנץ גוט צונויף געקומען איינשטייניען — איז אַלץ געבליבן אין די גרענעצן פון זיין וויסנשאַפטלעכער וועלט. ביי איינשטיינען באַמערקן מיר אַן אָפענע סתירה. פון איין זייט האָט זיין אויפטו דורכויס צו טאָן מיט „פאַך״, עס ציען זיך מאַטעמאַטישע גלייכונגען, ממש עס שווינדלט פאַר די אויגן, און דאָס קען דאָך האָבן בלויז אַ ווערט פאַר די בעלי־חשבון און די איבעווייניקסטע כלי־קודש פון די לאַבאָראַטאָריעס. פון דער אַנדערער זייט איז איינשטיין געוואָרן אַזוי פּאָפּולער ביי קינד און קייט, שיער ניט אַ האָליוואודער אַקטיאָר. נאָך מער, מען האָט

אין איין שרייען „קען ניט פאַרשטיין", און דאָך איז מען באַגייסטערט פון די באַגייסטערטע וואָס זאָגן אַז ער האָט אויפגעטאָן אַזוינס און אַזעלעכס.

דאָס נעמט זיך מסתמא דערפון וואָס פון איינשטיינס טעאָריעס זענען אַרויסגעקומען אַזעלכע קאָנסעקווענצן וואָס האָבן די ברייטסטע שייכותן צום סאַמע געבוי און קלאַנג פונעם וועלט־דופק. דאָס זענען אַלץ זאַכן וואָס ווען אַפילו דער מינדסטער אָפּגלאַנץ דערפון כאַפּט זיך אַריין אין גאַס, הייבט זיך אָן צו קנייטשן דער שטערן פונעם פשוטסטן קאָפּ און דאָס מויל עפנט זיך אויף אין גרויס וואונדער.

פאַראַן אַ באַרימטע גלייכונג וואָס איינשטיין האָט געשאַפן. מאַטעמאַטיש ווערט דאָס אויסגעדריקט אין דריי אותיות. מען דאַרף זיין אַ גרויסער מאַ־טעמאַטיקער נאָכצוגיין דעם גאַנצן פּראָצעס צו זען ווי אַזוי איינשטיין האָט באַקומען די דאָזיקע גלייכונג. אין איר פאַרענדיקטער פאָרם קען יעדער, וואָס האָט אַמאָל טועם געווען אַביסל אַלגעברע, זי גאַנץ גוט פאַרשטיין. אָבער וואָס איז די נפקא־מינה? דער בוכשטעבלעכער טייטש פון די אַלגע־בראַאישע סימבאָלן איז סייווי צו ווינציק, סיידן מען האָט אין זינען דעם פּירוש, וואָס ליגט טאַקע ווי אויף דער האַנט, אָבער וואָס מען דאַרף אים אַרויסברענגען כדי צו זען וואָס דאָ טוט זיך.

דער בוכשטעבלעכער מיין פון די מאַטעמאַטישע אותיות און צייכנס באַטייט אַז מ'קען קוואַנטיטאַטיוו אויסרעכענען די שייכות צווישן ענערגיע און מאַטעריע. גענויער איז דער חשבון אַזאַ: ענערגיע איז גלייך צו מאַ־טעריע געכפּלט אויפן קוואַדראַט פון דער שנעלקייט פון ליכט. פאַרשטייט זיך, אַזעלכע רייד קענען פאַר מענטשן אָן דער געהעריקער צוגרייטונג אויסקוקן ווי תרגום־לשון און זיי וועלן נאַטירלעך באַשליסן: „קען ניט פאַרשטיין". אָבער כדי מסביר צו זיין דעם וייטן קוק וואָס שטעקט אין אָט דעם חשבון איז, דאַכט זיך מיר, גאָרניט נייטיק זיך אָפּצושטעלן אויף די ציפערן וואָס זענען דאָ פאַרוויקלט; זיכער איז ניט נייטיק דורכצוגיין דעם שווערן, פאַרפּלאָנטערטן וועג, דעם פּראָצעס, ווי אַזוי איינשטיין איז געקומען דערצו. אין דעם פּרט דאַרפן מיר אָננעמען אַז מיר גלויבן אים אויפן וואָרט; אַז מסתמא איז דער חשבון גרינטלעך קאָנטראָלירט געוואָרן און עס קען מער קיין ספק ניט זיין אין זיין ריכטיקייט. דאָס סאַמע וויכטיקסטע פאַר אונדז — וואָס עס איז ניט נייטיק קיין מאַטעמאַטיק עס צו פאַרשטיין — איז דער פאַקט וואָס ענערגיע און מאַטעריע געהערן צו דער זעלביקער משפּחה. די גלייכונג עפנט די מעגלעכקייט צו טראַכטן וועגן פאַרוואַנדלען ענערגיע אין מאַטעריע און פאַרקערט.

מיר וועלן פאַרבייגיין די פּראַקטישע רעזולטאַטן; אַז דאָס האָט שפּעטער געפירט צו דער אַנטוויקלונג פון דער אַטאָמישער באָמבע, אויך, גליקלעכער־ווייז, צו די גרויסע מענטשלעכע געווינסן וואָס זענען שוין דאָ, און וועלן נאָך קומען, פון שפּאַלטן דעם אַטאָם. פאַרן גאַנג פון אונדזער דענקען וועגן

וועלט און לעבן ליגט די גרויסע איבערראַשונג אין דעם עצם שייכות צווישן ענערגיע און מאַטעריע. געוויינטלעך ווערט ענערגיע פאַרשטאַנען ווי עפּעס אַ גייסטיקע זאַך, ווי עפּעס וואָס האָט ניט קיין פיזישע ממשות. מאַטעריע, ווידער, איז דאָך דער שטאָף וואָס פון אים ווערט געמאַכט דער גראָבער חומר פון דער וועלט. ווער האָט זיך געקענט ריכטן אַז זיי זענען אַזוי נאָענט איינס צו ס׳אַנדערע, און, דער עיקר, אַז מען קען דאָס מאַטעמאַטיש באַ־שטעטיקן? מיר האָבן אַלע אַ זיכערן איינדרוק, אַז ס׳איז בכלל פאַראַן אַ תהום צווישן גייסטיק און פיזיש. איינשטיינס גלייכונג איז צו ווייט פון אַזעלכע פילאָסאָפישע אימפּליקאַציעס וואָס זאָלן דאָס אָפּלייקענען, אָבער זיכער פאַר־שטאַרקן זיי דעם חשד, אַז יענער תהום איז בלויז אַן אויסדאַכטעניש וואָס איז ניט קיין אָפּשפּיגלונג פון דער רעאַליטעט.

פון דעם קענען מיר שוין פאַרשטיין פאַרוואָס איינשטיינס גרויסקייט ווערט אָנגענומען אַפילו פון אַזעלכע וואָס מיינען, אַז ס׳וואָלט געווען צופיל גאַווה פון זייער זייט ווען זיי זאָלן זיך כאָטש באַמיען צו וועלן פאַרשטיין. אַפילו ניט פאַרשטייענדיק כאַפּן זיי אַ שאָטן, אַן אָפּגלאַנץ, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַזעלכע דענק־איבערקערענישן אַז זיי רירן אָן דעם עצם צוגאַנג וואָס מיר טראָגן אין זיך צו וועלט און לעבן אַרום זיך. אָבער די מורא צי זיי וועלן פאַרשטיין, דאָס געפיל פון אַ פאַרזיגלטער אומפּיאַיקייט אָפּצושאַצן וואָס איינשטיין איז אויסן געווען מיט זיינע טעאָריעס, דאָס, בין איך חושד, נעמט זיך פון אַן אינערלעכן ווידערשטאַנד צו די געדאַנקען וואָס זענען פאַרוויקלט אינעם באַגריף רעלאַטיוויטעט ווען עס האַנדלט זיך וועגן פונ־דאַמענטאַלע זאַכן אין דער וועלט.

דער פּרינציפּ פון דער איינשטיינישער רעלאַטיוויטעט באַשטייט אייגנ־טלעך אינעם געדאַנק אַז עס איז אוממעגלעך, אַז עס האָט ניט קיין זינען, צו מעסטן אַבסאָלוטע באַוועגונג פון אַ קערפּער אין רוים; אַלץ איז רעלאַטיוו צו דער באַוועגונג פון דעם וואָס מעסט, דעם אָבסערוווירער. ווען, למשל, אַ מענטש אויף דער ערד וועט קוקן אויף דער באַוועגונג פון אַ שטערן וואָס דרייט זיך אַ סך שנעלער פון דער ערד, וועט ער אָפּשאַצן יענע שנעל־קייט אַנדערש ווי עמעצער וואָס געפינט זיך אויפן שטערן גופא. שנעלקייט פון באַוועגונג קען מען בלויז זען פון שטאַנדפּונקט פון דער באַוועגונג־שנעלקייט פון דער זאַך וואָס אויף איר געפינט מען זיך, ממילא פון דער אייגענער באַוועגונג.

אָבער באַוועגונג איז דאָך ענג פאַרבונדן מיט רוים און צייט. וואָס גרעסער דער רוים און קלענער די צייט וואָס אַ קערפּער מאַכט דורך אין זיין באַוועגונג, אַלץ שנעלער איז די באַוועגונג. ברענגט דאָס אונדז צום אויספיר, אַז אויך רוים און צייט זענען רעלאַטיוו, ד״ה אַז אויך רוים און צייט זענען אַנדערש פאַרן מענטשן וואָס געפינט זיך אויף דער ערד, אין

פאַרגלייך מיטן רוים און מיט דער צייט לויט ווי עס נעמט זיי אויף יענער וואָס געפינט זיך אויפן דערמאָנטן שטערן.

אינעם בוך די אַנטוויקלונג פון פיזיק, וואָס איינשטיין און אינפעלד האָבן געשריבן, איז פאַראַן זייער אַ געלונגענער ביישפּיל וואָס גיט אויף אַ לייכטן אופן אַביסל טועם צו זיין פון די פריערדיקע האַרבלעכע געדאַנקען. אָט זיצט אַ מענטש אין אַ לויפנדיקן באַן־וואַגאָן. פאַר אים, וואָס האָט אין גאַנצן פאַרגעסן צו קוקן אין דרויסן, שטייט דאָך דער וואַגאָן אויף אַן אָרט. דערווייל האָט אין צענטער פון וואַגאָן אַ בליץ געטאָן, ליכט האָט זיך צעטראָגן צום פאָדערשטן און הינטערשטן טייל. ליכט, ווי מיר ווייסן, באַוועגט זיך מיט אַ שנעלקייט פון 186,000 מייל אַ רגע. זעט טאַקע דער מענטש, וואָס, לאָמיר אָננעמען, קען אויפכאַפּן די קלענסטע חלקים צייט, אַז די צוויי שטראַלן, דער וואָס איילט צו דער פאָדערשטער טיר און דער וואָס לויפט צו דער הינ־טערשטער, קומען ביידע אָן אַקוראַט אין דער זעלביקער צייט. דאָס איז, ווי מיר פאַרשטייען, נאַטירלעך; ביידע לויפן דאָך מיט דער זעלביקער שנעלקייט.

איז אָבער אויך געווען אַ מענטש אין דרויסן און זיך צוגעקוקט וואָס עס קומט פאַר אינעווייניק. פאַר אים האָט דער וואַגאָן געהאַלטן אין איין לויפן. האָט ער געזען אַזאַ בילד: אין צענטער האָט אויפגעבליצט אַ ליכט; איין שטראַל לויפט צו דער פאָדערשטער טיר וואָס האַלט זיך אין איין טראָגן ווייטער. פון דער אַנדערער זייט זעט ער די הינטערשטע טיר וואָס לויפט אַנטקעגן דעם אָנקומענדיקן שטראַל. ממילא קומט ביי אים אויס, אַז דער שטראַל וואָס האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן דער הינטערשטער טיר, איז געקומען פריער, דער אַנדערער — שפּעטער.

האָבן מיר דאָ צוויי באַריכטן: איינער זאָגט „גלייכצייטיק״, דער אַנדערער זאָגט „פריער־שפּעטער״. ווער פון די צוויי איז גערעכט? מען זעט באַ־שיינפּערלעך אַז ביידע זענען גערעכט. זאָלן מיר אָננעמען אַז די עצם באַ־גריפן גלייכצייטיק און פריער־שפּעטער זענען אויך רעלאַטיוו? אַזוי קומט טאַקע אויס ווי מיר האָבן נאָר וואָס געזען. דער וואָס פאַר אים איז דער וואַגאָן געווען אויף אַן אָרט אין פאַרגלייך מיט זיך אַליין — ער איז דאָך געווען אינעווייניק — האָט געזען אַז ביידע שטראַלן קומען אָן צו די קעגנאיבערדיקע טירן גלייכצייטיק, אָבער דער וואָס פאַר אים איז דער וואַגאָן געלאָפן הענדום־פּענדום — ער איז דאָך געשטאַנען אין דרויסן — האָט ער געזען איין שטראַל אָנקומען פריער, דעם אַנדערן שפּעטער.

אַזוי איז בנוגע צייט, וואָס דאָ קומט אָן אַביסל שווערער צו כאַפּן דעם געדאַנק פון רעלאַטיוויטעט. אַ סך לייכטער איז צו באַווייזן, אַז בנוגע רוים איז אויך דאָס אייגענע. דאָס ווערט באַזונדער קלאָר, ווען מיר האָבן אין זינען די אַזוי־גערופענע פיצדזשעראַלד־לאָרענץ איינשרומפּונג וואָס לויט דעם קומט אויס אַז יעדער קערפּער ווערט קירצער אין דער ריכטונג פון זיין באַוועגונג, און וואָס שנעלער עס איז די באַוועגונג, אַלץ מער שרומפּט

ער זיך איין, אַלץ קירצער ווערט ער. פאַרשטייט זיך, אַז כדי דאָס צו באַ־מערקן דאַרף מען האָבן גאָר גרויסע שנעלקייטן וואָס לגבי זיי איז, למשל, דאָס דרייען זיך פון אונדזער ערד אַרום דער זון (19 מייל אַ רגע) אומבאַ־האָלפן־קריכעריש.

די רעלאַטיווקייט פון רוים, צייט און באַוועגונג, די „בלוט־קרובהשאַפט" וואָס, לויט איינשטיינען, עקזיסטירט צווישן רוים און צייט, דאָס איז אַזוי ניי, אַז די פייזקער שטייען מיט יראת־הכבוד פאַר די אויסגעהאַמערטע, אייזערנע ראיות מיט וועלכע די דאָזיקע וויטגייענדיקע אומגעריכטקייט איז געבוירן געוואָרן אין אַ געניאַלן מענטשלעכן קאָפּ.

מיר באַוואונדערן טאַקע, אָבער ווערן אויך געפּלעפּט פון דער געוואַגט־קייט צו דערקלערן אַז אַזעלכע איינגעמויערטע פונדאַמענטן פון אונדזער אויפנעמען די וועלט געהערט ניט צו דער מלוכה פון אַבסאָלוטן נאָר דווקא צו די בייגעוודיקע רעלאַטיווקייטן וואָס פירן ניט קיין אייגן לעבן פאַר זיך אַליין, וואָס קענען אונדז עפּעס דערציילן וועגן זיך בלויז דורך פאַרמעסטן זיך מיט אַנדערע זייערס גלייכן.

יאָ, מיר אַלע באַוואונדערן טאַקע, אָבער מיר שטעלן זיך אויך אַנטקעגן אין דער זעלביקער צייט. די אייגענע שווערקייט צו פאַרשטיין העלפן מיר אַרויס מיט ניט וועלן פאַרשטיין. אונדזער אינערלעכע וועלט ווערט אומ־ברחמנותדיק צעשאָקלט ווען דאָס וואָס מיר האָבן געהאַלטן פאַר ווינקלשטיינער אין אונדזער איינגעמויערטער זיכערקייט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מין שפּילצייג, אין אַ וועלט פון יאָ און ניין.

מיר רייסן זיך מיט אַלע כוחות צו אַבסאָלוטן. דער גאַנצער געבוי פון אונדזער פּסיכיק, אויך די שפּראַך וואָס מיר באַנוצן, טרייבן אונדז אין דער זעלביקער ריכטונג. די שפּראַך וויל אונדז איינשמועסן, אַז זאַכן זענען גוט, שלעכט, רויט, שוואַרץ, קרום, לאַנג אאַז"וו, בעת מיר ווייסן וואויל אַז אין לעבן גופא עקזיסטירן ניט אַזעלכע אַבסאָלוטע אייגנשאַפטן, זיי זענען תמיד רעלאַטיוו. קיין זאַך איז ניט גוט נאָר בעסער, רעלאַטיוו צו עפּעס אַנדערש; ניט שלעכט נאָר ערגער, ניט לאַנג נאָר לענגער, און אַזוי בנוגע אַלע אייגנ־שאַפטן. עפּעס שטופּט אונדז ניט צו באַפרידיקן זיך מיט אַזאַ צוגאַנג, ספּעציעל ווען דאָס גייט להיפוך צו אַנדערע נעענטערע פאַרלאַנגען. דע־מאָלט לאָזן מיר וויסן, אַז עס מעג טאַקע אויסקוקן אַזוי, אָבער „אין תוך גענומען" איז עס אַנדערש. אַ מענטש מעג מאַכן דעם איינדרוק פון אַזאַ, אָבער מיר קענען באַשליסן אַז „אין דער אמתן" איז ער גאָר דער היפוך. אויב מיר ווילן, מאַכט גאָר ניט אויס וואָס איר זאָגט וועגן דעם אָדער יענעם, ווייל דער „אמת" איז אַנדערש. עפּעס טרייבט אונדז צו זוכן אַן „אין דער אמתן", דעם זיכערן תוך, דעם ענדגילטיקן אַבסאָלוט. פאַרשטייט זיך, אַז אין געוויסע פאַלן קען זיך דאָס אַרויסווייזן ווי אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג. אָבער דער עיקר איז די טענדענץ זיך איבערלעך צו באַרואיקן ערשט דעמאָלט

ווען מיר מיינען אַז מיר האָבן זיך דערשלאָגן צו אַ לעצטן „אין דער אמתן“, כאָטש אין רעאַלן לעבן זעען מיר אַ סך אָפטער אַז אַ מענטש, אָדער אַ זאַך, איז אי דאָס, אי עפּעס אַנדערש אין דער זעלביקער צייט. עס איז פֿאַראַן אַ ווידערווילן צו לעבן אין אַ וועלט פֿון יאָ און ניין, אין אַ וועלט ווען יאָ און ניין האַלטן זיך אין איין בייטן מיט די ראָלן. אַזאַ וועלט וואָלט געווען אומ־זיכער, וואַקלדיק, וואָלט צעשטערט אַפֿילו דאָס ביסל רעאַלע רו וואָס דער גורל האָט אונדז באַשערט.

דאָס און נאָך עפּעס. פֿאַראַן אַ גרויס ליכט אין אונדזער נשמה וואָס ווייזט אונדז די רעאַליטעט פֿונעם אַבסאָלוטן. עס איז אַ ליכט, ווי יעדעס ליכט, וואָס קען פֿאַרפֿירן פּונקט ווי עס קען פֿירן. סיידווי שטאַרקט עס אין אונדז דעם פֿאַרלאַנג זיך צו ווערן אַנטקעגן דער טענדענץ צו רעלאַטיוויזירן וועלט און לעבן. וואָס מער אַ מענטש איז געניגט זיך גייסטיק צו פֿאַלמעסן, צו מאַכן אַ חשבון־הנפש, אַלץ מער שפּירט ער בחוש די שליטה פֿון אידעאַלע אַבסאָלוטן איבער זיין לעבן.

עס וואָלט געווען קינדעריי צו זאָגן אַז לויט איינשטיינען איז אַלץ אין דער וועלט רעלאַטיוו. דאָס איז לאָגיש אַן אומזין, ווייל כדי צו באַשליסן אַז עפּעס איז רעלאַטיוו מוז דאָך זיין אַן אַבסאָלוט וואָס מען זאָל קענען דער־מיט פֿאַרגלייכן. אַחוץ דעם — איינשטיינס הויפּט־אַרבעט איז דאָך גראָד באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט געוואָלט אויסגעפֿינען די אַבסאָלוטע געזעצן אין דער נאַטור הינטער אַלע רעלאַטיווע דערשיינונגען.

אָבער ער האָט זיך געלאָזט פֿירן פֿון זיין געניאַלן מוח צו די ווייטסטע גרענעצן וואו שכל און פֿאַקט האָבן אים געטראָגן. ווען עס איז געקומען צו מאָראַל און מענטשלעכקייט האָט ער אָפּעריר מיט אַבסאָלוטן ווי מיר אַלע. אָבער דאָס האָט אים ניט געצאַמט און ניט דערשראָקן ווען ער איז געקומען מיט זיינע אינסטרומענטן צום פֿיזישן אוניווערס.

ווען עס איז געשטאָרבן לאָרד רוטערפֿאָרד, איינער פֿון די גרעסטע פֿיזיקער פֿון אַלע צייטן, האָט אים ד״ר סטיפֿען מייאַל מספּיד געווען. מיר דאַכט זיך אַז דאָס איז אויך דאָס פּאַסיקסטע, כאָטש טיילווייז אין אַן אַנדער זינען, וואָס מען קען זאָגן וועגן איינשטיינען: „ער האָט געמאַכט קלאָר דאָס אומגעזעענע; ער האָט געביטן דאָס אומפֿאַרענדערלעכע; ער האָט צעטיילט דאָס אומצעטיילבאַרע; ער האָט געעפֿנט דאָס אומדורכדרינגלעכע“.

(1955)

# דער צוועלפטער אני מאמין

צ ו ט ר ו י

אונדזער גורל איז אַזאַ אַז מיר זענען געצוואונגען צו לעבן אין צוויי דירות: די אַרומיקע דרויסנדיקע וועלט און די אייגענע אינוויייניקסטע וועלט. יעדע פון די צוויי איז געמאַכט געוואָרן פון גאָר אַן אַנדער שטאָף, אַזוי אַנדערש אַז עס איז שווער צו באַנעמען די אינטימע שייכותן וואָס פאַרבינדן זיי. די ערשטע, די דרויסנדיקע וועלט — ווען מיר רעכענען אַראָפּ די סאָציאַלע פאַרבינדונגען — איז געמאַכט געוואָרן פון מגושמדיקן פיזישן מאַטעריאַל; די צווייטע, די אינוויייניקסטע, ווערט צונויפגעשטעלט פון פּסיכישן מאַטעריאַל: געדאַנקען, געפילן, כוונות, שטימונגען, אאַז״וו. ווי געזאָגט, איז זייער שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי די דאָזיקע צוויי וועלטן, אַזוי ווייט אַנדערש איינע פון דער אַנדערער, קענען פירן עפּעס אַ שותפות צווישן זיך. גיי, פאַרבינד ביי אַ קאַץ דעם עק מיט לבנה־שטראַלן, אָבער אָט זעט איר דאָך. אַז עס הערשט אַ שותפות צווישן די צוויי, און זייער אַן אינטימע שותפות, ווער קען דאָס לייקענען? די שייכות צווישן אַ שמייכל אויפן פיזישן פּנים און דעם וואַרעמען איינדרוק אין פּסיכישן האַרצן, צווישן דעם טריפנדיקן פיזישן רעגן און דעם אומעט אין פּסיכישן געמיט, דאָס ווייסט דאָך אַ קינד אין וויג.

הייסט עס אַז ניט בלויז וואוינען מיר אין צוויי דירות, נאָר אַז לעבן בכלל און מענטשלעך לעבן בפרט, איז בטבע, אויף ווי ווייט דאָס לאָזט זיך זען פון אויבן־אויף, צוויי־דירותדיק. פונדעסטוועגן קען מען ניט זאָגן אַז ביידע זענען אונדז געגעבן געוואָרן ווי צוויי גלייכע מתנות. ניט בלויז זענען זיי גרינטלעך אַנדערש לויטן אינערלעכן שטאָף וואָס שטעלט זיי צונויף, נאָר אויך אַז דער אופן פון צוקומען צו זיי אונטערשיידט זיך אין זייער וויכטיקע פּרטים.

צו דער פיזישער וועלט קענען מיר צוקומען מיט אינסטרומענטן וואָס גיבן אונדז אַ היפּשע מאָס זיכערקייט אַז זייער גבית עדות איז אַזוי און דורכויס ניט אַנדערש. אויגן, אויערן, נאָז, גומען, פינגער, פאַרשיידענע נערוו־ענדערונגען, דאָס וואָס די דאָזיקע אינסטרומענטן דערציילן אונדז נעמען מיר אָן ניט ווי אַן עכאָ פון דער ווייטנס נאָר ווי אַ דירעקטע, אומ־פאַרמיטלטע פעסטשטעלונג פון געשעעניש. דאָס הויז וואָס שטייט אָט דאָ, אַנטקעגן, דער מענטש וואָס גייט מיר פאַרביי, דער „גוט מאָרגן״ מיט וועלכן אַ פריינד באַגריסט מיך, דאָס זענען ניט בלויז באַריכטן וואָס מיינע אינסטרו־מענטן גיבן מיר איבער, נאָר ממש דרויסנדיקע פאַקטן וואָס וועגן זיי קען קיין ספק ניט זיין.

אמת, טייל מאָל דערציילן מיר די חושים מעשיות וואָס זענען באַשיינ־

פערלעך לא היה ולא נברא. איך זע ווי דער שוואַרצקינצלער נעמט אַריין אין דער האַנט אַ באָזטיכל, דערנאָך גיט ער אַן עפן די זעלביקע האַנט און מען געפינט דאָרט גראָד אַ זשאַבע־שיסעלע. קען זיך אויסווייזן אַז די חושים האָבן מיך דאָ אָפּגענאַרט, אָבער ניט אין גאַנצן. ראשית, שטיי איך פאַרחידושט ווייל די זעלביקע חושים האָבן מיך אויסגעלערנט אַז דאָס וואָס האָט דאָ געטראָפן איז שלא כדרך הטבע. שנית, ווייס איך אַז דאָס איז בלויז אַ פאַרבלענדעניש; אַז באמת זענען דאָ פאָרגעקומען זאַכן פונקט ווי עס באַדאַרף צו זיין, נאָר אַז בלויז דורך אָפּנאַרעריי האָט עס אויסגעזען צו זיין אַנדערש ווי דאָס אויף וואָס איך דאַרף זיך ריכטן.

בכל אופן, כאָטש די חושים זענען ניט קיין גרויסע בריות פאַר זאַכן וואָס זענען צו קליין, אָדער צו ווייט, אָדער ניט אין דער פאַסיקער פּאָזיציע, דאָך, אין די ראַמען פונעם פעלד אין וועלכן זיי קומט אויס געוויינטלעך צו פונקציאָנירן זענען זיי גאַנץ פאַרלאָזלעך. דער עיקר, זיי גיבן אונדז דאָס געפיל אַז זיי זענען אונדזערע שקלאַפיש־געטרייע שליחים וואָס ברענגען אונדז די אַרומיקע וועלט אויף אַ גאָלדן טעלערל, אַזוי צו זאָגן.

גאַנץ אַנדערש איז מיט דער פסיכישער וועלט. מיר פאַרמאָגן ניט קיין אינסטרומענטן וואָס זאָל אונדז געבן די מויער־פעסטע זיכערקייט אַז זיי דרינגען אַריין אין דער פסיכישער מלוכה און ברענגען אונדז פון דאָרט אויף אַ דירעקטן אופן דאָס וואָס קומט דאָרט פאָר. דער מענטש וואָס גייט פאַרביי און שאָקלט מיטן קאָפּ אַ שמייכלענדיקן „גוט מאָרגן", אים זע איך אָן שום מינדסטן ספק. אָבער איז ער באמת פריינדלעך צו מיר, צי איז זיין פריינדלעכער שמייכל געווען אַ געמאַכטער? ער האָט מיך געפרעגט וואָס איך מאַך, דאָס האָט מיר מיין אויער דירעקט איבערגעגעבן, אָבער צי איז ער טאַקע אין מיר פאַראינטערעסירט? וואָס זענען זיינע כוונות און זיינע באַציאונגען צו מיר?

איך קען האָבן געוויסע איינדרוקן וועגן דעם; איך קען האָבן געוויסע אינטואיטיווע אַנונגען; איך קען אַרויסדרינגען פון זיינע פריערדיקע האַנדלונגען, אָבער דאָס קען ניט אַרויסרופן אַזאַ געפיל פון זיכערקייט ווי אַן אויג וואָס זעט אָדער אַן אויער וואָס הערט. נאָך מער, ניט בלויז איז דאָס ריכטיק בנוגע אַנדערע מענטשן נאָר אַפילו בנוגע זיך אַליין צאַפּלען מיר זיך אָפט אין אַ בין־השמשות פון טונקעלע ספקות ווען מיר ווילן דערגיין דעם טייטש פונעם לשון וואָס אונדזער נשמה רעדט צו אונדז.

די פסיכאָאַנאַליטיקער האָבן פאַרקלונגען די וועלט מיט אַ סך פאַר־פירערישע אויסטראַכטונגען וואָס האָבן אַ קנאַפּן האַפט. אָבער די אַלגעמיינע טעאָריע פון אַן אומבאַוואוסטזיין, דערמיט האָבן זיי אויפגעבויט זייער פאַר־בלייבנדיקן מאָנומענט. לויט דעם דאָזיקן געדאַנק קומט אויס אַז מיר ווערן געטריבן אין אונדזערע האַנדלונגען פון מאָטיוון וועגן וועלכע מיר האָבן אָפט ניט דעם מינדסטן חשד אַז זיי האָבן אַ כוח איבער אונדז. דער הוילער

פאַקט אַז מיר האָבן אָפּט ניט קיין שום ידיעה פון די כוחות וואָס רייסן זיך אין אונדזער אייגענער נשמה און שטויסן און שטופּן און פאַרפּלאָנטערן אונדז אין חכמות און נאַרישקייטן וואָס האַלטן אונדז געפאַנגען, ווי שווער דאָס איז צו פאַרטראָגן. אָבער אַזאַ איז די טבע פון פּסיכישן לעבן. די אינסטרומענטן וואָס פירן אונדז אַריין אין דער דאָזיקער וועלט ליידן פון אַן אומפּערפעקט־קייט וואָס קיינער פון אונדז איז ניט בכוח בייצוקומען.

פאַראַן איין מענטש־געבויטע בריק אין אונדזער לעבן, וואָס פירט אונדז נעענטער צום פּסיכישן אינהאַלט ווי סתם טרעפן, אָדער וויטאַליפיק אַרויס־דרינגען, וואָס ביי יענעם אין גייסטיקן טעפּל קאָכט זיך. איך האָב דאָ אין זינען שפּראַך. ווען אַ מענטש זאָגט אַז ער איז הונגעריק האָבן מיר נאָך אַלץ ניט קיין דירעקטן צוטריט צו דער קוואַליטעט פון זיין איבערלעבונג, אָבער לכל הפחות האָבן מיר אַן אָנצוהערעניש אַז ביי אים שפּילט זיך אָפּ עפּעס וואָס איז אונדז באַקאַנט פון אייגענער דערפאַרונג. פון וואַנען ווייס איך אָבער אַז דאָס וואָס יענער זאָגט מיר איז אַן אמתע אָפּשפּיגלונג פון זיין צושטאַנד? אפשר זענען זיינע רייד ניט מער ווי אַ טשעק וואָס האָט ניט קיין דעקונג אין באַנק?

עס איז אונדז שוין צו גוט באַקאַנט אַז שפּראַך קען לייכט אָפּטאָן אַזעלכע שפּיצלעך. טייל פון די שפּיצלעך זענען ערנסט פאַרפיקסירט געוואָרן אין אָנגענומענעם לשון און די ווערטער האָבן פאַרלוירן זייער בוכשטעבלעכן טייטש. ווען מען זאָגט, למשל, אַז פלוני בן פלוני צייכנט זיך ניט אויס מיט צופיל ערלעכקייט מיינט מען אַז ער פאַרמאָגט אין גאַנצן קיין ערלעכקייט ניט, וואָס דאָס איז אַנדערש פון דעם וואָס די ווערטער גיבן איבער. יעדער פון אונדז ווייס אַז שפּראַך קען זיין זייער אָפּנאַרעריש אָדער פאַרפירעריש. עס איז אָפּט געפערלעך זיך אין גאַנצן סומך צו זיין אויף יענעמס קאָמפּלימענט אָדער קריטיק. איין גאָט ווייס וואָס עס שטעקט הינטער אַזעלכע ווערטער.

די דאָזיקע לאַגע ווערט זייער ערנסט ווען מיר דערמאָנען זיך אויף ווי וויייט מיר זענען אָנגעוויזן אויף פאַרלאָזלעכע ידיעות וואָס עס קומט פאָר אין האַרצן פון אונדזערע נאָענטע און וויטע פריינד און שכנים. מיט וואָסערע געדאַנקען טראָגן זיי זיך אַרום? וואָסערע מעשים קענען מיר זיך ריכטן צו זען ביי זיי? ווי אַזוי וועלן זיי אַרויסווייזן זייערע באַציאונגען צו אונדז אין אַן ערנסטן מאָמענט? וואָס באַהאַלט זיך אין דער אמתן אין זייער פריינדשאַפט אָדער קאַלטקייט צו אונדז?

דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס הענגט דאָך אָפּ פון אמתדיקער אינפאָר־מאַציע וועגן די אַלע זאַכן. און אָט טרעפט אַ צרה. עס דרייען זיך אַרום מענטשן ווי פאַרמאַכטע קעסטלעך וואָס קיינער האָט ניט דעם פּאַסיקן שליסל צו זיי. עס זענען פאַראַן צו ווייניק מעגלעכקייטן צו קאָנטראָלירן וואָס אינעווייניק טוט זיך. אָבער מיר דאַרפן דאָך לעבן צווישן זיך; מיר מוזן דאָך אַרויסווייזן האַנדלונגען, באַציאונגען, שייכותן צו אַנדערע, און אָט די זאַכן

מוזן דאָך זיין געבויט אויף די נייטיקע ידיעות וואָס מיר האָבן וועגן די וואָס רינגלען אונדז אַרום, ידיעות אויף וועלכע מיר פילן אַז מיר קענען זיך סומך זיין. אַנדערש, אויב מיר וועלן ניט צופּאַסן אונדזערע באַציאונגען צום פּסיכישן אינהאַלט פון די מענטשן וואָס צו זיי ווענדן מיר זיך, וועט דאָך דערפון אַרויסקומען אַ דור הפלגה, די פּעדעם וואָס בינדן צונויף מענטש מיט מענטש וועלן איבערגעריסן ווערן.

פונדעסטוועגן, ווען מיר קוקן זיך אַרום באַמערקן מיר אַז כאָטש מענטשן זענען טאַקע פאַרשלאָסענע קעסטלעך, שטערט דאָס אָבער ניט אַז סאָציאַלע פאַרבינדונגען זאָלן געמאַכט ווערן און האָבן אַ קיום; אַז מענטשן זאָלן זיך פאַרשטיין און צוזאַמען מיט קאָנפליקטן און פירוד הלבבות זאָלן אויך וואַקסן איבערגעגעבנקייט, געטריישאַפט, אַפילו מסירת נפש פון איינעם צום אַנדערן. וואָס איז דער שטאָף וואָס האַלט צונויף דעם דאָזיקן בנין? עס איז ניטאָ קיין זיכערקייט פון קיין חושים, ווייל עס זענען דאָך ניטאָ אַזעלכע חושים וואָס זאָלן קענען צוקומען צו אָט דעם בילד פון פּסיכישן לעבן. די זיכערקייט וואָס שכלדיקע ראיות קענען געבן, פעלט אויך דאָ אויס ביז אַ ווייטער מדרגה. זעלטן קען הוילע חכמה אַרויסקריגן וואָס ביי יענעם אין האַרצן טוט זיך. טאָ מיט וואָסער מאַטעריאַל קייטלט זיך אויס דאָס געוועב צווישן מענטש און מענטש? קענטיק אַז אַ חוץ חושים און שכל איז אין אונדז אויך פאַראַן עפּעס אַנדערש וואָס גיט אונדז אַ געהעריקע מאָס זיכערקייט, כדי צו קענען לעבן. אָן דעם וואָלט מענטשלעך לעבן פּשוט געוועזן אומ־דענקבאַר.

דעם דאָזיקן מאַטעריאַל רופט מען צוטרוי. מיר זענען, הייסט עס, אַזוי געבויט אַז ביי געוויסע תנאים, ווען מיר שטייען פּנים אל פּנים מיט געוויסע פּסיכישע מאַניפעסטאַציעס, פאַרשווינדט אין אונדז יעדער אָפּהאַלט, עס ווערט אין גאַנצן פריי דער וועג און מיר לאָזן זיך פירן פון אַן אינערלעכער זיכערקייט אַזוי ווי אַ מענטש וואָס מאַרשירט צו זיין ציל אין מיטן שלאָף. אָט דאָס איז דער טייטש פון צוטרוי. דאָרט וואו דער אינערלעכער צוטרוי נעמט זיך וואַקלען, ווערן געבוירן ספקות, חשדים און, אויב מיר זענען נאָך בענוג ניכטער, זוכן מיר מיטלען צו וועגן, מעסטן און קאָנטראָלירן כדי צו דערגיין דעם אָביעקטיוון אמת פון דער לאַגע. אָבער דער פּסיכישער צו־שטאַנד וואָס נעמט אונדז אַרום מיט אַזאַ וואַרעמער צוגעטוליעטקייט, וואָס גיט אונדז דאָס געפיל פון אַבסאָלוטער זיכערקייט און לאָזט ניט איבער קיין מינדסט שפּעלטעלע פאַר דער נויט צו זוכן גאַראַנטיעס, בקיצור צוטרוי, דאָס איז דער ערשטער טראָט אין דער אַנטוויקלונג פון יעדן מענטשלעכן בשר ודם אויפן וועג פון נאַטירלעכער אמונה. ווען מיר וואָלטן זיך געקענט פאַרשטעלן אַ מענטשלעך באַשעפעניש אָן דער אייגנשאַפט פון צוטרוי — אָננעמען ווי אַ זיכערן אמת דאָס וואָס ווערט ניט באַשטעטיקט פון פאַקט אָדער שכל און נייטיקט זיך ניט אין אַזאַ באַשטעטיקונג — ווען אַזאַ מין

מענטש וואָלט מעגלעך געווען, וואָלט ניט געווען אין אונדזער נשמה קיין שטאָף וואָס פון אים זאָל קענען אויסוואַקסן אמונה, פון די נידעריקסטע ביז די העכסטע מדרגות, וואָלט מענטשלעך לעבן בכלל ניט געקענט האָבן קיין קיום.

## מאָמענטן אין צוטרוי

וואָס עלטער אַ קינד ווערט, אַלץ שווערער ווערט עס אָפּצונאַרן. ווען די מאַמע שפּילט זיך מיט אַ קינד פון אַ יאָר און שטעלט אָן אַ בייזע מינע אויפן פּנים, ווערט דאָס קינד זיך צעווייגען. ווען זי וועט עס טאָן מיט אַ קינד פון פיר יאָר, וועט דאָס קינד אַרויסווייזן אומגעדולד מיט אַזאַ שפּיל, אָבער וועט צוגעבן: „איך ווייס, דו מאַכסט זיך בלויז אַזוי". דער ערשטער שטענדיקער צוטרוי איז פאַרשוואונדן; דאָס קינד הייבט אָן צו מאַכן אונ־טערשיידן צווישן סיטואַציעס אין לעבן, לאָזט איבער דעם פולסטן צוטרוי פאַר אַ טייל מאָמענטן אָבער ניט פאַר אַנדערע. די מאָמענטן וואָס רופן אַרויס דעם פולן צוטרוי באַצייכענען מיר מיטן ווערב „געווינען". דאָס איז זייער ריכטיק. אַן איבערצייגונג אַרבעט מען אויס, אָבער צוטרוי געווינט מען. מענטשלעך לעבן איז באמת מערקווערדיק ווען מען דערמאָנט זיך אַז דאָס וואָס מען אַרבעט אויס מיט אַ סך מי, און וואָס דויערט אַ לענגערע צייט ביז עס ווערט געבוירן אַן ענדגילטיקע איבערצייגונג, איז אָפט שלאַבערדיק און בייגעוודיק אין פאַרגלייך מיט דער געמויערטער פעסטקייט פונעם צוטרוי וואָס ווערט געוואונען אינעם אויפבליץ פון אַ רגע.

וואָסערע מענטשן, זאַכן, און ביי וואָסערע תנאים, געווינען זיי אייגענעם צוטרוי? דאָס איז שווער אויסצורעכענען. קודם כל וואָלט די רשימה געווען צו גרויס צו פאַרצייכענען, אָבער אַ סך ערנסטער איז דאָס וואָס דער דאָזיקער פּראָצעס איז אין גאַר אַ סך פאַלן אומקלאָר און ממש אַרומגערינגלט מיט סודות. אַ מענטש קען געווינען אונדזער צוטרוי מיט אַזאַ קלייניקייט ווי אַ שמייכל, אָדער מיט דער קוואַליטעט פון זיין שטים. אַ געלונגענע פאָרמולע מאַכט אָפט דער איינדרוק פון אַן אמתדיקן געדאַנק. נאָך קאָמפּליצירטער ווערט דער דאָזיקער ענין ווען מיר דערמאָנען זיך אַז ניט בלויז מענטשן געווינען אונדזער צוטרוי נאָר אויך זאַכן, אינסטיטוציעס, געשעענישן. זייער אָפט איז גענוג בלויז דאָס וואָס אַ סך מענטשן נעמען עפּעס אָן פאַר גוט, פאַר ריכטיק, אָדער פאַר עפּעס וואָס איז דורכויס פאַרלאָזלעך בנוגע די פונקציעס וואָס ווערן צוגעשריבן דערצו. אַ חוץ דעם טאָר מען ניט אַרויסלאָזן פון אויג אַז אין צוטרוי זענען פאַראַן צוויי צדדים, דער וואָס געווינט דעם צוטרוי און דער וואָס שענקט אים. ביים ערשטן שפּילט די הויפּט־ראָלע אַן אינערלעכער כוח, ביים צווייטן קען אויך זיין זייער וויכטיק, אַ חוץ אַלע אַנדערע פאַקטאָרן, די שרייענדיקע נויט וואָס זוכט הילף דורך צוטרוי. ממילא איז דאָס וואָס קומט פאַר אָפּהענגיק פון שטענדיקן אינהאַלט און די צייט־

ווייליקע באַדינגונגען ביי יעדן פון די צדדים און פון דעם וואָס די צונויפ־שפּיל פון די צוויי ברענגט אַרויס.

דער עיקר איז דאָ דער היוצא לנו מדברינו: אונדזער לעבן איז אַזוי אויסגעשטעלט אַז מיר טוען אַ סך זאַכן ניט ווי אַן אָפּרוף אויף די שפּי־רונגען פון אונדזערע חושים און אויך ניט דערפאַר ווייל אַזוי דיקטירט אונדז די אויסרעכענונג פון שכל; מיר טוען עס ווייל אונדזער טבע איז אַזאַ אַז אָפּט פאַרכישופט זי אונדז מיטן אמת פון זאַכן אָן דעם געוויינטלעכן פאַרוואָס און פאַרוועץ. ווען מיר וועלן אַמאָל, אויס נייגעריקייט, פּרואוון פאַמעלעך נאָכגיין זיך אַליין פונעם אויפשטיין אין דער פרי ביזן גיין שלאָפן ביינאַכט, וועלן מיר קענען סטאַטיסטיש פעסטשטעלן אַז דאָס איז דער כאַראַקטער פון דער גרעסטער צאָל מאָמענטן אין אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן.

פאַרשטייט זיך אַז פּונקט ווי עס איז פאַראַן אומבאַוויזענער צוטרוי, אַזוי ווערן מיר אויך אָפּט באַהערשט פון שווערן אומצוטרוי. פּונקט ווי עס איז פאַראַן אַ שמייכל וואָס „געווינט", אַזוי איז אויך פאַראַן אַן אויסדרוק וואָס „פאַרלירט". טיילמאָל דערגרייכט דער אומצוטרוי צו פּשוטער קרענקלעכ־קייט און מיר זאָגן זיך אָפּ צו געטרויען אַ מענטשן פון דאַגען אַהער אַן שום פאַרוואָס. אויך דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַ פאָרם פון גלייביקייט און פאַרשטאַרקט נאָך מער דעם געדאַנק אַז מיר לעבן על פּי רוב אין ספערעס וואָס האָבן קנאַפּ וואָס צו טאָן מיט פאַקט און איבערצייגונג.

ווי אַלץ אין אונדזער לעבן ווערן צוטרוי און אומצוטרוי ניט געגעבן אין איין איינציקן באַשטימטן סכום. עס זענען פאַראַן גראַדאַציעס פון מער און ווייניקער. אייך ליניע קען זיך ציען פון ווילדע אַבערגלויבנס ביז קאָנטראָלירטן צוטרוי. אַן אַנדערע קען פאַרנעמען דעם שטח פון גיפטיקן אומצוטרוי ביז לייכטע חשדים און ספקות. עס וועט אָבער זיין לייכט צו פאַרשטיין אַז אויף וויפיל מענטשלעכע קולטור מוז דאָך אָנקומען צו די נאַטירלעכע אינסטרומענטן וואָס וואָרצלען אין אונדזער פּסיכיק, דעמאָלט קען מען זאָגן אַז רעליגיע בכלל און אמונה בפרט זענען אָנגעוויזן אויף דער ערשטער ספערע, צוטרוי, בעת וויסנשאַפט און דאָס אַנאַליטישע דענקען שעפּן זייער אַפּעליר־כוח פון דער צווייטער, פון דער ספערע וואָס ציט זיך פון אומצוטרוי ביז ספקות.

יעדער מענטש לעבט איןביידע ספערעס אויף פאַרשיידענע מדרגות. וואָרעם פּונקט ווי עס וואָלט בפירוש אוממעגלעך געווען צו לעבן אָן צוטרוי, אָן דעם אינערלעכן צוואַנג זיך פּאָזיטיוו איבערצוגעבן צו מענטשן, אידייען און זאַכן, כאָטש זיי ציען ניט צו מיטן כוח פון חושימדיקע פאַקטן און ראַציאָנאַלע מאָטיוון, פּונקט אַזוי וואָלטן מיר ממש אומגעקומען פון ביטערע דורכפאַלן אויב מיר וואָלטן ניט געגעבן דעם נאַטירלעכן אומצוטרוי זיין כשר רעכט.

זענען טאַקע פֿאַראַן מענטשן וואָס פֿאַרמאָגן יעדע פֿון די צוויי ספֿערעס אין אַזאַ באַלאַנסירנדיקער מאָס וואָס דורך דעם ווערן זיי מוסטערן אי פֿון צוטרויִלעכער וואַרעמקייט, אי פֿון קריטישער חכמה. איצט, ווען עס איז געוואָרן 750 יאָר זינט דעם רמב״מס פּטירה איז באַזונדערס פּאַסיק אַרויס־צוהייבן די פּערזענלעכקייט פֿון רבנו משה בן מימון אין שייכות צום ענין וואָס ווערט דאָ באַרירט. אין אים האָט געלעבט אַ מנהיג הדור וואָס האָט זיך באַוויזן ניט בלויז מיט גאונישע כּוחות סיי אין אמונה, סיי אין ראַציאָנאַלן דענקען, וואָס איז אַן ענטפֿער אויף ספֿקות, נאָר אויך אין אויפֿבויען אַ פּרעכטיק־אויסגעאַרבעטע בריק צווישן די צוויי וואָס אין איר האָט זיך זיין דור אַזוי שטאַרק גענייטיקט.

## אמונה

איך קען זיך לייכט משער זיין אַז דאָס קען אויסקוקן ווי אַ צו איינפֿאַכע דערקלערונג. פֿון צוטרוי ביז אמונה, ווען מען באַטראַכט דעם ענין אַביסל נעענטער, איז דער מהלך אַזאַ ווייטער, קוים מיטן אויג צו דערזען. וואָסער פֿאַרגלייך, קען מען טענהן, צווישן דעם צוטרוי אַז, למשל, דעמאָקראַטיע וועט סוף כּל סוף מנצח זיין די דיקטאַטור ביז, כאַפּן מיר אָן, אמונה אינעם אמת פֿון קריעת ים סוף? ווייזט אויס, אַז מיר דאַרפֿן זיך פֿאַנאַנדערקלייבן אין דעם ענין אַביסל מער.

אמת, צווישן נאַטירלעכן צוטרוי און אמונה אין איבערנאַטירלעכע גע־שעענישן איז טאַקע אַ ווייטגייענדיקע נפֿקא־מינה. אָבער, קודם כּל, איז לחלוטין ניט געדרונגען אַז אמונה דאַרף דווקא האָבן צו טאָן מיט אַן איבער־נאַטירלעכער רעאַליטעט; אַפֿילו דער גלויבן אין גאָט איז דאָס ניט מחייב. אויב איך נעם אָן אַז גאָט איז איבער אונדז, דעמאָלט איז דאָס טאַקע אַ השערה וואָס דריקט אויס על־פּי דעפֿיניציע אַן איבערנאַטירלעכע עקזיס־טענץ. אָבער אַ גאָט וואָס לעבט אין אונדז איז לחלוטין ניט מחויב צו האָבן עפּעס אַ שייכות מיט איבערנאַטירלעכקייט. איך קען, למשל, גלויבן אַז משה רבינו האָט טאַקע בוכשטעבלעך געהערט גאָטס קול, דעמאָלט איז דאָס בלי ספֿק אַן איבערנאַטירלעכע געשעעניש. אָבער ווען איך טייטש דאָס אויס אַז דאָס וואָס משה האָט אויפֿגענומען איז געווען אַ געטלעכע אַנטפּלעקונג אין זיין דמיון, דעמאָלט איז דאָס, אָדער קען עס זיין, אַ השערה אין די גרענעצן פֿון דער נאַטירלעכקייט וואָס איז אונדז באַקאַנט פֿון אייגענעם לעבן. די השערה אַז עס איז פֿאַראַן אַ געטלעכער כּוח וואָס פֿירט די וועלט אין דער ריכטונג פֿון אַ באַשטימטער כּוונה, דאָס איז אַ השערה וואָס קען זיין ריכטיק אָדער ניט, אָבער עס איז לחלוטין ניט קעגן דער נאַטור, ווי מיר קענען זי, אַז אַזאַ געטלעכער שומר, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ באַשטימטן אָפּעראַטיוון פּרינציפּ, זאָל זיין פֿאַרוויקלט אין סאַמע גאַנג פֿונעם אוניווערס. אמת, די עצם פֿאַראַנענקייט פֿון אַזאַ אַלגעמיינעם כּוח וואָס פּילט אָן דעם אוניווערס

מיט אַ זינען און פּירט אים אין דער ריכטונג פון פאַרויסיקע כוונות, אַזאַ השערה רופט אַרויס געוויסע שוועריקייטן, אָבער דאָס זענען ניט פון יענעם ספּעציעלן מין וואָס ליגט אויף דער ליניע פון נאַטירלעך־איבערנאַטירלעך. והשנית, זענען דען פאַראַן וויכטיקער אומפאַרענטפערטע שאלות ווען מיר ווילן פאַרשטיין דעם אוניווערס אין מעכאַנישע טערמינען?

אַ חוץ דעם איז די מעשה מיט נאַטירלעך־איבערנאַטירלעך גאָר ניט אַזוי ווי מען שטעלט עס פאָר. ווען מיר טראַכטן וועגן דעם גאַנג פון צוטרוי צו אמונת האָבן מיר דורכויס אין זינען דעם פּשוטן מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר וואָס אַרבעט מיט די הוילע פּסיכישע אינסטרומענטן וואָס זענען אים געגעבן געוואָרן. אַז רעאַליטעטן וואָס יעדע פון זיי געהערט צו גאָר אַן אַנדער מין זאָלן זיך צונויפמישן, ווירקן איינע אויף דער צווייטער, דאָס איז טאַקע שווער צו באַנעמען. עס איז שווער צו כאַפּן ווי אַזוי אָט די אייביקייט־דימענסיע (גאָט) קען זיך אַריינמישן אין דער צייט־דימענסיע (געשיכטע) און זי זאָל נאָך אַלץ בלייבן ביי איר לכתחילהדיקן אייביקייט־כאַראַקטער. אָבער דאָס איז בלויז שווער פאַרן אַנאַליטישן דענקער, פאַרן לאָגיקער, פאַרן פילאָסאָף. פאַרן פּשוטן מענטשן עקזיסטירן ניט אַזעלכע פּראָבלעמען. ווען עס קומט פאָר דער פּראָצעס פון אָננעמען צוטרוילעך די קאָנסטרוקציעס וואָס באַפרידיקן נויטן, האָפענונגען און איינדרוקן, דעמאָלט וועט דער געשולטער קאָפּ שטעלן אַ ווידערשטאַנד דורך קשיות פונעם שכל; דער אומגעשולטער וועט זיך איבערגעבן דער נאַאיווקייט פון האַרצן, ער וועט בלויז פאַרבלייבן אין די גרענעצן פונעם צייט־גייסט וואָס רינגלט אים אַרום.

פאַראַן מאָמענטן וואָס ווייזן נאָך בולטער דעם אונטערשייד צווישן דעם געשולטן אינטעלעקט און דעם אומגעשולטן אינעם צוגאַנג צו די ענינים וואָס ווערן דאָ באַהאַנדלט. פילאָסאָפן און טעאָלאָגן פון אַלע צייטן האָבן זיך תמיד מפלפל געווען, געזוכט ראיות צו באַווייזן אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט און וואָס זיינע אַטריבוטן זענען. צוזאַמען דערמיט האָבן זיי געוואָלט דערגיין מיט שכלדיקע ראיות אויף ווי ווייט גאָט באַשטימט דעם גורל פון מענטשלעכן מין, דער עיקר פון איינצלנעם מענטשן, השגחה פּרטית. ביז עס איז געקומען קאַנט און באַוויזן מיט זיין גאוניש̇ן אַנאַליז אַז דער שכל קען קיינמאָל ניט באַשטעטיקן אָדער לייקענען דאָס וואָס איז פאַרוויקלט אין גאָט־באַגריף. ביז דעמאָלט זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן זייער אינטערעסאַנטע ספּעקולאַציעס וועגן דעם ענין. אָבער עס איז פאַראַן אַ חילוק צווישן דער טרחה צו באַווייזן די עקזיסטענץ און די טבע פון גאָט און, פון דער אַנדער זייט, דעם מאָמענט פון השגחה.

דער רמב״ם, מיט זיין האַמערדיקער סיסטעמאַטיק, שמידט אויס אַ לאַנגע לאָגישע קייט, רינגעלע נאָך רינגעלע, וואָס צום סוף שווימט אַרויס זיין קלאָרע פעסטשטעלונג פון מציאות הבורא, גאָטס עקזיסטענץ. די זעלביקע

ראיות ווערן ווייטער געפירט וואָס באַווייזן אַז גאָט איז ניט קיין גשמיות־דיקער חומר און אַז ער איז איינציק. די אַלע ראיות זענען דעטאַל אויס־געאַרבעט און היפּשלעך קאָמפּליצירט. דאָס פּשוטסטע איז זיין שכלדיקער צוגאַנג צו באַווייזן גאָטס איינציקייט. לאָמיר דאָס נעמען ווי אַ ביישפּיל פון רמב״מ׳ס מעטאָדע. אויב עס וואָלטן געווען צוויי געטער וואָלטן זיי דאָך ביידע געדאַרפט האָבן עפּעס בשותפות וואָס צוליב דעם זענען זיי געטער. אַ חוץ דעם וואָלטן זיי דאָך געדאַרפט האָבן עפּעס וואָס צעשיידט זיי, אַנדערש וואָלט דאָך ניט געהאַט קיין זינען צו זאָגן אַז זיי זענען צוויי. קומט אויס אַז יעדער פון זיי האָט, אַ חוץ דעם געטלעכן עלעמענט, נאָך עפּעס אַנדערש אין זיך וואָס געהערט ניט צו געטלעכקייט, אָדער לכל הפּחות האָט דאָס איינער פון די צוויי, כדי זיי זאָלן מיט זיך פאָרשטעלן צוויי באַזונדערע עקזיסטענצן. אָבער אַזוי ווי גאָט קען דאָך בלויז פאַרשטאַנען ווערן ווי די סיבה כל הסיבות מוזן מיר אָנערקענען אַז דאָס ניט־געטלעכע איז אַ פּועל־יוצא פון אַ פריערדיקער סיבה, ממילא ניט געטלעך און דער וואָס באַזיצט דאָס קען שוין ניט זיין קיין ערשטע סיבה, ד״ה, גאָט.

אָבער בנוגע גאָטס השגחה זאָגט דער רמב״ם אַז ער איז זיך ניט סומך אויף לאָגישע ראיות נאָר אויף דעם אופן ווי אַזוי ער באַנעמט די תורה און די רייד פון די נביאים. דאָס פירט אים צום געדאַנק אַז גאָט פאַרנעמט זיך בלויז מיטן גורל פון מענטשן, ניט פון אַנדערע באַשעפענישן, און אויך ביי מענטשן איז פאַראַן אַ נפקא־מינה. די וואָס שטייען אויף אַ העכערער גייסטיקער און אינטעלעקטועלער מדרגה, אַזעלכע קענען זיך מער ריכטן אויף גאָטס השגחה.

ווי עס זאָל ניט זיין קומט אויס אַז בנוגע גאָטס פאַראַנענקייט און זיין טבע, האָט דער רמב״ם אָנגעווענדט זיינע גאונישע לאָגישע כוחות זיך צו דערגראָבן צו דעם וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אמת. בנוגע השגחה כללית און פּרטית, וואָס דאָס פאַרנעמט דאָך אַ קלענערן שטח אין דער אַלגעמיינער טעאָלאָגישער געביידע, דאָ האָט ער, ווייזט אויס, זיך געמוזט באַנוגענען מיט הוילער, ווייטגייענדיקער אמונה. אויף וויפיל, הייסט עס, גאָט איז דער בורא עולם, דאָס קען מען באַווייזן על פּי שכל, אָבער גאָט אין דער בחינה פון „כרחם אב על בנים״, צו אַזאַ גאָט קען מען צוקומען בלויז אויפן וועג פון פאַרטיפטער אמונה. סיי־ווי קומט אויס אַז דער געדאַנק פון גאָטס פאַראַ־נענקייט האָט, אין אַזאַ צוגאַנג, אַ שטאַרקערן אָנשפּאַר — אי שכל, אי אמונה — איידער דער באַגריף פון גאָטס אַקטיווער השגחה וואָס מוז זיך סומך זיין בלויז אויף אַבסאָלוטן צוטרוי צו דער מסורה — אמונה.

דער פּשוטער בשר ודם איז גאַנץ ווינציק באַזאָרגט וועגן דער עקזיסטענץ פון גאָט ווי דער באַשאַפער און רעגולירער פונעם אוניווערס. דאָס איז פאַר אים אַ באַשיינפּערלעכער אמת פון זיין ירושה; ער האָט דאָ גאָר ניט וואָס צו פרעגן, פּונקט ווי ער פרעגט ניט פאַרוואָס ער האָט צען פינגער אין

די הענט, ניט ניין און ניט עלף; ממילא איז ניט שייך זיך צו נייטיקן אין אַן ענטפער. דער דאָזיקער גאָט איז בכלל אַ דערוווייטערטער, אַן אָפּגעזונ־דערטער, וואָס מיט אים האָט ער גאַנץ ווינציק עסקים. אָבער דער פאָטער אין הימל, דער גאָט וואָס קוקט מיט רחמים אויפן מצב פון ראובן, שמעון, לוי, דער גאָט וואָס קען שיקן אַ רפואה שלמה, העלפן אין פרנסה און מוחל זיין פאַר באַגאַנגענע זינד, דער דאָזיקער גאָט האָט דעם שטאַרקסטן אָנשפּאַר אין יעדן אָטעם זיינעם, אין יעדן קלאַפּ פון האַרצן. אויפן באָדן פון צוטרוי וואָס וואָרצלט אין מענטשלעכע נויטן, האָפענונגען און אין דעם וואָס ער דערזעט זיך אַליין קליין און שוואַך, איז ביי אים אויסגעוואַקסן די פולע בליאונג פון אמונה.

כאָטש דער גרונט־וואָרצל פון אמונה איז נאַטירלעכער צוטרוי, וואָס הייבט זיך אַרויס אָן שום סיבה מצד דערפאַרונג אָדער שכל, דאָך קען מען ניט זאָגן אַז די ביידע זענען היינו־הך. אמונה איז ניט בלויז סתם אַ העכערע אַנטוויקלונג, נאָר זאַפּט איין אין זיך, אין איר בלי־צייט, ספּעציעלע עלעמענטן וואָס אָן זיי קען ניט געמאָלט זיין קיין עכטע רעליגיעזע איבערלעבונג, אַפילו אויף דער מדרגה פונעם געוויינטלעכן מענטשלעכן דורכשניט.

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן אַ מענטשן וואָס איז אַזוי פיזיש סעגרע־גירט און געזעלשאַפטלעך אָפּגעזונדערט אַז מיט זיין הויז ענדיקט זיך די וועלט און מיט זיין פאַמיליע דער מין מענטש. אויב עס וואָלט געווען אַזאַ מענטש, וואָלט דאָס פשוטע געפיל פון צוטרוי געווען גענוג אויסצושעפּן זיין גאַנצע מעטאַפיזישע ענערגיע, אַזוי צו זאָגן. ער וואָלט, לויט דער מענטשלעכער טבע, אָנגענומען אַ צאָל אמתן אויפן וואָרט און דאָס וואָלט געווען גענוג ער זאָל אויסלעבן זיינע יאָרן אין גייסטיקן עושר און כבוד.

איז אָבער געשען אַזוי אַז איבערן דאַך פון הויז איז דאָ אַ הימל און נאָך עפּעס מער, אויף יענער זייט פון נאָענטסטן קרייז איז פאַראַן אַ גרויסע וועלט און דאָס געפיל פון מיליאָנענפאַכיקער קעגנזייטיקייט און אָפּהענגיקייט רעדוצירט זיין אייגן האָב און גוטס צו דער גרויס פון אַ ווערעמל און דער־הייבט אים צו דער מדרגה פון אַ בחיר היצירים. אַ חוץ דעם, וואָס מער מיר דערווייטערן זיך פון דער קינדהייט, אַלץ מער וויקלט זיך אין אונדז פאַנאַנדער דאָס געפיל אַז ניט בלויז ווערן מיר געטריבן פון דעם וואָס מיר ווילן, ווייל עס ווילט זיך, נאָר אויך פון דעם וואָס מיר דאַרפן וועלן ווייל אַזוי דיקטירט אַ מאָנונג וואָס איז איבער אונדז און וואָס איר זענען מיר גרייט, אין די דינערע מאָמענטן, זיך איבערצוגעבן מיט פולן צוטרוי.

אין אָנגעזיכט פון דעם אַלעם וואַקסט אין אונדז אַ הונגער וואָס איז וויניקער ספּעציפיש, מער אַרומנעמענדיק אין אַלע ריכטונגען, איידער דאָס ברעקלע צוטרוי וואָס מיר גיבן טאָג־טעגלעך אויף באַגרענעצטע שטחים פון לעבן. עס איז דעמאָלט גוט צו פילן אַז דאָס וואָס שטילט דעם דאָזיקן הונגער איז ניט קיין פאַראייניצלט פינטל אַרום אונדז וואָס אונדזער פּער־

זענלעכער קאַפּריז האָט אויסגעקליבן; אַז דאָס איז עפּעס אַזוינס וואָס צו דעם שטרעקן זיך די הענט פון מיליאָנען און פון אַלע זייטן אין גלייביקער צוגעבונדנקייט. עס איז עפּעס אַזוינס וואָס נעמט אונדז אַרום מיט וואַרעמקייט פאַר גוטע מעשים און זאָגט צו טרייסטנדיקע פאַרגעבונג פאַר זינדיקע מעשים און מחשבות.

דאָס שטרייכט אונטער דעם כוח פונעם באַוואוסטזיין אַז מיר זענען פריי אין אונדזער אַליינקייט און דאָך געבונדענע צום גאַנג פון דער וועלט און צום גורל פון מין מענטש. צו דעם קומט צו דער עלעמענט פון אומבאַגרע־נעצטער צייט. מיר גיבן זיך איבער צו עפּעס וואָס איז בטבע ניט היינט־מאָרגעדיק, נאָר עפּעס וואָס ציט זיך פון אייביק ביז אייביק, פונקט ווי עס האָט ניט קיין גרענעצן אין רוים און אין פאַרנעם פון זיין כוח.

די טאָטאַליטעט פון די אַלע דערפאַרונגען פירט צו דער ספּעציפישער איבערלעבונג וואָס מיר באַצייכענען מיטן וואָרט הייליק. איך בין לחלוטין ניט זיכער אַז דאָס איז עפּעס וואָס בלויז די רעליגיעזע איבערלעבונג ברענגט אַרויס, ווי געוויסע דענקער האַלטן. מיר דאַכט זיך, אַז ביים איבערלעבן גרויסע פייערלעכע מאָמענטן אינעם גאַנג פון יעדער, אויך סעקולערער, אידעאַלער איבערגעגעבנקייט, למשל פאַטריאָטיזם, ווערט דאָס געמיט דורכ־גענומען מיט דער קוואַליטעט פון הייליקייט. זיכער איז אָבער אַז דער דאָרשט פון אמונה ווערט באַזונדערס געשטילט אין דער ספערע פון הייליקייט. דאָס עפנט אויך אַלע קוואַלן פון די פּאָעטישע אימפּולסן וואָס מיר טראָגן אין זיך.

צערעמאָניאַל, ריטואַל, שפּראַך, ניטאָ קיין רעליגיע אָן די דאָזיקע אויס־דרוק־פאָרמען. בנוגע שפּראַך איז דאָס ריכטיק אַפילו אין שטילער, שווייגנ־דיקער מעדיטאַציע. דאָס האָט שוין דער תנ״ך באַמערקט: „וואָרעם חנה, זי האָט גערעדט אין איר האַרצן; בלויז אירע ליפּן האָבן זיך געשאָקלט, אָבער איר קול האָט זיך נישט געהערט״. עס קען גיין נאָך ווייטער; אַפילו די ליפּן זאָלן זיין פאַרשטייפט און דאָך זאָל שפּראַך פונקציאָנירן אין פולער מאָס.

שפּראַך, תפילה, אויסגיסן דאָס האַרץ, לויבן, בעטן, ווי שטאַרק דער גלויביקער זאָל ניט מיינען אַז דאָס ברענגט אים אין דירעקטער שייכות מיטן קוואַל פון זיין גלויבן, דערפילט דאָס נאָך אַ פונקציע וואָס ער וואָלט אפשר גלייך דערזען ווען ער וואָלט זיך אַריינגעטראַכט אין דעם. ער, גלויביקער מענטש וואָס ער איז, איז ער נאָך אַלץ אַן ערדישער אָרגאַניזם. וואָס מער זיין אמונה סטימולירט אים אַלץ מער וואַקסן זיינע מאַטאָרישע באַדערפענישן דאָס אויסצודריקן. דעמאָלט פילט אַ מענטש אַז מען דאַרף עפּעס טאָן, ווי מען זאָגט. פון דער אַנדער זייט, אַ ספערע פון נויטן, האָפענונגען, געפילן, שטימונגען, גלויביקע אָנונגען, געזוכטער אָנשפּאַר, געפונענער אַבסאָלוטי־

זירטער צוטרוי, דאָס אַלץ ווערט דראַמאַטיש אויפגענומען פון כוח הדמיון. ווארעם אין אונדזער פאָרשטעלונג מוזן מיר די דאָזיקע גייסטיקע שטאָפן פאַר׳ממשותן, אַנדערש ווערט געשאַפן אַזאַ אָפּגעפרעמדטע אומהיימלעכקייט אַז מיר ווערן אַרויסגעשטויסן פון אונדזער אייגענער וועלט. דאָס געפיל פון אינטימער שייכות צו דער וועלט ווערט דערגרייכט סיי דורך דער פּאָ־עזיע פון מעשים — צערעמאָניע, ריטואַל — סיי דורך דער פּאָעזיע פון וואָרט. די פּאָעזיע פון וואָרט זאַמלט צונויף די טרעפלעכסטע בילדער און די ווייטסטע אַסאָסיאַציעס, סינטעטיזירט זיי אין געדיכטע איבערלעבונגען אַזוי אַז זי דערהייבט דאָס מענטשלעכע און פאַרמענטשלעכט דאָס דערהויבענע. פּאָעזיע איז אַ קונסט פון ראַטעווען זיך מיר זאָלן נישט פאַרלוירן ווערן אין די פאַרהוילענע, פרעמדע וועלטן וואָס צו זיי טרייבט אונדז אונדזער העכערע נאַטור.

## משיח.

עס זענען פאַראַן אַ סך פּאָעטיש־רעאַליזירטע פאָרמען פון אָבערגלויבנס, מיטאָסן, פאָלקס־גלויבנס און העכער־אַנטוויקלטע אויסדרוקן פון רעליגיעזער אמונה. אין דער לעצטער קאַטעגאָריע פאַרנעמט די אמונה אַז משיח וועט קומען אַן אייגנאַרטיקן פּלאַץ. ווען מען נעמט פאַרגלייכן דעם משיח־געדאַנק מיט אַזעלכע רעליגיעזע דאָגמעס ווי, כאָפּן מיר אָן, תחית־המתים אָדער שכר ועונש, וועלן מיר באַמערקן עטלעכע פונדאַמענטאַלע אונטערשיידן וואָס גיבן דעם משיח־גלויבן אַ גאַנץ באַזונדערן כאַראַקטער.

די פאָרשטעלונג פון משיחס צייטן האָט זיך, פאַרשטייט זיך, אַנטוויקלט אין משך פון לאַנגע היסטאָרישע עפּאָכעס און ווערט בכלל נישט אויפגענומען אויפן זעלביקן אופן ביי אַלע גדולים אין אונדזער געשיכטע. וועלן מיר אָננעמען דעם רמב״מ׳ס צוגאַנג וואָס ער האָט אויסגעדריקט מיט זיין גע־ווײנטלעכער קלאָרקייט.

דער משיח־גלויבן מאָלט אויס אַ גאַנץ רעאַליסטיש־דערלאָזלעכן ערדישן חלום. עס איז נישט קיין דראַמע וואו די פיגורן זענען מלאכים, אָדער נשמות פון צדיקים; אַלץ וואָס ווערט געטאָן איז פּשוט אַ קאָפּיע פון דעם וואָס מיר געפינען אָפּט אַרום זיך. יידן וועלן זיך אומקערן קיין ארץ־ישראל, וועלן פירן אַ גליקלעך לעבן, אין פּשוטן ערדישן זינען, אַלע פעלקער וועלן אָנערקענען דאָס פאָלק ישראל ווי דעם גייסטיקן פירער פון דער וועלט. אמת, אַחוץ משה רבינו, וועט משיח זיין גרעסער פון אַלע נביאים, אָבער דאָך נישט מער ווי אין דער זעלביקער קאַטעגאָריע. דאָס בילד פון משיחס פערזענלעכקייט זעט דער רמב״ם אין פאַרשיידענע פּסוקים. דער עיקר אין ישעיה (קאַפּיטל 11), למשל: „און גערעכטיקייט וועט זיין דער אָנגורט פון זיינע לענדן, און טריישאַפט דער גאַרטל פון זיינע דיכן". דאָס דריקט אויס סיי דעם כאַ־

ראַקטער פון משיחן אַליין, סיי פון דעם לעבנס־סדר וואָס ער וועט איינפירן דירעקט ביי יידן אין ארץ־ישראל און אומדירעקט אויף דער גאַנצער וועלט.

אָבער די וויכטיקסטע כאַראַקטעריסטיק פונעם משיח־גלויבן באַשטייט אין דעם וואָס זיין קומען ווערט ניט אָפּגעלייגט אויף לעתיד־לבוא; עס וועט ניט זיין קיין געשעעניש אין אַ „יענע וועלט", נאָר דווקא אין דער וועלט פון אונדזער עקזיסטענץ און טאַקע אין דער צייט פון אונדזער לעבן. ווען וועט ער קומען? אַזאַ חשבון לאָזט זיך מאַכן, אָבער צוליב עטלעכע סיבות דאַרף מען דאָס ניט טאָן. די דאָזיקע וואָרענונג גיט דער רמב"ם אין זיין אגרת תימן. אין זעלביקן בריוו צו די תימנער יידן געפינט זיך אויך אַן אָנווייז אַז משיח וועט קומען אין יאָר 1216, אָבער פאָרשער נעמען אָן, אַז דאָס האָט דער רמב"ם ניט געשריבן נאָר מען האָט עס שפּעטער צוגעגעבן אין זיין נאָמען. דאָס אַלץ שטרייכט אונטער אַז דאָס יאָר פון זיין קומען איז פאַרצייכנט; אַז קוואַליפיצירטע לומדים און בעלי־מדרגה קענען עס אַנטפּלעקן און אַז דאָס געהערט ניט צום איבערנאַטירלעכן אחרית־הימים ווען מיר וועלן זיין אין אַ וועלט וואָס האָט ניט קיין שייכות צו אונדזער חושמדיקער רעאַליטעט.

עס איז ניט נייטיק אונטערצושטרייכן די פונקציע פון גלויבן אין ביאת המשיח אין משך פון דער גאַנצער יידישער מאַרטירער־געשיכטע. די שווערע ליידן פונעם כלל וואָס האָבן זיך אַזוי טרויעריק אַריינגעריסן אין די ד' אמות פון יעדן יידישן יחיד, די האָפענונגען וואָס אַזאַ מצב וועקט אויף אין דער מענטשלעכער נשמה און דער גאולה־אידעאַל וואָס האָט אַזוי גראַנדיעז דערהויבן די גאַנצע אמונה־טראַדיציע פון אונדזער פאָלק, דאָס אַלץ איז גענוג צו פאַרשטיין ניט בלויז די ראָלע פונעם משיח־געדאַנק נאָר אויך די טיפע אויפּרודערונגען וואָס צו זיי האָבן די אַזוי־גערופענע פאַלשע משיחים אונדז דערפירט אין אַלע צייטן.

פון די דרייצן אני מאמינס פון רמב"ם רעדט זיך אין עלפטן וועגן באַלוינונג און שטראָף פאַר מצוות און עבירות, אין צוועלפטן וועגן משיחן: „כאָטש ער פאַרזאַמט זיך, וואַרט איך יעדן טאָג אויף זיין קומען", אין דרייצנטן וועגן תחית המתים: „ווען דעם בורא וועט געפעלן". דער ראַציאָ־נאַלער צוגאַנג וואָס איז געלעגן אין רמב"מ'ס טעמפּעראַמענט צוזאַמען מיט דער סיסטעמאַטישער לאָגיק פון זיין אַנאַליז און, פון דער אַנדער זייט, די טיפע יידישע אמונה וואָס האָט דורכגעדרונגען זיין גאַנצע פערזענלעכקייט, דאָס האָט בלי ספק געשאַפן אַ באַדן פון אינערלעכע ראַנגלענישן וואו אמונה האָט תמיד געהאַט די אויבערהאַנט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן עיקרים. אָבער בנוגע די דריי לעצטע אני מאמינס האָט מסתמא דער צוועלפטער, וועגן משיחס קומען, געפאָדערט ווינציקער מי, אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע צוויי, זיך קעגנצושטעלן די מאָנונגען פון ראַציאָנאַלער ניכטערקייט. די צרות וואָס יידן האָבן געליטן פון דער מאַכמעדאַנישער סעקטע אַלמאַהאַדן,

צרות וואָס האָבן אויך אַזוי מוראדיק פאַרביטערט דאָס לעבן פון דער מימון־פאַמיליע, די האָפענונג און טרייסט וואָס די יידישע אמונה־טראַדיציע האָט אָנגעזאַמלט פאַרן פאָלק אין זיין צער, דאָס געוויינטלעכע מענטשלעכע גע־שטאַלט פונעם משיחישן גואל, זיין וועלט־סדר וואָס גייט ניט אַרויס פון די ראַמען פון נאַטור־געזעצן, דאָס אַלץ האָט געקענט פאַרלייכטערן די פסיכישע גרייטקייט זיך צו ריכטן יעדן טאָג אויף זיין קומען.

מיר לייגט זיך דעריבער זייער שטאַרק אויפן שכל פראָפעסאָר שניאור זלמן צייטלינס השערה וועגן די מאָטיוון וואָס האָבן געטריבן דעם רמב״ם צו שרייבן זיין משנה תורה, אָדער, ווי עס רופט זיך אויך, יד החזקה. צען יאָר צייט האָט געדויערט ביז עס זענען פאַרענדיקט געוואָרן די פערצן חלקים פונעם דאָזיקן ווערק. עס הייבט זיך אָן מיט פעסטשטעלן די אַלגעמיינע פרינציפּן וואָס אויף זיי איז יידישקייט געבויט און גייט דערנאָך איבער, סיסטעמאַטיש קלאַסיפיצירט, צו פאַרצייכענען אַלע דינים און הלכות פון דער תורה, פון תלמוד, סיי בבלי, סיי ירושלמי, ביז די אויסטייטשונגען פון די גאונים.

צוליב וואָס האָט דער רמב״ם אונטערגענומען די דאָזיקע ריזיקע אַרבעט? לויט ווי ער אַליין דערקלערט איז אין יענער צייט, צוליב די צרות וואָס יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין, לומדות אָפּגעשוואַכט געוואָרן, איז נייטיק געווען אָנצוזאַמלען אַלץ וואָס רעגולירט אונדזער לעבן און וואָס פאַרשפּאָרט צו זוכן אין דער ריזיקער גרעירשנטער ליטעראַטור אַלע פרטים פון נאָרמירטן יידישן אויפפיר. מחמת דעם זעלביקן טעם איז דאָס ווערק געשריבן אין אַ קלאָרן משנה־סטיל, עס זאָל זיין לייכט צו פאַרשטיין; די נעמען פון די תנאים און אמוראים ווערן ניט דערמאָנט, אַזוי ווערן אויך ניט געגעבן די פאַרשיידענע סברות, פלוגתות, נאָר בלויז די ענדגילטיקע הלכות.

ווי מיר ווייסן האָט דאָס דאָזיקע ווערק אַרויסגערופן אַ שאַרפע פּאָלעמיק. טייל האָבן זיך געשראָקן אַז עס קען פירן מען זאָל אין גאַנצן מבטל זיין דאָס לערנען גמרא, ווייל עס איז דאָך אַ סך לייכטער, און עס דאַרף געדויערן אַזוי ווינציק צייט, אַלץ צו געפינען אין יד החזקה. עס זענען אויך געפרעגט געוואָרן קשיות וואָס האָבן געמאַכט שווערער צו פאַרשטיין פאַרוואָס דער רמב״ם האָט אויף זיך גענומען די אומגעהייערע אויפגאַבע אין יענער צייט. פראָפ. צייטלין וויל האָבן אַז מען קען דאָס דערקלערן מיטן רמב״מ׳ס אינער־לעכער זיכערקייט אַז ער לעבט אין משיחס צייטן; אַז באַלד וועט משיח קומען, אויסלייזן דאָס פאָלק ישראל פונעם ביטערן גלות און עס וועט אויפ־געבויט ווערן אַ יידישע מלוכה אין ארץ ישראל.

האָט ער דעריבער גענומען אויף זיך צו שאַפן די יידישע קאָנסטיטוציע פאַר דער נייער מלוכה, אַ קאָנסטיטוציע וואָס איז דער תמצית פון דער יידישער יוריספּרודענץ, אַ ירושה פון מתן־תורה, פון די נביאים און חכמים פון אַלע פריערדיקע דורות. זיין צוגאַנג איז דעריבער געווען צו שאַפן אַ

קאָנדענסירטע איבערחזורונג פון דער תורה („משנה תורה"), און ער האָט אויך גערופן זיין ווערק מיט אַ פראַזע וואָס געפינט זיך אין לעצטן פסוק פון חומש („היד החזקה") און ממילא איינגעטיילט דאָס ווערק אין פערצן חלקים לויטן נומערישן באַטרעף פון „יד".

עס ליגט בכלל אַ באַזונדער כוח אינעם צוועלפטן אני מאמין פון רמב"ם. דער גלויבן אין משיחן איז מער ווי אַלע אַנדערע בייגעשטאַנען דעם ווידערשטאַנד פון צייטן און קלימאַטן. משיח־געשטאַלטן האָבן זיך טיילמאָל געוויקלט אין פאַנטאַסטישע עסכאַטאָלאָגישע שלייערן. זיי קומען אויך אַרויס פול־לעבעדיק אין ראַמען פון ניכטערער ראַציאָנאַלער גלייביקייט. אַפילו אין אַטעאיסטישער אויפקלערונג וואו די מלחמה „על ה' ועל משיחו" ווערט רוישיק פּראָקלאַמירט, אַפילו דאָרט מאַסקירט זיך דער זעלביקער משיח אין אַ קוים־געביטענעם נוסח פון אַ זיכערער „ליכטיקער צוקונפט" און זאַפּט איין דעם באַגייסטערטן צוטרוי וואָס אַזוי פיל אומגלויביקע טראָגן אַנטקעגן זייער אייגענעם פאַרמאַסקירטן משיח מיט צוטרוילעכער אמונה.

די ליניע וואָס ציט זיך פון שטילן אָנהייב פון צוטרוי ביזן פייערדיקן שפּיץ פון אמונה איז לאַנג געצויג. אָבער דער משיח־גלויבן, אין זיינע פאַרשיידנסטע געשטאַלטן, קען אַרויסשפּראַצן פונעם אָנהייב, פונעם סוף און פון יעדן פּונקט אין מיטן. איז דאָס, דאַכט זיך, אַן אַני מאמין וואָס מיר קענען אַלע זאָגן, יעדער מיטן פּאַסיקן טראָפּ, לויט דער פאַרב און דער מוזיק פון זיין פּערזענלעכער כוונה:

איך גלייב באמונה שלימה
אַז משיח וועט קומען
און אַפילו ווען ער פאַרזאַמט זיך,
וואַרט איך יעדן טאָג
אויף זיין קומען.

(1955)

# זיגמונד פרויד און פסיכאָאַנאַליז

ווען מען פּרובירט זיך אויסמאָלן אין געדאַנק דעם רושם וואָס זיגמונד פּרויד און פּסיכאָאַנאַליז האָבן געמאַכט אויף דער וועלט בכלל און אויף די פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפטן בפרט, אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אַזאַ גראַנדיעז בילד, אַז עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם. אַזוי ווייט ווי דאָס אויג קען גרייכן, אין אַלע דימענסיעס, דערשפּירט מען מיט אַלע חושים דאָס ווידערקול פונעם פּסיכאָאַנאַליטישן אויפטו. די וועלט ווייס פון אַ גרויסער צאָל געדאַנק־איבערקערנדיקע גאונים. נעמען אַזעלכע ווי אַריסטאָטל, קאָפּערניק, גאַליליי, קאַנט, ניוטאָן, דאַרווין, איינשטיין, זענען באַקאַנט ווייט אַריבער די גרענעצן פון זייערע ספּעציאַליטעטן. אָבער צו אַזעלכע זענען מיר געוואוינט אין פילאָסאָפיע, אין די עקזאַקטע וויסנשאַפטן און אין אַלגעמיינער ביאָלאָגיע. אָבער אין דער גאַנצער געשיכטע פון יענע וויסנשאַפטן וואָס פאָרשן די מענטשלעכע בריאה איז קיין גלייכן צו פּרוידן ניטאָ.

ווי אַזוי לאָזט זיך דאָס דערקלערן ? פּרוידס גאונות ? זיין אומגעוויינטלעכע פּראָדוקטיווקייט ? אַוודאי, אָבער דאָס איז ווייט ניט גענוג. דאָ מוזן זיין, אין צוגאָב צו די מעלות פונעם מענטשן און זיינע טעאָריעס, אויך אַנדערע פאַקטאָרן וואָס העלפן בולטער מאַכן דאָס בילד און עס אויסשפּרייטן אין די פאַרשיידנסטע, ווייטסטע ווינקלען. אַן אַנאַליז פון די דאָזיקע פאַקטאָרן וועט אונדז געבן, אין דער זעלביקער צייט, דעם תמצית פון זיין אויפטו און ניט בלויז דעם ריזיקן פאַרנעם פון זיין ווערק, נאָר אויך זיינע גאַנץ בולטע גרענעצן. עס וועט שוין אין איין וועגס אונדז קלאָר ווערן אויף ווי ווייט פּרוידס באַרימטקייט ווערט אונטערגעשטיצט ניט בלויז פון זיינע תלמידים און אָנהענגער, נאָר אויך פון זיינע קעגנער, לכל־הפּחות פון זיינע טיילווייזע קעגנער.

מאַרק טוויין האָט אַמאָל געזאָגט : „אַלע רעדן וועגן וועטער, אָבער קיינער טוט גאָרנישט וועגן דעם". אין אונדזער פאַל וואָלט מען געקענט זאָגן, אַז אַלע רעדן וועגן מענטשן און פּרויד האָט זייער שטאַרק זיך באַמיט עפּעס צו טאָן וועגן דעם. וואָרעם די פיינלעכסטע לאַגע, סיי אין אינדיווידועלן, סיי אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, באַשטייט אין דער בלינדער וואַנט וואָס שטייט צווישן איין מענטשן און דעם צווייטן. אָט פאַרלאָזן מיר זיך אין פולסטן צוטרוי אויף אַ צווייטן און ווערן אָפּגענאַרט ; אָט זענען מיר חושד אַ צווייטן און געפינען אויס, צו אונדזער גרויסן עגמת־נפש, אַז מיר זענען געווען אַ חושד בכשרים ; אָט פּלאַנעווען מיר אַ וויכטיקע אונטערנעמונג, באַשליסן זיך דורכצורעדן מיט עמעצן וואָס ווייס עפּעס וועגן דעם און קווענקלען זיך, האָבן מורא, וועט יענער זיין אויפריכטיק מיט אונדז, וועט ער אפשר פּריצייטיק אַרויסגעבן דעם סוד און אונדז וועט דערפון אַרויסקומען אַ רעה ? נישטאָ

קיין מעטאָד וואָס זאָל אונדז ווייזן מיט זיכערקייט וואָס עס טוט זיך ביי יענעם אין האַרצן.

די לאַגע ווערט נאָך ערגער צוליב אַן אַנדער סיבה. נישטאָ קיין גלויבן אין דער וועלט וואו עס הערשט אַזאַ איבערגעטריבענער, פאַרעקשנטער דאָג־מאַטיזם ווי אין דער איינרעדעניש, אַז מיר קענען אונדזערע פריינד און באַקאַנטע און ווייסן ווי זיי ווילן האַנדלען אין געגעבענע פאַלן. אין סאָציאַלן לעבן איז די לאַגע נישט בעסער. איידער די קאָמוניסטן האָבן איבערגענומען טשעכאָסלאָוואַקיע האָבן שרייבערס אין די צייטונגען און פאָליטישע עקס־פערטן פאַרזיכערט אַז אין יענעם לאַנד וועט דיקטאַטור קיין שליטה נישט האָבן. זינט טאָמאַס מאַסאַריקס פירערשאַפט, און נאָך פריער, זענען אין אָט דעם מערבדיקסטן סלאַווישן לאַנד אַזוי טיף איינגעוואָרצלט געוואָרן די דע־מאָקראַטישע אינסטיטוציעס און דער דעמאָקראַטישער גייסט, אַז קיין שום ווינטן פון מזרח וועלן זיי נישט קענען אומוואַרפן. אָבער דאָס וואָס איז דאָרט געשען איז פאָרגעקומען מיט אַזאַ מערדערלעכער גרינטלעכקייט, אַז אַלע דעמאָקראַטישע פאָרויסזאָגער זענען געבליבן שרעקלעך אָפּגענאַרט.

מיר האָבן אין די לעצטע יאָרן געהאַט אַזוי פיל פאַרזיכערונגען פון עקספּערטן וועגן דעם אויף וואָס מיר מעגן זיך ריכטן פון דייטשן, כינעזער, שפּאַניער, אאַז״וו. עס איז ניט ביימיק קיין געזאַמלטע סטאַטיסטיק פון דעם וואָס עס איז געוואָרן פון די אַלע נביאותן. דער אויבנאויפיקער איינדרוק איז גענוג אַרויסצוטראָגן אַ געהעריקן פּסק־דין. אַמאָל האָבן די עקספּערטן געטראָפן, אַמאָל ניט, אַזוי ווי זייער וויסן וואָלט ווינציק געהאָלפן עפּעס פאָרויסצוזאָגן.

ווי עס זאָל ניט זיין, צי אין סאָציאַלן, צי אין אינדיווידועלן לעבן, מיר דערשפּירן זיך אָפט אומהיימלעך געפּלעפט פון דעם וואָס מיר קענען זיך ניט דערשלאָגן צו אַ געהעריקער מאָס פאַרלאָזלעכקייט וועגן דער טבע פונעם דערבייאיקן שכן אָדער פריינד. אויף ווי ווייט טראָגט ער אַ מאַסקע און אויף ווי ווייט איז ער אויפריכטיק? וואָס זענען די גרונט־מאָטיוון וואָס טרייבן זיין פּסיכישע מאַשינעריע, וואָס טרייבן דאָס גייסטיקע לעבן פון מענטשן בכלל? וואָס איז אין מענטשן דאָס שטענדיקע, דאָס אומפאַר־ענדערלעכע און וואָס איז בלויז פאַרבייגייענדיק טעאַרעטיש? ווען מיר רעדן סתם אַזוי, זענען מיר זיכער אַז מיר ווייסן דאָס אַלץ אויסגעצייכנט וועגן יעדן ראובן און יעדן שמעון, אָבער אין קאָנקרעטע באַציאונגען מיט באַשטימטע קאָנקרעטע מענטשן, ווען עפּעס וויכטיקס שטייט אין קאָן, ווי שווער עס איז די וואָג פון ספיקות וואָס באַפאַלן אונדז. אויף אָט דעם קריטישן שטח פון אונדזער לעבן האָט זיך באַוויזן זיגמונד פרויד.

אין דער צייט ווען פרויד, צוזאַמען מיט ברויערן, האָט אָנגעהויבן זיין אַרבעט, האָט שוין עקזיסטירט אַ פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפט, אָפּגעריסן פון איר שטענדיקער פאַרבינדונג מיט פילאָסאָפיע, און ער האָט זיך גענומען

אַרבעטן מיט עקספּערימענטן אין לאַבאָראַטאָריעס. דאָך, אויב מען זאָל וועלן דרינגען פון פסיכאָלאָגישע לערנביכער פון יענער צייט און ווייט אַריין אין איצטיקן יאָרהונדערט, וואָלט שווער געווען צו דערקענען אַז פסיכאָלאָגיע האָט בכלל צו טאָן מיט מענטשן אַזוי ווי מיר פאַרשטייען געווײנטלעך דאָס לעבן פון די דאָזיקע באַשעפענישן. ווען מען קוקט אַריין אין אינהאַלט־פאַרצייכעניש פון יענע לערנביכער פעלן אונדז די סאַמע לעבעדיקסטע, קאָכיקסטע ענינים וואָס רודערן אויף מענטשלעך לעבן. עס איז געגנוג צו דערמאָנען אַז סטודענטן האָבן געלערנט וועגן גייסטיקן מענטשלעכן לעבן פון אַ ליטעראַטור וואו עס איז קיין סימן ניט געווען פון אַזעלכע טעמעס ווי טרייבנדיקע מאָטיוון און מענטשלעכע האַנדלונגען, חלומות, הומאָר, די ראָלע פון סימבאָליק, ואחרון אחרון חביב, געשלעכטלעך לעבן און ליבע.

דאָס אַלץ ווערט ניט געזאָגט לגנאי בנוגע דעם דרך פון אַלגעמיינער פסיכאָלאָגיע אין יענער צייט. עס האָט אַנדערש ניט געקענט זיין ביי די ערשטע טריט פון אַ וויסנשאַפט וואָס וויל קודם־כל דורכנעמען די סאַמע עלעמענטאַרע פסיכישע פּראָצעסן. אָבער פרויד, ווי אַ פסיכיאַטאָר, האָט געהאַט צו טאָן מיט לעבעדיקע, דערוואַקסענע מענטשן, ניט מיט אַבסטראַקטע שפּירונגען, אימפּולסן, רעפלעקסן. צו אים איז מען געקומען זיך אויסהיילן פון גייסטיקע קראַנקייטן. זיין אויפגאַבע איז געווען צוצוקומען צום מענטשן אַזוי ווי ער איז אין זיין גאַנצקייט, ניט צו די אַטאָמען פון פסיכישן לעבן.

דאָס אַליין האָט נאַטירלעך בלויז געעפנט אַ וועג פאַר פרוידן, געוויזן אים דעם דרך־המלך פון וויכטיקע פסיכישע מענטשלעכע בויטן. עס זענען געווען גרויסע פסיכיאַטאָרן פאַר פרוידן, ווי, למשל, פרוידס רבי, שאַרקאָ, וואָס האָבן אויך געהאַט פאַר זיך דעם זעלביקן וועג און האָבן, אַגב אַ סך דערגרייכט, אָבער פרוידס מאַרשרוט איבערן גאַנצן שטח פון פסיכאָלאָגישער טעאָריע האָט צו זיך קיין גלייכן ניט.

פרוידס גאונות איז באַשטאַנען ניט בלויז אין דעם וואָס ער איז געווען אַזוי דערפרישנדיק־ניי — דאָס ליגט אין דער טבע פון יעדן גאון — נאָר אויך אין דעם וואָס ער איז געווען אומברחמנותדיק געוואַגט. ער איז געווען אַזוי גורלדיק איבערגעגעבן דעם אמת, אַזוי ווי ער האָט אים געזען, אַז אָפט דאַכט זיך אַז ער האָט גאָרנישט באַמערקט אַז זיינע השערות קענען ווי אַ שוועבעלע אין אַ פּולווער־פאַס אויפרייסן מיט אַ מוראדיקער קראַפט.

אַזוי איז טאַקע געשען. אָבער ער איז געגאַנגען אויף זיין וועג, דערזען אין סעקסועלע קאָמפּלעקסן דעם טרייב־כוח וואָס פירט צו היסטערישע סימפּטאָמען און אויסגעאַרבעט די טעאָריע, אַז היסטעריע בכלל איז אַן אויסדרוק פונעם פאַרלאַנג צו אַנטלויפן פון די פאָדערונגען פון רעאַלן לעבן. אומרואיק, ניי און געוואַגט ווי ער איז געווען האָט ער זיך גלייך אַריבער־געטראָגן צו די קריטישסטע מאָמענטן פון דער נאָרמאַלער מענטשלעכער פסיכיק מיט די ידיעות, פאַקטן און השערות וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט ביים

אַנאַליזירן זיינע פּאַציענטן. אַזוי איז אין 1900 אַרויס זיין „אויסטייטש פון חלומות, אין 1904 זיין פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע פון טעכנישן לעבן און אין 1905 זיין דער וויץ און זיין באַציאונג צום אומבאַוואוסטן. דאָס ערשטע ווערק אַנטוויקלט די טעאָריע, אַז יעדער חלום פירט דורך אַ פאַרלאַנג וואָס קען אין וואַכיקן לעבן ניט באַפרידיקט ווערן. דאָס צווייטע בוך וויל האָבן, אַז אין פּסיכישן לעבן, פּונקט ווי אין דער פיזישער וועלט, איז ניטאָ קיין צופאַל. אַלץ ווערט שטרענג דעטערמינירט. ווען מיר פאַרגעסן עפּעס, האַנדלען אַמאָל אומגעלומפּערט, מאַכן טעותן אין רעדן און שרייבן, דאָס אַלץ האָט סיבות וואָס שטאַמען פון דראַמאַטישע געשעענישן אינעם באַוואוסטזיין. אין דריטן בוך וויל ער באַווייזן, אַז דער וויץ איז אַ פאַרשטעלטע פאָרעם פאַרן אויסדרוק פון עפּעס וואָס מען וויל באַהאַלטן. דערמיט האָט פרויד גענומען אַלץ ברייטער עפענען די טיר פון זיין פּסיכיאַטרישער וועלט און צוקומען אַלץ נעענטער צום אַלגעמיין מענטשלעכן לעבן.

מען האָט זיך, נאַטירלעך, געקענט ריכטן אַז זיינע סעקסועלע השערות וועלן אַרויסרופן אַ שטורעם, דער עיקר אין דער וועלט פון פאַרמעלער רעליגיעזער פרומקייט און אין דעם איינגעשטעלטן קאָדעקס פון הערשנדיקן דעת־הקהל. דער אויפגעהויבענער שטורעם האָט נאָך מער זיך צערייצט צוליב פרוידס יידישן אָפּשטאַם. עס ווייזט אָבער אויס איצט, ווען מיר קוקן אויף צוריק, אַז דאָס האָט סוף־כל־סוף געהאָלפן דער פאַרשפּרייטונג פון די פּסיכאָאַנאַליטישע טעאָריעס. אַפילו זייערע שוואַכע פּונקטן — און זיי האָבן אַזעלכע איבערגענוג — האָבן געוואונען פון די אומגערעכטע און אומזיניקע פּראָטעסטן. פאַר אַ סך מענטשן פון וויסנשאַפטלעכן פאַך זענען די דאָזיקע פּראָטעסטן געווען אַ סטימול דווקא צו וועלן רואיק אַנאַליזירן דאָס וואָס פרויד האָט צו זאָגן. פאַרן אַלגעמיין געבילדעטן עולם איז דער אָנגענומענער קאָדעקס פון עפנטלעכער מאָראַל שוין ניט געווען קיין הלכה למשה מסיני, בפרט ווען די טעאָריעס האָבן געררייצט מיט זייער נייקייט און געצוואונגען זיך צו פאַרטיפן.

אַ ביישפּיל דערפון איז די באַציאונג פון איינעם פון די באַרימטע אַמע־ריקאַנער פּסיכאָלאָגן, ג. סטענלי האָל. פרויד איז געווען אין אַמעריקע אין 1909. דאָס האָט אים דער פּרעזידענט פון קלאַרק אוניווערסיטעט, ג. סטענלי האָל, פאַרבעטן צו האַלטן זיינע באַרימטע פינף רעפעראַטן וועגן פּסיכאָאַנאַליז און דערמיט אַ סך געהאָלפן צו פּאָפּולאַריזירן פרוידן אין אַמעריקע. מען קען זיך משער זיין אַז האָל האָט געדאַרפט בייקומען אַ היפּש ביסל קעגנער־שאַפט צו פרוידן און זיינע טעאָריעס וואָס האָט דעמאָלט אויפגערודערט די וועלט. נאָך מער, האָל האָט פאַרבעטן פרוידן צום צען־יאָריקן יובילייי פון קלאַרק־אוניווערסיטעט, כאָטש ער אַליין איז ווייט ניט געווען שוה־בשוה מיט פרוידס צוגאַנג און מעטאָדן.

אין זיין לעבן און קאָנפעסיעס פון אַ פּסיכאָלאָג [1]) רעכנט אויס האָל אַ גאַנצע ריי טעאָריעס און השערות פון פסיכאָאַנאַליז וואָס ער קען מיט זיי ניט מסכים זיין. ער האַלט ניט אַז נאָרמאַלע קינדער ווייזן אַרויס אַזעלכע אינפאַנטילע אָפּנייגן ווי מען שרייבט זיי צו. ער איז איבערגעצייגט אַז עס זענען טאַקע פאַראַן חלומות וואָס באַפרידיקן פאַרלאַנגען, עס זענען אָבער אויך פאַראַן אַזעלכע וואָס פרוידס טעאָריע קען בשום אופן ניט דערקלערן. ער מיינט, אַז פרויד האָט מגזם געווען די וויכטיקייט פונעם עדיפּוס־קאָמפּלעקס און ממילא די גאַנצע אידייען פון אינצעסטועלע פאַרלאַנגען. לויט האָלן איז דאָס טיפּישע אויסטייטשן פון סימבאָלן אין דער פסיכאָאַנאַליטישער טעאָריע דערפירט געוואָרן צו אַ פאַנטאַסטיק וואָס שטייגט אַריבער לעגיטימע ווּיסנשאַפטלעכע גרענעצן.

דאָס שטערט אים אָבער ניט צו דערקלערן: „דאָך אַנערקען איך, פון דער אַנדערער זייט, די געוואַלדיקע פּראָפעדיקייט פון די דאָזיקע נייע מעטאָדן אויסצופאָרשן דאָס אומבאַוואוסטזיין". נאָך מער, ער גייט אַזוי ווייט, ניט געקוקט אויף אַלע פריערדיקע טענות, ווי פּראָקלאַמירן: „דער אויפקום פון פרוידיזם באַצייכנט די גרעסטע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון אונדזער וויסנשאַפט".

פרויד האָט אַרויסגעוויזן ממש אַ תאוותדיקע פאַראינטערעסירטקייט אין אָפּשטאַם און אין דעם דערקלערן די פונדאַמענטאַלע מאַניפעסטאַציעס פון פסיכישן לעבן ווי אַן אומקער צום מקור פון דאָזיקן לכתחילהדיקן אָפּשטאַם. דאָ הערט זיך קלאָר דער עכאָ פון די עוואָלוציע־טעאָריעס וואָס האָבן פאַרכאַפּט די וויסנשאַפטלעכע וועלט אין נײַנצנטן יאָרהונדערט. אָט אין דער מיטרייסנדיקער טענדענץ זענען געלעגן אי די גרויסע מעלות און פאַר־דינסטן, אי די פאַרפירערישע פאַנטאַסטישע השערות פון פרוידן און זיינע תלמידים.

איך פיל אַז אין דעם האָט ניט בלויז געשפילט אַ וויכטיקע ראָלע דער צויבער פון דער טראַדיציע וואָס די טעאָריע פון עוואָלוציע האָט געשאַפן, נאָר עס ליגט בכלל אַ מענטשלעכער רייץ אין צוריקפירן לעבנס־מאַניפעס־טאַציעס צו אור־קוואַלן. עס איז ביי מיר דעריבער קיין ספק ניט, אַז פסיכאָ־אַנאַליז האָט ניט ווינציק פאַראינטריגירט דעם אַלגעמיינעם אינטעליגענטן מענטשן צוליב דער דאָזיקער טענדענץ.

די ראָלע פון געשעענישן אין דער קינדהייט איז דער פונדאַמענט פון פרוידישן דענקען וואָס יעדער אַנאַליטיקער נוצט אויס אין זיין טעראַפּעוו־טישער אַרבעט. וואָרעם דעם פּאַציענטס איבערלעבונגען אין דער קינדהייט, אויב זיי האָבן געהערט צום מאָראַליש־ווידערווילדיקן מין, זענען דורכגע־גאַנגען אַ פּראָצעס פון ווערן פאַרשטויסן, זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן אין אומבאַוואוסטזיין. פון דאָרט האָבן זיי זיך שפּעטער אַרויסגעריסן אין דער

1) *Life and Confessions of a Psychologist*, by G. Stanly Hall, 1923, 409.

פאָרעם פון נעוראָטישע סימפּטאָמען. דעם אַנאַליטיקערס פונקציע איז זיי אַריינצוברענגען אין באַוואוסטזיין וואָס דאָס דאַרף, טעאָרעטיש, פירן צום הייל־פּראָצעס.

אָבער די דאָזיקע אַנטאָגאָנעטישע דערקלערונג, די דערקלערונג וואָס פירט די סימפּטאָמען צוריק צו דער קינדהייט פונעם פּאַציענט, איז בלויז דער אָנהייב פון אָט דעם טעאָרעטישן דרך. אַפילו דער מער־פּאַנטאַסטישער טראָט, דער ווייטערדיקער טראָט, וואָס ברענגט אַריין איבערלעבונגען וואָס שטאַמען פון דער פאַר־געבורט צייט, אַפילו ביי דעם שטעלט זיך ניט אָפּ דער טעאָרעטישער פלי. פרויד, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט עראָס, דעם געשלעכט־אינסטינקט, וואָס ביי אים איז דאָס דער אינסטינקט אויפצוהאַלטן דאָס אייגענע לעבן, האָט שפּעטער צוגעגעבן דעם טויט־אינסטינקט. ער דערקלערט קודם־כל, אַז„אַן אינסטינקט איז, קומט אויס, אַן איינגעבוירענע טענדענץ אין לעבעדיקער אָרגאַנישער מאַטעריע וואָס טרייבט זי איבערצו־חזרן אַ פריערדיקן צושטאַנד [פרוידס קורסיוו], אַזאַ וואָס זי האָט געמוזט פאַרלאָזן אונטערן דרוק פון דרויסנדיקע צעשטערנדיקע כוחות — אַ מין אָרגאַנישע בייגעוודיקייט, אָדער, אַנדערש געזאָגט, אַ מאַניפעסטאַציע פון דער אינערציע פון אָרגאַנישן לעבן" [2]). אויב דאָס איז די טבע פון אַן אינסטינקט דעמאָלט לאָזט זיך שוין זען דער ווייטערדיקער טראָט: „עס וואָלט געווען קעגן דער קאָנסערוואַטיווער נאַטור פון אינסטינקטן, אויב דער ציל פון לעבן וואָלט געווען אַ צושטאַנד וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט געווען. עס מוז זיין אַן אוראַלטער אָנהייב, וואָס די לעבעדיקע בריאה איז פון אים שוין לאַנג אַוועק און זי ציט זיך צוריק צו אים מיט אַלע געדרייטע וועגן פון דער אַנטוויקלונג. אויב מיר מעגן אָננעמען ווי אַן איבערלעבונג, וואָס דערלאָזט ניט קיין שום יוצא מן הכלל, אַז אַלץ וואָס לעבט שטאַרבט פון סיבות וואָס ליגן אין אָרגאַניזם גופא און אַז עס קערט זיך אום צום אומאָרגאַנישן, קענען מיר בלויז זאָגן: דער ציל פון לעבן איז טויט, און קוקנדיק אויף צוריק, דאָס ניט־לעבן האָט עקזיסטירט פריער ווי דאָס לעבן" [פרוידס קורסיוו] [3]).

אין פרוידן איז תמיד וואָך געווען די אינטעלעקטועלע אומרו וואָס קען זיך ניט באַנוגענען מיט פאַרצייכנענען פאַקטן, אָדער אַפילו דאָס נאָענטע צו דעם וואָס דריינגט אַרויס פון די פאַקטן. זיין העכסטע אַמביציע איז געווען צו דערקלערן און ביים דערקלערן האָט ער בטבע געהערט צו יענעם סאָרט מאָלער וואָס מוז האָבן פאַר זיך די ברייטסטע לייוונטן. אָט אַזוי איז ער געפירט געוואָרן, ממש געטריבן פון די אַנטאָגאָנעטישע השערות — אַז מען קען דערקלערן דעם פּאַציענטס סימפּטאָמען מיט איבערלעבונגען אין זיין קינדהייט — צו זיינע פילאָגענעטישע טעאָריעס, אַז כדי צו פאַרשטיין דאָס וואָס מען געפינט איצט ביי מענטשן בכלל, דאַרף מען דאָס פאַרבינדן מיט

2) S. Freud, *Beyond the Pleasure Principle*, 44-45.

3) Ibid., 47.

געשעענישן אין די פּרימיטיווע עפּאָכעס פון מענטשלעכן מין. אָבער בעת דאָס ערשטע, די אָנטאָגענעטישע דערקלערונג, קען ווי נישט איז, דאָך אַמאָל באַקומען אַ קלאָרע באַשטעטיקונג, אָדער אַפּלייקענונג, אין דעם אַנאַ־ליטיקערס קליניקשער פּראַקטיק, בלייבט, מוז בלייבן, די פילאָגענעטישע השערה הענגען אויף די דינע פעדעם פון הוילער ספּעקולאַציע.

אין זיין ווערק טאָטעם און טאַבו לאָזט זיך פרויד אויף אַ ווייטער עקסקורסיע אין מענטשלעכער פאַרגעשיכטע. שטיצנדיק זיך דער עיקר אויף די פאָרשונגען פונעם אַנטראָפּאָלאָג ראָבערטסאָן סמיט בויט אויף דער פּאָטער פון פּסיכאָאַנאַליז אַ מערקווערדיקן בנין. עס קומט אויס אַז מענטשן האָבן אין אור־אַלטע צייטן געלעבט אין האָרדעס וואו די פּאַטריאַרכאַלישע סיסטעם האָט געהערשט. דער פּאָטער האָט מיט פיזישן כוח געהערשט איבער אַלעמען. זיינע קינדער האָבן אי אים רעספּעקטירט ווי אַ טאַטן און פירער, אי אים פיינט געהאַט, ווייל ער האָט גענומען פאַר זיך אַלץ וואָס דאָס לעבן האָט געפּאָדערט, אַלע פרויען, און געהערשט האָט ער מיט ברוטאַלער מאַכט; ער האָט אַפילו קיין רחמנות ניט געהאַט אויף די אייגענע קינדער ווען זיי האָבן אים ניט געפאָלגט. צום סוף האָבן זיינע זין דאָס מער ניט געקענט אַריבערטראָגן, האָבן זיי קאָנספּירירט און דערנאָך רעוואָלטירט קעגן אים, אים דערהרגעט און אויפגעגעסן זיין טויטן גוף. נאָך דעם גרויסן פאַרברעך האָבן די קינדער געלעבט צווישן זיך אין אַ האָרדע פון ברידער וואו עס איז אָבער נאָך אַלץ פאַרגעקומען אַ געראַנגל אויף לעבן און טויט צווישן דעם שטאַרקסטן מאַן און די אַנדערע מענער, אַזוי ווי פריער. מיט דער צייט האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז כדי זיי זאָלן איינס ס'אַנדערע ניט אומברענגען דאַרפן זיי איינפירן אַ לעבן לויט געוויסע תקנות. בלויז אויף אַזאַ אופן קענען זיי אויסמיידן שטענדיקע שפיכת דמים.

נאָך דעם ווי די זין האָבן געהרגעט דעם טאַטן איז די שנאה צו אים פאַרשטויסן געוואָרן פון באַוואוסטזיין און זייער ליבשאַפט צו אים האָט גע־נומען די אויבערהאַנט. די אַמביוואַלענטע געפילן, פון איין זייט די פאַר־שטויסענע שנאה און פון דער אַנדערער זייט די אָפענע ליבע צום אומגע־בראַכטן פאָטער האָט זיך גענומען אויסדריקן אין אַ נייער פאָרעם. פון דעם נעמט זיך וואָס אין פּרימיטיווע געזעלשאַפטן איז אויפגעקומען די טאָטעם־חיה, די הייליקע באַשעפעניש וואָס רופט אַרויס אי פחד, אי הייליקייט. דאָס איז דער פאַרקערפּערטער גייסט וואָס באַשיצט און היט דעם גאַנצן שבט. מען טאָר זי ניט הרגענען, בכלל קיין שלעכטס ניט טאָן; זי ווערט דער פּסיכישער אָנשפּאַר אין די קריזיסן וואָס דאָס לעבן וואַרפט אונדז אין זיי אַריין.

אָט אַזוי, קומט אויס ביי פרוידן, זעען מיר דעם אָפּשטאַם פון רעליגיע, פון די סיסטעמען פון איינגעשטעלטע תקנות און שטייגער לעבן און פון דעם אָנגענומענעם מאָראַלן סדר אין אַלע מענטשלעכע געזעלשאַפטן. ביי

יעדן פון אונדז איז איינגעגראָבן אין זיין אומבאַוואוסטזיין דער חטא פון אַ פאָטער־מערדער, וואָס דאָס ווערט אונדז איבערגעגעבן בירושה פון הונדערטער, טויזנטער דורות צוריק. אין אינדיווידועלן לעבן דריקט זיך דאָס אויס אין מאַזאָכיסטישע נייגונגען, אין טונקעלע שולד־געפילן, אין דער סענסיטיווקייט פון געוויסן, אַזוי אַז אין פערזענלעכן איך, דעם עגאָ, וואַקסט אַריין, ווי אַ קאָמפּאָנענט, דער סופּערעגאָ, דער מאָראַלער באַפעל, דאָס געוויסן, עפּעס וואָס קומט פון דרויסן און ווערט אַ קאָנטראָליר־כוח אין לעבן פונעם עגאָ.

די רעפּוטאַציע פון די דאָזיקע פילאָגענעטישע עקסטראַוואַגאַנצן איז היינטיקע צייטן שטאַרק געפאַלן אַפילו ביי די הייסע חסידים פון פּסיכאָאַנאַליז. אין דער אַנטראָפּאָלאָגישער וועלט האָבן זיי פון אָנהייב אָן אַרויסגערופן גרויסע ספקות, אַפילו היציקע קעגנערשאַפט. עפּעס ענלעכס דערצו קען געזאָגט ווערן וועגן אַנדערע ברייטע גענעראַליזאַציעס וואָס פרויד האָט אַרויסגעדרונגען פון זיינע פּסיכאָאַנאַליטישע השערות און זיי אָנגעווענדט אויף די וויכטיקסטע פונדאַמענטן פון די געזונטע, נאָרמאַלע אויסדרוקן פון מענטשלעכער איבערלעבונג, קולטור און פון מענטשלעכן גייסט.

פרוידס דערקלערונגען פון חלומות אין דער אַזוי־גערופענער פּאַטאָלאָגיע פון טעגלעכן לעבן, זענען, ווי שוין געזאָגט, זיכער ריכטיק אין טייל פאַלן, אָבער בשום אופן ניט אין אַנדערע. די אַרויסגעוויזענע גאונות ביים אויפבויען דעם סינטעטישן בנין פון די אַלע טעאָריעס און השערות כדי אַריינצופּאַסן זיי אין די פאַקטן פון רעאַלן לעבן, איז פון אַזאַ מדרגה, אַז מיר בלייבן פאַרחידושט אי פונעם ריין־אַרכיטעקטאָנישן אויפבוי, אי פון די אויפגעכאַפּטע טרעפלעכקייטן וואָס אין זיי שטעקט. אמת, נאָך אַלע ריזיקע אָנשטרענגונגען קען דער בנין אַלץ ניט אַריינצונעמען אין זיך גענוג שטיקער לעבן וואָס פרויד האָט זיך באַמיט איינצושליסן מיט ספּעקולאַטיוון געוואַלד. מען מוז אָבער דאָך מודה זיין, אַז די נייע וועגן וואָס פרויד האָט געעפנט זענען אַזוי שטייךרייך אין גרויסע, סוגעסטיווע מעגלעכקייטן, אַז זיי מאַכן אונדז אינטעלעקטועל געוואַגטער צו ווענדן אונדזער געדאַנק אין נייע, נאָך־ניט־אויסגעפּרוּווטע ריכטונגען.

די טענדענץ אַלץ מער און מער אויסצוברייטערן גענעראַליזאַציעס קען בכלל זיין זייער פאַרפירעריש. אָט, למשל, האָט פרויד אויסגעפונען אַז די ליבידאָ, די דינאַמישע מאַניפעסטאַציע פון געשלעכט־אינסטינקט, דריקט אויס איר אויפרייצנדיקע טבע ניט בלויז אין די געשלעכט־אָרגאַנען, נאָר אויך אין אַנדערע ערטער פון קערפּער, אַ שטייגער די ליפּן. אָט דעם געדאַנק, אַז דער קערפּער פאַרמאָגט אַ סך עראָגענישע ערטער, האָט פרויד, גאַנץ פרי אין זיין טעאָרעטישער אַרבעט, אויסגעברייטערט ביזן ווייטסטן עקסטרעם. אין אַ פאַרבייגייענדיקער הערה לאָזט ער וויסן, אַז: „דאָס ווייטערדיקע נאָכטראַכטן און אָבסערווירן ברענגט מיך צוצושרייבן די

קוואַליטעט פון ערגאַנישקייט צו אַלע טיילן פון מענטשלעכן גוף און די אינערלעכע אָרגאַנען"[4]. דערפון קומט אויס, אַז דער עצם באַגריף ערגאַניש קריגט גאָר אַן אַנדער טייטש. ער הערט אויף צו זיין די שפּירעוודיקע איבערלעבונג אין געשלעכטלעכער סענסיטיווקייט, וואָס איז אונדז אַזוי גוט באַקאַנט, ממילא מוזן מיר שוין גיין אַ טראָט ווייטער און דעפינירן דעם באַגריף סעקס אַ סך ברייטער, עפּעס אַזוינס וואָס שליסט איין אַ סך זייטיקע אָבסערוואַציעס פון גאָר אַנדערע קאַטעגאָריעס. ווי עס זאָל ניט זיין, ווערט דעמאָלט דער טערמין סעקס דורכויס פאַרפּירעריש, ווייל ער באַטייט עפּעס אַנדערש פון דעם וואָס מען פאַרשטייט געוויינטלעך אונטער דעם וואָרט.

די פּרוידישע גענעראַליזאַציעס נעמען אויך אַרום אַ סך אַנדערע מאַני־פעסטאַציעס פון נאָרמאַלן מענטשלעכן לעבן. לאָמיר זיך אָפּשטעלן דאָ בלויז אויף צוויי: קונסט און רעליגיע. קונסט רוקט אַרויס אַ שלל פּראָבלעמען וואָס ניט אַלע זענען גלייך אין וויכטיקייט צו דערקלערן די קונסט־דערשיינונג אין מענטשלעכן לעבן. פון שטאַנדפּונקט פון קונסט איז, למשל, אַן אויפ־קלערונג וועגן דעם קינסטלערס טאַלענט אַ סך ווייניקער וויכטיק ווי, לאָמיר אָנכאַפּן, אַ גרינטלעכער אַנאַליז און אַ דערקלערונג פאַרוואָס טייל ווערק נעמען אויס מער ווי אַנדערע, אָדער פאַרוואָס געוויסע ווערק, וואָס האָבן לחלוטין ניט אָפּעלירט אין אַ באַשטימטער צייט ביי באַשטימטע באַדינגונגען, מאַכן פונדעסטוועגן אַ שטאַרקן איינדרוק ווען צייט און לעבנס־תנאים בייטן זיך. עס איז, דאַכט זיך מיר, לייכט צו פאַרשטיין פאַרוואָס דאָס אַריינדרינגען אין פּראָצעס פון געניסן, אָדער מיטשאַפן, ווי טייל רופן עס, לאָזט אונדז אַ סך מער הערן וועגן קונסט, ווי אַ וועלט־כוח, איידער אַן אַנאַליז פון שאַפונגס־פּראָצעס, כאָטש דאָס לעצטע קען זיין אַ וויכטיקער פאַקטאָר ביים קלאָר מאַכן באַשטימטע דערשיינונגען אין דער מענטשלעכער פּסיכיק.

דער איינדרוק אַז פּסיכאָאַנאַליז האָט אַ סך בייגעטראָגן צו דערקלערן קונסט איז, דאַכט זיך מיר, דורכויס ניט ריכטיק. אין דער אמתן האָבן זיך פּסיכאָאַנאַליטיקער אָפּגעגעבן אַ סך מער מיטן קינסטלער, אָדער זיי האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו באַווייזן דורך קונסט, אַז זייער טעאָריע פון נעוראָ־טישע סימפּטאָמען איז ריכטיק, איידער צו אַנאַליזירן די ראָלע פון קונסט אין מענטשלעכן לעבן ווי עפּעס אין זיך גופא.

כדי צו באַווייזן פּרוידס איינפלוס אויף דער איצטיקער ליטעראַטור, דערציילט פריץ וויטעלס אַזאַ מעשה: ניט לאַנג צוריק האָב איך געלייענט אַ קורצע דערציילונג וואָס האָט געמאָלן אַ באַיאָרטן אַלטן בחור, אַ קמצן, וואָס האָט זיך אומגעריכט פאַרליבט איבערן קאָפּ אין אַ יונג מיידל, דער סטענאָגראַפיסטקע פונעם האָטעל וואו ער האָט געוואוינט. גאָרנישט לויט זיין שטייגער האָט ער פאַרוואָרפן דאָס מיידל מיט טייערע לוקסוס־זאַכן. דער מאָדנער איבערבייט האָט לכתחילה דעם מיידל פאַרשאַפט גרויס הנאה,

---

4) *Three Contributions to the Theory of Sex*, 1916, 46.

אָבער באַלד איז עס איר געוואָרן דערעסן. דער אַלטער בחור פלעגט כסדר איבערחזרן: פון אַלע מיידלעך וואָס איך האָב געזען ביסטו די חנעוודיקסטע. ביז טייל פונעם מיידלס פריינד האָבן איין מאָל באַמערקט, אַז זי איז מערק־ווערדיק ענלעך צום פּראָפיל פון דער פרוי אויפן זילבערנעם דאָלאַר [5]).
און וויטעלס פּאַרענדיקט אַזוי: „וואָלט די דאָזיקע קלוגע דערציילונג געקענט געשריבן ווערן איידער עס איז געקומען פרויד מיט זיינע אומבאַוואוסטזיניקע מעכאַניזמען? עס איז אַ שטיק פּסיכאָאַנאַליז". איך בין שטאַרק מסופּק צי דאָס וואָלט ניט געקענט געשריבן ווערן איידער פרויד האָט זיך באַוויזן. אומבאַוואוסטזיניקע פאַקטאָרן וואָס טרייבן מענטשלעכע האַנדלונגען אין באַשטימטע ריכטונגען זענען באַקאַנט סיי אין לעבן, סיי אין דער ליטעראַטור משנים קדמוניות. ר' פּנחס קאָרעצער האָט אַמאָל געזאָגט: „דער אמתער צדיק קען תמיד זען אַן זיינע אויגן און הערן אַן זיינע אויערן. אַ ייד קומט צו מיר פרעגן אַן עצה און איך הער ווי ער זאָגט מיר אומבאַוואוסט פאַר אים אַליין, וואָס מיין עצה זאָל זיין" [6]).

אָבער עס קען קיין ספק ניט זיין, אַז פרוידס איינפלוס אויף דער ליטע־ראַטור איז געווען זייער גרויס אין שייכות צו טעמע און צו אומבאַוואוסט־זיניקער מאָטיווירונג. דאָס הייסט, אַז זינט פרוידן האָט די ליטעראַטור, אַ סך מער ווי פריער, אויסגענוצט טעמעס און מאָטיוון פון דער פּסיכיאַטרישער ליטעראַטור. דאָס איז אָבער גאָר עפּעס אַנדערש ווי איינפלוס אויפן קינסט־לערישן דרך פון ליטעראַטור־אויסדרוק. די ליטעראַרישע שולן, ווי רעאַליזם, ראָמאַנטיזם, עקספּרעסיאָניזם, אָט די עפּאָכע־מאַכנדיקע פאָרמען און אינהאַלטן וואָס שטעלן מיט זיך פאָר קונסט־געשיכטע, באַוועגט זיך אויף גאָר אַן אַנדער ליניע ווי די אַנאַליטישע אַרבעטן פון פרוידן און זיינע תלמידים. פּסיכאָ־אַנאַליז האָט קיין נייע שול אין קונסט ניט געשאַפן.

פרוידס ערשטע אַרבעט אויפן פעלד פון ליטעראַטור איז געווען זיין אַנאַליז פון יענסענס סימבאָלישן ראָמאַן גראַדיוואַ. דאָ האָט ער אָנגעווענדט זיין טעאָריע פון חלומות. שפּעטער האָט ער, אין זיין מאָנאָגראַפיע וועגן לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי (1910), זיך באַמיט צוריקצופירן דעם קינסטלערס שאַפונגען צו זיינע סעקסועלע איבערלעבונגען אין דער קינדהייט. עס קומט אויס אַז דאָס וואָס רייסט זיך אַרויס אין דער פאָרעם פון נעוראָטישע סימפּטאָמען קען מען אויך געפינען הינטער אַזאַ קונסטווערק ווי „מאָנאַ ליזאַ". דאָס קען זיין זייער גוטע פּסיכאָלאָגיע, פּסיכיאַטריע, עס זאָגט אָבער צו ווייניק וועגן קונסט. אַפילו וועגן די קינסטלערישע כוחות אין דער קינסטלער־פּערזענלעכקייט — אַ פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעם וואָס קומט שוין אַביסל נעענטער צום קונסט־ענין — האָט פרויד זיך ניט געלאָזט אויף קיין ספּעקולאַטיווע עקסקורסיעס. אין זיין אַרבעט וועגן לעאָנאַרדאָ דאַ

---

5) Fritz Wittels, *Freud and his Time*, 1931, 400.

6) מדרש פּנחס, וואַרשע, 1876, 6.

ווינטשי, שרייבט ער: „אַזוי ווי קינסטלערישער טאַלאַנט און שאַפונג־פייאיקייט זענען אינטים פאַרבונדן מיט סובלימאַציע, מוזן מיר אויך מודה זיין אַז די טבע פון קינסטלערישער דערגרייכונג איז עפּעס וואָס צו דעם קען מען פסיכאָאַנאַליטיש ניט צוקומען" [7]). פאַקטיש הייסט עס, אַז פרויד האָט אויס־גענוצט קונסט צו באַשטעטיקן זיינע טעאָריעס, ניט זיינע טעאָריעס צו דער־קלערן קונסט.

אין זיין שטעלונג צו רעליגיע האָט פרויד ניט געקענט בייקומען דעם קאָנפליקט צווישן רעליגיע און וויסנשאַפט פון נייַנצנטן יאָרהונדערט. ער האָט אין רעליגיע דערזען אַן אילוזיע און ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן נויטווענדיקער רעליגיעזער רעטאָריק און דער אינטעלעקטועלער און עמאָציאָנעלער איבערלעבונג וואָס קענען פירן צו דער רעליגיעזער השערה. ער איז אויך גלייכגילטיק פאַרבייגעגאַנגען די באַזונדערקייטן פון צוויי וועלטן, כאָטש זיי מעגן גיין צוזאַמען אין לעבן. פון די דאָזיקע צוויי וועלטן איז איינע דער רעליגיעזער אויסדרוק פונעם שטייגעריש־רעטאָרישן אַקט, דעם ריטואַל, די צווייטע, די וועלט פון אַבסטראַקטע אַנונגען וואָס דריקט זיך אויס אין פאַרטיפטער, אַמאָל אויך מיסטישער, מעדיטאַציע. עס איז נאָך מער חידוש וואָס ער האָט ניט געכאַפּט די ענלעכקייט צווישן דער רעליגיעזער און דער פסיכאָאַנאַליטישער טענדענץ אויסצודריקן פּראָ־צעסן, אָפּעריר־פּרינציפּן דורך סובסטאַנצן, כאָטש עס ווערט אַביסל אַנדערש געמיינט ווי געזאָגט. די פסיכאָאַנאַליטישע ליבידאָ, עגאָ, סופּער־עגאָ, צענזאָר, אומבאַוואוסטזיין, עראָס, עדיפּוס־קאָמפּלעקס, און אַלע אַנדערע קענען אין אַ פרימיטיווער מענטאַליטעט לייכט איינפלאַנצן „אילוזיעס" פון באַשטימטע ענטיטעטן וואָס אַרבעטן מעשים.

וועגן רעליגיע האָט פרויד אַ סך געשריבן. זאָל דאָס ווייטערדיקע דינען ווי איינע פון זיינע דעפיניציעס: „עס זעט מיר אויס צו זיין אָן שום ספק, אַז דאָס נייטיקן זיך אין רעליגיע נעמט זיך פונעם קינדס געפיל פון אומ־באַהאָלפנקייט און דאָס דערוועקט אַ בענקשאַפט נאָך אַ פאָטער, ספּעציעל ווען דאָס דאָזיקע געפיל איז ניט בלויז אַן איבערבלייבעכץ פון דער קינדהייט־צייט, נאָר עס ווערט געהאַלטן לעבעדיק אויס מורא וואָס די העכערע קראַפט פון גורל וועט ברענגען" [8]).

דער פאַרגלייך מיט דער אומבאַהאָלפנקייט פון אַ קינד און דער בענקשאַפט נאָך אַ פאָטער זעט אויס צו זיין אַ צוריקפיר צו דער פסיכאָאַנאַליטישער טעאָריע; ממילא ווערט רעליגיע אַ פועל־יוצא פון זון־פאָטער באַציאונגען און ווערט געטריבן פון די זעלביקע כוחות וואָס פירן צו נעוראָטישע סימפּטאָמען. דער חילוק קען דעמאָלט באַשטיין בלויז אין דעם וואָס בעת דער סימפּטאָם איז אַן אויסדרוק פון פסיכישער רעגרעסיע, איז רעליגיע

7) *Eine Kindheitserinnerug des Leonardo da Vinci,* 1910, 69.

8) *Civilization and the Its Discontent,* 1930, 21.

אַ דערהייבונג וואָס מאַניפעסטירט דעם פּראָצעס פון סובלימאַציע. אָבער אַפילו ווען מען געפינט אין רעליגיע דעם עלעמענט פון זוכן שוץ, איז נאָך אַלץ דער פאַרגלייך מיטן קינד לאַוו־דווקא. יעדער מענטש זוכט שוץ ווען ער געפינט זיך פּנים־אל־פּנים מיט אַ שטאַרקערן כוח וואָס איז גרייט אים שלעכט צו טאָן. אָבער פון דעם וואָס רעליגיע שטילט אַ באַדערפעניש איז נאָך בשום־אופן ניט געדרונגען אַז זי איז צוליב דעם אַן אילוזאָרישע אויס־טראַכטעניש, ווי פרויד וויל האָבן.

לאָמיר געדענקען אַז אַפילו צווישן פרומע און גאָטספּאָרכטיקע געפינען זיך אויך אַזעלכע וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף עלעמענטן פון אילוזיע אין רעליגיע. דאָס ליגט שוין גאַנץ קלאָר אינעם מאמר: „דברה תורה כלשון בני אדם". ווארעם אויב די תורה רעדט מיט אַ לשון, כדי מענטשן זאָלן קענען פאַרשטיין, ד"ה, אַ לשון וואָס מאַכט זאַכן בילדלעך, קאָנקרעט, קומט דאָך אויס אַז די בילדלעכקייט איז ניט רעאַל, נאָר דינט בלויז ווי אַ מיטל אַז אַ מענטש זאָל קענען באַנעמען גאָטס דרכים וואָס געהערן צו גאָר אַן אַנדער אוניווערס. מען וואָלט פּונקט אַזוי געקענט זאָגן אַז דער געדאַנק וועגן פּראָגרעס מוז זיין אַן אילוזיע, ווייל אַזוי ווי מענטשן נייטיקן זיך אין אַזאַ גלויבן האָבן זיי עס דעריבער אויסגעטראַכט. דאָס קען טאַקע זיין ריכטיק, אָבער עס איז זיכער נישטאָ קיין מוז אין דעם.

ווען מ׳נעמט אָבער ניט די רעטאָרישע בילדער און אַקטן פון דער רע־ליגיעזער ספערע, נאָר די אַנונגען וואָס טויכן אויף אין פּאַרטיפטער מעדי־טאַציע, דעמאָלט איז די מעגלעכקייט פון אַ רעליגיעזער רעאַליטעט לחלוטין ניט אָפּהענגיק פון דעם וואָס מען נייטיקט זיך אין איר, כאָטש אַזאַ נייטיקייט פאַרשטאַרקט בלי ספק דאָס ציען זיך אין אַזאַ ריכטונג. מען קען גאַנץ אָביעקטיוו, ניט בלויז פּסיכאָלאָגיש, נאָר טאַקע אויך לאָגיש, זיך דערטראַכטן צו דער רעאַליטעט פון אַ מאָראַלן פּרינציפּ וואָס באַהערשט דעם גאַנג פון וועלט און לעבן. די דעדוקציעס וואָס קענען דעמאָלט פירן צו דער דער־קענטעניש אַז עס איז דאָ אַ „גאָט אין הימל" איז טעאָרעטיש וויניקער וויכטיק ווי די ערשטע הנחה וואָס פירט צו אַזאַ געדאַנק. דאָס ווייזט אויך אָן די שוואַכקייט פון דער אַנאַלאָגיע צווישן רעליגיע מיט קינד־פאָטער באַציאונגען. קודם־כל איז דאָס קינד טאַקע אומבאַהאָלפן אָבער אויך ניט דערוואַקסן, אָן געהעריקע כוחות צו שעפּן פון אייגענעם ראַציאָנאַלן דענקען די אמתן וואָס די אַרומיקע רעאַליטעט גיט אונדז איבער. אַ חוץ דעם, אַ פאָטער איז דאָ, אַן אייגענער אָדער יענעמס, אָבער מען זעט אים מיט די אויגן, מען טראַכט אים ניט אויס. דער רעליגיעזער „פאָטער" לאָזט זיך ניט דערשפּירן מיט אונדזערע חוש־אָרגאַנען. מיר האָבן דעריבער דאָ צו טאָן מיט גאָר אַן אַנדער קאַטעגאָריע.

עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז ווען עס קומט צו רעליגיע זענען פרוידס אַרגומענטן אַזעלכע אַז זיי זענען ווייט הינטערשטעליק לגבי דער מדרגה

וואָס אויף איר זענען מיר תמיד געוואוינט אים צו זען. אָט איז אַ ביישפּיל דערפון. נאָך דעם ווי ער דערקלערט ווי אַזוי מען באַווייזט אין וויסנשאַפט אַז געוויסע השערות זענען אמת, למשל, די קיילעכיקייט פון דער ערד, זאָגט ער: „לאָמיר אָנווענדן די זעלביקע טעסטן אויף די דאָגמעס פון רעליגיע. אויב מיר פרעגן אויף וואָס עס שטיצט זיך זייער תביעה אַז מיר זאָלן גלייבן אין זיי, באַקומען מיר דריי ענטפערס, וואָס שטימען גאַנץ שלעכט צווישן זיך. זיי פאַרדינען מיר זאָלן גלייבן אין זיי, ראשית, ווייל אונדזערע אבות־אבותינו האָבן שוין אין זיי געגלייבט; שנית, מיר האָבן ראיות וואָס זענען אונדז איבערגעגעבן געוואָרן טאַקע פון יענעם פאַרצייטישן פּעריאָד; און דריטנס, ווייל מען טאָר בכלל ניט פרעגן קיין קשיות וועגן זייער אויטאָ־ריטעט"[9]). שוין אין ליכט פון דער פריערדיקער באַמערקונג וועגן די מעגלעכע וועגן צו רעליגיעזע אמתן, זעט אויס אַז אָט דער טיף־גראָבנדיקער גאון האָט גראָד, ווען עס איז געקומען צו רעליגיע געליטן פון עפּעס אַן אינערלעכן אָפּהאַלט ניט צו גיין ווייטער פון דעם אויבנאויפיקן. שוין ניט גערעדט וועגן דעם, אַז אין די פריערדיקע דריי געגעבענע ענטפערס, וואָס פרויד רעכנט אויס, ווערן פּשוט איגנאָרירט השערות, מחשבות און צוגאַנגען צו רעליגיעזע פּראָבלעמען פון די טיפסטע דענקער פון אַלע צייטן, און נאָך מער פון די פילאָסאָפן און וויסנשאַפטלערס פון זיין צייט וואָס פון זיי וואָלט ער געקענט הערן עפּעס מער ווי די דריי אָנגעוויזענע ענטפערס.

לאָמיר אויך באַטראַכטן פרוידס דעפיניציע פון אַן אילוזיע: „מיר רופן אַ גלויבן אַן אילוזיע ווען אין די מאָטיוון הינטער דעם גלויבן שפּילט אַ הויפּט־ראָל די דערפילונג פון אַ וואונטש, איגנאָרירנדיק זיין שייכות צום רעאַלן לעבן, פּונקט ווי ביי אַלע אילוזיעס... מיר קענען איבערחזרן אַז זיי [רעליגיעזע אידייען] זענען אַלע אילוזיעס, מען קען זיי ניט באַווייזן און מען קען קיינעם ניט נייטן זיי צו באַטראַכטן ווי אמת אָדער צו גלייבן אין זיי"[10]). לויט דער דאָזיקער דעפיניציע וואָלט מען, למשל, יעדן סאָרט אָפּטימיזם, פּערזענלעכן אָדער סאָציאַלן, געדאַרפט האַלטן פאַר אַן אילוזיע. אָפּטימיזם איז, דאַכט זיך, אַ דערפילונג פון אַ וואונטש און דער אָפּטימיסט איז ניט שטאַרק מקפּיד אויף רעאַלע מעגלעכקייטן. אָבער אויב מען זאָל אַזעלכע איבערלעבונגען האַלטן פאַר אילוזיעס, בלייבט איבער אַ צו־קליינער שטח פאַר ניט־אילוזיע אין מענטשלעכן לעבן. די גאַנצע וועלט פון שטרע־בונגען און האָפענונגען איז דעמאָלט אין סכנה פאַרטריבן צו ווערן אינעם לאַנד פון פאַלשע אילוזיעס.

אַ סך עלעמענטן פון פאָרמעלער רעליגיע האָבן זיך געביטן און האַלטן זיך אין אַיין בייטן אין היסטאָרישן לעבן. עס זענען אָפּגעפאַלן אָבערגלויבנס

9) *The Future of an Illusion*, 1949, 45.

10) Ibid., 54-55.

און פאַנטאַסטישע געשטאַלטן, אַנטראָפּאָמאָרפישע מעשיות פון גייסטער און געטער. אויך דאָס געבליבענע אין רעליגיע קען מען ריגאָריסטיש ניט באַווייזן. אָבער דאָס איז ניט ווייניקער אמת ווען אַ סך השערות פון פּסיכאָ־אַנאַליז. אַן אילוזיע ווערט אַ גלויבן ערשט דעמאָלט ווען מען קען יאָ באַווייזן זיין פאַלשקייט אָבער ניט ווען עס זענען ניטאָ קיין זיכערע באַווייזן אויף יאָ אָדער ניין.

פרוידס צוגאַנג צו רעליגיע איז מיר תמיד געווען אַ רעטעניש. רעדנדיק וועגן די רעליגיעזע דאָגמעס האָט ער, ווי עס ווייזט אויס, פאַרגעסן אַז יעדע פעסטשטעלונג איז סוף־כל־סוף געבויט אויף אַ דאָגמע, וואָס איז אַן אייגן קינד אָדער אַ ווייטער קרוב פון אַ ניט־אויסגעדריקטער הנחה. צו דערווייזן איר אמת איז פשוט ניט שייך. בכלל, עס שיקט זיך ניט אָפּצופטרן אַזאַ ריזיקן מענטשלעכן כוח ווי רעליגיע מיט „אילוזיע". עס איז גיכער מעגלעך אַז ביי פרוידן אַליין האָבן אומבאַוואוסטזיניקע מאָטיוון אים געטריבן אין דער אַנטי־רעליגיעזער ריכטונג. אגב, זעט מען אין דעם אויך די פאַרפירערישע מעגלעכקייטן פון אַ גרויסן אמת. עס קען גריילעך זיין אַז ווען פרויד וואָלט ניט אַזוי שטאַרק אַקצענטירט די מאָטיוון וואָס ליגן אויף יענער זייט פון באַוואוסטזיין, וואָלט ער גיכער געמוזט זען אין רעליגיע דעם באַצווינגענדיקן צויבער פון דעם וואָס זי איז און ניט בלויז ווי אַן אָפּשיין פון אונטערערדישע פּסיכישע באַהעלטענישן.

אָט אַזוי דערנעענטערן מיר זיך צו דעם וואָס פרויד לערנט אונדז וועגן די פּראָצעסן פון אומבאַוואוסטזיין. דאָס אומבאַוואוסטזיניקע אין אונדז איז אַ מלוכה פאַר זיך. דאָרט שפּילן זיך אָפּ געשעענישן וואָס ווערן געקלי־רעוועט פון כוחות וואָס לאָזן זיך ניט באַהערשן פון שכל; זיי האָבן זייערע אייגענע כללים און זייער אייגענעם גאַנג און אויפפיר. אָט דאָ קומען מיר אי צו די קלענערע חסרונות, אי צו די געוואַלדיקע מעלות פון פרוידס גרעסטן אויפטו.

אָפט איז פאַראַן אַ גאַנץ זיכערע ציל־ווענדונג אין דעם וואָס מיר טוען, כאָטש מיר ווייסן ניט דערפון. אין טאָג־טעגלעכן לעבן הערן מיר אָפט דעם פירוש, אַז פלוני בן פלוני טוט אַזאַ אָדער אַן אַנדער זאַך, כדי צו האָבן געוויסע נוצן דערפון, כאָטש עס קען זיין אומבאַוואוסט פאַר אים אַליין, אָבער דאָס שטערט ניט אַז דאָס וואָס ער טוט זאָל זיין געווענדט אין דער ריכטונג פון אַ באַשטימטן ציל. פרויד איז זיכער ניט געווען דער ערשטער וואָס האָט דאָס באַמערקט און ער אַליין האָט עס אויסגעצייכנט געוואוסט. דער געדאַנק פון אומבאַוואוסטזיניקער פּסיכישער אַקטיוויטעט האָט יאָהאַן הערבאַרט אַריינ־געאַרבעט אין זיין פּסיכאָלאָגיע. מיר געפינען דאָס זעלביקע ביי שאָפּענ־האַוערן און ביי עדוואַרד פאָן האַרטמאַן. דאָך מוז מען מודה זיין אַז ביז פרוידן האָט ניט בלויז קיינער ניט אַזוי שטאַרק אַקצענטירט די ראָלע פון

אומבאַוואוסטזיניקע פּראָצעסן אין מענטשלעכן לעבן, נאָר קיינער האָט זיך אויך ניט, אַזוי ווי פרויד, באַמיט אַריינצודרינגען אינעם כאַראַקטער פון די פּראָצעסן וואָס, לויט זייער ראָלע, זענען זיי פון ערשטער וויכטיקייט פאַרן לעבן און דאָך ווייסן מיר ניט פון זיי. נאָך מער, קיינער האָט זיך ניט געגעבן די מי, אַזוי ווי פרויד, צו דערגראָבן זיך צו די סיבות פאַרוואָס די דאָזיקע פּסיכישע פּראָצעסן ליגן אויף יענער זייט גרענעץ פון אונדזער באַוואוסטזיין.

שרייבנדיק וועגן דעם אומבאַוואוסטזיין הייבט פרויד אָן אַזוי: „דאָס וואָס קומט ווייטער איז ספּעקולאַציע, אַ ספּעקולאַציע וואָס איז אָפט ווייט־לויפיק וואָס יעדער מענטש וועט לויט זיין ספּעציעלער באַציאונג אָנערקענען אָדער פאַרבייגיין. מען קען אין דעם אויך זען אַ ווילן אויסצונוצן אַן אידייע, בלויז אויס נייגעריקייט צו זען וואוהין זי וועט אונדז פירן". נאָך דער דאָזיקער התנצלות איז ער גלייך מוסיף: „פּסיכאָאַנאַליטישע ספּעקולאַציע הייבט אָן פון די באַקומענע איינדרוקן, ביים אויספאָרשן אומבאַוואוסטזיניקע פּראָצעסן, אַז באַוואוסטזיין קען ניט זיין די סאַמע אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון פּסיכישע פּראָצעסן נאָר בלויז זייערס אַ ספּעציעלע פונקציע"[11]).

ספּעקולאַציע שמעקט מיט ריזיקע, וואָרעם דאָרט וואו עס פעלט דער עלעמענט פון וויסן, אָדער אַנדערע זיכערע אינסטרומענטן צו באַשטימען וואָס עס קומט פאָר, איז ניטאָ דער געהעריקער קאָנטראָל אָוועקצושטעלן די גרענעצן פאַרן לעגיטימען שטח פונעם ספּעקולירן. דאָס איז נאָך ריכטיקער פאַר אַזאַ גאון ווי פרויד, אי צוליב זיין געוואַגטקייט אין דעם ווייטן פלי פון זיינע איינפאַלן, אי צוליב דעם וואָס די וועלט פון אומבאַוואוסטזיין איז דער סאַמע ווינקלשטיין פון זיין שיטה, און דאָס קען אויף אים ווירקן — אומ־באַוואוסט פאַר אים אַליין — ער זאָל אינעם אומבאַוואוסטזיניקן פּסיכישן פּראָצעס „דערזען", אָדער אַריינטייטשן, עפּעס אַזוינס וואָס האָט אפשר ניט קיין רעאַלע ממשות, אָבער וואָס פּאַסט זיך אַריין אין זיינע הנחות, די פונדאַמענטן וואָס אויף זיי האַלט זיך זיין שיטה.

עס קען קיין ספק ניט זיין אַז ער איז אָפט דערפירט געוואָרן צו אַנטאַגאָנעטישע און פילאָגענעטישע ספּעקולאַטיווע עקסטראַוואַגאַנצן וואָס זייער פּרעכטיקע אַרכיטעקטור שטייגט ווייט אַריבער זייער וויסנשאַפטלעכן ווערט. דאָך וועט זיין פאַרבלייבנדיקער צושטייער צו מענטש־קענטעניש זיך שטאַרק אָנשפּאַרן אויף דעם וואָס ער האָט אַזוי גרינטלעך אָפּגעטיילט דעם עלעמענט פון וויסן, פון זיין באַוואוסטזיניק, ווי אַן אַלגעמיינע כאַראַק־טעריסטיק פון פּסיכישן געשעען. אַלע אינסטרומענטן פון פּסיכישן לעבן ווערן קלאָרער און בעסער פאַרשטאַנען ווען מען דערזעט אַז די פּראָצעסן פון איבערלעבן און דאָס וויסן וועגן זיי זענען ניט היינו־הך; אַז דאָס וויסן

---

11) *Beyond the Pleasure Principle*, 26.

וועגן זיי, דער פּראָצעס פון באַוואוסטזיין, איז בלויז אַ צוגאָב, זייער אַ וויכטיקער צוגאָב, צו אַ פּסיכישער דערפאַרונג; אָבער אַז פּסיכישע פּראָצעסן קומען פאָר, שפּילן אָפּט אַ דעצידירנדיקע ראָלע, קענען זיין דער מאָטי־ווירנדיקער טרייב־מעכאַניזם, אויך אָן דעם צוגאָב פון באַוואוסטזיין.

ווי מיר ווייסן האָט זיך פרויד דערביי ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט געהאַט די גרויסע אַמביציע צו אַנטפּלעקן די דראַמאַטישע געשעענישן וואָס שפּילן זיך אָפּ אין דער פאַרבאָרגענער וועלט פון אומבאַוואוסטזיין. אין דעם האָט ער אָפּט געמוזט שוועבן אויף די פליגלען פון זיין גאונישער ספּעקולאַטיווער פאַנטאַזיע. דאָס וואָס ער האָט ניט געקענט ממשותדיק אָנכאַפּן, האָט ער גענומען צוהילף די וועלט פון סימבאָלן, וואָס זענען אָפּט גענוג ווייכהאַרציק זיך צו לאָזן טייטשן לויט די אינטערעסן פונעם טייטשער.

אָבער סיי פרוידס טראָפּ אויף דער ראָלע פון אומבאַוואוסטזיניקע פּסיכישע פּראָצעסן, סיי זיין אַרבעט צו דערגיין דעם כאַראַקטער פון די אומבאַוואוסטזיניקע כוחות וואָס באַהערשן אונדז, כאָטש אין מאָמענט ווען זיי שפּילן אין אונדז זייער גרויסע ראָלע איז ניטאָ קיין סימן אין אונדזער באַוואוסטזיין פונעם ציל וואָס צו אים זענען זיי געווענדט, זענען עס, ווי איך זע, דער גרעסטער אויפטו פונעם שאַפער פון פּסיכאָאַנאַליז. פרויד האָט געזען אין מענטשן שטענדיקע קאָנפליקטן צווישן אינסטינקטיווע פאַרלאַנגען און די מאָראַלע, סאָציאַלע, אָדער אַנדערע שטרויכלונגען זיי צו באַפרידיקן. ווען די שטרויכלונגען זענען פון אַזאַ מין אַז מען קען זיי ניט בייקומען ווערן זיי פאַרשטויסן אין אומבאַוואוסטזיין אַריין און זיי רייסן זיך אַרויס אין דער פאָרם פון נעוראָטישע סימפּטאָמען, חלומות, אומגעלומפּערטע האַנדלונגען אָדער זיי ווערן סובלימירט און דריקן זיך אויס אין קינסטלערישע דער־גרייכונגען, רעליגיע, אד"ג.

בנוגע אינהאַלט און דער ראָלן־פאַרטיילונג אין דער דראַמע פון אומ־באַוואוסטזיין, אין דעם וועט די צוקונפט מסתמא אַריינברענגען נייטיקע, זייער נייטיקע קאָרעקטיוון. אָבער פרויד האָט אַנטפּלעקט דעם גרויסן און קריטישן פאַרנעם פון אָט דער אונטערערדישער וועלט פון וואָרצלדיקע מאָטיוון אין מענטשלעכן לעבן, אַז זי האָט אַן אייגנאַרטיק אויסזען און אַז זי פאַרמאָגט אַ דינאַמישע קראַפט וואָס מישט זיך אַריין אין אַלץ וואָס מיר טוען. דאָס איז דער ליכטיקסטער דימענט אין זיין קרוין.

(1957)

# די ליטעראַרישע שפּראַך

ווען איך בין אַנומלט געווען אין וואַרשע, האָב איך באַזוכט אַ פֿאַמיליע וואָס זייער זון געפֿינט זיך אין אַמעריקע. דער פֿאָטער, אַן עלטערער, אַלט־מאָדישער ייִד, האָט זיך באַזונדערס צעגאָסן אין לויב־געזאַנגען וועגן דעם כאַראַקטער פֿונעם זונס בריוו: „איך זאָג אייך, ער שרייבט פּונקט ווי ער וואָלט געשטאַנען לעבן מיר און גערעדט צו מיר. אָט איז אַ בריוו זײַנער, וועט איר זען". דאָס איז אַ בריוו, וואו די טראַדיציאָנעלע „ערשטנס" און „צווייטנס" האָבן געפֿעלט, און עס איז געווען קענטיק, אַז דער זון וויל מהנה זײַן דעם אַלטן טאַטן מיט אינטימערע ווענדונגען, אויסמײַדן דעם פֿאָרמעלן טאָן פֿונעם בריוו־סטיל. דער אַלטער האָט גערעדט וועגן דעם מיט פֿרייד, און אַ וואַרעמער, עכטער זקן־שמייכל האָט זיך צעשפּרייט אויף זײַן לאַנגער ווייסער באָרד. פֿאַרוואָס־זשע איז זײַן שמחה געווען אַזוי גרויס? זאָל איך זאָגן אַז די אַנדערשקייט פֿון דער בריוו־שפּראַך רופֿט אַרויס אַנדערע באַציאונגען, אַן אַנדער געמיט־צושטאַנד און אַנדערע פּסיכישע איבערלע־בונגען, גראָד אַזעלכע פֿון וועלכע אַן אַלטער טאַטע ווערט שנעל מיד? קענטיק, אַז דערין ליגט אַ גרויסער אמת.

מאָלט אייך, דער בריוו איז ניט געווען אַזאַ געניע קאָפּיע פֿון אַ פּער־זענלעכן שמועס. דאָרט האָבן בלויז געפֿעלט די גראָבע שטריכן פֿונעם בריוו־סטיל, ווי, למשל: „ערשטנס שרייב איך דיר פֿון מײַן ליבן געזונט", אָדער „פֿאָטער אָנשטאָט „טאַטע", „מוטער" אָנשטאָט „מאַמע" אד"ג. דערפֿאַר האָבן זיך דאָרט געפֿונען אַנדערע, דינערע שטריכן, וואָס האָבן קלאָר פֿעסט־געשטעלט די „בריוולעכקייט" פֿונעם בריוו. איך וועל שוין ניט רעדן וועגן דעם, וואָס דער בריוו האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ דאַטע, מיט אַ „טײַערער טאַטע", און מיט ענלעכע געצערטלטע ווענדונגען, און זיך געענדיקט מיט „דײַן געטרײַער זון". דאָס אַלץ איז פֿאַרשטענדלעך. אָבער די טענדענץ צו וויצלען זיך; די קורצע פּאַראַגראַפֿן מיט נײַעסן, וואָס שפּרינגען אַזוי שנעל פֿון פּונקט צו פּונקט; דאָס אויסמײַדן אַמעריקאַניזמען און פּאָלאָניזמען, אַזוי אַז דער בריוו האָט ניט פֿאַרמאָגט קיין טראָפּן לאָקאַלע קאָליר; די ווײַכע רעטאָריק וועגן דעם ים „וואָס דראָפּעט זיך ווי אַ ווילדע חיה צום הימל" און דערלאָזט ניט אַז די פֿאַמיליע זאָל זיך צוזאַמענקומען — דאָס אַלץ האָט קלאָר דערוויזן, אַז עס רעדט ניט קיין מויל, נאָר עס שרייבט אַ פּעדער.

נאָר אַזוי ווי רעדן צו רעדן איז ניט גלײַך, אַזוי איז אויך ניט גלײַך שרײַבן צו שרײַבן. ווײַזט אויס, אַז דאָס לעבן באַשטייט פֿון פֿאַרשיידענע ווינקלען. יעדעס ווינקל איז אַ סיסטעם פֿון שײַכותדיקע עלעמענטן, און ווען

עס האַנדלט זיך וועגן שפּראַך, האָבן מיר שפּראַכלעכע שייכות־סיסטעמען, וואָס יעדע פון זיי שפּילט אַ באַזונדערע ראָלע אין לעבן. אַזוי האָבן מיר די שמועס־שפּראַך, די בריוו־שפּראַך, די אַלגעמיין־אומפאָרמעלע שפּראַך, די פאָרמעלע שפּראַך, די ליטעראַרישע שפּראַך. יאָ, ווען עס קומט צו דער ליטעראַרישער שפּראַך איז גלייכער זיך אָפּצושטעלן. וואָרעם די ראָלע פון דער דאָזיקער שפּראַך איז זייער גרויס, און וועגן איר וואָלט איך טאַקע וועלן זיך אַביסל דורכשמועסן.

ליטעראַרישע שפּראַך איז אפשר אַ צו־ברייטער באַגריף. פאַראַן אַ סך קלאַסן און טיילן און ווינקלען אין דער ליטעראַרישער שפּראַך גופא. אָבער מיר ווילן נישט זיין צו געַנוי. פּינקטלעכקייט, אָדער עקזאַקטקייט, פאַלט צו שווער אויף מענטשן. אייגנטלעך ליגט טאַקע דער גאַנצער כוח פון דער ליטעראַרישער שפּראַך, פון אַלע אירע טיילן, דערין וואָס זי איז קאָנקרעט און צעשוואומען — און זאָל מען נישט מיינען, אַז קאָנקרעטקייט און צעשוואומענקייט זענען אַ סתירה.

די ליטעראַרישע שפּראַך, אינגאַנצן גענומען, האָט געוויסע מיטלען. וואָרעם מיר ווייזט אויס, אַז כאָטש די ליטעראַרישע איז די פאַרשפּרייטסטע געדרוקטע שפּראַך אין דער גאַנצער וועלט, איז זי אָבער ביי אונדז די איינציקע שפּראַך, וואָס מיר האָבן, די איינציקע, וואָס טראָגט אויף זיך די חתימה פון אַלגעמיינער הסכמה, און דאָס האָט אַ גרויסע ווירקונג נישט בלויז אויף אונדזער קולטור־לעבן, נאָר אויך אויף אונדזערע געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען.

די עובדא פון דער ליטעראַרישער שפּראַך איז נישט צו זאָגן, נאָר צו דערציילן, ד״ה, נישט אַרויסצוברענגען שייכותן און אויסצומיידן סתירות, נאָר אַריינצופירן מענטשן אין אַ ספערע פון זאַכן און געשעענישן דורך געפילן און בילדער, אַ מאַטעריאַל וואָס מען קען אויפנעמען מיט די חושים, אָדער מיט דער הילף פון באַלדיקער דערפאַרונג.

וויסנשאַפטלעך ווייסן מיר, אַז אונדזער באַלדיקע דערפאַרונג איז אָפּנאַרעריש. מיר ווערן אָבער קיינמאָל נישט שאָקירט, ווען מיר לייענען, אַז די זון „גייט אויף״ און „גייט אונטער״, אַז דאָס האַרץ איז דאָס וואוין־אָרט פון די געפילן, אָדער אַז אמתע ליבע איז אייביק. אין דער אמתן איז דער ליטעראַרישער „אייביק״ לחלוטין אַן אַנדער באַגריף ווי, זאָגן מיר, דער וויסנשאַפטלעכער „אייביק״. מיר פילן אָבער נישט די סתירה, ווייל יעדער „אייביק״ ווערט באַנוצט ביי באַזונדערע געלעגנהייטן, אין אַנדערע פּסיכישע ספערעס, און איינער ווייס נישט פונעם צווייטן, אַזוי צו זאָגן. נעמט, למשל, אַזעלכע ווערטער ווי „קליין״ און „גרויס״. פון אויבנאויף זענען דאָס נישט קיין דערציילערישע, נאָר „זאָגערישע״ טערמינען, ווייל זיי ווייזן דאָך נישט אָן אויף זאַכן, נאָר אויף שייכותן צווישן זיי. יעדער „קליין״ איז אַ „קליין״ בלויז דעמאָלט, ווען עס איז פאַראַן אַ „גרויס״, מיט וועלכן אים צו פאַרגלייכן, און אַ קליינער זייגער האָט בלויז אַ זינען דעמאָלט, ווען עס זענען

פּאַראַן אַנדערע זייגערס, וואָס מיר רופן גרויסע. דאָך, אומבאַמערקלעך, ווען אַזעלכע „זאָגערישע״, רייך־שייכותדיקע באַגריפן רייסן זיך אַריין אין דער ליטעראַרישער שפּראַך־ספערע, באַקומען זיי אַן אַבסאָלוטן ווערט, וואָרעם דער ליטעראַרישער „קליין״ איז נישט דער היפּוך פון גרויס, נאָר איז פאַר־בונדן מיט אַ געפיל אַז קליינקייט איז אין זיך אַליין אַ יש, און אין גאַנצן נישט אָפּהענגיק אין פאַרגלייכן. און ווען די ליטעראַרישע שפּראַך ניוטיקט זיך אין אַ קלאָרער פאָרמולירונג פון דער אַבסאָלוטקייט פונעם „קליין״, דע־מאָלט ווערט פונעם קליינעם זייגער אַ „זייגערל״, וואָס דאָס איז שוין זיכער עפּעס ממשותדיקס אין זיך אַליין. אין וואָס באַשטייט דאָ די ענדערונג? זי באַשטייט אין דעם, וואָס אַ „זייגערל״ איז שוין נישט סתם אַ קליינע זאַך, נאָר עפּעס צאַרטס, שפּילעוודיקס. די ליטעראַרישע שפּראַך האָט, הייסט עס, פאַררוקט דעם שייכותדיקן באַגריף „קליין״, וואָס האָט בלויז אַ זינען אין אַ זאָגערישער ספערע, און אַרויסגעבראַכט אין פאָדערגרונט ווערטער, וואָס וועקן די געפילן פון צאַרטקייט און שפּילעוודיקייט, און פּאַסן זיך אַזוי פיין אַריין אין דער ליטעראַרישער שפּראַך־ספערע.

די ליטעראַרישע שפּראַך מיט אירע בילדער און געפילן איז באמת די איינציק־מעגלעכע אין דערציילערישן מאָמענט. עס איז גענוג אַריינצושטעלן אַן עקזאַקטן טערמין ביים מאָלן אַ הויז — זאָגן מיר, אַ וואָרט וועגן דער צאָל ציגל, אָדער וועגן דער לענג און ברייט פון די פענצטער — כדי איינ־צוזען ווי לעכערלעך דאָס וואָלט געקלונגען. פאַרוואָס? ווייל דאָס וואָלט געפירט אויפן אַנאַליטישן וועג, און ממילא צעשטערט די דערציילערישע אָריענטאַציע.

די ליטעראַרישע שפּראַך אַנאַליזירט נישט. זי איז פאַראינטערעסירט אין גאַנצע, פּאַרטיקע זאַכן, וואָס זייער ראָלע ליגט טאַקע אין זייער גאַנצקייט און פּאַרטיקייט. ליטעראַריש איז אַ שטול, אַ שטול, נישט קיין בינטל מאָ־לעקולן, אַטאָמען, עלעקטראָנען און פּראָטאָנען. אַ פערד איז אַ פערד, נישט קיין בריאה, וואָס באַשטייט פון אַ סך קעמערלעך. וואַסער איז וואַסער. נישט קיין פליסיקייט, וואָס איז קאָמבינירט פון צוויי כעמישע שטאָפן אַאַז״וו. דאָס איז אויך אין דער טאָג־טעגלעכער שפּראַך, אָבער די ליטעראַרישע שפּראַך שטרעבט אַרומצורינגלען די זאַכן מיט מענטשלעכע געפילן און מאַכן זיי — ווי בילדער — אַמאָל העלער, אַמאָל טונקעלער, ווי די געלעגנהייט פאָדערט.

ווען די ליטעראַרישע שפּראַך זעט אַנשטאָט ליפּן — קאַרשן, אַנשטאָט באַקן — רויזן, אַנשטאָט אויגן — הימלען, איז דאָס ווייט, ווייט פון דער טאָג־טעגלעכער שפּראַך. און די דאָזיקע פאַרגלייכן שטאַמען אויך נישט דערפון, וואָס די שייכותן פון ליפּן, באַקן און אויגן צו קאַרשן, רויזן און הימלען זענען אַזעלכע קלאָרע. אין דער אמתן זענען די שייכותן פון ליפּן, באַקן און אויגן צו קאַרשן, רויזן און הימלען גאָר־גאָר

וויטע, באמת ווען מען באַטראַכט זיי אין אַ זאַגערישער אַטמאָספערע קוקן זיי אויס פשוט ווילד. אָבער פאַר אַ דיכטער איז גענוג זיך אָנצוכאַפּן אָן דער מינדסטער ענלעכקייט, אָבי אים געלינגט אַרומצוריגלען די זאַך מיט געפילן און שטימונגען, וואָס זענען פאַר אים וויכטיק אין געגעבענעם מאָמענט. פאַרשטייט זיך, ווען אַ דיכטער קען אין דער זעלביקער צייט שטילן די אינטעלעקטועלע פאַרלאַנגען, וואָס פאָדערן גענויע ענלעכקייט, דעמאָלט איז גאָר גוט. אַזעלכע געלונגענע פאַרגלייכן ווערן קלאַסישע ביישפּילן און ציטאַטן־זוכער באַנוצן זיך מיט זיי זייער אָפט.

די נאָענטקייט צווישן טאָג־טעגלעכער און דערציילערישער שפּראַך איז לחלוטין נישט קיין צופאַל. דאָס איז אויך דער אַלגעמיינער גאַנג פון שפּראַכלעכער אַנטוויקלונג. צום ערשטן רעדט אַ מענטש, שפּעטער דערציילט ער, און דערנאָך ערשט זאָגט ער. זאָגן איז די לעצטע מדרגה, און די שווערסטע דורכצופירן, ווייל דאָ פאָדערט זיך צו באַטראַכטן די וועלט אַזוי ווי מיר וואָלטן אין איר נישט געלעבט, אַזוי ווי מיר וואָלטן געשטאַנען פון דערווייטנס און געקוקט אויף איר ווי אויף אַ פרעמדער זאַך, אומאָפּהענגיק פון אייגענע געפילן, שטימונגען און סוביעקטיווע נייגונגען. רעדן און דערציילן גייען איינס נאָך ס'אַנדערע און זענען ענג פאַרבונדן צווישן זיך. די זאָגערישע שפּראַך פאָדערט שוין אַ באַוואוסטזיין, וואָס איז מער אָפּגערוקט פון די ערשטע צוויי און לייגט אויף אונדז אַרויף באַזונדערע התחייבותן.

די דערציילערישע שפּראַך, ווייל זי איז תמיד סוביעקטיוו באַפאַרבט, פאַרמאָגט אין זיך אַ מין וואַרעמע פריינדלעכקייט און אינטימקייט. ממילא ווערט זי אויך באַנוצט אין וויסנשאַפטלעכע ווערק, ווען דער צוועק איז צו מאַכן זיי פּאָפּולער. אין ענגליש, למשל, האָבן מיר אַ סך וויסנשאַפטלעכע ווערק, וואָס ווערן צוגעטראָגן ווי „מעשות": די „מעשה" פון ביאָלאָגיע, די „מעשה" פון אסטראָנאָמיע, פון פיזיק, פון געאָלאָגיע אאַז"וו. אמת, ווען מען קומט צו נעענטער צום פּסוק, זעט מען גאַנץ אָפט, אַז די מעשות זענען גאָרנישט אַזוי מעשה־מעסיק, אָבער דערין איז שוין דער שרייבער נישט שולדיק. נישט אַלעמאָל קען זיך דאָך איינגעבן צו טאָן אַן אַרבעט מיט פרעמדע, נישט צוגעפּאַסטע אינסטרומענטן. מען קען אויך רייסן טשוועקעס מיט די ציין, און דאָס געלינגט אַמאָל אויך, אָבער ווי ווייט קען דאָס דען פירן? און ווי לאַנג קען מען עס אַזוי אָנהאַלטן?

איז אין אַנדערע שפּראַכן פאַראַן אַ ברירה: ווען די ציין ווערן מיד, אָדער עס ווערט נמאס די אומגעשיקטקייט פון אַזאַ טשוועקעס־רייסעניש, זענען אויך פאַראַן פיינע שטאָלענע צוואַנגען, און אויסגעצייכנטע מאַשינען צו טאָן די אַרבעט. מיר אָבער, אין יידיש, געפינען זיך נאָך אינגאַנצן אויף דער דערציילערישער מדרגה, און מיר זענען געצוואונגען זיך צו באַנוצן מיט ליטעראַרישע שפּראַך־אינסטרומענטן פאַר אַן אַרבעט, פאַר וועלכער זי קען בְּרענגען בלויז אַ קליין ביסל נוצן, און זייער אַ סך שאָדן.

זאָל דאָ קלאָר ווערן, אַז עס האַנדלט זיך נישט וועגן אָרעמקייט פון שפּראַך. מיר מעגן זיך באמת גרויסן מיט דער רייכקייט, און ספּעציעל מיט די רייכע מעגלעכקייטן, פון אונדזער שפּראַך. יידיש איז אַזוי בייגעוודיק, אַז ס׳איז גאָרנישט שווער צו שאַפן פאַרבנרייכע טערמינען פאַר די דינסטע שאַטירונגען פון זאַכן און באַגריפן. אין דער אמתן האָב איך דאָ אין זינען דאָס ספּעציפישע שפּראַך־באַוואוסטזיין פון אונדזער עולם. איך האָב אין זינען די מענטשן, וואָס רעדן יידיש, נישט דעם יידיש, וואָס מענטשן רעדן.

ש. ניגער האָט אַמאָל געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט — אין אַ רעצענזיע איבער מיינס אַ בוך — אַז יידיש קען ניט אַזוי לייכט פאַרדייען קיין פרעמדע ווערטער ווי אַנדערע שפּראַכן. דאָס איז אמת, אָבער בלויז אַ טיילווייזער און אויך אַ ביטערער אמת, מיט וועלכן מיר דאַרפן לחלוטין ניט זיין צופרידן. ניט די פרעמדקייט פון די ווערטער, נאָר זייער עקזאַקטקייט שפּילט דאָ די הויפּט־ראָלע. אונדזער עולם וועט גאַנץ לייכט איבערנעמען און אַסימילירן אַלע „איזמען״ און אַלע „אַציעס״, אָבער ווען עס קומט צו אַן עקזאַקטן טער־מין, מעג ער אַפילו שטאַמען פון פולבלוטיקן יידישן יחוס איז, ווי זאָגט מען עס, גרויסע צרות.

נעמט, למשל, אַזאַ באַגריף, וואָס די דייטשן רופן „עמפּפינדונג״, און אין יידיש „שפּירונג״, דאָס איז די ספּעציפישע איבערלעבונג וואָס מיר האָבן בעת אונדזערע חושים ווערן אָנגערעגט. מיר „שפּירן״ אַ טעם, אַ ריח, די האַרטקייט פון אַ זאַך, אאַז״וו. מיט דעם וואָרט „שפּירונג״ האָט גלאַט פּאַסירט אַ שיינע מעשה. דריי יידן, וואָס האָבן אין פאַרשיידענע לענדער געשריבן אויף פּסיכאָלאָגישע טעמעס, זענען אין גאַנצן אומאָפּהענגיק איינער פונעם צווייטן געפאַלן אויפן שכל צו באַנוצן דאָס וואָרט „שפּירונג״ פאַר די איינדרוקן פון די חושים. עס דערמאָנט אָן דער לעגענדע וועגן דער סעפּטואַגינטאַ. תלמי המלך האָט אַוועקגעזעצט צוויי און זיבעציק יידישע זקנים, יעדן אין אַ באַזונדער צימער, און זיי געהייסן איבערזעצן די תורה, און גאָט האָט זיי אַלעמען איינגעגעבן איין געדאַנק, און אַלע האָבן געמאַכט די איבערזעצונג פּונקט מיט די זעלביקע ווערטער.

אַזאַ צוזאַמענטרעף פון מענטשן, פון פאַרשיידענע לענדער, בנוגע אַ וואָרט, איז זיכער אַ באַווייז, אַז דער טערמין איז אַן עכט־יידישער. מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסן אַז אין אַנדערע שפּראַכן איז פּשוט אוממעגלעך זיך צו באַגיין אָן אַזאַ טערמין אַפילו אין צייטונג־אַרטיקלען. אין יידיש אָבער איז מען געצוואונגען צו זאָגן אַזאַ צעשוואומען און צעגאָסן וואָרט ווי „געפיל״, בעת מען דאַרף בפירוש האָבן „שפּירונג״. אַנו, פּרובירט זיך וואַרפן אין די אויגן מיט „שפּירונג״ וועט עס הייסן חקירה, פילאָסאָפיע. די עקזאַקטקייט רופט אַרויס אַ ווידערווילן.

אָט בין איך פאַראינטערעסירט אונטערצושטרייכן אַז אַ געוויסע אייגנ־שאַפט איז אַן איינגעבוירענע, אָדער אַז זי איז אַ רעזולטאַט פון ירושה,

ד״ה אַז אָט די אייגנשאַפט האָט זיך דער געגעבענער מענטש ניט פאַרשאַפן אין משך פון זיין לעבן, נאָר אַז שוין אין דער ערשטער רגע, ווען עס איז פאָרגעקומען די פאַרבינדונג צווישן דעם מענלעכן קעמערל און דעם ווייב־לעכן, איז שוין דאָרט די אייגנשאַפט געווען פאַרטראָטן. אָבער איינגע־בוירנקייט״ און „ירושה״ זענען ווידערווילק דעם דערציילערישן באַוואוסטזיין. ווען איך זאָג, למשל, אַז די אייגנשאַפט „ליגט אים אין בלוט״, וואָלט מען זייער צופרידן געווען. „ליגט אין בלוט״ איז ליטעראַריש זייער קאָנקרעט, אָבער וויסנשאַפטלעך זייער צעפלאָסן, צעשוואומען, און בכלל אָן שום ווערט. דאָרט וואו מיר ווילן אָנווייזן אויף גאַנץ באַשטימטע שייכותן, וואו מיר ווילן ניט דערציילן נאָר זאָגן, איז „ליגט אין בלוט״ פאַרפירעריש, און דאָס איז זיכער ניט די לעצטע סיבה פאַרוואָס ביי אונדז איז מען אַזוי להוט צו לייענען דאָס לעצטע וואָרט וועגן קונסט, בעת עס איז שרעקלעך שווער אַריינצו־ברענגען אַפילו דאָס ערשטע וואָרט וועגן ענינים וואָס פאָדערן אַנאַליז און אָביעקטיוויטעט.

עס איז זיך ממש צו וואונדערן, ווי אַזוי מען קען אויסקומען אָן אַזאַ וואָרט וואָס דריקט אויס דעם פּראָצעס פון אויפנעמען זאַכן פון דער אַרומיקער וועלט. מיר זעען קאָלירן, פאָרמען, מיר הערן געראוישן, קלאַנגען, אָבער מיר „נעמען אויף״ בילדער, מיר „נעמען אויף״ מעלאָדיעס. אין דייטש רופט מען עס „וואַרנעמען״ אין אַנדערע שפּראַכן באַנוצט מען „פּערצעפּציע״. דער דאָזיקער באַגריף איז אַזאַ נייטיקער פאַר יעדן מענטשן מיט דער מינדסטער אינטע־לעקטועלער נייגעריקייט, און דאָך באַגייען מיר זיך אָן דעם, ווייל ער איז צו עקזאַקט, צו קאָרעקט.

ווען עס קומט אויס צו רייסן טשוועקעס מיט די ציין, גיט מען זיך אָן עצה, צו די גרויסע רירט מען זיך אינגאַנצן ניט צו, און פון די קליינע קלייבט מען אויס. די וואָס זיצן פעסט, גייט מען לייכט פאַרביי, און די וואָס זיצן לויז, פּרובירט מען, און ווי גאָט גיט. דאָרט וואו מיר ווילן עפּעס זאָגן און מיר זענען געצוואונגען צו דערציילן, מוז מען זיך באַנוצן מיט ליטע־ראַרישער קאָנקרעטקייט וואו מיר דאַרפן האָבן זאָגערישע עקזאַקטקייט. די רעזולטאַטן זענען ממש פאַטאַל. דאָס ווייזט זיך אַרויס צום בעסטן אין אונדזער טעאָרעטישער ליטעראַטור. אין די לעצטע יאָרן האָט זיך געקאָכט און גע־שטורעמט וועגן נייע שולן נייע באַגריפן, נייע ריכטונגען, נאָך קיינמאָל איז ביי אונדז אַזאַ שפע ניט געווען. דאָס וואָס אָט די שולן האָבן באַשאַפן קינסטלעריש גייט מיך איצט נישט אָן. דאָס איז די דערציילערישע זייט פון זייער אַרבעט. אָבער זיי האָבן דאָך אויך געוואָלט עפּעס זאָגן אינטעלעקטועל? זיך באַ־רעכטיקן טעאָרע[?]יש? וואָס איז אונדז געבליבן אין ליטעראַטור טעאָריע פון די אַמעריקאַנער „יונגע״? פון דער וואַרשעווער „כאַליאַסטרע״? פון דער מאָסקווער „פּראָלעטאַרישע״? בלויז די „אינזיכסטן״ האָבן געמאַכט אַן ערנסטן פאַרזוך. זענען זיי אָבער געבליבן טעאָרעטיש אַ קול־קורא במדבר, און זיי

אַליין האָבן זיך מער צו די פראַגעס כמעט ווי ניט אומגעקערט. ווי איך געדענק, זענען יאָ געווען עטלעכע קאָמענטאַרן, אָדער ענטפערס אויף זייער טעאָרע־טישער פּאָזיציע. אָבער ביי מיר איז געבליבן אין זכרון בלויז איין טענה (אַ חוץ ניגערס אַן אַרטיקל וועגן דעם גאַנצן ענין). מען האָט זיי חושד געווען, אַז זייערע געדאַנקען וועגן פּאָעזיע האָבן זיי ערגעץ וואו געגנבעט. נו, עס קען זיין, אַז גנבה איז אין דערציילערישער שפּראַך גענוג שטאַרקע אַרגומענטאַציע, בכל אופן איז זי גענוג קאָנקרעט, אָבער זאָגעריש איז אַזאַ אַרגומענט ניט גענוג עקזאַקט, ד״ה ניט גענוג צו דער זאַך.

וועגן די איבעריקע ריכטונגען איז פּשוט ניטאָ וואָס צו רעדן. עס איז פון זיי ממש קיין אות ניט געבליבן, וואָס זאָל האָבן דעם מינדסטן טעאָרעטישן ווערט. די לעצטע, די פּראָלעטאַרישע ריכטונג, האָט נאָך מער געזינדיקט פון אַלע. זי האָט מער געוואָלט, און אָן אַ שיעור גערעדט און „דערציילט״, אָבער כמעט ווי גאָרניט געזאָגט. וואָרעם באַנוצנדיק זיך מיט ריין־דערציי־לערישע מיטלען אין איר גראַנדיעזער טעאָרעטישער אויפגאַבע, האָבן אירע יידישע פאָרשטייער אויף מיר געמאַכט אָפט דעם איינדרוק פון יענע זעלנער, וואָס מען האָט זיי באַשטראָפט אויסצוקערן אַ קאַזאַרמע מיט אַ צאָן־בערשטל.

אָדער נעמט אַזאַ ביישפּיל. מען האָט שוין אַזוי פיל מאָל געפרעגט אונדזערע אַמעריקאַנער וואָרט־קינסטלער, פאַרוואָס זיי שפּיגלען ניט אָפּ אין זייער שרייבן דאָס אַמעריקאַנער יידישע לעבן. וואָס איז דער כאַראַקטע־ריסטישער דערציילערישער ענטפער? אַז דאָס אַמעריקאַנישע, כאָטש עס ליגט ניט אין דער טעמע, געפינט זיך עס אין ריטם, פאַרנעם, אַד״גל. „ריטם״, „פאַרנעם״ זענען הויפּט־ווערטער, און מאַכן אַן איינדרוק פון עפּעס פּאָזיטיווס, זיכערס, וואָס מען קען דערויף ממש אָנווייזן מיטן פינגער. איר ווילט זען דאָס עכט־אַמעריקאַנישע אין דער יידישער ליטעראַטור? פאַרוואָס זאָגט איר ניט? אָט ליגט עס דאָך פאַר אייערע אויגן: ריטם, פאַרנעם, גייט קלייבט אויס. די „פּראָלעטאַרישע״ האָבן אייגנטלעך געטאָן די זעלביקע זאַך: פּראָלעטאַרישער טעם, פּראָלעטאַרישער פאַרנעם, פּראָלעטאַרישער כצפּיחית בדבש, וואָס איז די נפקא מינה?

נעמט אַלע ליטעראַרישע און, בכלל קינסטלערישע, וויכוחים איבער אייגנטימלעכקייט און ספּעציפישקייט — ווערן זיי געוויינלעך געפירט אויף אַזאַ אופן. למשל: יידישע מוזיק הייסט ניט מוזיק פון יידן, נאָר דאָס אייגנ־טימלעכע, דאָס ספּעציפיש־יידישע. דערנאָך נעמט מען אַ מוזיקאַלישע קאָמ־פּאָזיציע פון אַ קאָמפּאָזיטאָר, וואָס מען ווייסט שוין פון פריער אַז ער איז אַ ייד, און — דאָס איבעריקע איז שוין לייכט ווי אַ האָר פון דער מילך. מען ווייזט אייך ממש אָן מיטן פינגער: אָט זעט איר דאָך. וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט? איך מיין ניט אָפּצולייקענען אַז עס זענען פאַראַן אַזעלכע אייגנ־טימלעכקייטן, איך וויל אָבער דורכויס לייקענען, אַז מען קען ווען־עס־איז האָפן זיי צו געפינען מיט ליטעראַרישע שפּראַך־מיטלען.

אין פרט פון אַט די לייכטע, לופטיקע גענעראַליזאַציעס קומט זיך די ליטעראַרישע שפּראַך פולשטענדיק צונויף מיטן טאָג־טעגלעכן דענקען און רעדן. אַלע מיינונגען וואָס גייען אַרום וועגן ראַסן, פעלקער, פרויען זענען געבוירן געוואָרן אויף אַזאַ מין אופן. זיי מוזן ניט זיין דווקא פאַלש צוליב דעם, אָבער וואָסער וויסנשאַפטלעכן באַטרעף האָבן אַזעלכע גרינג־אָנגעקומענע גענעראַליזאַציעס? אָט, למשל, גיט זיך ז. שניאור אַזאַ מין זאָג (אָדער „רעד"): „און דאָס איז באַקאַנט אַז ווייבער זענען בטבע בייז ווען זיי קעמען זיך די האָר" (י. ל. פּרץ אין פּריוואַטן לעבן, „פאָרווערטס", אַפּריל 8, 1928). און ווער ווייסט עס ניט, אַז יעדער מענטש אין דער רגע וואָס פאַרן טויט גייט דורך אין זיין געדאַנק דאָס גאַנצע פאַרגאַנגענע לעבן זיינס (דאָס האָט מסתמא אויסגעטראַכט אַ שרייבער אויף די עלטערע יאָרן, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיינע מעמואַרן). אין אַלגעמיין, אָט די לייכטע גענעראַליזאַציעס זענען אין דער אמתן גלייכווערטלעך און אַפאָריזמען, אויס־געדריקט אויף אַזאַ אופן אַזוי ווי זיי וואָלטן פעסטגעשטעלט געזעצן.

אַ סך מאָל העלפט זיך די ליטעראַרישע שפּראַך מיט פראַגעס, בעת זי קומט אַריין אין דער זאָגערישער אַטמאָספערע. אַ פראַגע שמעקט מיט אינטעלעקטועלע נייגעריקייט, מיט וועלן אויסגלייכן סתירות. אָט לייענען מיר אין אַן אַזוי־גערופענער לירישער עסיי: „וואָס איז לעבן? ליבע? טויט?" און עס דאַכט זיך אַז דאָ ליגט דער טראָפּ ניט אויף בילדער און געפילן, נאָר אויף דעם פאַרלאַנג עפּעס אויסצוגעפינען. אָבער דאָס איז אַן אָפּנאַ־רערישער איינדרוק. וואָרעם פּרובירט אין געדאַנק אויסצומעקן די געבראַכטע שאלות, און שטעלט אַריין אַנדערע, ווי: וואָס איז אַזוינס אַ פערד? אַ נומער? אַ טיש? און שוין פאַרשווינדט די ערנסטע אָנגעכמורעטקייט פון פריער. כאָטש יעדער אינטעליגענטער מענטש ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער וואָס באַ־נעמט ניט די טיפקייט און ערנסטקייט פון אַזאַ פראַגע „וואָס איז אַ טיש?" קען באין אופן ניט אויפכאַפּן דעם תמצית פון אַ פראַגע ווי „וואָס איז אַזוינס ליבע?" אין דער אמתן ליגט אין יענע פראַגעס ניט נייגעריקייט נאָר ליטע־ראַרישער עפעקט. ליבע, לעבן און טויט זענען ווערטער וואָס רופן אַרויס שטימונגען און געפילן, און זיי ווערן נאָך שאַרפער בעת מען שטעלט זיי אַוועק אין אַ פרעגערישער ראַם. עס איז אייגנטלעך ניט קיין פראַגע וועגן ליבע, לעבן, אָדער טויט, נאָר שטימונגספולע ווערטער איינגעהילט אינעם צויבער פונעם פרעגערישן טאָן.

דאָס איז אמת אין אַלע שפּראַכן און ביי אַלע פעלקער. דאָס אומגליק ביי אונדז איז, וואָס דאָס ליטעראַרישע, אָדער דאָס דערציילערישע לשון איז דאָס איינציקע שפּראַך־ווינקל, וואָס מיר פאַרמאָגן. עס איז ביי אונדז פאַראַן ממש אַ ווידערווילן צו יעדן עקזאַקטן אויסדרוק, און ממילא צום מער איבערקלייבערישן געדאַנק. איז דאָך גאָר קיין וואונדער ניט וואָס אַפילו אַ מיטלמעסיקער דעמאַגאָג קען אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָבן דעם

שטאַרקסטן איינדרוק אויף מענטשן; וואָס עפּעס אַן אומבאַשטימטע, צעגאָ־סענע, צעפּלאָסענע און ליידיקע ווערטער־קאָמבינאַציע — ווען זי איז נאָר ליטעראַריש געננוג קאָרעקט, בילדלעך — מעג עס זיין אין ליטעראַטור, קונסט, וויסנשאַפט, אָדער וואו ניט איז, זאָל קענען שאַפן אַן אַטמאָספערע פון גלויביקייט, וואָס מען טרעפט זעלטן ביי מאָדערנע מענטשן.

ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז אין פאַרגלייך מיט אונדזער קינסטלערישער ליטעראַטור שטייט אונדזער עסיי, פּובליציסטיק און וויסנשאַפט אויף אַ נידעריקער מדרגה, ווען מען האָט דאָס אין זינען — קען מען פאַרשטיין אַ סך נעגאַטיווע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען אין אונדזער לעבן. עס איז שווין צייט מיר זאָלן אַלע זען די ערנסטקייט פונעם דאָזיקן ענין. אַזאַ מין איינזייטיקייט טריקנט אויס די זאַפטן, וואָס בלויז דורך זיי קען וואַקסן און זיך אַנטוויקלען אונדזער קולטור. ווען מיר זאָלן אַלע זען די וויכטיקייט דערפון, און פילן דעם צער דערפון, וואָלטן מיר אַפילו מיט אונדזערע אָרעמע מיטלען געקענט אַ סך טאָן ממשותדיקס צו פאַרבעסערן די לאַגע.

(1929)

# אַ וואָרט וועגן ווערטער

אויסגעהערט מיינע אַלע טענות, מאַכט ער צו מיר:

— פונדעסטוועגן דאַכט זיך מיר, אַז איר גיט זיך צופיל אָפּ מיטן פּינקטלעכן טייטש פון ווערטער. איך האָב פּשוט מורא, אַז דאָס וועט ווערן ביי אייך עפּעס אַ מין משוגעת — דעפיניציעס און דעפיניציעס.

און דאָך פיל איך בחוש דעם הייסן אָטעם פון וואָרט, און זע ווי עס שפּילט זיך פאַנאַנדער אַמאָל זיין סם־החיים און אַמאָל — זיין סם־המוות, אָבער תמיד — כוח, גבורה, מיטן שטורעמדיקן אימפּולס מנצח צו זיין. איז אַמאָל גוט, אַז מען ווערט פאַרכאַפּט פונעם שטורעם, און אַמאָל איז נאָך בעסער, ווען מען שטעלט זיך אים אַנטקעגן, אָבער דאָס ערגסטע איז, ווען אין עקס־טאַז פון גליקלעכער באַצוואונגענקייט ווייסט מען ניט אונטערצושיידן צווישן מזרח, מערב, צפון, דרום.

עס איז אפשר מענטשלעך אַמאָל ניט צו זיין קיין מענטש, עס איז אָבער אַ סך ווייניקער ווי מענטשלעך צו מאַכן דערפון אַ מעלה. איז דעריבער, יאָ, גענוי, קלאָר, דעפיניציע, וואָס? וואוהין?

און אַמאָל פילט מען, אַז עפּעס קרענקלעכס, פאַרשטיקטס, ליגט אין אַ וואָרט, און ראַנגלט זיך און קען ניט אַרויסקומען. דאָס פּאַסירט דעמאָלט, ווען פּלוצלונג קומט אַרויס אַ וואָרט, וואָס פאַרכאַפּט אַלעמען. אַלע באַנוצן עס, עס האָט אַ סך טייטשן. און דאָך ווילט זיך עס ניט אָפּלאָזן. מען קען ניט גענוי איבערגעבן דעם זינען, מען ווייסט ניט פאַרוואָס עס האָט נעכטן ניט געפעלט און ווען עס איז היינט צוגעקומען, זאָל עס אַזוי פאַרהילכן די לופט. עפּעס איז פאַראַן הינטער אַזאַ וואָרט, וואָס ווערט מסתמא צעריבן, פאַרשטויסן, און דאָך אַלע באַנוצן עס אין אַזויפיל טייטשן און דאָס באַזונדערע מיטרייסנדיקע לאָזט זיך ניט אַרויסהייבן.

אַ פריינד מיינער האָט מיר אַנומלט געוויזן אַ בריוו. באַקומען האָט ער אים פון אַ „קולטור־קלוב״, וואָס רופט אים צו אַ קולטור־זיצונג, וואו מען וועט האָבן אַ קולטור־שמועס און מען וועט אַביסל פאַרברענגען אין אַ קולטור־אַטמאָספער. מענטשן וואָס זיינען ליטעראַריש געשטימט וועלן זיך מסתמא גלייך בייזערן אויף סטיל. אָבער דאָס פּסיכאָלאָגישע איז דאָ זיכער אַ סך אינטערעסאַנטער. פאַרוואָס פאָרט זאָל זיך אַ מענטש אַזוי צעקולטו־רעווען? און נאָך מער: געקומען אַ וואָרט „קולטור״, ערשט נעכטן־אייערנעכטן זיך אַריבערגעכאַפּט אויף אונדזער זייט גרענעץ, און זיך אַזוי צעלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט. דער טייטש דערפון? פון אַ נודנער באַנקעט־רעדע ביז דעם געשאַפענעם אינהאַלט פון אַ פאָלק אין משך פון דורותדיקן צוזאַמענלעבן. אַ צעשוואומענער טערמין, אָפט גיכער אַ לעכערדיקער זאַק,

וואָס מען קען אין אים אַלץ אַריינלייגן, און קיין זאַך קען זיך אין אים ניט האַלטן.

דערמאָנט זיך: אונדזער דור האָט יאָרן־לאַנג געחלומט און געפּלאַנעוועט אויפצוריכטן גייסטיק דאָס יידישע לעבן, געבויט טעאָריעס און געשאַפן פּראָגראַמען, ווי אַזוי דאָס צו דערגרייכן. יאָרן־לאַנג, און דער טערמין „יידישע קולטור״ איז כמעט ווי ניט געווען. וואָס זשע איז געווען דער באַגריף, אין וועלכן מיר האָבן דעמאָלט אַריינגעלייגט אונדזער באַגייסטערונג? מיר זענען דאָך אויך דעמאָלט ניט שטום געווען, און אונדזער ענטוזיאַזם איז דאָך דעמאָלט זיכער ניט געווען קילער ווי היינט. וואָס זשע האָבן מיר דעמאָלט געטאָן?

עפּעס חלומט זיך מיר, אַז דעמאָלט האָבן מיר געהאַט באַגריפן וואָס זענען אונדז נעענטער, אייגענער, און האָבן אויסגעדריקט עפּעס וואָס איז גענויער, פּינקטלעכער, יאָ, עס איז פאַראַן אַ גרויסער חשד, אַז „יידישע קולטור״ איז געקומען ניט עפּעס אָנצוצינדן, נאָר עפּעס צו פאַרלעשן. עפּעס וויל מען פאַרדעקן סיי פאַר אַנדערע, סיי פאַר זיך אַליין, און דערצו איז קיין בעסער מיטל ניט פאַראַן ווי אַ וואַסערדיקער, צעפלאָסענער טערמין, וואָס איז פּונקט אַזוי פאַרבלאָז ווי וואַסער. באמת, זיך אָנשטרענגען פאַר „קולטור״, דאָס פאַרשטיי איך. אָבער ראַנגלען זיך מיט די לעצטע כוחות, אָנצינדן אַ גליענדיקן פייער אין וואַקסנדיקע דורות, צעשטורעמען די לעצטע קוואַלן פון אַ פאָלק, וואָס מען האַלט אים אין איין פאַכען מיטן טויט פאַר די אויגן — און דאָס אַלץ פאַר קולטור, און בלויז קולטור, און רק קולטור, און קיין שום אַנדערן פּאָליטישן ווערט ניט ווי קולטור — ניין, דאָס וויל מען דאָך עמעצן אָפּנאַרן. עס קען דאָך ניט זיין אַז מען מיינט אַקוראַט וואָס מען זאָגט.

און אפשר בין איך אומגערעכט, אפשר איז „קולטור״ דאָס, יענץ, וכדומה. איז צו וואָס זשע זאָל איך באַהאַלטן? פאַרוואָס ניט רעדן אָפענע דיבורים? לאָמיר גענוי דעפינירן וואָס מיר מיינען מיט אונדזערע רייד. און צוריק־געשמועסט: אפשר וועט דאָס שוין גאָרניט העלפן. ווערטער זענען דאָך אַ סך מער ווי ווערטער, און „קולטור״ האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ קאַלטע, אָפּקילנדיקע לאָזונג, בפרט נאָך ווען מיר האָבן דעם זינען פונעם וואָרט אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע נאַאיווע און תמעוואַטע אָרנאַמענטן.

טייל פון אונדז, די לינקערע, וואָס טאָרן בכלל ניט שעפּן זייער וואָרעמ־קייט פון נאַציאָנאַלע לאָזונגען, און טאָרן דעריבער — ווען עס קומט צו „יידישקייט״ — ניט דערלאָזן עס זאָל גיין ווייטער ווי לעבלעכע רייד, האָבן פונדעסטוועגן, פאַר זיך אַליין, געוואָלט אַריינטריפן אַ קאַפּעלע רוח־חיים אין דער „קולטור״, האָבן זיי עס אַ נאָמען געגעבן „מאַסן־קולטור״.

איך האָב אַמאָל געטראַכט, ווען גאָט באַשערט מיר זיך צו באַגעגענען מיט דעם מאַכער פון „מאַסן־קולטור״, וואָלט איך אים געבעטן מיט טרערן

אין די אויגן, ער זאָל מיר טאָן אַ חסד און מיר דערקלערן דעם פּירוש־המילות. איז געקומען א. ליטוואַק, מיט עטלעכע חדשים פאַר זיין טויט, און דערציילט אין „צוקונפט" אַז „מאַסן־קולטור" איז זיינס אַ ווערטל וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט אין אַ רעזאָלוציע פון דער קיעווער „קולטור־ליגע" בשעתו. געמיינט האָט ער דעמאָלט גאָר פּשוט, אַז די „ליגע" דאַרף אין דער ערשטער שורה זיך באַשעפטיקן מיט זאַכן וואָס זענען צוגענגלעך צום ברייטן עולם. דאָס איז גאַנץ פּשוט און גאַנץ קלאָר, און פאַר דעם וואָלט מען אָסור ניט געדאַרפט האָבן אַזאַ אַלגעמיין הילכיקן אויסדרוק ווי „מאַסן־קולטור". נאָר, מילא, דאָס איז שוין אַ געשמאַק זאַך. אָבער איך פאַרשטיי וואָס מען מיינט. ווען, למשל, די סאָוועטן־רעגירונג פאַרשפּרייט פּאָפּולערע וויסנשאַפט צווישן די אַרבעטער, איז דאָס „מאַסן־קולטור", אָבער ווען זי גיט אויס הונדערטער טויזנטער רובל אויסצוהאַלטן אַ פּאַוולאָוו־לאַבאָראַטאָריע, איז דאָס ניט קיין „מאַסן־קולטור". יאָ, איך פאַרשטיי.

אָבער אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס מאַכן געוויסע פּאַרטיי־שרייבער אַזעלכע געוואַלדן אַז ניט „יידישע קולטור", נאָר „מאַסן־קולטור"? דאָס דערמאָנט מיך אָן יענעם חסיד וואָס איז געקומען צום רבין בעטן אַ תשובה, באשר בכן ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אויף אַ וואַרעם בענקל, און אויסגעפונען אַז די וואַרעמקייט קומט פון אַ פּרוי וואָס איז פריער דאָרט געזעסן. בייזערט זיך דער רבי: „האָסט דאָך בלויז אָנגערירט דאָס בענקל, טאָ צו וואָס מאַכסטו אַזעלכע געוואַלדן, דו שוטה איינער?"

און אַז מיר האַלטן שוין ביי „מאַסן־קולטור", איז זייער אינטערעסאַנט זיך אָפּצושטעלן אויף די „מאַסן" גופא. אויך דאָס איז, רעלאַטיוו גערעדט, אַ ניי וואָרט. אַמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, זייער אַ נוצלעך וואָרט, ביז דער רעפּראָדוקציע־פּראָצעס האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן דעם חוש פאַר געבורט־קאָנטראָל: מאַסן, פאָלקס־מאַסן, אַרבעטער־מאַסן, אַרבעטנדיקע מאַסן. קענטיק אַז דאָס וואָרט „מאַסן" האָט ניט געדעקט אַלע באַגריפן, וואָס מען האָט דערמיט געוואָלט אויסדריקן. וואָרעם דאָס איז פאַרגעקומען פּונקט אין דער זעלביקער צייט ווען דער באַגריף „דאָס יידישע פאָלק" איז טריף געוואָרן. „מאַסן" האָט דעריבער ניט בלויז געדאַרפט פאַרטרעטן זיך אַליין, עס האָט אויך געדאַרפט זיין אַ מין „ערזאַץ" פאַרן טרייפענעם „פאָלק". האָט עס ממילא געהאַט דעם טעם פון אַלע „ערזאַצן". און ווען דער מוח טראַכט „פאָלק" און די ליפּן טאָרן עס ניט אַרויסזאָגן — האָט מען געמוזט שלעפּן די „מאַסן" ממש פאַר די טשופּרינעס, אַבי עס זאָל אַרויסקוועטשן פון זיך וואָס עס דאַרף און קען ניט.

אויך „דאָס יידישע פאָלק" איז אַ לעצט געבוירן קינד. אַמאָל האָט די טאָג־טעגלעכע שפּראַך געזאָגט פּשוט „יידן", און אַבסטראַקט — „דער ייד", אויפן פּאָעטישן לשון — „ישראליק", און פאָלקסטימלעך — „כלל־ישראל". יענער „כלל־ישראל" האָט אַקוראַט און בוכשטעבלעך און אות באות

געמיינט דאָס זעלביקע ווי די היינטיקע „ברייטע מאַסן". און דאָך גיט היינט אַ זאָג „כלל־ישראל" — פֿאַראַן אַזעלכע וואָס ווילן איך ממש פֿאַרשטיינען. איז אַ חידוש וואָס פּונעם וואָרט איז ביי אַמאָליקע פילאָסאָפֿן געוואָרן אַ „לאָגאָס", און דער לאָגאָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַן ערשטע סיבה פֿון וועלט־געשעען?

ווערטער קענען ברענגען גליק און אומגליק. אַט איז אַ פֿאַל פֿון גליק. בעת דער מלחמה, ווען די געשרייען פֿונעם בלוט אויף די שלאַכט־פֿעלדער און פֿון דער דחקות הינטער די שלאַכט־פֿעלדער האָבן דערגרייכט עד לב השמים, האָבן זיך דאָ, אין אַמעריקע, געגרינדעט הילף־אָרגאַניזאַציעס פֿון פֿאַרשיידענע יידישע קרייזן און קלאַסן. אַזוי ווי אָבער די אינטערעסן זענען געווען אַלגעמיינע, פֿאָלק, כלל־ישראל, האָבן זיך אַלע פֿאַראייניקט, פֿון די אַרבעטער ביז דער גרויס־בורזשואַזיע, און ס'איז געשאַפֿן געוואָרן אַן אַלגעמיינע קאַסע און אַן אַלגעמיינער אַפּאַראַט. וואָלטן די אַלע יידן געלעבט אין און מיט יידיש, וואָלט די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע — אין אַמאָליקער טערמינאָלאָגיע געהייסן „כלל־ישראל". אָבער אַזוי ווי מען האָט דאָ געדאַרפֿט האָבן אַן ענגלישן עקוויוואַלענט, איז ממילא געוואָרן „דזשוינט". דער טייטש פֿון „דזשוינט" איז „צוזאַמען", „פֿאַראייניקט" — אין דעם פֿאַל איז עס געווען אַ פֿאַראייניקונג ניט סתם פֿון פּושקעס, נאָר אויך פֿון אַלע קרייזן און קלאַסן, בקיצור, כלל־ישראל.

שטעלט זיך פֿאָר, ווען די אָרגאַניזאַציע רופֿט זיך מיטן פֿאָלקסטימלעך־יידישן נאָמען, און ס'קומט קיין וואַרשע אַ פֿאַרשטייער פֿון „כלל־ישראל־קאָמיטעט". איך גלויב ניט, אַז די לינקערע ביי אייך וואָלטן זיך אין אַזאַ צייט אָפּגעזאָגט צו פֿאַרהאַנדלען מיט אַזאַ קאָמיטעט. פּיקוח־נפֿש איז דוחה שבת און אַפֿילו יום־כּיפּור, דאָס איז אַ כלל־ישראל־דין, וואָס פֿון אים האַלטן אַלע מענטשן און אַלע קלאַסן. אָבער די טראַגעדיע וואָס זיי וואָלטן איבער־געלעבט אין האַרצן קען מען זיך לייכט אויסמאָלן. וואָס טוט גאָט? רופֿט זיך דער „כלל־ישראל־קאָמיטעט" מיט אַן ענגלישן נאָמען — „דזשוינט". איז אי מען קען מיט אים אַרבעטן, אי מען קען אין דער זעלביקער צייט גלייבן און פֿאַרשפּרייטן דעם גלויבן, אַז ס'איז ניטאָ, קיינמאָל ניטאָ, אונטער קיין שום אומשטענדן ניטאָ, אַזאַ זאַך ווי „כלל־ישראל". זאָלן ניט געבענטשט ווערן די הייליקע הענט, וואָס האָבן באַשאַפֿן ווערטער אויף דער וועלט?!

האָבן מיר גערעדט פֿון אַ וואָרט, וואָס האָט דורכגעפֿירט אַ גליקלעכע מיסיע, אַזוי נאָט איך איצט אַ וואָרט וואָס האָט אונדז קיין זאַך, אַחוץ אומגליק, ניט געגעבן — „נאַציאָנאַליזם". אַנומעלטן אַנאָנסירט מיין ראַדיאָ אַ דעבאַטע צווישן סטודענטן פֿון אַ היגן אוניווערסיטעט, און פֿאַרשטייער וואָס זענען ספּעציעל געקומען פֿון אָקספֿאָרד, ענגלאַנד. די טעמע איז „נאַציאָ־נאַליזם". די אָקספֿאָרדער זענען קעגן, די אַמעריקאַנער — פֿאַר. הער איך די רעדעס, און ס'וואַרפֿן זיך דורך ווערטער און באַגריפֿן: פֿלאָטן, אַרמייען,

גרענעצן, פּאָליטישע אַליאַנסן, מלחמות, מען וואַרפט אָן אַ שלל היסטאָרישע ביישפּילן, איצטיקע וועלט־לאַגעס. די אָקספּאָרדער זענען קעגן, די אַמעריי־קאַנער פּאַר, און איך? מיט יעדן טראָפּן בלוט פיל איך אַז איך בין מיט די אָקספּאָרדער. אין מיר, פּונקט ווי אין זיי, ברענט דאָס פייער פון אַנטי־נאַציאָנאַליזם. טאָ ווי קומט עס וואָס עמעצער האָט מיך אַמאָל קוואַליפיצירט מיט די נאַציאָנאַליסטן?

נאָך קלאָרער איז מיר געוואָרן מיין אייגענע שטימונג ערשט לעצטנס. צוריק מיט אַ וואָך האָט איינשטיין דאָ, אין ניו־יאָרק, געהאַלטן אויף אַ באַנקעט אַ וואַרעמע יידישע רעדע, ווי ער טוט עס געוויינטלעך, ווען ער רעדט וועגן יידן. אָבער צום סוף האָט ער זיך דערקלערט ווי אַ קעגנער פון נאַציאָנאַליזם. פון זיינע רייד האָט מען זיך לייכט געקענט משער זיין, אַז רעדנדיק וועגן דעם האָט ער אין זינען געהאַט די איצטיקע מערדערישע היטלעריי אין דייטשלאַנד.

הייסט עס אַז איינשטיין האַלט אויך מיט די אָקספּאָרדער. אַוודאי, דאָס דאַרף זיין די כאַראַקטעריסטישע יידישע שטעלונג. היינט אויב אַזוי, פון וואַנען נעמט זיך עס וואָס אין אונדזער אייגענעם לאַגער זאָלן זיין אַזעלכע היציקע וויכוחים צווישן אָנהענגער און קעגנער פון נאַציאָנאַליזם? איז דער תירוץ: דאָס וואָרט, דאָס אומגליקלעכע וואָרט „נאַציאָנאַליזם“, וואָס אָפּגעפרעמדטע אינטעליגענטן האָבן צו אונדז געבראַכט פון דער פרעמד, מיט אַ פרעמדן אינהאַלט, וואָס שטאַמט פון פרעמדע לאַגערן, און האָט מיט אונדזער לעבן לחלוטין ניט וואָס צו טאָן. און כאָטש די רעדנער זענען זיך מתווכח וועגן דעם אויף אַ היימישער פּלאַטפאָרם, זענען זיי אָבער פּסיכיש אין אַ פרעמדער וועלט, אין דער וועלט, פון וועלכער די אינטעליי־גענטן האָבן צו אונדז דאָס דאָזיקע אומגליקלעכע וואָרט געבראַכט.

ביי אונדז ליגט אייגנטלעך דער שווערפּונקט ניט אויף נאַציאָנאַליזם, נאָר אויפן סאַמע פּשוטן, עלעמענטאַרן, פונדאַמענטאַלן קיום. ביי זיי האַנדלט זיך עס וועגן דערשיינונגען וואָס וואַקסן אין קולטור און ציוויליזאַציע, ביי אונדז איז עס אַ טראַגעדיע פון ביאָ־סאָציאַלן מין. ביי זיי דרייען זיך די וויכוחים אין אַ ספערע פון פּאָליטיק, ביי אונדז וואָלט דער געדאַנק גיכער געדאַרפט אָפּערירן אין אַ ספערע פון מעדיצין, אַזוי צו זאָגן. ווען מען ברענגט דעריבער אַריין זייערס אַ וואָרט אין אונדזער וועלט, מוזן מיר באַגיין אַ זינד פון לעכערלעך מאַכן דאָס טראַגישע — די גרויליקסטע זינד, אויף וואָס דאָס מענטשלעכע האַרץ איז פיאיק.

איז אויב קיום, לאָמיר גלייכער צעטיילן אונדזער לאַגער אויף קיומיסטן און אַנטי־קיומיסטן, און לאָמיר זען צי עס זענען טאַקע פאַראַן ביי אונדז אַנטי־קיומיסטן, און ווער זיי זענען, און דאָ זיך אָפּשטעלן? ניין, דאָ בלויז אָנהייבן, אָבער אָן אָנהייב מוז געמאַכט ווערן און מיטן פּאַסיקן וואָרט ביים פּאַסיקן אויבן־אָן.

איך האָב מורא אַז „יידישע קולטור“ איז איצט, אין געוויסע פֿאַלן, געוואָרן אַ מאַראַנען־לאָזונג, אַ לאָזונג פֿון אַזעלכע וואָס „ווילן ניט אָדער קענען ניט“ אָפֿן מודה זיין, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן קיום־האומה. און מאַראַנען — ביי זייער בעסטן ווילן, אַפֿילו אין הייליקער מאַרטירערייִ — האָבן אונדז קיינמאָל קיין גוטס ניט געטאָן. ניט „קולטור“ נאָר „קיומיזם“ דאַרף ביי אונז זיין דער נאַטירלעכער זאַמלפּונקט פֿאַר די וואָס אָטעמען און ווילן אָטעמען מיט דער אייגנאַרטיקער לופֿט פֿון יידישן לעבן. יידישע קולטור קען בלויז געדייען ווען זי איז אַ כשר קינד פֿון אַ כשר פֿאַמיליען־לעבן און ניט אַ ממזר וואָס לעבט פֿון געצוואונגענע אַלימענטן.

(1933)

# פּאָעזיע און רעליגיע

רעליגיע האָט געשפּילט, און שפּילט נאָך איצט, אַזאַ אומגעהייער וויכטיקע ראָלע אין דער וועלט, אַז ס׳איז גאָר קיין וואונדער ניט וואָס דאָס דאָזיקע וואָרט איז אַרומגערינגלט מיט זייער אַ סך ניט־געלונגענע דעפיניציעס. וואָרעם אַ דעפיניציע שטרעבט צו מאַכן באַגריפן איינפאַך און וויל זיי אָוועקשטעלן אין באַשטימטע גרענעצן. אָבער רעליגיע האָט זיך אין משך פון איר אַנט־וויקלונג אַזוי פאַרצווייגט און פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן געוועב פון לעבן, אַז קיין דעפיניציע איז ניט בכוח דאָס אַלץ אַרומצונעמען.

דאָך, דאָס רוב מענטשן, ווי נאָר זיי דערהערן דאָס וואָרט רעליגיע, וועט זיי גלייך קומען אויפן געדאַנק איר פאָרמעלע זייט: די צערעמאָניעס, דער ריטואַל, די דאָגמעס, אירע אַגרעסיווע און דעפענסיווע אינסטיטוציעס, אירע הייליקע פאַרטרעטער, אד״גל. פון דעם שטאַנדפּונקט קען מען רעדן וועגן רעליגיעזער פּראַקטיק אי אין איינצאָל, אי אין מערצאָל. וואָרעם עס זענען דאָך פאַראַן אַ סך רעליגיעס — אויב אונטער דעם וואָרט ווערט פאַרשטאַנען אַ באַשטימטע פאָרמעלע סיסטעם; די קריסטלעכע רעליגיע איז אַנדערש פון דער מאַכמעדאַנישער, פון דער יידישער, אאז״וו.

אין יידישן לעבן איז דאָס וואָרט „רעליגיע״ נאָך אַלץ ניט אין גאַנצן איינגעוואָרצלט. אונזערע עלטערן האָבן געוואוסט פון „דת״, פון „אמונה״. רעליגיע, האָבן זיי געוואוסט, איז אַ גויאישע זאַך, דאָס וואָרט איז צו אונדז געבראַכט געוואָרן פון אַזעלכע וואָס האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט אויף מערב־אייראָפּעאישע אָדער סלאַווישע קולטורן. ליידער, האָט אויך ביי אונדז דאָס דאָזיקע וואָרט אָנגענומען דעם פריער דערמאָנטן טייטש, כאָטש, אויב אונטער רעליגיע זאָל בלויז פאַרשטאַנען ווערן צערעמאָניע, ריטואַל אאז״וו, האָט מען זיך גאַנץ גוט געקענט באַגיין מיט די אַלט־יידישע טערמינען, און ניט אַריינברענגען אַ ווילד־פרעמדן עמיגראַנט, וועלכער קען זיך עפּעס ניט איינבירגערן ביי אונדז.

און דאָך דאַכט זיך מיר, אַז מיר האָבן גאַנץ גוט געטאָן וואָס מיר האָבן דאָס דאָזיקע וואָרט געבראַכט צו אונדז, בתנאי מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן פונעם ענגן, באַגרענעצטן טייטש וואָס מיר לייגן אין אים אַריין. אין דער גרויסער קולטור־וועלט איז רעליגיע תמיד פאַרשטאַנען געוואָרן אַ סך מער, ווי בלויז אַ פאָרמעלע סיסטעם פון אַ באַשטימטער ריטועלער פּראַקטיק. פילאָסאָפן און פּסיכאָלאָגן רעדן שוין גאַנץ לאַנג ניט וועגן רעליגיעס, נאָר וועגן רעליגיע, רעליגיע בכלל, עפּעס וואָס האָט אַ שייכות צו אַלע מענטשן אין זייער פּריוואַטן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, ניט בלויז וועגן געוויסע פאָרמעלע אויסדרוקן און אָפיציעלע אינסטיטוציעס. וואָרעם אַחוץ קירכן און שולן און גלחים און רבנים און ריטואַל און צערעמאָניע און אַלע איבעריקע איינצלהייטן פון

אָנגענומענעם רעליגיעזן שולחן־ערוך, און אַ חוץ די ריין מעטאַפיזישע פּראָבלעמען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט רעליגיעזע באַגריפן, איז פאַראַן אַ באַשטימטער סאָרט איבערלעבענישן, איבערלעבענישן וואָס האָבן זייער אייגענעם באַזונדערן כאַראַקטער, אַ „רעליגיעזן" כאַראַקטער. קיין אַנדער וואָרט איז בכל אופן דערוויל ניטאָ.

אין וואָס־זשע באַשטייט דער ספּעציפישער כאַראַקטער פון רעליגיעזע איבערלעבענישן וואָס זענען, ווי איך זע, פאַראַן אין יעדן פון אונדז? דערויף איז גאָרניט אַזוי לייכט צו ענטפערן. אַ חוץ דעם איז וועגן דעם אַזויפיל געזאָגט און געשריבן געוואָרן, אַז מען ווערט ממש דערטרונקען אין אַ ים פון השערות, טעאָריעס, פילאָסאָפישע און פּסיכאָלאָגישע הנחות, רעאַלע צושטאַנדן און אינדיווידועלע קאַפּריזן. איך וועל זיך אָבער באַגרענעצן דערמיט, וואָס איך וועל אויסקלייבן בלויז פינף מאָמענטן, וועלכע, מיר דאַכט זיך, שפּילן אַ גרעסערע אָדער קלענערע ראָלע אינעם לעבן פון אַבסאָלוט יעדן מענטשן. דריי פון אָט די פינף גיבן בלויז איבער דעם אינהאַלט פון רעליגיעזן באַוואוסטזיין, בעת די לעצטע צוויי ווייזן אָן אויף די מעטאָדן, מיט וועלכע מיר באַנוצן זיך, כדי אויסצוגלייכן קאָנפליקטן אין דער רעליגיעזער ספערע.

ערשטנס, מיר פילן אָפט, אַז עס איז פאַראַן אַ נאָענטע שייכות צווישן אונדזער אייגענעם פערזענלעכן מזל און דעם גאַנצן קאָסמישן געשעען. וויפיל אַ מענטש זאָל ניט זיין ווייסנשאַפטלעך געשולט, וועט ער פונדעסטוועגן טיילמאָל פילן גאַנץ קלאָר, אַז עפּעס גייט אים מיט דער פוטער אַראָפּ, עפּעס פּאַסירט אין דער וועלט אַלץ אַזוי ווי ס׳וואָלט עמעצער געוואָלט זיך רייצן מיט אים, אים דערצערענען און טרייבן אַלע ווינטן און אַלע רעדער קעגן אים. אָדער פאַרקערט, ער קען פילן, אַז דאָס מזל שפּילט אים צו, אַז אַלץ אין דער וועלט שפּאַנט זיך איין — פונקט אין דער נייטיקער רגע — פאַר זיין טובה וועגן. דאָס איז אַ גאַנץ מגושמדיקער אופן פון פילן זיך אָרגאַניש צונויפגעהאָפטן מיטן גאַנצן אוניווערס. עס קען אויך פאַרקומען אַ סך אייַדעלער. ווער עס קען זיך דערמאָנען וואָס ער האָט געפילט ווען ער האָט צום ערשטן מאָל דערזען דעם ים, וועט, גלויב איך, פאַרשטיין וואָס איך מיין. דאָס פילן די אייגענע נישטיקייט און פאַרגענגלעכקייט אין דער אומענדלעכקייט און אייביקייט פון ים; דאָס הערן אין די כוואַליעס קלאַנגען פון אייגענע געפילן: צער, פּראָטעסט, ווייטיק, ווילדע פרייד, אדו״גל. די מוראדיקע איינזאַמקייט פון די וואָלקנס אויפן הימל פונקט ווי פון זיך אַליין אויפן זאַמדיקן ברעג. אומעטום וואו דאָס אויג קערט זיך, וואו דאָס אויער גיט זיך אַ בויג, אומעטום ליגט דער חותם פונעם מין מענטש, פון מענטשלעכן מזל, פון זיך אַליין.

צווייטנס, אַז דיווירקלעכקייט ציט זיך ווייט, ווייט אַריבער די גבית־עדות פון די חושים. מיר וועלן דאָ ניט רעדן וועגן די אומגעוויינטלעכע

דערפאַרונגען פון גרויסע רעליגיעזע פירער, וועגן זייערע האַלוציניאַציעס, חזיונות אאַז״וו. אָבער אַפילו גאַנץ געוויינטלעכע און גאַנץ געזונטע מענטשן זענען בשום אופן ניט פריי פון געוויסע דערשיינונגען, וואָס שטאַמען פון ניט־געזעענע ווירקלעכקייטן. די פסיכאָאַנאַליטיקער האָבן געצויגן אונדזער אויפמערקזאַמקייט אויף דער אומגעהייערער ראָלע פון טעגלעכן פאַנטאַזירן, פון אַריינלעבן זיך אין מאָדנע סיטואַציעס, וואו מיר זעען אַזוי קלאָר דאָס ניט־געזעענע און שפּירן אַזוי טיף דאָס פאַרהוילענע. מיר שטעלן זיך פאָר אין אַן אומגליקלעכער אָדער גליקלעכער לאַגע, זעען זיך ווי העלדן אין דראַמעס און טראַגעדיעס, וויקלען פאַנאַנדער וועלטן און רעאַליטעטן, וואָס פילן אָן דאָס האַרץ מיט טרויער, צער אָדער גליק.

מיר האָבן זיך אויסגעבויט אַ שפּראַך, דורך וועלכער מיר האָבן די גוטע מעגלעכקייט צו שאַפן סטאַטישע בילדער פון דינאַמישן גאַנג פון געשעענישן. מיר נעמען פליסיקע האַנדלונגען און אַבסטראַקטע אידייען און פילן זיי אָן מיטן בלוט פון אַלעגאָריעס און מיט דער קאָנקרעטקייט פון סימבאָלן. עס איז גוט צו זיין „פריי״ און „שיין״, עס איז אָבער נאָך בעסער, ווען מיר קענען פאַרוואַנדלען אָט די אייגנשאַפטן אין הויפּט־ווערטער: „פרייהייט״, שיינקייט״. ווער פון אונדז פילט דען אַז אַזעלכע אויסדרוקן ווי „די פרייהייט קומט״, אָדער „די רואיקייט דרינגט אַריין אין האַרצן״, אָדער „דער טויט דערנענטערט זיך״ — ווער פילט דען אַז אַזעלכע אויסדרוקן זענען באמת רעטאָרישע פיגורן?

און צוריקגעשמועסט, זענען זיי טאַקע רעטאָרישע פיגורן? אָ, זיכער, אין דער צייט ווען מיר לאָזן לויפן דעם אַנאַליטישן געדאַנק, ווען מיר רעדן וועגן זיי מיט אַבסטראַקטן רעזאָנירן, פון שטאַנדפּונקט פון אַ רעאַליטעט וואָס בלויז חושים, אינסטרומענטן און לאָגישע אַרויסדרינגעכצן קענען אונדז געבן, דעמאָלט זענען יענע אויסדרוקן זיכער ניט מער ווי אַ מין „עס רעדט זיך אַזוי״. אָבער ווען מיר געפינען זיך אין דער געהעריקער ספּערע, ווען מיר לעבן איבער דעם מאָמענט פון אַ „פרייהייט וואָס קומט״ — ווילט זיך דאָך כמעט אויסדרייען דעם קאָפּ און קוקן מיט די אויגן, ווי אַזוי „זי״ קומט און פון וואַנען. די פּסיכישע איבערלעבענישן אין אַזאַ מאָמענט איז גאָר עפּעס אַנדערש ווי, כאַפּן מיר אָן, בעת מיר טראַכטן פון אַ געאָמעטרישן פונקט, וואָס האָט ניט קיין לענג, קיין ברייט, קיין טיפקייט, נאָר בלויז פּאָזיציע אין רוים. עפּעס איז דער באַגריף „פרייהייט״ נענטער, ווירקלעכער, געדיכטער אַרומגערינגלט מיט אמתער לופט.

דריטנס, דאָס געפיל אַז דאָס לעבן פאַרמאָגט אין זיך תמיד אַן „עפּעס מער״, צו וועלכן מען קען בשום אופן ניט צוקומען. וואָס מיר זאָלן ניט טאָן, ווי מיר זאָלן ניט פילן, וואָס מיר זאָלן ניט זאָגן — אַן „עפּעס מער״ בלייבט אונדז אייביק שטעקן אין גאָרגל, אַזוי צו זאָגן. מיר האַלטן זיך אין אַרומ־דרייען אַרום אים, אָט, דאַכט זיך, זענען מיר שוין נאָענט, זייער נאָענט,

און פלוצלונג — דאָס אויג גיט זיך ברייטער אַן עפן־אויף, און זע: מיר זענען מיילן ווייט, פלאַנעטן־ווייט פון אָט דעם רייצנדיקן, ציענדיקן פאַרטרייבנדיקן „עפּעס מער".

סטענלי האָל האָט אַמאָל פאַרגליכן דאָס פסיכישע לעבן צו אַן אייזבאַרג. דאָס באַוואוסטזיין איז בלויז איין צענטל, וואָס זעט זיך איבער דער אויבערפלאַך, בעת ניין צענטל — אָט דער מוראדיקער ריז וואָס שפּאַנט אונטער די כוואַליעס און פאַרטיליקט מענטש און חיה אויף זיין וועג — דאָס איז דאָס אומבאַוואוסטזיין.

אַלץ אין לעבן, אַזוי פילן מיר, האָט אַ „יענע זייט": אויף יענער זייט פון באַוואוסטזיין, אויף יענער זייט „פון גוטן און שלעכטן", יענע וועלט. און שרייבער, ספּעציעל פּאָעטן, פילן דאָך אַזוי קלאָר, אַז דאָס וואָרט, יעדעס וואָרט, האָט אויך אַ „יענע זייט", וואָס איז גרעסער, רייכער, טיפער און רעאַלער ווי דאָס וואָס געפינט זיך אויף דער אָפענער „דער זייט".

זאָלן רעליגיעזע עקסטאַטיקער פאַרטראָגן און אויסשפּרייטן דאָס דאָזיקע געפיל איבער ש"י עולמות און אינפערנאָס. זאָלן זיי זוכן און גראָבן און גרונטעווען אין דער אייגענער נשמה און אין דער היפּאָטעטישער וועלט־נשמה און שעפּן פון דאָרטן בילדער און געזאַנגען אויף צו לויבן גאָט און טרייסטן מענטשן. די ברירה, וואָס ליגט אויף זייער זייט, קען באַשטיין אַנטקעגן דער וואָג פון דער אַנדער ברירה, וואָס איז קעגן זיי. זאָלן זיך פון דער אַנדערער זייט טעאָלאָגן באַנוצן מיט די דאָזיקע פאַקטן און קלעטערן צו אַ העכערער רעאַליטעט אויף דער לייטער פון אמתע און פאַלשע לאָגישע סילאָגיזמען. זאָלן זיי דאָס טאָן אין נאָמען פון שכלדיקע גאָט־באַווייזן, אָדער פון אַן אַלגעמיין פילאָסאָפישן טראַנסצענדענטאַלן אידעאַליזם, אָדער פון אַן אימפּולסיוון ווילן צו אַזאַ גלויבן וואָס קען ראַציאָנאַליזירט ווערן. אָבער זיכער איז דאָך אַז פונעם גאַנצן באַרג גבית־עדות פון גלויביקע און פאָרשער פון גלויבן קען מען גאַנץ קאַלטבלוטיק אַרויסנעמען די דערמאָנטע דריי דערשיינונגען פון פסיכישן לעבן ווי אַזעלכע וואָס זענען ניט בלויז כאַראַקטעריסטיש פאַרן גלויביקן מענטשן.

און דאָך מוז מען מודה זיין, אַז אָט די דריי פאַקטן — און מיר דאַכט זיך, אַז מיר דאַרפן זיי אָננעמען ווי פאַקטן — זענען אַ ווינקלשטיין אינעם פונדאַמענט פון יעדער פאָרמעל־רעליגיעזער סיסטעם. דער גאַנצער ריטואַל פון יעדער אָפיציעלער רעליגיע ווערט באַהויכט אויף פאַרשיידענע אופנים מיט דער עמאָציאָנעלער אַטמאָספערע וואָס פליסט אַרויס פון די דאָזיקע איבערלעבענישן. עס איז פאַראַן אַ געוויסע האַרמאָנישקייט, אַ גאַנצקייט, אַ געוויסע נאָענטקייט אין די טאָן־קאָלירן פון אָט די איבערלעבענישן. רעליגיע, אַלע רעליגיעס, האָט אויפן טיפסטן, שאַרפסטן אופן אַרויסגעבראַכט אַזאַ מין גאַנצקייט, און דאָס אַליין וואָלט שוין גענוג געווען אַז מיר זאָלן אָט די מאָמענטן אָנרופן מיטן נאָמען „רעליגיעזע". און ווען איך וועל שפּעטער

באַנוצן דאָס וואָרט רעליגיע אין שייכות צו פּאָעזיע, דאַרף עס פֿאַרשטאַנען ווערן אין דעם דאָזיקן ברייטערן זין.

איך האָב פֿריער דערמאָנט פֿינף רעליגיעזע מאָמענטן, וואָס יעדער מענטש טראָגט אין זיך. קומען מיר אָבער צו די לעצטע צוויי, קען מען אין פֿלוג מיינען, אַז דאָ טרעטן מיר אַריין שוין אינגאַנצן אין דער ריינער פֿאַרמעל־רעליגיעזער ספֿערע. דאָס וועט אָבער זיין בלויז אַן אויבנאויפֿיקער איינדרוק. די לעצטע צוויי מאָמענטן, ווי געזאָגט, האָבן צו טאָן ניט מיט אינהאַלט, נאָר מיט רעליגיעזער מעטאָדיק. איך האָב דאָ אין זינען, ערשטנס, תּפֿילה, מתפּלל זיין, אַן אָנשטרענגונג צו קומען אין נאָענטער דירעקטער באַרירונג מיט די אַבסטראַקטע אָדער פּערזאָניפֿיצירטע כּוחות פֿון אַ ניט־געזעענער פּסיכישער רעאַליטעט. צווייטנס, דעם פֿאַרלאַנג זיך מתוודה צו זיין, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יעדער עטאַבלירטער רעליגיע.

איידער מיר ווענדן זיך גענויער באַקענען מיט די דאָזיקע צוויי מעטאָדן פֿון רעליגיעזן לעבן, וועט זיין בעסער צום ערשטן איבערצוגיין צו דער צווייטער טייל פֿון דער איצטיקער טעמע, צו דער טבֿע פֿון פּאָעזיע, וואָס וועט אונדז ממילא צוריקפֿירן צו אָט די פּונקטן.

מיר איז שוין אויסגעקומען אויף אַן אַנדער אָרט צו ווייזן, אַז קינסט־לערישע פּראָזע און פּאָעזיע, כאָטש ביידע האָבן צו טאָן מיטן וואָרט און ביידע געהערן צו קונסט, שטאַמען אָבער פֿון צוויי פֿאַרשיידענע קוואַלן, צוויי ליידנשאַפֿטלעכע טענדענצן אין דער מענטשלעכער פּסיכיק. פּראָזע בויט אויף קאָנסטרוקציעס מיט אַן אָנהייב, אַ מיטן, אַ סוף, און זי בויט עס מיט די מאַטעריאַלן פֿון לעבעדיקע געשעענישן. דאָס ווערט געטאָן ניט ווייל אַקוראַט אַזוי קומט פֿאָר אין לעבן — דאָס איז פּשוט ניט ריכטיק — נאָר ווייל צו דעם טרייבט אונדז אונדזער פֿילאָמיטישע טענדענץ, די טענדענץ צו פֿאַר־וואַנדלען געשעענישן אין דער גאַנצקייט פֿון אַ מעשׂה. פּאָעזיע, ווידער, פֿליסט פֿון אַ רעליגיעזן קוואַל, און באַנוצט זיך מיט אַ טעכניק און מיט עפּעקטן וואָס באַפֿרידיקן אַ רעליגיעזן דאָרשט.

דער לייכטסטער וועג דאָס צו באַווייזן וואָלט, דאַכט זיך, געווען צו ווענדן זיך צו דער ווייטער פֿאַרגאַנגענהייט. די נאָענטע שייכות צווישן דעם גריכישן מיטאָס און דער גריכישער פּאָעזיע איז אַ ביישפּיל וואָס וואַרפֿט זיך גלייך אין די אויגן. ווי העראַדאָטוס דערציילט, האָבן האָמער און העזיאָד פֿעסטגעשטעלט די דורות־קייט פֿון די גריכישע געטער, זיי געגעבן זייערע נעמען, אויסגעמאָלן זייערע געשטאַלטן און אָנגעוויזן די פֿונקציעס איבער וועלכע זיי זענען ממונה. דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט ריכטיק. די גריכישע געטער האָבן אַ סך פֿריער געלעבט אין גלויבן פֿון פֿאָלק, אין פֿאָלקלאָר. די פּאָעטן האָבן זיי גענומען פֿון דאָרט און אָוועקגעשטעלט אין פֿאַרענדיקטער קינסטלערישער פֿאָרם און דערמיט זיי דערהייבן און פֿאַראייביקט. ווי מיטאָ־

לאָגן נעמען אָן, אַנטוויקלט זיך דער מיטאָס אַזוי אַז ער גייט דורך דריי מדרגות. לכתחילה איז אַפּאָלאָ, למשל, געווען אַ מענטש אַזאַ, אַן אומגעווייִנטלעכער מענטש, אַ גאָט פון ליכט, וואָס איז ממונה איבער דער זון. ער איז פּייאיק אויף גרויסע, העלדישע און וואונדערלעכע מעשים אין הסכם מיט זיין טאָפּלטער נאַטור. אַזוי האָט דאָס פאָלק געגלייבט און אין דער פאַנטאַזיע אים גאַנץ קלאָר געזען אין ליכט פון אָט דעם גלויבן.

אין דער צווייטער מדרגה, אין פּאָעזיע, איז אַפּאָלאָ נאָך אַלץ מענטשגעשטאַלט, אָבער שוין אויך אַן אַלגעמיינער סימבאָל פון הויכע און ליכטיקע אייגנשאַפטן. אַפּאָלאָ ווערט דורך דעם מער פּאַרגייסטיקט, גענעראַליזירט, און ניט דאָס פיזישע אין אים, נאָר די אייגנשאַפטן וועלכע ער סימבאָליזירט, שפּילן די הויפּט־ראָלע.

אין דער דריטער מדרגה בלייבט איבער בלויז דער סימבאָל. אַפּאָלאָ איז שוין ניט דווקא אַ פּאָעטישער אָביעקט, נאָר אַ טערמין אין שכלדיקן דענקען, אַ וואָרט וואָס דריקט אויס געוויסע פאַקטן אין דער נאַטור. די מעשיות וועגן אַפּאָלאָן קענען אין דעם דאָזיקן זינען בלויז דינען ווי אַן אַלעגאָרישע קאָנסטרוקציע וואָס איר צוועק איז קלאָרער און שענער אַרויסצוברענגען געוויסע נאַטירלעכע געשעענישן.

האָבן מיר, הייסט עס, אָנגעהויבן מיט מגושמדיקע גלויבנס און פאַרענדיקט מיט „ריינעם שכל", וואָס איז, נאַטירלעך, ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר רעליגיעזע איבערלעבענישן. הייסט עס, אַז דער אַלט־גריכישער ביישפּיל קען אונדז ניט אַריינפירן אין יענע שטילע ווינקלען, וואו די שייכותן צווישן פּאָעזיע און רעליגיע זענען אַזוי אָנזעעוודיק. דאָס איז אויך קיין וואונדער ניט. אַ חידוש איז בלויז וואָס די פאָרשער, וועלכע האָבן פּרובירט גיין אויף דעם דאָזיקן וועג, האָבן דאָס ניט איינגעזען. זיי האָבן ניט באַמערקט, אַז זיי ציען זיך אַוועק גאָר אין אַנדער ריכטונג, צו דער פּראָבלעם וועגן דער אַנטוויקלונג פון מיטאָלאָגישע געשטאַלטן און ניט צו דער טבע פון פּאָעזיע, וואָס דאָס איז לחלוטין עפּעס אַנדערש. דער גריכישער ביישפּיל איז דעריבער פאַרפירעריש.

אַפילו דער אַלט־יידישער ביישפּיל קען אונדז קיין סך ניט העלפן. אמת, דאָ האָבן מיר שוין ניט צו טאָן מיט די מגושמדיקע אויפפאַסונגען פון פאַר־האָמערישן גריכנלאַנד. דער נביא איז דער גרויסער געניאַלער דיכטער, וואָס וועט קיינמאָל ניט אויפהערן צו רירן דאָס מענטשלעכע האַרץ. און אַ שטיק פון זיין רירנדיקייט און פון זיין ריזיקער קינסטלערישער הייך ליגט טאַקע אין זיין רעליגיעזער טבע. דאָס וואָלט מען אָבער געקענט זאָגן, איז אַ גאַנץ ספּעציעלער פאַל אין אַלטן ארץ־ישראל, וואָס האָט ניט קיין נויטווענדיקע שייכות צו מאָדערנער פּאָעזיע. און דאָך, ווען מיר באַטראַכטן די געבראַכטע פינף עלעמענטן פון רעליגיעזן לעבן און שאַפן, געפינען מיר,

אַז זיי דריקן אויס דעם גייסט, און אַפילו דעם „גוף" פון דער פּאָעזיע פון אַלע צייטן.

קיין שום פאָרם פון קינסטלערישער ליטעראַטור וואַרפט זיך ניט אַזוי אָפּט אויף געדרייטע און פאַרפּלאָנטערטע וועגן, עקספּערימענטירט ניט אַזוי אָפּט מיטן אינעווייניקסטן דראַנג, ווי דאָס טוט פּאָעזיע. און דאָס איז ניט בלויז דערפאַר, ווייל פּאָעזיע איז מער יחידיש, איז טיפער פאַרוואָרצלט אין פּריוואַטע איבערלעבענישן און געבונדן צו דער אייגנאַרטיקייט פון סובּיעקט אין זיין באַזונדערער פּסיכישער באַרג־און־טאָליקייט, נאָר אויך דערפאַר, ווייל דער וואָס אים אַדרעסירט זי, איר לכתחילהדיקער ווענד־פּונקט, איז דער גרויסער קאָסמישער אַנאָנים.

זענען פריידן אָדער ליידן
ערגעץ וואו פאַר מיר באַשטעלט ?
קראַנק איז איינער פון אונדזביידן,
זאָגט, בין איך עס, צי די וועלט ?

(מאָריס ראָזענפעלד)

אָדער אַזאַ שורה:

אין מיינע פיבערדיקע פינגער צאַפּלט זיך די וועלט.

(א. אויערבאַך)

„איך" און „די וועלט" — דאָס זענען די צוויי העלדן פון אייביקן פּאַעטישן דיאַלאָג. און ווען דער אַמאָליקער דיכטער ווענדט זיך צו גאָט און דער היינטיקער — צו „וועלט", אָדער שרייבט בכלל קיין באַשטימטן נאָמען ניט אָן — דער אַדרעס איז אַלץ דער זעלבער.

דער אָביעקטיווער ווענד־פּונקט, איז אייגנטלעך, גאַנץ קלאָר און קיין געניטער בריוו־טרעגער וואָלט קיין רגע ניט געדאַרפט טראַכטן וועמען דעם קאָנווערט איבערצוגעבן. די ווענדונג וואָלט פאַר אים געווען פּונקט אַזוי קלאָר — אפשר אַזוי אומקלאָר — ווי ר' יהודה הלויס אַדרעסאַט, כאָטש אונדזער שפּאַנישער דיכטער־ברודער שרייבט אַ גאַנץ באַשטימטן נאָמען אויף דעם אַדרעס:

גאָטס רעכטע האַנט די שטאַרקע,
מיין הילף אין אייביקע יאָרן,
ווי האָסטו היינט פאַרלאָזן מיך
אין טיפן גרוב פון צאָרן ?

(איבערז. י. י. שוואַרץ)

פאַר פּאָעזיע איז אַזוי נאַטירלעך דער אויסרוף, דער אויסגעשריי, דאָס וואָרט, וואָס יאָגט זיך ווי אַ פאַרהוילענער קלאַנג ערגעץ ווי אין דער ווייט, אין דער הויך, צו גאָט, צו דער וועלט, צו אַ גענעראַליזירטן „עפּעס", פון וועלכן דער „איך" איז אַ טייל, און ניט בלויז אַ טייל, נאָר אויך אָפּהענגיק אין יעדן פּרט פון זיין מזל. צו דעם סאָרט ווערטער געהערט ניט בלויז דער אויסגעשריי „אָ", אָדער „אַך", נאָר אויך דער ליריש־פילאָסאָפישער

געפּיל־טאָן, וואָס ליגט אין די אָפּטע פרעג־ווענדונגען: „ווער ?“ „פאַרוואָס ?“ „ווי אַזוי ?“ פּרובירט אַריינצוקומען אין זיך די ברייטע, קאָסמישע שייכותן, וואָס ליגן אין אַזעלכע פּאָעטישע שורות, און גלייך וועט קלאָר ווערן, וואָס איך מיין.

איך נעם צופעליק פון אונדזער פּאָעזיע די ווייטערדיקע ציטאַטן, יעדע שורה איז פון אַן אַנדער ליד.

ווער קען איינשטילן אַ האַרץ ?
ווער האָט אים אויסגעטאָן פון אַלע לייד ?
מען האָט דאָך געשריען, מען האָט דאָך גערופן. וואוהין האָט מען גערופן ?
צו וואָס דרייט זיך מיין האַרץ ? וואוהין דרייט זיך מיין האַרץ ?

מיר דאַכט זיך, אַז אין אונדזער מאָדערנער פּאָעזיע געפינט זיך דער ערשטער מאָמענט פון רעליגיעזע איבערלעבענישן צום שטאַרקסטן און אָפּטסטן פאַרטראָטן ביי י. י. סיגאַלן, וואָס פון אים האָב איך טאַקע גענומען די לעצטע דריי שורות. כאָטש, ווי שוין באַמערקט, דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן אַן אייגנשאַפט, וואָס דער אָדער יענער דיכטער דריקט אויס, נאָר וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער פּאָעזיע בכלל.

נאָך זיכערער קען מען רעדן וועגן דעם צווייטן מאָמענט, וועגן דעם אַז די גאַנצע פּאָעזיע איז טיף דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל פון אַ וועלט וואָס שטייגט אַריבער די דירעקטע שפּירונגען פון די חושים, פון דעם וואָס מיר נעמען אויף דורך מעכאַנישע אינסטרומענטן, אָדער וואָס מיר דרינגען אַרויס אויף אַ לאָגישן אופן. ווען עס זאָל נייטיק זיין דאָס צו דערווייזן דורך ציטאַטן פון דיכטער, וואָלט דאָס לייכטסטע געווען צו ברענגען גאַנץ לייוויק און גאַנץ אהרן צייטלין. ביי די דאָזיקע דיכטער ציטערט אָט דאָס געפיל אין סאַמע ברען־פּונקט פון באַוואוסטזיין. יעדע שורה איז עפּעס ביי זיי ווי אַ פאַרקירצטער קינסטלערישער באַריכט פון אַ גרויסער ניט־געזעענער וועלט, וואָס לעבט אָבער דאָך אין אַ ווירקלעכקייט פון די זיכערסטע אמתן, וואָס קירעווען אונדזער וועג אין לעבן.

מען דאַרף אָבער ניט גיין גראָד צו יענע דיכטער, ביי וועלכע דאָס איז קלאָר און בולט. עס איז אומעטום פאַראַן, עס מוז אומעטום זיין אין פּאָעזיע. ב. י. ביאַלאָסטאָצקי שטרייכט תמיד אונטער, אַז אים אינטערעסירט בלויז דאָס פשוטע, דאָס אָפענע, ער וויל זיין פּאָעזיע וואָס מער דערנעענטערן צו פּראָזע. און ער איז גערעכט וואָס ער רופט עס: „דערנעענטערן צו פּראָזע“, ווייל אָן די דערמאָנטע רעליגיעזע מאָמענטן איז באמת קיין פּאָעזיע ניטאָ, אָן דעם וועלן אַפילו די עלעמענטאַרע מוזיקאַלישע אייגנשאַפטן פון פּאָעזיע אויסקוקן פרעמד.

אויף טויזנטער וועגן און מיט טויזנטער מיטלען זוכט פּאָעזיע אַריינ־צוקומען אין אונדז די אַטמאָספערע פון אַ פאַרהוילענער וועלט, וואָס שטייט אונדז תמיד פנים אל פנים און באַגיסט אונדז מיט ליכט און פאַרוועבט אונדז אין טרויער. מעג אַ דיכטער זיין געשולט אין אַלע וויסנשאַפטלעך־פּינקטלעכע חכמות פון דער וועלט, מעג דאָס רעאַלע און דאָס ראַציאָנעלע זיין פאַר אים

אַ זיכערער וועג־וויזער אין מאָמענטן פון דענקען, פון אינטעלעקטועלן באַ־נעמען די וועלט — ווען ער אַנטרינט אָבער אין די היילן פון פּאָעטישן קעניגרייך, לעבט אויף פאַר אים אַן אַנדער וועלט, מיט אַנדערע מעגלעכקייטן, אַפילו מיט אַן אַנדער לאָגיק. וואָלט אַזאַ דיכטער געווען אַ קאַנטיאַנער, וואָלט ער, מסתמא, געזאָגט, אַז פון שטאַנדפּונקט פון טעאָרעטישן שכל איז ניטאָ קיין זאַך וואָס זאָל זיין אַן אָביעקט פון וויסן, סיידן אַזאַ וואָס איז אָנגעפילט מיט שפּירערישן אינהאַלט, אַזאַ וואָס וועגן איר עקזיסטענץ האָבן מיר אויס־געפונען דורך די פונקציעס פון די חושים. פונדעסטוועגן, ווען מען קומט אין דער פּאָעטישער ספערע, לעבט אויף אַ פּראַקטישער שכל, וואָס פאַר אים איז דאָס סופּער־רעאַלע אָדער עקסטראַ־רעאַלע ניט ווינציקער ווי דאָס שפּי־רעריש־רעאַלע.

גערעכט צי אומגערעכט, מיר שפּאָרן זיך דאָ ניט וועגן פילאָסאָפישע ספּעקולאַציעס. מיר רעדן דאָ וועגן פאַקטן. אין פּאָעזיע לעבט דאָס געפיל פון אַ רעאַליטעט אויף יענער זייט גרענעץ סיי ביי אַזאַ געזונטן גאון ווי געטע, סיי ביי אַן עקסצענטריקער ווי פּאָ, אָדער — כדי אַריבערצוגיין צו היינטיקע און צו אייגענע — סיי ביי אַזאַ רואיקן מאָלער ווי י. י. שוואַרץ, סיי ביי אַזאַ „אומרו פון אַ וואָלף״ ווי מ. ל. האַלפּערן, סיי ביי אַזאַ שטילן ליריקער ווי מאַני לייב, סיי ביי אַזאַ רוישיקע נאַטור ווי פּרץ מאַרקיש. די חושימדיקע וועלט איז צו קליין, צו ענג פאַר פּאָעזיע, פאַר יעדער פּאָעזיע. פּאָעזיע ברעכט גרענעצן, מאָלט מיט „פאַרבן״ ווייט אונטער אינפראַ־רויט, ווייט איבער אולטראַ־וויאָלעט, און געטאָן האָט זי דאָס, נאָך איידער ס׳האָט עמעצער געוואוסט וועגן די גרענעצן פון ספּעקטרום.

ביי רעליגיעזע דיכטער נעמט עס אָפט אָן די פאָרם, אַז גאָט פאַרדינט מער ווי לויב־געזאַנגען וואָס דער מענטש קען אים געבן. דעם דיכטער פון „אקדמות״ פעלט אַזש אויס אָטעם: ווען אַלע הימלען וואָלטן געווען פּאַרמעט און אַלע וועלדער — פּענעס, און אַלע טייכן טינט, און אַלע מענטשן — שרייבער, וואָלט אַלץ ניט געניג געווען אויף אַרויסצושרייבן גאָטס גרויסקייט. און שלמה אבן־גבירול דריקט דאָס אויס אין זיין כתר מלכות דורך די אַריינפיר־שורות פון זיינע סטראָפן:

ווער קען דיינע וואונדער אויסדערציילן,
ווער קען דיין גרויסקייט דערוויזן,
ווער קען אויסדערציילן דיין גערעכטיקייט,

און אַזוי ווייטער און ווייטער. אין דער אמתן הייסט עס אַז וויפיל מען זאָל ניט אויסדערציילן, דערוויזן, באַגרייפן, אויסדריקן, דערפאָרשן, דערטיפן, דערגרייכן, אַנטפּלעקן, אאַז״וו, וועט אַלץ נאָך זיין אַן „עפּעס מער״, וואָס פאַר דעם מוזן מיר תמיד בלייבן בלינד און שטום.

אויב מתפלל זיין איז אַ כאַראַקטעריסטיש־רעליגיעזע מעטאָדע, איז זי פונקט אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר פּאָעזיע. איך וועל, פאַרשטייט זיך, ניט

רעדן וועגן רעליגיעזער פּאָעזיע, אָדער אַפילו וועגן דיכטער מיט שאַרף־קענטיקע רעליגיעזע נייגונגען, ווי, למשל, א. ליעסין, אָדער מנחם אין פריערדיקע יאָרן („תפילות פון אַ שוואַכן") א"אַנד. נאָר אַפילו ביי שטאַרק־סעקולאַריזירטע דיכטער שרייט אָפט אַרויס די תפילה מיט איר פולער האַרציקייט. אין פּאָעזיע בכלל איז דאָס דענעענטערן זיך דירעקט צו אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקער קאָסמישער אידייע מיט די געוויינטלעכע רעליגיעזע מיטלען אַ פאַקט וואָס לאָזט זיך לייכט אַרויסשיילן פון ווערטער, שורות אָדער גאַנצע לידער.

ווען ז. וויינפּער דערקלערט, אַז

שטייסט אויף פרימאָרגן, פילסטו ווען אָפּצוגעבן
אַ לויב דערפאַר, וואָס דורך די שויבן
שיקט מען דיר ליכטיקייט פון אויבן, —

איז דאָס אַ גאַנץ ריכטיקער אינטראָספּעקטיווער באַריכט פון אַ געפיל. פון שטאַנדפּונקט פון בילד אַליין זעט מען ניט, ווען מען שטייט אויף, אַז די ליכטיקייט קומט „פון אויבן". פון שטאַנדפּונקט פון בילד אַליין איז אויך ניט שייך צו זאָגן „שיקט". ווער שיקט? די ליכטיקייט טראָגט ניט אויף זיך קיין שום צייכן אַז זי ווערט געשיקט. נאָר אויב דער „פון אויבן" איז ניט קיין ריכטונג אין פיזישן רוים, נאָר אַ סימבאָל פון עפּעס וואָס איז איבער אונדז אין גייסט און כוח, דעמאָלט קען שוין אַזאַ פּערזאָניפיצירטער עפּעס שיקן ליכט, און ס'איז שוין דאָ ווען צו געבן אַ לויב דערפאַר.

בכלל איז יעדע עקסטאַטישע שילדערונג פון אַ נאַטור־צושטאַנד אין זיך כולל אַ תפילה, אַ לויב צו אַ געוואַנטער פּערזאָניפיקאַציע פון אַ העכסטער סיבה. אָבער תפילה דאַרף דאָ בכלל פאַרשטאַנען ווערן אין אַ ברייטערן זינען, אין זינען פון יעדער מעגלעכער דערנעענטערונג, פון יעדן פאַרלאַנג צו קומען אין דירעקטן באַריר מיט אַ ניט־געזעענער העכסטער רעאַליטעט. קען דאָס זיין לויב און אויך פּראָטעסט. דער „קדושת לוי" דריקט אויס זיין נאָענטקייט צו גאָט אי דורך זיין „אומעטום דו", אי דורך זיין: „וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף דיין פאָלק ישראל". אינעם געוואַגטן און אומגעריכט־פאַמיליאַרן אויסדרוק „אָנגעזעצט" איז דאָך פאַראַן אַזאַ רירנדיקע זיכערקייט אַז דער דיכטער איז אומעטום פאַרבונדן מיט זיין געטלעכן אָביעקט, אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ „פּער־דו־נאָענטקייט" צווישן דעם וואָס איז מתפּלל און דעם צו וועמען די תפילה איז געווענדט. פון דעם שטאַנדפּונקט איז דער תפילה־מאָמענט זייער אָנזעעוודיק ביי משה לייב האַלפּערן, כאָטש ניט אויף דער זייט פון „אומעטום דו", נאָר — פון „וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט"...

דער תפילה־מאָמענט אין מאָדערנער פּאָעזיע איז, נאַטירלעך, מער אַ פאַרשטאַנענער ווי אַן אָפן־אויסגעדריקטער. אָבער מען דאַרף גאָר ניט מיינען אַז דאָס איז בלויז אַזוי אין מאָדערנער פּאָעזיע צוליב איר וועלטלעכן כאַראַק־טער. אָט איז אַ פאָלקס־ליד, וואָס איז אַ סך פרימיטיווער ווי די אַלטע גריכישע

פּאָעזיע. עס איז פון די דרום־אַפריקאַנער קאַפירן און איז פאַרצייכנט געוואָרן שוין גאַנץ לאַנג צוריק:

אונדזער קו, זאָל זי קומען, מיר רופן זי.
מיר זאָגן: זאָל זי קומען, זאָל זי קומען, מיר רופן זי.
זאָל זי קומען צו מיר, אָ, זאָל זי קומען.
אונדזער קו, זאָל זי קומען, מיר רופן זי.

נישטאָ דאָ קיין איין איינציקער אויסדריקלעך־רעליגיעזער מאָמענט, און דאָך קען מען אויף קיין איין מאָמענט קיין ספק ניט האָבן אַז דאָס איז אַ געזאַנג פון רעליגיעזע מענטשן. דער „זאָל זי קומען" איז אַ געבעט צו אַ העכערן ווילן, וואָס קען אַוועקנעמען און ברענגען צוריק. און יעדער פילט אַז דאָס איז אַזוי פאַר די זינגער פונעם ליד, כאָטש דאָס ווערט אין די ווערטער ניט דערמאָנט.

דאָ קען מען, אגב, אויך באַמערקן דעם תפילה־כאַראַקטער פון איבער־חזרונגען. דער פּסיכישער צושטאַנד אין מאָמענט פון מתפּלל זיין איז אַ געדיכטע און איינגעשפּאַרטע קאָנצענטראַציע פון באַוואוסטזיין אויף איין פּונקט און אַ פאַרלאַנג אַריינצוציען אַן אָביעקטיווירטן וועלט־כוח אין אָט דעם באַוואוסטזיין. די שפּראַכלעכע איבערחזרונגען דריקן אויס דאָס פאַר־שאַרפטע באַוואוסזיין, וואָס באַוועגט זיך אין ענגע אָנגעצייכנטע גרענעצן. די מאָדעלירונגען פון דער שטים און די פאַרשיידענע מוזיקאַלישע איבער־גאַנגען, וואָס איבערחזרונגען ברענגען מיט זיך, זענען אַן אויסדרוק פון די עמאָציאָנעלע ענדערונגען אין מאָמענטן פון אַפּעלירן צו עמעצן.

די טענדענץ זיך מתוודה צו זיין איז בלויז די אַנדערע זייט פון דער זעלבער מטבע. אין פּאָעזיע זענען פאַראַן טויזנטער אופנים אויף וועלכע די דאָזיקע טענדענץ דריקט זיך אויס, אָפט דורכן מויל פון מיסטישע געשטאַלטן אָדער זאַכן, אָפט דורך ווייטע, טונקעלע סימבאָלן און שפּילנדיקער קינסטלע־רישער אומדירעקטקייט.

מענטשן, וואָס האָבן קיינמאָל קיין געלעגנהייט ניט געהאַט זיך איינצולעבן אין פּאָעזיע, איז באמת שווער צו פאַרשטיין די געוואַגטע אָפנקייט מיט וועלכער דיכטער רעדן אָפט וועגן אייגענעם לעבן. צו וואָס דערציילט ער עס? ווער דאַרף עס וויסן? ווי שעמט מען זיך ניט צו עפענען דאָס האַרץ פאַר אַ וועלט מיט מענטשן? פאַר די, וואָס די פּאָעטישע פּסיכיק — ניט פון פּאָעט, נאָר פון פּאָעזיע בכלל — איז ביי זיי שוין געוואָרן אַ נאָענטע זאַך, וועלן אַזעלכע פראַגעס קלינגען פשוט קאָמיש. עס איז אָבער גאָרניט אַזוי לייכט אויף זיי צו ענטפערן. באמת וועט קיין שום ענטפער דאָ ניט גילטן, ווייל דאָס ענטפערן גופא שטאַמט פון אַ לעבנס־ספערע, וועלכע האָט קיין צוטריט ניט צו דער פּאָעטישער פּסיכיק. צו וואָס דאַרף אונדז טאַקע אַלפרעד טעניסאָן דערציילן אַז: „מיין לעבן האָט זיך אַזוי לאַנג געשלעפּט אויף אַ צעבראָכענעם פליגל"?

איך וועל שוין ניט רעדן וועגן די פאַלן — וואָס זענען גאָרניט אַזוי

זעלטן אין פּאָעזיע — ווען דיכטער קומען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, מיט זינדיקע הענט און זינדיקן האַרץ פאַר די טירן פון אַ העכסטער מאָראַל. אָבער דער מאָטיוו פון „אלי, אלי, למה עזבתני?״ — אַ מאָטיוו, וועלכן עס האָט, דאַכט זיך מיר, קיין איין דיכטער ניט דורכגעלאָזן — וואָס איז דאָס, אויב ניט קיין רעליגיעזער ווידוי־מאָטיוו?

פּאָעזיע, ווי רעליגיע, לעבט און ווירקט אין איר גאַנצקייט. דער אַנאַליז שטעלט אַוועק געוויסע אַבסטראַקטע עלעמענטן, כדי מען זאָל גיכער און קלאָרער איינזען די ענלעכקייט צווישן די צוויי. אַן אַנדער אַנאַליז וואָלט געקענט אַרויסרוקן מער עלעמענטן, אָדער ווייניקער, וואָס פונקציאָנירן איןביידע סאָרטן איבערלעבענישן. דער צוועק וואָלט אָבער געווען דער זעלבער, ער וואָלט צוגעפירט צו דער ענלעכקייט וואָס הערשט צווישן פּאָעזיע און רעליגיע ווי פּסיכישע איינסן, ווי האַרמאָניש ווירקנדיקע ספערעס. דער עיקר איז די גאַנצקייט, דער האַרמאָנישער, אייגנאַרטיקער סך־הכל, אַ שטיק לעבן וואָס קען אין דער אמתן ניט צעטיילט ווערן.

די פּאָעזיע־ספערע, ווי אַן אומצעטיילטע איינס, גלייכט זיך אויס מיט רעליגיע אין דעם ספּעציפישן געמיט־צושטאַנד וואָס זי רופט אַרויס. דאָס איז אַ צושטאַנד, ווען געפילן ווערן אינטענסיפיצירט און פאַנטאַסטישע געשטאַלטן ווערן אויפגענומען אין פולשטענדיקער באַרואיקטער נאַטיר־לעכקייט. פּאָעזיע, ווי רעליגיע, פאַרשאַרפט דעם תענוג פון טיפער גייסטיקער רו, ווייל קאָנפליקטן ווערן דערפירט צום לעצטן פּסק־דין פון אַן אינעווייניקסטער איבער־ווערטיקייט.

רעליגיע איז אויפן אינטימסטן אופן פאַרוועבט און פאַרוויגט אין מוזיק. דאָס זעלבע איז אויך פּאָעזיע. מוזיק, וואָלט מען געקענט זאָגן, איז די פּאָעזיע פון „ריינעם דויער״ — אין בערגסאָנישן זינען פון וואָרט — אויסגע־דריקט אין דער פאָרם פון ריטמישן סדר, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן קעמערל פון אָרגאַניזם. אַנדערש וואָלט ניט געווען צו פאַרשטיין ווי אַזוי דער הוילער לויף פון קלאַנג־קאָמבינאַציעס זאָל אַזוי באַצווינגענדיק מיטרייסן די מענטשלעכע נשמה. אין פּאָעזיע, מיט איר מוזיקאַלישן הינטער־גרונט, ווערט אַפילו דאָס באַטייטפולע וואָרט אָנגעצייכנט אַזוי אַז עס זאָל זיין וואָס ברייטער, וואָס צעשוואומענער, זיך פאַרצווייגן וואָס מער אין נעפּל־דיקע און אומגעריכטע אַסאָציאַציעס, עס זאָל, בקיצור, זיך דערנעענטערן וואָס מער צו מוזיקאַלישע אייגנשאַפטן.

פאַרשטייט זיך, אַז פּאָעזיע אונטערשיידט זיך פון רעליגיע דערמיט — פונקט ווי אין אַ סך, אַ סך אַנדערע פּרטים — וואָס זי ברענגט אַרויס אַ שלל קאָלירן, טענער און ניואַנסן, אויף וועלכע עס ליגט דער פּערזענלעכער חותם פון דיכטער. רעליגיעזע תפילות, למשל, טראָגן ניט אויף זיך די נעמען פון זייערע שאַפער. די שטרעבונג איז אינגאַנצן אָפּצומעקן דאָס אינדיווידועל־מענטשלעכע, כדי וואָס שאַרפער אַרויסצוברענגען דעם קאָסמישן כאַראַקטער

פון די איבערלעבענישן, אין וועלכע דער רעליגיעזער געמיט־צושטאַנד דאַרף זיין איינגעהילט. די פּראַקטיק באַווייזט אָבער, אַז ניט געקוקט אויף דעם דיכטעריש־פּערזענלעכן, וואָס שטאַרט אַרויס אַזוי שפּיציק פון פּאָעזיע, קען דאָך אָפּגעהיטן ווערן די אינעווייניקסטע גאַנצקייט פון דער פּאָעטישער ספערע. און אָט די גאַנצקייט פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ אימפּעטיקע קראַפט, אַז זי קען אַריבערשפּאַנען דעם טיפן תהום וואָס ליגט צווישן, כאָפּן מיר אָן, דער פרומער עמאָציאָנעלקייט פון אַ שעלי און דער לעסטערנדיקער אינטעלעקטועלקייט פון אַ היינע אָדער — אַריבערגייענדיק צו היינטיקער יידישער פּאָעזיע — צווישן דער פּשוטער פאַלקסטימלעכקייט פון אַן אברהם רייזען און, זאָגן מיר, די פאַרשפּיצטע איינפאַלן פון אַ יעקב גלאַטשטיין.

עס וואָלט דעריבער פּונקט אַזוי ריכטיק געווען צו זאָגן, אַז רעליגיעזע פליסט פון אַ פּאָעטישן קוואַל, ווי פאַרקערט. נאָך ריכטיקער וואָלט געווען צו רעדן וועגן געוויסע זייטן פון דער פּסיכישער טבע פון מענטשן וואָס זענען דער קוואַל פוןביידן: אי פון רעליגיע, אי פון פּאָעזיע. וואָרעם כאָטש זיי צעגייען זיך זייער ווייט אין זייער אַנטוויקלונג, און איינע קען ניט, און וועט קיינמאָל ניט קענען, פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער צווייטער, איז אָבער פאַראַן אַ גאַנץ באַזונדערע נאָענטקייט אין די פּסיכישע מעכאַניזמען וואָס זענען אין ביידן פאַרוויקלט. מחמת דעם דאַרף אונדז לחלוטין ניט וואונדערן, ווען אַפילו אַ טיף־איבערגעצייגטער אַטעאיסט קען לייענען מיט גרויס הנאה אַ קאַפּיטל תהילים. ער דאַרף בלויז אין האַרצן דערפילן אַז ער איז אָריענטירט ניט רעליגיעז, נאָר פּאָעטיש. דאָס איז, סוף־כל־סוף, ניט אַזוי שווער דורכצופירן, און נאָך דעם מעגן שוין בלייבן די סאַמע שפּיציקסטע רעליגיעזע טערמינען, אַפילו טעאָלאָגישע באַגריפן. ער וועט שוין אַליין אַלץ פאַרוואַנדלען אין פּאָעטישן מאַטעריאַל, און זיין הנאה וועט ניט געשטערט ווערן. ווי געזאָגט, דאָס איז ניט שווער צו טאָן אַפילו פאַר אַ באַוואוסטזיניקן אַטעאיסט, ווייל דער מהלך צווישן אָט די צוויי אָריענטאַציעס איז זייער אַ קורצער.

און דאָך — פאַרוואָס איז עס טאַקע אַזוי? זאָל זיין אַז די אַלע טענדענצן אין פּאָעזיע, סיי אין דיכטער, סיי אין לייענער, זענען טאַקע באמת פאַראַן. אָבער אַ מענטש — לאָמיר זאָגן אַ מענטש וואָס האַלט בלויז פון וויסנשאַפטלעכער עקזאַקטקייט און — וואָס לויט זיין שכל קומט אויס אַז די אַלע רעליגיעזע אָביעקטן זענען בלויז אויסגעטראַכט פון דער פאַנטאַזיע — ווי קען אַזאַ מענטש האָבן עפּעס אַ מגע ומשא מיט אַזעלכע גלויבנס אָדער אָבערגלויבנס, אַפילו ווען זיי לעבן־אויף בלויז אין קונסט? פאַרוואָס זאָל ער דאָס ניט אָפּוואַרפן פון זיך אַזוי ווי מען וואַרפט־אָפּ אַ פאַלשן געדאַנק? לאָמיר גוט פאַרשטיין וועגן וואָס דאָ רעדט זיך. ניט וועגן פאַקטן האַנדלט עס זיך. וואָרעם דער פּשוטער פאַקט איז אַז אַפילו די בולטסטע רעליגיעזע איבערלעבענישן אין פּאָעזיע — דער תנ״ך, דאַנטע, אָדער מילטאָן — ווערן זייער

פּיין אָפּגעשאָצט פון ניט־גלויביקע מענטשן. אָבער ווי קען מען דערקלערן די פּסיכיק פונעם אומגלויביקן אין אַזעלכע מאָמענטן?

מיר וועלן אויף אַזעלכע פראַגעס קיינמאָל ניט קענען ענטפערן, סיידן מיר וועלן קלאָר איינזען אַז שוין אינעם פרעגן גופא ליגט אַ טעאָריע, אונטער וועלכער מיר שרייבן זיך אונטער בלינדערהייט,ביים אויפנעמען די פראַגע, נאָך איידער מיר באַמיען זיך אויסצוגעפינען צי די טעאָריע איז אַ ריכטיקע. די טעאָריע זאָגט, אייגנטלעך, אַזוי: דער שכל מיט זיינע קלאָרע לאָגישע געזעצן קען אָנגעווענדט ווערן אין אַלע פאַלן פון מענטשלעכן לעבן, און דער פועל־יוצא דערפון איז אַ באַשטימענדיקער אָנווייז ווי אַזוי מיר זאָלן האַנדלען אין דער אָדער יענער סיטואַציע. אויב אַ מענטשלעכע האַנדלונג וואַרפט זיך ניט אונטער די דאָזיקע געזעצן, איז שוין צוליב דעם אַליין דאָ פאַראַן עפּעס אַ טעות, אָדער עפּעס אומנאָרמאַלס, אַנטקעגן וועלכן אַ געזונטער מענטש מוז רעוואָלטירן. אַט דאָס טאַקע טוט דאָס פרעגן. די פראַגע דריקט אויס אַ מין ממה־נפשך: אָדער זע איין דיין טעות אין ליכט פון ראַציאָנאַלן דענקען און זאָג זיך אָפּ פון אים, אָדער באַווייז מיר — אַלץ אין ליכט פונעם זעלבן ראַציאָנאַלן דענקען — אַז דער טעות איז בלויז אַן אויסדאַכטעכץ, ווייל די האַנדלונג איז באמת פון קלאָרן ראַציאָנאַלן מין, ווי אַלע האַנדלונגען זענען, מוזן זיין און קענען אַנדערש ניט זיין ביי אַ מענטש וואָס האָט נאָך ב"ה דעם שכל ניט פאַרלוירן.

אויפנעמען די פראַגע איידער מיר אונטערזוכן די הנחות, אויף וועלכע זי איז געבויט, הייסט פאַקטיש אָננעמען אַ טעאָריע וואָס איז בשום אופן ניט באַוויזן געוואָרן, אַ טעאָריע, וואָס האָט אַלע שאַנסן צו זיין פאַלש פון אָנהייב ביזן סוף. מיר וועלן רעדן וועגן דעם ענין — ווי אַ מין הקדמה — אַ האַרעלע אַבסטראַקטער. אפשר וועלן מיר פון דעם עפּעס קענען לערנען.

מענטשן לעבן אין פאַרשיידענע אַטמאָספערעס, וואָס זענען מחייב צו פאַרשיידענע האַנדלונגען. לאָמיר דאָס אָנרופן „סיסטעמען", נאָך ריכטיקער וועט זיין אַזאַ נאָמען ווי „שייכות־סיסטעמען". לאָמיר אָננעמען אַז אין לעבן זענען פאַראַן בלויז צוויי אַזעלכע שייכות־סיסטעמען: „אַ" און „ב". אַט זע איך ווי מיין פריינד, וואָס געפינט זיך אין „ב", האַנדלט אויף אַ געוויסן אופן וואָס איז מיר ניט פאַרשטענדלעך; איך זע־איין אין זיינע האַנדלונגען אַ סתירה. וואָרעם בעת ער האָט זיך אַ רגע פריער געפונען אין „אַ" — האָט ער געהאַנדלט אויף אַ היפּוכדיקן אופן. איך באַמערק גאָר ניט אַז איך אַליין געפין זיך איצט אין „אַ", און ממילא קומט ביי מיר אויס אַז זיינע פריערדיקע „אַ"־האַנדלונגען זענען די איינציק ריכטיקע, און אַלץ וואָס גייט ניט אין זייער ריכטונג איז מחויב זיך צו דערקלערן, און טאַקע דערקלערן פון שטאַנדפּונקט פון „אַ".

ווען „אַ" און „ב" וואָלטן ביידע פונקציאָנירט אונטער די זעלבע אַלגעמיינע הנחות — וואָלט די טענה געווען אַ גאַנץ ריכטיקע. אויב ניט — דעמאָלט

איז, נאַטירלעך, ניט שייך צו זאָגן „סתירה". דער באַגריף סתירה אַליין קומט אפשר דירעקט אַרויס פון דער שייכות־סיסטעם „אַ" און איז אינגאַנצן פרעמד דער סיסטעם „ב", אויף וועלכער ער ווערט איצט אָנגעווענדט.

דער נמשל וועט אונדז דאָ דערקלערן דעם משל. איך נעם אַ מענטשן, וואָס האַלט בלויז פון וויסנשאַפטלעך־באַוויזענע פאַקטן, און פרעג: ווי קען ער זיך געפינען אין דער ספערע פון רעליגיעזע איבערלעבענישן? מיין פראַגע גופא אַנטהאַלט אין זיך די הנחה, אַז דאָס וויסנשאַפטלעך באַוויזענע באַשטימט דאָס לעבן פון יעדער שייכות־סיסטעם. אַזוי שנעל ווי איך זאָג זיך אָפּ פון אָט דער הנחה, פאַרשווינדט ממילא די פראַגע. דאָס וועט הייסן, אַז „אַ" קען בלויז זיין אמת פאַר „אַ", אָבער קען ניט אָנגעווענדט ווערן אויף „ב".

אין לאָגיק איז באַקאַנט אַ פאַלשע ראיה, וואָס מיר רופן „אַרגומענטום אַד ווערעקונדיאַם". פאַראַן פאַרשיידענע פאָרמען פון אָט דעם מין טעות. איין פאָרם איז דאָס וועלן באַווייזן זאַכן דורך פאַררופן זיך אויף אויטאָריטעטן. דאָ וועט קיין שום מי און קיין שום בילדונג גאָרניט העלפן. אין געזעלשאַפט־לעכן לעבן — וואָס דאָס איז אַ גאַנץ אייגנאַרטיקע פסיכישע ספערע, אַ שייכות־סיסטעם — וועט יעזוס, אָדער בודדאַ, אָדער מאַרקס, אָדער לענין זיין אַ פיל שטאַרקערער אַרגומענט ווי די פּינקטלעכע מאַטעמאַטישע חשבונות פון דער פיזיקאַלישער לאַבאָראַטאָריע. נאָך מער: דער פיזיקער אַליין וועט זייער לייכט אָפּפירן מיט אַלע סאָרטן „אַד ווערעקונדיאַמס" אַזוי שנעל ווי ער גייט אַוועק פון זיין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט.

דאָס לעבן פון מענטשן, סיי דאָס אינדיווידועלע, סיי דאָס געזעלשאַפט־לעכע, איז פול מיט ביישפילן וואָס אילוסטרירן דעם דאָזיקן ענין. מענטשן קענען לעבן אי אין דער שייכות־סיסטעם „אַ", אי אין „ב", וואָס ביידע זענען געבויט אויף גאַנץ אַנדערע, אַפילו קעגנגעזעצטע הנחות, און דאָך זאָל דאָס באַוואוסטזיין ניט פילן קיין שום סימן פון דער היפּוכדיקייט. אין דער אמתן, ווי שוין געזאָגט, איז גאָר אַזאַ היפּוכדיקייט ניטאָ, סיידן ווען מען שטעלט אַוועק ביידע סיסטעמען ווי אַ דרויסנדיקן אָביעקט אויף צו באַטראַכטן, און דאָס אַלץ איז שוין גאָר די טעטיקייט פון אַ דריטער סיסטעם.

אַן אָנגעזעענער היסטאָרישער ביישפּיל איז אַטען אין איר שענסטער בלי־צייט. רעליגיעז איז דעמאָלט דאָס לעבן פול געווען מיט פּראַקטיצירן אַ משונהדיקן צערעמאָניאַל, אויסגעוועבט אין די אומשכלדיקסטע גלויבנס און אָבערגלויבנס. פון אַלע זייטן געטער און געטעלעך און סתם פאַנטאַסטישע געשטאַלטן וואָס האָבן געפאָדערט זייער חלק גלויבן און צערעמאָניע. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן וואָס עס האָט זיך דאָרט אָפּגעטאָן אינעם קינדס מוח, ווען עס האָט געמוזט קענען גאַנץ האָמער פון אויסנווייניק.

פונדעסטוועגן — און אין דער זעלבער צייט — האָט געהערשט די פולסטע פרייהייט אין פילאָסאָפישן דענקען. אין דעם ווינקל האָט יעדער אינטעליגענטער גריך געהאַלטן פאַר זיין חוב צו פרעגן און אָפּצופרעגן

אַלע פונדאַמענטאַלסטע עיקרים, און סקעפּטיציזם איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אויסדרוק פון אינטעלעקטועלער עלעגאַנץ און „באָן־טאָן". אַזוי איז רעליגיע געווען אי אַ ספק, אי אַ זיכערקייט אין דער זעלבער צייט; אַ זיכערקייט, ווען זי איז געווען אַ פּראַקטישער מאָמענט פון טאָג־טעגלעכן לעבן, אַ ספק, ווען זי איז געוואָרן אַן אָביעקט פון פילאָסאָפישן ישוב הדעת.

נאָך אַ היסטאָרישער ביישפּיל איז דאָס טראַדיציאָנעלע כינע. אַזאַ ריין־פאָרמעלע דערציאונג, ווי אַמאָליקע כינעזישע קינדער האָבן באַקומען, איז אַ מאָדערנעם מענטשן שווער זיך פאָרצושטעלן. צו קענען די רעליגיעזע קלאַסיקער אויף אויסנווייניק איז געווען אַ מוז־זאַך. עס וואָלט אויך דאָרט קיינעם ניט איינגעפאַלן ניט דורכצופירן דעם קאָמפּליצירטן ריטואַל וואָס די רעליגיעזע טראַדיציע האָט אַרויסגעבראַכט. און דאָך איז אין דער זעלביקער צייט אָפּגעהיט געוואָרן אַ פולע פרייהייט אין אינטעלעקטועלן לעבן. אין אַלט־כינע, פונקט ווי אין אַטען, איז באַטראַכט געוואָרן ווי ניט שיין, ווי עם־הארציש, זיך אַרומצוטראָגן מיט אַבסאָלוט זיכערע גלויבנס אין דער דענק־ספערע.

אָט האָבן מיר קלאָרע פאַלן פון די פריערדיקע היפּאָטעטישע שייכות־סיסטעמען „אַ" און „ב", וואָס פאַרנעמען זייער פּלאַץ אויף אַ ברייטן סאָציאַלן שטח. ווען איך זאָל וועלן ברענגען ביישפּילן פון איצטיקן געזעלשאַפטלעכן און אינדיווידועלן לעבן, וואָלט מען וויניקסטנס געדאַרפט האָבן אַ גאַנץ בוך פאַר דעם.

לאָמיר צוקומען אַביסל נעענטער צום ענין. לאָמיר פּרובירן אָנווענדן די מעטאָדן פון איין סיסטעם אויף געוויסע דערשיינונגען פון אַן אַנדער סיסטעם און זען, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען. איך וועל פּרובירן אַנאַליזירן לאָגיש אַ ציטאַטע פון מ. ל. האַלפּערנס ליד „גינגילי".

דאָס איז דער תכשיט משה לייב,
וואָס האָט נישט וואָס צו זאָרגן.
און ווייל אים דאַכט זיך, אַז דער טאָג
האָט ערגעץ זיך פאַרבאָרגן,
און ווייל אים דאַכט זיך, אַז מען האָט
דעם לעצטן האָן דערוואָרגן,
צעקרייט ער זיך אַליין און זאָגט
צו זיך אַליין גוט־מאָרגן.

אַ דאַנקבאַרער ביישפּיל איז אָט דער סטראָף, מחמת די צווייַ מאָל „און ווייל", וואָס האָבן אַ ריין לאָגישן קלאַנג, ווי מסקנות אַרויסגעצויגן פון אָוועקגעשטעלטע הנחות. כדי מקצר צו זיין דעם ענין, וועל איך אָנווייזן בלויז אויף דריי לאָגישע חסרונות. ראשית, איז לחלוטין ניט געדרונגען, ריין לאָגיש, אַז אויב עס איז קיין האָן נישטאָ — דאַרף זיך אַ מענטש אַליין אָוועקשטעלן קרייען. שנית, וואָסער שייכות האָט דאָ אַהער די טענה אַז „דער

טאָג האָט ערגעץ זיך פֿאַרבאָרגן״? אויב דאָס איז די סיבה פֿאַרוואָס די הענער קרייען ניט, איז דאָס פּשוט ניט ריכטיק. דריטנס, ווי קען זיך עפּעס „דאַכטן״ אַז מען האָט „דעם לעצטן האָן דערוואָרגן״? זאָל זיין געננוג. איך שרייב די דאָזיקע ווערטער און עס באַפֿאַלט מיך ממש אַ שרעק ווען איך שטעל זיך פֿאָר, ווי קאָמיש איך וואָלט אויסגעזען מיט אַזאַ לאָגישן אַנאַליז. אַ קלוגער לייענער וואָלט מיך לייכט געקענט אָפּפּטרן מיט עפּעס אַ וויציקער באַמערקונג.

באמת, עס איז גאָרניט געדרונגען. דאָס פּסיכישע לעבן פֿון מענטשן דריקט זיך אויס דורך סיסטעמען, וואָס יעדע פֿון זיי — כאָטש אַ טייל פֿון דער זעלבער פּערזענלעכקייט און ממילא אונטערגעוואָרפֿן אַלגעמיינע כאַראַקטער־שטריכן — האָט אירע אייגענע וועגן און פּירט צו אייגנאַרטיקע קאָנסעקווענצן. אָבער די רעליגיעזע סיסטעם און די פּאָעטישע האָבן דעם זעלבן יחוס־בריוו, זענען צוזאַמען געהאָדעוועט געוואָרן, האָבן דערנאָך לאַנג, לאַנג געלעבט אין נאָענטער שכנות, און קענען זיך, אין גרונט, ניט פֿאַנאַנדערגיין. רעליגיע, האָבנדיק אין זינען ניט אירע אָפּיציעלע און אינסטיטוציאָנעלע פֿאָרמען, נאָר אייגנאַרטיקע פּסיכישע איבערלעבענישן, און פּאָעזיע, ביידע וועלן אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים אייביק זינגען דאָס זעלבע ליד פֿון דער מענטשלעכער נשמה.

(1933)

# קונסט און צייט

אין דער פּראָגראַם־רעדע, וואָס היטלער האָט געהאַלטן ביים עפענען זיין רייכסטאַג, האָט ער ניט פאַרגעסן צו דערמאָנען אַז ער האָט אויך אַ געוויסן בליק אויף קונסט. ער האָט אויסגעדריקט זיין אומצופרידנקייט, וואָס מען האָט ביז איצט געשריבן אויף אַלגעמיינע טעמעס „סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין". פון איצט אָן, האָט ער מבטיח געווען, וועט זיך די דייטשישע קונסט קאָנצענטרירן אויף „בלוט און ראַסע".

אויב איך האָב קיין טעות ניט איז די נאַצישע דיקטאַטור די איינציקע, וואָס האָט אָנגענומען אַ פונדאַמענטאַלן באָלשעוויסטישן פּרינציפּ אין קולטור־פּראָגעס. דערוויל איז דאָס געזאָגט געוואָרן בלויז אין שייכות צו קונסט. ס'איז אָבער ניטאָ קיין סיבה פאַרוואָס דאָס זאָל ניט גיין אַביסל ווייטער. אין רוסלאַנד, למשל, איז אַ מוראדיקע זינד צו גלייבן אין דער מעגלעכקייט, אַז באַגאַבטקייט ביי קינדער איז אַן איינגעבוירענע זאַך (וויפיל עינויים עס איז אויסגעשטאַנען צוליב אַזעלכע זינד דער אָרעמער יאָכענסאָן) — וואָרעם פאַר אַ דיאַלעקטישן קאָמוניסטישן קאָפּ איז דאָך לייכט צו דערוויזן, אַז אַזאַ טעאָריע איז בלויז געשאַפן געוואָרן פון קאַפּיטאַליסטן, כדי צו דערהאַלטן זייער אָרדענונג. קען מען דאָך גיין אויפן זעלביקן דרך אויך אין היטלערס דייטשלאַנד. מען קען, למשל, דערוויזן — מיט אַ האָר ניט ווייניקער שכל און וויסנשאַפטלעכער זיכערקייט — אַז די רעלאַטיוויטעט־טעאָריע שטאַמט פון אַ פאַרלאַנג צו צעשטערן די אַבסאָלוטקייט פון פונדאַמענטאַלע דערשיינונגען, אַזעלכע ווי דייטשיש בלוט און דייטשישע ראַסע.

עס איז שווער צו זאָגן ווי ווייט עס וועלן גיין די פאָדערונגען פון דער דייטשישער דיקטאַטור אויפן קולטור־פעלד און ווי גרויס עס וועט זיין דער דרוק עס דורכצופירן. סוף־כל־סוף איז גאָר ניט אַזוי לייכט צו נאַציזירן די ריזיקע דייטשישע קולטור. בכל אופן איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן ווי עקסטרעמען קומען זיך צונויף, און ווי ווייט עס ציט זיך דער פאַרבאָט אויף „שאַפן סתם אַזוי". דער חילוק איז בלויז אין דעם, וואָס אין איין פאַל וועט אַזאַ סאָרט שאַפן באַטראַכט ווערן ווי אַ גאַנץ באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק געפּלאַנעוועטע „סאָציאַלע באַשטעלונג", און אין אַ צווייטן פאַל וועט עס מסתמא הייסן אַן „אַנטי־נאַציאָנאַלע באַשטעלונג". דער צד־השווה באַשטייט אין דעם וואָס קולטור בכלל, אָבער דער עיקר קונסט, דאַרף זיך קאָנצענטרירן אויפן איצטיקן מאָמענט אין צייט און זיך באַוועגן אויף דער ליניע ניט אַזוי ווייט פון אַ באַשטימטער פילאָסאָפיע ווי פון אַ באַשטימטן פּאָליטישן רעזשים.

ווען מען באַטראַכט די פּראָבלעם אין איר סאַמע גרונט איז שוין, פאַר־

שטייט זיך, ווייניקער וויכטיק וואָסער כאַראַקטער עס טראָגט אַ געגעבענער רעזשים. ער מעג שוין אַפילו זיין דער ליכטיקסטער און אידעאַלסטער וואָס דער מענטשלעכער דמיון איז בכוח זיך פאָרצושטעלן. דער עיקר איז דער פּרינציפּ: בלויז אַזאַ קונסט דאַרף געגעבן ווערן דאָס רעכט צו לעבן, וואָס דאָס ווייזט דאָס לעצטע פּינטעלע פון דער צייט לויט דעם זייגער וואָס אַ באַשטימטער הערשנדיקער רעזשים האָט פאַר זיך אָנגעשטעלט.

עס איז שווער פאָרויסצוזאָגן וואָס עס קען זיין דאָס מזל פון דער קונסט, ווען זי ווערט איינגעפּענטעוועט אין די ראַמען פון אַזאַ בליק. אַ באַזונדער מורא באַפאַלט דעם געדאַנק, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט נאָר וואָס אָנגענומען די סאַמע פינסטערסטע, אוממענטשלעכסטע הערשאַפט פון אַ מעכטיק קולטור־פאָלק. מען קען זיך אַפילו אין דער פאַנטאַזיע ניט אויסמאָלן וואָס דערפון קען אַרויסקומען. אפשר וועט אונדז דער גאַנצער ענין קלאָר ווערן ווען מיר וועלן טיפער באַנעמען די רייִן טעאָרעטישע זייטן פון דער פּראָבלעם, אויף וויפיל זיי ווייזן זיך אַרויס אין דעם פריער־געבראַכטן פּרינציפּ.

דער פּרינציפּ, ווי געזאָגט, איז דער איצטיקער מאָמענט אין צייט, אין ליכט פון אַ באַשטימטן פּאָליטישן רעזשים. דאָס דאַרף אָוועקגעשטעלט ווערן ווי אַ ציל און ריכטונג אין קונסט. איז טאַקע ניט אַזוי לייכט איינצוזען וואָס דאָס אַלץ באַטייט, סיידן מען אַנאַליזירט אַ ביסל דעם באַגריף „צייט". איך זאָג „אַ ביסל", מיינענדיק אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל דאָס קען האָבן אַ שייכות צו דער איצטיקער טעמע.

קיין איין געדאַנקען־אויפרייס אין דער מאָדערנער געשיכטע פון דער קולטורעלער וועלט האָט ניט אַזוי קלאָר אַרויסגערוקט די פּראָבלעם פון צייט ווי דאָס האָט געטאָן די רעלאַטיוויטעט־טעאָריע. פון מאָדערנע פילאָסאָפן האָט בערגסאָן מער און ברייטער פון אַלע זיך פאַרטיפט איבער דער פּראָבלעם פון צייט, פון „רעאַלן דויער". און כאָטש בערגסאָן איז ניט בלויז אַ טיפער דענקער, נאָר אויך אַ פיינער בילדלעכער שרייבער, פונדעסטוועגן האָט זיין „צייט" ניט באַוויזן אַרויסצורייסן זיך פון מעטאַפיזיש־פילאָסאָפישן ווינקל. ווייל ער איז דער עיקר געווען פאַראינטערעסירט אין איין אַספּעקט פון דער פּראָבלעם, און גראָד אַזאַ וואָס בלויז דאָס טיפער־גראָבנדיקע דענקען קען אויסטיילן.

אַנדערש איז מיט דעם אומדירעקטן איינפלוס פון דער איינשטיין־טעאָריע. דירעקט האָט די דאָזיקע טעאָריע צו טאָן מיט וויסנשאַפט און ניט מיט פילאָסאָפיע, און זיכער ניט מיט אַן אַלגעמיינעם אינטעלעקטועלן הינטערגרונט פאַרן מענטשלעכן דענקען. דירעקט, און אויף וויפיל די טעאָריע האָט צו טאָן מיט דער פּראָבלעם פון צייט, איז איר מסקנא בלויז וויכטיק, טאַקע אומגעהייער וויכטיק, פאַר דער טעאָרעטישער פיזיק, און אפשר אויך פאַר דער פילאָסאָפישער פּראָבלעם פון אַבסאָלוטן. כאָטש עס איז ווערט

צו דערמאָנען, אַז דאָס לעצטע איז ניט אַזוי זיכער און בערטראַנד ראָסל לייקנט עס טיילוויז אָפּ. אָבער אומדירעקט האָט די טעאָריע מיט באַנייטער קרעפּטיקייט אָנגעוויזן אויף דעם, אַז דאָס וואָרט „צייט" דעקט פאַרשיידענע באַגריפן, וואָס מען דאַרף פאַנאַנדערטיילן. דאָס האָט זי געטאָן דורך דעם וואָס זי האָט באַוויזן מיט זיכערע ראיות אַז „צייט", וואָס ווערט געמאָסטן אין פיזיק, באַזיצט מערקווערדיקע כאַראַקטער־שטריכן, אַזעלכע אייגנשאַפטן, וואָס מען האָט ביז דעמאָלט ניט פאַרגעשטעלט זיך אַז זיי קענען זיין אמת. דאָס האָט געפירט צו דעם מען זאָל קלאָרער באַנעמען וועגן וואָס מיר רעדן בעת „צייט" ווערט באַנוצט אין פאַרשיידענע קאָנטעקסטן. דאָס האָט אויך געפירט צו דעם, אַז בכלל זאָל דער ענין גענומען ווערן מיט מער ערנסטקייט.

אין די לעצטע יאָרן האָט קיין אין דענקער ניט אַזוי קלאָר אָנגעוויזן ווי וויטהעד אויף וויפל מיר וועלן בעסער פאַרשטיין אַלע דערשיינונגען ווען מיר וועלן זיך גענויער און טיפער רעכענען מיט „צייט". איצט האָט מען שוין אָנגעהויבן איינצוזען, אַז אויך ביאָלאָגישע פאַקטן וועלן זיך טיפער לאָזן דורכדרינגען ווען מיר וועלן אויף זיי אָנווענדן אַ צייט־געמעסט. פון ביאָלאָגיע ביז פסיכאָלאָגיע איז דער וועג מער אָדער ווייניקער אַ גלאַטער און אַ קורצער. אַזוי מעגן מיר זיך ריכטן אַז אומעטום וועט די טעאָריע פון דערקלערן דערשיינונגען רייכער ווערן מיט נאָך אַ ליכט — צייט. און מסתמא וועט אויך קונסט, ד"ה, די טעאָריע פון קונסט, ניט בלייבן קיין יוצא מן הכלל. אַזוי וועט דער אומגעהייערער צייט־פאַקטאָר אָנהייבן צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ וואָס ער פאַרדינט.

## זייגער־צייט

מען וואָלט געקענט צעטיילן צייט לויט דריי פאַרשיידענע באַגריפן: זייגער־צייט, האַרץ־צייט און דויער־צייט. אין עקזאַקטער וויסנשאַפט, און אין אַ סך פּראַקטישע מאָמענטן פון לעבן, שפּילט די הויפּט־ראָלע זייגער־צייט. אין פיזישע און אַסטראָנאָמישע חשבונות, פּונקט ווי אין פּראַקטישע באַדערפעונישן, ווען מען וויל וויסן ווען די באַן גייט אָפּ, ווען צו קומען אויף אַ באַשטעלונג, ווען עס ווערט טאָג און ניי־זעלאַנד אין אַ געוויסן חודש פון יאָר, ווען עס וועט זיין אַ ליקוי־לבנה, אין וואָסער אָפּשניט פון טאָג מען פּראָטעסטירט פעליקע, ניט־באַצאָלטע וועקסלען, אין וועלכע מאָמענטן מען דאַרף איינעמען אַ לעפל מעדיצין, ווען עס הייבט זיך אָן דער פרילינג פון שטאַנדפּונקט פון געוויסע אַסטראָנאָמישע דערשיינונגען — אין די אַלע פאַלן — און נאָך אַנדערע מיליאָנען פון זעלביקן סאָרט — מוזן מיר אָננעמען דעם שטאַנדפּונקט פון זייגער־צייט. זייגער־צייט מעסט, פאַרשטייט זיך, בכלל ניט קיין צייט, נאָר דעם גאַנג פון באַוועגונגען. ווען מען וויל, למשל, וויסן ווען די באַנק פּראָטעסטירט ניט־באַצאָלטע וועקסלען, און אויב דאָס איז

דריי אַזייגער נאָכמיטאָג, קען מען דאָס בלויז דערגיין דורך אַ געווינטלעכן זייגער אָדער זון־זייגער. אין ביידע פֿאַלן האָבן מיר צו טאָן מיט אַ געוויסער שנעלקייט פֿון באַוועגונגען. אין ערשטן פֿאַל רעכענען מיר זיך מיטן גאַנג פֿון ווייזערס אויף אַ ציפֿערבלאַט, אין צווייטן פֿאַל — מיט באַוועגונגען פֿון ליכט און שאָטן, אָדער מיט די באַוועגונגען פֿון דער ערד און איר דרייען זיך אַרום זיך איין מאָל יעדן מעת־לעת.

זייגער־צייט איז קאַלטע אָביעקטיווּיטעט. צי עס איז עפּעס יאָ אָדער ניט פֿאַראַן הינטער די אויסגערעכנטע באַוועגונגען, דאָס גייט אונדז ניט אָן, בעת מיר מעסטן און רעכענען זיך בלויז מיט זייגער־צייט. מיר זענען דעמאָלט בלויז פֿאַראינטערעסירט צו דערגיין ווען עס קומט פֿאָר אַ צו־זאַמענטרעף פֿון צוויי אָדער מער דערשיינונגען. ווען די דאָזיקע פֿאָדערונג ווערט באַפֿרידיקט, אַרט אונדז דעמאָלט מער קיין זאַך ניט. ווען, למשל, מען פֿאַרבעט מיך אויף אַ באַנקעט, וואָס, ווי דער בילעט זאָגט, דאַרף זיך אָנהייבן ניין אַזייגער אין אָוונט, ווייס איך פֿון לאַנגיאָריקער דערפֿאַרונג, אַז איך דאַרף קומען אויפֿן באַנקעט פּונקט דעמאָלט ווען די צוויי ווייזערס פֿון מיין זייגער שטייען אויף דער צוועלף. ווייל די פֿריערדיקע יאָרן האָבן מיך געלערנט אַז אויך די אַנדערע פֿאַרבעטענע געסט וועלן זוכן אויף זייערע זייגערס פּונקט די זעלביקע אינפֿאָרמאַציע. און אַזוי ווי זייערע זייגערס און מיין זייגער ווערן ביידע רעגולירט פֿון אַן ענלעכן מעכאַניזם, בין איך זיכער, אַז דער נייטיקער צונויפֿטרעף — געמאָסטן לויט די באַוועגונגען פֿון ענלעכע מעכאַניזמען — וועט פּינקטלעך פֿאָרקומען.

מעגלעך, אַז פֿון אַלע געסט וועלן טייל זיך דאַרפֿן איילן צו זיין באַ־צייטנס און אַנדערע ניט; מעגלעך אַז טייל וועלן דאַרפֿן עפּעס מקריב זיין כדי בכלל צו קומען צום באַנקעט און אַנדערע ניט; טייל וועלן אפשר קומען פֿרייוויליק, אַנדערע — געצוואונגען; טייל וועלן קומען ווי נאָענטע מחותנים אויף דער שמחה, אַנדערע — ווי פֿרעמדע. דאָס אַלץ האָט אָבער קיין שום איינפֿלוס ניט אויף זייגער־צייט, האָט בכלל קיין שום שייכות ניט דערצו. אין זייגער־צייט ווערן אַלע באַזונדערע מאָמענטן אַרויסגעלאָזן פֿון חשבון אַזוי ווי זיי וואָלטן אינגאַנצן ניט עקזיסטירט. די שייכות פֿון זייגער־צייט צו אַ געשעעניש איז פּונקט ווי די שייכות פֿון דער וואָג צו דער זאַך וואָס ווערט געוואויגן, אָדער ווי די שייכות פֿונעם ציפֿער „2" צו אַ מעשה וועגן צוויי מענטשן.

זייגער־צייט באַשטייט ניט בלויז אין דעם וואָס זי איז אַ קאַלטע, דער־ווייטערטע אָביעקטיווּיטעט, נאָר אויך אין דעם וואָס זי איז אַבסטראַקציע, אַ מאָמענט אַרויסגעכאַפּט און אָפּגעריסן פֿונעם גאַנג פֿון געשעענישן. סיי אין וויסנשאַפֿט, סיי אין געוויסע מאָמענטן פֿון פּראַקטישן לעבן איז דאָס אַ געוואָלדיקע מעלה. בלויז צוליב דעם קען זייגער־צייט געהאַלטן ווערן אין אַ שטרענגער דרויסנדיקייט, דאַרף ניט ליידן פֿון די קאַפּריזן פֿון אומ־

באַשטימטקייט, אומקלאָרקייט און אומזיכערקייט, און קען דעריבער זיין אַב־סאָלוט פאַרלאָזלעך אין די גרענעצן פונעם פעלד וואו זי פונקציאָנירט.

זייגער־צייט גיט אַ גאָלדענע געלעגנהייט — אַ געלעגנהייט, אָן וועלכער דאָס פּראַקטישע לעבן וואָלט ניט געקענט אויסקומען — אַזוי גרינגלעך דרויסנדיק צו מאַכן דאָס וואָס איז איינע פון די סאַמע כאַראַקטעריסטישע, איינע פון די סאַמע אינטימע אינעווייניקסטע איבערלעבענישן וואָס מיר פאַרמאָגן — צייט. מיר דאַכט זיך אַז דערין ליגט די הויפּט־סיבה פאַרוואָס דורכשניטלעכע מענטשן איז אַזוי שווער צו באַמערקן אין וואָס עס באַשטייט די פּראָבלעם פון צייט. דאָס איז ניט בלויז דערפאַר וואָס צייט איז אַזוי טיף סוביעקטיוו און לאָזט זיך ניט אַזוי לייכט פאַרוואַנדלען אין אַן אָביעקט פון דענקען, נאָר אויך דערפאַר וואָס אין טאָג־טעגלעכן לעבן האָבן מיר כסדר צו טאָן מיט דער אָביעקטיווער זייגער־צייט וואָס טראָגט לחלוטין ניט אויף זיך די מלחמה־צייכנס פון אַ פּראָבלעם.

זייגער־צייט איז אַ פאַקט, אַ באַקוועמלעכקייט וואָס דינט אונדז אויף שריט און טריט, אַ זאַך אויף וועלכער מיר קענען שטענדיק אַוועקלייגן די האַנט און זאָגן: אָט דאָס איז עס. לויט זייגער־צייט האָבן אַזעלכע באַ־גריפן ווי „פרי" און „שפּעט" אַ ריין דרויסנדיקע ווענדונג; זיי זענען פאַקטן וואָס זענען אָדער אמת אָדער ליגן, און צי אמת צי ניט אמת, אַלץ ווערט דעצידירט פון די פּאָזיציעס פון ווייזערס אויף ציפערבלעטער. זייגער־צייט איז דער וויכטיקסטער אינסטרומענט סיי אין וויסנשאַפטלעכן דענקען, סיי אין פּראַקטישן לעבן, און די ניצלעכקייט ליגט אין דעם וואָס דאָ מעסטן מיר ניט אַזוי ווייט דעם גאַנג פון צייט וואָס איז דין און פאַרוואָלקנט, ווי דעם גאַנג פון זייגער וואָס איז אָנזעעוודיק און קלאָר.

## האַרץ־צייט

האַרץ־צייט — אפשר אַ צו סענטימענטאַלער נאָמען. אָבער „האַרץ" קעמפט שוין לאַנג און פאַרצווייפלט און וויל באין אופן זיך ניט פאַרוואַנדלען בלויז אין אַן אָרגאַן פאַר בלוט־צירקולאַציע. מילא, אײדער צו זאָגן „פּסיכאָ־לאָגישע צייט" איז פּאָרט גלייכער צו זאָגן „האַרץ־צייט". דאָס לעצטע רעדט מער צום „האַרצן".

איך האָב פריער דערמאָנט די באַגריפן פון „פרי" און „שפּעט" ווי זיי זענען אויס אין ליכט פון „זייגער־צייט. לאָמיר באַטראַכטן די זעלביקע באַגריפן פון שטאַנדפּונקט פון האַרץ־צייט. איך פאַרזוים זיך אויף אַ פאַר־זאַמלונג. איך קום אַהיים און באַמערק צו זיך: „געוואָלד ווי שפּעט, שוין דריי אַזייגער". די שטילקייט פון גאַס, די זעלטענע פאַרבייגייער, די פאַר־מאַכטע געשעפטן, די איינזאַמע פּאָליציי־לייט, אַפילו די פאַרשלאָפענע לבנה — אַלץ האָט מיר אָנגעזאָגט די בשורה: שוין שפּעט, שוין שפּעט. אַפילו דער קאַלטער ווינט און די פייכטע לופט האָבן מיר אַקעגנגעטראָגן די נייס

וואָס איך האָב ערשט שפּעטער אויסגעפונען פונעם זייגער: שוין שפּעט, שוין שפּעט.

אַן אַנדערש מאָל דאַרף איך זיך אויפהייבן זייער פרי. מיין באַן גייט אָפּ פיר אַזייגער, דאַרף איך שוין אַזייגער דריי פאַרטאָג זיין אין גאַס. די זעלביקע גאַס וואָס פריער, ווען איך בין געקומען פון דער פאַרזאַמלונג. אַלע סימנים אַקוראַט די זעלביקע, אָבער די בשורה וואָס ברומט מיר אין אויער אַריין איז שוין גאָר אַן אַנדערע. דעמאָלט איז געווען: „שוין שפּעט, שוין שפּעט", און איצט איז: „ווי פרי, ווי פרי". פון שטאַנדפּונקט פון זייגער־צייט איז ניטאָ קיין שום נפקא־מינה. די דריטע שעה נאָך האַלבער נאַכט איז דעמאָלט ווען דער גרויסער ווייזער שטייט אויף דער צוועלף, דער קליינער אויף דער דריי. איז דעמאָלט „פרי"? „שפּעט"? אומזין. זייגער־צייט באַשטימט בלויז דעם צונויפטרעף פון דערשיינונגען, און בלויז פון דעם שטאַנדפּונקט איז פאַראַן אַ „פרי" און אַ „שפּעט". אין זיך אַליין האָבן די דאָזיקע צוויי באַגריפן קיין שום זינען ניט פון שטאַנדפּונקט פון זייגער־צייט. אָבער האַרץ־צייט וויל פון דעם ניט וויסן. מעג דער זייגער טענהן אַקוראַט דאָס זעלביקע אין צוויי באַזונדערע פאַלן, איז פונדעסטוועגן איין פאַל „שפּעט" און דער צווייטער — „פרי".

איינשטיין האָט אַמאָל געוואָלט באַפרידיקן אַן איינגעשפּאַרטן רעפּאָרטער, וואָס האָט דווקא געוואָלט דערגיין די רעלאַטיוויטעט־טעאָריע על רגל אַחת. דער געניאַלער וויסנשאַפטלער האָט געטראַכט און געפונען אַן אויסוועג. ער האָט אים דערציילט וועגן דעם ווי מען פאַרברענגט מיט אַ געליבטער, ווען אַ שעה איז אַ מינוט, און אָפּט — די שעה זאָל ניט זיין — מיט אַן אייגן ווייב, ווען אַ מינוט איז אַ שעה. און אָט איז אַלץ ווי אויף דער האַנט: צייט איז רעלאַטיוו. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז בלויז אַ וויץ. די איינשטיין־טעאָריע האָט אינגאַנצן ניט צו טאָן מיט אָט דעם מין צייט. דאָס וואָס איינשטיין האָט אַנגערירט אין דעם וויץ, האָט ניט קיין פּלאַץ אין טעאָרעטישער פיזיק. דאָס איז אייגנטלעך האַרץ־צייט. און אַז האַרץ־צייט איז רעלאַטיוו לגבי זייגער־געמאָסטענע צייט־אָפּשניטן, דאָס ווייסט דאָך אַ קינד אין וויג און ניט דאָס האָט מען געדאַרפט אַנטדעקן. די גרויסקייט פון דער רעלאַטיוויטעט־טעאָריע באַשטייט אין דעם וואָס זי די גרויסקייט פון דער רעלאַטיוויטעט־טעאָריע באַשטייט אין דעם וואָס זי האָט באַוויזן אַז אויך די אָביעקטיווע, זיכערע, אינסטרומענטאַל־געמאָסטענע זייגער־צייט איז רעלאַטיוו, אַז אירע רעזולטאַטן זענען בלויז אמת אין די גרענעצן פון אַ באַשטימטער באַוועגונג־שנעלקייט, אָבער ניט אין די גרענעצן פון אַן אַנדערער.

האַרץ־צייט איז צייט אין די ראַמען פון אַ פּסיכישן צושטאַנד. קיין איין פּסיכאָלאָג קען היינט צו טאָג ניט זאָגן מיט זיכערקייט פון וואָס עס הענגט אָפּ דאָס געפיל פון צייט וואָס מיר טראָגן אין זיך. אַ סך השערות זענען

פאַרגעלייגט געוואָרן, אָבער קיין איינע פון זיי נעמט נישט אַרום אַלע פאַקטן וואָס זענען אונדז באַקאַנט. בנוגע אונדזער אָפּשאַצונג וועגן דער לענג פון צייט איז זיכער אמת אַז דאָס איז אָפּהענגיק פון דער צאָל געשעענישן וואָס טראָגן זיך דורך אַ געוויסן צייט־אָפּשניט. אין איצטיקער צייט, למשל, וואָס גרעסער עס איז די צאָל געשעענישן אין איר, אַלץ קלענער זעט אויס דער צייט־פאַרנעם. ווען די צאָל געשעענישן איז זייער קליין, פילט מען אַז די צייט ציט זיך אומברחמנותדיק לאַנג. דאָס איז אָבער בלויז איין זייט פון דער מטבע און דערצו נאָך אַן אויבנאויפיקע זייט. דער פריערדיקער ביישפּיל, למשל, וועגן דעם חוש פאַר „פרי" און „שפּעט" — וואָס איז אַ טיפערע שיכט אין דער וועלט פון צייט — ווערט באין אופן ניט דערקלערט אויף אַזאַ פשוטן אופן, מיט דער הילף פון איינצלנע, אָפּגעריסענע, איצטיקע סטימולן.

עס איז נייטיק צו געדענקען, אַז סיי האַרץ־צייט, סיי זייגער־צייט זענען בלויז מעטאָדן, געוויסע אופנים צו מעסטן צייט, אָבער זיי דערציילן אונדז לחלוטין גאָרניט וועגן דער טבע פון דער דערשיינונג וואָס זיי מעסטן. זיי טראָגן אַפילו ניט אין זיך קיין שום באַשטעטיקונג אָדער אָפּלייקענונג צי דאָס וואָס זיי מעסטן איז טאַקע ערגעץ וואו בנמצא, איז טאַקע אמת אָדער אַ פיקציע. דאָס איז לגמרי ניט זייער עסק. אין דעם פּרט זענען ביידע מעטאָדן גלייך איינע צו דער אַנדערער. אָבער די אומגעהייערע נפקא־מינה צווישן זיי באַשטייט אין דעם וואָס זייגער־צייט איז קודם־כל פּאַראינטערע־סירט אַז די גלייכקייט פון צייט־אינטערוואַלן און די פּאָזיציעס פון צייט־אָפּשניטן זאָלן טראָגן אַן אַבסאָלוטע אָביעקטיווע גילטיקייט. דער לויף פון אַ שעה, די באַשטימונג פון פאַרגאַנגענהייט, איצטיקע צייט און צוקונפט, דאַרף מען געניוי קענען מעסטן דורך זייגערס, קאַלענדאַרן און דאָקומענטן. אין האַרץ־צייט איז דער עיקר דער פּסיכישער צושטאַנד; ממילא קען אַ קורצע נודנע רעדע פאַרנעמען זייער אַ לאַנגע צייט, און אַן איבערלעבעניש פון נעכטן און אַ פאַנטאַזיע פון מאָרגן קענען ווערן אַ איצטיקע רעאַליטעט וואָס דריקט זיך אויס ניט בלויז דורך איצטיקע געדאַנק־פּראָצעסן, נאָר אַפילו דורך איצטיקע האַנדלונגען.

די וועלט־פּאָעזיע, ספּעציעל די מערבדיקע, איז אין משך פון אַ סך יאָרהונדערטער געלעגן אין די אָרעמס פון אַ גלייך־געמאָסטענעם זייגער־רעגולירטן ריטם. די דאָזיקע ריין טעכנישע פאָרם האָט זיך אַזוי שטאַרק געהאַלטן, און וועט זיכער קיינמאָל ניט אונטערגיין, סיי צוליב דעם עסטעטישן צויבער וואָס ליגט אין ריטמישער אוניפאָרמיטעט, סיי צוליב אַנדערע וויכטיקע סיבות. אָבער דער שפּרינגעוודיקער ריטם פון אַלע צייטן, און דער פרייער פערז, וואָס האָט זיך לעצטנס אַזוי טיף איינגעפונדעוועט, איז בלי ספק אַ פּראָטעסט פון אינעווייניקסטער פּסיכישער האַרץ־צייט אַנטקעגן דער דרויסנדיקער דורכויסיקער זייגער־צייט. אַלע ווייסן ווי שווער עס איז

מייסטעריש צו באַהערשן דעם פרייען פערז, ווייל ער האָט ניט קיין דרויסנ־דיקן מעכאַניזם, לויט וועלכן ער איז אָנגעשטעלט און וואָס קען דינען ווי אַן אָראַקל, וואָס ביי אים קען מען פרעגן די לעצטע עצה. דער דאָזיקער פערז וועט אָבער צוליב דעם אַליין רעגן פּאָעטישע אַמביציעס און סטימולירן מייסטערשאַפט אין האַרץ־צייטלעכער פאָרם, ספּעציעל דאָרט וואו דער האַרץ־צייטלעכער אינהאַלט איז באַזונדערס אָנזעעוודיק.

אין מאָמענטן ווען מיר פילן זיך פריי פון סאָציאַלן דרוק אָדער פון סביבה׳דיקע נויטווענדיקייטן ווערט האַרץ־צייט די נאַטירלעכע מעטאָדע צו מעסטן דאָס צייטלעכע פון איבערלעבענישן. דאָס באַווייזט אַז דאָס עצם אויפ־נעמען צייט־אינטערוואַלן איז ניט אַרויפגעצוואונגען פון דרויסן, נאָר וועקט זיך אויף אין אונדז אין ממילאדיקן גאַנג פון פּסיכישן לעבן. דאָס געפיל פון צייט־אינטערוואַלן איז פּונקט אַזוי שטאַרק אין שטילער קאָנטעמפּלאַציע, אין אָריענטאַלישער פילאָסאָפישער דבקות, ווי אין די פּראַקטישע געשעפט־לעכע באַציאונגען. מיר רעדן דעריבער דאָ וועגן עפּעס וואָס איז פּסיכיש פונדאַמענטאַל, הגם פאַרשיידענע נויטן רוקן אַרויס פאַרשיידענע מעטאָדישע פּראָצעדורעס.

האַרץ־צייט, זייגער־צייט — מעטאָדן בלויז, אמת. אָבער אויפן חשבון פון וואָס לעבן די דאָזיקע מעטאָדן? וואָס איז די טבע פון דער פּסיכישער רעאַליטעט וואָס ווערט פון זיי באַדינט? אַזעלכע פראַגעס פירן אונדז צו באַטראַכטן אַ דריטן סאָרט צייט — דויער־צייט.

## דויער־צייט

זאָל גלייך קלאָר ווערן אַז מיט „דויער־צייט״ האָב איך ניט אין זינען דעם מעטאַפיזישן „ריינעם דויער״, ד״ה, עפּעס וואָס שפּילט זיך אָפּ אין דרויסן פון אונדז און איז אַן אָביעקטיווע כאַראַקטעריסטיק פונעם וועלט־געשען. צי אַזאַ זאַך איז פאַראַן, צי זי איז ניט פאַראַן, ווי קאַנט האָט געלערנט, האָט קיין שום שייכות ניט צו דער איצטיקער טעמע. מיט „דויער־צייט״ האָב איך אין זינען עפּעס וואָס מיר לעבן איבער, וואָס איז אַ פּסיכישער פאַקט, כאָטש ער לאָזט זיך ניט אַנאַליזירן. דויער־צייט איז דאָס געפיל פון אָנגאַנג, פון דינאַמישער קאָנטינואיטעט, פון אַ מין שטילן אָטעם פון דער וועלט, וואָס כוואַליעט זיך אָן אַן אויפהער אַלץ פאָרויס, פאָרויס.

וויליאַם דזשעימס, זעט אויס צו האָבן דאָס אין זינען ווען ער רעדט וועגן „ליידיקער צייט״. לויט דזשעימסן נעמען מיר אין גאַנצן ניט אויף אַזאַ סאָרט צייט. ער גיט אַזאַ עצה: „זאָל זיך עמעצער אָוועקזעצן מיט פאַר־מאַכטע אויגן, זיך אין גאַנצן אָוועקנעמען פון דער דרויסנדיקער וועלט, און אַכטונג געבן בלויז אויפן גאַנג פון דער צייט״. וואָס וועט דעמאָלט פאָרקומען? און ער ענטפערט: מען דאַרף זיך בלויז אַביסל מטריח זיין און אַריינקוקן

אין זיך אַליין, כדי איינצוזען אַז מען קען ניט אויפנעמען קיין צייט־דויער וואָס האָט ניט קיין שפּירערישן אינהאַלט, ד"ה, אַן אינהאַלט פון זאַכן וואָס מען קען אויפנעמען מיט די חושים. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז שווער זיך צו פאַרלאָזן אויף אַזאַ מין אינטראָספּעקציע, וואָרעם „זיך איינגאַנצן אַוועק־נעמען פון דער דרויסנדיקער וועלט" פאָדערט, האָב איך מורא, צופיל בריה'־שאַפט פון אַ שטערבלעכער בריאה. אָבער אַזוי ווי דזשעימס וויל דערווייזן אַז מיר האָבן ניט קיין ספּעציעלן צייט־חוש, קען מען דאָס גאַנץ פיין נאָכגעבן. זאָל זיין אמת אַז עס איז ניט פאַראַן קיין ספּעציעלער קאַנאַל דורך וועלכן דאָס צייט־געפיל דערגרייכט אונדזער געמיט און באַוואוסטזיין, אָבער עס דערגרייכט. עס איז שווער ניט צו דערזען דעם אמת אין עדינגטאָנס אינ־טראָספּעקטיוון באַריכט: „ווען איך מאַך צו מיינע אויגן און צי זיך צוריק אין מיין אינעווייניקסטן לעבן פיל איך אַז איך דויער". עדינגטאָן איז מוסיף אַז דאָס איז ניט אמת וועגן רוים, וועגן פאַרנעמען פּלאַץ, ווייל אונטער די זעלביקע באַדינגונגען, ווען מען פילט זיך „אין דויער", פילט מען זיך ניט „אין אויסגעשפּרייטקייט". אָט דערפאַר איז אויסגעשפּרייטקייט, רוים, עפּעס אָביעקטיווס, דרויסנדיקס, בעת צייט איז אינטים איינגעגראָבן אינעם פּסי־כישן לעבן פון יעדן יחיד.

דאָס אַלץ איז בלי ספק ענג פאַרבונדן מיטן פאַקט וואָס מיר פאַרמאָגן אַ זכרון, וואָס מיר קענען צוריקגיין אין געדאַנק צו פריערדיקע געשעענישן, וואָס מיר האָבן אַזעלכע באַגריפן ווי „פריער" און „שפּעטער". ווי וואָלט געווען ווען מיר זענען באַשעפענישן אָן אַזעלכע פּסיכישע פעיאיקייטן? וואָלטן מיר אויך דעמאָלט געפילט דעם פּולס פון צייט־לויף? איך, מיין, אַז ניין. אָבער ווייל מיר זענען מענטשן, מיט אַלץ וואָס דאָס איז מחייב, זענען מיר אויך כאַראַקטעריסטישע צייט־באַשעפענישן, לעבט און פּולסירט אין אונדז דער כסדרדיקער אַנגאַנג פון דויער־צייט.

מיט יאָרן צוריק (אין 1921) איז ביי אונדז, אין אַמעריקע, דערשינען אַ בוך וואָס האָט געלאָזן אַ גאַנץ אָנגעזעענעם רושם. דער שרייבער פונעם בוך איז אַ פּאָליאַק מיטן נאָמען גראַף קאָזשיבסקי. לויט זיין מיינונג קען מען פאַרענטפערן אַלע וועלט־פּראָבלעמען ווען מיר וועלן האָבן אַ טיפערן באַגריף וועגן די כאַראַקטער־שטריכן פון לעבעדיקע באַשעפענישן. איינ־טיילנדיק די גאַנצע ביאָלאָגישע וועלט אין פלאַנצן, חיות און מענטשן, האָט ער אָנגערופן די ערשטע כעמישע באַשעפענישן, אַזעלכע וואָס — אָראָפּ־רעכענענדיק די דערשיינונג פון לעבן וואָס איז גליך פאַר אַלע — שעפּט זיך אויס די וויכטיקסטע אינפאָרמאַציע וועגן זיי מיט די ידיעות וועגן די כעמישע פּראָצעסן וואָס קומען אין זיי פאָר. די צווייטע, די חיות, זענען רוים־באַשעפענישן. דאָס וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן וועגן זיי, איז די לאָקאָמאָטיווע אייגנשאַפט. זיי קענען, אַנדערש ווי פלאַנצן, זיך איינגאַנצן אַריבערטראָגן פון איין אָרט אויפן צווייטן; וואַנדערן, אויסמעסטן די רוים־

לעבע וועלט, דאָס איז זייער וויכטיקסטער כוח. אָבער ווייל דאָס איז אויך די גרענעץ פון זייער גרעסטן אויפטו, קענען זיי ממילא ווייט ניט שטייגן. די קרוין פון דער באַשעפעניש איז דער מענטש, ווייל דער מענטש האָט אויך איינגעוועבט אין זיין פסיכישן צונויפשטעל די וואונדערלעכסטע פון אַלע דערשיינונגען — צייט. דער מענטש איז אַ כאַראַקטעריסטישע צייט־באַשעפעניש. ער ציט זיין יניקה פון אַן „אַמאָל", אַן „איצט" און אַ „שפּעטער". ער לעבט מיטן געפיל און באַוואוסטזיין פון זיין געשיכטע און אַנטוויקלונג.

איך בין שטאַרק מסופק, צי די דאָזיקע אינפאָרמאַציע קען מתקן זיין די וועלט במלכות שדי — הגם ער באַמיט זיך צו דערוויזן ווי אַזוי — נאָר דער עצם טעזיס איז גאַנץ טרעפלעך אָוועקגעשטעלט, און די פרייד פונעם שרייבער איז די באַרעכטיקטע פרייד פון אַ געפֿאַנטן אמת, פון „טרעפן אין פּינטל". די ווירקונג וואָס עס האָבן אויף אונדז זאַכן אויף וועלכע עס ליגט דער חותם פון דויער־צייט איז זיכער אַ באַשטעטיקונג פון דער דאָזיקער טעאָריע. די באַצווינגענדיקע שיינקייט פון טראַדיציע די רעכטלעכע קראַפט פון פּרעצעדענט, די אינטערעסאַנטקייט פון אַלטע דאָקומענטן און אַנטיקן — אַלץ איז אַן עדות אַז מיר אָטעמען מיט דויער־צייט. אַפילו ווערטער אין וועלכע מיר לייגן אַריין די נשמה פון דויער־צייט, באַקומען אַ נייעם טייטש, אַ נייע עמאָציאָנעלע גבורה, און ווערן באַלויכטן מיט דער קלאָר־קייט פון אמת. אַזעלכע ווערטער ווי: „אָבות", אָדער „דורות", אָדער „בלוט" — ווען זיי ווערן נאָר באַנוצט אין געהעריקן קאָנטעקסט און מיטן ריכטיקן טראָפּ — רירן די ווייטסטע טענער פון מענטשלעכן האַרץ, און ווען מיר זאָגן „היסטאָריש באַוויזן", אָדער „די געשיכטע האָט באַשטעטיקט" — פילן מיר דערין אַ מין אַבסאָלוטן אמת פון אַן אויבערשטער השגחה, כאָטש דער מאַטעריאַל פונעם אמת אין אַזעלכע פאַלן איז — פון אַ שטרענג לאָגישן שטאַנדפּונקט — על־פּי־רוב געמאַכט פון שפּינוועבס און פאַרקלעפּט מיט ניכטערן שפּייעכץ.

בערטראַנד ראַסל וואָרנט ערגעץ, אַז ווען מיר ווילן באמת טראַכטן וועגן באַוועגונג, דאַרפן מיר אַרויסוואַרפן פון געדאַנק די זאַך וואָס באַוועגט זיך און אין זינען האָבן בלויז באַוועגונג אין זיך אַליין. עס איז ניט שווער אויפ־צוכאַפּן אַזאַ אַבסטראַקטן געדאַנק, אָבער עס איז שוין גאָרניט אַזוי לייכט, אפשר אוממעגלעך, אים בילדלעך פאָרצושטעלן. ראַסל פּרובירט עס טאָן, און אַפילו אים, דעם אויסגעצייכנטן בעל־מסביר, געלינגט עס ניט. איז עס דעריבער אַן אומזיסטע טרחה ווען מען וויל זיך פאָרשטעלן „לײדיקע צייט", צייט אין זיך גופא, אָן די געשעענישן וואָס שפּילן זיך אָפּ אין איר, אָבער אויפכאַפּן דעם אַבסטראַקטן געדאַנק, דאָס קען מען, און דעמאָלט דערפילט מען די פּסיכישע רעאַליטעט פון דויער־צייט.

דויער־צייט — אינהאַלט און פאָרם, לופט און אָטעם, אייביקער ציטער וואָס ציט זיך דורך די כוואַליעס פון אינעווייניקסטן לעבן. זאָלן עס זיין

אָפֿענע אָדער פֿאַרבאָרגענע טירן, גלייכע אָדער פֿאַרפּלאָנטערטע וועגן, דורך וועלכע דויער־צייט רייסט זיך אַריין אין אונדזער אינטימער וועלט, אָבער זי לייכט אין אונדז ווי אַ דינע, כּמעט פֿולבלוטיקע,ווירקלעכקייט. זי לייכט אויף אין אונדז די אייגנאַרטיקע קאָליר פֿון מענטשלעכן זיין, מיר פֿילן זי ווי אַן איינציק מעגלעכן הינטערגרונט פֿונעם גאַנג פֿון געשעענישן — דויער־צייט.

## זאַכן און געשעענישן

עס איז איבעריק צו זאָגן אַז דויער־צייט מוז זיין די שנור אויף וועלכער עס ווערן אָנגעצויגן אַלע רינגעלעך פֿון מענטשלעכע טעטיקייטן, סיי קונסט, סיי וויסנשאַפֿט, סיי פּראַקטיש לעבן. אין וויסנשאַפֿט האָט זיך עס אָנגעהויבן אַרויסווייזן קלאָרער, בולטער און באַוואוסטזיניקער, ווען עס איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פֿון אַנטוויקלונג ניט בלויז אין אומ־אָרגאַנישן לעבן נאָר אויך אין אָרגאַנישן. הײַנט צו טאָג קען מען שוין אויך אין טעאָרעטישער פֿיזיק ניט רעדן וועגן „זאַכן", ווייל זאַך אין „עפּעס" וואָס איז פֿאַרגליווערט, וואָס איז בלויז געבונדן צום איצטיקן צושטאַנד און איז פֿאַרענדיקט, בעת אין דער אמתן האָבן זאַכן אויך זייער צייט־געמעסט, ממילא קען מען ניט רעדן וועגן זייער זיין, נאָר וועגן זייער ווערן. מאָדערנע פֿיזיקער באַנוצן דעריבער ניט „זאַכן" נאָר „געשעענישן", און ווייטהעד באַנוצט „אָרגאַניזמען" אָנשטאָט „קערפּערס". הײַנט וואָלט מער קיין זינען ניט געהאַט די מיטלעלטערלעכע שקלא־וטריא וועגן דעם אָפּשטאַם פֿון דער וועלט. דעמאָלט האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן דער אייביקייט פֿון מאַטעריע און צי די וועלט איז אַ „קדמון", ווי אַריסטאָטל האָט געלערנט, אָדער זי איז אַ פּועל־יוצא פֿון אַן אַקט פֿון באַשאַפֿונג, אַ יש מאַין, ווי עס האָבן געהאַלטן די יידישע פֿילאָסאָפֿן. הײַנט ליגט די הויפּט־וואָג אויף אַנטוויקלונג און ווערן; שליסט דאָס אויס דעם געדאַנק פֿון איינמאָליקער באַשאַפֿונג, און אויך די מעגלעכקייט פֿון אַן אומדיפֿערענצירטער, פֿאַרגליווערטער, צייטלאָזער אייביקייט.

אין ביאָלאָגיע האָבן לאַמאַרק און דאַרווין און וואַלאַס אויפֿגעהויבן די פֿאָן פֿון ווערן און איינגעוואָרצלט די עוואָלוציע־טעאָריע ביז די טיפֿסטע שיכטן פֿון מענטשלעכן געדאַנק. אין ביאָלאָגיע איז דאָס געווען דער גאוניש־סטער אויפֿטו פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט. אויך די קונסט האָט נאַטירלעך געהאַט און זיך געניטיקט אין גרויסע גאונים. נאָר קיין דאַרווין האָט זי ניט באַדאַרפֿט. וואָרעם קונסט איז, און האָט תּמיד געמוזט זיין, געבויט אויף דער פֿילאָסאָפֿיע פֿון ווערן. קונסט לעבט תּמיד אין אַן אַטמאָספֿערע פֿון געשעענישן און ניט פֿון זאַכן. פֿיזיק האָט געדאַרפֿט דורכגיין אַ לאַנגע, לאַנגע אַנטוויקלונג. זי האָט געדאַרפֿט דורכגיין די עטאַפּן: אַריסטאָטל, גאַליליי, ניוטאָן, איינשטיין, כּדי מען זאָל קענען איינזען אַז אויך זאַכן

זענען געשעענישן, אַז מען קען ניט וויסן וואָס זיי זענען סיידן מען ווייסט אַז זיי ווערן. אין קונסט איז דאָס אַזוי קלאָר, עס וואַרפט זיך אַזוי בולט אין די אויגן, אַז מען האָט קיינמאָל קיין טעות ניט געקענט מאַכן.

צו זאָגן אויף אַ קונסט־ווערק אַז דאָס איז ניט קיין קונסט נאָר פאָטאָ־גראַפיע איז דער שאַרפסטער טויט־אורטייל, וואָס מען קען אַרויסגעבן. פאָטאָגראַפיע איז אַן אָפּגעריסענע, מאָמענטאַלע, רוימלעכע פאַרשטעלונג פון אַ דערשיינונג. אין פאָטאָגראַפיע באַקומען מיר אַ „זאַך", אין זינען פון דער קלאַסישער פיזיק, אַ געשעעניש וואָס האָט ניט, אָדער האָט אויסגעהויכט, איר צייט־נשמה. אין קונסט, אַנדערש ווי אין וויסנשאַפט, קען מען אַפילו צוליב באַקוועמלעכקייט ניט רעדן וועגן סטאַטישע קערפּערס, ווייל דער תוך און די „קונץ" פון דער קונסט ליגט אין אויפכאַפּן די דינאַמיק פון פון לעבעדיקע פּראָצעסן. עס וועט גאָרניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן אַז אויף וויפל קונסט איז געטריי זיך אַליין אויף אַזויפיל איז זי אַ סינאָנים פון דורכגעלעבטער דויער־צייט.

מענטשן זענען געבויט אַזוי אַז די אָרגאַנען וואָס קוקן אַרויס אין דער דרויסנדיקער וועלט, זענען די ערשטע צו אָפּערירן אין באַוואוסטזיין און צו ווערן אינטעלעקטואַליזירט. די אָרגאַנען וואָס קוקן אַריין אין דער אייגענער נשמה, דרימלען אין די טיפערע שיכטן פון גייסטיקן לעבן. דעריבער ווען דער פרימיטיווער מענטש איז געוואָרן אַ קינסטלער האָט ער די דרויסנדיקע וועלט ניט געקענט אויפנעמען, און זיך געמוזט, אין זיין קונסט, קאָנצענטרירן אויף לעגענדע. די דרויסנדיקע וועלט האָט ער געזען ווי „זאַכן", און „זאַכן" זענען ניט קיין מאַטעריאַל פאַר קונסט.

דער מאָדערנער קינסטלער צייכנט זיך אויס מיט זיינע צייטיק־געוואָרענע אינטראָספּעקטיווע אָרגאַנען. ער באַמערקט די געקינצלטקייט פון די גרענעצן צווישן זיך און דער אַרומיקייט, ממילא האָט ער געקענט אויפהייבן די קאָנקרעטע דרויסנדיקע וועלט צו דער הויכער מדרגה פון אַ קונסט־טעמע.

דאַך, בנוגע אַלגעמיינעם הינטערגרונט איז באמת קיין נפקא מינה ניטאָ צווישן קונסט און וויסנשאַפט. ביידע ווערן געשאַפן פון מענטשן און ביידע מוזן אָטעמען מיט דויער־צייט. אָבער ווען עס קומט צו מעטאָדישן צוגאַנג דאָ הייבן זיך אָן די גרויסע אונטערשיידן. וויסנשאַפט איז קודם־כל פאַר־אינטערעסירט אין אַן אָביעקטיווער וועלט. זי מוז, ווי שוין געזאָגט, קענען שאַפן אַ דרויסנדיק־גילטיקן פינקטלעכן צוזאַמענטרעף פון דערשיינונגען און אויפבויען אַ סטאַנדאַרטיזירטע מאָס פון צייט־אינטערוואַלן. די איינציקע מעטאָדע דאָס צו דערגרייכן איז דער אָפּגעקילטער פאָטאָגראַפישער וועג פון זייגער־צייט. קונסט, ווידער, איז פאַראינטערעסירט וואָס נענטער צו־צוקומען צו פסיכישע רעאַליטעטן, וואָס זיכערער צו דערפילן דעם פולס פון ווערן, פון דיפערענצירטן שפּאַנען פון שטראָמיקע געשעענישן, ממילא

מוז איר מעטאָדע זיין ניט זייגער־צייט, נאָר האַרץ־צייט. זייגער־צייט איז געבונדן צום גלייכמאָסיקן גאַנג פון דרויסנדיקער באַוועגונג, בעת האַרץ־צייט מעסט לויטן אינעווייניקסטן זינען און פסיכישער ראָלע פון לעבעדיקע געשעענישן בכלל און מענטשלעכע בפרט, אַ מאָס, די איינציקע מאָס, לויט וועלכער דער קינסטלער רעגולירט זיין קונסט. ביידע, קונסט און וויסנשאַפט, קומען אַרויס פון זעלביקן טראַכט, פון דער מענטשלעכער וועלט, אָבער ווייל זיי דינען אַנדערע אידעאַלן, און שטעלן זיך אַנדערע פאָדערונגען, און ציען זיך אין אַנדערע ריכטונגען, מוז דעריבער דער מעטאָדישער צוגאַנג זיין פאַרשיידן אין זיינע באַציאונגען צו דוער־צייט: זייגער־צייט — פאַר וויסנשאַפט, האַרץ־צייט — פאַר קונסט.

## קונסט און דיקטאַטור

קיין פאָליטישן דיקטאַטאָר וואָלט קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו וועלן בייטן די זייגער־צייטלעכע מעטאָדאָלאָגיע פון אַן עקזאַקטער וויסנשאַפט. ווען מען וועט פרעגן ביים סאָוויעטישן מעטעראָלאָג וואָסער וועטער עס וועט זיין דעם ערשטן מיי, וועט ער בלויז איבערגעבן וואָס עס דערציילן זיינע „זייגערס", אָדער אינסטרומענטן, כאָטש די ידיעה מעג זיין קעגן די פּראָלעטאַרישע אינטערעסן. דער פּראָלעטאַריאַט איז פאַראינטערעסירט ניט בלויז אַז דער ערשטער מיי זאָל האָבן אַ יום־טובדיק וועטער, נאָר אויך אַז מען זאָל אין פאָרויס לעבן מיטן געדאַנק אַז ס'וועט אַזוי זיין, כדי דאָס געמיט און די צוגרייטונג צום יום־טוב זאָלן דערהייבן און דערפרייען. קיין משוגענע דיקטאַטור וועט ניט איינפאַלן אַז דער זייגער פון „פּראָלעטאַרישע אינטערעסן" זאָל דאָ האָבן די אויבערהאַנט. אין צייטן פון מלחמות, אָדער ענלעכע סאָציאַלע קריזיסן ווערן טאַקע געטאָן אַזעלכע זאַכן. אין אַזעלכע מאָמענטן ווערן פאַלשע ציפערן און ליגנערישע פאַקטן אונטער־געשריבן פון וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און מענטשן. אָבער דעמאָלט איז אַז אָך און וויי צו דער וויסנשאַפט, און אין אַלע צייטן פאַרשטייען געבילדעטע מענטשן אויסגעצייכנט די נפקא מינה צווישן וויסנשאַפט און פּראָפּאַגאַנדע.

דעם מעטעראָלאָג, דעם אַסטראָנאָם, דעם פיזיקער, דעם כעמיקער, קיינער וועט זיי ניט צווינגען צו בייטן זייער אייגענע זייגער־צייט, ווייל אַזאַ ענדערונג וועט בוכשטעבלעך אָפּשטעלן זייער אַרבעט, וואָס דאָס וואָלט געווען אַ קאַטאַסטראָפע פאַר יעדן רעזשים. ווען עס קומט אויסצוטייטשן דעם זינען פון וויסנשאַפטלעכע רעזולטאַטן דעמאָלט איז אַפילו אַ שברי־כלי ווי אַ פּאָליטישער זייגער אויך גוט. אָבער אין דער מעטאָדע פון דער אַרבעט מוז דער וויסנשאַפטלעכער זייגער בלייבן אומבאַרירט, און קיינער וועט ניט זאָגן אַז עס דאַרף ניט זיין אַזוי.

אַנדערש איז עס אין קונסט, כאָטש דאָ דאַרף די מעטאָדישע ענדערונג זיין נאָך שעדלעכער. וואָרעם דאָ דאַרף מען ניט בלויז בייטן איין זייגער אויף אַן אַנדערן, נאָר עפּעס מער. יעדע דרויסנדיקע דיקטאַטור איבער קונסט איז אייגנטלעך אַן אָנשטרענגונג פון איר אַוועקצונעמען איר איינציקע מעגלעכע מעטאָדאָלאָגיע, אויסצוהוילן זי פון האַרץ־צייט און בינדן זי מיט אַ פרעמדער מאָס פון זייגער־צייט. מיר פאַרשטייען פון וואַנען עס נעמט זיך דער פאַרלאַנג דאָס צו טאָן, אָבער די אינטעלעקטועלע און מאָראַלע געוואַגטקייט דאָס צו וועלן דורכפירן ליגט אין דעם וואָס אין קונסט וועט אַזאַ מעטאָדישע ענדערונג ניט אַרויסרופן קיין באַלדיקן חורבן און וועט ניט אָפּשטעלן די אַרבעט.

נאָך עפּעס: די טבע פון קונסט צווינגט אַרויף אויף דער דיקטאַטור זי זאָל ניט זיין קאָנסעקווענט אין אירע פאָדערונגען זי זאָל זיך פּלאָנטערן און צעמישן די זייגער־צייט פון רעזשים מיט דער האַרץ־צייט פון קינסט־לערישן לעבן („שטאַנדפּונקט" און טאַלאַנט). ממילא איז דער שאָדן אַ סך קלענער, ווי ער וואָלט אין דער אמתן געדאַרפט זיין. אַחוץ דעם, אַ קונסט־ווערק איז אַזאַ קאָמפּליצירטע אונטערנעמונג, פאַרמאָגט אַזאַ ים פּרטים אין פאָרם און אינהאַלט, אַז קיין שום מענטש אָדער אָרגאַניזאַציע איז ניט בכוח צו רעגולירן אַלע פּרטים לויט אַן אָנגעשטעלטן דרויסנדיקן זייגער. דאָס מאַכט לייכטער דעם קינסטלערס לאַגע, ווען ער מוז זיך צופּאַסן. זיין לאַגע ווערט אויך אי צייטווייליק פאַרערגערט, אי סוף־כל־סוף פאַרבעסערט צוליב דעם וואָס אַ דאַנק דער צעמישעניש פון האַרץ־צייט און זייגער־צייט — וואָס די טבע פון קונסט צווינגט אַרויף — און אויך מחמת דעם וואָס די זייגער־צייט פון אַ פּאָליטישן רעזשים קען ניט האָבן קיין ווייסנשאַפט־לעך אויסרעגולירטן מעכאַניזם און איז אונטערגעוואָרפן משונה׳דיקע קאַפּ־ריזן — צוליב דעם אַלעם קען ניט זיין קיין איינהייטלעכקייט צווישן די פאַרטרעטער פון דער דיקטאַטור איבער קונסט. עס שאַפט זיך אַן אַטמאָספערע פון קעגנזייטיקן אומצוטרוי, חשדים; די נעכטיקע „שטים פון גאָט" ווערט מאָרגן די שטים פון קאָנטער־זייגעריאַנער. ווען מען וויל דורכויס אויס־רעגולירן קונסט־דערשיינונגען דורך זייגער־צייט, און מען האָט נאָך פאַר זיך אַזאַ אומפּערפעקטע כלי, ווי דעם פּאָליטישן זייגער פון אַ רעזשים, קען מען אַזעלכע צרות ניט אויסמיידן. די מיינונג וואָס ווערט אַלץ שטאַרקער אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד: דער אומקער צו די קלאַסיקער, די באַמערקונגען אַז קאָמוניסטן און אַרבעטער דאַרפן ניט אַלעמאָל פאַרגעשטעלט ווערן ווי בלאָנדע מלאכים, דאָס באַווייזט בלויז די אומגעהייערע קראַפט פון קונסט צו דערווייזן, אַפילו דער שטרענגסטער דיקטאַטור, דעם אמת פון איר איינציק מעגלעכער מעטאָדאָלאָגיע און אַריינברענגען צעמישעניש און סתי־רותדיקע רייד אַפילו דאָרט, וואו אַן איינציקע גלייכע ליניע, לויט אַן אָנ־געשטעלטן מעסט־אינסטרומענט, איז דער העכסטער אידעאַל.

דער פּרינציפּ פון דיקטאַטור איבער קונסט באַשטייט, ווי געזאָגט, פון צוויי טיילן: ערשטנס, די איצטיקע צייט און, צווייטנס, דער דרויסנדיקער זייגער פון פּאָליטישן רעזשים. דאָס איז באמת ניט אין גאַנצן פּינקטלעך. וואָרעם אונטער „איצטיקע צייט" ווערט אייגנטלעך פאַרשטאַנען בלויז אַ געוויסע גרופּע דערשיינונגען פון דער איצטיקער צייט, בעת אַנדערע, ווי למשל, דאָס אינטימערע לעבן, דאַרפן העכסטנס בלויז זייטיק באַהאַנדלט ווערן. און אַפילו אַ „זייגער פון אַ פּאָליטישן רעזשים" איז ניט אין גאַנצן גענוי. וואָרעם אין די גרענעצן פונעם זעלביקן רעזשים בייטן זיך גאַנץ אָפט די „זייגערס" און דאָס, לויט דער אַנגענומענער אויפפאַסונג, דאַרף זיך אויך אָפּרופן אויף קונסט. ממילא ווערט היינט טריף דאָס וואָס איז ערשט נעכטן געווען כשר און פאַרקערט. דעריבער וואָלט ריין טעאָרעטיש די פאָרמולע פון פּאָליטיש־דיקטירטער קונסט געדאַרפט זיין: אַ באַשטימטער טייל פון אַ „איצט" אין צייט לויט דעם גאַנצן „איצט" פון אַ טיילווייז באַשטימטן דרויסנדיקן זייגער.

אין דער טעאָריע זעט זיך אַרויס די גאַנצע רויע האַרטקייט פון אַזעלכע גרענעצן פאַר אַ מענטשלעכער טעטיקייט, וואָס קען בלויז אָטעמען אין דער ווייכער גייסטיק־באַוועגלעכער אַטמאָספערע פון האַרץ־צייט. דאָס איז אָבער בלויז אין דער טעאָריע. וואָרעם אין דער פּראַקטיק, ווי מיר האָבן געזען, עפענען זיך אַן אַ שיעור שפּאַלטן און לעכער, דורך וועלכע קונסט־פונקציעס רייסן זיך דורך אין גאַנץ נאָרמאַלן צושטאַנד.

עס דאַרף קלאָר געזאָגט ווערן אַז די דאָזיקע געדאַנקען לייקענען באַין אופן ניט אָפּ די מעגלעכקייט אַז אַ קונסט־פילאָסאָפיע זאָל קענען אַנטדעקן אַ באַשטימטע געזעצמעסיקייט, אַפילו אַ געזעצמעסיקייט פון אַ בולטן סאָציאַלן כאַראַקטער, לויט וועלכער קונסט־דערשיינונגען פונקציאָנירן. מען קען אַפילו, לשם אַרגומענט, אָננעמען אַן עקסטרעם־מאַרקסיסטישן בליק אויף קונסט און דאָך זאָל דאָס ניט אָפּשלאָגן די טעזיסן וואָס ווערן דאָ אַוועקגעשטעלט. מען קען דאָס טיילווייז פאַרגלייכן צו נאַכט־חלומות. איך קען, למשל, זיין אַ שטרענגער פּרוידיאַנער און האַלטן אַז חלומות ווערן אויסגעוועבט, סיי אין פאָרם, סיי אין אינהאַלט, לויט אַ שטרענג־אָביעקטיווער געזעצמעסיקייט. ממילא קען איך אָנווייזן ווי אַזוי די דאָזיקע געזעצן ווערן דורכגעפירט אין אַ חלום, ווען עמעצער דערציילט מיר אים נאָך דעם ווי ער הייבט זיך אויף פון שלאָף. אָבער דאָס איז לחלוטין עפּעס אַנדערש פון דיקטירן אים אַ פאָרמולע — טאַקע געבויט אויף די זעלבע געזעצן — לויט וועלכע ער זאָל חלומען נאָך איידער ער לייגט זיך שלאָפן. יעדער פּסיכאָלאָג קען פאַרשטיין אַז ווען מען ברענגט אַריין אין אַ מענטשנס באַוואוסטזיין אַזאַ נייעם פאַקטאָר ווי די חלום־פאָרמולע, קען דאָס, פאַרקערט, צעשטערן די געזעצמעסיקייט פון נאַטירלעכן חלומען.

אָן שום דרוק, אָדער פאָרמולע, האָבן קינסטלער תמיד זיך קאָנצענ־

טרירט אויף דער צייט אין וועלכער זיי האָבן געלעבט. אויב מען זאָל אַפילו מסכים זיין אַז זיך באַגרענעצן אויף איצטיקער צייט איז אַ מעלה — אַ מאָדנע „מעלה", באמת, אין ליכט פון דעם וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן וועגן צייט — איז די יידישע ליטעראַטור זיכער ווערט דעם דאָזיקן צווייפל־דיקן מעדאַל. אָבער אין אַ געוויסן זינען, אין זיינען פון מאַטעריאַלן און, דער עיקר, פּראָבלעמען, מוז יעדע ליטעראַטור לעבן על־פּי־רוב אין די ראַמען פון איצטיקער צייט, ד"ה, ווען מיר פאַרשטייען דעם באַגריף אין פּאָפּולערן טייטש פון וואָרט.

ווען, למשל, ליטעראַטור וואָלט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד אין גאַנצן אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער דיקטאַטור, וואָלט זי טעמאַטיש זיכער געווען על־פּי־רוב דאָס וואָס זי איז היינט. קיין קינסטלער וואָלט ניט דורכגעלאָזן אַזאַ ריזיקע סאָציאַלע איבערקערעניש, ווייל קינסטלעריש איז זיך שווער צו פאַרגינען אַזאַ לוקסוס. די האַרץ־צייט וואָס די קינסטלער וואָלטן דעמאָלט אַריינגעבראַכט אין זייער אַרבעט וואָלט בלויז געפירט צו ברייט־קוועלנדיקע וואַריאַציעס, וואָס די דרויסנדיקע רוימלעכע זייגער־צייט דערלאָזט ניט איר פולן שוואונג. אַפילו די איצטיקע קריטיקער וואָלטן געקענט אַנטוויק־לען די זעלביקע פאַרפלאָנטערטע סכאָלאַסטיק מיט דער גאַנצער מאַרק־סיסטישער עקזעגעטיק ווי עס איז איצט. דער חילוק איז נאָר וואָס דעמאָלט וואָלטן זיי געווען אינטערפּרעטאַטיוו און היינט זענען זיי דעקרעטיוו. דער פּועל־יוצא וואָלט אָבער געווען אַקוראַט דער זעלביקער. וואָרעם אין קונסט, ווען מען קען ניט בייטן בלייבט נאָך אָבער אַלץ גענוג פּלאַץ צו טייטשן ווי מען וויל, אָדער דאַרף.

אָבער ווי זאָגט דער אַלטער חכם: „אַ דור גייט, אַ דור קומט, די וועלט בלייבט". אולטימאַטיווע הינטערגרונטן פון דערשיינונגען בייטן זיך גאַנץ שווערלעך ווען מיר פאָלגן עדינגטאָנען און מאַכן צו די אויגן דערפילן מיר דעם אָנריר פון אַזאַ דורכזיכטיקן שלייער וואָס ציט זיך אַזוי דין, אַזוי ציטערדיק — דויער־צייט. אָבער ווען מיר מאַכן זיי אויף און קומען אַריין אינעם רוישיקן געפלי פון געשעענישן, פאַקטן, דערשיינונגען — לעבן, דעמאָלט הערן מיר פון איין זייט דעם שטענדיקן, גראַדליניקן, גלייכמאָסיקן טיק־טאַק פון קאַלטער זייגער־צייט און פון דער אַנדערער דעם שטילן אומ־רעגלמעסיקן געמורמל פון דער פאַכנדיקער האַרץ־צייט; דאָס ערשטע פאַר וויסנשאַפט און, מיט קליינע ענדערונגען, פאַרן פּראַקטישן לעבן, דאָס צווייטע — פאַר קונסט און פאַר די קינסטלערישע איבערלעבענישן פון יעדן מענטשן.

(1933)

# מ. ל. האַלפּערנס „משה לייב"

1

דער צוגאַנג צו מ. ל. האַלפּערן וואָס איז מיר צום ליבסטן וואָלט זיך געניייטיקט אין אַ קלאָרער, דעטאַלער ביאָגראַפיע, אַ ביאָגראַפיע וואָס זאָל בולט פאַרצייכענען זיינע ערשטע פוס־טריט אויפן צעפלאָסענעם, שטויביקן וועג פון לעבן. אַזאַ ביאָגראַפיע איז נישטאָ, און דאָס איז אַ גרויסער שטער. אָבער פון די אַלגעמיינע שטריכן וואָס מיר געפינען אין רייזענס לעקסיקאָן, פון די ביאָגראַפישע נאָטיצן וואָס מיר געפינען ביי אליעזר גרינבערגן (אין ערשטן פון די לעצטע צוויי בענד האַלפּערנס לידער), און אויך ביי די אויף וועלכע גרינבערג איז זיך סומך (יעקב מעסטל, ה. מ. קייזערמאַן, יצחק בלום, מ. דאַנציס), לאָזן זיך אַרויסשיילן עטלעכע פּרטים וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף די הינטערגרונד־מאָטיוון פון האַלפּערנס טאָן און אינהאַלט.

ער איז געבוירן געוואָרן, און געלעבט די ערשטע צוועלף יאָר פון זיין לעבן, אין אַ קליין שטעטל אויף יענער זייט ים. דאָס איז איינס פון יענע שטעטלעך וואָס זענען אונדז גאַנץ גוט באַקאַנט מיט זייערע איינגעוואָרצלטע, גע׳ירשנ׳טע פאָרמען, מיט זייער זיכערן לעבנס־שטייגער, מיט זייערע אָנגע־נומענע עסטעטישע און עטישע מאָסן, מיט זייער איינגעשטעלטער מאָראַל פאַר האַנדלונגען און געדאַנקען. און פונקט ווי פליסיקער מעטאַל נעמט אָן דאָס פאַרגליווערטע געשטאַלט פון דעם פורעם אין וועלכן מען גיסט אים אַריין, אַזוי ווערט אויך די פּערזענלעכקייט פון אַ מענטשן איינגעצאַמט און אויסגעדריקט אין אייגנאַרטיקער רעליעפקייט אין דעם האַרטן פורעם פון אַזאַ מין סביבה.

צוועלף יאָר צייט, די סענסיטיווסטע יאָרן פון אַ מענטשן, האָט דאָס שטעטל אויסגעהאַמערט יענעם טייל פון האַלפּערנס גייסטיקער פיגור וואָס סאָציאַלע ירושה באַשאַפט. אָבער פּלוצלונג איז אין זיין לעבן פאָרגעקומען אַ טיפער איבערבראָך, אַ געוואַלדריס, וואָס האָט געמוזט האָבן די וויט־גייענדיקסטע קאָנסעקווענצן. ער איז אַוועק קיין וויין, פון אַ כאַראַקטעריסטיש יידיש קליין־שטעטל אין אַ טיפּישער וועלט־שטאָט, פון אַ שטייענדיק, איינ־געגרענעצט יידיש־לעבן אין אַ נייער און פרעמדער גויאישער סביבה. עס איז ניט געווען קיין כסדרדיקער מאַרשרוט, אַפילו ניט קיין נאָרמאַלער וואַנדער־וועג פון אייגענע צו אייגענע אין צוויי באַזונדערע סביבות. עס איז געווען אַ שפרונג איבער אַ תהום צווישן צוויי אָפּגעריסענע וועלטן: פון אַלטן חדר צו פוס־באָל און טאַנץ, פון היימישן, איינגעטוליעטן ישוב אין דער צעשוואומענקייט און פאַרלוירנקייט פון דער גרויס־שטאָט, וואו די דראַמע איז ניי, די אַקטיאָרן פרעמדע, און די ראָלע וואָס ער האָט געדאַרפט שפּילן האָט אָפּגעלייקנט די פריערדיקע און פון איר חוזק געמאַכט.

צען יאָר האָט ער געלעבט אין ווין, די בליענדיקע יאָרן פון דער יוגנט־צייט. די קינדהייט אין זלאָטשאָוו, די יוגנט אין ווין. האָט זיך דער זלאָטשאָווער אַנקער אָפּגעריסן פון נאָענטסטן באָרטן, געבליבן הענגען אַ צאַפּלענדיקער אין חלום פון אַ פאַנטאַסטישער צוגעבונדנקייט. אין דער נייער, פרעמדער סביבה האָבן זיך אַלע מאָסן געביטן. זלאָטשאָוו און ווין האָבן גענומען לעבן אין אים צוויי באַזונדערע לעבנס, לעבנס וואָס מוזן זיך אָנברוגזן ביי יעדער באַגעגעניש, און קענען לויט זייער טבע קיין שלום ניט מאַכן.

וואָלט האַלפּערן געווען אַן אינטעלעקטועלער טיפּ, אַט דער וואָס קען זיך באַרואיקן אין לאָגישע, אָדער אַפילו קינסטלעריש־פאַרטראַכטע פאָר־מולעס, וואָלט ער דאָס געווען, וואָלט ער אפשר געקענט אויפכאַפּן די נאָענטקייט אין דער ווייטקייט פון צוויי פרעמדע לעבנס־שטייגערס. אָבער דאָס איז ער ניט געווען, האָט די וואונד פונעם קאָנפליקט געריסן אַלץ טיפער, אַלץ שאַרפער.

ווען ער איז אין צוויי און צוואַנציקסטן יאָר צוריקגעקומען קיין זלאָטשאָוו האָט ער געמאַכט דעם ערשטן אַריינטריט אין דער יידישער ליטעראַטור. אַ פאַרוואָגלטער, אַ פאַרגויאישטער און פרעמדער פון ביידע וועלטן, האָט ער געפונען אַ דערוויילינקן אויסוועג ניט אין עכטן היימישן יידישן לעבן, נאָר אין אַ געפונענעם סוראָגאַט, אין דער יידישער פּאָעזיע. אַט־דאָס אָפּרייסן זיך פון עכטער סביבה׳דיקער איינגעוועבטקייט איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע ערשטע יאָרן אין אַמעריקע, די יאָרן וואָס זענען געקומען גלייך נאָך זיין אומקער קיין זלאָטשאָוו. די וואונד איז געבליבן אַ ניט פאַרהיילטע און זי שרייט אַרויס מיט צאָרן און פאַרצווייפלונג פון יעדער שורה פון האַלפּערנס ערשטער פּעריאָדע.

אָט רעדט ער מיט אַזאַ גיפטיקער שנאה וועגן דעם „פּרומאַק״, און אָט גיסט ער אויס זיין עקל אויף „יידישע טעכטער וואָס שלאָפן מיט גויאישע הינט״. אָט מאַכט ער חוזק פון גויאישן גאָט, פון יויזל און צלם, און אָט ווערט ביי אים דער גלאָקן־קלאַנג אַ סימבאָל פון שיינקייט, רו און דער־הייבנקייט. עס איז אמת, אַז אין דער דאָזיקער ערשטער פּעריאָדע איז ער אָפטער געניגט זיך צוצוטוליען צום לעבנס־שטייגער פון זיין קינדהייט, אָבער ער טוט דאָס על פּי רוב דורך דער פּאַטאַלאָגישער נעגאַטיוויסטישער שטעלונג צו זיין שפּעטערדיקער יוגנטלעכער ספערע.

ס׳גייט איבער דער גוי ווען ער שיכור׳ט זיך איין
פון קוש ביז צו מאָרד ווי פון בראַנפן צו ווייַן.

אַזוי פלעגט זיין מאַמע זאָגן, און ער איז מסכים דערמיט, און ווי אין יעדער עקסטרעמער נעגאַטיוויסטישער שטעלונג ליגט דאָ אויך מסתמא די זינדיקע נייגונג וואָס מען וויל פון זיך דערוויטערן דורך פאַרשעלטן זי. שוין צו אָפט ווערט ביי אים, אין זיין בוך אין ניו־יאָרק, דערמאָנט די אַנטי־

גויאישקייט, און גיפטיק אונטערגעשטראָכן. דאָס איז אפשר דער בעסטער עדות פון אַ טיף־דרינגענדיקן קאָנפליקט מיט וועלכן עס איז שווער צו לעבן און נאָך שווערער זיך פון אים צו באַפרייען. דאָס איז אייגנטלעך דער זעלביקער קאָנפליקט וואָס, אויף דער אַנדערער זייט, קילט ער זיך מיט דער טראַציקער הנאה:

אַז ברענענדיק און האַרב אַזוי
ווי ביי אַ שיסל פרישן כריין
זאָל האַרב זיין דער פרומאַק וואָס וועט
אין מיינע דלד אמות שטיין.

האַלפּערן איז דער איינציקער יידישער דיכטער וואָס ביי אים האָט דער שטייגער־קאָנפליקט אָנגענומען אַזאַ פערזענלעכע טראַגישע פאָרם.

אָט־דאָס, פאַרשטיי איך, איז דער אומבאַוואוסטזיניקער פּסיכאָלאָגישער הינטערגרונט פון האַלפּערנס אַליין־מאָטיוו וואָס שרייט און יאָמערט אַרויס אַזוי אָפט פון זיינע שורות אין יענער צייט. עס איז דאָס געפיל פון אַ מענטשן וואָס איז נאָך אַ שיפבראָך אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויף אַ אָפּגע־זונדערטן ראַנד פון דער וועלט וואו עס זענען קיין וועגן נישטאָ וואָס זאָלן ערגעץ פירן. און דאָרט, אַפילו ווען דער געליטענער איז אויסדערוויילטער פון זיין דור,

איז דער נביא אויף אַ שטיין געזעסן
ביז ער איז אַליין אַ שטיין געוואָרן.

אַ שטיין, דער שאַרפסטער פאַלקסטימלעכער סימבאָל פונעם פיין פון סאָציאַ־לער אָפּגעריסנקייט. אין געוויסע פאַלן פירט דאָס צו פּאַטאָלאָגישע פּסיכישע צושטאַנדן. אָבער אויך די דיכטערישע וועלט פון סאָציאַלסטן סימבאָל, פון וואָרט, איז בכוח אָפּצוציען די בריענדיקע האַרבקייט פון דער וואונד און איינוויגן דאָס געמיט אינעם אייגענעם געשריי.

האַלפּערן, דער שטאַרקער, מיט זיין קריגערישער שטים, מיט זיין בראַוואַדאָ־שטעל, מיט זיין ליד פון שווערסטן מעטאַל, ווי ווייך און הילפלאָז ער האָט זיך געוויזן אין מאָמענטן ווען דער „אַליין" האָט אים באַצוואונגען. מיט אַ פינף און צוואַנציק יאָר צוריק — די פעריאָדע פון זיין לעבן וועגן וועלכער איך שרייב איצט — איז מיר אויסגעקומען אים אָפט צו באַגעגענען און נאָענט מיט אים צו פאַרברענגען. דער אָנהייב און דער מיטן פון יעדן שמועס איז געווען וואָרט, ליד, אָבער דער סוף איז געוויינטלעך באַשטאַנען אין אַ לאַנגער שווייגנדיקער הפסקה. און וואָס קרעפּטיקער און לײדנשאַפט־לעכער עס זענען געווען די רייד, אַלץ לענגער, שווערער און אָפּגעריסענער איז געווען דער שווייגנדיקער פינאַל. איך האָב אים דעמאָלט ניט פאַרשטאַ־נען. איך בין זיכער אַז ער אַליין אויך ניט. איינס האָב איך יאָ געפילט: כאָטש ער האָט אין זיינע רייד דירעקט און אומדירעקט אַרויסגעבראַכט זיין „אומרו פון אַ וואָלף", איז אָבער אין די שווייגנדיקע פינאַלן געבליבן בלויז די „אומרו", דער „וואָלף" איז פאַרשוואונדן.

ביי איינער אַזאַ באַגעגעניש האָט ער מיר פֿאָרגעלייענט אַ ליד וואָס ער האָט נאָר וואָס געהאַט אָנגעשריבן. דאָס ליד געדענק איך שוין ניט. איך האָב דעם איינדרוק אַז ער האָט עס שפּעטער אין זיינע ווערק ניט אַריינ־גענומען. אָבער איין שורה ליגט מיר נאָך ביז איצט אין זכרון. איך קען ניט קאָווירן פֿאַר אַבסאָלוטער פּינקטלעכקייט, אָבער אומגעפֿער האָט זי זיך געלייענט אַזוי:

„און ווען אין דער נאַכט, דער שטאַרקער וויינט, ווער הערט?״ — ער האָט געלייענט, און איך האָב געקוקט אויף זיין פּנים, אויף זיין מינע, אויף זיינע באַוועגונגען, אויפֿן גרויען בליק פֿון זיינע אויגן, און דערפֿילט אין די רייד אַ מין פּינקטלעכע דעפֿיניציע פֿון זיין גאַנצער פּערזענלעכקייט. אַ שטאַרקער, אָבער הילפֿלאָז אין זיין גבורה. אַ שטאַרקער, אָבער נאָך שטאַרקער אין דער קלעם פֿון די כּוחות וואָס ראַנגלען זיך אין אים. און ווען ער וויינט, ווער הערט? קיינער ניט. איך האָב מורא אַז ער אַליין אויך ניט.

2

יידיש און יידישע פּאָעזיע זענען ביי אים געבליבן דער איינציקער סוראָגאַט פֿון אַ לעבן וואָס האָט געבויט און פֿאָרמירט זיין פּערזענלעכקייט די ערשטע פֿולע צוועלף יאָר פֿון זיין קינדהייט. אין זיין פֿאַרלאַנג צו פֿיילן די שפּראַך און צו באַפֿרייען דאָס ליד פֿון די הינקענדיקע אינווערסיעס פֿון פֿריערדיקע דיכטער, איז זיכער געלעגן דער איינפֿלוס וואָס אויף אים האָבן געהאַט היינע און לילִיענקראָן. אָבער אין דער הייסער ליידנשאַפֿט וואָס ער האָט אין דעם אַרויסגעוויזן האָט זיכער געשפּילט אַ גרויסע פּסיכאָלאָגישע ראָלע די „יידישקייט״ צו וועלכער עס האָט אים אינעווייניק געצויגן. עס איז געוואָרן אַ מין פֿאָרמעלע צוגעבונדנקייט צום סוראָגאַט ווען דאָס עכטע לעבן איז דערוויטערט. „ליידנשאַפֿט״ איז באמת צו שוואַך צו כאַראַקטעריזירן דאָס דאַזיקע שטענדיקע, ברענענדיקע, אומאויפֿהערלעכע רייסן זיך צו האַמערן, שמידן און איבערשמידן וואָרט און שורה, דאָס דאַזיקע רייבן און שייערן און פֿיילן און פּוצן אָן אַ שיעור, אָן אַ סוף. און געצויגן האָט אים — און דאָס לאָזט זיך אויך פֿאַרשטיין — צום פּראָסטן וואָרט, צום פֿאָלקס־טימלעכן אויסדרוק, אַפֿילו צום גאַסן־טערמין. וואָרעם סיי דאָס געבוירענע, סיי דאָס געוואָרענע אין אים האָבן אין אַזאַ גאַנג געפֿונען דעם פּאַסיקן אויס־וועג. האָט ער די געפֿליגלטע פּראַזע פֿיינט געהאַט ממש שנאת מות, און ער האָט מסתּמא אַליין ניט באַמערקט אַז ער באַצאָלט צו טייער פֿאַר דער דאָזי־קער עקסטרעמקייט. דאָס זעט זיך בולט אַרויס אין זיין באַציאונג צו פֿאַר־גלייכן און מעטאַפֿאָרן, די נויטווענדיקע שפּראַכלעכע מיטלען פֿון פּאָעטישן צוגאַנג.

אין גאַנצן בוך אין ניו־יאָרק, אַ בוך פֿון 298 זייטן, געפֿינען זיך בלויז

183 מעטאַפאָרן (דעריין שליס איך אויך איין די פאַרגלייכן). דערפון דאַרף מען אַראָפּרעכענען יענע מעטאַפאָרישע אויסדרוקן וואָס זענען אינגאַנצן, אָדער כמעט אינגאַנצן, גענומען פון דער פאָלקס־שפּראַך, וואָרעם זיי האָבן דאָך שוין פאַרלוירן דעם ספּעציפישן פיגוראַטיוון טעם און געהערן שוין צום „פּראָסטן לשון״. דאָס זענען אַזעלכע אויסדרוקן ווי „שיינט ווי די זון״, אָדער „צעגיין ווי אַ רויך״, אָדער „ער פאַריאָגט זיי ווי הינט״, אד״ג. אַזעלכע זענען פאַראַן 86. הייסט עס אַז אייגן געשאַפענע מעטאַפאָרן זענען פאַראַן אין בוך 97. דאָס מאַכט אויס אומגעפער איין פיגור אויף דריי זייטן. אַזאַ קאַרגשאַפט איז שווער צו געפינען ביי פּאָעטן, אַפילו ביי אַזעלכע וואָס שטייען גאַנץ ווייט פון האַלפּערנס מדרגה. קענטיק אַז ער האָט כמעט ווי איגנאָרירט די דאָזיקע געוואַלדיק־וויכטיקע קינסטלערישע געצייג. פאַרוואָס? ווי אַזוי מיר זאָלן אָט־די אייגנשאַפט האַלפּערנס ניט דערקלערן, דאַרפן מיר זיכער אַריינעמען אין חשבון די טענדענצן אויף וועלכע איך האָב פריער אָנגעוויזן. אי די נייגונג צו פאָלקסטימלעכער פּראָסטקייט, אי די פאַרביסענע שנאה צום געפליגלטן צוק, קען, אויף אַ געוויסן אופן, אָפּקילן אַ דיכטער פאַר די ספּעציעלע פאָדערונגען פון פיגוראַטיווער שאַפערישקייט.

אָבער אַזאַ דערקלערונג איז דורכויס ניט גענוג דעם ענין גרינטלעך צו פאַרשטיין. פאַראַן אַ טיפערע שיכט אין זיין פערזענלעכקייט וואָס קען אונדז אין דעם פּרט אַרויסהעלפן. איך האָב פריער באַמערקט אַז האַלפּערן איז ניט געווען דער אינטעלעקטועלער, סינטעטיזירנדיקער טיפּ וואָס קוקט אין עטלעכע ריכטונגען אין דער זעלביקער צייט, וואָס בינדט צונויף אָפּגעזונדערטע פּעדעם אַרום אַן איינציקן קערן, ווייל ער זעט אַן איינציקן קערן אין דער פילקייט פון דער וועלט. ער איז געווען דער מאָמענטאַל־אימפּולסיווער טיפּ, דער וואָס ווערט גערייצט דער עיקר פון די נאָענטסטע, דירעקטע סטימולן אין רוים און אין צייט, דער וואָס זיין אויער עפנט זיך ברייטער פאַר די קלאַנגען פון געשעענישן, און האָט קיין געדולד ניט פאַר די פאַרקלאַנגען און נאָכקלאַנגען. דערמיט האָב איך געוואָלט דערקלערן די באַזונדערע שאַרפקייט פון זיין אינעווייניקסטן קאָנפליקט. אָבער גראָד די סינטעטיזירנדיקע אייגנשאַפט איז פונדאַמענטאַל נייטיק אין שאַפנדיקער מעטאַפאָריק. דער מעטאַפאָרישער דורכבליק לאָזט זיך ניט שפּאַנען פון מאָמענט און פון דירעקטן חוש־איינדרוק, און זעט ענלעכקייטן, אייגנשאַפטן, באַציאונגען און שייכותן דאָרט וואו דער באַלדיקער סטימול ווייזט דערפון קיין שום סימן ניט.

אין פלוג זעט אויס האַלפּערנס נעגאַטיווע באַציאונג צו שאַפערישער מעטאַפאָרישער בילדלעכקייט ממש אַ רעטעניש. ער, וואָס האָט אַזוי ליכטיק און בולט געזען, ער, מיט זיין מאָלעריש־רייכער פאַנטאַזיע און ברייט אויסגעשפּרייטן זע־פעלד, פאַרוואָס זאָל זיין מעטאַפאָריש אייגנס זיין אַזוי קאַרג, אַזוי אָרעם? אָבער ס׳איז קלאָר, ער האָט, צוליב זיין טבע, געמוזט באַנוצן

זיינע בילדער אויף אַן אַנדער אופן, און פאַר אַנדערע צוועקן. ער האָט זיי געהאַלטן אין אַ מין אָפּגעשלאָסענער איינזאַמקייט, דערוווייטערט אַפילו פון די קוואַלן פון וואַנען זיי זענען אַליין געפלאָסן. דערפאַר איז אים געווען אַזוי נאָענט די פּאַראַבאָלישע פאָרם, וואָס ביי אים איז דאָס אַ ליד וואָס איז אַ קלאָרער משל אויף עפּעס, אָבער עס פעלט דער נמשל וואָס זאָל עס בינדן, פאַרפיקסירן. אַ נאַאיווער לייענער זעט אין אַזאַ ליד מיסטיק, און זיין ראַציאָנאַליזירנדיקער שכל שטעלט דעם דיכטער די אָפּטע קשיה: וואָס האָט ער געמיינט? די דאָזיקע פראַגע פאָדערט אייגנטלעך פונעם דיכטער צו זיין מעטאַפאָריש וואו ער האָט דאָס לכתחילה ניט געהאַט בדעה צו זיין. אַזאַ דיכטער „מיינט" ניט, ער ווערט בלויז געמיינט, ער אַליין איז דער „געמיינטער", אין יעדן בילד וואו אַלץ איז משל און אַלץ איז נמשל.

די פּאַראַבאָלישע פאָרם איז ביי אים זייער אָפט פאַרטראַטן. טייל מאָל איז דער נמשל אויף דער האַנט, טיילמאָל ניט. דאָס אינטערעסירט אים ניט געוווּנג. טיילמאָל איז ער בלויז אויף אַ האָר אָפּגערוקט פונעם מעטאַ־פאָרישן איינפאַל, אָבער אָנשטאָט אַריבערצוטרעטן די האָר לאָזט ער זיך אַוועק אויף אַ לענגערער פּאַראַבאָלישער עקסקורסיע. ווי למשל:

צו שיין איז זי געווען?
חכמים איר, —
הייבט אויף די אויגן צו דער זון. איר קענט?
הע־הע, אַ מעשה פאַלט מיר איין!...

און דאָ הייבט זיך אָן אַ מעשה וואָס ענדיקט זיך מיט „אַ רויטער רעגן גייט". אַן אַנדער דיכטער וואָלט אפשר די גאַנצע מעשה קאָנדענסירט ביז צו אַ דינעם שפּיץ און אַרויסגעזויגן דעם מעטאַפאָרישן בלוט־טראָפּן וואָס זי פאַרמאַגט. דאָס וואָלט צונויפגעהאָפטן צוויי אָפּגעריסענע געוועבן אין דער וועלט פון געשעען, און דערמיט אַליין וואָלט דערגרייכט געוואָרן אַן עכט־קינסטלעריש געווינס. אָבער האַלפּערן האָט אַזאַ געווינס ניט געזוכט. דער דירעקטער סטימול איז געווען דאָס גאַנצע בילד, אין זיין גאַנצער קאָמבינאַציע פון קאָלירן און אין זיין פולן פאַרנעם. אָט די דאָזיקע גאַנצקייט און פולקייט, אַפילו אין אַבסאָלוטער אָפּגעזונדערטער פאָרם, איז פאַר אים געווען די נאָענטסטע ספערע אין וועלכער זיך אויסצולעבן, מיט וועלכער זיך צו אידענטיפיצירן.

האַלפּערן איז מיט קיין באַזונדער ליבע ניט געגאַנגען אויפן נויטווענדיקן מעטאַפאָרישן וועג. אָבער דאָרט וואו ער האָט שוין יאָ אַזאַ וועג פאַר זיך אויסגעקליבן זענען פאַראַן דערביי עטלעכע אינטערעסאַנטע כאַראַקטער־שטריכן וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן. פון די 183 מעטאַפאָרישע פיגורן וואָס ווערן באַנוצט אין בוך זענען 30 עכטע מעטאַפאָרן און די איבעריקע 153 — פאַרגלייכן, ד"ה, אַ פאַרהעלטעניש פון אַרום 20% צו 80%. דאָס איז ווייט, ווייט ניט געוויינטלעך. איך גלייב אַז בדרך כלל גענומען זענען

פּאַרגלייכן גרעסער אין צאָל אין דער ליטעראַטור, פּונקט ווי אין דער שפּראַך. אָבער ביי האַלפּערן איז דער איבערוואָג אומגעווײנטלעך גרויס.

קינסטלעריש איז נישטאָ, און קען ניט זיין, קיין שום נפקא מינה צווישן צוויי פאָרמען וואָס מען קען לייכט, רײן מעכאַניש, בייטן איינע אויף דער אַנדערער. אָבער דער קלײנער פּסיכאָלאָגישער אונטערשייד פאַרדינט — ספּעציעל אין דעם פאַל — מען זאָל אים דערמאָנען. אינעם פאַרגלייך האַלטן זיך מער אָפּגעזונדערט די צוויי קאָנטעקסטן, און דער שפּראַכלעכער „ווי" שטייט עפּעס ווי אויף דער וואַך אַז קיין פולער צוזאַמענגאָס זאָל ניט פאָרקומען. אַט־די גרעסערע אומאָפּהענגיקייט פון ביידע טיילן פונעם פאַר־גלייך פּאַסט זיך בעסער אַריין אין אַזאַ פּסיכישן צונויפשטעל ווי עס האָט פאַרמאָגט מ. ל. האַלפּערן. דער „ווי" פאַרשטאַרקט דאָס געפיל אַז יעדע באַזונדערע טייל איז פול אויסגעשעפּט, איז עפּעס אין זיך אַליין, און ווערט באַנוצט ניט בלויז צוליב רײן מעטאַפאָרישע צוועקן, נאָר אויך צוליב דער וויכטיקייט פון איר אייגענעם מהות. און דאָס איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר האַל־פּערנס טעמפּעראַמענט און פאַר דער בילדלעכער פאַנטאַזיע וואָס ווערט באַהערשט פון אַזאַ טעמפּעראַמענט.

נאָך אַ פּונקט איז פאַראַן וואָס פאַרדינט מען זאָל אים אונטערשטרייכן. מעטאַפאָרן זענען ניט אַלע פון זעלביקן סאָרט. אין אַלגעמיין קען מען זיי צעטיילן אויף פיר קלאַסן, וואָס דער פּרימיטיווסטער פון זיי איז די דרויסנ־דיקע ענלעכקייט פון צוויי אָביעקטן. אָבער די איבעריקע דריי קלאַסן שטייגן שוין העכער, און לאָזן מער פּלאַץ פאַר אינדיווידועלן בילדלעכן איינפאַל.

דער ערשטער פון דעם מין איז דער וואָס אָפּערירט מיט אינעווייניקסטע אייגנשאַפטן. באַנוצנדיק זיך מיט האַלפּערנס מעטאַפאָריק געפין איך אַ ביישפּיל דערפון אין אַזעלכע שורות ווי:

> וואָס טויג מיר די רייכקייט וואָס שרייט
> ווי נאָכגעמאַכט סאַמעט און זייד?

ניטאָ קיין שום ענלעכקייט צווישן רייכקייט און סאַמעט, און דאָס „שרייען" איז ניט פון פיזישן סאָרט. אָבער דאָך זעט זיך אַ טיפערע אייגנשאַפטלעכע ענלעכקייט צווישן אויפגעקומענער רייכקייט און נאָכגעמאַכטן סאַמעט אָדער זייד.

די אַנדערע צוויי קלאַסן קען מען באַמערקן אין אַזעלכע שורות ווי:

> „אַצינד בין איך אַ ליכט, אַ יאָרצייט־ליכט וואָס ברענט,
> אַן איבריק בילד אַן אַלטס אויף גרוי־פאַרשטויבטע ווענט".

אין דער ערשטער שורה איז ניטאָ קיין שום אָביעקטיווע ענלעכקייט. די צוויי קאָנטעקסטן ווערן פאַרגליכן בלויז צוליב דער ענלעכקייט אין באַצי־אונגען וואָס זיי רופן אַרויס. דער דיכטער שטעלט פאַר זיין לעבן אַזוי אַז עס זאָל אַרויסרופן די זעלביקע באַציאונגען צו זיך ווי די וואָס ווערן געווײנטלעך אַרויסגערופן פון אַ ברענענדיק יאָרצייט־ליכט.

אין דער צווייטער שורה ליגט דער אַקצענט אויפֿן וואָרט „איבעריק״. די „איבעריקייט״ פֿון אַ בילד אויף דער וואַנט ליגט ניט אינעם בילד און ניט אין דער וואַנט, ליגט בכלל ניט אין קיין שום זאַך, ניט ווי אַ פּיזישע כאַראַקטעריסטיק, ניט ווי אַן אינעווייניקסטע אייגנשאַפֿט. עס וויל בלויז אויסדריקן אַ דינע שייכות צווישן בילד און וואַנט, אין דעם פֿאַל אַ נעגאַטיווע שייכות.

ווען מיר באַטראַכטן האַלפֿערנס מעטאַפֿאַריק פֿון דעם שטאַנדפּונקט געפֿינען מיר אַז פֿון דער גאַנצער צאָל 183 געהערן 7 צום דריטן קלאַס, 17 צום צווייטן קלאַס, און 159 צו די ערשטע צוויי קלאַסן. דאָ איז ווידער דאָס אייגענע וואָס מיר האָבן געזען פֿריער. ביי אַלע דיכטער וואָלטן מיר מסתמא געפֿונען אַן איבערוואָג פֿון די ערשטע צוויי איבער די לעצטע צוויי קלאַסן. אָבער דאָ איז עס באמת אומגעווייניטלעך, און ווייט אַריבער אָנ־גענומענע פּראָפּאָרציעס.

די דערקלערונג פֿונעם דאָזיקן פֿאַקט פֿירט צוריק צו דער אויפֿפֿאַסונג פֿון האַלפּערנס פּערזענלעכקייט וואָס איך האָב פֿריער אָנגעצייכנט. די פֿיר קלאַסן מעטאַפֿאָרן שטעלן מיט זיך פֿאָר אין אַ געוויסן זינען אַ כסדרדיקע גראַדאַציע. אין ערשטן קלאַס זעען מיר דרויסנדיקע ענלעכקייטן, אָבער דער עיקר איז די זאַך אין איר פּיזישער כאַראַקטעריסטיק. אין צווייטן קלאַס שפּילט נאָך אַלץ די הויפּט־ראָלע די זאַך, די אָפּגעזונדערטע זאַך, אָבער דאָס מאָל ווערט שוין אַקצענטירט איר אינעווייניקסטע אייגנשאַפֿט, איר „פּסיכישע״ כאַראַקטעריסטיק, אַזוי צו זאָגן. אין דריטן קלאַס איז שוין די זאַך גופֿא אַ טפֿל, דער עיקר איז די באַציאונג וואָס זי רופֿט אַרויס אין מענטשלעכן געפֿיל. אין פֿערטן קלאַס איז שוין די זאַך כמעט אינגאַנצן ניטאָ, ווייל אַלץ קאָנצענטרירט זיך דעמאָלט אויף דינע שייכותן פֿון רוים, צייט, פּאָזיציע, אאַז״וו, און זייער ווירקונג אויף געמיט־צושטאַנד. אויף אַזאַ אופֿן קומט אויס אַז די זאַכן גופֿא, אין זייער אומאָפּהענגיקן בילדלעכן פֿאָרנעם, געפֿינען אַן אויסדרוק בלויז אין די ערשטע צוויי מעטאַפֿאָרישע קלאַסן.

ווען מיר דערמאָנען זיך אַז האַלפֿערן איז ניט דער סינטעטיזירנדיקער טיפּ, אַז זיין פֿאַנטאַזיע ווערט געפֿאַנגען פֿון די בילדער אין זייער רייצנדיקער אָפּגעזונדערטקייט, ווערט שוין קלאָר פֿאַרוואָס ער אָפּערירט אַזוי אויס־שליסלעך מיט די ערשטע צוויי מעטאַפֿאָרישע קלאַסן. די זעלביקע סיבה וואָס ווירקט אַז זיינע שאַפֿערישע כוחות זאָלן בכלל זיך ווייניק אָפּגעבן מיט אַקטיווער, דינאַמישער מעטאַפֿאָריק, פֿירט אויך דערצו אַז דאָרט וואו ער באַוועגט זיך שוין יאָ אין דער מעטאַפֿאָרישער ספֿערע, זאָל ער זיך אויסלעבן דער עיקר אין די ערשטע צוויי קלאַסן. מען קען נאָך גיין ווייטער און זאָגן אַז דער גאַנצער כאַראַקטער פֿון זיין מעטאַפֿאָריק עפּנט אויף

ברייטער דעם פאַרהאַנג אַרום זיין פּערזענלעכקייט, און מען קען שוין אָפּענער זען די פּסיכישע כוחות וואָס האָבן געשאַפן און אַזוי פיינלעך פאַרשאַרפט די אינעווייניקסטע דראַמע פון זיין גייסטיקן לעבן.

3

ווי מען קען זען, בין איך דאָ לחלוטין ניט אויסן געווען זיך אָפּצושטעלן אויף פאַרשיידענע ריין דיכטערישע קוואַליטעטן פון האַלפּערנס שאַפן. איך בין דער עיקר פאַראינטערעסירט אינעם וויכטיקסטן פּסיכאָלאָגישן טרייב־כוח פון זיין ערשטער פּעריאָדע. ממילא דאַרף מען זיך ניט ריכטן דאָ צו געפינען אַ פולע אָפּשאַצונג פונעם פּאָעט וואָס ער איז געווען, נאָר פון אַ הויפּט־מאָמענט פון זיין פּערזענלעכקייט אויף וויפיל ער שפּיגלט זיך אָפּ אין זיינע לידער פון אין ניו יאָרק. ווי־זשע קען מען דעם דאָזיקן מאָמענט אין קורצן פאָרמולירן? וואָסער וואָרט, אָדער עפּיטעט, איז בכוח אויסצו־דריקן דעם דאָזיקן אינעווייניקסטן צושטאַנד זיינעם? הגם אַ קורצע פאָרמולע קען אָפּט קלאָר מאַכן אַ פאַרפּלאָנטערטן ענין, איז דאָס ניט פון די לייכטע זאַכן צו שאַפן, בפרט ווען צו טאָן מיר האָבן מיט אַזעלכע קאָמפּליצירטע סיטואַציעס ווען וועלכע עס רעדט זיך דאָ. אָבער צום גליק האָט אונדז האַלפּערן אַליין אין דעם אַרויסגעהאָלפן. אמת, ער גיט אונדז ניט קיין לאָגיש־אויסגעאַרבעטע פאָרמולע. דאָס איז ניט געווען זיין פעלד. דערפאַר אָבער האָט ער געשאַפן אַ סימבאָל וואָס קען אונדז טאָקע ניט געבן די קלאָרקייט פון שכלדיקן רעזאָנירן, איז ער אָבער דורך זיין גענעראַליזירטער בילדלעכקייט בכוח אַ סך צו אַנטפּלעקן. איך האָב דאָ אין זינען דעם נאָמען „משה לייב", וואָס איז אפשר באַוואוסטזיניק געמיינט געוואָרן צו זיין ניט מער ווי אַ פּערזענלעכע ווענדונג און איז אָבער אין דער אמתן אַ סך מער ווי אַ הוילער, צופעליקער נאָמען.

ווי אָפט און אין וויפיל לידער פון זיין ערשטער פּעריאָדע באַנוצט זיך האַלפּערן מיטן אויסרוף „משה לייב"? זיינע אויפמערקזאַמע לייענער האָבן דעם זיכערן איינדרוק אַז זייער אָפט און אין זייער אַ סך לידער. דאָס איז אָבער ניט מער ווי אַן אילוזיע. אין גאַנצן בוך „אין ניו־יאָרק" געפינט זיך די ווענדונג צו „משה לייב" 27 מאָל, און בלויז אין 9 פון די 96 לידער. פון וואַנען־זשע נעמט זיך די אילוזיע? מיר האָבן געזען אַז אָפטקייט קען ניט זיין די סיבה. קיינעם וואָרפט זיך, למשל, ניט אין די אויגן — סיידן מען זאָל ספּעציעל אונטערזוכן — אַז זיינע פאַרגלייכן שטייגן אַזוי ווייט אַריבער די מעטאַפאָרן, כאָטש אויב אָפטקייט וואָלט געווען אַן אמתע סיבה וואָלט מען דאָס לייכט געדאַרפט באַמערקן.

היינט אויב ניט אָפטקייט פאַרוואָס זאָל די „משה לייב"־מאַניער אַזוי שטאַרק זיך איינקריצן אין זכרון? דערויף זענען פאַראַן צוויי ענטפערס. טייל זאָגן

אַז דאָס איז דערפֿאַר ווייל אַזאַ מאַניער געפֿינען מיר ניט ביי אַנדערע דיכטער. אַנדערע שטעלן זיך דער עיקר אָפּ אויף דעם וואָס דאָס איז אַזוי „עכט האַלפּערינעסק״, עפּעס פּאַסט זיך עס אַזוי אַקוראַט פֿאַרן גאַנצן מין האַלפּערן. ריין פּסיכאָלאָגיש גענומען, לויט די געזעצן וואָס באַהערשן דעם זכרון, זעט מיר אויס די צווייטע השערה צו זיין אַ סך נענטער צום אמת. עס שטאַמט ניט פֿון ריין מעכאַנישער אַפּטקייט, און אויך ניט פֿון הוילער אַנדערשקייט, נאָר עס איז פֿאַראַן אַ נאָענטע שייכות צווישן דעם כאַראַקטער פֿונעם דיכטער גופֿא און דער דאָזיקער מאַניער זיינער — „עכט האַלפּערינעסק״.

און אָט די עכטקייט — גייט ווייטער די השערה — באַשטייט אין דעם וואָס האַלפּערן האָט ליב געהאַט די הפקר־באַוועגונג, די וואויל־יונגישקייט, דעם בראַוואַדאַ־שטעל. אָט דאָס ווערט אויסגעדריקט אין דער ווענדונג צום אייגענעם ערשטן נאָמען — משה לייב. אויך דערויף וואָלט מען געקענט פֿרעגן אַ סך קשיות אָבער אַ געהעריקע אויסטייטשונג וועט זיין אַז דער דאָזיקער אמת, ווי יעדער אמת, ווערט קלאָר ערשט דעמאָלט ווען מען נעמט פֿון אים אַראָפּ זיין שאָלעכץ און מען דערזעט דעם קערן.

האַלפּערנס נייגונג צו דעם וואָס אויבערפֿלעכלעך זעט עס אויס ווי וואויל־יונגישקייט, קען ניט אָפּגעפֿרעגט ווערן. אָבער אַלע וואָס האָבן אים גע־קענט, מענטשלעך און דיכטעריש, וועלן זיכער מודה זיין, אַז ביי אים איז דאָס ניט געווען קיין קאַפּריז אויף צו מאַכן אַ באַשטימטן איינדרוק, נאָר דער עיקר אַן אינעווייניקסטער פּסיכאָלאָגישער אָפּרוף וואָס האָט גע־זוכט אַן אויסדרוק. אַן אויסדרוק פֿון וואָס? דאָס דאַרף מען שוין זוכן אין די ספּעציעלע פֿאַלן ביי וועלכע די ווענדונג „משה לייב״ ווערט באַנוצט.

פֿאַראַן אַ באַגרענעצטע צאָל קאָנטעקסטן וואו „משה לייב״ פֿיגורירט. אין די נאָענטסטע ביאָגראַפֿישע לידער איז ער ניטאָ. אויך אין זיין אויטאָ־פּאָרטרעט איז ער ניטאָ, וואָס דאָס אַליין איז גענוג איינצוזען אַז עס וואָלט געווען אַ טעות אויפֿצונעמען „משה לייב״ ווי אַ סינאָנים פֿון מ. ל. האַלפּערן. ער פֿיגורירט יאָ אין געוויסע מאָמענטן פֿון וואויל־יונגישער אָפּגעריסנקייט פֿון אַלץ און אַלעמען, אָדער ווען אַ טיפֿע פֿאַרצווייפֿלונג נעמט אים אַרום און רייסט זיך אַרויס אין סענטימענטאַלער אָדער אָפּלאַכערישער פֿאָרם, אָדער ווען ער ווערט סקעפּטיש־פֿילאָסאָפֿיש און דאָס גאַנצע לעבן פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ „גלאַט אַזוי״.

דאָס אַלץ פֿירט צוריק צו זיינע אינעווייניקסטע קאָנפֿליקטן אויף וועלכע איך האָב פֿריער אָנגעוויזן. מען דאַרף בלויז צוגעבן אַז צווישן די סימבאָלישע מיטלען וואָס ער האָט אויסגעקליבן כדי צו פֿאַרפֿיקסירן די קריטישע מאָמענטן פֿון זיין אינערלעכער דראַמע איז געווען דער נאָמען „משה לייב״.

וואויל־יונגישקייט, הפקר, אָבער ניט אַ מענטש וואָס איז הפקר, נאָר וואָס איז געלאָזן געוואָרן אויף הפקר. עפּעס ווי דאָס לעבן וואָלט זיך אָפּגערוקט פון אים, אים געלאָזן ערגעץ ביי אַ ראַנד אויף יענער זייט גרענעץ, און ער זעט עס און רייצט זיך דערמיט דורך אַ שפּאַרע פון אַ פּאַרקאַן. עס איז דאָס אָננעמען זיך מיט מוט, מיט איבער־מוט, ביי די זיילן פון אומגעקומענע וועלטן, און טרייסטן זיך מיט אַ לעצטער פאַר־צווייפלטער טרייסט אַז

איך בין דער יונג וואָס שפּאַנט, דאָס היטל אויף אַ זייט,
און גנבעט פייפנדיק ביי זיך אַוועק די צייט.

עס איז די וואויל־יונגישקייט, דאָס געלעכטער, און די פילאָסאָפיע פון אַ לעצטן אויסוועג פון אַ גייסטיקן קלעם וואָס האָט קיין אויסוועג ניט. ווען קיין קאָרעקטע סאָציאַלע וואָרעמקייט איז ניט געווען, האָט ער די אייגענע טראַגעדיע פּערזאָניפיצירט און זיך אַרומגענומען מיט אַן אַב־סטראַקציע — משה לייב.

אינעם ערשטן פון די לעצטע בענד פון מ. ל. האַלפּערנס לידער, וואָס זענען דערשינען אין 1934, געפינען זיך צוויי לידער אין כתב־יד.ביידע פאַרענדיקן זיך מיט אַ וויניעטקע וואָס איז די זעלביקע אין ביידע פאַלן. וועגן דעם באַמערקן די אַרויסגעבער: „די צייכענונג — אַ פייגעלע אויף אַ בוים — וואָס געפינט זיך אויף די צוויי מאַנוסקריפּטן, איז האַלפּערנס באַליבטע צייכענונג. זייער פיל לידער האָט ער פאַרענדיקט מיט אָט דער צייכענונג״. עס ווערט ניט געזאָגט ווי לאַנג האַלפּערן — וואָס איז אויך געווען אַ טאַלאַנטפולער מאָלער — האָט אָנגעהאַלטן די געוואוינהייט צו מאַכן די דאָזיקע צייכענונג אויף זיינע מאַנוסקריפּטן. אָבער זי איז בכל אופן אַ קלאָרער עכאָ, אָדער אפשר אַ שטענדיקער נאָכקלאַנג, פון זיין ערשטער פּעריאָדע, לכל הפחות, פון זיינע וויכערע מאָמענטן, ווען ער האָט זיך דיכטעריש געפונען דאָרט וואו ער האָט זיך מענטשלעך פאַרלוירן.

דער שטאָם פונעם בוים איז אַ דיקער, אָבער אַ קורצער, מיט צוויי צווייגן וואָס שפּאַרן אַרויס בלויז פון שפּיץ, אָבער אין דער ברייט ניט אין דער הייך. דער גאַנצער בוים מאַכט דעם איינדרוק ווי אַ פאַריתומטע איבערבלייבעכץ פון אַן אַמאָליקן לעבן. איך זאָג צווייגן, אָבער אין דער אמתן האָט ער בלויז איין צווייג, די אַנדערע, ווייזט אויס, האָבן ווינטן אַוועקגעטראָגן, אָדער אַ שטורעם האָט זיי אויסגעפליקט. די איינע, די געבליבענע, איז נאַקעט, הויל, אָן אַ צייכן פון אַ בלעטל, אָן אַ שאָטן פון עפּעס אַ סימן פון גרין לעבן. אויף אָט דער צווייג, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט אַ שפּיץ אַרויפצוצו, שטייט אַ פייגעלע, ווי פאַרשפּאַרט, מיט אַ ביסטרע קוק, בייז, אָבער הילפלאָז. ווייט פון ברייטן, רחבותדיקן פלי, אָן אַ פעסטן אָנשפּאַר אַרומגערינגלט מיט בליענדיק לעבן, נאָר אויף אַ דין, נאַקעט,

איינציק־געבליבן ריטל פון אַן אָפּגעזונדערטן בוים. דאַכט זיך אַז אַן אָנווייז אויף אָט דער באַשעפעניש געפינט זיך גלייך אין ערשטן ליד פון אין ניו־יאָרק:

אַזאַ פויגל וואָס פאַרגעסט
זיינע קינדערלעך אין נעסט,
זוכט פאַר זיי קיין עסן נישט,
זינגט מיט זיי קיין מאָרגן ליד,
אַזאַ פויגל, אַזאַ פויגל
וואָס ער הייבט זיך גאָרנישט אויף,
און ער פרואווט נישט פליען אַרויף.
זאָל דאָס אונדזער פויגל זיין,
אָט אַזאַ אין מאָרגן־שיין?
אַוודאי אונדזער פויגל, וואָס דען, נישט אונדזער פויגל?

דאָס זעלביקע איינזאַמע פייגעלע. בלויז אין משה לייבס שטעכיק־אָפּלאַכערישע ברילן ווערט דערפון אַ „פויגל" — די ביטערע נקמה אָן זיך אַליין. דאָס איז די אומברחמנותדיקע רחמנות אין משה לייבן ווען ער קוקט אויף די ווייכערע מאָמענטן פון מ. ל. האַלפּערן. אָבער דאָס פּשוטע מענטשלעכע אויג זעט אַנדערש — אַן איינזאַם פייגעלע אויף אַן איינציק־געבליבענער צווייג אין דער וועלט. בלויז דער ביסטרע קוק באַווייזט אַז אין אַזעלכע מאָמענטן האָט מ. ל. האַלפּערן געדאַרפט האָבן משה לייבס שטאַרקן אָרעם כדי אויפצוהאַלטן זיין גלייכוואָג אין אַ שווערער אינעווייניקסטער מלחמה.

אַזוי זעט אויס דאָס בילד אין דער צייט וואָס זיין בוך אין ניו־יאָרק כאַפּט אַרום. דאָס איז מ. ל. האַלפּערן אונטערן צייכן פון משה לייב. משה לייב האָט געזאָלט זיין אַן ענטפער, אַן אויסוועג. אָבער אין דער אמתן איז דאָס אַ צו אילוזאָרישער אויסוועג פון אַ צו רעאַלן לעבנס־פּלאָנטער. וואוהין האָט אים שפּעטער זיין מזל געפירט? וואָסער אַנדער ליכט האָט פאַר אים אָנגעצונדן די אינעווייניקסטע דראַמע פון זיין נשמה? וועלכע נייע וועגן האָבן אָנגעשלאָגן זיינע דיכטערישע כוחות? אַ פולער ענטפער אויף די דאָזיקע פראַגעס קענען בלויז געבן אַ דעטאַלערע ביאָגראַפיע פון זיינע שפּעטערדיקע יאָרן און אַ גרינטלעכער אַנאַליז, אי פון זיין גאָלדענע פּאַווע, אי פון די לעצטע צוויי ביכער וואָס דער האַלפּערן־קאָמיטעט האָט אַרויס־געגעבן.

דאָס ערשטע בוך זיינס אין ניו־יאָרק פאַרענדיקט זיך מיט אַ גרעסערער פּאָעמע „אַ נאַכט", אַ ביטערן נאַציאָנאַל־מאַזאָכיסטישן גראָטעסק. און פונקט ווי דער אינהאַלט, און דער נאָמען פון דער פּאָעמע, אַזוי שליסט זיך אויך די גאַנצע ערשטע פּעריאָדע פון זיין שאַפן — אַ נאַכט, אַ טונקעלע, שרעק־קעדיקע ספערע אויף יענער זייט וועלט. ער האָט געזוכט דעם אייביקן שלום אין זיין אינעווייניקסטער מלחמה, אָבער דערוויל אים ניט געפונען.

זיין דיכטונג האָט די וואונד קינסטלעריש פּאָרמולירט, אָבער ניט געהיילט. און טאַקע אין אַזאַ ספּערע זינגט ער זיין ליד „די אייביקע שפּיל", און וואָרנט:

זינגער זינגען אויף דער בינע ביז עס ווערט דאָס האַרץ צעריסן.
פּראָסטע שפּילער און סטאַטיסטן שטאַרבן הינטער די קוליסן.

קיין „פּראָסטער שפּילער" איז ער ניט געווען. די קראַפט פון זיין וואָרט און דער שוואונג פון זיין ליד האָבן אים געטריבן צום אויבן־אָן פון דער יידישער וואָרט־קונסט. אָבער ער האָט ניט געפונען דעם כישוף־שפּרוך איינצושטילן זיין אייגענע אינעווייניקסטע טראַגיק. אין דעם זינען פאַר־ענדיקט ער דעם ערשטן ציקל פון זיין לעבן הינטער די קוליסן — צום גליק, הינטער די קוליסן פון אַ רייכן בנין וואָס ער האָט אַליין געהאַלטן אין בויען.

(1937)

# וועדטער

איינער זאָגט מיר: „איך האָב גענומען לייענען אייער אַרטיקל אָבער עס איז געווען אַזוי לאַנג אַז ווען איך האָב געהאַלטן אין דער מיט האָב איך געפילט אַז עס גייט מיר פשוט אויס דער אָטעם". אַ צווייטער זאָגט מיר: „אייער אַרטיקל איז געווען אַזוי שווער אַז נאָך די ערשטע עטלעכע פּאַראַגראַפן האָט מיך באַשלאָגן אַ שוויס. וואָס זשע האָב איך געזאָלט טאָן?" אַוודאי, און זייער גוט געטאָן, וואָרעם פּיקוח־נפש איז דוחה אַפילו יום־כּיפּור. ווייס איך דאָך אַז דער וואָס ראַטעוועט אַפילו איין נפש אין ישראל איז גלייך ווי ער וואָלט געראַטעוועט די גאַנצע וועלט, האָב איך באַשלאָסן אַז זאָל מיינס איבערגיין. איך וועל טאַקע שרייבן וועגן זייער אַ שווערן ענין, אָבער זייער קורץ און זייער לייכט. דהיינו, וואָסער ענין? איך וואָלט געקענט באַנוצן אַ וואָרט וואָס אין טייל ווערטער־ביכער דרוקט מען עס מיט קליינע אותיותלעך, מסתמא דערפאַר ווייל מען וויל אַז וואָס ווייניקער מענטשן זאָלן עס זען און האָבן ווייניקער עגמת־נפש. איך האָב געוואָלט זאָגן אַז איך האָב בדעה צו שרייבן וועגן „נאַציאָנאַלער סעמאַנטיק". אָבער איך וויל דאָס ניט טאָן, אַ וואָרט איז אַ וואָרט. זאָל עס בעסער הייסן אַז איך וועל באַהאַנדלען די טעמע „ווערטער". אמת, דאָס גיט ניט איבער גאַנץ פּינקטלעך מיין געדאַנק, אָבער אַ כּפּרה פּינקטלעכקייט פאַר שלום־בית.

ווער ווייסט דעם טייטש פונעם וואָרט „טבע"? ווער ווייסט עס ניט? עס באַטייט נאַטור, געוואוינהייט. און דעם טייטש פון דעם אַדיעקטיוו „יידיש" ווייסן דאָך אויך אַלע. אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו יידן, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יידן, איז „יידיש". ווען מען נוצט די צוויי ווערטער צוזאַמען — „יידישע טבע" — וואָלט עס געדאַרפט מיינען אַ געוואוינהייט, אַן איינפיר, וואָס שטאַמט פון יידן, אָדער וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יידן. אַזוי וועט עס טאַקע זיין ווען איך וועל רעדן וועגן אַן אַנדער פאָלק. איך קען, למשל, זאָגן אַז עס איז אַן ענגלישע טבע צו ווערן באַגייסטערט פאַר פוטבאָל. צי דאָס איז גוט אָדער שלעכט, דאָס איז לחלוטין ניט די זאַך וואָס דער אויסדרוק וויל אונדז לאָזן הערן. ער גיט בלויז איבער אַ פאַקט, אָדער דאָס וואָס איך קען מיינען אַז עס איז אַ פאַקט, אָן שום באַפּוצונגען.

ווען איך זאָג אָבער „אַ יידישע טבע" דערפילט איר גלייך מיין איראָנישן שמייכל. איר ווייסט אַז דערמיט וויל איך ניט אויסדריקן סתם אַזוי אַ יידישע כאַראַקטעריסטיק, ניין, איר נעמט גלייך אָן אַז דאָס וויל איך דערציילן וועגן עפּעס ביי יידן וואָס געפעלט מיר ניט. איז דאָס ניט מאָדנע צו באַנוצן דעם יידישסטן אַדיעקטיוו וואָס קען נאָר געמאָלט זיין — „יידיש" — כדי אונטערצושטרייכן עפּעס ביי יידן וואָס איז שלעכט? עס איז שווער

אַפּילו זיך פֿאָרצושטעלן אַז אַנדערע פֿעלקער זאָלן טאָן די זעלביקע זאַך, אַז זיי זאָלן כאַראַקטעריזירן אַ טבֿע וואָס איז פֿראַנצויזיש, האָלענדיש, רוסיש אאַז״וו, און מיינען דערמיט אַ שלעכטע טבֿע. קענטיק אַז עפּעס מוז ליגן אין דער „יידישער טבֿע״ צו ווערן פֿאַרשוואַרצן דאָס פּנים פֿון דער יידישער טבֿע.

איך האָב מורא אַז דאָס איז טאַקע ריכטיק. ג. סטענלי האָל, דער באַ־רימטער אַמעריקאַנער פּסיכאָלאָג, האָט אַמאָל געזאָגט אַז יידן און אירלענדער האָט ער באַזונדערס ליב פֿאַר איין זאַך: זיי קענען פֿריי און אָפֿן חוזק מאַכן פֿון זיך אַליין. איך ווייס ניט אויף ווי ווייט דער דאָזיקער ספּאָרט איז פֿאַרשפּרייט צווישן די אירלענדער, און ווי גרינטלעך זיי ספּעציאַליזירן זיך אין דעם. איך ווייס אָבער אַז יידן זענען גרויסע מומחים צו מאַכן אויף זיך אַליין אַזעלכע כירורגישע אָפּעראַציעס. ווי גוט וואָלט אונדז געווען ווען אַלע גויים וואָלטן באַוואונדערט אַזאַ נאַציאָנאַלע כאַראַקטעריסטיק אַזוי ווי סטענלי האָל. מען וואָלט אונדז ממש געטראָגן אויף די הענט. שטעלט זיך פֿאָר אַז מען דערציילט אַזעלכע גויים ווי ליב אונדזער פֿאָלק האָט זיך אַליין אויסצופּאַטשן, ווען מען באַקענט זיי מיט אַזעלכע פּאָפּולערע גלייכ־ווערטלעך ווי: „אַ גוטער ייד האָט ליב צו נעמען און פֿיינט צו געבן״, אָדער: „אַז דער ייד קויפֿט זיך אַ קאַפּטן ווערט ער אַ מבֿין אויף טוך״, אָדער: „אויף דער מצבֿה זענען אַלע יידן שיין״, אָדער: „איין ייד פֿאַרגינט ניט דעם אַנדערן״, אָדער: „דעם יידן שאַט ניט אַזוי זיין אייגענער דלות ווי דעם אַנדערנס עשירות״. אַזעלכע גויים וואָלטן אונדז מסתמא זייער הויך אָפּגעשאַצט פֿאַר אַזאַ מין זעלבסטקריטיק, כאָטש מען מוז מודה זיין אַז יידן וואָלטן אפֿשר נאָך מער הנאה געהאַט ווען אַזעלכע ווערטלעך זאָלן אין קאָנצענטרירטער פֿאָרם, זיך נעמען שיטן אויף זייערע קעפּ איינס נאָך איינס, ספּעציעל ווען קיין פֿרעמדע זענען ניטאָ דערביי. הייסט עס אַז ניט אומזיסט האָבן מיר געשאַפֿן אָט די בייסיק־איראָנישע פֿראַזע: „אַ יידישע טבֿע״. דער דאָזיקער אויסדרוק שפּיגלט אָפּ אַ גייסטיקע אַטמאָספֿער וואָס האָט באַהערשט, מעג מען זאָגן, די גאַנצע יידישע געשיכטע.

און אַז מען גייט איבער פֿון דעם וואָס איז דאָ צו דעם וואָס איז ניט דאָ, קען מען אויך אַ היפּש ביסל לערנען דערפֿון. אויב איר זענט מער אָדער ווייניקער שווה בשווה מיט דער ענגלישער שפּראַך איז אייך זיכער אויסגעקומען צו באַנוצן דאָס וואָרט „לעימען״, ד״ה, אַ מענטש וואָס געהערט ניט צו דער פּראָפֿעסיע וועגן וועלכער עס האַנדלט זיך, אַ דרויסנדיקער פּונעם פֿאַך. מעגלעך אַז איר האָט עס אויך געוואָלט זאָגן אויף יידיש און ניט געוואוסט. אפֿשר האָט זיך אייך אויסגעוויזן אַז איר האָט עס פֿאַרגעסן. האָט זשע ניט קיין עגמת־נפֿש. ניטאָ ביי אונדז אַזאַ וואָרט, סיידן ווען מען מאַכט עס אויף ספּעציעלער באַשטעלונג.

דאָס וואָרט נעמט זיך דירעקט פֿון קירכלעכן מיטלעלטער, און אומדירעקט

פון גריכיש און לאַטיין. דאָרט האָט עס געמיינט אַ פּשוטער מענטש, איינער פון פאָלק. דערנאָך איז עס באַנוצט געוואָרן ווען מען האָט געוואָלט באַ־צייכענען אַ מענטשן וואָס איז ניט קיין פּראָפעסיאָנאַלער אָנגעשטעלטער פון דער קירך, די רעכט, אויטאָריטעט, און מאָראַלע אַחריותן פונעם קירכלעכן באַאַמטן האָט דורכויס פאַרלאַנגט מען זאָל אונטערשטרייכן דעם שטח וואָס צווישן אים און דעם מענטשן אין דרויסן. היינט אַזוי ווי קירכ־לעכע באַאַמטע האָבן דאָך נעמען מיט וועלכע מען באַצייכנט זיי, האָט מען דעריבער געדאַרפט האָבן אַ וואָרט וואָס זאָל באַצייכענען דעם דרויסנדיקן, דעם „לעימען״.

אָבער דאָס יידישע לעבן איז דאָך געווען דורך־און־דורך רעליגיעז, פאַרוואָס איז ביי אונדז ניט געשאַפן געוואָרן אַ באַזונדער אַלגעמיינער נאָמען פאַר די וואָס זענען ניט קיין אָנגעשטעלטע פון דער רעליגיעזער אָרגאַני־זאַציע? דאָס באַווייזט בלויז דעם גרויסן טעות וואָס מיר האָבן ווען מיר באַמיען זיך צו דערקלערן דאָס גייסטיקע יידישע לעבן אין טערמינען פון דער אַרומיקער קריסטלעכער וועלט. ביי אונדז איז ניט געווען קיין ספּע־ציעלע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע וואָס לאָזט איבער אין דרויסן פון זיך אַ גרויסע טייל פון פאָלקס־לעבן, וואָס מען דאַרף דעריבער האָבן אַ באַזונדערן אַלגעמיינעם נאָמען עס צו באַצייכענען. ביי אונדז איז ניט געווען אָט יענער שטח — יענער לעגאַלער, אויטאָריטאַטיווער, פּריווילעגירטער און מאָראַלער שטח — צווישן דעם רב און דעם פּשוטן יידן, ווער שמועסט נאָך דעם למדן. דאָס וואָס דער רב איז אַ באַאַמטער אָנגעשטעלטער, אַפילו דאָס איז אַ גאַנץ שפּעט־צוגעקומענער איינפיר. די גרעסטע פּוסקים ביי יידן זענען געווען טאַקע גרויסע לומדים, אָבער האָבן געצויגן חיונה פון געוויינטלעכע באַשעפטיקונגען. דער רמב״ם איז געווען אַ דאָקטאָר, רש״י האָט געהאַנדלט מיט ווײַן אאַז״וו. ביי יידן זענען טאַקע די לומדים געווען די יחסנים, האָבן פאַרנומען אַ העכערע סאָציאַלע פּאָזיציע, אָבער דאָס האָט געהאַט צו טאָן מיט פּיאיקייט, מיט קענטעניש, ניט פון זיין אַ שרויף אין אַ סיסטעמאַטיש־פונקציאָנירנדיקער אָרגאַניזירטער מאַשינעריע.

דער רעליגיעזער פירער האָט געהאַט פאַר זיך אַ הייליק־סאַנקציאָנירטן טעקסט לויט וועלכן ער האָט געדאַרפט פּסקנען, און וועלכן ער האָט געדאַרפט טייטשן. דאָס איז געווען דער טעקסט פון יעדן יידן, און וואָס גרעסער אַ ייד איז געווען אין בקיאות און חריפות אַלץ מער אָנגעזען איז ער געווען, אַלץ מער געזעלשאַפטלעכן כבוד האָט מען אים צוגעטיילט. די אַטמאָספער איז געווען אַזאַ אַז דער וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו פּסקנען שאלות האָט זיך מיט גאָר ניט געהאַט איבערצונעמען אַנטקעגן דעם למדן וואָס האָט דאָס ניט געטאָן. די פאָרם פון דער אָרגאַניזאַציע פון יידישן לעבן איז ניט געווען יענע רעליגיעז־קירכלעכע וואָס איז באַקאַנט ביי קריסטן. ממילא

האָט אונדזער פאָרם ניט געשאַפן קיין לאַגע אַז דער אָפיציעלער פונקציאָנער זאָל זיך קענען מיט עפּעס איבערנעמען.

אַפילו די טיטלען וואָס עס האָבן קריסטלעכע רעליגיעזע באַאַמטע דערציילן אונדז גאַנץ קלאָר וועגן דעם אונטערשייד אין די צוויי פאַלן. ביי אונדז איז ער אַ רב, מיר אַדרעסירן אים „רבי״, ד״ה, אַ לערער, זיין אויפ־גאַבע איז אַ מאָראַל־פּעדאַגאָגישע ווי פון יעדן לערער. ביי קריסטן איז ער אַ פּויפּסט — אַ פּאַטער, אָדער אַ קאַרדינאַל, פון לאַטייניש וואָרט „קאַרדאָ״, אַ זאַוויעסע, ד״ה עפּעס וואָס אַרום דעם דרייט זיך אַלץ, אַ צענטער. ער איז אַ בישאָף — אַן אינספּעקטאָר, אָדער אַ מיניסטער — אַ באַדינער וואָס פירט אויס באַפעלן. ניט מיר האָבן אַזאַ קאָמפּליצירטע אָרגאַניזאַציע, ניט מיר האָבן דאָס רעליגיעזע לעבן טעכניש פאַררונדיקט אין זיך אַליין עס זאָל זיך אַרויסשיילן פונעם איבעריקן יידישן לעבן, און ניט מיר האָבן גע־שאַפן אַ היעראַרכיע פון אַ קלאַס באַאַמטע, וואָס זאָל זיך אויסצייכענען מיט אַ באַזונדער ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. און אויב זיי האָבן זיך אָר־גאַניזאַציאָנעל ניט אויסגעטיילט פון אַלע איבעריקע יידן האָט מען ממילא ניט געדאַרפט קיין באַזונדער נאָמען פאַר די וואָס זענען ניט קיין רעליגיעזע באַאַמטע.

דער אמתער סאָציאַלער חילוק איז געווען צווישן לומדים און פּראָסטאַקעס. אָבער פאַר דעם האָבן מיר שוין גענוג ווערטער: פּראָסטאַק, עם־האָרץ, גראָבער־יונג. זאָל אונדז נאָר גאָט געבן געזונט און פרנסה, אַזעלכע סאָרטן ווערטער האָבן אונדז קיינמאָל ניט אויסגעפעלט.

דאָס וואָרט „לעימען״ איז טאַקע געוואָרן אויסגעשפּרייט אַ סך מער ווי עס איז לכתחילה געמיינט געוואָרן. היינט באַטייט דאָס אַ מענטש וואָס איז ניט קיין אינעווייניקסטער אין אַ געוויסער פּראָפעסיע, ניט דווקא אין דער קירך. וואָלטן מיר אייגנטלעך אַזאַ וואָרט געדאַרפט האָבן. אָבער גראָד אין דעם פאַל קומט עס אָן שווער. זשיטלאָווסקי האָט פאָרגעשלאָגן דאָס וואָרט „הדיוט״, אַ גמרא־וואָרט וואָס שטאַמט פון גריכיש. דאָס איז אייגנטלעך דאָס זעלביקע וואָרט וואָס פון דעם שטאַמט אונדזער „אידיאָט״. אין גריכיש האָט עס געמיינט אַ מענטש וואָס איז ניט קיין עפנטלעכער באַאַמטער, און אַן אומגעבילדעטער מענטש. אָבער ביי אונדז ווערט עס באַנוצט בלויז אין לעצטן זינען. בכלל איז דאָס אַ וואָרט פון לומדישן קרייז און איז כמעט אַ סינאָנים פון עם־האָרץ, פּראָסטאַק. בכל אופן זשיטלאָווסקיס פאָרשלאַג איז ניט אָנגענומען געוואָרן, דאָס וואָרט האָט זיך ניט צוגעקלעפּט אינעם זינען ווי ער האָט עס באַנוצט.

פאַרוואָס האָט זיך טאַקע דאָס וואָרט ניט צוגעקלעפּט? פאַרוואָס איז ניט געשאַפן געוואָרן קיין אַנדער טערמין וואָס זאָל יאָ אָנגענומען ווערן? די מענטשלעכע שוואַכקייט פאַר גראַציעזע פילאָסאָפישע רעיונות איז ממש אין לשער. אין דעם פאַל וואָלט געווען לייכט צו זאָגן אַז דער גייסט פון

דער יידישער געשיכטע קען ניט סובל זיין קיין באַגריף וואָס צעשפּאַלט די גאַנצקייט פון אונדזער היסטאָרישן קולטור־שטראָם. אָבער אַזאַ אַחריות וואָלט איך אויף זיך ניט געוואָלט נעמען. עס קענען זיין צענדליקער סיבות פאַרוואָס געוויסע ווערטער ווערן ניט געבוירן אַפילו ווען מען דאַרף זיי, אָדער פאַרוואָס אַנדערע ווערטער, ווען זיי ווערן שוין יאָ געשאַפן, נעמען זיך ניט אָן. אָבער אין די אַלע פאַלן דיקטירט אונדז דער שכל הישר ניט צו זיין אייליק געפאַנגען צו ווערן אין דער נעץ פון מיסטישע דערקלערונגען. וואָרעם אַזעלכע דערקלערונגען האָבן אָפט דעם טעם פון קיילעכיקע גלייכ־ווערטלעך, און דער יצר־הרע צו זיי איז זייער גרויס. אָבער עס איז פאַראַן אַ בפירושער מאמר: „איזהו גיבור, הכובש אַ יידיש גלייכווערטל".

ווי עס זאָל ניט זיין איז אָבער קלאָר פאַרוואָס אין היסטאָרישן יידישן געדאַנקען־קרייז איז לכתחילה קיין פּלאַץ ניט געווען פאַר אַזאַ באַגריף ווי „לעימען". און פאַרקערט, ווען מען באַקענט זיך מיט אָט דעם פאַקט קענען מיר אין אים זען אַן אינטערעסאַנטע אָפּשפּיגלונג פונעם כאַראַקטער פון טראַדיציאָנעלן יידישן לעבן.

מיט אַ צייט צוריק האָט מיר אַ יידישער לערער געוויזן אַן ענטפער וואָס זיינער אַ תלמיד האָט אים געגעבן. ער האָט מיר געוויזן דעם ענטפער און האַרציק געלאַכט פונעם קאָמישן טעות וואָס ער האָט דאָרט געפונען. זיין פראַגע איז געווען: „ווער איז געווען דער גר צדק?" און דער ענטפער: „אַ גוי וואָס האָט זיך געשמדט אויף אַ ייד". פאַרשטייט זיך אַז דער תלמיד האָט געמיינט „זיך מגייר געווען". און אפשר איז פאַלש צו זאָגן אַז ער האָט דאָס געמיינט, באמת האָט ער געוואָלט זאָגן אַז דער גוי איז איבערגעגאַנגען פון איין רעליגיע אין אַ צווייטער, און דאָס איינציקע וואָרט וואָס ער האָט געוואוסט אויסצודריקן אַזאַ פּראָצעס איז „שמד". דער לערער האָט געלאַכט. אַלע וואָס קענען יידיש וועלן לאַכן. פאַרוואָס? ניט יעדער טעות קלינגט קאָמיש. בפרט נאָך ווען דער בחור איז פאָרט געווען טיילווייז גערעכט. שמד איז דאָך נאָך אַלעמען אַ פּראָצעס אין וועלכן עס קומט פאָר אַ רע־ליגיעזער איבערבייט, און דאָס איז טאַקע פאָרגעקומען מיטן גר צדק. קענטיק — ווי ביי אַלץ וואָס קלינגט קאָמיש — דאָ איז פאָרגעקומען ניט קיין טעות אין ווערטער, ניט אַזאַ פאַל ווען אַ מענטש זאָגט, למשל, „גלאָז" ווען ער וויל באמת זאָגן „לעפל", נאָר אַן אויסמיש פון סיטואַציעס וואָס זענען אי ענלעך, אי אַנדערש, אָבער די אַנדערשקייט איז אַזוי פונדאַמענטאַל אַז דאָס גאַנצע בילד ווערט צעהויקערט ווען מען לאָזט בלויז די ענלעכקייט פאַרנעמען דעם אויבן־אָן, און דער קאָמיזם ליגט טאַקע אין אָט דער צע־הויקערטקייט.

אין אַנדערע לשונות איז פאַראַן אַ וואָרט פאַר אַ מענטשן וואָס האָט געביטן זיין רעליגיעזן גלויבן. דאָס וואָרט אַליין דערציילט אונדז לחלוטין

גאָרניט וועגן דעם ביי וואָסער רעליגיע דער מענטש האָט זיך פריער געהאַלטן און וועלכע ער האָט איצט אָנגענומען. ער האָט געקענט זיין אַ קריסט, אַ מאַכמעדאַנער, אַ בודיסט, אַ ייד, און ער האָט איצט געקענט אָננעמען איינע פון די פאַרשיידענע רעליגיעס וואָס די וועלט פאַרמאָגט. דאָס וואָרט גופא איז אין די דאָזיקע אינפאָרמאַציעס ניט פאַראינטערעסירט. עס וויל בלויז איבערגעבן דעם אַלגעמיינעם פאַקט פון אַ רעליגיעזן איבערבייט.

ווי דאַרף מען עס זאָגן אויף יידיש? וואָסער יידיש וואָרט גיט אונדז איבער אַזאַ מין באַגריף? ניטאָ פאַר דעם קיין גאַנגבאַרער וואָרט אין פאָלק. אָבער אָנשטאָט דעם האָבן מיר אין יידיש צוויי ווערטער וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות צום דאָזיקן ענין: זיך שמדן, און זיך מגייר זיין. נאָר דער אונטערשייד איז אַ גרויסער, וואָרעם די דאָזיקע ווערטער גיבן ניט איבער בלויז דעם אָביעקטיוון פאַקט פון אַ רעליגיעזן אומבייט, נאָר זיי דערציילן אונדז באַלד אין וואָסער ריכטונג דער בייט איז פאָרגעקומען.

אָבער דאָס איז נאָך וויט ניט די גאַנצע מעשה. ווען יידן וואָלטן געווען פאַראינטערעסירט ניט בלויז אינעם פּראָצעס נאָר אויך אין זיין ריכטונג, וואָלטן צוויי ווערטער לחלוטין ניט גענוג געווען. אָט איז אַ ייד וואָס ווערט אַ קריסט, און פאַרקערט; אָט איז אַ קריסט וואָס ווערט אַ מאַכמעדאַנער, און פאַרקערט; אָט איז אַ מאַכמעדאַנער וואָס ווערט אַ ייד, און פאַרקערט, אָדער ער ווערט אַ קריסט, אַ בודיסט אאַז״וו. אויב יידן וואָלטן אַזוי שטאַרק געווען פאַראינטערעסירט אין דער ריכטונג אין וועלכער אַ מענטש בייט זיין גלויבן וואָלטן זיי געדאַרפט שאַפן פונקט אַזוי פיל ווערטער וויפיל מעגלעכע ריכטונגען עס זענען פאַראַן פאַר אַזעלכע זאַכן.

ווייזט אויס אַז לעולם זענען יידן יאָ געווען פאַראינטערעסירט אין ריכטונגען, אָבער בלויז אין צוויי: פון יידן און צו יידן. ווער עס גייט אַוועק פון יידן איז אַ משומד, ווער עס קומט צו יידן איז אַ גר. וואוהין דער משומד גייט, אָדער פון וואַנען דער גר קומט, דאָס האָט אונדז קענטיק לחלוטין ניט פאַראינטערעסירט. עס איז ניט שווער צו זען אַז פאַר אונדזער פאָלק איז דער דאָזיקער ענין געווען לחלוטין עפּעס אַנדערש ווי ביי אונדזערע ניט־יידישע שכנים.

אַזאַ איינדרוק ווערט נאָך שטאַרקער פון דעם וואָס ביי זיי איז דאָס וואָרט פאַר בייטן אמונות בכלל ניט באַגרענעצט בלויז אויף רעליגיעזע איבערקערענישן אין מענטשן. ווען איך רוף אָן עמעצן אַ „באַקערטער״ קען טאַקע זיין אַז דאָס „באַקערן״ איז פאָרגעקומען אין דער רעליגיעזער ספערע, עס קען אָבער אויך זיין אַז דאָס האָט צו טאָן מיטן אַריבערגיין פון איין פאָליטישער פאַרטיי אין אַ צווייטער, פון איין פילאָסאָפישער תורה אין אַ צווייטער אאַז״וו. בקיצור, „באַקערן״ קען האָבן צו טאָן אויך מיט פאָליטישע, סאָציאַלע און סתם קולטורעלע ענינים.

יידן האָבן בשום אופן ניט געקענט לאָזן דאָס בייטן אַן אמונה אויפן זעלביקן שטח ווי אַלע אַנדערע מעגלעכע בייטענישן פון אידייען. ממילא האָט זיך אין אונדזער לשון ניט געקענט איינבירגערן אַ וואָרט וואָס נעמט אַרום די אַלע פאַלן. יידן האָבן זיך געניייטיקט אין ספּעציעלע ווערטער וואָס זאָלן בלויז האָבן אַ שייכות צום פּראָצעס פון איבערבייטן אַן אמונה, און צו קיין שום זאַך ניט אַחוץ דעם. מסתמא דערפאַר ווייל מיר האָבן געפילט אַז דאָס איז אַן אינערלעך־גייסטיקע איבערקערעניש פון אַזאַ מין אַז קיין שום אומבייט אין אַ מענטש קען זיך צו דעם ניט גלייכן. יעדער איינער וואָס קען אַביסל יידיש וועט גלייך איינזען אַז אַזאַ וואָרט ווי „באַ־קערטער" קען אַפילו ניט צוקומען צו יענע געפילן און באַציאונגען וואָס ווערן אין אונדז אויפגעוועקט פון אונדזערע אייגענע ווערטער „משומד" און „גר".

דאָס לאָזט זיך אויך לייכט פאַרשטיין. וואָרעם קריסטנטום איז דאָך אויפגעקומען ווי אַ מיסיאָנערישע רעליגיע. די קריסטן זענען לכתחילה באַ־שטאַנען פון קליינע גרופּעס וואָס האָבן זיך באַמיט צו באַקערן מענטשן און פעלקער צו זייער צד. דאָרט וואו עס איז זיי געלונגען איז דאָך דער באַקערטער געוואָרן אַ זייעריקער. הייסט עס אַז וואו עס איז נאָר פאָרגעקומען אַן אומבייט איז עס געווען אין דער ריכטונג פון קריסטלעכן צד. אויב — ווי עס איז טיילמאָל פאָרגעקומען — מענטשן האָבן זיך אומגעקערט צום פריערדיקן גלויבן איז דאָס געווען ניט אַן איבערגאַנג נאָר אַ צוריקגאַנג. עס איז געווען ווי ענגליש דריקט זיך אויס אין אַזאַ פאַל „אַ גליטשן זיך אויף צוריק".

צו דעם איז נאָך צוגעקומען די געוואַלדיקע הצלחה פון דער קריסט־לעכער קירך. זי האָט באַוויזן צו באַקערן אַלץ מער און מער מיליאָנען צווישן פאַרשיידענע פעלקער. דאָס האָט געשאַפן אַ געפיל פון אינערלעכער קראַפט און זיכערקייט. היינט אויב אַ „באַקערטער" איז געוויינטלעך סיי ווי אַ געוואָרענער קריסט, און אויב קריסטנטום גייט אַלץ פאָרויס פון נצחון צו נצחון, כמעט אָן קאָנקורענטן מיט וועלכע מען דאַרף זיך אויף אַן אמת רעכענען, דעמאָלט איז לייכט ביי זיך צו שאַפן אַ שטילע רעזאָנירנדיקע אַטמאָספער וואָס געפינט אויס ענלעכע מאָמענטן אין אַלע פאָרמען פון אינטעלעקטועלע אומבייטן ביי אַ מענטשן. ווען אַזאַ פּסיכישע אַטמאָספער ווערט איינגעשטעלט שאַפט מען נאַטירלעך אַ וואָרט וואָס נעמט רואיק אַרום די אַלע פאַלן און דריקט אויס איין אַלגעמיינעם באַגריף.

ביי יידן איז די מעשה אַביסל אַנדערש. שמד איז געווען די שטענדיקע מורא וואָס האָט ניט געלאָזט רוען. עס איז געווען אַ פראַגע פון לעבן און טויט, און שמד האָט געהייסן טויט. די מיטלען וואָס מען האָט אָנגענומען אונדז אָפּצושמדן זענען זיכער ניט געווען פון אַזאַ איידעלן מאַטעריאַל אַז

די שרעקלעכע אימה זאָל ביי אונדז אָפּגעשוואַכט ווערן. ווען עס איז אַמאָל צוגעקומען אַ גר — און דאָס איז דאָך אַלץ מער און מער געוואָרן זייער אַ זעלטענע זאַך — איז דאָס געווען אַ שטילע נקמה אָן דעם פּייניקער און אַ זיסע טרייסט פאַר אונדז; עס איז געווען נאָך אַן עדות אַז מיר לעבן מיטן זכות פון אַ גרויסן אמת. דער שר פון אונדזער היסטאָרישן לעבן האָט אונדז ממש ניט געלאָזן מיר זאָלן רואיק פאַראַלגעמיינערן דעם פּראָצעס פון בייטן אמונות. ער האָט אונדז געצוואונגען צו זען, און קוקן מיט די אָנגעשטרענגטסטע בליקן בלויז אויף צוויי סאָרטן באַקערטע: אויפן גר און אויפן משומד, דער עיקר נאָטירלעך אויפן לעצטן. אונדזער פאָלק האָט זיך ניט געניייטיקט, זיך ניט געקענט נייטיקן אין אַ וואָרט וואָס זאָל בלויז אָנכאַפּן די ענלעכקייט צווישן אַלע פאַלן פון בייטן רעליגיעס אָדער בכלל מיינונגען און גלויבנס.

ווי געזאָגט קענען זיין זייער אַ סך סיבות וואָס באַשטימען די אַנט־וויקלונג פונעם וואָקאַבולאַר און פונעם אידיאָם אין אַ שפּראַך, און מען וואָלט געדאַרפט פאַנאַנדערקלייבן אַ סך פעלדער, און זיך אַריינלאָזן אין גאָר טיפע חקירות די אַלע אַרויסצוברענגען. אָבער דער מוסר־השכל איז קלאָר. עס איז פאַראַן וואָס צו לערנען פון אַ שפּראַך בנוגע דער געשיכטע און דעם לעבן פון אַ פאָלק וואָס האָט די דאָזיקע שפּראַך געשאַפן.

(1944)

# לשון

## 1

### ציל־ווערטער און מיטל־ווערטער

עס מאַכט זיך אַז אַ מענטש וויל עפּעס זאָגן. עס מאַכט זיך אַמאָל. קלייבט ער ווערטער, קייטלט זיי צונויף אַזוי אַז זיי זאָלן אויסדריקן אַקוראַט דאָס וואָס ער וויל. אין אַזאַ פאַל זוכט אַ מענטש ציל־ווערטער, דאָס הייסט אַזעלכע וואָס גיבן איבער געטריי זיין אָפּגענעם געדאַנק; זיי זיינען אַ דירעקטע שפּראַכלעכע מאַניפעסטאַציע פון זיינע אינערלעכע כוונות. אויף אַזאַ אופן שאַפט זיך אַ קלאָרע און גלייכע פאַרבינדונג צווישן אים און זיינע צוהערער. אויב דאָס געלינגט אים איז ער צופרידן, ווייל דאָס וויל ער דאָך אייגנטלעך דערגרייכן.

אַמאָל מאַכט זיך אַז אַ מענטש וויל עפּעס ניט דערזאָגן, אָדער אַריבער־זאָגן, אָדער אַריינזאָגן. אַהאַ, דאָס מאַכט זיך זייער אָפט. דעמאָלט קלייבט ער ווערטער־אָנצוהערענישן, ווערטער וואָס רעדן שווייגנדיק, ווערטער מיט איבער־טענער און אונטער־טענער. ער זוכט זיי ניט אויף דער אָפענער, די־רעקטער ליניע נאָר מן הצד. ער לייגט זיי אויס קיילעכדיק ווי אַ בייגל. איז זאָגן זאָגט ער די בייגל און מיינען מיינט ער דאָס לאָך. אַזעלכע ווערטער וועלן מיר רופן מיטל־ווערטער. זיי זענען אַ מיטל, אַן אינסטרומענט, אויף אַרויסצוברענגען עפּעס וואָס ליגט ניט אין זיי גופא. דער ציל ליגט העט־וויט, ערגעץ אונטן, אָדער אויבן. די ווערטער זענען בלויז געשיקטע מרגלים אויסצוקוקן דאָס אינערלעכע לאַנד פון די צוהערער כדי מען זאָל וואָס גרינגער קענען זיי מאַכן פאַר געפאַנגענע.

וואָלטן מיר געלעבט אין גאַנצן ביחידות וואָלטן ציל־ווערטער געווען גאַנץ גענוג. אָבער דעמאָלט וואָלטן מיר דאָך קיין שפּראַך אין גאַנצן ניט באַדאַרפט. פאַר זיך אַליין זיינען דאָך די אייגענע כוונות גאַנץ גענוג. אָבער אַזוי ווי מיר לעבן דאָך מיט שכנים זענען פאַראַן אָפטע געלעגנהייטן ווען מיר קענען זיך אָן מיטל־ווערטער באמת ניט באַגיין. אַגב, זענען זיי טאַקע אינטערעסאַנטער אויך. עפּעס אַ קלייניקייט, ווערטער וואָס קענען זאָגן די הגדה, מיינען די קניידלעך, און דאָס זעלביקע פאַרקערט.

אָט וועלן מיר ברענגען אַ משל פון אַ ווינקל אין דער אייגענער היים. עס איז אַ זיצונג פון אַ קאָמיסיע וואָס דאַרף אַראַנזשירן אַ באַנקעט. עס הייבט זיך אויף אַ היציקער וויכוח וועגן דער איינציקער וועלט־פּראָבלעם ווּעמען און וויפיל צו געבן אַ וואָרט אויף דער שמחה. מען שטעלט זיך אָפּ אויף איינעם, אַ פלוני בן פלוני. זאָל ער זיין אַ רעדנער אויפן באַנקעט צי

ניט? פֿאַרשטייט זיך אַז עס פֿאַרמירן זיך צוויי קעמפֿנדיקע צדדים. צד נומער איינס האַלט אַז פּלוני בן פּלוני האָט אַ סך אויפֿגעטאָן פֿאַר דער אָרגאַניזאַציע דאַרף מען אים צוטיילן כבוד און אים מכבד זיין מיט אַ וואָרט. צד נומער צוויי טענה'ט אַז פּלוני בן פּלוני איז קיין רעדנער ניט, דער עולם וועט זיך לאַנגווײַלן, וועט דאָס צעשטערן די שמחה. שטעלט זיך אויף איינער פֿון צד נומער איינס און צעהיצט זיך מיט מאָראַלן צאָרן: „איר האָט בלויז אין זינען דעם באַנקעט, אָבער דער מענטש, דער לעבעדיקער מענטש, ער גייט אייך גאָרניט אָן". דאָס האָט פֿאַרזיגלט דעם נצחון פֿון צד נומער איינס. וואָרעם דאָס וואָרט „מענטש" האָט אָנגעזאַמלט אין זיך אַ געוואַלדיקן מאָראַלן פּרעסטיזש, און ווען מען באַנוצט אַזאַ וואָרט ווי אַן אַרגומענט מוז דאָס מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק.

לאָגיש גערעדט איז דאָך די טענה אַ פֿאַלשע פֿון אָנהייב ביזן סוף. וואָרעם צד נומער צוויי האָט דאָך אַפּעלירט אין נאָמען פֿונעם עולם, אויך לעבעדיקע מענטשן. אָבער מערקווערדיק, דאָס וואָרט „עולם" האָט ניט דעם אַפּעליר־כּוח, האָט ניט דעם פּרעסטיזש, וואָס „מענטש", כאָטש די אידייע איז אין איצטיקן פֿאַל די זעלביקע. נאָך מער, דער צד נומער איינס האָט פֿון „עולם" געמאַכט „באַנקעט", וואָס דאָס זעט אויס ווי עפּעס אַ טויטע, מעכאַנישע זאַך, און דאָס אַליין מאַכט נאָך מער אָנזעעוודיק, און מאָראַליש העכער, דאָס וואָרט „מענטש" ווען עס ווערט באַנוצט ווי אַ קאָנטראַסט צו „באַנקעט".

אין גרעסערן פֿאָרמאַט, און בײַ חשובֿערע געלעגנהייטן, ווערן אויך פּרעסטיזש־ווערטער באַנוצט מיט זייער ברייטער האַנט און זייער שמאָלן געדאַנק — אַזעלכע ווערטער ווי „דעמאָקראַטיע", אָדער „פּראָגרעסיוו", אָדער „בלוטיקע אינטערעסן", אָדער „גערעכטיקייט", אָדער „פֿרייהייט". פֿאַראַן ברוך השם אַ פֿולער זאַק מיט אַזעלכע ווערטער וואָס ווערן אָפֿט, טאָקע על־פּי־רובֿ, באַנוצט בלויז ווי מיטלען צו מאַכן אַן איינדרוק, צו באַאיינפֿלוסן דורך זייער פּרעסטיזש, אָן שום שייכות צו עפּעס אַ בוכשטעבלעכן אינהאַלט.

און פּונקט ווי עס זענען פֿאַראַן ווערטער וואָס מען באַנוצט בלויז צוליבן פֿײַנעם אַראָמאַט פֿון זייער יחוס אַזוי זענען פֿאַראַן אויך אַזעלכע וואָס זענען בלויז אויסן צו דערלאַנגען אַ שפּיי, שפּיי־ווערטער. אין משך פֿון דער מלחמה איז אייך מסתמא ניט איין מאָל אויסגעקומען צו הערן אַזאַ שפּיי אין פּנים: „איך ווייס ניט וואָס עס זענען אייערע סוביעקטיווע כוונות אָבער אָביעקטיוו זענט איר אַ פֿאַשיסט". דאָס ווערט געזאָגט וועגן אַ מענטשן ווען עמעצער מיינט אַז פֿאַשיסטן קענען אויסנוצן פֿאַר זייער טובֿה דאָס וואָס יענער זאָגט אָדער טוט. אין פֿלוג קענט איר זיך חידושן צו וואָס מען דאַרף אין אַזאַ פֿאַל באַנוצן דעם אומגעלומפּערטן סטיל מיט „סוביעקטיוו" און „אָביעקטיוו".

והשנית, ווי קען אַ מענטש זיין אַ פּאַשיסט ווען אין דער אמתן איז ער דאָס ניט? און אַז מען לייגט שוין צו אַזאַ צאַצקעדיק וואָרט ווי „אָביעקטיוו״ איז דאָך דאָס בלויז אַ צוגאָב אין לשון, ניט צו דעם וואָס אַ מענטש איז. עס וואָלט, פאַרשטייט זיך, געווען פּשוטער צו וואָרענען אַ מענטשן אין אַזאַ פאַל ער זאָל וויסן אַז פאַשיסטן קענען אויסנוצן פאַר זיך זיינע רייד אָדער מעשים.

אָבער דער וואָס האָט אויסגעטראַכט דאָס געקינצלטע לשון מיט „סובּ־יעקטיוו״ און „אָביעקטיוו״ וועט ניט זיין צופרידן מיט אַן אַנדער סטיל. ביי אים איז דאָס ניט קיין פראַגע פון לשון. וואָרעם נאָך אַלעמען קען ער זיין כעס באַפרידיקן בלויז דורך דערלאַנגען אַ שפּיי אויף זיין קרבן, ווען ער וועט אויף אים טייטלען מיטן פינגער אַז ער איז אַ פאַשיסט. אמת, יענעמס רעפּוטאַציע דערלאָזט ניט מען זאָל אים באַצייכענען מיט אַזאַ העסלעך וואָרט. נו, מילא, גיט מען זיך אַן עצה, מען לייגט צו דאָס וואָרט „אָביעקטיוו״, און פאַרטיק. אי ער האָט דערלאַנגט דעם ריכטיקן שפּיי, אי ער האָט יוצא געווען סיי פאַר זיין געוויסן, סיי פאַר די מענטשן ביי וועלכע זיין קרבן האָט אַ גוטן נאָמען. דער „אָביעקטיוו״ שפּילט דאָ די ראָלע פון אַ מין שטר־מכירה וואָס מען מאַכט ערב־פסח: אי עס בלייבט דאָס חמצדיקע אייגנס, אי מען איז דורך־און־דורך יום־טובדיק אין דער זעלביקער צייט.

דאָס רוב ווערטער האָבן געוויינטלעך אַ סך טייטשן, און דאָס קען נאָ־טירלעך אַריינברענגען אַן אומקלאָרקייט אינעם מיין פון דעם וואָס באַנוצט זיי. אָבער קלאָרקייט איז „ציל״, און דער וואָס באַנוצט אַזעלכע ווערטער בלויז ווי מיטלען, פאַר אים איז די פיל־טייטשיקייט ווי אַנגעמאָסטן. ער קען מיינען אַ סך זאַכן, און איר קענט אים קיינמאָל ניט כאַפּן ביי דער האַנט. על־פּי־רוב ווערט דאָס ניט געטאָן מיט אַ בייזער כוונה. עס טוט זיך פון זיך אַליין, ווייל דער אינערלעכער גייסטיקער צושטאַנד נייטיקט זיך אין אומבאַשטימטע טייטשן פון ווערטער.

פון דעם נעמט זיך אַמאָל וואָס מיר טייטשן אויס פאַלש אַן אַנדער פאָלק ווייל מיר פאַרשטייען געוויסע ווערטער פון יענער שפּראַך לויט אונדזע־רע אייגענע עקוויוואַלענטן, און דאָס פאַרפירט אונדז. נעמט, למשל, דאָס אומשולדיקע וואָרט „פאָלק״. אַ שרייבער מיטן נאָמען דע סאָל דעפינירט דאָס דאָזיקע וואָרט (אַטלאַנטיק מאַנטלי, 1942) לויט ווי דייטשן פאַרשטייען עס. אָט וואָס ער זאָגט: „עס איז כמעט אוממעגלעך פאַר אַ מערב־מענטשן — וואָס איז געוואוינט צו ווערטער ווי ׳פּיפּל׳ און ׳נעישאָן׳ — צו פאַרשטיין וואָס אַזאַ וואָרט ווי ׳פאָלק׳ באַטייט פאַר די דייטשן. עס איז ניט קיין פּשוטער סך־הכל פון אַלע מענטשן פון דייטשישן אָפּשטאַם. ׳פאָלק׳ איז אַן אַלץ־אַרומנעמענדיק וואָרט, וואָס זיין טייטש איז אי היסטאָריש, אי ליריש, אי מעטאַפיזיש. דאָס ׳פאָלק׳ קען מען מיט קיין זאַך ניט פאַרגלייכן. עס זענען

ניט פאַראַן עטלעכע פונעם מין 'פאָלק'. די פראַנצויזן, די ענגלענדער, די אַמעריקאַנער, זיי זענען ניט 'פאָלק', בלויז די דייטשן זענען 'פאָלק', דאָס פאָלק. דאָס פאָלק איז ניט געבונדן צו קיין שום געזעץ, אַחוץ צו דעם געזעץ פון דער נאַטור. אָבער פון דער אַנדערער זייט געפינט די נאַטור איר העכסטן אויסדרוק אין די מאַניפעסטאַציעס פון פאָלק... די מיסיע פונעם פאָלק איז אַרויפצוצווינגען איר מעטאַפיזישע הערשאַפט איבער דער וועלט, ווייל עס איז צום בעסטן קוואַליפיצירט (דורך זיינע אייגענע סטאַנדאַרטן וואָס זענען די איינציק־אָנערקענטע סטאַנדאַרטן) דאָס דורכצופירן".

האָט גאָט געוואָלט אַז דאָס זעלביקע וואָרט „פאָלק" זאָל אויך זיין אין יידיש מיט גאָר אַן אַנדער אינהאַלט. ווען עמעצער זאָל באַנוצן אין יידיש דאָס דאָזיקע וואָרט אין דייטשישן זינען — סיי צו באַגייסטערן, סיי צו פּראָטעסטירן — ווען מיר נאַטירלעך פילן אַז ער קריכט אויף גלייכע ווענט. כאָטש עס וועט ניט אַזוי לייכט אָנקומען צו דערגיין וואו דער הונט ליגט באַגראָבן. דאַרף מען זיך דעריבער ניט וואונדערן ווען זייער לייכטע און זייער אייליקע פעדערס פון עטלעכע יידישע זשורנאַליסטן צעשפּריצן זיך מיט צאָרן אויף יידישער „נאַציאָנאַליסטישער רעאַקציע" אין די לעצטע יאָרן. עס קען קיין ספק ניט זיין אַז זיי באַנוצן אָט די ווערטער אין אַ טייטש וואָס האָט מיט אונדז קיין שייכות ניט. איך וואָלט געקענט שווערן אַז זיי באַמבלט זיך אין קאָפּ עפּעס וואָס זיי האָבן אַרויסגעריסן פונעם זעלביקן גאָרטן וואו ד'ע סאַל האָט געפונען דאָס „פאָלק". וואָרעם ווען מען באַנוצט ווערטער ניט ווי צילן נאָר ווי מיטלען קען מען דערגרייכן די פיינסטע עפעקטן ווען מען דערלאַנגט אונדז לשון־טערקיש אונטער דער מאַסקע פון לשון־יידיש.

2

## אַנטקעגן דעם וואָס מען זאָגט

ויהי היום האָט אַ באַרימטער בונדישער פירער, וולאַדימיר מעדעם, עפּעס געזאָגט וואָס האָט אַרויסגערופן אַ פּאָלעמישן גערודער כמעט בכל תפוצות ישראל. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. איבער לאַנד האָבן זיך געטראָגן רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדן און עס האָט זיך געגאָסן יידיש בלוט אין אַכזריותדיקע פּאָגראָמען. מעדעם האָט דעמאָלט געזאָלט זאָגן אַז דאָס יידישע בלוט איז ווי אייל אויף די רעדער פון דער רעוואָלוציע. אין אַנטי־בונדיסטישן לאַגער האָט דאָס אַרויס־גערופן אַ מוראדיקן שטורעם. עס קומט אויס אַז מעדעם האָט אַרויסגעוויזן אַ גלייכגילטיקייט צום פאַרגאָסענעם יידישן בלוט, האָט עס ממש פאַרשוועכט. מעדעם האָט זיך שפּעטער פאַרענטפערט. מען האָט אים, הייסט עס, פאַלש ציטירט. כאָטש מען קען זיך לייכט משער זיין אַז דאָס האָט אים ווייניק

געהאָלפֿן. איך געדענק גאַנץ קלאָר אַז די פּראָטעסטן קעגן מעדעמס רייד האָבן געמאַכט אַן איינדרוק. ווען אַ זייטיקער מענטש האָט דערהערט די ציטאַטע, ספּעציעל מיט דעם טאָן מיט וועלכן זי איז געבראַכט געוואָרן, האָט ער דערפֿילט אַז דאָס קען בלויז זאָגן אַ מענטש וואָס יידיש בלוט גייט אים לחלוטין ניט אָן.

איצט, ווען מיר טראַכטן וועגן דעם רעטראָספּעקטיוו, ווערט מען ממש פֿאַרחידושט. איך וועל שוין ניט רעדן וועגן דעם אַז די מינדסטע באַקאַנט־שאַפֿט מיט מעדעמס פּערזענלעכקייט דערלאָזט בשום אופן ניט מען זאָל אים חושד זיין אין גלייכגילטיקייט צו פּאָגראָמען. אָבער ער איז דאָך געווען אַ פֿירער פֿון אַ יידישער פּאַרטיי, און גענוג פּאָליטיש געשולט, ווי קען גאָר איינפֿאַלן אַז ער זאָל עפּנטלעך אַרויסברענגען אַזעלכע קאָמפּראָמיטירנ־דיקע געדאַנקען? מען קען דאָס בלויז פֿאַרשטיין ווען מען טראַכט זיך אַריין אין די ריין רעטאָרישע אייגנשאַפֿטן פֿונעם ציטירטן זאַץ. קודם כל ווערט „בלוט" פֿאַרגליכן מיט „אייל", ד"ה עס ווערט אַוועקגעשטעלט אין איין ריי מיט עפּעס וואָס שטייט עמאָציאָנעל אויף אַ פֿיל נידעריקערער מדרגה. צווייטנס, שטייט „בלוט" נאַקעט, אָן שום באַפּוצונג. טאָמער איז יאָ עפּעס פֿאַראַן אַ בילדלעכער אויסדרוק („רעדער") האָט עס אַ שייכות צו דער רעוואָלוציע, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען דאָס איינציקע, אָדער דאָס וויכטיקערע וואָס איז דעם רעדנער אָנגעגאַנגען. דריטנס, דער זאַץ ענדיקט זיך מיט „רעוואָלוציע", אויף דעם ליגט דער טראָפּ, און דאָס רייסט זיך בולטער צו אויער און זכרון.

איך פֿאַרשטיי אַז מעדעמס טעמע איז געווען ניט די פּאָגראָמען אויף יידן נאָר די רעוואָלוציע, און ער האָט געוואָלט אויסדריקן דעם געדאַנק אַז די פּאָגראָמען וועלן די רעוואָלוציע ניט אָפּשטעלן. זיי וועלן זי נאָך פֿאַרגיכערן. אויף אַזאַ געדאַנק וואָלטן זיך די וואָרעמערע יידן געקענט אונטערשרייבן, זיכער איז אין דעם קיין שום שאָטן פֿון קיין חטא ניטאָ. און וואָלט דאָס מעדעם אויסגעדריקט דירעקט, אָן שום רעטאָרישער באַ־פּוצונג, וואָלט דאָס אַפֿילו אַ בייזוויליקן קעגנער פֿון „בונד" ניט געקענט געבן קיין פּתחון־פּה אויפֿצוהייבן אַ פֿיינטלעכע פּאָלעמיק. אָבער ווערטער זענען פֿאַררעטערישע באַשעפֿענישן. זיי טראָגן אין זיך אַלע געטלעכע ברכות און אַלע קללות פֿון דער תוכחה אין דער זעלביקער צייט.

און אָט איז נאָך אַ מעשה וואו דער קרבן איז געווען אַ גרויסע יידישע פּערזענלעכקייט פֿון אַן אַנדער ריכטונג אין אונדזער לעבן. ח. נ. ביאַליק האָט אַמאָל געזאָגט, אָדער געשריבן, אַז איין ייד אין ארץ־ישראל איז ווערט מער ווי אַ סך יידן אין גלות. בייזע, שטעכיקע קאָמענטאַרן, דאָס מאָל אין אַנטי־ציוניסטישן לאַגער, האָבן זיך געהערט פֿון אַלע זייטן קעגן ביאַליקן. דער געדאַנק אַז מען קען יידן וועגן אויף אַ וואָגשאָל, און האַלטן אַז שוין

דערמיט וואָס אַ ייד באַזעצט זיך אין ארץ־ישראל וועגט ער אַריבער זיין ברודער אין גלות, דאָס האָט אויסגעזען ממש ווי ווילדער ציוניסטישער פאַנאַטיזם.

עס וועט ניט זיין שווער איינצוזען אַז די גאַנצע צרה ליגט אין אַן איינציקן וואָרט — „ווערט" — וואָס ביאַליק האָט באַנוצט. דאָס דאָזיקע וואָרט האָט, ווי מיר וויסן, זייער אַ סך טייטשן. וואָס האָט ביאַליק געקענט מיינען? האָט ער אפשר געמיינט אַז אַ ייד אין גלות קען ניט זיין פערזענלעך אַזוי גוט, אַזוי קלוג, אָדער אַזוי אינטעליגענט ווי אַ יידישער תושב אין ארץ־ישראל? אַפילו דער גרעסטער שונא פון ציוניזם, ווען ער האָט נאָר זיין שכל הישר ניט פאַרלוירן, קען ניט צושרייבן ביאַליקן אַזאַ אומזין. עס האָט זיך בלויז געקענט האַנדלען וועגן דעם נאַציאָנאַלן ווערט פון אַ יידן, ד"ה, אויף וויפיל דאָס ממילאדיקע לעבן פון יידן איז אַ צושטייער צום אויפבוי פון אַ יידיש לעבן און צום קיום פון יידישן פאָלק. עס איז פונקט ווי מען זאָל זאָגן אַז אַ יידישער אָדער העברייאישער לייענער איז פאַר אונדז ווערט מער ווי אַ סך יידן וואָס לייענען אַנדערע שפּראַכן. דאָס וועט נאַטירלעך ניט מיינען אַז ס'מוז זיין עפּעס אַ חילוק אינעם פערזענלעכן ווערט צווישן יידן. וואָרעם דאָ רעדט זיך אומדירעקט בלויז וועגן דעם ווערט פון יידן פאַרן וואוקס פון יידישער קולטור. פאַר ביאַליקן איז געווען קלאָר אַז דורך דעם וואָס אַ ייד לעבט אין ארץ־ישראל העלפט ער שאַפן אַזעלכע מאַטעריעלע און גייסטיקע ווערטן פאַרן פאָלק וואָס אין אַנדערע לענדער איז דאָס ניט מעגלעך.

עס איז ניט קיין חוב מען זאָל מסכים זיין מיט אַזאַ געדאַנק, אָבער דאָס איז ציוניזם, פּשוטער, געוויינטלעכער ציוניזם, און ביאַליק האָט דאָך קיינמאָל ניט באַהאַלטן אַז ער איז אַ ציוניסט. אָבער מערקווערדיק, די פּראָטעסטן קעגן ביאַליקס אויסדרוק זענען אויפגעהייבן געוואָרן אַזוי ווי ער וואָלט פלוצלונג, מיר ניט־דיר ניט, באַליידיקט די יידן פון גלות. דאָס האָט זיך גענומען בלויז דערפון וואָס מען האָט געקענט אַריינלייגן אַ ריין פערזענלעכע ווענדונג אינעם טייטש פון „ווערט".

### 3

### ארץ־ישראל און פּאַלעסטינע

ערגעץ ביים מזרח־ברעג פון מיטללענדישן ים איז פאַראַן אַ לאַנד וואָס זיין נאָמען איז באַשערט געוועזן צו שפּילן די ראָלע פון אַן אויסגעצייכנטער אילוסטראַציע פונעם געדאַנק אַז ווערטער קענען באַנוצט ווערן ווי צילן און ווי מיטלען. פאַראַן ווייניק ווערטער אין אונדזער לשון וואָס זענען אַזוי איינגעוואָרצלט אין יידישן באַוואוסטזיין, אַזוי צוגעבונדן צו אונדז היסטאָ־

ריש, פאָלקלאָריסטיש, סענטימענטיש, ווי דער נאָמען „ארץ־ישראל״. פּלוצ־לונג האָבן זיך באַוויזן יידן וואָס האָבן גענומען רופן דאָס זעלביקע לאַנד „פּאַלעסטינע״. פון וואַנען און צוליב וואָס אַזאַ שינוי השם? ווען מען וואָלט, למשל, איינגעפאַלן מען זאָל אַ שופר אָנהייבן רופן „האָרן״, אָדער, פאַרקערט, אַ היינטיקן לערער רופן „מלמד״?

מיר ווייסן נאַטירלעך אַז דאָס איז פאַרבונדן מיטן אויפקום פון ציוניזם. די וואָס האָבן אין יידיש אויסגעפונען אַזאַ לאַנד ווי „פּאַלעסטינע״ האָבן נאַטירלעך זיך דערמיט געוואָלט אָפּגרענעצן פון ציוניסטישע שטרעבונגען. מען וואָלט געקענט מיינען אַז זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון רופן דאָס לאַנד „ארץ־ישראל״ ווייל אינעם דאָזיקן נאָמען אַליין איז שוין פאַראַן אַ שטיק ציוניזם. דאָס איז אָבער זיכער ניט די גאַנצע מעשה. ראשית, וואָלט פּשוט אוממעגלעך געווען צו רעדן ווען מיר זאָלן זיך רעכענען מיטן בוכשטעב־לעכן און לכתחילה׳דיקן טייטש פון ווערטער. מען וואָלט ניט געקענט באַ־נוצן אַזאַ וואָרט ווי „קאַנדידאַט״, ווייל אין לאַטייניש באַטייט עס גאָר אַ מענטש וואָס איז איינגעהילט אין אַ מין ווייס ליילעך. זיכער וואָלט מען ניט געטאָרט זאָגן אויף אַ קלוגן חברה־מאַן אַז ער האָט אַ „ממזרישן״ קאָפּ אויף זיך. אַלעקסאַנדער הערקאַווי האָט אין זיינע באַאיוו־אַפּיקורסישע יאָרן פאַרגעלייגט מען זאָל אין רוסיש ניט באַנוצן דאָס וואָרט „באָגאַטי״ ווייל עס האָט צו טאָן מיט „גאָט״. אָבער אַפילו די עקסטרעמסטע אַטעאיסטן האָבן זיין פאַרשלאַג ניט אָנגענומען.

והשנית, אויב דער לכתחילה׳דיקער טייטש פון אַ וואָרט זאָל זיין די מאָס, דעמאָלט איז „פּאַלעסטינע״ אויך ניט כשר. וואָרעם עס זענען נאָך אַלץ פאַראַן יידן אויף דער וועלט וואָס פילן אַז זיי זענען שטיקלעך מחותנים מיט ארץ־ישראל, בעת קיין פלשתים זענען בכלל ניטאָ, פאַרוואָס זאָל מען דווקא רופן דאָס לאַנד אויף זייער נאָמען? דריטנס, עס זענען פאַראַן פאַר־ביסענע קעגנער פון ציוניזם צווישן די פרומע יידן וואָס האָבן בשום אופן ניט אַרויסגענומען דעם נאָמען „ארץ־ישראל״ פון זייער וואָקאַבולאַר. פאַר זיי האָט דאָס לאַנד נאָך אַלץ דעם אַלטן יידישן נאָמען, כאָטש זיי באַקעמפן דעם ציוניזם מיט אַלע כוחות.

דערפון איז געדרונגען אַז „פּאַלעסטינע״ איז ניט בלויז אַ וואָרט צו באַצייכענען אַ באַשטימטן שטח אויף דער ערד נאָר אויך אַ מיטל אָפּצורייסן דאָס לאַנד פון אַלע רעליגיעזע, היסטאָרישע און קולטורעלע אַסאָציאַציעס מיט וועלכע דער אַלטער נאָמען, ארץ־ישראל, איז דורכגעזאַפּט. עס איז אַ וואָרט וואָס דאַרף ניט בלויז אויסדריקן אַ געאָגראַפישן ציל נאָר אויך אַזאַ וואָס דאַרף טראָגן אין זיך באַשטימטע מיטלען פאַר ניט אויסגעדריקטע אידעאָלאָגישע צילן. די פרומע יידן, וואָס אין זייער אויפפאַסונג פון יידישן קיום פאַרנעמט ארץ־ישראל אַ צענטראַלע פּאָזיציע, האָבן זיך ניט געקענט

אָפּזאָגן פונעם טראַדיציאָנעלן נאָמען, כאָטש זיי זענען לחלוטין ניט מסכּים מיטן ציוניסטישן וועג.

דער בעל המשלי האָט געמוזט זיין זייער דערשלאָגן פונעם אופן אויף וועלכן מיר באַנוצן דאָס מענטשלעכע לשון ווען ער האָט געזאָגט אַז „גילדערנע עפּל אין זילבערנע פּוץ־כּלים איז אַ וואָרט גערעדט צו דער זאַך". ער וואָלט מסתמא אַריינגעפאַלן אין טיפן יאוש ווען ער וואָלט דערפילט אַז ער אַליין, מיט זיינע „גילדערנע עפּל אין זילבערנע פּוץ־כּלים", האָט אויך ניט גע־רעדט בוכשטעבלעך צו דער זאַך נאָר צו עפּעס וואָס איז אַרום דער זאַך. אָבער ער וואָלט זיך געמעגט טרייסטן דערמיט וואָס מיר האָבן פון דעם זייער אַ סך נחת, ווי זיין אייגענער פּרעכטיקער אַפאָריזם באַווייזט דאָס. און אויב דאָס גיט אונדז אויך אַ סך צרות דאַרף מען ניט פאַרגעסן אַז אַ מענטש אַליין איז אויך ניט אַן אָפּגעצירקלטע זאַך נאָר אַ מין שטאָף וואָס שוועבט אַרום אַ זאַך. אַזוי ווי מיר זענען, אַזאַ לשון האָבן מיר אויסגעטראַכט. גאָט אַליין, ווייזט אויס, האָט אונדז קיין בעסערע עצה ניט געקענט געבן.

(1945)

# שפּראַך און פּאָעזיע

אַנומלטן האָב איך צופעליק אויפגעמישט אַ ווערטערבוך פון ציטאַטן און זיך אָנגעשלאָגן אָן דער טעמע פּאָעזיע און פּאָעטן. די אַלע ציטירטע ווערטער, געדאַנקען, אַפאָריזמען, לידער, וועגן פּאָעזיע פאַרכאַפּן ממש דעם אָטעם. ניטאָ דאַכט זיך קיין קונסט וועגן וועלכער עס ווערט גערעדט מיט אַזאַ יראת הרוממות, מיט אַזאַ פאַרטיפטער התלהבות, מיט אַזאַ באַצווינגענ־דיקער געטלעכקייט, ווי וועגן פּאָעזיע. די דאָזיקע עקסטאַטישע רייד קומען ניט בלויז פון פּאָעטן. אויך פּראָזע־קינסטלער און אַנדערע סאָרטן שרייבער זענען נישקשה׳דיק פאַרטראַטן. מיר הערן די דאָזיקע רירנדיקע געזאַנגען צו פּאָעזיע פון גרויסע פּערזענלעכקייטן פון אַלע צייטן, אַלע לענדער; פון אַלטן גריכנלאַנד פּונקט זוי פון נייעם ענגלאַנד, פון צעזאַרישן רוים פּונקט ווי פון קעניגלעכן און רעפּובליקאַנישן פראַנקרייך. ענדלעך, זעט אויס, געפונען אַ ווינקל, אַ פּונקט אין מענטשלעכן אוניווערס, וואו אַלע גיבן זיך די הענט און טרינקען ביז שכרות דעם ווייַן פון הסכמה.

איינער זאָגט אַז „פּאָעזיע איז די מוזיק פון געדאַנק אויסגעדריקט דורך דער מוזיק פון ווערטער". אַ צווייטער וויל האָבן אַז „פּאָעזיע איז די עלטסטע שוועסטער פון אַלע קונסטן און די מוטער פונעם רוב פון זיי". אַ דריטער האַלט אַז „פּאָעזיע איז די שפּייז פון מלאָכים". אַ פערטער מיינט אַז „פּראָזע באַשטייט פון ווערטער אין דער בעסטער אָרדענונג; פּאָעזיע — פון די בעסטע ווערטער אין דער בעסטער אָרדענונג".

עס איז אַן אומגעוויינטלעך פאַרגעניגן צו קוקן אין אויגן וואָס פינקלען מיט באַוואונדערונג פאַר עפּעס וואָס מען האָט אַליין ליב. און דאָך קען איך ניט פאַרבאָרגן דעם אומעטיקן חידוש וואָס וויקלט מיך אַרום מיט שטעכיקע קשיות. איך באַמערק אַז מענטשן זענען גרייט צו באַשטעטיקן מיט אַן אַקסיאָמאַטישן יאָ אַז פּאָעזיע איז אַ גאָר־גאָר געהייבענער ענין. אָבער די ווילִיקייט צו גלייבן אויפן וואָרט איז ביי זיי אַ סך שטאַרקער ווי דער חשק צו פאַרזוכן דעם טעם דערפון. די באַגייסטערטע רייד פון מבינים האָבן געוואונען אַ פולן נצחון פאַר דער הויכער פּאָזיציע פון פּאָעזיע, אָבער לייענער פון אַ גאַנץ יאָר באַנוגענען זיך מיט די הילכיקסטע אַפּלאָדיסמענטן פון דער ווייטן.

אין פּאָבליק־סקול, הייסקול און קאָלעדזש רעדן לערער מיט אויסטער־לישער פרומקייט וועגן דער גרויסקייט און שיינקייט פון פּאָעזיע. אָבער אין קלאַסן פון אַלע שול־מדרגות האָב איך אָפּט געפרעגט וויפל עס האָבן ליב, אָדער האָבן אַ געוואוינהייט צו לייענען, פּאָעזיע. אומעטום האָבן זיך אויפגעהויבן זייער אַ קליינע צאָל הענט. איך האָב באַמערקט אַז כאָטש אַ סך מאָדערנע שול־מעטאָדיקער האַלטן אַז מען דאַרף קינדער ניט פאַרגעבן

צו לערנען עפּעס אויף אויסווייניק, פונדעסטוועגן קענען זיך לערער דערפון ניט אָפּהאַלטן ווען עס קומט צו פּאָעזיע. זיי ווילן דורכויס אַז די תלמידים, יינגערע און עלטערע, זאָלן קענען אַרויסשיסן, אַפילו ווען מען וועקט זיי אויף פון שלאָף, באַרימטע סטראָפן פון קלאַסישע פּאָעטן. דאָס האָט אָבער, ווייזט אויס, קיין שום דויערנדיקע ווירקונג ניט צו פאַרגרעסערן די קאַרגע צאָלן פון פּאָעזיע־לייענער.

אין יידישע שולן, וואו תנ״ך איז אַ באַליבטער לימוד, כאַפּן זיך לערער מיט אימפּעט צו די נביאים. ווייזט זיך אַרויס אַז צו חומש און נביאים ראשונים איז ביי די קינדער דער חשק טאַקע גרויס. אָבער פון ישעיהן — וואָס ביים מאָדערנעם לערער איז דאָך דאָס אַזאַ הויכע מדרגה פון פּאָעזיע — ווערן זיי שנעל מיד. עפּעס ענלעכס זעט זיך אַרויס די באַציאונג צו מאָדערנער פּאָעזיע: עכטע, אויפריכטיקע אַפּלאָדיסמענטן וואָס זענען אָבער צו ווייניק וואָס מחייב.

מיר האָט זיך אַמאָל אויסגעוויזן אַז פּאָעזיע דאַרף זיין אַ וויבלעכע קונסט, אַפילו ווען די פּאָעטן זענען על פּי רוב מענער. אָבער מיינע אַלע פּראַגעס ביים יוגנטלעכן עולם האָבן לחלוטין ניט באַשטעטיקט דעם דאָזיקן איינדרוק. עס ווייזט זיך אַרויס אַז צווישן מיידלעך געפינט מען פונקט אַזוי ווייניק לייענער פון פּאָעזיע ווי צווישן בחורים. ניט ווייניקער וואַרפט זיך אין די אויגן דער פאַקט וואָס אין די ליסטעס פון פאַרשפּרייטסטע ביכער געפינט מען ניט די ניי־דערשינענע לידער־אויסגאַבעס, אַפילו ניט די בעסטע און באַרימטסטע צווישן זיי. בכל אופן איז דאָס זייער אַ זעלטענע זאַך. פאַרוואָס זאָל טאַקע זיין בנוגע פּאָעזיע — די פּאָפּולערסטע קונסט מימים קדמונים — אַזאַ מוראדיקער תהום צווישן אַן עסאָטערישער גרופּע ליבהאָבער און דעם ברייטן עולם?

אין אַזעלכע גרויסע קולטור־רעטענישן איז גאָר ניט שייך אַלץ צו רעדוצירן צו איין סיבה. זאָל עס דעריבער קיינעם ניט פאַרפירן ווען איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן, צוליב ריין מעטאָדישע צוועקן, בלויז אויף איין סיבה, וואָס איך האַלט זי אָבער פאַר זייער אַ וויכטיקע. דאָס האָט צו טאָן מיט דער שפּראַכלעכער טעכניק מיט וועלכער פּאָעזיע באַנוצט זיך כדי זיך אויסצודריקן. ווען מען שמועסט וועגן פּאָעזיע האָט מען אַזוי אָפט צו טאָן מיט אַזעלכע זאַכן ווי שטימונג, געפיל, אידייע, מוזיק, ריטם, אַז דער ריין שפּראַכלעכער עלעמענט שניידט זיך ניט גענוג שאַרף אַרויס. א. גלאַנץ־לייעלעס האָט דאָס פאַרדינסט וואָס ער האָט צום שטאַרקסטן אָנגעוויזן אויף דער הערשנדיקער ראָלע פון שפּראַך אין פּאָעטישער קאָמפּאָזיע. דער אמת איז אַז קיין שום פאָרם פון ליטעראַרישן אויסדרוק שטייט ניט פאַר אַזעלכע קריטישע פּראָבלעמען פון שפּראַכלעכע מעגלעכקייטן ווי פּאָעזיע. מען קען לייכט פאַרשטיין פאַרוואָס דאָס איז אַזוי.

אין פּראָזע שפּילט אַ הויפּט־ראָלע דער געבונדענער, לאָגישער רעיון,

אָדער דער סיפור המעשה. אַ געדאַנק באַשטייט געוויינטלעך פון אַ צאָל באַגריפן וואָס זענען איינגעשלאָסן איינער אינעם צווייטן אַזוי אַז דער פּראָצעס פון זייער כסדרדיקן גאַנג ברענגט צו אַ באַשטימטן אויספיר. אַ סיפור המעשה, ווידער, שאַפט אַ גאַנצקייט פון אַ צאָל אינצידענטן וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַן איינהייטלעכן געוועב מיט אַן אָנהייב, אַ מיטן און אַ סוף. דער געדאַנק באַפרידיקט אונדזער אינטעלעקטועלן נייגער. די מעשה זעטיקט אין אונדז דעם פילאָמיטישן הונגער, דאָס איז די הנאה צו זען מענטשלעך לעבן אין געקייטלטע סיסטעמען, מענטשלעכע געשעענישן וואָס באַוועגן זיך אין אַ ריטמישן אַרויף־אַראָפּ. פאַרוואָס מיר האָבן פון דעם אַזאַ גרויסע הנאה, איז מיר אויסגעקומען קלאָר צו מאַכן אויף אַן אַנדער פּלאַץ (די פּסיכאָלאָגיע פון ליטעראַטור, 1926). אָבער אַז דאָס איז אַזוי, קען, דאַכט זיך, קיין ספק ניט זיין.

דער פשוטער שכל איז מחייב אַז אומעטום וואו מיר באַנוצן שפּראַך שפּילט אַ גרויסע ראָל דער אופן אויף וועלכן מיר באַנוצן זי. נאָר ניט אומעטום איז דאָס גלייך וויכטיק. די דערמאָנטע גרעסערע גאַנצקייטן, זענען דער ציל פון פּראָזע, פאַרכאַפּן אַזוי תאווה'דיק די נשמה פון שרייבער אַז מען קען דאָרט גיכער מוותר זיין אויף די אָרגאַנישע שוואַכקייטן וואָס ליגן אין מהות פון שפּראַך. לאָגישער געדאַנק און בעלעטריסטישע האַנדלונג קענען אַ סך פאַרדעקן. דאָ ווערט מען ניט געפירט פון געדאַנקלעכער פאַר־שפּיצטקייט אָדער דערציילערישער געשפּאַנטקייט, ניט זיי זענען דער אויבערשטער צודעק אין פּאָעטישער קאָמפּאָזיציע. שורות און סטראָפן אין אַ ליד דאַרפן ניט זיין דווקא געבונדן דורך לאָגישער קאָנסעקווענץ אָדער דעם נאַטירלעכן סדר פון עפּיזאָדן אין אַ מעשה. דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַבסטראַקציעס פון אַפעקטיוון לעבן וואָס זייער אויסדרוק איז אָנגעוויזן אויף דער פּינקטלעכער שפּראַכלעכער פאָרמולע כדי מען זאָל זיי קענען זען און פילן, אָט ווי דער בלינדער איז אָנגעוויזן אויף דעם וואָס האַלט אים ביי די הענט.

מיר רעדן אָפט וועגן די גאונישע המצאות אין פאָלקסטימלעכן אויסדרוק. אָבער פאַראַן אויך פאַלן ווען דאָס פאָלק פילט זיך ניט בכוח צו באַצאָלן אַ שפּראַכלעכן חוב און דערקלערט זיך באַנקראָט. מיר הערן אָפט אַזאַ אויסדרוק ווי: „ער איז געווען אַזוי הויך אַז איך ווייס ניט וואָס". אָדער: „דאָס עסן איז געווען אַזוי באַ'טעמ'ט אַז איך ווייס ניט וואָס". דער „איך ווייס ניט וואָס" איז נאַטירלעך אַ מין שפּראַכלעכער אופן פון בלייבן געפּלעפּט און פאַרלוירן. אַזאַ דורכפאַל קען ביי אַ שרייבער ניט טרעפן. ער ווייס וואו מען קען כאַפּן אַ לייכטע שפּראַכלעכע הלוואה. גיט ער דערווייל אַ קליינעם אַדערויף און פאַרטיק. אין פּראָזע קען מען ווי עס איז אָפּקומען מיט אַזאַ מין גמילת חסד אין אַן עת צרה. אין פּאָעזיע איז דאָס אַ קאַטאַסטראָפע. דאָ, ווען עס קומט צו פאָרמען פון אויסדרוק, וואָס מען

פאַרהאַרעוועט ניט אַליין האָט מען ניט, האָט מען גאָר ניט. דערצו איז ביים פּאָעט נאָך גרעסער דער צער פון טראָגן ווייל שפּראַך גופא איז בטבע גאָר ניט אַזוי ווייך און בייגעוודיק ווי מען מיינט.

דעריבער זעען מיר אַז שפּראַכלעכער אויסדרוק בכלל, בעל־פּה אָדער בכתב, איז פול מיט רעטאָרישע פיגורן, ווייל דורך דעם האָבן מיר אַ מעג־לעכקייט אַרויסצוקריגן פון שפּראַך מער וויפל גאָט האָט אין איר אַריינ־געלייגט. אין פּאָעזיע איז די רעטאָרישע פיגור דערהויבן געוואָרן ממש צו דער מדרגה פון אַ סופער־שפּראַך. עס איז דאָ ניט בלויז אַ מיטל פאַר אַבסטראַקטער שיינקייט, אָדער פאַר ספּעציעלע עפעקטן, נאָר עס איז פשוט דאָס טאָג־טעגלעכע ברויט אָן וועלכן דאָס עלעמענטאַרע דיכטערישע לעבן קען קיין קיום ניט האָבן.

צווישן די אָפּטסטע רעטאָרישע פיגורן געפינט זיך דער פאַרגלייך. צוויי זאַכן ווערן פאַרגליכן, דירעקט אָדער אומדירעקט, און דאָס ברענגט אַרויס אַ געוויסן עפעקט. געוויינטלעך נעמט מען אָן אַז דער עיקר באַשטייט אין דעם וואָס עס איז פאַראַן אַן ענלעכקייט צווישן די צוויי, נאָר דער פיגו־ראַטיווער אָביעקט באַזיצט אין אַ שטאַרקערער מאָס די אייגנשאַפט וואָס מען וויל אונטערשטרייכן. דאָס איז גאַנץ ריכטיק ווען מען זאָגט אויף אַ דער־שראָקענעם מענטשן אַז ער איז געוואָרן ווייס ווי קרייד. דאָס פאַרגלייכן מיט קרייד איז אַ גוזמא, אָבער עס ברענגט אַרויס בולטער די בלאַסקייט פונעם פּנים. אַזעלכע פּרימיטיווע פאַרגלייכן שפּילן אָבער אַ קנאַפּע ראָלע אין העכערע פאָרמען פון קונסט. דאָס אַקטיווע, זעערישע געפיל פון אַ קינסטלער שאַפט פאַרגלייכן וואו די ממשותדיקע ענלעכקייט איז בלויז אַ דינער שאָטן, אַמאָל דאָס אויך ניט.

נעמט, למשל, דעם באַרימטן פאַרגלייך אין איוב: „דאַרף ניט דאָס אויער פּרואוון ווערטער אַזוי ווי דער גומען פאַרזוכט זיין שפּייז?" עס וואָלט פאַר־בומען צופיל פלאַץ געענוי צו אַנאַליזירן דעם דאָזיקן פּרעכטיקן פאַרגלייך. עס איז אָבער קלאָר אַז דער עפעקט קען ניט זיין געבויט אויף דער ענלעכקייט צווישן די פונקציעס פונעם אויער און דעם גומען, אָדער צווישן אַרטיקו־לירטע קלאַנגען און עסנוואַרג, אָדער צווישן דער קוואַליטעט פונעם זינען פון ווערטער און דעם טעם פון שפּייז. קענטיק אַז כאָטש ענלעכקייט שפּילט זיכער אַ ראָלע אין רעטאָרישע פאַרגלייכן, זיינען דאָ אויך פאַרוויקלט גאָר אַנדערע פּרינציפּן וואָס העלפן שאַפן דעם זאַפט, די עפעקטפולקייט, פון דער דאָזיקער אויסדרוק־מעטאָדע.

יעדער פאַרגלייך איז בכוח אַרויסצורופן אַ סך פּסיכישע צושטאַנדן. ווען אהרן צייטלין זאָגט: „מיט מחנות מתים בין איך פול ווי ביינאַכט אַן אַלטע שול", גיט ער איבער די קוואַליטעט פון אַ באַשטימטן פּסיכישן צושטאַנד וואָס קיין שום סובסטאַנטיוו אָדער אַדיעקטיוו קען דאָס אַדעקוואַט ניט באַצייכענען. באמת זענען דאָ די צוויי געגראַמטע שורות אַן איינציקער

סובסטאַנטיוו וואָס אַנטהאַלט אין זיך — ווי יעדער סובסטאַנטיוו אין אַ געהעריקן קאָנטעקסט — אַן אַדיעקטיווישן אַראָמאַט.

פונקט אַזוי וויל ביאַליק וועקן געפילן ווען ער פאַרגלייכט ניט־אויסגע־וויינטע טרערן צו אַ נאַטור־כוח וואָס רייסט זיך פון זיין פאַרצאַמטקייט: „וואָס ווי פאַרשטיקטע פאַרבאָרגענע קוואַלן לעכערן שטיינער און רייסן איין קברים". פאַרגלייכן וואָס קאָנצענטרירן זיך דער עיקר אויף שייכותן זענען מער סובטיל, און ווערן אָפט אַוועקגעשטעלט אַזוי אַז מען דערקענט קוים דעם פאַרגלייך־כאַראַקטער. אַזוי זאָגט אפרים אויערבאַך: „ס'האָט זיך אָנ־געטרונקען די נאַכט מיט לבנה און גייט איבער די שטיבער גוט יום־טוב ביטן". עס איז קלאָר אַז דאָ האָבן מיר פאַר זיך מעטאַפאָרישע פיגורן וואָס ווילן ווייזן די שייכות צווישן יענער ספּעציעלער נאַכט מיט „אָנגעטרונקען מיט לבנה" און מיטן קוואַליטאַטיוון געשטאַלט פון „גוט יום־טוב ביטן".

ווען דער ניט־געניטער לייענער פון פּאָעזיע באַקלאָגט זיך אַז ער קען ניט פאַרשטיין, קומט עס פאַר על פּי רוב אין פאַלן ווען דער דיכטער באַנוצט זיך מיט פיגוראַטיווע שייכותן, צוליב זייער אומדירעקטקייט און סובטילקייט. ביי אויערבאַכן איז דאָס ניט קענטיק ווייל זיין פּרוכפּעדיקע עשירות און פּאָעטישער איינפאַל דריקט זיך אויס אין „אָנגעטרונקענע", פעטע ווערטער און פראַזעס. שאַפט זיך דער איינדרוק אַז ביי אים איז מען בלויז אָנגעוויזן אויף פירוש המילות. ביי לייוויקן, וואָס ער באַנוצט זיך כסדר מיט פיגוראַטיווע שייכותן, קען שוין זיין גרעסער די טענה פון ניט־פאַרשטיין. נעמט, למשל, דעם ווייטערדיקן לייוויקשן סטראָף.

נִיט פאַרחידושט זיך מער.
שטעל אַ פּונקט וואו מען דאַרף.
אויף דאָס זאַלץ פון אַ טרער
איז ניט שאַרפער פון שאַרף.

אַ לייענער וואָס איז דורכויס געוואוינט צו אָפּערירן מיטן לשון פון בוכשטעבלעכן פאַרשטיין, פאַר אים וועלן אַזעלכע שורות זיין אַ רעטעניש וואָס בלויז אַן איבערגעשפּיצטער מוח קען טרעפן. לייוויק איז זיך ניט סומך אויף דער עשירות פון איינציקן וואָרט, דערפאַר איז ער אָבער אַ מערקווערדיקער בויער פון סוגעסטיווע קאָנטעקסטן וואו דאָס פּשוטע וואָרט און די פיגוראַטיווע שייכות ווינקען אָן אויף אַן אייגנאַרטיקער וועלט. ביי אים ווערט דער גאַנצער קאָנטעקסט — מיט דער הילף פון די שייכותן וואָס ער רוקט אַרויס — אַן איינציקער אַבסטראַקטער סובסטאַנטיוו פון זיין פּאָע־טישער זעאונג. אַזאַ ליד איז דער שטאַרקסטער ביישפּיל פון דעם אַז פּאָעטיש לשון האָט ניט די זעלביקע פונקציעס וואָס די שפּראַך פון פּראָזע. דאָ ליגט דער טראָפּ ניט אויף פאַרשטיין לאָגיש־געבונדענע טעקסטן, נאָר אויף אַרויסברענגען געפילן, קוואַליטעטן, פּסיכישע צושטאַנדן, וואָס די געוויינט־לעכע שפּראַך האָט ניט קיין מיטלען דאָס צו באַווייזן.

מהאי טעמא לאָזט זיך גלויבן אַז דער שאַפונגס־כאַראַקטער פון אַ דיכטער קען קלאָרער ווערן דורך אַן אַנאַליז פון די רעטאָרישע פיגורן מיט וועלכע ער באַנוצט זיך אָפטער און פאַר וועלכע ער ווייזט אַרויס אַ שטאַר־קערע נייגונג. דאָס דאַרף ניט צונויפגעמישט ווערן מיט דער פראַגע פון סטיל וואָס דאָס האָט אַ שייכות צו יעדן שרייבער. וואָרעם די שפּראַך פון פּאָעזיע איז עפּעס באַזונדערס, אייגנאַרטיקס, ווייל זי איז באַרופן דורכ־צופירן גאָר אַנדערע פונקציעס. פּאָעזיע איז אַ רייכע, קאָמפּליצירטע וועלט וואָס קען געזען ווערן פון פאַרשיידענע זייטן. איינע פון די דאָזיקע זייטן איז די קוואַנטיטעט און קוואַליטעט פון אַ דיכטערס מעטאַפאָרישער בילדלעכקייט.

פילאָלאָגן ווילן האָבן אַז פון אַלע שפּראַך־טיילן וואָס יעדע שפּראַך פאַרמאָגט זענען פאַראַן בלויז צוויי וואָס זענען אַ מוז אומעטום. אַפילו די פּרימיטיווסטע שפּראַך פאַרמאָגט סובסטאַנטיוון און ווערבן, בעת אַלע אַנדערע שפּראַך־טיילן זענען לאו דווקא. אויך די פּאָעטישע שפּראַך, די מעטאַפאָריק, האָט אירע סובסטאַנטיוון און אירע ווערבן. קוואַליטעטן און געפילן דריקן זיך אויס אין פיגוראַטיווע פאָרמען וואָס פונקציאָנירן אַזוי אַז זיי זענען אַנאַ־לאָגיש צו דער ראָלע פונעם סובסטאַנטיוו אין דער געוויינטלעכער שפּראַך. די פיגוראַטיווע שייכותן געהערן צו דער ווערבאַלער קאַטעגאָריע, זיי דריקן אויס די קעגנזייטיקע ווירקונגען פון געפילן, באַציאונגען, און פּסיכישע צושטאַנדן.

פּאָעזיע איז אַ קונסט וואָס איר מעדיום איז שפּראַך, אָבער איר פונקציע איז אַזאַ אַז איר הצלחה הענגט אָפּ פונעם פּאָעטס כוחות אַריבערצושטייגן, אָפט אַפילו צו צעשטערן, די גרענעצן פון זיין מעדיום. זי האָט דעריבער אויסגעבויט אַ מין סופּער־שפּראַכלעכע מלוכה אין דער אַלגעמיינער שפּראַך־ספערע אין וועלכער זי איז מחויב צו לעבן. די שפּראַך פון פּאָעזיע האָט איר אייגענע גראַמאַטיק, איר אייגענעם קאָמפּאָזיציאָנעלן דרך. זי אָפּערירט מיט ווערטער וואָס זייער בוכשטעבלעכער טייטש איז ניט דער עיקר, זי באַנוצט זיך מיט קאָנטעקסטועלע מעכאַניזמען וואו בלויז די פיגוראַטיווע נשמה איז בכוח צו רעפלעקטירן די הערשנדיקע, רעאַלע פּסיכישע איבער־לעבעניש.

מען קען זיכער ביי זיך פועלן הנאה צו האָבן פון מוזיק און ניט טראַכטן בשעת מעשה וואָס זי מיינט. אויב די מוזיק איז פון אַ הויכער מדרגה, קען מען דורך דעם בלויז פאַרשטאַרקן די הנאה. וואָרעם דער עצם באַגריף „מיינט" שטאַמט פון אַן אַנדער אוניווערס וואָס מוז ניט זיין קיין יסוד פאַרן מוזיקאַלישן שאַפן. אין פּאָעזיע איז דער פאַרלאַנג צו פאַרשטיין אַ סך מער באַרעכטיקט. סוף כל סוף באַנוצט דער פּאָעט ווערטער וואָס ניט ער האָט זיי געשאַפן, וואָס האָבן אַן אַלגעמיינעם טייטש און אַ באַשטימטן זינען. פאַר

אים איז דעריבער שווערער די אויפֿגאַבע צו האַלטן זיך אין אַ געגעבענער ראַם און זי אַריבערשטייגן אין דער זעלביקער צייט.

אויך דער לייענער פֿון פּאָעזיע האָט פֿאַר זיך, אויף אַ פּאַסיוון אופֿן, אַקוראַט די זעלביקע אויפֿגאַבע. אַזוי שנעל ווי ער דערזעט ווערטער רייסט זיך זיין פּסיכיק צו דער מאָס פֿון לאָגישע שייכותן, צום פֿאַרשטיין. אָבער אים איז שווער — צוליב אומגעריכטקייט, אָדער ניט־געניטקייט — זיך אָנצוכאַפּן ביי אַנדערע, עכט־פּאָעטישע מאָסן דאָרט וואו דער דיכטער שטייגט אַריבער די געוויינטלעכע גרענעצן פֿון פּראָזאַאישן לשון. אין אַזאַ מאָמענט קען ער נאָך אַלץ שיקן זיין באַוואונדערונג פֿון דער וויטן. אָבער אַליין מיט־גיין קען ער ניט. פֿאַר אים איז דער וועג פֿאַרלייגט מיט אומבאַקאַנטן שטאָף.

(1949)

# שוואַרץ און ווייס

שוין אין די העכערע קלאַסן פון פּאַבליק סקול געפינט די לערערין אַ געלעגנהייט צו וואָרענען די קינדער קעגן ביליקע גאַס־ראָמאַנען, בולוואַר־ליטעראַטור, שונד, „דיים נאָוועלס״, אָדער ווי מען רופט עס דאָרט. אין היי־סקול איז שוין די פּראָפּאַגאַנדע קעגן דעם כמעט רעגולער. דאָ ווערן שוין קלאָרער אַרויסגעבראַכט עטישע און עסטעטישע מאָטיוון לטובת ריינער קונסט. וועגן קאַלדזש איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

ביבליאָטעקן נעמען קיין שונד־ביכער ניט אַריין. ביכער־געשעפטן, וואו מען פאַרקויפט גענוצטע ביכער, האָבן אַ שטענדיקן קונה, קינדער און יוגנט־לעכע, וואָס קומען שטילן זייער דאָרשט נאָך שונד פאַר עטלעכע סענט אַן עקזעמפּלאַר. זיי מוזן נעבעך קויפן דאָס וואָס מען קען אין די שטאָטישע ביבליאָטעקן ניט קריגן.

די פּעריאָדישע פּרעסע איגנאָרירט, לאַכט אויס, אָדער רייסט אַרונטער ליטעראַרישן שונד. אין געזעלשאַפט, ווען און וואו מען רעדט בכלל וועגן ליטעראַטור, איז פאַראַן בלויז חוזק ווען עס קומט צו שונד. בלויז אינטעליגענטע מענטשן וואָס האַלטן זיך פאַר שטאַרק ברייט־פּלייציק, און וואָס האָבן הנאה זיך אַרויסצושטעלן מיט בראַוואַדאָ ווי אַ רייך־מיטל קעגן אַנדערע, בלויז אַזעלכע דערציילן אַז זיי זענען פרומע לייענער פון דעטעקטיוו־ראָמאַנען, אָדער בכלל פון שונד־ליטעראַטור. אָבער זיי דערציילן דאָס מיט דער צו־להכעיסדיקער גאווה פון פּערזענלעכער אַנדערשקייט וואָס האָט ליב צו שאָקירן.

אָט אַזוי ווערט שונד אַן אַנגעזעענער מיטגליד אין דער קאַטעגאָריע פון זינדיקייט, פון די לייכטערע זינד קעגן דער אָנגענומענער מאָראַל. און ווי אַלע אַזעלכע זינד רייצט שונד די אַפּעטיטן פון מיליאָנען. דער שטראָם טראָגט זיך כסדר, און די קראַנען ווערן ניט פאַרמאַכט. ליטעראַטור, טעאַטער, מוזיק, אַלע פאָרמען פון קונסט, פאַקטיש פון גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן — עס גייט זיי נאָך ווי אַ שאָטן, באַזעצט אויף אַלע זייערע ראַנדן — שונד. מען קען ניט צוקומען צו קונסט, מען קען ניט אַוועקגיין פון קונסט און ניט אָנשלאָגן פריער די ראַנדן, די ביליקע ראַם וואָס רינגלט אַלץ אַרום. און מיליאָנען בלייבן צוגעשמידט צו די ראַנדן. דאָך, פאַרוואָס זאָל עס זיין אַזוי? פאַרוואָס זאָל שונד אַזוי געוואַלדיק אויסנעמען? פאַרוואָס זאָלן 6,000,000 מענטשן דאָרשטן צו זען „אייבי׳ס איריש ראָוז״? פאַרוואָס זאָלן מיליאָנען זיך רייסן צום נאַרישן שונד בעת די אינטערעסאַנטקייט פונעם סיפור־המעשה ווערט אָפּט אַזוי אויסגעצייכנט באַפּרידיקט אין קונסט? עס דאַרף זיין קלאָר פאַר יעדן איינעם אַז אויב מיליאָנען מענטשן רייסן זיך צו עפּעס,

דאָרשטן נאָך עפּעס, מוז אין דעם ליגן אַן אָפּענער אָדער באַהאַלטענער שטאָף וואָס קען שטילן אַ נאַטירלעכן הונגער. סתם אָפּפֿערירן מיט אַזעלכע אַרגומענטן ווי נידעריק, פּראָסט, שלעכטער געשמאַק, איז ווייט, ווייט ניט גענוג. דאָס שטרייכט בלויז אונטער די אייגענע געהויבנקייט, אָבער עס דערקלערט לחלוטין ניט יענעמס רייסן זיך צו דער געגעבענער ספּעציפֿישער פֿאָרם פֿון זינדיקייט. פֿאַרוואָס זאָל טאַקע אין שונד שטעקן אַזאַ ריזיקער כוח?

איך געדענק ניט איך זאָל האָבן ערגעץ געזען אָדער געהערט וועגן אַ געשיכטע פֿון שונד. איז אויף דעם פֿעלד פֿאַרגעקומען אַ כסדרדיקע אַנטוויקלונג? איז עפּעס געביטן געוואָרן אין דער פֿאָרם אָדער אין אינהאַלט אין משך פֿון יאָרן? איך ווייס ניט פֿון אַזאַ פֿאָרשונג. איך שטעל מיר פֿאָר אַז עס זענען פֿאַראַן געוויסע פֿונדאַמענטאַלע שטריכן וואָס כאַראַקטעריזירן שונד פֿון אַלע סאָרטן און אַלע צייטן. די דאָזיקע שטריכן זענען מסתמא אַ סך אין צאָל. זיי פֿאַרדינען זיכער אַ גרינטלעכן אַנאַליז, כדי אויסצוגראָבן דעם אַפּעלירנדיקן כוח וואָס אין זיי שטעקט. אָבער איין טיפּישע שונד־כאַראַקטעריסטיק, וואָס האָט זיך תמיד געוואָרפֿן אין די אויגן, איז דאָס זען מענטשן בלויז אין צוויי עקסטרעמע פֿאַרבן, שוואַרץ און ווייס.

דאָס איז אייגנטלעך ניט דער ערשטער טראָט אינעם שונד־צוגאַנג צו מענטשן, גיכער איז דאָס אַ פּועל־יוצא פֿון דער גאַנצער לעבנס־פֿילאָסאָפֿיע וואָס די דאָזיקע מענטאַליטעט איז מחייב. שונד איז באַזירט אויף אַ פֿונדאַמענטאַלן, נאַאיוון אָפּטימיזם. דאָס גאַנצע שלעכטס פֿון דער וועלט איז דערווייליק. סוף־כל־סוף מוז קומען דאָס גוטע, דאָס ענדלעכע גליק. דער גאַנצער זינען פֿון דער באַשאַפֿונג ליגט אין איר מאָראַלן באַטייט פֿאַר מענטשן. אַלץ אין דער שטומער נאַטור קען צעטיילט ווערן אויף שלעכטס און גוטס, אויף שוואַרץ און ווייס.

פֿאַראַן אַ באַשטימטע פֿילאָסאָפֿיע, אַן אַפּעלירנדיקע מעטאַפֿיזיק, וואָס רעדט צום האַרצן פֿון יעדן מענטשן. יעדער בן־אָדם פֿילט זיך פֿאַרוואָרצלט אינעם קאָסמישן געשען. ער זעט אין זיך בלויז אַן אָפּשפּיגלונג למטה פֿון אַן אמתער דראַמע וואָס שפּילט זיך אָפּ למעלה. ער ווערט געטריבן פֿון כוחות וואָס דערציילן אים אַז די וועלט איז אין תוך אַ קייט פֿון מאָראַלע אַקטן. ניטאָ אַזאַ אַקט ווי מאָראַלע נייטראַליטעט, ממילא ליגט אויף אַלץ דער חותם פֿון מען מעג אָדער מען טאָר ניט. אַפֿילו דער מענטש וואָס קאָנטראָלירט שטרענג זיינע אינטעלעקטועלע פּראָצעסן, און קומט צום אויספֿיר אַז קיין זאַך אין דער וועלט איז ניט אַבסאָלוט, אַז אַלץ הענגט אָפּ פֿון צייט, פּלאַץ, באַדינגונגען און שייכותן, אַפֿילו אַזאַ מענטש פֿאַרגעסט זיין גאַנצע תורה ווען עס קומט צו מעשים, צום טאָג־טעגלעכן לעבן. וואָרעם דעמאָלט אָפּערירט ער כסדר מיט אַבסאָלוטן, מיט ווערטן וואָס זענען תמיד די זעלביקע. דער געדאַנק פֿון רעלאַטיווע אָפּשאַצונגען איז אים דעמאָלט ווידערווייליק. אין אַזעלכע מאָמענטן האַנדלט ער לויט אַן אַבסאָלוטן צוגאַנג. אָט דער

דאָזיקער שכן זיינער איז אַ גוטער מענטש, דער אַנדערער איז אַ שלעכטער. איין האַנדלונג זעט אים אויס צו זיין ניצלעך, אָנשטענדיק, שיין, דערהויבן; אַן אַנדערע איז געמיין, בידעריק, שעדלעך, איז קיין גוט וואָרט ניט ווערט. אַזוי ווערן מענטשן, מעשים און זאַכן צעלייגט אויף אַבסאָלוטע וואָגשאָלן, און דער משפט פאָדערט אָדער שכר אָדער עונש, אַלץ לויט אַן אַבסאָלוטן פסק־דין. און נאָכדעם, ווען ער האָט שוין אַדורכגעלעבט אַזוי אינטענסיוו דאָס דאָזיקע שטיקל לעבן, נאָך דעם קען אַזאַ מענטש ווערן אינטעלעקטועל־ניכטער און זיך גרייסן מיטן לויטערן אמת, וואָס זיין דענקנדיק לעבן האָט מיט אַזוי פיל מי דערגרייכט, אַז אַלץ, אַלץ, אַלץ אין דער וועלט איז בטבע מער־אָדער־ווייניקער, אַמאָל־אַזוי און אַמאָל־אַנדערש, רעלאַטיוו.

לעבעדיק לעבן און דענקענדיק לעבן, קענען אַמאָל זיין זייער נאָענט צווישן זיך, אָבער דאָס טרעפט זעלטן. נאָר ווי עס זאָל ניט זיין איז דאָס לעבנדיקע לעבן גיכער טיפּיש פאַרן זינדיקן בן־אדם. עס מאָגט אַ שטענדיקן, זיכערן ציגז, ווי גרויס, אָדער קליין, אָדער אַנדערש, עס זאָל ניט זיין דאָס דענקענדיקע לעבן.

אַזוי ווערט אָפּן דער וועג פאַר די שענסטע און הייליקסטע רעגונגען אין מענטשלעכן האַרצן. מיר דערפילן דעם רעאַלן אָטעם פון אַ מעטאַפיזי־שער וועלט וואָס שטעלט אונדז אויף ביטערע נסיונות, און ווי אַ לייכט־טורעם ווייזט זי אונדז די העכסטע צילן פון דער בריאה, דעם אמתן וועג וואָס אַ מענטש דאַרף פאַר זיך אויסקלייבן. איינער האַלט אויס דעם נסיון, אַן אַנדערער ניט; איינער דערזעט דאָס אמתע ליכט און לאָזט זיך פירן אויף די לויטערע וועגן, אַן אַנדערער בלייבט זינדיק־פאַר׳עקשנט, אָדער בלינד.

שאַפט זיך דער טיפער מיסטיציזם, וואָס דרינגט דורך אַלע רעליגיעס. אַלץ אין דער וועלט ווערט צעשפּאָלטן אויף מלאך און שטן, יצר־טוב און יצר־הרע, צדיק און רשע, גן־עדן און גיהנום, שכר און עונש, אויף יענער וועלט און דער וועלט. אין פאַרשיידענע צייטן ווערן די דאָזיקע געפיל־קאָנסטרוקציעס אויסגעדריקט אויף די פאַרשיידנסטע אופנים. מען קען זיי אָנקליידן אַפילו אין די מאָדערנסטע מלבושים, אַפילו אין דעם סעקולערסטן זשאַרגאָן, פון אַחרית הימים קען ווערן סאָציאַלע רעוואָלוציע, פון צדיק און רשע קען ווערן פּראָגרעסיוו און רעאַקציאָנער, פון מלאך און שטן קען ווערן אומפּאַרטייאיש און פּאַרטייאיש.

אָבער רעליגיעזע מיסטיק לערנט אונדז די גרויסע, פּרעכטיקע לעקציע אַז קדושה און טומאה זענען גאַנץ נאָענטע מחותנים, באמת, זיי זענען גאָר צוויי זייטן פון דער זעלביקער מטבע. מיר מעגן אָננעמען ווי אַן אַקסיאָמע אַז יעדער וועג וואָס קען פירן צו די העכסטע מדרגות פון קדושה האָט אויך אַן אָפּענעם שליאַך וואָס פירט אין דער טיפסטער געזונקענקייט פון טומאה. זאָל גאָט רחמנות האָבן אויף די וואָס פאַלן אַריין אין די הענט פון שטן, אָבער ווי שווער עס איז דאָס אויסצומיידן, ווייל זינט די וועלט איז וועלט

גייען מלאך און שטן צוזאַמען געאָרעמט אויף די וועגן וואָס צווישן הימל און ערד.

און די זעלביקע מעטאַפיזישע געוועבן וואָס באַהעפטן אונדז מיט די לויטערסטע שיינקייטן, וואָס פילן אָן אונדזער לעבן מיט אַזוי פיל יראת־הרוממות, מיט עפּעס אַזאַ טיף־פאַרכאַפּנדיקן זינגען אויף וועלכן טויט האָט קיין שליטה ניט, די זעלביקע געוועבן פאַרפּלאָנטערן אונדז אין די טמא׳דיקע העגט פונעם אומריינעם שונד. וואָרעם שונד אַפּעלירט דווקא צו אָט דער צעשפּאָלטענער וועלט וואָס איר ציל איז אונדז צו ראַטעווען פון דער האַנט פון דער אייביק־לויערנדיקער טומאה. די שונדישע וועלט איז דורכויס געקנאָטן פון מאָראַלן טייג. ווען איר לייענט דאָרט אַז עס ברעכט אויס אַ שטורעם מיט דונערן, בליצן און שלאַקס־רעגנס קענט איר זיין זיכער אַז באַלד וועט געשען עפּעס אַן אומגליק מיט עמעצן פון די העלדן, און דער צושטאַנד פון וועטער וועט נאָך שאַרפער אונטערשטרייכן דעם פאַר־נעם און כאַראַקטער פונעם אומגליק. עס קען זיין אַן אומגליק אויפן קאָפּ פון אינטריגאַנט, דעמאָלט וועט עס זיין אַ גערעכטער אַקט פון נקמה, און וועט זיין אַ טרייסטנדיקער עדות אַז אַפילו די שטומע נאַטור וויל אַז גע־רעכטיקייט זאָל מנצח זיין. עס קען זיין אַן אומגליק פון וועלכן אומשולד וועט ליידן, דעמאָלט וועט עס ביים לייענער אַרויסרופן רחמנות אויף די אומשולדיקע מאַרטירער און אים צוגרייטן צו דער גרויסער הנאה פונעם גליקלעכן סוף וואָס וועט זיכער קומען.

ווען דער שונד־שרייבער שילדערט אַ שיינע לבנה קען קיין ספק ניט זיין אַז באַלד וועט קומען דער געטרייער־פאַרליבטער, וואָס זיין אינטרי־גאַנטישער קאָנקורענט האָט אויף אים אויסגערעדט אָסור לדבר, און אים וועט איצט ענדלעך געלינגען צו באַוויזן זיין איינציק־געליבטן מלאך אַז ער, און בלויז ער, האָט זי באמת ליב, און וואָסערע גרויסע קרבנות ער האָט געגעבן כדי זיך דורכצושלאָגן אַ וועג צו איר האַרץ.

דאָס פּירט שוין ממילא צו צעטיילן די העלדן פון אַ שונד־מעשה אויף שוואַרץ און ווייס. עס איז אייגנטלעך די שונדישע פאָרמולע פאַר צדיק און רשע, פאַר מלאך און שטן. שונד מיידט אויס דעם דינעם שטריך, די דעליקאַטע באַוועגונג, דעם אומדירעקטן סימבאָל, אָדער דעם שטילן וואונק פון דער ווייטן. דער שונד־שרייבער טוט דאָס ניט דערפאַר ווייל ער איז בלינד צו צאַרטערע אויסדרוקן. אָפט פאַרנעמען זיך מיט שונד גאַנץ טאַ־לענטירטע מענטשן. ער איז פּשוט אין די דאָזיקע זאַכן ניט פאַראינטערעסירט, ווייל ער וויל זיך דער עיקר צופּאַסן צו אַן אומבאַוואוסטער מעטאַפיזיק וואָס ווירקט מיט געוואַלדיקער קראַפט אויף דער מענטשלעכער נאַטור. ער ווייס אַז אונדזער אומפאַרמיטלטער צוגאַנג צו מענטשן איז — אין ערשטן איפּולסיוון טראַט — געבויט אויף דער פאָרמולע שוואַרץ און ווייס. אויך די נאַטור גופא — שלאַקס־רעגן און לבנה — באַווייזט זיך צו אונדז

אין די מאָראַל־פילאָסאָפישע קליידער פון שוואַרץ און ווייס. די נאַאיווע מענטאַליטעט קען ניט, וויל ניט, זיך דערטראַכטן צו דער איוב־פּראָבלעם: פאַרוואָס זאָל דעם צדיק זיין שלעכט און דעם רשע גוט? אַזאַ מענטש לעבט מעטאַפיזיש, אַזוי צו זאָגן, אין דער אַטמאָספערע וואו יעדער לעבעדיקער סיפור המעשה באַשטייט אין דעם וואָס די צוויי עקסטרעמע פאַרבן פון דער וועלט ווערן לויט אַן אייביקן גערעכטן משפט אויסגעטיילט אויף אַ סיסטע־מאַטישן אופן: שוואַרץ אין לעבן צו שוואַרץ אין מענטשן, ווייס אין לעבן צו ווייס אין מענטשן.

עס זעט אויס אַז צווישן מיסטיק, אָדער סאָציאַלע אוטאָפּיעס, און שונד איז פאַראַן אַ גאַנץ אָנזעעוודיקער צד השווה. אַוודאי איז דאָס פאַראַן. נאָר, ווי געזאָגט, צווישן קדושה און טומאה איז פאַראַן בלויז איין טראָט, דער טראָט וואָס צעטיילט גאַנצע וועלטן. דער אונטערשייד צווישן די צוויי באַשטייט אין דעם וואָס אין ערשטן פאַל, אין מיסטישע איבערלעבענישן, שווימען אַרויס בילדער, פאַנטאַסטישע דואַליזמען, אַ מין קאָסמישע פאַרכאַפּטקייט פון אַ גאַנצן וועלט־סדר, פון די טיפסטע דאָרשטן וואָס האַלטן אין איין אויפרודערן דאָס מענטשלעכע האַרץ. אין שונד ווערן די קאָנסטרוקציעס קינסטלעך גע־שאַפן, ניט פון אַ ספּאָנטאַנעם אויפברויז, נאָר פון אַ פּראָדוצירער מיט אַ ספּעציעלער כוונה. ממילא פעלן אין זיינע געוועבן די רירנדיקע אומבאַ־רעכנטקייט, און די פּאָעטישע אומגעצאַמטקייט פון פאַנטאַסטישע לעבנס־מדרגות. עס איז אַן אויסגעאַרבעטער פּלאַן אַריינצונאַרן, דורך נאַטירלעכע רייץ־מיטלען, אין אַ פּרעכטיקער אידעאַל־וועלט פון וואַקסענע פיגורן און לאַנדשאַפטן.

דער שכל איז מחייב אַז שונד, אין מער פּרעציזן זינען פונעם וואָרט, האָט צו וויסנשאַפט קיין שום שייכות ניט. וואָרעם, ערשטנס, איז דאָך שונד נאָרמאַטיוו אין כאַראַקטער, גיט זיך אָפּ מיט פאָרשטעלן דאָס לעבן ווי מענטשן וואָלטן געוואָלט עס זאָל זיין. דער שלעכטער פאַרשפּילט תמיד און דער גוטער געווינט. אַלע געהיימע מאַכינאַציעס און מיאוסע אינטריגעס שווימען אַרויס ווי בוימל אויפן וואַסער. אָבער דאָס איז דאָך דער היפּוך פון וויסנשאַפט וואָס איז קודם־כל פאַראינטערעסירט אויפצודעקן און אַנאַליזירן די זאַכן אַזוי ווי זיי זענען.

צווייטנס, באַוועגט זיך שונד תמיד אין אַן עטישער וועלט וואו מאָראַלע אָדער אוממאָראַלע מאָטיוון זענען די וויכטיקסטע טרייב־קראַפט, אין אַ וועלט פון שוואַרץ און ווייס. אויך דאָס איז פרעמד דעם וויסנשאַפטלעכן צוגאַנג. דריטנס איז דאָך שונד אַ קאָנסטרוקציע וואָס קומט צו באַפרידיקן אונדזערע פילאָמיטישע דאָרשטן, דעם פאַרלאַנג צו זען מענטשלעך לעבן אין דער פאָרם פון געשלאָסענע מעשות. וויסנשאַפט האָט מיט די דאָזיקע זאַכן גאָרניט וואָס צו טאָן.

אמת, אויך אין וויסנשאַפט קענען זיין אַזעלכע זאַכן ווי ביליקייט, וואול־

גאַריטעט, פאַלשע אויסטייטשונגען אָדער בכיוונדיקע אָפּנאַרעריי. טיילמאָל, צוליב רעטאָרישע עפעקטן, רופט מען דאָס אָן שונד. אָבער אין דעם זינען פאַרמאָגט ניט דאָס וואָרט קיין שום באַגריפלעכע עקזאַקטקייט. עס איז גיכער אַ זידלוואָרט בלויז מיטן צוועק צו באַליידיקן, אַריינקריכן עמעצן אין די גרגרת, וואָס פון דעם האָבן טייל מענטשן אַזאַ געזאַלצענע הנאה. אָבער אין דער אמתן, וואָסער שייכות האָט וויסנשאַפט מיט יענע שוואַרץ־ווייס פלעקן אויפן ראַנד פון דער קינסטלערישער קולטור?

און דאָך, יאָ, מיר לעבן אין אַ צייט פון נסים ונפלאות, סיי אַרויף, סיי אַראָפּ. היינט איז אַלץ מעגלעך. האָט אַ מאָדנער כוח — וואָס זינט וויסנשאַפט איז געוואָרן וויסנשאַפט האָט מען נאָך אַזוינס פאַר די אויגן ניט געזען — אָפּגערייניקט אַ שטיק שטח אין דער דאָזיקער געדיכט־באַוואוינטער מלוכה, פאַרטריבן די איינגעוואָרצלטע תושבים און אויפגעשטעלט ביידלעך פאַר שונד. אין סאַמע האַרץ פון דער וויסנשאַפט — שונד, טאַקע פּרעציז־דעפינירטער שונד לויט אַלע פּרטים און דקדוקים.

ווי אַזוי איז דאָס פאַרגעקומען? איז דערביי פאַראַן אַ מעשה. דעם 31טן יולי, 1948, האָט דער פּרעזידענט פון דער לענין־אַקאַדעמיע פון אַגרי־קולטורעלער וויסנשאַפט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד, טראָפים ליסענקאָ, געלייענט אַ רעפעראַט פאַר די חשובע אַקאַדעמיקער אויף דער טעמע: „די לאַגע אין דער ביאָלאָגישער וויסנשאַפט". דער דאָזיקער רעפעראַט האָט געמאַכט אַ רושם אין דער גאַנצער וויסנשאַפטלעכער וועלט, אָבער ליידער ניט צוליב דעם וואָס דער רעפעראַט האָט עפּעס מחדש געווען. דער רושם האָט זיך גענומען ניט פון זיינע געדאַנקען נאָר פון גאָר עפּעס אַנדערש.

מיר וויסן אַז אייגנשאַפטן פון עלטערן גייען איבער צו די קינדער. אָבער אין וואָס באַשטייט דער מעכאַניזם פונעם דאָזיקן פּראָצעס? ווי אַזוי קומט ער פאָר? וואָסערע טיילן פונעם אָרגאַניזם זענען אין אים פאַרוויקלט? וועגן דעם האָבן זיך נאָך אין נײַנצנטן יאָרהונדערט אויפגעהויבן לאַנגע, אַפילו היציקע, וויכוחים, דער עיקר צווישן צוויי צדדים. פאַרשטייט זיך, ווי אַלץ אין דער וויסנשאַפט, קענען אַזעלכע זאַכן בלויז דעצידירט ווערן דורך גרינטלעכע פאָרשונגען, עקספּערימענטן, אאַז"וו. עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ סך פאַקטן, און עקספּערימענטאַלע ראיות וואָס האָבן אַלץ מער און מער פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון איינעם פון די צדדים. ממילא איז די מיינונג פונעם דאָזיקן צד אָנגענומען געוואָרן, כאָטש עס האָבן זיך תמיד געפונען איינצלנע צווייפלער, אַפּיקורסים און טאַקע אויך אַזעלכע וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער הערשנדיקער מיינונג.

אויך ליסענקאָ זאָגט זיך אָפּ פון דער דאָזיקער מיינונג און שטעלט זיך אייך פאַרן צד שכנגד. איז מה בכך? דאָס איז זיכער אין וויסנשאַפט קיין חטא ניט. און וואָס מער ער באַמיט זיך צו ברענגען פאַקטן און ראיות פאַר

זיין צד אַלץ מער דאַרפן מיר אים דאַנקבאַר זיין. בלויז אויף אַזאַ אופן קען וואַקסן און זיך אַנטוויקלען אַ וויסנשאַפטלעכע דיסציפלין. אָבער ליסענקאָ טוט אויך עפּעס אַנדערש, אָ, גאָר עפּעס אַנדערש.

קודם־כל צעטיילט ער ביאָלאָגן אויף צדיקים — פּראָגרעסיווע, און רשעים — רעאַקציאָנערן. פאַרשטייט זיך אַז די צדיקים זענען די וואָס האַלטן מיט זיין צד, די קעגנער זענען די רשעים. אויב איר האַלט אַז אייגנשאַפטן וואָס באַשעפענישן קריגן אין משך פון לעבן קענען איבערגעגעבן ווערן בירושה צו קינדער, דעמאָלט זענט איר אַ צדיק — פּראָגרעסיוו. אויב איר האַלט אַז בלויז איינגעבוירענע אייגנשאַפטן קענען איבערגיין בירושה, זענט איר נאַטירלעך אַ רשע — רעאַקציאָנער. אַזוי ווערט אַריינגעבראַכט אַ ריין מאָראַלע קאַטעגאָריע אין וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, און עס ווערט געעפנט אַ וועלט פאַר שונד.

וואָרעם אויב אַ וויסנשאַפטלעכע אידייע איז אין זיך גופא זינדיק דעמאָלט אָנשטאָט פאָרשן זי קען מען בלויז געבן אויף איר אַ שפּיי. אַזוי, למשל, האַלט ער אַז די אידייע פונעם ענגלישן דענקער מאַלטוס — אַז די מענטשן פאַרמערן זיך גיכער ווי די מיטלען זיך צו דערנערן — איז רעאַקציאָנער. די גאַנצע וועלט האָט לאַנג געהאַלטן אַז דאָס איז אַ פאַלשע הנחה. אָבער מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט אַן ענגלישער געלערנטער ווידער געזוכט די דאָזיקע הנחה צו באַשטעטיקן. פאַרשטייט זיך, אַז אויב אַן אידייע ווערט דערקלערט פאַר פאַלש, קען אַ פאָרשער אַמאָל באַווייזן מיט נייע פאַקטן אַז זי איז ריכטיק און נאָך פילן אַז די וועלט וועט אים דאַנקבאַר זיין פאַר זיין אויפטו. אַזוינס האָט שוין געטראָפן זייער אַ סך מאָל אין דער געשיכטע פון דער וויסנשאַפט. אָבער אויב זי איז רעאַקציאָנער, ד״ה מאָ־ראַליש נידעריק, טאָר מען זיך בכלל צו איר ניט צורירן, אַזוי ווי עס ווערט מיט רוצחישער קאָנסעקווענץ פּראַקטיצירט טאָקע אין זעלביקן סאָוויעטן־פאַרבאַנד. אַזוי ווערט אויך אין וויסנשאַפט אַריינגעבראַכט די שונד־צע־טיילונג אויף שוואַרץ און ווייס מיט אַן איינגעשטעלטער סיסטעם פון שכר ועונש, שכר פאַר ווייס, עונש פאַר שוואַרץ.

וואָסער שייכות האָבן פּראָגרעס און רעאַקציע — ווי זיי ווערן באַנוצט אין קאָמוניסטישער טעאָלאָגיע — צו ביאָלאָגיע? גאָר פּשוט. אויב עמעצער ברענגט אַרויס אַ פאַקט — אָדער וואָס ער מיינט אַז עס איז אַ פאַקט — וואָס זעט אויס צו זיין באַזירט אויף דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע, דעמאָלט איז ער אַ צדיק — פּראָגרעסיוו. אויב עס קען זיין אַ חשד פון אַ געניגטקייט צו דער אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע, דעמאָלט איז ער אַ רשע — רעאַקציאָנער.

פּראָגרעס, רעאַקציע, מאַטעריאַליזם, אידעאַליזם, פּאָליטישע און פילאָ־סאָפישע טערמינען ווערן פאַרוואַנדלט אין עטישע קאַטעגאָריעס, און די גאַנצע וויסנשאַפטלעכע אָנשטרענגונג ווערט געטריבן אין דער נאָרמאַ־

טיוועד ריכטונג, צו זען זאַכן זאָלן פאַרגעשטעלט ווערן אַזוי ווי זיי דאַרפן זיין כדי צו באַפרידיקן די הייליקע פאַרלאַנגען פונעם צדיק־פּראָגרעסיסט — מאָראַליסט. דאָס זענען די קענטיקע סימנים פון שונד וואָס ליסענקאָ, און דער גאַנצער רעזשים אין נאָמען פון וועלכן ער רעדט, האָט, צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט, אַוועקגעשטעלט אין סאַמע צענטער פון סאָוויעטישן פאַרשערישן געדאַנק.

ביים סוף פון רעפעראַט פרעגט עמעצער פון עולם וואָס איז די שטעלונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צו דעם אַלעם. דער ענטפער איז: „דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי האָט איבער־געקוקט מיין באַריכט און אים באַשטעטיקט". אַזוי האָבן מיר שוין דעם ענדגילטיקן פסק־דין פון דער פמליא של מעלה. זי האָט טאַקע צו ביאָלאָגיע קיין שייכות ניט, אָבער זי איז נאָך אַלעמען די שטים פון דער אייביקער באַשערטקייט וואָס טיילט אויס שטראָף און באַלוינונג אין יעדן שונד־ווערק.

דער רעפעראַט ענדיקט זיך אַזוי: „גלאָריע צו אונדזער גרויסן פריינד און טשעמפּיאָן פאַר וויסנשאַפט, אונדזער פירער און לערער, חבר סטאַלין". דאָס איז אַן עקלדיק־צוגעגעסענער שאַבלאָן וואָס אויך שונד־וויסנשאַפט וועט אפשר מיט דער צייט פאַרוואַרפן. אַזאַ אַנטוויקלונג איז אויך פאַרגעקומען אינעם שונד־ראָמאַן. זיי ענדיקן זיך שוין ניט אַלע אויפן זעלביקן אופן. זיכער ניט אין זעלביקן מאָנאָטאָנעם נוסח.

(1949)

# לידישע אמונה

מיין האַרץ קלאַפּ שאַרף, ס׳שפּירט אויף זיך דאָס שטרענגע
אויג פון דער אייביקייט. איציק מאַנגער

פון די אַמאָליקע באַקאַנטשאַפטן קומט מיר אויפן זינען דער פייערדיקער, אָבער ערלעכער, גאָט־לעסטערער. אין זיין דענקען איז ער געווען אַ טיפּי־שער מיטגליד פונעם נאַאיוון דורכשניט. ער האָט זייער תמימותדיק געלאָזט זיך פירן פון די אינפאָרמאַציעס וואָס ער האָט באַקומען דורך אויגן, אויערן און די אַנדערע חושים. ער האָט נאַטירלעך, ווי מיר אַלע, פאַרמאָגט אויך טיפערע כוחות און מאָטיוון וואָס קאָנטראָלירן און צענזורירן די ידיעות פון אויער און אויג. אָבער ער האָט וועגן דעם ניט געטראַכט. טאָמער האָט עמעצער געפּרואווט זיך מפלפל זיין וועגן דעם, איז ער געוואָרן אומגעדולדיק: „דאָס איז דאָך בלויז געדרייט מיטן גראָבן פינגער״. וואָרעם הינטער די חושים זענען דאָך קיין חושים ניטאָ, איז דאָך ניטאָ אויף וואָס זיך צו פאַר־לאָזן מיט פולן צוטרוי. ממילא האָט ער געבויט זיין ענדגילטיקן משפּט אויפן פּרינציפּ פון „אָט זעסטו דאָך״. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן גאָט האָט ער זיך סומך געווען אויף דער נעגאַטיווער זייט פונעם זעלביקן פּרינציפּ: „אָט זעסטו דאָך ניט״.

פונדעסטוועגן אַז סענטימענטן און לאָגישע טענות זענען צוגעשטאַנען מיט שווערע אַרטילעריע, האָט עס אים אָפּגעשטעלט פונקט אין דער מיט צווישן יאָ און ניין. דעמאָלט האָט זיך אַ גוטמוטיקע לייכטקייט אויסגעשפּרייט אויף זיינע ערנסטע שטראָפּרייד קעגן דעם גלויבן אין גאָט, און ער האָט געראַטעוועט זיין אינערלעכן פּראָטעסט אונטערן שוץ פון וויציקער איראָניע.

אין דער אמתן האָט זיין צאָרן געברענט ניט אַזוי ווייט קעגן אמונה ווי קעגן די בעלי־אמונה. ער איז געווען איבערגעצייגט אַז וואָס מען זאָל ניט טראַכטן וועגן גאָט איז אַלץ רעליגיע דער אָפּיום פון פאָלק. ער איז ממש פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם געפּיל אַז עס עקזיסטירט אַ געפּלאַנטע קאָנספּיראַציע פון קאַפּיטאַליזם און קלעריקאַליזם צו פאַרפירן און עקספּלואַטירן דאָס פאָלק דורך צעטיילן די מענטשלעכע עקזיסטענץ אויף צוויי וועלטן, אַן עולם הזה און אַן עולם הבא; צוזאָגן דעם פאָלק, אָדער דעם אַרבעטער־קלאַס, די אויס־געטראַכטע וועלט און די רעאַלע נעמען פאַר זיך. האָט אים דעריבער ניט אַזוי ווייט דענערווירט דער גלויבן גופא ווי די אומערלעכע צילן וואָס ער דינט. זיין אַטעאיזם איז, הייסט עס, ניט געווען אין גאַנצן לשמה; ער איז געווען דער עיקר אַן עטישער אַטעאיסט. ער האָט דערשמעקט בחוש אַז „גאָט און זיין משפּט איז אומגערעכט״.

אָבער אַ מענטש איז דאָך בלויז אַ מענטש, און אַמאָל אַ קאַפּעלע מער,

האָט דער זעלביקער עטישער אַטעאיסט ליב געהאַט צו פאַרזוכן די אַנדערע, צאַרטערע, זאַכן פון לעבן. ער האָט אַרויסגעוויזן אַ נטיה זיך צו וועלן באַ־העפטן מיט אַ ספערע וואו די האַרבע שאלות ותשובות, די היציקע טענות און מחלוקתן, האָבן ניט אַזאַ אומבאַגרענעצטע שליטה. ער האָט, למשל, ליב געהאַט צו לייענען פּאָעזיע, געהאַט ספּעציעלע הנאה פון די קלאַסישע פאָר־מען: מעטער, גראַם, וואָרט־מוזיק, און נאָך מער פון השתפכות הנפש וואָס מען טרעפט אָפט אין לירישע לידער.

דאָס וואָרט גאָט, וואָס האָט ביי אים תמיד אַרויסגערופן אַ ווידערווילן, האָט אויף אים געמאַכט גאָר אַן אַנדער איינדרוק אין אַ פּאָעטישן פערז. ווען אידייע און קאָנסטרוקציע פון אַזאַ פערז, אָדער שורה, האָבן אים פאַרטשעפעט, פלעגט ער איבערחזרן, דעקלאַמירן דעם גאָט־קלאַנג מיט פרומער אַקצענ־טירונג; עס האָט זיך אויסגעוויזן ווי ער וואָלט געמורמלט צו זיך: „וירא אלהים כי טוב".

פאַרוואָס גראָד פּאָעזיע האָט ביי אים זוכה געווען צו אַזאַ פּריווילעגיע, איז אין פלוג שווער צו פאַרשטיין. נאָך האַרבער ווערט די קשיה ווען מען דערמאָנט זיך אַז מיין עטישער אַטעאיסט איז אין דעם פּרט ניט קיין יוצא מן הכלל. וואָס אַ מענטש זאָל ניט טראַכטן וועגן רעליגיע, וואָסערע קעגנע־רישע אַסאָציאַציעס דאָס וואָרט גאָט זאָל ביי אים ניט אַרויסרופן, וועט ער ניט שטעלן קיין צו שטרענגע סעקולאַריסטישע פאָדערונגען אין פּאָעזיע. דאָ וועט ער פסקענען ניט בלויז אַז מען מעג, נאָר ער וועט האָבן גרויס הנאה און פילן אַז די גאַנצקייט פון דער איבערלעבונג געווינט פון דעם וואָס פּאָעזיע, פלאַטאָנס „געטלעכע משוגעת", נעמט צו הילף גאָט אין פּאַסיקע מאָמענטן.

כדי די שאַרפקייט פון דער קשיה זאָל אַרויסקומען נאָך בולטער איז נייטיק צו טראַכטן ניט בלויז וועגן דעם לייענער נאָר אויך וועגן דעם פּאָעט. פאַרשטייט זיך, אַ פּאָעט קען זיין אַ גאָט־גלייביקער מענטש און עס איז לחלוטין קיין חידוש ניט וואָס ער דריקט זיך אויס מיט די טערמינען וואָס סימבאָליזירן די פּסיכישע קוואַלן פון זיין פערזענלעכקייט. אָבער אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע זענען דיכטער פון דעם מין אַזעלכע ווי, למשל, אהרן צייטלין, זייער קליין אין צאָל. דאָך, אין דער צייט ווען די פראָזע־ליטעראַטור איז קאָנסעקווענט אין איר סעקולערער טערמינאָלאָגיע, און וואָלט געפילט אַז עס איז שלעכטער געשמאַק זיך צו באַנוצן מיט רעליגיעזער רעטאָריק, אין דער זעלביקער צייט האָבן אונדזערע דיכטער, כמעט אַלע דיכטער, מיט פרייער נאַטירלעכקייט זיך געווענדט צו גאָט אין זייערע פערזן.

די קשיה קען אויך לייכטער פאַרענטפערט ווערן ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אַ דיכטער וואָס לעבט אין דער ספערע פון אוניווערסאַל־געפיל, ווי, למשל, ה. לייוויק, אָדער אַזאַ ווי יעקב גלאַטשטיין וואָס זיין ליד וואָרצלט אין פּאָע־טישער טרעפלעכקייט פון בילדלעכן רעפלעקטירן. אַזאַ פּאָעזיע, וואָלט מען

געקענט טראַכטן, מוז זיך ווענדן צו אַ קוואַל פון אַבסאָלוטע ווערטן, כדי צו דערפילן דעם זינען פון איר שליחות. אויף אַן אַנדער אופן לאָזט זיך זאָגן עפּעס ענלעכס וועגן דיכטער וואָס זענען דורכגענומען מיטן קלימאַט און די אידייען פון דער יידישער טראַדיציע, אַזעלכע ווי חיים גראַדע, אפרים אויערבאַך, י. י. סיגאַל און קאַדיע מאָלאָדאָווסקי.

פאַראַן אויך פּאָעטן וואָס ביי זיי איז די גאָט־ווענדונג אַן אומדירעקטע, שטענדיקע אָנצוהערעניש. דאָס זענען די וואָס רינגלען זיך אַרום מיט דער לופט פון אַ מעטאַפיזישער רעאַליטעט. צום דאָזיקן מין געהערן אַזעלכע ווי רייזל זשיכלינסקי, וואָס דערזעט זיך אין אַזעלכע מאָדנע אומגעריכטע אַסאָציאַציעס, אָדער לייב וואַסערמאַן, מיט זיינע שפּיציקע, אינטראָספּעקטיווע זעאונגען. אין אַזעלכע לידער הערן מיר בלויז דעם אָפּקלאַנג פון קלאַנגען וואָס זענען פאַרהוילן. די גאָט־אָנצוהערעניש איז דאָ אַ רעפלעקציע פון דער פאַרהוילנקייט פון וועלכער די פאַרצייכנטע שורות זענען אַן עכאָ.

דער חידוש ווערט גרעסער ווען מיר קומען צו דער ליריק פון די סעקולער־אָריענטירטע דיכטער. עס איז פאַראַן אַזאַ אויפריכטיקע איבער־לעבונג פון דער גאָט־ווענדונג אין די שורות פון אַזאַ דיכטערין ווי אַנאַ מאַרגאָלין אָדער אין מאַני לייבס רייך־פערזענלעכע לידער. וואָס מיינען אַזעלכע פּאָעטן מיט „גאָט"? וואָס פאַרשטייען מיר אַלע אונטער דעם וואָרט אין וועלטלעכער פּאָעזיע? פאַרוואָס איז, ווי אָנגעוויזן, פּאָעזיע אַנדערש פון פּראָזע אין דעם פּרט, סיי אינעם איינדרוק אויפן לייענער, סיי אינעם געפיל פונעם דיכטער?

דער גאָט־באַגריף איז זייער פאַרצווייגט און דריקט אויס אַ שלל אידייען. דער מיטאָלאָגישער גאָט, למשל, אָדער דער געטש, ווי מען רופט אים אין חוזק אָדער ביטערקייט, איז זייער אַן ערנסטע און זייער אַ טיפע פאָלק־שאַפונג וואָס פליסט אַרויס פון די רייַנסטע קוואַלן פון מענטשלעכן געמיט. אמת, זיין ממשלה איז בלויז אַ לאָקאַלע און איז געשטיצט אויף די צופעליקע קאַפּריזן פון אַ הערשער. אָבער ווי אַ סימבאָלישער אויסדרוק פון די איבער־לעבונגען און נויטן פון אַ מענטשלעכער נשמה, פאַרמאָגט אַזאַ גאָט רייכע אוצרות מיט מיטלען צו באַפרידיקן און באַשיצן דאָס לעבן.

פונעם מיטאָלאָגישן ביז צום העכערן, רעליגיעזן גאָט איז אי אַ קלאָרע שייכות, אי אַ וויטער מהלך אין דער זעלביקער צייט. דער לעצטער באַווייזט זיך ווי אַן אוניווערסאַלער, אַלץ־דורכדרינגענדיקער כוח, און זיין הערשאַפט איז פּרטימדיק סיסטעמאַטיזירט לויט די באַרמען פון אַ מאָראַלן קאָדעקס. דאָס אַליין איז גענוג אַוועקצושטעלן דעם דאָזיקן גאָט־באַגריף אין אַ באַזונדער קאַטעגאָריע. אָבער ער דריקט זיך אויס אויף נאָך כאַראַקטעריסטישע אופנים וואָס פאַרשאַפן זיין אייגנאַרטיקייט. ער פירט דורך די פונקציע פון אַ באַ־שאַפער, וואָס דאָס איז אַן עיקר אין יעדן גאָט־באַגריף. אָבער אַחוץ דעם וואָס ער מאַניפעסטירט זיך אינעם אַקטיוון גאַנג צו זיינע צילן, באַנוצט

ער זיך אויך מיט אַ ספּעציעלן מעדיום איבערצוגעבן זיין ווילן צו מענטשן דורך זיינע אויסדערוויילטע. עס איז דער מעדיום פון שפּראַך. מענטשן זוכן אים צו דערגרייכן דורך פאַרשיידענע מיטלען אין אויפּפּיר און דורך ספּעציעלע אַקטן; זיי באַנוצן זיך פאַר דעם צוועק מיט אַלע פאָרמען פון קונסט, מיט דער קונסט פון טאָן, וואָרט, פאַרב, שטיין און באַוועגונג. גאָט אַליין האָט פאַר זיך אויסגעקליבן די קונסט פון וואָרט, דאָס סימבאָלישע מיטל וואָס קען ניט בלויז אַרויסרופן געפילן און אַ גענעראַליזירטן איינדרוק, נאָר קען אויך דענאָטירן, ד"ה, אָנווייזן דעם דירעקטן מיין פון דער זאַך וואָס דאָס וואָרט וויל באַצייכענען.

גאָט רעדט, ער לאָזט וויסן זיינע כוונות דורך ווערטער און זעאונגען, אין חלומות; זיין אויסדערוויילטער נביא פּראָקלאַמירט דאָס וואָס גאָט האָט אים געזאָגט. דער גאָט פון העכערער רעליגיע ווערט אין דער טראַדיציע פאָרגעשטעלט ווי דער פאָרויסזאָגער, דערקלערער, באַפעלער; ער מוסר'ט, ער בענטשט, ער וואָרנט. ער האָט אויסגעקליבן דאָס וואָרט ווי די פאַסיקסטע פאַרמיטלונג צווישן אייביקייט און צייטלעכקייט, צווישן אידעאַליטעט און רעאַליטעט, צווישן דעם באַשעפער און דעם באַשאַפענעם.

דער מיטאָלאָגישער גאָט איז גרויס אין זיין כוח צו באַהערשן און באַצווינגען. ער איז פאַרקערפּערט אין מאַטעריעלן שטאָף, אין „האָלץ און שטיין" וואָס וואַרפט אָן אַ מורא אויף אַלץ און אַלעמען. אָבער ער איז ממונה בלויז אויף אַ באַגרענעצטן שטח פון לעבן, און ער איז על פּי רוב פאַרבונדן מיט שותפים, אַנדערע געטער, וואָס באַהערשן אַנדערע שטיקער לעבן. דער גאָט פון דער העכערער רעליגיע קען בלויז זיין איינער, ווייל דער „שטאָף" פון וועלכן ער באַשטייט איז אין זיין עסענץ גייסטיק־אוניווערסאַל, עס איז דין און רחמים, גערעכטיקייט און גענאָד, און דאָס איז בטבע אַ גאַנצקייט וואָס מען קען ניט צעטיילן.

דער מיטאָלאָגישער גאָט איז דורכויס אָביעקט, זיין עקזיסטענץ איז אין דרויסן פון וועלט און מענטש. דער גאָט פון רעליגיע איז גלייכצייטיק אין אַלץ און איבער אַלץ; אויפן פילאָסאָפישן לשון וואָלט עס געהייסן אַז ער איז אימאַנענט און טראַנסצענדענט. דעריבער איז צו פאַרשטיין פאַרוואָס די גריכישע געטער זאָלן האָבן זייער שטענדיקן וואוינאָרט אויפן אָלימפּ, בעת ביי יידן איז מעגלעך מען זאָל אים אי פילן אין האַרצן, אָדער אין יעדער זאַך אַרום, און אי ווענדן זיך צו אים מיט תפילות ווי אַ פאַראַנענקייט וואָס געפינט זיך אין דרויסן, אין הימל.

די נויט אַוועקצושטעלן אַ געטלעכן באַפעלער, אָדער באַשטימער פון זאַכן, איז כאַראַקטעריסטיש אי פאַר דער מיטאָלאָגישער, אי פאַר דער רעליגיעזער מענטאַליטעט. דאָס איז אַן עדות פון דער קלאָרער שייכות צווישן די צוויי. אָבער אַ סך נעענטער איז די שייכות צווישן דעם רעליגיעזן און דעם פילאָסאָפישן גאָט־באַגריף. פאַרשטייט זיך, פילאָסאָפן קענען באַנעמען

גאָט יעדער אויף זיין אייגענעם אופן, אָדער לויט די מעגלעכקייטן וואָס זיין אויפגעבויטע סיסטעם גיט אים. ווען איך שטעל זיך אָפּ אויפן פילאָסאָפישן גאָט אין אַלגעמיינע טערמינען האָב איך אין זינען דעם אויסגאַנג־פּונקט אין פילאָסאָפירנדיקן פּראָצעס וואָס פירט צו די פאַרשיידענע הנחות וועגן גאָט. איך האָב אויך אין זינען די אַלגעמיינע מאָמענטן אין פילאָסאָפישן טעאָ־רעטיזירן אויף וועלכע עס ליגט ניט דער חותם פון אַ באַשטימטן בליק פון דעם אָדער יענעם דענקער.

דער פילאָסאָפישער גאָט איז קודם־כל ניט עפּעס וואָס שטעלט מיט זיך פאָר יענע אַבסאָלוטע זיכערקייט וואָס באַהערשט דאָס האַרץ און דעם מוח פונעם גלויביקן. ער איז העכסטנס אַ שטאַרקע השערה געבויט אויף שכלדיקער אַרגומענטאַציע. דער הוילער פאַקט וואָס די מעגלעכקייט פון אָפּלייקענונג ווערט ניט אין גאַנצן פאַרשטעלט, שאַפט אַן אַנדער צוגאַנג און אַן אייגנאַרטיקע אַטמאָספערע.

דער פילאָסאָפישער גאָט נעמט ניט אויף דעם עול צו באַפרידיקן מענטש־לעכע בקשות, אָדער זיך איינצושטעלן פאַר צדדים אין מענטשלעכע קאָנפליקטן. זיין עובדא איז אויסצוגלייכן געדאַנקלעכע סתירות, אויפצודעקן סודות און צו פאַרענטפערן קשיות. ביי אים איז אַ קנאַפּע נפקא מינה צווישן דעם גורל פונעם בן־אדם און דעם מזל פון די ברעקלעך שטויב אויף וועלכע דער מענטש טרעט. ער באַווייזט זיך בלויז דעמאָלט ווען ער דאַרף אונדז העלפן צו פאַרשטיין ביידע. עס קען זיין מענטש אָדער פליג, אָדער שטערן און מזלות, אָדער דאָס וואָס מען קען גאָר מיטן נאַקעטן אויג ניט דערזען, אָדער דאָס וואָס האָט בכלל ניט קיין פיזישע עקזיסטענץ נאָר מען קען עס בלויז באַנעמען מיטן אַבסטראַקטן געדאַנק — דער פילאָסאָפישער גאָט איז אַ כוח וואָס דאַרף אויסשפּרייטן זיין אינטעלעקטועלע קלאָרקייט אויף דעם אַלעם. זיין העכסטע פונקציע איז צו פאַרטרייבן די שאָטנס פון די פאַרבאָרגענע היילן צו וועלכע דער חוש הראיה און דער געוויינטלעכער שכל הישר קענען ניט צוקומען.

דעם פילאָסאָפישן גאָט קען מען, אין זיין פילאָסאָפישער מלוכה, אַפילו רעטאָריש ניט אויסמאָלן אין געשטאַלט פון צאָרן און רחמנות, וואָס זענען אונדז באַקאַנט פון דער רעליגיעזער טראַדיציע. פילאָסאָפן באַשרייבן זייער גאָט־באַגריף אין טערמינען וואָס זענען זייער ווייט פון טאָג־טעגלעכן לשון. די וואָס באַמיען זיך די דאָזיקע טערמינען צו פּאָפּולאַריזירן ענדיקן אָפט מיט ניט־געמיינטער פאַלסיפיקאַציע. וואָרעם כדי צוצוקומען צום פילאָסאָפישן גאָט דאַרף מען זיך דורכרייסן דורך אַ וועלט וואָס ליגט ניט אין דער ריכטונג פון די געוויינטלעכע מענטשלעכע איבערלעבונגען, ממילא זענען די ווערטער געווענדט צו אַזעלכע טאָג־טעגלעכקייטן, ניט פּאַסיק צו באַצייכענען געדאַנקען וואָס שטאַמען פון דער אַבסטראַקטער וועלט פון לאָגיק און מעטאַפיזיק.

דער גאָט וואָס פירט דעם פּאָעט אין זיינע אינערלעכע וואַנדערונגען,

און דעם לייענער אין זיין עונג רוחני צוליב זיין מיטוואַנדערן מיט די געלייענטע שורות, איז נעענטער צום רעליגיעזן ווי צו פילאָסאָפישן גאָט־באַגריף, כאָטש ער איז אויך אייגנאַרטיק אין זיין באַזונדערן אויסדרוק. יאָ, עס איז פאַראַן עפּעס וואָס מען קען בלויז רופן פּאָעטישער גאָט. דאָס איז אַ גאָט־באַגריף, וואָס עס איז לאוו דווקא אַז דורכגעטראַכטע און פאָרמולירטע אמונה זאָל פירן צו אים. ער דאַרף אויך ניט זיין קיין ענטפער אויף שאלות וואָס מאַטערן דעם פילאָסאָפישן געדאַנק. זיכער איז ער ניט קיין מיטאָ־לאָגישער גאָט. דאָך קענען מיר בלויז דורך זיין פאַראַנענקייט פאַרענטפערן דעם געשילדערטן חידוש.

אייגנטלעך איז דאָס לחלוטין ניט קיין השערה וואָס מען דאַרף דורך געקינצלטער אַרגומענטאַציע צושרייבן דעם פּאָעט אָדער דעם מיטפילנדיקן לייענער. פּאָעטן באַנוצן כסדר גאָטס נאָמען זיך אויסצודריקן אין געוויסע מאָמענטן. די פראַגע קען בלויז זיין וואָס זיי מיינען מיט דעם וואָרט ווען זיי באַנוצן עס, אָדער וואָסער זינען עס פילט אין דעם דער לייענער ווען ער זעט עס אין דער שורה, אָפט אויך צווישן די שורות. אָט איז אַ פערז פון מאַני לייבן, אַ דיכטער וואָס איז זיכער ניט באַקאַנט ווי רעליגיעז גלייביק. אין זיין דענקען איז ער אויך, ווי ווייט איך ווייס, געווען גאַנץ ווייט פון מעטאַפיזישע פּראָבלעמען. ער איז בכלל געווען דער עיקר דורכגענומען מיט פּאָעזיע, מיט ליד, אינעם פיינסטן, אָבער אויך אָפּגעגרענעצטן זינען פונעם וואָרט. מאַני לייב שרייבט:

שווייג און פאַרנעם די געשרייען;
ווילד, אין דער נאַכט, און צו גאָט
שרייט עס די נאַכטיקע שטאָט.

דאָ איז פאַראַן אַ קלאָרע פּאָעטישע פאָרם, וואָס גייט מיך אין איצטיקן מאָמענט ניט אָן. אָבער אויך אין פּאָעזיע, ערשט אין פּאָעזיע, מוזן ווערטער האָבן אַ זינען. וואָס־זשע באַטייט דאָס וואָרט גאָט אין די ציטירטע, און אין אַ סך אַנדערע ניט־ציטירטע, שורות? צו וועמען, אָדער צו וואָס שרייט עס די „נאַכטיקע שטאָט"? מען קען ניט אָננעמען אַז דאָס איז בלויז רעטאָ־רישע שפּילצייג. דער אינהאַלט פון די שורות „שרייט צו גאָט" אַז דאָס איז ניט ריכטיק. ווען אין דעם וואָלט געלעגן ניט מער ווי אַ רעטאָרישער ווערט וואָלט מאַני לייב, און אַ סך פון זיין פּאָעטן־דור, עס זיכער אָפּגעוואָרפן ווי אַ ליידיק־געוואָרענער סימבאָל, וואָס האָט פאַרלוירן יעדן זינען. מען וועט זעלטן געפינען אין אונדזער לירישער פּאָעזיע אַזעלכע סימבאָלן ווי גאָט ברוך הוא, השם יתברך, דער אייבערשטער, כאָטש די אַלע האָבן זייער רייכע פאָלקסטימלעכע אַסאָציאַציעס און וואָלטן געקענט דינען ווי רעטאָרישע חן־פינטעלעך.

היינט אויב עס איז ניט רעטאָרישע אָרנאַמענטאַציע נאָר עס ליגט אין אין דעם אַ דירעקטער זינען, אויב דאָס וואָרט איז נאָך בכוח אינערלעך צו

רירן אַפילו די וואָס פּראָקלאַמירן מיט בראַוואַדאָ זייער אומגלייביקייט, ווי אַזוי זאָל מען דאָס פאַרשטיין? איך זע בלויז איין אויסוועג: פּונקט ווי מיר געפינען אַ כאַראַקטעריסטישן גאָט־באַגריף אין מיטאָלאָגיע, אַן אַנדערן אין די העכערע פאָרמען פון רעליגיעזער אמונה, און ווידער אַן אַנדערן אינעם לאָגישן גאַנג פון פילאָסאָפישן דענקען, אַזוי קענען מיר אויך אָננעמען אַז אין פּאָעזיע, אין דער עצם טבע פון דעם דאָזיקן שאַפנדיקן פּראָצעס, פיגורירט אַ כוח וואָס הייבט אַרויס אַ גאָט־באַגריף מיט כאַראַקטעריסטישע אַטריבוטן, אַן אמונה וואָס באַצווינגט סיי דעם שאַפער, סיי דעם געניסער.

דער ווינקלשטיין פון פּסיכישן לעבן איז, און מוז זיין, אמונה. דער אומבאַגרענעצטער צוטרוי וואָס מיר האָבן צו דער גבית עדות פון די חושים — כאָטש מיר וויסן ווי אָפט זיי נאַרן אונדז אָפּ — איז סוף כל סוף אמונה. אָבער צי די אמונה זאָל זיך אויסדריקן אין דער פאָרשטעלונג פון אַן אָרגאַניזירטער מלוכה אין די הימלען פון אַן איבערנאַטירלעכער רעאַליטעט, צי אין דער כסדרדיקער שפּיל פון מיסטישע עקזיסטענצן אַרום אונדז, אָדער גאָר אין אַ גורל־באַשטימענדיקן גאַנג פונעם אוניווערס וואָס פאַרשפּיצט זיך אין דער גאָט־אידייע, דאָס הענגט אָפּ פון דער היסטאָרישער לופט וואָס מיר אָטעמען. פּונקט ווי דער פּרימיטיווער מיטאָס האָט זיך ניט אַריינגעפּאַסט אין מיטלעלטערלעכן רעליגיעזן קלימאַט, אַזוי פירט אויך דער מאָדערנער צייט־גייסט צו גלויבנס אין באַגריפן וואָס זענען אַנדערש פון די וואָס האָבן געקענט פאַרכאַפּן די מענטשלעכע נשמה אין פריערדיקע עפּאָכעס.

די מאָדערנע צייט, ווי עס ווייזן אָן סאָציאָלאָגן זינט מאַקס וועבער, צווינגט אַרויף אויפן מענטש צו זיין מער אָפּגעריסן פון זיין סאָציאַלן אַרום, אָנגעוויזן אויף די אייגענע כוחות אַזוי ווי אַ פאַרוואָרפענער אין אַן אומהיימלעכן מדבר. פון דער מאָדערנער לירישער פּאָעזיע שרייט אַרויס מער פון אַלץ פּחד פאַר זיין אַליין, וואָס ווערט נאָך מער פאַרשטאַרקט צוליב דער טיפער אַנדערשקייט פון אַ שאַפנדיקער פּערזענלעכקייט. אָבער אויסדריקנדיק דעם דאָזיקן פּחד, טרייסט זיך דער ליריקער מיטן גלויבן אַז אַבסאָלוטע פאַר׳יתום׳טקייט איז בכלל אַן אילוזיע; אַז אַפילו דער אייגענער איך קען בלויז אויפקומען און האָבן אַ קיום ווייל ער איז צונויפגעגאָסן מיט אַ העכערער גאַנצקייט.

אין מאָמענט ווען מיר זענען אַלע ליריקער, דער עיקר די וואָס האָבן די דאָזיקע מתנה אין אַ גרעסערער מאָס, פילן מיר אַז דער פּאָעט דריקט אויס אונדזער אייגענעם „ממעמקים״ אין זיינע איך־לידער, מעגן זיי זיין פון פערזענלעכן סאָרט, ניין, טאָקע דערפאַר וואָס זיי זענען אַזוי טיף־פּערזענלעך. ווען דער פּחד פאַר גייסטיקער עלנטקייט וואָלט ניט געווען קיין אַלגעמיין־אינדיווידועלע איבערלעבונג, וואָלטן מיר אַזעלכע לידער גאָר ניט געקענט אויפנעמען.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן אַז אַן עגאָצענטריקער אין לעבן,

אין האַנדלונג, איז אַן אַנטיפּאַטישע, דערווידערדיקע בריאה. מיר ווילן זיך דערוויטערן פונעם מענטשן וואָס האַלט רק אין איין טייטלען אויף זיך אַליין. אָבער אַן עגאָצענטרישע טענדענץ אין דיכטונג קען זיין אַ טיפער עונג רוחני אוןְ אַ טרייסטנדיקע איבערלעבונג. דער דאָזיקער אונטערשייד ווערט קלאָר ווען מיר באַנעמען אַז די איך־ווענדונג אין אַ לירישן ליד באַציט זיך אויף אַן אַנדער סובסטאַנץ ווי די זעלביקע ווענדונג אין אַקטיווער האַנדלונג. מיר ווערן נאָר פאַרפירט פון דעם וואָס אין ביידע פאַלן באַנוצן מיר דעם זעלביקן טערמין. איך אָדער עגאָ.

דאָס לירישע ליד איז אייגנטלעך אַ דיאַלאָג צווישן „איך" און „זיך", אָבער דער זיך — דורך אַן אַקט פון אמונה וואָס ליגט אין דער טבע פונעם פּאָעטישן פּראָצעס — שפּרייט זיך אויס און נעמט אַריין דעם גאַנצן קאָסמישן אַרום, מיט דער באַצווינגענדיקער עמאָציאָנעלער איופּרודערונג וואָס די איבער־לעבונג פון אַ שאַפנדיקן „אַלץ" איז מחייב. מיר ווייסן אַז גראַמאַטיש איז „זיך" אַן אָביעקט, אָבער אין דער אמתן איז דאָס דער זעלביקער סוביעקט ווי דער „איך". פּונקט אַזוי איז דער אַבסאָלוטער קאָסמישער „אַלץ", וואָס דאָס לירישע וואָרט איז זיין סימבאָל, אויך קיין אָביעקט ניט; עס איז בלויז סוביעקט, און דער „איך" ווערט אַ מין רגע אין דער אייביקייט, נאָר אַ רגע, וויסנדיק וועגן איר רגע'דיקייט קען זיך אויך זען בלויז ווי אָרגאַניש באַ־האַפטן מיט צייט בכלל.

אַזוי ציט זיך פּאָעזיע פון אַ דורכנעמענדיקן עלנט, פון אַ דער־שלאָגנדיק געפיל פון אָפּגעריסענער פרעמדקייט, צו דער טרייסט פון אַ געטלעכער שותפות, ריכטיקער, פון אַן אומענדלעכער גאַנצקייט פון וועלכער מען איז אַליין בלויז אַ טייל. אין רעליגיעזער אמונה, ווען די „נאַכטיקע שטאָט" שרייט „צו גאָט", טוט זי עס מיט דער האָפענונג אויף אַ נס. דאָס פילאָסאָפישע דענקען וועט אַזאַ געשריי אין גאַנצן ניט הערן ביז מען וועט עס איבערזעצן אין איר אייגענעם אידיאָם. די פּאָעטישע איבערלעבונג וועט אינעם געשריי צו גאָט אויך דערהערן די ברכה פון דער „נאַכטיקער שטאָט" אין דעם וואָס זי האָט וואוהין צו ווענדן איר געשריי, וואָס זי איז ניט מער אַליין. אַזוי קען אויך דער איך אין זיין אומהיימלעכקייט זיך פילן היימישער אין דער וועלט.

דאָס העלפט אונדז בעסער צו פאַרשטיין דעם מיליטאַנטישן אַטעאיסט. אויך אים איז אַזוי שווער צו פאַרטראָגן זיין עלנטקייט אין אַן אומהיימלעכער, פרעמדער וועלט. דערפאַר קען ער בלויז זיין געטריי זיינע אַנטי־רעליגיעזע אידייען אין טעגלעכן לעבן, און אַפילו אין געוויסע פאָרמען פון געשריבענעם וואָרט. אָבער די פּאָעטישע אמונה קען, ווייזט אויס, אַרויסרופן גאָר אַן אַנדער באַציאונג. עס קען זיין אַז ער באַמערקט גאָר ניט אויף ווי ווייט ער ווערט ווייכער און איבערבעטעוודיקער ווען ער באַגעגנט גאָט אין די שורות פון פּאָעזיע.

(1954)

# פאַרשטאַנען? ניט וויכטיק

עס זאָל זיך אַזוי ניט טרעפן ווי עס טרעפט זיך. איז פאַרגעקומען אַזוי, אַז עפּעס אַ מאָדנע פּאָעטישע צערייצטקייט האָט מיך אַרומגעכאַפּט און ניט אָפּגעלאָזן. דאָס האָט ניט געהאַט קיין שייכות צו עפּעס אַ באַשטימטן פּאָעט אָדער צו אַ ספּעציעל ליד, וואָס האָט זיך פאַרגנבעט אין מיין גייסטיקן אינגעווייד און געקערט וועלטן. ניין, ניט דאָס. געשען איז גאָר עפּעס אַנדערש וואָס מיר איז לכתחילה געווען שווער צו דערקלערן. שורות פון אַמאָל־געלייענטע לידער, בילדלעכע אויסדרוקן, מיטרייסנדיקע ווערטער פון לאַנג־פאַרגעסענע פערזן, האָבן גענומען עפענען אַלע טירן פון מיין זכרון און זענען געפלויגן פון מיין געדעכעניש צו מיינע ליפּן. אָט האָב איך זיך גע־כאַפּט פּרעפּלענדיק צו זיך אַליין אי סענטימענטאַלע, אי מוסקולעזע סטראָפן און עס האָט זיך מיר בשום אופן ניט געוואָלט אַראָפּלאָזן פון די ליפּן דעם אַרטיקולירטן פּאָעטישן שטראָם וואָס האָט זיך געצויגן פון זכרון.

עס האָט מיך אַרומגענומען אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו אונדזערע דיכטער און די וועלטן וואָס זיי האָבן באַשאַפן. האָב איך דעריבער מורא געהאַט זיך איבערצוגעבן צו די אויפשווימענדיקע קשיות פאַרוואָס די דאָ־זיקע שטימונגען האָבן מיך פּלוצלונג מיט אַזאַ רייץ אַרומגעכאַפּט. איך האָב מורא געהאַט, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז דער עצם אַקט פון פרעגן קשיות טרייבט אונדז אין גאָר אַן אַנדער מלוכה, אַ קילער, אַ טרוקענער, ווייט פון דער איינוויגנדיקער און טוליענדיקער וואַרעמקייט וואָס פליסט פון דער ספּערע וואו פּאָעזיע האָט געמאַכט איר רעזידענץ. עס האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט וואָס לענגער פאַרבלייבן אינעם צעשפּילטן רייץ פונעם כוח הדמיון.

האָט זיך גראָד געמאַכט אַזוי אַז דער דיכטער א. גלאַנץ־לעיעלעס האָט אין זיין „וועלט און וואָרט" וואָס ער פאַרעפנטלעכט וועכנטלעך אין טאָג זיך אויסגעטענה'ט מיט די לייענער וואָס באַקלאָגן זיך אַז טייל פּאָעטן, אָדער לידער, זענען פּשוט ניט צו פאַרשטיין, ווייל די שפּראַך איז אַזאַ אַז מען קען ניט דערגיין קיין טאָלק. אָט די טענה קעגן אומפאַרשטענדלעכער פּאָעזיע איז זייער אַן אַלטע און, אין פּלוג, אַ גאַנץ גערעכטע. וואָסער זינען האָט עס צו שרייבן לידער וואָס דער פּשוטער שכל קען ניט תופס זיין? אויב דער פּאָעט האָט עפּעס וויכטיקס צו זאָגן, פאַרוואָס דאַרף ער זיך באַנוצן מיט שווערע רמזים? אויב מען קען די לידער ניט פאַרשטיין, ווי קען מען פאַרלאַנגען מען זאָל אָפּשאַצן זייער קוואַליטעט? ווי קען אומפאַרשטענדלעכ־קייט זיין אַ מעלה, ווען דער ציל פון שפּראַך איז דאָך מען זאָל פאַרשטיין וואָס מען רעדט? דעם דאָזיקן צעטל קשיות קען מען אויסציען אָן אַ סוף. גלאַנץ־לעיעלעס — אַגב, אַן אויסגעצייכנטער קענער פון דער וועלט־פּאָעזיע

— האָט זיך באַמיט אין זיינע קורצע פּאַראַגראַפן צו פאַרענטפערן די אַלע האַרבע קשיות.

איך קען זיך לייכט פאַרשטעלן אַז דאָ, נאָך אַלע שאלות און תשובות, פּונקט ווי אין אַלע ענלעכע פאַלן, בלייבן די פרעגער און די ענטפערער אויף זייערע פריערדיקע פּאָזיציעס. דער וואָס האָט טענות צו אומפאַרשטענדלע־כער פּאָעזיע בלייבט אַלץ אומרואיק, ניט איבערגעצייגט. פון אויבן אויף זעט אויס זיין טענה אייזן־פעסט. וואָרעם לייענען איז דאָך לכתחילה אַ טעטיקייט וואָס מען נעמט אונטער כדי זיך עפּעס צו דערקוויקן; מען וויל עפּעס לערנען, עפּעס געוואָר ווערן וועגן זאַכן אין דער וועלט, אָדער וועגן דעם וואָס עס טוט זיך ביי יענעם אין קאָפּ צי אין האַרצן. אויב מען קען ניט פאַרשטיין וואָס מען לייענט, איז דאָך דאָס בלויז אַן אָנגעוואָרפענער הויפן ווערטער, אומזין. היינט ווי קען מען פאַרלאַנגען פון אַ מענטשן מיט אַ זינען הנאָה צו האָבן פון אומזין?

פון די דאָזיקע קשיות וואַקסן אויס ממש שווערע רעטענישן אינעם געדאַנק פונעם בעל־טענה. וואָרעם ער ווייסט דאָך אַז אָט די „אומזיניקע" ווערק ווערן יאָ אָפּגעשאַצט פון אַנדערע, פון מבינים; יענע לויבן די קוואַ־ליטעט פונעם „אומזין", האָבן הנאָה דערפון. מען קען דאָך ניט אָננעמען אַז דאָס אַלץ איז אָרגאַניזירטע אָפּנאַרעריי. נאָך מער, עס טרעפט גאַנץ אָפט אַז די וואָס זענען פּאָזיטיווע ווערטן אין אומפאַרשטענדלעכער פּאָעזיע ווערן שטאַרק געפּלעפט ווען מען בעט ביי זיי זיי זאָלן געבן צו פאַרשטיין, פאַרטייטשן. ווען, בלית ברירה, פּרובירן זיי פאַנאַנדערלייגן זייערע פּירושים ווערט דערפון ניט בעסער, ווייל נאָכן גאַנצן פּילפּול און נאָך אַלע סאָרטן חקירות שווימען אַרויס אַזעלכע געוויינטלעכע, פּשוטע געדאַנקען וואָס, על־פּי־רוב, ווי אויסדרוקן פון געדאַנקען, זענען זיי ווייט ניט קיין איבערראַשונג. ביים בעל־טענה לעבט דעמאָלט אויף אַ שטילע נקמה: „אַהאַ, אָט זעט איר דאָך, איך האָב עס פריער געוואוסט, גאָרניט מיט גאָרניט, סתם געשראָקן די גענדז".

דאָס זעלביקע נקמה־געפיל פאַרשאַפט נאָך מער נחת ווען דער בעל־טענה פרעגט ביים דיכטער אַליין: ילמדנו רבנו, זאָל, הייסט עס, דער בעל־דבר גופא זאָגן וואָס ער האָט געמיינט. וואָס טוען דיכטער אין אַזעלכע פאַלן? טייל זאָגן אָפּ: „איך האָב אין מיין ליד געזאָגט אַלץ וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגן. אויב איר פאַרשטייט ניט וועט אויך מיין דערקלערונג ניט העלפן". אַנדערע דרייען זיך אַרויס פון דער קענטיקער פאַרלעגנהייט מיט אומדירעקטע באַמערקונגען און רמזים. נאָך אַנדערע ווילן דווקא גרימירן זייער פּאָזיציע מיט אַן אויסזען פון פילאָסאָפירנדיקער פּראָזע; קומט טאַקע דערפון אַרויס זייער אַ שלאַבעריק באַשעפעניש.

דאָס פירט צו אַ קשיה וואָס איז, דאַכט זיך מיר, די האַרבסטע: פאַרוואָס זאָל דאָס פרעגן גופא אַרויסרופן ביים געפרעגטן אַ געפיל פון אַ פאַר־

לעגנהייט? עס קען דאָך ניט זיין קיין פֿאַרלעגנהייט וואָס פֿאַרוויקלט אין זיך עפּעס אַ פּריוואַטע איבערלעבונג, אַזאַ וואָס עס איז ניט פּאַסיק אַרויס־צוברענגען אין דער עפֿנטלעכקייט. גיכער איז עס אַ פֿאַרלעגנהייט וואָס נעמט זיך פֿון אינטעלעקטועלער צעמישטקייט, פֿון עפּעס וואָס איז דאַכט זיך פּשוט און דאָך, ווען מען גיט נאָר אַ טראַכט, דערפֿילט מען אַז מען קען זיך דערמיט קיין עצה ניט געבן. דאָ ווערט שוין די נייגיריקייט באמת צערייצט; מען וויל דערגיין וואָס עס קומט דאָ פֿאָר: פֿאַרוואָס זאָל עס זיין אַזוי? אפֿשר קען זיין אַז דער אופֿן אויף וועלכן די פֿראַגע ווערט געשטעלט — וואָס האָט דער דיכטער געמיינט דערמיט? — אפֿשר איז אַזאַ פֿראַגע פֿאַרפֿירע־ריש ווען מען ווענדט זי אָן אויף פּאָעזיע. אפֿשר איז די פֿונקציע פֿון פּאָעזיע אַזאַ אַז די שווערקייט ליגט דאָרט גאָר אויף אַן אַנדער פּונקט און ווען מען גייט אַוועק פֿון יענעם פּונקט איז גלייך ווי מען וואָלט אַראָפּ פֿון די רעלסן און מען ווייסט שוין ניט וואוהין מען וועט ערגעץ פֿאַרפֿאָרן. יאָ, עס קען זיין אַז די פֿאַרלעגנהייט נעמט זיך פֿון דעם וואָס די פֿראַגע פֿונעם פֿריערדיקן בעל־טענה פֿאַרלאַנגט מען זאָל צוגיין צו פּאָעזיע ניט מיט דער ריכטיקער מאָס, אָט פּונקט ווי מען זאָל וועלן מעסטן אַ שטיק סחורה מיט אַן עמער. איך בין חושד אַז דאָ טאַקע ליגט די גאַנצע צרה.

אין טאָג־טעגלעכן לעבן, אין דער געהערטער און געלייענטער שפּראַך, זוכן מיר און מיר קריגן, אין ווייט גרעסטן טייל, אינפֿאָרמאַציע וועגן זאַכן. יעדע פֿראַגע וואָס וויל האָבן אַ פּראַקטישן ענטפֿער דורך שפּראַך — און דאָס זענען דאָך די גרעסטע צאָל ענטפֿערס וואָס מיר זוכן אין פּראַקטישן לעבן — האָבן אַ שייכות צו ידיעות אין וועלכע מיר נייטיקן זיך כּדי מיר זאָלן קענען דורכקומען אין דער וועלט. ווען מיר זאָלן וועלן וויסן ווי שפּעט עס איז און עמעצער זאָל איינפֿאַלן אונדז צו געבן אַן אומפֿאַרשטענדלעכן ענטפֿער, וואָלטן מיר נאַטירלעך געמוזט ווייטער פֿרעגן: וואָס מיינט איר? עס קען זיין אַז דאָס וואָס פּאָעזיע ווערט אויסגעדריקט דורך שפּראַך שטעלן מיר זי אַוועק ניט־ווילנדיק אין דער קאַטעגאָריע פֿון לאָגיש־געבונדענע דערקלערונגען וואָס זייער עובֿדא איז אונדז צו געבן ידיעות. וואָס איז טאַקע באמת די פֿונקציע פֿון פּאָעזיע?

אַ פּאָעט קוקט אַרויס פֿון פֿענצטער אויף אַ רעגנדיקן טאָג. עס ווערט אים אומעטיק אויפֿן האַרצן און ער שרייבט אויף אַ שורה: „עמעץ וויינט״. אַנטקעגן זיצט אַ וויסנשאַפֿטלער ביים פֿענצטער, באַטראַכט דעם זעלביקן רעגן און פֿאַרצייכנט: „דער רעגן באַשטייט פֿון מאָלעקולן וואָס יעדער פֿון זיי פֿאַרמאָגט צוויי אַטאָמען וואַסערשטאָף און איין אַטאָם זויערשטאָף״. ווער פֿון זיי זאָגט דעם אמת? ביידע. דער פּאָעט מיינט, פֿאַרשטייט זיך, ניט צו זאָגן אַז דער רעגן איז אַ שטראָם טרערן וואָס גיסט זיך פֿון עמעצנס אויגן. ער מיינט יאָ אַז צוליב דעם אומעט וואָס דער רעגן רופֿט אַרויס קען מען די פֿאַלנדיקע טראָפּנס בילדלעך פֿאַרשטעלן ווי דאָס וואָלטן געווען טרערן

פון אַ ווײַנענדיקן מענטשן. פּאָעזיע קוקט אויפֿן רעגן דורך מענטשלעכע ברילן, זי אָפּערירט תמיד מיט מענטש־באַגריפֿן, ממילא זעט זי אַלץ אין דער וועלט דורך בילדער וואָס ווילן אויסדריקן דעם צושטאַנד פֿון מענטש־לעכן געמיט, אָדער געדאַנק־געפֿיל, וואָס אָפּט זענען זיי אין פּאָעזיע אינטים פֿאַרבונדן.

דער וואָס געפֿינט אין רעגן וואַסערשטאָף און זויערשטאָף קוקט אויף דער וועלט ווי אַן אַנזאַמלונג פֿון דרויסנדיקע זאַכן, וואָס האָבן גאָר ניט צו טאָן מיטן מענטשלעכן געפֿיל, אַפֿילו ניט מיט די חושים דורך וועלכע מיר נעמען אויף די דרויסנדיקע וועלט. ער זעט זאַכן אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען אַקוראַט דאָס וואָס זיי זענען אַפֿילו ווען עס וואָלטן קיין מענטשן אין גאַנצן ניט געווען. דאָס פּראַקטישע לעבן צווינגט אונדז מיר זאָלן זיי אַזוי זען. בקיצור, בעת דער פּאָעט אָפּערירט מיט מענטש־באַגריפֿן, אָפּערירט דער וויסנשאַפֿטלער מיט זאַך־באַגריפֿן.

יעדער פֿון אונדז איז על־פּי־רוב אין דער בחינה פֿון אַ וויסנשאַפֿטלער, ער אָפּערירט מיט זאַך־באַגריפֿן, און ביי ווייניקער געלעגנהייטן אָפּערירט ער, ווי אַ פּאָעט, מיט מענטש־באַגריפֿן. ווען איך פֿרעג עמעצן ווי שפּעט עס איז, ריכט איך זיך אַז ער וועט קוקן אויפֿן ציפֿערבלאַט און מיר זאָגן וואָס ער זעט, כאָטש איך ווייס אַז זיין אויג וועט ניט געבן קיין פּינקטלעכע קאָפּיע פֿון דעם ווי די זאַך איז אין איר דרויסנדיקער עקזיסטענץ. אָבער אַנדערש קען מען ניט לעבן; מיר מוזן אָפּערירן מיט זאַך־באַגריפֿן אַזוי ווי די זאַכן וואָס מיר נעמען אויף וואָלטן געווען אין גאַנצן אומאָפּהענגיק פֿון דער טבע פֿון אונדזערע חושים. ווען אָבער איך וועל פֿרעגן וואָס אַ קראַנקער פֿריינט מאַכט און מען וועט מיר ענטפֿערן: „זיין נשמה הענגט אויף אַ האָר", וועל איך וויסן אַז דער ענטפֿערער גיט ניט איבער אות באות וואָס ביים קראַנקן פֿריינד קומט פֿאָר און אַז ער טוט עס בכיוון, ווייל ער אָפּערירט אין זיין ענטפֿער מיט מענטש־באַגריפֿן; ער גיט איבער ניט די בוכשטעב־לעכע פֿאַקטן נאָר דאָס אַלגעמיינע שרעק־געפֿיל פֿון אַ מענטשן ווען ער זעט ווי אַ באַשעפֿעניש וואָס איז אים טייער הענגט אויף אַ דינער זאַך און איז אין סכנה אַראָפּצופֿאַלן און אומקומען.

עס איז דעריבער פֿאַראַן אַ פֿונדאַמענטאַלע נפקא־מינה צווישן זאַך־באַגריפֿן און מענטש־באַגריפֿן ווען זיי דריקן זיך אויס דורך שפּראַך. אין ערשטן פֿאַל, ווען מיר ווילן פֿאַרשטעלן אָביעקטיווע פֿאַקטן, איז פֿאַראַן אַ דירעקטע שייכות צווישן וואָרט און זאַך; יעדע באַזונדערע זאַך ווערט פֿאַרטראָטן דורך אַ וואָרט וואָס איז צו איר געווענדט. אַזעלכע ווערטער ווי וואַסערשטאָף, זויערשטאָף, אד"גל, ווייזן אָן אויף זאַכן וואָס עקספּערימענטן האָבן באַוויזן אַז זיי געפֿינען זיך אין וואַסער אָדער רעגן, אָבער די כוונות צוליב וועלכע מיר באַנוצן זיך מיט מענטש־באַגריפֿן דערלאָזן ניט אַזאַ דירעקטקייט. וואָרעם דאָ איז דער ציל אַרויסצוברענגען די קוואַליטעטן פֿון

מענטשלעכע איבערלעבונגען וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך זאַכן, אָבער ניט די זאַכן גופא. דאָ זענען מיר ניט פאַראינטערעסירט, למשל, אינעם רעגן נאָר אין דעם אומעט וואָס ער דערוועקט אין אונדז. קענען מיר שוין דעמאָלט ניט באַנוצן די שפּראַך פון דירעקטקייט, ווייל דעמאָלט וועט דאָך אַרויס־קומען עפּעס וואָס איז זאַכיש, ניט מענטשיש. מוזן מיר דעריבער באַנוצן אַ לשון וואָס צייכנט זיך אויס מיט אומדירעקטע ווענדונגען. אין פּאָעזיע באַשטייט דאָס, על־פּי־רוב, פון בילדלעכע קאָנסטרוקציעס וואו ניט די איינצלנע ווערטער אָדער זאַצן נאָר דאָס בילד אין זיין גאַנצקייט פאַר־שפּיצט זיך אין אַן איינדרוק וואָס די זאַך רופט אַרויס בעת זי לייטערט זיך דורך אַ מענטשלעכן קאַנאַל, אַט למשל, ווי פון „אַ רעגן גייט" קומט אַרויס „עמעץ וויינט".

מהאי טעמא דאַרפן אויך די מעטאָדן זיין אַנדערע אין די דאָזיקעביידע פאַלן. ווען מען אָפּערירט מיט זאַך־באַגריפן איז לאָגישע אויסגעהאַלטנקייט אַ מוז. אַנדערש ווערט דער גאַנצער ציל פון דער אָפּעראַציע צעשטערט. וואָרעם דאָרט דאַרף מען אַלץ באַנעמען מיטן שכל און דער שכל קען ניט פאַרטראָגן קיין סתירות. אָבער ווען מען אָפּערירט מיט מענטש־באַגריפן איז אַ סתירה אָפט זייער געוואונטשן, אויב דורך דעם איז דער עמאָציאָנעלער עפעקט שטאַרקער. דאָס זעלביקע איז ריכטיק וועגן איבערחזרונגען, אָדער אַרויסהייבן ספּעציעלע וואָרט־קלאַנגען, וואָס לאָגיש איז ניטאָ די מינדסטע באַרעכטיקונג פאַר זיי, אָבער פּסיכאָלאָגיש זענען זיי אָפט ממש דאָס אוי־בערשטע פון שטייסל.

וואָסער זינען האָט עס צו זאָגן אַז „די נשמה הענגט אויף אַ האָר"? קודם־כּל איז די נשמה גייסטיקער שטאָף און קען שוין ממילא ניט „הענגען" וואָס דאָס קען מען זאָגן בלויז וועגן פיזישע זאַכן. שנית, אויב די נשמה קען שוין יאָ הענגען קען דאָס זיין בלויז אויף עפּעס פון איר אייגענעם גייסטיקן שטאָף, למשל, אַ געדאַנק, אַ געפיל, אָבער ווי קומט אַ גייסטיקע נשמה צו אַ פיזישער „האָר"? דאָך וועט אַפילו אַ פּעדאַנט אין לאָגישער אויסגעהאַלטנקייט ניט האָבן קיין טענות צום דאָזיקן פאַלקסטימלעכן פּאָעטישן אויסדרוק. פאַרקערט ער וועט זען אין אָט דעם אומלאָגישן צונויפפאָרן דאָס גייסטיקע מיטן מאַטעריעלן אַ פאַרשטאַרקונג פונעם מענטשלעכן געפיל־עפעקט וואָס דאָס איז דער עיקר אין מענטש־באַגריפן. אַקוראַט אויפן זעל־ביקן פּרינציפּ איז געבויט אַ פּסוק אין שמואל ב, כ"ב, 5־6: „טייכן פון אונטערגאַנג האָבן מיך געשראָקן; שטריק פון אונטערערד האָבן מיך אַרומ־גענומען". מען דאַרף האָבן אַ האַרץ פון אַ גזלן ניט הנאה צו האָבן פון דער קרעפטיקער פּרעכטיקייט פון אָט די אומלאָגישע פאַרגלייכן.

אָבער אויב מען קען שוין געפינען גרויסע מעלות אין אומלאָגישן פּאָעטישן מאַטעריאַל איז ממילא לייכט צו פאַרשטיין פאַרוואָס אין פּאָעזיע

איז „פאַרשטיין״ ניט די פּאַסיקע קריטעריע. נעמט, למשל, אַ זייער באַקאַנטן פּסוק אין שמות: „און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן: שטרעק אויס דיין האַנט אַקעגן הימל און זאָל ווערן פינצטער איבערן לאַנד מצרים אַז מען זאָל קענען אָנטאַפּן דאָס פינצטערניש״. פאַרשטייט זיך, אַז „אָנטאַפּן דאָס פינצטערניש״ איז פאָלג מיך אַ גאַנג. אין פלוג איז דאָס אומזין. דער וואָס האָט געהאַט דעם דאָזיקן בילדלעכן פּאָעטישן איינפאַל האָט זיכער געוואוסט אַז פינצטערניש האָט ניט קיין מאַטעריעלע ממשות; אַז אין זיך אַליין, ווי אַ זאַך־באַגריף, דאַרף מען אַזאַ צושטאַנד באַשרייבן אין נעגאַטיווע טערמינען, עס איז ניטאָ קיין ליכט. אָבער אָנטאַפּן פינצטערניש איז בלויז אַ פּאָעטישע דערהייבונג פונעם געוויינטלעכן אויסדרוק „געדיכטע פינצטערניש״, ווי אַ מענטשלעך געמיט נעמט דאָס אויף, אַ מענטש־באַגריף. אָבער דער אויסדרוק געווינט אין קראַפט און שיינקייט דערמיט וואָס ער נייגט אָפּ פון די אָבּיעקטיווע פאַקטן.

פאַרוואָס באַשיינפּערלעכע אומגעטריישאַפט צו פאַקטן און לאָגישער אומזין זאָלן אין פּאָעזיע זיך קענען דערהייבן צו גרויסע פּאָזיטיווע ווערטן, דאָס איז זייער אַן אינטערעסאַנטע פראַגע, וואָס פאַרדינט אונדזער פולסטע אויפמערקזאַמקייט. אָבער כאָטש די דאָזיקע פראַגע האָט ניט קיין דירעקטע שייכות צו אונדזער ענין קען מען אָבער ניט אָפּלייקענען דעם עצם פאַקט. יעדער פון אונדז ווייסט עס פון דער טאָג־טעגלעכער שפּראַך וואו אַזעלכע פּאָעטישע „אומזיניקייטן״ און עקסטראַוואַגאַנצן זענען איינגעפלאָכטן אויף שריט און טריט. ווען מען וויל איראָניזירן וועגן אַ פרוי וואָס האָט זיך אויסגעפּוצט ניט ווי ס׳געהער צו זיין, זאָגט מען: „זי האָט זיך אויסגעפּוצט אין נייעם נאַקעט מיטן אַלטן באָרוועס״. ווען מען אַנאַליזירט דעם דאָזיקן זאַץ מיטן שכל הישר איז דאָס הוילער אומזין, און דאָך וואָסער פּרעכטיקער אויסדרוק דאָס איז פון שטעכיקער איראָניע.

די קריטעריע פון פּאָעזיע איז דעריבער ניט אויף וויפיל פאָרם און אינהאַלט זענען אויסגעשטעלט לויט די פאָדערונגען פון פאַרשטיין, נאָר אויף וויפיל דאָס פאַרצייכנטע אין זיין גאַנצקייט איז אַ פאַרטיפטע אָריגינעלע און טאָטאַליזירטע געשטאַלטונג פון אַן אינערלעכן מענטשלעכן צושטאַנד. מען מוז אויך מודה זיין, אַז כדי ריכטיק אויפצוכאַפּן דעם פאַרגאַנצטן איינדרוק פון פּאָעזיע איז געווענדט ניט בלויז פון דער שאַפנדיקער אַרבעט פונעם דיכטער נאָר אויך פון דער געהעריקער צוגרייטונג פונעם לייענער.

איך שטעל מיר פאָר, אַז די שווערקייט פון פאַרשטיין וויזט זיך זעלטן אַרויס אין קורצע „אומפאַרשטענדלעכקייטן״. איך מיין, אַז דער וואָס איז צוגעוואוינט צו לייענען פּאָעזיע בכלל ווערט ניט אויפגערייצט צו האָבן טענות ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַן אויסדרוק, אַ פראַזע, אָדער אַ זאַץ. די פּשוטע שפּראַך, ווי מיר האָבן געזען, גרייט צו יעדן פון אונדז פאַר

אַזעלכע בילדלעכע „אויסברוכן" וואָס זינדיקן קעגן שכל הישר. קיינער טראַכט שוין גאָרניט אַז דער בוכשטעבלעכער טייטש פֿון אַזעלכע שילדערונגען ווי „רייסן יענעם ביי דער פּאָלע", אָדער „זיך שלאָגן קאָפּ אָן דער וואַנט" האָט אַ קנאַפּע שייכות צו די אָביעקטיווע סיטואַציעס וואָס זיי ווילן כאַראַקטעריזירן; אַז דאָס זענען בילדלעכע קאָנסטרוקציעס וואו איבערלעבונגען ווערן אַרויסגעבראַכט דורך אָפּערירן מיט מענטש־באַגריפֿן. אָבער צו אַזעלכע זענען מיר שוין צוגעוואוינט, און אַפֿילו ווען אַ דיכטער שאַפֿט עפּעס נייעס פֿון דער דאָזיקער קאַטעגאָריע לאָזט זיך עס אויפֿכאַפּן אויב דער באַגריף ווערט קורץ אויסגעדריקט.

פֿאַראַן אָבער גענוג און גענוג פֿאַלן ווען כדי אויסצודריקן קאָמפּליצירטע פּסיכישע צושטאַנדן פֿאָדערן זיך גאַנצע סטראָפֿן, אַפֿילו לענגערע לידער, וואו די געשאַפֿענע קאָנסטרוקציע ווערט געפֿירט פֿון איר אייגענער אויסדרוק־תאווה און רייסט זיך אַוועק פֿון אויסגעהאַלטענע לאָגישע בינדונגען. ווען אַ מענטש, אין אַ שווערער לאַגע, טראַכט פֿאַרצווייפֿלט וואָס צו טאָן, איז לייכט צו כאַפּן ווען מען כאַראַקטעריזירט אים ווי איינעם וואָס „שלאָגט זיך קאָפּ אָן דער וואַנט". אָבער ווען די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק לויט דער זעלביקער מענטש־באַגריפֿלעכער מעטאָדע, דריקט זיך אויס אין אַ בילד וואָס פֿאַרנעמט אַ צאָל סטראָפֿן פֿון אַ ליד, ווער שמועסט נאָך ווען דער נמשל ווערט אין גאַנצן ניט דערמאָנט, דעמאָלט מאָנט שוין דער שכל זיין לאָגישן צינדז און מען ווערט שוין גיכער געפּלעפֿט פֿון דער אומפֿאַרשטענדלעכקייט.

ווען מען פֿרעגט אין אַזאַ פֿאַל וואָס דער דיכטער האָט געמיינט, מוז דער ענטפֿער זיין אַ סך, אַ סך ווינציקער פֿון דעם וואָס די שאַפֿונג אַליין האָט געוואָלט געבן. וואָרעם דער ענטפֿער, ווי פּינקטלעך ער זאָל ניט זיין, מוז דאָך אָפּערירן מיט זאַך־באַגריפֿן, ווייל ער מוז דאָך דערקלערן, ד"ה, ווייזן די אָביעקטיווע שייכותן צווישן זאַכן, און דאָס פֿאַלסיפֿיצירט דעם תוך. זאַכן זענען תמיד קוואַנטיטעט, עס האָט צו טאָן מיט דער צאָל דרויסנדיקע שטריכן וואָס מען געפֿינט אין זיי; מענטש, אויף וויפֿיל זיין נאָענטקייט פֿאַרכאַפּט אונדז, איז דורך־און־דורך קוואַליטעט. ווען דער ענטפֿער באַמיט זיך לאָגיש צו דערקלערן קען ער עס טאָן בלויז דורך ווערטער וואָס רויבן אַוועק די קוואַליטעט, דעם אינערלעכן זאַפֿט, ווי מען רופֿט עס, פֿונעם געשאַפֿענעם ווערק.

דעריבער, ווען עס קומט אָן די געבענטשטע תאווה, און די אינערלעכע גייסטיקע נויט, צו לעבן אין דער פּאָעטישער וועלט, איז בעסער צו טרינקען די זאַפֿטן וואָס טריפֿן פֿון איר אַרויס און אָטעמען מיט דער לופֿט וואָס באַוועגט זיך צווישן גלייכגילטיקייט און טיפֿער גערירטקייט, ניט צווישן רעזאָנירנדיקע קשיות און ענטפֿערס. אָט אַזוי, ווען עפּעס אַן אינערלעכער כוח רייסט מיך אָפּ פֿון די קליינע דאגות פֿון טאָג און איך ווער פֿאַרטראָגן אין

אַ ספערע פון לויטער קוואַליטעט, לייכט אויף אין מיין זכרון מאַני לייבס אַ סטראָף:

פאַרנאַכט, ווען די זון איז פאַרשוואונדן,
האָט עפּעס אַ מענטש מיט אַ הויקער
ביים ראַג דעם לאַמטערן געצונדן
און איז אין די גאַסן פאַרשוואונדן.

דערמאָנט זיך מיר יענע צייט ווען די גאַסן פון גרעסערע שטעט זענען געווען באַלויכטן פון גאַז־לאַמטערנעס וואָס אַ מענטש פלעגט אַרומגיין און זיי אָנצינדן יעדן פאַרנאַכט. דער מענטש האָט געקענט זיין אַ שוואַכער, צי אַ קאַליקע, ווייל די אַרבעט איז דאָך געווען אַ לייכטע; פלעגט ער אין די פאַרנאַכטן גיין פון לאַמטערן צו לאַמטערן מיט אַ לאַנגן שטעקן אין דער האַנט, צונייגן דעם שפּיץ צו דער לאָמפּ, פלעגט פּלוצלונג אויפלייכטן אַ קליין פלעמל, זיך אַריינשטעכן אין דער טונקלקייט פון בין־השמשות, און דער מענטש, צוזאַמען מיט זיין אויסגעצויגענעם שוואַרצן שאָטן, איז ביסלעכ־ווייז ערגעץ פאַרלוירן געוואָרן אין דער פינצטערניש.

דאָס איז דאָס פּאַקטישע דרויסנדיקע בילד, די קוואַנטיטעט. אָבער אַז איך לייען מאַני לייבס סטראָף דערפיל איך אין דעם אַן אָפּקלאַנג פון אַן אינערלעכן פּסיכישן צושטאַנד. שווער דאָס צו באַשרייבן מיט טרוקענע ווערטער און עס זאָל נאָך דערפון עפּעס בלייבן. אָבער דער פאַרנאַכט, אַ מענטש מיט אַ הויקער וואָס קומט פון ערגעץ און פאַרשווינדט, אַ פלעמל אין דער הויך, אַ שוואַרצער שאָטן אונטן — עפּעס דערציילט עס וועגן דעם גורל פון אייגענעם לעבן באַפאַרבט מיט דער קאָליר פונעם בין־השמשות־דיקן געמיט.

לאָמיר בעסער ניט אַנאַליזירן דעם סטראָף צו דערקלערן וואָס דער דיכטער האָט געמיינט, אויב דאָס בילד האָט אין איך קיין אָפּקלאַנג, קיין מיטנקלאַנג, ניט אַרויסגערופן קען דאָס זיין צוליב צענדליקער סיבות, דעמאָלט לאָזט עס רואיק פאַרביישוועבן. אויב דער סטראָף האָט איך יאָ מיטגעצויגן, באַמיט זיך ניט צו דערקלערן סיבות און פועל־יוצא׳ס, לאָזט עס בעסער אַריינטריפן אין זיך ווי אַ פאַרנאַכטיקע תפילה וואָס שלאָגט אָן אַ טיפן, אינערלעכן טאָן. איר דאַרפט בלויז פאַרנעמען און זאָגן אמן.

(1954)

# ווערטער וואָס דערקלערן

צווישן די שאַרפֿע אַפּעטיטן וואָס באַהערשן דעם מין מענטש זענען פֿאַראַן צוויי וואָס, כאָטש זיי געהערן צו די ריין אינטעלעקטועלע קאַלטע לונג־און־לעבערס, דאָך טרייבן זיי אונדז מיט אַ כוח פֿון אַן עכטער פֿלאַמיקער תּאווה. דאָס איז דער חשק צו וויסן, פֿעסטצושטעלן פֿאַקטן, און דער חשק זיי צו דערקלערן. אין פֿלוג קען זיך אויסווייזן אַז דאָס זענען אַזעלכע אַפּעטיטן, וואָס בלויז קאַבינעט־מענטשן און פּראָפֿעסיאָנעלע חכמים לעבן אין זייער זכות. אָבער דאָס איז ניט מער ווי אַן איינרעדעניש. איך האָב דווקא אין זינען דעם פּשוטן מענטשן פֿון אַ גאַנץ יאָר. יעדער צופֿעליקער פֿאַרבייגייער אין גאַס זוכט פֿעסטצושטעלן פֿאַקטן און עס גייט אים אין לעבן צו געפֿינען עפּעס אַ סיבה וואָס דערקלערט זיי.

איינער, דער קאַבינעט־מענטש, איז שטאַרק פֿאַראינטערעסירט, למשל, צו דערגיין צי די מבול־מעשה פֿון חומש איז די ער־שטע פֿון דעם מין, צי ביי אַנדערע פֿעלקער פֿון אַמאָליקע צייטן איז פֿאַראַן אַן ענלעכע לעגענדע, און אויב יאָ, אויף ווי וויט איז זי אַנדערש, און אין וואָס די אַנדערשקייט באַ־שטייט, צווישן יענער לעגענדע און דער מעשה פֿון בראשית. אַן אַנדערער, דער צופֿעליקער פֿאַרבייגייער אין גאַס, איז ממש פֿאַרכאַפּט פֿון נייגעריקייט צו דערגיין צי ס׳איז אמת אַז זיין באַקאַנטער פֿון אַמאָליקע יאָרן האָט טאַקע באַנקראָטירט, ווי מען זאָגט, און אויב יאָ, מיט וואָסערע סומעס שמעקט דאָס. צי האָט ער עס געטאָן אויס נויט אָדער עס איז פּשוטער שווינדל און אויב דאָס לעצטע איז ריכטיק, צי איז אים די אַפּערע געראָטן.

אויף אַזוי ווייט האָבן מיר צו טאָן מיטן פֿעסטשטעלערישן חשק, דעם חשק צו זיין זיכער מיט די פֿאַקטן פֿונעם לעבן, פֿאַקטן, אין וועלכע מען איז פֿאַראינטערעסירט. אַביסל שאַרפֿער און רייצנדיקער איז דער חשק צו דערקלערן. דער איינער, דער קאַבינעט־מענטש, געפֿינט אַז כאָטש ענלעכע מבול־מעשיות געפֿינט מען אין אַנדערע אַמאָליקע קולטורן, איז די מעשה אין חומש מער פֿאַרבונדן מיט מאָראַלע מאָטיוון; דער מענטש, וואָס גאָט גיט אים אַ מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען, נח, איז דער צדיק פֿון זיין דור, און דער מבול איז געווען אַ שטראָף, ווייל די וועלט איז געווען פֿול מיט רשעים. אָט דאָס דערקלערט פֿאַרוואָס די זעלביקע מעשה אין חומש האָט זיך געלאָזן אין אַן אַנדער ריכטונג. דער חומש, הייסט עס, איז דער עיקר פֿאַראינטע־רעסירט אין דער מאָראַלער קוואַליטעט פֿונעם מענטשן.

דער אַנדערער, דער צופֿעליקער פֿאַרבייגייער אין גאַס, פֿאַרשטייט, אַזוי שנעל ווי ער הערט אַז זיין באַקאַנטער פֿון אַמאָליקע יאָרן האָט באַנקראָטירט, אַז יענער חברה־מאַן איז בטבע אַ שווינדלער, אַ דריי־קאָפּ, אַז דער באַנקראָט איז געווען אַ געמאַכטע מעשה. דאָס דערקלערט פֿאַרוואָס זיין באַקאַנטער,

דער באַנקראָטניק, האָט זיך אַזוי לייכט אַרויפגעאַרבעט, בעת אים אַליין איז ניט געלונגען צו מאַכן אַ לייכטן גראָשן.

כאָטש אין ביידע פאַלן, ביי פעסטשטעלן און דערקלערן, האָבן מיר צו טאָן מיט גאַנץ רייצנדיקע אַפּעטיטן, דאָך קען מען גלייך באַמערקן אַ בולטע נפקא מינה צווישן די צוויי. דער פעסטשטעלער׳שער חשק איז בטבע מער אָביעקטיוו. על פּי רוב זענען מיר ניט פריי צו זוכן דעם פאַקט אַקוראַט וואו ער געפינט זיך, אָדער צו זען אים אין יעדן סאָרט ליכט אין וועלכן ער לאָזט זיך זען. עפּעס אינעווייניק אין אונדז טרייבט צו קוקן אויפן פאַקט מיט ברילן וואָס מיר טראָגן שוין פון פריער. עס איז אָבער גאָרניט קיין פאַרגלייך צווישן דעם און דער מאָס אומפּרייהייט וואָס באַהערשט אונדז בעת מיר קומען צום דערקלערן. עס איז זייער מעגלעך אַז דער וואָס האָט דערזען אין דער מבול־לעגענדע פון דעם העברערן מאָראַלן מאָטיוו, נעמט זיך עס ניט בלויז פונעם אמת וואָס אין דעם שטעקט, נאָר אויך צוליב דעם וואָס דער געגעבענער דענקער איז אַ ייד, אָדער בכלל אַ מענטש וואָס ביבלישע טעקסטן רופן ביי אים אַרויס אַ באַציאונג ווי צו עפּעס הייליקס. ממילא, אַפילו דאָס וואָס ער האָט דערזען זאָל טאַקע זיין אין גאַנצן ריכטיק, וואָלט אים אפשר אין גאַנצן ניט איינגעפאַלן צו באַמערקן דעם דאָזיקן מאָמענט ווען זיין באַציאונג צום חומש וואָלט געווען אַן אַנדערע.

מהאי טעמא איז זייער מעגלעך אַז דער צופעליקער פאַרבייגייער האָט פשוט אויס זעלבסטפאַרטיידיקונג דערקלערט זיין אַמאָליקן פריינדס באַנקראָט ווי אַן אַקט פון פאַרברעכערישן שווינדל. וואָרעם יענער, ווי מיר געפינען אויס, האָט זיך מאַטעריעל גיך אַרויפגעאַרבעט, בעת ער אַליין איז געבליבן ביי אַן ערגערער מערכה. מיר פאַרשטייען גאַנץ גוט אַז עס איז לחלוטין ניט אַזוי לייכט פאַר אים צו פועלן ביי זיך אַז ער זאָל זיך האַלטן פאַר אַ שלימזל און זיך איינלעבן אינעם געדאַנק אַז זיין פריינד שטייגט אים אַריבער און פאַרטונקלט אים אין דער פּייאיקייט עפּעס אויפצוטאָן. אָבער אָט איז געקומען אַ גליקלעכער שעת הכושר. דער פריינד האָט באַנקראָטירט. פירט עס דירעקט צו אַ חשד אַז זיין פריערדיק אַרויפאַרבעטן זיך איז ניט געקומען אויף אַ כשרן אופן, אַז עס האָט גאָרניט צו טאָן מיט פייאיקייט, נאָר מיט אַ כאַראַקטער וואָס האָט ניט קיין גאָט אין האַרצן. דער איצטיקער באַנקראָט איז אפשר, ניין, מסתמא, ניין טאַקע זיכער, אַן אַקט פון פשוטן שווינדל.

ער כאַפּט זיך שנעל אַרום מיטן דאָזיקן געדאַנק, ווייל איצט ווערט שוין אַלץ קלאָר. דאָס דערקלערט גאַנץ פשוט פאַרוואָס ער איז געבליבן אויף אַן אונטערשט טרעפּל פון דער עקאָנאָמישער לייטער, בעת יענער האָט דער־קלעטערט ביזן שפּיץ. אין דער וועלט, אין וועלכער מיר לעבן, איז אַזאַ רעזולטאַט דער נאַטירלעכער חילוק וואָס צווישן אַן ערלעכן מענטשן, ד״ה, איך אַליין, און אַ גנב, ד״ה, יענער.

ווי מיר זעען איז אינעם חשק צו דערקלערן פאַראַן אַ סך מער באַהעל־טעניש עס זאָל זיך דאָרט אַריינגנבענען — און פון דאָרט אַרויסשרייען מיט אַ פאַרשטעלטער שטים — די שטענדיקע זאָרג פונעם מין מענטש צו געפינען פאַר זיך אַ חשוב ווינקל פאַר אַן אַנזעעוודיקער פערזענלעכער עקזיסטענץ.

מיר געפינען אַ סך ווערטער אין דער שפּראַך וואָס אויף זיי ליגט בולט דער שטעמפּל פון דער דאָזיקער זאָרג. מען קען אויך אין זיי זען די פאַר־שיידענע קונציקע אופנים, וואָס דורך זיי רייסט זיך אַרויס אין אומשולדיקן גרים די גרויסע זאָרג פון אונדזער לעבן.

אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָבער דער עיקר אין דער שרייבער־וועלט, הערט מען אָפט דעם קנאה׳דיקן געמורמל, אַז פלוני בן פלוני איז געוואָרן אַ שם דבר אין דער וועלט; אַז זיין נאָמען וואַרפט זיך אין די אויגן און אין די אויערן, בלויז דערפאַר ווייל ער פאַרמאָגט „שטאַרקע עלנבויגנס״, ווייל ער שטופּט זיך צום פראָנט מיט אַלע כוחות. דאָס איז ניט בלויז אַ כאַראַק־טעריסטיק פון אַ מענטשן נאָר אויך אַ דערקלערונג, אַן אַרויסגעהייבענע סיבה וואָס איז אויסן קלאָר צו מאַכן די כוחות וואָס טרייבן מענטשן צו פאַרנעמען באַשטימטע עפנטלעכע פּאָזיציעס.

אין פלוג זעט דאָס אויס צו זיין בלויז אַן אויסדרוק פון אַ מין סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער טעאָריע. עס וויל ציען אונדזער אויפמערקזאַמקייט צו אַ וויכטיקן פאַקטאָר וואָס באַשטימט די ראָלע פון אַ יחיד אין קולטורעלן אָדער סאָציאַלן לעבן. עס איז אָבער ניט שווער צו דערזען אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט מער ווי סתם אַ טעאָריע.

די כאַראַקטעריסטיק „עלנבויגנס״ איז ניט קיין נייטראַלער פּונקט אין אַ רשימה פון מעגלעכע אייגנשאַפטן ביי אַ מענטשן. עס איז אַ קוואַליטעט וואָס איז מאָראַליש ווידערווייליק. ווען מען זאָגט עס וועגן אַ מענטשן איז עס ניט גלאַט אַזוי אַן אָביעקטיווע באַשרייבונג, נאָר אַ טענה וואָס באַקלאָגט זיך אויף אַ חסרון. פון דער אַנדער זייט איז עס אויך אומדירעקט אַ פּסיכישע פאָטאָגראַפיע פון זיך אַליין. וואָס שאַרפער מען אַקצענטירט יענעמס טבע זיך צו שטופּן צום פראָנט, אַלץ מער שטרייכט מען אונטער די אייגענע צוריקגעהאַלטנקייט, עניוות, גייסטיקע ריינקייט, אַלץ אַזעלכע אייגנשאַפטן וואָס פאַרנעמען אַן אויבנאָן אין אַנגענומענער געזעלשאַפטלעכער עטיק. קומט אויס אַז יענעמס „עלנבויגנס״ ווערט שוין דאָ אַ באַגריף, אַ טעאָרעטישע דערקלערונג, וואָס וואַרפט אַ סימפּאַטיש ליכט אויף דער אייגענער פערזענ־לעכקייט. די וועלט, הייסט עס דעמאָלט, איז אַזוי געבויט, אַז בלויז מיט אָפּשטויסיקע אייגנשאַפטן קען מען אַ סך דערגרייכן, אָבער די פיינערע נאַטורן — ווי עס איז, למשל, דער בעל הטענה — אַזעלכע מוזן בלייבן פון הינטן.

אונדזער שפּראַך איז פול מיט אויסדרוקן וואָס אין אַ פּאַסיקן קאָנטעקסט לייגט מען אויף זיי אַרויף די פונקציע פון דערקלערן געוויסע פאַקטן. מען

וואָלט זיי דעמאָלט געדאַרפט רופן דערקלער־ווערטער, כאָטש אין דער אמתן באַנוצט מען זיי צוליב נאָך אַ סיבה וואָס ווערט אָפּן ניט אויסגעדריקט. ווען מען קוקט פון אויבן־אויף אויף אָט די דערקלער־ווערטער קען זיך דאַכטן אַז זייער ציל איז צו דערקלערן פאַקטן, אָבער ווען מען קוקט זיך צו זיי צו אַביסל נעענטער, נעמט זיך וואַרפן אין די אויגן אַז מער ווי דער־קלערן פאַקטן דערקלערן זיי דעם דערקלערער. ווען מען אַנאַליזירט דעם גאַנצן ענין כאַפּט מען זיך גלייך אַז געשעענישן אין פּריוואַטן און עפנטלעכן לעבן פון אַלע סאָרטן און פאַרבן, לויט צייט, צופאַל און באַדינ־גונגען, רוקן אַרויס פאַרשיידענע דערקלער־ווערטער, וואָס אַלע זענען זיי געבויט אויפן קלוג־פאַרטראַכטן פּרינציפּ אין סאָציאַלע באַציאונגען, דעם פּרינציפּ פון „טאָכטער, דיך שטראָף איך, שנור, דיך מיין איך".

אַ וואָרט וואָס איז אין די לעצטע יאָרן געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער איז „צביעות". אין עפנטלעכע שמועסן און פּאָלעמיק ווערט די דאָזיקע כאַראַקטע־ריסטיק באַנוצט אין צוויי פאַלן. ביסלעכווייז איז געקומען דערצו, אַז יידן וואָס מען האָט אַמאָל געהאַלטן פאַר אומגלייביקע, האָבן פּלוצלונג אָנגעהויבן צו רעדן רעליגיעזע רייד. נאָך מער, זיי רעדן רעליגיעזע רייד אָבער זייער אויפפיר איז גאַנץ ווייט פון די פרומע יידן וואָס זענען אונדז באַקאַנט פון די אַמאָליקע יאָרן. איז דער ענין טאַקע ניט פשוט און מען דאַרף אים דער־קלערן. ממילא — צביעות.

דער צווייטער פאַל האָט צו טאָן מיט יענע יידן וואָס געפינען זיך ביי די ראַנדן אויף דער קאָמוניסטישער זייט פון דער באַריקאַדע. מען מוז מודה זיין אַז יענע צווישן זיי וואָס לעבן נאָך אַלץ אין דער יידישער קולטור־ספערע איז טאַקע גאָר ניט לייכט צו פאַרשטיין. אויסגאַבעס וואָס שטיצן זיך אויף קאָמוניסטן און זייערע סימפּאַטיקער, צייכענען זיך אויס מיט זייער אַ פאַרדעכטיקער טאָלעראַנץ צו אַנטי־יידישע אַקטן פונעם מאָסקווער וואַטיקאַן.

זייער אויפקום ווי אַן אָרגאַניזירטע גרופּע, ווי אַ „יידישער קולטור־פאַרבאַנד", אָדער „איקוף", שטאַמט לכתחילה פונעם פאַרלאַנג צו פאַרקוקן פּאָליטישע אונטערשיידן בעת עס קומט אויס צו אַרבעטן לטובת יידישער קולטור. אין יענער צייט, אין די דרייסיקער יאָרן, האָבן טייל ניט געקענט אָנטאַפּן דעם געמיינעם גוף פון דער לינקער אָריענטאַציע צוליב דער משיחישער הויט וואָס האָט אים באַדעקט. האָט זיי שטאַרק פאַרדראָסן ווען עמעצער האָט ניט געוואָלט האָבן קיין מגע ומשא מיט אַזאַ שותף, אַפילו אין „נייטראַלער" יידישער קולטור, בפרט ווען דער סאַמע צענטער, דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזוי פיל הייס בלוט, האָט דעמאָלט ממש געקאָכט און געזידט מיט יידישער קולטור־אַרבעט, דערצו נאָך מיט דער הילף פון דער מלוכה, אויפן גאַנצן ברייטן שטח וואו אַזאַ אַרבעט קען געפירט ווערן.

ויהי היום, האָט זיך דאָס רעדל איבערגעדרייט מיט אַזאַ מערדערלעכער

נקמה, אַז סיי פונעם געשאַפענעם, סיי פון די וואָס האָבן עס געשאַפן איז קיין שריד ופליט ניט געבליבן. אין דער צייט פון אונדזער חורבן אונטער די נאַציס האָט אַ יידישער מאַרטירער־דיכטער אין פוילן באַקלאָגט „דאָס אויסגעהרג׳עטע יידישע פאָלק״. אינעם גרויליקן יידישן חורבן אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד איז דאָרט אַפילו ניט געבליבן פריי קיין איינציקע יידיש־שאַפנ־דיקע פערזענלעכקייט וואָס זאָל קענען עפנטלעך באַקלאָגן דאָס אויסגע־הרג׳עטע יידישע גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע לעבן.

האָט מען זיך געקענט ריכטן אַז יידישע שרייבער, קינסטלער, וואָס האָבן זיך פאַרבונדן מיטן קאָמוניסטישן זיווג — אויב זיי האָבן ניט קיין קאָמוניסטישע פאַרטיי־חשבונות און לעבן אין פרייע לענדער — וועלן אָנו־לירן די אַמאָליקע חתונה און זיך אָפּזאָגן ווייטער צו פירן אַן אוממאָראַליש פאַמיליע־לעבן. האָבן טייל פון זיי זיך אונטערגעוואָרפן דעם באַפעל פון זייער געוויסן און טאַקע אַזוי געטאָן. אַנדערע זענען ווייטער געבליבן אין די אָרעמס פונעם קאָמוניסטישן שותף. ווי קען מען עס דערקלערן?

מען קען ניט לייקענען אַז דאָ שפּילן אַ ראָלע אַ סך זייער פאַרפלאָנטערטע קאָמפּליקאַציעס. אָבער דאָס ערשטע וואָס מען הערט אין אַזעלכע פאַלן — דער עיקר מצד די וואָס געפינען זיך אויף דער אַנדער זייט פון דער באַריקאַדע — איז דאָס דערקלער־וואָרט „צביעות״, דאָס הייסט אַז אין האַרצן ווייסן זיי אויסגעצייכנט אַז דאָס פּראָפעסיאָנעלע לעבן וואָס זיי פירן, כלומרשט לטובת יידישער קולטור, ליגט אין אַ פאַרברעכערישן זומפּ, אָבער זיי פאַר־פּשט׳לען עס מיט אומערלעכע אַרגומענטן און פאַרשטעלן עס מיט שיינע ווערטער, ווייל פון יענעם זומפּיקן ווינקל ציען זיי זייער חיונה.

אין זיין בוך דער געפאַנגענער גייסט באַרירט טשעסלאַוו מילאָש די דאָזיקע פראַגע. מילאָש אַליין, אַן אַנגעזעענער פּוילישער פּאָעט, האָט געדינט דער קאָמוניסטישער רעגירונג פון זיין לאַנד ביז 1951 און דעמאָלט, אין פּאַריז, האָט ער אָפּגעבראָכן אַלע באַציאונגען מיט דעם איצטיקן פּוילן. ער גיט אָפּ פיר קאַפּיטלען פון זיין בוך צו באַשרייבן פיר פון זיינע פאַך־קאָלעגן און ווייזט ווי אַזוי זיי זענען ביסלעכווייז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער קאָמוניסטישער פּילפּוליסטיק און גענומען באַטראַכטן זייער אייגענעם געדאַנק אין ליכט פונעם דיאַלעקטישן אַהין־און־אַהער.

נאָך דעם ווי מילאָש פאַרענדיקט די דערמאָנטע פיר קאַפּיטלען, זאָגט ער: „ווער עס וועט לייענען די עפנטלעכע דערקלערונגען פון די פיר שרייבער, וואָס וועגן זיי האָט זיך גערעדט אין די פריערדיקע קאַפּיטלען, קען זאָגן אַז זיי האָבן זיך פאַרקויפט. אָבער דער אמת איז מער פאַרוויקלט. די דאָזיקע מענטשן זענען מער־ווייניקער באַוואוסטזיניקע קרבנות פון אַ היסטאָרישער לאַגע״.

אין טאָג־טעגלעכן לעבן באַמערקן מיר צו אָפט ווי מענטשן דריקן אויס סתירותדיקע שטעלונגען צום זעלביקן ענין ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן.

ניט דער ענין, נאָר, דער עיקר, די געלעגנהייט באַשטימט דעם צוגאַנג. די רייצנדיקע, וועלט־דערלייזערישע הויט, וואָס וויקלט זיך אַרום דעם ברוטאַלן קאָמוניסטישן גוף, האָט מערקווערדיק צעפּלאָנטערט די נאָרמאַלע פּסיכיק פון די וואָס האָבן זיך צוגעשאַרט צו זייערע ד׳ אַמות. ממילא ווען דאָס געוויסן פון אַ דרויסנדיקן ווערט שאָקירט פון אַ סתירה ביי עמעצן וואָס שטייט נאָענט צו זיי, קען זיין אַז דאָס האָט גאָרניט צו טאָן מיט „זיך פאַר־קויפט״, אָדער צביעות, כאָטש אַזאַ איז דער איינדרוק אויפן ערשטן בליק.

אַ באַמערקונג וואָס דרינגט טיף אַריין אין דער געביטענער אינערלעכער וועלט פון אַ קאָמוניסטישן קרבן געפין איך אין אַרטור קעסטלערס בוך פינצטערניש אין מיטן טאָג. עס קומט דאָרט פאָר אַ שמועס צווישן דעם פּראָקוראָר און דעם באַשולדיקטן אין פּאָליטישער אָפּאָזיציע. נאָך עטלעכע פאַרצויגענע דיאַלאָגן זאָגט דער שרייבער: „...און קיינער פון זיי האָט מער ניט געמאַכט קיין חילוק צווישן דעם וואָס רובאַשאָוו האָט פּאַקטיש געטאָן און דעם וואָס ער וואָלט געקענט טאָן ווי אַ פּועל יוצא פון זיינע מיינונגען״. דעריבער דערנענטערן זיך ביידע צום אינערלעכן איינשטעל אַז „געטאָן״ און „געקענט טאָן״ זענען הייינו־הך, אַפילו אין דער גילטיקייט פון אַ קרימינעלער באַשולדיקונג. דאָס וואָלט אויסגעקוקט ווי הוילע משוגעת אין אַ נאָרמאַלן געריכט פון נאָרמאַלע מענטשן אין אַ נאָרמאַלער צייט.

אָבער אונדזער גרייטקייט צו וואַרפן אין פּנים אַריין „צביעות״ איז, דאַכט זיך מיר, קודם כל, אַן אַקט פון באַפרידיקן זיך אַליין. עס איז אינ־טערעסאַנט צו אַנאַליזירן וואָס אין דעם שטעקט. ראשית איז דאָס דער לייכטסטער אופן צו באַפרידיקן דעם חשק צו דערקלערן עפּעס וואָס זעט אויס זייער ניט גלאַטיק. אָט איז אין איינציק דערקלער־וואָרט וואָס באַלייכט אַ שווערן, קאָמפּליצירטן ענין און שוין זעט אַלץ אויס צו זיין פאַרשטענדלעך. שנית איז דאָס אַזאַ מין דערקלער־וואָרט וואָס מען קען עס אויסשרייען מיט געבייזער, ממילא שטילן דעם כעס וואָס יענעמס האַנדלונג רופט אַרויס. דריטנס — און דאָס איז דער סאַמע עיקר — דאָס וואָרט „צביעות״ הייבט אויף אומדירעקט דעם אייגענעם פּרעסטיזש און שטעלט אַוועק אויף אַ העכערער פּאָזיציע די אייגענע מיינונג. ווען איך רוף יענעם היפּאָקריט מיין איך דערמיט צו זאָגן אַז אין דער אמתן ווייס יענער אויסגעצייכנט אַז מיין מיינונג, מאָראַל, צוגאַנג, זענען די איינציק ריכטיקע. נאָר צוליב געוויסע נוצן פאַר זיך אַליין, פאַרשטעלט ער זיך, שפּילט ער טעאַטער. סיי ווי קומט אויס אַז דורך מיין דערקלער־וואָרט שטעל איך זיך אַליין אַוועק אין דער מזרח־וואַנט פון גוט און אמת.

אַ דערקלער־וואָרט וואָס ווערט צום אָפטסטן באַנוצט און זעט אויס צו זיין זייער אומשולדיק איז דער ווערב „איז״. מיטן דאָזיקן וואָרט באַצייכנט מען אי אַזאַ כאַראַקטעריסטיק וואָס מוז דויערן אַזוי לאַנג ווי דער מענטש

לעבט (למשל, „ער איז אַ כינעזער”), אי אַזאַ וואָס האַלט אָן בלויז אַ קורצע צייט (למשל, „ער איז היינט ניט קיין רעדנער נאָר אַ צוהערער”). עס קען אָבער קיין ספק ניט זיין אַז דאָס וואָרט „איז” טראָגט מיט זיך דעם איינדרוק פון שטענדיקייט, פון עפּעס וואָס איז ניט אָפּצוטיילן פונעם גאַנצן אָרגאַניזם.

ווען מען פרעגט, למשל, וויפיל קאָמוניסטן אָדער פאַשיסטן עס זענען פאַראַן אין אַ באַשטימטער מדינה, איז די עצם פראַגע פאַרפירעריש. מיר ווייסן וואָרום אַז דער דורכשניט־מענטש קען ביי פּאַסיקע געלעגנהייטן זייער לייכט בייטן זיינע אידעאָלאָגישע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. דאָס זענען דאָך מעשים בכל יום אין אונדזערע שווערע צייטן. אָבער די פראַגע ווערט געשטעלט אַזוי ווי דאָס וואָלטן געווען שטענדיקע קוואַליטעטן פון מענטשן; אַז אויף דעם קען זיין אַ באַשטימטער ענטפער וואָס איז גילטיק אומאָפּהענגיק פון די טעגלעכע געשעענישן אינעם לאַנד, אַקוראַט ווי די פראַגע וואָלט געווען וויפיל מענער און פרויען עס געפינען זיך דאָרט.

אָבער עפּעס ווי מיר וואָלטן שטאַרק געוואָלט זיך פאַרגעסן, טראָגן מיר אין זיך דעם איינדרוק אַז דער ווערב „איז” באַטייט אַ צושטאַנד וואָס איז תמיד דער זעלביקער. עס ליגט אַ גאַנץ געזונטער שכל אין אַזאַ פאַרלאַנג. ווען מיר שרייבן צו שטענדיקייט צו די שטריכן פון די וואָס רינגלען אונדז אַרום, גיט דאָס אונדז אַ געפיל פון זיכערקייט אַז מיר דאַרפן אומגיין מיט זיי אַזוי און ניט אַנדערש. אַזוי ווי עס האַנדלט זיך דאָך וועגן שטריכן וואָס מיר האַלטן פאַר מעלות אָדער חסרונות, ווייסן מיר שוין דעמאָלט מיט וואָס מיר זאָלן זיך אינערלעך אידענטיפיצירן און פון וואָס מיר זאָלן זיך האַלטן פאַר דערוויטערט. וואָרעם אין אַזעלכע פאַלן מעסטן מיר אויס אונדזער נשמה כדי צו געפינען אין איר אייגנשאַפטן וואָס הייבן אונדז אויף צו אַ חשובער מדרגה. אַחוץ דעם ליגט אויך אינעם „איז” אַ דערקלערונג, אַ ליכט וואָס ווייזט אונדז די שטענדיקע טבע פון אונדזער סאָציאַלער וועלט. מיר ווערן דעמאָלט געוואָר, אַז אַזוי איז עס, און צו דעם זענען מיר מוסיף פון זיך אַליין אַז אַזוי בלייבט עס.

סוף כל סוף איז ניט שווער צו פאַרשטיין און מען דאַרף ניט פאַרדענקען פאַרוואָס מענטשלעך לעבן דריקט זיך אויס אויף אַזאַ אופן. מיר זענען די איינציקע אין דער וועלט פון באַשעפענישן וואָס ווייסן אַז מיר זענען דאָ און קענען טראַכטן וועגן דער אייגענער עקזיסטענץ. מיר דערפילן דעם עכטן טעם פון אונדזער זיין ערשט ווען מיר דערזעען זיך אין פערזענלעכער חשיבות, און צו זען זיך אין חשיבות באַטייט צו דערפילן אין זיך אַ ווערט וואָס איז אויך חשוב ביי אַנדערע.

צוליב דעם איז אויך דער טראַדיציאָנעלער „אני הקטן” אַ דערקלערונג

פון דער אייגענער געהויבנקייט. דער דיכטער מאיר זימל טקאַטש ברענגט עס אַרויס אין זייער טרעפלעכע שורות:

אַ קליינער בראָכטייל פון אַ גאַנצקייט בין איך,
פאַרליר איך זיך, די גאַנצע וועלט געפין איך.
מיין וויניקייט פילט ערגעץ אויס אַ בלויז.
כ׳בין קליין, גאָר ניט קיין איבעריקער שפּליטער,
און ווייל כ׳בין קליין איז גאָט אַליין מיין היטער —
אַ קינד אין שויס פון טאַטן וואָס איז גרויס.

צווישן די טויזנטער מיטלען וואָס מיר ווענדן אָן צו באַפאַנצערן און היטן אַזאַ מין לעבן דאַרף מען אויך רעכענען די ווערטער וואָס דערקלערן, אָדער מאַכן דעם איינדרוק אַז זיי דערקלערן.

(1955)

# עפּעס מער

איר שטייט ביים פענצטער און באַטראַכט די וועלט. איר זעט, איר הערט. אויב עס רעגנט „זעט" איר אומעט; אויב עס איז זוניק „זעט" איר נחת־רוח. איר זעט? עס רעדט זיך נאָר אַזוי. איר ווייסט אויסגעצייכנט אַז אומעט און נחת־רוח זענען ניט אַזאַ שטאָף וואָס אַן אויג קען זען. קענטיק אַז אינעם אויג, און אינעם מענטשן בכלל, זיצט אַ קאָמענטאַטאָר וואָס מאַכט פּירושים. איר זעט ווי דער קאָמענטאַטאָר פּירוש׳ט; איר הערט און דער דרשן דרשנט. דאָס איז ריכטיק ניט בלויז וועגן אַזעלכע לופטיקע געפיל־זאַכן ווי אומעט און נחת־רוח. אויך ביי פּשוטע פיזישע זאַכן קען געשען דאָס זעלביקע. פאַרוואָס זאָל אַ מטבע שטענדיק אויסזען קיילעכיק? לויט די געזעצן פון פּערספּעקטיוו וואָלט זי געדאַרפט אָננעמען אויך אַנדערע פאָרמען, אָפּהענגיק פון ליכט און שאָטן, פון וועלכער זייט איר קוקט אויף איר, אאַז״וו. קענטיק אַז די קיילעכיקייט איז אָפּט אַן אַריינגעטייטשטע. בקיצור, עס ווייזט אויס אַז אינדרויסן איז טאַקע עפּעס דאָ, אָבער די דאָזיקע דרויסנדיקע „זופּ" וואָלט קיין טעם ניט געהאַט ווען מיר וואָלטן פון זיך אַליין ניט צוגעגעבן אַ ביסל „זאַלץ" זי זאָל זיין אַ ביסל געשמאַקער צום גומען.

אָבער צוריקגעשמועסט, פונוואַנען בין איך עס אַזוי זיכער אַז דאָס זאַלץ זענען מיר מוסיף פון זיך אַליין? אפשר ליגט עס טאַקע אין דרויסן, אין דער זאַך גופא? ניטאָ, באמת, קיין פּוסק אחרון וואָס מיר זאָלן זיך קענען אויף אים אין גאַנצן פאַרלאָזן אין דעם פּרט, וואָרעם אָן די חושים איז דאָך קיין וועלט ניטאָ, היינט אויב מיט די חושים קומט גלייך מיט דער באַזאַלצער וואָס באַזאַלצט, טאָ גיי ווייס צי מיר זענען עפּעס מוסיף פון זיך אַליין אָדער די וועלט קומט גלייך צו אונדז אַ באַזאַלצענע און מיר האָבן ווינציק וואָס צו טאָן נאָר גלייך דערשפּירן מיר איר געזאַלצענעם טעם?

געוויינטלעך, אַז עס קומט צו אַזעלכע האַרבע קשיות מאַכט מען פּשרות. פאַראַן געניג ראיות פאַר ביידע צדדים און אויך פאַר מעגלעכע קאָמבי־נאַציעס צווישן די צוויי. די וועלט איז צופיל איבערגעפּאַקט מיט קנופּן און שלייפן און פלאָנטערס אַז מען זאָל זיך פאַרגינען אַן איבעריקע מאָס גלאַטיקייט אין אונדזערע מחשבות וועגן איר. מודה זיין מוז מען אַז די וועלט ווייזט אַרויס גאַנץ קענטיקע סימנים פון ביידע מינים, אי מיר אַליין מאַכן אַז פונעם עפּעס זאָל ווערן עפּעס מער, אי אַז דער עפּעס מער ליגט שוין גלייך דאָרט איידער מיר רירן זיך צו אים צו. עס איז אַ סך לייכטער צו דערזען די ראיות פונעם ערשטן מין. זיי וואַרפן זיך אין די אויגן גלייך פון אויבן אויף און גאָט האָט אונדז באַשאַפן מיטן שטאָף פון פונדאַמענטאַלער סתירה: כדי צו לעבן האָט ער אין אונדז אַריינגעבלאָזן אַ נשמה, אָבער

דער זעלביקער נשמה איז לייכטער צו באַנעמען דאָס וואָס איז מאַטעריעל. וועלן מיר צוגיין צו די ראיות פונעם ערשטן מין, וואָס מען קען כמעט אָנטאַפּן מיט די הענט, אַזוי צו זאָגן.

מען וואָלט געקענט צעטיילן אונדזער לעבן אויף באַזונדערע געלעגנהייטן וואָס אונדז קומט אויס דורכצוגיין. דאָס פּריוואַטע לעבן אין די גרענעצן פון דער פאַמיליע, למשל, איז אַנדערש ווי ביי אַן עפנטלעכער געלעגנהייט. אין יעדן פון די צוויי פאַלן זענען פאַרוויקלט אַנדערע מאָטיוון, באַציאונגען, טעמעס און שמועסן, געפיל־אויסדרוקן, אאַז״וו. די שייכותן צווישן די פּרטים פון איין געלעגנהייט זענען אַנדערש ווי ביי אַן אַנדערער. אין דעם זינען איז יעדע געלעגנהייט אַ באַזונדערע שייכות־סיסטעם. די אַנדערשקייט פון אָט די שייכות־סיסטעמען ווייַזט זיך אַרויס אָפט דורך אַנדערע ווערטער וואָס מיר באַנוצן פאַר די זעלביקע זאַכן, און טיילמאָל ברענגען מיר אַריין אַנדערע ווערטער כדי צו בייטן די שייכות־סיסטעם.

אונדז אַלעמען איז באַקאַנט ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווערס טענה צום רבונו של עולם, וואו ער רופט אויס: „פאַרוואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף דיין פאָלק ישראל?" דאָס וואָרט „אָנגעזעצט" שאַפט דאָ אַן אינטערעסאַנטע פּסיכאָלאָגישע שייכות־סיסטעם וואָס אָנטפּעלקט אַן אייגנאַרטיקע וועלט פון שייכותן און באַציאונגען. דאָס וואָרט געהערט ניט צו ליטעראַרישן אָדער ראַפינירטן וואָקאַבולאַר. גיכער איז דאָס אַ וואָרט וואָס מען באַנוצט ווען מען איז ניט מקפּיד, ווען מען איז קריגעריש צו אייגענע און דאָס אומגעהובלטע וואָרט איז נענטער צום נאַקעטן געפיל. עס וואָלט ממש שאָקירט ווען עמעצער דערוועגט זיך צו בייזערן זיך אויף גאָט אַז ער האָט זיך „אָנגעזעצט" אויף אונדז. אָבער שוין דער נאָמען, ר׳ לוי יצחק, עפנט אויף אַ וועלט פון פרומער הייליקייט, ממילא ווערט פון דעם וואָרט אַן אויסדרוק פון אַ מין פּריוואַטער נאָענטקייט צום וועלט־באַשעפער, פון געפילטער תקיפות אין דער מיסטישער וועלט וואו דער צדיק איז גוזר און גאָט איז מקיים און פון רירנדיקער אהבת ישראל. אָט דאָס וואָרט „אָנגעזעצט" בויט אויף אַ שייכות־סיסטעם וואָס ברענגט אַרויס מיט פולער קראַפט אַן „עפּעס מער" וואָס מאַניפעסטירט זיך לחלוטין ניט צו די נאַקעטע חושים.

די כאַראַקטעריסטיק פון ווערטער אַרויסצושפּיגלען פון זיך דאָס ספּעציפישע געשטאַלט פון אַ וועלט וואָס די חושים קענען צו איר דירעקט גאָר ניט צוקומען, ווייזט זיך אַרויס אין אַ סך פאַלן. לאָמיך ברענגען איין באַשיינפּערלעכן ביישפּיל דערפון. מיר ווייסן אַז עס זענען פאַראַן אָרגאַנען אין פונקציעס פון מענטשלעכן גוף וואָס בלויז אין אַ באַשטימטן קאָנטעקסט שעמט מען זיך ניט וועגן זיי צו רעדן אין דער עפנטלעכקייט. זיי זענען מער פאַרבונדן מיט דער אינטימער פּריוואַטקייט פון מענטשלעכע באַציאונגען. אָבער עס וועט זיכער ניט איינפאַלן קיין שום שרייבער אָדער לעקטאָר

צו פילן זיך צוריקגעהאַלטן ווען עס קומט אים אויס צו באַנוצן די געהעריקע אַנאַטאָמישע און פיזיאָלאָגישע טערמינען וואָס זענען געווענדט צו די דער־מאָנטע אָרגאַנען און פונקציעס. זאָל אָבער עמעצער זיך טאַקטלאָז פאַרגעסן, אָדער אַרויס פון די כלים, ניט רעכענען זיך מיטן כאַראַקטער פון דער שייכות־סיסטעם און ביי אַן עפנטלעכער געלעגנהייט באַנוצן די באַקאַנטע גאַסן־ווערטער פאַר די זעלביקע אברים און פראָצעסן, אַ סך פון אונדז וועלן אויפריכטיק זיך פילן שאָקירט און פאַרשעמט.

דאָס איז אַ זאַך וואָס איז יעדן פון אונדז אַזוי אויסגעצייכנט באַקאַנט און דאָך דאַרף דאָס, דאַכט זיך, זיין דער גרעסטער חידוש. סיי די גאַסן־ווערטער, סיי די וויסנשאַפטלעכע טערמינען, באַצייכענען דאָך אַקוראַט די זעלבע אָביעקטן, פאַרוואָס זאָלן די איינדרוקן זיין אַזוי געוואַלדיק פאַרשיידן? אויב נעמען פון זאַכן רופן אַרויס אין דמיון אָפּבילדער פון די זאַכן, האָבן מיר דאָך די זעלביקע בילדער אין אונדזער פאָרשטעלונג וואָסער נאָמען מיר זאָלן ניט באַנוצן, פאַרוואָס זאָל איין נאָמען זיין אָנשטענדיק און דער צווייטער ניט? בכלל, וואו ליגט די אומאָנשטענדיקייט פון ווערטער בעת די זאַכן וואָס וועגן זיי האַנדלט זיך קענען דאָך אין זיך גופא — ווי אָביעקטן פון דער מאַטעריעלער אָדער פונקציאָנעלער וועלט — בשום אופן ניט קלאַ־סיפיצירט ווערן אויף אַזאַ אופן? אויג, אויער און אַלע אַנדערע חושים מאַכן מעגלעך מיר זאָלן דערשפירן ממשותדיקע רעאַליטעטן. זיי גיבן אונדז ליכט, קלאַנג, טעמפּעראַטור, דרוק, ווייטיק, אאַז״וו. אָבער ווער, וואָסער חוש ברענגט אונדז „אָנשטענדיקייט“ און „אומאָנשטענדיקייט“? קענטיק אַז ערגעץ איז פאַראַן אַ ספּעציעלער פאַרמיטלער וואָס זיין עובדא איז אונדז מזכה צו זיין מיט אַלע רכילותן פון דרויסן און פון אינעווייניק. און טאַקע ניט בלויז מיט רכילות, ווייל זייער אָפּט באַרייכערט אונדז דער פאַרמיטלער מיט אַן „עפּעס מער“ פון גאָר אַ געהויבענעם מין.

אין דער פריערדיקער שייכות־סיסטעם האָבן מיר צו טאָן מיט גע־ביטענע ווערטער פאַר די זעלביקע ענינים וואָס דורך דעם עפענען זיך פאַר אונדז אַנדערע שייכותן און באַציאונגען. דאָס, אַגב, פירט שוין ממילא צום געדאַנק אַז ניט די זאַך גופא — דאָס שטיק מאַטעריע — איז דער עיקר, נאָר דער אידעלער שטאָף פון שייכותן און באַציאונגען קען שפּילן די הויפּט־ראָלע. צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע וואָלט מען געקענט צורעכענען איבערלעבונגען וואָס מען דריקט אויס מיט די זעלביקע ווערטער, וואָס מאַכן אַן אַנדער איינדרוק צוליב דעם וואָס זיי געפינען זיך אין אַנדערע קאָנטעקסטן, ווי מען רופט עס אין דער וועלט פון שרייבעריי.

פאַראַן פאַטאַלאָגישע אַפּיקורסים וואָס קענען פיזיש ניט אַריבערטראָגן ווען אַ פרומער ייד האַלט אַ מוסר־דרשה וועגן דער וויכטיקייט פון דאַווענען. אָבער דער זעלביקער טערמין, דאַווענען, וועט אים זיכער ניט שאָקירן ווען, למשל, אַ דיכטער וועט שרייבן אַז „מען דאַרף דאַווענען אַ ליד בכוונה“.

עס קען זיין פאַרקערט, אַז אין אַזאַ קאָנטעקסט וועט אויף אים דאָס וואָרט מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק. איך האָב דאָ ניט אין זינען דאָס וואָס דער חילוק צווישן די צוויי פאַלן וועט אַרויסברענגען פאַרקערטע איינדרוקן ביים אַפּיקורס. דאָס איז נאַטירלעך. אָבער דאָס וויכטיקע אין אונדזער פאַל באַשטייט אין דעם וואָס דאָס סאַמע וואָרט „דאַוונען" וועט אין ערשטן פאַל זיין אַ גרילץ וואָס מען שאָקלט זיך אָפּ פון דעם, בעת אין צווייטן פאַל וועט דאָס זעלביקע וואָרט זיך גלאַטיק־מוזיקאַליש אַריינגליטשן אין אויער אַריין.

אַז מען האַלט דערביי וועט זיין אינטערעסאַנט צו דערציילן אַ מעשה שהיה וואָס כאַראַקטעריזירט ניט קיין שייכות־סיסטעמען אָדער קאָנטעקסטן נאָר גיכער דאָס וואָס מען רופט צייטגייסט. וואָרעם אויב ניט בלויז מאַטעריעלע זאַכן, אָדער געזעענע פונקציעס, נאָר אויך אַזעלכע זומער־פעדעמדיקע שטאָפן ווי צייטגייסט קענען בייטן אין אונדזערע איינדרוקן דאָס געשטאַלט פון דער וועלט, אָדער פון גוטס און שלעכטס אין דער וועלט, דעמאָלט ווערט דאָך אַלץ קלאָרער און קלאָרער אַז די וועלט ווערט באַשטימט אַ סך ווינציקער פונעם עפּעס ווי פונעם „עפּעס מער".

אויף דער ייוואָ־קאָנפערענץ פון 1945 האָט פּראָפעסאָר אברהם יהושע העשל געהאַלטן אַ רעפעראַט מיטן נאָמען: „די מזרח־אייראָפּעאישע תקופה אין דער יידישער געשיכטע". דער רעפעראַט איז שפּעטער געווען געדרוקט אין ייוואָ־בלעטער און אַרויס באַזונדער אין יידיש, העברעאיש, ענגליש און שפּאַניש, אפשר אויך אין אַנדערע לשונות. עס איז ניט לייכט איבערצוגעבן דעם אויפטרייסלענדיקן רושם וואָס די דאָזיקע פּאָעמע אין פּראָזע האָט געמאַכט אויף די צוהערער און שפּעטער אויף די לייענער. אַ סך פון די צוהערער זענען ממש מינוטן־לאַנג געווען ווי באַרוישט פון אַ מין עולם־העליונ׳דיקער שיכרות, קוים געקומען צו זיך און אַריינגעפאַלן אינעם אויסבראָך פון עקספּלאָדירנדיקע אַפּלאָדיסמענטן וואָס האָבן זיך לאַנג ניט איינגעשטילט. די שפּעטערדיקע קאָמענטאַרן בעל־פּה, די אַרטיקלען אין דער פּרעסע — איך קען זיך ניט דערמאָנען אַז איך זאָל ווען אין מיין לעבן האָבן בייגעוואוינט אַזאַ עלית־נשמהדיקע באַגייסטערונג מצד אַן עולם וואָס דאָס רוב פון זיי איז געווען מיילן־ווייט פונעם רעדנערס פרומקייט אָדער פון דער פרומער, חסידישער, לומדישער, פּויליש־יידישער געזעלשאַפט וואָס זי האָט ער געמאָלן מיט אַזאַ רעמבראַנדטישן צויבער אין יענעם טונקעלן פאַרנאַכט.

דאָס איז געווען אין אַ צייט ווען מיר האָבן שוין דאָ גאַנץ קלאָר געוואוסט, כאָטש אָן פּרטים וואָס זענען שפּעטער אַרויסגעקומען, וועגן דעם בראָך וואָס איז געקומען אויף אונדזער פאָלק איז מזרח־אייראָפּע. העשלס ווערטער און די בילדער וואָס ער האָט געמאָלן, זענען געווען אַ הספּד וואָס האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ מיטן טרייסטנדיקן שטאָלץ פון דער גרויסקייט וואָס ער האָט אַזוי פאַרביק געצייכנט. אַלע האָבן זיך אינערלעך מצרף געווען מיט דער געהויבענער חשיבות פון זיין פרומען נוסח, זיך מיטגע־

פרייט מיט אים בעת ער האָט געציילט די שנירלעך פּערל פון דער גרויסער, פרומער, יידיש־פּוילישער ירושה און מיטגעוויינט מיט אים אויפן חורבן וואָס האָט דאָס אַלץ פאַרשניטן.

דאָס איז געווען אין 1945. אין 1957, כמעט פאַרן זעלביקן עולם, האָט פּראָפעסאָר העשל ווידער גערעדט צום ייווא־עולם, איצט ווי דער פאָר־זיצער ביי דער עפענונג פון דער יערלעכער קאָנפערענץ. פונקט ווי דעמאָלט האָט ער אויך איצט גערעדט וועגן דער פרומער, לומדישער מזרח־אייראָפּע, מיט דער כוונה אויסצודריקן דעם געדאַנק אַז די הויפּט־אויפגאַבע פון ייווא דאַרף זיין צו פאַראייביקן דורך זאַמלונגען און וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען די ירושה פון אונדזערע מזרח־אייראָפּייאישע זיידעס וואָס דער חורבן האָט פאַרשניטן. עס איז געווען קלאָר אַז די מזרח־אייראָפּייאישע טראַגעדיע לאָזט אים ניט רוען.

פּראָפעסאָר העשל האָט אַ דרך און אַ נוסח. דאָס לומדישע ווערטל, די חסידישע מעשה, דינען אים ווי אַ פינקלדיקע שנור אַרומצואוויקלען אַרום זיי זיינע משלים און בילדער און ער דריקט אויס זיינע געדאַנקען דורך אַ מין ליריש־אינטעלעקטועלן השתפכות הנפש. אַזוי איז געווען אַמאָל, אַזוי איצט. ער האָט זיין עצם צוגאַנג ניט געביטן. און וואונדער איבער וואונדער: דער אָפּרוף פונעם זעלביקן ייווא־עולם האָט זיך אַזוי גרינטלעך געביטן אַז ס'איז ממש ניט געווען צו דערקענען. אַמאָל איז געווען שיר ניט עקסטאַטישע באַגייסטערונג, מענטשן מיט אָפענע מיילער וואָס האָבן ממש געשלונגען ווער־טער און זאַצן; איצט, נאָך אַ פאַרלויף פון צוועלף יאָר, קוים־באַהאַלטענע אומצופרידנקייט מיטן פרומען נוסח, מיט העשלס געניוג־באַקאַנטן דרך וואָס פירט צו גאָט. אין 1945 האָט אויסגעזען ווי דאָס וואָרט גאָט רופט אַרויס אַ ציטער־באַציאונג ווי צום קרוין־פונקט פונעם היסטאָרישן ייד און צו דער מעטאַפיזישער לופט וואָס רינגלט אים אַרום.

איך האָב בלויז געהערט אויסדרוקן פון אומצופרידנקייט, פון פאַרדראָס, פון טענות פאַרוואָס מען דאַרף אויסהערן אַזאַ אויסשליסלעכע אונטערשטריי־כונג פון דער אָרטאָדאָקסישער יידישער מזרח־אייראָפּע און פון פרומקייט בכלל. איך וואָלט געקענט שווערן אַז טייל וואָס האָבן מיט פאַרביטערונג אויסגעדריקט די דאָזיקע טענות זענען געווען אַקוראַט די זעלביקע וואָס זענען מיט צוועלף יאָר פריער געזעסן מיט אָפענע מיילער און געטרונקען די זעלביקע גאָט־ווערטער פונעם זעלביקן לעקטאָר. ווען טעג זענען אַוועק נאָך דער דאָזיקער געשעעניש איז מיר קלאָר געוואָרן אַז אַפילו אַ סך פון די וואָס האָבן איצט, אין 1957, געהערט און געשוויגן, האָבן בלויז פאַרשוויגן זייער אומ־צופרידנקייט, געשוויגן מיט פאַרדראָסיק־געשלאָסענע ליפּן.

פאַרשטייט זיך אַז די וואָס האָבן בייגעוואוינטביידע פאַלן און ווילן ראַציאָנאַליזירן פאַרוואָס מען האָט אַזוי אַנדערש רעאַגירט ביי איין געלעגנהייט אין פאַרגלייך מיט דער צווייטער, וועלן מסתמא געפינען אַ צאָל תירוצים

און באַשטימטע קוואַליטאַטיווע אונטערשיידן אין די געלייענטע רעפּעראַטן. ווען מען באַמיט זיך אָבער צו אַנאַליזירן דעם אונטערשייד צווישן 1945 און 1957 וואַרפט זיך ממש אין די אויגן אויף ווי ווייט דער גייסטיקער קלימאַט האָט זיך ביי אונדז געביטן אין משך פון אַ קורצער צייט.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פאַקט אין אונדזער לעבן, ניט כדי צו אַנאַליזירן אַ געביטענעם גייסטיקן קלימאַט ביי אונדז. דאָס איז ניט מיין איצטיקע טעמע. איך האָב בלויז געוואָלט לעבעדיק אילוסטרירן אויף ווי ווייט די זעלביקע וועלט, מיט די זעלביקע מענטשן, די זעלביקע חושים און ביי זייער ענלעכע געלעגנהייטן קענען זיך אַזוי גרינטלעך, אַזוי ניט־צום־דערקענען, בייטן אין משך פון געציילטע יאָרן. אָבער גייסטיקע קלימאַטן, לאָמיר גוט געדענקען, דריקן זיך אויס אין צוגעבן אַ באַשטימטן „עפּעס מער" ביים אויפנעמען, ביים אַריינגעמען אין זיך, די אַרומיקע וועלט. די וועלט איז די אייגענע, דער עפּעס־מער איז געוואָרן אַנדערש.

ווען מיר גייען אַביסל ווייטער אין דער זעלביקער ריכטונג באַווייזן זיך סימנים פון אַן עפּעס־מער וואָס מען קען שוין גיכער אָננעמען אַז ער ליגט אין די זאַכן גופא, כאָטש דאָס איז נאַטירלעך אוממעגלעך צו דערגיין. איך האָב אַנומלטן געזען אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ מענטשן אין אַ קיל־פאַרגליווערטן מאָמענט, ווי געוויינטלעך פאָטאָגראַפיעס גיבן איבער. איך האָב שפּעטער געזען דעם זעלביקן מענטשן געמאָלן אימפּרעסיאָניסטיש: צעוואָרפענע שטריכן, פאַרשפּיצטע ווינקלען, שלינגענדיק־טיפע אויגן. דער אונטערשייד צווישן אַזעלכע צוויי בילדער פונעם זעלביקן מענטשן איז אונדז זייער גוט באַקאַנט. דאָס ערשטע האָט אויפגענומען אַ מעכאַנישע קאַמערע. זי האָט אויפגענומען פּינקטלעך, אַקוראַט דאָס וואָס אין יענעם חלק פון אַ רגע האָט אַ מאַשין אָדער אַפילו אַן אויג געקענט זען, אָבער אָן דעם עפּעס־מער וואָס מאַכט דאָס אויסזען פון יענעם מענטשן פאַר דעם וואָס עס איז אין דער וועלט. דאָס דאָזיקע אויסזען, אַפילו דאָס פיזישע אויסזען איז, ווייזט אויס, אַנדערש פון דעם ווי עס קען זיך ווייזן אין אַן אָפּגעריסענער רגע אין אַן אמתדיק אָדער מעכאַניש אויג.

איצט זענען מיר צוגעקומען צום עפּעס־מער וואָס מיר געפינען אין קונסט, אָבער דאָס דאָזיקע וואָרט קען אונדז פאַרפירן אין אַ ווינקל וואָס איז געוואָרן צופיל פּראָפעסיאָנאַליזירט. איך וועל זיך גיכער באַנוצן מיטן וואָרט פּאָעזיע, בתנאי מיר זאָלן פאַרשטיין, פּאָעזיע ניט ווי אַ פאָרעם פון ליטעראַטור נאָר ווי אַ פּסיכישע קאַטעגאָריע וואָס וואָרצלט אין די איבער־לעבענישן פון יעדן מענטשן. אונטער דעם פּאָעטישן אימפּולס אין דער פּסיכיק פון יעדן מענטשן פאַרשטיי איך אַן אַנטפּלעקונג אין דער אייגענער נשמה אָדער אין דער דרויסנדיקער רעאַליטעט — וואָס אָפט טויכט זי אויף מיט דער שנעלקייט פון אַ בליציקן אויפכאַפּ, כאָטש דאָס איז לאו דווקא — אָן דער גבית עדות פון די שפּירונגען פון די חושים אָדער פון אַ רעזאָניר־

פּראָצעס. דער באַרימטער פראַנצויזישער מאַטעמאַטיקער אַנרי פּואַנקאַרעי איז געווען דער ערשטער צו באַשרייבן די ספּאָנטאַנע אויפטויכונגען אין זיין מוח וואָס דורך זיי האָט ער געמאַכט אַ טייל פון זיינע מאַטעמאַטישע אַנטדעקונגען. דער כוח פונעם איינפאַל אויפצוכאַפּן דאָס פאַרבאָרגענע, דער אינטואיטיווער אַריינדרינג אין פונקציעס און אייגנשאַפטן פון זאַכן וואָס זענען פאַרהוילן פונעם אויג, די קיילעכיקע פאָרמולע פון אַ כאַראַקטעריסטיק וואָס פאַרכאַפּט אַלעמען מיט איר טרעפלעכקייט, אָט־דאָס איז דער ספּעציפישער עפּעס־מער וואָס דער פּאָעטישער אימפּולס פון יעדן מענטשן ברענגט אַריין אין דער וועלט, אָדער ציט פון איר אַרויס.

איך רוף דעם דאָזיקן אימפּולס פּאָעזיע, ווייל אין דער ליטעראַרישער פּאָעזיע עפנט זיך פאַר אונדז אַן אוניווערס וואו דאָס אַרויסציען דעם פאַרהוילנסטן און פאַרבאָרגנסטן עפּעס־מער פון דער רעאַליטעט ווערט דורכגעפירט דורך דעם אַלמענטשלעכסטן און סאָציאַלסטן אינסטרומענט וואָס אונדזער מין פאַרמאָגט — שפּראַך. אַ פּאָעט איז דער וואָס קען אַרויסציען פון פאַרהוילנקייט דאָס אומגעזעענע, עס פאַרפיקסירן אין זיין אייגענער אָרגאַניזאַציע פון שפּראַכלעכער סימבאָליק און עס באַלעבן לדורות ווי אַן עפנטלעכער, מענטשלעכער ווערט. עס איז ניטאָ, און עס קען ניט זיין, אין וויסנשאַפט אָדער אין ניט־שפּראַכלעכער קונסט, עפּעס אַזוינס וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכן מיט אונדזערע נביאים אין פאַרכאַפּן די הערצער פון אומגעהייערע צאָלן פון אונדזער מין און אין דער רירנדיקער דערהויבנקייט פון זייער אַפּעליר־כוח. אָבער פּרובירט לאָזן דאָס געדאַנקלעכע פון ישעיה׳ס אָדער מיכה׳ס ווערזן, נאָר איבערבייטן די טרעפלעכקייט און דאָס פייער פון דער שפּראַכלעכער אָרגאַניזאַציע, און זייער ווייניק פונעם פאַרכאַפּנדיקן צויבער וועט פאַרבלייבן. דאָס רוב מענטשן, וואָס דער שפּראַכלעכער אינסטרומענט איז דאָך נאַטירלעך ביי זיי תמיד גרייט, אָפּערירן מיט לשון אויף אַרויסצוברענגען זייער אייגענעם, איבערגעלעבטן עפּעס־מער. אָט דעריבער איז, דאַכט זיך מיר, ריכטיק אָנצורופן די דערמאָנטע דינאַמישע אייגנשאַפט פון דער מענטשלעכער פּסיכיק ווי דער פּאָעטישער אימפּולס.

איז אויב עס וועט אייך אַמאָל איינפאַלן צו שטיין ביים פענצטער און באַטראַכטן די וועלט, בעט גאָט ער זאָל ניט אָפּשוואַכן אין יענער רגע אייער פּאָעטישן אימפּולס. איר קענט דעמאָלט דערזען עפּעס אַזוינס וואָס אייער אויג האָט דערפון קיין אָנונג ניט, און דערשרעקט זיך ניט אויב אין אַזאַ רגע וועט איר דערהערן די מלאכים זינגען שירה.

(1957)

# ה. לייוויק און זיין הויפּט־מאָטיוו

עס האָט ניט געטראָפן, ווי ווייט איך ווייס, אַז אונדזערס אַ רעדאַקטאָר זאָל זיין שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם אַז עס קענען אים אויספעלן לידער פאַר זיין צייטונג אָדער זשורנאַל. זעט איר, פּראָזע, דאָס יאָ, אָבער אויף פּאָעזיע איז ביי אים תמיד פאַראַן אַ שפע. מען דאַרף ניט מאַכן קיין ספּעציעלע אויספאָרשונג צו דערגיין אַז עס זענען פאַראַן מער בעלנים צו שרייבן לידער און ווייניקער זיי צו לייענען. דאָס וואַרפט זיך אין די אויגן. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, איז אַן אַנדער פראַגע און פאַרדינט אַ סך מער אויפמערקזאַמקייט ווי טייל פון אונדז מיינען. אין איצטיקן מאָמענט וויל איך בלויז פאַרביי־גייענדיק זיך אָפּשטעלן דערויף וואָס מיר האָבן ווייניקער לייענער פאַר פּאָעזיע.

דאָס איז באמת ניט בלויז ביי אונדז אַזוי. ביי אַלע פעלקער איז פּאָעזיע אָנגעוויזן אויף אַ קלענערער צאָל קוואַליפיצירטע לייענער. עס קומט ביי מיר אויס אַז אויב אַזוי דאַרף ביי אונדז זיין די פּראָפּאָרציע פון פּאָעזיע־לייענער אַ סך קלענער. וואָרעם פּאָעזיע איז ריין־טעכניש זייער אַ קאָמפּלי־צירטע פאָרם פון שריפטלעכער קאָמפּאָזיציע. כדי צו לייענען און האָבן באמת הנאה דערפון, איז טאַקע אינערלעכע געניטקייט זייער אַ סך, אָבער ניט גענוג ווען עס פעלט אַ געוויסע מאָס סיסטעמאַטישע געשולטקייט. דאָס ערשטע אָן דעם צווייטן איז גיכער מעגלעך ביים פּאָעט איידער ביים לייענער פון פּאָעזיע. דער פּאָעט קען, ווי אַ פּערזענלעכער יוצא מן הכלל, זיין באַ־שאָנקען מיט אַזאַ טיף־דרינגענדיקער אינטואיטיווער קראַפט פון איינדרוק און אויסדרוק אַז ער איז בכוח מיטצורייסן מיט זיין מאַגנעטישן חוש דאָס בלוט פון סיסטעמאַטישן וויסן. כאָטש אויך ער, ווי מיר לערנען פון רייכער דערפאַרונג אין דער וועלט־ליטעראַטור, וואָלט געקענט אַ סך געווינען פון אַן אינטימערן שידוך צווישן נאַטור און קולטור, אָבער אַ פּאָעזיע־געניטער לייענער אָן באַוואוסטזיניקער שולונג וואָלט צופיל פאַרלוירן פון דעם. וואָרעם אַ באַקאַנטשאַפט מיט די טעכנישע פרטים פון ליד קען העלפן ראַפינירן זיין געשמאַק און אינטענסיפיצירן זיין הנאה פון העכערע פאָרמען אין פּאָעטיק.

איך זאָג דאָס אַלץ כדי זיך אַליין קלאָר צו מאַכן אַ רעטעניש וואָס האָט מיך תמיד פאַראינטריגירט. איך האָב געשמועסט מיט אַ יידן, אַ דורכשניט־לעכן יידיש־לייענער. אַמאָל איז ער געגאַנגען אין חדר, געלערנט אַביסל בבא מציעא, דערנאָך פאַרכאַפּט געוואָרן פון ציוניסטישן געדאַנק, שפּעטער אַריין אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און זיך גענומען פאַראינטערעסירן מיט יידישער ליטעראַטור. אין אַמעריקע איז „באַוועגונג" געוואָרן איינגעהאַלטענער און ליטעראַטור מער באַוועגונג־מעסיק.

האָבן מיר געשמועסט און זיך צוגעדרייט צו דער טעמע לייוויק. מיר

האָבן אויך גערעדט וועגן אַנדערע שרייבער, פּאָעטן, פּראָזאַאיקער, איינער איז גרעסער, אַן אַנדערער קלענער; איינער איז מוזיקאַליש, אַ צווייטער איז פּאַרביק, אָבער לייוויק איז „אַנדערש", און עס איז אים אָנגעקומען אַביסל שווערלעך צו פּאַרטייטשן פּירוש המלות, וואָס באַטייט אַנדערש.

אויס הוילער נייגעריקייט האָב איך פּאַרטשעפּעט אַנדערע עמך־לייט — ווען איך האָב נאָר געהערט אַז זיי לייענען מיט אַ געוויסער מעטאָדישער שטענדיקייט יידישע ליטעראַטור — איך האָב זיך באַמיט זיי אַרויפצופירן אויף דער טעמע לייוויק. און ווידער אַמאָל דאָס אייגענע, אָדער זיי האָבן לייוויקן כאַראַקטעריזירט מיט אַזאַ טונקל וואָרט ווי „אַנדערש", אָדער מיט אַן אַנדער וואָרט וואָס ענטפערט ניט, נאָר דרייט זיך אַרויס פון אַ פאַר־לעגנהייט. אָבער עס איז ניט געווען שווער צו דערזען און דערפילן אַז דאָס איז אַן אַנדערש וואָס ציט צו, וואָס לאָזט ניט אָפּ, אַזוי ווי די מיסטישע וואָרענונג פון אַ בת־קול. מיך האָט פּאַרחידושט לייוויקס לייענער; ער נעמט אויף די לידער פון זיין דיכטער ווי אַן אידענטיפיקאַציע־צייכן פון זיין אייגענעם מאָנענדיקן איך. ער טראַכט ניט אין טערמינען פון טעכנישער דערגרייכונג, פון ריטם, קוואַליטעט פון גראַם, וואָקאַבולאַר, בוי פון פערז, פּאַסיקייט פון מעטער, פון זיין שורהדיקן אימפּעט און צווישן־שורהדיקער מוזיק.

אין דער אמתן איז אָט דעם לייענערס באַציאונג צו לייוויקן ניט ווי צו אַ דיכטער. ער איז כמעט ניט פּאַראינטערעסירט אין דעם וואָס מען רופט קונסט, ער באַוואונדערט, ער טרינקט ווי אַ דאָרשטיקער דעם סך־הכל פון געפלאָכטענע שורות. ער וויל דערגיין ניט וואָס לייוויק זאָגט, זיכער ניט ווי אַזוי ער זאָגט, נאָר וואָס לייוויק וויל. דאָס איבעריקע — די אַרכיטעקטאָניק, אַפילו די טעכניק פון דער גאַנצער געביידע, זאָפּט ער איין אין זיך אומבאַוואוסטזיניק, ווי אַ ממילא'דיקן פּועל־יוצא פון אַ גרויסן עיקר, אָבער ער ווערט זיך אומגעדולדיק אַנטקעגן יעדער באַמיאונג צו אַקצענטירן פּרטים ווען עס האַנדלט זיך וועגן לייוויקס ווערק. קיין שום אַנדער יידישער דיכטער וועקט ניט אויף, אויף ווי ווייט איך האָב עס געזען, אַזעלכע געפילן ביי לייענער.

איך האָב באַמערקט אַ מאָדנעם קאָנטראַסט צווישן די באַציאונגען וואָס עס רופן אַרויס צו זיך פּרץ און לייוויק. פאַר עמך איז פּרץ אַ שרייבער. ווי גרויס ער זאָל ניט זיין אין דער דאָזיקער קאַטעגאָריע, איז ער אַלץ אַ טייל פון איר, אַ גרויסער דערציילער פון פּרעכטיקע מעשיות. ביי דער אינטע־ליגענץ בכלל, ביים שרייב־פאַך בפרט, איז פּרץ ניט בלויז קינסטלערישער דערציילער, נאָר לערער פונעם דור, גייסטיקער פירער, גאָר אַן אַנדער מדרגה. ביי לייוויקן איז פאַרקערט. פאַר דער אינטעליגענץ, פאַר זיינע טערמינען פון פּאָעטישער און דראַמאַטישער מייסטערשאַפט. זיין פאָרם, זיין ברידער־שרייבער, איז ער דורכויס דיכטער און מען טראַכט וועגן אים אין

װאָרט, זײַן טאַלענט, דאָס זענען די מאָסן װאָס מיט זײ װערט ער געמאָסטן. בײַם פּשוטן לײענער איז ער אַ קלאַס פֿאַר זיך. ער װערט אָפּגעשאַצט פֿאַר זײַן רעדע פֿונקט װי פֿאַר זײַן ליד, פֿאַר זײַן פֿערזענלעכן װײזן זיך פֿונקט װי פֿאַר זײַנע דראַמאַטישע בילדער. ניטאָ קײן אַנדער שאַפֿנדיקער מענטש צװישן אונדז װאָס דאָס הױלע דערזען אים זאָל אַרױסרופֿן ניט אַזױ װײַט באַװאונדערונג פֿאַר זײַן טאַלענט װי יראת הכבוד פֿאַר זײַן פּערזענלעכקײט.

יענער לײענער װאָס פֿון אים האָב איך געזוכט צו דערגײן זײַן פּסיכישע איבערלעבונג בעת ער טראַכט װעגן לײװיקן, פֿאַר אים, איז אין דעם פֿאַל, דער טיטל דיכטער ניט צוגעפּאַסט. דאָ פֿאָדערט זיך אַ נאָמען פֿאַר אַ קאַטעגאָריע װאָס זאָל אַרומנעמען אױך אַן אַנדער פֿונקציע, אַחוץ דיכטונג אין אַלע אירע פֿאָרמען. װאָרעם אַנדערע דיכטער קענען אים געפֿעלן, קענען אים באַגײסטערן, קענען אים רירן, אָבער לײװיק, פֿילט ער, איז אים גובר, רײַסט אױף אין אים אַ פּרימיטיװ, מענטשלעך מיטגעשרײ װאָס ליגט אָפּט אין דערשטיקטער פֿאַרשאָטנקײט אונטער דער קאָרע פֿונעם גלײַכגילטיקן אָדער אוממענטשלעכן אין מענטשן. מען מוז מודה זײַן אַז פֿון שטאַנדפּונקט פֿון קינסטלערישער דערגרײכונג קען דער לײװיקשער דרך, װאָס רופֿט אַרױס אַזאַ אײַנדרוק, זײַן אַן ערנסטער שטער. אינעם בלענדיקן ליכט פֿון לײװיקס שאַפֿן האָבן זיך טאַקע אַזעלכע טונקעלע פֿלעקן ניט אײן מאָל אַרױסגעװיזן. מען דאַרף אָבער, פֿון דער אַנדער זײַט, אױך מודה זײַן אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַ שאַפֿנדיקן כּוח װאָס קען אױף אַ סך אופֿנים אי בײַקומען, על פּי רוב, די שטרױכלונגען אױף זײַן װעג, אי מכפּר זײַן מיט אַנדערע געבענטשטע מתּנות װען דער קינסטלערישער חטא איז אומפֿאַרמײַדלעך.

לײװיק װײַזט אַרױס אַן אומגעהײַערן אַפּעליר־כּוח אַפֿילו בײַ די װאָס צײכענען זיך ניט אױס מיט קײן נאַטירלעכער געניגטקײט אָדער מיט אָנגעזאַמלטן װיסן אין דער ספֿערע פֿון פּאָעטישן שאַפֿן. ער בױט קאָנטעקסטן פֿאַר זײַן װאָרט און קאָמפּאָזיציעס פֿאַר זײַן מאָטיװ װאָס װעקן אױף אַ מאָראַלע תּאװה אין װאָרצל פֿון דער נשמה. דערמיט פֿילט ער אָן אַ חלל װאָס איז געבליבן פֿאַריתומט בײַם אױפֿקום פֿון אונדזער דור, ספּעציעל פֿון יענעם סעקטאָר װאָס לײװיק אַלײן געהערט צו אים.

װאָרעם בײַ אונדזערע טאַטעס און זײדעס, אין דער אַלטער ײדישער טראַדיציע, האָט פֿונקציאָנירט מיט רירנדיקער שטענדיקײט דער מורה דרך פֿאַרן פּריװאָטן אױפֿפֿיר פֿון יעדן ײדן. דער רבֿ, דער מגיד, דער רבי, אַלע האָבן געװאָרנט און געמוסרט, געשטראָפֿט מיט בילדער פֿון גיהנום, מיט פֿאַנטאַסטישע װיזיעס פֿון גן־עדן, ניט בלױז אין שײַכות צו מצװות און עבֿירות בין אדם למקום, נאָר אױך װעגן התחײבֿותן פֿון אדם לחבֿרו. אױך פּערזענלעכע מידות און העכערע מענטשלעכקײט — שטראָפֿרײד קעגן כּעס, רציחה, שפֿיכת דמים — האָבן געשפּילט אַ גרױסע ראָלע אין אָפֿיציעל־אָנערקענטן מוסר.

געוויינטלעך ווען מיר ווילן כאַראַקטעריזירן די עלטערע דורות באַנוצט מען אַזאַ וואָרט ווי „רעליגיע", ניט בלויז אין באַשרייבנדיקן זינען נאָר אויך ווי אַ דערקלער־פּרינציפּ. אָבער דאָס דאָזיקע וואָרט, ווען מען איז ניט גענוג געהיט ווי אַזוי עס צו באַנוצן, פאַרשטעלט אַ סך מער ווי עס דעקט אויף. אין „רעליגיע" איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַן אויסגעאַרבעטע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם. עס איז געווען אַ שול, אַ גבאי, מען האָט אויסגעטיילט עליות, אַן אָרגאַניזאַציע מיט אַ סך קאָמפּליצירטע פּרטים. אָבער עס איז געשאַפן געוואָרן אַ מאָראַלע ספערע דורך טעטיקייטן וואָס האָבן ווייט אַריבערגערונגען די ראַנדן פון די פונקציעס וואָס די אָרגאַניזאַציאָנעלע „פּראָגראַם" האָט אַרויסגערופן. דאָס איז געקומען אי דערפון וואָס די פאַרהייליקטע טעקסטן, די „תורה שבכתב", אַלע ספרים פון חומש ביזן לעצטן מוסר־ספר, האָבן אַקצענטירט די וויכטיקייט פון זיין אַ מורה דרך אין פּריוואַט־לעבן פון יעדן יחיד, אי פון דעם וואָס עס איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע תורה שבעל פּה, אַלץ אין דער זעלביקער ריכטונג, וואָס מיט איר האָבן אָפּערירט אַ לאַנגע שורה פּערזענלעכקייטן פונעם מלמד ביזן חסידישן רבין. מוסר, מוסר־דרשות, מוסר־מעשיות, מוסר, האָט פאַרמאָגט סאַנקציע און סטאַטוס צו סטימולירן באַרופענע אַז זיי זאָלן וועגווייזעריש באַדינען דעם רעב ישראל צווישן כל ישראל.

ווען דער נייער דור האָט אָפּגעוואָרפן פון זיך די אַלטע טראַדיציע מיט אירע פירער און וועגווייזער, האָט די פּאַרטיי־באַוועגונג פאַרנומען ניט בלויז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן נאָר אויך דעם גרעסטן חלק פון פּריוואַטן לעבן. די פּאַרטיי — צוליב דער ספּעציעלער לאַגע אין מזרח־אייראָפּע — האָט זיך אָנגענומען מיט אַ סעקטאַנטישער קוואַליטעט, און פּערזענלעכע מידות, מענטשלעכקייט בכלל, זענען העכסטנס געוואָרן פּונקטן אין פּראָגראַמען, אין באַשטימטע עקאָנאָמישע טעאָריעס וועגן סאָציאַלע פּראָצעסן. עס איז אויסגעקומען אַז די קוואַליפיקאַציעס פון אַ מענטשן הענגען אָפּ דורכויס פון זיין געזעלשאַפטלעכער פּאָזיציע. אַ וויציקע קאַריקאַטור פון דאָזיקן צוגאַנג געפין איך אין אַ סצענע וואָס דער טונקעלער האָט באַשריבן. אַ קליין יינגל גייט מיט זיין פאָטער אויף דער גאַס, און דער פאָטער דערלאַנגט אַ נדבה אַ פאַרבייגייענדיקן בעטלער. דאָס יינגל ווערט אין כעס, מאַכט אויפמערקזאַם דעם „חבר טאַטע" אַז דאָס איז אַ חטא קעגן סאָציאַליזם, ווייל צדקה איז אַ קאַפּיטאַליסטישע אינסטיטוציע.

בקיצור, אויפן אָרט פון רב, רבי, מגיד, אאַז"וו, זענען געקומען פּאַרטיי־פירער און קינסטלער. אָבער זיי זענען לכתחילה געקומען אין נאָמען פון גאָר אַנדערע פונקציעס. קיינער האָט זיי ניט געשטעלט די אויפגאַבע זיך אַליין מאָראַליש צו קוואַליפיצירן. זיכער ניט צו ברענגען אַ מוסר־שליחות אין פּערזענלעכן לעבן פון זייערע מיטגלידער. זיי האָבן ניט געהאַט דעם סטאַטוס אָדער די סאַנקציע אָפּילו פון זייער אייגענעם געזעלשאַפטלעכן קרייז

פאַר אַזאַ פונקציע. אויב דער פּאַרטיי־פירער האָט נאָך געהאַט עפּעס אַ שייכות צו אַזאַ מין אויפגאַבע אומדירעקט, ווייל זיין לעבן איז דאָך געווען אָפּגעגעבן צו טובת הכלל ווי ער האָט עס פאַרשטאַנען, איז דער קונסט־שרייבער געווען אַ נייס אין יידישן לעבן. ער האָט גענומען בויען אַ נייעם גרויסן בנין אין אונדזער קולטור־באַלעבאַטישקייט וואָס זיין וויכטיקייט איז גאָר ניט נייטיק אונטערצושטרייכן. אָבער פאַרוואָס ער האָט גענומען פאַר זיך מאָנען דאָס רעכט אויף פירערשאַפט, בלויז אין נאָמען פון קינסטלערישער אויסצייכענונג, איז אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל אין היינטיקער יידישער געשיכטע. דאָס געמאָנטע רעכט איז סיי־ווי געווען צו ווייט פון דער ליידיק־געוואָרענער פּאָזיציע; דער חלל איז געבליבן.

פּרץ האָט מער מיט זיינע אינטעלעקטועלע כוחות ווי מיט זיינע קינסט־לערישע, זיך באַמיט כאָטש טיילווייז אויסצופילן דעם חלל. נאָר אָט איז געקומען לייוויק. ער האָט זיך באַוויזן גראָד אין אַ צייט ווען דיכטער און דער־ציילער האָבן, מיט אַ געוויסער אויסגעהאַלטנקייט פון זייער אייגענער ספערע, גענומען פאָדערן, מאָנען, ריינע קונסט, אָן צומיש פון אידייאישער אָריענטאַציע. דאָס האָט געהייסן — אַנדערש ווי די יידישע ירושה וואָלט דיקטירט — אַז קונסט דאַרף זיין דורכויס דעסקריפּטיוו און דאַרף אַנטוויקלען די סובסטילע מיטלען אַרויסצוברענגען סימבאָלן און בילדער פון אינערלעכער און דרויסי־קער רעאַליטעט. דערמיט איז פון פריער־דערמאָנטן חלל געוואָרן אַ אַבסאָ־לוטער וואַקואום.

איז לייוויק געוואָרן דאָס וואָס האָט דעם קלאַנג פון זיינע סיבירער קייטן פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדערנער מוזיקאַלישער סטיליזאַציע פון אַ טראַדיציאָנעלן יידישן נוסח און דערמיט גענומען אַריינברענגען אַ פערזענלעכע מאָראַלע לופט אין אַ קאַלטן וואַקואום. לייוויק איז ניט דער אייציקער אין אונדזער ליטעראַטור צו טראָגן אין זיך אַזאַ כוונה. אָבער ער איז דער וואָס האָט עס געטאָן מיט אַזאַ שווער־פאַלנדיקער דירעקטקייט אַז אין דעם פּרט האָט ער צו זיך קיין גלייכן ניט. אָט וואָס ער אַליין האָט געשריבן וועגן דעם:

> „און איינע פון די וויכטיקסטע רעגונגען וואָס לאָזן מיך ניט אָפּ, איז דאָס זוכן אַ וועג ווי אַזוי צו רעאַגירן און פּראָטעסטירן קעגן דעם הפקר פון מענטשלעכע לעבנס. דער צער פון פּשוטן מענטשלעכן גוף וואָס ווערט אומ־געבראַכט אויפן מזבח פון נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און געזעלשאַפטלעכע באַווע־גונגען, ווי נויטווענדיק די אידעאַלן זאָלן ניט זיין, און ווי איך אַליין זאָל זיך ניט באַטראַכטן ווי אַן אָנהענגער פון דעם רעוואָלוציאָנערן אידעאַל פון דער וועלט, אָט דעם צער פון געאָפּפערטן מענטשלעכן גוף, קען איך ניט פאַרשווייגן. איך קען ניט שלום מאַכן מיטן געדאַנק וואָס דאָס מענטשלעכע לעבן ווערט אַזוי צעטראַמפּלט; דאָס מאַטערט מיך כסדר. דאָס איז, טראַכט איך, דער גרונט־מאָטיוו אויך פון מיינע לעצטע זאַכן, ווי די גאולה־קאָמעדיע, עקדה, לידער פון גן־עדן, און אַנדערע".

(„עיקר־אידייען און הויפּט־מאָטיוון אין מיין שאַפן",
„ליטעראַרישע בלעטער", 8טן פעברואַר, 1938)

דאָ ווערט עס אויסגעדריקט מיט אַ ביסל צו פּרימיטיווער איינפאַכקייט, ספּעציעל די איבערחזרונג „מענטשלעכער גוף". אָבער גראָד דאָס פירט אַרויס מיט ברוטאַלער בולטקייט די טראַגעדיע פון דער וועלט, ווי זי ווערט לכתחילה אויפגענומען אין די באַגינענדיקע טריט פון אונדזער פּסיכיק, וואָס דאָס איז דער הויפּט־מאָטיוו אין לייוויקס שאַפן. עס רירט אָן דעם סאַמע וואָרצל ניט בלויז פון יידישן נאָר אויך פון אַלגעמיינעם, ניט בלויז פון הויך־קולטורעלן נאָר אויך פון נידעריק־פּרימיטיוון. אין זיין ווערק אָפּשטאַם און אַנטוויקלונג פון מאָראַלע אידייען, שרייבט דער אַנטראָפּאָלאָג וועסטערמאַרק וועגן דעם כוח פון „מיטליידנדיקן צאָרן", ד"ה, דעם מאָראַלן אויפברויז פון אַ פּרימיטיוון ישוב ווען מען טוט שלעכטס זיינס אַ מיטגליד. ער האַלט אַז דער כוח פון מיטליידנדיקן צאָרן איז אַזוי גרויס אַז דערפון נעמט זיך מסתמא דער שוידער וואָס מאָרד וועקט אויף אין דער פּרימיטיווער גע־זעלשאַפט. לויט אַן אַלטן גלויבן ביי די „ווילדע" שבטים איז די נשמה פונעם הרוג אַזוי אויפגעקאָכט קעגן דעם וואָס האָט אים אומגעבראַכט אַז זי קען זיך ניט באַרואיקן ביז זי נעמט נקמה.

דאָס דערמאָנט אַזוי נאָענט די ראָלע פון יצחקן אין לייוויקס דראַמע די עקדה. יצחק קען זיך ניט באַרואיקן ביז ער צווינגט זיין פאָטער אַברהמען דורכצוגיין דעם זעלביקן שוידער פון ריכטן זיך געשאָכטן צו ווערן און ער ווערט צום סוף געראַטעוועט פּונקט ווי יצחק אַליין. אַגב, דער דערמאָנ־טער וועסטערמאַרק גיט איבער אַז אין באַסוטאָ־שבט, אין אַפריקע, גייט אַרום אַ ווערטל אַז: „מענטשלעך בלוט איז שווער, עס דערלאָזט ניט אַז דער וואָס פאַרגיסט עס זאָל קענען אַנטלויפן".

די עקדה איז, דאַכט זיך מיר, דאָס אינטימסטע וואָרט פון לייוויקס וועלט־געפיל. זי ווערט פון אים באַצייכנט ווי אַ „ביבלישע דראַמע אין פינף בילדער", אָבער איר ביבלישקייט באַשטייט בלויז אין עפּיזאָדישע פּרטים פונעם סקעלעט פון דער מעשה אין בראשית. זי איז כמעט דער היפוך פון דער ביבלישער כוונה, און אין לשון האָט דער שרייבער זיך ניט צופיל באַמיט אַריינצוברענגען די תנכישע לופט. זי איז דער נאָענטסטער אויסדרוק פון לייוויקס מענטאַליטעט, זיכער ניט דער רייכסטער; זי צייכנט זיך אויך ניט אויס מיט קרעפטיקער געצוואונגענקייט פון דראַמאַטישן קאָנפליקט. לייוויק האָט, ווייזט אויס, מיט אומגעדולד מקריב געווען נויטווענדיקע באַגלייט־מאָמענטן פון קינסטלערישער זעאונג כדי פריי צו מאַכן וואָס גיכער דעם וועג פון זיין מאָראַלן אימפּעט.

אין חומש, און אין דער יידישער טראַדיציע, איז די עקדה דער העכסטער אויסדרוק פון פולסטן נצחון פון לויטערסטער אמונה. אַברהם, וואָס האָט דער ערשטער דערקענט דעם איינציקן גאָט, האָט אויפגענומען דעם פולן זינען פון אַזאַ דערקלערונג. וואָרעם אויב די גאַנצע פירערשאַפט פון סדר־העולם ליגט אין אַ כוח וואָס מען קען צו אים מיט אונדזערע חושים ניט

צוקומען, דעמאָלט דרינגט פון דעם אַרויס די קליינקייט און בלינדקייט פון חושימדיקע באַשעפענישן. עס בלייבט בלויז איבער צו פאָלגן מיט גלויביקער געטריישאַפט וואָס גאָט באַפעלט אַפילו אין מאָמענטן פון א טויט־קריזיס אין מענטשלעכן האַרצן. אָט אַזוי וואַקסט אויס דאָס אברהם־געשטאַלט אין אַן אומפאַרגלייכלעכער הייליקייט ביים זינדיקן מין מענטש.

דער באַרימטער קריסטלעכער טעאָלאָג, דער פאָטער פון דער עקזיס־טענציאַליסטישער פילאָסאָפיע, סאָרען קירקעגאַרד, שרייבט אין זיין בוך פאַרכט און ציטערניש אַ „לויב־געזאַנג וועגן אַברהמען" מיט עקסטאַטישער באַגייסטערונג וועגן דעם ווי אַזוי אַברהם איז בייגעשטאַנען דעם נסיון פון דער עקדה: „יעקב האָט געהאַט צוועלף זין און ליב געהאַט בלויז איינעם פון זיי; אַברהם האָט געהאַט בלויז איינעם, דעם זון וואָס ער האָט ליב־געהאַט". און קירגעגאַרד רופט אויס אין התלהבותדיקער פאַרכאַפט־קייט: „ווער האָט געגעבן דעם כוח אין אַברהמס האַנט? ווער האָט געהאַלטן הויך זיין רעכטע האַנט אַז זי זאָל ניט אַראָפּפאַלן אוממעכטיק ביי זיין זייט? דער וואָס וועט געבן אַ קוק אויף דעם וועט פאַראַליזירט ווערן. ווער האָט געגעבן כוח אַברהמס נשמה אַז זיינע אויגן זאָלן ניט ווערן טונקל, אַז ער זאָל ניט זען יצחקן און ניט דעם שעפּס? דער וואָס גיט אַ קוק אויף דעם ווערט בלינד..." און אַזוי ווייטער, אַלץ אין בלענדיקן ליכט פון דער יידישער טראַדיציע, אַלץ אין גייסט פון דער סליחה: „זכור ברית אַברהם ועקדת יצחק". לייוויק האָט נאַטירלעך דאָס אַלץ געוואוסט, אָבער ער איז צו היינטיק און קען ניט אַוועקנעמען זיין בליק פון דער בלוטנדיקער וואונד וואָס שפּילט זיך איצט אָפּ פאַר זיינע אויגן. דער ייד אין אים ציט אים צו דער ביבלישער זעאונג, צום רייץ פון אַגדה און שפּעטערדיקער לעגענדע, אָבער אַלץ כדי צו זען העלער די טראַגעדיע פון היינט. ער פאַרמאָגט אויך דעם כוח אַריינצוגיסן אין יעדן שטראָם פון היינט טראָפּנס אייביקייט.

אים רייצט דער ביבלישער משל פאַרן היינטיקן נמשל און ער קען אויך דאָרט, אין אונדזער גרויסער ירושה, געפינען גענוג זיך אָנצוטרינקען מיט דעם וואָס קען דערקוויקן זיין היינטיק געמיט. ער קען טיף פילן די וויזיע פונעם מדרש וואו גאָט באַקלאָגט זיך אויף די מלאכים אין מאָמענט פון יציאַת מצרים: „די ווערק פון מיינע הענט טרינקען זיך אין ים און איר זאָגט שירה?" ביי אים וואָלט אויך מסתמא אויסגענומען די חסידישע תורה אויף דער עקדה. די קשיה: אויב אַברהם האָט געוואָלט אויספירן גאָטס באַפעל מקריב צו זיין יצחקן ווי קומט ער צו פאָלגן ווען בלויז אַ מלאך וואָרנט אים אַנטקעגן אַ בפירושן אָנזאָג פון גאָט אַליין? איז דער תירוץ: כדי אומצובערענגען אַ מענטשן, דאָס קען באַפעלן בלויז דער בורא־עולם אַליין אָבער צו ראַטעווען פון טויט איז אַ מלאך אויך גענוג.

אין דער רעדע וואָס לייוויק האָט געהאַלטן אויפן אידעאָלאָגישן כינוס אין אויגוסט, 1957 (געדרוקט אין צוקונפט, אָקטאָבער, 1957) האָט ער דער־

ציילט אַן עפּיזאָד פון זיינע חדר־יאָרן בעת עס איז געגאַנגען די סדרה וירא און דער רבי האָט געלערנט מיט די יינגלעך די פּרשה פון דער עקדה. זיין רירנדיקע פראַגע: „וואָס וואָלט געווען, רבי, ווען דער מלאך פאַרשפּעטיקט אויף איין רגע?" די דאָזיקע פראַגע פירט אונדז צוריק צו אַ צייט, לאַנג פאַר זיינע פיינלעכע איבערלעבונגען אין קאַטאָרגע אין סיביר, ווען די טראַגישע געשעענישן אינעם קאָנפליקט צווישן העכסטער גלויביקייט און טיפסטער לערע האָבן אויפגעשטורעמט זיין האַרץ. ווייזט אויס אַז ער האָט לאַנג געטראָגן אין זיך די מאָראַלע פּיין פונעם אומשולדיקן שיר־ניט אומגעבראַכטן יצחקן, און ממילא דורך נאַטירלעכער אַסאָציאַציע פון אַלע אומשולדיקע יצחקס וואָס די וועלט האָלט אַ גרייט מעסער איבער זייערע העלדזער. עס איז אַ מערקווערדיקער, אָבער זייער פאַרשטענדלעכער, צוּנויפטרעף וואָס דעם סובסטאַנטיוו אומקום האָט לייוויק אַריינגעבראַכט אין יידיש.

לייוויקס מאָראַלער אויפברויז רייסט זיך אַרויס פון פּרימיטיווער פּסיכישער רויערד, אָבער איז דורכויס איינגעראָמט אין קאָנקרעטער היינטיקייט. זיין דירעקטער צוגאַנג צו די וואונדן פון דער צייט ווערט געטריבן פון אַ מאַזאָכיסטיש מוז־געפיל וואָס וואַרפט אַראָפּ אַלע קאָמפּליקאַציעס פון אַנדערע מעגלעכע רעגונגען — ווי, למשל, די פּאָזיטיווע אמונה אין דער עקדה־מעשה — און רייסט זיך צוצוקומען צום נאַקעטן דנאָ פון פאַרפּייניקטן גוף. אין צוקונפט פון מאַי 1956 גיט ער איבער אַ פאַרצייכענונג אין זיין טאָגבוך פון 1932. ער שרייבט עס אין טאָג ווען ער האָט פאַרענדיקט די גאולה קאָמעדיע. גראָד דעמאָלט ווען ער וואָלט געדאַרפט זיין אַזוי צופרידן פון האָבן פאַרענדיקט אַ גרויס ווערק, גראָד דעמאָלט נעמט אים אַרום אַ טרויער. אָט וואָס ער שרייבט און אַקצענטירט אין 1956 וואָס ער האָט פאַרצייכנט אין 1932:

„האָב איך, דער שרייבער, געמוזט דערפירן דערצו אַז אַפילו ער (חנינה), דער ריינסטער, דער לויטערסטער גואל, זאָל מוזן, כדי די גאולה זאָל קומען, באַגיין אַן אַקט פון מאָרד אַפילו ווען ס'איז דער לעצטער מאָרד? ס'איז געשטאַנען פאַר מיר די פראַגע: אויב די גאולה מוז קומען ניט אַנדערש ווי דורך בלוט־פאַרגיסונג, איז וואָס איז בילכער: די גאולה זאָל קומען און דער גואל זאָל איינפלעקן זיינע הענט אין בלוט, אָדער דער גואל זאָל בלייבן ריין, זיינע הענט זאָלן ניט פאַרגיסן קיין בלוט און די גאולה זאָל צוליב דעם קיינמאָל ניט קומען. ביי זיך אין האַרצן האָב איך געפילט אַז ס'איז בעסער צו שטעלן די גאַנצע גאולה אין קאָן אַבי דער גואל זאָל בלייבן מיט ריינע, לויטערע הענט. אָבער דער גואל אַליין, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, וואָלט ניט מסכים געווען דערצו. ער וואָלט געזאָגט: די גאולה מוז קומען. זי איז בילכער פון מיר. און איך, פאַרן בלוט וואָס איך האָב פאַרגאָסן, מוז אַליין פרייוויליק נעמען אויף זיך די שטראָף וואָס עס קומט אַ בלוט־פאַרגיסער. איך גיי דעריבער פרייוויליק אַרונטער אין תפיסה־קעלער כדי דער תליון

זאָל מיר טאָן מיין רעכט און איך זאָל זיין דער לעצטער קרבן זיינער. נאָך מיר וועט אויך זיין האַק אויסגעלייזט ווערן. זי וועט אויפהערן צו זיין אַ האַק... איך האָב זיך געלייגט אויף מיין סאַנאַטאָריע־בעט, געקוקט אויפן מאַנוסקריפּט אויפן טישל קעגנאיבער און אַ פאַרצווייפלונג האָט מיך אַרומגעכאַפּט. איך האָב געהערט אַ קול אין מיר און איבער מיר זאָגט מיט אַמאָל: אויב דו האָסט געמוזט דעם שענסטן העלד דערפירן צום מוז פון שטאַרבן, מיט וואָס פאַר אַ רעכט בלייבסטו אַליין לעבן? און בכלל איז שוין די צייט אַז אַ דיכטער, אַ דראַמאַטורג, ווען ער האָט ניט פאַר זיינע העלדן קיין אַנדער אויסגאַנג ווי נאָר טויט, זאָל ער צוזאַמען מיט זיינע שטאַרבנדיקע העלדן מיטשטאַרבן. שוין צייט אַז די מחיצה צווישן דעם קינסטלער און זיינע שאַפונגען זאָל אַוועקגענומען ווערן. שוין צייט אַז זיי זאָלן ווערן איינס".

מיר דאַכט זיך אַז די „מחיצה" וואָס לייוויק געפינט צווישן „קינסטלער און זיינע שאַפונגען" איז ניט קיין רעאַלע. זי נעמט זיך ביי אים גיכער פון אַ לאָגישן טעות. דאָס קול וואָס ער האָט דערהערט „אין זיך און איבער זיך" האָט אים אויסגעזוכט ניט אויף זיין קינסטלערישער אַדרעס. וואָרעם ווען אַ קינסטלער טוט אָפּ זיין אַרבעט אין הסכם מיט די פאָדערונגען פון זיין פעלד און לויט זיינע כוחות, האָט ער יוצא געווען ידי חובתו. מען קען זיין אַ גרויסער קינסטלער און אויך גרויס אין מאָראַלער טרייב־קראַפט, ווי טאָלסטאָי. מען קען זיין ווייט פון קונסט־פעלד און זיך דערהייבן צו אַן אינטערנאַציאָנאַלער פּאָזיציע מיט מאָראַלן כוח, ווי דער בעלגישער גלח זשאָרזש אַנרי פּיר, וואָס האָט לעצטנס געקראָגן דעם נאָבעל־פּרייז פאַר שלום. פון דער אַנדער זייט קען מען זיין גרויס אין קונסט און נישטיק אין מאָראַלער התחייבות ווי צענדליקער טאַלענטירטע קינסטלער וואָס מען קען אויסרעכענען ניט געטראַכטערהייט. די שייכות צווישן די צוויי, וואָס טייל ווילן רק אינטים פאַרבינדן, קומט אויף, האָב איך מורא, אין דער ספּעציעלער סביבה וואו דאָס יידישע קינסטלערישע וואָרט איז אויפגעבויט געוואָרן; עס נעמט זיך פונעם דערמאָנטן געשאַפענעם חלל אין אונדזער מאָראַלער יחידישער ספערע וואָס קינסטלער האָבן געמיינט אַז זיי קענען מיט ריין־קינסטלערישע מיטלען אויספירן די פונקציעס פונעם רב, רבין, מגיד אאַז"וו.

לייוויק האָט דערהערט דאָס מיסטישע קול ווייל ער פילט אין זיך, און אויך זיין פאָלקס־לייענער פילט אין אים, דעם געוואַלד־כוח וואָס שרייט אַרויס פון זיינע „עיקר־אידייען און הויפּט־מאָטיוון" און ניט — לכל הפחות ניט באַוואוסטזיניק — פונעם אופן ווי אַזוי ער דריקט זיי אויס. אָבער בלויז דאָס לעצטע, דער „אופן", ווען ער פאָרט זיך מיט אַ וויכטיקן אינהאַלט, איז קונסט. דאָס מיסטישע קול האָט גראָד אים אַדרעסירט ווייל ער שטאַמט פונעם זעלביקן לייוויקשן אוניווערס; עס איז דער אוניווערס וואָס איז געוואָרן חלל און באַמיט זיך ווידער אָנגעפילט צו ווערן, אַ וועלט וואָס ווערט אויפגעלעבט מיט די שאַרפסטע אַקצענטן און דאָס איז טאָקע דער

נאָמען וואָס לייוויק האָט געגעבן זיין רעדע אויפן אידעאָלאָגישן כינוס אין ירושלים: „דער ייד, דער יחיד".

ווי געזאָגט, דער פאָלקס־לייענער נעמט אויף ביי לייוויקן זיין מאָטיוו, זיין געשריי וואָס „קען ניט שווייגן", ניט זיין פאָרם, ניט דעם פאַרנעם פון זיין קונסט, לכל הפּחות, ניט באַוואוסטזיניק. דער דאָזיקער „לכל הפּחות" איז זייער וויכטיק. וואָרעם דאָרט וואו דער מאָטיוו איז ניט אַזוי פּרימיטיוו־רירנדיק, וואָס רייסט זיך ניט אַריין מיט אַזאַ גורלדיקער קראַפט אין דער יידיש־מענטשלעכער פּסיכיק, דעמאָלט לאָזן זיך גיכער אויסטיילן די טעכנישע כלים וואָס דער דיכטער באַנוצט און די מייסטערשאַפט וואָס ער ווייזט דערביי אַרויס. אַז מען לייענט לייוויקס עיקר־אידייען, ווי ער רופט זיי, און מען הערט אים זאָגן: „און אויף מיינע אַקסלען אַ זאַק מיט געשריי", הילכט אַזוי דונערדיק אָפּ דער עכאָ פונעם געשריי אַז עס איז שווער אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און זיך אומקוקן אויפן בילד פון דער שורה. אָבער דער רייץ פונעם בילד פאַרכאַפּט סיי ווי אַפילו דעם וואָס פאַרמאָגט ניט די צוגרייטונג צו אַנאַליזירן שורות און אויפנעמען די בילדלעכקייט פון די בילדער. עס דרינגט אין אים אַריין אומבאַוואוסטזיניק. די זעלביקע עיקר־אידייען און הויפּט־מאָטיוון וואָלטן צערודערט געמיטער ביי אַ סך, אָבער וואָלטן לייוויקן קיינמאָל פאַר קיין לייוויק ניט געמאַכט, אַפילו ביים פּרימיטיוווסטן פאָלקס־לייענער, ווען איר נעמט פון זיי אַוועק די באַגלייטנדיקע מתנות וואָס דער מייסטער פון וואָרט־קאָמפּאָזיציע פאַרמאָגט.

אָט דעם עלעמענט קען מען נאַטירלעך מער און אָפטער געפינען אין לייוויקס קלענערע ווערק, אין זיינע לידער. דאָרט שיינט אָפּט אַרויס דער דיכטער אַזוי בלענדיק אַז מען דאַרף אַוועקבייגן דאָס אויג פונעם ליכט כדי קלאָרער צו דערזען זיין מאָטיוו, זיין שטענדיקן מאָטיוו. דער וואָס זוכט רק די נאַקעטקייט פון געדאַנקלעכן ציל, וועט, בנוגע די לידער, טיילמאָל זיך באַקלאָגן אַז ער פאַרשטייט ניט, ווייל זיי אָפּערירן מיט אַ סובטילער און דערוייטערטער סימבאָליק, כדי אַרויסצוציען דעם זאַפט פון אַלע מעגלעכע פאַרצווייגונגען פון זיין מאָטיוו.

אין די לידער זעט מען אים טראָגן „אַ זאַק מיט געשריי" אָבער גלייכצייטיק אַ האַרץ מיט קול דממה דקה. אַמאָל מישן זיי זיך אויס, אַמאָל פאָדערט זיך קינסטלעריש אַז זיי זאָלן געהאַלטן ווערן באַזונדער. אָבער דאָ זענען זיי ביידע שותפים אין דער פּערזענלעכקייט פונעם קינסטלער. דער מאָטיוו, די אידייע, קען זיין ליידן און באַפרייאונג, געפיניקטער און פייניקער, אומקום און האָק, און, ביי אַ ווייטערדיקער אַסאָציאַציע, די טראַגעדיע פון טויט בכלל, אָבער תמיד אין דער ספערע פון אַ וואָרט וואָס ציט אויף זיך אַרויף נייע, אומבאַקאַנטע כוחות אינעם לייוויק־געבויטן קאָנטעקסט.

אָט איז אַ סאָנעט וואו די זיידענע קוואַליטעט פונעם „זאַק" אַקצענטירט נאָך מער די טראַגעדיע פונעם „געשריי".

## סאָנעט וועגן אַן אַלטן מידן ראָק

דער ראָק, אַ ניט־געפּרעסטער, דרעמלט אויפֿן הענגער.
אַן אויסגעמאַטערטער דער קאָלנער הענגט אַראָפּ.
אַ שוואַרצער שאָטן גנבעט זיך פֿון קנאָפּ צו קנאָפּ
און ציט אַוועק איין פֿאַלע פֿון דער צווייטער לענגער.

דער שאָטן וואַקסט, אַ פֿינצטערער באַדרענגער,
אָט שפּאַרט ער גאָר אַרויס פֿון קאָלנער ווי אַ קאָפּ.
איין אַקסל טוט אַ קרעכץ, דער צווייטער רופֿט זיך אָפּ,
און ס׳ווערט אין קלעם דעם קאָלנער ענגער אַלץ און ענגער.

אַ פֿיבער־שטראָם לויפֿט דורך דורך אַלע זיינע נעט.
ער כאַפּט זיך אויף פֿון דרעמל, אָבער שוין צו שפּעט
די מערסטע שטעך פֿאַרגאַנגען זיינען שוין אין פּלאַצן.

די פֿאָלעס וויגן זיך אין פֿרייגעלאָזטן שטאָך,
זיי גיבן מיט אַמאָל אַ פּלאַטער־פּלי, אַ פּאָך
און רויטע פלעקן גליען אויף אויףביידע לאַצן.

דאָס געשריי ווערגט זיך אין אַ מין שווערער טונקלקייט ביז עס פּלאַצט ענדלעך אַרויס אין „רויטע פלעקן“.

און אָט נעמט אונדז אַרום אַ ווייטערער אַרויסשפּראָץ פֿון לייוויקס הויפּט־מאָטיוו, די טראַגיק פֿון טויט, אָבער אויסגעשפּילט אין אַ ביך־השמשותדיקן ניגון פֿון קול דממה דקה.

## אויפֿן טישל שלאָפֿט אַ גלאָז

די שויבן פֿאַרצויגן טויאיק.
אויף דער וואַנט שפּילט זיך אַ האָז.
דאָס טישל ביים בעט שטייט רואיק.
אויפֿן טישל שטייט אַ גלאָז.

לעבן גלאָז, פּאַפּיר, אַ פּעדער,
אַן אַלטער לידער־באַנד.
און דער וואָס אויפֿן בעט זיך פּעדערט,
ציט אויס אַ לויטערע האַנט.

ער נעמט דאָס פּאַפּיר און צייכנט:
מיין ווייטער, מיין אייביקער פריינד,
דורך דיר וועט צו אַלעמען גרייכן
דאָס לעצטע וואָרט מיינס: היינט — —

דערנאָך וויל ער נאָך עפּעס שרייבן
און לייגט עס אויף שפּעטער אָפּ.
די פינגער, די לויטערע, בלייבן
איבערן טישל הענגען אַראָפּ.

דער קאָפּ וויל פינגער דריאָגן
און פאַלט אויף איין זייט באַק,
ערשט איצטער דערהערט מען אַ שלאָגן,
אַ זייגערלס שלאָגן טיק־טאַק.

דאָס זייגערל ליגט אויפן פענצטער
און שפּיגלט די זון אין זיך אָפּ.
דריי ווייזערלעך, איינער, דער קלענסטער
יאָגט איבער זיך אַליין אין גאַלאָפּ.

ער טיקט, ער טאַקט, כאָטש קיינער
פאַרנעמט שוין ניט מער זיין שלאָג.
צופוסנס פון הויט און ביינער
אויף דער וואַך זיצט האַלבער טאָג.

צוקאָפּנס שלאָפט דאָס קישן.
אויף דער סטעליע שלאָפט דער האָז.
אין ווינקל שלאָפט דאָס טישל,
אויפן טישל שלאָפט דאָס גלאָז.

דאָס וואַריאירן צווישן געשריי און שטילקייט, און די אינסטרומענטאַלע טעכניק וואָס דערביי ווערט אַרויסגעוויזן, דאָס ווערט ניט געבוירן אין דער מלוכה פון מאָטיוון און אידייען, דאָס ליגט שוין אין רשות פון קינסטלערי־שער דיכטונג. אין דעם באַמערקט מען ביי לייוויקן אַן אויסצייכענונג וואָס פאַרנעמט גאָר אַ ברייטן שטח. ער איז אַזוי באַנומען פונעם „צער פון פּשוטן מענטשלעכן גוף" אַז אָט די באַנומענקייט לייגט איר חתימה כמעט אויף יעדער שורה זיינער. דאָך האָב איך נאָך פון קיינעם ניט געהערט זיך באַ־קלאָגן אַז ער איז מאָנאָטאָן. נאָך מער, עס געפינען זיך ביי אונדז ווייניק פּאָעטן וואָס זאָלן זיין אַזוי פּראָדוקטיוו ווי ער. אָבער יעדעס ליד, כאָטש אַן אויסגעשריי פון זעלביקן אוניווערס, וויקלט זיך און וואַרפט פון זיך אַנדערע שליירן און בילדער אין טויזנטער קאָמבינאַציעס פון אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן, פון אַלע טענער און אינסטרומענטן, פון אַלע אַקצענטן אויף וואָרט און קאָנטעקסט, אַז די אידייע קומט ניי־געבוירן אין יעדן וואַריאירטן אויפקום.

דער פאָלקס־לייענער מעג ניט ווי געהעריק אָפּשאַצן די וואָג פון די דאָזיקע עלעמענטן אין לייוויקס שאַפן, אָבער סיי ווי דרינגען זיי אַריין אין אַלע ראַנדן אויף יענער זייט פון זיין באַוואוסטזיין. עס העלפט אים, אָן זיין וויסן, טיפער צו פאַרנעמען דעם זינען פון לייוויקס הויפּט־מאָטיוו און דערפילן אַ יראת הכבוד ניט אַזוי ווייט פאַר קינסטלערישער דערגרייכונג נאָר פאַר דער פערזענלעכקייט וואָס טראָגט אין זיך אַ מענטשלעך־באַצווינגענ־דיקן מאָטיוו, אַ מאָטיוו וואָס איז בטבע פון אַזאַ שטאָף אַז ער „קען ניט שווייגן".

(1959)

# פּאָעטיש

אַמאָל, אַמאָל, מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, האָט מיך פּאַרכאַפּט א קשיה: פאַרוואָס זאָל אַ דערציילטע מעשה — בעל פּה אָדער בכתב — פאַרמאָגן אַ ספּעציעלן חן און אייגנאַרטיקן געשפּאַנטן אינטערעס, וואָס אַן איבערגעלעבטע מעשה האָט דאָס ניט? אַ דערציילטע מעשה הענגט אָפּ פונעם טאַלענט פונעם דערציילער, פון דעם וואָס ער גיט צו, אַקצענטירט, בייט פּאָזיציעס פון איינצלנע טיילן, מאָלט בילדער פון אַרומיקע זאַכן און געשעענישן, בקיצור, ער טוט אָן אויף דער דערציילונג פאַרשיידענע קליידער וואָס אין איר נאַקעטן, איבערגעלעבטן צושטאַנד האָט זי ניט. אויב אַזוי, פאַרוואָס זאָלן אָט די אַלע געשאַפענע הוספות אין פּראָצעס פון דערציילן אָפּעלירן שטאַרקער, אָדער אַנדערש, ווי דער תוך וואָס מען לעבט אים אַליין איבער? פאַרוואָס זאָלן צוגעגעבענע עלעמענטן, וואָס אין דער געשעעניש גופא זענען זיי העכסטנס בלויז זייטיקע, אומדירעקטע זאַכן — למשל אַ באַשרייבונג פון אַ הויז, אַ וואַלד, אאַז״וו — פאַרמאָגן אין זיך אַזאַ כוח, אַז דער תוך פון די געקייטלטע אינצידענטן ווערט דורך דעם לעבעדיקער, געשפּאַנטער? איך האָב זיך אין יענער צייט באַמיט די אַלע קשיות צו פאַר־ענטפערן אין אַ בוך וואָס האָט געהייסן די פּסיכאָלאָגיע פון ליטעראַטור (1926). אָבער איך האָב גלייכצייטיק איינגעזען אַז דער ענטפער וואָס האָט געפּרואווט צו דערקלערן די דערציילטע מעשה פאַרענטפערט ניט אַן אַנדער ציקל קשיות וואָס לאָזן ניט אָפּ ווען עס קומט צו פּאָעזיע. וואָרעם פּאָעזיע, דאָ האָב איך דער עיקר אין זינען ליריק, אָדער דעם לירישן עלעמענט אין דער פּאָעטישער קאָמפּאָזיציע בכלל, רוקט אַרויס גאַנץ באַזונדערע רעטענישן וואָס אין פּראָזע איז דאָס ניט שכיח, אָדער פּראָזע ווייס דערפון אַ סך ווייניקער.

פּאָעזיע פאַרנעמט זייער אַ הויכע פּאָזיציע אין דער מענטשלעכער קולטור. יעדער דיכטער ווייס, און ריכט זיך, אַז זיין טיטל, דיכטער, וועט אים געבן אַ העכערן סטאַטוס. ער אָפּערירט מיטן פּאָפּולערסטן אינסטרומענט וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן, וואָרט, שפּראַך, און דאָך זענען פאַראַן גענוג אַזעלכע צווישן אונדז, באמת דער רוב פון אונדזער מין, וואָס האָט ניט דעם מינדסטן אינטערעס אין מאָדערנע, ראַפינירטע פאָרמען פון פּאָעזיע, עס וואַרעמט זיי ניט, האָט בכלל פאַר זיי אַ גאַנץ קנאַפּן זינען. פאַרוואָס? אַנדערע, ווידער, גראַד די וואָס האָבן גרויס הנאה פון פאַרביקער ליריק, נעמען אויף טיילמאָל „פּאָעטישע רייד״, קאָנסטרוקציעס, אויסדרוקן, מיט פאַרכאַפּיקער התפעלות, אָבער זיי קענען ניט געבן קיין ראַציאָנאַלע סיבה פון וואַנען דער כישוף שטאַמט. פאַרוואָס? פאַראַן ווערטער וואָס זענען פּאַסיק פאַר לירישער פּאָעזיע, אַנדערע ניט. פאַרוואָס? פאַראַן ווערטער און וואָרט־געמאָלענע בילדער וואָס

אין זיך אַליין מאַכן זיי ניט קיין באַזונדערן איינדרוק, אָבער אין פּאָעטישן קאָנטעקסט פאַרמאָגן זיי עפּעס אַ פרישקייט און דערגרייכן די מדרגה פון אוניווערסאַלע ווענדונגען, ווי ניי־געבוירן, ווי אַנדערש־געבוירן. פאַרוואָס? אַט אַזוי, ווען עס קומט צו פּאָעזיע, הייבן זיך אויף גאַנצע כוואַליעס פאַרוואָסן און פאַרשפּיצן זיך אין איין גרויסן, אַרומנעמיקן פאַרוואָס? איז דעריבער, טאַקע אין דער אמתן, פאַרוואָס?

אַז די וועלט פאַרמאָגט אַ סך מער קשיות ווי תירוצים איז אַן אמת וואָס מען מעג זיך איינשטעלן פאַר אים אַן גרויס ריזיקע. נאָך מער, יעדער תירוץ אויף אַ קשיה רייסט אויף אונטערערדישע באַהעלטענישן און עס צעפליען זיך גאַנצע סטאַיעס נייע קשיות. וועל איך שוין, הייסט עס, אַפילו זיך ניט באַמיען צו פאַרענטפערן אַלע אָנגעוואָרפענע פאַרוואָסן. אָבער עס לוינט זיך אויפצודעקן געוויסע פונדאַמענטאַלע טענדענצן אין דער מענטש־לעכער נשמה, כדי טיפער צו באַנעמען די ספּעציעלע שליחות וואָס פּאָעזיע פירט דורך אין דער וועלט.

זאָל קודם כל קלאָר ווערן אַז פּאָעזיע איז ניט בלויז אַן עסק פאַר פּאָעטן; אַלע מענטשן פּאָעטיזירן, פּונקט ווי דאָס רוב פרויען פון פאַמיליעס קאָכן, כאָטש קיין איינע פון זיי איז ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער שעף. עפּעס איז פאַראַן אין אונדז אַלעמען וואָס טרייבט אונדז צום פּאָעטישן אויסדרוק; עס איז אַן אימפּולס וואָס שטעלט אונדז, אַזוי צו זאָגן, באַשטימטע פאָדערונגען און מיר פירן זיי דורך באין ברירה, פּונקט ווי מיר וואַרפן פון זיך אַראָפּ אַן אַרויפגעוואָרפענע משא וואו און ווען עס איז נאָר מעגלעך.

דער פּאָעטישער אימפּולס באַשטייט אין דער אָנשטרענגונג איינצושפּאַנען שפּראַך אין אונדזער שטענדיקער זוכעניש, אין אַ רייסעניש, צו דערנעענטערן זיך צו אַ וועלט וואָס מען קען צו איר ניט צוקומען מיט אונדזערע געוויינטלעכע חושים. אויג, אויער, צונג, מוסקל, נערוו־ענדונגען, וואָס אַ דאַנק זיי זענען מיר בכוח צו שפּירן דרוק, קאָלט און וואַרעם, בקיצור, מיר ציען אַריין אין זיך אַלע זאַכן, דעם גאַנצן דרויסן, פון דער וועלט מיטן כוח פון אונדזערע חושים. אָבער מיר פילן אַז די פאַראַנענקייטן אין דער וועלט זענען אַ סך, אַ סך רייכער ווי די באַשיידענע מתנות וואָס די חושים ברענגען אונדז. אַזוי שנעל ווי אַ מענטש זאָגט „איך פיל״, רירט ער דערמיט אָן עפּעס וואָס קיין איינער פון אונדזערע חושים קען אונדז וועגן דעם גאָרניט זאָגן. געפינען מיר זיך אין אַ וועלט וואו עס ווילט זיך לעבן, נאָר מען לאָזט ניט, אין אַ געוויסן זינען.

וואָס־זשע טוט גאָט? האָט ער אונדז באַשאָנקען מיט דער ברכה פון לשון. שפּראַך פאַרמאָגט אַ סך מעלות צו פאַרלייכטערן אונדז דעם וועג צו מאַכן אונדזער לעבן פולער און רייכער. קודם כל, מיט דער הילף פון ווערטער קענען מיר מאַכן אַזוי אַז די חושים זאָלן אונדז ברענגען עקזיס־

טירנדיקע זאַכן וואָס אַליין זענען זיי דאָס גאָרניט בכוח צו טאָן ווען זיי געהערן ניט צו פשוטע פאַקטן. למשל, אָט יענע פרוי איז אַ מוטער פון אַ קינד, דאָס איז אַ טרוקענער פאַקט. ווען איר וועט זי אָנרופן „מאַמע" גייט איר שוין אַ האָרעלע אַריבער די גרענעצן פונעם פאַקט, וואָרעם מאַמע איז דאָס זעלביקע וואָס מוטער מיט אַן עודף, אַביסל וואָרעמקייט, וואָס דער פאַקט גופא פאַרמאָגט ניט. ווען איר קינד ווענדט זיך צו איר מיט אַזעלכע ווערטער ווי מאַמעלע, מאַמעליו, מאַמיניו, איז דאָס שוין גאַנץ ווייט אַוועק פונעם פאַקט, עס איז שוין על פי רוב אויף דער זייט פון הוילער, גייסטיקער וואָרעמקייט. אָט די גייסטיקע קוואַליטעט איז פאַר די חושים אַ פאַרשלאָסענער סוד. אָבער ווען מען רעדט אַרויס די ווערטער, אָדער ווען מען שרייבט זיי אויף, דעמאָלט קענען שוין אויער און אויג, אונדזערע אינטעליגענטסטע חושים, אויפכאַפּן דעם ענין און אַרויסדרינגען וואָס מען דאַרף.

די צווייטע מעלה פון שפּראַך איז דאָס וואָס זי גיט אונדז גאָלדענע געלעגנהייטן צו האָבן „קאָנפערענצן" מיט זיך אַליין. אַ דאַנק דער מתנה פון לשון קענען מיר זיך צעשפּאַלטן אויף צוויי העלפטן: אַן „איך" מיט אַ „זיך", און איך קען זיך אַריינלאָזן אין שמועסן מיט זיך; איך קען מאַכן אַ דין־וחשבון מיט זיך; איך קען האָבן טענות צו זיך, און אַזוי גייען אָן די „קאָנפערענצן" וואָס קיין דרויסנדיקער קען נישט דערזען דעם מינדסטן סימן דערפון.

דריטנס, מען דאַרף ניט האָבן קיין ספּעציעלע פייִקייט צו קענען שפּראַך. אַלע רעדן, אַלע באַנוצן ווערטער. עס גייט אַזוי ווייט, אַז וואָס פּרימיטיווער אַ מענטש איז, אַלץ שווערער איז אים אָפּצוטיילן דאָס וואָרט פון דער זאַך. ער מיינט אַז ביידע זענען צוזאַמען געוואַקסן פון דער נאַטור. היינט אויב שפּראַך איז עפּעס אַזוינס וואָס אַלע האָבן דערין אַ גלייכן חלק איז דאָך נאַטירלעך מיר זאָלן זיך מיט איר באַנוצן זיך דורכצורייסן דורך די גרענעצן פון די פאַקטן און צוקומען צו „יענער זייט", אַזוי צו זאָגן. אָבער אויב ווערטער קומען צו אונדז אויף צו באַצייכענען פאַקטן, קען מען אפשר פון שפּראַך שאַפן אַ סופּער־שפּראַך כדי פון דער רעאַליטעט זיך צו דערנעענטערן צו אַ סופּער־רעאַליטעט.

די דאָזיקע רייד קענען מאַכן אַן איינדרוק פון סודות און רמזים. עפּעס אַ קלייניקייט „סופּער־שפּראַך" און „סופּער־רעאַליטעט". אָבער ווי מיר וועלן באַלד זען האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט איבערלעבונגען וואָס זענען קיין שום מענטשן ניט ווייט. וואָרעם אין דעם ליגט די אימפּולסיווע שליחות פון פּאָעזיע, פון דער צוואַנג־פּאָעזיע וואָס רייסט זיך אין יעדן פון אונדז, און אויף אַ מער געהויבלטן, ראַפינירטן אופן, די פּאָעזיע וואָס מייסטער־פּאָעטן זענען באַרופן צו שאַפן און דערמיט העלפן זיי באַפרידיקן אונדזער דאָרשט נאָך פּאָעטישן אויסדרוק. די שליחות פון פּאָעזיע, אָדער דער ציל פון פּאָעטישן

אימפּולס, דאָס האָט דער דיכטער א. אלמי אויסגעדריקט, מען מעג זאָגן דעפינירט, מיט זייער פּשוטע ווערטער:

„אַז אַ קלויזניק גייט אַרויס אויפן פעלד
איז פאַר אים די גאַנצע וועלט
חומש און רש״י און גמרא.
אין רוישן פון ווינט הערט ער בפירוש
אַ פּירוש
אַ סברה
אַרום און אַרום איז לויטער חידושים
פאַר זיינע חושים...״

און קלעטערנדיק העכער צו דינערע און טיפערע אַבסטראַקציעס:

„אין די כריזאַנטעמעס
זעט ער אַ רמז
כי אמת
מארץ תמצח.
דער אמת שפּראָצט אַרויס
פון ערדישן שויס
און אין אַלצדינג וואָס ווערט און וואָס איז,
אין מענטש און אין ווערימל אונטער די פיס,
אין פלאַטערן, פליסטערן, שפּראָצן —
כביכול׳ס רצון״.

דאָס וואָס אונדזער קלויזניק צוזאַמען מיט זיין דיכטער א. אַלמי געפינען אין כריזאַנטעמעס זעען זיך בשום אופן ניט אַרויס אין דער פּאַקטישער רעאַליטעט. אין דער אמתן האָט דאָס גאָרנישט צו טאָן מיטן סאָרט זען וואָס מען שפּירט מיט די אויגן; עס איז אַן אינטואיטיווע אַנונג וואָס מען כאַפּט אויף מיט אַן אינערלעכן כוח און מען קירעוועט די ווערטער אַז זיי זאָלן אונדז געבן אַ רמז אויף אָט דעם כוח.

אָט דאָס מאַניפּולירן מיט ווערטער, מיט גאַנצע קאָמפּאָזיציעס, פאָרמען, קאָנטעקסטן, אין דעם ליגט די קונסט פון איינשפּאַנען שפּראַך אינעם פּאָעטישן אימפּולס. דער אָנהייב דערפון איז גאַנץ איינפאַך, ווי מיר געפינען עס אין פּרימיטיווע לידער, אָדער אין די ווענדונגען פון דער טעגלעכער שפּראַך, ווען זי רייסט זיך אַריבער צו קלעטערן איבער דער מחיצה פונעם רעאַלן פּאַקט. ווען איך זאָג „מיין מאַמע״, איז דאָס אַ פּאַקט. ווען איך זאָג „מאַמע מיינע״, איז דאָס שוין אַביסל מער ווי פּאַקט; ווען איך שריי אויס: „מאַמעלעך מיינע״, האָט עס שוין גאָרניט וואָס צו טאָן מיט פּאַקט. דער פּאָעטישער אימפּולס טרייבט אונדז ניט דווקא צו טייערע עקסטראַוואַגאַנצן אין אונדזער טעגלעכער פּאָעטישער נויט. מיר שאַפן זיך פּיקסירטע מיטלען אויסצודריקן סענטימענטן, טונקעלע מחשבות, שאָטנדיקע ניואַנסן פון שפּראַך. עס גייט אַזוי ווייט, אַז טיילמאָל קען מען אין גאַנצן ניט געפינען קיין ווערטער וואָס זאָלן אויסדריקן אַ טיפערע איבערלעבונג און אפילו די פּאָלקלאָר־מדרגה באַנוגנט

זיך מיט איבערגיין צו הוילער מעלאָדיע, ווי, למשל, אין „פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיה, טראַ־לאַ־לאַ".

עס איז ממש ניטאָ קיין שיעור, קיין גרענעץ, צו די סובטילע און סוגעסטיווע מיטלען וואָס דער פּאַטעטישער אימפּולס העלפט אויסאַרבעטן אויפן לאַנגן וועג פון די פאַרגליווערטע, גע׳ירשנ׳טע שפּראַך־פאָרמען איבערצוגעבן געפילן ביז די אויפטוועריש־נייע געווינסן אין פּאַטעטישן שאַפן. נעמט, למשל, די טעמע וועגן ליבע צו דער מאַמען. דער פיקסירטער, איבערגענומענער גאַנג אויסצודריקן דאָס געפיל איז דער דימינוטיוו „מאַמעלע, מאַמיניו". עס איז אויף דער מדרגה פון „מיין שטעטעלע בעלז". די דאָזיקע ספּאָנטאַנע השתפכות הלב איז פּרימיטיוו אָבער דערלאָזלעך אין גערעדטן אויסדרוק פון פּאַטעטישן אימפּולס. אין געשריבענער קאָמפּאָזיציע, אין אַ פּריוואַטן בריוו, שוין אָפּגערעדט פון אַ ווערק מיט קינסטלערישע פּרעטענזיעס, וועט אַזאַ אויסדרוק גרילצן. וואָרעם דאָ קען מען זיך ניט באַפרידיקן מיט אַ מעכאַניש־איבערגענומענע ירושה, ווייל ווען דאָס געפיל געפינט ניט קיין נייע פאָרם זיך אַרויסצוהייבן, ווערט צוליב דעם פאַרשטאָפּט דער קאַנאַל וואָס מען קען פון אים אַרויסשלעפּן אַ נייעם ניואַנס פון יענער זייט פאַקט. עס איז דאָך קלאָר אַז ווען דער אויסדרוק, און דער קאָנטעקסט וואו ער ווערט פאַרפלאַנצט, איז געקומען בירושה, קען שוין קיין ניי געוויקס ניט אַרויסבליען. אַ „מאַמעלע" וואָס לעבט אין „שטעטעלע" קען בלויז אַרויס־רופן דאָס געפיל „איך בענק אַהיים". אַלץ איז זייער באַקאַנט, פון לאַנג פיקסירט, דערלאָזט ניט אויסצוגראָבן כאָטש דעם מינדסטן נייעם קאַרב אין דער אַלטער ערד.

פאַרגלייכט דאָס מיט אַ מאָדערן ליד אין דער יידישער ליטעראַטור, אויך אויף דער טעמע „מאַמע"; נאָך מער, אַ מאַמעס טויט, צוויי פון די גורל׳דיקסטע סענטימענטן — מאַמע און טויט — וואָס וועגן דעם האָט שוין דער פּאַטעטישער אימפּולס זינט טויזנטער יאָרן אונדז באַשאָנקען מיטן ריטואַל פון איינדרוק און מיט דער פאָרם פון אויסדרוק. אָבער אָט איז געקומען א. גלאַנץ־לעיעלעס און געפונען אַ ראָם פאַר דיביידע סענטימענטן, אַ ראָם וואָס שמעלצט צונויף געפיל און מעדיטאַציע. דער לעצטער סטראָף פון זיין ליד „מיין מאַמע" לייענט זיך אַזוי:

„זי האָט נאָך דאַן געטראָגן גראָד און גרינג איר גוט־געשניצטן קאָפּ.
און לייכט איר טראָט, די לאָדזשער גאַס געשניטן פלינק, בראַוואַדיש.
נאָר נאָך צוויי יאָר האָט מיט געצוקטן כתב און ציטערדיקן טראָפּ
מיין טאַטע מיר געשריבן: זון, פאַרגעס נישט זאָגן קדיש".

די דאָזיקע שורות פאַרוויקלען אין זיך אַ סך ריכטונגען אין שפּראַך־מאַניפּולאַציע, וואָס די פיקסירטקייט פון דער גע׳ירשנ׳טער פּרימיטיווער ווענדונג וואָלט צו דעם קיין צוטריט ניט געקענט האָבן. זאָל זיין גענוג צו אַקצענטירן בלויז עטלעכע מאָמענטן. דאָ ווערן ניט באַנוצט קיין דימינוטיוון

וואָס ליגן גרייט אויף דער האַנט צו פאַרשטאַרקן דעם רירנדיקן איינדרוק. דאָס וואָרט „טויט", און קיין שום סימנים פון דעם וואָרט, ווערן דירעקט ניט דערמאָנט. אַ באַזונדער עפעקט ווערט אַרויסגעבראַכט פונעם אומגעריכטן גראַם „בראַוואַדיש—קדיש". די דאַזיקע צוויי ווערטער זענען וועלטן־ווייט איינס פון אַנדערן ניט בלויז עטימאָלאָגיש, נאָר אויך לויטן אידייאישן אינ־האַלט. דאָס ערשטע איז אַ קרעפטיקער אויסדרוק פון פולבלוטיקן לעבן, דאָס צווייטע — אַן אָנזאָג פון אַ לעצטן רוף מיט אַן אויבער־טאָן פון אַ מיסטישן אוניווערס.

אָבער די וועלט פון רירנדיקער באַציאונג צו רעאַלע עקזיסטענצן, אַפילו באַגייסטערונג און עקסטאַז וואָס ליגן אין די גרענעצן פון ערדישער רעאַליטעט, זענען בלויז אַן ערשטע מדרגה פון פּאָעטישער דערהייבונג. אמת, אויך אין די דאָזיקע ממשות'דיקע פאַקטן, נאָענטע מיט דער האַנט צו דער־לאַנגען, זוכט די נשמה זייערע אויבער־טענער, וואָס ציען אַוועק ערגעץ ווייט, ווייט. אָבער גלייך הייבן זיך אַרויס מדרגות פון אַ העכערער קוואַליטעט. דאָ רייסט זיך אַריין אונדזער איבערלעבונג — ממילא די זוכעניש צו געפינען אַן אויסדרוק פאַרן געפיל — ווען מיר באַנעמען אונדזער קליינקייט, שוואַכ־קייט, ווען עס דרינגט אונדז דורך דאָס שווערע געמיט פון דער אַנונג אַז מיר זענען „ווי ליים אין די הענט פונעם טעפּער". אַלע יידן ווערן פּאָעטן ווען דער שליח־ציבור וויינט אַרויס דעם „הנני העני ממעש".

שווער אַריבערצושטייגן די העכערע מדרגות פון תנ"כישער ליריק אינעם כוח אויפצורודערן דאָס מענטשלעכע געמיט. אָבער די טיפסטע אויפטרייס־לונג נעמט אונדז דורך ווען דער דיכטער דרינגט אַריין אין דער עלנטקייט און נישטיקייט פונעם מין מענטש. נישטאָ, דאַכט זיך, אַזאַ גזלניש האַרץ וואָס ווערט ניט גערירט פון אַזעלכע פּאָעטישע ווערטער ווי: „מיין גאָט, מיין גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן? ווייט פון מיין הילף זענען די ווערטער פון מיין געשריי". אָדער: „גאָט, ניט האָפערדיק איז מיין האַרץ, און ניט דערהייבן זענען מיינע אויגן". אַפילו אין די מאָדערנע צייטן איז ניט געראָטן איינצושטילן דעם דאָרשט נאָך אונטערטעניקייט, דעם פאַרלאַנג באַ־הערשט צו ווערן פונעם לויטערן נחת־רוח וואָס עס קען אונדז פאַרשאַפן די פּאָעזיע פון אַלע שאַטירונגען פון עניוות, פון פילן זיך שפלדיק אין דער וועלט. די באַקאַנטסטע שורה פון גרעיס „עלעגיע" איז וואו ער באַשרייבט דעם פויער וואָס שלעפּט זיך אַהיים אַ מידער פאַרנאַכט „און לאָזט די וועלט צו חושך און צו מיר". דזשויס קילמער האָט געוואונען פּאָפּולאַריטעט און באַרימטקייט מיט די שורות:

„נאַראָנים ווי איך קענען מאַכן אַ ליד,
בלויז גאָט אַליין קען מאַכן אַ בוים".

צו דערשפּירן די אייגענע קליינקייט און נישטיקייט איז נאַטירלעך מחייב אַ צווייטע זייט פון דער מטבע. אַזאַ געפיל קען בלויז שטאַמען פון

אַ שייכות צו עמעצן, צו עפּעס, צו אַ כּוח וואָס איז מעכטיקער. וואָרעם דער באַגריף קליין איז בטבע רעלאַטיוו, עס איז אַ „קלענער ווי...״ אָט דאָ עפנט זיך אויף אַ שפּאַרע פון אַ פּאַרהאַנג איבער אַ מין פּאָטענציעלער מיסטיק, דאָרט וואו זי איז נאָך ניט געקומען, אַפילו ווען זי וועט קיינמאָל ניט קומען, צו אַ דעפיניטיוון אויסדרוק. דער אמת איז אַז דער מענטש פון היינטיקן צייטגייסט פילט זיך נעענטער צו זיין תוך ווען דאָס פאַרבאָרגענע פון דער וועלט רעדט צו אים דורך שלייערן פון אומבאַשטימטקייט. דער סטיל פון דער צייט האָט ליב ברוטאַלע קאָנקרעטקייט ווי אַן אויסדרוק פון דער רעאַליטעט און סובטיל־דינע סוגעסטיווקייט ווען מען מאַכט אַ טראָט אַריבער דער גרענעץ פונעם ממשותדיקן פאַקט.

אָבער די פּאָעטישע „סופער־שפּראַך״ איז אַ קאָמבינאַציע פון אַ סך פאַקטאָרן. טעמע אַליין איז ווייט ניט גענוג. אין דער דאָזיקער קאָמבינאַציע שפּילט אַ יחסנות׳דיקע ראָלע דער רעטאָרישער פאַרגלייך, די שפּיל פון משל מיטן נמשל. דער נמשל קען זיין אַזוי לאָקאַל ווי אַ צופעליקער אינצי־דענט, אַ זייטיקער פאַקט, קומט דער משל, ווען אים האָט געשאַפן אַ מענטש מיט אַן אינערלעכן חוש הראיה, און כאַפּט אויף אינעם פאַרבייגייענדיקן נמשל עפּעס וואָס איז אוניווערסאַל און אייביק, אָדער לכל־הפּחות עפּעס וואָס איז גרעסער און פאַרנעמט אַ טיפערן און ברייטערן לעבנס־שטח. דערמיט ווערט דער צונויפגאָס „משל־נמשל״ אַ באַזונדער לשון, עפּעס אַזוינס וואָס איז בכוח מיטצוטיילן אידייען, אַפילו געבן אינפאָרמאַציע, אויב איר ווילט, אַזוי ווי יעדע שפּראַך, אָבער אַלץ אויף אַן אומדירעקטן, אַרומיקן וועג. טיילמאָל ווערן משל און נמשל אַזוי צונויפגעשמאָלצן אַז מען קען זיי מער ניט פאַנאַנדערטיילן, דעמאָלט אָפּערירן מיר מיט סימבאָלן, ווי מיר האָבן עס אָפט אין חלומות. אַ שוואַרצער פויגל קען זיין אַ משל, אָדער אַ סימבאָל, פון טויט, אָדער אַ סימבאָלישע געשטאַלטונג פון אַן אַלגעמיינער און צעשוואו־מענער געדריקטקייט וואָס זוכט אַ קאָנקרעטן פּונקט אין דער וועלט זיך צו קענען אידענטיפיצירן. דאָ זענען שוין די גרענעצן צווישן משל און נמשל אינגאַנצן אָפּגעווישט, עס ווערט איין אייניציקע גאַנצקייט; ביים ניט־דיכטער קען אַרויסשווימען אַ פאַרחלומטע איבערלעבונג וואָס ער קען אויסדריקן מיט ווערטער אין אַ בריוו, אָדער אין אַ געוויינטלעכן דיאַלאָג צווישן איך און זיך. ביים דיכטער ווערט דערפון געבוירן אַ ליד. אָבער סייווי ווערט אונדז אַביסל קלאָרער דער פּראָצעס וואָס פירט פון פּאָעטישן אימפּולס צום וואָרט־אויסדרוק. וואָרעם אין אָט דער אומדירעקטקייט, דאָס צוקומען צום תוך פון אינערלעכן לעבן דורך אַ וועג וואָס ציט זיך פון יענער זייט פאַקט, אָט אין דעם ליגט אַ וויכטיקער עלעמענט פון דער ספּעציפישקייט פון דער פּאָעטישער „סופער־שפּראַך״.

דאָרט וואו נמשל און משל ווערן איינס, צי דאָס איז אין אַ קאָנדענסירטן מעטאַפאָר, צי אין געשטאַלט פון אַ לעבעדיקן סימבאָל, ווען טערמינען

הערן אויף צו האָבן באַשיינפּערלעכע לאָגישע בינדונגען, דעמאָלט, אויב עס האַנדלט זיך ווענן אַ ליד, הויבט זיך אויף די פראַגע פון „פאַרשטיין", אָדער „וואָס האָט ער געמיינט ?" טייל פרעגן ביים דיכטער אַליין די דאָזיקע קשיה. דאָס זעט אויס צו זיין געבויט אויף דער הנחה אַז עס מוז זיין אַן אינטימע שייכות צווישן דעם סינטעטישן טאַלענט צו דיכטן און דעם אַנאַלי־טישן כוח צו פאַרשטיין. דאָס איז דורכויס לאו דווקא. נאָך מער איז דאָס ריכטיק ווען מען האָט פאַר זיך אַ סימבאָלישע פאַרגליווערונג פון צעשוואו־מענע שטימונגען און געמיט־צושטאַנדן וואָס לאָזן זיך ניט פּרעציזירן דורך „פאַרשטיין". דעמאָלט איז בלויז געווענדט אין דעם צי די סינטעטיזירונג פון אַלע פּאָעטישע עלעמענטן, צוזאַמען מיט דער מוזיק וואָס איז אַן אָר־גאַנישער שותף אין פּאָעטישער קאָמפּאָזיציע, איז אַליין בכוח צו פאַרכאַפּן דאָס געמיט.

מען דאַרף אויך געדענקען די אָפּט־פאַרקערטע רעזולטאַטן פון דער־קלערן און פאַרשטיין. ווען עס געלינגט צו באַווייזן אַז דער משל, אָדער סימבאָל, שטימט מיט די אַלגעמיינע פּרטים פון געשעענעם פאַקט, דעמאָלט וועט דער צוהערער שוין קענען אויספירן „איך פאַרשטיי". אָבער דער גע־שעענער פאַקט קען זיין אַ פערזענלעכער אינצידענט וואָס איז אומוויכטיק און זייטיק פאַר אַ דרויסנדיקן. היינט ווען דער בליק איז געווענדט צום נאַקעטן פאַקט, ווערט צעשטויבט דער עפעקט פונעם סימבאָל וואָס זיין עובדה איז דאָך געווען אַריינצושטעלן דאָס געשעענע אין אַ ברייטערער ראַם, אין אַ ראַם וואָס וויקלט איין דעם פאַקט אינעם ליכט וואָס קומט פון אַ העכערער אידייען־וועלט. דער סימבאָל וויל אַריינבלאָזן אינעם פאַקט אַן אוניווערסאַלן אָטעם, די דערקלערונג קען אים אַראָפּשטויסן צו זיין לאָ־קאַלער פּאָזיציע.

ווען איוב רעכנט אויס פאַרשיידענע מאָמענטן אין גאָטס גבורה, רופט ער אויס: „ער אַנטפּלעקט טיפענישן פון דער פינצטער און ברענגט אַרויס אין ליכט דעם שאָטן פון טויט" (י״ב, 22). וואָס מען זאָל נישט טראַכטן וועגן דעם באַגריף „גאָטס גבורה", עס איז אָבער זיכער פאַראַן קינסטלערי־שע גבורה אין די ציטירטע ווערטער. אויב איר כאַפּט אויף כהרף־עין די קרעפטיקייט וואָס אין זיי ליגט, איז גוט, אויב ניט — וועט יעדע דער־קלערונג זיי מאַכן שוואַכער. עפּעס ענלעכס וועט געשען ווען איר וועט באַ־לאָדן מיט לאָגישע פּירושים אַזאַ באַשרייבונג פונעם בעל־גאווה: „דער וואָס מאַכט ברייט ווי אונטערערד (שאול) זיין באַגער, און ווערט ווי דער טויט ניט זאַט" (חבקוק, ב, 5).

מוזיקאַלישקייט שפּילט אַ באַזונדער ראָלע אין דער פּאָעטישער „סופער־שפּראַך". אויף עלעמענטאַרע מדרגות געפינען מיר עס אין די באַוועגונגען פון ריטעם און מעטער, אין די רייכע סכעמעס פון גראַם־קאָמבינאַציעס, אין אַליטעראַציעס און אַסאָנאַנסן, אאַז״וו. אויף מער אָוואַנסירטע מדרגות, ווען

דיכטער ווערן מער באַוואוסט ביי זיך וועגן זייער ראָלע און אויסגערעכנטע דערפינדערישקייט ווערט אַ געשטעלטער ציל, דעמאָלט מוז מען זיך אָנשפּאַרן אויף סובטילערע מיטלען אַרויסצוברענגען מוזיקאַלישע קוואַליטעט. אין פּריי־ען פערז, למשל, קלינגט בולטער אַרויס דער רעזאָנאַנס פון ווערטער און דער אָטעם פון קירצערע און לענגערע שורות, אין שייכות צום זינען פון ליד, הערט זיך שאַרפער.

מוזיק באַהעפט זיך זייער האַרמאָניש מיט דער ספּעציפישקייט פון פּאָעטישן לשון. די אומאַרטיקולירטע קלאַנגען פון דער מוזיקאַלישער צונויפ־שפּיל טראָגן זיך מיט אַן איינגעשטעלטער סעקוועניץ, אָבער אויף זיי ליגט ניט די וואָג פון אידייען און באַגריפן, טראָגן זיי זיך לייכט, גלעטן דאָס געמיט מיט אַלע סאָרטן שטימונגען. זייערע עלעמענטן זענען ניט קיין עקזאַקטער אָפּרוף אויף דרויסנדיקע פּרטים, קענען זיי זיין פרייער און סוגעסטיוו אין אויסטייטש, זיי פליסן, אַזוי צו זאָגן, פאַזע דעם פאַקט, אָבער נישט געבונדן צו אים, און ער האָט ניט קיין פולע שליטה אויף זיי, ווי נאָענט די קרובהשאַפט זאָל ניט זיין. אָט די שטריכן מאַכן לייכטער דעם וועג פון פּאָעזיע, אַ דאַנק איר שטענדיקער מוזיקאַלישער באַוואַכונג, צו שווימען אויף יענער זייט רעאַליטעט און דערשפּירן דעם ריח פונעם אַב־סאָלוטן אין יעדער רעלאַטיווער עקזיסטענץ.

פּאָעזיע האָט צו טאָן, דאַכט זיך, מיט גאַנץ פּשוטע זאַכן, מיט אַריט־מעטיק, אָבער אין דער אמתן איז דאָס איר אופן פון באַנוצן אַלגעבראַאישע סימבאָלן. זי פונקציאָנירט הינטער אַ לייכטן פאָרהאַנג, אויף דער אָפענער זייט ווייזט זיך דאָס וואָס זעט אויס דירעקט און קאָנקרעט, אויף דער פאַר־שטעלטער זייט — אומדירעקט און אַבסטראַקט. אַזוי איז פּאָעזיע, אַזוי איז דער דיכטער און זיין דיכטונג, אַזוי זענען מיר אַלע ווען מיר זענען פּאָעטיש.

(1959)

# זיבעצן אלמנות

שווערע טעג און שווערע וואָכן האָבן פאַרפינצטערט דאָס לעבן. אָבער אַ מענטש איז שוואַכער פון אַ פליג און שטאַרקער פון אייזן. די מאָסקווער פאַרשטעלונג פון 21 הינט, שלאַנגען, עקדישן — שוין פאַרענדיקט. די נאַציס האָבן עסטרייך שוין דערוואָרגן. ליטע האָט שוין אָוועקגעלייגט איר כאַרכלדיקן האַלדז אונטער די נעגל פון פוילישן אָדלער. שוין צוגעוואוינט זיך צו דעם אַלעם? זיך שוין באַרואיקט? אויב יאָ, איז ביטער, וואָרעם ס׳איז נאָך עפּעס געשען — אַ שטילע, כמעט פּריוואַטע, ווינקלדיקע געשעעניש. און אויב עס האָט זיך שוין עמעצער באַרואיקט און איינגעשלאָפן, זאָל דאָס אים אויפוועקן פון זיין דרימל. אין דער איצטיקער צייט איז דער לוקסוס פון אַ נחת׳דיקער רגע אַ שרעקלעכער דיסאָנאַנס.

מיט עטלעכע חדשים צוריק, ווען סאָוועטישע ביקסן האָבן אומגעבראַכט דעם גענעראַל יאַקיר, האָט זיין ווייב, אין אַ בריוו אין די צייטונגען, מודיע געווען ווי צופרידן זי איז מיט דער גערעכטיקייט פון איר לאַנד, און האָט פאַרדאַמט איר מאַן, דעם פאַררעטער. דער גענעראַל האָט קיין עפנטלעכן פּראָצעס ניט געהאַט, טאָ פון וואַנען האָט זי געוואוסט אַז ער איז שולדיק? זי האָט דאָך עס ניט געקענט וויסן פון פריער, אַניט וואָלט זי דאָך געווען שולדיק פּונקט ווי איר מאַן פאַר ניט מסרן אים. האָט זי דאָס געטאָן אויס טיפן גלויבן אין סאָוועטישע גערעכטן? אפשר אויס מורא? אָדער אפשר האָט מען זי געצוואונגען דערצו? קיינער ווייסט ניט. אין קלאַסישן לאַנד פון קאָנספּיראַציע איז אַלץ פאַרשטעלט, פאַרהוילן, ווי שדים אין דער נאַכט. ניטאָ קיין דיקטאַטור וואו פּאָליטישע נאַכט־אַרבעט און פאַרבאַרגענע, סודות־דיקע פּיין און טויט האָבן דערגרייכט אַזאַ אידעאַלע מדרגה ווי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

און איצט, ווידער אַ פּאַסירונג פון דעם מין, אָבער שוין אויף אַ גרעסערן פאַרנעם. אַכצן מענטשן האָט מען דערשאָסן. ווען די נאַכט איז אַריבער האָבן אַכצן אלמנות אויפגענומען די שוואַרצע בשורה. שוואַרצע בשורה? ניין, אין לאַנד פון דער „גאולה״ האָט אַן אַנדער מין בלוט גענומען רינען אין מענטשלעכע אָדערן. וואָרעם 17 פון די 18 אלמנות האָבן זיך באַלד געווענדט צו דער רעגירונג מען זאָל אַנולירן זייערע מאַן־ווייב פאַרבינדונגען צו די דערשאָסענע, און אַראָפּנעמען דעם פאַררעטערישן פלעק פון זייערע ציכטיקע רעפּוטאַציעס. און די אַכצנטע אלמנה? איז מעגלעך אַז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד זאָל זיין עפּעס ווייניקער ווי אַז אַלע זאָלן זיך מודה זיין, און אַז אַלע זאָלן מסכים זיין? ווייזט אויס אַז פון אַ נס איז אַפילו אַ גרויליקע דיקטאַטור ניט באַוואָרנט. בוכאַרינס פרוי האָט אַזאַ בקשה צו דער רעגירונג ניט

געשיקט. איצט האָט מען זי שוין אויך אַרעסטירט. מעגלעך, אַז זי וועט דערזען ביי די פייניקער אַן אַנדער וועג אויף צו רייניקן איר נאָמען.

פון וואַנען נעמט זיך, וואָס 17 פרויען זאָלן עפנטלעך אַרויסווייזן אַזאַ בלוט־פאַרקילנדיקע אומגעטריישאַפט? האָט מען זיי געצוואונגען דערצו? מעגלעך, מסתמא. דאָס וואָס בוכאַרינס פרוי — וואָס האָט דאָס ניט געטאָן — איז אַרעסטירט געוואָרן, איז אַ שטאַרקער עדות אַז דאָ איז אָנגעווענדט געוואָרן ברוטאַלער צוואַנג פון יענעם מין וואָס אין ציוויליזירטע לענדער איז שווער משיג צו זיין. אָבער דאָס איז אייגנטלעך ניט וויכטיק. איך קען מיר פאָרשטעלן אַז פאַר טייל פרויען איז געגוג געווען בלויז אַ וואונק פון אויבן. אונטער אַ דיקטאַטור ווערן מענטשן אַנדערש, און וואָס אַן „אַנדערער" מענטש קען טאָן, ווער קען דאָס פאָרויסזאָגן?

וויכטיקער איז די מאָראַלע מדרגה פונעם לאַנד, וואָס וויל אַז דאָס זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן; וויכטיקער איז דער גאַנצער גייסטיקער צושטאַנד פון אַ דיקטאַטור, וואָס וויל מיט דעם דערציען אירע אונטערטאַנען, וואָס וויל דאָס מאַכן פאַרן סטאַנדאַרד, פאַרן מוסטער פון עטישער האַנדלונג צווישן מענטשן, אַז מען זאָל זיך דערפון אַראָפּנעמען אַ מוסר. אָט דאָ אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדז די פאַרבלאָטיקטע בלוט־שפּורן פון דער מאָראַליש־צעבראָכענער וועלט וואָס די ערשטע דיקטאַטור האָט אונדז געבראַכט.

ווי ווייט איך האָב נאָך ביז איצט קיינער ניט געשריבן קיין געשיכטע פון פערזענלעכער פריינדשאַפט צווישן מענטשן, קיין געשיכטע פון געטריישאַפט צו אייגענע און נאָענטע ווי אַ פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. פריינדשאַפט איז ניט קיין פאָרמעל־איינגעאָרדנטע אינסטיטוציע. אירע פאָרמען, אויסדרוקן און אינערלעכע איבערלעבונגען לאָזן ניט נאָך זיך קיין קלאָרע, פאַרצייכנטע דאָקומענטן, רעקאָרדס, אַז דער היסטאָריקער זאָל לייכט קענען נאָכגיין די שפּורן, פאַרצייכענען די דאָזיקע פיינסטע מאַניפעסטאַציעס פון מענטשלעכן לעבן, און זיי צעטיילן אויף פעריאָדעס און עפּאָכעס. דאָך איז ניט שווער איינצוזען ווי פינצטער די וועלט וואָלט געוואָרן אָן דער דאָזיקער ספּאָנטאַן־וואַקסנדיקער שפּראָצונג, פריינדשאַפט פון מענטש צו מענטש.

אין פרימיטיוון לעבן, דאָרט וואו דער קאָלעקטיוו איז אַלץ מיט אַנאַנדער, וואו דער יחיד, די זעלבסט־באַוואוסטע פערזענלעכקייט איז אַזאַ זעלטענער גאַסט אין געזעלשאַפטלעכן קופּע־לעבן, דאָרט איז אינטימע פערזענלעכע פריינדשאַפט שוואַך און פאַרבייגייענדיק. אַ קאָלעקטיוו נייטיקט זיך, דער עיקר, אין דרויסנדיקע מאַניפעסטאַציעס. אַלע דאַרפן גלייבן אין איין הייליקייט, דורכפירן די זעלביקע ריטואַלן, מסכים זיין מיט די זעלביקע אידייען, רעדן די זעלביקע רייד, זיך פירן לויט דער זעלביקער מאָראַל — דאָס איז געגוג. דאָרט וואו די סאָציאַלע מאַשין פילט אויס דעם גאַנצן חלל פון לעבן, איז בלויז נייטיק אַז די שרייפעלעך זאָלן דורכפירן די געהעריקע פונקציעס.

אָבער ווען אין אַ געזעלשאַפט וואַקסן אויס מענטשן, יחידים, מיט אייגן לעבן און אייגן בלוט אין די אָדערן, דעמאָלט זענען פאַר זיי קאָלעקטיווע דרויסנדיקע מאַניפעסטאַציעס צו ווייניק, צו אָרעם, און דעטאַלע אייגענע כללים ווערן אַן אומגעהייערע משא, וואָס דערדריקט. עס צינדט זיך אָן אַן אייגן ליכט אין דער פאַרבאָרגנקייט פון פערזענלעכן לעבן, וואָס פאָדערט אַ ספּעציעלע לופט כדי עס זאָל ברענען און לייכטן. די גייסטיקע באַהעפּטונג מיט נאָך אַ מענטשן, וואָס מען קלייבט זיך אַליין אויס — וואָס איז ניט קיין פּונקט אין אַ פּראָגראַם, נאָר אַן אייגענע פּסיכישע דערגרייכונג — דאָס שטילט אַן אינווייניקסטן דאָרשט, דאָס דערגאַנצט און ריכט אויף דאָס פאַרשאָטענע, טיף־גראָבנדיקע גייסטיקע לעבן, און פילט אונדז אָן מיט אַן אינהאַלט וואָס קען זיך ניט אַריינפּאַסן אינעם ריטם פון אַ קאָלעקטיוון מאַרש.

די צווילינג־שוועסטער פון פריינדשאַפט איז די געטריישאַפט, וואָס דאָס רופט אַרויס די פּייאַיקייט, די ווילִיקייט מקריב צו זיין באַקוועמלעכקייטן און באַדערפעניש פאַר אַ שכן, פאַר אַ חבר, פאַר אַ נאָענטן. ניטאָ קיין פּרעכטיקערע פאָרמולע פאַר די געפילן פון פערזענלעכער נאָענטקייט און געטריישאַפט ווי אין די רייד פון רות צו נעמי׳ן: „בעט מיך ניט, איך זאָל דיך פאַרלאָזן און ניט נאָכגיין נאָך דיר, ווייל וואו דו וועסט גיין וועל איך גיין, וואו דו וועסט נעכטיקן וועל איך נעכטיקן, דיין פאָלק וועט זיין מיין פאָלק, און דיין גאָט מיין גאָט; וואו דו וועסט שטאַרבן, וועל איך שטאַרבן, און דאָרט וועל איך באַגראָבן ווערן". הונדערטער מיליאָנען מענטשן האָבן שוין מיט באַגייסטערונג געלייענט אָט די ווערטער, און אויפגענומען די פרייד פון אַ געטריישאַפט וואָס איז יעדן פון אונדז אַזוי נאָענט און אייגן.

די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור, די קינסטלערישע, יעדע עכטע דראַמאַטישע פאָרשטעלונג, שפּיגלט אָפּ דאָס גליק און די טראַגיק פון פערזענלעכע געטריישאַפטן און די קאָנפליקטן וואָס זיי רופן אַרויס. מיר ווערן ניט מיד דערפון. מיר ווערן תמיד געריירט דערפון. ווייל דאָס זענען דאָך — מיר אַליין, ווייל דערין ליגט דאָך דער אינהאַלט, דער דם התמצית פון כמעט יעדער רגע, ווען מיר זענען מיט זיך אין די אייגענע דלד אמות.

עס איז אַזוי טיף איינגעוואָרצלט אין דער מאָדערנער מענטשלעכער נשמה, אַז פערזענלעכער פאַרראַט צו נאָענטע און אייגענע איז פון זעלביקן מין, טראָגט אין זיך דעם זעלביקן עיפּוש׳דיקן ריח, און איז פּונקט אַזוי אָפּשטויסנדיק־געמיין ווי פאַרראַט בכלל. און אַנדערש קען עס דאָך ניט זיין אין אַ קולטור־ספערע, וואו פערזענלעכע שייכות צווישן מענטש און מענטש איז איינער פון די סאַמע ווינקלשטיינער אויף וועלכע זי האַלט זיך. דעריבער ווען עס מאַכט זיך אַ שאַרפער קאָנפליקט צווישן צוויי געטריישאַפטן, און איינע מוז זיגן איבער דער צווייטער, ווי נאַטירלעך עס איז פאַר ציווילִיזירטע מענטשן, אַז מען זאָל די באַזיגטע איינטוליען אין דער גאַנצער

צאַרטקייט און וואַרעמקייט אויף וועלכער מיר זענען פּייאיק, כאָטש מיר קענען איר ניט איבערגעבן די קרוין פון נצחון.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן פעדעראַלע אַגענטן אַ לענגערע צייט זיך געיאָגט נאָך אַ לאַנד־באַרימטן באַנדיט און מערדער. זיי האָבן אים ענדלעך געפּאַקט און דערשאָסן. עס איז געווען אַזוי טיף רירנדיק צו הערן דער מאַמעס רייד, בעת זי האָט דערזען דעם טויטן קערפּער פון איר זון! זי האָט ניט באַשולדיקט קיינעם פאַר דערשיסן אים. די לאָיאַליטעט צו די אומשולדיקע לעבנס פון אַנדערע האָט דאָ געזיגט. אָבער איר געטריישאַפט צום אייגענעם קינד האָט געווירקט אַז זי זאָל אויסרעכענען זיינע פיינע מעלות, דערציילן אַז בלויז שלעכטע חברים האָבן אים פאַרפירט און אים אומגליקלעך געמאַכט. אויף אַזאַ אופן האָט זי אַרויסגערופן אַביסל פאַרשטענדעניש — און פון אַ קולטורעלן מענטשלעכן שטאַנדפּונקט אַ זייער באַרעכטיקטע און נייטיקע פאַרשטענדעניש — פאַר איר זון, דעם מערדער. קענט איר זיך פאָרשטעלן די פּסיכישע לאַגע פון אַ געזעלשאַפט, וואו אַ מאַמע טאָר אַפילו אַזאַ געטריישאַפט ניט אַרויסווייזן? וואו עס איז מאָראַליש, וואו עס איז אַ מאָראַלער אידעאַל, אַז נאָך דעם ווי די געזעלשאַפט האָט אומגעבראַכט אַ שעדלעכן מענטשן זאָל זיין מאַמע, אָדער זיינע פריינד, אים נאָכמאָל דאַרפן אויפהענגען אויף אַ שאַנד־קלאָץ? יעדער, וואָס קען זיך טיפער אַריינטראַכטן אין אַזאַ ענין, וועט גלייך באַנעמען אַז דאָס וואָלט באַטייט ניט מער און ניט ווייניקער ווי דער פולשטענדיקער אונטערגאַנג פונעם מין מענטש, דאָס וואָלט פאַרלאָשן די לעצטע פונקען פון דער מענטשלעכער נשמה, אויף וועלכע מיר קענען בכלל האָפן אַז זיי וועלן ווען עס איז אָנצינדן אַ ליכטיקייט אין אונדזער חרובער וועלט.

אַנומעלטן האָט מען באַשולדיקט אַ בראָנקסער סטאָליער אַז ער האָט געקידנעפּט און דערהרגעט לינדבערגס קינד. זיין פרוי האָט מרעיש עולם געווען, אַבי צו ראַטעווען איר מאַן פון טויט. ווער פון אונדז וואָלט געקענט האָבן אַ שלעכט וואָרט פאַר דער דאָזיקער פרוי? פאַרברעכער זענען זיך מוסר נפש אַבי ניט צו „פאַרשיטן" זייערע חברים. דערפון קומט אָפט אַרויס אַ געזעלשאַפט־רעה. אָבער דאָך פילט יעדער פון אונדז אַז אַזעלכע געפילן זענען די איידל־שטיינער וואָס לייכטן אין דער קופּע מיסט פון פאַרברעכערישן לעבן.

אין די איצטיקע מאָנאָקראַטישע, אָדער דיקטאַטאָרישע לענדער, האָט די גאַנצע אינסטיטוציע פון פערזענלעכע געטריישאַפטן צווישן מענטשן דעגע־נערירט צו אַ מדרגה, אַז עס כאַפּט אָן אַ שווידער צו טראַכטן וועגן דעם. קיינער איז ניט זיכער מיט זיין נאָענטסטן פריינד, אָדער אַפילו מיט די מיטגלידער פון דער אייגענער פאַמיליע. אַן אומשולדיקע באַמערקונג, אַפילו אין אַן אינטימען קרייז, קען פירן צו אַרעסטן, אָדער נאָך ערגערס. אַ זון פאָדערט טויט־שטראָף פאַר זיין טאַטן נאָך איידער דאָס געריכט האָט אים

דערקלערט שולדיק (ראַמזין־פּראָצעס). דער זון פֿאָדערט טויט־שטראָף בעת דאָס סאָוועטישע געריכט, וואָס צייכנט זיך אַוודאי ניט אויס מיט צופֿיל מענטשלעכקייט, האָט אים בלויז פֿאַראורטיילט אויף צען יאָר טורמע. דעם גענעראַל יאַקירס ווייב פּרייט זיך ווען מען דערשיסט איר מאַן, כאָטש דער פּראָצעס איז פֿאָרגעקומען אין דער פֿינצטערניש פֿון פֿאַרמאַכטע טירן, און זי האָט אַפֿילו קיין אָביעקטיווע מעגלעכקייט ניט געהאַט עפּעס צו וויסן וועגן זיין שולד, אָדער אומשולד.

און אָט, אַ נײַ שוידערלעך בילד: 17 אלמנות, אַלע צוזאַמען, אין איין קול, בעטן מען זאָל אַנולירן זייערע געזעצלעכע חתונות צו 17 דערשאָסענע מענער, מיט וועלכע זיי האָבן געלעבט אין אינטימער חבר׳שאַפֿט אין משך פֿון צענדליקער יאָרן. איצט קאָמאַנדירט די סאָוועטישע מאָראַל אַז 17 ווייבער זאָלן אַרומגיין איבער די גאַסן פֿון אַ זעקסטל פֿון דער ערד מיט שטאָלצע געהויבענע קעפּ, ווייל מען האָט זיי שוין אומגעקערט זייערע אומבאַפֿלעקטע מיידלשע נעמען. די זעלביקע מאָראַל וועט נאָך מסתמא צוטראַכטן אַ צערעמאָניע אין אַזעלכע פֿאַלן. דעמאָלט וועט מען יעדע פֿון די אלמנות פֿירן צום קבר פֿון איר מאַן. זי וועט דאַרפֿן געבן אַ בריק מיט פֿוס, אַ שפּיי, און דערנאָך מורמלען אַ שפּרוך פֿון פֿאַראַכטונג צו איר מאַן, דעם משוגענעם הונט, און אַ לויב דעם „פֿאָטער פֿון די פֿעלקער״.

זיבעצן אומגליקלעכע פֿרויען, זיי זענען איצט געוואָרן דער שרייענ־דיקסטער סימבאָל פֿון אַ ליכט וואָס צאַנקט און לעשט זיך. זיי זענען דער אָנזאָג און דער שאָטן פֿון אַ נייעם סאָרט באַשעפֿעניש וואָס גרייט זיך צו באַהערשן די ערד. און וואָסער עקאָנאָמישע אָרדענונג עס זאָל ניט זיין, און זאָלן די פּראָדוקציע־מיטלען יאָ אָדער ניט נאַציאָנאַליזירט ווערן, אָבער — איידער צו לעבן אונטער דער הערשאַפֿט פֿון אַזאַ מין בריאה, איז שוין גלייכער, אַז דער נאָמען און די געדעכעניש פֿון גאַנצן מין מענטש זאָל אָפּגעמעקט ווערן אויף אייביק.

(1938)

# אַזוי זענען מענטשן

לאָמיך אויסטראַכטן אַ מעשה. זענען געזעסן צוויי מענטשן, ראובן און שמעון, און געפּירט אַ היציקן וויכוח וועגן דער אַלט־בייער פראַגע צי דער מענטש האָט אַ פרייען ווילן אָדער ניט. ראובן האָט גע׳טענה׳ט אַז דער מענטש איז פריי אויסצוקלייבן צווישן ברירות, און ער דאַרף טראָגן די גאַנצע אחריות אויב ער לאָזט זיך פאַרפירן פון זיין שכל און קלייבט אויס די שלעכטע ברירה. שמעון האָט זיך ענערגיש געווערט אַנטקעגן אַזאַ מין פילאָסאָפיע. ער האָט געהאַלטן אַז „פרייער ווילן״ איז אַ שעדלעכע אילוזיע. אַ מענטש טוט דאָס וואָס אויף אים צווינגען אַרויף די פאַרשיידנסטע תנאים פון אינערלעכן און אַרומיקן לעבן. אויב ער קלייבט אויס שלעכטס איז ער אַ קרבן, דאַרף מען אים באַדויערן, מיט אים סימפּאַטיזירן. אויף מער האָבן מיר קיין רעכט ניט.

סוף כל סוף — און דאָס האָבן ביידע מודה געווען — איז דאָס זייער אַ פּראַקטישע פראַגע. וואָרעם אונדזער גאַנצער שטראָף־קאָדעקס זעט אויס צו זיין געבויט אויף דער הנחה אַז אַ מענטש האָט אַ פרייען ווילן. דערפאַר גייען מיר צו צום פאַרברעכער מיט נקמה־געפילן, דערפאַר זענען מיר צופרידן אים צו באַהאַנדלען מיט כעס און אַפילו מיט פיזישער שטראָף.

בינו לבינו — עס זאָל זיך ניט טרעפן ווי עס טרעפט זיך — די טיר גיט זיך האַסטיק אַ פּראַל אויף, עס לויפט אַריין אַ טונקעלער פאַרשוין, שטעלט אָן דעם באַרימטן מעלאָדראַמאַטישן רעוואָלווער, און פּלאַצט אַרויס דעם זייער ניט־פילאָסאָפישן באַפעל: „געלט אָדער לעבן!״ ביידע, ראובן און שמעון, זענען נאַטירלעך געוואָרן בלאַס און דערשראָקן. אָבער דער מער טעמפּעראַמענטפולער שמעון האָט זיך באַלד אָנגעגורט די לענדן, געמאַכט אַ פלוצלונגע קעגן־אַטאַקע, וואָס האָט אויך ראובנען געגעבן מוט. בקיצור, ביידע האָבן דעם רויבער גוט אָנגעבויקערט, אַז יענער האָט זיך קוים אַ לעבעדיקער אַרויסגעכאַפּט פון הויז און פאַרשוואונדן.

אין דער רגע ווען זיי זענען ביידע געקומען צו זיך האָט זיך ראובן ניט געקענט איינהאַלטן און אַרויסגעשאָסן: „הייסט עס אַז ווען מען דאַרף איז אויך ביי דיר דער ווילן, לכל הפּחות יענעמס ווילן — אין גאַנצן פריי״. שמעון האָט פאַרשטאַנען דעם שטאָך און זיך פאַרטיידיקט: „ניין, פון מיין האַנדלונג איז בלויז געדרונגען אַז אויך מיין ווילן איז ניט פריי, אַז אויך איך טו ניט אַלץ לויט די באַפעלן פון מיין שכל נאָר לויט אינווייניקסטע כוחות איבער וועלכע מיין שכל האָט קיין שליטה ניט״. ווילט איר וויסן דעם סוף? דאָס געהער צו שרייבער פון מעשה־ביכלעך. מיין פּראָפעסיע איז „מוסר השכל״, און דער מוסר השכל טענה׳ט: צו וואָס דאַרף מען מעשיות אַז ס׳איז דאָ אַן אמתע לעבעדיקע וועלט. און די וועלט? אַך, ווי זי רייסט

אויף אויער און אויג מיטן קלאָרסטן פון אַלע געשרייען אַז ס'זענען דאָ אינערלעכע כוחות איבער וועלכע דער שכל האָט זייער אַ קנאַפּע שליטה.

קוקט זיך אַרום פון אַלע זייטן — רעטעניש וויקלען זיך אין חידושים, און יעדער חידוש גלאָצט מיט „וואונדער איבער וואונדער". און פאַרוואָס רעטעניש, חידוש, וואונדער? ווייל אַרטיקלען ווערן געשריבן מיטן שכל, און דער שכל איז שאָקירט ווען זאַכן לייגן זיך ניט אויס אַזוי נעט־מאַטעמאַטיש ווי ער האָט ליב, און האַלט עס פאַרן ריכטיקסטן דרך אין לעבן, ממילא זעען אויס מעשים בכל יום ווי רעטענישן.

אָט זעט: שוין ביים סוף פון לעצטן יאָרהונדערט האָבן זיך אין אַלע וויסנשאַפטן וואָס פאָרשן דעם מענטשן געגומען הערן קלאָרע דיבורים וועגן די פריער־דערמאָנטע אינערלעכע כוחות. מען רופט זיי אומבאַוואוסטזיין, איינגעבוירענע דעטערמינאַנטן, אינערלעכע סטימולן, דינאַמישע פעלד־כוחות, אינסטינקטן, אינוויניקסטע מאָטיוון, שייכות־סיסטעמען — וואָס איז דען די נפקא מינה ווי מען רופט זיי? שוין מער ווי פופציק יאָר ווי די וואָס פאָרשן פסיכישע דערשיינונגען, ווייזן אַזוי קלאָר אַז די שטים פון שכל איז אָפט דער קלאַנג פון די קייטן וואָס האַלטן אים געבונדן צו טיפערע פעלדזן. און דאָך, מענטשן גיבן אָפּ אַזוי פיל מי און צייט צו פירן אייביקע וויכוחים, צו פּרובירן איבערצייגן איינער דעם צווייטן מיט לאָגישע אַרגומענטן, עפּעס אַזוי ווי יעדע מיינונג האַלט זיך טאַקע דער עיקר אויף לאָגישע ראיות.

פופציק יאָר שוין ווי דער דאָזיקער געדאַנק איז מיט אַלע סאָרטן ראיות וואָס וויסנשאַפט קען באַהערשן אויסגעהאַנגען געוואָרן אויף אַלע גאַסן, גע־וואונען די הסכמה פון טויזנטער וואָס קענען און האָבן מיט וואָס צו טראַכטן, און דאָך ווי ווייניק עס האָט זיך געביטן. אין הייד־פּאַרק אין לאָנדאָן, פּונקט ווי אין היגן פּאַרק פון יוניאָן סקוועיר, שטייען נאָך אַלץ די זעלביקע קופּעס מענטשן, פּונקט ווי מיט פופציק יאָר צוריק, און ווערן ניט מיד פון די וויכוחים וועגן אַלץ אין דער וועלט — פון וועגעטאַריזם ביז בודיזם. זיי זענען איבערגעצייגט אַז דער גאַנצער חסרון פונעם צד שכנגד באַשטייט אין דעם וואָס ער מאַכט אַ ריין אַריטמעטיש׳ן טעות אין חשבון. וואָלט ער זיך נאָר געכאַפּט אַז צוויי און צוויי איז פיר און ניט קיין לאָקשן־קוגל וואָלט דאָך אוממעגלעך געווען אַז ער זאָל זיך האַלטן ביי זיינע איצטיקע געדאַנקען. עס איז ממש אַ רחמנות צו קוקן ווי יעדער צד שטייט מיט אַ בלייפעדער אין דער האַנט, שטופּט דעם חשבון דעם קעגנער אין פּנים אַריין, און מיינט מיט אַן אמת אַז לאָגישער חשבון פאַרענטפערט אַלץ.

היינט, פּונקט ווי מיט פופציק יאָר צוריק, גיבן נאָך מענטשן אָפּ אַזוי פיל פון זייער פרייער צייט אויף וויכוחים, לאָגישע ראַנגלענישן, און שכל־דיקע צאַנקערייען, אַזוי ווי דאָס וואָלט טאַקע געווען דער עיקר. עס ווילט זיך עפּעס ניט גלייבן אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן פונדאַמענטאַלע זאַכן אין לעבן איז דער שכל מער פאַרפירער ווי פירער. סוף כל סוף איז דאָס ניט

מער ווי אַ שפּיל וואו אַרגומענטן און ראיות בלישטשען און שעמערירן, און פאַרבלענדן און מאַכן בלינד צו דער טיפערערווירקלעכקייט וואָס זיי פאַר־שטעלן מיט זייער פאַלש ליכט.

קומט פאַר אַן איבערקערעניש אין אַ לאַנד ווערן מיליאָנען מענטשן אין איין טאָג „איבערגעצייגט" אַז די מאַכט וואָס געווינט האָט אויך דעם אמת אין קעשענע. האָבן מיר דען דאָס ניט געזען מיט אונדזערע אייגענע אויגן? קומט פאַר אַן איבערקערעניש אין דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע הייבן מיליאָנען מענטשן אָן צו פאַרשפּייען די זעלביקע געטער וואָס האָבן ערשט נעכטן ביי זיי אַרויסגערופן געפילן פון הייליקייט און יראת הרוממות. אין ביידע פאַלן פאַרוואַרפט מען אונדז מיט אַ מבול אַרגומענטן און שכלדיקע חשבונות וואָס דאַרפן „איבערצייגן", „באַווייזן", און אַזוי גייט אָן די טרויע־ריקע שפּיל ביז עמעצער, ערגעץ וואו אין די אונטערשטע היילן, גיט אַ קוועטש אַן אַנדער קנעפּל, און באַלד נעמט האָגלען מיט פאַרקערטע אַרגומענטן און ראיות צו באַרואיקן דעם שכל וואָס בעט זיך מען זאָל אים וואָס שנעלער און וואָס גרינגלעכער אָפּנאַרן.

בלויז די וואָס האָבן ניט קיין קלאָרן באַגריף וועגן דעם ענין וואונדערן זיך ווען זיי באַגעגענען אין דער דאָזיקער רירנדיקער מענטשלעכער דראַמע העלדן מיט אומבאַפלעקטער אויפריכטיקייט, מיט העכסטער בילדונג, און אַפילו מיט שאַרפסטע דענק־אינסטרומענטן. וואָס קען דאָס אַלץ העלפן לגבי די כוחות וואָס אַרבעטן אין די אונטערערדישע היילן?

זענען נייטיק נאָך קאָנקרעטע ביישפּילן? גוט, לאָמיר זיי נעמען פון דער אייגענער היים, וועלן מיר קלאָרער זען און בעסער פאַרשטיין. שווער צו געפינען אַ מער רירנדיקן קרבן פון דער לאָגישער פאַרבלענדעניש ווי ד"ר חיים זשיטלאָווסקי. ער, וויל ער אונדז איינרעדן, אָפּערירט בלויז מיט קאַלטע מאַטעמאַטישע קאָמבינאַציעס, און ער לאָזט זיך פירן פון זיי צו די סאַמע לעצטע קאָנסעקווענצן, אַפילו ווען זיי פאַרשאַפן דעם גרעסטן ווייטיק זיינע בעסטע און נאָענטסטע. דאָס איז אַ מוראדיקע אילוזיע. מיר דאַכט זיך אַז פאַרקערט, ביי אים איז דער וואונטש אַזאַ באַפעלערישער, דעספּאָטישער פאָטער פונעם געדאַנק אַז בלויז זיינע פיינע ראַציאָנאַליזאַציעס העלפן אים ניט צו שאַרף צו פילן די אייגענע געפאַנגענשאַפט.

עטלעכע יאָר צייט האָט ער זיך באַמיט צו וועקן אונדזערע סימפּאַטיעס צום סאָוועטן־פאַרבאַנד דורך צוויי „ריין" לאָגישע אַרגומענטן. ראשית, האָט ער איינגעזען אַז די וועלט־לאַגע שטעלט פאַר אונדז אַוועק די ברירה: „אָדער סטאַלין, אָדער היטלער". ניטאָ קיין מיטלוועג. יעדער וואָס שטעלט זיך קעגן סטאַלינען פירט שוין ממילא אַ פּראָ־היטלער פּאָליטיק, אַפילו ווען זיין אָפענע כוונה איז קעגן היטלערן. והשנית, האָט זיין לאָגיק גע׳טענה׳ט: „לאָזט רוסלאַנד צורו". וואָרעם היות ווי סטאַלין פירט זיך אויף גאָר מעשה־מענטש אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, קען מען דאָך אין דעם

פּרט צו אים קיין טענות ניט האָבן. בלייבט איבער בלויז די אינערלעכע פּאָליטיק, אָבער דאָרט וועט זיך אַלץ צום בעסטן אויסהיילן ווען קיין דרויסנ־דיקער וועט זיך ניט אַריינמישן.

ויהי היום, האָט סטאַלין זיך איבערגעבעטן מיט היטלערן, און פונעם „אַנטיטעזי" איז געוואָרן אַ „סינטעזי". דערמיט איז צונישט געוואָרן דער ערשטער אַרגומענט. פונעם צווייטן אַרגומענט האָט זיך אויסגעלאָזן עפּעס אַ מאוימדיקער חוזק. עס איז געוואָרן ווי מיט יענעם קאָזאַק. ער שרייט אַז מען לאָזט אים ניט צורו און דערווייל שלאָגט ער אויף רעכטס און אויף לינקס יעדן שוואַכערן פאַרבייגייער.

מילא, מען קען זיכער זשיטלאָווסקין ניט באַשולדיקן דערפאַר וואָס זיין נביאות איז ניט מקוים געוואָרן. ער האָט קיינמאָל ניט געהאַלטן מיט יענע וואָס האָבן אַ „פערזענלעכע באַקאַנטשאַפט" מיט היסטאָרישע געזעצן. איז אים ניט געלונגען. דאָס קען זיך טרעפן אַפילו ביי אַ טאַטן פון קינדער. אָבער אויב אים וואָלט אָנגעגאַנגען טאַקע בלויז די ריינע, קאַלטע, אומבאַפלעקטע לאָגיק וואָלט מען זיך געדאַרפט ריכטן אויף אַזאַ מאַנאָלאָג: „קינדערלעך, איך האָב געזאָגט דאָס וואָס מיין שכל האָט מיר דיקטירט. ווייזט זיך אַרויס אַז איך האָב זיך טועה געווען. מוז איך נאַטירלעך בייטן מיין גאַנצע פריערדיקע שטעלונג".

לאָזט זיך אויס אַז לא היה ולא נברא. די לאָגישע ראיות זענען טאַקע געפאַלן מיט זייער אַ גרינטלעכער פּאַלעניש, אָבער דער פאַרלאַנג צו שאַפן סימפּאַטיעס פאַר סאָוועטן־פאַרבאַנד איז פון דעם אויף איין איינציקער האָר ניט אָנגערירט געוואָרן. נאָר אַזוי ווי מענטשן זענען בטבע אַזעלכע אַז זיי מוזן זיך אָנטאָן אין די פאָרמעלע בגדים פון „ריינעם שכל", איז ביי אים געבוירן געוואָרן די טענה: „אַנטי־פּריוואַט־קאַפּיטאַליזם". צו וואָס אַזאַ טענה קען פירן איז פשוט אַ פחד צו טראַכטן. ווען מען דערמאָנט זיך אַז היטלער האָט — און איך גלויב, זייער אויפריכטיק — אָנגעצונדן דאָס דייטשישע פאָלק מיט אומברחמנותדיקן קאַמף קעגן „בורזשואַזיע", און קעגן „קאַפּיטאַליסטישע פּלוטאָקראַטיעס", איז לייכט איינצוזען ווי אַזוי פון אַזאַ סאָרט פראָ־סטאַלין פירט אַ גלייכע ליניע צו פראָ־היטלער.

אָבער די לאָגיק פון דער טענה גייט מיך איצט ניט אָן. דער עיקר באַשטייט אין דעם וואָס אין די פריערדיקע יאָרן האָט ביי זשיטלאָווסקין דער דאָזיקער אַרגומענט זייער שלאַבעריק פיגורירט. ער האָט זיך כמעט אין גאַנצן סומך געווען אויף די דערמאָנטע צוויי. האָבן מיר דען ניט קיין רעכט צו דרינגען אַז שכל־שמייכל לאַוו דווקא, אַז דער עיקר איז אַן אינער־לעכער פאַרלאַנג וואָס איז געבויט גאָר אויף אַנדערע הנחות, אויף הנחות וואָס זענען ניט געמאַכט פון אינטעלעקטועלן מאַטעריאַל? מיין באַקאַנטשאַפט מיט דער מענטשלעכער נאַטור ברענגט מיך צו אַ פעסטן גלויבן אַז אַפילו ווען ענדערונגען אין איצטיקן סאָוועטן־פאַרבאַנד זאָלן אויף דעם אַרגומענט אָפּ־

שוואַכן, וועט זשיטלאָווסקי אויף אַ האָר ניט בייטן זיין שטעלונג. ער וועט אויסגעפינען אַן אַנדער אַרגומענט וואָס זאָל טאָן די זעלביקע אַרבעט. פאַר אים איז דאָס איצטיקע רוסלאַנד, אין דער ערשטער שורה, ניט קיין רעאַלע זאַך נאָר אַ סימבאָל, און אַ מענטש קען ניט אַזוי לייכט צעשטערן סימבאָלן מיט וועלכע ער האָט אַ לעבן־לאַנג אידענטיפיצירט זיין פּערזענלעכקייט, אַפילו ווען דיווירקלעכקייט הינטערן סימבאָל איז שוין שטויב און רויך.

האַוסטאָן סטיוואַרד טשעימבערלעין האָט געהאַלטן אַז אמתע קולטור קען בלויז זיין ביי דער ראַסע פון הויכע און בלאָנדע, דאָס זענען די דייטשן. ווען מען האָט אים אָנגעוויזן אַז עס זענען פאַראַן אַזוי פיל דייטשן וואָס זענען מיטל־וואוקסיק און ברונעט, האָט ער געענטפערט אַז אַפילו אַזעלכע דייטשן זענען אין דער אמתן הויך און בלאָנד. זיי זענען עס גייסטיק אַפילו ווען זיי זענען עס ניט פיזיש. היינט גיי גיב זיך אַן עצה מיטן אומגליקלעכן שכל.

ד״ר זשיטלאָווסקי איז אַזאַ פיינע אילוסטראַציע צו דער מערקווערדיקער אילוזיע וואָס דער ריינער שכל שטעלט מיט זיך פאָר אַז איך וויל אין פאַרבינדונג מיט אים דערמאָנען נאָך אַ פאַקט. מיר דאַכט זיך אַז דער דאָזיקער פאַקט ברענגט אַרויס נאָך בולטער מיין אַלגעמיינעם געדאַנק.

יידישע קולטורעלע טעטיקייט האָט דורכגעלעבט עטלעכע האָניק־חדשים אין סאָוועטן פאַרבאַנד. טייל האָבן זיך אַזוי געפרייט מיט אָט דעם פאַקט אַז זיי זענען געווען וויליק צו פאַרזען אַלע רציחות און פאַרברעכנס פון דער מאָנאָקראַטישער דיקטאַטור. מען האָט געקענט מיינען אַז אַלע טונקעלע געשעענישן אין סאָוועטן פאַרבאַנד האָבן זיך אין באַוואוסטזיין פון אָט די מענטשן באַהאַלטן הינטערן פאַרטוך פון „פּינטעלע ייד״. ד״ר זשיטלאָווסקי האָט אויך ביי יעדער געלעגנהייט ניט פאַרפעלט צו דערמאָנען דעם נחת צו וועלכן עס האָט זיך דערלעבט די קלענערע נאַציאָנאַלע קולטורן אין יענעם לאַנד, און, פאַרשטייט זיך, מיר דאַרפן באַזונדערס דאַנקבאַר זיין פאַרן וואוקס פון דער דאָרטיקער יידישער קולטור.

ווען מען דערמאָנט זיך וואָס ד״ר זשיטלאָווסקי איז פאַר אונדז תמיד געווען דאַרף מען זיך זיכער ניט חידושן ווען ער האָט אַזוי וואַרעם באַזונגען דעם סאָוועטן פאַרבאַנד פאַר די געלעגנהייטן וואָס שאַפן זיך דאָרט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור.

ביסלעכוויז האָבן זיך גענומען מערן גאָר ניט קיין פריילעכע בשורות וועגן דעם מזל פון דער סאָוועטישער יידישער קולטור. עס זענען אַוועק יאָרן, אָבער זשיטלאָווסקי האָט געשוויגן. עס האָבן זיך גענומען באַווייזן שוואַרצע ציפערן, פאַקטן, פון דער גאַנצער יידישער פרעסע איז בלויז איין צייטונג פאַרבליבן, אַלע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס זענען געשלאָסן, אין ביראָ בידזשאַן ווערט יידיש אַרויסגעשטויסן פון רוסיש, וואָס פון שטאַנדפּונקט פון לינגוויסטישער יידישקייט איז דאָך דאָס פולשטענדיקער אונטערגאַנג. די אַלע זאַכן האָבן ניט געהאָלפן, זשיטלאָווסקי האָט די טעמע ניט אָנגערירט.

קענטיק אַז — אַז וואָס? מיט ריינעם, קילן, אומברחמנותדיקן שכל האָט עס זיכער ניט וואָס צו טאָן.

אַזוי איז עס געגאַנגען ביז וויט אַריין אין 1939. פּלוצלונג האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס'איז פאַרט דאָ אַ גרויסער גאָט אויף דער וועלט. אין אַ רוסישער אויסגאַבע אין פּאַריז האָט פּאָזנער פּאַרעפנטלעכט ציפערן וואָס באַמיען זיך צו דערווייזן אַז אונדזער קולטורעלע לאַגע אין סאָוועטן פאַרבאַנד איז אַ גאַנץ גוטע. אמת, צווישן שרייבער וואָס זענען ניט קיין קאָמוניסטן און ניט קיין „מיטלויפער" איז פּאָזנערס מיינונג אַ יוצא מן הכלל. אָבער אפשר? די וואָס ביי זיי ליגט דער ענין יידישע קולטור טיף אין האַרצן, וואָלטן געדאַרפט נאָכאַמאָל חוקר ודורש זיין כדי צו דערגיין דעם אמת. ס'איז דאָך ניט קיין קלייניקייט, ס'גייט דאָך ניט אין דעם וואָס מען זאָל טראַכטן וועגן סטאַלינען; מען דאַרף דאָך וויסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל ווי האַלט עס דאָרט מיט יידישער קולטור.

וואָס־זשע טוט זשיטלאָווסקי? איצט האָט ער געבראַכן זיין שווייגן, ער נעמט אָן פּאָזנערס מיינונג אָט ווי זי שטייט און גייט, מאַכט ניט קיין שום אָביעקטיווע פאַרגלייכן מיט די מיינונגען פון אַנדערע, אַנאַליזירט ניט די לאַגע אין ליכט פון געשעענישן, נאָר פאַרעפנטלעכט גאַנצע צוויי אַרטיקלען אין „טאָג" וואו פּאָזנער ווערט אַפּלאָדירט ווי דער ענדגילטיקער אמת־ברענגער. איר עפנט מויל און אויערן, איז דאָס דער וועג פון ריינעם שכל? איז דאָס דער אופן אויף וועלכן מען שטילט דעם דאָרשט נאָך דער אמתער, אָביעקטי־ווער רעאַליטעט? עפּעס, דאַכט זיך, שטימט דאָ ניט. ווען מען דערמאָנט זיך אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ מענטשן וואָס האָט אַ לעבן אָפּגעגעבן אויף צו פאַרטיפן זיך אין יידישע פּראָבלעמען, וואָס איז תמיד געווען אַ מורה דרך אינעם אומגליקלעכן יידישן פּלאָנטער, איז דאָס טאַקע פּלאי פּלאים. מען קען דאָס דערקלערן בלויז אויף איין אופן: דער אינטערעס צו וועקן סימפּאַטיעס פאַרן סאָוועטן פאַרבאַנד איז ביי זשיטלאָווסקין אַזוי גרויס אַז אַלץ וואָס גייט להיפּוך צו דעם — אַפילו ווען עס האָט צו טאָן מיט יידן — ווערט פון אים ניט באַמערקט. ערשט ווען עמעצער כאַפּט אויף אַ זילבערנעם פאָדעם אין יענעם שוואַרצן וואָלקן, דעמאָלט, און בלויז דעמאָלט, ווערט זשיטלאָווסקי פּסיכיש גרייט אָנצושטעלן זיין אינטעלעקטועלן טעלעסקאָפּ און ווייזן, מיט דער גאַנצער שאַרפקייט פון זיין „קאַלטער" לאָגיק, אַז אָט זעט: לויטער זילבער.

עס איז גוט צו טראַכטן אַז מיר האָבן אַן אָביעקטיווע וויסנשאַפט וואָס איר העכסטער אידעאַל איז צו באַפרידיקן דעם געדאַנק פון דער דיקטאַטור פון אינערלעכע מאָטיוון. אמת, אויך דאָ איז קיין אַבסאָלוטע באַפרייאונג ניט מעגלעך, אָבער דאָס וואָס אַזאַ אידעאַל איז פאַראַן, און דאָס וואָס מען וויים אַז מיר זענען כחומר ביד היוצר, העלפט עס מיר זאָלן זיך באַשיצן, זיך אונטערגאַרטלען, און דערגרייכן כאָטש דאָס וואָס איז מענטשלעך מעגלעך.

אין אַלע אַנדערע פֿאַלן, ספּעציעל ווען פונדאַמענטאַלע לעבנס־וויכטיקע געפילן ווערן אָנגערירט, דעמאָלט איז לית דין ולית דיין און — ווי מען זאָגט אויפֿן פּאָעטישן לשון — דער קאָפּ טוט דאָס וואָס דאָס האַרץ באַפעלט אים.

אין אַזעלכע פאַלן איז די פונקציע פון שכל זייער ענלעך צו דער צערעמאָניע פון בדיקת חמץ. אין יענער צערעמאָניע לייגן מיר אַליין אַוועק ברעקלעך חמץ אין פאַרשיידענע ווינקלען, דערנאָך גייען מיר אַרום מיט אַ הילצערנעם לעפל און מאַכן כסדר „פלוצלונגע" אַנטדעקונגען, און געפינען טאַקע אָביעקטיווע סימנים פון חמץ וואָס אַפילו די שטרענגסטע לאָגיק מוז זיי באַטראַכטן ווי אמתע פאַקטן. אַזוי לעבן מיר טאָג־איין טאָג־אויס אין שטענ־דיקן בדיקת חמץ. צום ערשט קומען די טיפערע אינערלעכע מאָטיוון און לייגן אַוועק די נייטיקע ברעקלעך אין פאַרשיידענע ווינקלען, דערנאָך לאָזן מיר זיך אַוועק מיטן הילצערנעם לעפל פון אונדזער שכל, און — שומו שמים, אַלץ איז ווי אויף דער האַנט, געפונען דעם חמץ, און גראָד דאָס, און גראָד אַזוי פיל, ווי מיר האָבן זיך געריכט.

מען וואָלט געקענט אָנשרייבן עטלעכע טויזנט זייטן צו פּרובירן דער־קלערן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, אָבער מען קען דאָס אויך מאַכן בקיצור: אַזוי זענען מענטשן.

(1940)

# דעמאָקראַטיע און מאָנאָקראַטיע

אין די היינטיקע טעג פון שווערע נסיונות זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס רייסן זיך אונדז צו טרייסטן טייטלענדיק אויף גרויסע סאָציאַלע אויפטוען וואָס זענען אַרויסגעקומען פון שלעכטע פאַרגאַנגענע צייטן. פאַרוואָס, טענהן זיי, זענען מיר אַזוי צעטראָגן און צעטומלט פון די איצטיקע צרות אויף דער וועלט? זענען דען אונדז ניט באַקאַנט ענלעכע אומגליקן אין אַלע צייטן פון דער מענטשלעכער געשיכטע? עס איז ניט שווער צו ברענגעןביישפּילן וואָס, ווי עס ווייזט אויס, קענען אונדז ברענגען אַ שטיקל נחמה. באמת, עס איז גאָרניט אַזאַ נייע זאַך אַז די ערד זאָל זיך וויקלען אין בלוט פון צעשטערנ־דיקע מלחמות, אָדער אַז גרויסע מאַסן פון מענטשלעכן מין ווערן פאַרשקלאַפט פון טיראַנען און דיקטאַטאָרן. אונדזער צייט איז זיכער ניט באַזונדער פאַר־שאָלטן אין אַ וועלט וואָס איז דורכגעגאַנגען דעם אומבאַשרייבלעכן חורבן וואָס אַטילאַ האָט אויף איר געבראַכט אָדער דזשענגיז כאַן, אָדער איוואַן דער שרעקלעכער, אָדער אַנדערע פון דעם מין. דאָך איז די דעספּאָטן ניט געראָטן צו פאַרשקלאַפן די מענטשלעכע נשמה. אין זייער טרחא דאָס צו דערגרייכן איז שוין געלעגן זייער דורכפאַל.

אויב די כוונה פון אַזעלכע טענות וואָלט געווען זיך בלויז צו פאַרנעמען מיט דער פילאָסאָפיע פון געשיכטע וואָלט איך ניט געהאַט קיין שום פאַר־לאַנג צו פירן אַ מחלוקת מיט די וואָס האַלטן אַזוי. ווארעם עס איז אפשר ריכטיק אַז ווען מיר כאַפּן אָן סאָציאַלע דערשיינונגען ביים סאַמע וואָרצל וועלן מיר געפינען אין זיי געוויסע שטריכן אין די ענדגילטיקע רעזולטאַטן וואָס חזרן זיך איבער. אָבער אויב אונדזער כוונה איז צו מאָלן אַ בילד פון געשעענישן היינט־צו־טאָג, דעמאָלט זענען אַזעלכע גענעראַליזאַציעס פשוט ניט צו דער זאַך. איך האַלט אַז אין דער אמתן טוט מען אַ סך שאָדן ווען מען באַמיט זיך צו צעמישן אונדזערע מוחות מיט ברייטע גענעראַ־ליזאַציעס בעת מיר נייטיקן זיך אין אַ קלאָרן בליק אויף די ספּעציפישע שטריכן פון דער איצטיקער לאַגע, ניט בלויז צו טראַכטן וועגן דעם, נאָר ווי אַ וועגווייזער אין טאָג־טעגלעכן לעבן. גראָד אין אונדזער פאַרשטיין די אייגנאַרטיקע און ספּעציפישע עלעמענטן פון דער היינטצייטיקער געשיכטע דאַרפן מיר זוכן אַ ליכט און אַ וועג.

די צוויי היפּוכדיקע עקסטרעמען פון דער איצטיקער מענטאַליטעט ווערן געוויינטלעך באַצייכנט ווי דעמאָקראַטיע און טאָטאַליטאַריאַניזם. ווען מיר באַטראַכטן אונדזער וועלט אין אַזעלכע טערמינען, דאַרפן מיר פאַרקוקן די צופעליקע מיליטערישע פאַרבינדונגען וואָס מלחמה און פּראַקטישע פּאָליטיק צווינגען אַרויף. מיר ווייסן אַז אַזעלכע אַליאַנצן ווי די פאַראייניקטע פעלקער, אָדער די אַקסיס־שותפות, ליגן ניט אויפן שטח פון אידעאָלאָגיעס אָדער

פילאָסאָפישן געשמאַק. די געשיכטע האָט כסדר באַוויזן דעם אַלטן אמת אַז פּאָליטיק פירט צו אומגעלומפּערטע חברשאַפטן.

מען קען אויך ניט דורכפירן קיין קלאָרע צעטיילונג צווישן דעם דעמאָ־קראַטישן און דעם טאָטאַליטאַרישן דרך לויט די פּאָליטישע רעזשימען פון די פאַרשיידענע מלוכות. אמת, דער פּאָליטישער געבוי פון אַ לאַנד שפּיגלט זיך מסתמא אָפּ אינעם פּסיכאָלאָגישן געשטאַלט פונעם געגעבענעם פאָלק. און דאָס, דאַכט זיך מיר, איז דער ריכטיקער אויסגאַנג־פּונקט פאַר אַזאַ שמועס. אָבער אין אַ טיפערן זינען האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט צוויי באַזונ־דערע וועגן אין לעבן, צוויי פאַרשיידענע פורעמס פון געדאַנק און באַציאונג וואָס אין איצטיקן מאָמענט קאָנטראָלירן זיי און טרייבן דעם גאַנג פון געשעענישן. זיי זענען פאַרטראָטן אויף פאַרשיידענע מדרגות אין זעלביקן פאָלק, און טיילמאָל אַפילו אין זעלביקן מענטשן אין פאַרשיידענע צייטן.

עס קען אפשר אַביסל צעטומלען ווען איך קלייב אויס פּאָליטישע טער־מינען צו באַצייכענען באַגריפן פון גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. אָבער איך פיל זיך באַרעכטיקט דאָס צו טאָן לכל הפּחות אין שייכות צום טערמין „דעמאָקראַטיע". וואָרעם זינט די פילאָסאָפן פון אַכצנטן יאָרהונדערט ביז דזשאָן דיואי איז דעמאָקראַטיע פאַרשטאַנען געוואָרן אַ סך מער ווי אַ הוילער פּאָליטישער באַגריף. ער האָט אַרומגענומען פּאָליטיק, עקאָנאָמיק, אַלגעמיינע קולטור, פילאָסאָפיע, אַפילו מעטאַפיזישע הנחות. איך גיב צו אַז דאָס זעלביקע קען ניט געזאָגט ווערן וועגן טאָטאַליטאַריאַניזם ווי אַ דעסקריפּטיווער פּסיכאָלאָגישער טערמין. דאָס איז אַ וואָרט וואָס איז ערשט נעכטן געקומען צו אונדז און עס טראָגן זיך דערפון ריין פּאָליטישע ריחות. עס איז נאָך אַלץ איינגעוויקלט אין אַקצענטן פון אָפּאָזיציע און קאַמף וואָס דערלאָזן ניט אַז אַזאַ וואָרט זאָל ווערן אַ דעסקריפּטיווער פּסיכאָלאָגישער טערמין. צוליב דעם, אויך כדי דער קאָנטראַסט זאָל זיך בולטער אַרויס־שיילן, און ניט ווינציקער צוליב אַ צאָל נייע קנייטשן אין די קאָנטראַסטירנ־דיקע עלעמענטן, לייג איך פאָר צו באַנוצן דעם טערמין מאָנאָקראַטיע ווי דער היפּוך פון דעמאָקראַטיע.

מיר לערנען צו ווינציק וועגן דעם עיקר פון דעמאָקראַטיע ווען מיר דעפינירן זי אין ריין קוואַנטיטאַטיווע טערמינען, די הערשאַפט פון דער מאַיאָריטעט. דאָס וואָרט מאָנאָקראַטיע וועט אויך באַטייטן צו ווינציק אויב מיר וועלן עס באַנוצן אין טייטש פון דער הערשאַפט פון איין מענטשן, דעם פירער. מיר קענען נאַטירלעך ניט לייקענען די גרויסע וויכטיקייט פון איין הערשנדיקן, אומאָפּהענגיקן באַלעבאָס אין יעדער דיקטאַטור. אָבער דאָס איז בלויז איין זייט פון דער וואָרצלדיקער מענטאַליטעט וואָס פאַראייניקט אַלע דיקטאַטאָרן און פירט צו אָט דער ספּעציפישער פּאָליטישער אָרדענונג. דער עיקר אין אַ מאָנאָקראַטיע — ווי זי וועט דאָ דעפינירט — איז ניט דער איינציקער אַבסאָלוטער הערשער, נאָר דער פּרינציפּ פון „מאָניזם" וואָס

באַהערשט דאָס גאַנצע לעבן, אומעטום ווערט מאָנאַקראַטיע געבויט אויף איין עקסקלוסיוון קוק אויף ענדגילטיקן גליק, עס איז איין סאָציאַלער אידעאַל, איין פּאָליטישער אינסטרומענט, די פּאַרטיי, איין ליניע אין קונסט און דער־ציאונג, איין סיסטעם אין וויסנשאַפט, איין רעליגיע, אָדער אַנטי־רעליגיע, איין אַלגעמיינע קולטור־פאָרם.

עס איז איבעריק צו זאָגן אַז דאָס אַלץ שטעלט מיט זיך פאָר בלויז די אַלגעמיינע טענדענץ. אין דער פּראַקטיק ווערט דאָס אידעאַלע בילד אָפּט פאַרטונקלט צוליב פאַרשיידענע אָפּוויכונגען פונעם „דרך הישר", וואָרעם דער מאָנאַקראַטישער וועג איז דאָך דער טיפּישער פּרואוו אין דער שטענדי־קער זוכעניש פונעם מין מענטש צו געפינען אַבסאָלוטע זיכערקייט דורך אויס־מיידן ברירות. די פּראָגראַם איז טאַקע קעגן אַלץ וואָס מיר ווייסן וועגן דער מענטשלעכער נאַטור, און אַ לעבן אָן ברירות וואָלט אין דער אמתן ניט געווען ביכולת אַרויסצוברענגען דעם מין האָמאָ אַזוי ווי מיר זעען אים אין קאָנקרעטן לעבן. מאָנאַקראַטיע איז דעריבער געצוואונגען זיך אָנצוכאַפּן אין אַלע מינים סאָציאַלע פאַרטלען צו באַגייסטערן און טרייבן די אָנהענגער פון דער אמונה, צו להכעיס דער מענטשלעכער נאַטור, זיך צו האַלטן אויף אַ פּאָזיציע וואָס איז סותר זיך אַליין. אַ הויפּט־כוח וואָס האַלט צוזאַמען די דאָזיקע קינסטלעכע סיסטעם איז די הבטחה אויף אייביקן גליק אין דער צוקונפט. מאָניסטישע געהאָרכיקייט ווערט געפאָדערט ווי אַ נויטווענדיק מיטל צו דערגרייכן אַזאַ אידעאַלן צושטאַנד. מאָנאַקראַטיע איז דעריבער אַן אָרגאַניזירטע מאַשינעריע צו באַשאַפן פּסיכאָלאָגישע שעיר לעזאזלס לטובת אַן אידעאַלן צוקונפט־סדר.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר מאָנאַקראַטיע צו צעטיילן דעם גאַנצן שטח פון מענטשלעכן לעבן אויף צוויי באַזונדערע חלקים, אמת און פאַלשקייט, וואָס שליסן אויס איינער דעם צווייטן. יעדער חלק פונעם שטח פאַרמאָגט בלויז איין אמתע ריכטונג, די אַנדערע זענען פאַלש. די נויטן פון לעבן רופן תמיד אַרויס נייע לאַגעס און יעדע פון זיי האָט פאַר זיך בלויז איין איינציקן אמתן וועג. דער דאָזיקער וועג טראָגט ניט אויף זיך קיין דרויסנדיקן צייכן מען זאָל אים דערקענען. בלויז ספּעציעלע אינסטיטוציעס — למשל „פּאַרטיי" — קענען אים דערשפּירן, און סוף כל סוף ליגט עס אין די הענט פון אַן איינציקן מענטשן וואָס אַנטפּלעקט דעם אמתן וועג דורך מיסטישער אינטואיציע אָדער דורך דעם וואָס ער איז באַשאָנקען מיט אַן אומגעוויינטלעכער העכערער חכמה אויפצוכאַפּן דעם פּולס פונעם אמתן גאַנג פון דער געשיכטע.

פון דער אַנדער זייט, ווערט די דעמאָקראַטישע מענטאַליטעט על פּי רוב באַשטימט פון דער געשפּאַנטקייט צווישן צוויי אויסדרוקן פון פּסיכישן לעבן, דעם אינדיווידועלן און דעם סאָציאַלן. איין טייל פון אונדזערע איבערלעבונגען, פילן מיר, איז פּערזענלעך און פּריוואַט און איז אַנדערש פון די פאָדערונגען וואָס אונדזערע אַרומיקע שטעלן אונדז, וואָס דאָס, פילן מיר, ווי עס וואָלט

געקומען צו אונדז פון דרויסן און איז בטבע סאָציאַל. די שייכות צווישן אָט די צוויי קענען אַמאָל זיין זייער פיינדלעך און אַמאָל קען עס גרייכן ביז עקסטאַטישער פאַראייניקונג. צווישן די דאָזיקע צוויי פּאָלוסן, פון שאַרפן אַנטאַגאָניזם און אינטימער נאָענטקייט צווישן דעם אינדיווידועלן און דעם עפנטלעכן אין אונדז, ווערט פאָרמירט דער דעמאָקראַטישער כאַראַקטער. אָט אין דער דאָזיקער געשפּאַנטקייט וואַקסן אויס די העכסטע ווערטן פונעם איך. דאָ ליגט אויך דער וואָרצל פונעם אינדיווידועלן מענטשלעכן געוויסן.

אָבער דער סאַמע באַגריף מענטשהייט, ווי מיר פאַרשטייען אים, איז פרעמד דער מאָנאָקראַטישער מענטאַליטעט. וואָרעם פונקט ווי זי צעטיילט דעם געדאַנק צווישן איין פאָרם וואָס איז גוט און די איבעריקע פאָרמען וואָס זענען שלעכט, פונקט אַזוי צעשפּאַלט זי די מענטשהייט צווישן אָנהענגער און שונאים. מאָראַלע איינזעעניש קען בלויז, ווי ניט איז, אָנגעווענדט ווערן אין שייכות צו די ערשטע. נאָך מער, אַזוי ווי די אָרגאַניזאַציע פון דער מאָנאָ־קראַטישער מענטאַליטעט איז געבויט אַזוי אַז דאָס וואָס איז היינט אמת קען מאָרגן ווערן שקר, ברענגט דאָס אַריין אַ מערקווערדיקע צעדרייעניש אין איר מאָראַל. איר פעלט די שטענדיקייט און דאָס געפיל פון אַבסאָלוטקייט וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר מאָראַלע ווערטן. קומט שוין ממילא אויס אַז דער פּראָצעס פון אָפּשאַצן מענטשן און ווערטן בייט זיך לויט די נויטן פון דער „פּאַרטיי“.

מיר וועלן האָבן אַ געפערלעכן טעות אויב מיר וועלן אָננעמען אַז די מאָנאָקראַטישע „פּאַרטיי“ איז דאָס זעלביקע ווי די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס אין דעמאָקראַטיעס, וואָס ווערן באַצייכנט מיטן זעלביקן נאָמען. דער אונטער־שייד צווישן זיי איז געוואַלדיק גרויס. עס פירט צו אַן ערנסטער צעטומלע־ניש דאָס וואָס מיר האָבן ניט קיין באַזונדערע טערמינען אונטערצושיידן צווישן דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און דער מאָנאָקראַטישער „פּאַרטיי“.

דער דעמאָקראַטישער באַגריף פון פּאַרטיי באַקומט זיין זינען פונעם פאַקט וואָס זי, די פּאַרטיי, איז איינע פון אַ סך. אַ פּאַרטיי דאַרף האָבן אַ סאָציאַלע טעאָריע, אַ פּלאַטפאָרם, אָדער וויכטיקע פּראָגראַם־פּונקטן וואָס מאַכן זי וואָרצלדיק אַנדערש פון אירע קעגנער. אויב אַ דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט ניט קיין קעגנער הערט זי אויף אין גאַנצן צו זיין.

אָבער די מאָנאָקראַטישע „פּאַרטיי“ איז אַ ספּעציפישע פאָרמאַציע, כאַראַק־טעריסטיש פאַר דער מענטאַליטעט וואָס זי רעפּרעזענטירט. זי איז ניט בלויז אַ סאָציאַלע פאַרקערפּערונג פון אַ באַשטימטן דעת הקהל איבער וויכטיקע פּראָבלעמען. זי האָט אויך עפּעס אַן אופן געקראָגן דעם כוח צו דערשנאַפּן דעם איינציקן אמתן וועג אין היסטאָרישער אַנטוויקלונג. עס איז ניט סתם אַ גרופּע וואָס באַשטייט פון די מיטגלידער וואָס שטעלן זי צונויף. אין אַ געוויסן זינען הענגט זי אין גאַנצן ניט אָפּ פון איר מיטגלידערשאַפט. זי איז אַרום און איבער זיי. אַפילו די מאַיאָריטעט קען טיילמאָל באַטראַכט

ווערן ווי אַזעלכע וואָס נייגן אָפּ פון דער פּאַרטיי־ליניע. די „ליניע" איז אַ מין מעטאַפיזישע קאָנסטרוקציע וואָס איז אַנטפּלעקט געוואָרן בלויז צו דער אינטואיציע אָדער דער חכמה פונעם העכסטן פירער. וואָרעם ער שטייט דאָך אין דירעקטער פאַרבינדונג מיטן גורל, אָדער — אויב אייך געפעלט דער וויסנשאַפטלעכער זשאַרגאָן — מיט דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט. סוף כל סוף פאַרמאָגט די „פּאַרטיי" אַלע אַטריבוטן פון אַ גאָטהייט. אויך דאָס וואָס די „פּאַרטיי" דעפינירט זיך אין די פּראַקטישסטע, סעקולערע טערמינען, איז זייער וויכטיק. דאָס באַווייזט ניט בלויז איר יצר הרע זיך צוצופּאַסן צו טראַכטן רעאַליסטיש, אָבער דורך דעם באַפרייט זי אירע אָנהענגער פון אַ העכערער פּערזענלעכער און פּריוואַטער מאָראַל אַקוראַט ווי מיר געפינען עס ביי די אָנהענגער פון פּרימיטיווע רעליגיעזע קולטן.

דאָס פירט אונדז צו באַטראַכטן דעם סאָרט געוויסן וואָס די מאָנאָקראַטישע מענטאַליטעט רופט אַרויס. אין אַרטור קעסטלערס בוך פינסטערניש אין מיטן טאָג זענען פאַראַן דורכדרינגלעכע פּסיכאָלאָגישע אָבסערוואַציעס וועגן די געדאַנקען און באַציאונגען פון מענטשן וואָס זענען גייסטיק אין גאַנצן אונטער דער השפּעה פון דער מאָנאָקראַטישער מענטאַליטעט. דאָס בוך, ווי מיר ווייסן, באַשרייבט די מאָסקווער פּראָצעסן אין בעלעטריסטישער פאָרם. אין איינעם פון די דיאַלאָגן צווישן דעם פּראָקוראָר און דעם הויפּט־באַשול־דיקטן באַמערקט דער ערשטער: „זיך צו פאַרקויפן פאַר דרייסיק זילבערשטיק איז ערלעכער מסחר, אָבער צו פאַרקויפן זיך צום אייגענעם געוויסן הייסט צו פאַרראַטן די מענטשהייט". ער מיינט נאַטירלעך ניט מענטשהייט אין געוויינטלעכן זינען. באמת מיינט ער די „פּאַרטיי" וואָס איז די איינציקע פאַרקערפּערונג פון דעם וואָס איז אמת און גוט אין דער מענטשהייט.

פונקט אַזוי קען ער אויך ניט מיינען געוויסן בכלל, וואָרעם עפּעס אַ געוויסן לעבט דאָך אין אונדז אַלעמען צי מיר ווילן עס, צי ניט. עס קען דאָך ניט זיין אַז די פּאַרטיי־מיטגלידער פאַרמאָגן עס ניט. זיי גייען דאָך דורך פריי־וויליק די שטרענגסטע דיסציפּלין לטובת אַנדערע, אָדער לטובת דעם אייביקן גליק אין דער צוקונפט וואָס די פּאַרטיי־עסכאַטאָלאָגיע איז מבטיח. אין דער אמתן מיינט ער יענעם סאָרט געוויסן וואָס די דעמאָקראַטישע מענטאַליטעט פאַרטרעט. דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש פון דעם וואָס די מאָנאָקראַטישע מענטאַליטעט פאַרשטייט אונטער זעלביקן וואָרט.

פּסיכיש לעבן איז אַ מאָדנע געמיש פון שטרעבונגען און מאָטיוון וואָס דרינגען אַרויס פון אינערלעכע קוואַלן און מנהגים און אויפפיר־נאָרמען וואָס קומען פון דרויסן. אַ פּערפעקטער סינטעז פון אָט די אַלע וואָלט באַטייט אַבסאָלוטע האַרמאָניע צווישן אַלץ וואָס קומט פון אינווייניק און פון דרויסן אַזוי אַז עס קען גאָר קיינמאָל ניט אויפקומען קיין קאָנפליקט צווישן מאָטיוון און פאַרלאַנגען. אַזוי ווי דאָס קען דאָך ניט געמאָלט זיין זענען מיר תמיד אונטערגעוואָרפן פּסיכישע קאָנפליקטן פון די פאַרשיידנסטע סאָרטן. דאָס

פּירט צו אַן אינערלעכער צערודערונג וואָס שטאַמט פון די אינערלעך געשאַפענע נאָרמען פון גערעכט און אומגערעכט און לויט וועלכע מיר משפּטן זיך אַליין. אין אָט דער פּאַראינערלעכונג פון דרויסנדיקע כּוחות, און דער פּרואוו זיי צו אינטעגרירן מיט אונדזערע אייגענע אינערלעכע איבער־לעבונגען, אָט דאָס בויט אויף דעם פונדאַמענט פאַר דעם וואָס מיר רופן געוויסן. דאָס איז בלי ספק דער סאָרט געוויסן וואָס קעסטלער האָט אין זינען ווען ער זאָגט: „ער האָט אַנטדעקט אַ געוויסן, און אַ געוויסן מאַכט אַ מענטשן פּונקט אַזוי אומפּייאיק פאַר דער רעוואָלוציע ווי אַ טאָפּעלער גוידער".

דאָס מאַנאַקראַטישע געוויסן, כאָטש עס עקזיסטירט נאַטירלעך, האָט אַ טענדענץ זיך צו פאָרמירן אויף גאָר אַן אַנדער אופן. אַנשטאָט צו פאַר־אינערלעכן דאָס „דרויסנדיקע", פאָדערט דער אידעאַלער טיפּ פונעם דאָזיקן געוויסן די פולשטענדיקע צעשטערונג פונעם „אינערלעכן". אויף אַזאַ אופן וועט דער ענדגילטיקער משפּט פון גערעכטן אויפפיר זיך אין גאַנצן שטיצן אויף אַרביטראַרע כּללים וואָס ווערן אַרויפגעצוואונגען פון דרויסן. אָבער מיר וויסן דאָך אַז דאָס איינציקע וואָס בייט זיך ניט אין דער מאָנאָ־קראַטישער געזעלשאַפט זענען די שטענדיקע ענדערונגען אין די כּללים פון דער שפּיל, ממילא קען איר מאָראַל ניט ליגן אינעם שטאָף פון אירע באַפעלן נאָר גיכער אין דער אויטאָריטעט וואָס סאַנקציאָנירט זיי. דאָס קול פון געוויסן וועט שטרענג פּראָטעסטירן ווען דעם בעל דבר געלינגט ניט פולשטענדיק צו צעשטערן זיין פּערזענלעכקייט אַזוי אַז ביי אַ געוויסן פּונקט קען ער זיך ניט אידענטיפיצירן מיט פאַראָרדענונגען וואָס ער דאַרף דורכפירן. בקיצור, דאָס דעמאָקראַטישע געוויסן קומט אויף אין פּראָצעס פון פאַרפּערזענלעכן סאָציאַלע ווערטן, בעת דאָס מאָנאָקראַטישע געוויסן נערט זיך פון מאַכן זיי אומפּערזענלעך.

אויב אַזוי, ווי קען ביי אַזאַ אָרדענונג זיין אַ פּלאַץ פאַר אַ פּערזענלעכן איך? אין דער אמתן איז טאַקע אַזאַ פּלאַץ ניטאָ. איז קיין חידוש ניט וואָס אַזאַ מענטש, אין רגעס פון אינערלעכן קריזיס, איז צעטראָגן, דער־שראָקן צוליב זיין געפיל פון אַ לעבעדיקן איך וואָס קען ניט האַרמאָנירן מיט זיין צוגעוואוינטן אופן פון דענקען. לאָמיר ווידער באַטראַכטן וואָס קעסטלער, אין דערמאָנטן ראָמאַן, האָט צו זאָגן וועגן דעם: „ער האָט אויס־געפונען אַז דער פּראָצעס וואָס ווערט פאַלש באַצייכנט ווי מאָנאָלאָגן זענען אין דער אמתן דיאַלאָגן פון אַ ספּעציעלן מין; דיאַלאָגן וואָס אין זיי איז איין שותף שטיל און דער אַנדערער, קעגן אַלע גראַמאַטישע געזעצן, אַדרעסירט אים מיט ׳איך׳ אַנשטאָט ׳איר׳ כּדי אַריינצוריייסן זיך אין זיין צוטרוי און צו דערגרונטעוועון זיינע כּוונות. אָבער דער שטילער שותף בלייבט אַלץ שטיל, מיידט אויס באַמערקט צו ווערן און וויל ניט לאָקאַליזירט ווערן אין צייט און רוים".

די מאָנאָקראַטישע מענטאַליטעט וואָס האַלט זיך ביי די ברוטאַלסטע פאָרמען פון נאַאיוון רעאַליזם ווערט נאַטירלעך אויפגעציטערט פונעם דערשרעקנדיקן גייסט וואָס קען ניט „לאָקאַליזירט ווערן אין צייט און רוים“. אָבער באַלד קומט צו אים זיין אמתער גייסט. ער האָט אויסגעפונען אַז „אומענדלעכקייט איז אַ פאָליטיש פאַרדעכטיקטע קוואַנטיטעט און דער ׳איך׳ אַ פאַרדעכטיקטע קוואַליטעט“. באַשליסט ער דעריבער אַז דער ׳איך׳ איז אַ גראַמאַטישע פיקציע. אַזוי איז איינע פון די קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעמען אין פילאָסאָפיע און פסיכאָלאָגיע רעדוצירט געוואָרן צו אַ גראַמאַטישער פאָרם — די ערשטע פערזאָן לשון יחיד.

דאָס פּאַסט זיך זייער גוט אַריין אינעם באַגריף „פּאַרטיי“, ווי די איינציקע רעאַליטעט וואָס מען דאַרף זיך מיט איר רעכענען. אויך דער דעמאָקראַטישער איך איז נאַטירלעך אַן אינטעגראַלע טייל פון דער גרופּע וואָס מיט איר מוז ער זיין אינטים פאַרבונדן. אָבער עס איז פאַראַן אַ גרויסער חילוק אינעם טייטש פונעם וואָרט „טייל“. יעדער גליד פון אַן אָרגאַניזם איז אַ טייל, און ער קען ניט לעבן ווען ער איז אָפּגעריסן פונעם גאַנצן. אָבער דער גליד האָט זיינע ספּעציעלע פונקציעס און ער האָט אַ געוויסע אויטאָנאָמישע עקזיסטענץ. ער איז אַפילו אונטערגעוואָרפן זיינע אייגענע ספּעציעלע קראַנקייטן און געניסט פון אייגענע הייל־מיטלען. אין אַ מאָנאָקראַטיע ווערט דער איינצלנער מיטגליד אויך באַטראַכט ווי אַ „טייל“, אָבער ניט אין פריערדיקן זינען. ער איז אַ טייל אינעם זינען פון אַ טראָפּן אין אַ טייך, לחלוטין ניט דיפערענצירט, ניט אַרומגעגרענעצט אין זיינע פונקציעס, אין גאַנצן אויסגעמישט מיט זיין אַרומיקייט.

אַפילו אַן איבערגעגעבענער טאָטאַליטאַריער קען טיילמאָל איינזען אַז די „גראַמאַטישע פיקציע“ איז בלויז אַן אויסטראַכטעניש פון דער מאָנאָקראַטישער רעטאָריק; אַז דאָס איז בלויז אַ פּרואוו דורך ווערטער זיך אַרויסצודרייען פון אַ שניידיק־רעאַלער פאַרלעגנהייט. אָבער דער דאָזיקער פּרואוו באַווייזט פאָרט דעם מין אינערלעכע קאָנפליקטן וואָס שפּילן זיך אָפּ אין האַרצן פון אַזעלכע מענטשן און די באַדינגונגען וואָס צו זיי מוזן זיי זיך כסדר צופּאַסן. די סאַמע געוואַגטקייט צו דערקלערן דעם מענטשלעכן תוך פאַר אַ הוילער איינרעדעניש איז נאָך אַ ראיה אַז אַן אומגעהייערער סאָציאַלער און גייסטיקער דרוק באַשווערט די מאָנאָקראַטישע אינטעליגענץ.

אין רוב פאַלן האָט די טאָטאַליטאַרישע אידעאָלאָגיע באַשלאָסן ניט צו באַנוצן קיין אייגענעם וואָקאַבולאַר. זיי האָבן זיך ניט באַמיט מען זאָל ניט פאַלש פאַרשטיין זייערע באַגריפן; פאַרקערט, זיי האָבן עס דווקא שטאַרק געוואָלט. זיי רעדן וועגן מענטשהייט און פרייהייט, בעת די ווערטער האָבן ביי זיי גאָר אַנדערע טייטשן פון דעם וואָס מען פאַרשטייט געוויינטלעך. אָבער עפּעס וואָס איז אַזוי גרינטלעך ניי אין דער מענטאַליטעט פון אונדזער מין האָט ניט געקענט אין גאַנצן אויסמיידן כאַראַקטעריסטישע ווערטלעך

אין געוויסע פאַלן. איך וועל באַטראַכטן בלויז צוויי אַזעלכע פאַלן. אויב איך נעם זיי ביידע פונעם קאָמוניסטישן ווערטערבוך איז עס דערפאַר ווייל דער דאָזיקער סאָרט מאָנאָקראַטיע שטעלט אַוועק אַזעלכע ענדצילן וואָס זענען נעענטער פאַרבונדן מיט טראַדיציאָנעלע מענטשלעכע אידעאַלן ווי אַנדערע מאָנאָקראַטישע פּראָדוקטן. דעריבער איז דאָ גרעסער די סכנה אָפּגענאַרט צו ווערן.

עס זעט מיר אויס ניט צו זיין קיין צופאַל אַז דער וואָס איז ניט קיין פּאַרטיי־מיטגליד און דאָך שטיצט ער דעם קאָמוניזם, ווערט גערופן „מיט־לויפער". אין ענלעכע פאַלן, אין פאַרבינדונג מיט אַנדערע פּאַרטייען, ווערט באַנוצט דאָס וואָרט סימפּאַטיזירער. דאָס דאָזיקע וואָרט האָט מען אויך באַנוצט פאַר די וואָס האָבן געהאַלטן מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין צאַרישן רוסלאַנד. ווען מיר רופן אַ מענטשן סימפּאַטיזירער אַקצענטירן מיר אַ פּסיכישע קוואַליטעט; מיר אונטערשטרייכן אַז דער מענטש איז דורכ־געגאַנגען באַשטימטע אינערלעכע איבערלעבונגען. בקיצור, אַ סימפּאַטיזי־רער איז קודם כל אַ מענטש וואָס סימפּאַטיזירט.

אָבער וואָס דריקט אויס מיטלויפער? עס דערציילט אונדז וואָס ער טוט, ניט וואָס ער פילט. עס דריקט אויס געוויסע פיזישע שטריכן וואָס זיינע מעשים ווייזן אַרויס: ער גייט מיט, ער באַוועגט זיך אין באַשטימטער ריכטונג. אַ סימפּאַטיזירער מוז זיין אַ מענטש, אַ מיטלויפער קען זיין בלויז אַן אָרגאַניזם וואָס איז פייאיק זיך צו לאָזן אויף אַן אָנגעוויזענעם וועג. ער קען זיין אַזאַ וואָס, ווי אַ מענטש, קען מען אים איינרעדן צו טראַכטן וועגן זיך ווי אַ „גראַמאַטישע פיקציע", כאָטש ער קען דאָס פועלן ביי זיך ערשט נאָך דעם ווי ער קען באַהאַלטן פון זיך אַלץ וואָס ער קען זיין אין דער אמתן.

דער אַנדערער אויסדרוק איז עפּעס וואָס איז אַ סך וויכטיקער. איך האָב אין זינען די ראָלע פון דער דערשיינונג וואָס מען רופט טויט אין דער מאָנקראַטישער מענטאַליטעט. קעסטלערס העלד האָט אַן אינטערעסאַנטע באַמערקונג וועגן דעם: „אין דער 'פּאַרטיי' איז טויט ניט געווען קיין מיסטעריע, עס האָט ניט פאַרמאָגט קיין ראָמאַנטישע אַספּעקטן. עס איז געווען אַ לאָגישע קאָנסעקווענץ. דער געוויינטלעכער אויסדרוק איז געווען פיזישע ליקווידאַציע, דאָס אויפהערן צו זיין פּאָליטיש אַקטיוו". דאָס וואָרט „ליקווידאַציע" פאַר טויט, וואָס זעט אויס צו זיין בלויז אַביסל שטרענג און גראָב, איז, דאַכט זיך מיר, איינס פון די מערקווערדיקסטע כאַראַקטער־שטריכן פונעם מאָנאָקראַטישן מין.

אונדזער געוויינטלעכע באַציאונג צום טויט איז בלויז אַן אַנדער זייט פון אונדזער מענטאַליטעט וואָס באַטראַכט דעם מענטשנס איך ווי אַ רעאַלי־טעט וואָס מען קען ניט אָפּפרעגן. אַ מענטשענס טויט באַטייט אַז עס איז פאַרלוירן געוואָרן אַן אויטאָנאָמישער צענטער פון לעבן צו פאַרשטאַרקן די אָפּענע און פּאָטענציעלע ווערטן פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. דאָס

געפיל פון אבלות וואָס טויט פאַרשאַפט איז אַן עדות פון דער עקספּלאָסיווער אויפטרייסלונג וואָס דער סוף פונעם לעבן פון אַ מענטשן רופט אַרויס.

ממילא מוז טויט פאַר דער דעמאָקראַטישער מענטאַליטעט זיין אַ טראַ־גישע געשעעניש אין אַלע פאַלן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס דאָס איז אַ טעגלעכע פּאַסירונג. דאָס הוילע טראַכטן וועגן טויט באַשאַפט אַן אומ־רואיקייט, ווייל עס באַטייט אַן אָנווער פון עפּעס וואָס קיין שום כוח אין דער וועלט קען ניט ווירקן מען זאָל עס צוריק געווינען. באמת, דער געדאַנק אַז עס וועט קומען אַ טאָג און מיר וועלן זיך ענדיקן, איז די פּיינ־לעכסטע באַגרענעצונג פונעם געפיל פון קאָנטינואיטעט אין אונדז, אַ באַגרע־נעצונג וואָס איז זייער שווער צו פאַרטראָגן. די הבטחה אַז נאָך אונדז וועט קומען אַ גליקלעכע צוקונפט איז אַ גרויסע טרייסט פאַר אונדז בלויז דער־פאַר ווייל מיר קענען ניט באַנעמען, אַזוי לאַנג ווי מיר לעבן, אונדזער אייגענעם ניט־זיין.

אַ סך אבערגלויבנס אין שייכות צו טויט זענען פאַרשוואונדן, אָבער גע־בליבן איז דאָס געפיל פון געהיימקייט, אַ געפיל פון אַ מיסטישן שאָטן וואָס הילט אַרום דעם מאָמענט פון טויט. עפּעס אַ פאַרבאָרגענע שטים אין פאַר־הוילענער שווייגעניש שרייט אַרויס צו אונדז פונעם קאַלטן בר־מינן וואָס לאָזט אונדז וויסן אַז אַ לעבן איז פאַרענדיקט געוואָרן. דאָס וואָרט טויט איז אַזוי אייגנאַרטיק מענטשלעך, אַזוי אָנגעפּראָפּט מיט געפילן און ווערטן, וואָס מיט זיי באַרייכערן מיר די וויכטיקייט פונעם מענטשלעכן מענטש, אַז עס קען ניט זיין קיין סינאָנים וואָס זאָל עס פאַרטרעטן.

וואו נאָר טויט־שטראָף ווערט געזעצלעך אָנערקענט ווערט דער הענקער ניט אויפגענומען ווי אַ חשובער מיטגליד פון דער אָרנטלעכער געזעלשאַפט. דער מענטש וואָס פאַרנעמט זיך מיט אַוועקנעמען דאָס לעבן אַפילו פון אַ געפערלעכן פאַרברעכער, ווי דאָס געזעץ פאָדערט, פאַרמאָגט אַ געוויסע אָפּשטויסיקייט אין אונדזערע אויגן, אַפילו ווען מיר דריקן עס אויס אויף אַ ניט שאַרפן אופן. אונדזער באַציאונג צום לעבן פון אַ מענטשן איז אַזאַ אַז מיר קענען ניט בלייבן גלייכגילטיק ווען עמעצער לעשט עס אויס.

דאָס אַריינגעבראַכטע וואָרט „ליקווידאַציע" שטרייכט אונטער אויפן שאַרפסטן אופן אַז די דאָזיקע באַציאונג ווערט אָפּגעמעקט אין דער מאָנאָ־קראַטישער מענטאַליטעט. וואָרעם אויב דער יחיד איז בלויז אַן עכאָ פון אויסגעקליבענע ברירות און באַשלוסן וואָס אַ דרויסנדיקע מעטאַפיזישע ענטי־טעט — די „פּאַרטיי" — האָט אָנגענומען; אויב זיין אייגנאַרטיקער איך איז אַן אילוזיע, אַ „גראַמאַטישע פיקציע", דעמאָלט איז זיין טויט בלויז דער אָנווער פון אַן אינסטרומענט, און ווען אַן אינסטרומענט ווערט קאַליע דאַרף מען באַזאָרגן אַן אַנדערן, וואָס קען זיך בעסער צופּאַסן צו זיין פונקציע ווי דער פריערדיקער. דער וויכטיקסטער אונטערשייד צווישן די צוויי סאָרטן באַציאונגען באַשטייט אין דעם וואָס דער באַגריף טויט שליסט אויס די

מעגלעכקייט צו געפינען אַן עקזאַקטן דופּליקאַט, בעת „ליקווידאַציע" איז מחייב אַזאַ מעגלעכקייט.

עס איז קאַרדינאַל וויכטיק פאַר אונדז, סיי סאָציאַל, סיי וויסנשאַפטלעך, צו וויסן אַז אין דער קאָלאָסאַלער סאָציאַלער וועלט־לאַבאָראַטאָריע איז מעגלעך, אונטער געוויסע תנאים, אַרויסצורופן אַ מענטאַליטעט וואָס ציט זיך אין אַזאַ ריכטונג. עס זעט אויס פּאַראַדאָקסאַל, דאָך אמת, אַז אַ מענטש איז פייאיק אַנצוזאַמלען גרויסע מאָראַלע כוחות צו פאַרהאַלטן דעם גאַנג פון זיינע מאָראַלע אימפּולסן. אמת, ער קען ניט אויסמיידן נייע אינער־לעכע קאָנפליקטן און רייסערייען, דאָך קען ער אַרויסוויקלען פון זיך אַ סאָרט מענטאַליטעט וואָס זאָל אים באַשיצן אין זיינע האָפענונגלאָזע מאָראַלע, עמאָציאָנעלע און אינטעלעקטועלע סתירות. אַן ענלעך פּסיכיש בילד באַווייזט זיך אָפט אין אַן אַרמיי אויפן שלאַכטפעלד, וואו מאָרד און מענטשלעכקייט באַגעגענען זיך אויף אַזאַ אויסטערלישן אופן, אָבער עס טרעפט אפשר דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע אַז מיר געפינען עס אַזוי הערשעריש אַרומרינגלען דאָס ציווילע לעבן.

איך האָב זיך פאַרנומען צו אַנאַליזירן צוויי סאָרטן מענטאַליטעט. איך האָב געוואוסט אַז געהערנדיק אַליין צו איינער פון זיי וועל איך אפשר ניט זיין געניג אָביעקטיוו ביים אויסמאָלן די צווייטע. אָפן גערעדט, אַזאַ ציל איז מיר ניט געלעגן אין זינען. איך פיל צו טיף דאָס אומגליק פונעם מאָנאָקראַטישן גייסט אין דער איצטיקער וועלט. עפּעס אין מיר וואָלט רעוואָלטירט ווען איך זאָל בלויז זיך באַמיען עס פינקטלעך צו באַשרייבן אַן דער קאָליר פון אַ געהעריקער אָפּשאַצונג. נאָך אַלעמען איז איצט ניט די צייט צו זיין בלינד צו די סכנות וואָס רינגלען אונדז אַרום.

אַ גרויס וואָרט איז אונדז געבליבן פון אַ גרויסן יידן: „קיין זאַך איז ניט אַזוי גאַנץ ווי אַ צעבראָכן האַרץ". איך האָף אויף באַדינגונגען אין אונדזער געפּייניקטער וועלט וואָס וועלן שנעל מאַכן אַ סוף צו דער מאָנאָ־קראַטישער מענטאַליטעט. איר אומגעלומפּערטע ניט־צוגעפּאַסטקייט צום נאָר־מאַלן לעבן פונעם מין מענטש וועט אין דעם אַ סך אַרויסהעלפן. אָבער וואָס מיר זאָלן ניט זאָגן וועגן אַזאַ מענטאַליטעט אין איצטיקן מאָמענט, איין זאַך איז זיכער: איר קוק אויף מענטשלעך לעבן איז אַזאַ אַז די וואָס געפינען זיך אונטער איר כישוף קענען קיינמאָל ניט געניסן די אינערלעכע דערהויבנקייט וואָס קומט פון דער גאַנצקייט פון אַ צעבראָכן האַרץ.

(1943)

# לעבן און טויט

פאַראַן זאַכן וואָס בלייבן ליגן דרימלענדיק, אַזוי צו זאָגן, אויף די דרויסנדיקע טרעפּ פון זכרון, און כאַפּן זיך אויף און קלאַפּן אָן אין די טירן פון באַוואוסטזיין ביי יעדער פּאַסיקער געלעגנהייט. אַ רירנדיק בילדל פון סאָוועטיש־פּוילישן קריג גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה באַוויזט זיך פאַר מיר פון צייט צו צייט, פאַרשווינדט און קומט ווידער צוריק.

דאָס איז געווען ווען די רויטע אַרמיי האָט זיך צוריקגעצויגן פון פּלאָצק. די פּאָליאַקן האָבן דעמאָלט אַרעסטירט דעם דאָרטיקן רב, שאַפּיראָ, דאַכט זיך, האָט ער געהייסן. מען האָט אים באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש פאַר די רוסן, פאַרמשפּט צום טויט און דערשאָסן. אַז אַ רב פון אַלטן דור זאָל ווערן אַ מיליטערישער שפּיאָן לייגט זיך טאַקע ניט אויפן שכל, אָבער אַזוי לאַנג ווי מענטשן זענען מענטשן קען מען ניט זאָגן אַז דאָס איז אוממעגלעך. נאָר דאָס איז איצט לחלוטין ניט וויכטיק. אמת, פּוילישע יידן האָבן געוואוסט אַז דאָס איז געווען אַ שרעקלעכער בילבול און אַ מוראדיקע אכזריות, האָבן זיי יאָרן־לאַנג פּרובירט דעם רב ריינצוואַשן כאָטש נאָכן טויט. עס איז איבעריק צו זאָגן, קענענדיק פּוילישע באַציאונגען צו יידן, אַז דאָס איז זיי ניט געלונגען. אָבער אויך דאָס איז איצט ניט וויכטיק.

איך קען בלויז ניט פאַרגעסן דאָס בילד ווי אַזוי אַ מיליטערישער קאָנוואָי האָט געפירט דעם רב דורך די פּלאָצקער גאַסן אויפן וועג צו דער עקזעקוציע. פּוילישע קינדער און שקאָצים זענען נאָכגעלאָפן פון אַלע זייטן, געשאָלטן און געזידלט, געשפּיגן אויפן אומגליקלעכן קרבן און אים פאַרוואָרפן מיט שטיינער אַ מינוט פאַרן טויט. די אַרומיקע גויים האָבן געלאַכט, זיך געוויצלט, צוגעגעבן מוט דער יוגנט אין איר געשמאַקער פאַרוויילונג, און געוואַרט מיט הנאה אויפן קנאַל פון די ביקסן.

נקמה, אַפילו די גערעכטע נקמה, ווי מערקווערדיק זי שפּיגלט אָפּ די אומראַציאָנאַלע, די מיסטעריעזע דרכים פון דער מענטשלעכער נשמה. איך האָב אַנומעלטן געלייענט אַן אַרטיקל פון אַ יידישן שרייבער וואו ער האָט מיט אַזאַ אַפּעטיטלעכער הנאה געשילדערט ווי מוסאָליניס טויטער קערפּער ליגט אין רינשטאָק און מען בריקעט אים פון אַלע זייטן. וואָסער שייכות האָט דער טויטער, ליימיקער גוף מיטן פריערדיקן לעבעדיקן דיקטאַטאָר? עס איז אַקוראַט ווי מען זאָל אויסלאָזן דעם צאָרן אויפן בעט וואו ער איז אַמאָל געשלאָפן, אָדער אויף דער קאַפּאָטע וואָס ער האָט געטראָגן. אויך דאָס איז אַ געוויינטלעכע, מענטשלעכע זאַך אין מאָמענטן פון נקמה־דאָרשטיקן אויפברויז, אָבער ווי מאָדנע, ווי אויסטערליש דאָס איז.

אַז מענטשן זאָלן וועלן צעשטערן דאָס וואָס האָט זיי פאַרשאַפט אומ־

גליק, דאָס איז נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך. אויב די סיבה פונעם אומגליק איז אַ מענטש איז פונקט אַזוי נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך מען זאָל אים וועלן אומברענגען, טייטן. אָבער נקמה באַנוגנט זיך דאָך ניט דערמיט. זי פרעגלט זיך דאָך דער עיקר אין נחת פון סאַדיסטישן פייניקן, מאַטערן און אַפילו אַרויפוואַרפן זיך און רייסן שטיקער פונעם געבליבענעם בר מינן. אַמאָל האָט מען דאָ געלינטשט אַ נעגער וואָס איז באמת שולדיק געווען אין פאַרגוואַלדיקן אַ ווייסע פרוי. האָט מען אים צום ערשטן געממית׳ט ביז ער איז געבליבן ליגן אַ פאַר׳הלש׳טער, דערנאָך האָט מען אים אויפגעהאַנגען, דערנאָך האָט מען אין אים אַריינגעשאָסן עטלעכע צענדליק קוילן, דערנאָך האָט מען אים אַראָפּגענומען פון דער תליה און פאַרברענט, און די ווייבער האָבן געגישטערט אין אַש צו געפינען די ביינער אויף צו מאַכן זיך אויערינגלעך און פינגערלעך. ווען מען קען עס איינפאַלן צו זוכן שכל אין אַזעלכע זאַכן. ניט דעם נעגערס טויט האָט באַפרידיקט דעם גערעכטן כעס פונעם צעווילדעוועטן עולם, נאָר דער עיקר די ספעקטאַקולאַרע אינסצעניזאַציע פונעם פראָלאָג און עפּילאָג. דער טויט, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער מיט, איז בלויז געווען אַ מין ניט־געפלאַנעוועטער פועל יוצא פון שלאָגן און הענגען און שיסן און פאַרברענען. ווען מען דערמאָנט זיך אַז אָט אין אַזעלכע געהיימע פינצטערנישן לעבט זיך אויס די מענטשלעכע נשמה, זעט עס אויס אַ קאַפּעלע נאַאיוו צו לאָזן דעם ליולקע־רויך פון אײדעלע בעלי־חלומות זיך אַריינשלענגלען אין אַן אחרית הימים ווען די אַקטיוויסטע באַשעפטיקונג פון מענטשלעכן מין וועט זיין צו זיצן אין גערטנער און זיך קושן אין די פּיסקלעך.

ווייזט אויס אַז מענטשן האָבן אין רואיקע מאָמענטן דערזען די פולע שרעק פון די צעשטערערישע כוחות וואָס ראַיען זיך אין אונדז, דערזען אַז די וועלט קען קיין קיום ניט האָבן ווען מען זאָל דאָס אַלץ לאָזן צום נאַטירלעכן גאַנג פון זינדיקן האַרצן. האָבן מיר, ווי אַ פאַרגיטיקונג, אויפגעבויט אַ מערקווערדיקע סיסטעם פון באַציאונג ניט בלויז צום טויט נאָר אַפילו צום מת. ניטאָ קיין לעבנס־שטייגער אויף דער וועלט, אַפילו צווישן די פּרימיטיוווסטע שבטים, וואָס רינגלט ניט אַרום דעם מת מיט די רייכסטע צערעמאָניאַלן, מנהגים, זיטן. טויט איז אַ צענטער פון גלויבנס, לעגענדעס וואָס טרייסטן אָדער וואַרפן אָן אַ פּחד, טויט ווערט אין ערגעץ ניט באַטראַכט ווי אַ געוויינטלעכע געשעעניש, דערלאָזט ניט קיין גלייכגילטיקע באַציאונג, רודערט אויף דאָס גאַנצע געפיל־לעבן, און וויקלט זיך תמיד אין אַ פאַרפלאָנטערט געוועב פון כישוף, גייסטער און פאַרשיידענע כוחות און באַשעפענישן פון אַנדערע וועלטן. מאָמענטאַלער אויפברויז פון ווילדער רציחה ווערט געהאַלטן אין צוים, ווערט אָפּגעהאַלטן און קאָנטראָלירט פון דער פינצטערער מיסטעריע וואָס די מעגלעכקייט פון טויט, פון זיך אָדער אַנדערע, טראָגט אָן.

צוויי גרויסע לערער פירן אונדז אויפן מענטשלעכן וועג. דער דראַנג צום אָפּענעם לעבן און דער ציטער פאַר פאַרבאָרגענעם טויט. פון דער דאָזיקער קאָמביגירטער השגחה שעפּט כוחות דאָס שענסטע אין דער מענטש־לעכער מאָראַל, ווערן פאַרשאַרפט די אינטעלעקטועלע באַדערפענישן ראַציאָ־נאַל צו פאַרשטיין און שכלדיק צו היילן די וואונדן פון מענטשלעכן האַרצן. אין דער דאָזיקער פסיכישער ספערע איז אויסגעוואַקסן דער באַגריף פון געזעץ, פון רעגולירנדיקע נאָרמען וואָס מיר שאַפן אַליין און וואָס זענען חל אויף אַלעמען גלייך. מיר לעבן אַלע אינעם זכות פון אָט די געזעצלעכע כללים וואָס דאַרפן באַשיצן דאָס רעכט פונעם אומגערעכטן שונא און טאָרן ניט פאַרקוקן דאָס אומרעכט פונעם גערעכטן פריינד. אַ פירנדיק ליכט איז דאָס לעבן פון לעבן, ניט ווייניקער — דאָס לעבן פון טויט.

אין קריטישע צייטן, ווען די ערד ווערט דורכגעווייקט מיטן בלוט פון מלחמות, איז פאַראַן אַ גרויסע סכנה אַז די דאָזיקע לעבן־טויט סיסטעם זאָל פאַנאַנדערפאַלן , עס זאָל איבערגעריסן ווערן די נאָרמאַלע פאַרביג־דונג צווישן די בויענדיקע און צעשטערנדיקע אימפּולסן פון לעבן אין דער מיסטישער יראה וואָס דער טאָל פון טויט אָטעמט אַרויס. דעמאָלט ווערט געבוירן אַ בעסטיאַלישע וועלט, אַ וועלט פון לית דין ולית דיין. אויפן מינדסטן חשד, אָדער עפּעס אַ קלאַנג, ברענגט מען אום אַזעלכע תמימים ווי דעם פּלאַצקער רב, פונקט ווי אמתע שונאים. געגוג אומ־שולדיק בלוט איז איצט פאַרגאָסן געוואָרן אין אייראָפּע נאָך דער מלחמה אויפן גרונד פון אומזיסטע חשדים און סתם בילבולים אַז די מענטשן האָבן סימפּאַטיזירט מיט די דייטשן. דער דאָרשט נאָך נקמה פאַרלירט די מאָראַלע קאָנטראָל וואָס גיט אים זיין העכערן, מענטשלעכן זינען. טויט הערט אויף צו פאַרכאַפּן דעם דמיון מיט זיין שאָטנדיקן פּחד פון ניט־געזעענע וועלטן. עס ווערט פון איין זייט אַ פּראָצעס פון מעכאַנישער ליקווידאַציע, און פון דער אַנדערער, אַ קוואַל פון מגושמדיקער, אויסגעמענטשטער הנאה פונעם שונא׳ס קאָרטשען זיך אין פּיין און יסורים.

אָבער „שונא" איז דאָך סוף כל סוף זייער אַ רעלאַטיווער באַגריף, אַן אויסטייטש, — היינט דער, מאָרגן יענער. נעכטן זענען דאַנטאָן און ראָבעספּיער געווען כהנים גדולים, היינט איז דאַנטאָן דער קרבן און ראָבעספּיער דער כהן. מאָרגן איז שוין ראָבעספּיער אַליין דער קרבן. דאָס שטענדיקע, דאָס אַבסאָלוטע, איז בלויז די גיליאָטינע. די מאָראַלע דעגע־נעראַציע פון אַזאַ צעבראָכן לעבן האָט נאַטירלעך בלויז אַ מאָמענטאַלע שייכות צו די קרבנות, צו די וואָס זענען מער ניטאָ. אָבער די וואָס פאַר־בלייבן, ביי די וואָס האָבן אַ מעגלעכקייט זיך צו זעטיקן מיט דער ווילדער הנאה פון יענעמס גסיסה און טויט, ביי זיי גראָבט דאָס אויס אַ טיפע וואונד אין דער נשמה און פילט אָן זייערע גייסטיקע אָדערן מיטן סם פון גלייכגילטיקייט צו יעדן מענטשנס לעבן און צו יעדן מענטשנס טויט.

נאָך אַ מלחמה, ווי די וואָס האָט זיך נאָר־וואָס פאַרענדיקט, ספּעציעל ווען מיר האָבן געהאַט פאַר זיך אַזאַ שונא ווי נאַצי־דייטשלאַנד, האָט מען זיך זיכער געקענט ריכטן אויף אַ מאָראַלער קאַטאַסטראָפע ביי די פעלקער וואָס זענען זעקס יאָר צייט אַזוי מוראַדיק צעטראָטן געוואָרן פונעם נאַצישן רוצח. נאָך מער איז דאָס מעגלעך געווען ווען צווישן די זיגער איז אויך געווען דער קאָמוניסטישער מין וואָס האָט אומגעבראַכט אַפילו דעם טויט אַליין דורך פאַר׳סמ׳ען אים מיט דער חרפה פון „ליקווידאַציע״. אַ קענטיקע מאַניפעסטאַציע פון אָט דער גייסטיקער זעלבסט־מערדעריי האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזן אין די עפנטלעכע עקזעקוציעס, דער עיקר אין מזרח־אייראָפּע. טויט־שטראָף איבער די פאַרברעכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טעאַטער־שפּיל, לכתחילה אַפילו מיט באַצאָלטע בילעטן, דערנאָך ווי אַ פרייער ספּעקטאַקל און די טעמע איז ניט געזעצלעכע שטראָף נאָר די פּרימיטיווע הנאה פון אָפּרעכענען זיך, פון טייטן צוליב זעטיקן אַ פאַרהונגערטן אַפּעטיט.

קיינער וועט ניט לייקענען אַז דאָס לאָזט זיך פאַרשטיין, דער עיקר אין די ערשטע מאָמענטן פון באַפרייאונג און נצחון. ניטאָ דאָס געמיט זיך דעמאָלט אומצוקוקן אויף די מוראַדיקע סכנות וואָס שטעקן אין אַזעלכע ווילדע ספּעקטאַקלען. שווער דעמאָלט איינצוזען אַז די צוקוקער זענען טראַגישערע קרבנות פון אַזעלכע סצענעס ווי די געהאַנגענע מיט זייערע גסיסה־כאָרכלערייען וואָס דער המון אַפּלאָדירט.

צום גרויסן קרעדיט פון די טשעכן דאַרף געזאָגט ווערן אַז זיי האָבן דאָס גאַנץ פרי פאַרשטאַנען און אָפּגעשטעלט. מיר ווייסן אַלע וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטאָן מיט יענעם פאָלק, ווי ריזיק עס זענען געווען די פלאַמען פון נקמה וואָס האָבן זיך צעברענט אין יענעם אומגליקלעכן לאַנד. דאָך האָט די טשעכישע אינטעליגענץ שנעל איינגעזען אַז די פרייע נקמה־שפּיל פון עפנטלעכע עקזעקוציעס איבער נאַציס און זייערע העלפער קען פאַרענדיקן מאָראַליש וואָס היטלער האָט אָנגעהויבן פיזיש. זיי האָבן ביטער און ענער־גיש פּראָטעסטירט אַנטקעגן מאַכן טעאַטראַלע ספּעקטאַקלען פון טייטן מענטשן, אַפילו ווען די קרבנות זענען די ערגסטע שונאים און באַקומען אַ גערעכטע שטראָף. פון זיי האָט אַרויסגערעדט די שרעק פאַר דער מעגלעכער ווירקונג אויף די געטרייע טשעכן פון אַזעלכע טויט־הוליאַנקעס, ניט קיין סימפּאַטיע מיט פאַררעטערישע דייטשן.

אָבער פּוילן, וויזט אויס, האָט נאָך אַזאַ גייסטיקע מדרגה ניט דער־גרייכט. וואָלט איך אין דער אמתן געבליבן גאַנץ קאַלט דערצו. וואָס איז פּוילן פאַר מיר איצט? אַ פרעמד, ווייט לאַנד, אַ לאַנד ווי עפּעס אויף יענער זייט פאַרקאַן. אָבער אָט איז נאָר־וואָס דאָרט פאָרגעקומען אַן עפנטלעכע אינסצעניזאַציע פון טויט־שטראָף אויף אַ נאַצישער חיה רעה, און אַ באַקאַנ־טער היגער יידישער שרייבער האָט דעם ספּעקטאַקל געמאָלן פאַר יידישע

לייענער. ווערט שוין אינטערעסאַנט צו זען ווי מען שטעלט זיך פאַר דאָרפן אויפנעמען אחינו בני ישראל אין זיכערן, ניט־געלאָסענעם אַמעריקע, די אומהיימלעכע רעזשי פון אַן עפנטלעכער עקזעקוציע.

איך האָב דאָ אין זינען ב. צ. גאָלדבערגס קאָרעספּאָנדענץ פון וואַרשע („טאָג", 13טן יאַנואַר). זיין אַרטיקל הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „איך האָב געזען ווי מען האָט אויפגעהאַנגען פּאָול האָפמאַן". דערנאָך ווערט באַשריבן מיט אַלע פּרטים און דיקדוקים די גאַנצע פּראָגראַם פון דער טויט־פאַרשטעלונג. אָט איז איינער אַרויף אויף דער תליה און „גענומען מאַכן די פּעטליע". איינמאָל געמאַכט איז זי געווען צו לאַנג, דער עולם וואָלט דעם געהאַנגענעם ניט געקענט זען. האָט ער זי איבערגעמאַכט, אַרויסגענומען און איבערגעבונדן... אַז דער טאָפּלטער שטריק איז אָנגעבונדן געוואָרן האָט אים עמעצער אונטן אויסגעפּרובירט צי ער איז שטאַרק גענוג, אָנגענומען ביי די הענט און זיך אַ וויג געטאָן אין דער לופט הין און צוריק". און כדי די סלונע פון דער הנאה זאָל זיך ניט אויסטריקענען, ווערט צוגעגעבן: „דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען פאַר האָפמאַנען אין די אויגן". און אָט איז געשען נאָך עפּעס, ווי עס טרעפט מיט געשולטע אַקטיאָרן וואָס האָבן אַ חוש פאַר שאַרפע עפעקטן אין אַ שפּיל. בעת אַ רויט־אַרמייער האָט דעם פאַר׳משפט׳ן אָנגעטאָן די פּעטליע אויפן האַלדז „האָט האָפמאַן עפּעס געזאָגט דעם סאָלדאַט, וואָס איך האָב ניט געקענט הערן. אָבער דער סאָלדאַט האָט אים אַרונטערגעלאָזט צוויי פּעטש אין ביידע באַקן".

מען קען זיך לייכט פאַרשטעלן אַז ווען די שטראָף וואָלט דורכגעפירט געוואָרן צווישן די פאַרשלאָסענע ווענט פון אַ תפיסה וואָלט דער זעלבער מסתמא געפילט אַז ער דאַרף קודם כל אָפּהיטן די ערנסטקייט און די חשיבות פון געריכטלעכע אינסטרוקציעס און טאָן בלויז דאָס וואָס מען האָט אים געהייסן. דאָס מענטשלעכע אין אים וואָלט אויך זיכער ניט דערלאָזט ער זאָל פאַרשווערכן די געריכטיקייט פון דער שטראָף מיט אַזאַ טראַגישער לעכערלעכקייט. ער וואָלט געפילט אַז פּעטש ווי אַ צולאָג צו טויט פאַרביליקט דעם צאָרן פון די געבליבענע און לעסטערט דעם וויי־געשריי פון די אומגעקומענע. אָבער אין אַ טעאַטער מיט ספּעציעל פאַרבעטענע צוקוקער פון אַלע זייטן איז שווער צו קאָנטראָלירן דעם יצר הרע פאַרן אומגעריכטן עפעקט וואָס קען אַרויסרופן אַפּלאָדיסמענטן.

געענדיקט האָט זיך עס אויך מיט אַ טעאַטראַלישן עפעקט: „האָפמאַן איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. אין ערשטן מאָמענט האָט ער געמאַכט אַ באַוועגונג מיט די הענט צום האַלדז, ווי ער וואָלט געוואָלט דעם שטריק צורעכט מאַכן. אָבער זיינע הענט זענען באַלד אַראָפּגעפאַלן. נאָך אַ סעקונדע און ער האָט זיך געוויגט אַ טויטער הין און צוריק און אַרום. עמעצער האָט אים אַ דריי געטאָן כדי אַלע זאָלן קענען זען זיין פּנים". קיין מיקראָפאָן

וואָס זאָל קענען הויך איבערגעבן זיין זיפץ, אָדער קרעכץ, אָדער כאָרכל, איז ניט איינגעריכט געוואָרן, מסתמא צוליב טעכנישע שוועריקייטן אין איצטיקן חרובן פוילן.

גאָלדבערג דערמאָנט אויך וועגן יידן וואָס זענען דערביי געווען. אָבער ווייזט אויס אַז זייער צאָל האָט געמוזט זיין זייער קליין. דער טראַדיציאָנעלער היסטאָרישער פוילישער ייד איז אין גאַנצן ניט געווען. אפשר איז ער שוין בכלל אין פוילן מער ניטאָ. וואָלט ער דאָרט יאָ געווען וואָלט ער מסתמא די פאַרבעטונג ניט אָנגענומען. זיכער האָט דאָרט ניט געקענט זיין דער ייד וואָס שעמט זיך אַרויסצושרייבן אַלץ וואָס די קאָזאַקן האָבן געטאָן מיט יידן אין דער צייט פון גזירות ת״ח ות״ט „כדי ניט צו פאַרשעמען דעם מין מענטש וואָס איז געבוירן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט״. יענער ייד האָט טאַקע הייס מתפלל געווען צום רבונו של עולם ער זאָל נקמה נעמען פון די רשעים, אָבער קיין ספעקטאַקל וואָלט ער דערפון ניט געקענט מאַכן. דאָרט האָט אויך ניט געקענט זיין דער ייד וואָס גרייסט זיך מיט דער רעפּוטאַציע פון „רחמנים בני רחמנים״, וואָס אים איז אַזוי ניחא צו לעבן אין דער געזעלשאַפט פונעם שלימזלדיקן „יידישן גזלן״ און פאַלט ניט ביי זיך אַראָפּ צוליב דער אומהעלדישקייט פון אַ „יידיש האַרץ״. ווי שטאַרק דער דאָזיקער ייד וואָלט געוואָלט די וועלט מחזיר למוטב זיין, אָבער ביי אים איז דאָס אַ צו הויכער, קאָסמישער ענין, איז ער דעריבער אַ צו גרויסער מפונק אין זיינע מעשים דאָס צו דערגרייכן. ער פילט זיך ווי אַן איינגעשוואָרענער בירגער פון אַ מאָראַלער מלוכה, קען ער ניט פאַרגעסן די התחייבותן וואָס דאָס לייגט אויף אים אַרויף, און קען אויף זיי ניט מוותר זיין אַפילו אין צייטן ווען גערעכטיקייט מאָנט גערעכטע נקמה.

דאָך וואָלט מען די פאַרבליבענע פוילישע יידן געקענט פאַרשטיין, אַפילו ווען עס זאָל זיך אַרויסווייזן אַז זיי זענען ווייליק זיך איבערצוגעבן דער נידעריקער הנאה פון אַזאַ דעגענערירטער גערעכטיקייט. אָבער די קאָרעספּאָנדענץ איז געשריבן געוואָרן פאַר אַמעריקאַנער יידישע לייענער, און שוין זיבן חדשים נאָך דעם ווי דער נאַצי־מאָנסטער ליגט אַ צעטראָטענער אונטער די פיס פון אַ באַפרייטער וועלט. פון דעם קען שוין אַ ייד קיין צופיל נחת ניט האָבן. איך האַלט אויך גאָלדבערגן פאַר אַ מענטשן מיט אַן אויסגעצייכנטער פאַרשטענדעניש פאַר דעם וואָס דער עולם וויל אָדער קען פאַרטראָגן, לכל הפּחות זיין אייגענער עולם. איך שטעל מיר ניט פאָר אַז ער וואָלט אַזוי דעטאַל באַשריבן אַזאַ מאוימדיקע סצענע ווען ער וואָלט געטראַכט אַז דאָס קען האָבן אַ פאַרקערטע ווירקונג. מוז מען אָננעמען אַז גענוג גרויסע צאָלן ביי אונדז האָבן זיך אַריינגעלעבט אין אָט דער געפּאַלענער אַטמאָספער אַז אַן עפנטלעכע טויט־פאַרשטעלונג מיטן אומקום פון אַ שונא רופט ביי זיי ניט נאָר ניט אַרויס קיין שרעק פאַר די מעגלעכע דערציערישע רעזולטאַטן, נאָר פאַרקערט איז אַן אַפּעטיטלעכער, געשמאַקער

ביסן. דאָס איז בלי ספק איינער פון די טרויעריקע סימנים פון די טעג פון גייסטיקן חורבן וואָס מיר לעבן איצט איבער, אַ חורבן וואָס אונדזער פיזישע און פאָלקישע קאַטאַסטראָפע דערלאָזט ניט מען זאָל זי קלאָר דערזען. אַז ביי יידן זאָל זיך פאַרשפּרייטן אַזאַ מענטאַליטעט וואָס קען זיך אַפילו צו דער טשעכישער מדרגה ניט דערדראַפּען, דאָס שטעלט אין סכנה אונדזער גאַנצן קיום וואָס האָט זיך אַזוי רייך געגערט פון אונדזערע היסטאָרישע גייסטיקע און מאָראַלע ווערטן.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זיך צוליב אַ מערדערישן דייטשישן איינפיר אויפגעהויבן אַן אַלטע פּראָבלעם אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו פּראַקטיצירן דאָס וואָס מען רופט „אייטאַנאַזיע", ד"ה לעגאַליזירן מיטלען צו פאַרענדיקן אַ מענטשנס לעבן אויס רחמנות אויף זיין האָפענונגסלאָזן צושטאַנד. הונדערטער אַרטיקלען און קאָמענטאַרן זענען געשריבן געוואָרן וועגן דעם ענין. דער סוף איז געווען אַז די גאַנצע קולטור־וועלט האָט מיט 'שוידער אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן ווידערווילקן געדאַנק, כאָטש עס האָט זיך דערוויל געהאַנדלט בלויז וועגן אַ טעאָרעטישן פּרינציפּ. צענדליקער אַרגומענטן זענען אָנגעגעבן געוואָרן. מיר דאַכט זיך אַז די שטאַרקסטע קעגנערישע טענות זענען געווען די וואָס האָבן דער עיקר אין זינען געהאַט ניט די ווייטע מעגלעכקייטן פונעם חולה פאָרט צו בלייבן לעבן, און אפשר געזונט ווערן, נאָר די געביטענע און לייכטע באַציִאונג צו טויט וואָס אַזאַ האַנדלונג מצד אַ פאָלק קען אַרויסרופן. דאָס גאַנצע פּנים פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע — פונעם שענסטן וואָס זי פאַרמאָגט — וואָלט זיך פאַרקרימט אין אַן עקלדיקער גרימאַסע, און געמאַכט אונדז אַלעמען פאַר העסלעכע גייסטיקע קאַליקעס, ווען אַזאַ מאוימ־דיקע ענדערונג קומט אין איר פאָר.

אָבער אַזוי ווי מיר האָבן אַ קיימא לן אַז דער רבונו של עולם שיקט אונדז אָפּט די רפואה פאַר דער מכה, געפינען מיר אויך אַ שטיקל טרייסט אין יעדער צרה. אין דער דערמאָנטער קאָרעספּאָנדענץ גיט גאָלדבערג איבער נאָך אַן עפּיזאָד פון וועלכן עס לאָזט זיך עפּעס דרינגען: „איך גיב איבער די הינריכטונג פון פּאָול האָפּמאַנען קורץ און טרוקן. אַזוי האָט עס געווירקט אויף מיר. מיין קאָלעגע פון דעטראָיט ניוס, פיליפּ אַדלער, האָט זיך אויסגעצויגן אין דער בלאָטע בעת מען האָט האָפּמאַנען געהאַנגען. ער האָט גע'חלש'ט, און מען האָט אים געדאַרפט אויפהייבן און אָפּמינטערן". פון דעם לאָזט זיך דרינגען אַז דער יידישער רעפּאָרטער פון דער דעטראָיטער ענגלישער צייטונג איז ניט געווען דער איינציקער ייד וואָס אויף אים האָט עס אַזוי געווירקט. מעגלעך אַז אַנדערע האָבן גאָר ניט געוואָלט קומען בייצוואוינען די שוידערלעכע 'שפּיל. מעגלעך אַז צווישן די וואָס זענען דאָרט יאָ געווען האָבן זיך געפונען נאָך אַזעלכע וואָס האָבן עס ניט געקענט

אַריבערטראָגן, נאָר ביי פּיליפּ אַדלערן זענען פּשוט די כּוחות אויסגעגאַנגען. מעגלעך.

אין אַזעלכע צייטן ווי די היינטיקע איז יעדער ייד מחויב: צו זוכן אַ פּייערל אין יעדן חושך, אַ וואוילקלאַנג אין יעדן גרילץ, און אַ טרייסט אין יעדער צרה. און יאָ, קיין צו עקסטראַוואַגאַנטע פאָדערונגען דאַרף מען ניט שטעלן. אַ מסתפּק במועט דאַרף מען זיין.

(1946)

# מערדער־משיח

ביאַליק הייבט אָן זיין „אין שחיטה־שטאָט" מיט די שורות: „פון שטאָל און אייזן, קאַלט, האַרט און שטום, שמיד אויס אַ האַרץ פאַר זיך, דו מענטש, און קום". דאָס אומגליק צו וואָס איך וויל זיך איצט צורירן איז אַ יידישע טראַגעדיע פון אַן אַנדער מין, כאָטש אַ טיפערע, אַ מער גורלדיקע און אַזאַ וואָס פאַרפלעכט אונדז, ווי אַ צוגאַב, אין אַ שטעכיקער נעץ פון שאַנד און מיסטעריע. דאָ קען מען זיך שוין ניט באַנוגענען מיט איינזאַמלען דאָס לעצטע ברעקל שטאָל כדי צו באַשיצן דאָס לעבן בעת די אויגן וועלן קוקן אויף פיזישן און גייסטיקן חורבן, נאָר מען דאַרף אויך צונויפנעמען דאָס לעצטע ביסל פון נאָך פאַרבליבענעם עלעמענטאַרן שכל דורכצושטעכן די האַרטע שאָל פון דער רעטעניש וואָס האָט פאַרבלענדט און בלינד געמאַכט אַזוי פיל פון אונדזער פאָלק. דער גאַנג פון קאָמוניזם און זיין צוציענדיקע ווירקונג, סיי אויף זיינע געבוונדענע אָנהענגער, סיי אויף די וואָס האָבן זיך מיטגעוואַלגערט אינעם נעפּל פון זיינע מערדערישע אַרגיעס, איז אַזאַ אַז דור נאָך דור וועלן לאַנג זיך ברעכן די מוחות צו פאַרשטיין: וואָס איז דאָ פאָרגעקומען? ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען?

פאַר אונדז, יידן, וואָס אין באָלשעוויסטישן קאָמוניזם איז פאַר אונדז מקוים געוואָרן די ביטערע קללה, אַז אונדזערע ערגסטע שונאים וועלן אַרויסקומען פון אונדז אַליין — פאַר אונדז פאָדערט זיך אי אַ שטאָליק האַרץ, אי די דינסטע שאַרפקייט פונעם מוח צו באַנעמען וואָס עס איז פאָרגעקומען און וואָס עס קומט פאַר איצט דאָרט, אינעם גיהנום־לאַנד, ספּעציעל פאַר יידן, און ניט ווייניקער, אפשר נאָך מער, וואָס עס איז פאָרגעקומען און וואָס עס קומט פאַר איצט אין מדינת ישראל, און אין די אַנדערע פרייע דעמאָקראַטישע לענדער, וואָס מיר אַלע אָטעמען זייער לופט און געניסן פון זייערע מעגלעכקייטן צו לעבן ווי מיר ווילן.

מיר ווייסן, פאַרשטייט זיך, אַז די טראַגעדיע איז, אין תוך גענומען, אַן אַלוועלטלעכע, אַן אַלמענטשלעכע, און רירט אָן ניט ווינציקער ווי דעם גורל פון דער גאַנצער מענטשהייט אין יעדן ווינקל פון דער וועלט. וועלן מיר זיך קודם כל אָפּשטעלן אויפן דאָזיקן מאָמענט פון דער באָלשעוויסטיש־קאָמוניסטישער טראַגעדיע.

מילא, דאָס וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין סאָוועטן־רוסלאַנד קען מען לייכט פאַרבייגיין. אמת, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען מיטן מין מענטש — ווי אַזוי מען האָט באַהאַנדלט לעבעדיקע מענטשן; וואָס מענטשן האָבן געטאָן צו אייגן בלוט און פלייש — עס איז טאַקע מוראדיק, גרויליק, וואָס איר ווילט, אָבער קיין רעטעניש איז אין דעם ניטאָ. סיי נאַצי־לאַנד, סיי סאָוועטן־לאַנד האָבן באַוויזן וואָס מען קען אַלץ אַרויפצווינגען דורך אָנוואַרפן שרעק

און טויט, אויף מענטשלעכע קרבנות. עס איז איצט שוין קלאָר אַז מיטן הוילן אָנוואַרפן אַ פּחד דורך דעם האַלטן שטענדיק גרייט אַ געלאָדענע ביקס קען מען מאַכן פון מענטשן עפּעס אַזוינס וואָס פאַר די וואָס לעבן אונטער פרייע באַדינגונגען איז זייער שווער זיך פאָרצושטעלן.

דער געוואַלדיקער כוח פון דער געלאָדענער ביקס, ווען זי טוט איר אַרבעט אין גרויסן, געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם, באַשטייט אין דעם וואָס זי באַנוגנט זיך ניט מיט איר ברוטאַלער פיזישער מאַכט נאָר זי וויקלט אויך אַרום זיך אַ מאָראַלע ספערע. וואָרעם כדי די רויבער פון דעם מין זאָלן אַלץ קענען פועלן דאַרפן זיי זיך באַוואָפענען מיט דריי סאָרטן כלי־זיין. די ערשטע צוויי געהערן צו דער פּסיכאָלאָגישער קאַטעגאָריע און די דריטע האָט צו טאָן מיט דער טעכניק פון אָרגאַניזאַציע. דער סאַמע ערשטער פּסיכאָלאָגישער תנאי איז אַז דער רויבער זאָל ניט אין זינען האָבן זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן נאָר זיך איינשטעלן פאַר אַ כלל־אידעאַל. עס מעג זיין זיך איינ־שטעלן פאַר דער טובה פון פאָלק, ווי למשל פאַשיזם, אָדער נאַציזם. דער אידעאַל קען אויך אין זינען האָבן די גאַנצע מענטשהייט, למשל קאָמוניזם, אָדער מאַכמעדאַניזם אין 7טן יאָרהונדערט, אָדער דאָס אינקוויזיטאָרישע קריסטנטום אין שפּעטן מיטלעלטער.

די גרויסע סכנה וואָס שטעקט אין אַ געזעלשאַפטלעכן אידעאַל — אויב מען נעמט ניט אָן קיין ספּעציעלע באַוואָרענישן — ליגט אין דער סתירה וואָס וויקלט אים אַרום. פון איין זייט איז ער תמיד אויסן דאָס גליק פון אַנדערע; זיין גאַנצער זכות הקיום שטעקט אין דעם וואָס ער וויל מתקן זיין די וועלט במלכות שדי, אַזוי ווי ער פאַרשטייט עס. פון דער אַנדערער זייט שטויסט אים דער גאַנג פון זיין געדאַנק און זיינע מעשים צו באַטראַכטן און דערפילן זיך ווי דאָס ענדגילטיק־אייביקע בעת אַלץ וואָס איז ניט פון זעלביקן שטאָף, ווער שמועסט דאָס וואָס שטייט אים אין וועג, איז בלויז דערוויילִיק, אַן אַרויסוואוקס אינעם ווילדגראָז וואָס ווימלט אין די פאַרביי־גייענדיקע זומפּן פון דער אַלטער, גורל־פאַרמשפּטער אָרדענונג. צו אַזעלכע עקזיסטענצן, אַפילו ווען זיי רירן אָן דעליקאַטע מאָמענטן פון מענטשלעכן לעבן, אַפילו דאָס לעבן גופא, ווערט דאָס אחריות־געפיל קילער, גלייכ־גילטיקער. דערמאָנט זיך ווי אָפט עס האָט פיגורירט אין דער קאָמוניסטי־שער טערמינאָלאָגיע דאָס וואָרט „זומפּ". דער קאַפּיטאַליסטישער „זומפּ", דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „זומפּ", דער רעליגיעזער „זומפּ". ווען זיי האָבן אומגעבראַכט טראָצקין אין מעקסיקאָ איז די אָפענע דערקלערונג געווען אַז דאָס איז געווען דער נאַטירלעכער פועל־יוצא פון לעבן אין טראָצקיסטישן זומפּ.

דער צווייטער פּסיכאָלאָגישער תנאי באַשטייט אין דערלאָזן אַז די באַוועגונג לטובת דעם אידעאַל זאָל מיט איר נאַטירלעכן אימפּעט, אָן אַן אָפּהאַלט, אַריבערגיין צו דער אַנדערער זייט פון דער סתירה. דער אידעאַל

פאַרלירט דעמאָלט די מאָראַלע אחריות צו אַלץ, אַפילו צו מענטשלעך לעבן, וואָס געהערט ניט צו זיין אייביקייט־קאַטעגאָריע. דאָס איז דער מאָמענט ווען דער מענטשלעכער באַלעבאָס פונעם אידעאַל שטעלט זיך אין דער געטלעכער פּאָזע פון אַ לעצט־פּאַרזיגלטן אַבסאָלוט; זיין באַוואוסטזיין מוז דעמאָלט פון זיך אָפּמעקן, אויף וויפיל עס איז פּסיכאָלאָגיש מעגלעך, יעדן סימן פון געוויסן, ווייל געוויסן איז דאָך, מוז דאָך זיין, בטבע רעלאַטיוו. די קאָנסעקווענטע אַבסאָלוטקייט פונעם אידעאַל קען ניט דערלאָזן מען זאָל אַריינגיין אין יענעמס לאַגע. וואָרעם אַז מען טוט דאָס ציט זיך דאָך די אָריענטאַציע אַוועק פון דער איינציקער, אַבסאָלוטער ריכטונג, די ריכטונג פונעם אידעאַל. אָבער אַריינגיין אין יענעמס מענטשלעכער לאַגע איז דאָך די נשמה פון געוויסן און מוז שטענדיק זיך רעכענען מיטן רעלאַטיוון „עס ווענדט זיך״.

אין „טיימז״ פון 27טן סעפּטעמבער 1938 איז געווען אַ באַריכט פון אַ רעדע וואָס עס האָט געהאַלטן סאַראַטשע, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פאַשיסטישער פּאַרטיי, אַז מען דאַרף יידן נישט אַרויסווייזן קיין מיט־געפיל, ווייל אַזאַ געפיל איז אַ סימן פון „בורזשואַזער מענטאַליטעט״. און דאָס איז אין פולסטער סתירה צום פאַשיסטישן גייסט. דאָס איז אַקוראַט פונעם זעלביקן טייג געקנאָטן ווי די נייעס אין דער קאָרעספּאָנדענץ פון העראַלד דעני, פון מאָסקווע, טיימז, 15טן נאָוועמבער, 1938: „פּאַווליק מאָראָ־זאָוו, איינער פון די יונגע פּיאָנערן, וואָס האָט גע׳מסר׳ט אויף זיין טאַטן אַז ער איז אַ שונא פון דער מלוכה, האָט אים דער פּאָטער דער׳הרג׳עט אויס נקמה. איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַראייביקן דאָס ייִנגל אין אַ העראָאישער, בראָנזענער סטאַטוע אויפן רויטן סקווער, לעבן דער וואַנט פון קרעמלין״. דאָס איז אויך אַן אַקט קעגן „בורזשואַזער מענטאַליטעט״ וואָס דיקטירט אַן אַנדער געוויסנדיקן צוגאַנג צו פאַמיליע־באַציאונגען.

געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן וואָס קריגן אַריין געגוג מאַכט אין זייערע הענט און גייען אַריבער אויף דער אַנדערער זייט פון דער סתירה — דער אַבסאָלוטער ציל מעקט אָפּ דאָס רעלאַטיווע געוויסן — זענען זייער ענלעך צווישן זיך, ניט געקוקט אויף די ווייטגייענדיקסטע אונטערשיידן צווישן זייערע שטרעבונגען. דאָס שפּאַנישע קריסטנטום פון 15טן יאָרהונדערט ווערט ווי צוויי טראָפּן וואַסער ווי דער מאָסקווער סאָציאַליזם פון 20טן יאָר־הונדערט אין זייערע באַציאונגען צום קאָנקרעטן מין מענטש וואָס האָט דאָס אומגליק צו לעבן אונטער זייער הערשאַפט.

צו מלוכה׳שער מערדעריי האָט דער באָלשעוויסטישער קאָמוניזם צו־געגעבן עטלעכע גאַנץ ספּעציעלע חן־פּינטעלעך. קודם כל, דאָס ניט אָפּ־שטעלן זיך פאַר גרויסע צאָלן. די וואָס זענען צוגעוואוינט צו דער מאָראַל פון פריערדיקע יאָרן פלעגן זיך טרייסטן: „מען וועט דאָך ניט נעמען און אויסשיסן טויזנטער, מיליאָנען, מען וועט דאָך ניט פאַרשפּאַרן אין תפיסה,

אָדער שיקן קיין סיביר גאַנצע געגנטן, באַפעלקערונגען". די טענה, די טרייסט, וואָס האָט אין דער אמתן קיין ברעקל לאָגישן יסוד ניט געהאַט נאָר איז געווען אין גאַנצן געבויט אויף אַ מאָראַלן פונדאַמענט; אַזאַ האַנדלונג האָט אויסגעקוקט אַזוי שכלדיק פאַר מענטשן פון דער הערשנדיקער ציווילי־זירטער קולטור, אַז עס האָט זיך גאָר ניט געקענט לייגן אויפן שכל מען זאָל דאָס אָפּלייקענען. קאָמוניזם איז געווען די ערשטע פון די מאָדערנע גרויל־אידעאָלאָגיעס צו מאַכן אַ סוף צו דער דאָזיקער נאָרמאַלער איינרע־דעניש פון מענטשלעכן געוויסן. ניט בלויז האָבן די סאָוועטישע מערדער אַנגעוואָרפן טויט און פאַרוויסטונג אויף מיליאָנען אין דער צייט פון דער קאָלעקטיוויזאַציע, נאָר אַפילו אַ סך שפּעטער, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען מען האָט געמעגט גלייבן אַז דער קאָמוניזם וועט אויך אין פּרט פון מענטשלעכקייט זיך וועלן אַריבערהייבן איבערן נאַציִשן שונא, אויך דעמאָלט איז קאָמוניזם געבליבן ביי זיין הפקר׳דיקן נקמה־געפיל און אומ־מענטשלעכקייט קעגן גאַנצע פעלקער און קולטורן. מען האָט פאַרטריבן און אויסגעראָטן — ליקווידירט, אויפן גרויל־לשון פון די קאָמוניסטן — די טשעטשענער, אינגושן, קאַלמיקן.

וועגן די קאַלמיקן שרייבט פרעדעריק באַרגהון אין זיין בוך „סאָוועט־רוסישער נאַציאָנאַליזם": „דאָס גאַנצע פאָלק קאַלמיקן האָט מען באַשטראָפט ווייל זייערס אַ קליינע מינאָריטעט איז געגאַנגען מיט דער דייטשישער אַרמיי ווען זי האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער דאָזיקער געגנט. די שטראָף האָט זיך אויסגעגאָסן אויף איבער 100,000 קאַלמיקן און איבער 500,000 טשע־טשענער און אינגושן וואָס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייער אויטאָ־נאָמער רעפּובליק". דאָס פולע בילד פון יענער טראַגעדיע, ווי פון אַ סך ענלעכע געשעענישן אין סאָוועטישן גיהנום, זענען נאָך פון זייערע פאַרבאַ־האַלטענע אַרכיוון ניט אויסגעגראָבן געוואָרן. וויפיל האָט מען דערשאָסן, פאַרמשפּט אויף תּפיסה? ווער קען דאָס וויסן? מען קען זיך בלויז אויסמאָלן דאָס בילד פונעם גירוש פון הונדערטער טויזנטער אַרויסגעריסענע פון זייער לאַנד, פון זייערע היימען, געצוואונגען אויסצוואַנדערן, זיך שלעפּן איבער די סיבירער סטעפּעס מיט זקנים, ווייבער און קינדער, אויסגעשעטעלט אויף הונגער, קעלט, קראַנקייט און טויט. ווי ביטער עס איז; עס ליגט אַ באַזונדער גרויל־טעם אין די יסורים ווען דער באַשטראָפטער פילט זיך אומשולדיק. זייער כאַראַקטעריסטיש באַמערקט אַרטור קעסטלער אין זיין „פינסטערניש אין מיטן טאָג" אַז: „אין תּפיסה איז קיין זאַך ניט אַזוי שלעכט ווי דאָס באַוואוסטזיין פון דער אייגענער אומשולד; עס דערלאָזט ניט זיך אַקלימאַטיזירן און עס רויִנירט די אינערלעכע דיסציפּלין".

פאַראַן אַ סך אמת אין העגעלס פילאָסאָפישן געדאַנק אַז קוואַנטיטעט פאַרוואַנדלט זיך אין קוואַליטעט. דער לאָקאַלער וואַלד־גזלן קען זיין פער־וועדז־אָנ׳רחמנות׳דיק צו זיין אומבאַהאָלפענעם אומשולדיקן קרבן, דאָך וועט

קיינער אים ניט פאַרגלייכן מיט דער אוממענטשלעכער מדרגה פונעם מאַסן־מערדער. נאָך מער, בעת דער לאָקאַלער גזלן טוט די אַרבעט מיט זיינע אייגענע פאַרבלוטיקטע הענט שטייט דער מאַסן־מערדער פון דער ווייטנס, נעמט בלויז איבער געבראַכטע ידיעות וואָס זיינע מערדער־שליחים האָבן אָפּגעטאָן. דאָך פילן מיר אַלע מיט אַזאַ אינטענסיווער שאַרפקייט דעם באַזונדערן, אָפּשרעקנדיקן ווילדן גרויל וואָס עס טראָגט אין זיך דער באַפעלער פון מאַסן־מאָרדן.

אויף ווי ווייט האָבן מיר באַטראַכט די צוויי פּסיכאָלאָגישע תנאים וואָס מאַכן מעגלעך דעם אויפקום פון אַזעלכע יאָמערטאָלן ווי אינקוויזיציע, קאָמוניזם, נאַציזם, פאַשיזם, קריגערישער נאַציאָנאַליזם, אאַז״וו. די דאָזיקע צוויי תנאים זענען: וואָס מער אידעאַל און וואָס ווייניקער מאָראַל. עס שאָקירט זיכער צו הערן אַז אידעאַל קען שפּילן די ראָלע פון אַ פאַקטאָר, און דערצו פון אַ זייער וויכטיקן פאַקטאָר, אינעם אויפקום פון עקסטרעמען שלעכטס אויף דער וועלט. אָבער ווען מען טראַכט זיך רואיק אַריין אין דעם ענין איז דאָס ניט שווער צו פאַרשטיין. בלויז די אַבסאָלוטקייט פון אַ גרויסן אידעאַל, ווען ער ווערט אָפּגעריסן פון דער קאָנטראָלירנדיקער רעלאַטיווקייט פון מאָראַלע מאָטיוון אין מענטשלעכע באַציאונגען, קען טויב מאַכן צום געשריי פון מענטשלעכע יסורים און צום געזויש פון אומשולדיק בלוט אין זיין אימפּעטיקן יאָגן זיך צו זיין ציל. קיין שום אַנדער פּסיכאָלאָגישער מאָטיוו פאַרמאָגט ניט אַזאַ ריזיקן און דויערדיקן כוח צו פאַרבלענדן און פאַרטויבן. דאָס דערקלערט פאַרוואָס די סאָוועטישע רעגירונג גיט אויס אַזוי פיל ביליאָנען אויף פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז אָפּט, און אין סאָוועטישן רוסלאַנד שטענדיק, די קונסט פון פאַר׳כישוף׳ן מיט דער רעטאָרישער מוזיק פון אַן אידעאַל.

מען דאַרף אויך שטאַרק האָבן אין זינען דעם דריטן תנאי וואָס איז פאַרבונדן מיט דער טעכניק פון אָרגאַניזאַציע. איך וויל דאָ דער עיקר אונטערשטרייכן דעם מאָמענט פון „אייזערנעם פאָרהאַנג״, פאַרבאַהאַלטנקייט און אָרגאַניזירטע אָפּנאַרעריי וואָס דערגרייכט ממש קאָלאָסאַלע דימענסיעס. די צוויי גייען נאָטירלעך צוזאַמען; וואו מען נאַרט אָפּ, מען וויל ניט אַז די פון אינווייניק און נאָך מער די פון דרויסן, זאָלן דערגיין דעם אמת, איז נייטיק זיך צו פאַרהענגען מיט אַ געדיכטן פאָרהאַנג אַז קיינער זאָל ניט קענען אַריינקוקן. טעאָרעטיש וואָלט געווען שווער זיך פאָרצושטעלן ווי אַזוי מען קען אַזאַ ריזיקע מדינה אָפּזונדערן פון דער וועלט אויף אַזוי ווייט אַז מען זאָל ניט קענען דערגיין די סאַמע עלעמענטאַרע עפנטלעכע געשעענישן. זיי האָבן דערביי געשאַפן אַזאַ גנבישע טעכניק אַז אי זיי האָבן ניט צוגעלאָזן דרויסנדיקע צו זען וואָס ביי זיי טוט זיך, אי זיי זענען מיט ווילדקייט אָנגעפאַלן אויף יענע וואָס האָבן געוואַגט צו האָבן ספיקות אין דעם ווי אַזוי זיי מאָלן דאָס בילד, למשל וועגן דעם צושטאַנד אין בירא־בידזשאַן, אָדער זייערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן מיט שקלאַפן־אַרבעט. דערצו איז זיי פאַרט

גערעכט צו פאַר׳שיכור׳ן די זייעריקע מיט אַזאַ אומבאַגרענעצטן צוטרוי וואָס האָט ניט דערלאָזן דעם מינדסטן ספק אינעם אמת פון זייערע עפנטלעכע דערקלערונגען.

מען מוז מודה זיין אַז די סאָוועטישע מאַסן־מערדער האָבן געצויגן אַ סך נוצן פון דער פּאַרהאַנג־פּאָליטיק. עס וואָלט געווען אַן ערנסטער שטער פאַר דער קאָלעקטיוויזאַציע, די קאָמעדיאַנטישע פּראָצעסן, דאָס פאַרכאַפּן און אונטערדריקן לענדער און פעלקער, די סיבירישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און די גאַנצע ליסטע הימלשרייענדיקע גרויל־פאַרברעכנס, ווען מען וואָלט עס געדאַרפט טאָן ביים העלן ליכט פון טאָג. עס וואָלט געווען אַ שטער, ווייל בלויז אַ קליין הייפל אָנפירנדיקע קאָמוניסטן האָבן, לויט די אייגנשאַפטן פון זייער פערזענלעכקייט, געקענט זיך באַפרידיקן אין אַ וועלט פון אַמאָראַ־לישער פּערווערסיע; פאַר די אַנדערע, דעם גרעסטן רוב, האָט מען געדאַרפט אָפּעריר מיט מאָראַלע מאָטיוון. איז די פּערווערסיע באַשטאַנען ניט בלויז אין גלייכגילטיקייט צום סאַדיסטישן צוגאַנג צו מענטשן, נאָר אויך אין דעם וואָס דער מערדער האָט, אין זיינע מעשים, געמוזט זיך רעכענען מיט די עטישע נייגונגען פון נאָרמאַלע מענטשן און געמוזט, פאַר דער עפנטלעכקייט, באַשפּייען זיין קרבן מיט אויסגעטראַכטער זינדיקייט.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן אַז יאָרנלאַנג איז די קאָמוניסטן גערעכטן אויפצוהאַלטן ביי זיך, פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, אַ טראַגישע סתירה, טראַגיש ווייל די קרבנות פון דער סתירה האָבן אויפגע־ריסן די הימלען מיט זייער געיאָמער. און מען קען ניט זאָגן אַז עס האָט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד געשטערט אין זיינע בלוטיקע נצחונות. פון איין זייט האָבן זיי אָפן דערקלערט אַז זיי וועלן זיך ניט אָפּשטעלן פאַר קיין שום אָפּנאַרעריי, שווינדל און ליגנס, צו דערגרייכן זייערע צילן. לעניןאיז געווען דער ערשטער וואָס האָט געגעבן בולט אַרויסגעהייבן די שטעלונג אַז דעם קאָמוניזם דאַרף אָנגיין בלויז די אינטערעסן פון די אַרבעטער און די פּויערים, נאַטירלעך אַזוי ווי ער און זיינע מיטאַרבעטער האָבן דאָס פאַרשטאַנען. פון דער אַנדערער זייט, ווען עס איז געקומען צו קאָנקרעטע סאָציאַלע און פּאָליטישע אַקטן האָט די פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין איינגעלייגט וועלטן צו באַווייזן אַז יעדער חשד וואָס מען וואַרפט אויפן אמת פון זייערע רייד און דערקלע־רונגען, אויפן אמת פון זייערע באַשולדיקונגען און סאַדיסטישע נקמות, שטאַמען בלויז פון אומבאַרעכטיקטער שנאה. מען דאַרף מוסיף זיין אַז ניט בלויז נאַאיווע קאָמוניסטן האָבן געקענט מיטשפּילן מיט ביידע זייטן פון דער קאָמוניסטישער סתירה — ווי פאַרפּלאָנטערט די מענטשלעכע נשמה איז! — נאָר אַפילו סתם גוט־מיינענדיקע סענטימענטאַלע נאַטורן האָבן ביי זיך גע־פּועלט צו פרעגן: „ווי קען זיין מען זאָל אַרעסטירן מענטשן אָן שום שולד?" „ווי קען מען זיין זיכער אַז עס זענען טאַקע דאָ קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד?" און אַזוי ווייטער, און ווייטער.

מען מוז מודה זיין אַז צווישן די וואָס זענען לכתחילה, און אַ היפּש ביסל שפּעטער, פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם קאָמוניסטישן חלום — כאָטש די וואָר האָט בלוטיק־ציניש אויסגעלאָכט די רעטאָריק פון דער פּראָפּאַגאַנדע — האָבן זיך געפונען די שענסטע און איידלסטע קינדער פון דער מענטשהייט. אמת, טייל פון זיי, למשל דיוואַי אין אַמעריקע, אַנדרעי זשיד אין פראַנקרייך, און אַ סך אַנדערע פון דעם קאַליבער, האָבן ניט צו לאַנג געוואַרט צו דערזען די ליכטיקע שיין. עס זענען אָבער אויך געווען גענוג אַזעלכע וואָס האָבן זיך ביזן סוף ניט פולשטענדיק באַפרייט פון דער שכרות. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן אַז איינשטיין, וואָס קיינער קען דאָך אים אין קיין שלעכטע כוונות ניט חושד זיין, האָט ביזן סוף פון זיין לעבן קיינמאָל ניט פּראָטעסטירט עפנטלעך אַנטקעגן די קאָמוניסטישע מעשים תעתועים, כאָטש ער האָט גאַנץ אָפט רעאַגירט אויף פּאָליטישע געשעענישן אין זיין זייער דעמאָקראַטישער היים, ווען ער האָט אין זיי געזען אַ סכנה פאַר אַ פריי מענטשלעך לעבן.

אפשר נאָך אַ גרעסערער חידוש איז ניקאָליי בערדיאַעוו, דער פילאָסאָף פון רעליגיע, דער וואָס ליבע, פרייהייט און די געטלעכקייט פונעם מענטשן איז דער פונדאַמענט פון זיין דענקען. אין זיין אויטאָביאָגראַפיש בוך „חלום און וואָר״ וואָס ער האָט געשריבן ביים סוף פון די פערציקער יאָרן, נאָענט צום סוף פון זיין לעבן, און ווען קינד און קייט האָבן שוין דערשפּירט דאָס פייער פונעם סאָוועטישן גיהנום, לאָזט ער וויסן אַז: „איך נעם אָן די רעוואָלוציע און אַ סך ענדערונגען וואָס זי האָט געבראַכט אינעם געבוי פון דער געזעלשאַפט; איך גלייב ווייטער אין דער גרויסער שליחות פונעם רוסישן פאָלק; אָבער אין דער זעלביקער צייט וויל איך זיין פריי צו קרי־טיקירן דאָס וואָס די סאָוועטישע רעגירונג טוט, אויב און ווען זיי זענען אין מיינע אויגן ניט אין הסכם מיט די פּרינציפּן פון מענטשלעכער פרייהייט״. אמת, בערדיאַעוו איז וואַרעם צוגעבונדן צו זיין פאָלק, דעם רוסישן פאָלק, כאָטש ער הערט ניט אויף צו וואָרענען אַז ער איז דורכויס ווייט פון „נאַציאָנאַליזם״, אָבער רעדן וועגן אידעאַל־געבונדענע וואַלד־גזלנים אַז זייערע מעשים קענען אַמאָל זיין „ניט אין הסכם מיט די פּרינציפּן פון מענטשלעכער פרייהייט״, וואָסער מוראַדיקע קאַלטקייט צו מענטשלעכע יסורים, אָדער פאַר־פירערישע נאַאיוויטעט עס שטעקט אין אַזאַ זאָג.

זוי עס זאָל ניט זיין, ווען מען דערמאָנט זיך אַז ניט געקוקט אויף דער גרויליקער מערדער־קאַריערע פון סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט ער פונדעסטוועגן געקענט טויטלעך פאַרכישופן אַזוי פיל פון די גדולי הדור, ווערט מען גע־פּלעפט פונעם חידוש און דער רייץ צו וועלן פאַרשטיין איז ממש אין לשער.

אין 1954 האָט פּראָפעסאָר אַלמאַנד פון פּרינסטאָן אוניווערסיטעט פאַר־עפנטלעכט אַן אויספאָרשונג וואָס ער און זיינע מיטאַרבעטער האָבן דורכגע־פירט אין פיר לענדער: אַמעריקע, ענגלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליע. דער ציל איז געווען צו דערגיין וואו עס ליגט דער כוח פונעם קאָמוניזם צו

אַפּעלירן צו די מענטשן וואָס ער ציט אַריין. מען קען זיך לייכט אויסמאָלן אַז דאָ שפּילן אַ ראָלע אַ סך פאַקטאָרן; אַז ניט אומעטום ווייזן די זעלביקע פאַקטאָרן אַרויס די זעלביקע כוחות; אַז עס איז פאַראַן אַ חילוק צווישן די וואָס די פּאַרטיי האָט צוגעצויגן אין די ערשטע יאָרן און די וואָס זענען געקומען שפּעטער; אַז פּונקט ווי פאַרשיידן עס זענען די צוציענדיקע מאָטיוון אַזוי זענען אויך פאַרשיידן די אַנטוישונגען און חרטות וואָס זענען געקומען שפּע־טער. בקיצור, דער ענין איז ניט פּשוט און גלייכליניק. דאָך זענען פאַראַן אַ צאָל פאַקטן וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אויף אַן ענלעכן אופן אויף אַלע אויסגעפאָרשטע קאָמוניסטישע גרופּעס. איך וועל דאָ באַרירן בלויז עטלעכע פון דער גרויסער צאָל רעזולטאַטן וואָס די אויספאָרשונג ברענגט אַרויס:

1. עס איז ניט אמת אַז אָרעמקייט און נויט טרייבן מענטשן צו ווערן מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. בדרך כלל געפינען זיך צווישן די מיטגלידער אַ רעלאַטיוו קליינע צאָל אַזעלכע וואָס ליידן באמת פון נויט. דאָס רוב באַשטייט פון די וואָס האָבן אַ מיטלמעסיקע הכנסה.

2. דאָס פריערדיקע איז, פאַרשטייט זיך, אויך פאַרבונדן מיט דער באַ־שעפטיקונג פון די מיטגלידער אין די פיר לענדער. זאָגט אונדז דער לעצטער סך־הכל אַז דער רוב מנין ורוב בנין פון דער פּאַרטיי באַשטייט פון קוואַלי־פיצירטע אַרבעטער, מענטשן פון די פּראָפעסיעס, שרייבער, לערער און סטודענטן. בקיצור, מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ קלאַס מענטשן וואָס שטייט אויף העכערער מדרגה, סיי עקאָנאָמיש, סיי קולטורעל.

3. פון וואָסערע היימען קומען זיי אין שייכות צו רעליגיעזן אויפפיר? דער ענטפער אויף דעם דערציילט דאָך אויך וועגן דעם סאָרט דערציאונג וואָס זיי האָבן געקראָגן אין די קינדער־יאָרן. ווייזט זיך אַרויס אַז די גרעסטע צאָל עלטערן איז פרום, גלייביק; דאָס רוב פון די פּשוטע מיטגלידער זענען רעליגיעז דערצויגן געוואָרן. פון דער קליינער צאָל אומרעליגיעזע היימען קומען אַרויס, בדרך כלל, פּאַרטיי־פירער און אינטעליגענטן.

4. וואָסערע מאָטיוון ווערן אָנגעגעבן ווי טרייב־כוחות וואָס האָבן געצויגן צו דער פּאַרטיי? דער ענטפער איז פּירפּאַכיק. קאָמוניזם האָט ספּעציעל אַפּעלירט דערפאַר ווייל ער שטעלט זיך איין פאַר גלייכהייט פון ראַסן און פעלקער, פאַר עקאָנאָמישער און סאָציאַלער גלײַכהייט, פאַר פרייהייט פון אונטערדריקונג, פאַר פּאַסיפיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם. דאָס איז, ווי מיר ווייסן, אין גאַנצן אין הסכם מיט דער פּראָפּאַגאַנדע־ליניע.

יעדער וואָס איז מער אָדער ווייניקער באַקאַנט מיטן ענין האָט זיך לייכט געקענט ריכטן אויף די אָנגעוויזענע רעזולטאַטן. קיין נייעס איז דאָרט בכל אופן ניטאָ. פונדעסטוועגן, אַז מען נעמט דאָס אַלץ צוזאַמען, קומט אַרויס אַ בילד וואָס מען קען דערפון עפּעס וויכטיקס אָפּלערנען.

מיר זעען אַז די באַגייסטערטע מיטגייער אין דער קאָמוניסטישער וועלט

אַריין ווערן ניט געטריבן פון פּערזענלעכער נויט. אין אַלע פיר אויסגעפּאַרשטע לענדער געפינען זיך קליינע צאָלן פונעם קלאַס וואָס לעבט באמת אין דחקות. דאָס באַטייט אַז מאַטעריעלעליידן ווי אַ פּערזענלעכע איבערלעבונג איז ניט קיין וויכטיקער פאַקטאָר וואָס האָט פאַרגרעסערט די קאָמוניסטישע רייען אין די אַלע אומגליקלעכע יאָרן זינט זייער אויפקום.

זאָלן מיר אָננעמען אַז הונגער, דחקות, מאַטעריעלע אָרעמקייט, איז ניט קיין ווינט וואָס האַלט אין איין אויפבלאָזן די קאָמוניסטישע פלאַמען? דאָס קען דאָך ניט זיין. מיר זעען דאָך ווי דאָס ווערט כסדר איבערגעחזרט אין זייער פּראָפּאַגאַנדע, ווי שייך אַז דאָס זאָל ניט האָבן קיין אַפּעלירנדיקן כוח? אַוודאי איז דאָס אַן אַפּעלירנדיקער מאָטיוו, און זייער אַ שטאַרקער. אָבער דער פאַקט איז אַז די וואָס זענען צום מערסטן גרייט צו נעמען אויף זיך דעם עול מלכות מאָסקווע זענען ניט אַזעלכע וואָס ביי זיי איז דער דאָזיקער מאָטיוו אַ פּערזענלעכע איבערלעבונג, נאָר אַן אידייע, אַ באַגריף וואָס דריקט אויס דאָס שלעכטס וואָס הערשט אויף דער וועלט. אָרעמקייט ווערט דעמאָלט אַ פּלעק אויפן סדר העולם און איז דעריבער בכוח אויפצואוועקן אין מענטש־לעכן האַרצן אַן אידעאַלן חשק צו העלפן אַז דער פלעק זאָל אָפּגעווישט ווערן. עס איז ניט עפּעס פּערזענלעכס, מיטן דרוק וואָס דאָס דירעקטע און עגבערדיק־ פּערזענלעכע פאַרמאָגט, נאָר עפּעס אַלגעמיינס, דאָס וואָס אַ קאָנקרעטער פאַקט אין דער וועלט איז בלויז אַ ביישפּיל דערפון, ניט די צרה גופא נאָר אירס אַ סימבאָל. עס איז אַ מין אָרעמקייט וואָס שרעקט פון דער וויט, גיכער ווי אין דער אייגענער היים־נאָענטקייט. דעריבער איז די רעטאָריק וואָס דריקט זי אויס נאָך מער רירנדיק און פלאַמיק, ווייל זייענדיק פּערזענלעך אָפּגערוקט פון איר קען זי גיכער פאַרדייען אַ פּאַנ־טאַסטישן עלעמענט וואָס רעטאָרישע קונסט האָט אַזוי ליב אויסצואוועבן. דאָס באַשפּריצט מיט טראָפּנס אומרעאַלקייט דאָס סאַמע רעאַלסטע פון מענטשלעכן לעבן. מיר קומען דעריבער צו דער מסקנא אַז קאָמוניזם לעבט אויף דער אומרעאַלקייט וואָס זי שאַפט אַרום זיך. מיר וועלן באַלד זען ווי וויכטיק דאָס איז אין דער מאַשינעריע פון דער מענטשלעכער פּסיכיק.

דער פאַקט וואָס על פי רוב זענען די פּאַרטיי־מיטגלידער פון די קוואַליפיצירטע אַרבעטער און אינטעליגענטע פּראָפעסיעס, איז אויך אַן אינפאָרמאַציע וואָס קען אונדז העלפן בעסער צו באַנעמען דאָס בילד. וואָרעם דאָס באַטייט אַז זייער סאָציאַלער סטאַטוס איז העכער, אַחוץ דעם וואָס זיי זענען אין אַ רעלאַטיוו־בעסערער עקאָנאָמישער לאַגע. דאָס באַטייט אויך אַז קולטורעל שטייען זיי אויף אַ העכערער מדרגה. ווען עס קומט אויס צו אָפּערירן מיט אַלגעמיינע באַגריפן, ניט בלויז פון אַליין־איבערגעלעבטע פאַקטן, איז, נאַטירלעך, די העכערע קולטורעלע מדרגה אַ גרויסע מעלה. אין קאָמוניזם, ווי מיר וועיסן, האָבן מיר צו טאָן מיט פּראָפּאַגאַנדע וואָס איז ניט בלויז געבויט אויף אילוסטראַציעס פון די נייעס־באַריכטן אין די טעגלעכע

ציײטונגען, אָדער פון אַרומיקע אײנצלנע פאַקטן, נאָר אויך, און דער עיקר, אויף סאָציאַלע טעאָריעס פון דער עקאָנאָמישער װיסנשאַפט, פון היסטאָריאָ־גראַפיע; עס איז מאַרקסיזם, אָדער מאַרקסיזם־לעניניזם־סטאַליניזם. די טעאָריע װאָס װערט אַזױ אױטאָריטאַטיװ פּראָקלאַמירט מיט דעם אײנצלנעם, אָדער געטאָפּלטן, אָדער געדריטלטן, נאָמען מאַכט אױף די אַרײנגעצױגענע דעם אײנדרוק פון אַ לעצטער זיכערקײט און די געבראַכטע ציטאַטן פון די אַלע אָנגענומענע אױטאָריטעטן זענען דעמאָלט אױס צו זײן בלױז באַשטעטיקונגען פון עפּעס װאָס טראָגט שױן אין זיך ממילא די קלאָרסטע באַשײנפּערלעכקײט פון אַ נײער אַנטפּלעקונג.

אױך דער פאַקט װאָס די געפּירטע, אָדער דער רוב פון זײ, זענען אױסגעװאַקסן אין אַ ספערע פון נאַאיװער, פאַלקסטימלעכער אמונה, גיט צו ספּעציעלע חן־פינטעלעך צום אַלגעמײנעם בילד. איך בין מסופק צי מען קען באַצײכענען קאָמוניזם װי אַ רעליגיע. אויב עס זענען פאַראַן אין דער דאָזיקער אוממאָראַלער טעמפּעראַטור עפּעס װאָס מאַכט אַזאַ אײנדרוק, איז עס דערפאַר װײל, אין דער לעצטער שורה, איז ניטאָ, און עס קען ניט זײן, אַזאַ אױסדרוק פון מענטשלעכער שטרעבונג װאָס פאַרמאָגט ניט אין זיך קײן רעליגיעזע קװאַליטעטן. אָבער פאַר די װאָס זענען דערצױגן געװאָרן אין דער מגושמדיקער מיטאָלאָגיע פון נאַאיװער רעליגיע איז לײכטער דער װעג אױפצוגעבן יעדן נאַטירלעכן מענטשלעכן צוריקהאַלט, יעדע באַװאָרעניש, און זיך איבערגעבן מיט דער פולסטער קינדישער צוטרױלעכקײט צום כישוף פונעם קאָמוניסטישן װאָרט װעגן דעם „ליכטיקן מאָרגן“.

דער פערטער פונקט, די מאָטיװן װאָס האָבן געטריבן אַרײנגעצױגן צו װערן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ, זענען אײגנטלעך אַן איבערחזרונג און אַ באַשטעטיקונג פון אַלץ װאָס איז פריער געזאָגט געװאָרן. די אידעאַלן פון גלײכהײט, פרײהײט, שלום, אינטערנאַציאָנאַליזם, ספּעציעל װען זײ װערן װאָס װינציקער קאָנקרעטיזירט נאָר בלײבן אין אַבסטראַקטער אַלגעמײנקײט, פאַרמאָגן אַן אומגעהײערן אַפּעליר־כוח אין דער מענטשלעכער נשמה. צו דעם קומט נאָך צו דער גרױסער כוח פון אַ ספּעציעלער טערמינאָלאָגיע: היסטאָרישער דעטערמיניזם, דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם, קלאַסנקאַמף, עקספּלואַטאַציע, קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע, פּראָדוקטיװע כוחות, פון דער ממשלה פון נױטװענדיקײט צו דער ממשלה פון פרײהײט — פאַר די נאַאיװ־גלײביקע זענען דאָס געעפנטע טירן צו אַן אַנטדעקטער װעלט אױף יענער זײט פון אחרית הימים; פאַר די אינטעליגענטע פירער זענען דאָס קלאָרע סימנים אַז דער גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע איז שױן פּינקטלעך אױסגערעכנט און אַבסאָלוט פעסטגעשטעלט. די אַלע רײד זענען נאַטירלעך אָנגעפּיקעװעט מיט אומבאַװיזענע טעאָריעס, השערות, הנחות װאָס פאַקטן קענען זײ צומאָרגנס גרינטלעך אָפּלײקענען. אָבער ספּעציעלע טערמינען האָבן אין זיך דעם שװאַרצקינצלערישן כוח צו פאַרשטעלן די אומזיכערע טעאָריעס

וואָס ליגן הינטער זיי און זיך אַרויסצוגעבן מיט דער פאַלשער פלאָמבע פון „אָט זעסטו דאָך״ — פאַקטן.

אין קאָמוניזם איז פאַראַן אַ באַזונדער מאָמענט וואָס פאַרדינט מען זאָל אים אַקצענטירן. אין זיין ווערק הרעיון המשיחי בישראל מאַכט ד״ר יוסף קלויזנער אַן אונטערשייד צווישן דעם אַלגעמיינעם גלויבן אין משיחס צייטן, דאָס ריכטן זיך אויף אַן אויסגעלייזטער וועלט, און דעם מער ספּעציפישן גלויבן אין פּערזענלעכן משיח. דעם דאָזיקן לעצטן גלויבן דעפינירט קלויזנער: „די נביאישע האָפענונג אַז ביים סוף פון אונדזער צייט וועט קומען אַ שטאַרקער אויסלייזער און מיט זיין כוח און זיין גייסט וועט ער ברענגען די גאולה שלמה, פּאָליטיש און גייסטיק, דעם פאָלק ישראל, און צוזאַמען דערמיט גליק אויף דער ערד און מאָראַלע שלמות דעם גאַנצן מין מענטש״. אין קאָמוניזם פיגורירט נאַטירלעך ניט קיין „פאָלק ישראל״, און „שטאַרקער אויסלייזער״ איז, טעאָרעטיש, דער העלד וואָס הייסט „אַרבעטער און פּויערים״, אָבער אין דער אמתן איז דאָס לענין און סטאַלין. לאָמיר פאַרגעסן אויף אַ ווײַלע אַז סטאַלין איז נאָך זיין טויט דערקלערט געוואָרן ווי אַ פאַררוועריזער מערדער — דאָס איז געווען פּאָליטיק. די געצנדינערישע, ווילדע פאַרגעטע־רונג, וואָס מען האָט אים געגעבן ביים לעבן, האָט געגנערט די פּרימיטיוויסטע אומגעהויבלטקייטן פון דער מענטשלעכער נשמה זיך אָנצושפּאַרן אָן אַ חומר־דיקער פערסאָניפיקאַציע פון אַ משיח.

אין יידישן געדאַנק הייבט זיך אַרויס, קודם כל, דער אַבסטראַקטער באַגריף פון משיחס צייטן, דער געדאַנק פון אוניווערסאַלער גאולה, מיטן צוגאָב פון אַ משיח בן דוד, וואָס איז אַ קאָנקרעט־פּאָליטישער באַגריף אין שייכות צו איין עלעמענט פון דער גאולה, דעם פאָלק ישראל. אָבער דער פּאָליטישער המשך פון מלכות בית דוד איז אין געשטאַלט פון אַ בשר ודם, אַן ערדישער מענטש וואָס דערפילט, ווי מיר אַלע, דעם ווילן פון דער השגחה. דער קריסטלעכער משיח אַפּעלירט צו די פּרימיטיווערע פאָרמען פון די מענטש־לעכע אויסלייז־האָפענונגען דערמיט וואָס ער וועבט אַריין אַ חומר־געשטאַלט אין דער אַבסטראַקציע פונעם אוניווערסאַלן משיחישן אידעאַל. אין זיין אַרבעט וועגן דעם אונטערשייד צווישן דעם אידישן און קריסטלעכן משיח שרייבט ד״ר יוסף קלויזנער (ספר מגנס, 1937): „קודם כל, יידישע גאולה לאָזט זיך באַנעמען אָן שום אינדיווידועלן משיח, וואָס דאָס איז לחלוטין אוממעגלעך אין קריסטנטום. אין קריסטנטום איז דער אויסלייזער בלויז יעזוס. אָן דעם יידישן משיח וועט עפּעס פעלן אין יידישקייט; אָן דעם קריסטלעכן משיח עקזיסטירט בכלל ניט קיין קריסטנטום״. אָט די ווייטערדיקע פּרימיטיוויזאַציע פונעם גאולה־אידעאַל איז אפשר דער וויכטיקסטער כוח וואָס האָט געגעבן דעם קריסטנטום זיינע געוואַלדיקע נצחונות.

דער קאָמוניזם האָט געמאַכט נאָך אַ ווייטערדיקן, אפשר דעם לעצט־מעגלעכן, טראָט מיט דעם וואָס ער האָט ניט בלויז פּרימיטיוויזירט און גראָב־

פאַרחומרט דעם גאולה־אידעאַל, נאָר ער האָט אים אויך דזשאַנגלדיק ברוּ־טאַליזירט דורך אַרויסנעמען יעדן עטישן עלעמענט פון די מיטלען וואָס דאַרפן פירן צו די העכסטע עטישע דערגרייכונגען אין די צילן. די אַטראַקציע פונעם קאָמוניזם ליגט, פאַרשטייט זיך, דורכויס אינעם גאולה־אידעאַל וואָס ער זאָגט צו אַז ער וויל רעאַליזירן. זיין איינגעפּירטע שקלאַפעריי און אונטער־דריקונג, דאָס אומשולדיקע מענטשלעכע בלוט וואָס זיינע מיטלען פאַרגיסן, באַ־מיט ער זיך ווי ווייט מעגלעך צו באַהאַלטן, אָפּרוקן אין אַ זייט מען זאָל עס וואָס ווינציקער זען, אָבער נאָך דעם אַלעם האָט אים כסדר געהאָלפן, אין אַלע זיינע נצחונות, די טיפע, מאָראַלע און גייסטיקע וואָרצלען פון דער מענטש־לעכער נשמה. די ווייטע, פאַנטאַסטיש־געמאָלענע בילדער פון מענטשלעכן גליק אין דער צוקונפט האָבן אויף אַזוי ווייט פאַרכישופט און פאַרשיכורט אַז דאָס מערדעריש־נאָענטע וואָס האָט מיט זיין מאַטעריעלער ממשותדיקייט געדאַרפט רייסן די אויגן, איז מיט חשק פאַרזען געוואָרן. די קאָמוניסטן האָבן דורכויס צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט וואָס אין מענטשלעכן לעבן איז אָפט די דערהויבנקייט פונעם חלום אַ סך שטאַרקער ווי די געפאַלנקייט פון דער וואָר. דאָס מערקווערדיקע דערביי איז וואָס קאָמוניזם איז שרייעריש דורכ־געדרונגען מיט דער פאַרקערטער פילאָסאָפיע, ער אַקצענטירט אויפן שטאַרקסטן אופן די אויבערהאַנט פון מאַטעריעלע פאַקטאָרן. אָט דער זעלביקער קאָמוניזם האָט אָפּגעהאַלטן זיינע גרויסע וועלט־נצחונות אַ שטיק צוליב דעם וואָס זיינע שאַפער און שטיצער, ווי מענטשן בכלל, זענען בטבע דער היפוך פון דעם וואָס זייער טעאָריע פּרעדיקט.

די משיחישע האָפענונג ליגט אַ סך טיפער און איז אַ סך וואָרצלדיקער אין אונדז ווי מיר מיינען. אין זיין בוך משיחיזם, זייער ראָלע אין דער ציוויליזאַציע (ענגליש, 1943) הייבט אָן דער אַנטראָפּאָלאָג ווילסאָן ד. וואַליס אַזוי: „דאָס לעבכצן נאָך אַ משיח איז כמעט אַזוי אַלט ווי דער געשריבענער רעקאָרד. די משיחישע האָפענונג פון אַלטן טעסטאַמענט האָט סטימולירט די יידישע סעקטע וואָס פון איר איז שפּעטער אַרויסגעוואַקסן דאָס קריסטנטום און האָט אינספּירירט אַ סך אַנדערע גרופּעס. מאַכמעדאַניזם האָט אין זיך געטראָגן משיחישע באַגריפן גלייך ווי זיינע גלייביקע האָבן זיך גענומען באַזיגן די וועלט אין זיבעטן יאָרהונדערט. צווישן די אינדיאַנער אין אַמעריקע האָבן זייערע אייגענע פּראָפעטן געפירט משיחישע באַוועגונגען אונטערן איינפלוס פון קריסטנטום אָדער פון זייערע פּרימיטיווע באַגריפן. עס זענען געווען משיחים צווישן די שבטים אין דרום־אַפריקע, ניי־זעלאַנד, ניי־גווינעאַ און די פידזשי אינדזלען".

מיר ווייסן וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט אין משך פון זיין גאַנצער געשיכטע געמאַכט פונעם משיח־געדאַנק און פון דער משיחישער האָפענונג. עס איז דערפון אויסגעוואַקסן אַ קאָסמישע עפּאָכע פון משיחס צייטן מיט אַן אייגן געשטאַלט, מיט איר אייגענעם סדר, מיט איר אייגענער פּאָזיציע

אינעם איבערדרייס וואָס צווישן געשיכטע און „אויף יענער זייט" פון געשיכטע, ווי עס ווערט אַרויסגעבראַכט אין דער פּרעכטיקער פאָרמולע „דער סוף פון די טעג". ביי יידן האָט די משיח־אידייע אַריינגעטריפט אין די סאַמע בלוט־געפעסן פון אונדזערע אינטימסטע יידישע איבערלעבונגען און האָט אונדז געמאַכט באַזונדערס סענסיטיוו סיי צו די איידלסטע, סיי צו די מגושמדיקסטע מאַניפעסטאַציעס פון דער דאָזיקער געפיל־אידייע. אפשר קען דאָס דער־קלערן דעם ספּעציעלן פאַרנעם פונעם קאָמוניסטישן אומגליק ביי אונדז, ניט בלויז צווישן די פּאַרטיי־לייט נאָר אויך ביי די דערוואַקסענע פון יענער אָריענטאַציע, אַפילו צווישן די קעגנער.

ווען מען מאַכט אַ סך הכל פון דעם וואָס עס איז פאַרגעקומען ביי אונדז אַרום דער קאָמוניסטישער טראַגעדיע, ווערט ממש דאָס בלוט פאַרקילט אין די אָדערן פון פאַראַליזירנדיקער געפּלעפּטקייט. ווי געזאָגט, איז ניט שייך צו רעדן וועגן די וואָס זענען געפאַנגענע אין די תפיסות פון די קאָמוניסטישע מלוכות, ספּעציעל די פון סאָוועטן־לאַנד. אָבער די וואָס האָבן געקענט געניסן די לופט פונעם פרייען דרויסן, און דאָך געווען בלינד — זענען זיי טאַקע געווען בלינד? — צו דעם וואָס קאָמוניזם האָט אָפּגעטאָן מיט יידן און מיט די גייסטיקע פירער ביי יידן, ווי קען מען דאָס פאַרשטיין?

אין אָנהייב, אין די צוואַנציקער יאָרן, אין די דרייסיקער יאָרן, האָט מען געקענט זאָגן אַז אין בית אשר אין שם — „לינק", אָדער „פּראָגרעסיוו", כמעט אַלץ און אַלע זענען פאַרכאַפּט געוואָרן. אַ בייזע קללה האָט זיך אין רוסלאַנד אַראָפּגעלאָזן אויף העברעאיש און אויף פרומער אידישקייט און זייערע ראשי המדברים, האָט דאָס אויף אַ האָר ניט געשטערט די שמחה פון די יידישיסטישע זיגער מיט זייער אויסגעליידיקטן יידישן לשון. קאָלעק־טיוויזאַציע און סתם ליקווידאַציע האָבן פאַרפינצטערט דאָס לאַנד מיט מיליאָ־נען קברים, האָבן אונדזערע מיטגייער און מיטלויפער, די סימפּאַטיקער אין פרייע מדינות, אַביסל פאַרזען און אַ סך פאַרענטפערט. דאָס לאַנד איז פול מיט רייד, מיט אַ סדר, מיט אויגן־רייסיקע סימבאָלן וואָס זאָגן אָן אַז די טריט פון משיחן דערנעענטערן זיך. סאָציאַלע רעוואָלוציע, סאָציאַלי־זאַציע פון די פּראָדוקציע־מיטלען, געזעצלעכער פאַרבאָט פון אַנטיסעמיטיזם, דאָס, האָבן מיר יאָרנלאַנג געלערנט, איז דער היסטאָרישער אָנהייב פונעם איבערהיסטאָרישן אחרית הימים.

ביסלעכוויז האָט אַ ניכטערקייט גענומען רייסן שטיקער פון די אויפ־געבלאָזענע אילוזיעס. די העסלעכקייט פונעם קאָמוניסטישן משיח־חלום האָט גענומען וועקן שרעק און עקל. טייל זענען פאַרשעמטע און צעקרעכטע געקומען צו זיך, אָבער אַנדערע, אַ סך אַנדערע, האָבן, ווי אין אַ פאַרזיגלטן היסטערישן סאָמנאַמבוליזם, זיך ניט אויפגעכאַפּט, זענען העכסטנס דער־גאַנגען ניט ווייטער ווי ביז דער שוועל, און געבליבן. עס איז אַזוי מאַוימדיק צו טראַכטן וועגן דעם! פון „אַנטיסעמיטיזם פאַרבאָטן" האָט זיך אויסגעלאָזן

אַ בוידעם; דאָס געשריי ביז צום הייזעריק ווערן אַז סאָוועטן־לאַנד האָט גערנאַטעוועט פּוילישע יידן אין 1939 האָט זיך שוין לאַנג מיט חרפּה איינגע־שטילט; יידיש און יידישע קולטור איז אַוועק אויפן זעלביקן עולם האמת וואו העברעאיש איז אַוועקגעשיקט געוואָרן מיט באַגייסטערטער קאָמוניסטיש־יידישיסטישער הסכמה; דער צעטל פון די גרויליקסטע פאַרברעכנס קעגן יידן און קעגן אַלע האָפענונגען וואָס האָבן לכתחילה פאַרשיכורט און פאַר־כישופט אַזוי פיל פון אונדז, איז אַזוי לאַנג ווי דער יידישער גלות, היינט ווי קען מען פאַרשטיין דאָס פאַרבלייבן אין אַזאַ טויט־פיינטלעכער וועלט און קאָלאַבאָרירן מיט איר? קאָלאַבאָראַציע מיט די דייטשן אין דער מלחמה־צייט, בעת דער טויט איז געהאַנגען אויף די קעפּ פון די יידן וואָס האָבן קאָלאַבאָרירט, קענען מיר נאָך איצט, אין די פרייע מדינות, ניט פאַרגעבן; מען משפּט זיי, מען פאַרביטערט זיי דאָס לעבן; פאַרוואָס קענען מיר אַזוי לייכט מוחל זיין די יידן וואָס האָבן, לעבנדיק רואיק און פריי אין דעמאָקראַ־טישע לענדער, קאָלאַבאָרירט מיט די קאָמוניסטן אין אַ צייט ווען קינד און קייט האָבן שוין געוואוסט וועגן אונדזערע הונדערטער פּירנדיקע, אומשולדיקע הרוגי מלכות, בלויז ווייל זיי האָבן געוואָלט שטאַרקן דעם יידישן קיום אין סאָוועטישן גיהנום? אָט האָט אַ יידישער שרייבער צענדליקער יאָר פאַר־פּירט, אַנעסטעטיזירט טויזנטער יידן, זיי זאָלן ניט דערפילן דעם מאָראַלן וויטיק פון דער גייסטיקער קאָמוניסטישער כירורגיע, און איצט, ווען זיין פּאַציענט האָט זיך פּלוצלונג אויפגעכאַפּט מיט אַ געשריי, האָט ער גענומען ברומען אַ נייעם ניגון, ניט געפילט אַז ער דאַרף כאָטש זאָגן „עקסקיוז מי" נאָך די אַלע יאָרן פון קאָלאַבאָרירן מיט די פאַרגוואַלדיקער פון הייליקסטן אין מענטשן. אַפילו ווען מען זאָל אָננעמען אַז ער איז אין די אַלע יאָרן געווען אַליין אַן אָפּגענאַרטער איז דאָך דאָס אויך קיין תירוץ ניט. ווען דער פּראָפעסיאָנעלער בייסבאָל־שפּילער גיל מעקדוגעלד האָט, דורך אַן אומגליק־לעכן צופאַל, געטראָפן מיט זיינס אַן אַרויסגעשלאָגענער באָל אין אויג פון אַן אַנדער שפּילער, האָט ער גלייך דערקלערט: „אויב ער וועט בלינד ווערן וועל איך אין גאַנצן אויפגעבן מיין בייסבאָל קאַריערע". וויפיל אומשולדיקע קרבנות האָט אונדזער שרייבער פאַרבלענדט און בלינד געמאַכט?

ווי קומט דאָס וואָס יענער שרייבער האָט אַפילו ניט געפילט אַז ער דאַרף עפּעס טאָן עפנטלעך צו באַפרייען, ווי ווייט מעגלעך, זיין געוויסן פון די אָנגעזאַמלטע פאַרברעכנס? נאָך מער, ווי קומט דאָס וואָס אַזוי פיל פון זיינע אַרומיקע, אַפילו אַזעלכע וואָס דער קאָמוניסטישער וואָרעם האָט ניט באַוויזן צו צעפרעסן, האָבן זיך גלייך באַפרידיקט, ניט געשאַפן קיין שטימונג אַז מען קען ניט אין אַזעלכע מאָראַל־קריטישע פאַלן אַן שום איבעררייס גלייך אַריבערגיין צום נייעם, אָרענטלעכן סדר היום?

אין וואַרשע האָט ניט לאַנג צוריק געלעבט אַ יידישער פּאָעט. האָט ער מיט פרייוויליקער קאָמוניסטישער פרומקייט געשענדט און מבזה געווען

אַלע יידן, יידישקייט, ארץ־ישראל, אין אַ טאָן פון געמיינעם הפקר וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר פאַנאַטישע סעקטאַנטן וואָס טראָגן ניט די מינדסטע מאָראַלע אחריות פאַר דרויסנדיקע. באַלד איז אים אָבער געראָטן זיך אַרויס־צורייסן פון פוילן און אָנקומען אין מדינת ישראל. אמת, צווישן פוילן און ישראל האָט ער באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן אַ ליד מיט אַ קרעכצנדיקער שורה אויף זיין פריערדיקער קאָלאַבאָראַציע מיט מאָסקווע. אָבער גלייך ווי ער איז אָנגעקומען אין לאַנד פון יידן און יידישקייט, וואָס ער האָט נאָר וואָס גע־האָט באַשפּיגן מיט גאַל און בלאָטע, האָט ער זיך ניט געשעמט צו קומען אין דער עפנטלעכקייט ווי אַ חשובער גאַסט. ווי האָט דאָס געוויסן פון אַ נאָרמאַלן מענטשן דערלאָזט אַז די וואָס זענען ערשט נעכטן געווען זיינע פאַרמיאוסטע קרבנות זאָלן היינט ווערן זיינע באַוואונדערער און באַזינגער? נאָך ערגער, מען האָט אים טאַקע אויפגענומען ווי אַן ערנגאַסט. עפּנט מען דאָס מויל אין פיינלעכן חידוש: ווי איז דאָס מעגלעך? דאַכט זיך אַז עס וואָלט געווען נאַטירלעך צו האַנדלען אַביסל אַנדערש. זיכער דאַרף מען סוף כל סוף מוחל זיין דעם בעל־תשובה וואָס האָט ערשט נעכטן קאָלאַבאָרירט מיטן איצטיקן טויט־שונא פון יידישן פאָלק און זיין היימלאַנד. אָבער מען טאָר דאָך ניט אַזוי ביטער דעגראַדירן זיך און יענעם דורך דעם וואָס מען וועט אים אַפילו ניט געבן צו פילן די ערנסטקייט פון זיין פאַרברעך. מסתמא האָבן ביידע צדדים אַזאַ געפיל ניט געהאַט, אַנדערש וואָלטן טאַקע ביידע זיך ניט געקענט באַרואיקן ביז דער בעל־תשובה וועט כאָטש אויף אַ שטיקל צייט זיך אָפּרוקן פון דער עפנטלעכקייט און זיך אַריינטאָן אין חשבון הנפש ווי עס פּאַסט פאַר אַ מענטש מיט געוויסן.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט די קאָמוניסטישע פּאָליטיק געפּאָדערט אַ „פאָלקספראָנט". האָט זיך דאָס פאַרענדיקט מיט אָרגאַניזירן דעם „אידישן קולטור־פאַרבאַנד", אָדער ווי ער רופט זיך „איקוף". דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט אי קאָלאַבאָרירן מיט קאָמוניזם, אים שטיצן און שטאַרקן אויף די פאַרשיידנסטע אופנים, אי אָפּנאַרן, אָפּט אָפּנאַרן זיך אַליין, און זיך רופן „אומפּאַרטייאיש". אַזוי האָט זיך עס געצויגן פון אָנהייב אָן ביזן היינטיקן טאָג. אין משך פון די יאָרן איז אַלץ מער קלאָר געוואָרן אַז נאָך דער נאַצישער מפּלה איז דאָס סאָוועטישע רוסלאַנד דער גרעסטער שונא פון אונדזער פאָלק, דער אומברענגער פון יידישן גייסטיקן לעבן און דער פּשוטער פייניקער און מערדער פון די אַלע וואָס מ'איז חושד אַז זיי קענען שטאַרקן אונדזער קיום.

וואָס האָבן געטאָן די איקוף־פירער, די וואָס האַלטן זיך פאַר אומ־פאַרטייאיש, די וואָס יידישע ליטעראַטור און קולטור איז זיי אַזוי נאָענט צום האַרצן, וואָס האָבן זיי געטאָן ווען זיי האָבן אויסגעפונען אַז זיי לעבן אין זכות פון דעם וואָס איז איצט געוואָרן דער גרעסטער שונא אונדזערער? בעסער אויף דער דאָזיקער פראַגע ניט צו ענטפערן. עס האַנדלט זיך דאָך וועגן איינצלנע מענטשן, וועך איז מחויב זיך צו גריבלען אין די צעדרייטע

וועגן פון עפּעס אַן אויסטערליש געוויסן? אָבער די אַרומיקע, די וואָס זענען פּאָליטיש און, דער עיקר, מאָראַליש, ווייט פון יענע אומהיימלעכע ווינקלען פון דער איצטיקער וועלט, ווי אַזוי האָבן אַזוי פיל פון זיי געקענט אויסהאַלטן און זיך ניט פּערזענלעך דערווייטערן פון די וואָס האָבן עפנטלעך קאָלאַ־באָרירט מיט די וואָס מאָרד פון יידישע וואָרטפירער איז ביי זיי געוואָרן אַ טייל פון אַלגעמיינער מלוכה־פּאָליטיק?

עס איז כדאי צו געדענקען אַן אינטערעסאַנטן מאָמענט. ביי די קאָמוניסטן האָט זיך תמיד געפירט אַז ביי יעדער ענדערונג אין זייער פּאָליטיק האָבן זיי גלייך געביטן די נעמען פון זייערע פראָנט־אָרגאַניזאַציעס. דערמיט האָבן זיי מאַניפעסטירט סימבאָליש דעם נייעם גייסט וואָס זיי ווילן פּראָקלאַמירן פאַר דער עפנטלעכקייט. נאָך דעם ווי כרושטשעוו האָט אויס־געזאָגט דעם לאַנג־שוין־באַקאַנטן סוד פון דער סאָוועטישער מאָראַלער דעגענעראַציע, האָבן די איקוף־לייט, נאַטירלעך, גלייך מסכים געווען אַז אויך זיי פילן זיך שאָקירט פון דער טראַגעדיע. אָבער די פירער האָבן צוליב דעם די אָרגאַניזאַציע ניט פאַרלאָזן, ניט פאַרגעלייגט אַז מען זאָל דעם איקוף אויפגעבן ווי אַ מין קרבן פאַר דעם יידישן חורבן וואָס זיי האָבן פון דער ווייטנס געשטיצט, זאָל זיין בלא יודעים. זיי האָבן אַפילו דעם נאָמען ניט געביטן, כדי כאָטש סימבאָליש צו בייטן די „דירה״, וואָס דאָס איז אַזאַ כאַראַקטעריסטישער פאַרלאַנג מצד די וואָס ביי זיי איז אַ ליבער אייגענער פון דער משפחה געשטאָרבן, בפרט נאָך אַזוי טראַגיש אומגעקומען.

איז, מילא, די איקוף־מענטשן, די לעבעדיקע און די געשטאָרבענע, גייען מיך אָן נאָר אויף אַזוי פיל אויף וויפיל איך וואָלט זיי געוואָלט פאַרשטיין, ווי ענלעכע קליינישע פאַלן, ניט מער. אָבער די דרויסנדיקע, די אַרומיקע, די וואָס ביי זיי איך די אַלטפרענקישע מענטשלעכקייט אַ העכערע מדרגה ווי דאָס פאַרמעלע שילדל „אומפּאַרטייאיש״, האָבן זיי געביטן זייער באַציאונג צו יענע לייט? האָבן זיי געפילט ווי ווייט זיי באַשטראָפן אונדז אַלעמען מיט דעמאָראַליזירן אונדזער סביבה דורך פאַרענטפערן זייער באַציאונג צו יענער חברה מיט „פאַרט געוועזענע פריינד״, אָדער „וואו זאָלן זיי נעבעך איצט גיין?״ פאַראַן צופיל וואָס פילן ניט דאָס אומגליק פון לעסטערונג און פאַרשוועכונג ווען מען קען גלייכגילטיק זיך באַגריסן מיט יענע וואָס האָבן יאָרנלאַנג אַפּאָלאָגירט אונדזערע רוצחים און צעשטערער, אַפילו נאָך דעם ווען די קולות פון די פאַקטן האָבן שוין געהאַט דערגרייכט עד לב השמים.

איך קען דאָס בלויז דערקלערן דערמיט וואָס די משיחישע פּרעטענזיעס פון דער רוסישער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע האָבן פאַרכאַפּט און פאַר־בלענדט טיפער און דויערנדיקער דאָס פאָלק וואָס האָט ניט בלויז אַרויס־געבראַכט די העכסטע משיח־וויזיעס, נאָר וואָס אויך זיין לאַנגע געשיכטע, מיטן שווערן עול הגלות, האָבן אים אָן אויפהער געטריבן זיך צו ראַטעווען

אין סימבאָלן, חלומות און סימנים פון משיחס צייטן. די באַזונדערקייט פון יידישן פאָלק בנוגע דער איבערלעבונג פונעם משיח־אידעאַל ווייזט זיך אַרויס אויף אַ כאַראַקטעריסטישן אופן אין דער אויסטערלישער ראָלע פון פאַלשע משיחים.

אין זיין בוך: הויפּט־טענדענצן אין יידישן מיסטיציזם, פרעגט פּראָפעסאָר גרשום שלום אַן אַלטע האַרבע קשיה: ביי יידן רופט אַרויס דער משומד אַ געפיל פון אַזאַ שרעק און עקל, וואָס האָט ממש קיין גלייכן ניט. ווי קומט עס וואָס נאָך דעם ווי שבתי צבי האָט זיך געשמדט האָבן נאָך אַלץ אַזוי פיל יידן געגלייבט אין אים? ווי האָט זיך געקענט ביי יידן לייגן אויפן שכל אַזאַ העסלעכע קאָמבינאַציע ווי אַ געשמדטער משיח? פּראָפ. שלום דערקלערט דאָס מיט דער ווירקונג פון די ספרדישע קהילות. אָט וואָס ער שרייבט: „מען מוז זיך אָבער רעכענען מיט דער עקזיסטענץ פון אַ דרויסנדיקן פאַקטאָר פון גרעסטער וויכטיקייט; און דאָס איז די ראָלע וואָס די ספרדישע קהילות האָבן געשפּילט אין דער באַוועגונג. אין משך פון דורות זענען די מאַראַנען פון איבערישן האַלב־אינדזל, די אייניקלעך פון די יידן וואָס הונדערטער טויזנטער פון זיי זענען אַריבער צום קריסטנטום אין די רדיפות צווישן 1391 און 1498, געווען געצוואונגען צו פירן אַ מין טאָפּלט לעבן. זייער עפנטלעכע אמונה איז ניט געווען די וואָס זיי האָבן אין איר געגלייבט. די דאָזיקע טאָפּלטקייט האָט געשטעלט אין סכנה, אויב זי האָט ניט צעשטערט די גאַנצקייט, פון יידישן פילן און טראַכטן, און אַפילו די וואָס האָבן זיך אומגעקערט צו יידישקייט נאָך דעם ווי זיי און זייערע קינדער זענען אַנטלאָפן פון שפּאַניע, ספּעציעל אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, איז אַלץ געבליבן ביי זיי עפּעס פונעם דאָזיקן גייסטיקן געשטאַלט. דעם געדאַנק פון אַ געשמדטן משיח האָט מען זיי געקענט איבערגעבן ווי די רעליגיעזע גלאָריפיקאַציע פונעם זעלביקן אַקט וואָס האָט געפּייניקט זייער געוויסן. געווען מאַראַנען וואָס האָבן זיך באַמיט צו געפינען אַ באַרעכטיקונג פאַר זייער שמד". עס האָט זיי געמאַטערט די אייגענע זינדיקייט און זיי האָבן געפונען אַן אָפּקו־מעניש און אַ טרייסט פאַר איר אינעם איבערגעבן זיך צו אַ משיח וואָס האָט געמוזט דורכגיין די טראַגעדיע פון שמד.

אַן אינטערעסאַנטע טעאָריע. עפּעס ענלעכס, כאָטש גאָר פון אַן אַנדער מין, העלפט אונדז צו פאַרשטיין דעם היינטיקן: „ווי אַזוי איז עס מעגלעך געווען?" אַמאָל האָט „גאָטס פאָלק" דערשפּירט דעם אָנקום פון דער גאולה אין אַ געשמדטן משיח, היינט האָט דאָס פאָלק פון רחמנים בני רחמנים דערזען די גאולה אין אַ מערדער־משיח. דאָס געפיל פון פערזענלעכער זינדיקייט איז בכוח אַ סך צו דערקלערן, און אין דער נאָענטסטער יידישער סביבה צום קאָמוניסטישן מערדער־משיח האָט, ווייזט אויס, זיך אָנגעקליבן געוויסן און געוויסע פערזענלעכע זינדיקייט וואָס האָט זיך געזוכט אָנצושפּאַרן אָן אַ היינטצייטיקער ווערסיע פון משיחס צייטן — כולו חייב.

יאָרנלאַנג האָט מען מיט אונדז געקנעלט די מסכתא „ומפני חטאינו", ווי זינדיק מיר זענען. דער אַרבעטער־קלאַס איז ביי אונדז צו קליין, אַ פאָלק פון הענדלער, לופטמענטשן, מנחם־מענדלס, שטעקל־דרייער. ווי גוט עס וואָלט געווען ווען מיר האָבן גענוג ערד־אַרבעטער און זיך בכלל ניט געדרייט „צווישן די רעדער פון דער געשיכטע", על פי נוסח זשיטלאָווסקי. אין די אַלע זאַכן איז תמיד אַרויסגערוקט געוואָרן ניט בלויז אומנאָרמאַלקייט נאָר אויך אונדזער זינדיקייט לגבי דער מאָראַל פון אַ געזונטער עקאָנאָמיק. איז געקומען די סאָוועטישע רעוואָלוציע מיט איר אויפגאַבע ניט בלויז צו היילן נאָר אויך צו רייניקן פון זינד, און ניט בלויז פון זינד וואָס מיט איר זענען פול אונדזערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס נאָר אויך אַ סך אַנדערע חטאים. מיר פאַר׳סמ׳ען אַלעמען מיטן „אָפּיום פון פאָלק", וואָס דאָס — רעליגיע „ווי עס איז ידוע" — איז בלויז אַ מיטל צו אונטערדריקן און עקספּלואַטירן.

ווען עס זאָל זיך עמעצן פאַרגלוסטן אַרויסצוגעבן אַן אַנטאָלאָגיע פון דעם גיפטיקן אַנטיסעמיטיזם וואָס יידישע קאָמוניסטן האָבן פאַרשפּרייט וועגן יידן, וואָלט אַזאַ ווערק געקענט פאַרנעמען אַ חשובן פּלאַץ אין דער מזרח־וואַנט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור. אַ יידישער קאָמוניסט האָט געדאַרפט זוכן און נישטערן און ער איז געווען גליקלעך וואָס עס האָט זיך אים איינגעגעבן פעסטצושטעלן אַ ריינעם, אומבאַפלעקטן פּראָלעטאַרישן יחוס. איז געקומען אַ רעוואָלוציע און וואַשט אָפּ אונדזערע זינד. אמת איר וואַש־מעטאָדע איז אָפּט אַביסל צו האַרבלעך, זי וואַשט אַראָפּ דעם מענטשן צוזאַמען מיט זיינע חטאים, דערפאַר ווערן ריינער און אויסגערייניקטער די וואָס בלייבן. ווער האָט זיך געקענט ריכטן אַז אַזוי ווייניק וועלן בלייבן? לכל הפחות איז לייכטער געווען פאַר די וואָס לעבן פריי אין פרייע לענדער הנאה צו האָבן פון צוויי שמחות מיט אַמאָל, אי זיך צו פרייען מיט דעם וואָס „דאָרטן" וואַשט מען און מען רייניקט אונדז, אי פון דעם וואָס דאָס אייגענע, פּערזענלעכע לעבן איז געזיכערט.

אונדזער בייגער ווערט טיילווייז געשטילט ווען מיר קענען אָנווייזן אויף געוויסע אָביעקטיווע פאַקטאָרן וואָס האָבן געהאָלפן פאַרפעסטיקן די אמונה אינעם משומד־משיח פונקט ווי אינעם מערדער־משיח. אָבער פון שטאַנדפונקט פון דער סאָציאַלער און פסיכישער געזונטקייט פונעם פאָלק האָבן אונדזערע זיידעס אַ סך קלאָרער געזען ווי נייטיק עס איז זיך אויסצוהיטן פון דער שבתי צבי באַוועגונג ווי מיר פונעם קאָמוניסטישן אומגליק. זיי האָבן זיך געראַנגלט מיט אַלע כוחות — אָפּט באַגאַנגען גרויסע עוולות — כדי וואָס מער און ווייטער אָפּצושטויסן פון זיך די מאמינים אינעם געשמדטן משיח. מיר, אין דער היינטיקער מאוימדיקער צייט, האָבן צו נאָענט דערלאָזן צו ווערן אינווייניק דעמאָראַליזירט ביזן גרונט מצד די וואָס האָבן געהאָלפן, דירעקט און אומדירעקט, פאַרשפּרייטן דעם דעגענערירנדיקן גייסט פונעם מערדער־משיח. אין דעם פּרט האָבן מיר ביטער געזינדיקט.

צו אונדזער גרויסן צער איז די דאָזיקע זינד, אַזאַ איז אונדזער איינדרוק, מער פֿאַרשפּרייט אין מדינת ישראל ווי אין אַנדערע פרייע לענדער. לויט דער פֿריערדיקער הנחה קען מען דאָס אפשר פֿאַרשטיין. ארץ־ישראל איז דורכגעזאַפּט מיטן משיח־אידעאַל זינט די צייטן פון שני מיט אַ מין הייליקער איבערגעזעטיקטקייט וואָס האָט קיין גלייכן ניט. אין אונדזערע צייטן איז דאָס רוב עולים, פֿון דער ערשטער עליה ביז דער לעצטער, געווען דורכגענומען, פּערזענלעך און בירושה, מיטן גאַנצן ספּעקטרום משי־חישע פֿאַרבן: פֿון געטלעך און מעטאַפֿיזיש ביז רוי־סעקולער. לאָזט זיך אפשר פֿאַרשטיין וואָס גראָד דאָרט פֿאַרנעמט די אָרגאַניזירטע פֿאַרבלענ־דעניש פֿונעם מערדער־משיח אַ גרעסערן שטח ווי אומעטום, אַפֿילו ווען דער מערדער האָט אויסגעגאָסן אַזוי פיל פֿון זיין טויטלעכן צאָרן אויפֿן אייגענעם פֿאָלק און איז איצט דער שטאַרקסטער שטיצפּונקט פֿונעם גרעסטן שונא פֿונעם אייגענעם לאַנד. אָבער פֿאַרפֿאַלן, סאָציאַליזאַציע פֿון די פּראָדוקציע־מיטלען איז אין אַ טייל פֿון דער מאָדערנער קבלה געוואָרן דער זיכערסטער סימן פֿון ביאת המשיח אָן שום רעזערוואַציעס.

אָבער אַז מען פֿאַרשטייט, קען אפשר דערפֿון אַביסל לייכטער ווערן אויפֿן שכל, ניט אויפֿן האַרצן, ספּעציעל ווען עס האָט צו טאָן מיט ארץ־ישראל. עס איז אויך אַ שוואַכע טרייסט דאָס וואָס בלויז אין מדינת ישראל איז די זינד אַ סך מער פֿאַרשפּרייט ווי אין אַנדערע פרייע לענדער. וואָרעם אומעטום האָבן מיר אַ סך געזינדיקט סיי מיט אַרויסגעבן פֿון זיך אַן אומ־פּראָפּאָרציאָנעל גרויסע צאָל צעשטערער און פֿאַרדאַרבער פֿון אונדזער פֿאָלק, סיי מיט דער לייכט־שמייכלדיקער באַציאונג צו זיי מצד די וואָס זענען געשטאַנען פֿון דער ווייטנס פֿון יענער דעגענעראַציע.

(1957)

# אַ מוסר השכל פון אונדזער צייט

עס איז ניט שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס ספּוטניק איינס און ספּוטניק צוויי האָבן אָנגעמאַכט אַזאַ באַגייסטערונג־צעטומלעניש־בהלה אויף דער וועלט. עס איז געווען באַגייסטערונג פאַר אַ גרויסער וויסנשאַפטלעכער דערגרייכונג און אַ פרייד פאַר די וואָס שפּאַרן זיך אָן מיליטעריש און פּאָליטיש אויף דער סאָוועטישער פיזישער גבורה. עס איז געווען אַ צעטומלעניש ביי די וואָס האָבן ניט געגלייבט אַז די סאָוועטישע שקלאַפן־אָרדענונג וועט אַזוי שנעל קענען פירן צו אַן אויפטו, וואָס בלויז יאָרנלאַנגער וואוקס פון אַ פרייער בילדונג־סיסטעם קען חלומען דערפון. עס איז געווען בהלה און שרעק ביי די וואָס ווייסן אַז די כוונה פון די ספּוטניקס איז אַרומצורינגלען די ערד מיט אַ בייזן אָנזאָג, די קאָמוניסטישע גרייטקייט די גאַנצע פרייע וועלט צו פאַרצוקן.

אָבער די וואָס זענען ניט אַקטיוו אַריינגעפלאָכטן אין פּאָליטישן גאַנג פון דער וועלט, די וואָס האָבן זיך ווינקלדיק אַריינגעלעבט אין מעדיטאַציעס וועגן גייסטיקע און געדאַנקלעכע ענינים, אויך פאַר זיי איז פאַראַן אַ סימן און אַן אָנזאָג אין די ספּוטניקס וואָס רירן אָן, דירעקט און אומדירעקט, פּראָבלעמען פון אַן אַנדער מין, כאָטש ניט ווייניקער ערנסט. דאָ זענען פאַרוויקלט ניט וואונדער און ניט שרעק, און דאָך רודערן זיי אויף דאָס האַרץ און קנייטשן דעם שטערן. אפשר האָט מענטשלעכע פרייהייט גאָרניט אַזאַ פּראַקטישן ווערט ווי מען האָט אַמאָל געמיינט? אויב מען קען אויפטאָן אַזויפיל וויסנשאַפטלעך אין אַ לאַנד וואו די בייטש פון אַ הערשנדיקער קליקע קען באַשטימען דעם גורל פון מענטשלעכן לעבן, וואו אַ ליאַדע כרושטשעוו קען באַפעלעריש טרייבן קונסט, און אַלע אַנדערע פאָרמען פון קרעאַטיוון אויסדרוק, אין ריכטונגען וואָס ווערן פון פאָרויס באַשטימט פון עפּעס אַ פאַרשאָלטענעם צענטראַל־קאָמיטעט. אפשר איז אינדיווידועלע פרייהייט גאָרניט אַזאַ נויטווענדיקער תנאי פאַר פּראָדוקטיוון מענטשלעכן שאַפן?

אמת, עס איז פאַראַן אַ געוויסע נפקא מינה צווישן עקזאַקטע וויסנשאַפטן, וואָס דאַרפן זיך פאַרשפּיצן אין אַן אויפטו פון פּראַקטישע נוצן, און גייסטיק שאַפן וואָס דריקט זיך אויס אין קאָנסטרוקציעס פון דער פאַנטאַזיע, אידייען און פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס פון עסטעטישע ווערטן. עס קען זיין אַז די ערשטע, די עקזאַקטע וויסנשאַפטן, וואָס זענען דאָך סוף כל סוף אַ מער עלעמענטאַרע נויט פאַרן פּראַקטישן לעבן פון אַ לאַנד, עס קען זיין אַז פאַר אַזעלכע קרעאַטיווע טעטיקייטן איז פאַראַן גענוג אָפענער רוים אונטער אַלע מינים באַדינגונגען, בעת קונסט איז שוין בטבע אַ סך מער מפונק און קען ניט פאַרטראָגן קיין קלימאַט פון פּאָליטישער אונטערדריקונג. אַז דאָס

איז ריכטיק ברענגט מען אַ ראיה דערפון וואָס דאָס קינסטלערישע שאַפן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, און אין קאָמוניסטישע לענדער בכלל, איז ווייט אָפּ־געשטאַנען לגבי די דערגרייכונגען פון די עקזאַקטע וויסנשאַפטן.

אָבער אויך דאָס איז שווער צו גענעראַליזירן. עס איז ביז אַ געוויסער מאָס אמת אין קונסטן וואו די מיטלען זענען בטבע פון אַ שטאָף וואָס קען זיין קלאָר און אַרטיקולירט, למשל, וואָרט אין ליטעראַטור און בילד אין מאָלעריי. דער גאַנצער גאַנג פון דיקטאַטור איבער מענטשן מוז זיין האַמער־דיק, גראָב, מוז אָפּטיילן אין איר צוגאַנג די דינקייטן, אומדירעקטקייטן, קוים־געצייכנטע ניואַנסן פון גייסטיקן לעבן. אַזאַ אָרדענונג פאַרשטייט בלויז צו פאָדערן פון קונסט וואָס אָפּערירט מיט אידייען דורך אַרטיקולירטע מיטלען — מיט ווערטער אָדער צייכענונגען וואָס קענען זיין פשוט און קלאָר — אַז זי זאָל שרייענדיק דירעקט לויבן אָדער שעלטן אַקוראַט אַזוי גראָב און האַמער־דיק, און געצילט אין פינטל אַריין מיט אַ מעכאַניש־גלייכער ליניע פונקט ווי דער צענטראַל־קאָמיטעט פירט זיך אויפן פּאָליטישן פעלד. די דאָזיקע פּאָליטישע פאָדערונג פאַרשטעלט זיך מיט דער ליטעראַרישער מאַסקע פון „רעאַליזם". פונדעסטוועגן, דאָרט וואו די מיטלען זענען ניט פונעם שאַרף־אַרטיקולירטן מין, למשל מוזיק, איז די לאַגע אַביסל בעסער. מעסטנדיק מיט דער מאָס פון אינטערנאַציאָנאַלער אָפּשאַצונג האָט די סאָוועטישע ליטע־ראַטור ניט אַרויסגעבראַכט פון זיך קיין קינסטלער פון דער מדרגה פון אַ שאָסטאַקאָוויטש אָדער קאַטשאַטוריאַן אין מוזיק.

בנוגע דער יידישער ליטעראַטור קען מען ניט אָפּלייקענען אַ פשוטן אמת. יידישע וואָרט־קונסט איז געשאַפן געוואָרן סיי אין דער פרייער וועלט, סיי אונטער קאָמוניסטישער שקלאַפעריי, אַזוי לאַנג ווי מאָסקווע האָט עס דערלאָזן. אין ביידע זייטן פון דער וועלט האָבן געשאַפן קרעפטיקע יידישע טאַלענטן און, ווי דער שטייגער איז, ניט ווייניק מיטלמעסיקייטן. אין סך הכל איז וויכטיק צו געדענקען: דער חילוק צווישן דעמאָקראַטישער פרייהייט — מיט אַלע פלעקן און זינדיקייטן וואָס קאָנקרעטע לעבן קען ניט אויסמיידן — און קאָמוניסטישער דיקטאַטור איז אַ סך גרעסער, טיפער, וואָרצלדיק־טראַגישער איידער דער קוואַליטאַטיווער אונטערשייד אין דער יידישער ליטעראַטור־פּראָדוקציע וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אונטער די צוויי מינים לעבנס־תנאים. עס זעט אויס אַז מיר האָבן געוואַלדיק איבערגעטריבן ווען מיר האָבן אונטערגעשטראָכן די וויכטיקייט פון אַ פריי און חשוב לעבן כדי מעגלעך צו מאַכן דעם וואוקס און די אַנטוויקלונג פון אַ קולטור־שאַפערי־שער עקזיסטענץ. ווען מיר מישן די בלעטער פון מענטש־געשיכטע אין די לעצטע פערציק יאָר באַקומט זיך דער איינדרוק אַז די שייכות צווישן פריי, בכבודיק לעבן און עכטן שאַפערישן אויסדרוק איז אַ גאַנץ לויזע, זיכער ניט אַזאַ אינטימע ווי מען האָט אַמאָל געמיינט; אַז דאָס ערשטע איז אפשר אין גאַנצן ניט קיין נויטווענדיקער תנאי קודם למעשה פונעם צווייטן.

עס איז פאַראַן נאָך אַ מאָמענט וואָס ברענגט אַרויס דעם ענין אַ סך בולטער און, אָפן גערעדט, לחלוטין ניט פריילעכער. ווען מיר רעדן וועגן שאַפנדיקע כוחות זענען דאָך אין דעם דער עיקר פאַרוויקלט יחידים. דאָס פאָלק שאַפט ניט אויף אַ פלאַנירטן, אָרגאַניזירטן אופן. דאָס פאָלק איז, אָדער קען זיין, אַ וויכטיקער פאַסיווער פאַקטאָר אין אויפבויען די פאַסיקע סטימולירנדיקע סיטואַציעס פאַרן שאַפנדיקן אויסדרוק. דירעקט זענען מיר באַטירלעך אָפהענגיק פון גאונישע, טאַלענטירטע און פייאיקע יחידים. היינט אויב פרייע אומגעבונדנקייט ווערט געפילט ווי אַזאַ וויכטיקער תנאי פאַר אַ געהייבן־שאַפעריש לעבן, וואָלט דאָך פון אַזעלכע אויסדערוויילטע יחידים געדאַרפט אַרויסקומען אַ גרעסערער פּראָצענט אַזעלכע וואָס ווייזן באַשיינפערלעך ווי טייער זיי איז דער דאָזיקער תנאי מיט אַלע פערזענלעכע, מענטשלעכע מידות און אידעאַלע שטרעבונגען וואָס זענען דערמיט פאַרבונדן. וואָס ווייזן די פאַקטן? ניט אַזוי לייכט צו זאָגן. דאָך וואַרפן זיך איינדרוקן שטאַרק אין די אויגן.

ווען מיר רעדן וועגן מענטשלעכע מידות און אידעאַלע שטרעבונגען האָבן מיר ממילא אין זינען אַקצענטירטע מאָראַלע קוואַליפיקאַציעס. ווייסן מיר אָבער אַז עס איז ניטאָ אין אַזעלכע זאַכן קיין אַבסאָלוטע, פּרעציזע מאָס צו מעסטן מענטשן און מעשים וואָס זאָל זיין גלייך גילטיק פאַר אַלע מענטשן, אין אַלע באַדינגונגען, אויפן זעלביקן אופן. מוז מען זיך פאַרלאָזן אויף איינדרוקן, אויף אָבסערוואַציעס אין לעבן און ביאָגראַפישער ליטעראַטור, אויף געלייענטע און געהערטע געשעענישן און אויף אָנגעזאַמלטע זכרונות פון דירעקטע באַציאונגען מיט מענטשן פון פאַרשיידענע סאָציאַלע און קולטורעלע פּאָזיציעס. וואָס־זשע קענען מיר לערנען פון דעם אַלעם? מיט מיין גאַנצער אָנשטרענגונג צו באַוואָפענען זיך מיט ווייטגייענדיקער אָביעקטיווער קילקייט ביים אויס׳סדר׳ן דעם גאַנצן מאַטעריאַל וואָס אַ לעבעדיקער מענטש האָט אָנגעזאַמלט, קען איך ניט איינזען אַז הויכע בילדונג, וויסנשאַפטלעכע טאַלענטירטקייט, פילאָסאָפישע טיפקייט און קינסטלערישער כוח, זאָלן האָבן דעם מינדסטן איינפלוס אויפן העכערן אויפבלי פון אַ מענטשנס מאָראַלע וואָרצלען. מיינע איינדרוקן פון נעכטן און די לעבעדיקע גבית עדות פון היינט ברענגען מיך צום אויספיר, אַז צווישן די אינטעלעקטועלע יחידי סגולה פון דער מענטשהייט געפינען זיך ניט אַ האָר מער פּערזענלעכקייטן פון העכערער עטישער קוואַליטעט ווי צווישן די פשוטסטע לייט פון אַ גאַנץ יאָר.

די וויכוחים אַרום לאָגיק און דיאַלעקטיק אין סאָוועטישער פילאָסאָפיע איז אַ גוטע אילוסטראַציע. אין זיין ווערק לאָגיק און דיאַלעקטיק אין סאָוועטן־פאַרבאַנד (1952) דערציילט דער פילאָסאָף פּראָפעסאָר אַלעקסאַנדער פיליפּאָוו וועגן אַזוי פיל מיאוסע גראָבקייטן אַרום אַזאַ איידעלן ענין ווי טעאָריעס וועגן לאָגיק. געשולטע דענקער רייסן זיך אַרום און יעדער זוכט

צו געפינען וואָס מער חן אין די אויגן פון אַ צענטראַל־קאָמיטעט, אָדער פון עפּעס אַן איגנאָראַנטן פּאָליטישן הערשער; איינער פאַרדאַמט דעם צווייטן, אַ צווייטער וואַרפט זיך אין שטויב פאַרן ערשטן, עס שאַפט זיך אַן אַטמאָ־ספערע פון אַ העסלעכער טראַגי־קאָמעדיע.

נאָך אַ דעטאַלן אַנאַליז פון די טעאָרעטישע פּראָבלעמען און דעם אויפפיר פון די סאָוועטישע פילאָסאָפן, פאַרענדיקט פיליפּאָוו: „אַט אַזוי זענען די סאָוועטישע פירער און ממילא די סאָוועטישע פילאָסאָפן און לאָגי־קער, פאַרמשפּט צו שטענדיקן וואַקלען זיך צווישן אָננעמען לאָגיק און אָנ־נעמען דיאַלעקטיק, גייענדיק אַט צו איין עקסטרעם, אַט צום צווייטן, לויט ווי עס בייטן זיך פּאָליטישע און פּראַקטישע פאָדערונגען, און עס אַרן זיי גאָרניט די סתירות וואָס ליגן אין אַזאַ דרך".

איז מילא, ווען די טעאָריעס זאָלן זיי זיך דאַרט שלאָגן קאָפּ אין קישן. סוף כל סוף קען מען דאָס פאַרשטיין. עס האַנדלט זיך דאָך וועגן ענינים וואו די „הייליקייטן" פון מאַרקס און לענין גופא זענען פאַרוויקלט. אַחוץ דעם ווערן סיעווי אַרויסגעבראַכט פילאָסאָפיש־קרעאַטיווע עלעמענטן. אָבער די רייך־מענטשלעכע שטריכן וואָס אַזוי פיל פון די פילאָסאָפן און דענקער האָבן אַרויסגעוויזן זענען געווען אַזוי חרפּה'דיק נידעריק אַז איין גאָט זאָל זיך מרחם זיין אויף אונדזער אָרעמען מין.

גאָר אַן אַנדער איינדרוק האָט אַמאָל געהערשט, האָט פאַרכאַפּט ווי אַ פאַרזיכערטער אמת, דער עיקר וועגן פּערזענלעכקייטן אין דער קונסט־וועלט. ווער האָט דען ניט געוואוסט אַז גרויסער מענטש און גרויסער קינסטלער זענען סינאָנימען? די פאַלשקייט פון אַזאַ אידענטיפיקאַציע שטעכט ממש די אויגן ווען מען כאַפּט זיך אַז אַ גרויסער מענטש קען ניט באַטייטן קיין גרויסער טעכניקער פון אַ ספּעציעלער פּראָפעסיע וואו טאַלענטירטע קוואַליפיקאַציעס זענען נייטיק. מען קען דאָס ניט זאָגן אַפילו ווען דער ציל איז אויפצורודערן האַרץ און קאָפּ פון מענטשן מיט עסטעטישער, עמאָציאָ־נעלער און אינטעלעקטועלער הנאה. גרויסער מענטש קען בלויז מיינען, אַ חוץ אַלע אַנדערע מעלות, אויך אַזאַ וואָס צייכנט זיך אויס מיט באַציאונגען צום מין מענטש, אַזאַ וואָס פאַרמאָגט אויך דעם טאַלענט איבערצולעבן און אויסצודריקן מיט באַזונדער קענטיקייט די ווערטן פון חובות הלבבות. קען מען אָננעמען אַן אַלגעמיינע אידענטיפיקאַציע צווישן קינסטלער און „גרויסער מענטש" אין דעם זינען פון וואָרט? דער וואָס די לעצטע יאָרן האָבן אים ניט אויסגעהיילט פון דער דאָזיקער אומגליקלעכער אילוזיע איז באמת עתיד ליתן דין וחשבון.

פאַרוואָס איז אַזאַ בייז וואונדער ווען אַזעלכע ווי קנוט האַמסון און געראַרד האַופּטמאַן האָבן שלום געמאַכט מיטן נאַציזם? עס איז ניט מער הידוש פון דעם וואָס אַזוי פיל שאַפנדיקע כוחות פון אונדזער דור האָבן געשטיצט און פאַרשפּרייט דעם קאָמוניזם. אמת, עס איז ניט צו לייקענען,

עס איז פאַרט פאַראַן אַ נפקא מינה צווישן די צוויי. די צוקונפט־משקה וואָס קאָמוניסטן האָבן זיך מיט דעם פאַרשיכורט האָט פאַרשלעפערט מיט מער מענטשלעכע חלומות איידער נאַציזם. אָבער אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט מען דאָך ממש געקענט אָנטאַפּן מיט אַלע חושים די מערדערייען פונעם מאָסקווער הײַנט, איידער עס קומט אָן דער מאָרגן, דאָך, וויפיל דענקער, קינסטלער, שאַפער, זענען נאָך אַלץ געבליבן אין יענעם שוואַרצן נעסט פון זינד.

די וויסנשאַפטלער — וואָס מען גיט זיי אַלע פּריווילעגיעס און אַ לוקסוס־רייך לעבן — זענען שאַפעריש, אויפטועריש און ספּוטניק־גרייט צו דינען, ניט געקוקט אויף דער הערשנדיקער פאַרשקלאַפונג פון אַ פאָלק וואָס לעבט אין דחקות. דער גרויסער רוסישער פיזיקער קאַפּיצאַ האָט אַמאָל געלעבט אין פרייען ענגלאַנד און געטריי געדינט דעם לאַנד פון פרייהייט. איצט, אונטער סאָוועטישער דיקטאַטור, איז ער פונקט אַזוי שאַפעריש און געטריי. ניט ער, ניט אַלע אַנדערע טויזנטער פון דער וויסנשאַפט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווייזן ניט אַרויס קיין שום סימן אַז זיי פילן זיך אומבאַקוועם כל זמן זייער אייגענע באַקוועמלעכקייט איז נישקשהדיק באַזאָרגט.

פונקט ווי דײַטשישע אַנטראָפּאָלאָגן, סאָציאָלאָגן, פּסיכאָלאָגן, האָבן פלוצלונג דערזען דאָס ליכט אין דער פראַגע פון נידעריקע און העכערע ראַסן, פונקט אַזוי האָבן די זעלביקע פּראָפעסיאָנאַלן אויף דער רוסישער זייט פלוצלונג דערזען דעם אמת פון טעאָריעס וואָס האָבן געהאָלפן דער־טרינקען אין בלוט צענדליקער מיליאָנען אומשולדיקע נפשות. ווען מען דערמאָנט זיך די מעשים פון אונדזערע יידישע שרייבער אין יענעם לאַנד ווערט ניט בעסער אויפן האַרצן. ווי שטאַרק עס זאָל ניט ווײ טאָן דאָס איצט צו דערציילן, איז אָבער אפשר אַ גרעסערע זינד צו פאַרגעסן דעם מוסר השכל. דאָס מסרן איינער אויפן צווייטן, דאָס עפנטלעכע אַטאַקירן איינער דעם צווייטן, ווען דאָס האָט יענעם געקענט שטעלן אין טויט־סכנה, דאָס חיה־רעה׳דיקע אָנפאַלן אויף יידן, אויף יידישע שרייבער אין אַנדערע מדינות, עפּעס אַזוי ווי יעדער פונק מענטשלעכקייט וואָלט אויסגעלאָשן געוואָרן. אמת, אַל תדין את חברך עד שתגיע למקומו, אָבער ניט אין דעם וואָס זיי זענען געווען געצוואונגען צו טאָן, נאָר אין דעם וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן פרייוויליק, ווען דאָס האָט זיי געקענט פאַרשאַפן מער אָנזען און באַקוועמלעכקייט, אין דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן די קליין־מענטשלעכע קוואַליטעט פון אַ סך וואָס האָבן געשפּילט אַ קינסטלערישע ראָלע.

ניין, ניט וועגן אַלע דאָרטיקע יידישע קינסטלער קען אַזוינס געזאָגט ווערן. חס ושלום. געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן זיך באַנוגנט מיט די זינד באונס, און מסתמא געווען אויך מער אָפּגעהיטע אַפילו אין מאָמענטן פון שווערע נסיונות, מענטשן פון צדיקישן טיפּ. אָבער פון אַלץ וואָס מיר ווייסן איז ניטאָ דער מינדסטער איינדרוק אַז די דאָרטיקע קינסטלער אונדזערע,

פונקט ווי די אַנדערע אַלגעמיינע שאַפנדיקע פערזענלעכקייטן, זאָלן האָבן אַרויסגעגעבן אַ גרעסערע צאָל מענטשן מיט טיף־גרייכיקער מענטשלעכקייט, מיט האַרץ און געוויסן, איידער דער אַלגעמיינער דורכשניט פון אונדזער מין. דער איינדרוק איז אויך גאַנץ שטאַרק, אַז דער דאָזיקער חשבון בייט זיך ניט פון דיקטאַטור צו דעמאָקראַטיע און אַז אָט דער פאַקט שטערט ניט עס זאָל געשאַפן ווערן אַ ווערטפולע ליטעראַטור, קונסט, מוזיק, פילאָסאָפיע, וויסנשאַפט, מיט אַלץ מיט אַן אַנדער. בקיצור, עס זעט אויס אַז אַ פריי און חשוב־מענטשלעך לעבן האָט אַחוץ אַנדערע מעלות אויך אַ פשוטן, פראַגמאַטישן ווערט; אָבער אַז אַזאַ סאָרט לעבן קען גיכער סטימולירן די קלענערע צאָל שאַפנדיקע פערזענלעכקייטן אין אַ פאָלק און מאַכן רייכער און אינטענסיווער קולטורעלן וואוקס, דאָס, דאַכט זיך, איז אַן אומבאַרעכטיקטע גוזמא און קען אָפגעפרעגט ווערן. מיר האָבן, היסטאָריש גערעדט, נאָר־וואָס איבערגעלעבט די וועלט־טראַגעדיע בכלל, און יידישע בפרט, וואָס דייטשלאַנד האָט געבראַכט אויף אונדזער דור. עס איז ניצלעך צו געדענקען אַז אַפילו אין דער קורצער פעריאָדע אונטער די נאַציס האָט דאָס דייטשישע פאָלק אַרויסגעבראַכט אַזעלכע אינדוסטריעלע און מיליטערישע אויפטוען, אַז די שעה פון זייער מעגלעכן נצחון איז גאָר ניט געווען אַזוי ווייט. איצט, נאָך דער דייטשישער מפלה, זענען די קאָמוניסטישע לענדער געבליבן די זיכערסטע יורשים פון דער פאַשיסטישער גרויל־ירושה. און אויך דאָ געפינען מיר אינעם פאַקטישן און סימבאָלישן ספוטניק אַן אָנזאָג פון הויכער, מאָדערנער, אומגעריכטער אַנטוויקלונג. אין אָנגעזיכט פון דעם אַלעם איז ניטאָ דער מינדסטער גרונד אָנצונעמען, אַז די באַדינגונגען וואָס פירן צו אַ לעבן אין פרייהייט און מענטשלעכער חשיבות האָבן עפעס אַ ספעציעלן מאָנאָפאָל אויף אַרויסצוברענגען די גרויסע מענטשלעכע כוחות צו באַרייכערן דאָס קולטורעלע אייגנס פון דער וועלט און פון אייגענעם פאָלק.

פערזענלעכע פרייהייט און הויכע אָפשאַצונג פון מענטשלעכן לעבן איז אונדז אַזוי טייער אַז עס איז קיין חידוש ניט וואָס מיר ווילן דווקא צושרייבן דערצו אַלע מעגלעכע מעלות, און וואו איז נאָך פאַראַן אַ גרעסערע מעלה פון פראַקטישע נוצן? אָבער דאָס זעט מיר אויס צו זיין הוילע פראָפאַגאַנדע פון אונדזער זייט; מען וויל אונדז דורכויס איינשמועסן אַז בלויז אונטער פרייהייט קען אַ לאַנד ווערן גרויס און שטאַרק, כאָטש מיר זעען איצט באַשיינפערלעך אַז די ערגסטע פאָרמען פון אוממענטשלעכקייט און אונטערדריקונג קענען באַווייזן די זעלביקע קונץ. אָבער פראָפאַגאַנדע, די פון אָפנאַרערישן מין, אַפילו די בעסט־געמיינטע, דאַרף אונדז זיין מיאוס און ווידערוויליק. יעדער טראָפן אָרענטלעכקייט אין אונדז דאַרף זיך אָפשאָקלען פון פראָפאַגאַנדע נאָך דעם ווי דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אויפן דאָזיקן פעלד זיך פאַרשאַפן די העכסטע היסטאָרישע רעפוטאַציע אין מענטשלעכער פאַרדאָרבנקייט.

אָבער דאַנקען גאָט וואָס עס איז דאָ אַ בעסערער אויסוועג, גראָד אַזאַ וואָס איז אויך אַ מוסר השכל, אַ גליקלעכער מוסר השכל, פון אונדזער טראַגיש־פאַרשאָלטענער צייט. מיר מוזן זיך אויסלערנען צו לעבן מיט פונ־דאַמענטאַלע ווערטן לויט דעם וואָס זיי זענען אין זיך אַליין; ווערטן וואָס זייער עצם זינען באַשטייט אין דעם אַז זיי דינען פאַר אונדז ווי אַ מאָס צו מעסטן אַנדערע און אַלץ אין דער לעבעדיקער, מענטשלעכער וועלט, אָבער זיי אַליין ווערן ניט געמאָסטן מיט קיין שום אַנדערע מאָסן, ווייל זייער גרויסקייט ליגט אין זיי גופא.

מיר דאַרפן אין זיך אַריינברענגען דאָס געפיל, אַז דאָס וואָס ליגט אין סאַמע וואָרצל, דעם יידישן וואָרצל, פון דער מערבדיקער ציוויליזאַציע באַשטייט אין דעם אַז יעדער מיטגליד פון מענטשלעכן מין טראָגט אויף זיך דעם צלם אלקים. אָפּשיי פאַר מענטשלעך לעבן, הויכע אָפּשאַצונג פון דער פרייהייט פון יעדן יחיד, דאָס איז דער פונדאַמענט וואָס מיט אים הייבן מיר אָן. דער גאַנצער בנין פון אונדזער קולטור דאַרף געמאָסטן ווערן אויף וויפיל ער איז ניט קיין אָפּלייקענונג פונעם פונדאַמענט וואָס אויף אים ווערט ער אָוועקגעשטעלט.

יאָ פּראַקטישע נוצן, אָדער ניט; אַמאָל ליידן מיר דערפון וואָס אונדזערע געריכטן פעלט דאָס לעצטע פּינטעלע גבית עדות צו באַרויבן אַ מענטשן פון זיין פרייהייט. אַ סך אָפטער ווערן מיר ברויזנדיק־אומגעדולדיק מיטן קריכנדיקן גאַנג פון געזעץ דאָרט וואו אונדזער אומצופרידנקייט רייסט זיך צו שנעלע רעזולטאַטן. אָבער פולע געזעצלעכקייט ווי עס איז פאַרשריבן אינעם פאַרהייליקטן ספר — דער אמתער טייטש פון „עם הספר" — דרינגט אַרויס ווי אַ דירעקטער אָפּשטאַם פונעם דערמאָנטן פונדאַמענט פון אונדזער ציוויליזאַציע.

און נאָך עפּעס, שוין גאָר אַ וויכטיקער עפּעס, ספּעציעל נאָך די טראַגישע יאָרן וואָס אונדזער דור האָט איבערגעלעבט. אויב באַציאונג צום מענטשלעכן יחיד, צו היטן זיין פרייהייט און צו אַכפּערן דאָס וואָס איז אים טייער אין זיין לעבן — און שטערט ניט דאָס זעלביקע פאַר אַנדערע — איז אַזוי וויכטיק, דעמאָלט איז קלאָר אַז עס קען ניט זיין קיין אידעאַל פון צילן וועזן עס ווערט ניט לכתחילה פעסטגעשטעלט די מענטשלעכקייט פון די מיטלען אים צו דערגרייכן. פאַראַן אַ סך מאָטיוון אין דער מענטשלעכער נשמה וואָס ציען זיך צום רייץ און צויבער פון דער רעליגיעזער איבערלעבונג. אָבער איינס פון די ריזיקסטע אָפּעליר־כוחות וואָס רעליגיע האָט אַרויסגעוויזן איז בלי ספק דאָס וואָס אין צוגאָב צו די אחרית־הימימדיקע אידעאַלן, וואָס זי האָט געשאַפן, האָט זי מיטן גאַנצן כישוף פון ריטואַל, רעטאָרישן אויסדרוק, סטאַנדאַרד פון אויפפיר און מוסטערן פון אידעאַלע מעשים, אַקצענטירט די מיטלען, דעם פאַרהייליקטן דרך, וואָס פירן צו אירע צילן. די באַציאונג צום שכן וואָס דריקט זיך אויס אין ואהבת לרעך כמוך, צדקה, די ראַלע

פונעם יתום און דער אלמנה, די מידה פון עניוות, וואָס דאָס איז כולל אין זיך מען זאָל ניט אַרויסהייבן זיך איבערן אַנדערן; דער גאַנצער קאָדעקס אין אויפפיר, וואָס דער רעליגיעזער שולחן ערוך שטרייכט אונטער מיט אַזאַ דעצידירטקייט, איז אַ פּראָגראַם פון מיטלען וואָס גיסט זיך האַרמאָניש צונויף מיטן אידעאַל פון די צילן, באַשיצט און באַשירעמט דעם היינטיקן יחיד ווי אַן אָנזאָג פונעם גליק פון מאָרגעדיקן רבים.

מיר הערן היינט שוין גאַנץ זעלטן די אומצופרידנקייט פון אַ פּאַלש־אָריענטירטער אומשולד וואָס טענהט פּאַרוואָס מיר רעדן אַרויס אין איין אָטעם אונדזערע אומאיינגעהאַלטענע פּראָטעסטן קעגן קאָמוניזם צוזאַמען מיט פאַשיזם. ווי קען מען, פלעגן יענע נאַאיווע טענהן, אויסגיסן די זעלביקע מאָס ביטערקייט אויף אַזעלכע צוויי פאַרשיידענע מדרגות אין די עוולות פון צוויי צדדים וואָס זענען ממש וועלטן־ווייט איינער פונעם צווייטן? סוף כל סוף איז דאָך קאָמוניזם געבוירן געוואָרן אין שויס פון אַ גרויסן וועלט־אידעאַל וועגן אַ געזעלשאַפט פון פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטיקייט פאַר אַלע מענטשן. אמת, אויפן וועג צום ציל טוען די קאָמוניסטן אָפּ זייער שלעכטע זאַכן. מען קען דאָך אָבער ניט אַרויסלאָזן פון חשבון דעם גרויסן ציל וואָס איז תמיד געווען און איז איצט זייער וועגווייזער. ווי קען מען זיי פאַרגלייכן מיט די נאַציס וואָס זענען לכתחילה געקומען מיטן ציל אויס־צוראָטן אָדער פאַרשקלאַפן דעם איבעריקן טייל פון דער גאַנצער מענטשהייט?

אַזעלכע טענות זענען שוין איצט, מצד ניט־קאָמוניסטן, אַ זעלטנקייט. דאָרט וואו שכלדיקע אַרגומענטן האָבן ניט געקענט העלפן, האָט זיך ביס־לעכווייז אָנגעקליבן אַ געזונט לעבנס־געפיל און געראָטעוועט. דאָס דאָזיקע געפיל שרייט צו אונדז פון דער טיפעניש פון דער נשמה, אַז צילן קענען ניט דערוויטערן קאָמוניזם פון נאַציזם, דאָרט וואו מיטלען דערנעענטערן זיי; אַז די אמתע שייכות צווישן מענטש און מענטש און צווישן באַוועגונג און באַוועגונג ליגט אַ סך ווייניקער אין דעם וואָס זיי זאָגן צו אויף מאָרגן ווי אין דעם וואָס זיי טוען היינט. דער סטאַלין־היטלער אָפּמאַך איז ניט געווען בלויז אַ פּאָליטישער אַקט, נאָר אויך אַ שניידיקער סימבאָל פונעם געדאַנק, אַז דאָרט וואו מיטלען גיבן זיך די הענט האָבן צילן אַ קנאַפּן ווערט.

דער כאַראַקטער פון אַנגענומענע מיטלען מוז בלייבן די מאָס צו מעסטן די געהייבנקייט פון די צילן. זאָל דאָס זיין דער פירנדיקער וועגווייזער צו באַשטימען הויכע און נידעריקע קולטורן, צו דערנעענטערן צום מענטשלעכן האַרצן דעם זינען פון אַ לעבן וואָס איז ווערט געלעבט צו ווערן.

(1958)

# היפּאָקריטן

אַמאָל, אַמאָל, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק אַז יעדער מענטש ווען ער גייט אַרויס אין דער פרי צו זיין טעגלעכער באַשעפטיקונג, נעמט מיט אַ שפּיז אין קעשענע און אַ שמייכל אויף די ליפּן. ביידע האַלט ער גרייט אויף אויסצוטיילן גערעכטיקייט, אָדער אומגערעכטיקייט, לויט געלעגנהייטן און פאַרדינסטן. היינט האָב איך די דאָזיקע מיינונג געביטן. איך האָב, דאַכט זיך מיר, שלעכט אויסגעטייטשט אי דעם כאַראַקטער פון דער שפּיז, אי די טבע פונעם שמייכל. נאָך אַלעמען אויב שפּיז און שמייכל זענען ניט דער מענטש גופא נאָר די אינסטרומענטן זיינע, טאָ ווער און וואָס איז ער אַליין? איז ער שפּיז? איז ער שמייכל? און אפשר גאָר — וואָס ליגט זיך שוין גאָר־ניט אויפן שכל — איז ער בלויז אַ קאַלטע נייטראַלע מאַשין וואָס אַרבעט לויטן דרוק פון אַ דרויסנדיק קנעפּל?

ווי געזאָגט, איך האָב מיין מיינונג געביטן, און דערמיט האָב איך זיך געזעגנט מיט אַ גרויסן קרייז פון מיינע מיטבירגער אין דער וועלט. וואָרעם דאָס רוב מענטשן האַלטן טאַקע אַז כאָטש זיי אַליין זענען אַנדערש, אָבער אַלע שכנים זייערע — איז אָדער־אָדער: אָדער זיי קילן זיך אינעם גלאַנץ פון דער שפּיז, אָדער זיי וואַרעמען זיך אינעם אָפּגאַרערישן ליכט פונעם שמייכל. אַזוי גייען מיר אַרום אין דער וועלט וואָס ליידט פון אַ טראַגישער צעטיילונג, צווישן אַן „איך" און „אַנדערע", וואו „אַנדערע" איז אַ מין קעסטל, וואוהין מיר וואַרפן אַריין אַלץ וואָס מיר רייסן אָפּ פונעם „איך".

דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק. איך האָב געוואוינט צוזאַמען מיט אַ יונגן אַנאַרכיסט, אַ סטודענט, אין אַ קליינער אוניווערסיטעט־שטאָט. ווי זיין פאַרגעטערטער רבי קראָפּאָטקין, איז דער דאָזיקער יונגערמאַן געווען געטריי און ערלעך זיינע אידעאַלן, אָבער אין זיין געוויינלעכער נאַאיווקייט איז ער שוין גאָר ניט ענלעך געווען צו זיין רביק, דעם וועלט־געלערנטן.

און אָט זע איך אים אין אַ זונטיק אין דער פרי אַריינלויפן אין צימער צעטראָגן, נערוועז. דער מאַנטל צעקנעפּלט, די האָר צעפּאַטלט, די הענט וואַרפן זיך אומריטמיש אויף אַלע זייטן, די ליפּן מורמלען בייז, ווי דורך אַ שוים: „היפּאָקריטן, מיאוסע היפּאָקריטן!"

— וואָס האָט געטראָפן מיט אייך? ווער זענען דאָס די מיאוסע היי־פּאָקריטן?

— איך האָב נאָר וואָס געזען פּראָפעסאָר רעסלערן אַריינגיין אין אַ קירך. ער ווייס דאָ יאָ אַז ס'איז שווינדל און גנבה און גזלה. ער, אַזאַ גרויסער וויסנשאַפטלער ווי ער איז, אים קען מען דאָך ניט איינשמועסן די אַלע נאַריש־קייטן. און דאָך... נו, יאָ, איך פאַרשטיי, אַ פּאַסקודנע וועלט, היפּאָקריטן, אַלע

היפּאָקריטן. איצט וועט ער מיך ניט נאַרן מיט זיינע זיסע ריידעלעך. היפּאָ־קריטן, מיאוסע היפּאָקריטן, דאָס גאַנצע געזינדל.

דער דאָזיקער אויסבראָך האָט געהאַט זיינע אָפּענע סיבות. פּראָפעסאָר רעסלער איז געווען זיין ליבלינג־אויטאָריטעט. פּראָפעסאָר רעסלער איז, אין איינעם פון זיינע קורסן, אָנגעפאַלן אויף דער קירך פאַר איר באַציאונג צו וויסנשאַפט אין מיטלאַלטער און פאַר אירע בייזע טענות צו דאַרווינען. דערמיט האָט ער כּישופדיק געפּאַנגען דאָס האַרץ פון מיין מיט־וואוינער. און דאָ גאָר — דערצו נאָך זונטיק — אין קירך. דאָס איז פאַר אים געווען אַ שווערער קלאַפּ. עס האָט אויפגעטרייסלט זיין מאָראַלע וועלט, וואָס פון דאָרטן איז טאַקע געקומען דער דינאַמישער אויפרייס: היפּאָקריטן, היפּאָקריטן.

מען קען זאָגן: הייליקע נאַאיוויטעט, מען קען זאָגן: שמאָל־קעפּיקער פאַנאַטיזם. אָבער ניט אין דעם גייט עס. לאָמיר זען אינעם געבראַכטן ביישפּיל אַ גאַנץ באַשטימטע דענק־סיסטעם וואָס איז מוראדיק פאַרשפּרייט אויף אונדזער זינדיקער ערד. עס שטעקט אין דעם אַ ניט־אויסגעדריקטער טעאָ־רעטישער צוזאַנג, אַ מין פּסיכאָלאָגישע אינטערפּרעטאַציע פון מענטשלעכע האַנדלונגען, אַן אינטערפּרעטאַציע וואָס באַפאַרבט גאַנץ קענטיק אונדזערע באַציאונגען צו מענטשן, אונדזערע געזעלשאַפטלעכע שטעלונגען אין פאַר־שיידענע מאָמענטן. פאַרוואָס זאָל דער געוויינלעכער שכל געפינען אַזאַ זיכערן אמת אינעם אויסגעשריי: היפּאָקריט? פאַרוואָס זאָל די דאָזיקע טעאָריע גע־פינען אַזאַ רייץ אין די אויגן פון דער אויבנאויפיקער לאָגיק?

על פּי שכל הישר וואָלט דאָך געדאַרפט פאָרקומען פּונקט פאַרקערט. אויפ־ריכטיקייט און אמת זענען ניט קיין קאָמפּליצירטע פּראָצעסן און זיי פאָדערן ניט קיין באַזונדער אָנשטרענגונג. אַן אַלט שפּריכוואָרט זאָגט, אַז נאַראָנים און קינדער זאָגן קיין ליגן ניט. זיי מאַכן זיך דאָס לעבן אַ סך לייכטער דורך זאָגן דעם אמת. אַ חיבור־מאַשין נאַרט קיינמאָל ניט אָפּ. אַ זייגער פאַרמאָגט ניט קיין „פּאָליטישן טאַקט" און רייסט אויף פון שלאָף סיי די גוטמוטיקע, סיי די קפּדנים מיט דער גרעסטער גלייכגילטיקייט. און דער הונט וואָס בילט אויף דער לבנה וואָלט מסתמא געטאָן דאָס זעלבע ווען ער וואָלט אין אַ פינצ־טערער נאַכט דערזען דעם פּליך פון אַן אַלטן פּראָפעסאָר. ער ווייס ניט קיין חכמות און האָט ניט קיין איינזעעניש. ער איז אויפריכטיק און שטעלט זיך איין פאַרן אמת.

ווען די צונג זאָגט דאָס וואָס די חושים רעגיסטרירן, ווען די פיס טראָגן זיך אַהין וואו דער שכל הייסט, ווען דאָס האַרץ פרייט זיך מיט דעם וואָס רייצט און צערטלט — וואָס פאַר אַ לייכט און גלאַטיק לעבן דאָס איז. אַזאַ לעבן ווייס ניט פון קיין צער און זוכט ניט קיין עצות, ווייל עס ווערט ניט צעריסן פון קיין קאָנפליקטן. אַ לעבן אָן קאָנפליקטן איז פּטור פונעם פּרווידי־אַנישן אומבאַוואוסטזיין וואָס איז באַזעצט מיט פאַרשטויסענע געפילן, מיט

אַ פּײַנלעכן רײַסן זיך צו דער ליכטיקער שײַן, און מיט דער מאַטערניש פון צוריקהאַלטן די דאָזיקע אומגליקלעכע ווידערשפּעניקער.

קאָנפוציוס זאָגט: „אַ מענטש אָן אמתדיקייט — איך פאַרשטיי ניט ווי דאָס קען זײַן". אָבער לויטן בוכשטעבלעכן טײַטש פון די ווערטער איז דאָס גאָר ניט אַזאַ הויכע מדרגה. מען קען דאָס אײגענע זאָגן וועגן יעדער באַשעפעניש, אַפילו וועגן דער מינדסטער מאַשין. אַ הויכע מדרגה ווערט דאָס ערשט דעמאָלט, ווען דער אמת רײַסט זיך דורך דורך שטעכיק דראָט, ווען ער טראָגט אויף זיך די מלחמה־צייכנס פון ביטערע קאָנפליקטן. אָבער דאָס, אָנשטאָט צו באַשווערן פאַרלײַכטערט עס גאָר דעם וועג צום אמת, ווײַל די וועלט ליגט אַרויף אויף זײַן וואָגשאָל אַן איבעריק שווערע וואָג וואָס היפּאָקריטישקייט פאַרמאָגט ניט.

דער כאַראַקטער פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן איז אַזאַ, אַז עס איז תמיד אָנגעוויזן אויף דער אויפריכטיקער רעגיסטראַציע פון געשעענישן. מיר ריכטן זיך אַז יעדער מענטש וואָס גיט איבער אַרומיקע פּאַסירונגען און אינעווייניקסטע איבערלעבענישן, איז מעכאַניש געטריי צו די פאַקטן. דאָס רופט אַרויס אין אונדז די ריכטיקע אָריענטאַציע אין די סאָציאַלע לאַבירינטן און די פיזישע פּראָצעסן פון דער וועלט. אַ ליגן טרייסלט אויף, שאָקירט, ווײַל ער נעמט אַוועק די זיכערקייט פון אונדזער טראָט, פּילט אָן די ווירקלעכקייט מיט שאָטנס און עפנט אויף וועגן וואָס פירן, אָן אונדזער וויסן, צו אַ בלינדער וואַנט.

די צרה פונעם ליגן איז ניט אין זײַן פאַלשקייט, נאָר אין דעם וואָס ער וויל מאַכן דעם אײַנדרוק פון אַן אמת, וואָס ער איז זיך סומך אויף אונדזער טיפער, אײַנגעשפּאַרטער גלייביקייט, און נוצט זי אויס אויף אַ פאַרשווענדערישן אופן. פאַראַן מענטשן וואָס קאָפּן ניט די אומגעהייערע נפקא מינה צווישן „ניט־אמת" און „ליגן", וואָס פאַרשטייען ניט פאַרוואָס מיר באַליידיקן זיך אַזוי שטאַרק ווען מען וואַרפט אונדז אין פּנים אַרײַן „ליגן!" בעת מען האַלט פאַר גאַנץ קאָרעקט ווען מען זאָגט „ניט אמת". ניט־אמת און ליגן — וואָסער געוואַלדיקער אונטערשייד צווישן זיי. דאָס ערשטע קען זײַן גאַנץ אָנגענעמער, וויציקער צייט־פאַרטרייב, דאָס צווייטע קען פירן צו ערנסטע צרות, אַפילו צו אומגליק. ווען מען זאָגט אַז צוויי מאָל צוויי איז אַ לאָקשן קוגל, איז דאָס זיכער פאַלש, ניט אמת, אָבער ניט קיין ליגן. עס קען קיינעם ניט פאַרפירן, עס איז ניט די עובדא פון אַזאַ זאָגעכץ עמעצן צו פאַרפירן.

אַ ליגן איז אײַגנטלעך אַן אמת אין אַ דעגענערירטן צושטאַנד. דערפאַר איז ער סאָציאַל־צעשטערעריש. אויך אַ ניט־אמת קען אַמאָל אָנטאָן גרויסע צרות. אַ פאַלשער ענטפער אויף דער פראַגע: ווי שפּעט איז? קען פירן צו פאַטאַלע רעזולטאַטן. אָבער אויב דער ענטפערער האָט ניט געמיינט באַוואוסטזיניק שלעכטס צו טאָן, דעמאָלט איז דאָ קיין מענטשלעכער שולדיקער ניטאָ. דאָס נעמט אָוועק פונעם שאָדן זײַן עכטן סאָציאַלן כאַראַקטער. וואָרעם דער

חילוק צווישן ניט־אמת און ליגן וואָרצלט אין דער כוונה, און כוונות דאָס זענען די דינע אָבער אייגנאַרטיקע פעדעם וואָס רינגלען אַרום דאָס „פינ־טעלע מענטש" אין גאַנצן סאָציאַלן געוועב.

איז דעריבער קיין חידוש ניט פאַרוואָס דער אמת ווערט באַטראַכט ווי אַ גרויסע מעלה, איז געוואָרן דער אידעאַל פון רעליגיעס, די העכסטע נאָרם פון מענטשלעכן אויפפיר, און אַ ווינקלשטיין אין יעדער עטישער געביידע. אויפריכטיק און אמת, די סאַמע איינפאַכסטע קאָמפּליקאַציעס אין אונדזער פסיכיק, האָבן זיך דערהויבן צו די העכסטע קאָמפּליקאַציעס ווען שטרויכ־לונגען באַשווערן זייער וועג. מיר זינגען לויב־לידער צו די וואָס שטעלן זיך איין פאַרן אמת און ציטערן מיט יראַת הרוממות ביים נאָמען פון מאַר־טירער.

אָבער דאָס אַליין וואָלט דאָך געדאַרפט געוואַלדיק פאַרקלענערן די צאָל היפּאָקריטן, אַפילו ווען היפּאָקריטישקייט וואָלט געווען די נאַטירלעכע מענטשלעכע טענדענץ. היפּאָקריטן — מיר זענען דאָך תמיד גרייט צו באַ־דעקן זייערע קעפּ מיט שאַנד און אַרויסרעדן זייערע נעמען מיט גיפטיקער פאַראַכטונג. דערצו זענען מיר אַלע עדות וויפיל מאָל מען האָט שוין יעדן פון אונדז געוואָרפן דעם דאָזיקן העסלעכן, בלאָטיקן שטיין אין פענצטער, בעת מיר האָבן זיך געפילט אַזוי אומשולדיק־ריין. פאַרוואָס זאָל דאָס אַליין ניט ווירקן אַז מיר זאָלן זיין גרעסערע מפונקים ווען מיר דאַרפן אויסטייטשן די האַנדלונגען פון אַנדערע ?

ווי געזאָגט, איז גאָר אמתדיקייט אונדזער נאַטירלעכע טענדענץ ווען קיין אבן נגף שטעלט זיך אונדז ניט אין וועג. און ווייל דאָס איז נאָרמאַל פאַר אונדז דעריבער איז גאָר ניט אַזוי לייכט צו שפּילן אַ פרעמדע ראָלע, צו ווערן אַן אַקטיאָר אין טאָג־טעגלעכן לעבן, און צו טראָגן שטענדיק אַ מאַסקע פאַר קינד און קייט. צו טראָגן אַ מאַסקע איז אַן אַרבעט, אָפט אַ שווערע האָרעוואַניע וואָס מאַטערט אויס. מענטשן וואָס זענען מחויב צו טראָגן מאַס־קעס ביי ספּעציעלע געלעגנהייטן, זוכן די מעגלעכקייט אַראָפּצוּוואַרפן די דאָזיקע משא פון זייערע פּנימער, און זיי אָטעמען אָפּ פריי און שיינען מיט צופרידנקייט ווען דאָס געלינגט זיי. דער אַזוף טיפּ איז אַן אומנאָרמאַלער מענטשלעכער עקזעמפּלאַר, און איז איינער פון די זעלטנסטע פּאַטאַלאָגישע פאַלן וואָס אונדזער מין פּראָדוצירט. און אַפילו ביי אַזעלכע איז נאָך ווייט ניט געדרונגען אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט פּשוטער היפּאָקריטישקייט. אויפן רעקאָרד פון אומנאָרמאַלער פּסיכאָלאָגיע זענען פאַרצייכנט געגנוג פאַלן פון צוויי־פּנימדיקייט וואָס ווערן דערקלערט אַ סך בעסער און גרינטלעכער דורך גאָר אַנדערע טעאָריעס איידער דורכן אויסגעשריי „היפּאָקריט". לויט יענע טעאָריעס איז אַזאַ מענטש אויפריכטיק און אמתדיק אין ביידע קעגנערישע עקסטרעמען וואָס ער פאַרטרעט. ער פאַרמאָגט צוויי היפּוכדיקע נשמות, אַזוי צו זאָגן, און ביידע וואוינען אינעם זעלביקן גוף. וויסנשאַפטלער פילן

זיך געצוואונגען אָנצונעמען אַזעלכע טעאָריעס, ווײַל שטענדיקע היפּאָקריטיש־קייט — אין ליכט פון די פאַקטן פון מענטשלעכן פּסיכישן לעבן — איז אַזוי שווער, פּשוט אוממענטשלעך צו פאַרשטיין.

די מעגלעכקייטן פאַרן פאַרברעכערישן היפּאָקריט זענען, ווי מיר זעען, גאַנץ שוואַך, ממש נישטיק; די וועגן וואָס פירן צו אַזאַ טיפּ — שמאָל און דערנערדיק. אויף דעם גיבן שוין אַכטונג אי אונדזערע נאַטירלעכע טענדענצן, אי די אומגעהייערע מאָראַלע וואָג וואָס איז קעגן דעם, אי די אייזן־שווערע לאַסט פון טראָגן אַ מאַסקע אויף זיך. און דאָך, ווען מיר ווילן דערקלערן דאָס לעבן פון אַ פאַרהאַסטן קעגנער, וועט אונדזער מאָמענטאַלער שכל זיך ציען צו דער דאָזיקער אויסטייטשונג ממש ווי מיט אַ כּישוף. עפּעס ליגט אַ מערקווערדיקער רייץ אין אַזאַ טעאָריע, כאָטש די שעדלעכקייט דערפון איז לייכט איינצוזען. אַזאַ אויסטייטשונג מוז דאָך נאַטירלעך באַפאַרבן, און אַפילו באַשטימען, אונדזער עצם צוגאַנג צו אַזעלכע קעגנער סיי אין פּריוואַטן, סיי אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. וואָרעם אויב די טעאָריע איז אַ פאַלשע, וועט דאָך אויך דער פאַלשער צוגאַנג ברענגען מער שאָדן ווי נוצן. היינט וואו ליגט ערגעץ דער רייץ וואָס די דאָזיקע טעאָריע האָט פאַר אונדז? ער ליגט אין דער אויפריכטיקייט און דער אמתדיקייט וואָס וואָרצלען אין אונזער טבע. דאָס איז דער חסרון פון אַ גרויסער מעלה. דאָס באַצאָלן מיר דעם שווערן צינדז פון געניסן פול און מענטשלעך פון אַ גרויסן מענטשלעכן אידעאַל.

די מענטשלעכע געזעלשאַפט — אין דער אמתן ניט קיין געזעלשאַפט, נאָר געזעלשאַפטן, פאַרשיידענע גרופּירונגען אין וועלכע יעדער פון אונדז איז פאַרוויקלט — באַפאַרבט יעדן טאָט פון אונדזער לעבן, אפילו די אויפנעם־פונקציעס פון די חושים. אַזוי זענען אַפילו אויער און אויג סאָציאַלע חושים, און ווען אַן אַמעריקאַנער אימיגראַנט קען ניט געפינען קיין טעם אין זיסע קאַרטאָפל, איז דאָס דערפאַר ווייל זיין צונג איז געגאַנגען אין שול ביי אַן אַנדער געזעלשאַפמלעכער גרופּירונג, וואו אַזאַ מין גרינס איז ניט בנמצא. אַזוי ווערט אונדזער שפּירן, פילן און דענקען אַ קיילעכדיקער אוניווערס וואָס באַגייסטערט אונדז מיט זיינע אמתן, וואָס גיט זיך אונדז איבער ווי אַ געטרייע קאָפּיע פון דעם וואָס איז און דאַרף זיין. מיר באַנעמען סיי דיווירקלעכקייט, סיי די מעגלעכקייטן פון דער וועלט אין דער ריכטונג פון די אַנטפּלעקונגען און פאַרהוילנקייטן פון אונדזער איינגעשטעלטן אוניווערס. אָן אָפּנייג פון דעם — דאָרט וואו קיין אַנדער דערקלערונג וואַרפט זיך אונדז ניט גלייך אין די אויגן — זעט אויס אַ בכבודיקער אָפּנייג פונעם אמת. און ווייל קיין געזונטער מענטשן־פאַרשטאַנד קען זיך ניט לאָזן אויף אַזאַ וועג, וואָס איז קעגן זיין נאַטירלעכער טענדענץ, איז דאָס מסתמא היפּאָקריטישקייט.

אַזאַ באַשולדיקונג שליסט קודם־כּל איין אונדזער פיינטלעכן קעגנער אין אונדזער אייגענער סאָציאַלער ספערע. וואָרעם דורך מאַכן אים פאַר אַ היפּאָקריט צווינגען מיר זיך צו גלויבן, אַז אין דער אמתן איז אָפילו אין

אונדזער שונאס אויגן אונדזער אמת דער איינציק מעגלעכער. דאָס פֿאַרפּעס־טיקט אונדזער אייגענע פּאָזיציע, פֿילט אָן אונדזער לעבן מיט אָביעקטיווער זיכערקייט, און שאַפֿט אין אונדזער געמיט אַן אינעווייניקסטע האַרמאָניע צווישן אונדזער פּסיכישן לעבן און דער דרויסנדיקער וועלט. און וואָס זוכן מיר דען אין אונדזער צעריסנקייט, אין אונדזערע שטענדיקע גייסטיקע קאָנ־פֿליקטן, אויב ניט אָט די אויסגעחלומ׳טע זיסע האַרמאָניע?

אַזוי ווערט פֿונעם ״שפּיי ״היפּאָקריט״, וואָס צילט גאָר אין יענעמס פּנים, אַן איינשטילנדיקער באַלזאַם פֿאַר אונדזערע אייגענע וואונדן. אַ באַלזאַם? יאָ, אַזוי שלעפּערט אונדז איין די אילוזיע. אָבער על פּי רוב ווערט פֿונעם באַלזאַם אַ סם, וואָס פֿאַרביטערט און צעשטערט. אַזעלכע באַשולדיקונגען מאַכן אונדז בלינד צו די וואָס זייערע מיינונגען זענען אונדז ניט ליב. דער האַס ווערט פֿאַרשטאַרקט פֿון ביידע צדדים, און אַנשטאָט דעם פֿאַרוויגטן שלום פֿון אינעווייניקסטער האַרמאָניע, צעבלאָזט זיך גאָר דאָס שרעק־בילד פֿון קריגערישן שטורעם. אָבער מיר פֿילן זיך ניט שולדיק, מיר ווייסן דאָך אַז ״זיי זענען היפּאָקריטן״. אַזוי טרייבט אונדז דער גאַנג פֿון פֿיין־אָרגאַני־זירטע שטראָמען אין אונדזער נשמה, וואָס ווערן פֿאַרגליווערט און רייסן זיך אַרויס אין אַן אימפּולסיוון אויסבראָך.

און דאָך, ווען אַ ליכטיקע לויטערקייט באַפֿאַלט אונדזער מוח, כאַפּן מיר אויף דעם טונקעלן פֿלעק, די פֿאַלשקייט וואָס אין אַזאַ אויסטייטשונג שטעקט. פֿאַלש, אָבער שווער דאָס איינצוזען גראָד דעמאָלט ווען דער שטורעם גרייט זיך אין אונדז.

מוז דאָס אַזוי זיין? זיכער ניט. און דאָך, ווען דער אַלטער סאָפֿאָקל טרייסט אונדז מיטן געדאַנק, אַז ״אַ ליגן קען קיינמאָל ניט דערלעבן אַלט צו ווערן״, איז דאָס בלויז אַ ליבע טרייסט. פֿאַראַן גענוג אַזעלכע טונקעלע באַשעפֿענישן אין מענטשלעכן גייסט וואָס טעאָרעטיש זענען זיי שוין לאַנג צעפֿוילטע סקעלעטן, און דאָך, פּראַקטיש, גייען זיי אַרום אויף דער וועלט מיטן גלאַנציקן שטאָלץ פֿון אייביקער יוגנט. די פֿאַלשע אויפֿפּאַסונג וואָס ליגט אין די צו־אָפֿטע אויסגעשרייען: היפּאָקריט, באַווייזט אַז אַ ליגן קען לעבן און געדייען אָן אַ סוף, אָן אַן ענד.

(1936)

# אַן עצה צו אַן יונגנמאַן וואָס וויל ווערן אַ רבי

הייסט עס, אַז איר ווילט ווערן אַ רבי ביי יידן. איז דאָס טאַקע אַ שווערער וועג און אַ הויכע מדרגה. איך פאַרשטיי, אַז איר מיינט ניט „רבי" אין טראַדיציאָנעלן זינען פון וואָרט. ווי קומט דאָס צו אייך? אַ מענטש, אַ מאָדער־נער, אַריינגעטאָן אין דער טעאָלאָגיע פון דער לעצטער רגע, מיט אויגן ווי צוויי גלאַנציקע פלאַקאַטן מיט לאָזונגען פון היינט־צייטיקייט, דער גאַנצער הילוך אייערער איז דאָך אַ מין פּראָטעסט קעגן דעם נעכטיקן טאָג. ווי קען איך אייך חושד זיין אין טראַדיציע? און דאָך פאַרשטיי איך פאַרוואָס איר האָט אויסגעקליבן אַזאַ אַלטפרענקיש וואָרט — רבי. וואָרעם אין איצטיקן יידיש איז טאַקע ניטאָ קיין וואָרט פאַרן וועגווייזער, פאַר דעם וואָס וועקט און באַגייסטערט די כוחות און די פאַנטאַזיע פון פאָלק. אַמאָל האָבן אונדז אַזעלכע ווערטער ניט אויסגעפעלט: תנאים, אמוראים, גאונים, רבנים, דיינים, ראשי קהל. היינט איז אונדז געבליבן — וואָס? אפשר „קולטור־טוער"? דאָס קלינגט מיר אָבער ווי אַ ניט־געלונגענע פּאַראָדיע אויף כלל־טוער. דער חילוק איז בלויז וואָס דער כלל־טוער האָט כאָטש געהאַט צו טאָן מיט אַ קאָנקרעטן, לעבעדיקן כלל, בעת דעם קולטור־טוער איז בלויז געבליבן עפּעס אַ בלאַסע אַבסטראַקציע — קולטור. און וואָס איז דען אַ קולטור־טוער? אַ מענטש וואָס, אָדער ער אַליין איז אַ רעדנער אויף מיטינגען, אָדער ער וויל אַז אַנדערע זאָלן זיך אָפּגעבן מיט דער דאָזיקער מלאכה.

זעט איר, ווען עס קומט צו די וואָס דאַרפן זיין אָנהענגער, נאָכפאָלגער, בראַוואָ־פּאַטשער, פאַר זיי האָבן מיר געשאַפן אַ גאַנץ נישקשהדיקן וואָקאַבולאַר: געדיכטע מאַסן, ברייטע מאַסן, אַרבעטער־מאַסן, פאָלקס־מאַסן. די מאַסן האָבן מיר ווי עס איז באַזאָרגט. ווען עס קומט צו דער אָנפירנדיקער פּערזענלעכ־קייט, זענען מיר שפּראַכלעך אַזוי הויל און נאַקעט אַז ס'איז פּשוט אַ רחמנות אויף אונדז. טיילמאָל באַנוצן מיר זיך מיט „פירער", אַ וואָרט וואָס אויף אונדזער פעלד איז עס ניט געוואַקסן, און דאָס וואָס איז געבליבן דערפון איז „וואָרט־פירער". אָבער פון פירן ווערטער ביז פירן מענטשן איז פאָלג מיך אַ גאַנג. און אפשר פעלן אונדז די טערמינען ווייל די מענטשן זענען ניטאָ? דאָס איז אַ השערה וואָס לייגט זיך זייער שטאַרק אויפן שכל. פאַרשטייט איר דאָך שוין, ווי גוט מיר איז געוואָרן אויפן האַרצן ווען איך האָב געהערט פון אייער אַמביציע — רבי, באַרג־קלעטערער, בשורה־אָנזאָגער, ליכט־אָנצינדער, דאָס פאָלק איז דאָך שוין מיד און פאַרמאַטערט פון די רעדנער.

און אפשר האָט איר אויסגעקליבן דאָס וואָרט „רבי" צוליב אַ געוויסן פּרינציפּ, אַ געוויסער אחריות, וואָס ליגט דערין פאַרבאָרגן. דער ייד־הקדוש איז געווען אַ רבי, אָבער דער מינדסטער מלמד וואָס לערנט מיט קליינע קינדער איז אויך אַ רבי. אַ רבי דאַרף זיין אי דער לערער פון זיין עדה, אי

דער מוסטער־מענטש: ער ווערט גרויס ווען ער איז עפּעס מחדש, און נאָך גרעסער ווען ער איז עפּעס בכלל. איז אויב איר האָט דאָס אין זינען געהאַט ווען איר האָט אויסגעקליבן דעם טראַדיציאָנעלן נאָמען, אַזוי גוט און וואויל איז צו אייך. גיב איך אייך מיין ברכה און ווינטש אייך איר זאָלט מצליח זיין אויף אייער שווערן, זייער שווערן, וועג.

אָבער אַפילו „רבי״, זענען אויך פאַראַן אַ סך וועגן, ריכטונגען, מוסטערן; וועלכן ווילט איר אויסקלייבן? רבי — דאָס איז סתם געזאָגט. פאַראַן אַזוי פיל שיטות און דרכים — ניט איבערצוציילן. פון בעש״ט ביזן היינטיקן טאָג האָט די אומדערבאַרעמדיקע צייט אָפּגעמעקט די קנייטשן און די שפּיצן פונעם טערמין וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַרן חסידישן טיש־פירער. דאַרף מען שוין ווידער אויסקלייבן, דאַרף מען שוין פּינקטלעכער טייטלען מיטן פינגער אויף דער אידייע, אָדער אויף אירס אַ מאָדעל, און זאָגן: אָט־אָ־דאָס מיין איך. איז וואָס־זשע מיינט איר טאַקע? וואָסער סאָרט רבי האָט איר אין זינען:

איך זע פאַר זיך צוויי עקסטרעמע מאָדעלן, און בולטע, זייער שאַרפע עקסטרעמען איז דאָס בעסטע מיטל צו אילוסטרירן אַ געדאַנק. איך זע צוויי היפּוכדיקע וועגן: דעם קאָצקער און דעם ניו־יאָרקער, און ווען מיר וועלן זיך באַקענען מיט זיי וועט, דאַכט זיך מיר, גאַנץ קלאָר ווערן וואָסער וועג אַזאַ יונגערמאַן ווי איר וואָלט געדאַרפט אויסקלייבן. קאָצק און ניו־יאָרק — וואָסער וועלטן־ווייטער מהלך צווישן זיי. אָבער מיין דור איז באַשערט געוואָרן ביידנס אָטעם צו דערפילן; אָט לעב איך איצט אין ניו־יאָרק און שפּיר דאָס בילד פון קאָצק אַזוי ווי עס וואָלט מיר פון די ברעמען אַראָפּ־געהאַנגען. קאָצק און ניו־יאָרק — מיין דור איז ביכולת צו משפּטן.

דער אָפּגלאַנץ פון ר׳ מענדעלע קאָצקער איז אויף מיר געפאַלן נאָך אין די ווייכערע יאָרן פון מיין קינדהייט. לעצטנס האָט די שאַרף פון זיין בליק מיך דורכגענומען אין שלום אַשס „תהלים־ייד״. זיין בליק האָט ניט צע־וואַרעמט, און קיין ליבשאַפט ניט געוועקט, נאָר אָנגעיאָגט אַ קילן פּחד, אַ פּחד פאַר די טיפע סודות פון וועלט און מענטש, אַ פּחד פאַר דער אייגענער קליינלעכקייט. דער קאָצקער איז געווען אַ קפּדן, זיין צאָרנדיק וואָרט האָט געשמיסן ווי מיט אַ בייטש יעדע טאָג־טעגלעכע נישטיקייט וואָס איז אים אַנטקעגן געקומען. געמיינט האָט מען אַז דאָס קען ער קיין שלום ניט מאַכן מיט די מענטשלעכע שוואַכקייטן פון זיינע חסידים, אין דער אמתן איז דאָס געווען אַן אויסדרוק פון זיין אייגענער אינעווייניקסטער מלחמה, פון ניט קענען שלום מאַכן מיט זיך אַליין.

ער איז ניט געווען קיין הייליקער, קיין פראַנציס פון אַסיסי, און די לייטערונג וואָס קומט פון באַפרייען זיך פון עולם הזה איז זיין ציל ניט געווען. ער האָט ניט סתם אַזוי געבליצט מיט פּשט׳לעך, חידושים, איינפאַלן, ווערטלעך, מיט צונויפברענגען פּסוקים און מאמרי חז״ל, ווי אַ וואַנט מיט אַ וואַנט. אויך דאָס איז זיין ציל ניט געווען. ווי ביי יעדן עכטן רבין ביי יידן

איז זיין ציל געווען מקרב צו זיין די גאולה, משיח, באַפרייען דאָס פאָלק פון די מוראדיקע יסורים וואָס זענען אויף אים אויסגעגאָסן געוואָרן.

זיין לאָגישער קאָפּ און קלאָרער מוח האָבן אים דערנענטערט צום רמב״ם, צום מורה נבוכים, צו דער אידייע פון שלטון השכל. אָבער לויטער שכל איז אַ געפערלעכער רעיון. וואָס זאָל טאָן דער הדיוט? פון וואַנען וועט קומען זיין חלק אין עולם־הבא? וואו געפינט זיך זיין פלאַץ אין דער גאולה, אין דער אויסלייזונג פון זיין פאָלק, פון דער וועלט? איז ער געזעסן טעג און נעכט אין זיין חדר מיוחד, געשפונען זיינע געוועבן, געוואַנדערט אין די עולמות עליונים, און געזוכט אַן אויסוועג. און זוכנדיק האָט ער זיין פירערשאַפט פאַרשפּרייט, ווייל ער האָט אַ ניי לעבן געבויט.

ער האָט געטריבן פון זיך די רייכע אַרענדאַרן, און די תקיפים, וואָס האָבן בלויז געוואָלט זייער חושך אָפּטונקען אין זיין ליכט, און ער האָט ניט געוואָלט זיך אַריינמישן אין די קליינע טאָג־טעגלעכע דאגות פון זיינע חסידים. האָט עמעצער געדאַרפט אויסגעבן אַ טאָכטער, האָט ער קיין שדכן ניט געוואָלט זיין; האָט עמעצער געבעטן אויף געזונט און אַריכת ימים — איז דאָך דערויף פאַראַן אַ רופא; גייט עמעצן שלעכט אין פּרנסה — איז ער דאָך אַ רבי, ניט קיין מעקלער. ער האָט בלויז געזען דאָס גרויסע, דאָס גרעסערע, דעם גאַנצן כלל, און יעדן יחיד, וויפיל ער קען אין זיין שלמות סימבאָליזירן דאָס העכערע פונעם כלל.

האָט ער זיך אַרומגערינגלט מיט אַ קליינער כיתה יונגע חסידים, וואָס זייער געדאַנק איז נאָך געווען פריש גענוג צו פאַרשטיין זייער רבין, און לויטער גענוג צו דערזען זיין וועג. זיי האָבן געאַרבעט צוזאַמען, געלעבט בשותפות, זיך געטיילט מיטן לעצטן ביסן שווער־פאַרהאָרעוועט ברויט, און צוזאַמען מיטן קאָצקער זיך פאַרטיפט אין די סודות פון דער וועלט, און געזוכט, און געוואַרט אויף דער גרויסער רגע.

און כאָטש ר' מענדעלע קאָצקער איז געווען אַזאַ אָפּגעשלאָסענער, אַזאַ אָפּגעזונדערטער, אַזאַ דערווייטערטער פון דער גאַנצער שטויביקער אַרומיקייט, האָבן טויזנטער צו אים געווענדט זייערע בליקן, געקלעפּט צו די ווענט וואָס האָבן אים אַרומגעמויערט, געדאַרשט נאָך זיין וואָרט און זיין חסד. ער אַליין איז געווען דער גרויסער זוכער, אָבער די וועלט האָט דערפילט אין אים דעם געפונענעם. ער איז געוואָרן אַ פירער ניט וועלנדיק דאָס זיין, און וואָס מער ער האָט געטריבן פון זיך, וואָס ווייניקער ער האָט דאָס געוואָלט, אַלץ מער איז ער דאָס געוואָרן. זיין זוכעניש, זיין אומזיכערקייט, זיינע שווערע, פּיינלעכע ספקות, האָבן אים דערהויבן, געשטאַרקט, און אָנגעפילט מיט טרייסט און האָפענונג די הערצער פון די טויזנטער.

פונעם קאָצקער ביזן ניו־יאָרקער איז אַ מוראדיק־ווייטער מהלך. דאָך, אַז מען שפּאַנט אים אַריבער בשלום, זעט מען פאַר זיך גאָר אַן אַנדער בילד. דער ניו־יאָרקער איז, פאַרשטייט זיך, אַן אַנדער מין רבי. ער איז אין גאַנצן

אַ הײנטיקער, אַ שרײבער, אַ קולטור־טוער, אַ מענטש װאָס לאָזט זיך מער הערן װי זען, און לעבט אויס זײַן פּירערישע ראָלע אויף דער מזרח־װאַנט פֿון די אומענדלעכע מיטינגען, אויף דער פּלאַטפֿאָרם.

אויך דער ניו־יאָרקער האָט צו טאָן מיטן גאַנצן כּלל, און זײַן הויפּט־פּראָבלעם — װי בײַ אַלע רבּיים — איז אויסלײזונג, גאולה, אָבער זײַן פּירערשאַפֿט איז גאָר פֿון אַן אַנדער סאָרט. אַ חוץ דער פּלאַטפֿאָרם, װאו ער איז אַזאַ אָפֿטער גאַסט, האָט ער אויך, װי דער קאָצקער, אַ חדר מיוחד. אָבער דאָס װאָס ער טוט אין זײַן באַזונדערן חדר איז אין גאַנצן אַן אײגענער ענין. מיט זײַנע רײד, אַמביציעס, חלומות, שטרעבונגען, װאָס ער באַװײַזט אויף דער פּלאַטפֿאָרם, האָט דאָס גאָרניט װאָס צו טאָן. אין זײַן חדר מיוחד האָט ער אַנדערע פּראָבלעמען און אַנדערע ענטפֿערס. דעם קאָצקערס בית־המדרש — װי בײַ אַלע חסידישע רבּיים — איז געװען בלויז אַ שפּאַן פֿון זײַן פּריװאַטער הײם. דער ניו־יאָרקער האַלט זײַן הײם װאָס װײַטער פֿון דער פּלאַטפֿאָרם פֿון װעלכער זײַן פּירעריש װאָרט װערט געהערט, עפּעס אַזוי װי ער װאָלט מורא געהאַט אַז װען זײ װעלן זיך צונויפֿקומען װעלן זײ ניט קענען לעבן בשלום. דאָס נעמט זיך מסתּמא פֿון דעם, װאָס זײַן חדר מיוחד איז בײַ אים אַ סך אַן עלטערע אינסטיטוציע, נאָך פֿון דער צײַט װען ער האָט זיך באַגנוגנט מיט זײַנע שרײַבערישע אַמביציעס, און ניט געפֿילט אַז ער איז באַרופֿן עמעצן צו העלפֿן אין געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט.

ממילא איז בײַם קאָצקער געװען מער האַרמאָניע, מער גאַנצקײט. ער איז געװען אַ רבּי יעדע רגע פֿון זײַן לעבן און טראַכטן. בײַם ניו־יאָרקער איז דער רבּי אין אים נאָך צו יונג, און שלעפּט זיך עפּעס נאָך אויף אַן אומזיכערן אופֿן בלויז בײַ אַן עפֿנטלעכן אַרויסטריט. און עס איז דאָך קײן װאונדער ניט פֿאַרװאָס ער פֿילט זיך אַזוי. װאָרעם װי לאַנג, מ'שטײנס געזאָגט, דויערט דען אַזאַ אַרויסטריט? און װען ער איז מחויב צו פֿאַרטרעטן אין אַזאַ קורצער װײַלע די לאַנגע ענינים פֿון אונדזער צײַט, איז דאָס טאַקע גאַנץ שװערלעך דורכצוברעכן מיט פּירערישער געניטקײט.

דער קאָצקער האָט געהאַט זײַן װעג, און זײַן אמת, זײַן אײגענע העכערע װעלט אַן װעלכער זײַן לעבן װאָלט קײן זינען ניט געהאַט. דער ניו־יאָרקער פֿאַרמאָגט אַ צאַרטערע פּערזענלעכקײט װאָס װערט צו שטאַרק באַװירקט פֿון דער אַרומיקער טעמפּעראַטור. װען דער טערמאָמעטער האָט זיך מיט יאָרן צוריק אָפּגעשטעלט בײַ „באַלפֿור־דעקלאַראַציע" האָט זיך זײַן קאָפּ געבויגן צו דרום־מזרח. װען די אַרומיקע לופֿט איז אָנגעגליט געװאָרן מיט „לענין־דעמאָנסטראַציע", האָט זיך זײַן קאָפּ געגעבן אַ בײג צו צפֿון־מזרח. און טאָמער הײבט אָן דאָס קװעקזילבער צו לויפֿן אַראָפּ און אַרויף — װי עס טרעפֿט זיך בעוונותינו הרבים — האָט ער גענוג פּירערישע חכמה צו װאַרטן ביז עס װעט זיך ערגעץ װאו אָפּשטעלן, און דערנאָך נעמט ער אויף מיט זײַן אײדעלער נשמה די נײַע טעמפּעראַטור. און װען ער איז אַמאָל

ניט זיכער אין גאַנצן ווי עס האַלט בנוגע עפּעס וואָס, שווייגט ער, אָדער פאַרשטעלט זיך מיט שרייבערישע שטימונגען, עד שיעבור זעם.

דער קאָצקער האָט זיין אינעווייניק ליכט דערזען אין זיין אָפּגעזונדערט־קייט, און די קלאָרסטע שטים פון דער גאולה האָט ער דערהערט אין התבודדות. דער ניו־יאָרקער, אַזוי שנעל ווי ער קומט צו די פּראָבלעמען פון דער וועלט, איז ער שרעקלעך פאַרליבט אין דער עפנטלעכקייט. דער קאָצקער, אין זיין טיפער, אינעווייניקסטער צעריסנקייט, האָט תמיד געזוכט, און געבענטשט, און געגראָבן אין זיינע אינטעלעקטועלע אוצרות, כדי וואָס נענטער זיך צו באַהעפטן מיטן שכל הפּועל, און פון דאָרטן צו דערגיין דעם אויסוועג פון די אייביקע לאַבירינטן. דער ניו־יאָרקער האָט אַנדערע קוואַלן פון וואַנען צו ציען יניקה. ווען זיין אינפאָרמאַציע איז שלאַבעריק, און זיין אינטעלעקטועל בלוט פאַרוואָסערט, שעפּט ער דירעקט פון זיין אינטואיציע, און ברענגט אַרויס דאָס רעכט אויף פירערשאַפט פון פאַרבאָרגענע ווינקלען צו וועלכע קיינער קען ניט צוקומען.

דער קאָצקער האָט געטריבן פון זיך, געיאָגט, געשאָלטן, און געבליבן ביי עטלעכע מקורבים, וואָס אין זיי האָט ער דערזען די סימבאָלן פונעם העכערן מענטשן. אַזאַ לאַגע וואָלט געווען דאָס גרעסטע אומגליק פאַרן ניו־יאָרקער. ראשית כל האָט דער ניו־יאָרקער ניט שטאַרק ליב קיין סימבאָלן אין זיין געזעלשאַפטלעכער פירערישער אַרבעט. דאָ האָט ער ליב אַלץ וואָס איז קאָנקרעט, פליייש און בלוט. צו וואָס זאָל איינער פאַרטרעטן דעם צווייטן אַז מען קעןביידע האָבן? אַ מענטש איז ניט בלויז פּסיכאָלאָגיע, ער איז אויך פיזיאָלאָגיע, אַנאַטאָמיע — אַלץ, אַלץ דאַרף דער ניו־יאָרקער האָבן כדי ער זאָל עפּעס פילן אַרום זיך, ער זאָל קענען אויסשפּרייטן זיינע פירערישע כוחות. והשנית, האָט ער בכלל ליב מאַסן, גרויסע מאַסן, געדיכטע מאַסן, ברייטע מאַסן — מאַסן. קופּער־יוניאַן איז גוט, אָבער מעדיסאָן סקווער גאַרדען איז אַן אידעאַל. ער האָט ליב צו זען ווי טויזנטער זיצן געשפּאַנט און טרינקען די לויטערקייט פון זיין וואָרט, און זענען גרייט מיט אים אַזוי האַרציק מסכים צו זיין, ווען ער האָט נאָר געהאַט דעם פּיינעם חוש זיך מקדים צו זיין און נאָך פריער איינשטימען מיט זיי. עס איז דאָך אַזאַ תענוג צו דערפילן אינטואיטיוו וואָס ביי יענעם אויף דער צונג בלעזלט זיך, אַרויסנעמען אים די ווערטער פון מויל און זיי אים געבן אַקוראַט אַזוי ווי ער האָט זיי פאַר־טראַכט. ווי גליקלעך עס דאַרף זיך פילן דער פּלאַטפאָרם־מענטש ווען ער רעדט, און רעדט, און טויזנטער שאָקלען מיט די קעפּ ווערטיקאַל.

איך האָב אַמאָל געפרעגט עטלעכע האַרבע קשיות ביי מיטגלידער פון אונדזער אייגענעם ניו־יאָרקער „ראַבינאַט״. עפּעס איז מיר געווען קשה, שרעקלעך קשה, אין זייערע האַנדלונגען. און יעדער פון זיי האָט געענטפערט אויפן זעלביקן אופן: „איך האָב ליב די מאַסן, די יונגע, פולבלוטיקע מאַסן״. האָב איך אַפילו ווייטער געוואָלט פרעגן: אויב איר זייט אַזוי שטאַרק פאַרליבט

אין די מאַסן, אָט גייט וואו זיי געפינען זיך און זעטיקט זיך אָן מיט זיי. צו וואָס דאַרפט איר אייערע נעמען אויף די פּלאַקאַטן? פאַרוואָס ווילט איר אַז אייערע נעמען זאָלן קלינגען אין יענער עפנטלעכקייט? צו וואָס דאַרפט איר יענע פּלאַטפאָרם? אויב מיט די אידייען זייט איר ניט אַזוי שוה בשוה, טאָ צו וואָס דאַרפט איר דאָס אַלץ? איך האָב געוואָלט פרעגן, אָבער איך האָב גאָרניט געפרעגט. דרך ארץ פאַר רביים, דאָס האָב איך באַקומען בירושה.

און נאָך עפּעס: דער קאָצקער האָט געהאַט אַן אייגן בית־המדרש וואו ער האָט זיך זעלטן באַוויזן, זעלטן דאָרטן געדאַוונט. דער ניו־יאָרקער זוכט זיך תמיד אויס אַ פרעמד בית־המדרש, און דאַוונט דאָרט ביי יעדער עפנטלעכער געלעגנהייט. בלויז איין קאָצקער שטריך האָט ער: ער האַלט זיך אָן אַ זייט, מישט זיך ניט אויס צופיל מיטן עולם. די סיבות זענען אָבער גאַנץ פאַרשיי־דענע. דער קאָצקער האָט דאָס געטאָן ווייל ער האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון זיין אינערלעכער וועלט. ביים ניו־יאָרקער שטאַמט דאָס דערפון וואָס ער פילט אַז ער קען אַמאָל דאַרפן בייטן אויף אַן אַנדער בית־המדרש, זאָל עס אים אָנקומען אַביסל לייכטער.

פון דעם וואָס איז פריער געזאָגט געוואָרן וועט מען אויך פאַרשטיין פאַרוואָס דער ניו־יאָרקער קלייבט תמיד אויס אַ בית־המדרש וואו די מאַסן זענען גרעסער, געדיכטער. דאָס נעמט זיך פון דער ליבע צום פאָלק וואָס ברענט אין אים, און ליבע איז ניט קיין קלייניקייט.

איז אויב איר ווילט ווערן אַ רבי, יונגערמאַן, וועט איר דאַרפן אויס־קלייבן פון די דאָזיקע צוויי עקסטרעמע נוסחאות. וואָס מיין עצה איז, קענט איר שוין אַליין פאַרשטיין. אָבער כאָטש איך האָב מער צוטרוי צום קאָצקער דרך, וויל איך אָבער דערמיט ניט זאָגן אַז יעדער רבי דאַרף דווקא זיין אַ ר׳ מענדעלע קאָצקער. דאָס איז גאָרניט קיין לייכטע זאַך. אָבער גיין אויף דעם וועג לוינט זיך. אַמאָל קענט איר דאָרט ר׳ מענדעלען באַגעגענען פון דער ווייטנס, איז דאָס שוין אויך געגוג שכר טרחא. וואָרעם איר ווייסט דאָך, פּרצ׳עס צוויי בערג קענען קיינמאָל קיין שלום ניט מאַכן, אָבער באַגעגענען זיך — דאָס יאָ. דער ניו־יאָרקער מיטן קאָצקער — קיינמאָל ניט.

(1937)

# שווערד און אַקער־אייזן

עס איז גוט צו לעבן אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד אין דער צייט פון אַ וואַל־קאַמפּאַניע. אין געוויינטלעכע צייטן האַלדזט מען זיך מיטן נעכטן און מען ווערט אומעטיק פונעם היינט. אָבער בעת אַ וואַל־קאַמפּאַניע ווערן די קאַנדידאַטן ענערגישע פאַרשטייער פון אַ ליכטיקן, רעאַלן, בוכשטעבלעכן מאָרגן. אָט ווען זיי וועלן אויסגעקליבן ווערן וועלן אויפגיין די טעג אויסגעפּוצטע אין אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן, און עס שעמערירן די פינקלדיקע הבטחות ווי אַ ריזיקע שנור פּערל אויסגעהאַנגען אין אָפענעם דרויסן פון האָריזאָנט צו האָריזאָנט.

אַזוי שפּילט זיך אָפּ די דראַמע פון שיינענדיקע הבטחות בעת פּאָליטישע וואַלן אין דער וועלט פונעם פיזישן דרויסן. אָבער אין דער וועלט פון גייסט, טעאָריע, און געבלימלטע רעיונות, דאָרט קומט פאָר אַן אייביקע וואַל־קאַמפּאַניע. דאָרט זענען די קאַנדידאַטן ניט קיין פּאָליטיקער נאָר דיכטער, פילאָסאָפן, און טרוימער אין וויסנשאַפטלעכע מאַנטלען. דאָ שטאַמען די גליקלעכע הבטחות ניט פון דער פּערזענלעכער גוטהאַרציקייט פון די אייביקע באַאַמטע פונעם מלכות השמים נאָר פונעם איבער־מענטשלעכן „מוז" וואָס ליגט אין אַן אומפאַרענדלעכער היסטאָרישער באַשערטקייט. דער אַמאָליקער „כה אמר ד'" האָט טאַקע געהאַט מער זינען ווען עס האַנדלט זיך וועגן גייסט און גייסטיקע וועלטן. אָבער היינטיקע צייטן פּאַסט זיך אַן אַנדער נוסח. היינט הערשן איבער אונדז געדאַנקען וועגן אייביקן גורל, העכערע געזעצן, אָדער געפילן וועגן דעם נויטוועדיקן גאַנג פון דער געשיכטע.

איינע פון די פּערלדיקסטע הבטחות אין דער „וואַל־קאַמפּאַניע" פון אָט דעם גייסטיקן אוניווערס לאָזט אונדז וויסן אַז מאַכט איז פאַרגענגלעך, אָבער רעכט איז אייביק; אַז סוף כל סוף וועט די חיה אינעם מענטשן מוזן אָפּטרעטן פאַרן מענטשן אין דער חיה; אַז עס מוז קומען אַ טאָג ווען אַ צעבראָכענע וועט ליגן די שווערד, און גאַנץ וועט בלייבן דער אַקער־אייזן. און דאָס, ווערט פאַרזיכערט, איז ניט סתם עפּעס אַ פאַנטאַסטישע קרוין געשפּונען פון גאָלדענע האַרץ־פעדעם, ניין, דער אייביקער באַרג־אַרויף פון דער מענטשלעכער געשיכטע באַווייזט מיט די קלאָרסטע סימנים אַז דאָס איז די באַשטימטע ריכטונג פון געשעענישן, וואָס קיין כוח אין דער וועלט וועט ניט קענען בייטן.

מילא, די הבטחה איז בלי ספק אַ טרייסטנדיקע, אַ זיסע, פאַר דער וועלט בכלל און פאַר אונדז, דעם אומגליקלעכסטן צווישן פעלקער, בפרט. מען קען ניט לייקענען אַז אונדזער קולטור־טראַדיציע האָט אונדז אויסגעצייכנט צוגעגרייט צו אַזאַ מין בשורה. גראָד דעם דאָזיקן קאָסמישן געפיל — וועגן דער הערשנדיקער קראַפט פון דער אידייע און דער שוואַכקייט און קורץ־

דויערנדיקייט פון דער שווערד — האָט דער קריסטלעכער וועלט־בליק געטריי איבערגענומען פון אונדז און עס אויסגעקריצט און אַריינגעשניטן מיט אומ־געהייערער איינגעשפּאַרטקייט אין רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון דער מערב־דיקער ציוויליזאַציע. וויקטאָר הוגאָ דריקט אויס דעם דאָזיקן פּסיכישן צו־שטאַנד ווען ער זאָגט: „קיין אַרמיי קען ניט בייקומען דעם כוח פון אַן אידייע ווען איר צייט איז געקומען". און ווער ווייס דאָס ניט אַז „געדאַנקען זענען שטאַרקער פון קאַנאָנען", אַז „פּרינציפּן דערגרייכן מער נצחונות ווי רייטוועגן און רייטער", און אַז „אַ פּאַטש פאַרגייט און אַ וואָרט באַשטייט"? אַלע ווילן דאָס, און דאָך, אויף די בלעטער פון דער וועלט איז פאַרצייכנט עפּעס אַנדערש אויך.

די קריסטלעכע רעליגיע איז געוואָרן אַ הערשנדיקע פּאָליטישע מאַכט אין דער רוימישער אימפּעריע אין פערטן יאָרהונדערט. און דורכגעפירט האָט דאָס קאָנסטאַנטין דער גרויסער, ער, וואָס אַליין איז ער געווען גלייכ־גילטיק צום גאַנצן ענין. ער האָט אָבער אויפגעהויבן די שווערד לטובת דעם קריסטנטום ווייל ער האָט זיך געניטיקט אין אַ צעמענטירנדיקן כוח צוניפצוהאַלטן די ברייט־צעוואָרפענע רוימישע אימפּעריע. זיין נאָכפאָלגער טעאָדאָסיוס האָט אים נאָך מער אַריבערגעשטיגן אין זיין ברוטאַליטעט קעגן אפּיקורסים. אַפילו דער שפּעטערדיקער הייליקער אויגוסטין, דער וואָס האָט געבעטן מחילה ביי גאָט ווייל ער האָט געלייענט און הנאה געהאַט פון ווירגיל׳ן, אַפילו ער האָט מסכים געווען מען זאָל אפּיקורסים שמייסן און פאַרבאָטן עפנטלעך צו רעדן, כאָטש ער איז געווען קעגן דעם מען זאָל זיי פאַר׳משפּט׳ן צום טויט.

די געשיכטע פון איסלאַם איז אַ גרויליקער רעקאָרד פון דער נאַקעטער ברוטאַלער שווערד, פון מענטשלעכער פּיין און שפיכת דמים. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט אויפצובויען אַ מאַכטעדאַנישע קירך וואָס האָט הונדערטער מיליאָנען פרומע אָנהענגער. פאַרוואָס האָט די רעפאָרמאַציע ניט באַוויזן אַריינצודרינגען אין דרום־אייראָפּע מיט איר וואָקסנדיקן פּראָטעסטאַנטיזם? די בלוטיקע שווערד פון דער אינקוויזיציע, וואָס איז דאָרט איינגעפירט געוואָרן, האָט כסדר באַשיצט די גאַנצקייט און הערשאַפט פון דער קאַטוילישער קירך. מחמת אַן ענלעכן טעם איז צפון־אייראָפּע, סקאַנדינאַוויע, כמעט אין גאַנצן פּראָטעסטאַנטיש. דאָרט איז די שווערד געווען געווענדט אַנטקעגן די קאַטאָליקן. די שווערד האָט כסדר אָפּגעהאַלטן נצחונות וואָס זענען פאַרבליבן.

וואָס זענען איצט די טענות קעגן דער פעלקער־ליג פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה? כמעט אַלע זענען מסכים אַז איר הויפּט־פעלער איז באַשטאַנען אין דעם וואָס זי האָט זיך בלויז באַוואָפנט מיטן אַקער־אייזן און אין גאַנצן אַרויסגעלאָזן פון איר האַנט די שווערד. דאָס האָט געפירט צו דער איצטיקער מאוימ׳דיקער קאַטאַסטראָפע. קיינער האָט מער קיין ספק ניט אין דעם אַז

די פאַראייניקונג פון פעלקער נאָך דער איצטיקער מלחמה מוז, כדי זי זאָל האָבן אַ קיום, זיך שטיצן אויף פיזישער מאַכט.

איך ווייס, מען קען אויסרעכענען אַ לאַנגע ליסט פאַקטן און געשעענישן צו באַווייזן דעם אומגעהייערן כוח און די גראַנדיעזע נצחונות פון אידייע, פון גייסט. דער מענטש אין מיר קען דאָס ניט אָפּלייקענען, דער ייד אין מיר וויל דאָס ניט. אָט האָב איך פריער אַליין דערמאָנט אַז קאָנסטאַנטין דער גרויסער, דער דאָזיקער רעליגיעז־גלייכגילטיקער אימפּעראַטאָר, האָט זיך פונ־דעסטוועגן באַנוצט מיט דער מאָראַליש־דערהויבענער אידייע פון קריסטנטום, כדי צו שאַפן אַן איינהייטלעכן פונדאַמענט פאַר זיין צעשפּרייטער מלוכה. דאָס איז זיכער געווען אַן אויסדרוק פון דער אומפאַרמיידלעכקייט פון גייסט אין מענטשלעכן לעבן, כאָטש קאָנסטאַנטין האָט אַריינגעקלאַפּט דעם דאָזיקן גייסט אין מענטשלעכע מוחות שוין גאָר ניט מיט קיין גייסטיקע האַמערס. אויך אונדזער איצטיקע געשיכטע ווייס פון גרויסע מענטשלעכע אידעאַלן וואָס אַ בלוט־טריפנדיקע שווערד פירט זיי אויף טריט און שריט.

איז אפשר גלייכער ניט צו פאַרדרייען זיך דעם קאָפּ מיט פעסטשטעלן כללים פאַר דעם וואָס איז בטבע אייביק און דעם וואָס מוז זיין צייטלעך און פאַרבייגייענדיק אין דער רעאַלער, ערדישער מענטשלעכער געשיכטע. עס וואָלט בכלל ניט געשאַט צו זיין זייער אָפּגעהיט און נאָך מער עניוות'דיק ווען עס האַנדלט זיך וועגן עטאַבלירן היסטאָרישע געזעצן. דער געשיכטע־מאַכער באַנוצט זיך, ווייזט אויס, מיט אַזוי פיל אינסטרומענטן און מעטאָדן אַרויסצוברענגען זיינע פּראָדוקטן אַז די צעשייד־ליניע צווישן אידייע און פיזישער גבורה — ווען עס האַנדלט זיך וועגן די פּראַגמאַטישע מאָמענטן פון סאָציאַלן לעבן — איז בכלל אַן אויסגעטראַכטע. עס איז אָבער בלי ספק שעדלעך צו וועלן פאַרשפּרייטן די איינרעדעניש און די אילוזיע פון גייסטיקע ווערטן וואָס קיין שווערד קען זיי קיינמאָל ניט אומברענגען, אָדער אויפבויען.

זאָל מען מיר נאָר ניט חושד זיין אַז אַזעלכע געדאַנקען נעמען זיך פון אַ פּעסימיסטישן בליק אויף דער מענטשלעכער נאַטור. חס ושלום. ניטאָ קיין איין רגע אין אינדיווידועלן און סאָציאַלן לעבן אָן אַ מאָראַלן הינטערגרונט, אָדער כאָטש אָן אַן עקסטראַוואַגאַנטן מאָראַלן אויסרייד וואָס טראָגט אויף זיך אַ ווילדע דעפאָרמירטע מאַסקע וואָס אַ בייזער רוח האָט אַרויפגעצוואונגען. נאָך מער, איך בין גרייט מודה צו זיין אַז עס זענען פאַראַן פונדאַמענטאַלע כללים אין מענטשלעכן אויפפיר וואָס זענען אַבסאָלוט אין דעם זינען וואָס זיי ווערן אָנגענומען און פאַרהייליקט פון אַלע מענטשן. אין דער זעלביקער צייט זענען אָבער פאַראַן אַזוי פיל דרכים אין מאָראַלן קאָדעקס וואָס זענען רעלאַטיוו — אָדער וואָס מען קען טייטשן לויט די אינטערעסן פון מאָמענט, אָדער לויט די נויטן פון דער אייגענער נאָענטער סביבה — אַז דאָס מוז פירן צו שטענדיקע קאָנפליקטן אין נאָמען פון זעלביקן אַלגעמיינעם מאָראַלן אידעאַל.

קאָנפליקטן קענען, פאַרשטייט זיך, אָננעמען די פאַרשיידנסטע פאָרמען.

יעדער וואָלט געוואָלט אַז זיין גערעכטיקייט זאָל זיגן, און ער זוכט מיטלען אַרויסצורופן ביי אַלעמען דעם גלויבן, אַז דאָס פּאַרוואָס ער שטעלט זיך איין מוז באַקומען די איבערהאַנט ווייל אַזוי איז טאַקע אַלעמאָל געווען. דערפון נעמט זיך מסתמא דער געדאַנק אַז גערעכטיקייט מוז תמיד אַרויסשווימען ווי בוימל אויפן וואַסער. דאָס איז אָבער, דאַכט זיך מיר, אַ פאַלשער פּראַגמאַ־טישער דרך צו מאָטיווירן אַ געהויבענעם אידעאַל. עס איז, קודם כל, פּשוט ניט אמת אַז אין רעאַלן לעבן מוז גערעכטיקייט — אין אינדיווידועלע פאַלן אָדער אין סאָציאַלע געשעענישן — אָפּהאַלטן אַ נצחון. עס איז אַ סך אמתער און ריכטיקער אונטערצושטרייכן אַז עס זענען פאַראַן העכערע וועלטן אין דער נשמה פון יעדן מענטשן וואו קידוש השם איז אַ גרויסער נצחון, מאַכט ניט אויס צו וואָסער פּועל יוצא ער האָט געפירט אין דער וועלט פון פּראַק־טישער טאָג־טעגלעכקייט. אין פּרצ׳עס „דריי מתנות" זענען דריי אומגעקומען פון דער ברוטאַלער שווערד. איינער האָט מקריב געווען זיין לעבן וואַכנדיק איבער אַ זעקעלע ארץ־ישראל ערד; אַ מיידל האָט אין אירע לעצטע מאָמענטן זיך אָנגעטאָן גרויזאַמע פּיין אָפּצוהיטן איר צניעות; אַ ייד האָט זיך אומגעקערט אויפצוהויבן די יאַרמלקע וואָס איז אים אַראָפּגעפאַלן פון קאָפּ בעת די שמיץ פונעם פּייניקער האָבן זיך געשאָטן אויף זיין צעבלוטיקטן גוף. זיי זענען אַלע אומגעבראַכט געוואָרן. פון שטאַנדפּונקט פון דער ערדישער רעאַליטעט האָט די שווערד פונעם רשע געוואונען. אָבער אין דער פמליא של מעלה, פאַרזיכערט אונדז פּרץ, האָט דאָס געמאַכט אַ גערודער. דאָרט, אין יענע וועלטן, איז דער נצחון פון די געפאַלענע געווען אַזוי גרויס אַז דער שטן המקטרג איז אין גאַנצן שטום געוואָרן.

אין אַ מאָמענט פון פאַרליבטקייט אין קאָנקרעטע, רעאַלע בילדער, זאָגט דער דיכטער פון תהלים:

> איך בין יונג געווען און בין אַלט געוואָרן,
> און איך האָב ניט געזען אַ צדיק פאַרלאָזן,
> און זיינע זאָמען בעטלענדיק ברויט.

דער דיכטער ווערט ווי פאַר׳שיכור׳ט פון זיין אייגענער זעאונג און ער שפּינט ווייטער זיין וואַך־געוואָרענעם חלום פון אַן איבערערדישער וועלט אויף דער ערד:

> איך האָב געזען דעם רשע מאַכטיק,
> און צעשפּרייט ווי אַ צווייגהאַפטיקער, אַלטגעזעסענער בוים,
> אָבער מען איז פאַרבייגעגאַנגען,
> ערשט ער איז ניטאָ,
> און איך האָב אים געזוכט
> און ער איז ניט געווען צו געפינען.

ווען איך וואָלט זיך געקענט דערלויבן אויפצונעמען וואולגאַר די בילדער פונעם בעל התהלים וואָלט איך געזאָגט: איך בין אויך געווען יונג, איך בין אויך עלטער געוואָרן, און איך האָב שוין געזען אַ סך צדיקים פאַרלאָזן און

זייער זאַמען אויסגיין פון הונגער. אָבער אויב דאָ ווערט ניט געמיינט די פשוטע, פּראַקטישע ערד, אויב דאָס איז אַ קאָנקרעטיזאַציע פון פּסיכישע פּראָצעסן וואָס דערהייבן אונדז צו העכערע וועלטן, דעמאָלט איז דאָס דער הייליקער אמת. דאָרט האָט די שווערד קיין שליטה ניט, און איר כוח איז צו קליין צו בייגן אַפילו דאָס מינדסטע בלעטל פון אַ בוים.

אַ סך קלאָרער זענען די דאָזיקע איבערלעבענישן אין די רייד פון די נביאים וואָס לאָזן זעלטן ווען דורך דעם „כה אמר ה׳״, ווי אַ בולטער סימן אַז דאָס רעדט פון זיי אַרויס אַ שליחות פון העכערע, מאָראַלע וועלטן. ווען דער נביא זכריה לאָזט אונדז וויסן אַז „לא בחיל ולא בכוח כי אם ברוחי״ — ניט מיט חיל, ניט מיט כוח, נאָר מיט מיין גייסט — זאָגט ער דאָס אין גאָטס נאָמען. גראָד דאָ ווערט דאָס אונטערגעשטראָכן אַפילו צוויי מאָל. ער הייבט אָן דעם פּסוק מיט „דאָס איז דאָס וואָרט פון גאָט צו זרובבל׳ן״ און ענדיקט אַז אַזוי „זאָגט גאָט צבאות״. אויף וויפיל עס איז די אַנטפּלעקונג פון אַ הויך־אַנטוויקלטן גאָט־באַגריף קען עס אַנדערש ניט זיין. זיכער, ניט אין שטורעם איז גאָט, ניט אין ערדציטערניש, ניט אין פייער, נאָר אין „דינער שטילקייט״, און אויב אַ מענטש דערגרייכט די מדרגה אַז ער דאַרף זיין אין יענער לויטערקייט וואו גאָט רוט, דעמאָלט זענען גייסט און דינע שטילקייט זיינע שטאַרקסטע כלי־זיין, ניין, גיכער זיין נאַטירלעכע לופט וואָס בלויז מיט איר אַליין קען ער אָטעמען, און אויב, די שעה זאָל ניט זיין, די גבורה פון דער שווערד האַלט אָפּ אַ נצחון, קומט ער אום מיט גאָטס וואָרט אויף די ליפּן, איז ער מקדש השם. אויך דאָס איז אַ נצחון, אַ גרויסער נצחון, אַפילו ווען זיין באַגלייטער איז פיזישער אומקום.

איינגעהילט אין אַזאַ טראַדיציע, אין אַ טראַדיציע פון מאָראַלע אידעאַלן ניט אויס פּראַגמאַטישע מאָטיוון, נאָר צוליב זייער העכערן אַבסאָלוטן ווערט, איז קיין חידוש ניט וואָס אַזוי פיל זענען אויפגעשווידערט געוואָרן אין ארץ־ישראל צוליב די העסלעכע אַקטן פון אַ גרופּע טעראָריסטן וואָס האָט זיך דאָרט באַוויזן. אַפילו ווען מיר וואָלטן אויף אַ רגע געקענט ווערן אַזוי תמ׳עוואַטע נאַאיוו און גלויבן אַז אַזעלכע מערדערייען קענען האָבן דעם מינדסטן פּראַקטישן נוצן פאַר יידן, אַפילו דעמאָלט וואָלטן מיר געדאַרפט פילן אַז דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון אומשולדיקע מענטשן באַדעקט מיט חרפה גראָד דאָס וואָס וועקט אין אונדז די העכסטע באַגייסטערונג אינעם קאַמף פאַר אונדזער קיום. ניטאָ קיין גרעסערע מפּלה וואָס מיר קענען ליידן ווי אַזאַ מוראדיקע מאָראַלע שפלות וואָס ווערט באַגאַנגען אין נאָמען פון פאָלק.

אַזוי לאַנג ווי לעבעדיקע באַשעפענישן זענען דאָס וואָס זיי זענען וועט, ווי עס ווייזט אויס, אַריבערוועגנדיקע מאַכט תמיד שפּילן אַ ראָלע אינעם מאַרש פון געשעענישן. אמת, מאַכט מוז ניט דווקא דינען נידעריקע צילן, און ניט אַלעמאָל איז דער שוואַכער אויך דער גערעכטער. זיכער איז ניטאָ קיין מוז אין דעם אַז מאַכט זאָל זיך אויסדריקן אין דער פאָרם פון אַ

ברוטאַלער שווערד. זי קען הערשן מיט גענוג באַצווינגנדיקן דרוק אַפילו דעמאָלט ווען די כלי משחית פונעם שלאַכטפעלד וועלן בלויז זיין אָביעקטן פון היסטאָרישע מוזעאומס.

גראָד איצט, ווען עס דערנענטערט זיך שוין דער סוף פון דער וועלט־שחיטה, הייבט אָן צו ווערן שעדלעך דער טאָן פון קינדישער פּראָפּאַגאַנדע, אַז אָט וועט זיך עפענען פאַר אונדז אַ ליכטיקע וועלט וואו די צדיקים וועלן זיצן מיט קרוינען אויף זייערע קעפּ און הנאה האָבן פון דער לויטערקייט פון דער שכינה. אַ סך געזינטער וועט זיין ווען מיר וועלן זען דאָס בילד אין זיין רעאַלער פולקייט און זיין גרייט פאַר אַלע מעגלעכע קאָנסעקווענצן. איך האָב ניט ליב זיך סומך צו זיין אויף די רייד פון דיפּלאָמאַטן און פּאָליטיקער, ווייל על פי רוב זענען זיי ניט אויסן צו דערציילן וואָס זיי טראַכטן נאָר ווי אַזוי זיי ווילן פורעמען די עפנטלעכע מיינונג. אָבער אָט איז אַ שטיקל אָפנהערציקייט וואָס איז כדאי מיר זאָלן זיך צו איר צוהערן.

דער רעפּובליקאַנער סענאַטאָר באָל, וואָס האָט באַשלאָסן צו שטימען פאַר רוזוועלטן, לאָזט אונדז וויסן, אין אַן אַרטיקל, אויף וואָס ער ריכט זיך נאָך דער מלחמה: „איך, פאַר זיך אַליין, בין איצט גרייט מודה צו זיין אַז אומגערעכטיקייטן און אַזעלכע אָפּווייכונגען פון פּרינציפּן וואָס זענען ווידער־וויליק סיי מיר, סיי אַמעריקע, זענען אומפאַרמיידלעך אינעם שלום־אויסגלייך. זיך צו ריכטן אויף עפּעס אַנדערש ... מיינט זיך צו ריכטן אויף עפּעס וואָס איז אוממעגלעך". ער האַלט דעריבער אַז מען דאַרף זיך איינשטעלן מיט אַלע כוחות פאַר דער וואַרעמסטער אַמעריקאַנער באַטייליקונג אין אַן אָרגאַניזאַציע פון פעלקער כדי מיר זאָל קענען ווירקן אַז אָט די אומגערעכטיקייטן זאָלן קענען זיין וואָס ווייניקער און וואָס קלענער.

דאָס און נאָך עפּעס. עס ווערט אַלץ מער און מער שעדלעך צו פאַר־שפּרייטן די פאַלשע אינפאָרמאַציע אַז די אַגרעסיווע ברוטאַלע שווערד מוז סוף כל סוף באַזיגט ווערן פונעם אומשולדיקן אַקער־אייזן. אויב „סוף כל סוף" האָט עפּעס אַ באַשטימטע צייט־גרענעץ איז דאָס היסטאָריש צו אָפט ניט אמת, און די אומגעהייערע מענטשלעכע ווערטן, און די נאָך גרעסערע מעגלעכקייטן פון זייער וואוקס און פאַנאַנדערבלי, וואָס זענען אומגעקומען אין בלוט און פייער פון קריגערישע אָרגיעס, ליגן אומרואיק אין זייערע קברים אין אַלע ווינקלען פון אונדזער זינדיקער ערד. דאָס באַוואוסטזיין ניט פון דער רעלאַטיווער שוואַכקייט נאָר פון דער אַבסאָלוטער העסלעכקייט פון שווערדישן לעבן וועט אַרויסרופן טיפערע כוחות פונעם מענטש אינעם מענטשן צו שטיין אויף דער מאָראַלער וואַך פון לעבן.

ווען די נאַציס זענען געקומען צו דער מאַכט אין 1933 האָבן זיי גלייך אָנגעהויבן מיט מאָראַליש באַפעסטיקן אַ לעבנס־בליק אין דייטשן פאָלק, זייער מאָראַל, זייער בליק. פראַנץ פאָן פּאַפּען האָט דעמאָלט מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק אַז עס איז שוואַך און נעבעכדיק פאַר אַ

מאַן צו שטאַרבן אין בעט; אַז רײַצנדיק־שײן איז דער טויט אויפן שלאַכט־פעלד. מיר ווײַטן הײַנט אויסגעצײכנט אַז די זאָמען פון דער דאָזיקער מאָראַל זענען אין דײַטשלאַנד, און אין אַ סך אַנדערע לענדער, ניט געפאַלן אויף שטײניקן באָדן.

די היפּוכדיקע מאָראַל, די מאָראַל פונעם אַקער־אײַזן, דאַרף אויך קודם כל האָבן אין זינען דאָס וואָס איז „רײַצנדיק־שײן", דאָס וואָס איז ניט בלויז אַ מיטל, ווי אַ טויטער מעכאַנישער אינסטרומענט, נאָר אַ ציל אין זיך גופא, אָן אבר פונעם לעבן אַליין. דער בעל המשלי באַנוגנט זיך מיט אַ פּשוטער פעסטשטעלונג: „גערעכטיקייט דערהייבט אַ פאָלק און זינד איז די שאַנד פון די אומות". האָט מען דערגרייכט דעם פּסיכישן צושטאַנד ווען אַזאַ געדאַנק נייטיקט זיך ניט מער אין קיין שום לאָגישע ראיות, ווען דאָס ווערט דער סאַמע ערשטער אויסגאַנג־פּונקט פון וועלכן אַלץ הייבט זיך אָן, ווערט גליק־לעכער דאָס לעבן אויף דער ערד און עס פילט אָן מיט אומגעריכטער קראַפט די שוואַכקייטן פון פלייש און בלוט.

(1944)

# ציטאַטן

קודם כל וויל איך באַרואיקן מיינס אַ גוטן פריינד. יענער טענה׳ט, אַז ווען ער וואָלט געווען דער גובערנאַטאָר פון דער וועלט, וואָלט ער מיט באַזונדער שטרענגקייט באַהאַנדלט די שרייבער און רעדנער וואָס זענען זיך סומך אויף ציטאַטן. ער וואָלט פאַרלאַנגט מען זאָל אים ברענגען דעם טעקסט פונעם ציטירטן דענקער אָדער עקספּערט. ער וואָלט באַשטאַנען, אַז מען זאָל צוערשט אויסגעפינען צי דער ציטירטער האָט זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אויף וועלכער מען שטיצט זיך, אַלע טעג פון דער וואָך, צי בלויז אין אַ באַשטימטן דינסטיק. בקיצור, אויב ציטאַטן, ספּעציעל פון אַמאָליקע גרויסע מענטשן, האָבן אַזאַ גרויסע ווירקונג אויף די היינטיקע, דאַרף מען דאָך אָפּהיטן דאָס פאָלק פון ליגנס און שווינדל, אָט ווי למשל ביי וואָג און מאָס.

מילא, איך פאַרשטיי גאַנץ גוט מיין פריינדס עגמת־נפש, אָבער קיין עצה דערצו איז באמת ניטאָ. וואָרעם ציטאַטן זענען דאָך אייגנטלעך פאַר־מולירונגען פון די רעזולטאַטן פון מענטשלעכן טראַכטן אָדער מענטשלעכער אַרבעט. אויף אַזוי וויט זענען זיי געוויינטלעכע פאַקטן אין אונדזער וועלט, פונקט ווי אַלע אַנדערע פאַקטן. היינט גיי, זיי אַ חכם און קאָנטראָליר די אַלע טריפה׳נע יצר־הרע׳ס, וואָס מישן זיך אַריין ביים אויסטייטשן פאַקטן.

על פי רוב האָט עס גאָרניט צו טאָן מיט אומערלעכקייט, ווען מען דרינגט אַרויס פון אַ ציטירטן זאַץ גאָר עפּעס אַנדערש, אָדער אַקוראַט דעם היפּוך פון דעם וואָס דער מחבר האָט געמיינט. וואָרעם דער מוח, פונקט ווי דאָס אויג, זעט ניט געגוי דאָס וואָס איז אין דער אמתן פאַראַן — אויב ס׳איז בכלל דאָ אַזאַ זאַך ווי „אָביעקטיווע פאַראַנענקייט" — נאָר דאָס וואָס אַן אינעוויייניקסטער כוח שטופּט אונדז צו זען אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן. דער מאָלער קוקט אויף אַ בריק און זעט אירע שיינע ליניעס. דער אינזשעניר זעט אירע טעכנישע מעלות, און דער אַסקעט קען אין איר זען אַן אומגליק פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע.

מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט וואָלטער דוראַנטי באַשריבן אַ לעקציע אין אַ סאָוועטישער שול. דער לערער דערקלערט די קינדער, אַז דער מענטש־לעכער עמבריאָן ווייזט אַרויס אין די מדרגות פון זיין אַנטוויקלונג די פאָרמען פון פאַרשיידענע באַשעפענישן. ערשט שפּעטער זעט זיך דאָרט אַרויס קלאָרע סימנים פון אַ מענטשן. דערפון איז געדרונגען — האָט דער לערער געגעבן צו פאַרשטיין זיינע תלמידים — אַז גאָט איז בלויז אַן אויסגעטראַכטער אָבער־גלויבן. ווי אַזוי דאָס איז געדרונגען, ווייס איך ניט, אָבער אָט זעט איר דאָך. אינטערעסאַנט איז, וואָס יענער לערער האָט אפשר ניט געוואוסט אַז ער האָט ציטירט אַן אַנטוויקלונגס־געזעץ אין עמבריאָלאָגיע — עס האָט

שוין איצט גאַנץ וויניק אָנזען — וואָס שטאַמט פון אַ פרומען קריסט, דעם דייטשישן ביאָלאָג פאָן בער, און אַ פרום־קריסטלעכן אַמעריקאַנער, אַגאַזיס.

מחשבותן, אַז טביה דער מילכיקער איז אויך אָפט געווען גאַנץ ערנסט ביים פאַרטייטשן זיינע פסוקים און מאמרי חז״ל. דורך זיינע ציטאַטן האָט ער, ווי מען וואָלט היינט געזאָגט, אַריינגעגעבן אין אַלטע טעקסטן אַ מאָדערנע פונקציאָנעלע ווענדונג: „כולנו חכמים — אַלע ווילן לערנען, כולנו נבונים — אַלע ווילן שטודירן״, אָדער רעדנדיק וועגן זיין טאָכטער, האָדלען: „כי טובת מראה היא — שיינט ווי אַ גאָלד״, אָדער: „ושמחת בחגך — הוליע קבצן״. פאַרשטייט זיך, אַז דער טיף־מענטשלעכער דאַרשט צו קריגן די סמיכה פון אַ פסוק האָט אים ניט איינמאָל פאַרפירט, האָט אים אָבער דער הומאָר דערפון געראַטעוועט.

דער מענטש, וואָס ברעכט זיך דעם קאָפּ זוכנדיק אַ ציטאַטע, איז אייגנטלעך געגליכן צו אַ לאַנד וואָס איז אין מלחמה. ער זוכט אַ שותף אין קאַמף. וואָס גרעסער דער שותף, אַלץ זיכערער דער נצחון. ווער שמועסט, ווען דער ציטיר־טער שותף איז איבערן קאָפּ באַוואָפנט מיט די פיינסטע כלי־זין, איז דאָך מה־טוב ומה־נעים. דאָס בעסטע איז דעמאָלט צו ציטירן פון די גאָר, גאָר אַמאָליקע גדולים. זיי, מיט זייער לאַנג־עטאַבלירטער רעפּוטאַציע, מיט דער פאַרהייליקטער טראַדיציע, וואָס באַשטראַלט זייערע רייד און זייערע נעמען, ווי גוט מען פילט זיך צו לאָזן זיי פירן אונדזערע שלאַכטן. און אויב זייערע געדאַנקען קומט אויס אַמאָל צו ליידן פון דער אַרויפגעצוואונגענער שותפות, איז אויך אין דעם קיינער ניט שולדיק. די גדולים אַליין זענען דאָך זיכער ריין פון זינד. זיי זענען דאָך מער ניטאָ זיך צו ווערן. אויך דעם ציטירער קען מען אָפט לחלוטין ניט באַשולדיקן. דאָס וואָס ער זאָגט מיינט ער, נעבעך, מיטן גאַנצן האַרצן, און אויב דאָס האַרץ האָט אים ניט ריכטיק סופלירט, מילא, דער ערלעכסטער אַקטיאָר קען אין אַזאַ פאַל קיין גרויסער בריה ניט זיין.

צווישן אונדזערע אַמאָליקע גרויסע גייסטער זענען, דאַכט זיך מיר, די נביאים די טרויעריקסטע קרבנות פון אומגליקלעכע ציטאַטן. איך ווייס ניט וואָס ישעיה אָדער עמוס וואָלטן געטאָן, ווען זיי וואָלטן געוואוסט אין וואָסערע שותפות מען האָט זיי אַריינגעצויגן. אָבער עס איז אויסגעקומען אַזוי אַז יידן וואָס האָבן זיך געוואָלט דערוויטערן פון זייער פאָלק, האָבן רק געזוכט זייערע הסכמות ביי די נביאים. ווען זיי האָבן געוואָלט זיך באַפרייען פונעם שטייגער פון פאָלקס־לעבן, האָבן זיי געזוכט דעם היתר ביי די נביאים. די מעשה וועגן גאָטס זון און די לעגענדע וועגן זיין קומען אויף דער וועלט — באַגריפן וואָס זענען אַזוי ווידערווילדיק דעם יידישן טעאָלאָגישן דרך — ווערן אַרויסגעדרונגען פון געוויסע אויסדרוקן ביי די נביאים. אַפילו די שפּעטער־דיקע בייזע שנאה צו יידן מצד די קירכן־פאָטערס האָלט זיך פאַר אַ המשך פון די שטראָף־רייד פון די נביאים.

אונדזערע דייטשישע רעפאָרמער פון ניינצענטן יאָרהונדערט האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון יעדן נאַציאָנאַלן, ריכטיקער, פּאָלקישן, עלעמענט פון יידישן שטייגער. זיי האָבן געוואָלט, אַז בלויז טעאָלאָגישע פּרינציפּן זאָלן זיין דער צונויפבונד צווישן יידן. זיי האָבן אַרויסגעוואָרפן פון יידישן לעבנס־פּיר, פון די תפילות, אַפילו פון אונדזערע האָפענונגען און חלומות, יעדן סימן פון היסטאָריש־עטנישע געפילן. אויך זיי האָבן מיט אַ באַזונדער וואָרעמקייט זיך געטוליעט צו די נביאים אינעם דאָזיקן קאַמף. אויף דער פראַנקפורטער ראַבינער־קאָנפערענץ פון 1845, האָט ראַבינער שטיין געפאָדערט מען זאָל אַרויסוואַרפן פון מחזור די תפילה: „ומפני חטאינו גלינו מארצנו". אין זיין אַרגומענטאַציע שטיצט ער זיך אויף די נביאים, ישעיה און זכריה. ביי זכריה'ן געפינט ער אַ פּסוק (ח', 3): „און עס וועט זיין, אַזוי ווי איר זייט געווען אַ קללה צווישן די פעלקער, איר הויז פון יהודה און הויז פון ישראל, אַזוי וועל איך אייך העלפן, און איר וועט ווערן אַ ברכה. איר זאָלט ניט מורא האָבן. זאָלן געשטאַרקט זיין אייערע הענט". פון דעם דאַרף זיין געדרונגען, אַז גלות דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ ברכה, און אַז צו זיין נאַציאָנאַל־פּאָליטיש אָרגאַניזירט איז אַן אומגליק פאַר יידישן גייסט.

איך האָב נאָך ניט געהערט עמעצער זאָל טענה'ן, אַז עס איז אַ גרויסע זינד צו פייערן יידישע ימים־טובים. אָבער מען וואָלט עס לייכט געקענט טאָן, טאַקע אין נאָמען פון די נביאים. עס איז דאָך אַ בפירושער פּסוק אין ישעיה (א', 14): „אייערע ראש־חודש'ן און אייערע ימים־טובים האָט פיינט מיין זעל; זיי זענען מיר צו לאַסט געוואָרן, איך קען זיי ניט פאַרטראָגן". דאַרף מען דען האָבן אַ מער איבערצייגנדיקע ראיה? מיר האָבן זיך אַזוי פיל אָנגעהערט וועגן די אוניווערסאַלע אידייען ביי די נביאים, אַז עס איז שוין באַלד אַ ספק, צי זיי זענען בכלל געווען יידן, צי זיי האָבן זיך געפירט לויטן יידישן דרך פון יענער צייט. אפשר זענען זיי גאָר געווען סתם עטיש־מאָנאָטעאיסטישע דרשנים? וואָרעם דער אייפער פון קרבנות איז זיכער געווען פונדאַמענטאַל אין יענער צייט. קומט גאָר צוגיין ישעיה און מאַכט געוואַלדן, אַז גאָט וויל ניט קיין קרבנות. ניט אַנדערש, אַז ער איז געווען סתם אַזוי אַ קאָסמאָפּאָליטישער מאָראַל־דיכטער, און דאָס ספּעציעל יידישע פון יידישן לעבן האָט צו אים קיין שייכות ניט געהאַט. אַזוי ווי ער האָט ניט געגעבן קיין אינטערוויוען צו צייטונג־רעדאַקטאָרן פון אַנדערע רעליגיעס, איז שווער צו וויסן וואָס ער האָט געטראַכט וועגן אַ סך זייטיקע פּרטים. אָפּנהאַרציק גערעדט, וואָלט מיר שטאַרק ווייי געטאָן, ווען איך געפין אויס, אַז ישעיה, צי אַן אַנדער נביא, איז ניט געווען קיין אינעווייניקסטער, צוגעבונדע־נער ייד, נאָר סתם עפּעס אַ מאָראַל־פּרעדיקער. ער וואָלט אַלץ געווען אַ גרויסער נביא, אָבער פאַר מיר, ניט דאָס וואָס געווען. די קריסטן האָבן זיך צוגעוואוינט, אַז אַלע זייערע ערשטע הייליקע שטאַמען פון אַנדערע פעלקער, יידן, גריכן, רוימער, עגיפּטער. אָבער אונדזער טראַדיציע האָט אונדז צוגע־

וואוינט צו מער היימישקייט. דער אַנטדעקער פון אונדזער גאָט איז אויך דער פאָטער פון אונדזער פאָלק. אַלע אונדזערע גדולים זענען אונדזערע לייבלעכע זיידעס. אונדז איז באַשערט געווען צו דערשמעקן דעם ריח פונעם קאָסמישן סדר דווקא אין די דלת אמות פון דער אייגענער היים.

בקיצור, ווען איך וואָלט אויסגעפונען, אַז ישעיה איז ניט פון די נאָענטע און היימישע יידן, וואָלט מיר דאָס באמת געווען שווער צו פאַרטראָגן. וואָס־זשע טוט גאָט? זאָגט ער אונדז אָן אַ בשורה, מיט וועלכער מיר קענען זיך טרייסטן. וואָרעם אָט איז אַן אַנדער פסוק (ישעיה נו, 6־7): „איטלעכער וואָס היט שבת אים ניט צו פאַרשוועכן און האַלט זיך אָן מיין בונד, זיי וועל איך ברענגען צו מיין הייליקן באַרג, און וועל זיי דערפרייען אין מיין הויז פון געבעט; זייערע בראַנדאָפּפער און זייערע שלאַכטאָפּפער וועלן זיין צו באַווי־ליקונג אויף מיין מזבח". הייסט עס, אַז ער האָט שוין יאָ געהאַלטן אי פון שבת, אי פון קרבנות, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אָפּגעהיטענעם יידן פון זיין צייט. אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן.

ביזן היינטיקן טאָג, ווען עמעצער, אַפילו מאחינו בני ישראל, וויל אַפּעלירן צו יידן קעגן יידישער „אָפּגעזונדערטקייט", וועט ער אונדז קודם כל שלאָגן מיט די נביאים. עס קומט אויס אַז די נביאים, וואָס האָבן געצונדן אַזאַ ליכטיקן עקסטאַז פאַר גרויסע אוניווערסאַלע אידייען, האָבן דאָס געטאָן ניט אין די ראַמען פון זייער פאָלק, נאָר אויף די געמאַרקן פון פרעמדע לענדער און פעלקער. סוף כל סוף זענען זיי דאָך כסדר געווען צוגעבונדן צום עטנישן לעבן פון אַ באַשטימטן קיבוץ, זיי זענען ניט אַוועק פון זייער פאָלק, זיי האָבן זיך ניט געלאָזן אין מרחקים, ניט געבויט קיין אָרגאַניזאַציעס צו באַהערשן די וועלט.

נאָך מער, טאָמער רעדט עמעצער כסדר שלעכטס אויף יידן, און מיר וואַרפן אים דאָס אויף, מעגן מיר זיך גלייך ריכטן אויף אַן ענטפער: „נו, און די נביאים?" די נפקא־מינה איז, פאַרשטייט זיך, אומגעהייער. דער נביא האָט אונדז כסדר געמאָסטן מיט זיין אידעאַלער וויזיע פון געטלעכן צדק ומשפט. ממילא האָט ער אין אונדז געמוזט געפינען גערדיכטע פלעקן פון שלעכטס, אומווערדיקייט. אָבער דער היינטיקער, וואָס וויל רק זען אין אונדז בלויז חסרונות, פאַרגלייכט אונדז מיט די אַרומיקע פעלקער. נאָר ווײ, ווײ, אַפילו לגבי די שכנים אונדזערע, וואָס מיר קענען זיי דאָך אַזוי אויסגעבונדן, יאָ, אַפילו לגבי זיי זענען מיר שרעקלעך געפאַלן. ביים נביא זענען מיר געווען שלעכט פאַר גאָט. ביים היינטיקן שטראָפער זענען מיר ערגער פון איוואַנען. דער נביא שילט אונדז ווייל מיר זענען אין זיינע אויגן אַזוי נידעריק ווי אַנדערע פעלקער. ער קען דאָס ניט פאַרטראָגן. ער שטעלט העכערע פאָדערונגען צום „גוי קדוש". דער היינטיקער זעט דאָס לעבן פון אַנדערע פעלקער ווי אַן אידעאַל, לגבי וועלכע מיר זענען, אין זיינע אויגן, זינדיקע פּאַראַזיטן. דער נביא האָט בלי ספק מגזם געווען אונדזערע חטאים,

נאָר די מאָס, מיט וועלכער ער האָט אונדז געמאָסטן, האָט אין ערגסטן פאַל געקענט מאַכן פון זיינע רייד בייזע נבואות. אָבער דער הייגטיקער, לויט די קוואַלן פון וועלכע ער שעפּט, קען אין בעסטן פאַל מאַכן פון זיינע טענות בלויז מילדע לשון־הרע. עס איז, זעט אויס, ניט קיין גוטע מידה צו זיין צו איילִיק צו ציטירן די נביאים, אָדער זיך צו פאַרגלייכן מיט זיי. אומ־גליקלעכע נביאים!

וואָס מען קען אַלץ דרינגען פון ציטאַטן, זאָל אונדז טאַקע איין גאָט שומר ומציל זיין. אָט, למשל, ציטיר איך אַ ווערטל: „בעסער אַ ייד אָן אַ באָרד, איידער אַ באָרד אָן אַ יידן". דאָס וואָלט געקענט דינען ווי די שטאַרקסטע ראיה, אַז די יידן וואָס האָבן אַזאַ ווערטל געשאַפן, זענען מסתמא געווען גלוחים, אָדער לכל הפחות האָבן זיי ניט שטאַרק מקפיד געווען צי אַ ייד טראָגט אַ באָרד אָדער ניט. נאָך אַ גליק, וואָס מיר זענען געווען דערביי, אַזוי צו זאָגן, און ווייסן אַז דאָס וואָלט געווען אַ בלבול אויף אונדזערע טאַטעס.

אָדער נעמט, למשל, די חסידישע מעשה מיטן פאַסטעך, וואָס האָט גע־פּאַשעט זיינע שאָף אין יום־כּיפּור. ווען ער האָט זיך געכאַפּט וואָסער טאָג עס איז, איז ער שנעל געלאָפן אין דער נאָענטסטער שול. אָבער ליידער צו־שפּעט. ער איז אָנגעקומען שוין נאָך נעילה. פון גרויס עגמת־נפש האָט ער געגעבן אַ פייף. איז אין הימל געוואָרן אַ גערודער, ווייל דער דאָזיקער פייף האָט מער אויסגענומען ביי דער פמליא של מעלה ווי אַלע יום־כּיפּורדיקע תפילות פון די אַנדערע פרומע יידן.

ביי חסידים זענען פאַראַן אַ סך אַזעלכע מעשיות, וואָס דריקן אויס דעם געדאַנק, אַז דער עיקר איז דאָס האַרץ, די כוונה, ניט דער טרוקענער רעליגיעזער פאָרמאַליזם. ווען די חסידים וואָלטן געווען ווייט אָפּגערוקט פון אונדז אין צייט און מיר וואָלטן קיין דאָקומענטן פון זייער טאָג־טעגלעכן לעבן ניט געהאַט, און די אַלע מעשיות וואָלטן פאָרמולירט געוואָרן אין פּאַסיקע ווערטלעך, וואָלט מען מיט אַזעלכע ציטאַטן לייכט געקענט באַווייזן, אַז חסידים האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון פאָרמעלער יידישקייט, אַז זיי האָבן בכלל פאַרוואָרפן דעם שולחן־ערוך.

אָבער אָט איז זייער אַ בילדלעכע אילוסטראַציע פון דעם וואָס מען קען טאָן מיט ציטאַטן. אַ ליבעראַלער קריסטלעכער טעאָלאָג, ד"ר פאָזדיק, וויל באַווייזן אויף ווי ווייט דער נייער טעסטאַמענט שטייט העכער פאַרן תנ"ך. שטעלט ער צונויף אַ גאַנצע סעריע קאָנטראַסטן צווישןביידע ווערק. אין תנ"ך אַנטפּלעקט זיך גאָט אין אַ שטורעם אויף אַ באַרג אין דער מדבר, אין נייעם טעסטאַמענט זאָגט קריסטוס: „גאָט איז אַ גייסט, און די וואָס דינען צו אים דאַרפן אים דינען אין גייסט און אין אמת". אין תנ"ך האָבן מיר אַ מלחמה־גאָט, וואָס פירט זיינע זעלנער צו נצחונות, אָבער די קריסטלעכע הייליקע זאָגן: „גאָט איז ליבע, און דער וואָס לעבט אין ליבע, לעבט אין גאָט און גאָט לעבט אין אים". אין תנ"ך האָבן מיר אַ לאָקאַלן גאָט וואָס האָט ליב

זיינע בני ישראל און האָט פיינט זיינע שונאים, אָבער אין נייעם טעסטאַמענט האָבן מיר אַ גאָט פון דער גאַנצער וועלט, וואָס מען קען גאָרניט ציילן די צאָל פון די וואָס דינען צו אים פון אַלע פעלקער, שטאַמען, מענטשן און שפּראַכן. אין תנ״ך באַפעלט גאָט אומצוברענגען די עמלקים, מענער און פרויען, קינדער און זופּעלעך. אָבער אין דער קריסטלעכער תורה לעבט אַ פאָטער וואָס זיין ווילן איז, אַז „קיינער פון אָט די קליינינקע זאָל ניט אומ־קומען״. אין תנ״ך שטייט דאָס פאָלק ווייט פון זיין גאָט און פון זיינע דונערן און בליצן, און בעט ער זאָל צו זיי ניט ריידן, ווייל זיי קענען נאָך שטאַרבן. אָבער אין נייעם טעסטאַמענט גייען מענטשן אַריין אין זייערע הייזער, און ווען זיי פאַרמאַכן די טיר, בעטן זיי צו זייער פאָטער, וואָס איז דאָרט פאַראַן כאָטש מען קען אים ניט זען.

דער יידישער געלערנטער ק. ג. מאָנטעפיאָר, וואָס זיין סימפּאַטיע מיטן קריסטנטום איז געװען באַקאַנט, ברענגט די דאָזיקע שטעלע פון פּאָזדיקן און איז מודה, אַז מען קען זיכער מאַכן אַזאַ פאַרגלייך לטובת דעם קריסטנטום. אָבער, זאָגט ער, לאָמיר פּרובירן דאָס פאַרקערטע, לאָמיר פּרובירן אָוועק־שטעלן אַזעלכע קאָנטראַסטן צווישןביידע ווערק, וואָס וועלן באַווייזן אויף וויפיל דער נייער טעסטאַמענט שטייט נידעריקער פון תנ״ך, און ווי עס ווייזט אויס, האָט מאָנטעפיאָר גאָרניט קיין גרויסע שוועריקייטן געהאַט דאָס צו דערגרייכן.

אָט איז עס. אין תנ״ך: „וואָרעם איך באַגער ניט דעם טויט פון דעם וואָס שטאַרבט״, און אין נייעם טעסטאַמענט: „אַוועק פון מיר, איר טוער פון אומגערעכטיקייט״. אין תנ״ך: „גאָט האַלט איין זיין צאָרן און ער איז פול מיט רחמים״, און אין נייעם טעסטאַמענט: „פאָרכט זיך פאַר אים, וואָס קען צעשטערן אי דעם גוף, אי די נשמה אין גיהנום״. אין תנ״ך: „איך בין מיט דעם, וואָס זיין זעל איז פול מיט חרטה, כדי אים אויפצומונטערן״. אין נייעם טעסטאַמענט: „שמאָל איז דער וועג וואָס פירט צום לעבן, און ווייניק זענען די וואָס געפינען אים״. אין תנ״ך: „ניט אייביק וועל איך פירן קריג, ניט שטענדיק וועל איך צערענען״. אין נייעם טעסטאַמענט: „אַוועק, איר פאַר־שאָלטענע אינעם אייביקן פייער״. אין תנ״ך: „זאָל איך ניט רחמנות האָבן אויף נִנוה, דער גרויסער שטאָט?״ אין נייעם טעסטאַמענט: „סדום וועט גיכער קענען אויסהאַלטן אין טאָג פון משפּט ווי די דאָזיקע שטאָט״. אין תנ״ך: „גאָט איז גוט צו אַלע, און נאָענט צו אַלע וואָס רופן צו אים״. אין נייעם טעסטאַמענט: „ווער עס רעדט קעגן דעם הייליקן גייסט, פאַר אים איז ניטאָ קיין פאַרגעבונג, ניט אויף דער וועלט, ניט אויף יענער״. אין תנ״ך: „גאָט וועט אָפּווישן טרערן פון אַלע פּנימער, ער וועט אויף אייביק צעשטערן טויט״. אין נייעם טעסטאַמענט: „זיי וועלן זיי אַריינוואַרפן אינעם אויוון פון פייער, דאָרט איז געוויין און קריצעניש פון ציין״.

מאָנטעפיאָר גיט צו, אַז די ערשטע סעריע פאַרגלייכן איז פונקט אַזוי

פּאַרפּירעריש ווי די צווייטע. דאָ האָבן מיר אָבער אַ געלעגנהייט צו גיין נאָך ווייטער. דעם עצם געדאַנק פון פאַרגלייכן די צוויי טעסטאַמענטן, און די ווייטערדיקע השערה אַז מען קען דאָס דערגרייכן דורך קעגנשטעלן אויסצוגן פון ביידע ווערק, באַווייזט ווי אָפּגענאַרט מען קען ווערן אַפילו דורך די טרעפלעכסטע ציטאַטן. די היסטאָרישע דערפאַרונגען פון אַ פאָלק, און די ליטעראַטור פון אַ רעליגיעזער סעקטע, זענען צוויי אַנדערע וועלטן, און עס איז הוילער אומזין צו טראַכטן, אַז מען קען זיי מעסטן לויט דער זעלביקער מאָס.

עס קען קיין ספק ניט זיין, אַז ציטאַטן פון גרויסע מענטשן האָבן אָפט אַ דעציזירנדיקן איינפלוס אויף די געפילן און איבערצייגונגען פון מענטשן. דאָס איז אויך קיין חידוש ניט. די וועלט אונדזערע איז גאַנץ שוואַך צונויפגעקלעפּט. זי באַוועגט זיך ווי אַ וואָגן מיט לויזע רעדער און קען אונדז ניט געבן דאָס געפיל פון פעסטקייט און זיכערקייט, אַן וועלכע עס איז אַזוי שווער צו לעבן. יעדער טראָט איז אַן ענטפער, וואָס קען קוים אויספילן דעם חלל פון אַ כזית, בעת יעדע קשיא איז גרויס ווי אַ באַרג און צעטרייסלט ווי אַן ערד־ציטערניש. זוכן מיר אין יעדן גרויסן מענטשן אַ הילף און אַ טרייסט. עפּעס דאַכט זיך אונדז, אַז ער, אונדזער וועגווייזער, שטייט אין דירעקטע באַציאונגען מיט די געהיימע כוחות וואָס פירן דאָס בלינדע לעבן. זיינס אַ וואָרט, אַ ציטאַט פון זיינס אַן אויסדרוק זעט אויס צו זיין יענער לאַנגגעהאָפטער ענטפער, אויף וועלכן מיר קוקן אויס מיט דאָרשטיקע אויגן. ווען מיר לייענען ציטאַטן פון אַזעלכע נעמען ווי ישעיה, אַריסטאָטל, רמב״ם, שעקספּיר, ניוטאָן, קאַנט, עפענען זיך ביי אונדז מויל און אויערן. עס פילט זיך אַז אָט הערן מיר באַריכטן, וואָס קומען דירעקט פון די אויבערשטע מקומות. די לויזע רעדער פונעם וואָגן ווערן אויף אַ מאָמענט פעסטער, און אַלץ הייבט זיך אָן טראָגן מיט אַזאַ גלאַטקייט, אַזוי ווי דער סדר העולם וואָלט פאַר אונדז פּלוצלונג אויסגעלייגט אַן אומענדלעכן וועג מיט איינגעמויערטע רעלסן.

און ער, דער וואָס ציטירט, איז דאָך אויך ניט מער ווי אַ מענטש. ווען עס אַנטפּלעקט זיך צו אים עפּעס, וואָס ער מיינט אַז עס איז אַן אמת אין דער דאָזיקער זינדיקער, אומזיכערער וועלט, זוכט ער אַן אָנשפּאַר אין יענע, וואָס זענען „פער דו" מיטן אייביקן גורל און שמועסן זיך אויס מיט אים פּה אל פּה. אויב אין דער איילעניש צו באַשטעטיקן זיין אמת, און אין דער באַגייסטערונג פון האָבן אים געפונען, ציטירט ער אַמאָל ניט אין גאַנצן ריכטיק, אָדער באַגייט אַן אַנדער זינד ביים ציטירן, איז עס אפשר אויך ניט זיין שולד. צוליב דער תאווה צו כאַפּן דעם אמת, איז שוין ניט איין מענטש געשטרויכלט געוואָרן מיט מוראדיקע ליגנס, אָדער גלאַט פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אויף געפערלעכע וועגן.

ציטאַטן, פּונקט ווי לעבעדיקע באַשעפענישן, זענען אויך אָנגעוויזן אויף פּשוטן מזל. טייל פון זיי זענען בלאָס, אָנעמיש, אינעם אייגענעם קאָנטעקסט.

ערשט ווען מען נעמט זיי אַרויס פון דאָרט, און מען באַנוצט זיי ווי ציטאַטן, לעבן זיי אויף, צעבליען זיך, אַז עס איז אַ מחיה אויף זיי צו קוקן. אַנדערע ווידער, פאַרקערט, אין דער אייגענער היים האָבן זיי געלויכטן מיט אַלע זיבן חנ׳ען; דאָ, אינעם פרעמדן ציטאַטן־לאַנד, שטעלט זיך ביי זיי אָפּ דער דופק.

האָב איך מורא, אַז קיין וועלט־איבערקערנדיקע רעפאָרמען וועלן מיר דאָ ניט קענען איינפירן, און מען וועט שוין מוזן לאָזן אַלץ ביים אַלטן. וואָרעם ווען עס קומט צו ציטאַטן האָבן מיר, ווייזט אויס, צו טאָן מיט זייער קאַפּריזנע באַשעפענישן, כמעט אַזוי קאַפּריזנע ווי מענטשן אַליין, און צו קאָנטראָלירן מענטשן, דאָס איז שוין באַלד איבער די מענטשלעכע כוחות. פונדעסטוועגן דאַרף מען אין קיין גרויס עצבות ניט אַריינפאַלן. אַז עס ווערט שוין גאָר שלעכט, ברענגט מען עפּעס אַ פריילעכן ציטאַט, און ווידער ווערט מען גרייט צו טראָגן אויף זיך דעם עול וואָס די וועלט פון ציטאַטן לייגט אויף אונדז אַרויף.

(1934)

# שווער צו זיין אַן אינטעליגענט

איך ווייס אַז זעלטן ווען גייט מען אויף אַ זיכערער בריק ווען מען פֿאַר־לאָזט זיך צופֿיל אויף סאָציאָלאָגישע געזעצן, סיידן ווען מען האָט צו זיי אַן אויסגעהאַלטענעם ליטווישן צוגאַנג. פּוילישע יידן האַלטן אַז ווען אַ ליטוואַק רופֿט אויס: „איך גלויב אייך", איז אַ סימן אַז ער האָט שוין פֿריער איבער־געציילט און געזען אַז דער חשבון שטימט. דאָך, דאַכט זיך מיר, אַז מיר קענען מיט אַ רואיק האַרץ אָננעמען אַזאַ מין סאָציאָלאָגישן חד גדיא: וואָס לענגער עס האַלט אָן די קריטישע לאַגע פֿון אַ פֿאָלק, אַלץ מער פּאַרטייען וואַקסן ביי אים אויס. וואָס מער פּאַרטייען, אַלץ מער אידעאָלאָגיעס און אַקטיווע אינטעליגענטן וואָס שטעלן זיך איין פֿאַר זיי. וואָס מער אַקטיווע אינטעע־ליגענטן, אַלץ מער טעאָרעטישע רייסערייען. וואָס מער רייסערייען צווישן די אינטעליגענטן, אַלץ מער לויבן זיי אין הימל אַריין די מעלות פֿון פּשוטן פֿאָלק און גיסן אויס זייער צאָרן אויף די שפּיץ־קעפּיקע און שלימזלדיקע אינטע־ליגענטן, ד"ה, די קעגנערישע אינטעליגענטן, פֿאַרשטייט זיך.

ווען איר הערט עמעצן רעדן מיט התפּעלות וועגן די געזונטע אינסטינקטן פֿון פּראָסטן פֿאָלק, קענט איר זיין זיכער אַז דאָס רעדט אַן אינטעליגענט וואָס וויל זיך דערמיט אָפּרעכענען מיט די אינטעליגענטן פֿונעם צד שכנגד. טאָמער זענען פֿאַראַן ביי אַ פֿאָלק, אין אַ מער פּרימיטיוון צושטאַנד, טאַלאַנטפֿולע אַנאָנימע יחידים, אָדער צענדליקער וואָס פֿאַרשפּרייטן שיינע מעשיות, לידער, מוזיק, טענץ, און די טויזנטער אָדער מיליאָנען נעמען זיי אָן, רופֿט מען דאָס פֿאָלקלאָר, און מיר זעען דעמאָלט באַשיינפּערלעך די טיפֿע חכמה און שאַרפֿע גאונות פֿון פּשוטן פֿאָלק. ווען אַ פֿאָלק, אויף אַ מער איבערגעשפּיצטער מדרגה, רייסט זיך דווקא צו שונד, קעגן אַלע וואָרענונגען פֿון זיינע אינטעלעקטועלע פֿירער, איז אין דעם, פֿאַרשטייט זיך, שולדיק דער אינטעליגענט, דער שונד־שרייבער, וואָס פּילט אָן מיט פֿאַרדאַרבנקייט די ריינע שאַצקאַמערן פֿונעם פּשוטן פֿאָלק. פֿאַראַן דיכטער וואָס זענען גרייט צו פֿאַלן כורעים פֿאַר דער שיינקייט פֿון פֿאָלקס־שאַפֿונג, אָבער טאָמער וועט איר זייערע לידער קאָמפּלי־מענטירן ווי פֿאָלקס־פּאָעזיע, וועלן זיי דאָס אייך קיינמאָל ניט מוחל זיין. עס איז פּונקט ווי די פּרינצעסינס אין מלחמה־צייט: זיי זענען גליקלעך צו ווערן קראַנקן־שוועסטער און באַזוכן פֿון צייט צו צייט די פֿאַרוואונדעטע זעלנער אין די שפּיטאָלן. פֿונדעסטוועגן שמעקט זיי אַ סך בעסער צו פֿאַרבלייבן ביי זייער בידנער פּראָפּעסיע פֿון פּרינצעסינס.

בלויז אינטעליגענטן מיט זייער אומשולדיקן חשק צו אַנאַליזירן, צו דרשענען גאַנצע בערג הלכות אויף יעדן וואָרט, ווי רבי עקיבא בשעתו, פֿירן דורך דעם טיפֿן ריס צווישן דעם כאַראַקטער פֿונעם פּשוטן פֿאָלקס־מענטש און זיין טעאָרעטישן באַדינער, דעם אינטעליגענט פֿונעם אַנדערן צד. און

אפשר איז דאָס אַ מיטל זיך אַליין צו באַשיצן. וואָרעם יעדער פון אונדז ווייס דאָך אַז ביי אַ געזעלשאַפטלעכער איבערקערעניש, אַ שעת חירום, זענען די אינטעליגענטן פונעם זיגער זיך נוקם ונוטר אָן די אינטעליגענטן פונעם באַזיגטן. פילט מען לכל הפחות מער זיכערקייט, אַ שטאַרקערן אָנהאַלט, ווען מען רעכנט זיך צו די מאַסן, די פאָלקס־מאַסן, די ברייטע מאַסן, די אַרבעטער־מאַסן, און מען דריקט אויס זייערע אַזוי־גערופענע געזונטע אינסטינקטן.

אַפילו אין רוסישע צייטן פילט מסתמא דאַנטאָן, אַז ראָבעספיער קען אַ ליאָדע מינוט שלייפן זיין מעסער אויף אים. און ווען ראָבעספיער האָט צייט צו טראַכטן ווענגן זיך ווייס ער אַז עס קען זיך ערגעץ עפּעס געבן אַ דריי און אויך אים אַריינדרייען אין דער גיליאָטינע. אין אַלטן בענגאַל איז געווען איינגעפירט, אַז ווער עס דערהרגעט דעם קעניג און עס געלינגט אים צו פאַרכאַפּן דעם טראָן, ווערט ער גלייך אָנערקענט ווי דער אמתער קעניג. וועגן אים האָט דאָס פאָלק געזאָגט: „מיר זענען געטריי דעם טראָן. ווער עס זיצט אויפן כסא־המלכות, אים געהאָרכן מיר און אים וועלן מיר זיך איבערגעבן". אַזוי האָבן געהאַנדלט אינטעליגענטן און פאָלק אין יענער צייט. היינט איז די פּאָרעם אַביסל אַנדערש פאַר ביידן, היינט וועט איין טייל אינטעליגענטן, דער זיגער, מאַכן אַ פּראָצעס אויפן אַנדערן טייל, דעם באַזיגטן, זיי דערקלערן פאַר אויסלענדישע שפּיאָנען, און זיי דערשיסן לויט אַ רוסיקן, געריכטלעכן פּסק־דין. אויך דאָס פאָלק וועט ניט סתם אַזוי דערקלערן געטרייִשאַפט צו אַ טראָן נאָר צו די פּרינציפּן פון אַ זיכערער דיאַלעקטיק וואָס דריקט אויס די געזונטע אינסטינקטן און אמתע באַדערפענישן פון פאָלק.

דאָס נאַצישע דייטשלאַנד איז געפירט געוואָרן אידעאָלאָגיש פון דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, פילאָסאָפן, די העכסטע אינטעליגענטן פון לאַנד. נאָך אַ נצחון איבער אַ שונא האָבן זיי גלייך זיך גענומען אומברענגען די געבילדעטע קלאַסן, די געלערנטע, די אינטעליגענטן. אין נאָוועמבער 1939, באַלד אין אָנהייב פון דער מלחמה, האָבן זיי דערשאָסן אין פּראָג צוועלף טשעכישע נאַציאָנאַליסטן, און ניין פון די צוועלף זענען געווען סטודענטן. אויך פאַר די דייטשן איז געווען אַבסאָלוט קלאָר, אַז מיטן פאָלק וועט זיין בעסער אויסצוקומען ווען מען וועט פּטור ווערן פון די אינטעליגענטן וואָס ווילן ניט אויפנעמען דעם מעטאַפיזישן קול דממה דקה פונעם דיאַלעקטישן וועלט־גייסט.

אַזוי איז אַלע מאָל געווען. אין 1799 האָט מען אין נעאַפּאָל אומגעבראַכט 95 פּאַטריאָטן, די פירער פון אַ קאַמף־באַוועגונג אַנטקעגן די בורבאָנען. דאָס רוב פון זיי זענען געווען אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, שרייבער. צווישן זיי האָבן זיך געפונען בלויז צוויי פּויערים און דריי אַרבעטער. דערמיט האָבן די פּראָפעסאָרן, דאָקטוירים און שרייבער פון איין פאָלק אויסגעדריקט זייער אָפּשאַצונג פונעם זעלביקן קלאַס מענטשן פון אַן אַנדער פאָלק.

אָבער אויך אין זעלביקן פאָלק הערט קיינמאָל ניט אויף די דאָזיקע זייער אַקטיווע קעגנזייטיקע קריטיק צווישן די אינטעליגענטן. ביי יידן געפינען מיר

שוין אין חומש אַ גאַנץ קלאָרן אָנזאָג פון אַזאַ, לאָמיר דאָס רופן, סטראַטע־גישן צוגאַנג. בעת ישראל האָט זיך באַהעפּט אָן דעם בעל פון פּעור „האָט גאָט געזאָגט צו משה׳ן: נעם אַלע הויפּטלייט פון דעם פאָלק, און הענג זיי אויף פאַר גאָט אַנטקעגן דער זון, און דער גרימצאָרן פון גאָט וועט זיך אָפּקערן פון ישראל". דווקא די הויפּטלייט, ד״ה, די אינטעליגענץ פון יענער צייט, און דווקא אַנטקעגן דער זון, מסתמא כדי מען זאָל קיין טעות ניט מאַכן וועמען מען הענגט אויף. צו משה׳ס שבח דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ער האָט ניט אויסגעטייטשט בוכשטעבלעך דאָס וואָס גאָט האָט אים געהייסן. זיין אינער־לעך דעמאָקראַטיש געפיל האָט מסתמא ניט דערלאָזן אַז ער זאָל מאַכן אַזאַ שאַרפן חילוק צווישן אינטעליגענץ און פאָלק. וואָרעם דער ווייטערדיקער פסוק דערציילט אונדז: „און משה האָט געזאָגט צו די ריכטער פון ישראל: הרגעט איטלעכער זיינע מענטשן וואָס האָבן זיך באַהעפּט אָן דעם בעל פון פעור". אַלע מענטשן, ניט דווקא הויפּטלייט. אָבער די שפּעטערדיקע גע־שיכטע סיי ביי אונדז, סיי ביי אַנדערע פעלקער, באַווייזט אַז גאָטס דרך האָט זיך שטאַרקער אָנגענומען ווי משה׳ס. וואָרעם ווי נאָר עפּעס, ווייס מען אַז דאָס פאָלק איז גאָט די נשמה שולדיק.

עס דערמאָנט זיך מיר אָן אומוויכטיקער אינצידענט וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין מיינע יוגנט־יאָרן. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. איך בין דעמאָלט געווען אין אַ שטעטל אין פּוילן, און זיך געאיילט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון יידישע אַרבעטער. די טעמע פון מיין רעדע האָט געדאַרפט זיין אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז בטבע פריי פון אַנטיסעמיטיזם. גייענדיק אַזוי צוזאַמען מיט עטלעכע פריינד, איז אונדז אַנטקעגן געקומען אַ גרופּע פּוילישע אַרבעטער און אונדז גענומען פאַרוואַרפן מיט שאַרפע אַנטי־יידישע זידלערייען און טעמפּע בייטראַלע שטיינער. איך האָב גלייך פאַר זיך דערזען אַ גאָלדענע געלעגנהייט צו באַווייזן מיט עקספּע־רימענטאַלער זיכערקייט דעם אמת פון מיינע געדאַנקען. האָב איך איינעם פון די געוואָרפענע שטיינער פעסט געהאַלטן אין מיין האַנט, און בעת מיין פייערדיקער רעדע האָב איך פּאַטעטיש אויסגערופן: „איר זעט אָט דעם שטיין, דאָס האָט ניט געוואָרפן קיין פּוילישער אַרבעטער, נאָר דער קליינבירגער־לעכער אינטעליגענט וואָס באַהאַלט זיך הינטער זיינע געזונטע פּראָלעטאַרישע פּלייצעס". דער שטיין אין מיין האַנט איז ממש געווען אַ לאַבאָראַטאָרישער באַווייז, פאַר מיינע צוהערער ניט ווייניקער ווי פאַר מיר אַליין, ווי אמתדיק עס זענען מיינע ווערטער אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז לויט זיין נאַטור פריי פון שנאה צו יידן.

אין אַרטיקלען פון מיינע זייער אינטעליגענטע פריינד לייען איך אָפט שווערע באַשולדיקונגען קעגן יידישע אינטעליגענטן. ביי קיין שום אומה ולשון, טענה׳ן זיי, איז דאָך ניט געהערט געוואָרן אַז אינטעליגענטע כוחות זאָלן אַפילו אין די קריטישסטע צייטן זיך דערווייטערן פון זייער אייגן פאָלק

און דווקא זיך רייסן צו היטן די גערטנער פון אַנדערע פעלקער. דאָס איז זיכער זייער פיינלעך, און הלוואי וואָלטן אונדזערע אייגענע קינדער תמיד געהאָלפן באַשיינען אונדזער אייגענעם פאַמיליע־טיש. אָבער, צו זיין גערעכט צו זיך, און אַפילו צו די וואָס אַנטלויפן פון אונדז, קען מען בשום אופן ניט זאָגן אַז בלויז ביי אונדז טרעפן זיך אַזעלכע זאַכן.

דער באַרימטער פּאָליטיקער פון סאַרדיניע, קאַוואור, איז געווען אַ פראַנצויז. זיין הייסע פּאַטריאָטישע געטריישאַפט צום איטאַליענישן פאָלק האָט געהאָלפן פאַרטרייבן עסטרייך פון איטאַליענישער ערד. דער איטאַליע־נער גאַמבעטאַ איז געווען אַ העלדישער קעמפער פאַר פראַנקרייך אין דער צייט פון דער פראַנצויזיש־פּרייסישער מלחמה. דע וואַלעראַ איז געבוירן געוואָרן אין ניו־יאָרק פון אַ שפּאַנישן פאָטער. זיין ראָלע אין אירלאַנדס קאַמף פאַר באַפרייאונג איז אונדז אַלעמען באַקאַנט. קאָשוט, דער אונגאַרישער העלד, דער פּרעזידענט פון דער נייער אונגאַרישער רעפּובליק, וואָס האָט אין נייַנ־צענטן יאָרהונדערט געקעמפט קעגן דער אויבערהערשאַפט פון עסטרייך, איז געווען אַ סלאָוואַק. וועגן אים ווערט דערציילט גאָר אַן אינטערעסאַנטע מעשה. אין 1848, ווען עס האָט אויסגעזען אַז אונגאַרן איז שוין אין גאַנצן פריי פון עסטרייכישן יאָך, האָט אַ סלאָוואַקישע דעפּוטאַציע זיך געווענדט צו קאָשוטן מיט דער בקשה, אַז ער זאָל די סלאָוואַקן געבן עפּעס אַ פאָרעם פון אויטאָנאָמיע. אָבער דער סלאָוואַק קאָשוט האָט געענטפערט, אַז ער קען ניט געפינען סלאָוואַקיע אויף דער מאַפּע.

די דאָזיקע זייער אומ׳חנ׳עוודיקע באַמערקונג האָט, נאַטירלעך, אַרויס־גערופן ניט קיין צו וואַרעמע געפילן צו אים. אָבער דער ענגלישער היסטאָ־ריקער מעקאַרטני פאַרענטפערט קאָשוטן אויף אַזאַ אופן: „קאָשוט, וואָס האָט אַליין געשטאַמט פון סלאָוואַקן, האָט בשום אופן ניט געקענט אָפּלייקענען די עקזיסטענץ פון אָט דעם פאָלק, אָבער סלאָוואַקיע, ווי אַ טעריטאָריעלע אָדער פּאָליטישע איינס, באַזונדער פון אונגאַרן, דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך, און איז אין דער אמתן ניט געווען אין קיין שום פּאָליטישן אַטלאַס". עפּעס לייגט זיך מיר ניט אויף די ליפּן צו געבן קאָשוטן אַ ברכה פאַר זיין באַציאונג צו דער סלאָוואַקישער דעפּוטאַציע, אַפילו נאָך דער פאַרענטפערונג פונעם ענגלישן היסטאָריקער. ווי מיר ווייסן, האָט מען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה גאַנץ לייכט געפונען סלאָוואַקיע אויף דער מאַפּע, און דאָס איז גראָד געווען דעמאָלט ווען דער הויפּט־דעה־זאָגער איז ניט געווען קיין העלד פון סלאָוואַקישן אָפּשטאַם. בקיצור, אויך אַנדערע פעלקער קומט אויס אַראָפּצו־שלינגען דעם זייער ביטערן פּיל וואָס טייל פון אונדז מיינען, אַז דאָס קען זיך בלויז טרעפן ביי אַ געוויסן קלאַס יידישע אינטעליגענטן.

אָבער די וועלט פון דער אינטעליגענץ איז בכלל אַזאַ, וואָס סטראַשעט כסדר מיט פּלוצלונגע אויסבראַכן. וואָרעם ניט בלויז פּלאַקערט אַ שנאה פון די פרעמדע צו די אייגענע, אָדער אַ קאַמף פון די היימישע קעגן די אָפּגע־

פרעמדטע, נאָר אַפּילו צווישן די אינעווייניקסטע גופא איז קיין שלום ניטאָ. איז קיין חידוש ניט וואָס אינטעליגענטן ווילן תמיד פיגורירן ווי פאַרטרעטער פון פשוטן פאָלק. עפּעס חלומט זיך מיר אַז די מידה פון עניוות, וואָס איז דערהויבן געוואָרן צו אַזאַ הויכער מאָראַלער מדרגה, איז אַן אינטעליגענטישער אויפטו. דאָס פשוטע פאָלק וואָס שרייבט ניט, האָלט ניט קיין דרשות, זאָגט ניט קיין תורה, וואָלט ניט געקענט שאַפן אַזאַ געוואַלדיק־איבערצייגנדיקע רעקלאַמע פאַר דער מעלה פון עניוות. ווען אַן אינטעליגענט וויל מיר אַלע זאָלן וויסן אַז ער איז אַ גרויסער עניו, מיינט ער דאָך דערמיט זיך צו קלאַ־סיפיצירן אין אונדזערע אויגן מיטן פשוטן פאָלק, וואָס דאָס איז פאַר אים, ווי שוין באַמערקט, אַ שוץ און אַ פאַרזיכערונג על כל צרה שלא תבוא. מיט איין וואָרט — קלאַסן־אינטערעסן. והא ראיה: חסידים, חסידישע רביים האָבן געזונגען פּאַטעטישע שירים צו דער מידה פון עניוות. זייערע באַ־גייסטערטע מעשׂיות און לעגענדעס וועגן דאָרפס־יידן, וואַסערטרעגער, וכדומה, זענען דאָך אַ שם דבר. אָבער די חסידישע הויפן און זייערע אָנהענגער, די העכסטע חסידישע אינטעליגענץ, האָבן דאָך געפירט אַזעלכע פאַרביסענע מחלוקתן צווישן זיך. ליגט זיך אויפן שׂכל, אַז דורך פאַרגעטערן עניוות האָבן זיי זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון זייער אייגענעם קלאַס און זיך באַשיצן אונטער די וואָרעמע פליגל פון די יידן פון אַ גאַנץ יאָר.

איך האָב אַ שטאַרקן חשד אַז דאָס מוז אויך זיין די סיבה פאַרוואָס געוויסע שרייבער האַלטן זיך איינגעשפּאַרט ביי דער מיינונג, אַז וועגן אַלץ אין דער וועלט קען מען שרייבן אַזוי לייכט און פּאָפּולער, אַז יעדער איינער זאָל קענען פאַרשטיין. אין פלוג זעט עס אויס מאָדנע. די וועלט גיט אויס מיליאָנען און ביליאָנען אויף פאַרשיידענע לערן־אַנשטאַלטן כדי אויסצולערנען מענטשן זיי זאָלן קענען פאַרשטיין זאַכן פאַר וועלכע מען דאַרף האָבן אַ ספּעציעלע צוגרייטונג. איך געדענק אַז יצחק אייזיק, ע״ה, האָט זיך אַמאָל געבייזערט אויף אַן איבערזעצער פון אַ וויסנשאַפטלעך ווערק פאַרוואָס יענער האָט באַנוצט דאָס וואָרט „קאָגניציע". ער האָט גע'טענה'ט אַז די דייטשן האָבן אויך ניט קיין לאַטייניש וואָרט דערפאַר. זיי רופן עס „ערקענטניס". דאַרפן מיר, אין יידיש, עס רופן „דערקענטעניש". אָבער דער איבערזעצער האָט זיך פאַר־טיידיקט מיט אַ גאַנץ שטאַרקן אַרגומענט. ווען אַ ייד, האָט ער געזאָגט, וועט לייענען אַזאַ וואָרט ווי „דערקענטעניש", וועט ער מיינען, אַז דאָס האָט צו טאָן מיטן געוויינטלעכן וואָרט „דערקענען"; ער וועט זיך איינריידן על פּי טעות אַז ער ווייס וועגן וואָס עס רעדט זיך. אָבער „קאָגניציע" איז אים פרעמד, וועט ער מוזן אַריינקוקן אין אַ ווערטער־בוך, אָדער אַן ענציקלאָפּעדיע, אָדער ער וועט לכל הפּחות וויסן אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ באַגריף וועגן וועלכן מען דאַרף עפּעס לערנען כדי צו וויסן וואָס דאָס איז.

אַוודאי איז לייכט צו שרייבן זייער פּאָפּולער וועגן טאָג־טעגלעכע זאַכן פאַר וועלכע דאָס געוויינטלעכע לעבן גרייט צו יעדן מענטשן וואָס האָט אַ

נאָרמאַלן פאַרשטאַנד, איז פאַראינטערעסירט אין וועלט־ענינים. אָבער יעדער בר־דעת קען פאַרשטיין אַז עס זענען פאַראַן, עס מוזן זיין, גענוג, איבער־גענוג, ענינים אויף דער וועלט וואָס קיין שום סטיל־לייכטקייט וועט ניט העלפן זיי צו דערקלערן, סיידן פאַר אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט אַ געהעריקע צוגרייטונג. דער וואָס האָט קיינמאָל קיין פילאָסאָפיע ניט געלערנט, וועט בשום אופן ניט קענען באַנעמען דעם זינען פון אַ מעטאַפיזישער ענטיטעט, אַפילו ווען מען וועט דאָס אים צעקייען אויף מיקראָסקאָפּישע ברעקלעך און באַזאַלצן מיטן אַפעטיטלעכסטן פּאָפּולאַריזאַציע־סטיל. ער קען דאָס ניט פאַרשטיין, פּונקט ווי ער קען ניט אויפנייען קיין מלבוש נאָך איידער ער האָט זיך אויסגעלערנט איינצופעדעמען אַ נאָדל. דאָס האָט על פּי רוב גאָרניט וואָס צו טאָן מיט שווערע, אָדער אומבאַקאַנטע ווערטער. ניט דאָס וואָרט נאָר דער באַגריף, ניט וואָקאַבולאַר נאָר די גייסטיקע אינטערעסן־וועלט פונעם לייענער, אָדער צו־הערער, באַשטימט וואָס און אויף ווי ווייט ער קען פאַרשטיין.

נעמט, למשל, דאָס געזעץ פון גראַוויטאַציע. ניטאָ קיין מענטש אין דער גאַנצער היינטיקער מאָדערנער וועלט וואָס ווייס ניט פאַרוואָס אַ שטיין פאַלט צו דער ערד. ער ווייס אַז די ערד האָט אין זיך אַ כוח וואָס ציט צו. וואָס איז דאָ שווער צו פאַרשטיין? אָבער איך האָב איינגעזען, אַז בעת אַלע ווייסן אויסגעצייכנט דעם תירוץ, זענען פאַראַן ממש מיליאָנען וואָס פאַרשטייען ניט די קשיא. וואָרעם באמת, וואָס זאָל טאָן אַ שטיין ווען איר וואָרפט אים אין דער לופטן? זאָל ער פליען צום הימל? זאָל ער בלייבן הענגען אין חלל? אַוודאי איז נאַטירלעך ער זאָל פאַלן צו דער ערד. ווי קען דען אַנדערש זיין? נאָר אויב די חכמים פון דער וועלט זאָגן אַז דאָס איז אַ קשיא, און זיי האָבן דערויף אַ תירוץ, איז מילא, זאָל זיין אַזוי. אָבער וויי־וויי איז די צאָל פון די תירוץ־ווייסער אַ סך, אַ סך גרעסער ווי פון די קשיא־פרעגער. דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן פּאָפּולערן סטיל, נאָר וועגן אַ לענגערער צוגרייטונג און אַן איינגעשטעלטער געוואוינהייט צו טראַכטן וועגן אַזעלכע ענינים. מען דאַרף האָבן אָנגעזאַמלט אין זיך אַ סכום ידיעות און ניט וויניקער, אַ געוויסע קרובה׳שאַפט צו אַזעלכע וועלטן, אַז מען זאָל זיך דאָרט פילן היימיש און פאַרשטיין די אידענטיפיקאַציע־צייכנס דורך וועלכע זיי לאָזן זיך דערקענען.

פונדעסטוועגן זענען פאַראַן זייער געלערנטע שרייבער, מענטשן פון הויכער אינטעליגענץ, וואָס הערן ניט אויף צו רייצן דעם עולם אַז אַלץ אין דער וועלט קען מען דערקלערן אַזוי פּשוט, אַז אַלע זאָלן פאַרשטיין. נאָך מער, בלויז די וואָס פאַרשטייען אַן ענין זייער גוט — הערן זיי ניט אויף צו האַמערן — קענען אים אויך לייכט דערקלערן אַזוי אַז קינד און קייט זאָלן אים ווי געהעריק באַנעמען. אָט יענע אינטעליגענטן וואָס שרייבער אַזוי שווער, מיט אַ סטיל וואָס סאָפּעט ווי אַן אַלטפרענקישער לאָקאָמאָטיוו, יענע פאַר־שטייען אפשר אַליין ניט וואָס זיי זאָגן, אָדער זיי ווילן גאָר אַרויסווייזן זייער לומדות, זייער העכערקייט איבערן פּשוטן יידן. דעריבער, זאָלן די פאָלקס־

מאַסן וויסן ווער עס איז מיט זיי און ווער קעגן זיי. אָט אַזוי גייט אָן דער קאַמף צווישן די אינטעליגענטן, היינט אַזוי ווי אַמאָל, אָן אַן אויפהער, אָן רחמנות, און די געזונטע אינסטינקטן פון פּראָסטן פאָלק זענען אָפּט — אוי, צו אָפּט — ניט געזונט גענוג צו זיין אַ גוטער עצה־געבער ווערלכן פון די הויך־אַניטעלעקטועלע צדדים אויסצוקלייבן פאַרן אמתן פירער.

מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז מיר אַריינגעפאַלן אין דער האַנט אַ בוך וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק אין די דרייסיקער יאָרן, און וואָס רופט זיך נאַטור און לעבן. די הקדמה באַשטייט פון בלויז איין זאַץ און לייענט זיך אַזוי: „דער בוך נאַטור און לעבן גיט אייך צו פאַרשטיין, וואָס די נאַטור איז און ווי אַזוי זי שאַפט אַלצדינג, און אויך אין וואָס אונדזער לעבן באַשטייט, אָן פילאָסאָפיע און אָן פאַנטאַזיע, נאָר אויף אַ פּשוטן נאַטירלעכן אופן. פון מיר, איש פּשוט". איך בין ניט זיכער צי דער דאָזיקער זאַץ גופא האָט אין זיך אין גאַנצן ניט קיין פילאָסאָפיע. איך בין שוין גיכער וויליק צוצוגעבן אַז ער פאַרמאָגט ניט קיין פאַנטאַזיע. אָבער מיך האָט באַזונדערס צוגעצויגן די אונטערשריפט. „איש פּשוט", ווי רייצנדיק דאָס קלינגט. בכלל, אַזעלכע ווערטער ווי איינפאַך, פּראָסט, פּשוט, פּשט, פּשטות, עפּעס אַ מיטרייסנדיקער כישוף שטעקט אין זיי. אָפּט דאַכט זיך מיר, איך מוז דאָס מודה זיין, אַז דער רבונו של עולם האָט ניט באַשאַפן נאַטור און לעבן על פּי פּשט. וואָרעם וואו נאָר איך גיב זיך אַ קער דערפיל איך אַזוי פיל רמז, און דרוש, און סוד, אַז מיט הוילן פּשט קען איך זיך פּשוט קיין עצה ניט געבן. און דאָך קלינגט מיר „איש פּשוט" ממש ווי זיסע מוזיק. ניט אומזיסט האָט אַ גרויסער יידישער שרייבער געהייסן אויסקריצן אויף זיין מצבה: „דאָ ליגט אַ ייד אַ פּשוטער". פאַראַן אין דעם אי שיינקייט, אי אַ פּאַטעטישע אָנשטרענגונג זיך צו ראַטעווען.

בלייבט מיר איבער בלויז איין בקשה. איך האָב אַ פאָרגעפיל אַז אָט־אָט וועט קומען אַ יבוא יומו, און איך וועל ניט זיין צווישן די זיגער. אָט אין יענעם גורלדיקן טאָג, בעט איך אייך, געדענקט, איך בין ניט קיין אינטעליגענט. זאָלן די אינטעליגענטן פונעם זיגערישן צד, וואָס ביי זיי זענען די פאָלקס־מאַסן אַזוי טייער, זאָלן זיי וויסן, אַז איך בין אַ פּראָסטער חי וקים, „אָן פילאָסאָפיע און אָן פאַנטאַזיע", אַ פּשוטער ייד, אַ פאָלקס־מענטש. כ'ווייס, אפשר וועט דאָס העלפן. און טאָמער חס ושלום ניט, איז פאַרפאַלן. קיין אַנדער עצה האָב איך ניט.

(1947)

# מלחמה־יתומים

טערקישע „גריכן"

אַ יתום רופט אין אונדז געווייִנטלעך אַרויס געפילן פון ווייכקייט און מיטלייד. אָבער דער יתום אַליין פילט זיך ניט אַלעמאָל אַזוי אומגליקלעך מיט זיין מזל. פון שלום עליכמ'ען האָבן מיר געלערנט אַז עס קען טרעפן פונקט פאַרקערט: „מיר איז גוט, איך בין אַ יתום". אָבער די יתומים וועגן וועלכע איך וויל איצט דערציילן, זענען גאָר פון אַן אַנדער מין, און די מעשיות וועגן זיי זענען גראָד זייער טרויעריק, אָבער דערפאַר זייער אינטערעסאַנט, ממש שפּאַנענדיק.

ומעשה שהיה כך היה. אינעם לאַנד אַנאַטאָליע, וואָס אין טערקיי, האָט מקדמונים געלעבט אַ טערקישער שטאַם, וואָס איז אין איין וויכטיקן פּרט געווען אין גאַנצן אַנדערש פון די איבעריקע טיילן פונעם טערקישן פאָלק. בנוגע שפּראַך, מנהגים, און שטייגער פון לעבן זענען זיי געווען טערקן מיט טערקן צוגלייך, אָבער זייער רעליגיע איז געווען די פון די גריכן וואָס האָבן דאָרט געלעבט, נאָך איידער זיי זענען געקומען, מכמה, כמה שנים. אַט דער פאַקט וואָס זיי זענען ניט געווען קיין מאַכמעדאַנער, ווי אַלע טערקן, נאָר קריסטן פון גריכיש־אָרטאָדאָקסישן שניט, האָט זיי אין גאַנצן אָפּגעטיילט פון זייערע שטאַם־ברידער און געמאַכט פון זיי כמעט ווי אַ באַזונדער פאָלק. צווישן זיי און די איבעריקע טערקן איז געשטאַנען זייער רעליגיע ווי אַן אייזערנע מחיצה. פאַר זייערע נאָענטסטע שכנים, די גריכן, זענען זיי אויך געווען פרעמדע צוליב שפּראַך, לעבנס־פאָרמען, בקיצור, ווייל זיי זענען פאָרט געווען טערקן. נאָך מער, די טערקן האָבן אויף זיי געקוקט מיט פיינדלעכע אויגן ווי אויף משומדים, רענעגאַטן, בעת ביי די גריכן, כאָטש זיי זענען געווען פון דער זעלביקער רעליגיע, זענען זיי אַלץ קיין אייגענע ניט געוואָרן. פונדעסט־וועגן וועלן מיר זיי רופן, צוליב סיבות וואָס וועלן שפּעטער קלאָר ווערן, טערקישע גריכן.

קיין אַנאַטאָליע זענען זיי געקומען, ווי אַלע טערקישע שטאַמען, פון צענטראַל־אַזיע. ווען? דאָס איז שווער צו זאָגן. פון צענטראַל־אַזיע זענען אַנגעגאַנגען וואַנדער־שטראָמען אין משך פון הונדערטער יאָרן. טיילמאָל האָבן די דאָזיקע וואַנדערונגען אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון ריזיקע עפּידעמיעס. גאַנצע שבטים האָבן זיך געלאָזן אין וועג אַריין, צו מערב צו, מיט ווייב און קינד און האָב און גוטס, און האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די אָרטיקע באַפעלקערונגען פון קליין־אַזיע און אייראָפּע. כאָטש די דאָזיקע פעלקער־וואַנדערונגען זענען אָנגעגאַנגען כסדר, זענען אָבער געווען באַ־שטימטע צייטן, למשל, אין זעקסטן און צענטן יאָרהונדערט, ווען די וואַנ־

דערונגען זענען געוואָרן אַזוי געדיכט און זיך געטראָגן מיט אַזאַ שטורמישן אימפּעט אַזוי ווי אַלע דאַמבעס אַרום אַן אומבאַקאַנטן מענטשלעכן ים וואָלטן אַרויסגעריסן געוואָרן, און ווילדע מענטשן־כוואַליעס האָבן זיך גענומען וואַרפן און פאַרפלייצן אַלץ וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג. ווען זיי האָבן דער־גרייכט קליין־אַזיע האָבן זיי זיך באַזעצט אויף דער פרוכטבאַרער ערד פון מעסאָפּאָטאַמיע און אַנאַטאָליע. כאָטש זיי האָבן ניט אויפגעגעבן זייער שפּראַך און שטייגער לעבן, האָבן זיי אָבער אָנגענומען די רעליגיע פונעם לאַנד וואו זיי האָבן זיך באַזעצט. אין מעסאָפּאָטאַמיע זענען זיי געוואָרן מאַכמע־דאַנער, אָבער אין אַנאַטאָליע, וואו די גריכן האָבן געהאַט די אויבערהאַנט, זענען זיי באַקערט געוואָרן צו דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער קירך.

ווען די איצטיקע טערקן האָבן זיך באַזעצט אין טערקיי, און געוואָרן די הערשער פון דער דאָזיקער מדינה, זענען שוין די טערקישע גריכן דאָרט לאַנג, לאַנג געווען. זיי האָבן אַנטוויקלט אַן אייגן לעבן, אָפּגעזונדערט פון זייערע הערשנדיקע גריכישע שכנים, און דאָך זיך ניט אויסגעמישט מיט די ניי־געקומענע אייגענע שטאַם־ברידער וואָס האָבן געבראַכט און אויפגעהאַלטן די זעלביקע ירושה. די צוויי געטער, אַלאַ און יעזוס, האָבן צווישן זיך קיין שלום ניט געקענט מאַכן. אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען אַרום טויזנט יאָר צייט.

ויהי היום, האָט אויסגעבראָכן אַ וועלט־מלחמה, דעמאָלט, די ערשטע וועלט־מלחמה. מילא, מלחמות וועלן זיכער קיינמאָל די וועלט ניט מחזיר למוטב זיין. אָבער גראָד האָט דעמאָלט, ביים סוף פון דער מלחמה, געטראָפן אַ מאָראַלישער נס. די אויבערשטע פון פּאָליטישן שטייסל פון דער וועלט האָבן גענומען אַרויסווייזן מיטגעפיל מיטן נאַציאָנאַלן לעבן פון די קליינע פעלקער. די פראַגע וועגן פעלקער־רעכט, מינאָריטעטן־פאַרזיכערונג, זעלבסט־באַשטימונג, זענען געוואָרן אַן ערנסטער ענין פאַר די קאָרפּן־קעפּ פון די גרויסע פיר פון יענער צייט.

איינער פון די ענטפערס אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז געווען אַז מען זאָל ווי ווייט מעגלעך, אויסמיידן עס זאָלן זיין נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן אין פרעמדע לענדער, און וואו זיי זענען דאָ שוין פון פריער, זאָל מען זיי טראַנספערירן, אַפילו דורך צוואַנג ווען נייטיק, אויף דער טעריטאָריע פון אייגענעם פאָלק. דאָס האָט געפירט צו דער באַרימטער טראַנספערירונג פון די גריכן פון אַנאַטאָליע קיין גריכנלאַנד, אין 1922. אַזוי ווי אין יענע מקומות איז רעליגיע דער סימן מובהק פון נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט, האָט מען אָן שום טענות ומענות אויך אַרויסגעטריבן די טערקישע גריכן פון טערקיי און זיי אַריבערגעפירט צוזאַמען מיט זייערע גריכישע שכנים אויף גריכישער ערד. אַזוי איז אויסגעקומען אַז די ערשטע טערקן פון טערקיי, וואָס זענען געקומען אַהין מיט הונדערטער יאָרן פאַר די היינטיקע טערקן, זענען פּלוצלונג באַטראַכט געוואָרן ווי גריכן און זענען געצוואונגען געוואָרן צו

פאַרבינדן זייער מזל מיט אַ פאָלק מיט וועלכן זיי האָבן קיינמאָל קיין שייכות ניט געהאַט.

די טערקן האָבן זיך ניט אָפּגעגעסן דאָס האַרץ דערפון, ווייל פאַר זיי זענען דאָך די דאָזיקע עלטערע תושבים פון זייער פאָלק און מדינה געווען רענעגאַטן, אָפּטריניקעס. זענען די גריכן געווען גליקלעך מיט די נייע גרים? שווער צו זאָגן. אָבער אַז די דאָזיקע טערקישע גריכן האָבן זיך געפילט ווי פרעמדע, פאַר׳גלות׳טע, אין זייער נייער אומהיימלעכער היים, וועגן דעם קען מען כמעט זיין זיכער.

וואָס איז געוואָרן פון זיי פון 1922 ביז איצט אין גריכנלאַנד? זענען זיי דאָ געוואָרן אַ נייע נאַציאָנאַלע מינאָריטעט און זוכה געווען כאָטש צו קריגן אַ שמץ רעכט ווי אַזעלכע? איך ווייס ניט. אויף וויפיל מיר קענען מענטשן און פעלקער לייגט זיך אויפן שכל אַז ניט. גיכער איז צו גלייבן אַז זיי בלאָנקען זיך אַרום ווי אַ פונק פון טערקישן פאָלק אין אַ פלאַם פון גריכישן גלות, אַ פאָלק פון יתומים וואָס עפּעס היינטער זיי און איבער זיי איז געשטאָרבן, באַגראָבן, און קיין טרייסטער איז ניטאָ.

## אַ פאַר׳יתום׳טער אלף־בית

אַז איך האָב דערציילט וועגן אַ יתום פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, לאָמיך שוין זיין גערעכט אויך צו דער צווייטער. און ווי מאָדנע עס זאָל ניט זיין דער ערשטער יתום, איז דער צווייטער יתום נאָך מערקווערדיקער. וואָרעם דאָ, פּלאי פּלאים, איז דער לעבן־געבליבענער יתום ניט קיין מענטש, נאָר אַן אלף־בית, אַ שטום־געוואָרענער אלף־בית.

די מעשה קען מען דערציילן גאַנץ בקיצור, אַמאָל געווען און געענדיקט, ווי אַלע מעשיות. אָבער דער מוסר־השכל, שוין ניט ווי ביי אַלע מעשיות, איז דאָ דווקא אַ לאַנגער, זייער אַ לאַנגער. וועל איך שוין מוזן דער עיקר זיך אָפּגעבן מיט דער מעשה. דער פולער מוסר־השכל וועט מיר מוזן מוחל זיין.

געווען אַמאָל אַ פאָלק מיטן נאָמען קאַלמיקן, אַ מאָנגאָליש פאָלק, לויט רעליגיע זענען זיי געווען בודיסטן. גרויס אין צאָל זענען זיי ניט געווען, אָבער זיי האָבן פאַרמאָגט אַן אייגענע שפּראַך, אַ רייכן פאָלקלאָר־ליטעראַטור, מוזיק, אאַז״וו. גאָר אַמאָל האָבן זיי געשפּילט אַ גאַנץ אָנגעזעענע ראָלע, ספּעציעל אַרום דער צייט פון טשינגיז כאַן. שפּעטער האָט זיך דאָס מזל אָפּ־געטאָן פון זיי. דאָס גרעסטע אומגליק זייערס איז געשען אין 18טן יאָר־הונדערט. געקומען איז עס אויף אַזאַ מין אופן. לכתחילה האָבן זיי פאַרנומען, לויט זייער גרויס, גאָר אַ היפּשע טעריטאָריע אויףביידע זייטן פון דער וואָלגע. אונטער די צאַרישע רעגירונגען האָבן זיי באַזונדערס געליטן פון דעם וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעצוואונגען די קריסטלעכע רעליגיע. האָבן זיי שטילערהייט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן היים און לאַנד און זיך לאָזן דורך די סיבירישע סטעפּעס קיין כינע.

אַוועקגעוואַנדערט האָבן בלויז די וואָס האָבן געלעבט אויף דער מזרח־זייט פון דער וואָלגע, אַרום 300,000 מאַן. די פון מערב זענען ווייטער געבליבן אין רוסלאַנד. דער וועג פון די וואַנדערער איז געווען לויטער פּיין און אומגליק. פון איין זייט די ביטערע סיבירער פרעסט, פון דער צווייטער די כסדר׳דיקע אָנפאַלן פון באַשקירן און קירגיזן, אַלץ שכנישע שבטים, האָבן געזייט טויט און חורבן אין זייערע רייען. אַ סך יאָרן שפּעטער האָט מען געקענט זען די שפּורן פון זייער וואַנדערונג דורך זייערע סקעלעטן וואָס זענען געבליבן אויפן וועג. דער גרעסטער רוב פון זיי איז אומגעקומען אויף דער דאָזיקער אומגליקלעכער נסיעה.

די וואָס זענען געבליבן אין רוסלאַנד זענען, מיט דער מאָס פון אַ פאָלק, אויך געווען קליין אין צאָל. דערפאַר האָבן זיי אָבער אָנגעהאַלטן זייער נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייט. נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917 זענען זיי אָנער־קענט געוואָרן פון דער סאָוועטישער רעגירונג, און זייער געגנט איז געוואָרן די „קאַלמיקישע אויטאָנאָמישע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק״. די „באָלשאַיאַ סאָוועטסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ״ מאָלט מיט קענטיקער און באַרעכ־טיקטער שמחה דעם גליקלעכן אומבייט אין זייער לעבן. פון 1897 ביז 1917 אָבער פון 1917 ביז 1933 איז זי פאַרגרעסערט געוואָרן אויף 33 פּראָצענט. אין 1917 זענען ביי זיי געווען בלויז צוויי־דריי פּראָצענט וואָס האָבן געקענט לייענען און שרייבן, אָבער אין 1934 האָבן זיך שוין געקענט באַרימען מיט אַזעלכע קענטענישן גאַנצע 86 פּראָצענט. אין יענער צייט האָבן זיי שוין אויך פאַרמאָגט פינף אַזוי־גערופענע „סאָצקולטורישע״ הייזער, 113 לייען־צימערן, 7 ביבליאָטעקן, און ועל כולם איז זיי נאָך צוגעקומען אַ וויכטיקע נייע דערגרייכונג: אויפן אָרט פון זייער אַמאָליקער פּרימיטיוועד שריפט האָט מען זיי באַשאַנקען מיט אַ נייעם לאַטייניש אלף־בית, וואָס דאָס איז נאַטירלעך זייער אַ גרויס געווינס פאַר דער קולטור פון אַ גייסטיק וואַקסנדיק פאָלק.

איך האָב אַלץ גערעדט וועגן זיי בלשון עבר, אַמאָל, געטאָן, געווען, געלעבט, און וואָס איז איצט? ניטאָ. יאָ, פּראָסט פּשוט ניטאָ. געווען אַ פאָלק און מער ניטאָ. מיר האָבן אַלע געלייענט אַז נאָך דעם ווי די דייטשן זענען פאַר־טריבן געוואָרן פון יענע געגנטן האָט די סאָוועטישע רעגירונג אָפּגעשאַפט פיר רעפּובליקן. צווישן זיי איז אויך געווען די קאַלמיקישע רעפּובליק. אָבער וואָס הייסט „אָפּגעשאַפט״? ווי אַזוי דריקט זיך דאָס אויס? וועגן אָפיציעלער אינפאָרמאַציע פון סאָוועטישע קוואַלן קען, פאַרשטייט זיך, קיין רייד ניט זיין. דער אייזערנער פאַרהאַנג איז צו געדיכט, צו דיק און צו טונקל אַז מען זאָל עפּעס קענען דערזען דורך אים אויף אַ דירעקטן אופן. אָבער אַזוי ווי מיר האָבן אַ קיימא לן אַז וועגט האָבן אויערן, און אייזערנע ווענט אויך, האָט זיך עפּעס פאָרט דערטראָגן צו דער דרויסנדיקער וועלט. און דאָ אַנט־פּלעקט זיך פאַר אונדז אַ מאָוימדיק בילד. עס ווייזט זיך אַרויס אַז „אָפּגע־

שאַפט״ אַן אויטאָנאָמיש לעבן פון אַ געגנט איז בלויז אַ מליצה׳דיקער סטיל וואָס דיקטאַטורן האָבן אַזוי שטאַרק ליב. אין דער אמתן איז דער טייטש דערפון אַז אַ טייל פון דער באַפעלקערונג האָט מען אויסגעשאָסן און די איבעריקע האָט מען מיט האַק און פּאַק אַרויסגעטריבן פון זייערע היימען, און אין קליינע גרופּעס זיי צעשפּרייט און צעזייט איבער די וויסטענישן פון סיביר.

סיביר, לאָמיר געדענקען, ציט זיך פון די אוראַל־בערג ביזן פּאַסיפישן ים, אַ שטיק יבשה וואָס פאַרמאָגט אַזוי גרויס ווי 4,831,882 קוואַדראַט מייל. ווען מען דערמאָנט זיך, אַז גאַנץ אייראָפּע פאַרנעמט בלויז 3,814,000 קוואַדראַט מייל, קען מען זיך שוין אויסמאָלן וואָסער ריזיקן שטח סיביר שטעלט מיט זיך פאָר. די גאַנצע סיבירישע באַפעלקערונג האָט אין אָנהייב פון די דרייסי־קער יאָרן באַטראָפן אַרום אַכט מיט אַ פערטל מיליאָן, אַביסל גרעסער ווי די באַפעלקערונג פון דער שטאָט ניו־יאָרק. קען מען זיך שוין פאָרשטעלן ווי לייכט עס איז צו צעשפּרייטן אַ פאָלק אויף אַזאַ קאָלאָסאַלן שטח אַז עס זאָל דערפון, ווי אַ פאָלק, קיין שריד ופליט ניט בלייבן. איך בין זיך משער אַז ווען די דייטשן וואָלטן פאַרמאָגט אַ סיביר וואָלטן זיי ניט באַדאַרפט אָנקומען צום קאָסטבאַרן מיטל פון גאַז־אויוונס כדי אויסצוראָטן אַ פאָלק. סיביר מאַכט דעם איינדרוק פון מער מענטשלעך, און ביז מענטשן קומען אום פיזיש, ברענגען זיי דערוויל אַ היפּש ביסל נוצן דער מלוכה.

אָבער פאַרוואָס אַזאַ גרויליקע שטראָף אויף אַ גאַנץ פאָלק? וועגן דעם זענען געווען צוויי בריוו אין דער היגער „טיימז״ אין משך פון דעצעמבער וואָס קלערן אויף דעם ענין. די דאָזיקע בריוו האָב איך צו פאַרדאַנקען דאָס וואָס איך האָב זיך גראָד דערמאָנט אָן די קאַלמיקן, כאָטש זיי זענען ניט געווען די איינציקע וואָס אויף זיי האָט זיך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד אויסגעגאָסן אַזאַ תוכחה.

דער ערשטער בריוו־שרייבער, פעאָדאָר ס. מאָנסוועטאָוו, דערציילט אין קורצן די מעשה, ווייזט אָן אויפן גרויליקן אופן אויף וועלכן די קאַלמיקן זענען באַהאַנדלט געוואָרן און אַפּעלירט מען זאָל עפענען די טויערן פון פראַנקרייך, קאַנאַדע און די פאַראייניקטע שטאַטן פאַר די קאַלמיקן וואָס גע־פינען זיך אין אייראָפּע. דער צווייטער, טעאָדאָר שאַבאַד, זעט אין דעם אַן אַטאַקע אויף דער סאָוועטישער רעגירונג, דערצו נאָך אויף איר קולות־וברקים־רעקלאַמירטער פעלקער־פּאָליטיק. באַרעכטיקט ער די שטראָף פון „אויפלייזן נאַציאָנאַלע גרופּעס״, און באַקלאָגט זיך פאַרוואָס מר. מאָנסוועטאָוו האָט ניט דערמאָנט דאָס פאַרברעך וואָס די קאַלמיקן זענען באַגאַנגען, זיי האָבן קאָלאַבאָרירט מיט די דייטשן.

דער אמת איז אַז מאָנסוועטאָוו פאַרשוויגט אין גאַנצן די באַשולדיקונג אין קאָלאַבאָראַציע, און דאָס איז בלי ספק אַן עוולה. דאָך ווערט ממש קאַלט אין אַלע אברים פונעם פאַרטיידיקערס באַרעכטיקן די שטראָף פון „אויפלייזן״

אַ פֿאָלק. עס לוינט זיך אַ קוק צו טאָן גענויער וואָס אין דעם אַלעם שטעקט, בפרט נאָך פֿאַר אונדז, יידן, תמיד די שוואַכע אין די הענט פֿון די שטאַרקע.

ראשית, וואָס הייסט עס „זיי" האָבן קאָלאַבאָרירט? וויפֿיל? טאַקע אַלע? וואָסער לעגאַלע פּראָצעדור האָט דאָס פֿעסטגעשטעלט? לויט וואָסער דעפֿי־ניציע פֿון קאָלאַבאָראַציע האָט מען דאָס פֿאָלק באַשולדיקט? דער העכסטער אידעאַל פֿון אַלע דיקטאַטורן איז דורכצופֿירן אַ גראַמאַטישע רעוואָלוציע אָפּצושאַפֿן דעם לשון יחיד — „איך" און „דו" און „ער" אָדער „זי", און בלייבן בלויז ביים לשון רבים — „מיר" און „איר" און „זיי". אָט אַזוי גרייטן זיי זיך צום אויפֿקום פֿון אַ נייעם מין גראַמאַטישע דעמאָקראַטיע. אָבער קיין שום ציוויליזירט לעבן וואָלט פּשוט קיין קיום ניט געקענט האָבן ווען אַפֿילו ביי באַשולדיקן אין פֿאַרברעכנס און אויסטיילן שטראָפֿן זאָל הערשן דער באַגריף פֿון אַ „זיי" אָן שום אונטערשייד צווישן די ספּעציפֿישע שולד־מדרגות פֿון די יחידים וואָס גייען אַריין אינעם „זיי".

צווייטנס, אויב פֿאַר קאָלאַבאָראַציע קען מען אונטערברענגען אַ פֿאָלק, פֿאַרוואָס זאָל מען לאָזן נאַציאָנאַל לעבן די קראָאַטן, די סלאָוואַקן, אפֿשר אויך די אוקראַינער, די רומענער און די אונגאַרן, און זיכער די דייטשן אַליין? קיינער קען ניט זאָגן וויפֿיל פֿון די דאָזיקע פֿעלקער (אַחוץ די דייטשן אַליין) עס האָבן געהאָלפֿן די נאַציס, שוין אויך צוליב דעם וואָס אין „העלפֿן" קענען זיין אָן אַ שיעור מדרגות, פֿון אַזעלכע וואָס ס'איז אוממעגלעך אויסצומיידן ביז אָפּענער, ווילִיקער אַרבעט. אַלע פֿעלקער וואָס זענען געווען, און זענען נאָך איצט, אין די דייטשע לאַגערן, אַריינגערעכנט די יידן, האָבן געאַרבעט פֿאַר די דייטשן. זאָל מען זיי אפֿשר צוליב דעם פֿאַרשיקן און צעשפּרייטן הינטער אַלע הרי חושך?

דריטנס, אויב די קאַלמיקן האָבן געהאָלפֿן די דייטשן זענען דאָך מסתמא צווישן זיי געווען פֿירער וואָס האָבן אָנגערעדט דערצו, און בכלל אַקטיווע אַרויסהעלפֿער וואָס האָבן געדינט פֿאַר אַ ביישפּיל. פֿאַרוואָס זיך ניט באַ־נוגענען מיט אַרויסשיקן זיי כדי זיי זאָלן מער ניט האָבן קיין איינפֿלוס אויפֿן פֿאָלק?

פֿערטנס, פֿאַרוואָס זאָלן די סאָוועטישע פֿירער ניט טראַכטן אַז אפֿשר זענען זייערע אייגענע פֿאַרטרעטער און לערער שולדיק אין דעם? זיי האָבן דאָך, זאָגן זיי, אַזוי פֿיל אויפֿגעטאָן פֿאַרן קאַלמיקישן פֿאָלק אין משך פֿון גאַנצן לעבן פֿון איצטיקן דור, פֿאַרוואָס זאָל דאָס האָבן געהאַט אַ פֿאַרקערטע ווירקונג? יעדער לערער ווייס אַז אויב ביי אַן עקזאַמען פֿאַלן דורך, זאָגן מיר, פֿינף תלמידים פֿון אַ קלאַס פֿון 25 דעמאָלט זענען מסתמא די דורכגעפֿאַלענע שולדיק. אָבער ווען עס פֿאַלן דורך 20 דעמאָלט דאַרף מען גיכער שטעלן דעם לערער אויף אַן עקזאַמען און אויסגעפֿינען וואָס און ווי אַזוי ער האָט געלערנט.

פֿינפֿטנס, מיר האָבן געלערנט פֿון די רייד פֿון דער סאָוועטישער קאָנסטי־

טוציע אַז דאָס לאַנד ווערט צונויפגעשטעלט פון פעלקער. ממילא, איז אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע ניט קיין פּריווילעגיע וואָס עמעצער קען געבן אָדער אַוועקנעמען. אויב קאַלמיקן זענען באַגאַנגען פאַרברעכנס דעמאָלט דאַרף די קאַלמיקישע סאָוועטישע רעגירונג זיי באַשטראָפן אַזוי שטרענג ווי דאָס געזעץ פאָדערט. אָבער וואָס הייסט „אויפלייזן״? ווער לייזט אויף וועמען? אַלע זענען דאָך, ווי פעלקער, גלייכע באַלעבאַטים פון לאַנד, און אָט די גלייכהייט איז די עצם פאָרם פונעם אופן אויף וועלכן דאָס לאַנד איז געבויט!

פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע אַלע רייד זענען לעכערלעכע בטלנות, אפשר נאָך עפּעס ערגערס, אין די אויגן פון דיקטאַטורן. זייער האָניק פונקט ווי זייער ביס קומען ביידע פון איין קוואַל. מען דאַרף זיין קינדיש־פּרימיטיוו ניט צו דערשפּירן אין דער טבע פון זייער האָניק דעם גיפט פון זייער ביס. אייגנטלעך ניט זיי גייען מיך איצט אָן. וויכטיק איז פאַר אונדז צו געדענקען אַז מיר טרעטן איצט אַריין אין אַן עפּאָכע ווען קליינע פעלקער, דער עיקר די וואָס לעבן אין שכנות ביי אַנדערע באַלעבאַטים, ווערן הפקר און זענען כסדר אין סכנה אויפגעריסן צו ווערן צווישן די סטעפּעס פון אַ פיזישן, פּאָליטישן, גײַסטיקן־אָפּשטעלעכן אָדער קולטורעלן סיביר.

עס ווערט טאַקע אַביסל אומהיימלעך אין אַ וועלט וואו אָט זענען געווען פעלקער און אָט זענען זיי מער ניטאָ, אומגעבראַכט כמעט ווי איבערנאַכט. דאָך וועגן די קאַלמיקן און די איבעריקע קען מען זיך אפשר באַרויקן, ספּעציעל ווען מיר דערמאָנען זיך וויפיל מיר אַליין האָבן פאַרלוירן אין דער דאָזיקער אומגליקלעכער וועלט. אָבער איך קען ניט איינשטילן מיין מיטלייד מיטן נייעם קאַלמיקישן אלף־בית וואָס איז נעבעך געבליבן אַ יתום.

די סאָוועטישע לייט אין אַלע לענדער האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ צאַרטקייט צו די נייע אלף־בית׳ן און האָבן געהאַלטן אין איין פּראָקלאַמירן איבער דער וועלט אַזאַ רירנדיקע באַוואונדערונג פאַר זיי, אַז בעת מען האָט צעשפּרייט די קאַלמיקן איבער סיביר האָט מען זיי זיכער דעם נייעם אלף־בית ניט מיטגעשיקט. פאַרוואָס זאָל אַן אומשולדיקער אלף־בית, דער פּראָדוקט פון אָנגעשטרענגטער וויסנשאַפטלעכער, אפשר סטאַכאַנאָווישער, אַרבעט דאַרפן ליידן אין די וויסטע סטעפּעס פון מענטשלעכן אונטערגאַנג און אינדוסטריעלן אויפקום? בלאָנקעט זיך אַרום אַזאַ האַרץ־רייסנדיקער יתום, אַן אלף־בית, וואָס האָט פאַרלוירן זיין פאָלק. מען דאַרף זיין אַ גזלן ניט גערירט צו ווערן.

(1947)

# ווי עס טרעפט זיך

ר ע ד ע ס

גלייך ווי דער באַנקעט האָט זיך פאַרענדיקט און מענטשן האָבן גענומען זיך פאַנאַנדערגייין האָבן אויפגעפלאַמט אין פאַרשיידענע ווינקלען וויכוחים וועגן די אויסגעהערטע רעדעס. אַלע זענען געווען אומצופרידן פאַרוואָס עס האָבן גערעדט אַכט רעדנער, אָבער איינער פון די מקורבים האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז עס האָבן גערעדט בלויז זעקס. וואָרעם דער ערשטער איז דאָך בלויז געווען דער סעקרעטאַר וואָס האָט פאַרגעשטעלט דעם פּאַרזיצער; דער צווייטער איז דאָך געווען דער פאַרזיצער אַליין, הייסט עס — זעקס. די טענה אַז די ערשטע צוויי האָבן אָבער געהאַלטן גאַנץ היפּשע רעדעס, און פון דער געוויינטלעכער אָנגענומענער קוואַליטעט, האָט ניט געהאָלפן. דער עקשן האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס אַז רעדנער זענען בלויז די וואָס מען האָט ספּעציעל פאַרבעטן פאַר דעם צוועק.

נאָך דעם האָבן זיך אָנגעהויבן וויכוחים וועגן דעם טאַקט פונעם פאַר־זיצער. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן אונטערצושטרייכן אַז דער רעדנער וועט זיך שטרענג האַלטן ביי דער קורצער צייט וואָס מען האָט אים געגעבן. ביי די זינגער, שפּילער און אַקטיאָרן האָט ער אַזאַ מין קאָנטראַקט ניט דערמאָנט. קומט אויס אַז ער האָט די רעדנער אַוועקגעשטעלט אין אַ נידעריקערער פּאָזיציע. עס האָבן אָבער ניט געפעלט אַזעלכע וואָס האָבן דעם פּאַרזיצער הייס פאַרטיידיקט: וואָס זאָל מען פאַרט טאָן ווען דער עולם האָט פיינט רעדעס? דאָס איז דאָך געוואָרן ביי אונדז ווי אַ מין שטראָף פון גורל, און מען דאַרף בעטן די פאַרזאַמלטע אַז זיי זאָלן דאָס אָננעמען פאַר ליב. אַזוי שנעל ווי מען אַנאָנסירט אַ רעדנער נעמט מען זיך הייבן פון די פּלעצער, עס ווערט אַ שטילע שושקעריי, מען זעט קרומע מינעס אויף די פּנימער אַזוי ווי ביי אָנזאָגן אַ שלעכטע בשורה. וואָס־זשע זאָל טאָן אַ פאַרזיצער ווען ער פילט אַז ער דאַרף באַרויקן געמיטער?

דאָס האָט נאַטירלעך געפירט צו הייסע וויכוחים וועגן דער צאָל רעדנער. געווען עטלעכע קרבנות־גרייטע נאַטורן וואָס האָבן געהאַלטן אַז וואָס מער אַלץ בעסער. אָבער דער רוב מנין ורוב בנין האָט זיך געקאָכט און פּראָ־טעסטירט. צו וואָס האָט מען געדאַרפט האָבן אַכט, אָדער אַפילו זעקס רעדנער? דורך דעם אַליין מאַכן מיר דאָך אַז דעם עולם זאָל באַפאַלן אַ פּחד ווען עמעצער הייבט אָן רעדן. פאַרוואָס ניט איינפירן אַז אויף איין אָוונט זאָל מען ניט טאָרן פאַרבעטן מער ווי, לאָמיר זאָגן, צוויי רעדנער? ביי די לעצטע רעדנער איז דאָך דער זאַל שוין בכלל ליידיק. איז וואָסער נוצן קומט דערפון אַרויס?

ביים דאָזיקן פּונקט האָבן ממש אויפגעשטורעמט די חסידים פון די לעצטע דריי רעדנער און געפאָדערט אַ דין וחשבון פאַרוואָס מען האָט זייערע רביים באַליידיקט און גערופן צום וואָרט שפּעט ביינאַכט ווען דער עולם איז שוין געווען מיד, און גענומען גיין. די חסידים פון די ערשטע רעדנער האָבן דאָס ניט געקענט פאַרליידן ווייל זיי האָבן דערין דערזען אַ טיפע באַליידיקונג אַנטקעגן זייערע רביים. וואָרעם אויב די לעצטע וואָלטן געדאַרפט זיין די ערשטע וואָלטן דאָך די ערשטע געמוזט זיין די לעצטע, פאַרוואָס־זשע קומט זיי אַזאַ פּאַטש אין פּנים? האָט מען זיך כסדר געהיצט וועגן דעם פּונקט און קיינער האָט זיך ניט געקענט דערטראַכטן צו עפּעס אַ פּלאַן אַז עס זאָלן טאַקע זיין אַכט רעדנער אָבער קיינער פון זיי זאָל ניט זיין דער אַכטער.

אמת, עס קען אויסקוקן אַז אַ פּשוטע עצה וואָלט געווען ווען ווייניקער מענטשן זאָלן רעדן, טוט זיך דאָס אָבער ניט אַזוי לייכט ווי עס רעדט זיך. ביי יעדן רעדנער, דער עיקר די אַקטיווע טוער פון דער אָרגאַניזאַציע, האָט מען געפונען זכות אבות וואָס צוליב דעם קען מען אים פּשוט ניט אויסלאָזן, מען מוז אים געבן אַ וואָרט. איינער, אַ חוצפּה׳ניק, האָט דאָס ניט געקענט אַריבערטראָגן: פאַרוואָס זאָל „געבן אַ וואָרט" זיין אַ באַלוינונג פאַר אַקטיווער טועריי? אויב די חברים האָבן אַזוי פיל הנאה געהאַט פון זיין טאָן, פאַרוואָס זאָלן זיי דאָס דאַרפן אויסקרענקען פון זיין רעדן? פאַרוואָס קען מען ניט אַזעלכע פאַרדינסטפולע טוער באַלוינען אויף עפּעס אַן אַנדער אופן? לאָמיר זיי געבן גאָלדענע מעדאַלן, לאָמיר דערמאָנען זייערע נעמען מיט אַלע שבחים, און ביי יעדער געלעגנהייט. מיר האָבן דאָך אַזוי פיל דרך ארץ פאַר זיי צוליב זייער אויסגעצייכנטער טועריי, פאַרוואָס זאָלן מיר עס פאַרלירן צוליב זייער גאַנץ שוואַכער רעדנעריי?

אַן אַנדערער, אַ געשוואוירענער שונא פון שאַבלאָנע „ספּיטשעס", און מיט אַביסל גיפטיק בלוט אין די אָדערן, האָט זיך ממש ניט געקענט באַרואיקן: פאַרוואָס זאָל דווקא „געבן אַ וואָרט" זיין אַ באַלוינונג פאַר אַן אויסצייכענונג וואָס האָט מיט רעדנעריי לחלוטין ניט וואָס צו טאָן? אַ מענטש קען זיין זייער אַ גוטער טוער, אַפילו אַ גוטער פּאָעט, אָדער צייטונגס־מענטש, און דאָך זיין אַ שלעכטער רעדנער. אמת, שרייבער זענען פּראָפעסיאָנעל פאַרבונדן מיט וואָרט־קאָמפּאָזיציע, ממילא איז גיכער שכיח ביי זיי צו טרעפן בעסערע רעדנער. אָבער בכל אופן דאַרף מען טראַכטן וועגן דעם אָרעמען עולם וואָס דאַרף אַלץ הערן? און אויב עמעצן באַלוינען, פאַרוואָס דווקא מיט „געבן אַ וואָרט"? פאַרוואָס ניט מיט זינגען אַ ליד? אויפשפּילן אַן איינאַקטער? געבן אַ טאַנץ? עס איז דאָך ניט קיין יושר מען זאָל זיך בלויז נוקם זיין אָן רעדנעריי, און ניט אָן זינגעריי, שפּילעריי און טאַנצעריי.

דער טומל האָט נאָך לאַנג אָנגעהאַלטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער צאָל רעדנער, איבערגעגאַנגען צו דער קוואַליטעט פון די רעדעס, און אויך ניט דורכגעלאָזט די צייט, די לענג פון טייל רעדעס. ביז איינער, אַ

פראַקטישער טוער, האָט געמאַכט אַ קאָנקרעטן פאָרשלאָג: רבותי, מען קען ניט פאַרענטפערן אַזוי פיל פּראָבלעמען, און אַזעלכע קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, אויף איין מאָל. לייג איך פאָר מיר זאָלן זיך היינט באַנוגענען מיט צוויי אויפגאַבעס. ראשית, לאָמיר דורכפירן אַז ביי אַזעלכע געלעגנהייטן זאָלן מער ניט זיין ווי דריי רעדנער, און ווי אַ רעדנער זאָל באַטראַכט ווערן יעדער וואָס רעדט צום עולם פון דער פּלאַטפאָרם, מעג ער הייסן סעקרעטאַר, אָדער פּאָרזיצער. שנית, זאָלן אַלע רעדנער זיך אָרגאַניזירן אין אַ יוניאָן, און קיינער פון זיי זאָל ניט אָננעמען ערגעץ וואו אויפצוטרעטן אויב עס וועלן זיין מער פון דריי רעדנער. דאָס וועט אויפטאָן צוויי וויכטיקע זאַכן, האָט ער ווייטער געזאָגט מיט זעלבסט־צופרידנקייט, עס וועט אויסמיידן, איין מאָל פאַר אַלעמאָל, אַז אַ רעדנער זאָל דאַרפן זיין דער אַכטער, אָדער אַפילו דער זעקסטער. צווייטנס, וועט צוקומען נאָך אַ יוניאָן וואָס דאָס איז גלאַט אַ געווינס פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג. אָפּגעזאָגט די דאָזיקע רייד, האָט ער פאַרענדיקט: „וועגן לאַנגע רעדעס און וועמען מען זאָל געבן אַ וואָרט, דאָס איז אַ סך אַ שווערערע פּראָבלעם, וועלכער מיר וועלן שפּעטער ווידמען אונדזערע געזעלשאַפטלעכע כוחות".

אַ שטילער סקעפּטיקער איז געזעסן פון דער ווייטנס און אויסגעהערט מיט שמייכלענדיקע אויגן. אים איז איינגעפאַלן אַ פּסוק אין ישעיה, אַ פּרעכטיקע אוטאָפּיע, וואָס איז נאָך אַלץ ניט מקויים געוואָרן.

## די סעמאַנטישע איבערקערעניש

האָט ער זיך געווענדט צום עולם בזה הלשון: „היינט איז אַ צייט ווען מיר דאַרפן אַלע דאַווענען בציבור, און פון איין סידור. אויך מיר זענען אַ שארית הפּליטה, אויך מיר האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון מאַידאַנעק. אַמאָל האָט יעדער פון אונדז געזאָגט זיין אייגן קאַפּיטל תהלים, און געלערנט זיין אייגענע מסכתא. היינט דאַרפן מיר איין תנ"ך און איין ש"ס פאַר אַלעמען.

„און זאָל מען ביי מיר ניט פרעגן: וואָס דאַרף מען טאָן? אַוודאי איז טאָן אַ וויכטיקע זאַך, אָבער אונדזער קיום האָט תמיד געצויגן זיין יניקה פון זאָגן. אונדזערע באָבעס זענען געווען זאָגערינס און דערמיט געהאַלטן לעבעדיק אין אונדזער ווייבער־פאָלק דעם נר תמיד פון אייביקן יידישן זאָגן. אונדזערע זיידעס האָבן געזאָגט קדיש און אַזוי מחיה מתים געווען די פריערדיקע דורות און זיי מצרף געווען צום אייביקן יידישן מנין.

„פאַר אונדזערע עלטערן איז דער יידישער ספר געווען אַ ספר החיים. מיר דאַרפן זיין זייערע געטרייע אייניקלעך. אַ סוגיא פּרק, אַ פּרק מענדעלע, אַ מדרש שלום עליכם, אָט דאָס איז די פּאַפּירענע בריק וואָס וועט אונדז פירן אינעם לאַנד פון דער גאולה שלימה".

ניין, דאָס איז ניט געווען נאָך מעריב אין אַ בית־המדרש, כאָטש מען

וואָלט אפשר אַזוי געקענט מיינען ווען ניט אַזעלכע נעמען ווי מענדעלע, שלום עליכם און פרץ. גאָרניט לאַנג צוריק וואָלט מען אַ רעדנער מיט אַזאַ פאַרעלטערטן לומדישן סטיל געהאַלטן אין אונדזער קרייז פאַר אַ וויסטן בטלן. איצט האָט זיך ביים דאָזיקן עולם ווייניק וואָס געביטן אין געוויינטלעכן לעבן. אָבער עס איז ביי אים פאָרגעקומען אַ סעמאַנטישע איבערקערעניש; ער זוכט רק אַריינצולייגן אַ נייעם טייטש אין אַלטע ווערטער. דער סידור איז קיין סידור ניט, דער מנין איז קיין מנין ניט, די סוגיא, דער פּרק און מדרש, האָבן לחלוטין גאָרניט וואָס צו טאָן מיט די דאָזיקע זאַכן ווי זיי זענען אונדז באַקאַנט פון אַמאָליקע יאָרן, פון אַן אַמאָליק לעבן, און אין גאָר אַן אַנדער לעבנס־געמיט. אָבער עפּעס, ווייזט אויס, איז פאַראַן אין די דאָזיקע אַלטע ווערטער וואָס עס ווילט זיך טוליען צו דעם, ווי צו אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ געשטאָרבענעם אין דער פאַמיליע.

דעריבער קוקט אויס אַז כאָטש מען רעדט זייער וואַרעם וועגן טראַדיציע, און טויזנטער זענען מסכים, דאָך גיט זיך בשום אופן ניט איין צו שאַפן אַ „וועלטלעכע" יידישע עדה וואָס זאָל מקיים זיין דאָס וואָס מען קען פון זייערע ווערטער אַרויסדרינגען. און אפשר האָט דאָס אויך צו טאָן מיט אַ געוויסער צעמישעניש אין די מוחות. וואָרעם אויב פּרץ איז אַ „סוגיא", און שלום עליכם אַ „מדרש", ווערט אַביסל שווער צו כאַפּן דאָס אויסזען פון דער אמתער ווירקלעכקייט הינטער דער סעמאַנטישער איבערקערעניש.

אין אַזאַ קלעם ווי מיר געפינען זיך היינט טרייבט אונדז דאָס גאַנצע צעבראָכענע געמיט אונדזערס צו פרעגן: „וואָס זאָל מען טאָן?" אויב דער ענטפער אויף דעם איז „זאָגן", ווייל די באָבעס זענען געוועזן זאָגערינס און די זיידעס האָבן געזאָגט קדיש, איז ניט אַזוי לייכט צו כאַפּן וואָס דערמיט ווערט געמיינט, און בכלל וואו מיר זענען ערגעץ אין דער וועלט. עס איז ווי מיר וואָלטן אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן גראָבן וואָס צווישן וואָרט און לעבן און קענען זיך פון דאָרט ניט אַרויסדראַפּען.

דאָך מוז מען מודה זיין אַז דאָס נייע לשון איז פאַר אַ סך געוואָרן אַ רייצנדיקע אַטראַקציע, כאָטש זיי זענען געבליבן גאַנץ קיל צום לעבן וואָס די ווערטער זענען מחייב. לכל הפחות איז די טרחא זיך איבערצובעטן מיט יענעם לשון אַ סך, אַ סך גרעסער ווי די מי זיך אַ קאַפּעלע צו דערנעענטערן כאָטש צו אַ שאָטן פון יענעם לעבן.

פון דער אַנדערער זייט איז מעגלעך אַז די סעמאַנטישע איבערקערעניש איז אַן אָנהייב פון אַ טיפן פּסיכאָלאָגישן פּראָצעס וואָס הייבט זיך אָן צו ווייזן אין וועלטלעכן קרייז. עס קען זיין אַז דאָס איז טאַקע אַ פאָרם פון דאַוונען, פון מתפלל זיין, פון דערפילן אין פאַרעלטערטע ווערטער, און אינעם נאָך־געבליבענעם אָטעם פון יענע ווערטער, דעם כוח איבערצוגעבן די נשמה אין רשות פון וועלטן וואָס מיר קענען מער מיט די געוויינטלעכע חושים ניט דערגרייכן. אַוודאי איז אַ בוך — אַ בוך, און וועט קיינמאָל, קיינמאָל,

קיינמאָל ניט ווערן קיין ספר בלויז דורך אַרויפצווינגען אַ נייעם טייטש אויפן אַלטן טערמין; און אַ קאַפּיטל מענדעלע איז נאָך אַלץ אַ קאַפּיטל, אַפילו ווען מען רופט עס פּרק. עס קען בלויז זיין אַז דורך באַנוצן דאָס עלטערע וואָרט פילט זיך דער מענדעלע־ייִד פאַר׳פּרק׳ט. עס איז ווי ער וואָלט מתפּלל געווען און עס איז מקויים געוואָרן. ער האָט זיך אַריינגענאַרט, אַזוי צו זאָגן, און שוין דאָרט פאַרבליבן, לכל הפּחות אין די מאָמענטן פון דער געהעריקער כוונה, וואָס ער האָט איבערגעלעבט בשעת תפילה. יאָ, טאַקע אַנטקעגן דעם וואָס תפילה האָט נאָכן חורבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון קרבנות, דערציילט אַ מדרש אַז ישראל װענדט זיך צום רבונו של עולם מיט דער טענה: „מיר זענען אָרעם, מיר קענען ניט ברענגען קיין קרבנות פאַר אונדזערע זינד״. ענטפערט גאָט: „איך דאַרף בלויז ווערטער״.

סוף כל סוף איז דאָך דער גאַנצער ענין תפילה באַזירט אויפן כוח פון צוגעטראָפענעם וואָרט. מיט דער הילף פונעם אויסגעדריקטן וואָרט דער־נעענטערן מיר זיך צו וועלטן פון וועלכע מיר זענען פיזיש ווייט, ווישן אָפּ פון זיך אַ זינדיק געוויסן, פאַרמילדערן גייסטיקע פּיין און דערהייבן פרייד. מיר קענען אויף אַזאַ אופן, דורך אַן אַקט פון אייגענער אָנשטרענגונג, אויפסניי געבוירן ווערן. אפשר קען מען דורך דעם דערקלערן וואָס סיי דאָס געשריי־בענע, סיי דאָס עפנטלעך גערעדטע וואָרט אין וועלטלעכע קרייזן, ספּעציעל ווען עס האַנדלט זיך וועגן ייִדן, וויַיזט אַרויס לעצטנס אַ טענדענץ זיך איינ־צוהילן אין מיסטישער און אַפּאָקאַליפּטישער רעטאָריק אַפילו ווען עס רעדט זיך וועגן פּראַקטישע, ערדישע אויפגאַבעס.

יעדער כוח קען, פאַרשטייט זיך, אַמאָל אויסגענוצט ווערן צום גוטן, אַמאָל צום שלעכטן. דאָס איז נאַטירלעך אויך ריכטיק וועגן דעם כוח פון וואָרט. אַנומלטן האָט זיך מיר דאָס שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן אין אַ שטיקל צייטונג־נייעס. דאָרט רעדט זיך וועגן אַ געוויסן יאַפּאַנעזישן גענעראַל בעת דער מלחמה. ווען מען האָט אים איבערגעגעבן אַז אַ צאָל פאַרוואונדעטע כינעזער געפינען זיך אין אַ שפּיטאָל אין דרום־פּאַסיפיק, האָט ער אַרויס־געגעבן אַ באַפעל מען זאָל זיי „אין גאַנצן באַרואיקן״. זיין באַפעל איז גלייך דורכגעפירט געוואָרן, און איצט ווערט ער געמשפּט ווי אַ מלחמה־פאַרברעכער. ביי מיר איז קיין ספק ניט אַז דעם מענטשן אין דעם גענעראַל איז אַ סך לייכטער געווען אַרויסצוגעבן זיין מאָרד־באַפעל דורך דעם וואָס ער האָט אים געקענט אויסדריקן אין אַ סטיל פון מילדער פריינדלעכקייט. דער כוח פון צוגעטראָפענעם וואָרט איז ניט קיין שפּילכל.

## גלות

איז בכן, וואָס איז געבליבן, זענען מיר דאָ יאָ אין גלות אָדער ניט? טייל ווערן אַזוי בייז ווען עמעצער האַלט די תפוצות ישראל פאַר גלות, אַזוי ווי מען וואָלט זיי געוואָלט אַרויסטרייבן פון זייער היים, וואָס דאָס וואָלט

זיכער געוועזן אַן עוולה. זיי טענה׳ן ממש מיט צאָרן אַז זיי האָבן דאָ פונקט אַזוי פיל רעכט ווי אַלע אַנדערע איינוואוינער פון לאַנד, ניט ווייניקער ווי די בירגער פון הערשנדיקן פאָלק. מיר לעבן דאָ, מאַכן דאָס לאַנד רייכער מיט אונדזער אַרבעט, גייסט, אַמאָל אויך מיט אונדזער בלוט. מיר אָטעמען דאָ אונדזער לופט, מיר און אונדזערע קינדער און אונדזערע קינדס־קינדער. זייער ריכטיקע טענות. איך האָב נאָך ניט געזען אַזאַ משוגענעם וואָס זאָל דאָס אַלץ אָפּלייקענען. יורידיש איז אונדזער רעכט דאָ אַ האָר ניט קלענער, און ניט אַנדערש, ווי פון אַלע אַנדערע.

פאַראַן אַזעלכע וואָס שאָקלען זיך אָפּ פועם גלות־געדאַנק ווייל דאָס קען נאָך ערגער מאַכן אונדזער מערכה וואָס איז אַזוי אויך ניט צו גוט. זאָלן נאָר אונדזערע ליבע שכנים דערפילן אַז מיר אַליין באַטראַכטן זיך אַז מיר זענען דאָ אין גלות, נו, נו, מער וועט אונדז שוין ניט פעלן. זיי וועלן דעמאָלט ערשט אויף אַן אמת זען אַז מיר פאַרדינען ניט — לויט אונדזער אייגענעם משפט אויף זיך — באַהאַנדלט צו ווערן גלייך מיט אַלע איבעריקע. בקיצור, גוטער פּאָליטישער חוש וואָלט אונדז געדאַרפט דיקטירן מיר זאָלן קיינמאָל ניט האַלטן אַז מיר זענען דאָ אין גלות.

אויף דעם וואָלט מען שוין געקענט ענטפערן: נו, מילא. מיר האָבן שוין געזען אַז יידן האָבן ניט געהאַלטן אַז זיי זענען אין גלות, האָבן, פאַר־קערט, געמאַכט גוואַלדן אַז זיי זענען דאָס ניט, זענען בכלל פלייש און ביין פון אַלגעמיינעם פאָלק, צעגייען זיך בלויז אין עטלעכע אמונה־זאַכן. דאָך האָט דאָס אַלץ גאָרניט געהאָלפן. אָבער סוף כל סוף איז דאָס גאָרניט די פראַגע. עס האַנדלט זיך ניט וועגן אונדזער יורידישן סטאַטוס, אָדער וועגן אַ פּאָלי־טישער פּראָגראַם, נאָר וועגן דעם צי די אַרומיקע רעאַליטעט שפּילט זיך אָפּ אין דער יידישער נשמה אויף אַזאַ אופן, אַז עס איז פּאַסיק דאָס אָנצורופן מיטן אַלטן יידישן טערמין גלות.

אין זיין בוך איבער דער רעפאָרם־באַוועגונג אין דייטשלאַנד דערציילט ד״ר דוד פיליפּסאָן וועגן אַן אינטערעסאַנטן באַשלוס וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף אירער אַ קאָנפערענץ. אַ געוויסער ד״ר מאיר העכטינגער האָט פאָרגעשלאָגן מען זאָל בעטן די רעגירונג זי זאָל באַשטימען אַ ראַבינער צו האָבן די השגחה איבער אַ יידישער קינדער־שול, אָנשטאָט אַ גוישן באַאַמטן, ווי ס׳האָט דעמאָלט געטראָפן אין אַ סך פאַלן. די קאָנפערענץ האָט אָפּגע־וואָרפן דעם פאָרשלאָג מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט. דער עולם האָט מורא געהאַט אַז אַזאַ פאָדערונג וועט מאַכן דעם איינדרוק פון פּאָליטישן סעפּאַ־ראַטיזם. לאָמיר גוט געדענקען אַז דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן השגחה איבער אַ יידישער שול פאַר יידישע קינדער. אָבער דאָס וויכטיקסטע איז וואָס די מורא „למה יאמרו הגויים״ איז אַ גאַנץ ספּעציפישע מורא פון אַ גאַנץ סְפּעְציפישן מין — גלוּת.

אין אַ בוך וועגן מינאָריטעטן אין אַמעריקע האָב איך געלייענט וועגן אַ פאַל וואָס האָט מיך באמת פאַר׳חידוש׳ט. אַ קווייקער־שול האָט זיך געווענדט צו אירס אַ יידישן אַלומנוס ער זאָל מאַכן אַ ביישטייערונג צו איר שול־פאָנד. אָבער אַקוראַט אין דער זעלביקער צייט האָט ער פון דער זעלביקער שול באַקומען אַן אָפּזאָג אויף אַן אַפּליקאַציע מען זאָל זיין זון אַהין אַרייננעמען. דער אָפּזאָג איז געקומען צוליב דעם יידישן אָפּשטאַם פונעם אַפּליקאַנט. זאָל מען דאָס גלייבן וועגן אַ קווייקער־אינסטיטוציע? אָבער אָט איז די גבית עדות פון אַ זייער פאַרלאָזלעכן מומחה, און געשען איז דאָס דווקא אין אַ גאַנץ רואיקער צייט. מילא, מיר זענען צו אַזעלכע זאַכן געוואוינט. אָבער ווי רופט מען דאָס געפיל וואָס דער פאָטער האָט איבערגעלעבט בעת די ווענדונג צו אים פון דער אינסטיטוציע און דאָס אָפּזאָגן זיין זונס אַפּליקאַציע האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן? איך ווייס, גלות.

פאַראַיאָרן איז פאָרגעקומען זייער אַ פייערלעכע חתונה אין האָטעל מעקאַלפּין. צוויי רבי׳שע פאַמיליעס האָבן זיך משדך געווען. זענען געקומען אַ סך חסידים, און די שמחה איז געווען זייער גרויס. די חופה איז, פאַרשטייט זיך, פאָרגעקומען אין דרויסן, אונטערן פרייען הימל. האָבן זיי באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער שטאָט אָפּצושטעלן דעם פאַרקער אויפן קאָכיקן ווינקל פון 34טער גאַס און בראָדוויי ביז איבער דער חופה. האָבן חסידים געטאַנצט אין מיטן גאַס, שטריימלעך, בערד, פאות, האָבן זיך געהויבן אַראָפּ און אַרויף, פאַרבייגייער האָבן געקוקט און געשטוינט. אויף צו מאָרגנס איז עמעצער געשטאַנען לעבן מיר, געשטופּט מיר אין פּנים אַריין די צייטונג וואו די דאָזיקע מעשה ווערט באַשריבן, און באַמערקט מיט אַ צעבראָכן געמיט: „וואָס יידן דערלויבן זיך היינטיקע צייטן, ניט אַנדערש ווי אין מיטן גאַס מיט דער דאָזיקער ווילדקייט. איז עפּעס אַ חידוש וואָס די שנאה צו אונדז פאַרשפּרייט זיך?״ אין יענער רגע איז ביי מיר אין האַרצן געוואַקסן אַזאַ טיפער דרך ארץ און אַ באַוואונדערונג פאַר די געבענטשטע רבי׳שע פאַמיליעס און זייערע חסידים, אָבער באַמערקט האָב איך: „וואָלט אייך ניט באַפאַלן קיין פּחד ווען יידן פירן דורך די צערעמאָניע פון ׳פּאַלם סאַנדיי׳, אָדער דעם פּאַראַד פון ׳איסטער סאַנדיי׳? און ווי וואָלט געווען ווען אונדזער ראש השנה וואָלט זיך אויסגעדריקט אין אַזאַ עפּנטלעכער הוליאַנקע ווי ניי־יאָר נאַכט אויף טיימז סקווער?״ דאָך האָב איך יענעם יידנס געמיט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען. עס איז מיר אויך ניט פרעמד געווען. איך האָב בולט געפילט אַז איך דאַרף עס אַליין אין זיך בייקומען. בכל אופן, ווי מיר זאָלן ניט דרייען, איינס בלייבט — גלות.

און אָט איז נאָך אַ קלייניקייט וואָס איז ווערט מען זאָל עס דערציילן. אַ גאַסט, וואָס גרייט זיך אַוועקצופאָרן, בעט מיך איך זאָל אים געבן אַן ענגלישע צייטונג עפּעס איינצופּאַקן. איך קוק אים אָן, און ער פאַרשטייט מיין בליק. זיין מאָנאָלאָג באַווייזט אַז איך האָב גאָרניט געוואוסט וואָס מיין

קוק האָט אויפגערודערט אין זיין האַרצן: „איר פאַרשטייט, עס הייבט מיר אָן נמאס צו ווערן צו שפּילן די העלדן־ראָלע. יעדן טאָג, פאַרנדיק אויף דער באַן אין מיין גויישער געגנט, פלעג איך ממש אויף צו להכעיס אויסשפּרייטן די יידישע צייטונג פאַר זיך. איך האָב געפּילט, און אפשר האָט זיך מיר בלויז געדאַכט, אַז מען קוקט אויף מיר בייז, אָדער אויף בייז־וואונדער. האָט זיך אין מיר צעשפּילט אַ געפיל פון פּראָטעסט, פון טראָציקייט, און פון צערייצטער געוואַגטקייט. זעלטן ווען בין איך געווען געננג באַרואיקט צו קענען לייענען. איך האָב געהאַלטן די צייטונג פאַר זיך און געשפּילט עפּעס אַ ניט־היימישע ראָלע. אָבער איך בין מיד געוואָרן. איך האָב אָנגעהויבן צו פילן אַז איך וויל לעבן, פשוט לעבן, ניט זיין קיין העלד, און יעדן פשוטן מיטוואָך האַלטן מלחמות מיט אַנדערע, און נאָך מער מיט זיך. טאָ זאָל זיין אַן ענגלישע צייטונג, און זאָל עס נעמען אַ סוף". ער האָט געכאַפּט אַ בלאַט פון אַן ענגלישער צייטונג, אָבער דאָס פּאַפּיר האָט געציטערט אין זיינע הענט, אַזוי ווי עס וואָלט אים געבריט די פינגער. ניין, ניט קיין צייטונג־פּאַפּיר איז עס געווען. ס'איז געווען גלות.

(1948)

# אַ וועלט פון דעפיניציעס

אַ מענטש האָט אַ ברירה: אַז עס ווערט אים שווער צו פאַרשטיין די וועלט ווי זי איז, געפינט ער אַ פּשוטע עצה, ער טראַכט אויס אַ לייכטערע וועלט און מאַכט ביי זיך אָפּ אַז דאָס איז זי טאַקע אין דער אמתן. ווערט דאָס לעבן איינפאַכער, באַקוועמער, לכל הפחות ביז מען שלאָגט זיך אָן אָן דער בלינדער וואַנט פון דער האַרטער, איינגעשפּאַרטער רעאַליטעט. אין פלוג קען מען מיינען אַז דאָס לעבן אין אַן אויסגעטראַכטער וועלט דאַרף געשטערט ווערן אויף טריט און שריט פון די קלעפּ וואָס לאָזן זיך פילן פון די ממשותדיקע זאַכן מיט וועלכע מיר זענען אַרומגערינגלט. אָבער אין דער פּראַקטיק, אַז דאָס מזל שפּילט צו, בפרט ווען מען האָט ניט קיין חשק צו פרעגן צופיל קשיות, קען מען אויסלעבן די יאָרן אין עושר און כבוד אין אַן אויסגעטראַכטער וועלט. דער עיקר איז אָפּצומאַכן ביי זיך אַז אַזאַ און אַזאַ איז די טבע פון די און די זאַכן; מען פאָרמולירט דאָס אין דער פאָרם פון דעפיניציעס און מען לאָזט זיך פירן פון זיי ביזן ווייסן טאָג אַריין.

עס איז, למשל, ניט שיין און ניט ניצלעך צו זאָגן אויף אַ קעגנער אַז „ער מאַכט זיך גע׳פּגר׳ט". דאָס איז אומהעפלעך, גראָב, און שטעלט אייך אין איין ריי מיטן פּראָסטן המון, בעסער זאָגט אים אַז ער פירט אַ שטרויס־פּאָליטיק, ער באַהאַלט דעם קאָפּ אין זאַמד און מיינט אַז מען זעט אים ניט. דאָס איז אַ פיינערער סטיל, אַ לשון וואָס שמעקט מיט מער בילדונג און טאַקט, און אין איין וועגס האָט איר שוין אויך אַריינגעזאָגט דעם צד שכנגד אַז ער האַנדלט ווי אַ נאַרישע חיה.

אמת, דער זאָאָלאָגישער שטרויס־פויגל האָט מסתמא נאָך קיינמאָל ניט באַגראָבן זיין קאָפּ אין זאַמד ביי קיין שום געלעגנהייט. לכל הפחות האָבן די וואָס שטודירן זיין לעבן און זיינע געוואוינהייטן קיינמאָל ניט באַמערקט ביים שטרויס־פויגל אַזאַ טבע. עס מאַכט אָבער גאָרניט אויס ווען כדי אַרויס־צו ברענגען דעם ריכטיקן עפעקט באַנוצט מען זיך ניט מיטן זאָאָלאָגישן נאָר מיטן ליטעראַרישן שטרויס־פויגל. בכל אופן גילט נאָך אַלץ אונדזער אָפּגעמאַכטע דעפיניציע: אַ שטרויס־פויגל איז אַ באַשעפעניש וואָס באַגראָבט דעם קאָפּ אין זאַמד בעת ער וויל זיך באַהאַלטן פון אַן אַטאַקע. טאָמער וועט עמעצער אייך ווייזן שטרויס־פייגל וואָס טוען דאָס ניט, איז אַ סימן אַז זיי זענען ניט קיין שטרויס־פייגל, מחמת דעם פשוטן טעם וואָס זיי שטימען ניט מיט אונדזער דעפיניציע.

נאָך אַלעמען, די זיכערסטע וויסנשאַפט איז אַזאַ וואָס איר נעמט פון איר אַרויס דאָס וואָס איר אַליין האָט פריער אַריינגעלייגט. און אויב דאָס האָט נאָר אַ פּאָזיטיוון ווערט אין פּראַקטישן לעבן, דעמאָלט ווייסט איר כאָטש

אַז איר זייט פטור פון ספקות און אפשרס און טאַמערס וואָס האַלטן תמיד אין קעמען דאָס גייסטיקע לייב מיט אייזערנע קאַמען.

מיר ווייסן, למשל, אַז עס איז אַ פאַרגעניגן צו קוקן אויפן הימל אין דער פרי בעת די זון גייט אויף און פאַרנאַכט ווען זי גייט אונטער. ווען איר טראַכט אַזוי איז דאָס נאַטירלעך געבויט אויף דער דעפיניציע אַז די זון איז אַ פייערדיקע קויל וואָס דרייט זיך אַרום דער ערד. ממילא איז זייער ריכטיק צו רעדן וועגן אויפגאַנג און אונטערגאַנג פון דער זון, און זאָלן דיכטער מאָלן די פּרעכטיקע בילדער אַקוראַט ווי מיר אַלע נעמען זיי אויף מיט אונדזערע חושים. דאָס רוב פון אונדז וועט קיינמאָל אַפילו קיין געלעגנהייט ניט האָבן זיך אַריינצולאָזן אין הקירות וועגן פּטאָלאָמייאישע און קאָפּערניקאַנישע סיסטעמען אין אַסטראָנאָמיע, איז ניטאָ קיין שום סיבה מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן פון ניצלעכע אַלטע געוואוינהייטן אין דענקען און אין שפּראַך — די ערד שטייט אויף איין אָרט און די זון דרייט זיך אַרום איר.

מיר קענען גיין נאָך אַביסל ווייטער. דורך אויפבויען פאַר זיך אַ וועלט פון דעפיניציעס קענען מיר זיך פאַרשאַפן אַ פּיצל בילד פון זאַכן וואָס מיר האָבן קיינמאָל ניט געזען, וואָס מיר קענען גאָרניט תופס זיין מיט די חושים. אָט נעמט, למשל, די פערטע דימענסיע, אָדער געמעסט, ווי דער קדוש יוסף יאַשונסקי האָט פאַרגעלייגט דאָס צו רופן אין יידיש. לויט ווי מיר נעמען אויף מאַטעריעלע זאַכן, האָבן זיי דריי געמעסטן: לענג, ברייט און טיף. אָבער אין מאַטעמאַטיק האָבן מיר אויך צו טאָן מיט מער ווי דריי. ווי זעט אויס אַ זאַך וואָס האָט, לאָמיר זאָגן, פיר געמעסטן? דאָס איז אונדז ניט געגעבן געוואָרן תופס צו זיין. דאָך, דורך דער מעטאָדע פון דעפיניציעס קענען מיר פאָרט עפּעס דערגיין.

ווען אַ פּונקט באַוועגט זיך, זאָגן מיר, פון מזרח צו מערב ווערט געשאַפן אַ ליניע. אַ ליניע האָט שוין צוויי פּונקטן, ביים אָנהייב און ביים סוף. ווען די ליניע באַוועגט זיך, זאָל זיין פון צפון צו דרום, ווערט געבוירן אַ פלאַך. אַ פלאַך האָט שוין פיר פּונקטן. הייסט עס אַז ווען מיר גייען איבער פון איין געמעסט צום צווייטן דאַרף מען כפלען די צאָל פּונקטן אויף צוויי. אויב אַ פיגור פון דריי געמעסטן האָט אַכט פּונקטן דעמאָלט דאַרפן מיר געפינען אין אַ פיגור פון פיר געמעסטן זעכצן פּונקטן, פון פינף — צוויי און דרייסיק פּונקטן, אאַז"וו. דאָס גיט נאָך אַלץ ניט קיין קלאָר בילד פונעם אויסזען, אָבער לכל הפחות האָט זיך אַ שפּעלטעלע דאָך פאַר אונדז געעפנט.

עס איז מעגלעך אַז ווען גאָט וועט אַמאָל איינפאַלן אונדז מכבד צו זיין מיט בעסערע אויגן ווי מיר האָבן און מיר וועלן קענען דערזען זאַכן מיט מער ווי דריי געמעסטן, אויב אַזעלכע זענען טאַקע בנמצא, וועלן מיר אפשר דעמאָלט אויסגעפינען אַז די דאָזיקע חשבונות וועגן פּונקטן זענען קיין גראָשן ניט ווערט. אָבער דערווייל איז גוט צו האָבן אַ דעפיניציע וואָס פירט אונדז

ביי דער האַנט און אַזוי לאַנג ווי דער וועג איז ניט הויקערדיק קענען מיר אי גיין, אי ניט געשטרויכלט ווערן.

דער אַרקטישער פאָרשער וויליאַלמור סטעפאַנסאָן פּסק׳נט אַז זיך האַלטן ביים אָביעקטיוון אמת אין אַזעלכע פאַלן איז אַן אוממעגלעכע פאַנ־טאַזיע, ווייל אמתן בייטן זיך צו אָפט, דעריבער איז דער בעסטער אויסוועג צו אָפּערירן מיט אָפּגעמאַכטע דעפיניציעס. מען מוז מודה זיין אַז אַזעלכע דעפיניציעס וועלן מוזן זיין פול מיט גרייזן. אָבער ווען גרייזן ווערן סטאַנ־דאַרדיזירט, זאָגט ער, קענען זיי פאַר אונדז גילטן ווי אמתן, און דער עיקר, זיי ברענגען די פּראַקטישע נוצן אין וועלכע דאָס לעבן נייטיקט זיך. לכל הפחות איז דאָס בעסער ווי דער בטלנישער צייט־פאַרטרייב פון שפּילן זיך מיט פרעג־צייכנס.

מען טאָר אָבער ניט פאַרבייגיין דעם פאַקט אַז די דאָזיקע מעטאָדע האָט אויך אירע שאָטנס, און גראָד אַזעלכע וואָס ווען זיי ווייזן זיך אין מענטש־לעכע באַציאונגען ווערט היפשלעך טונקל אין די אויגן. מען דאַרף גיין ווייטער און אָנווייזן אַז די מעטאָדע פון פּראָוויסיקע דעפיניציעס איז אייגנט־לעך דער אָנגענומענער דרך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און זיי זענען ניט די קלענסטע סיבה פון קאָנפליקטן און מיספאַר׳שטענדענישן.

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך געפירט אַ שטילן קאָנטעסט מיט עטלעכע באַקאַנטע יידישע שרייבער, כאָטש איך מוז מודה זיין מיין זינדי־קייט, איך האָב עס געטאָן ניט ספּאָרטיש, ווייל יענע שרייבער האָבן דערפון אין גאַנצן ניט געוואוסט.

עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם צי ציוניסטן זענען פאַר אָדער קעגן אַקטיווער אָנשטרענגונג צו פאַרשטאַרקן אונדזערע פּאָזיציעס אין גלות. פאַראַן אַזעלכע — די וואָס איך האָב אין זינען שטרייכן דאָס אונטער — וואָס מיינען אַז ציוניסטן ברענגען אַ סך שאָדן אונדזער לעבן אין די תפוצות דערמיט וואָס זיי פאַרשפּרייטן יאוש און נעמען אָפּ דעם מוט דורך זייער אומגלויבן אין דער מעגלעכקייט פון אונדזער קיום אין די גלות־לענדער.

אין פלוג לייגט זיך דאָס אויפן שכל. דער גאַנצער ציוניסטישער גע־דאַנק נעמט זיך דאָך פון די צרות וואָס דער גלות פאַרשאַפט אונדז און פון דער אומזיכערקייט פון אַ יידיש־פאָלקיש לעבן אונטער אַזעלכע תנאים. איצט, אַז מיר האָבן שוין דערלעבט צו אַן אייגענער מדינת ישראל, דאַרף אונדזער גאַנצע ענערגיע אָפּגעגעבן ווערן אויף דאָרטן.

דאָס, ווי געזאָגט, איז אפשר דער שכל מחייב, אָבער אין מענטשלעכן לעבן איז שכל־שמייכל אָפט קיין פּרוטה ניט ווערט. מיר האָט זיך, קודם כל, שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן דער פאַקט וואָס אַ היפשע טייל פון דער אַרבעט וואָס ווערט איצט געפירט לטובת אינסטיטוציעס אין גלות ליגט אין די הענט פון אַקטיווע ציוניסטן אָדער פון אַנדערע יידן וואָס ישראל

פאַרנעמט ביי זיי אַן אויבן־אָן צווישן די דאגות פון יידישן פאָלק אין דער איצטיקער צייט.

ווי אַן אָרגאַניזירטע פּאַרטיי קען מען זיכער ניט זאָגן אַז דער אַמעריקאַ־נער ציוניזם האָט מפקיר געווען דעם היגן יידישן ישוב. אויף דער לעצטער קאָנווענשאַן פון דער היגער ציוניסטישער פּאַרטיי זענען געשאַפן געוואָרן צוויי קאָמיסיעס, איינע פאַר אַלגעמיינע אַמעריקאַנער ענינים, די צווייטע פאַר יידישע ענינים אין אַמעריקע. ביידע שטרעבן צוווירקן אויף דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק בכלל און אין יידישן לעבן בפרט צו באַפעסטיקן אונדזערע פּאָזיציעס און אונדזערע שאַפערישע מעגלעכקייטן דאָ אין לאַנד, און ניט בלויז צו פאַרזיכערן און פאַרגרעסערן אונדזער הילף לטובת מדינת ישראל. וואָסערע מאָטיוון מען זאָל דער היגער ציוניסטישער פּאַרטיי נישט צושרייבן קען מען אָבער בשום אופן ניט זען אין אַזאַ פּראָגראַם אַ נעגאַטיווע שטעלונג צום אויפבוי פון אַ פאַרשטאַרקט יידיש לעבן אין אַמעריקע.

אפשר האַנדלט זיך עס בלויז וועגן דער שטעלונג פון יחידים? האָב איך באַשלאָסן אַז ווען נאָר איך וועל לייענען ביי יענע שרייבער זייער איינגע־שטעלטע מיינונג — און זיי באַנוצן זיך אָפט מיט דער געלעגנהייט זי אויס־צודריקן — זאָל איך כאַפּן אַ קוק אין ציוניסטישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס און ביכער פון באַקאַנטע ציוניסטן, וואו די דאָזיקע טעמע ווערט באַרירט, און זען אויף ווי ווייט די דאָזיקע מיינונג, וואָס איז אַנדערש פון מיין איינ־דרוק, איז אַ ריכטיקע.

צום גליק האָבן די רעזולטאַטן ניט סותר געווען מיין פריערדיקן איינ־דרוק. איך זאָג צום גליק, ווייל שאַפערישע אַרבעט אין גלות איז מיר זייער נאָענט צום האַרצן, טוט מיר הנאה ווען אַנדערע האַלטן אויך אַזוי. פאַר יעדן איינעם וואָס האָט געערעדט גרינגשעציק, אָדער יאוש׳דיק וועגן אַרבעט אין גלות האָב איך גלייך געפונען אַן אַנדערן, על פי רוב עטלעכע פון ציוניס־טישן לאַגער, וואָס האָט וואַרעם געשטיצט יעדע אָנשטרענגונג צו האַלטן וואַך און פרוכפּערדיק דאָס יידישע לעבן אין די תפוצות.

אָבער ווי אין אַלע מענטשלעכע ענינים האָט זיך דאָ נאָך מער אַרויסגע־וויזן די שוואַכקייט פון רעדוצירן אַזעלכע זאַכן צו יאָ און ניין. דער ענין איז צו קאָמפּליצירט אַז דער צוגאַנג זאָל קענען זיין איינפאַך און גלייכלי־ניק. איינער איז מיטן גאַנצן האַרצן פאַר גלות־אַרבעט אָבער ער זעט איין גרויסע סכנות. ממילא קען מען אין אים זען אי אַביסל יאָ, אי אַביסל ניין. אַן אַנדערער האַלט אַז מען דאַרף דערווייל אַלץ פאַרקוקן ביז ישראל וועט זיך באַפעסטיקן. מעג מען ניט מסכים זיין מיט אַזאַ מיינונג, אָבער דער אויס־גאַנג־פונקט פון אָט דער שטעלונג איז ניט שלילת הגלות. אַ דריטער וויל האָבן אַז ישראל קען גאָר קיין קיום ניט האָבן אָן אַ שאַפעריש־געזונטן, לע־בעדיק־פונקציאָנירנדיקן גלות, באַזונדערס אַמעריקע. איז אַז מען וויל זיין דיאַלעקטיש־איבערגעשפּיצט קען מען דאָס רופן אַנטי־גלות, ווייל דער ציל

איז דאָך בעיקר אַז מדינת ישראל זאָל האָבן אַ קיום. מען קען, פאַרשטייט זיך, אויך דריִנגען דעם היפּוך דערפון אויב מען קען געפינען אַן אַנדער געטראַנק צו שטילן דעם דאָרשט פונעם פּילפּוליסטישן יצר הרע.

אַ חוץ דעם זענען פאַראַן סאָציאַלע פאַקטאָרן וואָס קירעווען דעם שכל און די שטעלונגען פון מענטשן. אַ ציוניסט אין אַ לאַנד וואָס ווערט באַהערשט פונעם קאָמוניסטישן גזלנימטום וועט מסתמא זיין זייער פּעסימיסטיש וועגן גלות. דאָס זעלביקע וועט פילן אַ ציוניסט, און אַ ייד בכלל, אין לאַנד מיט זייער אַ קליינעם יידישן ישוב וואָס חלש׳ט נאָך אַביסל מער יידיש בלוט און יידיש׳ער לופט. אַ ציוניסט אין ישראל, אין דער איצטיקער צייט, איז עלול צו זיין אַזוי טיף אַריינגעדרייט אינעם מורא׳דיקן ווירבל־ווינט פון די פאַר־כאַפּנדיקע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע פּראָבלעמען, פון די שווינדלענדיק־אומגעהויערע אויפגאַבעס מיט וועלכע דאָס לאַנד ראַנגלט זיך, אַז ער דאַרף מאַכן ממש אַ העלדישע אָנשטרענגונג צו דערזען די וויכטיקייט און די נויטן פון יידישן לעבן ערגעץ אַנדערש. אין רוב פאַלן זענען מענטשן, אפילו דענקענדיקע מענטשן, ניט אַזוי היסטאָראָסאָפיש בנוגע לויפנדיקע פּראָבלעמען. די נויטן פון מאָמענט, דאָס וואָס וואַרפט זיך שטאַרקער אין די אויגן, פאַראַנענע קאָנקרעטע מעגלעכקייטן און פאַקטאָרן וואָס שטאַמען לחלוטין נישט פון לאָגישע אויסרעכענונגען, דיקטירן מיינונגען און האַנד־לונגען. ממילא זענען, סיי אין דענקען, סיי אין מעשים, יעדער יאָ און יעדער ניין, אַרומגערינגלט מיט קוואַליפיצירנדיקע רעזערוואַציעס.

עס קען זיין אַז טאַקע צוליב דעם וואָס די ליניע איז אַזוי ניט־גלייך, הויקערדיק און אָפט אומגעריכט שפּרינגעוודיק, איז שווער אַראָפּצוכאַפּן אַ שטייענדיקע פאָטאָגראַפיע. אין אַזאַ פאַל קומט דער יצר הרע צו זוכן אַ לייכטן אויסוועג און העלפט זיך אַרויס מיט אַ פאַרויסיקער דעפיניציע. לאָ־מיר, הייסט עס, דעפינירן אַ ציוניסט ווי אַ מענטש וואָס איז זיך מיאש פון יידישן לעבן אין גלות. דעמאָלט קען מען זיך אין גאַנצן באַפרייען פון אַנאַ־ליזירן שטימונגען פון מאָמענט, ענדערונגען וואָס געשעעניש ן רופן אַרויס, אָדער די דינערע ניואַנסן אין שטעלונגען און געדאַנקען. אויב מיר האַלטן זיך ביי דער פריערדיקער דעפיניציע דעמאָלט, אויב אַ ציוניסט רעדט פּאָזיטיוו וועגן גלות איז ער אָדער אַ יוצא מן הכלל, אָדער ער מאַכט זיך אַזוי ווייל עס לוינט אים צום רומל. עס קען, אין ערגסטן פאַל, זיין נאָך אַ דריטער אָדער: ער איז גאָר קיין ציוניסט ניט, ער שפּילט טעאַטער.

איך האָב אַנומלטן געהערט אַ בייזע אַטאַקע אויף אַ מענטשן וואָס האָט זיך איינגעשטעלט לטובת אַמעריקע און די פאַראייניקטע שטאַטן אין זייער מלחמה קעגן די צפון־קאָרייער. דער אַטאַקירער האָט אַרגומענטירט פון אַ פּאַציפיסטישן שטאַנדפּונקט, אָבער זיין עיקר טענה איז געווען אַז אַזאַ שטעלונג מעג בלויז נעמען אַ מענטש וואָס איז אַליין גרייט צו גיין אין דער מלחמה. ער האָט ביי זיך געהאַט אַ פאַרטיקע דעפיניציע וואָס ברענגט

מיט לאָגישער געצוואונגענקייט צום אומזיניקן אויספיר: אַז אַ פרוי, אָדער אַ בעל מום, אָדער אַ מאַנספּאַרשוין איבערן מיליטער־עלטער, האָט ניט קיין רעכט צו האָבן אַ פּאָזיטיווע שטעלונג אין אַזעלכע ענינים. מהאי טעמא וואָלטן מיר געדאַרפט ערנסט זיך איינשטעלן פאַר דער פּרימיטיווער לאָגיק פונעם נאַאיוון קינד וואָס פרעגט: „מאַמע, אויב גייך אין סקול איז אַזאַ גוטע זאַך, ווי דו זאָגסט מיר אַלעמאָל, טאָ פאַרוואָס הייסטו מיך גיין אין סקול און דו זיצסט אין דער היים?"

זייער ענלעך איז דער תמימות'דיקער צאָרן פון יענע וואָס פרעגן אָפּ די ערלעכקייט פון אַ סך אַמעריקאַנער יידן. דאָס זענען יידן וואָס ניט געקוקט אויף זייער איבערגעגעבנקייט צום ציוניסטישן געדאַנק זענען זיי אָבער ניט גרייט צו פאָרן זיך באַזעצן אין ישראל. די טענה איז אַז אַזאַ ציוניסט איז ניט אויפריכטיק. דאָס איז, ווי עס ווייזט אויס, געבויט אויף אַ דעפיניציע לויט וועלכער עס קומט אויס אַז בלויז פערזענלעכע האַנדלונג אין אַלץ צו וואָס אַ מיינונג פירט מאַכט די דאָזיקע מיינונג פאַר עכט און אויפריכטיק. עס קומען זיכער פאַר סיטואַציעס וואו דאָס איז דורכויס ריכטיק. אָבער אָננעמען אַזאַ גאַנג פאַר אַלע פאַלן מוז פירן צו לויטער אומזין, ווי מיר האָבן דאָס פריער געזען.

פאַרשטייט זיך, אַז עס איז באַקוועמער צו האָבן איין אַלגעמיינע דעפי־ניציע פאַר אַלע פאַלן. מען איז דעמאָלט פּטור פון באַטראַכטן ספּעציעלע שאַטירונגען און ניואַנסן אין פאַלן וואָס רופן אַרויס ספקות און אומזיכער־קייטן. אַזאַ צוגאַנג מאַכט פעסטער דעם באָדן אויף וועלכן מען שטייט. לכל הפחות קען מען גיכער האָבן אַזאַ איינרעדעניש. אמת, די לאָגע צווינגט אָפט צו דערזען אַז אין לעבן זענען מענטשן מער צעוואָרפן. ממילא איז די גלאַט־קייט פון אַן אָפּגעצירקלטער דעפיניציע ניט קיין געטרייער שפּיגל. איז טאַקע קיין חידוש ניט וואָס עס ווערט אָפט צעשטערט דער שלום בית צווישן דעם כאַראַקטעריזירער און דעם כאַראַקטעריזירטן אפילו אין מחלוקתן לשם שמים. דער לעצטער טענה'ט אַז מען האָט אים שלעכט פאַרשטאַנען, מען האָט אַרויסגעריסן אַ זאַך פון אַ קאָנטעקסט און צעשטערט דעם זינען, מען האָט אים בייזוויליק אויסגעטייטשט, מען האָט צו זיין מיינונג וועגן אַ ספּעציפישער פּראָבלעם צוגעשריבן אַן אַלגעמיינע שטעלונג, אאַז"וו. אונדז זענען זייער גוט באַקאַנט אַזעלכע טענות אין כמעט יעדער עפנטלעכער פּאָלעמיק.

זייער זעלטן טרעפט זיך אַז פּאָלעמישע האַמפּערייען וועגן שטעלונגען צו געזעלשאַפטלעכע ענינים — אפילו פּריוואַטע מחלוקת'ן — זאָלן זיך באַנו־גענען מיט פּרינציפּיעלע חילוקי דעות. ווען צוויי צדדים צעגייען זיך אין זייערע מיינונגען וועגן זאַכן וואָס זיי האַלטן פאַר וויכטיק, איז טאַקע אין דעם אַליין פאַראַן גענוג מאַטעריאַל פאַר ערנסטע וויכוחים. אָבער על פי רוב קומט דאָס אַזוי ניט פאָר. געוויינטלעך ווערט אַ גרויסער חלק פון די וויכוחים אָפּגעגעבן ניט אויף באַווייזן דעם אמת פון אויסגעדריקטע מיינונ־

גען נאָר אויף אָפּשלאָגן אויסטייטשונגען פון אָט די מיינונגען. יעדער צד פילט אַז דער קעגנער וויל מיך ניט פאַרשטיין, אָדער „קען מיך ניט פאַר־שטיין", און מען האַמפּערט זיך קודם כל ניט אַזוי וועגן דער זאַך גופא ווי וועגן קלאָר מאַכן פּרטים און ניואַנסן אין וואָס די זאַך באַשטייט. יעדער צד דאַרף מער אָפּוואַרפן וואָס מען שרייבט אים צו ווי פאַרטיידיקן דעם תוך פון זיין ספּעציפישער פּאָזיציע.

בלויז אין זעלטענע, אויגן־רייסנדיקע פאַלן, לאָזט זיך קלאָר דעצידירן ווער עס איז גערעכט. די ספּעציעלע דענק־פאָרם, מען וואָלט עס געקענט רופן דאָס דעפיניציאָנעלע דענקען, מוז פירן צו כלערליי צרות און קאָנפליקטן צווישן מענטשן. אַן אויסגעצייכנטער ביישפּיל פון אַזאַ מין דענקען האָבן מיר בייגעוואוינט ערשט מיט אַן ערך אַ יאָר צוריק. אין פראַנצויזישן פּאַרלאַ־מענט האָט אַ דעפּוטאַט באַשולדיקט די סאָוויעטן־רעגירונג אין אימפּעריאַליזם און אַגרעסיע. אין זיין בייזן אָנפאַל אויף דער דאָזיקער באַשולדיקונג האָט טאָרעז געדונערט אַנטקעגן אַזעלכע רייד, ווייל „לויט דער דעפיניציע" איז דאָך די סאָוויעטישע פּאָליטיק פּונקט דער היפּוך דערפון. יאָ, אמת, דאָס איז בלי ספק די קלאָרע דעפיניציע אין קאָמוניסטישער טעאָריע.

עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן אַז די דאָזיקע דענק־פאָרם העלפט אויסגראָבן דעם טרויעריקן תהום צווישן מענטש און מענטש, פאַרשאַרפט געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען און מען הערט כמעט אויף צו פאַרשטיין איינס ס'אַנדערע. דאָס איז דער מאָמענט ווען עס ווערט אַזוי שווער צו פירן אַ לאָגיש־געבונדענע אַרגומענטאַציע, ווייל די ערשטע, אָפט ניט־אויסגעדריקטע, הנחות פון איין צד קלעפּן זיך ניט צו די הנחות פונעם צווייטן. אַלע רייד און טענות ווערן פאַרשלונגען און פאַרפאַלן אינעם גרויסן חלל וואָס צווישן דעפיניציע און רעאַליטעט.

(1951)

# שווער צו זיין אַ מענטש...

טיילמאָל דאַכט זיך מיר אַז איך זע אים, מיין חבר בן־אדם, זיך אַרומ־דרייען אין זיינע ד׳ אמות מיט אַ צעקנייטשטן שטערן און אַ פאַרזאָרגט פּנים. ער איז אַ מענטש אין די פול־צייטיקע יאָרן, אין די יאָרן ווען אַ מענטש הייבט שוין אָן צו קוקן אויף זיך אין ליכט פון אַ פּערזענלעכן סך־הכל. ער קען זיך שוין אַליין אָפּמעסטן און דערזען אין זיין דורכשניטלעכן פאָרמאַט אַן אייגנ־אַרטיקע פאָרם. ער פילט, אַז ער פאַרנעמט אַן אייגן ווינקל אינעם חלל פונעם אוניוועוס; אַז דאָס וואָס ער האָט געטאָן, אָפּגעטאָן און אויפגעטאָן פאַר זיך, פאַר אַנדערע, אַז די סימנים וואָס ער האָט אויסגעקריצט מיט זיין לעבן פאַר־זענלעך, געזעלשאַפטלעך, פּראָפעסיאָנעל, אַז דאָס איז זיינס, אין גאַנצן זיינס. ער ווייסט אַז ער האָט מעלות וואָס פאַרדינען מען זאָל זיי אָפּשאַצן, וואָס האָבן אַ פּאָזיטיוון ווערט ווען מען זאָל זיי וועגן אַפילו אויף דער אָביעקטיוועסטער וואָגשאָל. ער ווייסט אַז ער איז ער אַליין, און צו וויסן וועגן זיך, און קענען לעבן בשלום מיט זיך, איז מחייב אַז מען זאָל אין זיך פילן אַ צענטער פון אַ פאַרדינסטפול לעבן.

אָבער פאַרדינסטפולקייט איז אַ באַגריף וואָס האָט אַ ווענדונג צו נאָך עמעצן. וואָרעם אויב אַ מענטש איז ווערטפולער קאַפּיטאַל דאַרף זיין עמעצער וואָס האָט הנאה דערפון, וואָס קריגט אַ געוויסן פּראָצענט פון זיין עקזיס־טענץ. אַנדערש איז דאָך דאָס וואָס מען טוט ניט מער ווי אַ הוילער אַקט וואָס טראָגט אויף זיך קיין שום באַזונדערן סימן ניט. ערשט ווען עמעצער גענירט עפּעס דערפון ווערט פונעם אַקט אַ פאַרדינסט. ממילא קען מען דאָך ניט וויסן צי דאָס וואָס מיר טוען האָט אַ פּאָזיטיוון ווערט סיידן דער גענוסער באַשטעטיקט עס.

אַ מענטש איז די איינציקע באַשעפעניש וואָס ווייסט פון דער אייגענער עקזיסטענץ, וואָס פאַרמאָגט אַן איך און ווייסט דערפון און ווייסט אַז אויך אַנדערע ווייסן דערפון. אָבער דער תאווה׳דיקער רייץ זיך איינצוקלאַמערן אינעם פּערזענלעכן יש־געפיל שטאַמט דער עיקר פון די פּאָזיטיווע כוחות, פון די פאַרדינסטפולע ווערטן, וואָס ער צינדט אָן. אַזוי פילט מען דאָס אַליין. אַזוי פילן עס אויך אַנדערע. איז דאָך קיין חידוש ניט וואָס מיר רייסן זיך אַזוי מוראדיק און קליגן זיך מיט אַלע ביטערע מיטלען כדי צו קריגן פון אַנדערע אַ באַשטעטיקונג אַז מען האָט אונדז באַמערקט, אַז אויך אַנדערע האָבן אַנטפּלעקט אונדזער זייט אויף דער פּאָזיטיווער זייט פון אַ וואָגשאָל וואָס מען פילט בחוש אַז זי הענגט ערגעץ און וועגט.

אָט דאָס זענען די שווערע רעיונות וואָס צעקנייטשן מיין בעל דבר׳ס שטערן און יאָגן אָן אַ וואָלקן אויף זיין פּנים. אַז ער גייט אַרויס אין דער פרי אויף דער גאַס, טרינקען זיך אָן זיינע אויגן מיט נחת. אַ שכן באַגעגנט

אים מיט אַ שמייכל און ווינטשט אים גוט־מאָרגן. האָט ער דערפון צוויי מאָל הנאה. ערשטנס, אַ פריינדלעכער שמייכל, וואָס פון דעם ווערט בכלל גוט אויפן האַרצן. צווייטנס — און דאָס איז דער עיקר — אַן אַנדערער, עמעצער וואָס איז ניט ער אַליין, האָט אים באַמערקט, האָט דערקלערט און באַשטע־טיקט אַז ער איז דאָ און באַשטעטיקט האָט ער דאָס מיט אַ שמייכל, מיט צופרידנקייט, וואָס דאָס אַקצענטירט די פּאָזיטיווע, די פאַרדינסטפולע זייט פון זיין לעבעדיקן איך. דאָס שיילט אים אַרויס פונעם גאַנצן אַרומיקן וויר־וואַר פון באַשעפענישן און זאַכן. דער רעפלעקטאָר איז געצילט אויף איינעם, אים אַליין, ווי אַ יש וואָס האָט זיין באַזונדערן זינען. ער ווערט אַ מין אָנגע־לייגטער גאַסט, וואָס דערוואָרעמט די גלייכגילטיקייט פון דער וועלט.

אָבער באַלד באַפאַלן אים ספקות. אפשר איז דאָס געווען בלויז העפ־לעכקייט? פיינע מאַניערן? דער גוטער טאָן וואָס געזעלשאַפטלעכע באַצי־אונגען פאַרלאַנגען אין דער ציוויליזירטער וועלט האָט זיכער געמיינט אונ־דזער טובה דורך באַהאָגלען אונדז מיט געלעגנהייטן ווען פאַרמאַליטעט איז אונדז מכבד מיט קאָמפּלימענטן, ליב־ווערטער, אַפילו חניפה. אָבער דערפון איז אַרויסגעקומען אַ מוראדיקע רעה. מען ווייסט ניט אויף זיכער וואָס יע־נעמס אויג זעט בעת זיין מויל רעדט. אָט איז ער אַמאָל געווען אויף אַ באַנ־קעט וואו עטלעכע רעדנער האָבן דעם חתן־היובל ניט געקאַרגט פון די בעסטע, אימפּאָרטירטע, רעטאָרישע נאַשוואַרג, און שפּעטער האָבן טייל פון זיי פּריי־וואַט זיך באַקלאָגט אויף זייער טרויעריקן חוב וואָס זיי האָבן געדאַרפט אַזוי זיס רעדן. נאָך ערגער איז מיט הספדים. עס איז געקומען דערצו אַז לא די וואָס דער מת איז שוין מער ניטאָ קען ער פונעם הספד אַפילו ניט דערגיין אויף זיכער צי ער איז כאָטש אַמאָל יאָ געווען. מיר זענען אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע קריטישע, אַקטועלע סאָציאַלע פּראָבלעמען אַז מיר האָבן אפילו ניט באַמערקט וואָסערע צרות מיר האָבן פון די אויסגעצייכנטע כוונות מיט וועלכע העפלעכקייטן זענען געקומען אונדז מזכה זיין.

מיין פריינד, בן־אדם, האָט אין גרויס פאַרצווייפלונג זיך דערשלאָגן צו לויטערער אמונה. ער האָט באַשלאָסן זיך סומך צו זיין אויפן „קומענדיקן היסטאָריקער". וואָרעם וואָס מער מיר פאַרטראַכטן זיך וועגן די אייגנשאַפטן וואָס ווערן צוגעשריבן דעם דאָזיקן קומענדיקן באַלעבאָס פונעם ספר הזכרו־נות אַלץ מער כאַפּט מען זיך אַז אַ מאָדנע מעטאַפיזישע לופט רינגלט אים אַרום. ער זעט אויס צו זיין די סעקולערע פאָרמולע פון אַן ערגעץ־וואו־איקן געוויסן וואָס קען ניט רוען ביז עס ווערן בולט פאַרצייכנט די פאַרדינער און זייערע פאַרדינסטן. די צרה איז בלויז וואָס באַלד קומט אַ מאָמענט פון אויס־ניכטערונג און ווידער ווערט מיין בן־אדם אומצופרידן. עפּעס וואָלט זיך געוואָלט האָבן אַ שטיקל אינטערוויו מיטן קומענדיקן היסטאָריקער כדי צו זיין זיכער אַז ער וועט ניט פאַרגעסן און ניט פאַרזען די מיקראָסקאָפּישע פּינטעלעך פון אַ פּערזענלעכקייט וואָס ס׳ווילט זיך אָפּט אַקצענטירן. אָבער

עס איז דאָך ניט אַזוי לייכט צו כאַפּן דעם פּונקט וואו עס קענען זיך צונויפ־טרעפן דער היינטיקער מיטן קומענדיקן.

באין ברירה, גיט מען זיך אַן עצה, אַ טרויעריקע עצה, מען שאַפט זיך עפּעס אַ סוראָגאַט, אַן אילוזיע. עס איז פּונקט ווי יענע העלדין פונעם ראָמאַן וואָס שרייבט זיך אַליין בריוו און דערפרייט זיך מיט דער קאָרעספּאָנדענץ וואָס זי קריגט כסדר. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַ קרענקלעכער אופן צו באַפרי־דיקן אַ טיפן פאַרלאַנג. עס זענען פאַראַן אַנדערע וועגן וואָס זעען אויס מער נאַטירלעך בלויז דערפאַר וואָס די אילוזיע ווערט מער פאַרשטעלט, מער באַהאַלטן פון זיך אַליין.

אַ מענטש וויל זיין אַ געזעענער, אַ באַמערקטער, טייל זאָגן אַז דאָס איז אַן אויסדרוק פון אַ געפיל פון שפלות, פון אינפעריאָריטעט. אָבער דאָס איז, דאַכט זיך מיר, דורכויס לאו דווקא. מען זעט דאָס צו בולט אפילו ביי אַזעלכע וואָס מען קען זיי אין אַזעלכע געפילן בשום אופן ניט חושד זיין, סיידן ווען מען טייטשט עס אַריין אין זיי דורך אַ פּשטל. דאָס איז פּשוט די עמאָציאָנעלע און דינאַמישע זייט פון וויסן וועגן דער אייגענער עקזיסטענץ אין דער פאָרעם פון אַ באַזונדערן איך.

וואָס זשע טוט אַ מענטש ווען ער וויל באַמערקט ווערן? על פּי רוב האָט ער ניט קיין כוח צו וואַרטן ביז עס וועט קומען; ממילא, ביז עמעצער וועט פון זיך אַליין אים דערזען, וואָרעם ווער ווייסט? טאָמער ניט? און בעת מעשה ווילט זיך אים שטאַרק פילן ניט בלויז אַז זיין לעבן לעבט, נאָר אויך און דער עיקר, אַז ער, ער אַליין, לעבט אין זיין לעבן. אַנדערש ווערט מטושטש דער זינען פון אַ מענטשנס עקזיסטענץ. עס ווערט צעדריבלט דער שטאָף פון דער אייגענער אַנדערשקייט.

געוויינטלעך ווערט עס געטאָן דורך אַליין זיך פּראָקלאַמירן מיט דער הילף פון אַ צוגעגרייטן קאָמופלאַזש. די וועלט קוקט קרום אויף אַ בעל־גאווה, האַלט פאַר אומפאַסיק און פריקרע דאָס אַרויסשטעלן זיך אַליין, אַזוי ווי עס ווילט זיך ניט פאַרלירן די וועלט און דאָך געווינען זיך אַליין, גיט מען זיך אַן עצה דורך אַ געמיש פון שמד־שטיק און יראה. עס גייט אומגע־פער אַזוי: „איך בין אַן אָפנהאַרציקער מענטש. איך קען ניט טראָגן קיין מאַסקע. איך ווייס אַז דאָס איז אַ גרויסער חסרון, אָבער איך קען זיך ניט העלפן". מיט דעם וואָרט חסרון האָפט מען אָפּצונאַרן דעם געזעלשאַפטלעכן צענזאָר און דאָך זאָגן וועגן זיך גוטס בקול רם.

פאַרשטייט זיך אַז אין דעם, פּונקט ווי אין אַ סך אַנדערע פּרטים, אונ־טערשיידן זיך מענטשן זייער שטאַרק. פאַראַן אַזעלכע וואָס זענען בטבע ניט געענוג סטאַביל, נייטיקן זיי זיך מער אַז אַנדערע זאָלן זיי גלעטן, אונטער־האַלטן, כדי זיי זאָלן פּשוט ניט פאַנאַנדערפאַלן. אין געוויסע פאַלן וואַקסט דער יצר הרע געזען צו ווערן ביז אַ פּאַטאָלאָגישער מדרגה; עס קומט צו אַ צושטאַנד וואָס איז ענלעך צו שיכרות אָדער סעקסועלער פּערווערזיע. וואָס

מער איר באַהאַגלט אַזעלכע מענטשן מיט שבחים און קאָמפּלימענטן אַלץ הונגעריקער ווערן זיי. דעם שווערסטן נסיון דאַרפֿן אויסשטיין די וואָס דער גאַנצער זינען פֿון זייער לעבנס־אַרבעט האָט אַ ווענדונג צו דער עפֿנטלעכ־קייט, זענען זיי דעריבער מער אָנגעוויזן אויף דער הסכמה פֿון אַנדערע, אַזעל־כע מענטשן ווי פּאָליטיקער, געזעלשאַפֿטלעכע טוער, מיליטערישע פֿירער, וויסנשאַפֿטלער, שרייבער, רעדנער, קינסטלער — דער גאַנצער זינען פֿון זייער אויפֿטו ליגט אין דעם וואָס ער קען עפֿנטלעך אויסנעמען, מאַכן דעם געהעריקן איינדרוק אויף קהל. ממילא פֿייניקט זיי טיפֿער די אינערלעכע אומזיכערקייט, וואָס טראַכט מען וועגן זיי? ווי אַזוי שאַצט זיי אָפּ די וועלט? אויף ווי וויט קענען זיי זיין זיכער אַז ווען מען זאָגט שוין עפּעס גוטס וועגן זיי ווערט עס טאַקע געמיינט?

דאָרט וואו דער אויפֿטו איז פֿון אַ מער פּראַקטישן כאַראַקטער, ווי למשל, ביי פּאָליטיקער, מיליטער־לייט, אַ געוויסן סאָרט וויסנשאַפֿטלער, איז די צרה ניט אַזוי גרויס. די פּראַקטישע געווינסן, וואָס זעען זיך אָן אַזוי ממשות'דיק, זענען מער אָדער ווייניקער גענוג צו געבן דעם בעל דבר דאָס זיכערקייט־געפֿיל אַז ער איז עפּעס, אַז די וועלט פֿאַרמאָגט אַ ווינקל וואָס איז זיינס, וואָס בלויז ער אַליין פֿילט אויס. אַנדערש איז דאָס מיט די פּראָדוצירער פֿון ווערטן וואָס זענען ניט פֿון מאַטעריעל־פּראַקטישן מין, וואָס הענגען אָפּ אין אַ גרויסער מאָס פֿונעם געשמאַק פֿון אַלגעמיינעם, ניט־ספּעציאַליסטישן עולם, ווי למשל, קונסט. אין לעצטן פֿאַל איז שאַרפֿער, מאָנענדיקער, דער דאַרשט נאָך אָפֿענע, איבערצייגנדיקע, זיכערע ראיות אַז מען געהערט צו דער געבענטשטער קאַטעגאָריע פֿון די גרויסע. על פּי שכל וואָלט דאָ אויך געדאַרפֿט זיין גרעסער און טיפֿער די מורא פֿאַרן מעגלעכן העפֿלעכקייט־כאַראַקטער פֿון דער געגעבענער אָנערקענונג.

אָבער, ווי זאָגט מען עס, גאָט שיקט די רפֿואה פֿאַר דער מכה. טאַקע דאָס וואָס דער קינסטלער איז אָנגעוויזן אויפֿן אַלגעמיינעם עולם צו באַשטע־טיקן זיין פּאָזיציע ווערט, דאָס אַליין פֿאַרגרעסערט פֿאַר אים די מעגלעכ־קייטן צו באַפֿרידיקן זיינע איך־באַדערפֿעניש. ער זעט פֿאַר זיך תמיד דעם אונטערשייד צווישן זיך און דעם דורכשניטלעכן מענטשן צו וועלכן זיין אַרבעט איז געווענדט. ער, הייסט עס, איז אַ מענטש מיט אַ ספּעציעלן פֿאַר־מעגן — טאַלענט — וואָס דאָס מאַכט אים פֿאַר „עפּעס מער". זיין אַפּעליר־כּוח הענגט אָפּ פֿון אַזעלכע וואָס פֿאַרמאָגן ניט אָט די „גאָטס מתנה", זענען זיי שוין ממילא עפּעס ווייניקער. לאָגיש זעט אויס מאָדנע ווען דער ווערט פֿון עפּעס מער זאָל זיין דער עיקר אָנגעוויזן אויף דער באַשטעטיקונג פֿון דעם וואָס ווערט געהאַלטן פֿאַר עפּעס ווייניקער. קענטיק אַז דאָס געהערט ניט צו יענעם מין פּראָצעסן וואו לאָגישע אויסגעהאַלטנקייט איז אַ באַשטימענ־דיקער פֿאַקטאָר. אָבער ווען די דרויסנדיקע הסכמה קומט ניט אַזוי גיך, אָדער אַזוי פֿול ווי עס ווילט זיך, גיט עס דעם קינסטלער אַ פּסיכאָלאָגישן

פּתחון פּה צו ווערן זיין אייגענער שופט, אפילו זיין אייגענער פּוסק אחרון, בכלל צו ווערן אַ צענטער פון אויפמערקזאַמקייט אין די אייגענע אויגן.

צו וועלן הערן וועגן זיך, ווער שמועסט נאָך צו הערן גוטס, איז אַ יצר הרע וואָס קיין מענטש קען אַזוי לייכט ניט גובר זיין, אָבער צו רעדן וועגן זיך אַליין, צו שטופּן זיך צום פראַנט, ווי מען רופט עס, אויף דעם האָבן גוטע געזעלשאַפטלעכע מאַניערן אַרויפגעלייגט אַ פאַרבאָט. אינעם רוב עפנטלעכע פּראָפעסיעס ווערט דער דאָזיקער דרך שטרענג אָפּגעהיט, און מען דאַרף זיך קאָנטראָלירן אויב מען וויל ניט פאַרלירן די פּערזענלעכע חשיבות. אָבער אינעם קינסטלער־צעך, מסתמא צוליב די אָנגעוויזענע סיבות, איז די דאָזיקע עטיק ניט שטאַרק איינגעוואָרצלט. אַ קינסטלער קען לייכט עובר זיין אויפן דאָזיקן לאוו און ניט מורא האָבן אַז ער וועט צופיל פאַרלירן אין די אויגן פון זיינע אַרומיקע.

אין זיין אויטאָביאָגראַפיע דערציילט דער ענגלישער פּאָעט סטיפען ספּענדער אַז אָפט עקלט אים צו לייענען אַ צייטונג וואו זיין נאָמען ווערט ניט דערמאָנט. עס קען זיין אַז ווען ספּענדער וואָלט געהערט צו אַן אַנדער עפנטלעכער פּראָפעסיע, ניט צום קינסטלער־פאַך, וואָלט ער אַמאָל געהאַט אַן ענלעך געפיל, אָבער ער וואָלט עס ניט געוואָגט צו זאָגן. ער וואָלט עס געהאַלטן פאַר אַ געפיל וואָס מען דאַרף קאָנטראָלירן, אונטערדריקן, ווייל עס איז ניט שיין און אומגערעכט. אָבער ווי אַ פּאָעט קען זיך אים אויסוויזן פּונקט פאַרקערט. ער קען אפשר נאָך מער אויסנעמען מיט אַ געוואָגטן ווידוי; ער קען נאָך אפשר וועלן מגזם זיין די פאַקטן. דאָס איז בראַוואַדאַ און וואַרפט זיך מער אין די אויגן.

אין דעם פּרט האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אָסקאַר ווײַלד. פראַנק העריס גיט איבער אַ שמועס וואָס ער האָט געהאַט מיט אָסקאַר ווײַלדס ברו־דער, וויליאַם: „וויליאַם ווײַלד האָט מיר דערציילט אַז בעת אָסקאַר איז געזעסן אין תפיסה... האָט ער זיך אַרומגערינגלט מיט אַ חברה פּאַראַזיטן וואָס האָבן אים גאַנצע טעג געזאָגט שבחים. ער האָט זיי געגעבן ציגאַרעטן־האַלטערס, ברוסט־שפּילקעס, אאַז״וו, ווי אַ באַלוינונג פאַר זייער איבלדיקער חניפה. קיינער, אַפילו ניט איך, זיין ברודער, האָט געקענט אויסדריקן אַ קריטיק וועגן זיינע ווערק און אים ניט באַליידיקן״.

בעת זיין פּראָצעס האָט ווײַלד געדאַרפט ענטפערן אויף פראַגעס פונעם קעגנערישן אַדוואָקאַט. אויף דער פראַגע וואָס ער טראַכט וועגן אַ געוויסן אויסגעדריקטן געדאַנק, האָט ווײַלד געענטפערט: „איך טראַכט ניט וועגן קיין שום געדאַנקען אַחוץ מיינע אייגענע״. אויף דער פראַגע צי ער האָט אַמאָל באַוואונדערט אַן אַנדער מאַן האָט ווײַלד געענטפערט: „איך האָב קיינ־מאָל קיינעם ניט באַוואונדערט אַחוץ זיך אַליין״.

דאָס איז שוין אַ פּאַטאַלאָגישער צושטאַנד, און די פּאַטאַלאָגישקייט איז אַ צווייאיקע. סאָציאַל באַשטייט די קראַנקהייט אין דעם וואָס ווען יעדער

מענטש זאָל זיין דער פּוסק אחרון װעגן די װערטן װאָס ער שאַפט, דעמאָלט װערט געזעלשאַפטלעך לעבן אױפגעריסן ביזן װאָרצל. נאָך ערגער איז װאָס װיילד האָט ניט געפילט אַז ביי אים װערט פאַראַליזירט דער חוש פאַר זיין אייגענער גאַנצקייט. װאָרעם בטבע קענען מיר זיך גייסטיק אױפהאַלטן בלויז דעמאָלט װען די פּאָזיטיװע אָפּשאַצונג פון אונדזער װערט קומט פון אַנדערע. דאָס האָט דאָך װיילד אַליין באַװיזן װען ער האָט באַלױנט זיינע מיטאַרעס־טאַנטן פאַר די קאָמפּלימענטן װאָס זיי האָבן אים געגעבן. אָבער שבחים װאָס מען קריגט דורך כאַבאַר אָדער צװאַנג קענען דאָך זיין פאַלשע מטבעות. אַ מענטש װאָס שפּירט ניט די סתירה צװישן דער עכטקייט װאָס ער דאַרף און דער געמאַכטקייט װאָס ער קריגט באַװייזט דערמיט אַ סימפּטאָם װאָס איז װאויל באַקאַנט אין דער פּסיכיאַטרישער ליטעראַטור.

די זעלביקע חולאַת, אַביסעלע געמילדערט, באַגעגנט מען גאַנץ אָפט אין דער קינסטלער־װעלט. איך האָב דעם איינדרוק אַז אין אונדזער יידי־שער װעלט זעט זיך דאָס אַרױס האַרבער, רייסיקער, אָפטער, מער פאַר־שפּרייט. מעגלעך אַז דאָס נעמט זיך דערפון װאָס מיר האָבן אַ קלענערע צאָל עפנטלעכע פּלאַטפאָרמעס, און יעדע פּלאַטפאָרם איז אַ סך קלענער, האָט ניט גענוג פּלאַץ פאַר אַלע פּרעטענדענטן. אפשר איז אין דעם אויך שולדיק דאָס װאָס ביי אונדז איז פאַראַן אַן אומפּראָפּאָרציאָנעלע איבערװאָג פון גענעראַלן לגבי פּראָסטע זעלנער װאָס באַטייליקן זיך אין עפנטלעכן לעבן. אפשר איז דאָס אויך די סיבה פון דעם װאָס ביי אונדז הערשט די באַזונדערע פאַר־שפּיצטקייט פונעם דאָזיקן צושטאַנד ניט בלויז ביי קינסטלער, אָדער אין שרייבער־פאַך בכלל, נאָר אין יעדן װינקל װאָס באַדינט אונדזערע געזעל־שאַפטלעכע באַדערפענישן. אױב מיין איינדרוק איז אַ ריכטיקער — און דאָס איז ניט מער װי אַן איינדרוק — קען דאָס אונדז, פאַרשטייט זיך, קיין געזונט ניט צוגעבן.

װי עס זאָל ניט זיין האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט פאַקטן פון װעלכע מען קען אַרױסדרינגען אַ רייכן מוסר־השכל. אָפט װערט מען אין פלוג פאַר־חידושט. אַ חשובער מענטש באַליידיקט זיך װען ער װערט ניט פאַרבעטן צו אַן עפנטלעכער געלעגנהייט, אָדער װען זיין נאָמען װערט ניט פאַרצייכנט אין אַ באַשטימטער אָנגעזעענער קאַטעגאָריע. דאָס איז נאַטירלעך, מענטש־לעך. עס איז דער אייביקער פערזענלעכער װייטיק װאָס איך האָב פריער דערמאָנט. אָבער ער פּראָטעסטירט, ער האָט עפנטלעכע טענות. אָט דאָ הייבט זיך אָן דער חידוש. װי װעט ער שפּעטער רואיק זיין װען מען װעט דאָס פאַרריכטן? עס איז דאָך שכלדיק חושד צו זיין אַז דאָס פאַרריכטן װעט זיין אַן אױסדרוק פון צדקה, אָדער העפלעכקייט, אָדער פון ניט װעלן זיך איינרייסן? װי װעט אים ניט עגבערן דער ספק אַז די מטבע איז ניט קיין עכטע? מען מוז פון דעם דרינגען אַז לעולם װעלן אים טאַקע יאָ מאַטערן אַזעלכע חשדים, און דאָך איז פאַרט אין דעם פאַראַן אַ פאַרגיטיקונג. װאָרעם

אַזוי ווי דאָס ווערט געטאָן עפּנטלעך קענען דאָך זיין אַ סך וואָס ווייסן ניט וואָס עס טוט זיך הינטער די קוליסן, וועט זיין חשיבות וואַקסן אין זייערע אויגן, און דאָ קען עס שוין זיין אינגאַנצן עכט. אמת, דאָס קען אַ מענטשן בלויז געבן זייער אַ געמאָטערטע אינערלעכע זיכערקייט, נאָר וואָס טוט ניט אַ ייד צוליב „פּרנסה״?

אָבער די וואָס האָבן זיך ליב צו פאַרבלענדן מיט קלאָרער ניכטערקייט, אָדער וואָס קענען זיך ניט אָנשיכורן מיט וואָסערדיקער משקה, פאַר זיי וועט אַזאַ דרך זיין ניט קיין טרייסט נאָר אַ דערנידעריקונג. אַזעלכע קענען אַמאָל דערפירט ווערן צו אַנדערע קרענקלעכע סימפּטאָמען וואָס זענען אַ סך ערנסטער ווי דאָס וואָס מיר געפינען ביי אָסקאָר ווילדן. דער ווייטסטער עקסטרעם פון דעם איז ניט ווייניקער ווי זעלבסטמאָרד; אַמאָל בלויז אין געדאַנק וועגן אַזאַ אויסוועג, אַמאָל טאַקע בפּועל ממש.

די צאָל מענטשן וואָס נעמען זיך דאָס לעבן איז זייער קליין, אָבער די וואָס האָבן געטראַכט וועגן דעם זוען ניט איז אין משך פון לעבן דערגרייכט מסתמא אין די גרויסע מיליאָנען, אין יידע פאַלן זענען פאַראַן אַ סך מאָטיוון וואָס טרייבן דערצו. איינער פון זיי איז בלי ספק דאָס ווילן פאַרנעמען די פּאָזיציע פון אַ באַמערקטן, פון אַן אַרויסגעשיילטן איינצלנעם, אינעם אוניוועַרסאַלן טומל. אינעם בוך זיין אָדער ניט זיין, אַ פאָרשונג וועגן זעלבסטמאָרד, דערציילן די מחברים, דאָבלין און באַנזל, וועגן אַ פרוי וואָס האָט זיך אַרויסגעוואָרפן פון אַן עראָפּלאַן אין מיטן פליען. אין לעבן, זאָגן די שרייבער, האָט קיינער פון איר ניט געוואוסט, האָט זי דאָס געוואָלט דערגרייכן דורך איר געוואַגטן אַקט. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט אַז די צייטונגען וועלן דורך דעם שרייבן וועגן איר. אין איר בייטל האָט מען געפונען אַ צעטעלע: „איך בין ניט זיכער צי די צייטונגען וועלן אָפּגעבן גענוג פּלאַץ פאַר מיר״.

דאָס האָרץ זאָגט מיר אַז פריינד בן־אדם, וואָס מיט אים האָב איך אָנגעהויבן, וועט חלילה צו אַזאַ עקסטרעם ניט דערגיין. עס וואָלט געוועזן אַ שרייענדיקע אומגערעכטיקייט אפילו קעגן יענע וואָס האָבן אים געזען און דאָך ניט געגעבן אים גענוג צו פילן אַז ער איז אַ געזעענער. ער איז זיכער גערעכט אין זיינע ספקות און חשדים. וואָרעם אַזוי לאַנג ווי די קעסטלעך וואָס אין זיי פאַרבאָרגן זיך מענטשן זענען ניט דורכזיכטיק מעג אַ שכלדיקער בשר ודם חושד זיין אַז ווער־ווייסט. אָבער דאָך דאַרף מען זיך היטן ניט צו זיין אומגערעכט צו די אַנדערע, וואָס יעדער פון זיי האָט דאָך די זעלביקע צרות און ליידט פון די זעלביקע מאַטערנישן. סוף כל סוף איז די טראַגישסטע אומגערעכטיקייט די אומגערעכטיקייט פון די גערעכטע.

(1951)

# דאָס אומגעריכטע

שוין אין די ערשטע טעג פון לעבן באַווייזן זיך אויפֿן עולם פון אַן אומגעריכטן קלאַנג. שוין דעמאָלט דערשרעקט דאָס אומגעריכטע. עס הייבט זיך אָן מיט אַ צאַפּל פון נאַקעטער שרעק און ציט זיך, אין די ווייטערדיקע יאָרן, דורך אָפּענער אָדער פֿאַרבאָרגענער מורא, געפּעלפּטקייט, ביז צו די העכסטע מדרגות פון וואונדער און אומרו. עס איז נאַטירלעך אַז אַזאַ אָפּרוף־געפיל זאָל זיך ביי אונדז פאַרשטאַרקן און פאַרטיפן. וואָרעם ביסלעכווייז ווערן מיר צוגעוואוינט צו אַ וועלט, אַ לעבן, וואָס שפּאַנט מיט געמאָסטענע טריט, מיט אַ ריטמישן סדר און באַוועגט זיך אויף די כוואַליעס פון אַן איינגעשטעלטן זיג־זאַג. יעדן טאָג גייט אויף די זון און פאַרגייט, די סעזאָנען פון יאָר בייטן זיך אויפֿן זעלביקן אופן, און אַזוי גייט מענטשלעך לעבן: קינדהייט, יוגנט, עלטער; נעכטן, היינט, מאָרגן; שלאָף און וואַך; יאָרן און דורות. דער איינגעשטעלטער סדר פון זאַכן, דאָס באַוואוסטזיין אַז יעדער פריער טראָגט אין זיך די זיכערע צייכנס פון דעם וואָס וועט קומען שפּעטער — עס אָטעמט דערפון אַרויס די פרייד פון דער וואָרעמער בשורה אַז מיר געפינען זיך אין אַן אייגענער היים.

פּלוצלונג גיט זיך אַ דריי דאָס ראָד פון געשעענישן, גייט אַראָפּ פון די אויסגעלייגטע רעלסן, טראָגט זיך אַוועק אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. עס ווערט געבוירן דאָס אומגעריכטע, דאָס צו וואָס דאָס פריערדיקע האָט ניט צוגעגרייט. עס רופט אַרויס דעם צאַפּל פון שרעק, אַמאָל דעם אינערלעכן ציטער פון יראת הרוממות, אַמאָל דאָס פּאַראַליזירנדיקע געפיל פון „מויל און אויערן", פון באַצווינגענדיקן וואונדער.

אָבער ווי עס זאָל ניט זיין, דאָס אומגעריכטע פילט אָן מיט פרעמדקייט דאָס באַקאַנטע, קילט אָפּ די וואַרעמקייט פונעם היים־געפיל, פאַרווישט די צייכנס וואָס ווייזן די ריכטונג פון וועגן. די אַלט־באַקאַנטע וועלט ווערט דערווייטערט און לאָזט זיך מער ניט דוצן ווי אַן אייגענע צווישן אייגענע.

ווי אַזוי זיך צו באַוואָרענען קעגן דער אויסטערלישקייט פונעם אומגע־ריכטן, אָדער ווי אַזוי עס אין גאַנצן אָפּצושאַפן, דאָס איז די אייביקע זאָרג פונעם מענטשלעכן גייסט דורך אַלע צייטן און דורות. רעליגיע זוכט אַ באַוואָרעניש דורך פעסטשטעלן דעם מאָראַלן כאַראַקטער פון דער וועלט. וויסנשאַפט באַמיט זיך אָפּצושאַפן דעם עצם פאַקט פון אומגעריכטקייט דורך אויסבויען אַ וועלט וואו מען קען אַלץ פאָרויסזען, וואו יעדער שפּעטער אַנטפּלעקט זיך מיט אָפענער זיכערקייט אין יעדן פריער.

טייל זענען אונטערן איינדרוק אַז וויסנשאַפט שטאַמט בעיקר פון דעם וואָס מענטשן רייסן זיך צו מער באַקוועמלעכקייט און פּראַקטישע נוצן. דאָס

איז דער וואולגאַר־מאַטעריאַליסטישער קוק וואָס איז דורכויס פאַלש, ווי אַלץ וואָס איז איינזייטיק. וואָרעם אַחוץ פּראַקטישע נוצן טרייבט אונדז תמיד די זאָרג צו פאַרהיימישן די וועלט, זיך צו פאַרזיכערן קעגן דעם פּחד פונעם אומגעריכטן.

איינע פון די ערשטע וויסנשאַפטן, וואָס זענען אונדז באַקאַנט פון די סאַמע עלטסטע צייטן, איז אַסטראָנאָמיע. שוין דעמאָלט האָבן זיך מענטשן באַמיט צו באַשרייבן דעם הימל, פעסטצושטעלן פאַקטן, וואָס זאָלן אונדז ווייזן די טבע פון דעם וואָס רינגלט אונדז אַרום, מיר זאָלן האָבן אַ באַגריף פונעם אויסזען פון דער וועלט און אויף וואָס מיר מעגן זיך ריכטן.

וויפל אָריגינאַליטעט עס ליגט אינעם איינפאַל, אין אַלטן בבל, ווי אַזוי צו באַשרייבן און מעסטן הימלישע דערשיינונגען. קודם איז נייטיק צו שאַפן אַן אינסטרומענט וואָס זאָל אויף אַ קאָנטראָלירטן אופן קענען צעטיילן צייט. דאָס האָבן זיי דערגרייכט דורך אַ מין וואַסער־זייגער, אָדער אַ קלעפּסידרע. אַ כּלי ווערט אָנגעפילט מיט וואַסער וואָס דורך אַ קליינער עפענונג רינט עס אַריבער אין אַן אַנדער כּלי. די לעצטע איז אַזוי געבויט אַז דאָס אַריינקו־מענדיקע וואַסער ווערט אויך געוואויגן, ממילא האָבן זיי געמאָסטן צייט לויט דער וואָג פון וואַסער.

האָבן זיי אָנגעשטעלט אָט אַזאַ קלעפּסידרע באַגינען, בעת די זון האָט זיך באַוויזן אויפן מזרח־האָריזאָנט, און אָפּגעשטעלט דאָס פליסן פון וואַסער ווען מען האָט שוין געזען די גאַנצע זון. די וואָג פונעם אָפּגעלאָסענעם וואַסער האָבן זיי פאַרגליכן מיטן וואַסער פון אַן אַנדער קלעפּסידרע אין וועלכער עס האָט גערונען פון איין זון־אויפגאַנג ביזן צווייטן. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי אויסגעפונען אַז דער גאַנצער וועג פון דער זון אַרום דער ערד (אָדער פון דער ערד אַרום דער זון, ווי מען וואָלט היינט געזאָגט) איז 720 מאָל אַזוי גרויס ווי דער דיאַמעטער פון דער זון.

מיט אַזעלכע אומגעהובלטע אינסטרומענטן קען מען, פאַרשטייט זיך, ניט דערגרייכן אַזאַ עקזאַקטקייט צו וועלכער מיר זענען היינט געוואוינט. אָבער מען ווערט ממש גערירט פון דער אינטעלעקטועלער זאָרג און דעם גאונישן אויפטו, אַלץ כּדי אָפּצושאַפן דעם כאַאָס פון אומגעריכטקייט, צו דערזען ריטמישן סדר און צו דערקענען די טבע פון זאַכן וואָס זענען אין דעם פאַרוויקלט.

דער בויער פון קריסטנטום, שאול פון תרשיש, אָדער פּאַולוס, האָט אין זיינע ווענדונגען צו די קאָרינטיער (קאָרינטיער 1, קאַפּ. 1, 22) גאַנץ טרעפלעך כאַראַקטעריזירט דעם אונטערשייד צווישן רעליגיע און וויסנשאַפט אין דעם פּרט: „וואָרעם די יידן ווילן אַ צייכן און די גריכן זוכן חכמה״. די נפקא מינה צווישן „צייכן״ און „חכמה״ איז זייער אַ פונדאַמענטאַלער. דער צוגאַנג פון חכמה איז אַ מעטאָדע אויף עפּעס צו דערגיין. די וועלט איז מסתמא געבויט לויט אַן איינגעשטעלטן סדר וואָס קען זיין אַזוי קאָמפּליצירט אַז מען דאַרף

טיף גראָבן כדי אים צו דערזען. דעמאָלט, מעג מען אָננעמען, וועט קלאָר ווערן אַז דאָס וואָס שטעלט זיך אונדז פאָר ווי אומגעריכט נעמט זיך עס פון אונדזער פאַרבלענדעניש אָדער בלינדקייט, ווייל אין דער אמתן איז אַלץ אַ געזעצלע־כער פועל יוצא פון פאַראַנענע סיבות. אָבער ווי אַ מעטאָדע מוז חכמה אויך דערלאָזן די מעגלעכקייט צו דערגיין צו אַ וועלט־בילד וואָס האָט אַ פרייען שטח פאַר אומגערעכטע געשעענישן. חכמה, אָדר וויסנשאַפט, איז לויט איר כאַראַקטער אַזאַ אַז זי מוז זיך בויען אויף אַ נייטראַלער באַציאונג צו אירע מסקנות און מוז זיך אין גאַנצן פאַרלאָזן אויף דעם וואָס אָבסערוואַציע און לאָגיק דיקטירן. דאָס איז געווען דער גריכישער וועג, און דאָס איז און מוז פאַרבלייבן דער וועג פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג אין אַלע צייטן.

מהאי טעמא האָבן די גריכן אָנגעהויבן מיט דער דרויסנדיקער וועלט, מיט דער וועלט פון אַרומיקע זאַכן. דאָ זענען אָבסערוואַציעס קלאָרער, באַ־שטימטער, און, דער עיקר, דאָ שיקט זיך גיכער צו אָפּערירן מיט אַן אַבסאָלוט נייטראַלער באַציאונג. צי דער אור־עלעמענט פון דער וועלט איז פייער צי אַן אַנדער מין שטאָף; צי די וועלט ווערט צונויפגעשטעלט פון איין עלעמענט אָדער פון פיר עלעמענטן, אין אַזעלכע אויספירן קען מען גאַנץ קאָלט זיך לאָזן פירן פון דעם וואָס איינדרוק און שכל פאָדערן.

גאַנץ אַנדערש איז געווען דער יידישער וועג, דער וועג וואָס זוכט אַ „צייכן״. וואָרעם דער הוילער געדאַנק פון אַ צייכן איז מחייב אַז ניט בלויז פאַרמאָגט די וועלט אַ באַשטימטן כאַראַקטער, וואָס מאַניפעסטירט זיך דורך אָפענע און פאַרבאָרגענע צייכנס, נאָר אויך אַז אירע כוונות זענען דירעקט פאַרבונדן מיטן לעבן פונעם מין מענטש וואָס אים ווערן די דאָזיקע סאָרטן צייכנס געגעבן. נאָך מער: די וועלט מוז אין איר תוך געפירט ווערן לויט מאָראַלע פרינציפּן, אַנדערש קענען דאָך ניט זיין קיין כוונות וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות צו מענטשלעכן אויפפיר. דער צופאַל, דאָס אומגעריכטע, איז דעמאָלט דער אָפּנאַרערישער איינדרוק פון דעם וואָס זעט ניט אַז דאָס איז אַ צייכן פון דער מאָראַלער כוונה, אַ כוונה וואָס דריקט אויס דעם זינען פון גאַנצן וועלט־פּלאַן.

דער צייכן, די אַנטפּלעקונג, איז ניט, אַזוי ווי חכמה, אַן אינטואיטיווער אַקט פונעם אינטעלעקטועלן גאון, נאָר אַ מתנה, דער שכר פאַר מאָראַלער דערהויבנקייט. די אמתע מדרגות און כוח צו באַנעמען דעם גאַנג פון דער וועלט ליגט דעמאָלט ניט צווישן חכם און עם הארץ נאָר צווישן צדיק און רשע. דאָס וואָגיקסטע אין דער וועלט ווערט קאָנצענטרירט אין דער עטישער ספּערע.

ווען גאָט טענה׳ט זיך אויס מיט איוב׳ן, רעכנט אויס די וואונדער און די גבורות אין דער נאַטור, פאַרגעסט ער ניט צו דערמאָנען: „ווער גרייט אָן דעם ראָב זיין שפּייז, ווען זיינע קינדער שרייען צו גאָט, ווען זיי וואַנדערן אום אָן עסן?״ אָט דער קוק, וואָס פאַר אים איז דאָס סאַמע ערשטע געגעבענע אין

דער וועלט איר מאָראַלער תוך, ווערט געהיט און באַשיצט אין דער שרעק פאַרן אומגעריכטן. וואָרעם פון אַ ריין מענטשלעכן שטאַנדפּונקט, אויב אַלע גאָטס וועגן זענען אמת וצדק, אַריינגערעכנט דאָס וואָס איז ניט פאַרויסגעזען און ניט צו פאַרשטיין, איז דאָך שוין דאָס איבעריקע פון קנאַפּער וויכטיקייט.

אַזוי, ביזן היינטיקן טאָג, אין דער ראַנגלעניש בייצוקומען די מורא פאַר געשעענישן וואָס קענען אונדז באַפאַלן אומגעריכט, ווענדן מיר זיך צו צוויי כוחות אונדז צו באַשירעמען און באַשיצן: רעליגיע און וויסנשאַפט. עס באַשירעמט אונדז די אמונה אַז „כל דעביד רחמנא לטב עביד" — אַלץ וואָס גאָט טוט איז צום גוטן, צום מענטשלעכן גוטן, פאַרשטייט זיך. מיר באַשיצן זיך אויך מיטן וויסנשאַפטלעכן געדאַנק אַז אָט־אָט, און די קייט פון אָפענע סיבות און פועל־יוצא׳ס וועט זיך אויסציען איבער אַלע איצטיקע גרענעצן און וועט אַריינעמען אַלץ, אַלץ וואָס זעט אויס צו זיין אַ צופאַל און אומגעריכטער פּלוצלונג. אָבער איןביידע פאַלן האָט דער פּחד פאַרן אומגע־ריכטן ניט געקענט זיך אין גאַנצן איינשטילן. אין ערשטן פאַל האָבן זיך צו אָפט געוואָרפן אין די אויגן די מאָראַלע פּגימות פון דער וועלט. פאַרוואָס זאָל דעם רשע זיין גוט און דעם צדיק שלעכט? נאָך אַלע ענטפערס בלייבט נאָך אַלץ צו גרויס דער שטח פאַר קשיות וואָס באַאומרואיקן.

אין צווייטן פאַל — אַז אַלץ וועט קענען פאַרויסגעזען ווערן ווי אַ מאָמענט אין אורזאַכלעכע שייכותן — איז דאָך דאָס גופא אַן אמונה־זאַך און ניט ריגאָריסטיש געבויט אויף אורזאַכלעכע שייכותן. היינט אויב אמונה, איז דאָך ריין וויסנשאַפטלעך גערעדט — ווער ווייס? אפשר יאָ? אפשר ניט? דאָס אומגעריכטע בלייבט אַלץ אומגעריכט און שרעקט.

פאַראַן אַזעלכע וואָס ווילן זיך רק באַרואיקן מיטן געדאַנק אַז צווישן רעליגיע און וויסנשאַפט איז קיין סתירה ניטאָ ווייל ביידע פאַרנעמען זיך מיט פּראָבלעמען פון גאָר אַנדערע וועלטן. אמת, די געשיכטע פון דער מענטשלעכער קולטור, און די ביאָגראַפיעס פון אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, זענען פול מיט אַזעלכע סתירות און קאָנפליקטן. אָבער דאָס, האַלטן זיי, קען מען דערקלערן דורך טעותן און פאַלשע אויסטייטשונגען. ווען מען זאָל אָוועקשטעלן ביידע, רעליגיע און וויסנשאַפט, אין זייערע געהעריקע גרענעצן, וועלן אַלע סתירות און קאָנפליקטן פאַרשווינדן. אָבער אַ בליק אויף די צוויי פאַרשיידענע אופנים ווי אַזוי זיך צו באַוואָרענען קעגן דער אומרו פונעם אומגעריכטן וועט גלייך קלאָר מאַכן אַז אַזאַ סתירה איז פאַראַן און אַז זי קען ווערן זייער ערנסט. אַוודאי איז פאַראַן אַן אמת אין דעם אַז רעליגיע אָפּערירט ניט אין דער זעלביקער וועלט מיט וועלכער די וויסנשאַפט פאַרנעמט זיך. אָבער די צוויי זענען אַזוי געקניפּט און געבונדן, און די גרענעץ צווישן זיי אַזוי אומזיכער און ניט סטאַביל, אַז אָפטע צונויפשטויסן זענען אומ־פאַרמיידלעך.

דער אמת איז אַז רעליגיע און וויסנשאַפט, יעדע פון זיי אין זיך גופא,

איז אויך פול מיט סתירות. רעליגיע, למשל, קען זיך נאָך אַלץ קיין גרינטלעכע עצה ניט געבן מיט דער פּראָבלעם פון פרייען ווילן. אויב דער מענטשלעכער ווילן איז פריי און גאָט האָט איבער אים קיין שליטה ניט, איז דאָך דאָס וועזן פון גאָט באַגרענעצט, וואָס דאָס איז אַ סתירה צום באַגריף גאָט. אויב דער ווילן איז ניט פריי נאָר באַשטימט אין פאָרויס, דעמאָלט קען דאָך קיין מענטש ניט טראָגן די אחריות פאַר זיין מאָראַלן אויפפיר.

ניט בעסער איז די לאַגע אין דער וויסנשאַפט, אין דער אמתן הייבט זיך אָן דאָס גאַנצע וויסן זייער ניט וויסנשאַפטלעך, וואָרעם דער סאַמע ערשטער חוב אין וויסנשאַפט איז צו זוכן דעם אמת, אָבער פאַרוואָס? ווי קען מען וויסנשאַפטלעך דערקלערן אָט דאָס תאווה׳דיקע רייסן זיך צום אמת? מען קען בלויז זאָגן אַז דאָס איז אַ חוב וואָס שטאַמט פון אַ ספּערע צו וועלכער וויסנ־שאַפט קען אַפילו ניט צוקומען נאָר איז געצוואונגען צו נעמען אויף זיך בלינדערהייט.

סתירות זענען אומפאַרמיידלעך אין גייסטיקן לעבן. אין אַ וועלט וואו די אומלאָגישקייטן רירן אָן אירע סאַמע פונדאַמענטן קען מען בלויז זיין זייער שפּאָרעוודיק מיט ריין שכל׳דיקע פּאָסטולאַטן. עס מוז קומען צו אַ צעשפּאָלטנ־קייט וואָס אַ סך ערנסטע מוחות לעבן איבער. אין דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט ווערט שטרענג אָפּגעהיט די טעאָרעטישע הנחה אַז „קיין דופּק איז ניטאָ". אַנדערש קען אַזאַ אַרבעט בכלל ניט געפירט ווערן. אָבער ווען דער זעלביקער מענטש באַגעגנט זיך פּנים אל פּנים מיטן ברייטערן לעבן, אָדער אין מינוטן ווען זיין געדאַנק ווערט צעלאָזן און שטופּט זיך אַריין אין ווייטערע ספערעס, דעמאָלט דערפילט ער אַז ער מוז ווערן מעטאַפיזיש אַביסל ווייכער. דער עיקר דערפילט ער דאָס ווען ער פאַרטשעפּעט זיך אָן די מאָדנע קנייטשן אין זיין אייגענער נשמה און אין מענטשלעכן לעבן בכלל.

אפשר דאָ דאַרפן מיר זוכן די סיבה פאַר דעם וואָס די רעליגיעזע השערה האָט ווידער גענומען אַרויסרופן אַן ערנסטע באַציאונג אין מאָדערנעם גע־דאַנק. ווען דער זשורנאַל פּאַרטיזען רעוויו האָט אַנומלטן דורכגעפירט אַ סימפּאָזיום וועגן דעם ענין מיט דער באַטייליקונג פון 29 שרייבער און דענקער, הייבט אָן די רעדאַקציע אַזוי: „איינע פון די וואָגיקסטע טענדענצן פון אונדזער צייט, ספּעציעל פון אונדזער יאָרצענדליק, איז די נייע ווענדונג צו רעליגיע צווישן אינטעלעקטואַלן און די וואַקסנדיקע אומצופרידנקייט מיט וועלכער סעקולערע באַציאונגען און פּערספּעקטיוון ווערן איצט באַטראַכט אין ניט ווייניק קרייזן וואָס האָבן תביעות אויף קולטור־פירערשאַפט". ווי אַזוי דערקלערט זיך די דאָזיקע נייע ווענדונג? דערויף זענען שוין געגעבן געוואָרן אַ סך תירוצים. איך וויל דאָ דערמאָנען צוויי אויף וועלכע מען שטעלט זיך ווייניקער אָפּ. עס איז פון איין זייט די אומגעהייערע, שווינדלענדיקע אַנט־וויקלונג אין די עקזאַקטע וויסנשאַפטן, סיי די טעאָרעטישע, סיי די פּראַקטישע, און פון דער צווייטער זייט דער אומבאַהאָלפענער צושטאַנד פון די וויסנשאַפטן

וואָס גיבן זיך אָפּ מיט די פּראָבלעמען פון מענטשלעכן לעבן. וואָס העכער און פּרעציזער עס שטייגט די אַנטוויקלונג פון דער ערשטער, אַלץ בולטער סטאַרטשעט אַרויס די אומזיכערקייט פון דער צווייטער. זינט די פראַנצויזישע ראַציאָנאַליסטן פון אַכצנטן יאָרהונדערט, זינט די גרויסע האָפענונגען וואָס עס האָבן דערוועקט אַזעלכע דענקער ווי סען סימאָן, קאָנדאָרסעי, שפּעטער אויגוסט קאָנט, האָט מען זיך געמעגט ריכטן אַז אין קורצן וועט מען קענען געגוי פאָרויסזען און קאָנטראָלירן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון מענטשן. סען סימאָן האָט אַפילו געהאָפט אַז געשיכטע וועט דערגרייכן די מדרגה פון פיזיק וואו אַ געזעץ פון אַ מין סאָציאַלער גראַוויטאַציע וועט דינען ווי אַ פונדאַמענט. וואָס עס איז פאָרגעקומען אין פיזיק, און אין די אַנדערע עקזאַקטע וויסנשאַפטן, זינט יענער צייט, איז אונדז צו גוט באַקאַנט. אָבער די וויסנשאַפטן וועגן מענטשן געפינען זיך נאָך אַלץ אין אַ פּרימיטיוון מצב. דער ריזיקער שטח פון סודות׳דיקער אומגעריכטקייט איז געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער אין דער פיזישער וועלט. וועגן מענטשן קען מען נאָך אַלץ ניט פאָראויסזאָגן מיט זיכערקייט וואָס דער מאָרגעדיקער טאָג וועט ברענגען.

אָט דער ווייטער מהלך צווישן די צוויי וואַרפט אָן אַ באַזונדער פּחד, ווייל גראָד דאָרט וואו מיר וויסן אַזוי ווייניק איז אַזויפיל גרעסער די נויט עפּעס צו וויסן, צו דערגיין, צו ווערן ווייניקער געפּלאָגט פון די קאַטאַסטראָ־פאַלע מעגלעכקייטן פונעם אומגעריכטן. ווען מיר דערמאָנען זיך אין וואָסער צייט מיר לעבן, ווען דער גאַנצער מין מענטש איז אין סכנה אומצוקומען דורך דער האַנט פונעם מענטשן, ווערט נאָך גרעסער די שרעק און ממילא די טרייב־קראַפט צו זוכן אַנדערע וועגן.

היינט, ווי אַלעמאָל, ווען די חכמה גילט ניט זוכט מען דעם „צייכן״. מען באַמיט זיך ניט צו לאָקאַליזירן דעם פּונקט וואו עס געפינט זיך דער אורים ותומים כדי פון דאָרט צו קריגן באַלדיקע ענטפערס אויף קריטישע פראַגעס. דער היינטיקער צייכן איז דאָס דערפילן די פאַראַנענקייט פון אַ רעאַליטעט וואָס מען קען מיט אָבסערוואַציע, עקספּערימענט, מיט די חושים בכלל און מיט ריגאָריסטישער לאָגישער דעדוקציע, ניט צוקומען צו אים.

אַזאַ רעאַליטעט איז דורך און דורך געוועבט פון מאָראַלע פּעדעם. דאָס אומגעריכטע־בייזע שיילט זיך אַרויס ווי אַ מאַסקע וואָס פאַרשטעלט אַ ווייטן שמייכל. מען דערשפּירט דעם אומבאַוויזענעם אמת אין די רייד פון איוב׳ס פריינד צופר דער נעמתי (איוב כ, 4־5, יהואש):

ווייסטו דאָס וואָס איז פון אייביק אָן,
פון זינט דער מענטש איז געמאַכט געוואָרן אויף דער רעד ?
אַז דאָס געזאַנג פון די רשעים איז אויף קורצן,
און די שמחה פון זינדיקן אויף אַ רגע ?

אין דער איצטיקער וועלט איז דאָס אַזאַ גליקלעכע בשורה אַז עס איז אַ צו גרויסער לוקסוס זי צו פאַרזען.

(1951)

# דער פאַרגעסענער צד

אין אַ סך האָטעלן הענגט אין די צימערן אַ שילדל: „ביים אַרויסקלייבן זיך, קוקט זיך אַרום צי איר האָט ניט עפּעס פאַרגעסן". וועגן דעם גייען אַרום וויצן לרוב. איינער זוכט אַרום זיינע ברילן ביז ער כאַפּט זיך אַז זיי רוען בשלום אויף זיין נאָז. אַ צעטראָגענעם פּראָפעסאָר פאַלט איין צו זוכן די פאָ־טאָגראַפיע פון זיין ווייב און צעשמייכלט זיך ווען ער דערמאָנט זיך אַז ער איז אַן אַלטער בחור. די דאָזיקע אַלע וויצן זענען געבויט אויף דעם אַז מען פאַרגעסט דאָס עלעמענטאַרסטע, נאָענטסטע, וואָס על פי שכל וואָלט עס גע־דאַרפט זיין ווי אַ טייל פון זיך אַליין, עפּעס אַזוינס וואָס וועגן דעם זענען גאָרניט שייך אַזעלכע באַגריפן ווי געדענקען אָדער פאַרגעסן. עס איז פּונקט ווי זאָגן אַז אַ מענטש האָט פאַרגעסן אַז ער איז אַ באַשעפעניש מיט פּיס, מיינט ער דעריבער אַז ער קען ניט גיין.

וועגן די אַלע זאַכן דערציילט מען וויצן און מען לאַכט, ווייל די קאָמישע סיטואַציע וואַרפט זיך אין די אויגן. עס איז דאָך אַזוי מאָדנע ווען מען לאָזט אַרויס פון חשבון גראָד דאָס וואָס איז אַליין דער מאַכער פונעם חשבון. אָבער אין גייסטיקע זאַכן, וואָס וואַרפן זיך ניט אַזוי שטאַרק אין די מאַטעריעלע אויגן, באַמערקט מען ניט אַז אויף שריט און טריט שפּילן זיך אָפּ אַ סך ערנסטערע סיטואַציעס פונעם זעלביקן סאָרט. דאָ, וואָס דער אמת איז, קען מען שוין ניט רעדן וועגן פאַרגעסן נאָר גיכער וועגן פאַרזען. מיר האַלטן אין איין מאַכן סך־הכל׳ען, אָבער דער חשבון שטימט ניט, ווייל מיר האָבן עפּעס — דעם גרעסטן עפּעס — פאַרזען ביים סאַמע אָנהייב.

מיר זענען געבענטשט מיט צוויי פענצטער אין קאָפּ, זענען זיי געמאַכט אַזוי אַז מיר קענען דורך זיי בלויז אַרויסקוקן אין דרויסן. די אויגן אונדזערע זענען ניט באַזאָרגט געוואָרן מיט קיין מעכאַניזם דורך וועלכע מען זאָל זיי קענען אויסדרייען אַזוי אַז זיי זאָלן קענען אַריינקוקן אין זיך אַליין. קוקן מיר אַרויס אין דרויסן, זעען מיר זאַכן, מענטשן ווי אַ טייל פון דרויסן, און פאַר־זען דעם פּשוטן פאַקט אַז בעת מיר קוקן זעען מיר בלויז דאָס באַקוקטע און פאַרזען אין גאַנצן דעם באַקוקער. מאַכט זיך אַ רגע ווען די דאָזיקע אַנט־פּלעקונג בליצט אויף אין געדאַנק אָבער זי לעשט זיך באַלד אויס. עס איז זייער שווער צו קוקן אין דרויסן און זיך אַליין באַקוקן אין דער זעלביקער צייט. דער פּועל־יוצא פון אָט דעם חסרון גייט זייער ווייט, אַזוי ווייט אַז מיר קענען אַרומכאַפּן דעם גאַנצן שטח בלויז אין זעלטענע מינוטן פון פאַר־טיפטן חשבון הנפש.

די דאָזיקע געדאַנקען האָבן מיך געפירט צו בלעטערן אין פערזענלעכן ספר הזכרונות. מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק האָב איך געהערט אַ

לעקציע אויף דער טעמע: „די שולן פון דער צוקונפט". דער רעדנער איז געווען אַ מענטש מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע און האָט פאַרמאָגט אַן אומבאַ־גרענעצטן בטחון אין די כוחות פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. האָט ער געמאָלן אַ בילד מיט די העלסטע פאַרבן וואָס האָבן ממש געבלענדט די אויגן. אין דער צוקונפט, האָט ער געזאָגט, וועלן קינדער־שולן געבויט ווערן גאָר אויף אַן אַנדער אופן. זיי וועלן זיין צעטיילט ניט לויט עלטערס אָדער לימו־דים, נאָר לויטן תכלית וואָס מען וויל מאַכן פון די תלמידים. אין איין אָפּטיילונג וועט מען פּראָדוצירן דיכטער, אין אַ צווייטער געלערנטע, אין אַ דריטער אינדוסטריאַליסטן, אין אַ פערטער דאָקטוירים, אאַז״וו. די אַלע אָפּטיילונגען וועלן זיין אַזוי געבויט אַז יעדע פון זיי וועט פאַרמאָגן אַלע אויסגעפּונענע באַדינגונגען און פאַקטאָרן וואָס וועלן אויף אַ נאַטירלעכן אופן אַרויסברענגען די אידעאַלסטע עקזעמפּלאַרן פון אַ געגעבענער פייאיקייט אָדער פּראָפעסיע.

פון וואַנען האָט זיך גענומען צום רעדנער אַזאַ פאַר׳שכור׳טער אָפּטימיזם, לאָזט זיך אויך פאַרשטיין. אין יענער צייט האָט זיך הילכיק צעקלונגען איבער דער וועלט דער נאָמען פונעם געניאַלן רוסישן פיזיאָלאָג איוואַן פּעטראָוויטש פּאַוולאָוו. אומעטום האָט מען געשריבן און גערעדט וועגן פּאַוולאָווס אָריגינעלע עקספּערימענטן מיט הינט וואָס האָבן באַוויזן וואונדערלעכע זאַכן. ווי אַ פּועל יוצא פון דער דאָזיקער אַרבעט איז פּאַוולאָוו אַרויסגעקומען מיט זיין באַרימטער טעאָריע פון באַדינגטע רעפלעקסן. לויט דער דאָזיקער טעאָריע קומט אויס אַז יעדע באַשעפעניש ווערט געבוירן מיט אַ רעלאַטיוו קליינער צאָל שטריכן, באַוועגונגען פון אָרגאַנען, אָדער רעפלעקסן. ביסלעכווייז, אונטער געוויסע באַדינגונגען — און פּאַוולאָוו ווייזט אָן גענוי דעם כאַראַקטער פון די דאָזיקע באַדינגונגען — ווערן די איינגעבוירענע רעפלעקסן אָנגעווענדט אויף אַלץ מער און מער נייע סיטואַציעס, און אַזוי בויט זיך אויף די גאַנצע עשירות מיט וועלכער מיר אָפּערירן אין לעבן.

ווען אַ מענטש האָט ליב צו שפּרינגען, און האָט די אַמביציע צו מאַכן זייער אַ וויטן שפּרונג, איז שוין ניט אַזוי שווער אַרויסצודרינגען אַ סך פאַנטאַסטישע אויספירן פון דער טעאָריע פון באַדינגטע רעפלעקסן. אויב אַלץ שטאַמט פון באַדינגונגען, זענען דאָך שוין זיכער פאַראַן באַשטימטע באַדינגונגען וואָס אַז מען לעבט אונטער זייער השפּעה ווערט מען אַ דיכטער, אַן אינדוסטריאַליסט, אָדער אַ מצבה־קריצער. דער עיקר איז דעמאָלט אויס־צוגעפינען אין וואָס עס באַשטייען די דאָזיקע באַדינגונגען. אַז מען האָט בטחון אין דער וויסנשאַפט קען מען שוין גלייבן אַז זי וועט דאָס זיכער אויסגעפינען פריער אָדער שפּעטער. ממילא וועט מען באַזאָרגן די קינדער־שולן מיט די אויסגעפונענע ידיעות און עס וועט זיך אָנהייבן די נייע, די מעכאַנישע עפּאָכע אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

דער כוח וואָס באַדינגונגען האָבן צו געשטאַלטן דאָס לעבן פון אַ פּער־

זענלעכקייט, ווערט אַלץ מער באַשטעטיקט אין אַלע וויסנשאַפטן וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער מענטשלעכער בריאה. אָבער אויך דאָ דאַרף מען שטאַרק אָנזאָגן, ווי עס פירט זיך אין האָטעלן: „קוקט זיך אַרום צי איר האָט ניט עפּעס פאַרגעסן". זאָל דער בעסטער עדות דערפון זיין טאַקע פּאַוולאָוו אַליין.

פּאַוולאָוו איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער אמת־זוכער. דער אופן אויף וועלכן ער האָט צוגעגרייט און דורכגעפירט זיינע עקספּערימענטן, איז אַ מוסטער פון דער שטרענגסטער אָפּגעהיטקייט וואָס מען קען געפינען אין וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. ער איז געווען אומ׳ברחמנות׳דיק קריטיש צו זיך. ער האָט זיך געשראָקן פאַר דער מינדסטער סירכא וואָס קען אים פאַרפירן בעת ער קוקט זיך צו צו די געשעענישן וואָס שפּילן זיך אָפּ פאַר זיינע אויגן. אַז אין דער דאָזיקער אַנאַליטישער, ווייטגייענדיקער שטרענגקייט — ווען מען האָט צו טאָן מיט לעבעדיקע אָרגאַניזמען — קען אַמאָל ליגן אַ סכנה פאַרפירט צו ווערן, דאָס האָבן אַנדערע וויסנשאַפטלער שפּעטער אָנגעוויזן. אָבער בנוגע פּאַוולאָוון איז אין דעם אויך געלעגן די הויכע מאָראַלע קוואַליטעט פון זיין פּערזענלעכקייט; די הייליקייט פונעם אָביעקטיוון אמת אין געווען דער אידעאַל פון זיין לעבן.

אין פּאַוולאָווס ביאָגראַפיע, וואָס איז אַרויס אין 1949, האָט דער מחבר, פּראָפ. ב. פּ. באַבקין, זיך אָפּגעשטעלט מיט טיפער באַוואונדערונג פון דאָזיקן שטריך אינעם לעבן פונעם גענױאַלן פיזיאָלאָג. ער דערציילט דאָרט אַן עפּיזאָד וואָס פאַרדינט מען זאָל אים איבערגעבן. אינעם פּעטערבורגער אוניווערסיטעט איז פריי געוואָרן די קאַטעדרע פון פיזיאָלאָגיע. פּאַוולאָוו איז געווען אַ קאַנדידאַט, און דערביי האָט ער אויך געהאַט די האָפענונג אַז ווען ער וועט קריגן די שטעלע וועט דאָס פאַרלייכטערן די פינאַנציעלע דחקות פון וועלכער ער האָט געליטן. האָט ער מיט צוטרוי געוואַרט אויף אַ ניי קאַפּיטל אין זיין קאַריערע.

דער סוף איז געווען אַז מען האָט באַשטימט אַן אַנדערן, וועדענסקי. ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם האָט עס פונדעסטוועגן אויף אים קיין איינדרוק ניט געמאַכט. גראָד איז ער דעמאָלט געווען אַריינגעטאָן אין אָבסערווירן די עמבריאָנישע טראַנספאָרמאַציעס פון וועלכע עס וואַקסן אַרויס זומער־פייגעלעך, און זיך אָפּט צוגעהערט צום גערודער פון די אומצייטיקע אינסעקטן אין די קאָקאָנען. פּלוצלונג איז ער דערשראָקן געוואָרן, דאָס גערודער פון די קליינע באַשעפענישלעך האָט זיך אָפּגעשטעלט; צוליב עפּעס אַ סיבה זענען זיי אַלע אויסגעשטאָרבן. פּונקט דעמאָלט איז אַריינגעקומען זיין ווייב און זיך גענומען באַקלאָגן אויף דעם וואָס ער האָט ניט באַקומען די קאַטעדרע אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט: „דאָרט וואָלט זיך דאָך געעפנט אַזאַ רייכע געלעגנהייט פאַר וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, דערביי וואָלטן זיי דיך אויך באַפרייט פון די מאַטעריעלע זאָרגן וואָס לאָזן ניט אָפּ. איצט, האָט זי ווייטער געקלאָגט, איז אַלץ פאַרשוואונדן". פּאַוולאָוו איז געוואָרן אומגעדולדיק:

„לאָז מיך אָפּ, איך בעט דיך. אַ גרויס אומגליק האָט מיך געטראָפן, אַלע מיינע זומער־פייגעלעך זענען געשטאָרבן, און דו האָסט אין זינען נאַרישע קלייניקייטן".

די געלעגנהייט צו זוכן און פאַרשן האָט ביי אים אין יענעם מאָמענט אַריבערגעוואויגן די נאַטירלעכע אַמביציע צו אַ הויכער אַקאַדעמישער פּאָזיציע, און אַפילו פּרנסה. פון וואַנען האָט זיך ביי אים גענומען אַזאַ צוגאַנג צו זאַכן? איז דאָס אויך געקומען פון באַדינגטע רעפלעקסן? האָבן ספּעציעלע באַדינגונגען אין זיין לעבן איינגעוואָרצלט אין אים אַזאַ צוגאַנג? דאָס איז זייער מעגלעך. נאָר די קשיות לאָזן נאָך אַלץ ניט אָפּ. אויב באַדינגונגען האָבן די גאַנצע דעה, פאַרוואָס זאָלן די באַדינגונגען פון איין פאַל אַריבערוועגן די באַדינגונגען פון אַ צווייטן פאַל? אויף אויף דעם קען מען געפינען אַן ענטפער. ניט אַלע באַדינגונגען זענען אין אַ גלייכער מאָס אינטענסיוו אָדער טרייבן מיט דער זעלביקער קראַפט.

אָבער באַלד הייבט זיך אויף אַ פראַגע וואָס מען קען שוין אַזוי לייכט ניט פאַרענטפערן. לאָמיר זיך אויסמאָלן אַ מענטשן וואָס איז איבערצייגט אַז די זאַכן וואָס ער האָלט טייער און די צילן וואָס ער שטעלט זיך זענען אַלע אַ רעזולטאַט פון צופעליקע באַדינגונגען. אין זיך אַליין, הייסט עס, זענען זיי פון זעלביקן מין, ניט העכער, ניט נידעריקער, ניט גרעסער, ניט קלענער; זיי האָבן ניט קיין אַבסאָלוטן ווערט; זיי פאַרמאָגן בכלל ניט קיין אינערלעך־כאַראַקטעריסטישע קוואַליטעט; זיי זענען בלויז נייטראַלע פאַקטן רעלאַטיוו צו די סיבות וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן.

דאָס קלינגט וויסנשאַפטלעך זייער קאָרעקט, ווייל וויסנשאַפט קען בלויז האָבן צו טאָן מיט שייכותן, מיט זאַכן וואָס זענען געבונדן איינס צום אַנדערן, מיט רעלאַטיווע פאַקטן. אָבער ווערטן, דערצו אַבסאָלוטע ווערטן, דאָס שמעקט שוין מיטן ריח פון אַנדערע וועלטן, וועלטן אָן „באַדינגונגען". צו אַזעלכע וועלטן קען וויסנשאַפט בטבע קיין צוטריט ניט האָבן.

היינט אויב אַ מענטש ווייסט דאָס אַלץ, איז דאָך פאַר אים קלאָר אַז דאָס אומגליק מיט טויטע אינסעקטן און די שלעכטע בשורה וועגן ניט קריגן קיין אוניווערסיטעט־שטעלע, זענען ביידע גלייך ווי פיינלעכע פאַקטן. אויב פאַרגאַנגענע באַדינגונגען פון זיין לעבן צווינגען אים צוצושרייבן צו זיי באַשטימטע ווערטן און אָפּשעצן איין ווערט העכער פונעם צווייטן, איז דאָס הוילע אילוזיע, אָפּנאַרעריי. פאַרוואָס זאָל ער איינגיין זיך צו לאָזן אָפּנאַרן? דאָס בעסטע וואָלט געווען ער זאָל מיט פולער ניכטערקייט אויסרעכענען וואו זיין אַנווער וועט זיין גרעסער און באַדויערן מער דעם גרעסערן שאָדן ווי דעם קלענערן. די צרה איז גאָר אַז ווען ער זאָל שוין באַשליסן צו מאַכן אַ קאַלטן חשבון וועט ווידער זיין שלעכט. וואָרעם עס וועט דאָך אים אויספעלן די געהעריקע מאָס צו מעסטן וואָס עס איז גרעסער און וואָס קלענער. אָפילו ווען ער זאָל ווי עס איז דעצידירן אָנצונעמען עפּעס אַ מאָס, איז ווידער ניט

גוט. וואָרעם לויט זיין איבערצייגונג וועט ער באַלד מוזן טראַכטן אַז די אָנגענומענע מאָס איז אויך אַ פּועל יוצא פון צופעליקע, רעלאַטיווע באַדינ־גונגען. אַנדערע באַדינגונגען וואָלטן אים דאָך געגעבן אַן אַנדער מאָס, ממילא איז קיין זיכערקייט ניטאָ אַז די מאָס ביי וועלכער ער האַלט איז אַ „ריכטיקע" מאָס. בקיצור, אויב ער זאָל בלייבן ביי זיין טעאָריע וועגן באַדינגונגען וואָלט ער שטענדיק געדאַרפט הענגען אויף דער וואָגשאָל צווישן אַהין און אַהער, און קיינמאָל ניט אַראָפּוועגן ניט אַהין, ניט אַהער. אָבער אַזוי ווי אין קאָנקרעטן לעבן האַנדלט אַ מענטש — וואָסער טעאָריע עס זאָל אים ניט באַגייסטערן — ניט לויטן אָנוויז פון רעלאַטיווע פאַקטן נאָר לויטן צוואַנג פון אַבסאָלוטע ווערטן, לכל הפחות אין געוויסע קריטישע מאָמענטן, ווערט אַלץ האַרבער די האַרבע קשיה: פון וואַנען עס נעמען זיך אין רעלאַטיוון לעבן אַבסאָלוטע ווערטן?

פאַראַן נאָך אַ קשיה וואָס איז פּונקט אַזוי שווער צו פאַרענטפערן. די באַדינגונגען אין וועלכע מענטשן וואַקסן אויס זענען געוואַלדיק פאַרשיידן. דער דאָזיקער פּונקט שניידט זיך אַרויס מיט זיין פולסטער שאַרפקייט ווען מיר טראַכטן פון גאַנצן מענטשלעכן מין אין אַלע ווינקלען פון דער ערד. אָבער ווען מיר באַקענען זיך מיט די באַריכטן פון אַלע פעלקער און שבטים אין דער אַנטראָפּאָלאָגישער און עטנאָגראַפישער ליטעראַטור, בלייבט ניט איבער דער מינדסטער ספק אַז אומעטום ווערט מענטשלעך לעבן רעגולירט דורך דעם וואָס יעדער איינער פילט דעם טיפסטן זינען פון זיין עקזיסטענץ אין דעם וואָס ער אידענטיפיצירט זיך מיט אַבסאָלוטע ווערטן. ער פירט זיך אויף אַזוי ווי ער וואָלט צעטיילט דעם אינהאַלט פון זיין לעבן אויף גוטס און שלעכטס, שיין און מיאוס, גערעכט און אומגערעכט, און געשטעלט דאָס ערשטע העכער פונעם צווייטן. אויב די באַדינגונגען פון דער וועלט זענען אַזוי ווייט אַנדערש, פאַרוואָס זאָל זיין אַזאַ איינהייטלעכקייט צווישן אַלע מענטש־מדרגות בנוגע די אָנגעוויזענע פונקטן?

וואָלט מען אפשר געקענט ענטפערן אַז ווי אַנדערש די באַדינגונגען זאָלן ניט זיין, זענען אָבער פאַראַן געגנוג ענלעכקייטן סיי אין די באַדינגונגען, סיי אינעם אָרגאַניזם, סיי אין די געזעצן פון דער פסיכיק. אַלע מענטשן לעבן אין באַשטימטע אָרגאַניזירטע גרופּעס; זענען אַרומגערינגלט מיט הימל, ערד, באַשעפענישן; גייען אויף די פיס און אַרבעטן מיט די הענט; נעמען איבער קולטור־ירושות און לערנען זיך אויס נייע זאַכן; בקיצור, עס זענען פאַראַן גענוג ענלעכקייטן צווישן אַלע סאָרטן מענטשן. איז דאָס מעגלעך אַז אָט די ענלעכקייטן ווירקן, אויף אַן אופן וואָס איז נאָך דערווייל ניט קלאָר, אַז מיר אַלע זאָלן דערפילן אין געוויסע האַנדלונגען און אידייען אַז זיי טראָגן זייער ווערט אין זיך אַליין, אומאָפּהענגיק פון סיבות; זיי האָבן בכלל ניט קיין סיבות ווייל זיי זענען אַבסאָלוט און אייביק.

פאַרשטייט זיך אַז אַזאַ תירוץ פירט ווידער צוריק צו קשיות וואָס זענען

פריער געשטעלט געוואָרן. אָבער דאָ האָבן מיר נאָך אַ שוועריקייט וואָס לאָזט זיך ניט אַזוי לייכט פאַרשטיין. ניט בלויז איז עס כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע מענטשן אַז זיי זאָלן קלאַסיפיצירן זאַכן אויף גוט, שלעכט, שיין, מיאוס, גערעכט, אומגערעכט, נאָר מיר טשעפּען צו די דאָזיקע אַבסטראַקטע באַגריפן צו די זעלביקע זייער נאָענטע, קאָנקרעטע זאַכן. אויך בנוגע באַציאונגען צו קאָנקרעטע פאַקטן און אינסטיטוציעס זענען פאַראַן מערקווערדיקע ענלעכקייטן צווישן מענטשן פון די סאַמע פּרימיטיווסטע שבטים ביזן העכסטן שפּיץ פון דער מערבדיקער ציוויליזאַציע. אַזעלכע שאַרפע ענלעכקייטן — אַמאָל מער, אַמאָל ווייניקער — געפינט מען אין באַציאונגען צו מאָרד, צו עלטערן, צו זינד און שטראָף, צו רחמנות, צו גאַסטפריינדלעכקייט, צום אמת, צו פאַמיליע־לעבן, צו גוטהאַרציקייט, צו זעלבסטערספּעקט, צו עניוות און גאווה, צו דער באַהאַנדלונג פון מתים, און אַזוי כסדר. אַז ווייט־פאַרשיידענע באַדינגונגען און אַ גרינגטלעך־אַנדערשדיק לעבן, זאָלן אַרויסברענגען ניט בלויז ענלעכע אַבסטראַקטע אידעאַלן נאָר אויך אַז מען זאָל דערפילן דעם זינען פון אָט די אידעאַלן און ענלעכע קאָנקרעטע סיטואַציעס; אַז די שפּיל פון ריינע צופאַלן זאָל פירן צו אַזאַ נאָענטן צונויפטרעף, דאָס פאָדערט שוין צופיל גלייביקייט, כמעט אַבערגלויבן.

בלייבט בלויז איין וועג אָפן. ווען עס קומט צום טראַכטן קענען מיר טאַקע זיך לאָזן וואוילגיין און באַשליסן אַז אַלץ איז רעלאַטיוו און פאַרביי־גייענדיק, אָבער אין מאָמענטן פון אַקטיוון לעבן קענען מיר זיך אַזאַ „לוקסוס" ניט פאַרגינען. אין אַקטיוון לעבן מוזן מיר, מיר האָבן קיין אַנדער ברירה ניט, אָפּערירן מיט מאָטיוון פון אַ קוואַל וואָס איז, אין אונדזער אומפאַרמיטלטן איינדרוק, אַבסאָלוט און אייביק. ער איז אַבסאָלוט ווייל זיין כאַראַקטער ווערט ניט באַשטימט פון קיין זאַך וואָס רינגלט אונדז אַרום. ער איז אַ וועלט אין זיך אַליין, אַ וועלט פון לויטער קוואַליטעט. ער איז אייביק ווייל ער איז ניט אונטערגעוואָרפן דעם גאַנג פון צייט. ער בייט זיך קיינמאָל ניט. ער איז דאָס וואָס ער איז; דער באַגריף צייט האָט בכלל צו אים קיין שייכות ניט — אייביק.

אונדזערע שטענדיקע, איינגעשפאַרטע, טיף־באַפרידיקנדיקע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע באַציאונגען צו גוטס און שלעכטס וואָלטן אוממעגלעך געווען ווען מיר זאָלן ניט האָבן דאָס געפיל אַז זיי שטאַמען פון אַ וועלט וואָס איז אַבסאָלוט און אייביק. מיר וואָלטן, דער עיקר אין מאָראַלן לעבן, קיינמאָל ניט געקענט געניסן פון דער הנאה פון טאָן אַ גערעכטע זאַך, קיינמאָל ניט געקענט באַלעבן די וועלט מיט יענער אינערלעכער גאַנצקייט וואָס בלויז אַ צעבראָכן האַרץ קען געבן. פאַרוואָס זאָל אַ האַרץ זיך ברעכן ווען אַלץ איז סיי־ווי בלויז רעלאַטיוו און פאַרבייגייענדיק, בלויז צופעליק און דערווייליק?

אָבער אַבסאָלוט און אייביק איז דאָך די אַלט־אַלטע גאָט־אידייע? יאָ, געטראָפן. אַבסאָלוט און אייביק קען בלויז כאַראַקטעריזירן אַ ספערע וואָס

איז אַנדערש פון אונדזער הימישער, ערדישער וועלט. עס איז אַ ספערע וואָס פילאָסאָפן וואָלטן גערופן טראַנסצענדענטאַלע רעאַליטעט. אויב עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי השגחת הבורא קען דאָס בלויז זיין פאַרבונדן מיט דער עקזיסטענץ פון אַזאַ רעאַליטעט.

אין ליכט פון די דאָזיקע געדאַנקען ווערט מיר קלאָר דער טיפערער זינען פונעם אויסדרוק „האָבן אַ גאָט אין האַרצן", ניט ווי אַ רעטאָרישע פיגור נאָר ווי עפּעס וואָס דריקט אויס אַן אינטואיטיוון אויפבליק. וואָרעם צו האַנדלען לויטן באַפעל פון געוויסן, צו פילן די הנאה פון מעשים טובים, צו דערזען די דערהויבנקייט פון קדושה, צו זיין פייאיק אויף מסירת נפש פאַר אַן אידעאַלער זאַך, דאָס אַלץ איז מחייב אַז אַן אַבסאָלוטער, אייביקער גאָט געפינט זיך אין האַרצן און ער קירעווועט דעם גאַנג פון אינערלעכע באַשלוסן און האַנדלונגען.

איז פון מיינע רייד טאַקע געדרונגען גאָטס עקזיסטענץ? ניין, דאָס קען מען בשום אופן ניט זאָגן. וואָרעם געדרונגען וואָלט געהייסן אַז די אַרגומענטאַציע האָט לאָגיש דערפירט צו דער דאָזיקער מסקנא. אָבער לאָגישע ראיות פאַר דער עקזיסטענץ פון גאָט וועלן שוין מסתמא קיינמאָל ניט אויפשטיין נאָך דעם קלאַפּ וואָס דער פילאָסאָף קאַנט האָט געגעבן אַלע אַזעלכע באַווייזן. איך האָב אַ שטאַרקן איינדרוק אַז דאָס איז געווען אַ לעצטער קלאַפּ. קען איך דעריבער בלויז זאָגן אַז צי עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, צי ניט, דאָס ווייס איך ניט, נאָר צו לעבן אָן אים איז בפירוש אוממעגלעך. מיר דאַכט זיך אַז דאָס נעמט זיך דערפון וואָס אין האַרצן פון היינטוועלטיקע מענטשן האָט דער רבונו של עולם אָפּט אַ טבע זיך אַריינצוקלייבן אונטער אַ פּסעוודאָנים.

אַז מענטשן זאָלן אין זייער טראַכטן קענען אויסקומען אָן דער גאָט־אידייע, אָדער אַז זיי זאָלן אַזאַ אידייע אַוועקטראַכטן פון דער וועלט, דאָס זענען מעשים בכל יום. אָבער ווען עס פאָדערט זיך עפּעס צו טאָן, נאָך מער ווען מיר באַוועגן זיך אין מאָראַלע סיטואַציעס, נעמען מיר צוהילף דעם אַבסאָלוטן, אייביקן גאָט, צי מיר ווילן עס, צי ניט. דעריבער, מיינע פריינד, אין אַ מאָמענט ווען איר פאַרבענקט זיך נאָך דער וועלט פון טראַכטן און ווילט זיך אַרויסקלייבן פון דער וועלט פון טאָן, פאָלגט די עצה פון יעדן אָנשטענדיקן האָטעל: „קוקט זיך אַרום צי איר האָט ניט עפּעס פאַרגעסן".

(1953)

# פּראָפּאַגאַנדע

צווישן די אַלע תפילות און ברכות וואָס ווייזן ווי אַזוי צו גרויסן און לויבן דעם רבונו של עולם, געפינט זיך ניט אין סידור קיין איין דאַנק־אויסדרוק פאַר דער מתנה פון שפּראַך.. סוף כל סוף איז דאָך די פיאיקייט צו באַנוצן לשון אַזאַ וואונדערלעך געשאַנק וואָס אָן דעם קען מענטש קיין מענטש ניט זיין, און קיין ייד אַוודאי ניט. וואָרעם אין אונדזער קולטור שפּילט לשון די גרעסטע ראָלע. מען קען זיך אויך אין אונדזער געשיכטע דערגראָבן צו ווערטן וואָס האָבן מיט שפּראַך ניט צו טאָן. מען קען אָנווייזן אויף יידישער מוזיק, מאָלעריי, אַרכיטעקטור, אָבער וואָסער באַטרעף האָבן די אַלע לגבי דעם וואָס יידן האָבן אויסגעדריקט דורך וואָרט, לשון, אין אַלע פאָרמען? צוליב דעם איז טאָקע אַ שטיקל חידוש פאַרוואָס מיר האָבן ניט גע׳ירש׳נט קיין תפילה, קיין ברכה, פאַר דער שפּראַך־מתנה. נאַטירלעך מיין איך אַ דירעקטע און ספּעציעלע תפילה, ווייל אומדירעקטע אָנצוהערענישן זיינען יאָ פאַראַן אין סידור.

עס קען זיין אַז אונדזערע חכמים האָבן געהאַלטן שפּראַך ווי אַ נאַטירלעכע אָרגאַנישע פונקציע וואָס ווערט שוין ממילא איינגעשלאָסן צווישן „נקבים, נקבים, חלולים, חלולים". דאַרף מען שוין, הייסט עס, ניט האָבן קיין באַזונדער דאַנק־אויסדרוק. עס קען אויך זיין אַז זיי האָבן דערפילט בחוש אַז שפּראַך איז אַ ברכה וואָס קען אויך זיין אַ גרויסע שטראָף, ממילא קומט אויס אַז איינס נייטראַליזירט דאָס צווייטע. אויב דאָס צווייטע איז ריכטיק מוז מען מודה זיין אַז זיי זענען געווען זייער קלוגע יידן און עס קומט זיי גרויס אָנערקענונג פאַר זייער ווייטן קוק.

עס וואָלט געווען בלי ספק זייער אומבאַקוועם און אַ צו גרויסע טירחה אַז יעדעס מאָל ווען איך וויל, למשל, אויפמערקזאַם מאַכן אויף אַ בהמה זאָל איך — ניט האָבנדיק קיין וואָרט דערפאַר, קיין שפּראַך בכלל — דאַרפן ברענגען טאָקע אַ ממשות׳דיקע בהמה צו באַווייזן וואָס איך מיין. האָט מיר גאָט זיכער געטאָן אַ גרויסע טובה דערמיט וואָס ער האָט מיך מהנה געווען מיט פּאַסיקע ווערטער, קלאַנג־סימבאָלן, וואָס דורך אַ שפּיל פון אָרגאַנען פון האַלדז און מויל מיט לופט קען איך באַווייזן ממש מופתים. איך קען לאָזן די ממשות׳דיקע בהמה אין שטאַל און אין דער זעלביקער צייט זי אַרומטראָגן מיט זיך אַזוי קונציק אַז זי זאָל אַפילו דעם מינדסטן פּלאַץ ניט פאַרנעמען. טאָמער ווילט זיך מיר אָנווייזן אויף אַ בהמה, דאַרף איך בלויז מאַכן עטלעכע קאָמבינאַציעס פון קלאַנגען און גלייך ווייסט יעדער וואָס איך מיין, וואָס איך האָב אין זינען. מען האָט פאַר זיך אַ סימ־

באַליש געשטאַלט פון דער באַשעפעניש כאָטש זי איז דערביי נישטאָ. איז דאָס ניט אַ וואונדער שב׳וואונדער?

פון דער אַנדער זייט איז שפּראַך אויך געוואָרן אַ קוואַל פון צרות. לכתחילה האָט טאַקע די בהמה באַטייט אַ באַשעפעניש אַזאַ, זאָל זיין אַ קו, אָבער ביסלעכווייז איז דאָס וואָרט געוואָרן אַ מיטל צו זאָגן שלעכטס וועגן אַ מענטשן. אַנשטאָט צו פסק׳ענען וועגן אַ מענטשן אַז ער איז אַ נאַר קען מען קען זאָגן אַז ער איז אַ בהמה, אַ פערד, אַן אָקס, אַ קו. די נעמען פון אַנדערע באַשעפענישן ווערן אויך באַנוצט צו באַצייכענען מענטשלעכע אייגנשאַפטן. אַ כיטרער מענטש איז אַ פוקס, אַ גיבור איז אַ לייב, און אומגעלומפּערטער איז אַ העלפאַנט, אַ כעסן איז אַ טיגער. מיט דער הילף פון שפּראַך איז מעגלעך צו באַנוצן דעם נאָמען פון איין זאַך און מיינען גאָר עפּעס אַנדערש. דאָס מאַכט מעגלעך די גרעסטע דערגרייכונגען אין וואָרט־אויסדרוק, אָבער דאָס עפנט אויך אַ וועג מען זאָל קענען אָפּנאַרן, חנפ׳ענען, מען זאָל זאָגן „אַ געזונט דיר אין פּיסקל״ און מיינען „אַ קרענק דיר אין בייכל״.

די דאָזיקע שוואַכקייטן פון אונדזער לשון ווערן היינטיקע צייטן אויס־גענוצט אויף אַזאַ גראַנדיעזן פאַרנעם ווי נאָך קיינמאָל ניט אין דער מענטש־לעכער געשיכטע. איך האָב דאָ אין זינען די קאָלאָסאַלע אָרגאַניזירטע פּראָפּאַגאַנדע וואָס גרויסע רעגירונגען גיבן אויס אויף דעם אַ גאַנץ היפּשן חלק פון זייערע בודזשעטן. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אויפקום פון קאָמוניזם, דערנאָך פון פאַשיזם און נאַציזם. זיי האָבן עס איינגעפירט די געפּלאַנעוועטע און אָרגאַניזירטע פּראָפּאַגאַנדע ווי אַן אָרגאַנישע פונקציע פון דער מלוכה־מאַשין.

אין די דרייסיקער יאָרן, ווען צום קאָמוניזם און פאַשיזם איז אויך צוגעקומען די הערשאַפט פון די נאַציס, האָט דאָס אויפגעהויבן אַ פּראָפּאַגאַנדע־שטויב וואָס האָט ממש צוגעדעקט דאָס ליכט פון דער וועלט. עס איז אָנ־געקומען אַ צייט ווען ווערטער האָבן אויפגעהערט צו מיינען וואָס זיי מיינען. עס איז אויפגעקומען אין דער וועלט אַ מערקווערדיקע סכנה, וואָס איז אין דער אמתן קיין נייס ניט געווען אין מענטשלעכן לעבן, אָבער דער קאָלאָסאַלער פאַרנעם און די וועלט־פירנדיקע כוחות הינטער דער דאָזיקער קללה, האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה.

עס איז נאַטירלעך אַז געלערנטע אין פרייע לענדער, די וואָס זייער עובדא איז צו זוכן און פאַרשפּרייטן דעם אמת, זאָלן צום שטאַרקסטן אויפ־געטרייסלט ווערן, ממילא איז קיין חידוש ניט וואָס דעמאָלט האָט מען אָנגענומען אויספאָרשן די מיטלען וואָס אויף זיי האַלט זיך פּראָפּאַגאַנדע, כדי צו וואָרענען מענטשן אַנטקעגן דער אָנגעקומענער עפּידעמיע. אונטער דער אָנפירערשאַפט פונעם באַרימטן היסטאָריקער טשאַרלס א. בירד האָט זיך אין יענער צייט, אין 1937, געעפנט אַן „אינסטיטוט צו אַנאַליזירן פּראָ־

פּאַגאַנדע". דאָס איז ניט געווען קיין געשעפט־אונטערנעמונג. דער אינסטיטוט האָט זיך געשטעלט סאָציאַל־היגיעניש אויפגאַבעס, אָנווייזן אויף אַ גיפטיקן מיקראָב, כדי מען זאָל באַצייטנס זיך קענען פון אים היטן.

היינט האָבן מיר שוין אַ גרויסע ליטעראַטור וואָס אַנאַליזירט פּראָפּאַגאַנדע, סיי די דעמאַגאָגישע, סיי די ערלעכע. אין משך פון דער צייט האָט זיך דער ענין פאַרטיפט און איז ווייט אַריבער די גרענעצן וואָס מען האָט פאַר זיך לכתחילה געשטעלט. ווי דער שטייגער איז אין אַלע אַזעלכע זאַכן, וואָס מער מען טראַכט זיך אין דעם אַריין אַלץ מער זעט מען אַז דער ענין איז אַ סך קאָמפּליצירטער ווי מען האָט אין אָנהייב געמיינט. אָבער אַפילו אין יענער צייט, ווען די אַרבעט האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אָנגעהויבן, זענען שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרן געדאַנקען וואָס קענען אונדז אויך היינט שטאַרק צונוץ קומען.

באַלד נאָכן אָנהייב פון זיין גרינדונג האָט דער אינסטיטוט זיך געווענדט מיט אַ בריוו צו דער עפנטלעכקייט אָנווייזנדיק אויף זיבן וואָרט־אינסטרומענטן מיט וועלכע דער פּראָפּאַגאַנדיסט באַנוצט זיך. מיט געוויסע ענדערונגען, פּאַראַפראַזירונגען און הוספות, לוינט זיך איבערצוגעבן וואָס די פאָרשונגען פון יענער צייט לאָזן אונדז הערן.

1. זידל־ווערטער. מיר ווערן באַהערשט פון מורא, שנאה און אַ גרייטקייט חושד צו זיין אַז מען וויל אונדז אָפּנאַרן. ווערטער האָבן אַ זיכערן כוח צו עפענען ברייטער די דאָזיקע קוואַלן. אַ וואָרט קען אויך דינען ווי אַ סימבאָלישער קלאַפּ, אָדער אַ פאַרטיידיקונג־מיטל, אָדער ווי אַן אילוזאָריש ליכט וואָס „אַנטפּלעקט" אַן אויסגעטראַכטע סכנה. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, פאַרבונדן מיטן קרייז צו וועלכן מיר געהערן און מיט די פאָראורטיילן וואָס זענען אין אונדז אַריינגעעָטעמט געוואָרן. ערנסטע באַציאונג באַמיט זיך צו טראַכטן, אַנאַליזירן, דערגרונטעווען. פאַר פּראָפּאַגאַנדע איז גענוג צו באַנוצן ווערטער וואָס עפענען די קוואַלן פון מורא, שנאה, חשדים. באַצייכנט אַ מענטשן מיט אַזעלכע ווערטער ווי רעאַקציאָנער, אַסימילאַטאָר, אימפּע־ריאַליסט, אַפּיקורס, רופט דאָס אַרויס אַ גרייטקייט אים אַוועקצושטעלן מחוץ למחנה.

2. בלענדיקע גענעראַליזאַציעס. כאָטש גוטס און שלעכטס זענען אין לעבן אַזוי אומ'ברחמנות'דיק רעלאַטיוו ווערט דער פּראָפּאַגאַנדיסט בלויז אָפּערירן מיט אַבסאָלוטן. דאָס ליגט אויך אין דער טבע פון שפּראַך וואָס מען קען אין איר אַבסאָלוטיזירן דאָס רעלאַטיווע. דער פּראָפּאַגאַנדיסט טוט זיין אַרבעט אין נאָמען פון אידעאַלן: אמת, פרייהייט, סאָציאַלע גערעכטיקייט, פּראָגרעס, דעמאָקראַטיע, אינטערעסן פון פאָלק. לויט דעם קומט ממילא אויס אַז די וואָס האַלטן ניט פון זיינע פאַרשלאַגן און קאָנקרעטע מעשים זענען שוין צוליב דעם אויך קעגנער פון די דערמאָנטע אַבסטראַקטע אידע־

אַלן. דער פאַקט וואָס מען קען באַנוצן אַזעלכע באַגריפן ווי פרייהייט, אין דער אַבסטראַקטער פאָרם, ניט אָריינגייענדיק אין דעם וועגן וואָסער פרייהייט עס רעדט זיך דאָ, פרייהייט פאַר וואָס, אָדער פאַר וועמען, אונטער וואָסערע אומשטענדן, צוליב וואָסערע סיבות און צילן. בקיצור, די שפּראַכלעכע מעגלעכקייטן צו אַפּעלירן אין נאָמען פון סתם פרייהייט — וואָס איז אין פּראַקטישן לעבן ניט בנמצא — דאָס העלפט מען זאָל קענען וועקן אין מענטשן שנאה און באַגייסטערונג פאַר ניט־עקזיסטירנדיקע שאָטנס.

3. פרעסטיזש־ווערטער. די טבע פון שפּראַך גיט אונדז אַ מעגלעכקייט מען זאָל אָפּרייסן ווערטער פונעם וואָרצל פון וועלכן זיי זענען אַרויסגעוואַקסן און זיי אַריבערפלאַנצן אומעטום וואו נאָר עס ווילט זיך אונדז. צוליב דעם קענען מיר די „בהמה" צוטשעפּען צו אַ מענטשן. מהאי טעמא קענען מיר אויך די ווערטער פון שענסטן יחוס אַוועקשטעלן ווי אַ שילד צום אַריינגאַנג אין גיהנום. דעם טרויעריקסטןביישפּיל פון דעם מין האָבן אין דער לעצטער צייט אונדז געגעבן די קאָמוניסטן. אַפילו דער צעלאָזנסטער פאַנטאַזיע וואָלט קיינמאָל ניט געקענט איינפאַלן מען זאָל וועגן וואָל־ליסטעס, אויף וועלכע עס פיגורירט בלויז איין דערלויבטע פאַרטיי, קענען זאָגן אַז זיי האָבן אַ שייכות צו דעמאָקראַטישע וואַלן. דאָס וואָרט דעמאָקראַטיע פאַרמאָגט אַן אַלטן בכבודן יחוס, וואָס ציט זיך נאָך פון גריכנלאַנד אָן. זינט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט דאָס דאָזיקע וואָרט איינגעזאַפּט אין זיך די ווייטגייענדיקסטע פרייהייט־אידעאַלן פון מענטשן און פעלקער. דיקטאַטור איז נאַטירלעך דער היפוך דערפון, און איז לכתחילה געמיינט געוואָרן צו זיין אַ קעגן־כוח קעגן די שאָדנס פון דעמאָקראַטיע, לויט דער מיינונג פון די אָנהענגער פון דיקטאַטור. מען קען גאַנץ גוט פאַרשטיין די אַרגומענטן וואָס ווערן אָנגעגעבן לטובת דער „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט". אָבער די קאָמוניסטן איז ווייניק געווען איינצופירן די דיקטאַטור־אָרדענונג, וואָס איז לויט זייער מיינונג אַ בעסערע. נאָר צוליב פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן האָבן זיי אויך באַשלאָסן די זעלביקע דיקטאַטור אָנצורופן מיטן נאָמען פון איר היפוך, דעמאָקראַטיע, ד"ה, פאַרטרייבן די כלה און דאָך נעמען צו זיך איר יחוס.

אין דער גאַנצער געשיכטע פון אַריבערטראָגן פרעסטיזש־ווערטער אויף זאַכן וואָס זענען אַ גרוילדיקע אָפּלייקענונג פון די דאָזיקע ווערטער, איז ניטאָ קיין ענלעכער ביישפּיל פון אַזאַ טויטנדיקער אָפּעראַציע. דאָך, צוליב דער טבע פון שפּראַך, זענען פאַראַן גענוג און גענוג מענטשן וואָס זענען פאַרפירט געוואָרן פון דעמאָקראַטישע פרעסטיזש־ווערטער אויף אַנטי־דעמאָקראַטישע מעשים.

4. גבית עדות. לעבעדיקע עדות וואָס האָבן עס אַליין איבערגעלעבט אָדער בייגעוואוינט, מאַכן תמיד אַן איינדרוק. ווען דער פּראָפּאַגאַנדיסט וויל עפּעס באַווייזן באמת ער זיך צו קריגן אַ דאָקומענט, אַ בריוו, אָדער דעם

לעבעדיקן עדות אַליין, ווי אַ ראיה פון דער לאַגע אין לאַנד אָדער אין אַ באַשטימטן ווינקל. אמת, דער עדות איז בלויז אַן איינצלנער פאַל, וואָס אַפילו אויב ער גיט איבער אַקוראַט וואָס עס איז מיט אים געשען, איז נאָך אויך דערפון גאָרניט געדרונגען. אָבער די קונץ באַשטייט אין דעם וואָס דער עדות איז אַ יחיד, און די ווערטער וואָס ווערן באַנוצט זענען כּלל־ווערטער, ממילא בלייבט דער איינדרוק אַז דער עדות דערציילט ניט בלויז פון אַן איינצלנעם פאַל נאָר פון אַן אַלגעמיינער לאַגע.

די גרעסטע הנאה האָט דער פּראָפּאַגאַנדיסט ווען ער קען זיך שטיצן אויף די רייד פון אַ באַקאַנטער, חשובער פּערזענלעכקייט. ער וועט נאַטירלעך ניט דערמאָנען די קריגערישע רייד פון אַנדערע, אפשר חשובערע, לייט. עס קען זיין אַז דער וואָס אויף אים שטיצט ער זיך, איז אַן איינציקער צווישן אַ גרויסער מחנה וואָס האַלטן אַנדערש. אָבער ער זעט שוין אַז די פאַרשוויגענע זאָלן זיך ניט לאָזן הערן. בלייבט ממילא דער איינדרוק אַז אַלע אָנגעזעענע מענטשן האַלטן מיט אים.

5. די פאָלקס־מאַסן. מיט וועמען האַלטן די פאָלקס־מאַסן? יעדער פּראָפּאַגאַנדיסט פאַרזיכערט בהן שלו אַז זיי האַלטן מיט אים. אַזוי ווי מען קען דאָך ניט בסדר פרעגן די פאָלקס־מאַסן וואָס זיי טראַכטן, ווענדט זיך אַן דעם צויטרוי וואָס דער רעדנער איז בכּוח אַרויסצורופן, וואָסער איינדרוק זיינען ווערטער וועלן מאַכן.

אין דער אמתן ליגט אויך דאָ די פאַרבלענדעניש פון שפּראַך. אַזעלכע ווערטער ווי ברייטע מאַסן, פאָלקס־מאַסן, פּשוטער מענטש, מענטש אָן חכמות, די אַלע ווערטער מאַכן אַן איינדרוק אין זיך גופא, אָן שום ווייטערדיקע „חכמות". אַזעלכע ווערטער האָבן אין זיך איינגעזאַפּט דעם איינדרוק פון דער אילוזאָרישער אומשולד און נאַאיווקייט וואָס מען לייגט אַריין אינעם אַבסטראַקטן נאַטור־מענטש, פּויער, פאָלקס־מאַסן. יעדער אינטעליגענט האָט פיינט די קאָנקרעטע קעגנערישע אינטעליגענטן, אָבער איז פאַרליבט אין די אַבסטראַקטע ברייטע מאַסן. יעדער אינטעליגענטן־צד פילט מסתמא אַז די ברייטע מאַסן וועלן גיכער אויפנעמען זיין „אמת".

אָבער שפּראַך האָט אויך די טבע פאַרצושטעלן זאַכן ווי שטענדיקייטן. מיר האָבן אַלע בייגעוואוינט ווי ברייטע מאַסן, פּשוטע מענטשן, אַפילו אינ־טעליגענטן, קענען זיך בייטן איבערנאַכט. עס ווענדט זיך ווער עס הערשט, וואָס ער זאָגט צו, און וויפיל צוטרוי ער רופט אַרויס. אָבער דער פּראָפּאַגאַנ־דיסט שטיצט זיך אויפן געפיל פון שטענדיקייט וואָס ווערטער רופן אַרויס. און אויב די ווערטער באַציען זיך אויף אַזאַ געפיל־אָנגעלאָדענעם באַגריף ווי פאָלקס־מאַסן, דעמלט ליגט אַ כּוח אין דער פאַרזיכערונג אַז „די פאָלקס־מאַסן, דאָס בין איך"; זיי האַלטן, הייסט עס, שטענדיק מיט מיר.

6. האַלבע אמתן. דער טעקסט פון דער אַמעריקאַנער געריכטלעכער שבועה פאָדערט מען זאָל זאָגן „דעם אמת, דעם גאַנצן אמת, און קיין זאַך ניט חוץ דעם אמת". דער פּראָפּאַגאַנדיסט איז אָפט נאָענט צום אמת, זעלטן צום גאַנצן אמת, און כמעט קיינמאָל ניט צום לעצטן טייל פון דער אַמעריקאַנער שבועה. די שווערסטע זינד פון די מעקאַרטי־אונטערזוכונגען, למשל, ליגן טאַקע אין אָט דעם פּונקט. זיי צעקלינגען אַ האַלבן אמת אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען דער גאַנצער אמת. עס איז מעגלעך אַ מענטש זאָל אויסדריקן בנוגע געוויסע ענינים אַקוראַט דאָס זעלביקע וואָס קאָמוניסטן האַלטן, און דאַך זאָל די אידענטיפיקאַציע צווישן די צוויי זיין פאַלש פון אָנהויב ביזן סוף.

אין אַלץ וואָס אַנטיסעמיטן זאָגן וועגן יידן איז זיכער פאַראַן אַן עלעמענט פון אמת. מען קען תמיד געפינען יידן וואָס קומען גאַנץ נאָענט פון דער אַנטי־סעמיטישער באַשרייבונג. אָבער דאָס פאַרבלענדט בלויז די אויגן ניט צו דערזען די גענעראַליזאַציע וואָס דער אַנטיסעמיט מאַכט פון אָט דעם ברעקל אמת.

אויפן זעלביקן אופן וועט דער פּראָפּאַגאַנדיסט איינזייטיק מאָלן די גוטע־אַלע אייגנשאַפטן פון זיינע אויטאָריטעטן און פירער. אויך אין דעם קען זיין אַ האַלבער אמת. אָבער ווען די אַנדערע העלפט ווערט פאַרשטעלט, אָדער סתם פאַרשוויגן, באַקומט זיך אַ גאַנצער ליגן פונעם האַלבן אמת.

7. די וועלט איז מיט אונדז. דער פּראָפּאַגאַנדיסט צייכנט זיך אויס מיט זיין שרעקלעכער מורא צו זיין אַליין. איז ער תמיד פאַראינטערעסירט אָנצוזאָגן די בשורה אַז די וועלט איז שוין זעעוודיק געוואָרן און אַלע ווייסן שוין טיף אין האַרצן אַז ער שטעלט זיך איין פאַרן אמת. ביי טייל, וועט ער טענה'ן, פעלט נאָך דער מוט דאָס אָפן מודה צו זיין. אָבער זייער צאָל ווערט אַלץ קלענער און קלענער.

עס ווערט פריילעכער אויפן האַרצן פונעם געפיל אַז מיט אונדז איז דער פּראָלעטאַריאַט, אָדער דאָס פאָלק, אָדער די וועלט. מען ווערט אינערלעך געשטאַרקט און דערמוטיקט פונעם איינדרוק אַז מען פאָרט צוזאַמען מיט אַלע אויפן וואָגן פון דער וועלט.

אַ ווייטערדיקער אַנאַליז קען לייכט פאַרגרעסערן די ליסט פון די אָנגעגעבענע פּונקטן, אָדער בייטן דעם צוגאַנג און דורך דעם ווייזן דעם ענין אין גאָר אַן אַנדער ליכט. דאָס אַלץ איז שוין געטאָן געוואָרן און געבראַכט אינטערעסאַנטע אויפדעקונגען. אָבער פון דעם אַלעם — כאָטש ריכטיק אין עצם — שפּרייט זיך אויס אַן איינדרוק אַז די גאַנצע אַרבעט פון פּראָפּאַגאַנדע באַשטייט אין דעמאַגאָגיע, אין כיטרער אָפּנאַרעריי און אַז אונדזער אויפגאַבע דאַרף באַשטיין בלויז אין אויסגעפינען די טעכניק פון די גנבישע קונצן וואָס ווערן דערביי באַנוצט.

דאָס איז נישט בלויז אַ פאַלשער איינדרוק נאָר אויך אַ שעדלעכער. מיר קענען קיינמאָל ניט פאַרשטיין דעם פּראָפּאַגאַנדיסטישן דרך אויב מיר וועלן ניט אַריינדרינגען אין דער אָפטער ערלעכקייט און אויפריכטיקייט פון די וואָס קלייבן אויס דעם דאָזיקן וועג. זיי זענען באַגייסטערט און שטעקן אָן אַנדערע מיט זייער באַגייסטערונג, און אויב עס איז פאַראַן עפּעס אַ „קונץ״ אין דעם וואָס זיי טוען, זענען זיי פּונקט אַזעלכע קרבנות פון דער אייגענער קונץ ווי די אויף וועלכע זיי באַמיען זיך צו ווירקן.

אַזעלכע זאַכן זענען געוואַלטיק קאָמפּליצירט און נעמען אין זיך אַריין אַלץ וואָס טרייבט און באַפאַרבט אַ מענטשלעך לעבן. איך האָב זיך דאָ אָפּגעשטעלט אויף שפּראַך, ווייל אין דעם, דאַכט זיך מיר, זעט זיך אַרויס בולט׳ער דער גאַנג פונעם „קרבן״ און זיין „קונץ״. אויב ער האָט אַן אַלגעמיינע פּאָזיטיווע באַציאונג צו זיין אידייע איז ער ממש אינערלעך געצוואונגען זי צו באַצייכענען מיט ווערטער וואָס זענען אים ליב, וואָס האָבן זיך באַזעצט אינעם וואַרעמסטן פּינטעלע פון זיין האַרצן. עס איז „פרייהייט״, עס איז „סאָציאַלע גערעכטיקייט״, און עס ווערט דעמאָלט אַ מעלה וואָס מען שאָקלט זיך אָפּ פון אינטעליגענטישע גריבלער וואָס ווילן פאַלמעסן אַזעלכע אַלגעמיינע באַגריפן צו באַשטימען אויף וויפיל זיי פּאַסן זיך אַריין אין יעדן ספּעציפישן פאַל.

די טענדענץ צו צעטיילן די וועלט אויף „שוואַרץ״ און „ווייס״, צו אָפּערירן מיט אַבסאָלוטן אָנשטאָט מיט רעלאַטיוון, איז טיף איינגעוואָרצלט אין אונדז און פאַרפירט אונדז אויף שריט און טריט. דער שווייצאַרישער פּסיכאָלאָג פּיאַזשע דערציילט אַז אויף זיין פראַגע פאַרוואָס האָלץ שווימט אויף וואַסער, האָט אַ קינד געענטפערט, ווייל האָלץ איז לייכט, ניט ווייל עס איז לייכטער פון וואַסער. צו קוקן אין ליכט פון אַבסאָלוטקייט איז נאַטירלעך. האָבן מיר אויך אין דער שפּראַך געשאַפן ווערטער וואָס זענען אַבסאָלוט שוואַרץ און אַבסאָלוט ווייס. זיי הערן כמעט אויף אויסצודריקן באַשטימטע באַגריפן, נאָר אַ מין שפּראַכלעכע זשעסטיקולאַציע פון דערנעענטערן זיך, אָדער זיך דערווייטערן.

ניט ווייניקער ווערן מיר געפאַנגענע קנעכט אין די הענט פון שלאָגווערטער, קלינגווערטער, וואָס צייטן און צופאַלן פאַרהייליקן אָדער פאַר׳מיאוס׳ן. די מעלה פון אַזעלכע ווערטער באַשטייט אין שפּאָרעוודיקייט ; אַ גאַנצער קאָמפּלעקס אידייען ווערט אַריינגעדריקט אין איין וואָרט אָדער פראַזע. ממילא לאָזט זיך עס גיכער איינפלאַנצן אינעם ענגן שטח פון קאָפּ און האַרץ. אָבער די נאָך גרעסערע חסרונות זענען אויך בולט. וואָרעם מיט דער צייט ווערן פאַרגעסן, אָדער פאַרשטויסן, עיקר־עלעמענטן פונעם קאָמפּלעקס בעת דאָס ווערטל בלייבט ווי געווען. אויף אַזאַ אופן שאַפט זיך אַ באַציאונג ניט צום אינהאַלט נאָר צו אַן אויסגעליידיקטן סימבאָל. מיר ווייסן אַלע ווי טייער אונדזער מין האָט באַצאָלט פאַר דער דערמאָנטער אָפּעראַציע איבער גרויסע

אידייען־קאָמפּלעקסן וואָס האָבן פיגורירט אונטער אַזעלכע שילדן ווי רעליגיע, קולטור, רעוואָלוציע, סאָציאַליזם, אאַז״וו. דאָ האָבן מיר אייגנטלעך צו טאָן מיטן געפערלעכסטן פונקט וואו די „קונץ״ פון שפּראַך שלינגט איין די גרעס־טע צאָל ערלעכע און אויפריכטיקע קרבנות.

און, ווי אומעטום, איז אַחרון, אַחרון חביב. שפּראַך קען ראַטעווען דורך בלינד מאַכן ווען אַ שאַרפע ראיה קען ווערן אַ צו גרויסע סכנה. דאָס דערמאָנט מיך אַ קורצן געשפּרעך וואָס איך האָב אַמאָל געהאַט מיט אַ קאָנצערט־זינגער.

איך: איך באַדויער וואָס איך האָב נעכטן ניט געקענט זיין אויף אייער קאָנצערט, אָבער ראובן זאָגט מיר אַז לײדער זײנען אײך טײל לידער ניט אין גאַנצן געראָטן.

ער: איך ווער פון דעם ווייניק נתפעל. ראובן איז טאַקע זייער אַ וואוילער מענטש, אָבער וואָס ווייסט ער וועגן מוזיק?

איך: אָבער מערקווערדיק, שמעון, וואָס איז אויך דאָרט געווען, איז גראָד געווען שטאַרק באַגייסטערט.

ער: איך פאַרשטיי. שמעון ווייסט טאַקע ווייניק וועגן מוזיק, אָבער ער האָט אַזאַ רויען אינסטיקט פאַר העכערער קוואַליטעט.

איך בין גרייט צו שווערן אַז ער האָט אויפריכטיק געמיינט אַז ער זאָגט עפּעס, ניט אַז ער ראַטעוועט זיך.

(1953)

# עיקר שכחתי

צלם בהיכל

אונדזערע רעפאָרמירטע יידן, ראַביים, טעמפּלען, זענען שוין ניט דאָס וואָס אַמאָל. די קלאַסישע רעפאָרם פון גייגער־האָלדהיים אין דייטשלאַנד, אָדער יצחק מאיר וויז אין אַמעריקע, האָט שוין לאַנג פאַרלוירן איר חן און איר ספּעציפֿעלע אַטראַקציע ווי אַן אויסדרוק פון ליבעראַליזם, פּראָגרעס, אאַז״וו. אָבער ערגעץ וואו איז נאָך עפּעס דערפון געבליבן, אַ ירושה, אַ זכר. אפשר טוט דאָס די השגחה מיט אַ כיוון, כדי מען זאָל תמיד קענען זען בחוש וואָס דאָס איז געווען אין די קלאַסישע, בליענדיקע יאָרן.

ומעשה שהיה כך היה. אין אַ דרום׳דיקן שטאָט פון אונדזער לאַנד איז פאַראַן אַ שטעטל מיט אַ גאַנץ קליינער יידישער קהילה. פאַרמאָגן די דאָרטיקע יידן איין־איינציקן בית־תפילה, אַ טעמפּל, מיט אַ ראַביי פון יענעם סאָרט וואָס איז געוואָרנט קעגן כשרות ווי זיין זיידע קעגן חזיר. ויהי היום, האָבן זיך דאָרטן פאַרוואָלגערט אַ חתן מיט אַ כלה וואָס זענען עפּעס ניט געווען שווה בשווה מיט קלאַסישער רעפאָרם. אַז עס איז געקומען זמן החתונה זענען זיי אַוועק צום ראַביי און געבעטן ער זאָל זיין זייער מסדר־קדושין, אָבער בתנאי אַז אַלץ זאָל צוגיין כדת וכדין.

האָט דער ראַביי אויסגעהערט זייערע טענות בכובד ראש, און בנעימות־דיק געענטפערט אַז אַוודאי וואָלט ביי אים געווען דאָס גרעסטע גליק צו זיין זייער מסדר קדושין, אָבער ער קען זיך ניט אומקערן צו די „פינצטערע צייטן פון כדת וכדין״. די אַלע פאַרעלטערטע צערעמאָניעס זענען ביי אים אמתער חילול השם, און ער, אַ ראַביי בישראל, ווי קען ער מחלל השם זיין, בפרט נאָך ווען דאָס ווערט געטאָן בפני כל עם ועדה?

האָבן חתן־כלה דערזען אַז ס׳איז ביטער — און געוואוסט האָבן זיי אויך אַז דער ראַביי איז אַ גרויסער עקשן ווען מען וויל מחלל זיין די הייליקע יידישקייט, זיין יידישקייט — האָבן זיי טעלעפאָנירט אין אַ שכניש שטעטל, און געבעטן אַן עצה. אויך דאָ איז געווען אַ קליינע יידישע קהילה, אָבער דערפאַר האָט גאָט מזכה געווען דאָס ביסל יידן מיט צוויי בתי־תפילה, אַ רעפאָרמירטן טעמפּל און אַ שול, וואָס איז געווען ספק אָרטאָדאָקסיש, ספק קאָנסערוואַטיוו — הייַנטיקע צייטן. נאָר אַ רב האָט די שול געהאַט וואָס „כדת וכדין״ איז ביי אים ניט געווען חילול השם.

אַז מען האָט געבעטן ביים רב צו פאָרן מסדר קדושין זיין חתן־כלה אין טעמפּל, האָט ער געענטפערט אַז אַוודאי וועט ער דאָס טאָן, ס׳איז דאָך אַ גרויסע מצוה, נאָר וואָס דען? ער מוז שטעלן צוויי תנאים: דער טעמפּל דאַרף לאָזן שטעלן אַ חופה און אַז בשעת חופה מוזן די קעפּ זיין צוגעדעקט

— יאַרמלקעס, אָדער היטלען. זענען חתן־כלה אַוועק צום ראַביי און אים דערציילט אַז דער פרומער רב וויל קומען צו אים אין טעמפּל זיי געבן חופּה וקדושין נאָר אַז ער שטעלט צוויי תנאים.

ווען דער ראַביי האָט אויסגעהערט די צוויי תנאים איז אים באַפאַלן אַ גרויסער אומעט — אבל וחפוי ראש. ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך און געענטפערט: „נאָו סער, איך וועל בשום אופן ניט דערלאָזן קיין חילול השם אין מיין טעמפּל". האָט מען, פאַרשטייט זיך, גלייך מודיע געווען דעם רב די תשובה וואָס דער ראַביי האָט געגעבן, און מען האָט ווידער געטראַכט, און זיך אַן עצה געהאַלטן, וואָס צו טאָן. חתן־כלה קען פון זייער שטעטל ניט אַוועק, דער טעמפּל וויל ניט דערלאָזן צום חילול השם פון אַ חופּה מיט יאַרמלקעס, וואָס פאַר אַן עצה קען מען זיך דאָ געבן? האָט דער רב גע־פּסק'נט אַז ס'זאָל זיין ווי דער קאָזשעניצער מגיד האָט אַמאָל געזאָגט: „אויב משיח וועט ניט קומען צו יידן וועט ער קומען צו גויים" — זאָל מען שטעלן די חופּה אין אַ גויישן האָטעל. און כך הווה. שטילערהייט זענען אַפילו געקומען עטלעכע פּשוטע טעמפּל־יידן און זיך געלאָזט מצרף זיין צום מנין. צי די דאָזיקע יידן זענען געווען טעמפּל־מאַראַנען, אָדער זיי האָבן עס געטאָן אויס צער בעלי חיים, דאָס ווייס מען ניט. אָבער סיי־ווי האָט זיך אַלץ דערווייל געענדיקט בכי טוב. דאָס פּאָרל האָט חתונה געהאַט כדת משה וישראל, און — מזל טוב.

איך זאָג „דערווייל", ווייל אַז ס'איז באַשערט מחלוקת ביי יידן איז דאָך ניט שייך. האָט זיך ווידער געמאַכט אַ מעשה, כאָטש גאָר פון אַן אַנדער שניט. אין יענעם שטעטל איז געווען אַ קריסטלעכע קירך. האָט זיך געטראָפן אַן אומגליק, עס איז אויסגעבראָכן אַ שריפה און צעשטערט די קירך ביזן גרונט. אין זיין פאַרצווייפלונג וואָס צו טאָן דעם קומענדיקן זונטיק, איז דער גלח אַוועק צום ראַביי און ביי אים געבעטן די דערלויבעניש זיך צו באַנוצן מיטן טעמפּל אויף אָפּצוריכטן די זונטיק־תפילות מיט זיין עדה.

דער ראַביי איז ממש געווען גליקלעך פון דער געלעגנהייט און פאַר־זיכערט אַז יידן וועלן זיין דאַנקבאַר פאַר דער פּריווילעגיע צו באַווייזן דעם אמתן גייסט פון טאָלעראַנץ זייערע קריסטלעכע שכנים. יענעם זונטיק זענען געקומען דער גלח, די קריסטלעכע כלי־קודש, די גאַנצע קריסטלעכע עדה, געבראַכט די נייטיקע סימבאָלישע חפצים און אָפּגעריכט זייערע תפילות אין יידישן טעמפּל. דאָס האָבן שוין ניט אַלע טעמפּל־מיטגלידער געקענט לייכט אַריבערטראָגן. דער עיקר האָבן זיך מסתמא געקאָכט יענע יידן וואָס האָבן זיך שטילערהייט געלאָזט מצרף זיין צום מנין ביי דער חופּה. זיי האָט ניט געאַרט וואָס מען האָט פאַרוואַנדלט דעם טעמפּל אין אַ קירך, דאָס האָבן זיי גראַד געהאַלטן איז טאַקע נייטיק, בעוונותינו הרבים. אָבער קירך — יאָ, און חופּה מיט יאַרמלקעס — ניט, דאָס איז שוין איבער דער טבע. איין ייד האָט זיך באַזונדערס געקאָכט: „אויב צלם בהיכל איז כשר, פאַרוואָס זאָל

אַ חתונה כדת וכדין זיין טריף? אויב מיר זענען טאָלעראַנט צו גויים, פאַרוואָס ניט צו יידן?"

וואָס איז געוועזן דער סוף? די מחלוקת איז אָנגעגאַנגען חדשים לאַנג. לכתחילה זענען די ראַדיקאַלע רעפאָרמער שוין געווען גרייט נאָכצוגעבן די חופה אָבער בשום אופן ניט די יאַרמלקעס. דערמיט האָבן זיך אָבער טייל באַלעבאָטים ניט צופרידן געשטעלט. אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז מען האָט אָנגענומען אַ תקנה אַז אויב עמעצער וויל דווקא אַ חופה מיט יאַרמלקעס זאָל מען עס טאָקע דערלויבן, אָבער בתנאי אַז גלייך נאָך דער צערעמאָניע זאָל מען בלייבן אין הוילע קעפּ, אַנדערש טאָר מען אין טעמפּל ניט זיין.

דער ייד וואָס האָט מיר דערציילט די דאָזיקע מעשה האָט באַלד מוסיף געווען: „דאָס איז טאָקע דער סוף פון דער מעשה, דאָך וויל איך אייך עפּעס וויייזן וואָס, כאָטש פון אַן אַנדער שטאָט, אַן אַנדער טעמפּל, און אַן אַנדער ענין, דאָך פיל איך אַז עס איז פּאַרט דער אמתער פינאַל פון דער פריער־דיקער מעשה". און ער האָט מיר געוויזן אַ בריוו, אַ ווענדונג פון אַ טעמפּל „בראָדערהוד" צו זיינע מיטגלידער. קודם כל דערציילט זיך דאָרט, אַז דער טעמפּל געפינט זיך אין אַ שלעכטער פינאַנציעלער לאַגע, אַלע רעגולערע פאָנדן אויסגעשעפּט, דאַרף מען זיך נעמען צו שאַפן געלט פון אַן אַנדער קוואַל. דערנאָך קומט אַ פאַרבעטונג צו אַ „סטעג פּאַרטי". דאָס דאַרף פאָר־קומען אין אַ שטאָטישן רעסטאָראַן, וואָס איז באַרימט צוליב די זייער־ניט־כשרע אַזאַרט־שפּילן וואָס דאָרט איז דער צענטער דערפון. עס ווערט אויך שטאַרק אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס איז אַן אונטערנעמונג בלויז פאַר מענער, מען זאָל חס ושלום ניט פאַרגעסן אַז דער כאַראַקטער פון דער פּראָגראַם דערלויבט ניט עס זאָלן דאָרט זיין פרויען אָדער קינדער. וואָסער פּראָגראַם דאָס איז, קען מען זיך לייכט פאָרשטעלן, און אפשר איז גלייכער מען זאָל זיך עס ניט פאָרשטעלן. אין רעגולערן בולעטין פון טעמפּל ווערט די דאָזיקע אונטערנעמונג דערמאָנט אין אַ ספּעציעלן, פיין־אויסגעשטעלטן פּאַראַגראַף, מיטן געהעריקן קעפּל, אַז דאָס איז אַ „סטעג פּאַרטי" פונעם טעמפּל בית אל, און דאָס דאָזיקע „גאָטס הויז" איז מודיע מיטן געהעריקן טראַפּ — „בלויז פאַר מענער". פרויען און קינדער וועלן אויך באַקומען אַ דערלויבעניש אַריינצוקומען, אָבער בלויז אין טעמפּל און בלויז צום דאַווענען.

מיין דערציילער שלאָגט מיר איבער מיינע רעיונות מיט דער באַמער־קונג: „דאָס איז אויך אַ צלם בהיכל, אָבער פון אַן אַנדער מין".

## די תאווה צו וויטלויפיקייט

ווי זאָגט מען עס: „הכל תלוי במזל אַפילו ספר תורה שבהיכל". מענטשן ווערן באַהערשט פון אַ סך תאוות, זייער אַ סך. דאָך האָבן בלויז אַ טייל פון זיי באַקומען זייער געהעריקן אויבן־אָן און פּאָפּולאַריטעט, די איבעריקע שלעפּן זיך נאָך, בעטן זיך אַ קאַפּעלע אָנערקענונג, אָבער קיינער קוקט זיך אויף

זיי ניט אומ. נעמט למשל אַזעלכע תאוות ווי סעקס, כבוד, געלט, ווער ווייס עס ניט וועגן זיי? ווער רעדט דען ניט וועגן זיי? זיי זענען דאָך דאָס פּינטעלע וואוהין מיר טייטלען מיט די פינגער בעת מיר זענען חושד אונדזערע שכנים אין באַהאַלטענע מאָטיוון. אָבער וועגן די אומפּאָפּולערע, פאַרשוויגענע תאוות קען איך אַפילו קיין ביישפּילן ניט ברענגען, ווייל קיינער ווייס לכתחילה גאָרניט גלייבן אַז עס זענען פאַראַן אַזעלכע ליידנשאַפטן אין מענטשלעכן האַרצן.

אַזעלכע געדאַנקען פאַלן מיר איין ווען איך טראַכט וועגן פּסיכאָאַנאַליז. די דאָזיקע פּסיכאָלאָגישע טעאָריע איז שטאַרק אָנגענומען ביי פּסיכיאַטרן, אָבער זייער ווייניק צווישן פּסיכאָלאָגן. ווען עס קומט אָבער צום סתם שרייבער, רעדנער, בעלעטריסטן, דיכטער, דאָרט איז הימל, ערד און פרויד. כמעט אַלע זענען זיי, ווייזט אויס, אונטערן איינדרוק אַז „מאָדערנע" פּסיכאָלאָגיע דאָס איז פּסיכאָאַנאַליז און אַז אַלע פרוידיאַנישע אויסטייטשונגען זענען אַקסיאָמען וואָס די גאַנצע פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפט אַקצעפּטירט אָן שום טענות ומענות.

טייל פּסיכאָלאָגן דערקלערן אַזאַ מין איינדרוק אויף אַ גאַנץ פּשוטן אופן. דאָס נעמט זיך, זאָגן זיי, דערפון וואָס כדי צו פאַרשטיין פּסיכאָאַנאַליז זענען ניט נייטיק קיין ספּעציפישע טעכנישע קענטענישן וואָס די פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפט פאָדערט. ממילא, אַזוי ווי פּסיכישע פּראָצעסן זענען זייער אינטערעסאַנטע זאַכן פאַרן אַלגעמיינעם אינטעליגענטן מענטשן, רייסט ער זיך גיכער צו פרוידיאַנישע ספּעקולאַציעס וואו מען דאַרף ניט האָבן קיין ספּעציעלע אויסבילדונג זיי צו באַנעמען.

דאָס זעט מיר אויס צו זיין אַ צו פּשוטע דערקלערונג. דער אמת איז אַז די פּסיכאָאַנאַליטישע טעאָריעס פאַרמאָגן אַ רייצנדיקע אַטראַקציע פאַר אַלעמען, אַפילו פאַר די וואָס זענען מיט זיי ניט מסכים. אַלע ווייסן אַז וואָס מען זאָל ניט זאָגן וועגן פרוידן, אָבער ער איז אַלעמאָל טיף, און פּסיכאָאַנאַליז רופט זיך טאַקע אויך „טיף־פּסיכאָלאָגיע". אָבער ווען האָבן מיר דעם איינדרוק אַז אַ טעאָריע איז טיף? און ווי טיף דאַרף זיין „טיף" כדי מיר זאָלן דערשפּירן אַז ס'איז טאַקע טיף?

פּסיכאָאַנאַליז זעט מאַניפעסטאַציעס אין אַ דערוואַקסענעם מענטשן און דערפירט די סיבה דערפון צו געוויסע געשעענישן אין זיין קינדהייט. אַן אַנדערער אַנטוויקלט אַ טעאָריע אַז אַ סך דערפון קען צוריקגעפירט ווערן צו באַשטימטע ווירקונגען אין עמבריאָנישן צושטאַנד. פרויד אַליין זעט סיבות פון איצטיקן פּסיכישן צושטאַנד פון אַ מענטשן אין דער אַלטער ווילדער צייט, ווען עס זענען פאָרגעקומען בלוטיקע ראַנגלענישן צווישן דעם פאָטער און זיינע זין פאַר די ווייבער פון דער פאַמיליע. ווייטער קען מען שוין ניט גיין. סיי־ווי איז דאָס ניט אַזוי פיל „טיף" ווי „ווייט". עס איז ווייט, ווייט הינטער דער געשעעניש וואָס מיר זעען איצט. עס ווייזט זיך מיר אויס אַז

ווייטלויפיקייט ווירקט, ציט, רייצט, מאַכט דעם איינדרוק ווי עפּעס אַ פּאַר־באָרגענער קוואַל פון לויטערן אמת וואָלט זיך פּלוצלונג געעפנט פאַר אונדז.

איך געדענק ביז איצט דעם גרויסן רושם וואָס אויף מיר האָט געמאַכט די פּסיכאָאַנאַליטישע המצאה אַז יעדע פונקציאָנעלע משוגעת איז בלויז אַן אומקער צו אַ פריערדיקן פּסיכישן צושטאַנד פון פּרימיטיווע צייטן. דאָס איז פאַר מיר געווען אַ לאָקנדיקע טעאָריע. איך האָב אין איר דערזען אַ סך שיינקייט. אַ שאָד נאָר וואָס זי זעט אויס צו זיין דורכויס פאַלש.

ווייטלויפיקייט מאַכט דעם איינדרוק פון טיף, פון שיין, פון עפּעס וואָס אַנטפּלעקט און פאַרכאַפּט. ניט אומזיסט האָט זיך ערנסט העקל באַנוגנט מיט אַזאַ מין ווייטלויפיקע טעאָריע צו דערקלערן פון וואַנען עס נעמען זיך לעבע־דיקע באַשעפענישן אויף דער ערד. העקל, ווי באַקאַנט, האָט מלחמה געהאַלטן קעגן אַבערגלויבן, אַפילו קעגן גלויבן. ער האָט געפונען אַ סתירה צווישן וויסנשאַפט און רעליגיע און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון וויסנשאַפט. לעבן, האָט ער געהאַלטן, האָט זיך מסתמא באַוויזן אויף אַן אַנדער פּלאַנעט, און פון דאָרטן אַנגעשטעקט דערמיט אונדזער ערד. מילא, אַן אַנדער פּלאַנעט איז געוויס ווייט, דערוועקט דאָס די תאווה צו ווייטלויפיקייט. אָבער וואָס האָבן מיר דערפון? אַ ייד אַ למדן וואָלט געזאָגט: „הרוצה לשקר ירחיק עדותו", אויב מען דאַרף נישטערן אויף אַן אַנדער פּלאַנעט איז גיי פאָלג מיך אַ גאַנג. אַ חוץ דעם, וואָס ווערט שוין פון דעם קלאָר?

איך האָב אַמאָל געהערט פון אַ וואַרשעווער יידן אַן אומדירעקטן קאָמענ־טאַר אויף דער תאווה צו ווייטלויפיקייט. דאָס איז געווען אין דער צייט פונעם צאַר, ווען רוסיש־פּוילן האָט געהאַט אַ גרויסע קופּערנע מטבע פון פינף קאָפּיקעס. מען האָט זי גערופן צענער. האָבן וואַרשעווער יידן זיך געוויצלט אַז אַ יינגל טאָר ניט זאָגן „צענער". פאַרוואָס? ווייל אַ צענער איז פון קופּער, פון קופּער מאַכט מען פאַנען, אין פאַנען קאָכט מען פיש, און פיש עסט מען אויף אַ חתונה. אָבער אַ יינגל דאַרף ניט רעדן וועגן חתונה.

ווייטלויפיקייט איז בלי ספק אַן אינטעלעקטועלע תאווה. די צרות וואָס מיר האָבן פון אונדזערע תאוות זענען גאַנץ גוט באַקאַנט. אָבער לאָמיר אויך געדענקען די קאָמפּענסאַציע וואָס איז גרייט פאַר אונדז. ווען מיר אַנאַליזירן יעדע קאָלעקציע וויצן וועלן מיר איינזען, אַז זיי דרייען זיך על פּי רוב אַרום מענטשלעכע תאוות. דאָס איז אַ גענוג ערנסטע באַלוינונג וואָס מען טאָר ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט.

## געלעכטער, מיטלייד און אומגעדולד

בערגסאָנ'ס טעאָריע פון געלעכטער איז ניט בלויז אויף דער ליניע פון זיין פילאָסאָפיע בכלל נאָר פאַרמאָגט אויך אין זיך אַ הויפּט־געדאַנק וואָס אילוסטרירט אויפן דינסטן אופן די טבע פון מענטשלעכן גייסט. איך האָב דאָ אין זינען ספּעציעל דעם געדאַנק, אַז מיר לאַכן ווען מעכאַנישע באַוועגונג

פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון לעבעדיקער טעטיקייט. ווען אַ מענטש גליטשט זיך אויס, ווען דער ווינט רייסט עמעצן אַראָפּ דעם הוט פון קאָפּ, אין אַזעלכע מאָמענטן לאַכן מיר, ווייל פרייע, לעבעדיקע האַנדלונג ווערט באַזיגט פון מעכאַנישע כוחות, ווי גליטשיקייט און ווינט. מיר זעען דעמאָלט לעבעדיקע מענטשן אין אַ ספּעציפישער פאָרם פון אומבאַהאָלפנקייט, זיי מוזן זיך בייגן פאַר עפּעס וואָס איז אין אונדזער געפיל קלענער, פאַרמאָגט ווייניקער חשיבות. דאָס, על פּי בערגסאָן, איז דער תוך פון אַ געוויסן טיפּ קאָמישע סיטואַציעס וואָס רופט אַרויס געלעכטער.

מען קען ניט לייקענען אַז דאָס איז זייער אַן אָנגעזעענער פאַקטאָר אין דער קאָמישער סיטואַציע, אָבער מען דאַרף דאָס ווי געהעריק קוואַליפיצירן. ווען מיר זעען אַ מענטשן גיין אויף קוליעס איז אַן אומבאַהאָלפנקייט וואָס האָט אויך אין זיך אַ מעכאַנישן עלעמענט. עס באַהאַלט זיך אין דעם אַפילו אַ הייך פון קאָמיזם, אָבער אין לעצטן סך הכל רופט עס אַרויס אַ געפיל פון מיטלייד, אַנשטאָט געלעכטער. פאַרשטייט זיך אַז דאָ זענען פאַראַן גאַנץ ספּעציפישע כאַראַקטער־שטריכן, די גליטשיקייט און דער ווינט קומען, אַזוי צו זאָגן, פון דרויסן, און דער געשטרויכלטער מענטש ווערט זיך אַנטקעגן זיי. דאָ אָבער זענען די קוליעס שוין געוואָרן אַ טייל פונעם אָרגאַניזם גופא; דער הינקעדיקער מענטש האָט שוין מיט זיי שלום געמאַכט. אַ חוץ דעם האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַ שטענדיקער לאַגע אויף וועלכער עס ליגט די חתימה פון אַ מענטשנס גורל.

בקיצור, אין די פאַלן פון הוילן קאָמיזם איז דער מעכאַנישער עלעמענט אַ דרויסנדיקער און אויך אַ מאָמענטאַלער, געקומען און פאַרשוואונדן. באַלד ווי עס האָט געטראָפן האָט דער מענטש צוריק געקראָגן איבער זיך די קאָנטראָל פון אייגענעם לעבעדיקן ווילן. אָבער ווען אַ מענטש גייט אויף קוליעס, ווען די לאַגע איז אַזאַ אַז דער מעכאַנישער עלעמענט האַלט אָפּ אַן ענדגילטיקן נצחון, דעמאָלט איז דאָס גורל, איז דאָס שטראָף, און דאָס פאַרוואַנדלט דאָס קאָמישע אינעם טראַגישן. אַז אַפילו אין דעם איז אויך פאַראַן אַ שאָטן פון קאָמיזם באַווייזט דער פאַקט וואָס קליינע קינדער לאַכן פון אַ בעל־מום. אין דערוואַקסענע יאָרן, ווען מיר זענען שוין פּסיכיש גרייט אויפצונעמען דעם זינען פון טראַגישער באַשערטקייט, דעמאָלט ווערט דער אימפּולס פון געלעכטער פאַרשטויסן דורך דעם כוח פון מיטלייד.

אָבער סע איז אויך פאַראַן אַ ספּעציעלע פאָרם פון מעכאַנישקייט וואָס דערוועקט ניט געלעכטער און ניט מיטלייד, נאָר אַן אומגעדולדיקע צע־רייצטקייט. דאָס קומט פאָר דעמאָלט ווען די מעכאַנישע הילף מיט וועלכער מיר באַנוצן זיך באַשטייט פון שפּראַך, פון ווערטער. וואָרעם אויך אין דער מלוכה פון ווערטער זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס האָבן אַן אייגענעם ווילן, וואָס קומען אַרויס אויף דער וועלט מיטן צאַפּל און דעם לעבעדיקן אַנזאָג פון נאָר־וואָס געבוירענע קינדער. עס זענען פאַראַן אויך אַזעלכע ווערטער

וואָס אין געוויסע סיטואַציעס קומען זיי צו אונדז ווי מעכאַנישע שפילצייג, אָדער ווי פאַבריק־געמאַכטע שטעקנס, גרייט צו שפילן די ראָלע פון געטרייע קוליעס אונטער לעבעדיקע אָרעמס. עס קען זיין אַז אין אַזאַ פאַל איז אויך פאַראַן אַן עכאָ פון קאָמיזם אין דער סיטואַציע, אָבער סוף כל סוף דערוועקט דאָס ניט געלעכטער, אויך ניט מיטלייד, נאָר אַן אומגעדולד וואָס באַשווערט דאָס געמיט.

אַנומלטן האָב איך אין משך פון עטלעכע טעג געלייענט דריי אַרטיקלען, און אַלע דריי האָבן באַנוצט דעם זעלביקן סטערעאָטיפישן טיטל, איינער האָט געשריבן „אויפן ראַנד“ פון עמעצנס בריוו. אַ צווייטער האָט קאָמענטירט „אויפן ראַנד“ פון אַ בוך. אַ דריטער האָט געמאַכט אַ פירוש „אויפן ראַנד“ פון זיינע אייגענע געדאַנקען. נאָכן דריטן אַרטיקל האָב איך דערפילט אַז איך דערנענטער זיך צום ראַנד פון מיין דיסציפלינירטן געדולד. לכתחילה האָב איך זיך אַליין גע׳חידוש׳ט פאַרוואָס דער אומשולדיקער „אויפן ראַנד“ האָט מיר פלוצלונג צעשטערט די געמיטלעכקייט פון מאָמענט. טאַקע פאַרוואָס?

פאַראַן מענטשן וואָס בעת זיי לייענען ביכער פאַרצייכענען זיי אויפן ראַנד פון די בלעטער באַמערקונגען וועגן דעם שרייבער און זיינע אַרויס־געזאָגטע געדאַנקען, אָדער בכלל וועגן דעם ווערט פון געוויסע שטעלן אינעם בוך. אַזעלכע באַמערקונגען ווערן נאַטירלעך געשריבן אייליק, סטימולירט פון מאָמענט, און טראָגן עפעס אין זיך פאַרבייגייענדיקס, ניט־פאַרענדיקטס, אָבער גענוג וויכטיק אַז זיי זאָלן אַרויסגעזאָגט ווערן. אַמאָל ווילט זיך טאַקע שרייבן עפעס וואָס האָט אין זיך אָט די אַלע כאַראַקטער־שטריכן. עס וואָלט געוועזן אַ פיינער סטיליסטישער איינפאַל ווען עמעצער דערטראַכט זיך צו אַן איינציק וואָרט וואָס זאָל דאָס אַלץ אויסדריקן. איז פאַראַן אַזאַ וואָרט? אַ פיקסירט וואָרט אין דער שפראַך וואָס זאָל אַקוראַט דאָס באַצייכענען איז ניטאָ. האָט זיך עמעצער געכאַפט אַז „אויפן ראַנד“, כאָטש ניט בוכשטעבלעך, איז בילדלעך גענוג פרעציז אַז מען זאָל עס קענען באַנוצן רעטאָריש אין אַזאַ זינען. עס גיט דעם איינדרוק ווי אַ מענטש לייענט אַ ווערק, און בשעת מעשה פאַרצייכנט ער אויפן ראַנד פון די בלעטער צעוואָרפענע באַמערקונגען און פירושים.

אַן אמתן יישר כוח קומט דעם שרייבער וואָס איז געווען דער ערשטער צו באַנוצן „אויפן ראַנד“ אין אַזאַ זינען. אָבער ווען עס ווערט פאַרשפרייט, ווען אַנדערע שרייבער נעמען דאָס איבער פון גרייטן, בקיצור, ווען עס ווערט מאַסן־פראָדוקציע, דעמאָלט ווערט דערפון אַ פאַבריק־געמאַכטער שטעקן, אַ מעכאַניש מיטל צו העלפן די וואָס אויף זיי פאַלט שווער דאָס גיין אַליין.

יעדן פון אונדז קומט טיילמאָל אויס צו הערן אַזעלכע מעכאַנישע, סטערעאָטיפישע רייד, און מיר ווערן דערפון צערייצט, אומרואיק, אומגע־דולדיק. איך קען עס בלויז דערקלערן דערמיט וואָס דאָ איז דער מעכאַ־

נישער עלעמענט אַנדערש ווי ביי געלעכטער אָדער מיטלייד, און די אַנדערש־קייט איז אַזאַ אַז זי שאָקירט אונדז מאָראַליש. וואָרעם דער איינדרוק איז אַז דער שרייבער, אָדער רעדנער, האָט מיט זיין אייגענער, פרייער ברירה אויסגעקליבן אַ קוליע אָנשטאָט אַ לעבעדיקן אבר. צוליב דעם פאַלט אין אונדזערע אויגן די מאָראַלישע קוואַליטעט פונעם מענטשן. ער האָט, הייסט עס, געקענט שטייגן העכער, אָבער ער האָט באַשלאָסן צו זינקען נידעריקער. דאָס רופט אַרויס דעם פאַרלאַנג זיך צו דערווייטערן דערפון, ווי עפּעס וואָס איז אַן אומ׳כבוד פאַר דער מענטשלעכער חשיבות. פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז בלויז דער ערשטער, אומפאַרמיטלטער איינדרוק, און דאָס מאַכט אונדז אומגעדולדיק.

אינטעלעקטועל־רייפע מענטשן זענען נאַטירלעך גרעסערע מפונקים אין שפּראַך. צווישן זיי באַגעגנט מען אָפּט אַזעלכע וואָס האָבן פיינט, ממש תכלית השנאה, דעם פאַרפומירטן צוק אין לשון, דעם הויך־געפליגלטן אויס־דרוק — מליצה. וואָס מער איך האָב באַטראַכט אַזעלכע פאַלן האָב איך איינגעזען אַז זייער ווידערווילן איז ניט געריכט, דער עיקר, קעגן מליצה גופא, נאָר קעגן אַן אַנדער אַספּעקט. וואָרעם על פּי רוב זענען די סענטי־מענטאַל־צעגאָסענע, אָדער גוזמא׳דיקע אויסדרוקן אין שפּראַך, אַלטע סטעי־ראָטיפּן, פאַרטיקע שטעמפּלען, וואָס גייען איבער פון האַנט צו האַנט ווי פיקסירטע מטבעות. מען שאָקלט זיך מער אָפּ פון דער מעכאַנישער שוין־געהערטקייט וואָס שמעקט אין זיי ווי פון זייער בלומענדיקייט. איך שטעל מיר פאָר אַז אַן איבער־סענטימענטאַלער אויסדרוק, אָבער אַ פרישער, אַ לעבעדיק־געשאַפענער, וואָלט אַזאַ ווידערווילן ניט אַרויסגערופן.

(1948)

# וואָס הערט זיך?

— וואָס הערט זיך?
— וואָס זאָל זיך הערן?

אין דער אמתן הערט זיך היינט גאָרניט. בן־גוריונס רעדע אין כנסת איז טאַקע וויכטיקע נייס. אָבער מיר האָבן זי געלייענט אין די נעכטיקע צייטונ־גען. איז זי דאָך שוין ניט קיין נייס. אין ווייטן מזרח האָט זיך דערווייל קיין זאַך ניט געביטן זינט אייערנעכטן. אַן עראָפּלאַן־אומגליק, אַ האָלד אָפּ, אַן אויפשטאַנד אין לאַטיין־אַמעריקע, דאָס איז דאָך כמעט קיין נייס ניט, פּונקט ווי אַלץ וואָס מען ריכט זיך אויף דעם אין פאָרויס, למשל: אַ סאָוועטישע אַטאַקע אויף אַמעריקע, אָדער אַ באַנקעט לכבוד אַ חשובן בן־אדם פון דער מזרח־וואַנט, וואָס האָט מסכים געווען אַלט צו ווערן אַ קיילעכיקן עלטער. בקיצור, ניטאָ קיין נייס.

עס רעדט זיך, פאַרשטייט זיך, בלויז וועגן דעם וואָס מען רופט לויפיקע נייס. דאָס וואָרט „לויפיק" איז ממש ווי אָנגעמאָסטן און טרעפט אין סאַמע פּינטל אַריין. עס איז די נייס וואָס לויפט, איילט זיך, שפּרינגט פון רגע צו רגע, איז געבונדן צום טאָג, צו דער שעה, צו דער מינוט. אַ האָרעלע שפּעטער איז אויס נייס, פאַרעלטערט, פאַרוועלקט, און מען שטייט שוין מיט אַ ליידיקער, אויסגעשטערקטער האַנט: גיב נאָך נייס, דאָס סאַמע לעצטע, פריש פון אויוון.

און דער וואָס וואָרט מיט אַזאַ ציענדיקן הונגער אויף לויפיקער נייס, איז ניט אַזוי שטאַרק מקפּיד אויף פּינקטלעכקייט ווי אויף „לעצט". עס מוז זיין אין דער ראָם פונעם בליצגאַנג פון היינטצייטיקער אַקטועלקייט. ער איז פאַראינטערעסירט אין אַ סך זאַכן, אָבער אַלץ אַזעלכע וואָס טאַנצן אייך אַנטקעגן פון די גרעסטע קעפּלעך און סוב־קעפּלעך אויף די פראָנט־זייטן פון די צייטונגען. אַזאַ נייס איז בטבע קורץ־דויערנדיק, ווייל אויב עס דויערט לענגער איז עס ניט מער קיין נייס, ממילא ניט אינטערעסאַנט, גיט ניט מער קיין צופּ, ווערט עפּעס גליטשיקס וואָס קייקלט זיך אויפן גלאַטיקן ברעט פון לעבנסגאַנג, האָט מער ניט דעם כוח אָפּצושטעלן אויג און אויער און פאַרכאַפּן.

פאַראַן אויך אַנדערע נייס, אַזאַ וואָס לויפט ניט אין שטענדיקן הענדום־פּענדום, וואָס איז ניט אַזוי פלינק־הירשיק אינעם געדריי פון די וועלט־רעדער. אָט האָט עמעצער, אַ בר־סמכא, זיך דערטראַכט צו מעגלעכע לעבנס אויף ווייטע קאָסמישע טעריטאָריעס; אַן אַנדערער, ניט קיין קלענערער בר־סמכא אין זיין פאַך, האָט דערשנאַפּט עטישע עלעמענטן אין ריינע נאַטור־געזעצן; אַ דריטער האָט אַרויסגעבראַכט אַ נייעם, פאַרטיפטן אַנאַליז פונעם צייט־באַגריף. עס איז, אָדער קען זיין, נייס, אָבער בכל אופן ניט פון לויפיקן מין. עס פאַרשפּעפּט זיך אין די וואָרצלען פון אייביקייט אין אונדז. דאָס זענען שוין ענינים וואָס קענען זיך ניט אויסשעפּן מיט „וואָס הערט זיך?" זיי

צווינגען זיך אַרויף אויף אונדזער גאַנצער פאַרפּלאָנטערטער מאַשינעריע, אויף אַלע רעדער און רעדלעך פון אונדזער אַנאַטאָמיע, פיזיאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע, פון דער לעצטער רגע ביז דער ווייטסטער שטענדיקייט. עס איז: וואָס הערט זיך און וואָס זעט זיך, וואָס פילט זיך און וואָס טראַכט זיך, וואָס שפּירט זיך און וואָס חלומט זיך — אַלץ מיט אַנאַנדער.

אָבער דער וואָס האָט זיך אַריינגעווירבלט אינעם קאָכיקן געדריי פון לויפיקער בייס, אַזאַ מענטש האָט זיך אויסגעלערנט אַז ער דאַרף זיין לייכטער אויף דער וואָג. האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיין מענטשלעכער משא אַלץ וואָס טראָגט אין זיך דעם ריח פון נעכטיקע טעג, אויסגעגאָסן דאָס לעצטע ביסל תאווה פאַרן רייץ פון מאָרגנדיקע מאָרגנס. איז געבליבן אַן אדם־נאָקעטער היינט פאַרדעקט מיט די פייגנבלעטער פון דער לעצטער רגע; עס קלינגט, עס רוישט, עס פויקט אין אויער אַריין — וואָס הערט זיך?

אין דער יידיש־יידישער וועלט האָט זיך עפּעס געביטן אַזוי גרינטלעך, אַזוי וואָרצלדיק, וואָס אין פלוג איז דאָס באמת שווער צו פאַרשטיין. גאָר ניט לאַנג צוריק, היסטאָריש גערעדט, האָט אונדזער עולם אַרויסגעוויזן אַ גאַנץ פאַרכאַפּנדיקן אינטערעס ניט בלויז אין לויפיקע געשעענישן פון טאָג, נאָר אויך אין פאַמעלעכדיקע ענדערונגען פון יאָר, פון יאָרהונדערט, אויב ניט נאָך העכער. דאָס איז ניט געווען צוליב דעם וואָס עס האָט דעמאָלט ניט אויפ־גערודערט קיין אַנדער געשעעניש פון לענגערן דויער אין יידישן לעבן. מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק האָט שוין די מאָדערנע שיינע ליטעראַטור — אָט די אַנדערע געשעעניש פון לענגערן דויער — געלעבט אין איר אויפגעקומענער בלי־צייט. אָבער דעמאָלט האָבן פּאָעזיע און בעלעטריסטיק ניט פאַרנומען ביי אונדז דעם פּלאַץ פון עסטעטישער איינזייטיקייט. די גרויסע וועלט פון נעכטן, מאָרגן און אַלע צייטן האָט נאָך אַלץ געמאָנט און באַקומען איר צינז.

מיר אַלע געדענקען פון יענער צייט אַזעלכע ביכער ווי באָטאַניק פון א. ש. זאַקס, פיזיק פון ד״ר אב. קאַספּע, היגיענע פון ד״ר י. א. מעריסאָן, און אַנדערע פון דעם סאָרט. א. ש. זאַקס אין זיין געשיכטע פון אַרבעטער רינג, דער אַרויסגעבער פון די דערמאָנטע ביכער שרייבט: „די אויפלאַגע איז געווען צו זעקס טויזנט פון יעדן בוך. עס האָט ניט לאַנג גענומען און פאַר די ערשטע דריי פון דער סעריע איז נייטיק געווען אַ צווייטע אויפלאַגע". זאַקס דערמאָנט אויך וועגן אַן אַנדער בוך פון זעלבן סאָרט: „די ערשטע אויסגאַבע פונעם בוך די וועלט און די מענטשהייט (6000 עקזעמפּלאַרן) איז פּשוט צע־כאַפּט געוואָרן".

ווי געזאָגט, איז אין דעם פּרט פאָרגעקומען אַן ענדערונג וואָס אין פלוג איז עס שווער צו פאַרשטיין, אָבער בלויז אין פלוג. קיין אויספאָרשונג איז וועגן דעם, ווי ווייט איך ווייס, ניט געמאַכט געוואָרן. עס זענען אָבער פאַראַן סיבות וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן. יידן פון יענעם דור זענען עלטער געוואָרן און אין עלטערע יאָרן ברענט טונקעלער דער נייגער פאַר אומבאַ־

קאָנטע פאַקטן און עס וועט שווערער זיך צו לאָזן אויף וועגן פון אינטע־לעקטועלער אָנשטרענגונג. אין יענע יאָרן איז מען אַ סך געגאַנגען הערן לעקציעס און דער לעקטאָר איז געווען על פּי רוב וויניקער „זאָגער" און מער לערער. איז די לעקציע געווען אַ נייטיקע הילף צום בוך. וואָרעם ביכער פון דעם מין פאַראינטריגירן מער ווען עס העלפט אַרויס דאָס לעבע־דיקע וואָרט, דער באַלייכטנדיקער משל, פון אַ רעדנער וואָס פאַרשטייט די מדרגה פון זיינע צוהערער. דאָס וואָס איצט איז די לעקציע מער ניט קיין פּאָפּולערע סחורה, טיילווייז צוליבן פאַקטאָר פון עלטער, איז ממילא פאַרבונדן מיטן אונטערגאַנג פון יענעם מין בוך. אפשר האָט עס אויך צו טאָן דערמיט וואָס די צייטונג האָט אָנגעהויבן מער צו באַפרידיקן דעם נייגער צו וויסן געוויסערע פּרטים וועגן „וועלט און מענטשהייט", כאָטש איך בין ניט זיכער אַז די צייטונג גיט זיך היינט אָפּ מער מיט אַזעלכע ענינים ווי אין אַמאָליקע יאָרן.

עס זענען פאַראַן, פאַרשטייט זיך, אַ סך אַנדערע סיבות. דער פאַר־שפּרייטער קוק פון אויבן אַראָפּ אויף פּאָפּולאַריזירטער וויסנשאַפט, דער אויסגעוואַקסענער אינטערעס אין ענינים פון יידישער קולטור און געשיכטע, דער עיקר אין דער שיינער ליטעראַטור, דער ביטערער אחרון, אחרון, דער אָפּגעפרעמדטער יונגער דור, בקיצור, סיבות, אַהין, סיבות אַהער, דער יוצא לנו מדברינו איז אַ געשאַפענע אַטמאָספערע וואו לויפיקע בייס, אָדער פאַרשטעלטע אייביקייט־פּראָפּאַגאַנדע געבויט אויף לויפיקער בייס, האָט גע־נומען רייסן, מיטרייסן און פאַרכאַפּן.

עס וואָלט געווען אַ געפערלעכער טעות צו מיינען, אַז געשעענישן פון טאָג זענען שוין צוליב דעם אַליין עפּעס וואָס איז ניט וויכטיק, וואָס מען דאַרף, חס ושלום, אויסמיידן, אָדער אַז עס שטעקט עפּעס אַ פעלער אין דעם וואָס מען איז פאַראינטערעסירט אין אַזעלכע זאַכן. קיין שום נאָרמאַלער מענטש קען אַזעלכעס ניט זאָגן. שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס זשורנאַליזם, די קונסט פון באַהאַנדלען טעגלעכע בייס, קען דערהויבן ווערן צו מדרגות פון דורכגעטראַכטע און פאַרטיפטע לעבנס־פילאָסאָפיעס. מען קען אויסרעכענען אַ לאַנגן צעטל מיט נעמען פון גרויסע פילאָסאָפישע פערזענלעכקייטן וואָס האָבן זשורנאַליסטיש קאָמענטירט — ווי אַ טייל פון זייער פאַרטיפטער, טעאָרעטישער אַרבעט — אויף פראַגעס וואָס לעצטע פּאָליטישע, געזעלשאַפט־לעכע און אַנדערע געשעענישן אויף דער וועלט, אָדער אין זייער לאַנד, האָבן אַרויסגעבראַכט. זשורנאַליסטישע אַרבעט פון אַזאַ מין קען, פאַרקערט, צוריקפירן דאָס לאָקאַלע צום אַלגעמיינעם, דאָס מאָמענטאַלע צום דויערנדיקן; קען וועקן דעם גדאַנק פאַר טיפערע אמתן און ברייטערע גענעראַליזאַציעס.

קענטיק, אַז פאַראינטערעסירונג אין לויפיקע געשעענישן און די באַ־האַנדלונג פון אַזעלכע פראַגעס ווערט שטאַרק באַאיינפלוסט פון דער אַרומיקער קולטור־לופט און פון דער גייסטיקער מדרגה פון לייענער און שרייבער.

מיר האָבן בטבע אַ שטאַרקן חשק זיך אַריינצואוויקלען און מיטצוהאַלטן מיט אַ געהערטן קלאַנג, מיט עמעצנס אַ טרעפלעכן זאָג און אויפנעמען ווי אַן אַלגעמיינעם אמת עפּעס אַ פּאַראיינצלטע צופעליקייט וואָס פּאַסט זיך אַריין אין אונדזער געמיט. און פּונקט ווי דער חשק מיטצוהאַלטן קען זיין מאָמענטאַל און אימפּולסיוו, פּונקט אַזוי קען אויך זיין דער אַגרעסיווער חשק מאָמענטאַל, אָן שום איבערלייג, זיך שטעלן קעגן, דאָס וואָס פּסיכאָלאָגן רופן „נעגאַטיווע סוגעסטיע". אָט דער חשק, אין איין ריכטונג אָדער אַ צווייטער, קען זיין אַזוי גרויס און שטורמיש, אַז עס איז גוט ווען מען קען שעפּן פון זיך אַליין און פון באַלדיקן אַרום, דעם געהעריקן כוח צו באַלאַנסירן זיך צו באַוואָפענען מיט העכערן, מענטשלעכן ישוב הדעת, מיטן מיסטישן געפיל, אַז אומעטום און צו יעדער צייט שטייט עמעצער אַנטקעגן אונדז און האַלט אין איין איבער׳חזר׳ן די התראה: **דע לפני מי אתה עומד.**

פאַראַן אַ סך כוחות אין יעדער אַוואַנסירטער קולטור וואָס העלפן קאָנטראָלירן די תאווה זיך האַסטיק אונטערצוגעבן די קאַפּריזנע דרכים פון די אייגענע געדאַנקלעכע מיחושן, אָדער צו ווערלן וואַרעמען די שוואַכקייטן פונעם אַרומיקן עולם. אמת, עס איז פאַראַן אַ גרויסע הנאה זיך תיכף צו שטעלן אין די רייען פון דער געהעריקער מחנה און מיטשרייען הילכיק דעם אויסגעציקלטן יאָ אָדער ניין. אָבער דאָרט וואו עס פונקציאָנירט אַ לעבעדיק אַקאַדעמיש לעבן איז דאָס איינער פון די שטאַרקסטע קאָנטראָלירנדיקע כוחות. לכל הפחות פאַר דעם וואָס איז גרייט זיך מיט אים צו באַנוצן. וואָרעם דער העכסטער אידעאַל פון סיסטעמאַטישן אַקאַדעמישן דרך איז צו באַפרייען זיך פון איינרעדעניש, דורכצורייסן פאַרבלענדעניש און ניט לאָזן זיך פאַרפירן פונעם מאַסקירטן יצר הרע. אמת, אַן אידעאַל, ווי יעדער אידעאַל, קומט קיינמאָל ניט אַריין אין דער ממשותדיק־פּראַקטישער מענטשלעכער וועלט אין זיין אומבאַפלעקטער ריינקייט, אָבער ער היט און באַשיצט אונדז אויף ווי ווייט דאָס איז מענטשלעך מעגלעך.

אָט די דאָזיקע קאָנטראָל־פונקציע, וואָס ביי אונדז איז זי לײדער ניטאָ, האָט אַ באַזונדער הײלנדיקע ווירקונג אויפן גייסטיקן הונגער וואָס איילט זיך צו זעטיקן מיט אַקטועלע, לויפיקע געשעענישן. דער בעסטער עדות דערפון איז דאָס וואָס אין יעדער נאַציאָנאַלער טעגלעכער פּרעסע איז פאַראַן מער ווי איין מין זשורנאַליזם און רעפּאָרטאַזש. דער שרייבער פון העכערן מין איז אַן ערלעכער זוכער פעסטצושטעלן דעם אָביעקטיוון אמת פון די לויפיקע געשעענישן. דער פון אַן אַנדער מין האָט הנאה צו רייצן, צו באַפרידיקן די איינרעדענישן און פאַרבלענדענישן פון די וואָס צו זיי אַפּעלירט ער. ביי אונדז וואו דער כוח פונעם סיסטעמאַטיש־זוכנדיקן אַנאַליז איז שטאַרק באַגרענעצט, פעלט דער פאַקטאָר וואָס זאָל שאַפן אַ קאָנטראָלירטן סטאַנדאַרד אין דער באַהאַנדלונג פון טאָג־געשעענישן, זענען מיר ממילא

אין גאַנצן אָפּהענגיק פון אינדיווידועלן געשמאַק, צוגעגרייטקייט און געוויסן פון לייענער און שרייבער.

אמת, אונדזער קולטור פאַרמאָגט, אַחוץ דעם זשורנאַליזם פון מאָמענט, אויך די וואָרט־קונסט וואָס שפּאַרט אָן אין העכערע גייסטיקע וועלטן. אָבער ווייזט אויס, אַז פּאָעזיע און בעלעטריסטיק קענען ניט שפּילן קיין היילנדיקע ראָלע אין שאָפנדיקן זשורנאַליזם. פאַרקערט, די גרעסטע מעלות פון קונסט קענען ווערן די ערגסטע חסרונות אין דער באַהאַנדלונג פון לויפיקער נייס. אין קונסט קען טאַלענט פאַרדעקן און פאַרגעבן אַלץ וואָס זעט אויס צו זיין זינדיק. אין זשורנאַליזם, אָדער בכלל אין צוגאַנג צו נייס, קען די טאַלענטפולע פאָרמולע און דער אויסגעפּוצטער באַריכט פולשטענדיק צעשטערן דעם ווערט פונעם געשריבענעם אָדער געזאָגטן. אין דער קונסט איז דאָס געבן „פון זיך״ אַן ענין וואָס רופט אַרויס וואַרעמע קאָמפּלימענטן. אין צייט־קאָמענטאַרן קען דאָס פירן צו אַ ליטעראַרישן טויט־אורטייל אויפן שרייבער. געוועזן אַמאָל אַ זייער טאַלענטירטער יידישער שרייבער וועגן טאָג־ענינים וואָס וועגן אים פלעג איך אָפט הערן די שניידיקע באַמערקונג: „איך האָב ליב צו לייענען אַלץ וואָס ער שרייבט, אָבער איך גלייב אים ניט קיין וואָרט״. וואָסער ווערט קענען האָבן פּרעסע־באַריכטן, זשורנאַליסטיש־פאַרצייכנטע פאַקטן און מיינונ־גען געבויט אויף אָנגעגעבענע געשעענישן, ווען מען האָט ניט קיין צוטרוי צום פולן אמת פון די אַלע זאַכן.

לעבן מיר אין אַן אַטמאָספערע וואָס איז אַ מוראדיקער מסתפק במועט אין אַזעלכע ענינים. ניט בלויז ווערט אַלץ פאַרשלונגען פון היציקער אַקטו־עלקייט, נאָר די געשעענישן פון טאָג בלייבן הענגען פון אויבן אויף ווערן זעלטן צוריקגעפירט צו אַ שטענדיקן, טיפערן קוואַל, וואָס פון יענע מקומות שטאַמט דאָך, סוף כל סוף, אַלץ וואָס לעבט, אויך דער מינדסטער צופאַל פון דער לעצטער רגע. עס איז אַ צער אויף אונדזערע פּראָבלעמען וואָס זיי קענען ניט געניסן דעם טעם וואָס טיפע וואָרצלען, לאַנגער דויער און ברייטער פאַרנעם, קענען געבן.

נעמט, למשל, די זייער פּאָפּולערע מחלוקת יידיש־העברייאיש, ארץ־ישראל און חוץ־לארץ, און, נאָך אַ האָרעלע ווייטער, די שפּראַך־פּראָבלעם אין יידישער קולטור בכלל. קודם כל, איידער מען פאַרשאַרצט די אַרבל צום געשלעג, איז דאָך נייטיק פעסטצושטעלן פאַקטן. איז דאָך פאַראַן אַ גאָלדענע געלעגנהייט אויפצוכאַפּן, נאָך אַ געהעריקן קאָנטראָל, די נייס פון טאָג, אַנאַליזירן, אונטערשיידן פאַרשיידענע מאָמענטן, זוכן פאַראַנענע טענ־דענצן, און ענלעכע פאַקטן אין שייכות צו דער געגעבענער פראַגע און אויסנוצן מעטאָדן וואָס זאָלן זיין בכוח צו געבן אַ בילד פון אַן אמת, וואָס מיר נייטיקן זיך אין אים ממש ווי אַ בלינדער אין ליכט. אָבער יעדער וואָס האָט אַן אויג און אַן אויער קען זען און הערן אַז איר קענט ניט, איר טאָרט ניט, האָבן דעם מינדסטן צוטרוי צום יידישיסטישן זשורנאַליסט, אָדער רעדנער. ער

ווערט היסטעריש באַווירקט פון איינזייטיקע און איינטאָניקע איינדרוקן און באַמערקט ניט אַז ער צעהויקערט דאָס בילד צום שאָדן פון זיינע אייגענע אינטערעסן. ווידער, אַ העברייאיסטישער זשורנאַליסט, אָדער רעדנער, אָדער שמועסער, האָט ערגעץ געהערט, אָדער געלייענט, אַ פאַראיינצלטן פאַל פון עפּעס אַן אינפאַנטילישן יידישיסט, וואָס האָט געזאָגט עטלעכע נאַרישע, גרינגשאַציקע רייד וועגן דער היסטאָרישער ראָלע פון העברייאיש, און דאָס גיט ער איבער ווי אַ פאַרענדיקט בילד פונעם איצטיקן צושטאַנד אינעם אומגליקלעכן ריב הלשונות. ביידע פאַרדינען ווייניק צוטרוי.

אין יעדן געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס זענען פאַרוויקלט די סאָציאָלאָגישע מאָמענטן וואָס דריקן זיך אויס אין אַזעלכע פראַגעס ווי: ווי ווייט גייט עס? ווי גרויס איז די צאָל וואָס דריקט אויס אַזאַ אָדער אַן אַנדער שטעלונג? בקיצור, עס איז די פראַגע פון קוואַליטעט און קוואַנטיטעט, וואָס מען געפינט אויס ממשותדיק אָדער מען מאַכט באַרעכטיקטע השערות. אָנשטאָט דעם ווערן מיר אַרומגערינגלט מיט רייד, קולות, געשרייען, און יעדע שייכות־דיקע געשעעניש פון טאָג, פון דער מינוט, זאַמלט מער רייד, הייבט העכער די קולות און מאַכט גרילציקער די געשרייען. איז ממש אַ רחמנות אויף די צדדים וואָס ווערן אַריינגעצויגן אין שפּאַן פון לויפיקער נייס אַפילו ביי פראַגעס וואו גרינטלעך פאַרשטיין און געהעריק אָפּשאַצן וואָלט געקענט אויפדעקן טיפע סודות פון אונדזער גאַנצן היסטאָרישן גורל. פאַראַן נאָך אַ וויכוח וואָס רודערט אויף די יידישע עפנטלעכקייט. מען דאַרף זיין בלינד ניט צו זען, אַז די פראַגע וועגן רעליגיע און מלוכה אין מדינת ישראל רירט אָן די טיפסטע יסודות פון אונדזער קיום. אָבער די אומגעהויבלטע ווילדקייט, דער יידיש־צעשטערערישער טעראָר, וואָס די סאַטמאַרער חסידים אין אַמע־ריקע און זייערע שותפים אין ארץ־ישראל האָבן אויסגעקליבן פאַר זיך אין דער דאָזיקער מחלוקת, פאַרביטערט ממש דאָס לעבן. געוויסע אומ'חנ'עוודיקע אַספּעקטן פון דער סאַטמאַרער טאַקטיק געפינען מיר אויך אין דער פאָרם פון דער הויך־טאָניקער דערעסנדיקער רעטאָריק אינעם שטענדיקן וויכוח וועגן יידיש־העברייאיש, וואָס גייט גאָרניט אַראָפּ פון סדר היום אין דער טעגלעכער לויפיקער נייס.

אַזעלכע ביישפּילן זענען פאַראַן לרוב. עס קומט אויס, אַז בכלל גענומען איז דער חילוק צווישן וויכטיק און אומוויכטיק, צווישן פּראַקטיש און בטלניש, דאָס זעלביקע וואָס צווישן דעם וואָס איז איצט־לויפיק, מאָמענטאַליש, און דעם וואָס איז ניט תיכף פון־האַנט־צו־מויל און קען אויך זיין אייערנעכטיק. גראָד לעבן מיר אין אַ צייט ווען אין דער וועלט פון געדאַנקען רייסן זיך אַזוי פיל אידייען צו בייטן דאָס זייער קאָנקרעטע לעבן אונדזערס; ווען מיר קענען דערפילן די ברוטאַלע נאָענטקייט פון אַזעלכע הויך־טעאָרעטישע ענינים, אַז מען דאַרף זיך אָנשטרענגען מיט אַלע כוחות צו בלייבן גלייכגילטיק צו דעם אַלעם. און דאָך, זעט אויס, אַז עס איז פאַראַן אַ שטאַרקער יצר הרע

צו מאַכן אַזאַ אָנשטרענגונג, אַ יצר הרע וואָס עס איז אַזוי שווער גובר צו זיין.

אָט אַזוי שטעלט זיך אַוועק אַ מענטש אין אַ פּאַראַדאָקסאַלער, אָבער אויך קאָמישער, פּאָזע. אַ באַשעפעניש וואָס קען זיך ניט אויסמאָלן קיין ענדלעכע גרענעצן אין רוים און אין צייט; דער וואָס ווייסט אַזוי אויסגע־צייכנט וועגן די טעג פון זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס און איז זיכער מיט אַ וועלט פון אייניקלעך און אור־אייניקלעך, ווי אומפּאַסיק עס זעט אויס ווען אַ מיטגליד פון מענטשן־מין וויל זיך רק צונאָגלען צום לעצטן פּינטעלע פון אַקטועלן היינט און טראַכטן אַז מען דאַרף האָבן אַ גרינגן קאָפּ זיך צו פאַרנעמען מיט מה למעלה ומה למטה.

און דאָך, אָט אַזוי טרעפט עס מיטן דורכשניטלעכן גאַנג פון אונדזער בן־אדם. ער שטעלט אַ יאָרצייט־ליכט נאָך זיין באָבען וואָס ער האָט זי רעכט אין זיין לעבן ניט געזען און שרייט אַז ער איז בלויז פאַראינטערעסירט אין זאַכן וואָס זענען קאָנקרעט, ממשותדיק און נאָענט צו דער האַנט. ער איז זיך מיישב מיט פריינד, מיט אַדוואָקאַטן, איידער ער שרייבט זיין צוואה, און איז גרייט זי צו בייטן טאָמער געפינט ער אויס אַז ער האָט עפּעס פאַר־געסן, עמעצן באַ׳עוולה׳ט, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, און אין דער זעלביקער צייט באַדויערט ער מיט פּאַטעטישן חוזק די בטלנים וואָס זענען פאַרליבט אין אַבסטראַקציע, וויטע זאַכן פון מאָרגנדיקן טאָג, און מיינען עס אויף אַן אמת.

איז טאַקע פאַראַן אַ גרילצנדיקער דיסאָנאַנס צווישן איינציקן שטענדיק־געהערטן „וואָס הערט זיך?‟ און דער שטיל־שווייגנדיקער, אָבער זייער רירעוודיקער, וועלט פון: וואָס זעט זיך? וואָס טראַכט זיך? וואָס שפּירט זיך? וואָס חלומט זיך?

(1958)

# די וועלט זאָגט

מיט אַ קורצער צייט צוריק איז אַרויס אַ בוך פון וועגס פּעקערד, וואָס האָט זיך שנעל דערשלאָגן צו דער פּאָזיציע אין אויבן־אָן צווישן די „בעסט סעלערס". דער שרייבער האָט זיך פאַרנומען צו אַנטפּלעקן זייער באַקאַנטע „סודות", אָבער ווינציק מענטשן האָבן געטראַכט וועגן זיי און זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין וחשבון וועגן זייער ראָלע אין לעבן. ער האָט געגומען אויפדעקן די מעטאָדן פון אַן אומגעהייער־פאַרשפּרייטער, אַ קאָלאָסאַלער מאַשינעריע וואָס אַרבעט צו באַאיינפלוסן דעם עולם פון די קלענסטע קלייניקייטן ביז די גרעסטע זאַכן, פון דעם וואָסער ראַזיר־מאַשינקע צו קויפן ביז וואָסער קאַנ־דידאַט אויסצוקלייבן צווישן די צענדליקער וואָס ווערן אַרויסגעשטעלט.

ער האָט אויפגעוויזן אַז דאָס וואָס מען קויפט, מען לייענט, מען באַשליסט, מען קלייבט אויס, נעמט זיך ניט פון פריי אָננעמען דעם דרך פון אַן אינער־לעכער ברירה, נאָר פון דעם וואָס מען שמועסט אונדז איין צו טאָן אַזוי און ניט אַנדערש. אָט די איינשמועסערס אַרבעטן אָפּט אומדירעקט, באַהאַלטן, זיי געפינען אויס וואָס עס אַפּעלירט צו מענטשן נאַטירלעך, און זיי נעמען דערנאָך אַרבעטן מעשים צו דערוויזן אַז זייערע עצות זענען אַקוראַט די וואָס ווילן אונדז גליקלעך מאַכן. דאָס וואָס די איינשמועסערס אַרבעטן אויף אַ מין „אונטער־ערדישן" (אומדירעקטן) אופן העלפט נאָך שטאַרקער צו פאַר־גרעסערן זייער איינפלוס. דערפאַר הייסט טאַקע דאָס בוך די באַהאַלטענע אײנשמועסערס. זיין אַנאַליז פון די אַנאָנסן אין צייטונגען, אויף דער ראַדיאָ, טעלעוויזיע; די אָרגאַניזאַציע פון אַגענטורן, פון פּסיכאָלאָגישע אינסטיטוטן פאַר קאָמערציעלע צוועקן, בקיצור, מען האַלט אונדז אין איין אַריינקלאַפּן אין קאָפּ פון באַהאַלטענע ווינקלעך און מיר טוען דאָס וואָס ניט־געזעענע כוחות צווינגען אַרויף אויף אונדז.

לויטן רושם וואָס וועגס פּעקערדס בוך האָט געמאַכט באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז דער דאָזיקער באַצווינגנדיקער איינפלוס אויף מענטשלעכע האַנדלונגען שטאַמט דערפון וואָס אַ הויכע מדרגה פון מאָדערנער טעכניק האָט דאָס מעגלעך געמאַכט. קומט אויס אַז אין אַ פּרימיטיווער צייט, ווען עס זענען נאָך ניט געווען קיין סופּערמאַרקעטס, דעפּאַרטמענט־סטאָרס, ריזיקע קאָמפּאַניעס צו אַנאָנסירן און כאַפּן דעם עולם אויף דער ווענדקע, אַז אין יענע צייטן זענען מענטשן געווען פרייער און געהאַנדלט לויטן עכטן אייגענעם געשמאַק וואָס איז אין זיי אויסגעוואַקסן ווי ווילדע שוואָמען אין וואַלד. דערפון נעמט זיך מסתמא דער אָבערגלויבן אַז קינדער זענען נאַאיוו און אומשולדיק; זיי טוען בלויז וואָס זיי ווילט זיך פון זיך גופא, לויט אייגענע אינערלעכע אימפּולסן. דערפאַר ווערט אויך אַזוי געלויבט דער פאָלקס־מענטש, אַ פריי־

מיטיוועך טיפּ אַזאַ, וואָס איז תמימותדיק איבערגעגעבן לויט זיין אייגענעם אינערלעכן גלויבן, אָן שום רייצנדיקע השפּעות פון דרויסן. זאָל דערביי באַמערקט ווערן, אַז דער וואָס זינגט שבחים צום פאָלקס־מענטש געהערט שוין ווייט ניט צום זעלביקן קלאַס; ער איז שוין דווקא אַן אויסגערעכנטער בעל־חשבון אין אַלץ וואָס ער טוט. אים געפעלט בלויז יענער פאָלקס־מענטש וואָס פירט זיך אויף אַן אופן וואָס אים איז ליב, וואָס האָט אָנגענומען אָן שום „חכמות", אָן אַריינטראַכטן זיך מיט קריטישן אַנאַליז, דאָס וואָס זיין באַוואונדערער האַלט פאַר ריכטיק.

סוף כל סוף איז דער „באַהאַלטענער איינשמועסער" אַן אַקטיווער כוח אין יעדער געזעלשאַפט וואָס העלפט באַשטימען דעם צייטגייסט, דעם גייסטיקן קלימאַט, דאָס וואָס מען רופט „אַרום", אָדער סביבה, וואָס פון דער דאָזיקער צוואַנג־השפּעה איז קיינער פון אונדז ניט פריי. צוליב דעם לאָזט זיך פאַרשטיין פאַרוואָס מיר פילן אַזאַ זיכערן כוח אין אַזעלכע ווערטלעך ווי „די וועלט זאָגט", אָדער „עס פירט זיך". וואָרעם מיר וואָלטן דאָך געקענט אָפּפרעגן אַזעלכע אַרגומענטן; ווער איז עס די וועלט וואָס זאָגט? פאַרוואָס בין איך מחוייב אָנצונעמען אַזעלכע זאָגעכצן? פאַרוואָס דאַרף איך האַלטן פאַר אַ פּוסק אחרון דעם „עס" פון „עס פירט זיך"? מיר וואָלטן געקענט פרעגן, אַמאָל שפּרינגט טאַקע אַרויס אַן עזות פּנים וואָס פרעגט, אָבער סיי־ווי פילט זיך עפּעס אַ כוח אינעם „באַהאַלטענעם איינשמועסער" וואָס קומט צו אונדז אונטערן פּסעוו־דאָנים „די וועלט זאָגט".

איך האָב אָפּט געלייענט ביטערע פּירושים אויף דעם וואָס ביי יידן הערשט אַ מוראדיקער פּירוד הלבבות. ווער ווייסט עס ניט, אַז וואו צוויי יידן זענען פאַראַן דריי דעות? טייל האָבן צוגעשריבן צו דעם אַלע אומגליקן ווייל מיר זענען — אַזוי איז אויסגעקומען — אַ יוצא מן הכלל צווישן פעלקער; ניטאָ אַזאַ אומה ולשון מיט אַזוי ווייניק אחדות ווי ביי אונדז. אונדזער אומ־געוויינטלעכע צעטיילטקייט ווערט פאַררעכנט צווישן די סיבות פאַרוואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן. משיח פאַרזאַמט זיך ווייל עס פעלט ביי אונדז אחדות. לעצטנס האָט מען אָנגעוויזן אויפן שאַרפסטןביישפּיל דערפון, די גרויסע צאָל פּאָליטישע פּאַרטייען אין מדינת ישראל.

טראַכטנדיק וועגן דעם האָב איך געמומען פאַרצייכענען ביי זיך ענלעכע אַרויסזאָגונגען ביי אַנדערע פעלקער. אין משך פון אַ יאָר צייט האָב איך אויסגערעכנט צען פאַלן וואו אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן ביי פאַרשיידענע פעלקער באַקלאָגן זיך אויף די צרות וואָס קומען אַרויס אין זייער פאָלק צוליב דעם וואָס עס פעלט אחדות, וואָס שטענדיקע מחלוקת און ראַנגלענישן שוואַכן אָפּ די נאַציאָנאַלע כוחות. בנוגע פּאָליטישע פּאַרטייען איז אינטע־רעסאַנט פעסטצושטעלן עטלעכע פאַקטן. אין 1952 האָבן 50 פּאַרטייען זיך באַטייליקט אין די וואַלן אין איטאַליע. אין 1953 האָבן אין מערב־דייטשלאַנד געפירט אַ פּאָליטישע מלחמה צווישן זיך 60 פּאַרטייען. אין די נאַציאָנאַלע

וואַלן פון 25־טן און 26־טן מאַי פון הייַנטיקן יאָר האָבן זיך אין איטאַליע באַטייליקט 80 פּאַרטייען.

ווייזט אויס אַז מיר זענען אין דעם ניט קיין יוצא מן הכלל. די וואָס ווילן דווקא האַלטן אַז מיר זענען יאָ אַן אויסנאַם וועלן מסתמא טענה׳ן, אַז אַלץ איז געווענדט אין דער גרייס פון דער באַפעלקערונג פון אַ פאָלק. די פריער־דערמאָנטע זענען דאָך גרעסער אין צאָל אין פאַרגלייך מיט יידן. דאָס איז אָבער ניט קיין תירוץ מספּיק. די פאַקטאָרן וואָס רופן אַרויס און סטימולירן חילוקי דעות זענען גאַנץ גרויס אין צאָל. דאָס פּירט שוין ממילא צו דער פאָרמאַציע פון פּאָליטישע פּאַרטייען. ביי אַ קליין פאָלק זענען די צאָל מיט־גלידער אין אַ פּאַרטיי בדרך כלל ניט אַזוי גרויס ווי ביי אַ פאָלק וואָס ציילט אַ סך צענדליקער מיליאָנען. עס איז אָבער לאַוו דווקא אַז הוילע קוואַנטיטעט פון דער באַפעלקערונג זאָל פירן צו אַ פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרגרעסערונג פון דער צאָל פּאַרטייען אַפילו אין באַדינגונגען פון דעמאָקראַטישער פרייהייט. אַמעריקע איז, דאַכט זיך, די בעסטע ראיה אַז דאָס איז לאַוו דווקא. וואָס מער מיר קלייבן צונויף פאַקטן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט, אַלץ מער זעט מען באַשיינפּערלעך אַז יידן זענען בשום אופן ניט די גרעסטע בנוגע קעגנזייטיקע רייסערייען.

אָדער נעמט, למשל, די פראַזע: „זיי פאַרשטייען בלויז די שפּראַך פון דער שווערד". ווער האָט דאָס שוין ניט געזאָגט? וועגן וועמען האָט מען דאָס שוין ניט געזאָגט? מזרח וועגן מערב, מערב וועגן מזרח. אַראַבער וועגן יידן, יידן וועגן אַראַבער. אַפילו אין פּריוואַטן לעבן, אָדער אין ציווילע געזעלשאַפטלעכע ראַנגלענישן, הערט מען אָפט אַקוראַט די זעלביקע איינגערעדטע זיכערקייט: דערלאַנגען איבערן קאָפּ, דאָס איז דאָס איינציקע וואָס קען העלפן.

ווי מיר ווייסן איז די פּראַקטיק אַ היפּש ביסל בעסער פון דער טעאָריע. זאָל גאָט אונדז שומר ומציל זיין ווען עס זאָל חלילה זיין אַנדערש. די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער איז אַ ראיה לדבר. די קאָסטן און אָנשטרענגונגען פון אַלע פאָרמען פון דיפּלאָמאַטישער טעטיקייט, פון „לאָמיר זיך דורכשמועסן", זענען אַ צו ווייטער אָפּנייג פון שווערד און ביקס און אַן אָפּלייקענונג פון דער איינרעדעניש אַז די פויסט איז דער איינציקער פּאַסיקער אינסטרומענט אויסצוגלייכן סיכסוכים. אָבער טעאָריע בלייבט טעאָריע, און אויך זי לאָזט זיך פילן מיט איר גיפטיקער קוואַליטעט אין רעאַלן לעבן, צווישן איינצלנע ווי צווישן פעלקער. דער קלאַנג פון שווערדישע ווערטער קען זיך אָפט אויסגלייכן און די צרות וואָס ער פאַרשאַפט ווי דער קלאַנג פונעם מעטאַל גופא. מיר יידן, און מיר זענען לײַדער ניט די איינציקע אין דער וועלט פון „דערנידעריקטע און באַליידיקטע", האָבן דאָס אַזוי אָפט, אַזוי ביטער, אַזוי טראַגיש געפילט. וואָרעם דער איינגערעדטער, היפּנאָטיזירנדיקער כוח פון דער שווערד קען פירן צו אַ היסטאָריש־איינגעוואָרצלטער

שנאה וואָס ניט זעלטן ווייזט זי אַרויס פּאַטאָלאָגישע סימפּטאָמען. עס גייט איבער פון דור צו דור און קען זיך ניט זעטיקן. מערקווערדיק, די וואָס מיינען אַז די שווערד איז דער בעסטער וועג, האַלטן זיך פאַר די פּראַקטישע מענטשן, כאָטש דאָס לעבן האָט אַזוי אָפּט געוויזן אַז דאָס איז אַ פאַלשער דרך, ווי, למשל, אינעם קאַמף פון גאַנדין קעגן אַטאַקירן ענגלאַנד. אפשר איז בענדזשאַמין דיזראַעלי גערעכט מיט זיין דעפיניציע וועגן פּראַקטישקייט: „אַ פּראַקטישער מענטש איז דער וואָס פּראַקטיצירט די טעותן פון זיינע זיידעס".

ווען די איינגעשמועסטע אמתן ווערן פאַרטראָטן פון אַן אָרגאַניזירטער גרופּע, אַ פאַרטיי, אַ חברה, ווען יעדער מיטגליד פילט אַז כדי צו זיין אַן אינעווייניקסטער דאַרף ער זיך סאָלידאַריזירן מיט זיין נאָענטסטער סאָציאַלער סביבה, דעמאָלט איז לית דין ולית דיין. דער נאַטירלעכער מענטשלעכער פאַרלאַנג צו זען דעם אמת, צו זיין באַקאַנט מיט דער רעאַלער לאַגע וואָס רינגלט אים אַרום, שוין ניט גערעדט וועגן דעם פּראַקטישן ווערט פון אַזאַ צוגאַנג, דאָס רייצט אויף נאָך מער דעם קרבן פון דער אַריינגערעדטער אַמונה. מיט יאָרן צוריק איז מיר אויסגעקומען בייצוואוווינען אַ סך וויכוחים און סימפּאָזיומס וועגן יידישן טעאַטער. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פאַרשטיין פאַרוואָס דאָס יידישע טעאַטער גייט באַרג אַראָפּ. די וויכטיקסטע סיבה איז געלעגן נאַקעט אויף דער האַנט: דער יינגערער דור גייט ניט אין יידישן טעאַטער; שוין די שפּראַך־מחיצה איז אַזאַ אומגעהייערער שטער וואָס קיין עצות און תחבולות קענען דאָס ניט בייקומען. דאָך האָט מען זיך געהאַלטן אין איין מפלפל זיין, אָבער דער פאַרלאַנג צו וועלן פאַרשטעלן פאַר זיך די גרייס פונעם אומגליק האָט פּשוט אַרויסגערופן אַ מורא צו זען די אמתע פאַרבן פון דער אַרומיקער וועלט. טאָמער האָט עמעצער מער דאָס ניט געקענט אַריבערטראָגן און אָפּן אָנגעוויזן אויפן כאַראַקטער פון דער וואונד, האָט דאָס אַרויסגערופן ניט קיין פאַרלאַנג בעסער, און אמתער, צו זען, נאָר אַן איינגעצאַמטן כעס אויף די וואָס זעען און וואַגן צו דערציילן וואָס זיי זעען. די טענה קעגן זיי איז געווען: „וואָס גייט אייך אַזוי אין לעבן צו ווייזן אונדז דאָס בילד דווקא פון דער שוואַרצער זייט?" מען האָט געזוכט און געפונען די סיבות אין דעם אָדער יענעם טעאַטער־דירעקטאָר, רעזשיסאָר, אין אַזאַ אָדער אַנדער פּיעסע. אָבער די וואָס האָבן זיך געריסן צו זען די אַלגעמיינע לאַגע, דעם גאַנצן גאַנג פון קולטור־דערשיינונגען אין לאַנד, אַזעלכע זענען באַטראַכט געוואָרן ניט ווי מענטשן וואָס זעען שלעכט נאָר ווי אַזעלכע וואָס זענען שלעכט, ווי מענטשן וואָס האָבן גלאַט הנאה צו פאַרביטערן דאָס לעבן.

דאָ זענען מיר צוגעקומען צו אַ זייער דעליקאַטן פּונקט אין די חילוקי דעות וועגן מאָראַלע התחייבותן ווען עס איז פאַרוויקלט אַן אַריינגעמויערטער גלויבן אין מענטשלעכן האַרצן. די וואָס האָבן זיך געריסן אַרויסצוהייבן די באַשיינפּערלעכע סיבה פונעם אָפּגעשוואַכטן יידישן טעאַטער, האָבן געקענט

מיינען אַז דערמיט דערפילן זיי אַ מאָראַלן חוב, ווייל זיי ברענגען אַרויס אַ רעאַלן אמת און ווירקן מען זאָל זיך רעכענען מיט פאַקטן און אויסמיידן פעלערן וואָס קענען זיך ענדיקן טרויעריק. די אַנדערע האָבן אין אַזאַ צוגאַנג געזען אַ סכנה פאַר זייער אמונה, וואָס דאָס איז שוין צוליב דעם אַליין אַ שווערע זינד.

ניט זעלטן וואַרפט זיך אין די אויגן דאָס „גליקלעכע" מזל פונעם „באַהאַלטענעם איינשמועסער". ער בויט אויף אין אונדז צוטרוי, גלויבן, כאָטש פאַרקערטע פאַקטן וואַלגערן זיך אין אַלע גאַסן און מאַכן אַ תל עולם פון די אַלע איינגערעדטע באָבע־מעשיות. דאָך לויפט מען נאָך פאַרכישופט פון דער באָבען און פון אירע מעשיות און די אמתע פאַקטן בלייבן ליגן ניט־געזעענע גלייך אַרום אונדז.

אין 1847 האָבן מאַרקס און ענגעלס פאַרעפנטלעכט דעם באַרימטן קאָמוניסטישן מאַניפעסט. שטייט דאָרט אַזוי: „די מאָדערנע אינדוסטריעלע אַרבעט, די מאָדערנע פאַרשקלאַפטקייט צו קאַפיטאַל, דאָס אייגענע אין ענגלאַנד ווי אין פראַנקרייך, אין אַמעריקע ווי אין דייטשלאַנד, האָט פון אים [דעם פראָלעטאַריאַט] אַוועקגענומען יעדן שפור פון אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער". מילא, מאַרקס און ענגעלס האָבן געהאַט אַן אייגענע טעאָריע און דער יצר הרע פון אַ טעאָריע איז אָפט צו גרויס מען זאָל נאָך קענען זען די פאַקטן וואָס לייקענען זי אָפ. אָבער אָט די טעאָריע איז געוואָרן אַ „באַהאַלטענער איינ־שמועסער" און געלאָקט און געצויגן אויך אַנדערע וואָס האָבן געהאַט טרויע־ריקע סיבות צו זעען בעסער.

דער נאַציאָנאַלער פאַטריאָטיזם פון גויאישע אַרבעטער אין אייראָפע איז געווען פון אַזאַ אינטענסיוון מין, וואָס אַפילו אַ בלינדער האָט ניט געקענט פאַרזען. ער איז געווען ניט אַנדערש אויף קיין ברעקל, אויף קיין האָר, ווי ביי קליינבירגער. אַנטיסעמיטיזם ביי ניט־יידישע אַרבעטער — וואָס ביי גויים קען דאָס זיין בלויז אַן אַנדער זייט פון דער זעלביקער מטבע — האָט אַזוי שרעקלעך געריסן די אויגן אַז עס האָט אַפילו אַ טויטן געקענט אויפוועקן פון אייביקן שלאָף. אָבער די פראָפאַגאַנדע ביי יידישע סאָציאַליסטן האָט זיך כמעט מעכאַניש געהאַלטן ביים פזמון וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער פסיכאָ־לאָגיע פון אַרבעטער־קלאַס. אַי, פאַקטן? איז דער תירוץ: זיי זענען פאַר־פירט. ווען קליינבירגער ווייזן אַרויס אַקוראַט די זעלביקע סימפטאָמען איז דאָס „אינטערעסן"; אַז אַרבעטער רעדן דאָס זעלביקע לשון, איז דאָס דער „באַהאַלטענער איינשמועסער" וואָס „פאַרטונקלט דאָס קלאַסן־באַוואוסטזיין פונעם פראָלעטאַריאַט". דאָס לעבן איז טאַקע אַזוי אָבער „די וועלט זאָגט" אַנדערש.

די איינגעשמועסטע גלויבנס, וואָס דאָס רוב פון אונדז האַלט זיך ביי זיי שטאָל און אייזן, זענען אויך לייכטער אָנצונעמען ווייל זיי זענען ניט אַלעמאָל געבויט אַפילו אויף אַ כמו־שכלדיקן צוגאַנג און, דער עיקר, זיי

פֿאַדערן ניט קיין אויסגעהאַלטנקייט. דאָס לעצטע איז באַזונדער שווער פֿאַרן דורכשניטלעכן מענטשן. איך קען אַ יידן וואָס וואָלט געווען קאַפּאַבל אייך אויסצושליסן פֿון זיין געזעלשאַפֿט אויב איר וואָלט געהאַט דעם מינדסטן ספק צי פּרויען דאַרפֿן באַקומען גלייכע רעכט, אָבער ער קען ממש ניט אַריבערטראָגן דאָס וואָס פּרויען דערלויבן זיך צו רייכערן. מיר האָבן איצט אַ שרייאיקן ביישפּיל פֿון דעם מין ווען עס גייט מענטשן אין לעבן ניט צו דערלאָזן נעגער־קינדער צו לערנען אין איין שול מיט ווייסע, און דאָס שטיצן זיי דווקא אויף דער טענה פֿון דעמאָקראַטיע. לאָגיש באַטייט דאָס, אַז אַזוי ווי מיר האַלטן אַז אַלע מענטשן זענען גלייך, מוזן מיר דערלויבן טייל ניט צו דערלאָזן אַנדערע צו זיין גלייך מיט זיי.

אַן אינטערעסאַנטע ניט־אויסגעהאַלטנקייט אין יידישער געשיכטע דער־ציילט אונדז ד״ר שולוואַס אין זיין בוך חיי היהודים באיטליה בתקופת הרינסאַנס (1953, עוגן תשט״ו). דער מחבר ווייזט אויף ווי ווייט יידן אין איטאַליע פֿון פּופּצנטן יאָרהונדערט האָבן גענומען אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די חומרות פֿון יידישן טראַדיציאָנעלן שטייגער: „דער רענעסאַנס־מענטש וויל זיך באַפֿרייען פֿון די שטריק וואָס די מיטלעלטער האָט אים געבונדן מיט זיי״. אָבער אין דער זעלביקער צייט איז דער באַרימטער ר׳ עובדיה מברטנורה געווען אין פּאַלערמאָ אויפֿן וועג קיין ארץ ישראל. האָבן יידן ביי אים געבעטן טיילן פֿון זיינע מלבושים ווי אַ סגולה פֿאַר זיך. ר׳ עובדיה אַליין זאָגט וועגן דעם: „ווי די גויים באַציִען זיך צו זייערע הייליקע אַזוי האָט מען זיך באַצויגן צו מיר״. זיי האָבן קיין סתירה ניט געזען צווישן אויפֿגעבן יידישע פֿרומקייט און אָננעמען אַבערגלויבישע זאַבאַבאָנעס.

מען דאַרף פֿון דעם ניט דרינגען אַז צווישן וויסנשאַפֿטלער, וואָס אָביעקטיווער אמת איז די סאַמע נשמה פֿון זייער פֿאַך, געפֿינט מען ניט אַזעלכע וואָס טראָגן אויף זיך גאַנץ פֿרום די קייטן פֿונעם „באַהאַלטענעם איינשמועסער״. סוף כל סוף איז גאָרניט אַזוי לייכט זיך צו באַפֿרייען פֿון די דאָזיקע קייטן און פֿאַראַן געגנוג טאָג־טעגלעכע פֿאָדערונגען פֿון לעבן וואָס נייטיקן זיך אינעם עול פֿון אַ פֿיקסירטן סטאַנדאַרד. אַן אינצידענט מיט וויליאַם דזשיימסן וואַרפֿט אַ קלאָר ליכט אויפֿן דאָזיקן פּונקט.

ווען דזשיימס האָט זיך באַקענט מיט דער אַרבעט פֿון דער בריטישער געזעלשאַפֿט פֿאַר פּסיכישער פֿאָרשונג, האָט אים דער ענין שטאַרק גענומען פֿאַראינטערעסירן. יענע געזעלשאַפֿט פֿאַרנעמט זיך אויסצופֿאָרשן, מיט אָביעקטיווע וויסנשאַפֿטלעכע מעטאָדן, פּסיכישע איבערלעבענישן וואָס קומען צו אונדז ניט אויפֿן וועג פֿון די חושים, דהיינו, אַזעלכע דערשיינונגען ווי טעלעפּאַטיע, ידיעות וואָס, לויט דער גביית עדות פֿון טייל מענטשן, ווייזן זיך אין חלומות, מעשיות וועגן געוויסע לעבעדיקע מאַניפֿעסטאַציעס נאָכן טויט, אאַז״וו. האָט דזשיימס אַמאָל באַגעגנט אַ ביאָלאָג און זיך מיט אים פֿאַנאַנדערגערעדט וועגן די דאָזיקע פֿאָרשונגען. דער ביאָלאָג איז נשתומם

געוואָרן פון דעם וואָס אַזאַ חשובער בירגער פון דער וויסנשאַפטלעכער און פילאָסאָפישער וועלט זאָל האָבן די מינדסטע מגע ומשא מיט די באָבע־מעשיות פון דער אַזוי־גערופענעם פסיכישער פאָרשונג. ווען דזשיימס האָט ווייטער געגומען איינ׳טענה׳ן מיטן ביאָלאָג און געשטעלט אים אַ גרויסן „היתכן?" האָט יענער דערקלערט זיין שטעלונג אויף אַ גאַנץ פשוטן אופן. וויסנשאַפט, האָט ער אונטערגעשטראָכן, איז בלויז מעגלעך ווען געזעצן ווערן געבויט אויף אַ קייט סיבות און פועל יוצא׳ס. דער דאָזיקער פּראָצעס, האָט ער ווייטער גערעדט מיט פעסטער איבערצייגונג, קען בלויז דערגרייכן אונדזער באַוואוסטזיין ווען ער קומט פאַר אין אַ וועלט פון מאַטעריעלע זאַכן. דאָס העלפט, מיר זאָלן קענען חלומען פון האָבן אַמאָל אַ מעגלעכקייט פאָרויס־צוזאָגן און קאָנטראָלירן, וואָס דאָס איז דאָך דער העכסטער אידעאַל פון דער וויסנשאַפט. אויב איר נעמט דאָס אַוועק, אויב איר בויט אויס אַ וועלט פון ניט געהערט און ניט געזען, און ניט געשפּירט בכלל, און עס איז נאָך אַלץ ממש גורל׳דיק לעבן, דעמאָלט ווערט דאָך די גאַנצע וויסנשאַפט צעשטערט ביזן סאַמע גרונט.

דזשיימס האָט דערפילט אַז ער פאַרלירט זיין געדולד. ביי אים איז אויסגעקומען אַז העכער פון אַלץ אין וויסנשאַפט איז אמת, דער ריינער אָביעקטיווער אמת. אויב וויסנשאַפט קען פאַרווערן זיך צוצורירן צו עפּעס אויס מורא פאַר דער אייגענער עקזיסטענץ, טאָ ווער דאַרף זי בכלל? אויב דער אמת איז קעגן איר, דאַרפן מיר זי דאָך בידים צעשטערן. אויב, למשל, טעלעפּאַטיע איז אַ פאַקט, ווען מען גייט עס אָן וואָסער שאָדן דאָס וועט אָנטאָן אַ געוויסן בליק אויף וויסנשאַפט? ווען דזשיימס האָט דערהערט ווי אַזוי אַ ביאָלאָג נעמט אויף די אַרבעט פון דער געזעלשאַפט פאַר פסיכישער פאָרשונג, האָט ער גלייך באַשלאָסן צו ווערן אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט. היינטיקע צייטן וואָלט אפשר ניט אַזוי לייכט געווען צו געפינען אַ וויסנשאַפטלער וואָס זאָל זיך אָפּזאָגן אויסצופאָרשן געוויסע הנחות, אָדער דעם אמת פון באַריכטן וועגן באַשטימטע איבערלעבונגען בלויז דערפאַר ווייל די רעזולטאַטן קענען צעשמעטערן זיינע פריערדיקע מסקנות. זענען אָבער פאַראַן אַנדערע „באַ־האַלטענע איינשמועסערס" וואָס זייער דיקטאַטור ענדיקט זיך קיינמאָל ניט. פאַנטאַסטישע איינרעדענישן שאַפן דעמאָלט אַן אַטמאָספער וואו איינער וויל דווקא אַריבערשטייגן דעם צווייטן מיט חתן־מאַכט־דיר־אַ־לב. דער שאָדן דערפון זעט זיך באַזונדער אַרויס אין קריטישע מאָמענטן. מיר דאַכט זיך אַז אין אונדזער היגן יידישן לעבן זענען די פּאַטעטישסטע קרבנות פון די דאָזיקע סכנות צוויי סעקטאָרן וואָס זענען אַזוי ווייט איינער פונעם צווייטן: די עקסטרעם־פרומע, פונעם סאַטמאַרער טיפּ פון איין זייט און די אַזוי־גערופענע וועלטלעכע פון דער אַנדערער.

אַלאַן וועלטש דאַלעס, דער ברודער פון אונדזער אויסלאַנדס־מיניסטער, שפּילט אַ זייער סענסיטיווע ראָלע אין אונדזער רעגירונגס־מעכאַניזם. ער

פֿאַרנעמט אַ דעליקאַטן פּונקט אויף אַ פּאָזיציע וואָס קען העלפֿן באַשטימען אונדזער גורל צווישן די פֿעלקער. ער איז דער הויפּט פֿון דער סענטראַל אינטעלידזשענס איידזשענסי. פֿאַרשטייט זיך אַז ער דאַרף אָפּט אָפּגעבן באַריכטן צו די וואָס האַלטן אין זייערע הענט די וואָגשאָל פֿון אונדזער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק. אָט וואָס ער האָט אַנומלטן געזאָגט וועגן דעם וואָס זיין כּלל איז ביים אָפּגעבן באַריכטן: „מיר גיבן איבער באַריכטן פֿון די פֿאַקטן אַזוי ווי מיר זעען זיי, ניט געקוקט צי זיי זענען זיס אָדער ביטער פֿאַר די וואָס מאַכן אונדזער פּאָליטיק. אויב מיר וועלן פֿאַרלירן די דאָזיקע אָביעקטיוויטעט זענען מיר פֿאַרענדיקט". דאָס איז ריכטיק אין פּריוואַטן, געזעלשאַפֿטלעכן, פּונקט ווי אין מלוכה'שן, לעבן. אַזאַ אידעאַלע אָביעקטיווי־טעט מוז זיין זייער אַ זעלטן אַרטיקל ביי יידן פֿון אַ גאַנץ יאָר, אָבער ווען די וואָס שפּילן אַ פֿירנדיקע ראָלע, און דאָך איז זיי בילכער צו לעבן דורכויס אונטער דער דיקטאַטור פֿון „באַהאַלטענעם איינשמועסער", מוז עס פֿירן צו גרויסע סכּנות. עס שאַפֿט זיך אַ מוראדיקע סתירה צווישן אַ וועלט וואָס לעבט און אַ וועלט וואָס זאָגט.

ווען גרויסע זאַכן שטייען אין קאָן פֿאָדערט דאָס וואַכיקע געוויסן כּסדר צו האַלטן די האַנט אויפֿן דופּק פֿון אַלע פֿאַקטאָרן וואָס זענען פֿאַרוויקלט, אַנדערש קען מען אומגעריכטערהייט אַריינפֿירן אין אומגליק גראָד דאָס וואָס מען וויל ראַטעווען. אמת, ניט אַלעמאָל איז דער קלאַפּ פֿונעם דופּק אַזוי קלאָר אַז מען זאָל פֿון דעם גלייך קענען דערשפּירן מיט זיכערקייט דעם צושטאַנד פֿונעם האַרץ. איז אַזאַ מאָמענט איז וואויל צו אונדז ווען אונדזער פֿירערשאַפֿט איז געבענטשט מיט צוטרוי און גלויבן אַז אונדזער שר אין הימל וועט זיך באַמיען פֿאַר אונדז על צד היותר טוב. אָבער אַפֿילו דעמאָלט דאַרפֿן מיר בעטן אַז ניט בלויז דער גלויבן אין כּוח פֿון גלויבן, נאָר אויך דער גלויבן אין כּוח פֿון ספֿקות, זאָל אונדז ניט פֿאַרלאָזן. וואָרעם דאָס דערהייבט אונדזער סענסיטיווקייט צום רעאַלן אָטעם פֿון לעבן און העלפֿט אונדז 'שטיין אויף דער וואַך אין יעדן קריטישן מאָמענט. אפֿשר איז גוט אַזוי צו פֿאַרשטיין דעם זינען פֿון יוסף רובינשטיינס שורות:

אין פֿלאַטער פֿון ספֿק און גלויבן
דערפֿיל איך מיין אייביקן זיין.

(1958)